נ. שמן

# קדושה אין יידישן פאַמיליע-לעבן

לויט תנ"ך, תלמוד, יהדות און ליטעראַרישע שטודיעס

באַנד צוויי

פון דער סעריע: „באַציִונג צו דער פרוי"

פאַרלאַג
י.ל. פרץ
ישראל

תל-אביב, תשל"ט — 1978

# אינהאַלט

## קאַפּיטל צען

### אַ געזאַנג צו דער פרוי



## קאַפּיטל עלף

### לויב פאַר שיינקייט

קאַפּיטל צוועלף

## דאָס הייליקע אין פאַמיליע-בונד



קאַפּיטל דרײַצן

## סטאַטוס פון דער ייִדישער פרוי אין הלכה און אין הגדה

קאַפּיטל פערצן

## פרוי אין מלכות און אין פירערשאַפט

## קאַפּיטל פופצן

# אין דער וויסנשאַפט און אין ליטעראַטור



## קאַפּיטל זעכצן

# פּילן און אַבאָרטן

קאַפּיטל זיבעצן

## געמישטע חתונות

קאַפּיטל אַכצן

## אייביקער פאַרבאָט פון ממזרות

## קאַפּיטל צען

# אַ געזאַנג צו דער פרוי

**א. שיר השירים — דאָס געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען. — ליד פון ליבע. — ראָמאַנטיק און פּראַקטיק. — צניעות ביי דער פרוי. — פעמיניסטישע שיינקייט.** נישטאָ קיין שענער ליד, פון ליבע און ראָמאַנטיק, ווי שיר השירים. דאָס איז דאָס קאָסמישע ליד פון ליבע צו דער פרוי און צו דער נאַטור. דאָס איז די הימלישע חופּה איבער דעם פאַרליבטן פּאָרל וואָס פיבערט מיט ליבע. שולמית, דער סימבאָל פון שיינקייט און ליבע, באַגייסטערט דעם געליבטן: „אני לדודי ודודי לי"[1]. שולמית פיבערט מיט ליבע אין אַלע אירע אֵברים און זי וואַרעמט דעם געליבטן מיט אירע הייסע קושן: „זאָל ער מיך קושן פון זיין מויל, וואָרעם דיין ליבשאַפט איז בעסער ווי ווייַן"[2].

שולמית מיט איר געליבטן זענען געוואָרן דער שענסטער מאָטיוו אין דער וועלט־ליטעראַטור, ווייל דאָ, אין שיר השירים, האָט איר די ריינע, אײדעלע און הייליקע ליבע: הייסער, ליידנשאַפטלעכער מיידל־גוף, מיט די פּרעכטיקסטע שילדערונגען פון איר הערלעכער קערפּערלעכער ווייבלעכקייט. אונדזערע חכמי התלמוד האָבן אַנדערש נישט געקענט אויסטייטשן די דאָזיקע אויסדרוקן, ווי סימבאָלישע סופּערלאַטיוון און אַלעגאָרישע קרובהשאַפט צווישן כּנסת ישראל און הקדוש־ברוך־הוא.

פאַר וואָס אָבער אַזאַ שילדערונג? פאַר וואָס אַזאַ פאַרגלייך? פאַר וואָס זיך באַנוצן מיט דער ליבע צווישן מאַן און פרוי, ביים אויסמאָלן די געטריישאַפט צווישן דעם רבוש"ע און די ייִדן?

נאָר מיר ווייסן דאָך, אַז די „כּרובים" אין בית־המקדש האָבן סימבאָליזירט די אהבה צווישן גאָט און די ייִדן, אָבער אויסגעקוקט האָט דאָס ווי דער צוזאַמענבונד און ליבשאַפט פון זכר און נקבה[3].

שטאַרק ווי דער טויט איז די ליבשאַפט... און שאַרף ווי די שווערד! ווען די ליבע ווערט אָפּגעשוואַכט, איז אַפילו אַ געלעגער פון זעכציק איילן, נישט גענוג זיי איינצוהאַלטן אין איינעם — אָבער ווען מ'האָט זיך ליב, איז אַפילו אויף דער שאַרף פון אַ שווערד — באַקוועם און אַנגענעם דאָס ליגן: „כּה אמר ד', השמים

כסאי והארץ הדום רגלי — איזה בית אשר תבנו לי ואיזה מקום מנוחתי [4] — אַזוי האָט געזאָגט גאָט: דער הימל איז מיין טראָן, און די ערד איז מיין פוסבענקל. ווו איז דאָס הויז וואָס איר קענט מיר בויען? און ווו דער אָרט פון מיין רו?

דער מחבר פון שיר השירים האָט אין זיין יונגשאַפט באַזונגען די שולמית מיט די העכסטע ליבע־אויסדרוקן. דאָס האָט אַנדערש נישט געקענט פאַרשטאַנען ווערן, ווי די אַלעגאָריע פון דער ליבשאַפט צווישן הימלישן חתן מיט זיין אויס־דערוויילט פאָלק — די ייִדן, וועמעס אורעלטערן זענען געשטאַנען אונטער דער הימלישער חופה אויפן באַרג סיני. אין די ליבע־אויסדרוקן איז אָבער דאָך דאָ הערלעכקייט פון ערדישער שיינקייט; געזאַנג וועגן „חבצלת השרון שושנת העמקים" און גאָר שטאַרק — געזאַנג וועגן דער פרוי.

אין זיינע שירים, וועלכע גרייכן „חמשה ואלף", איז שיר השירים דאָס העכסטע געזאַנג. נישט אומזיסט האָט רבי עקיבא זיך אויסגעדריקט, אַז די גאַנצע וועלט, די גאַנצע וועלט־יצירה איז נישט ווערט אַזוי פיל וויפל דער טאָג, ווען עס איז געשאַפן געוואָרן דאָס דאָזיקע געזאַנג; שירה איז געוואַלדיק וויכטיק. מיט „אז ישיר" האָט זיך אָנגעהויבן אַ ייִדיש פאָלק און שיר השירים, לויט די ווערטער פון דעם גרויסן תנא, איז „קודש־קדשים"...

שלמה המלך, דער מחבר פון משלי, אין וועלכן ער רופט דעם מענטשן נישט צו ווערן פאַרפירט פונעם פוץ און גלאַנץ פון דער פרוי, ווייל „שקר החן והבל היופי"; ער, דער מחבר פון קהלת, דער צווייפלער אין דאָס באַשאַפענע און עקזיסטירנדיקע, וואָס זעט אין אַלץ „הבל הבלים" — דער דאָזיקער פעסימיסט־פאַטאַליסט וואָס, אין בעסטן פאַל, זוכט ער די „אשה יראת ד' היא תתהלל" [5], ער האָט אויך געקענט באַוווּנדערן די שיינקייט פון דער פרוי, באַוווּנדערן דעם געבוי פון דער שולמית.

אייביק ווערט די פרוי פאַרגעשטעלט געהילט אין זיידנס, אין קאָסמעטיקס. שוין אין תנ"ך און אין תלמוד ווערן געגעבן עצות ווי אַזוי אָנצוהאַלטן דעם פעמיניזם, ווי אַזוי איינצוהאַלטן דעם רייץ און ווי אַזוי צו פאַרזיכערן דעם מענלעכן געַנוס; די עצות זענען אויך אויפן געביט פון צניעות: פוץ און רייץ כּדי נישט צו פאַרלירן דעם חן ביים מאַן — אָבער נישט צו וועקן און רייצן, וואָס איז גורם צו פאַרראַט.

דער פרוי איז דערלויבט געוואָרן אָנצונעמען פאַרשיידענע מיטלען בכדי צו באַוואָרענען די ליבשאַפט צווישן מאַן און פרוי [6]. דער רבונו־של־עולם האָט אויס־געצירט חוהן אין פיר און צוואַנציק תכשיטים, כּדי זי זאָל געפעלן ווערן אָדמען. עזרא הסופר האָט געמאַכט אַ תקנה, אַז הענדלערס פון צירונג און קאָסמעטיקס זאָלן אַרומגיין איבער די שטעטלעך און דערפער און צושטעלן די פאַרפומען ייִדישע פרויען. דער מאַן איז פאַרפליכטעט צו געבן דער פרוי די שענסטע און

טייערסטע קליידונג, פּאַסיקע שמינקע, בכדי זי זאָל שעמערירן און שמעקן. אָבער דאָס אַלץ מוז זיין באַזאָרגט מיט צניעות, מיט איבערגעגעבנקייט צום אייגענעם מאַן און קינדער.

אַ שיינקייט וואָס בלענדט און מאַכט בלינד, האָבן ייִדישע מאָראַליסטן געוואָרנט, איז פאַרפירעריש: „אשה יפה וסרת טעם״ [7].

אונדזערע קלאַסיקערס־פּאָעטן פון מיטל־עלטער האָבן נאָכגעפאָלגט די טראַדיציע פון שיר השירים און אויך געזונגען וועגן שיינקייט פון דער פרוי. גענוג אַ שילדערונג פון יהודה אלחריזי (1165—1225) וועגן מיידלשע הענט:

אין די מיידלשע הענט זינגט די האַרף
אוןְ איר קול איז לויטער און שיין;
ווי אַ קינד ווײנט אין מאַמעס שויס
און זי זינגט און פאַרשפּילט זייַן געוויין.
(איבערזעצונג: י. י. שוואַרץ)

ביים פּאָעט זינגט דאָס מיידל צו איר געליבטן און ער זעט זי אין געשטאַלט פון אַ מאַמע, וואָס פאַרשפּילט איר וויינענדיק קינד. ליבע, שיינקייט און מוטער־געפיל גייען צוזאַמען, ווי עס זינגט ביאַליק, דער נאַציאָנאַלער דיכטער פון אונדזער תקופה: „זייַ אַ מוטער, זייַ אַ שוועסטער״ אין זייַן באַרימטע ליד: „הכניסיני תחת כנפיך״.

די ייִדישע מאָראַל האָט תמיד געוואָרנט, אַז שיינקייט איז ווייט פון ברענגען דעם פולן כוס פון גליק: מען טרינקט זיך אָן מיטן ביסל שיינקייט, מען זעטיקט די תאווה מיט רייץ און נאָך דעם ווערט מען אָפּגעקילט און דאָס גליק פאַרלאָזט. די פיגור־שיינקייט פאַרשווינדט מיטן „בייַט פון דער צייַט״.

דאָס אמתע, לאַנג דויערנדיקע גליק האָבן זיי געזען אין דער צוגעפּאַסטקייט פון דער פרוי, אינעם גוטן כאַראַקטער; די ליבע זאָל זיין אַ האַרציק־אינערלעכע, אַ טיפע, און נישט בלויז צוליבן אויסערלעכן רייץ וואָס ווערט מיט דער צייט פאַרלוירן, ביי אייניקע פריִער, ביי אַנדערע שפּעטער.

די חז״ל האָבן געהאַלטן פון שלמה המלכס דעוויז: „כי עזה כמות אהבה״ [8]; האָבן זיי דעריבער געעצהט, אַז די ליבשאַפט צווישן גאָט און כנסת ישׂראל זאָל זיין באַזירט אויף אַזאַ סאָרט אהבה און ערשט דאַן קאָן קומען דער „ושכנתי בתוכם״. זיי האָבן זייער הויז, זייער היים פאַרוואַנדלט אין אַ מקדש [9] — אָבער תמיד דערמאָנט, אַז די תאווה, דאָס געשלעכט־לעבן, זאָל נישט זיין בלויז אַ מאָמענטאַלע צופרידנקייט, ווייל אויב עס איז באַזירט נאָר אויף מאָמענטאַלקייט, ברענגט עס מיט זיך די נחש־קאָנסעקווענצן: ווייטיק און לייד.

אַזוי איז עס געווען אין אַלטערטום, אַזוי אין מיטל־עלטער און אַזוי וועט עס זיין ביזן סוף פון די טעג.

דער נביא הושע אילוסטרירט דאָס לעבן אין פאַלשקייט, אין פאַרראַט, ווי דאָס לעבן מיט אַ זונה. ער האָט זיך באַנוצט מיט די טרעפלעכסטע מעטאַפאָרן אַרויסצוברענגען דעם לייכטזין פון אַ זונהדיק לעבן: דער זון פון אַ זונה ווערט גערופן „לא עמי", און די געטלעכע וואָרענונג איז: איר זייט נישט מיין פאָלק און איך בין מער נישט אײַערער.

ליבע וואָס איז בלויז תאווה — האָט ער געלערנט — ווערט פאַרברענט אין אַ העלישן פײַער. דער נביא וואָרנט, אַז דאָס וואָס זי — אָדער ער — האָבן אַריינגעכאַפּט פון דער ברענענדיקער נאַטור באַצאָלט זיך מיט יאָמער און טרערן:

קריגט אײַך מיט אײַער מוטער, קריגט אײַך,
וואָרעם זי איז ניט מײַן ווײַב און איך בין ניט איר מאַן;
און זאָל זי אָפּטאָן איר זנות פון איר פּנים
און איר ניאוף פון צווישן אירע בריסט... 10

ווער שמועסט נאָך וועגן גאַסנפּרויען, די וועלכע גייען אויס נאָך אַ פאַרדינסטל, פאַרקויפן זייער לײַב צו „קליענטן"; מיר האָבן די האַרבסטע תורה־באַפעלן זיך אויסצוהיטן פון זיי; צו באַזייטיקן זיי פון דער געזעלשאַפט. זייער שטילן דעם דראַנג צו פאַרגעניגן טראָגט מיט זיך טויט און אומקום; זיי פאַרברענען דעם מאַן מיט דער היץ פון זייער חיהשער ליידנשאַפט.

ליבע איז תמיד באַזונגען געוואָרן פון פּאָעטן. זי איז דער אייביקער סוזשעט פאַר קינסטלערס פון וואָרט און פון פּענדזל. זי איז די בלום וואָס באַצירט דעם מענטשנס לעבן און דערפרייט מענטשלעכע הערצער. אַזוי איז די נאַטור. די תורה און אירע נאָכפאָלגערס האָבן אָבער געוואָלט מאַכן אַז די דאָזיקע ליבע זאָל זיין נישט בלויז אַ פיזישע, נאָר אויך אַ גייסטיקע. דאָס איז מעגלעך נאָר דאַן, ווען זי ווערט פאַרהיט פון הפקרדיקער סעקסועלער אויסגעלאַסנקייט. זיי האָבן דעריי־בער מיט די שטרענגסטע רייד און מיט די שווערסטע שטראָפן געצוימט עריות, געשלעכט־פאַרקער וואָס איז עלול צו דעגענערירן און דעגראַדירן די געזעלשאַפט און געוואָרנט, אַז פון אַ פאַרקער אויף וועלכן ס'קומט כרת, אָדער מיתת בית דין, וועט דער שולדגעפיל בלייבן אויף אייביק. די קינדער פון אַ פאַרבאָטענעם גע־שלעכט־לעבן (פאַרקער מיט אַן אשת־איש) — האָבן זיי אָנגעזאָגט — וועלן זיין ממזרים, אויסגעשלאָסן פון קהל ישראל 11.

דאָס נאָרמאַלע צוזאַמענלעבן צווישן מאַן און פרוי איז שטאַרק געלויבט גע־וואָרן. תנאים און אמוראים האָבן זיך גאָרנישט געשעמט צו דערציילן וועגן זייער

התקשרות מיט זייערע פרויען און באַטאַנט, אַז זייער סעקסועלע ריינקייט האָט זיי געבראַכט גוטע קינדער. ר׳ יוסי דערציילט: „חמש בעילות בעלתי ושניתי ונטעתי חמשה ארזים: ר׳ ישמעאל, ר׳ אלעזר, ר׳ חלפא, ר׳ אבטילס ור׳ מנחם [12].

וועגן דער פרוי בכלל זענען געווען אַנגענומען צוויי מיינונגען און מען איז נישט געקומען צו אַ פעסטן באַשלוס נאָך די חלוקי־דעות.

איין מיינונג: „אין אשה אלא לבנים״; אַן אַנדער מיינונג: „אין אשה אלא ליופי״ [13]. די דאָזיקע מיינונגס־פאַרשיידנהייט געפינט זיך אין אַ סך ערטער פון דער תלמודישער אגדה.

די חז״ל האָבן אויך אויסגעדריקט זייער מיינונג, אַז די פרוי איז פּראַקטישער פונעם מאַן און אירע קוואַליפיקאַציעס זענען מער „דאָמעסטיק״ — שטוביק — נישט געקוקט וואָס אַ גרויסע טייל פון פרויען־געשלעכט וועט נישט אַקצעפּטירן אַזאַ אַקסיאָמע.

די חז״ל דריקן זיך אויס וועגן דער פּסיכאָלאָגיע פון דער פרוי: זי וויל האָבן אַ מאַן, אַ היים, קינדער און זי טראָגט מיט זיך די עשירות פון פאַמיליע־לעבן; זי זעט ברכה און שפע אין דער גאַנצקייט פונעם הויז, און קללה אין טייוול־פאַרגעניגנס.

אַלס פועל־יוצא פונעם דאָזיקן געדאַנקען־גאַנג האָבן זיי געהאַלטן: „אשה גולם היא, ואינה כורתת ברית אלא למי שעשאה כלי״ [14]. אַ באַווייז האָבן זיי פונעם פסוק: „כי בועליך — עושיך״ — וואָרעם דיין באַשעפער איז דיין מאַן [15]. זיי האָבן אויך געהאַלטן, שטיצנדיק זיך אויף דער פּראַקטישקייט פון דער פרוי, אַז זי וויל נאָך מער חתונה האָבן ווי דער מאַן: „יותר משהאיש רוצה לישא, אשה רוצה להנשא״ [16].

פאַרשטייט זיך, אויסנאַמען זענען פאַראַן. זיי האָבן גערעדט וועגן כלל, וועגן דער מערהייט, און ווען זיי האָבן זיך אַזוי אויסגעדריקט וועגן דער פרוי, האָבן זיי נישט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט צו פאַרלאַנגען פונעם מאַן, די זעלביקע באַציִונג צום פאַרהייראַטן לעבן ווי פון דער פרוי און אים געוואָרנט, אַז נישט געקוקט דערויף וואָס דער מאַן טראַכט, אַז צו זיין אומפאַרהייראַט איז באַקוועמער, איז די איינזאַמקייט אַ קללה פאַר אים: ער האָט נישט קיין שמחה, קיין גוטס, קיין שוץ: „אמר ר׳ חנילאי, כל אדם שאין לו אשה, שרוי בלא שמחה, בלא ברכה, בלא טובה״ — נאָך מער, „במערבא אמרו: „בלא תורה ובלא חומה״ [17].

די פרוי איז טאַקע באַשאַפן געוואָרן צו ברענגען און אויסטראָגן קינדער אין איר אינגעווייד. זי ברענגט אָבער גלייכצייטיק פרייד, ווען דאָס צוזאַמענלעבן איז באַזירט אויף ליבע און צניעות. די חז״ל האָבן געלערנט סיי דעם מאַן און סיי די פרוי, ווי אַזוי זיך צו באַנעמען און ווי אַזוי צו שעצן זיך קעגנזייטיק און אַזוי אַרום פאַרמיידן זינד.

„אמר לו אליהו לר׳ יהודה, אחיו של ר׳ סלא החסיד, אַל תכעס ולא תחטא; אַל תשתכר ולא תחטא״ [18]. וועגן האָבן געשלעכטלעכן פאַרקער, האָבן די חז״ל זיך גאָרנישט צוריקגעהאַלטן פון לערנען דעם מאַן, ווען צו האָבן די דאָזיקע נאַטירלעכע פאַרבינדונג [19]. זיי האָבן באַהויפּטעט, אַז „ישראל קדושים ואין משמשין מטותיהם ביום״ [20], בכדי נישט צו זיין פאַרטאָן טאָג און נאַכט אין געשלעכט־פאַרגעניגן.

מיר געפינען אומצייליקע אויסדרוקן וועגן שיינקייט, פערזענלעכקייט און אַטראַקציע פון אַ שיינעם מאַן [21] און נאָך מער פון אַ שיינער פרוי: „ארבע נשים יפיפיות היו בעולם, שׂרה, רחב, אביגיל, אסתר — און חוה די שענסטע [22]. און דערפאַר וואָס עס איז וויכטיק, אַז די פרוי זאָל אויסזען שיין, עלעגאַנט, האָט עזרא הסופר מתקן געווען פאַר די עולי־בבל זיי זאָלן האָבן גענוג קאָסמעטיקס — „שיהי׳ רוכלים מחזירים בעיירות למכור תמרוקי הנשים״ [23].

וואָס שייך שיינקייט אין אַלגעמיין, האָבן מיר צענדליקער אויסדרוקן: „זה אלי ואנוהו — התנאה לפניו במצוות״ [24], „הגדול מאחיו״ — בנוי [25]. אַפילו ביים אויסוויילן סנהדרין האָט מען געזוכט הדרת־פּנימדיקע רבנים [26]. די לויב פאַר ירושלים איז אויך צוליב שיינקייט [27]. די שיינקייט פון דער פרוי דאַרף אָבער פאַרמאָגן טעם, צניעות, נישט סתם רייץ פאַר תאווה. ווי עס האָט געזאָגט רב חסדא צו זיינע טעכטער: „תהוו צנעתן באפי גברייכו... נקיט מרגניתא בחדא ידי׳ וכורא בחדא ידי׳ [28]. ער האָט זיי געלערנט צניעות אַפילו פאַר זייערע מענער... און ווי אַזוי זיי זאָלן זיך פירן בעתן אינטימען פאַרברענגען.

די לויב פאַר דער פרוי איז געווען און איז געבליבן די צניעות, דער כבודה בת מלך פנימה... [29] ווי גלאָריפיצירט ס׳זאָל נישט זיין דער פרויען־קערפּער, איז זי דאָך געבליבן די פאַרקערפּערונג פון מוטערשאַפט: דער שענסטער אידעאַל פאַר דער פרוי איז איר געבענטשקייט צו געבוירן קינדער, צו זיין די מוטער פון די גרעסטע מענטשן. נישט אומזיסט האָבן גרויסע פּאָעטן געזען אין דער פרוי דעם געטלעכן אורשפּרונג פון לעבן.

נישט איין פּייטן האָט באַזונגען פרויען־ליבע.

ר׳ יהודה הלוי (1145 — 1080) זינגט וועגן דער פרוי מיטליידנשאַפטלעכער עראָטיק. גענוג אַזאַ אויסדרוק ביי אים: „אַלע אוצרות פון דער וועלט פאַר דער איינציקער נאַכט... אונטערן שוץ פון אירע פליגלען״... אָדער: „די באַקן ווי די רויזן — זיי פליקן דורשטיק מיַינע אויגן... אירע ליפּן, די גליִענדיקע... פרעסן מיַינע ליפּן־צוואַנגען״ [30].

ר׳ משה אבן עזרא (1139 — 1070), אין אַ פּעסימיסטיש־סקעפּטישן מאָמענט, זעט די וועלט אין שוואַרצע קאָלירן, ווי אַ פרוי אַ זונה, אַן אָפּקערערין:

די וועלט איז אַ פרוי אַ מאַסקירטע
ס׳איז נישטיק איר שיינקייט און פרייד;
זי רעדט זיסע רייד, אָבער הינטער
איר צונג, האָט זי נעצן פאַרשפּרייט.

מיר געפינען ביים גדול הנביאים, ישעיהו הנביא, אַ שפּאָט־ליד אויף דער זונה: „נעם אַ פידל... שפּיל גוט, זינג פיל, מען זאָל זיך אין דיר דערמאָנען... קחי כינור, סבי עיר, זונה נשכחה, הטיבי נגן, הרבי שיר למען תזכרי״ [31].

אין שיר השירים זעען מיר, ווי דער מחבר שילדערט, זינגט און לויבט די קערפּערלעכע מעלות פון דער פרוי — דאָס געזאַנג איז אָבער געלייטערט מיט דער אידיליע פון צניעות און פון גליק.

אין דער יידישער מאָראַל־קאָדיפיקאַציע איז דער „לא תנאף״ דאָמינירנדיק און דער זכות פון דער פרוי ווערט געהיט און געשיצט — און וועגן דעם ווייטער.

דאָ ווילן מיר פאַרענדיקן מיט אַ לויב פאַר שיר השירים, וואָס איז לויטן פשוטן פירוש (אָן די אַנדערע דריי עמודים: רמז, דרוש, סוד) אַ געזאַנג צום פאַמיליע־לעבן, אַ געזאַנג פאַר דער ליבע צווישן מאַן און פרוי.

ס׳איז נישט קיין געזאַנג פון תאווה, פון ליבע געהייליקט דורכן בלוטיקן מעסער פון איפּערזוכט, דועלן, הפקרות, לוסט פון פאַררעטערישקייט. עס איז די ריינע הייליקע ליבע, די ליבע וואָס ווערט באַזונגען פון דעם נאַציאָנאַלן דיכטער חיים נחמן ביאַליק (1937 — 1873) אין זיין דערמאָנטן ליד פון ליבע: „הכניסיני תחת כנפיך והיי לי אם ואחות״ — אַ ליד וואָס האָט זוכה געווען צו צענדליקער איבערזעצונגען אין יידיש און אין אַנדערע לשונות: נעם מיך אַריין אונטער דיינע פליגל און זיי מיר אַ מוטער, אַ שוועסטער... כ׳וועה פאַרצערט, פאַרברענט פון פלאַמען. מ׳זאָגט, ס׳איז פאַראַנען ליבע, וואָס איז ליבע?...

שיר השירים איז דאָס געזאַנג פון ריינער ליבע. שולמית, די געליבטע, פאַר־חלומט אין איר ליבע־טרוים און באַגער, רופט אויס מיט הייסע טרערן:

„...עד שמצאתי את שאהבה נפשי, אחזתיו ולא ארפנו...״ [32] — באַלד האָב איך געפונען, דעם וואָס מיין נשמה האָט אַזוי ליב; האָב איך אים אָנגענומען און האָב אים נישט אָפּגעלאָזט, ביז איך האָב אים געבראַכט אין הויז פון מיין מוטער...
— און זי פאַרענדיקט איר גרויסע פרייד: גייט אַרויס, טעכטער פון ציון און קוקט אָן דעם מלך שלמה, אין דער קרוין וואָס זיין מוטער האָט אים באַקרוינט אין טאָג פון זיין חתונה און אין טאָג פון זיין האַרצפרייד. די פרייד פון צוויי געליבטע, אויף וועמעס חתונה ביידע מאַמעס האָבן זיך באַטייליקט מיט אויספּוצן און אויס־צירן דאָס פאַרליבטע פּאָר — און אַלע האָבן זיך געפרייט.

אין גרויסן ליבע־עקסטאַז, רופט זי אויס: „כי עזה כמות אהבה״ — שטאַרקער ווי טויט איז די ליבע... אירע פלאַמען זענען געטלעכע פלאַמען[33] און איבערן גאַנצן ספר הערן זיך די קלאַנגען פונעם געליבטן, וועלכער ענטפערט אויף אירע ליבע־אויסדרוקן: „הנך יפה רעיתי״... — ביסט שיין, געליבטע מייַן.

איז אַ וווּנדער, וואָס די חז״ל האָבן אַנדערש נישט געקענט זען אין אַזאַ געזאַנג ווי די שילדערונג פון דער אַלעגאָריש־סימבאָלישער ליבשאַפט צווישן כנסת ישׂראל און הקדוש־ברוך־הוא?

רש״י, אין זיין פרעכטיקן לשון, האָט אַלע אגדות אַריינגעפּאַסט אין דער דאָזיקער אויפפאַסונג, אַז דאָס איז געזאַנג פון קודש־קדשים: כנסת ישׂראל בעט זיך ביים רבון־עולמים „ישקנו מנשיקות פיהו״... מיר זאָלן זוכה זיין, ער זאָל זיך באַווייזן צו זיין אויסדערוויילט פאָלק „פּה אֶל פּה״ ווי ער האָט גערעדט צו משה רבינו.

ווי שיין און הערלעך זענען די ווערטער פון רבי עקיבא: „שאין העולם כדאי, כיום שניתן בו שיר השירים״[34] — ווייל שולמית, סימבאָליזירט די כנסת ישׂראל וואָס גאַרט צום אומקער פון אַמאָל, צום באַנייַען די אַמאָליקע גלאָריע, צום „חדש ימינו כקדם״.

מיר געפינען ביי אַ צאָל נביאים, אַז די פרוי סימבאָליזירט די כנסת ישׂראל; אַז צווישן יידישן פאָלק און בורא עולם איז געשלאָסן אַ חתונה־בונד ביים באַרג סיני.

דער נביא הושע, אין זיין אַרויסברענגען דעם דאָזיקן חתונה־אַקט, לאָזט וויסן זיין פאָלק: „וארשתיך לי לעולם... בצדק ובמשפט ובחסד וברחמים... באמונה וידעת את ד׳״[35]; איך וועל דיך פאַרקנסן צו מיר אויף אייביק, מיט רעכט, גענאָד און מיט טריישאַפט.

ווען דאָס פאָלק זינדיקט, פאַרגלייכט עס דער נביא צו אַן אויסגעלאַסענער פרוי, צו אַ זונה און אירע קינדער צו „בני זנונים״ און ער וואָרנט: „פּן אפשיטנה ערומה והצגתיה כיום הולדה״ — איך וועל זי אויסטאָן אַ נאַקעטע... ער רופט די יידישע מוטער זי זאָל אָוועק פון אירע פאַלשע מעשׂים, זי זאָל זיך נישט פאַר־מיאוסן... זי זאָל אָפּטאָן איר זנות פון איר פּנים און איר ניאוף פון צווישן אירע בריסט...[36] און ער פאַרענדיקט זיין נביאות מיט „שובה ישׂראל״[37] — קער זיך צוריק, קום צוריק ישׂראל, די תשובה העלפט און וועט תמיד העלפן.

דער נביא ירמיהו אין זיין תוכחה וועגן פאַרראַט פונעם פאָלק, רעדט אויך אינעם סימבאָלישן טערמין פון פרוי־פאַרראַט:

„הן ישלח איש את אשתו והלכה מאתו והיתה לאיש אחר הישוב אליה עוד?... ואת זנית רעים רבים״[38] — אַז אַ מאַן שיקט אַוועק זיין ווייב, און זי גייט אַוועק פון אים און ווערט אַן אַנדער מאַנס ווייב, וועט ער זיך דען ווידער אומקערן צו

איר ?... און דו האָסט מזנה געווען מיט אַ סך ליבהאָבערס... זע ווי ביסטו נישט געשענדעט געוואָרן... האָסט זינדיק געמאַכט דאָס לאַנד מיט דיין זנות... אַ שטערן פון אַ זונה איז געווען ביי דיר.

די דאָזיקע ציטאַטן זענען גענוג צו ווייזן, ווי די מאָראַליסטן פון יענעם גרויסן אַמאָל האָבן געזען אין דעם חורבן פון אויסגעלאַסנקייט און אין די לויב פון ריינער אַראָמאַטישער אַטמאָספער, וואָס ברענגט קדושה אין מענטשלעכע הערצער.

**ב. ליבע און שיינגייסט. — „שוועסטער כלה״. — תורה און תפילה ווי זכר און נקבה. — אויסגעלאַסנקייט און תשובה איבער אישות-פאַרברעך. — פאַר-גלייכונגען.**

ג׳ שותפים יש באדם — דריי שותפים זענען באַטייליקט ביים באַשאַפן דעם מענטש. אַזוי לערנט אונדז די אגדה [1] און יעדער פון די שותפים גיט זיין חלק: דער פאָטער, די מוטער און הקדוש-ברוך-הוא. דער מענטש איז דעריבער צוזאַמענגעשטעלט פון דריי יסודות: פון פאָטער-לעכן דראַנג און דרייסטקייט; פון דאָס ווייב-לעכע צירלעך-מאַנירלעכע און פון הקדוש ברוך הוא: נשמה, חכמה און פאַרשטאַנד.

ביי געזונטע, נאָרמאַלע מענטשן אַרבעטן די דריי כוחות האַרמאָניש און דער-גאַנצן זיך איינס דאָס אַנדערע. דעריבער האָט מען אָנערקענט די וויכטיקע פונקציע פון דעם יצר-הרע, וואָס איז מיט דרייצן יאָר פריִער פאַר דעם יצר-טוב אַריינ-געדרונגען אינעם מענטשנס באַגער.

די חז״ל, ווי שוין דערמאָנט, קאָמענטירן אויפן פסוק „והנה טוב מאד״ [2] — און עס איז געווען זייער גוט, אַז דאָ איז געמיינט געוואָרן דער יצר-הרע [3] ווען נישט דער יצר-הרע, וואָלט קיין מענטש קיין מאָל קיין הויז נישט געבויט און קיין ווייב נישט גענומען און קיין קינדער נישט געבוירן.

ווען אַ מענטש קריגט דעם ריכטיקן זיווג, איז דאָס די גרעסטע ברכה און ער דאַרף דערפאַר אָפּגעבן אַ שבח צום רבונו-של-עולם, ווי דער נעים זמירות ישראל דריקט זיך אויס „תאות לבו נתת לו״ — דעם באַגער פון זיין האַרץ האָסטו אים געגעבן [4]. האָבן אַ גוט ווייב — איז דאָס וואָס דאָס האַרץ באַגערט, ווי עס ווערט געדרשנט דער פסוק „יתפלל כל חסיד אליך לעת מצוא״ — זו אשה: דער רבונו-של-עולם זאָל אים צושיקן אַ קלוגע, פאַרשטענדיקע פרוי. געפינט ער אַזאַ פרוי, געפינט ער גוטס, געפינט ער לעבן. ווי מיר האָבן שוין פריִער אָנגעוויזן, ווערט אַ מאַן אָן אַ פרוי פאַרזונקען אין מעלאַנכאָליע. ער ווייסט נישט פון קיין לעבן, ער ווייסט נישט פון קיין פרייד [5].

חתן־כלה קריגן נישט בלויז די זיבן ברכות נאָר אַ סך מער: מען גרייסט זיך מיט זיי, מען טיילט זיי צו כּבוד, ווייל זיי האָבן אויף זיך גענומען מקיים צו זיין די מצווה פּרו ורבו. „אמר רב חמא בר חנינא, מנין לחתן שמיסב בראש, שנאמר ,כּחתן יכהן פּאר׳ " [6] — „מה כּהן בּראש, אף חתן בראש" [7]. זייער גרויסקייט באַשטייט אין אויספירן און אויספילן דאָס מענטשלעכע געפיל פון פאַרגרעסערן די מענטשלעכע פאַמיליע און פאַרלאָזן זיך אויפן יציר לכל נוצר, אַז ער וועט באַזאָרגן מיט שפּייז: „הקב"ה זן ומפרנס כּל בריותיו... ומאן דיהיב חיי יהיב מזוני" [8].

אין מצרים — ווערט איבערגעגעבן אין דער אגדה [9] — האָבן ייִדישע עלטערן געראַטעוועט זייערע קינדער אונטער די ערגסטע אומשטאַנדן:

„כּשהיו ישראל מלין את בניהם במצרים, היו המצריים אומרים להם, למה אתם מלין את בניכם והלא לאחר שעה יהיו מושלכין בנהר"... די ייִדן האָבן זיך אָבער נישט געלאָזט פאַרפירן פון אָט די רייד, געהאַט בטחון און געטאָן דאָס זייעריקע און די ייִדישע פרויען האָבן אונטער די עפּלביימער געהאַט זייערע קינדער: „תּחת התּפּוח עוררתיך, שמה חבלתך אמך, שמה חבלה ילדתך" [10] — אונטערן עפּלבוים האָב איך דיך אויפגעוועקט; דאָרטן האָט דיין מוטער געוויי טיקט מיט דיר, דאָרט האָט געוויי טיקט די וואָס האָט דיך געבוירן.

שיר השירים איז דאָס העכסטע געזאַנג פון ליבע און פאַרמאָגט די שענסטע אויסדרוקן וועגן כּוח פון ליבע: „כּי עזה כּמות אהבה", וואָרעם שטאַרק ווי דער טויט איז די ליבע [11]. אמת, די ליבע ווערט דאָ אויסגעטייטשט אַלס ליבע צווישן כּנסת ישראל און הקדוש־ברוך־הוא; דער פּשוטער אינהאַלט איז אָבער דאָס געזאַנג צווישן דער שולמית, צווישן דער „אחותי כלה" און דעם געליבטן — וויביידע בענקען צו רעאַליזירן זייער חלום און זייער בענקשאַפט, זייער גאַרונג צו זיין צוזאַמען.

אין דער אגדה, אויסטייטשנדיק פאַרשיידענע ליבע־אויסדרוקן, ווי אַ משל און אַלעגאָריע פאַר דער ליבע וואָס באַהערשט דעם ייִדישן פאָלק, ווערט כּסדר גענוצט די מענטשלעכע ראָמאַנטיק, אַפילו ווו עס רעדט זיך וועגן גאולה און באַפרייַונג.

„רני ושמחי בת ציון", זינג און פריי זיך, טאָכטער פון ציון [12], ווער זענען די טעכטער פון ציון? די „בנות ירושלים"... זאָלסט נישט לייענען בנות נאָר בונות, די בויערס פון ירושלים, און ווער זענען די בויערס? — דאָס זענען די סנהדרין [13]. האָבן מיר שוין אַ פאַרגלייך: טעכטער — פרויען — מיט סנהדרין...

— ייִדן זענען געגליכן צו אַ טויב. פאַר וואָס אַזוי?

— ווייל, ווי די טויב איז גאַנץ, אַזוי אויך די ייִדן; די טויב איז צניעותדיק, אַזוי די ייִדן; אַזוי ווי די טויב דערקענט איר פּאָר, איר בן־זוג, אַזוי דערקענען

די יידן דעם רבונו־של־עולם... די טויב האָט דער וועלט געבראַכט ליכט, אַזוי די יידן — „עיניך יונים" [14].

ווען מען דערמאָנט דעם זכות פון די אָבות, דערמאָנט מען דערביי דעם זכות פון די אמהות; „משגיח מן החלונות" — ער קוקט דורך די פענצטער, דאָס זאָל מיינען דעם זכות פון די אָבות; „מציץ מן החרכים" — ער בליקט דורך די גראַ־טעס [15] — זאָל מיינען די אמהות, און גאָר אָפט גיט מען דער פרוי פאָרצוג כלפי דעם מאַן, אויב זי פירט זיך אויף ווי אַן אשה כשרה [16]. די „דודאים", וואָס גיבן אַ גוטן ריח, פאַרגלייכט מען צו אַן ערלעכער פרוי, וואָס שפּאָרט פון הוצאות און פאַרמערט דעם מאַנס פאַרמעגן [17]. מען זאָגט אַן דעם מאַן ער זאָל זיך עצהן מיט זיין פרוי ווענגן מילי דעלמא, ווענגן מסחר, ווענגן אַלגעמיינע אַנגעלעגנהייטן [18], און מען דערציילט, ווי עס איז אָנגענומען, אַז אין דער פרי — „אשה מספרת עם בעלה" [19].

די חז"ל טייטשן אויס פאַרשיידענע פסוקים אין לויב פון דער פרוי. זי ווערט פאַרגעשטעלט אַלס חכמה; אין קבלה — אַלס נשמה, אַלס תורה אאַז"וו.

אין משלי האָבן מיר אַ פּסוק: „פיה פתחה בחכמה" [20] — איר מויל עפנט זי מיט חכמה און די לערע פון חסד איז אויף איר צונג; קאָמענטירן חז"ל, אַז דאָס האָט שלמה המלך געזאָגט ווענגן זיין פאָטער... ווען ער, דוד, האָט געזויגן פון זיין מוטערס בריסט און אַריינגעקוקט אין זיי, האָט ער געזאָגט שירה, וואָס ער, דער באַשעפער, האָט איר געגעבן די בריסט, די „דדים", במקום בינה, כדי מ'זאָל נישט קוקן אויף דער ערוה... [21]

„שמעי בת וראי... ויתאו המלך יפיך" — הער, טאָכטער, און זע, און נייג צו דיין אויער... און דער מלך וועט גלוסטן דיין שיינקייט [22]. דאָס מיינט מען די נשמה [23], אָבער די אַלעגאָריע איז טאָכטער־שיינקייט.

תורה און תפילה ווערן אין קבלה און אין חסידישע ספרים גערופן מיטן סינאָנים פון דכר ונוקבא — זכר און נקבה, אַז ביידע דאַרפן זיך האַלטן צוזאַמען, אויב נישט, ווערט עס פאַרצייכנט ווי „פלג גופא". דאָס זעלביקע, געפינען מיר ווענגן דין ורחמים, די וועלט וואָלט נישט געקענט עקזיסטירן בלויז אויף דין, אָן רחמים, און דאָס מיינט: זכר — דין און נקבה — רחמים.

די „כרובים" אויף דעם פּרוכת איבער דעם אָרון הקודש אין קדשי־קדשים זענען געווען, ווי עס ווערט געזאָגט אין תלמוד — כ ר ב י א [24]. וואָס איז רביא? ווערט פאַרטייטשט: אַ קינד, תינוק. די צוויי כרובים, מיט זייערע קינדיש אומ־שולדיקע פּנימלעך, זענען געווען זכר ונקבה און מיט זייערע אהבה־בליקן איינער צום אַנדערן האָבן זיי געוועקט רחמנות, און דער עיקר: „שלא טעמו טעם חטא" [25].

ווי די חכמי התלמוד שילדערן און כאַראַקטעריזירן די כּרובים, האָבן זיי סימבאָ־ליזירט און מאַניפעסטירט גרענעצלאָזע אהבה: „שבשעה שהיו ישראל עולים לרגל, היו מגלגלין להם את הפרוכת ומראים להם את הכּרובים, שהיו מעורים זה בזה, ואומרים להם: ראו חיבתכם לפני המקום חיבת זכר ונקבה".

דער רמב"ם [26] זעט אין די כּרובים אַ געשטאַלט פון מלאכים. ער לערנט דאָס אַרויס פונעם פסוק — „וישכן מקדם לגן עדן את הכרובים" [27]. מיר געפינען אויך אין נביאים ראשונים: „וירכב על כרוב ויעף" [28], און ביי יחזקאל הנביא — „קול כּנפי הכּרובים" — האָבן זיך אויך די מלאכים באַוויזן אין פאָרעם פון זכר ונקבה, ווייל דערמיט ווערט פאַרגעשטעלט די שטאַרקע ליבשאַפט, פייער פון אהבה, עמאָ־ציאָנעלע, אינסטינקטיווע און האַרציקע ליבע.

דעריבער האָבן אונדזערע מאָראַל־באַגרינדערס געלערנט:

„צריך אדם לאהוב את אשתו כּגופו ולכבּדה יותר מגופו" [29] — אַ מאַן דאַרף ליב האָבן זיין פרוי ווי זיך אַליין און איר צוטיילן כּבוד מער ווי זיך. דעם מאָטיוו פאַר אָט דער באַציִונג געפינען מיר אין דער באַהויפּטונג: „ווייל אַ דאַנק איר איז דאָ ברכה אין הויז" [30]. דער מאַן ווערט געוואָרנט נישט צו נאַרן זיין פרוי, אַפילו בלויז מיט רייד, מיט „אונאת דברים" [31]. מען לערנט דעם מאַן, ווי צו באַהאַנדלען די פרוי און תּמיד שטייט מען אויף איר זייט, לטובתה, ווייל זי איז דאָך די „אֵם כּל חי" — די מוטער פון אַלץ וואָס לעבט [32]. דער שטאַרקער אויסדרוק — „לחיים ניתנה ולא לצער" שליסט איין די דאָזיקע אַלע אַטריבוטן. רבי יוסי דער־ציילט, אַז ער האָט תּמיד גערופן זיין פרוי „ב י ת י" — מעולם לא קראתי לאשתי אשתי אלא ביתי [33], ווייל אין איר אויפפירונג און באַנעמונג איז אָפּהענגיק דער שלום־בית.

וואָס פאַר אַ פרוי דאַרף אַ מאַן זיך אויסקלייבן?

ער דאַרף נעמען אַן אשה כּשרה, אַ פרוי וועלכע טוט דעם מאַנס פאַרלאַנג, וועלכע קומט נאָך זיינע באַדערפעניש [34] און, לויטן רמב"ם [35], דאַרף זי האַלטן איר מאַן ווי אַ פּרינץ, ווי אַ מלך, ווי דעם קעניג פון הויז...

אַ פרוי איז מער סענסיטיוו ווי דער מאַן, דאַרף זיך דעריבער דער מאַן אָנשטרענגען איר נישט ווייצוטאָן, נישט רייצן אירע געפילן און במילא וועט הערשן אהבה, אחוה און צופרידנקייט.

רב, וואָס האָט גוט געקענט דעם כאַראַקטער פון דער פרוי, וואָרנט, נישט אָנצוטאָן איר קיין צער, נישט פאַרשעמען זי, נאָר תּמיד באַהאַנדלען די פרוי מיט כּבוד און ליבשאַפט [36].

כּדי צו באַפעסטיקן אונדזער טעזע וועלן מיר זיך באַנוצן מיט נאָך עטלעכע

תלמודישע ציטאטן אין לויב פון שלום בית, וואס קומט דורך גוטער קעגנזייטיקער באהאנדלונג פוןביידן, מאן און פרוי:

די פרוי איז כורת ברית צו איר מאן, וואס האט זי געמאכט פאר א „כלי" [37] און זי האט מער פארשטאנד פונעם מאן [38]. אירע טרערן זענען אבער א געוויינ־לעכע דערשיינונג, „דמעתה מצויה" [39] — דארף דער מאן זי מאכן פריילעך [40] און אויב ער איז זוכה צו האבן א שיין ווייב, איז אים וויל און זיינע יארן ווערן פארטאפלט [41].

מען ווארנט דעם מאן:

ער זאל נישט נעמען א פרוי און דערביי אין זינען האבן זי אפצוגטן [42]. א מאן וואס וויל נישט חתונה האבן איז נישט קיין מענטש: „אינו אדם" [43]. דער וואס איז נישט מקיים די מצווה פון פריה ורביה איז ווי ער וואלט געווען א שופך דמים [44]. א מאן וואס גט אפ זיין ערשטע פרוי, וויינט אפילו דער מזבח און פאר־גיסט טרערן אויף דעם צער פון צעשיידן א פאר פאלק [45].

די גרעסטע פרייד איז, ווען ביי שידוכים פאסט זיך ווי געהעריק צוזאמען די ליבע צווישן מאן און פרוי: „לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב וכיום הכפורים שבהן בנות ישראל יוצאות"... דאס ארויסגיין איז נישט געווען סתם אזוי פארשייטקייט — יצאנות; דאס ארויסגיין איז געווען צוליב א צוועק און דעריבער — די שמחה, דער יום־טוב, וואס ברענגט צו מזווג זיין זיווגים, צו פריה ורביה. די דאזיקע מצווה איז תמיד געשטאנען בראש וראשונה פון אלע מצוות, ווייל אן א מענטשהייט איז נישטא קיין וועלט, איז נישטא קיין תורה [46].

די מצווה דארף אבער געטאן ווערן בהיתר. עס זענען איינגעפירט געווארן די שטרענגסטע תקנות, כדי צו פארהיטן פון פארברעכערישע תאוות, אויף אזוי וויט, אז מען האט פארווערט יחוד צווישן פרעמדע מאן און פרוי. די חומרא פון יחוד איז נישט נאר אויס מורא פון א סעקסועלן אקט ממש, נאר אפילו אויס מורא פון א זינדיקער מחשבה. אייניקע רבנים טראכטן שוין אריין צי א מאן, א פרומער ייד, מעג אריין אין א ווינדע (עלעווייטאר — אין עברית: מעלית), בעת די וועלכע פירט דעם ליפט איז א פרוי, אדער בכלל ווען א פרוי איז דא אין דער ווינדע. נישט וויכטיק איז דער פסק, וויכטיק איז די שאלה [47].

ס'ווערט דערציילט אין תלמוד וועגן תנאים און אמוראים וואס האבן זיך אפגע־געבן צו ענטפערן געלערנטע פרויען אויף פראגעס, און נישט בלויז יידישע פרויען, נאר אויך נישט־יידישע, ווי די שוין דערמאנטע בלוריא הגיורת אדער אנדערע אומצייליקע פרויען, מטרוניתאס.

איינע אזא מטרוניתא (מאטראנא) האט געפרעגט דעם תנא ר' יוסי בן חלפתא: צוליב וואס האט דער רבונו־של־עולם גענדארפט געבן חכמה צו קלוגע, ווי עס איז געשריבן: „יהב חכמה לחכימין"? [48] און ער האט איר מסביר געווען, אז ער גיט

חכמה צו די וועלכע פאַרנעמען זיך מיט חכמה, צו די וואָס ווייסן און ווילן נאָך מער וויסן [49].

די אינטעליגענטע פרוי ווערט באַצייכנט מיטן טיטל שוועסטער. די שוועסטער איז די תורה: „אחותי היינו התורה", „אמור לחכמה אחותי את"... אחותי ווערט אויך גערופן די שכינה... רבי שמעון בן יוחאי דריקט זיך אויס מיט לויב וועגן דער פרוי: „מיום שברא הקב"ה את עולמו, לא הי' אדם שהודה להקב"ה עד שבאת לאה והודתו, שנאמר, הפעם אודה את ד'" [50].

ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן [51], האָבן זיך די חז"ל אויסגעדריקט, אַז די הבטחה וואָס דער רבונו־של־עולם האָט געגעבן פרויען איז גרעסער ווי די וואָס ער האָט געגעבן מענער, ווי דער נביא זאָגט: „נשים שאננות קומנה שמענה קולי, בנות בוטחות האזנה אמרתי" [52] — איר, רויִקע ווייבער, שטייט אויף, הערט מיין קול; איר, זיכערע טעכטער, פאַרנעמט מיין זאָג, — און ווי רש"י קאָמענטירט: „שהרי קראן שאננות ובוטחות" [53].

דער אויספיר אין תלמוד און אין פוסקים, נישט געקוקט אויף דער נעגאַטיווער שטעלונג מצד גדולי תנאים ואמוראים, איז, אַז פרויען זענען מחוייב צו לערנען תורה. אויב נישט תלמוד און די פאַרטיפקייט אין לערנען, מוזן זיי לערנען די יסודי התורה, די מצוות, פסקי הלכות. ווי הרב א"א פרייס פירט אויס להלכה: „דמצוה דאורייתא ללמד לבנות... תורה שבכתב" [54] — און וועגן דעם אין אַ באַזונדערן פרק.

**ג. חשיבות פון דער פרוי. — אַנאַטאָמישע פאָרשונגען. — מער אברים פאַר דער פרוי. — דער פראָצעס פון שוואַנגערשאַפט. — דאָס זיסע קול פון דער פרוי.**

דאָס קול פון דער פרוי האָבן די חז"ל, ווי מיר האָבן אָנגעוויזן, באַטראַכט ווי ערוה; ווייל מיט איר זיסער און אָנגענעמער שטים באַגייסטערט זי דעם מאַן, רייצט זיין לוסט און געפיל. די פרוי ווערט געלויבט פאַר באַזיצן דאָס זיסע קול, וואָס איז אַ ברכה פון באַשעפער און איז לכתחילה, בעת מעשה בראשית אַזוי באַשאַפן געוואָרן: „מפני מה אשה קולה ערב"? פאַר וואָס האָט די פרוי אַ זיסע און אָנגענעמע שטים? — דערקלערן חז"ל, ווייל איר מקור־יצירה, דער מאַטעריאַל פון וואָס די פרוי איז באַשאַפן געוואָרן, איז געקומען נישט פונעם זעלביקן חומר וואָס דער מאַן: „זה ממקום שנברא וזו ממקום שנבראת" [1], און רש"י קאָמענטירט: „דער מאַן איז באַשאַפן געוואָרן פון ‚עפר', אדמה, עפר תיחוח, צעריבענע ערד, איז עס לייכט בטל צו ווערן; די פרוי איז באַשאַפן פון עצמות, פונעם מאַנס ‚צלע', און אַ ביין, אַז מען קלאַפּט אים, לאָזט

ער פון זיך הערן; דעריבער האָט די פרוי אַ זיסע שטים"״״

צו דער זיסקייט פון איר שטים קומט צו אויך איר שיין אויסזען: "כּי קולך ערב ומראך נאוה" [2] — וואָרעם דיין קול איז זיס און דיין פּנים — שיין.

די פּרשנים האָבן דאָס געדרשנט אַלעגאָריש, אַז דאָ רעדט זיך וועגן יציאת מצרים: קולך ערב, איז געמיינט די שירה ביים ים־סוף, "אז ישיר משה ובני ישׂראל" און "מראך נאוה" — דיין פּנים איז שיין — איז געמיינט דעם רבונו־של־עולם; ביים ים־סוף האָבן יידן געוויזן מיטן פינגער: "זה אלי ואנוהו", ער איז מיין גאָט און איך וועל אים באַשיינען...

רבי עקיבא האָט געדרשנט, אַז דער "קולך ערב" מיינט די עשׂרת הדברות.

רבי יוסי הגלילי האָט עס אויסגעטייטשט, אַז דאָ איז געמיינט געוואָרן תּלמוד און מעשׂה: לערנען און טאָן גוטס — ביידע האַרמאָניזירן און דריקן אויס אַ לויב־געזאַנג צום נותן התּורה. אָבער, נאָך אַלע דרשות, האָבן מיר דעם כּלל: "אין המקרא יוצא מידי פשוטו", איז שיר השירים אַ געזאַנג פון געליבטע־פּאָר־ליבטע. שולמית ווערט געשילדערט מיט די הערלעכסטע סופּערלאַטיוון פאַר דער שיינקייט פון דער יונגפרוי, פאַר אירע מעלות, פאַר איר זיסקייט. די חכמי התּלמוד האָבן זיך גאָרנישט צוריקגעהאַלטן פון פאַרשן דעם געבוי פון דער פרוי, איר פיגור און אויסזען, אירע ספּעציפישע פרוייִשע אברים און צוגעגעבן, אַז די פרוי פאַרמאָגט פיר גלידער מער פונעם מאַנצביל. אין דעם צוגאָב האָבן זיי געזען ברכה, בענטשונג פונעם באַשעפער צו קענען מקבל זיין זרע און אַרויסגעבן לעבנס...

דערציילט אונדז די משנה: "מאתים וארבעים ושמונה אברים באָדם [3]. די באַקאַנטע רמ"ח אברים (לויט דער צאָל מצוות־עשׂה) און באַלד אויפן אָרט [4] גע־פינען מיר אַ קאָמענטאַר, אַז ביי אַ פרוי זענען דאָ נאָך פיר אברים: "ב׳ צירים וב׳ דלתות" — אַ פרוי, הייסט עס, האָט רנ"ב אברים [5].

לאָמיר זען אין וואָס דאָ האַנדלט זיך און צוליב וואָס ווערט באַטראַכט דער געבוי און די נאַטור פון דער פרוי.

די משנה לערנט אונדז:

"המפלת ליום ארבעים אינה חוששת לולד, ליום ארבעים ואחד, תּשב לזכר ולנקבה ולנידה" [6]. דער תּפארת ישׂראל קאָמענטירט: "דאין לה ימי טוהר כּנדה וצריכה טבילה לסוף מ׳ כּזכר ולסוף פּ׳ כּנקבה". ר׳ ישמעאל אומר: יום ארבעים ואחד תּשב לזכר ולנידה; יום שמונים ואחד — תּשב לזכר ולנקבה ולנידה, שהזכר נגמר לארבעים ואחד והנקבה לשמונים ואחד. וחכמים אומרים, אחד בריית הזכר ואחד בריית הנקבה — זה וזה לארבעים ואחד".

אין יידיש [7]:

אַז אַ פרוי איז מפּיל אין פערציקסטן טאָג (נאָכן שוואַנגערן), דאַרף זי נישט מורא האָבן, טאָמער איז עס שוין געווען אַ קינד, ווייל דער פּראָצעס פון זיין

געשאַפן ווערן אין דער מוטערס בויך ווערט נישט פאַרענדיקט, איידער עס גייען אַריבער גאַנצע פערציק טעג. אויב זי איז מפּיל אין דעם איין־און־פערציקסטן טאָג, זיצט זי ווי נאָכן געבוירן אַ יינגל און אַ מיידל, און ווי אַ נידה: זי איז טמא 14 טעג ווי נאָכן געבוירן אַ מיידל, אָבער קיין טהור־טעג האָט זי נישט דערנאָך... רבי ישמעאל זאָגט, אַז אויב דאָס מפּלען איז געשען אין דעם איין־און־פערציקסטן טאָג, זיצט זי ווי נאָכן געבוירן אַ יינגל און ווי אַ נידה. זי איז טמא נאָר זיבן טעג און זי האָט נישט דערנאָך קיין טהור־טעג. און אויב זי איז מפּיל אין 81סטן טאָג זיצט זי ווי נאָכן געבוירן אַ יינגל און אַ מיידל און ווי אַ נידה. זי איז טמא 14 טעג און האָט נישט קיין טהור־טעג, ווייל ביי אַ יינגל ווערט פאַרענדיקט זיין באַשאַפן ווערן דעם 41סטן טאָג און ביי אַ מיידל ווערט פאַרענדיקט איר באַשאַפן ווערן דעם 81סטן טאָג.

די חכמים זאָגן, אַז סיי דאָס באַשאַפן ווערן פון אַ יינגל און סיי דאָס באַשאַפן ווערן פון אַ מיידל ווערט געשלאָסן דעם 41סטן טאָג.

דער דין בלייבט ווי די חכמים. ווי מיר זעען האָט רבי אָנגענומען די מיינונג פון די חכמים אַלס רבים, און אָנגעגעבן זייער דעה, ווי אַ פעסטגעשטעלטע הלכה. דאָ קומען מיר צו אַן אינטערעסאַנטער פּראַקטיק פון די חכמים — אויסצופאָרשן גענוי די אינגעווייד פון דער פרוי. אויב מ׳האָט געדאַרפט פעסטשטעלן אַ הלכה, האָט מען זיך נישט צוריקגעהאַלטן פון אַ גענויער קערפּערלעכער אונטערזוכונג, פּונקט ווי מען האָט זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון באַזינגען אירע אויסערלעכע אברים, אירע גייסטיקע און טאַלענטירטע אַטריבוטן, צו באַזינגען איר קול.

דערציילט אונדז די גמרא, ווי אַזוי די פּאַלעמיק איז אָנגעגאַנגען. און ווי אַזוי זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט אויספאָרשן דעם געבוי פון מענטשלעכן קערפּער אין דער פּראַקטיק. אין דער גמרא און אין נאָכפאָלגנדיקע ספרים האָבן מיר עטלעכע ווערסיעס, ווי אַזוי די פּאַלעמיק איז געפירט געוואָרן [8]: „מעשה בתלמידיו של ר׳ ישמעאל ששלקו זונה אחת שנתחייבה שׂריפה למלך, בדקו ומצאו בה מאתים וחמשים ושנים. באו ושאלו את רבי ישמעאל, כמה אברים יש באדם? אמר להם [9] רמ״ח, אמרו לו: והלא בדקנו ומצינו רנ״ב, אמר להם: שמא באשה בדקתם, שהוסיף לה הכתוב שני צירים ושני דלתות״...

דאָס וואָרט „ששלקו״ — מיינט געווייקט, אָדער שטאַרק געקאָכט; דורכן קאָכן ווערן די אברים אָפּגעזונדערט און מ׳קען גענוי דערקענען, וויפל אברים ס׳זענען פאַראַן אינעם מענטש.

די גמרא פאַרנעמט זיך מיט די סתירות אינעם חשבון פון די אברים און, ווי מיר זעען, האָבן זיי געהאַט גוטע ידיעות און זענען לגמרי נישט געווען הינטער־שטעליק אַפילו לגבי די מאָדערנע, הײנטצייטיקע וויסנשאַפטלערס־פאָרשערס פון

ביאָלאָגיע און מעדיצין. עס ווייזט אויך אויף זייער אינטערעס צו האָבן גענויע פאַקטן און נישט פאַרלאָזן זיך אויף השערות און זאָגעכצער.

הרב ר' גדלי' פעלדער, אין זיין באַהאַנדלען די דינים פון „ניתוחי־מתים", פון פאַלמעסן, ציט צו אונדזער אויפמערקזאַמקייט — זאָל זיין דרך־אגב — אין שייכות מיטן וויסן פון אונדזערע חכמים אין אַלע דורות וועגן דער קערפּערלעכער קאָנסטיטוציע און ווייזט אָן, אַז זיי האָבן זיך אין דער הינזיכט באַמיט צו האָבן קאָנקרעטע ידיעות [10].

דאָס פירט אונדז צו דער צווייטער און דריטער פּאָרש־אַרבעט אין דער פאַלעמיק וויפל טעג ס'נעמט דער באַשאַף פונעם מענטש, זכר צי נקבה. אין צוגאָב צו דער משנה, גיט אונדז איבער די גמרא [11], אַז עס איז געווען אַ מעשׂה מיט קלעאָפּאַטראַ, די אַלעקסאַנדרוס־קעניגין; זי האָט פאַרמשפּט איר דינסט אויף טויטשטראָף און דערמיט געגעבן אַ געלעגנהייט די חכמים זאָלן קאָנען אויספאָרשן, ווען ס'ווערט פאַרענדיקט די יצירה פון אַ זכר אָדער פון אַ נקבה. אַ צווייטע קלפּטרא (עפּעס אַזוי פיל קעניגינס מיטן נאָמען קלעאָפּאַטראַ), די „מלכּת יוונית" (שוין נישט „מלכּת אלכּסנדרוס"), האָט געגעבן ר' ישמעאלן אַ געלעגנהייט צו מאַכן אַן אויספאָרשונג — צו באַווייזן, אַז ער האָט רעכט אין זיין באַשטימען טאָפּלטע צייט פאַר דער יצירה פון אַ נקבה.

די חכמים ברענגען זייער בדיקה פון די דינסטן ביי דער קלעאָפּאַטראַ פון „אלכּסנדרוס". די דינסטן האָבן זיך פאַרזינדיקט און זי האָט זיי באַשטראָפט מיט מיתה. האָט מען זיי אונטערזוכט, ווי רש"י דערקלערט (ווען זיי זענען געשטאַנען גרייט עס זאָל איבער זיי דורכגעפירט ווערן דער טויט־אורטייל) און מען האָט זיי באַשטימט („ויחדום") לביאה, זיי זאָלן ווינען — האָבן געשלעכטלעכע באַציִונגען מיט מענער; נאָך פערציק טעג האָט מען געעפנט זייער טראַכט און געפונען ביי איינער אַ יינגל ביי דער צווייטער אַ מיידל, אין לשון פון דער גמרא: „ובדקן ומצאן זה וזה למ"א..."

וואָס האָט ר' ישמעאל געענטפערט?

„איך ברענג אייך אַ ראיה פון דער תורה און איר ברענגט מיר אַ ראיה פון שוטים..." — „ס'קאָן זיין — זאָגט ער — אַז איינע, די וועלכע האָט צום 41סטן טאָג געוויזן געבורט פון אַ נקבה, איז שוין געווען פון פריִער מעוברת — פערציק טעג פריִער געווען אין שוואַנגערשאַפט און רש"י איז עס מסביר: „ואף־על־גב שיחדום לבעול ביום אחד, שמא מעוברת היתה קודם לכן".

נאָך דעם דערציילט אונדז די גמרא, אַז אויך ר' ישמעאל האָט זיך באַנוצט מיט אַזאַ געלעגנהייט און דערציילט די זעלביקע געשיכטע וואָס עס האָט פאַסירט מיט קלפּטרא, די „מלכּת יוונית". אויך זי האָט באַשטראָפט אירע דינסטן מיט טויטשטראָף און מ'האָט איבער זיי אויספּרובירט דאָס מיטל פון „ניתוח"... און ביי

זיי האָט מען אויסגעפונען, ווי ר׳ ישמעאל האָט פריִער געהאַלטן: ווען מ׳האָט געעפנט דער מוטערס אינגעווייד, האָט מען געפונען ביי דער וואָס איז געווען מעוברת 81 טעג — אַ נקבה, און ביי דער אַנדערער פון 41 טעג — אַ זכר. האָבן די חכמים זיך באַנוצט מיטן זעלביקן אַרגומענט: „אין מביאין ראיה מן השוטים״... נאָך אַ לענגערער דיסקוסיע, זענען די חכמים פאַרבליבן ביי זייער מיינונג, אַז דאָס אויספאָרמירן זיך פון אַ זכר און פון אַ נקבה אין דער מוטערטראַכט איז 41 טעג און, אַז „אין אפטרופוס לעריות״; זיי האָבן ביידע פאַרשוואַנגערט אין דער זעלביקער צייט און זייער געשלעכטלעכער פאַרקער מיט 81 טעג פריִער, האָט זיך מסתמא נישט אָנגענומען, און שפּעטער, ווי געהיט מ׳זאָל די שפחה נישט געווען האַלטן, האָט זי געוויס געהאַט פאַרקער מיט אַ מאַן, מעגלעך מיטן שומר פון דער תפיסה.

ווי געזאָגט, איז פעסטגעשטעלט געוואָרן להלכה די דעה פון די חכמים.

מיר האָבן בלויז געוואָלט אָנווייזן אויף דעם אינטערעס פון די חז״ל, וואָס שייך פּרוי־יצירה, אויסערלעך און אינערלעך, די חילוקים אין יצירה, די פונקציעס פון ביידע געשלעכטער; דאָס זענען געווען הימלישע מענטשן וואָס זענען געשטאַנען מיט ביידע פיס אויף דעם ערדישן פּלאַנעט און זיך באַמיט אויסצופאָרשן די מענטשלעכע פונקציעס.

ווער איז געווען דער ר׳ ישמעאל?

לויט ר׳ אהרן היימאַן [12] איז ער געווען אַן אייניקל פון ר׳ ישמעאל כהן גדול פון די עשרה הרוגי מלכות. אַלס קינד איז ער געווען געפאַנגען ביי די רוימער און אויף אים האָט מען געזאָגט: „מובטחני בו שמורה הוראה בישראל״. ער איז אויסגעוואַקסן צו זיין דער גדול הדור, אָבער דער דעת רבים האָט מנצח געווען אַפילו דעם גדול הדור מיט אַזוי פיל תלמידים.

אין זיין ישיבה האָט מען דאָס געלערנט: „אם ראית תלמיד חכם שעבר עבירה בלילה אַל תהרהר אחריו ביום״. פאַר וואָס זאָל מען נישט טראַכטן, אַז ער האָט עובר געווען? ווייל — זאָגן זיי — וודאי עשה תשובה״ — ער האָט זיכער תשובה געטאָן; אַזוי דאַרף מען מלמד זכות זיין אויף אַ תלמיד חכם [13].

אין זיין ישיבה האָט מען אויך געלערנט, אַז דער משכן איז געווען צוזאַמענגעשטעלט ענלעך צו אַ פרוי. „למה משכן דומה לאשה? שמהלכת בשוק ושפוליה מהלכין אחריה״ [14] און ער האָט געגעבן דעם פסק־הלכה: „השוה הכתוב אשה לאיש לכל עונשין שבתורה״ [15], אַז אויף דער פרוי ליגט די פליכט אָפּצוהיטן אַלע געבאָטן, פונקט ווי אויף דעם מאַן, און נאָך אַ צוגאָב־פליכט: זי זאָל זיך אויפפירן צניעותדיק; חתונה האָבן יונג דאַרפן סיי דער מאַן און סיי די פרוי, „עד עשרים שנה יושב הקב״ה ומצפה מתי ישא אשה״... [16] ווייל וואַרטן צו לאַנג, האָט ער, ווי אַלע אונדזערע מאָראַליסטן, געהאַלטן, דראָט מיט געפאַר פון ניאוף. „ניאוף ביד״

איז אויך אויסגעלאָסנקייט, און פריִע חתונות מאַכן שטאַרקער דעם בונד. דער ציל פון דער מאַראַל איז: „שלום בין איש לאשתו״ [17].

ס׳האָט געטראָפן אַז אַ קוזין, וועמען זיין מומע האָט געוואָלט האָבן פאַר איר טאָכטער (שידוך צווישן צוויי קוזינען), האָט געטאָן אַ נדר נישט חתונה צו האָבן מיט דער קוזינע וועלכע האָט אויסגעקוקט אין זיינע אויגן ווי אַ מיאוסע מיידל.

ווען די בתולה איז געקומען צו ר׳ ישמעאלן, האָט ער זי גוט באַטראַכט, געזען אַז זי איז אַ שיין מיידל, נאָר ס׳איז איר אַרויסגעפאַלן אַ צאָן, און די עלטערן האָבן נישט קיין געלט דעם פּגם צו באַזייטיקן, האָט ער זיך באַמיט: 1) אַריינגעזעצט איר אַ גאָלדענעם צאָן (ווייזט אויס, אַז גאָלד האָט זי שיין געמאַכט...), 2) מתיר געווען דעם נדר פונעם בחור, ווייל אויף נישט חתונה צו האָבן מיט אַזאַ שיין מיידל, וואָלט ער קיין נדר נישט געטאָן. ר׳ ישמעאל האָט זיך דאַן אויסגעדריקט „בנות ישראל נאות הן אלא שהעניות מנוולתן״. דער „שן תותבת״ האָט זי שיין געמאַכט.

דער פאַקט איז, אַז די חז״ל האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט די מאַן־פרוי־פּראָבלעמען, געטאָן לפנים משורת הדין פאַר דער פרוי, ווי אין עגונה־ענינים, אין סטאַטוס פון אַ פרוי וועלכע האָט געוווינט מיט אַ מאַן, אַפילו נישט דורך חופּה־קדושין. זיי האָבן געהאַט אַ מילדע ליבעראַלע באַציִונג, בכדי צו זיכערן דעם שלום בית און דערביי פאַרהיטן די צניעות און אויסגעהאַלטנקייט אין די פאַמיליע־אָנגעלעגנהייטן.

## הערות

### א

1 שיר השירים, ו׳, ג׳.
2 דאָרט, פּרק א׳.
3 יומא, כ״ד.
4 ישעי׳ ס״ג א׳. יהואש איבערזעצונג.
5 משלי, ל״א, ל׳.
6 זע, שבת, פּ׳, ע״א; ק״מ, ע״ב; כתובות, נ״ט, ע״א; בבא קמא, פּ״ב, ע״א א״אַ מקומות. אין מיין ווערק „באַציִונג צו דער פרוי״ — באריכות.
7 משלי, י״א, כ״ב.
8 שיר השירים, ח׳, ו׳.
9 שמות, תרומה.
10 הושע, ב׳, ד׳.

11 זע, ויקרא, י״ח, ו׳—כ״א; קדושין, ס״ו; יבמות, מ״ט; רמב״ם, אישות, א׳ און שלחן ערוך.
12 שבת, קי״ח, ע״ב; יחוסי תנאים לר״י קלונימוס שפּירא, הוצ׳ הערות וביאורים — מהרי״ל מימון, עמודים ע׳, שי״ד.
13 כתובות, נ״ט, ע״ב. אַ דריטע מיינונג: „אין אשה אלא לתכשיטי אשה״. אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי״ — אויספירלעך.
14 סנהדרין, כ״ב, ע״ב.
15 ישעיה, נ״ד, ה׳.
16 יבמות, קי״ג, ע״א.
17 דאָרט, ס״ב, ע״ב.
18 ברכות, כ״ט, ע״ב.
19 זע, כתובות, ה׳, ו׳ וועגן „עונה״ — סעקסועלער אינטימקייט פאַר „טיילים... פועלים חמרים אאַז״וו; גמרא, דאָרט, ס״א—ס״ב; רש״י, וישלח א״אַ.
20 נדה, י״ז, ע״א.
21 וועגן דער שיינקייט פון ר׳ יוחנן: ברכות, ה׳, ע״ב; ב״מ, פ״ד, ע״ב און דאָרטן אויך, וועגן רב כהנא און ר׳ אבהו.
22 מגילה, י״ד—ט״ו; בבא בתרא, נ״ח, ע״א א״אַ.
23 בבא קמא, פ״ב, ע״א.
זע, ימין ושמאל למרן ר׳ יהודה לייב גרויבאַרט, מסורה, לודז, תר״ץ, ז״ז מ״ב—מ״ט.
24 שבת, קל״ג, ע״ב.
25 יומא, י״ח, ע״א.
26 סנהדרין, י״ז, ע״א.
27 קדושין, מ״ט, ע״ב. זע, ימין ושמאל — באריכות.
28 שבת, ק״מ, ע״ב.
29 יומא, מ״ז, ע״א — און רש״י, אויפן אָרט.
30 ד״ר שמעון בערנשטיין, דיוואַן, 2, 44.
31 ישעיה, כ״ג, ט״ז.
32 שיר השירים, ג׳, ד׳—ה׳; י״א — יהואש איבערזעצונג.
33 דאָרט, ח׳, ו׳.
34 דאָרט, ג׳, ה׳.
35 הושע, ב׳, כ״א—כ״ב.
36 דאָרט, פרק א׳, ווידערהאָלט אין נאָכפאָלגנדיקע פרקים.
37 דאָרט, פרק י״ד.
38 ירמי׳, ג׳, א׳—ג׳.

## ב

1 ג׳ שותפים יש באדם... נדה, ג׳, ע״א; קהלת רבה, ה׳, ג׳; שאילתות דרב אחאי גאון, פ׳ יתרו. שינוי נוסחאות: זע, ר׳ צבי הירש חיות, מבוא למדרש רבה; משה אהרן מירקין, מדרש רבה, מפורש פירוש מדעי; שמשון דונסקי, קהלת רבה, תרגום יידיש, מאָנטרעאָל, תשכ״ז, אַריינפיר און טעקסט.
תני, בזמן שהולד נוצר במעי אמו, שלשה שותפין בו: הקב״ה ואביו ואמו. אביו מזריע בו לובן שממנו הלובנים והמוח והצפרנים ולובן שבעינים, והעצמות והגידין; אמו מזרעת אודם, שממנו הדמים, והעור והבשר ושער, ושחור שבעינים והקב״ה יתברך שמו ויתרומם זכרו, נותן בו עשרה דברים, ואלו הן: רוח ונשמה, וקלסתר פניו, ומראית עינים, ושמועת אזנים... וחכמה ובינה...״
2 בראשית, א׳, ל״א.
3 קהלת רבה, ג׳, ט״ו. זע, דונסקי יידיש איבערזעצונג.

4 תהלים, כ״א, ג׳.
5 שרוי בלא שמחה...
6 ישעיה, ס״א, י׳.
7 סוף מועד קטן.
8 זע, נחום אליעזר ראַבינאָוויטש, הדר איתמר, הדרן על מסכת מגילה, ז״ז ע״ד—ע״ז.
9 תניא דבי אלי׳ רבא, פרק כ״ג.
10 שיר השירים, ח׳, ה׳ — תרגום יהואש.
11 דאָרט, ו׳.
12 זכריה ב׳, י״ד.
13 שיר השירים רבה, א׳, ל״ז; ברכות, ס״ד, ע״ב.
זע, דונסקי, שיר השירים רבה, ז״ז 82—83.
15 דאָרט, א׳, כ״ב.
16 אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי״ — באריכות.
17 שיר רבה, ז׳, י״ח.
18 „אתתך גוצא — גחון ולחיש לה״, ב״מ, נ״ט, ע״א. אויב דיין פרוי איז נידעריק און דו ביסט אַ הויכער, טאָ בייג דיך צו איר און רעדט צו איר אויער... ס׳מיינט, אויב דיין פרוי איז נישט גענוג געלערנט — דאַרפסטו אַלץ אַרויסווייזן צו איר ליבשאַפט און דרך-ארץ.
19 ר׳ אליעזר אומר: שלש משמרות הוי הלילה... שלישית, תינוק יונק משדי אמו ואשה מספרת עם בעלה. רש״י גיט צו: „כבר הגיע קרוב ליום ובני אדם מתעוררים משנתן, והשוכבים יחד מספרים זה עם זה״.
20 משלי, ל״א, כ״ו.
21 ברכות, י׳, ע״א.
22 תהלים, מ״ה, י״א—י״ב.
23 זע, א. י. העשל, קאָצק, א׳, ז׳ 209.
24 חגיגה, י״ג, ע״א.
25 יומא, נ״ד, ע״א.
26 מורה נבוכים, מ״ה, ג׳.
27 בראשית, ג׳, כ״ד.
28 שמואל ב׳, כ״ב, י״א; תהלים, י״ח, י״א.
29 יבמות, ס״ב, ע״א.
30 ב״מ, נ״ט, ע״א; חולין, ס״ד, ע״ב.
31 דאָרט, ב״מ, ע״ב — באריכות.
32 כתובות, ס״א, ע״א; ס״ח, ע״א—ע״ב.
33 שבת, קי״ח, ע״ב.
34 תנא דבי אליהו, פרק ט׳; מגילה, י״ב, ע״ב; קידושין, ל״א, ע״א; כריתות, כ״ח, ע״א.
35 רמב״ם, אישות, הלכה כ׳ — אויספירלער.
36 זע, מ. וואַקסמאַן, הדואר, גליון א׳ און גליון ב׳, תשכ״ב.
37 סנהדרין, כ״ב, ע״ב.
38 נדה, מ״ה, ע״ב.
39 ב״מ, נ״ט, ע״א.
40 ראש השנה, ו׳, ע״א.
41 יבמות, ס״ג, ע״ב; סנהדרין, ק׳, ע״ב.
42 יבמות, ל״ז, ע״ב.
43 יבמות, ס״ג, ע״א.
44 דאָרט, ע״ב.
45 גיטין, צ׳, ע״א.
46 ר׳ חזקיה די סולוה, פרי חדש, האָט מתיר געווען נשואין אין ספירה-טעג, אויב דער מאַן האָט נאָך נישט מקיים געווען די מצווה פון פריה ורביה: אויך דער רדב״ז (שו״ת, חלק ב׳, סימן תרפ״ז) האָט מקיל געווען בענין חרם דרבנו גרשום, אויב

ס'איז אַ פראַגע פון מקיים זיין די דאָזיקע מצווה.
אויספירלעכער: הרב רנ"א ראַבינאָוויטש, הדר איתמר, הדרן סוף מסכת תענית, ז"ז ס"ט—ע"ג.
47 זע, הרב אפרים אליעזר הכהן יאלעס, אב"ד פילאַדעלפיאַ, „אי שייך יחוד במעלית", המאור, ברוקלין, תשרי-חשון, התשל"ד, ז"ז 3—5; הגה"צ מהעלמעץ, טהרת יום-טוב, חלק ז', ז"ז נ"ג—נ"ה און חלק ח', ז' ר"ו.
48 דניאל ב', כ"א.
49 קהלת רבה, א', י"ז.
50 בראשית, כ"ט, ל"ה; מדרש רבה, אויפן אָרט.
51 אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי".
52 ישעיה, ל"ב, ט'.
53 ברכות, י"ז, ע"ב.
54 משנת אברהם, ספר חסידים, סימן תתל"ה.

## ג

1 נדה, ל"א, ע"ב.
2 שיר השירים, ב', י"ד; שיר השירים רבה, ב', ל"א; ש. דונסקי, איבערז. און הערות.
3 אָהלות, א', ח'.
4 ליקוטים, ווילנער ראָם-אויסגאַבע פון תרצ"ב—1932.
5 זע, אנציקלופדיה תלמודית, אבר, וועגן דער אַנאַטאָמיע-פּינקטלעכקייט אין שייכות מיט צאָל אברים ביים מאַן און ביי דער פרוי.
6 נדה, ג', ז'.
7 לויט ש. פעטרושקאַס איבערזעצונג.
8 בכורות, מ"ה, ע"א און צוגאָב פון שיטה מקובצת.
9 שיטה מקובצת אויפן אָרט.
10 זע, תניא רבתי, ביאורים והערות — הרב ר' גדלי' פעלדער.
11 נדה, ל', ע"ב.
12 כתובות, ע"ב, ע"ב.
13 ברכות, י"ט, ע"א; פסחים, מ"ג, ע"א א"אַ מקומות.
14 שבת, צ"ח, ע"ב.
15 קדושין, ל"ה, ע"א; ב"ק, ט"ו, ע"א.
16 קדושין, כ"ט, ע"ב; נדה, י"ג, ע"ב.
17 נדרים, ט', י'; ס"ו, ע"ב; ס"ח, ע"א א"אַ מקומות.

## קאַפּיטל עלף

# ליבּ פאַר שיינקייט

**א. אין תּנ״ך און אין תּל־מוד ווערט שיינקייט גע־לויבּט. — געזאַנג פאַר שיינ־קייט. — באַגייסטערונג פאַר שיינקייט. — פּוץ און רייץ ווי נאַטירלעכע באַ־דערפענישן. — לעגענדאַ־רישע שיינקייט.**

מיר האָבּן שוין אָנגעוויזן [1] אויף די באַגייסטער־טע אויסדרוקן אין תּנ״ך און אין תּלמוד וועגן שיינע פרויען. מיר געפינען אויך לויבּ פאַר שיינע מענער — אָבּער מערער וועגן שיינקייט פון דער פרוי. אומצייליקע מעשׂיות ווערן איבּער־געגעבּן וועגן שיינע פרויען, קראַסאַוויצעס, וועל־כע האָבּן באַווירקט העלדן, שׂרים ומלכים מיט זייער שיינקייט; געראַטעוועט מענטשן אַ דאַנק זייער שיינקייט, געהאָלפן ליידנדיקע און באַצוווּנגען הערשערס מיט זייער חנעוו־דיקן אויסזען.

אין תּנ״ך ווערן אָנגעגעבּן נעמען פון אייניקע אַזעלכע בּילד־שיינהייטן, אָבּער נאָך מער פאַרנעמט זיך דערמיט די אגדה. עד היום איז נישט באַוויזן געוואָרן צוזאַמענצושטעלן אַ רשימה פון שיינע פרויען, וואָס האָבּן געפאַנגען די הערצער פון מעכטיקע הערשערס, אָנהייבּנדיק פון אסתּר המלכּה ביי אחשורושן אין שושן הבּירה, בּיז אסתּרקע פון ליבּעראַלן פוילישן קעניג קאַזשימיעזש דעם גרויסן. ווער קען זיי אויסרעכענען די „נשים יפיפיות״ אין דער לאַנגער יידישער גע־שיכטע?

דער וואָס לערנט יידישע געשיכטע וועט זיך געוויס אָנשטויסן אויף די דאָזיקע אַנאָנימע, אומצייליקע יידישע שיינהייטן און זייער ראָלע אין יידישן און אין אַלגעמיינעם לעבּן. דאָס לויבּן אַ יפת־תּואר אין אַלטערטום און אין דער נייער צייט, איז געוואָרן נאַטירלעך. לויבּ פאַר שיינער לאַנדשאַפט, „בּרכי נפשי״... און לויבּ פאַר שיינע מענטשן: „הרואה בּריות טובות ואילנות טובות, אומר — בּרוך שכּכה בּרא לו בּעולמו״ [2]. פון די דריי זאַכן וועלכע ברייטערן אויס דעם מענטשנס וויסן, מאַכן אים זיך פילן אויפגעלייגט, איז „אשה נאה״ [3].

איוב האָט דורכגעמאַכט די ערגסטע צרות אין זיין לעבּן. מיט וואָס איז ער געוואָרן קאָמפּענסירט? — ער איז געבּענטשט געוואָרן מיט די שענסטע טעכטער, וועגן וועלכע ס'ווערט געזאָגט, „לא נמצא כּמוהן נשים יפות בּכל הארץ״ — אין גאַנצן לאַנד האָבּן זיך נישט געפונען אַזעלכע שיינע פרויען, ווי איובס טעכטער [4].

ס׳ווערט אויך איבערגעגעבן, אַז ער האָט געהאַט זיבן זין און דריי טעכטער [5];
די נעמען פון די זין ווערן נישט אָנגעגעבן און די טעכטערס נעמען — יאָ:
ימימיה [6], קציעה [7], קרן הפוך [8]. פאַר וואָס אַזוי? האָבן מיר דערקלערונגען, אַז
דאָס איז צוליב זייער שיינקייט [9]. די זין זענען געווען געוויינלעכע קינדער, אָבער
די טעכטער זענען געווען אויסנאַמען מיט זייער שיינקייט.

מיר געפינען אין תנ״ך שטאַרקע אויסדרוקן וועגן ליבע, נישט ווייניקער וועגן
שיינע זאַכן, וואָס זענען באַשאַפן געוואָרן פאַרן מענטשלעכן גענוס און, מיט אַ
באַזונדערער פּיעטעט און באַגייסטערונג, וועגן שיינקייט פון דער פרוי, מיט אַ
צוזאָג, אַז אין משיחס צייטן וועט יעדערער געבענטשט ווערן מיט שיינקייט [10].

ד״ר שלמה גאָלדמאַן, אַ תנ״ך־פאָרשער, באַמיט זיך צו געבן אַן אויסשעפּלעכע
אָפּהאַנדלונג וועגן דעם חוש פון עסטעטיק ביי ייִדן. ער בויט זיין טעזע [11] אויף
הונדערטער מאמרים און מקורים. נאָך זיין גאַנצער מי, איז די טעמע געבליבן
מער ווי „תנא ושייר״, ס׳זענען נאָך ווייט נישט אויסגעשעפּט געוואָרן די אגדות
חז״ל וואָס זענען צעוואָרפן אין תלמוד בבלי, ירושלמי און אין פאַרשיידענע
מדרשים.

דער צויבער פון פרוי־שיינקייט גרייכט אויף אַזוי ווייט, אַז די מלאכים אין
הימל ווערן געשילדערט אין געשטאַלט פון שיינע פרויען [12]. די פרוי, ווי אַ גליד
פונעם מאַן, איז לכתחילה געשאַפן געוואָרן אין אַזאַ סאָרט געבוי, וואָס זאָל
אַטראַקטירן דעם מאַן. אויב ס׳האָט עפּעס געפעלט אין איר רייץ, איז געקומען
דער באַשעפער בכבודו ובעצמו און זיך פאַרנומען מיטן אויספּוצן און אויסצירן
זי, פלעכטן אירע צעפּ, כדי זי זאָל אויסנעמען ביי אָדם הראשון, און דאָס נאָך
פאַרן חטא פון עץ הדעת [13], ווען תאווה האָט נאָך נישט דאָמינירט און נאַקעטקייט
האָט נישט אַרויסגערופן קיין בושה, „ויהיו שניהם ערומים, האָדם ואשתו ולא
יתבוששו״ [14].

מיר ווייסן, אַז ס׳איז באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ שווערע זינד דאָס האָבן איין
ווייב צו פּראָדוצירן קינדער און אַ צווייטע — צו שפּילן זיך אין תאווה [15]. מיר
האָבן דאָך, נישט געקוקט אויף דעם פאַרבאָט פון קינדערלאָזיקייט, דעם פאַרבאָט
ממעט צו זיין אינעם "פרו ורבו"־געבאָט, אַן אגדה וואָס וואָגט צו פאַרענטפערן,
פאַר וואָס די אמהות זענען לכתחילה געווען עקרות: עס איז געווען דער ווילן
פונעם בורא, זיי זאָלן בלייבן מיט זייער מיידלשן חן און שיינקייט [16].

עס איז געווען אַן אינטערעס ביים רבונו־של־עולם די פרויען זאָלן אַרויסרופן
תאווה ביי זייערע מענער [17]. די שיינקייט און דער געשמאַק פון דער פרוי, גיבן
דעם מאַן אריכות ימים, פאַרלייכטערן זיין לעבן און פאַריאָגן פון אים די דאגות
און די גרוילן פון דער וואָכעדיקער, אָנגעשטרענגטער עקזיסטענץ [18]. אין דער

הלכה האָבן מיר אַ ריי דינים, ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט קאָסמעטיק שבת און יום־טוב, ווי אויך מילדערע דינים נישט צו שטערן דער פרוי, אין איר פוץ און גלאַנץ [19].

נישט אומזיסט האָט עזרא הסופר מתקן געווען, ס'זאָלן אַרומפאָרן רוכלים (הענדלערס) איבער די שטעט (מחזרים על העיירות) און פאַרשפּרייטן תכשיטי נשים, בכדי יידישע טעכטער זאָלן אויסקוקן שיין [20].

מען איז געגאַנגען אַזוי ווייט און געפּסקנט, אַז אויב אַ מאַן איז מדיר (טוט אַ נדר צו פאַרווערן) זיין ווייב זיך צו פוצן, האָט זי דאָס רעכט צו פאַרלאַנגען פון אים אַ גט [21].

און נאָך אַ טריט ווייטער איז מען געגאַנגען, אין נישט דערלאָזן פאַרמיאוסן יידישע טעכטער, אַפילו ווען זיי זענען אונטער אַ חשד פון אומטרייהייט. מיט אַ סוטה האָט מען — אָן ספק — זיך נישט געוואָלט צאַצקען, באַשיינען זי, דאָך האָט מען נישט געטאָרט טאָן זאַכן זי זאָל אַרויסרופן מיט איר אויסזען אַן עקל. מ'האָט זי פאַרשעמט: „ופרע ראש האשה"... מ'האָט איר געגעבן צו טרינקען „מים המאררים", ביטער וואַסער, וואָס האָט געקענט ברענגען אַ קללה אויף איר, די חז"ל אָבער, האָבן געוואָרנט, נישט אַריבערצוגיין די מאָס: נישט צו פאַרמיאוסן די דאָזיקע אומאָנשטענדיקע פרוי מער ווי די תורה דערלויבט: „אין מנוולין בנות ישראל, יותר ממה שכתב בתורה" [22].

דער חוש פאַר שיינקייט: דער געגוס פון עסטעטיק, איז ביי יידן געווען שטאַרק אַנטוויקלט. וואָס שייך פּלאַסטישע קונסט, מאָלעריי און סקולפּטור, האָבן יידן זיך צוריקגעהאַלטן, אָן ספק, צוליבן געבאָט: „לא תעשה לך פסל ומסכה", ווי אַ פועל־יוצא פון פאַרהיטן יידן פון דינען עבודה זרה און, אַלס צוגאָב, צוליבן אָפּהאַלט פון מאָלן און אויסקריצן נאַקעטע פאַרשייטקייט, וואָס זאָל וועקן צו זנות. ביי די גריכן האָט די מאָראַל נישט געשפּילט די ערשטע ראָל, דאָס הויפּטגעוויכט איז געלייגט געוואָרן אויף עסטעטיק און געגוס. אין געצנדינערישן גריכנלאַנד איז די שיינע אַפראָדיטע געוואָרן דער אָפּגאָט און אידעאַל, ווי די ווענוס און אַנדערע מאָדעלן ביי די קלאַסיש־פּאַגאַנישע פעלקער. אין יהדות איז די מאָראַל געווען יסודותדיק. יעדער אָפּנייג האָט געשטעלט אין געפאַר דעם גאַנצן בנין.

נישט נעגירן אהבה, נישט נעגירן שיינקייט, אדרבה, מיר האָבן אַזוי פיל שילדערונגען וועגן פרויען־שיינקייט, אָבער אַ שלימותדיקע, געטלעכע שיינקייט און נישט פּריצות און הפקרות. שיר השירים איז קודש־קדשים, ווייל דאָס איז אַ מוסטער פון ריינער ליבע אין זויבערע ליבע־אויסדרוקן.

אין זיין אַריינפיר צום מדרש שיר השירים רבה [23], שרייבט ש. דונסקי צוו"אַ:

„...דער מענטש אין שיר השירים איז כּולו גאַנצקייט. ער לעבט אַ פול לעבן, בשלום מיט זיך און מיט זיין באַשעפער... אויך אין שייכות צום עסטעטישן און קינסטלערישן מאָמענט"...

„דער תּנ"ך בכלל פאַרמאָגט וווּנדערלעכע אויסדרוקן פון עסטעטישן שאַפן, אָבער די תּנ"ך־שעפערס זענען געווען ווייט פון „קונסט לשם קונסט". ס'איז מיט זיי געווען ווי מיט דער מוטער שׂרה, וואָס האָט אַ לעבן לאַנג נישט געוווּסט פון איר אייגענער שיינקייט"...

און ווייטער:

„ווי מיר זעען אי אין תּנ"ך אי אין דער אגדה — און איך וואָלט צוגעגעבן אי אין דער הלכה — האָבן אונדזערע חכמים פאַרמאָגט, ווי דונסקי באַהויפּטעט — אַ וווּנדערלעך בילדעריש־אימאַזשיניסטישן מעדיום און אים באַנוצט מער ווי דרך־אגב".

ווען מען איז ריין פון תּאווה און לוסט, מעג מען זיך אַפילו באַנוצן מיט שילדערן דעם מענטשנס פיגור ממש אין זיין פולער נאַקעטקייט, ווי ש. דונסקי זאָגט אַזוי ריכטיק:

„...מיט זייער טיפן חוש פאַר דער עכטקייט און ערלעכקייט האָבן זיי געפילט, אַז דער ספר (שיר השירים — נ. ש.) איז כּולו אמת, כּולו שלימותדיק, מענטש־לעכע איבערלעבונגען, מיט זייער פּאָזיטיווער באַציִונג צום עראָטישן, ווי בכלל צום ערדישן לעבן"... 24

די חז"ל האָבן געזוכט אָפּצושאַפן דאָס דואַליסטישע און פעסטשטעלן דעם געזונטן באַלאַנס צווישן דאָס ערדישע און הימלישע, וואָס געפינט זיך אין דער מענטש־יצירה.

די חז"ל האָבן נישט אַנטמוטיקט, פאַרקערט, זיי האָבן דערמוטיקט דאָס באַ־זינגען פרויען־שיינקייט, אויף אַזוי ווייט, ווי מיר האָבן שוין פריִער דערמאָנט, אַז זיי האָבן געזען אַלס מאָטיוו פאַר האַלטן די מוטערס פון יידישן פאָלק אַ צייט קינדערלאָז, כּדי זיי זאָלן אָנהאַלטן זייער מיידלשע שיינקייט.

פאַר וואָס זענען שׂרה, רבקה, רחל געווען עקרות? ענטפערט דערויף ר' עזריה אין נאָמען פון ר' חנינא בר פּפּא: „כּדי שיהו מתפּנקות על בעליהן בנויין" — זיי זאָלן זיך טוליען צו זייערע מענער מיט זייער שיינקייט. ר' חוניי אין נאָמען פון רבי מאיר זאָגט — כּדי זייערע מענער זאָלן הנאה האָבן פון זייער שיינקייט, וואָרעם בשעת אַ פרוי פאַרגייט אין טראָגן, ווערט זי מיאוס, דיק, לייַביק... אַלס עקרה איז שׂרה געווען ווי אַ כּלה אונטער דער חופּה אין פולער שיינקייט.

אויף דעם פּסוק „מבעד לצמתך" — דורך דיין האָרגעפלעכט — האָט ר' לוי זיך אויסגעדריקט, אַז אַ כּלה וואָס אירע אויגן זענען מיאוס, דאַרף מען

באַטראַכטן איר גאַנצן קערפּער; אָבער אַזאַ וואָס אירע אויגן זענען שיין, דאַרף מען איר גאַנצן קערפּער נישט באַטראַכטן [25].

מיר געפינען אין תנ״ך און תלמוד שילדערונגען פון אַ פרויען־פיגור, פון שיינקייט און גלידער־געטאַקטקייט; מען דערלויבט זיך אַפילו מגזם זיין וועגן איר שיינקייט — בכדי אַרויסצורופן חשק און חימום ביים מאַן. אַ כלה וועלכע איז נישט געווען געבענטשט מיט „מלא־חן״, האָט מען זיך נישט צוריקגעהאַלטן פון באַזינגען מיט די ווערטער: „לא כחל ולא שרק ולא פירכוס — ויעלת חן״ [26].

ירושלימער קינדער ווערן געלויבט און געליבט צוליב זייער שיינקייט.

ס׳איז גוט באַקאַנט די מעשה פון די צוויי געפאַנגענע קינדער, זון און טאָכטער פון ר׳ ישמעאל בן אלישע, בעתן חורבן. זייערע האַרן, „אדונים״, האָבן צווישן זיך אָפּגעמאַכט: איך האָב אַ קנעכט וואָס קיין שענערס פון אים איז נישטאָ אויף דער וועלט, און דער אַנדערער האָט געזאָגט — איך האָב אַ דינסט וואָס איז די שענסטע אין דער וועלט... לאָמיר זיי צוזאַמענפּאָרן און זיי וועלן ברענגען די שענסטע קינדער... [27]

די געפאַנגענע זענען געלעגן אין דער פינצטער אַ גאַנצע נאַכט און געוויינט. זי האָט אין דער שטיל געטראַכט; איך, די טאָכטער פון כהן גדול זאָל לעבן מיט אַן עבד, און ער, דער זון פון כהן גדול זאָל וווינען מיט אַ שפחה... אויף צו מאָרגנס, ווען ס׳איז ליכטיק געוואָרן, האָבן זיי זיך דערקענט, אַרויפגעפאַלן אויף זיך מיט געוויין און אַזוי אויסגעהויכט זייערע נשמות.

זייער פאָטער, ר׳ ישמעאל כהן גדול, ווערט געלויבט, אויסער צוליב אַלע זיינע מעלות און מידות, אויך צוליב זיין שיינקייט. דעם קיסרס טאָכטער האָט שטאַרק געגלוסט אים צו פאַנגען און האַלטן פאַר זיך.

ווען רבן גמליאל האָט געזען אַ וווּנדער־שיינע גויע, האָט ער אויסגערופן אין גרויס באַגייסטערונג „מה רבו מעשיך ד׳״ [28].

רבי עקיבא האָט זיך שטאַרק צעוויינט, ווען ער האָט געזען טורנוסרופוסעס ווייב, די „בליענדיקע בלום״, און באַדויערט איר גורל צו פוילן אין דער ערד [29].

נישט אָפּצושפּעטן, נישט אָפּצולאַכן, נישט אויסצושפּייען פון אַזאַ שיינקייט, ווייל דאָס וואָלט געווען אַן אַקט קעגן דער נאַטור. מען מעג, מען דאַרף באַזינגען שיינקייט, ווי אַ ברכה פון באַשעפער און דאָך זיך שטאַרקן, נישט עובר צו זיין אויף „לא תחמוד אשת רעך״ [30], ווי דער אבן עזרא קאָמענטירט: דער מענטש זאָל זיך צוגעוויינען נישט צו גלוסטן דאָס וואָס איז פאַרווערט.

אין זיין לשון:

„...כאשר אין אדם מתאוה לשכוב עם אמו אע״פ שהיא יפה, כי הרגילוהו מנעוריו לדעת שהיא אסורה לו, ככה כל משכיל צריך שידע כי אשה יפה...

לא ימצאנו אדם בעבור חכמתו ודעתו, רק כאשר חלק לו השם... ובעבור זה המשכיל לא יתאוה ולא יחמוד... שידע שאשת רעהו אסרה לו השם".

מיר געפינען אויך דערציילונגען נישט בלויז וועגן שיינע פרויען, נאָר אויך וועגן שיינע מאַנצבילן. ר' יוחנן — ווערט דערציילט — איז געווען פון די שיינע מענער פון ירושלים, „משפירי דירושלים" [31] און ער האָט געוואָלט יידישע מוטערס זאָלן זיך פאַרקוקן אויף אים, כדי זיי זאָלן געבוירן שיינע קינדער.

אַנדערש אָבער רעדט זיך פון מענער־שיינקייט ווי פון פרויען־שיינקייט: מענער־שיינקייט ווערט נישט געשילדערט, מען גיט נישט איבער קיין פרטים וועגן הויך און גלידער־געטאַקטקייט, דאַקעגן, ווערט געשילדערט די פרוי געננוי לויט איר געבוי, אויסזען, חן און הויך...

אין באַשרייבן די פרוי, האָט מען געוואַגט צו שילדערן, למשל, אירע בריסט, וואָס פאַרנעמען אַ גרויסן חלק אין דער פרוי־שיינקייט, ווי עס ווערט געדרשנט אויף דעם זאָג ביי דער שונמית — „ויגש גחזי להדפה" [32] — בהוד יפיה... אויף דעם פסוק „שני שדיך כשני עפרים" [33] — דיינע צוויי בריסט ווי צוויי הירשלעך, אַ צווילינג פון אַ הירשין, וואָס פיטערט זיך צווישן די ליליען, האָבן מיר פאַרשייי־דענע טייטשן אין דער אגדה: לויט איין טייטש — די לוחות הברית; אַ צווייטער טייטש: משה און אהרן — און אַ דריטער — יהושע און אלעזר [34].

דער מדרש איז דאָס מסביר: פונקט ווי די בריסט פון אַ פרוי זענען די שיינ־קייט, כבוד און לויב פון דער פרוי, אַזוי משה ואהרן. „מה השדים הללו הודן והדרן של אשה, כך משה ואהרן הודן והדרן של ישראל; מה השדים הללו נויה של אשה, כך משה ואהרן נוין של ישראל; מה השדים הללו כבודה ושבחה של אשה, כך משה ואהרן כבודן ושבחן של ישראל; מה השדים הללו מלאים חלב, כך משה ואהרן מלאים ישראל מן התורה; מה השדים הללו אין אחד מהם גדול מחברו, כך משה ואהרן..." [35]

אין יידיש:

דיינע צוויי בריסט, דאָס זענען משה און אהרן; אַזוי ווי די דאָזיקע בריסט זענען דער גלאַנץ און די פראַכט פון דער פרוי, אַזוי זענען משה און אהרן דער גלאַנץ און די פראַכט פון ישראל; אַזוי ווי די דאָזיקע בריסט זענען די שיינקייט פון דער פרוי, אַזוי זענען משה און אהרן די שיינקייט פון ישראל; אַזוי ווי די דאָזיקע בריסט זענען דער כבוד און די לויב פון דער פרוי, אַזוי זענען משה און אהרן דער כבוד און די לויב פון ישראל; אַזוי ווי די דאָזיקע בריסט זענען פול מיט מילך, אַזוי טוען משה און אהרן אָנפילן ישראל מיט תורה; אַזוי ווי די דאָזיקע בריסט זענען נישט גרעסער איינע פון דער צווייטער, אַזוי אויך זענען געווען משה און אהרן.

ביי די ברכות פון יעקב אָבינו געפינען מיר די ברכה — „ברכות שדים ורחם“ [36], וואָס פשוט טייטשט מען עס: די ברכות פון פאָטער און מוטער, „ברכתא דאבוך ודאמך“, לויטן תרגום אונקלוס און אין רש״יס לשון: „ברכתא דאבא ודאמא“ און רש״י גיט צו — די מענער זאָלן געבן געזונטע זרע און די פרויען זאָלן נישט פאַרלירן די זרע [37].

נאָך אַ טייטש: „שדים“ זאָל גאָר קומען פון ארמית, און אין אַראַמעיִש מיינט עס וואַרפן, געבענטשט זאָל זיין דעם מאַנס זרע וואָס ער וואַרפט מיט כוח, ווי דער פייַל פון בויגן, „על שם הזרע יורה כחץ“. ש ד י ם מיינט וואַרפן, שיסן, „ירה־יירה“ — איז אין תרגום: „אישתדאי ישתדי“. אין אַנדערע ווערטער, דאָ רעדט זיך נישט פון בריסט, נאָר פון צוזאַמענפּאָרן מענער־ און פרויען־זאָמען.

ווי פאַרשערס ווייזן אָן, איז דאָס אַנטבלויזן דער פרויס בריסט נישט באַ־טראַכט געוואָרן פאַר פריצות. די בריסט זענען באַטראַכט געוואָרן אַלס נאָרמאַלער געבוי, וואָס פירט אויס די פונקציעס צו זייגן און באַשפּייזן דאָס קינד. ערשט ביי די אייראָפּעער זענען די בריסט געוואָרן אַ סאָרט פעמיניסטישקייט, וואָס וועקט עמאָציאָנעל און עראָטיש. זיי זענען אָבער תמיד באַטראַכט געוואָרן אַלס וויכטיקער קאָמפּאָנענט פון פרויען־שיינקייט, ווי מיר האָבן אָנגעוויזן אויף גחזיס יצר און די שטראָף וואָס איז אויף אים געקומען.

ס׳ווענדט זיך ווי אַזוי מען קוקט אויף דער פרוי. אויב מען קוקט מיט תאווה, איז „המסתכל באצבע כאלו מסתכל במקום התורפה“. אַלץ וואָס איז געטאָן געוואָרן צו פאַרדעקן די נאַקעטקייט, האָט דעם איינציקן ציל — שטילן די תאווה.

אין תנ״ך און אין תלמוד ווערט באַטאָנט די וויכטיקייט פון פוץ און רייץ ביי דער פרוי אויף אַזוי ווייט, אַז דער מן אין מדבר האָט באַזאָרגט יידישע טעכטער מיט דער געהעריקער קאָסמעטיק: „ומהיכן היו בנות ישראל מתקשטות ומשמחות לבעליהן כל מ׳ שנה שעשו ישראל במדבר?“ ר׳ יוחנן זאָגט, אַז פון דעם ברונעם, וואָס איז מיט זיי געגאַנגען, האָבן זיי געהאַט די געשמאַקע וואַסערן, און ר׳ אבהו האַלט, אַז דער מן האָט זיי באַזאָרגט: „ממנו היו בנות ישראל הצנועות והכשרות מתקשטות ומשמחות לבעליהן כל מ׳ שנה שהיו ישראל במדבר“.

לויט ר׳ יוחנן איז עס געווען דער ברונעם מיט פריש וואַסער וואָס האָט אויפגעפרישט די פרומע ווייבעלעך, זיי זאָלן אַרויסרופן דעם רייץ ביי זייערע מענער; און לויט ר׳ אבוהו האָט דער מן געשפּייזט און געבראַכט חיות אין אַלץ וואָס די מדבר־וואַנדערערס האָבן באַדאַרפט, אַריינגערעכנט ריח, פוץ און רייץ אין וועלכע די פרוי האָט זיך געניייטיקט [38].

ס׳איז אונדז גוט באַקאַנט דער מאמר אין ירושלמי [39] אין נאָמען פון רבן, אַז אַ מענטש וועט דאַרפן אָפּגעבן אַ דין־וחשבון וועגן אַלע זאַכן, וואָס דאָס אויג

האָט געזען און דערפון נישט געגעסן — און דאָס שליסט אײַן אַלץ וואָס דער בורא האָט באַשאַפן און דערמיט געבענטשט די מענטש־יצירה.

לויטן בעש״ט דאַרף אַ מענטש באַוווּנדערן שיינקייט. ווי עס ווערט איבער־געגעבן אין צוואת הריב״ש, האָט ער אָנגעזאָגט: „זאָל ער טראַכטן פון וואַנען איז איר געקומען די שיינקייט, צי נישט פון השם־יתברך?״

דער בעל־שם־טוב הייסט די חסידים זען די שיינקייט, באַוווּנדערן אַ שיינע בריאה, אַפילו האָבן פאַרגעניגן פון אָנקוקן די שיינקייט — אָבער זיך איבערגעבן דעם יצר־הרע, אַריינקוקן זיך תאוהדיק — דאָס איז פאַרווערט מיט די שטרענגסטע באַפעלן און מיט די האַרבסטע וואָרענונגען.

דערציילט אונדז די גמרא, אַז רב גידל פלעגט זיצן ביי די טויערן פון טבילה, כּדי צו לערנען יידישע יונגפרויען די דינים פון טבילה און אַז מ׳האָט אים געפרעגט: האָסט גאָרנישט קיין מורא פאַר דעם יצר? האָט ער געענטפערט, אַז ער קוקט אויף זיי ווי אויף ווייסע גענדזלעך: רב גידל הוה רגיל דהוה קא אזיל ויתיב אשערי דטבילה, אמר להו הכי טבילו והכי טבילו. אמרו ליה רבנן: לא קא מסתפי מר מיצר הרע? אמר להו: דמיין באפאי כי קאקי חיורי״.

אויך ר׳ יוחנן האָט געטאָן דאָס זעלביקע, נישט צוליב לערנען יידישע טעכטער ווי זיך טובל צו זיין, נאָר זיי זאָלן זיך איינקוקן אין אים, כּדי צו האָבן שיינע קינדער, געראָטענע אין אים. אויף אים האָט מען נישט געקלערט, אַז ער קען באַהערשט ווערן פונעם יצר־הרע, נאָר גאָר פאַרוואָס ער האָט נישט קיין מורא פאַר אַן עין־הרע. דערויף האָט ער געענטפערט, אַז ער שטאַמט פון יוספן, איבער וועמען ס׳קען נישט שולט זיין קיין שלעכט אויג: „אנא מזרעא דיוסף קאתינא דלא שלטא בי׳ עינא בישא״ [40].

ווען אָבער די פרוי פּוצט זיך צוליב פּריצות, פאַרשייטקייט און כּדי אַרויס־צורופן תאווה, ווערט זי געטאַדלט און פאַרדאַמט.

רב אדא בר אהבה, ווי מיר האָבן דערמאָנט, האָט אָפּגעריסן אַ פאַרשייט רויט קלייד פון אַ פרוי, מיינענדיק אַז זי איז אַ יידישע און באַצאָלט דערפאַר פיר הונדערט דינרים, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז זי איז נישט קיין יידישע.

רב אדא בר אהבה חזייה לההיא כּותית דהות לבישא „כּרבלתא״ — אַ רויטע קלייד — צו וועקן תאווה [41] בשוקא, סבר דבת ישׂראל היא קם קרעיה מינה. איגלעי מילתא דכותית היא שיימוה בארבע מאה זוזי, א״ל מה שמך? אמרה ליה: מתון. אמר לה: מתון־מתון — ארבע מאה זוזי שויא. צוויי מאָל מאתן, מאתים, באַ־טרעפט פיר הונדערט, זיך באַנוצט מיט אַ וואָרטשפּיל, אַז איר נאָמען האָט גורם געווען אַ פאַרלוסט פון פיר הונדערט.

מיר וועלן דאָ נישט אַריינגיין אין דערגרונטעווען זיך אין דער עטימאָלאָגיע פון מאתון און פאַר וואָס אַזאַ טייערער פּרייז [42]. דער פאַקט איז, אַז רב אדא איז

געוואָרן אויפגערעגט, מיינענדיק אַז אַ יידישע טאָכטער האָט זיך אַזוי „אויסגע־סטראָיעט" כדי מענער זאָלן איר נאָכקוקן.

מיר האָבן — ווי שוין אָנגעוויזן — אין דער גמרא, צענדליקער דינים און הלכות, ווי זיך צו באַנעמען ביים דאַוונען, ביים לייענען קריאת־שמע, ביים לייגן תפילין אין קעגנוואָרט פון זיין פרוי, פון זיינע טעכטער, בעת זיי זענען באַקעט אָדער האַלבנאַקעט; דינים ווי אַזוי זיך צו פירן אין בעט בשעת אינטימקייט מיטן ווייב, און דער אויספיר: לויט ר' יצחקן — „טפח באשה ערוה", און לויט רב ששתן: „כל המסתכל באצבע קטנה של אשה כאלו מסתכל במקום התורף" [43]. הכלל — פאַרהיטן זיך פון פאַרשייטקייט, איינצוהיטן מאָראַלישקייט. געניסן, אָבער מיט קאָנטראָל!

## ב. באַציִונג צו שיינקייט. — צניעות וואָס באַצוי־בערט. — פרעכקייט וואָס דערווייטערט. — ווי אַזוי זיך צו קליידן.

די חכמי התלמוד האָבן געהאַט — ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן — אַ פּאָזיטיווע באַציִונג צו שיינקייט פון אַ פרוי און שיינקייט אין אַלגע־מיין, כאָטש זיי האָבן אַזוי געוואָרנט מ'זאָל זיך נישט צו פיל אַריינלאָזן אין באַוווּנדערן אַ שיי־נעם בוים... [1]

זיי האָבן געלערנט: דריי זאַכן ברייטערן אויס, „מרחיבין" דעם דעת פון׳עם מענטשן: „דירה נאה, אשה נאה וכלים נאים" — אַ שיינע וווינונג, אַ שיינע פרוי, און שיינע הויז־כלים [2]. דריי זאַכן דערקוויקן דעם מענטשן: קול, מראה און ריח. ס'זענען פאַראַן דריי סאָרטן חן: „חן מקום על יושביו, חן אשה על בעלה וחן מקח על מקחו (לוקחיו)" [3], אין אַנדערע ווערטער מיינט עס, אַז אַפילו ווען די זאַכן האַלטן נישט אויס די פּרינציפּן פון שיינקייט, האָבן זיי אָבער דעם חן פון די וואָס באַזיצן זיי — אַ פרוי האָט דעם חן ביים מאַן: ער ווערט צו איר צוגעוווינט, ער פּאַסט זיך צו, זיי ווערן אַ צוזאַמענגוס לויטן כאַראַקטער און צוזאַמענלעב.

שיינקייט איז וויכטיק; אָבער די שיינקייט טאָר נישט ווערן עקספּלואַטירט פאַר תאווה, פאַר הפקרות. שיינקייט דאַרף האַרמאָניזירן מיט צניעות; אויב די שיינקייט איז בלויז פאַר תאווה, איז „שקר החן והבל היופי"... [4]

תאווה און חשק זענען פון די וויכטיקסטע עלעמענטן וואָס באַהערשן דעם מענטשן; דער מענטש דאַרף אָבער קענען זיי באַהערשן און פאַרוואַנדלען פאַר גוטע זאַכן. דער משל איז: וויין. טרינקען ביז שכרות איז מיאוס; טרינקען כדי צו פאַרטרייבן עצבות, צו ווערן אויפגעלעבט, צו טאָן גוטע זאַכן — איז „כל המתפתה ביינו יש בו מדעת קונו" [5]; און אַזוי איז אויך מיט אהבה — ליבע־געפיל

צווישן דיביידע געשלעכטער האָט אַ פּאָזיטיוון צוועק פאַר קיום הבריאה, ווען אָבער אהבה ווערט אויסגענוצט אויף תּאווה, אויף פאַרגוואַלדיקונג, דאַן איז עס דעגענעראַציע, וואָס פירט די מענטשהייט צום אָפּגרונט און צום אומקום [6].

עשׂו איז דער רשע, ער האָט אויף זיך די אייביקע שׂנאה, „ואת עשׂו שׂנאתי" [7]. אין וואָס איז באַשטאַנען זיין רשעות? ער האָט דאָך מקיים געווען די מצווה פון כּבוד אב און צוליב דער דאָזיקער מצווה, האָט ער זוכה געווען צו מלכות, ווייל „אֵין הקב"ה מקפּח שׂכר כּל בריה" [8]. די שׂנאה איז דאָך געבליבן אָן אייביקע, ווייל — לערנען אונדז די חכמי התּלמוד [9] — ווען עשׂו איז געקומען פון פעלד, איז ער געווען מיד „והוא עייף" [10], און די מידקייט איז נישט געווען קיין פּשוטע; זי איז געווען אַ רעזולטאַט פון עובר זיין אויף פינף עבירות: הרג את הנפש, עבד עבודה זרה, בעל נערה מאורסה, כפר בתחית המתים ושט את הבכורה... [11]

די שׂנאה צו עשׂו איז, ווייל ער האָט נישט געהיט די מצוות, וואָס זיין זיידע און פאָטער האָבן אַזוי געטריי געהיט, דער עיקר — נישט צו באַגיין אָן „עריות"־פאַרברעכן, און אַוודאי נישט פאַרגוואַלדיקן פרויען אין פעלד...

די משנה לערנט אונדז: „אֵין דורשין בעריות בשלשה, ולא במעשׂה מרכּבה ביחיד אלא־אם־כּן הי' חכם ומבין מדעתו"... [12] מען טאָר נישט דרשענען (לערנען פאַר תּלמידים) די דינים פון עריות, די פאַרבאָטן צו לעבן מיט אַזעלכע פרויען וואָס די תּורה האָט פאַרבאָטן מזווג צו זיין זיך מיט זיי; מ'טאָר דאָס נישט לערנען פאַר דריי (מפרשים טייטשן: פאַר זיך מיט נאָך צוויי), ווייל די תּלמידים קאָנען אַ מאָל נישט ריכטיק פאַרשטיין אָדער נישט ריכטיק אויפפּאַסן די הלכות און ס'קאָנען דערפון אַרויסקומען מכשולים. מעשׂה בראשית זאָל מען נישט לערנען מיט צוויי... מעשׂה בראשית מיינט — לערנען די סודות פון וועלטבאַשאַף, ווייל די דאָזיקע טעאָלאָגישע פראַגן מוזן געהאַלטן ווערן דיסקרעט און נישטאָ דער קענער און פילאָזאָף, וועלכער זאָל באמת וויסן אַלע סודות פון דער יצירה. יעדער אָפּנייג קאָן ברענגען שאָדן. די מעשׂה מרכּבה — די סודות פון געטלעכקייט — ווי דאָס ווערט איבערגעגעבן אַלעגאָריש און אין געהיימע וויזיעס ביי די נביאים ישעיה און יחזקאל — די דאָזיקע סודות זאָל מען בכלל נישט דרשענען, סיידן מ'האָט דערגרייכט די געהעריקע חכמה און דעם געהעריקן פאַרשטאַנד, וואָס גייט איבער די מאָס פון וויסן, פון אינטעלעקטועלער דערגרייכונג; מען דאַרף זיין ראוי דערצו, מען דאַרף האָבן הימלישע כּוחות, אַזעלכע ווי די נביאים, שליחים פון גאָט און באַוואָרנטע פון מענטשלעכע שוואַכקייטן.

רב אשי גיט צו [13], אַז וואָס שייך עריות, מיינט מען דאָ אַזעלכע עריות וואָס זענען נישט קלאָר באַצייכנט אין דער תּורה און מען פאַרלאָזט זיך אין די ענינים אויף די חכמים, די שפּעטערס פון דער תּורה שבעל פּה. ביי אַזעלכע תּקנות, סייגים

און גזירות איז מען עלול צו באַגיין פעלערן, דעריבער זאָל מען זיין געהיט, ווען מען פאַרנעמט זיך מיט געשלעכטלעכע און פאַמיליע־אַנגעלעגנהייטן. עס ווערט צוגעגעבן, אַז דעריבער דאַרף מען זיין אַזוי פאָרזיכטיק, „שנפשו של אדם מחמדתן ומתאווה להן״...

דאָס זענען געווען די גרונטבאַגריפן און איבערצייגונגען פון די, וועלכע האָבן געזוכט מיטלען צו פאַרזיכערן דעם היסטאָרישן גאַנג פון יידישן פאָלק, זינט זיין אורעלטער ביז דער אויפבלי־תקופה, אויפצוהאַלטן דעם יידישן קיום לויט זיין אייגנאַרטיקייט און אויסדערוויילטקייט. ביי די חכמי התלמוד, איז שיינקייט פון אַ פרוי געלויבט געוואָרן — אָבער נישט ווען דער יצר פאַר שיינקייט גייט אַריבער די גרענעצן און ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ טריב, וואָס יאָגט דעם מענטש צום שאול, צום רויִנירן זיין היים... דעריבער האָבן זיי געוואָרנט: „אל ישתה אדם בכוס זה ויתן עיניו בכוס אחר״ [14]. ווען אַ מאַן ווינט מיט אַ פרוי, טאָר ער נישט אין זינען האָבן קיין אַנדערע; זיי האָבן געעצהט מ׳זאָל נישט נאָכגיין און קוקן מיט תאווה אויפן גאַנג פון אַ פרוי: „אחורי ארי ולא אחורי אשה... אפילו אחר אשתו״ [15]. אויב דער יצר רעגט און אַרבעט מעשים, פּראָוואָצירט צו אַן עבירה, איז דאָס פּאַסיקסטע אָרט צו קילן און שטילן תאווה — דער בית המדרש. „עם פגע בך מנוול זה, משכהו לבית המדרש״ [16]. מיטן כוח פון לערנען וועסטו אים גובר זיין.

די מורא, אַז מ׳קען חלילה אַריינפאַלן און ווערן געשטרויכלט, איז חל געווען אויף אַלעמען, אַפילו אויף די גרעסטע מענטשן. נישט קיין וווּנדער וואָס קעגנערס פון משה רבינו האָבן געקענט אויסטראַכטן אַזאַ בלבול, צו וואַרפן אויף אים אַ חשד, אַז ער האָט צו טאָן מיט אַן אשת־איש.

אויף דעם פסוק „ויקנאו למשה במחנה״ [17] זאָגט ר׳ שמואל בר נחמני אין נאָמען פון ר׳ יונתן, „שחשדוהו מאשת־איש״ [18]. אַן אשת־איש, וועלכע האָט געהאַט פאַרקער מיט אַן אַנדער מאַן ברצון, איז דער דין: אויב קיין גענויע עדות זענען נישטאָ כדי מ׳זאָל זיי קענען מישפּטן לויטן דין, טאָר זי נישט וווינען מיט איר מאַן און זי טאָר אויך מער נישט ווינען מיטן צווייטן, מיט וועלכן זי האָט געהאַט אַ געשלעכטלעכן פאַרקער, אַפילו נאָך דעם ווי דער ערשטער מאַן האָט זי געגט: „כשם שאסורה לבעל, כך אסורה לבועל״ [19].

מ׳האָט געזוכט אַלע מיטלען צו פאַרהיטן פון אומלעגאַלער און אומגעזעצלעכער געשלעכטלעכער נאָענטקייט, בכדי צו פאַרהיטן פון ווענערישע קראַנקייטן, פון הפקרות און משפּחה־קריגערייען.

אויף דעם פסוק „ועוצם עיניו מראות ברע״ [20] האָבן די חז״ל קאָמענטירט, אַז דאָס מיינט מען דעם מאַן, וועלכער שטעלט זיך אַוועק און קוקט נאָך די ווייבער בשעת זיי שטייען און בייגן זיך ביים טייך, ווו זיי וואַשן וועש [21].

די עצה איז — לערנען תורה. אַז מען פאַרנעמט זיך מיט לערנען, האָט מען נישט אין זינען קיין זנות, האָט מען נישט אין זינען קיין פרעמדע ווייבער, נאָר מען האַלט זיך געצוימט און מען לעבט אַ צופרידן לעבן [22].

די יידן אין מצרים זענען געווען פאַרזונקען אין די מ"ט שערי טומאָה, האָבן געדינט עבודה זרה, אָבער געווען געהיט אין עריות, „שלא נמצא בהן אחד פרוץ בערווה" [23]. זענען זיי דערפאַר אויסגעלייזט געוואָרן.

די מצווה פון פריה ורביה, ווי מיר האָבן געזאָגט, איז ערשטיק און יסודותדיק. די שמחה פון חתונה שטייט איבער אַלע שמחות. דער פאָטער איז מחוייב צו דער־ציִען זיין זון און אים חתונה מאַכן; ער דאַרף אים באַאייַנפלוסן וואָס שייך דעם קיום המין און חתונה מאַכן, ווען ער איז יונג, כדי ער זאָל נישט קומען צום נסיון פון הרהור עבירה [24]. דער פאָטער דאַרף זוכן פאַר זיין זון אַ פּאַסיקן שידוך, ווייל אַ נישט צוגעפּאַסטער שידוך, איז ווי ער וואָלט געבראַכט דערצו, אַז זיין זון זאָל לעבן מיט אַ בהמה, און אויף אַזעלכן איז געזאָגט געוואָרן: „ארור שוכב עם כל בהמה"...

דעם חתן גיט מען אָפּ אַ גוואַלדיקן כבוד. ער איז ווי אַ קעניג, „חתן דומה למלך" [25] און אים קומט דער אויבן אָן, „חתן מיסב בראש" [26], ער איז באַדעקט מיט דער קרוין פון „פאר" [27]. מיר האָבן אַ ספּעציעלע מסכת כלה, וואָס לערנט דעם חתן ווי זיך צו באַגיין מיט זיין ווייב זינט דער ערשטער נאַכט פון זיין פאַרקערן מיט איר און בכלל די כללים פון צניעות, וואָס פירן צו אַ געטריי לעבן.

אין תלמוד ווערט, מיט אַלע סופּערלאַטיוון, געלויבט די וויכטיקייט פון חתונה, די וויכטיקייט פון „פרו ורבו", די וויכטיקייט נישט צו זיין אַליין. אויב אַן אלמנה האָט צו לאַנג געוואַרט איידער זי האָט זיך געשאַפן אַ געהעריקן שידוך און האָט אַרויסגעוויזן אַ רצון צו בלייבן אַן אלמנה, האָט מען אויף איר גערעדט.

רבא — ווערט דערציילט — האָט געזאָגט צו רב חסדאס טאָכטער, וועלכע איז געבליבן אין אלמנהשאַפט ביי צען יאָר (מסתמא נישט געוואָלט חתונה האָבן) — „חכמים מרננים אחריך", די חכמים רעדן אויף דיר; דיין אויפפירונג געפעלט זיי נישט.

האָט זי, די קלוגע טאָכטער רב חסדאס געענטפערט: „אני דעתי עליך היתה". איך האָב נישט חתונה געהאָט, ווייל איך האָב געטראַכט פון דיר, געוואָלט דיך האָבן פאַר מיין מאַן [28]. רבא איז געווען אַ לאַנגע צייט אַן אלמן.

זי האָט די ווערטער אַרויסגעזאָגט פשוט, איינפאַך־אָפנהאַרציק, אָבער נישט מיט פּראָפּאַניר־ווערטער, נישט מיט ווערטער וואָס גרענעצן זיך מיט ניבול־פה, מיט תאווה־לוסט.

אין מדרש [29] ווערט אָנגעוויזן אויף דעם אונטערשייד צווישן פּוטיפרס ווייב, וועלכע האָט גערופן יוספן צו זינדיקן מיט איר און דעם פאַרלאַנג פון רותן,

וועלכע האָט געוואָלט בועז זאָל מיט איר חתונה האָבן. די ערשטע רעדט ווי אַ בהמה: „שכבה עמי" [30] — ליג מיט מיר... די אַנדערע רעדט צוריקגעהאַלטן, מיט אַ שיין לשון „ופרשת כנפך על אמתך" [31] — און זאָלסט אויסשפּרייטן דיין קלייד איבער דיין דינסט... קאָמענטירט דערויף שמואל בר נחמני: „ארורים הם רשעים", פאַרשאָלטן זאָלן זיין די רשעים וואָס רעדן אַזוי פּרעך, הפקרדיק.

נאָך דער חתונה־נאַכט, אויף צו מאָרגנס, פלעגט מען באַגריסן דעם חתן און אים ווינטשן ס׳זאָל זיין ביי אים „מצא"... עלטערן פלעגן פרעגן: צי ס׳איז ביי אים „מצא" אָדער „מוצא" — צי ער האָט געפונען גוטס ווי דער מצא סימבאָליזירט, אָדער חלילה פאַרקערט: מוצא, וואָס איז מרמז אויף אַ שלעכטער פרוי.

אַז ר׳ עקיבאס זון האָט חתונה געהאַט, האָט ער אין דער חופּה־נאַכט זיך גענומען לערנען אַ גאַנצע נאַכט שטייענדיק און איר, זיין יונג ווייבל, געהייסן שטיין אַזוי מיט אַ ליכט אין האַנט, אים ליכטיק צו מאַכן בעתן לערנען.

אויף צו מאָרגנס, פרעגט ר׳ עקיבא זיין זון, איז עס ביי דיר „מצא" אָדער „מוצא"? האָט דער זון אים געענטפערט, אַז ביי אים איז, „מצא אשה מצא טוב..." זי איז גוט צו אים, מיט איר צניעות און סבלנות — אַ פרוי, וועלכע קען האַלטן אַ גאַנצע נאַכט אַ ליכט פאַרן מאַן, ער זאָל קענען לערנען אַ גאַנצע נאַכט — און דערצו, אין דער ערשטער נאַכט פון זייער צוזאַמענלעבן — אַזאַ פרוי איז גוט פאַרן מאַן!

אונדזערע מאָראַליסטן האָבן, דורך דורות, זינגט דעם באַגין פון תורת משה, געוואָלט זען אינעם ייִד, אַ ריינע נשמה און אַ ריינעם גוף; ריינע מחשבות און ריינע געפילן; אין דעם האָבן זיי געזען דעם סוד פון אַ ריינעם, געטרייען משפּחה־צוזאַמענלעב.

זיי האָבן געוווּסט „כי אין צדיק בארץ אשר יעשה טוב ולא יחטא" [32], נישטאָ קיין מענטש אַ צדיק אויף דער ערד, וואָס זאָל קיין מאָל נישט באַגיין אַ זינד, אַ פעלער. נישטאָ קיין אַבסאָלוט גערעכטער, אויך אַ גדול האָט זיינע שוואַכקייטן. זיי האָבן אָבער ווי ווייט מענטשלעך־מעגלעך, געזוכט ביים מענטשן דערהויבנקייט, און, דער עיקר, זיך באַמיט דערווייטערן אים פון תאוות נשים, ווי איוב דריקט זיך אויס „ומה אתבונן על בתולה" [33] — און וואָס זאָל איך קוקן אויף אַ יונגפרוי...

אין משלי ווערט זייער פיל געוואָרנט קעגן דער תאווה, מען זאָל נישט פאַרבלענדט ווערן פון בלויזער שיינקייט, מ׳זאָל זיך האַלטן ביי דער אשת־נעורים, ווייל ווי שווער עס זאָל נישט זיין דער זיווג, איז שווערער פון קריעת ים־סוף דאָס צעטיילן, ווייל מיטן גטן איז מען מפריד, מען שיידט אָפּ די שכינה וואָס הויזט ביי אַ גאַנצן משפּחה־לעבן: „לכל יש תמורה חוץ מאשת נעורים". אויב ס׳קומט צו אַ גט, וויינט דער מזבח; די שטיינער פון מזבח פאַרגיסן טרערן... [34]

ווען דער מאַן קריגט זיין געהעריקן, פּאַסיקן זיווג, לערנען אונדז די חז״ל ווי אַזוי ער זאָל זיך באַגיין מיט זיין ווייב: ער זאָל זי נישט צווינגען צו „תשמיש״ (אַ שענער וואָרט פאַר סעקסועלע באַציִונגען); ער זאָל זיך צו איר באַציִען שפּילעוודיק, ביז ער וועט אַרויסרופן ביי איר די הייסע געפילן [35]. זיי האָבן אויך אָנגעוויזן ווען און ווי אַזוי צו האָבן דעם פאַרקער: „אם שמרת שבעת ימי הנדה... אני נותן לך בן זכר״ [36].

די חז״ל לערנען אונדז, אַז אויב אַ מאַן שיידט זיך אָפּ פון זיין ווייב פאַר איר „ווסת״, פאַר איר מענסטרואַציע־פּעריאָד, וועט ער האָבן, לויט זיין ווונטש, קינדער מענלעכע, זכרים; קינדער רבנים, „שראויין להוראה״. ר׳ בנימין בן יפת זאָגט: דער וואָס הייליקט זיך בשעת תשמיש — געמיינט אויך אין מחשבה — איז געזיכערט צו האָבן זכרים, יינגלעך, און מען ברענגט אַ ראיה פון אימאַ שלום, די ווייב פון ר׳ אליעזר, שוועסטער פון רבן גמליאל, אַז זיי האָבן געלעבט אויף אַן אופן, ס׳זאָל ביי אים נישט קומען צו אַ מאָמענט פון האָבן אין זינען אַן אַנדער פרוי, כדי די קינדער זאָלן אַפילו מחשבהדיק נישט זיין אונטערן חשד פון ממזרות [37].

וועגן יכניה מלך יהודה (יהויכין אין מלכים ב׳ כ״ד), אויף וועמען ס׳ווערט געזאָגט „ויעש הרע״... ווערט איבערגעגעבן, אַז דערפאַר וואָס ער האָט זיך אויסגעהיט אָנצורירן אַפילו אַ מיידל, אַ נערה בתולה, אַ פנויה, טאָמער איז זי אַ נידה, האָט ער זוכה געווען צו אַ נס און זיין פרוי איז מעוברת געוואָרן פון אים, נאָכן האָבן מיט אים אינטימע באַציִונגען שטייענדיק, „ונתעברה מעומד״ [38]. אויף אַזאַ פרישות איז געזאָגט געוואָרן: „פרישות מביא לידי טהרה... קדושה״... שלא יהרהר אָדם ביום ויבא לידי עבירה בלילה...״

ווען מ׳האָט ר׳ אליעזר הגדול (בן הורקנוס) מנדה געווען, ווערט דערציילט, אַז אַפילו די טייג אין די הענט פון דער פרוי, איז קאַליע געוואָרן („בצק שבידי אשה טפח״) און זיין ווייב אימאַ שלום, האָט אים זינט דעם טאָג נישט געלאָזט „פאַלן אויף זיין פנים״ (מתפלל זיין) טאָמער טוט ער תפילה און די תלמידי חכמים וועלן געשטראָפט ווערן. איין טאָג האָט טאַקע אַזוי פּאַסירט און רבן גמליאל איז געשטאָרבן: ההוא יומאָ ריש ירחאָ הוה ואיחלף לה בין מלא לחסר, איכאָ דאָמרי, אתא עניא וקאי אבבא אפיקא ליה ריפתא אשכחתיה דנפל על אנפיה, אמרה ליה, קום קטלית לאחי, אדהכי נפק שופרא מבין רבן גמליאל דשכיב״ [39].

גוטע, שיינע פרויען, זענען תמיד באַזונגען געוואָרן; מ׳האָט געלויבט זייער איידלקייט, סענסיטיווקייט, אַפילו זייער רייץ און ליידנשאַפט — „מצא אשה מצא טוב!״ וועגן אַן אשה רעה איז געזאָגט געוואָרן: „כל רעה ולא אשה רעה״ [40].

מ׳האָט שטאַרק אָנגעזאָגט, אַז די יידישע פרוי זאָל נישט זיין הפקרדיק און נישט פאַרקערן אויף אַ פרעכן שטייגער, זי זאָל נישט רייצן און נישט שטעלן

אין געפאַר די ריינקייט פון דער יונגפרוי. דאָס אָפּהיטן די בתולהשאַפט איז געוואָרן אַ יסוד אין דער מאָראַל, און דאָס פאַרלירן — נישט סתם אַ פיזיאָלאָגישער דעפעקט. אונדזערע מאָראַליסטן האָבן געוווּסט, אַז דאָס פאַרלירן „דם בתולים" אויף אַן אומאָנשטענדיקן אופן, האָט אויפן מיידל אַ שלעכטע ווירקונג, גייסטיק און פסיכיש.

וועגן חתונה און אויסוואַל פון אַ פּאַסיקער באַשערטער דריקט זיך אויס דער כּוזרי (ר' יהודה הלוי), אַז די באַהעפטונג פון דער געטלעכקייט צו יעקב אָבינו איז ערשט געקומען, ווען ער איז אין גאַנצן געלייטערט געוואָרן, ווען זיין באַמען האָט געקראָגן דעם געהעריקן תּיקון מיט זיינע אויסדערוויילטע צניעותדיקע פרויען.

מיר געפינען דעם דאָזיקן געדאַנק אין מדרש [41]: יעקב אָבינו, אַרויסגייענדיק פון באר־שבע, האָט געבעטן: „מאין יבוא עזרי" [42] — ער האָט געזוכט זיין עזר.

דער חדושי הרי"ם (ר' יצחק מאיר אַלטער, דער ערשטער גערער רבי) קאָמענטירט: ער האָט מתפּלל געווען צו קריגן זיין עזר, דאָס מיינט די פּאַסיקע פרוי, לויטן פּסוק „אעשה לו עזר כּנגדו" [43] — און וועגן דעם אין אַ ווייטערן קאַפּיטל.

אין דער אגדה און אין קבלה געפינען מיר אומצייליקע שילדערונגען וועגן דער שיינקייט פון מענטשלעכן מין. די בעלי המדרש זענען באַגייסטערט פון אַ שיינעם מענטשן און, לויטן „זוהר", וועט דער מענטש געבענטשט ווערן מיט אויסערגעוויינלעכער שיינקייט אין די משיח־טעג — אַ דערגרייכונג לימות המשיח... [44]. די גרויסקייט פון הקדוש־ברוך־הוא באַשטייט אויך אין דעם, וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט די שיינע פיגור, און באַזעצט די איברים אויף פּאַסיקע ערטער אינעם מענטש וואָס ער האָט געשאַפן [45].

דער בורא־עולם איז צופרידן פון זיין באַשאַף: „ראו בריה שבראתי וצורה שיצרתי"... ער איז דער גרעסטער סקולפּטאָר אין אויספורעמען דעם מענטשלעכן מין און, גאָר באַזונדערס, די פאָרמען און די אַנאַטאָמיע פון דער פרוי מיט איר גראַציעזקייט, חנעוודיקייט, אַז אַפילו די מלאָכים זענען זיך מתקנא אין דער פרוי־פאָרמירונג: איר האַלדז, בריסט, ליפּן, נאָז, האָר און בכלל אירע אַנאַטאָמישע שטריכן.

דער חוש פאַר עסטעטיק איז תּמיד געווען אַנטוויקלט ביי ייִדן.

די פראַגע, פאַר וואָס האָט מען ביי ייִדן די קונסט פון פּלאַסטישער מאָלעריי און סקולפּטור נעגירט; פאַר וואָס דער געבאָט: „לא תעשה לך פסל ומסכה" — ווערט פאַרענטפערט מיט אומצייליקע תּירוצים. ס'איז נישט קיין ספק אַז דאָס האָט אַ שייכות מיטן פאַרבאָט פון דינען צו עבודה זרה, פון גלויבן אין פרעמדע געטער. ס'איז אָבער אויך אַ פאַקט, אַז ס'זענען דאָ ייִדישע באַרימטהייטן אין דער וועלט פון קונסט־מאָלעריי און סקולפּטור [46]. דאָס איז אַ צו ברייטע טעמע און גייט אייגנטלעך נישט אַריין אין די ראַמען פון אונדזער אַרבעט.

**ג. ביי די טויערן פון טבילה. — פאַר דער שיינקייט פון ייִדישע קינדער. — באַווונדערן שיינקייט. — שואל עצה זיין ביים ווייב.**

מיר האָבן ביז איצט געזען, ווי אָפּגעהיט אונדזערע מאָראַל־לערערס זענען געווען וואָס שייך צניעות, און ווי אַזוי זיי האָבן איינגעפירט די שטרענגסטע תקנות אָפּצוהיטן די געזעצן פון באַשיידנקייט און געשאַפן „צוימען" פאַר צניעות אין ייִדישן משפחה־ און אַלגעמיינעם לעבן.

זיי האָבן געזוכט נישט בלויז די קערפּערלעכע ריינקייט, די חיצוניותדיקייט פון אָט דער שמירה, נאָר גאָר אַ סך געטראַכט וועגן דער מחשבה, וועגן הרהורי־עבירה. זיי האָבן געהאַלטן, אַז דער כּוח פון דער פרוי, די געשלעכט־תּאווה איז דער שטאַרקסטער פון אַלע אינסטינקטן; דעריבער האָבן זיי געלערנט, ווי אַזוי זיך אויסצוהיטן פון אָט דעם „הרהור". רבי יוחנן האָט געלערנט: „אחורי ארי ולא אחורי אשה"[1] — ס'איז שוין בעסער נאָכצוגיין נאָך אַ לייב, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַ לעבנס־געפאַר, איידער נאָכגיין אַ פרוי, וואָס קאָן פירן צו אַ געפאַר פאַר דער נשמה.

רבה און רבא דריקן זיך אויס, אַז דאָס אויג איז דער אָנרייצער צו תּאווה: „אין יצר הרע שולט אלא במי שעיניו רואות"[2]. מיר וועלן זיך נאָך אומקערן צו אָט דעם זאָג; דאָ ווילן מיר נאָך אַ מאָל אָנווייזן ווי שטאַרק פאַראינטערעסירט עס זענען געווען די חכמי התלמוד, אַז די ייִדישע פרוי זאָל זיין געהיט אין ריינקייט, אַז זי זאָל ברענגען אויף דער וועלט שיינע קינדער. און ווען די חכמים זענען געווען זיכער ביי זיך, אַז זיי וועלן נישט באַווירקט ווערן פון תּאווה און וועלן אָנהאַלטן ריינע מחשבות, האָבן זיי זיך איינגעשטעלט פאַר דער ייִדישער פרוי.

רב גידל — ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט — פלעגט זיצן ביי די טבילה־טויערן (מקוואות) און געלערנט די פרויען, די דינים פון טבילה, ווי אַזוי זיך נוהג צו זיין אאַז״וו. די תּלמידים האָבן אים געפרעגט: האָסט גאָרנישט קיין מורא פאַר דעם יצר־הרע?...

האָט רב גידל זיי געענטפערט: די פרויען זענען דאָ אין מיינע אויגן, ווי ווייסע גענדז — „כּקאקי חיוורי"[3].

רבי יוחנן — ווי מיר האָבן שוין געבראַכט פון דער גמרא — פלעגט זיך זעצן ביי די טויערן פון טבילה און זאָגן: ווען די ייִדישע טעכטער וועלן אַרויסגיין פון טבילה, וועלן זיי קוקן אויף מיר און האָבן שיינע קינדער... ער איז געווען זייער אַ שיינער[4].

ווען די תּלמידים האָבן אים געפרעגט: האָסט גאָרנישט קיין מורא פאַר אַ שלעכט אויג („מעינא בישא") — האָט ער זיי געענטפערט: איך בין אַן אָפּשטאַם

פון יוסף הצדיק, ביי וועמען ס'האָט נישט שולט געווען קיין בייז אויג[5]. די גמרא גיט צו, אַז דעריבער האָט אויף יוספן נישט געהאַט קיין שליטה אַ בייז אויג, ווייל ער האָט נישט געוואָלט שפּייזן זיינע אויגן מיט הנאה פון דעם וואָס געהערט נישט צו אים (פּוטיפרס ווייב) — „עין, שלא רצתה לזון ממה שאינו שלו, אין עין הרע שולטת בו".

אין לשון פון דער גמרא: „רבי יוחנן הוה אָזיל ויתיב אשערי טבילה, אמר, כי סלקן בנות מטבילת מצוה לפגען בי, כי היכי דליהוו להו בני שיפירי כוותי". ער, דער איבערגעבליבענער פון די שיינע מענטשן אין ירושלים, האָט זיך געהאַלטן פאַר אַן אָפּשטאַמיקן פון יוסף הצדיק... באַמערקט דערויף ר' צדוק הכהן מלובלין, אַז דאָס איז מרומז אויף שלימות און קדושת הברית[6] און דעריבער האָט ער נישט געדאַרפט מורא האָבן פאַרן תאווה־יצר.

ר' יוחנן האָט אַן ספק געהאַלטן, אַז דער וואָס שטעלט זיך ביי די טויערן פון טבילה, בכדי צו קוקן אויף די יונגע ווייבלעך, וועט באַהערשט ווערן פון אַ „רוח זנונים": „האי מאן דפגע באתתא בעידנא דסלקא מטבילת מצוה... אחזה ליה רוח זנונים"[7]. ער אָבער האָט נישט מורא געהאַט פאַר דעם יצר, האָט נישט מורא געהאַט אַז מען וועט רעדן אויף אים, אים חושד זיין... יעדער האָט געוווסט, אַז ער טוט עס לשם שמים. אַז מען איז פאַרנומען מיט תורה־מחשבות, ווערט מען אויסגעהיט פון תאווה־מחשבות.

זיין שוואָגער ר' שמעון בן לקיש, ביי וועמען דער חוש און באַגייסטערונג פאַר שיינקייט, עסטעטיק, איז געווען שטאַרק אַנטוויקלט, ווען ער האָט געזען ר' יוחנן, „משפירי דירושלים", זיך באָדן אין ירדן, איז ער אויך אַריינגעשפּרונגען אין ירדן. ר' יוחנן האָט אים צוגעזאָגט זיין שוועסטער, וועלכע איז נאָך שענער פון אים און ער. ר' שמעון בן לקיש, וואָס האָט געהאַלטן, אַז דאָס אָנקוקן אַ שיינע פרוי וועקט תאווה[8] (אויסגעטייטשט דאָס וואָרט „צפנת" — אַז אַלע האָבן זיך איינגעקוקט אין איר שיינקייט[9]) און אַז ניאוף מיינט נישט בלויז מיטן קערפּער, נאָר אויך מיטן בלויזן אויג[10], ער, וועלכער האָט כסדר געפירט פּאָלעמישע שמועסן מיט זיין שוואָגער — ר' יוחנן — האָט אים קיין מאָל נישט קריטיקירט פאַר זיין זיצן ביי די טבילה־טויערן.

ר' שמעון בן לקיש האָט געקענט זיין שוואָגער און איז געווען איבערגעצייגט, אַז זיינע מחשבות זענען בלויז וועגן תורה און מידות. ער האָט אויך געהאַלטן, אַז אַ גוטע פרוי קריגט מען נאָר ווען מען איז עס ווערט: „אין מזווגין לו לאָדם אשה אלא לפי מעשיו"[11]. ר' יוחנן האָט אים געגעבן זיין שוועסטער פאַר אַ ווייב — און זי איז מסתמא געווען ראוי צו זיין די אשת־חבר.

די שוועסטער פון רבי יוחנן און פרוי פון ריש לקיש ווערט נישט אויסגערעכנט צווישן די געלערנטע פרויען. מיר ווייסן בכלל נישט וועגן איר כאַראַקטער.

מיר ווייסן בלויז, לויטן עדות־זאָגן פון איר ברודער, אַז זי איז געווען אַ זעלטן שיינע פרוי. ס׳איז אָבער קיין ספק נישט, אַז זי איז געווען די אשת־חבר אין תּלמודישן זין, ווייל אַנדערש וואָלט זי נישט דערמאָנט געוואָרן אין תּלמוד און די צוויי מענער וואָלטן נישט באַגייסטערט געווען פון איר.

און אַז מיר רעדן וועגן זעלטן געלערנטע פרויען, איז כּדאי נאָך אַ מאָל — און צום וויפלטן מאָל — צו דערמאָנען אַז ביי ייִדן זענען תּמיד געווען געלערנטע פרויען; אייניקע פון זיי, מיט גאָר הויכער בילדונג.

שוין אין דער צייט פון חזקיה המלך האָבן מיר אַ דערקלערונג אין תּלמוד [12], אַז בילדונג איז געווען אַזוי פאַרשפּרייט אין לאַנד, אַז אַפילו אַ פרוי אָן לערע, איז נישט מעגלעך געווען צו געפינען: „בדקו מדן ועד באר שבע ולא מצאו עם הארץ, מגבת ועד אנטיפרת ולא מצאו תינוק ותינוקת, איש ואשה, שלא היו בקיאים בהלכות טומאה וטהרה...״ דערפון איז צו זען, אַז סיי ייִנגלעך און סיי מיידלעך האָבן געלערנט און געלערנט די קאָמפּליצירטע הלכות. דערפון קאָן מען דרינגען אַז פרויען מעגן לערנען [13], שוין אָפּגערעדט פון די דינים וואָס האָבן אַ דירעקטע שייכות צו משפּחה־ריינקייט, צניעות און יסודותדיקע פּרינציפּן אין הלכות אישות.

אַז ס׳זענען געווען גאָר אָנגעזעענע נביאות איז גוט באַקאַנט. דבורה הנביאה פאַרנעמט אַ גרויס אָרט אי אין נבואה און אי אין קאַמפּרוף פאַר מלוכהשער אומאָפּהענגיקייט.

מיר האָבן אַ צאָל קעניגינס וועלכע האָבן געטאָן אַ סך גוטס און געהאַלטן דעם מלוכה־רודער אין זייערע איידעלע און צאַרטע הענט. געגוג צו דערמאָנען שלומציון — די שוועסטער פון שמעון בן שטח און ווייב פון אלכּסנדר ינאי. און נישט בלויז ייִדישע פרויען, קעניגינס, האָבן געקראָגן אָנזען. מיר דאַרפן דער־מאָנען הילני המלכּה, אָדער די קעניגין העלענאַ, דאָס ווייב פון קעניג מונבז און מוטער פון מונבז דעם צווייטן (געשטאָרבן 14 יאָר פאַרן חורבן — 50 יאָר נק״ע). זי ווערט שטאַרק געלויבט פון די חכמי התּלמוד. זי איז געווען אַ גרויסע מעצענאַטין פאַר ייִדישע צוועקן; די חכמים פון דור פלעגן זיין אירע געסט. און ווי פאַרשערס ווייזן אָן, האָט זי זוכה געווען צו קבורה אין ירושלים, ביים פּלאַץ פון קברות המלכים.

און אַז מיר רעכענען שוין אויס אַ צאָל וויכטיקע פרויען, פאַר וואָס נישט דערמאָנען פון דער תּנאים־תּקופה?:

רחל — די טאָכטער פון כּלבא שבוע און פרוי פון ר׳ עקיבא [14];

ברוריה — די טאָכטער פון ר׳ חנניה בן תּרדיון און ס׳ווייב פון ר׳ מאיר.

און פון דער אמוראים־תּקופה:

חומה — די טאָכטער פון איסי בר יצחק, ווייב פון אביי [15];

חומה — די טאָכטער פון רב חסדא, ווייב פון רבא [16];

ילתא — די טאָכטער פון ריש גלותא, ווייב פון רב נחמן און נאָך און נאָך.

אין מיין ווערק וועגן דער „באַציִונג צו דער פרוי״, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אויף די חלוקי־דעות, צי עס איז געווען איין רב־חסדא, אָדער מער, בכדי אויסצו־גלייכן די סתירות, וואָס מיר געפינען אין תלמוד בנוגע רב חסדא.

ווי אייזנשטיין גיט אָן אין „אוצר ישראל״, איז געווען בלויז איין רב חסדא. ער האָט געלעבט אין בבל, אין דריטן דור אמוראים; ער איז געווען אַ כהן, אַ תלמיד פון רב און פון רב הונא; געהאַט נחת פון זיינע טעכטער און געהאַט אריכת ימים — געלעבט 92 יאָר (געשטאָרבן אין יאָר ד׳ אלפים, ס״ח־308 נק״ע).

ר׳ אהרן היימאַן גיט אָן אין זיין „תולדות תנאים ואמוראים״ [17] עטלעכע רב חסדאס. עס ווייזט זיך אָבער אויס, אַז די אַלע מאמרים אין פאַמיליע־אָנגעלעגנ־הייטן זענען געזאָגט געוואָרן פון דעם איינעם רב חסדא, און די סתירות ווערן גוט אויסגעטייטשט דורך די מפרשי התלמוד. ער איז געווען באַגייסטערט פון זיין פרוי, געוויס געהאַלטן פונעם זאָג: „ובחוסר כל״ — בלא אשה, אָן אַ פרוי, זענען אַלע פאַרגעניגנס גאָרנישט ווערט [18]. ער האָט אויך געהאַט נחת פון זיינע טעכטער [19].

רב חסדא ווערט אָנגערופן „מחסידי בבל״ [20], ווי עס ווערט אָנגעגעבן, צוליב דעם וואָס ער האָט געהאַלטן, אַז די מנוחה קומט צו אַ מענטשן בלויז ווען ער האָט חתונה. „און דאָס וואָס איך בין בעסער פון אַנדערע — האָט ער זיך אויסגעדריקט — איז דערפאַר, ווייל איך האָב חתונה געהאַט „בשיתסר״, אין עלטער פון זעכצן יאָר״ [21], צוליב דעם ווערט ער אָנגערופן מחסידי בבל — פון די פרומע ייִדן אין בבל.

דעם דאָזיקן געדאַנק האָבן טייל פון די חכמי התלמוד אויסגעדריקט אין פאַרשיידענע וואַריאַנטן און ביי אומצייליקן געלעגנהייטן, ווייל דורך דער חתונה, האָבן זיי געהאַלטן, ווערט מען אויסגעהיט פון תאווהדיקע מחשבות, פון „הרהורי עבירה״. ווי זיי דריקן זיך אויס, איז „שוק באשה ערוה״ [22]. מ׳טאָר נישט לייענען „שמע״ אין דער אָנוועזנהייט פון אַ פרעמד מיידל. ווי מיר האָבן שוין אין אָנהייב אָנגעוויזן, זענען זיי געווען איבערצייגט, אַז די שטראָף פון מבול איז געקומען צוליב ווילדער, אומקאָנטראָלירטער תאווה: „ברותחין קלקלו וברותחין נדונו״ [23], ווייל בלויז אַ צניעותדיק לעבן קאָן ראַטעווען די מענטש־ציוויליזאַציע; און בלויז דורך האָבן „קאָמפּאַניאָן״ (לעבן מיט אַ פרוי) קאָן מען זיין אָפּגעהיט אין צניעות, קערפּערלעך און מחשבותדיק.

ווען מען האָט די דאָזיקע פאַרשטענדעניש, ווערט לייכטער צו פאַרשטיין די מיינונג פון רב עמרם חסידא, אַז פון דריי עבירות קאָן קיין מענטש זיך נישט

אויסהיטן, איינע פון זיי איז „הרהורי עבירה" [24]; און כדי דאָס צו באַווייזן מיט פאַקטן, ברענגט מען די מעשׂה, וואָס מיט אים אַליין האָט פּאַסירט, און אַז בלויז אַ דאַנק דער מצווה פון ציצית־טראָגן, איז ער געראַטעוועט געוואָרן:

„מעשׂה שבא לידי עם אותן השבויות שבאו לנהרדעא והכניסון לבית רב עמרם חסידא, לקח את הסולם מלפניהן. כשחלפה אחת מהן ,ונפל נהורא׳ לקח רב עמרם את הסולם שלא יכלו עשׂרה אנשים להגביהו... כשהגיע לאמצע הסולם, עמד וצעק נורא בי עמרם..."

די מעשׂה איז געווען מיט געפאַנגענע פרויען וועלכע מ׳האָט אויסגעלייזט פון גויִישע הענט און מ׳האָט זיי געבראַכט צו רב עמרמען, דעם חסיד, און ער האָט זיי אָפּגעגעבן, ווייזט אויס, אַ בוידעם־שטיבל זיי זאָלן זיין פאַר זיך, אָפּגעזונדערט, און אַוועקגענומען די לייטערס, כּדי קיין מענער זאָלן זיך נישט קענען אַרויפּ־כאַפּן. דערווייל איז פאַרבייגעגאַנגען אַ מיידל, אַ ביסל אַנטבלויזט און „אַ ליכט איז געפאַלן" פאַר זיינע אויגן; האָט ער געקראָגן אומגעווייגלעכע גבורה, אַליין אויפגעהויבן די לייטער, צו וועלכער מ׳האָט געדאַרפט האָבן צען מענטשן זי אויפ־צוהייבן. ווען ער האָט דערגרייכט אין מיטן, האָט ער זיך צעשריגן: „אַ פייער איז ביי עמרמען..."

די רבנן האָבן נאָך דעם אים פאַרגעהאַלטן, אַז ער האָט זיי פאַרשעמט („כּסיפתינן"), האָט ער זיך פאַרטיידיקט און פאַרענטפערט, אַז ס׳איז שווער זיך מציל זיין פון יצר־הרע און אַ דאַנק די ציצית האָט ער זיך געראַטעוועט — און געעצהט מ׳זאָל טראָגן ארבע כּנפות מיט ציצית [25].

ס׳איז נישט קיין ווונדער וואָס עס ווערט געזאָגט וועגן רבן, אַז ווען ער איז געקומען קיין דרשיש, האָט ער געהייסן אויסרופן: „מאן הוה ליומא" [26], דערמיט האָט ער זיך געוואָלט ראַטעווען פון יצר, יעדנפאַלס, פון „הרהור עבירה" [27]. ער האָט זיך געוואָלט אויסהיטן פון ברענגען זיך צו אַ נסיון [28].

רבי משה לייטער איז דעם ענין מסביר, אַז רב האָט דאָ געוואָלט איינוואַרצלען זיין שיטה: מ׳זאָל נישט מקדש זיין דורך ביאה, „דרב מנגיד..." רב האָט געשלאָגן מלקות, אויב איינער האָט געוואָגט נעמען אַ ווייב, אָן שידוכין, אָן חופּה־צערע־מאָניאַל, נאָר סתם, מקדש געווען מיט ביאה, דורך לעבן געשלעכטלעך מיט אַ פרוי, וועלכע ער האָט זיך אויסגעקליבן. ער האָט דאָס געוואָלט ווייזן, ווי אַ מוסטער, אַז חתונה האָבן דאַרף מען דורך אויסרופן און זיך גרייטן לעגאַל און אָפיציעל [29].

ווען רב פּפּא האָט געוואָלט טאָן דאָס זעלביקע וואָס רב, דערציילט אונדז די גמרא [30], האָט מען עס אים נישט צוליב געטאָן: „אתתא בעא מינייהו ולא יהבו ליי".

עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן, אַז אין דער צייט פון תּלמוד איז נאָך אָנגע־גאַנגען די דערלויבעניש צו האָבן מער ווי איין ווייב. מיר האָבן אָבער וועגן דעם

שוין געשריבן און אָנגעוויזן, אַז אין דער פּראַקטיק, האָבן זיי געהאַט בלויז איין ווייב. לויטן דין, האָט אַ מאַן געקענט האָבן דריַי און פיר ווייבער. מיר האָבן אַ משנה, און אַ צוגאָב פון דינים אין דער גמרא[31], וועגן אַ מאַן וואָס איז געווען פאַרהייראַט צו דריַי ווייבער און איז געשטאָרבן: איין פרוי האָט געהאַט אין איר כּתובה מנה (100), די אַנדערע מאתים (200) און די דריטע — שלש מאות. בדרך כּלל, איז דאָס געווען אַ טעאָרעטישע הלכה[23].

ס'ווערט אויך דערציילט, אַז ר' טרפון האָט מקדש געווען דריַי הונדערט ווייבער, כּדי ער, ווי אַ כּהן, זאָל זיי קענען שפּייזן מיט תּרומה. געשען איז דאָס אין אַ הונגעריאָר[33].

איז דאָס אַ ביסל פּריקרע. ווייל וואָס־וואָס, קיין האַרעמס האָבן ייִדן (אַפילו מלכים) נישט געהאַט אין דער ביבלישער עפּאָכע; דערצו, ר' טרפון, דער חבר פון רבי עקיבא, וועגן וועמען ס'זענען דאָ אָן אַ שיעור מעשׂיות וועגן זיין צדקות און באַנעמונג מיט מענטשן.

הרב ר' גדלי' פעלדער, פאַרנעמט זיך אויספּירלעך מיט דעם דאָזיקן ענין און ער באַווייזט, אַז דאָ זענען געמיינט געוואָרן פיקטיווע חתונות. ער ברייטערט אויס די שאלה פון אַזעלכע חתונות אין אונדזער צייט.

דער חרם דרבנו גרשם נישט צו נעמען קיין צוויי ווייבער, „איינע אויף דער אַנדערער" — שלא ישׂא אשה על אשה", איז געווען דער עיקר צוליב דער שוץ פון דער פרוי, עס זאָל איר קיין עוולה נישט געשען. אָבער ביי געוויסע באַדינגונ־גען און אומשטאַנדן, האָט מען דאָס דערלויבט בתנאי: די פרוי זאָל נישט ליידן און דער מאַן זאָל זיין צופרידן.

געווען גדולי הפּוסקים[34] וועלכע האָבן אַפילו געהאַלטן, אַז אויב אַ מאַן וווינט מיט אַ פרוי צען יאָר און זי קען נישט האָבן קיין קינדער, זאָל מען אים ראַטן, אַפילו צורעדן, ער זאָל נעמען נאָך אַ פרוי, בכדי מקיים זיין די מצווה „פּרו ורבו", וואָס לויט בית שמאי דאַרף מען ברענגען אויף דער וועלט צוויי זכרים, און לויט בית הלל — אַ זכר און אַ נקבה.

דער פאַקט איז, אַז אומצייליקע תּקנות זענען איינגעפירט געוואָרן כּדי צו באַשיצן די פרוי, זי זאָל נישט אַריינפאַלן אין די הענט פון אַ ביטערן מאַן. ס'זענען דאָ דינים, אַז ווען אַ פרוי באַווייזט, אַז זי קען נישט וווינען מיט אַזאַ מאַן, ווען זי באַקלאָגט זיך, אַז זי קען נישט זיין מיט אים סעקסועל נאָענט[36], העלפט מען איר מיט אַלע מעגלעכקייטן זיך באַפרייען פון אים.

אויב בזמן התּלמוד האָט מען געקענט געבן אַ גט בעל כּרחה (ווען דאָס בית־דין האָט איינגעזען די דאָזיקע רעכט און באַרעכטיקונג, נאָכן אויסצאָלן איר די כּתובה), איז דאָס שפּעטער דורך רבינו גרשם פאַרבאָטן געוואָרן, סיידן דער מאַן האָט געבראַכט באַווייזן, אַז די פרוי איז נישט פאַר אים, איז נישט צוגעפּאַסט

פאַר אים, איז שעדלעך פאַר זיין געזונט, פאַר זיין רו, אַז זי איז אַ מורדת, אַ טייוול (ווי היינע האָט זיך אַ מאָל אויסגעדריקט), אַז ביי דער „אינטימער ליבע", איז זי נישט אָפּגעהיט אין ריינקייט [37].

די חז"ל האָבן אינסטרויִרט דעם מאַן וועגן וועלכע זאַכן ער זאָל זיך עצהן מיט זיין ווייב און וועגן וועלכע ער דאַרף זיך נישט באַראַטן מיט איר, ווייל זי קאָן אים שטערן.

מיר ווייסן אָבער, אַז ביי רבי עקיבאַן ווערט געזאָגט: „נמלך בגו ביתי'" [38]. רבי אלעזר בן עזריה האָט נישט געוואָלט אָננעמען נשיאות, ביז ער וועט זיך פריִער נישט אָנפרעגן ביי זיין ווייב [39]. צווישן די אמוראים געפינט מען אַז רב נחמן האָט זייער געהאַלטן פון זיין פרוי ילתא. רב חסדא האָט תּמיד געלויבט זיין פרוי [40], און חומה, די ווייב פון אביי, האָט ביי איר מאַן שטאַרק אויסגענומען. רבא איז איבערראַשט געוועזן פון איר שיינקייט [41].

אַפילו ווען מ'האָט שוין געפּסקנט, אַז מען האָט רעכט צו גטן דאָס ווייב, האָט מען געמאַכט געווּג רעגולירונגען, כּדי דאָס שיידן זיך זאָל נישט אָנקומען אַזוי לייכט — דער גט מוז קומען אין איר רשות, דער מאַן מוז איינשטימען דעם גט אַהין צו שיקן, איבערגעבן אָדער אָוועקלייגן דאָרט דעם גט און ענלעכע תּקנות, אַלץ כּדי צו פאַרקלענערן די צאָל גטן, כּדי נישט צו דערלאָזן דער מאַן זאָל זיך פילן צו פריי, אַז ווען נאָר ער האָט עפּעס אַ פאַרדרוס, זאָל ער וואַרפן זיין פרוי דעם גט אין פּנים.

מיר לערנען אין דער משנה [42]: „זרקו (דעם גט) לה בתוך ביתו או בתוך חצרו, אפילו הוא (דער גט) עמה במטה, אינה מגורשת. לתוך חיקה או לתוך קלתה — הרי זו מגורשת" און די גמרא [43] גיט דאָרט צו פּרטים, וועלכע ווייזן, אַז נישט געקוקט וואָס מ'האָט נאָך נישט געהאַט איינגעפירט קיין חרם קעגן גט בעל כּרחה, ווי עס האָט געטאָן רבנו גרשם, האָט מען אָבער געמאַכט כּל־מיני שוועריקייטן נישט צו דערלאָזן צו אַ גט־מגיפה, ווי מיר זעען עס אין אונדזער צייט. אין געוויסע פאַלן, האָט דאָס בית־דין זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער פרוי, גערעכנט זיך מיט אירע פאַרלאַנגען צו באַפרייען זיך פון אַ מאַן אַ שלעגער, אָדער ווען זי האָט געטענהט, אַז ער האָט נישט קיין כּוח־גברא, אַז ער איז אַן עקר און קען נישט האָבן קיין קינדער, און ענלעכע טענות [44].

די חז"ל זענען גלייכצייטיק געווען שטרענג צו אַ פרוי וואָס „טשעפּעט" זיך סתּם אַזוי צו איר מאַן: זי וויל נישט האָבן מיט אים קיין געשלעכט־פאַרקער; זי איז אַ מורדת; טוט אים אָפּ „שטיקלעך"; פאַרשעמט אים; פאַרברענגט מיט אַנדערע מענער און ענלעכע באַשולדיקונגען — דאַן האָבן זיי זיך אין גאַנצן געשטעלט אויף דער זייט פונעם מאַן אים צו באַפרייען פון אַן „אשה רעה" [45].

דאַקעגן ווען אַ פרוי האָט זיך גענייטיקט אין הילף, באַזונדערס אין עגונה־פּראָבלעמען, האָבן די גדולי הוראה אין אַלע צייטן, געטאָן דאָס מעגלעכסטע זי צו באַפרייען.

אין איינעם פון די שאלות ותשובות ביים „תּורת חסד״ — ר׳ שניאור זלמן, לובלינער רב, (אייניקל פון ר׳ שניאור זלמן בעל התּניא און תּלמיד פון „צמח צדק״, פאַרלאָזט לובלין, עולה געווען קיין א״י אין יאָר תּרנ״ב־1892; נפטר בירו־שלים, תּרס״ב־1902) * געפינט זיך אַ שאלה [46]: אַ מאַן איז געקומען און זיך מתוודה געווען, אַז ער האָט מזנה געווען מיט אַן אשת־איש. נאָך אַ לענגערער חקירה האָט זיך די פרוי מודה געווען און איר מאַן האָט זי געגט, ווי דער דין לערנט: „אסורה לבעלה״... אָבער אין דער צייט, ווען ער האָט דערציילט די שווידערלעכע מעשה, האָט דער נואף געזאָגט, ווי אַ סאָרט הודאה, אַז ער האָט מזנה געווען אויך מיט אַן אַנדער פרוי, וואָס אויך זי איז געווען אַן אשת־איש... האָט מען געשיקט נאָך דער פרוי, און ער האָט די דערקלערונג געזאָגט אין איר אַנוועזנהייט. זי האָט געלייקנט שטיין־און־ביין... האָט דער נואף געזאָגט, אַז ער האָט אַ סימן אויף איר קערפּער — אַ באַהאַלטענעם סימן... האָט איר ברודער דערקלערט, ווי אַזוי דער זינדיקער ווייסט פון דעם סימן: זי האָט געהאַט אַ מכּה, אַ סאָרט געוויקס אויף איר רוקן און זי האָט זיך געגייטיקט אין קאָמפּרעסן, וואָס די הויז־מענטשן האָבן איר געמאַכט. דער מאַן איז פונקט געווען אין הויז, בעת מעשה, און ער האָט געהאַלטן דאָס ליכט צוצולייכטן ביים אַרויפלייגן די קאָמפּרעסן, און דאַן האָט ער מסתּמא געזען דעם וואָרצל...

ר׳ שניאור זלמן האָט געזוכט אַלע מיטלען אין הלכהשע מקורים צו דערלויבן דער פרוי ווינען מיט איר מאַן און האָט אויסגעפונען אין די באַהאַלטנסטע מקורים פון די ראשונים אַ היתר, אויף אַזוי ווייט, אַז אויב אַפילו ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז זיי האָבן געהאַט אינטימע באַציִונגען, קאָן עס זיין, אַז ס׳איז געווען אַ סאָרט שפּיל... „דאף אם שמע אותם שמנשימין כּדרך המשמשין, מ״מ אין לאוסרה על בעלה, דשמא היו משתּגעים יחד דרך שׂחוק ויש לתלות במיעוך שדים״...

מיר געפינען למשל אַ שאלה ביים „חתם סופר״ (ר׳ משה סופר, 1762־1839), וועגן אַ מאַן וואָס האָט געלעבט מיט זיין פרוי געשלעכטלעך בעת זי איז געווען אַ נידה. האָט דער פּרעסבורגער גאון און פוסק געפּסקנט, ער זאָל פאַסטן דריי־און־זעכציק טעג די זינד זאָל אים פאַרגעבן ווערן. ער האָט געפונען אין קבלה־ספרים

---

* לויט אַנדערע מקורים, געקומען קיין ירושלים אין יאָר תּרנ״ו און נפטר געוואָרן אין יאָר תּרס״ג.

וועגן אַזאַ צאָל תשובה־טעג [47]. אָבער צעשיידן מאַן און ווייב האָט ער נישט געוואָלט.

מיר וואָלטן געקענט ברענגען כמה וכמה ראיות וועגן דעם מילדן און ליבע־ראַלן צוגאַנג אין די אישות־ענינים, מצד גדולי הפוסקים. זיי האָבן פאַרשטאַנען און אָנערקענט דעם כּוח פון סעקסועלער תּאווה, געזוכט מיטלען, ווי צו צוימען זי און אָפּהאַלטן אָדער איינהאַלטן די עמאָציאָנעלע געפילן. וועגן דעם ווייטער.

**ד. „מאן הוא ליומא״. — ווי אַזוי רבנים האָבן דאָס פאַרשטאַנען. — פאַרשערס באַמיִען זיך צו געבן אַן אויסטייטש. — ענטפער צו שונאים. — אַטעיִסטן און טעאָלאָגן.**

מיר האָבן זיך פריִער אָפּגעשטעלט אויף דעם, וואָס עס ווערט דערציילט וועגן רבן, אַז ווען ער איז געקומען קיין דרשיש (אין בבל), האָט ער געהייסן אויסרופן: „ווער וויל זיין אַ פרוי אויף איין טאָג״, און נאָך מער: אַ נאָכפּאָל־גער פון דור אמוראים, דער איידעם פון ראש גלותא, רב נחמן, דער מאַן פון דער געלערנטער ילתא — אויך ער, אַז ער איז געקומען קיין שכנציב, האָט ער אַרויסגעשיקט דעם זעלביקן קול־קורא [1].

ר׳ משה לייטער, גיט דאָ צוויי אויסטייטשונגען [2]. אָבער ווען מען אַנאַליזירט דיביידע — לויט אים לאָגישע — אויסטייטשונגען, קומט מען צום אויספיר, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ „שינויה דחיקא״ — ענטפערס, וועלכע קענען נישט צופרידנשטעלן דעם אַלגעמיינעם פאָרשער, וועלכער איז נישט באַהויכט פון דער קדושה און אמונה, וואָס נעמט אַרום די תורה שבעל־פה.

איין תירוץ, אַז רב האָט דאָס געטאָן ספּעציעל אין דרשיש, כדי צו פאַר־וואָרצלען זיין הלכה, אַז מען דאַרף פריִער, פאַר חתונה און קדושין, אָנקומען צום מינהג פון שדוכין, פון באַקענען דאָס פּאָרל. ער האָט געוואָלט דינען אַלס מוסטער „לשדך לו אשה... להרגילם שלא לקדש אשה בלא שדוכי וכדי להתרחק מכל פריצות״.

דער דאָזיקער ענטפער איז געבויט אויף אַ וואַקלדיקן יסוד.

דער אַנדערער תירוץ איז — כדי אויסצוהיטן זיך פון הרהור עבירה, ווייל רב האָט געהאַלטן ווי רב עמרם חסידא, אַז דאָס איז פון די דריַי עבירות, פון וועלכע דער מענטש קען זיך נישט אויסהיטן און אַז בלויז אַזאַ חסיד ווי רב עמרם האָט זיך געראַטעוועט פון אָט דעם „הרהור״, פון דער מחשבת זנות, צוליב די ציצית [3].

רב איז דאָך געווען דער תּנא־אמורא, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט דערזעענ־דיק אַ פּרוי: „דל כרעך מקמיה גיהנום״ [4] און געהאַלטן, אַז מ׳דאַרף זיך תּמיד אויסהיטן נישט צו קומען צו אַ נסיון [5].

ס׳איז אויך דאָ אַ מיינונג (וואָס איז שווער אָנצונעמען), אַז די „איינטאָגיקע״ פּרוי איז געווען אַ סאָרט „פּלגש״ [6]. ס׳איז אָבער נישט באַקאַנט, אַז ביי די חכמי התּלמוד זאָלן פּראַקטיצירט ווערן „פּלגשים״. מיר ווייסן דאָך, אַז זיי — און באַזונ־דערס רב — האָבן פאַרבאָטן געשלעכט־באַציִונגען מיט אַ „פּנויה״, אַן אומפאַר־הייראַט מיידל און שטאַרק געוואָרנט פון דעם.

רב נחמן, ווי ס׳ווערט אָנגעוויזן, איז געווען באַרימט אַלס חסיד און ירא חטא. ער האָט זיך שטאַרק אויסגעהיט פון וועלכן נישט איז טראָפן „הרהור״, ווען ילתא איז נישט געווען מיט אים. מ׳קען דעריבער פאַרשטיין, ווי דער אויספּיר איז אין דער גמרא [7] — „ואי בעית אימא, יחודי הוו מיחדו להו, לפי שאין דומה מי שיש לו פת בסלו למי שאין לו פת בסלו״ און ווי רש״י קאָמענטירט: „ואין נזקקין להן, אלא שהנשׂוי אשה אין מתאוה, כּמי שאין לו אשה״ — ווען מ׳ווייסט אַז מ׳האָט גרייט אַ פּרוי, ווערט די תּאווה שוואַכער.

אינעם לענגערן תּוספות [8] שטעלט מען זיך אָפּ אויף רש״יס אויסטייטש און מען ברענגט, אַז רש״יס איינִיקל ר״י האָט געלערנט, אַז דאָ מיינט מען בלויז יחוד. מען האָט צוגעגרייט אַ פּרוי און דערמיט איז מען געווען זיכער, אַז מ׳וועט קילן די תּאווה [9]. מען מאַכט דאָרט אַ חילוק צווישן אַ בחור, ביי וועמען דער יצר־הרע איז פייערדיק און צווישן אַ פאַרהייראַטן מאַן. פאַר דעם לעצטן איז גענוג „יחודי הוו מיחדי ליתובי יצרייהו״ [10]. אָבער דאָ דאַרף מען שוין אַריינגיין אין אַ הלכהשן, אַמוויניקסטנס, פּלפּולדיקן שמועס, וואָס געהערט נישט צו אונדזער אַרבעט.

פּראָפ׳ שמואל קרויס פאַרנעמט זיך מיט דער דאָזיקער תּלמודישער, אומפאַר־שטענדלעכער מעשׂה און זוכט צו געבן אַ ראַציאָנעלן מאָטיוו, צופרידנצושטעלן די וועלכע האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין דעם צו באַווייזן, אַז די תּלמוד־שעפערס זענען ווייט געווען פון מאָראַלישער אָפּגעהיטקייט, אין זיין לשון: „ששונאי ישׂראל השתמשו בה לרעתנו ולבשתנו״ [11]. איך וואָלט זיך באַנוצט מיט רש״יס לשון: „לפי שהשׂטן ואומות העולם מונין את ישׂראל״ [12]. אויב זיי וועלן דורכלאָזן די מצווה פון פּרה אדומה, וועלן זיי געפינען אַנדערע געזעצן און מינהגים זיך צו טשעפּען, צו העצן, צו ברענען ייִדן און ברענען זייערע ספרים. וואָס פאַר אַ תּירוץ מ׳זאָל זיי נישט געבן, וועט עס נישט העלפן — אָבער מיר אַליין, פאַר זיך גופא, דאַרפן זוכן אַן ענטפער, אַ דערקלערונג, ווי אַזוי די גדולי הדור האָבן זיך דער־לויבט אַזאַ מין אויסרוף, און ער גיט צו:

„זה מקרוב נכתבה חקירה חשובה בשאלה זו [13] ולמדתי ממנה הרבה, אך את דעתי לא הניחה״. ר׳ שמואל קרויס, דער גרויסער תּלמוד־פאָרשער, איז נישט צו־

פרידן מיט ר׳ חיים בלאָכס ענטפער, אַז זיי, רב אָדער רב נחמן, האָבן דאָס קיין מאָל נישט אויסגערופן, נאָר גאָר איינער, וואָס האָט דאָ געשפּילט מעשה ליצנות...

אין זיין סומירן, שרייבט חיים בלאָך:

„...בלי היסוס אומר אני, כי מעולם לא הכריזו רב או רב נחמן מאן הויא ליומא [14], רק איש אחד לצון חמד לו, ותלה באילן גדול... לא תעלה על דעתנו, שרב או רב נחמן כאחד הנבלים עשׂו״.

נאָכקוקנדיק אין בלאָכס „ודע מה שתשיב״, זע איך, לויט אַ בריוו, אַז הרב צירלסאָן האָט מסכּים געווען צום דאָזיקן הסבר און האָט בלויז צוגעגעבן אַ „נופך משלו״ — און דאָס איז באמת אַ ווונדער. ווי אַזוי קאָן ר׳ חיים מבטל מאַכן כּלאחר־יד, די דברי אלקים חיים פון רש״י, די בעלי התוספות, מהרש״א, מהרש״ל, מהר״ם — און אַלע נאָכקומענדיקע מפרשי התלמוד?

ר׳ חיים בלאָך האָט דאָ צוזאַמענגענומען אַלץ וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן וועגן דער דאָזיקער מעשה און, ווי תּמיד, האָט ער אַרויסגעוויזן גוואַלדיקע בקיאות. ס׳איז אָבער דאָך שווער אָנצונעמען זיין געוואַגטע מיינונג, אַז רב און רב נחמן האָבן דאָס קיין מאָל נישט אויסגערופן, און נישט געלאָזט אויסרופן, נאָר איינער אַ לץ, וואָס האָט געצילט צו מאַכן חוזק פון די גדולי ישׂראל, האָט דאָס אָפּגעטאָן אַזאַ שפּיצל...

אמת, ער ווייסט, אַז דאָס איז אַ געוואַגטקייט פון אים, ער האָט מורא און מיטן גרעסטן יראת־הכּבוד האָט ער זיך פאַרנומען צו פאַרענטפערן דעם דאָזיקן (ער רופט עס פאָרנאָגראַפישן) אויסרוף: „ווער וויל זיין אַ ווייב אויף איין טאָג״. עס איז ביי אים קיין ספק נישט, אַז דאָס איז געווען די אַרבעט פון אַ תּושב שכנציב (באַוווּסט אַלס אָרט פון לצנים [15]), אָדער אַ צורר ישׂראל האָט דאָס צוגעשריבן און ס׳איז געבליבן אין תּלמוד [16].

אין זיין „אחרית דבר״ [17] ברענגט ער אי די הסכּמות, אי די „משׂיגים״, די וועלכע האָבן נישט מסכּים געווען צו זיין חידוש. מיט די אַלע וועלכע האָבן משׂיג געווען אויף זיין איינשטעלונג, נאָר זיי האָבן אים נישט אָנגעריירט פּערזענ־לעך, גייט ער דורך זייער מילד, פאַרשווייגט זייער קעגנערישע מיינונג. ער שווייגט אָבער נישט אויף דעם אָנפאַל פון ר׳ ראובן מרגליות. אין זיין לשון „הוא דרך עלי קשתו כּאויב בחפצו להרוס כל מבצרי על הכרוז״... ולא חשב כּלל להלבנת פני חברו ברבים״... [18]

וועלן מיר דערוויילע דורכלאָזן די שאַרפע פּאָלעמיק און מיר וועלן הערן, וואָס עס האָט צו זאָגן אַ תּלמוד־פאַרשער, ווי ר׳ שמואל קרויס, וואָס שטעלט זיינע חידושים אויף פעסטע פונדאַמענטן.

ר׳ שמואל קרויס האַלט, אַז דער פאַרלאַנג איז געווען וועגן אַן אַכסניא — אַן אָרט, ווו איבערצונעכטיקן, אַ האָטעל אויף איין טאָג — און ס׳האָט זיך גאָרנישט

גערעדט וועגן אַ פרוי אויף אַ טאָג, נאָר וועגן אַ גאַסטהויז אויף אַ טאָג.

ווי ס'איז אונדז באַקאַנט, פלעגט דאָס איינשטיין אין אַ האָטעל זיין פאַרבונדן מיט מכשולים. מ'האָט געזאָגט ספּעציעלע תפילות נישט געשטרויכלט צו ווערן. ער ווייזט אָן מיט רעכט, אַז אין אָנהייב רעדט זיך דאָרט וועגן „אכסנאי" און ס'רעדט זיך וועגן ביי טאָג און נישט וועגן ביי נאַכט „כל עצמה של לשון ההכרזה מורה על זה, מאן הויא ליומא (זיין קורסיוו — נ. ש.), ולא אמר ללילא, ובצדק מעיר ח. בלוך, שהרי לפנינו המאמר „ישראל קדושים הם ואין משמשין מטותיהם ביום"...[18] בקיצור: רב ורב נחמן הכריזו (על ידי שליח, כאמור בגמרא שם), מי האשה שתתן לי מלון ביום הזה, והלילה הולך בזה עד היום".

די צוויי גרויסע אמוראים האָבן פאַרלאַנגט, בעת זיי האָבן געדאַרפט זיין אין די דאָזיקע שטעט, אַן אָרט ווו איינצושטיין, און אַזוי ווי פרויען פלעגן זיך אָפּגעבן מיט דעם עסק פון נעמען און באַזאָרגן מיט אַלץ די געסט, וואָס דאַרפן זיין אין דרשיש אָדער שכנציב, האָט מען דעריבער אויסגערופן, וועלכע פרוי וועט זיך אונטערנעמען צו באַדינען, צוגרייטן מאָלצייטן פאַר אָנגעזעענע מענטשן.

ר' שמואל קרויס זעט אין דעם אויפרוף צניעות און צדקות, זיי האָבן נישט געוואָלט אַריינפאַלן אין אַ שטאָט און זוכן אַ פּלאַץ איבערצונעכטיקן, נאָר פריִער זיך באַזאָרגן מיט אַ פיינעם גאַסטהויז — רעזערווירן אַ צימער אין אַ בעסערער היים.

פאַר וואָס עפּעס אַ „פונדקאית"? אַ גאַסטהויז פון אַ פרוי? ווייזט ער אָן, אַז אין יענע צייטן איז נאָך אַלץ געווען דער מינהג, אַז מיט „גאַסטהייזער" האָבן אָנגעפירט פרויען.

דער דאָזיקער פּירוש זעט אויס צו זיין נוטה לאמת. זיכער קאָן מען נישט זיין, ווייל עס לייגט זיך עפּעס נישט אויפן געדאַנק, אַז דאָס זאָל געווען זיין אַ פּשוטער רוף — פאַרלאַנגען אַ פרוי אויף איין טאָג... און פון דער אַנדערער זייט — פאַר וואָס האָט קיינער ביז איצט נישט באַמערקט און נישט מרמז געווען אויף דעם טייטש?

ר' ראובן מרגליות האָט געפונען אַ סמך צו אָט דעם נייעם טייטש אין רש"י[20]: די פּערסיער פלעגן זיך אַזוי פירן, זייערע גאַסטהייזער האָבן אָנגעפירט פרויען: „דרך פרסיים למסור נשים לאכסנאים". רב חיים בלאָך איז מבטל און פרעגט אָפּ די ראיה פון זיין מקטרג. מיר קאָנען עס יאָ אָננעמען, נישט געקוקט דערויף וואָס אַ צאָל גדולי הרבנים, ווי דער מונקאַטשער רבי, ר' חיים אלעזר שפּירא ז"ל, וואָס האָט אים בפירוש געהאַט געזאָגט, אַז עס איז חלילה וחס צו זאָגן אַז רב און רב נחמן זאָלן געווען אַזוי אויסרופן, בכדי דער יצר זאָל זיך נישט שטאַרקן איבער זיי — מיר געפינען דאָס נישט ביי קיין אמורא, אָדער תנא[21].

אין דער רשימה פון מסכּימים צו זיין טייטש געפינען זיך ר׳ חיים עוזר גראָדזענסקי, ר׳ יהודה לייב צירלסאָן, ר׳ איסר זלמן מעלצער, ר׳ וועלוועלע (רי״ז) סאָלאָווייטשיק און ר׳ חיים העליר. דער לעצטער זאָל אים געווען זאָגן, אַז די אָנגרייפער האָבן פאַרמאַכט זייערע אויגן פונעם קונטרס „עשׂר מילין דחסידותא״ וואָס רב האָט זיך נוהג געווען. ס׳לאָזט זיך נישט גלייבן, אַז רב און רב נחמן זאָלן זיך געווען אַזוי אויפפירן און אַז ייִדישע ווייבער זאָלן געווען זיין גרייט אויף אַן איינטאָגיקע חתונה.

ס׳ליגט זיך אָבער דאָך בעסער אויפן שׂכל — אָנשטאָט צו זאָגן, אַז איינער אַ „לץ״ האָט אָפּגעטאָן אַ שפּיצל, כּדי צו פאַרשעמען די גדולי ישׂראל — אַז דאָ רעדט זיך וועגן אַ גאַסטהויז.

אויף אַן אַנדער אָרט האָבן מיר שוין אָנגעוויזן, אַז רחב, וועלכע ווערט בפירוש אָנגערופן „זונה״ [22], טייטשן מפרשים — אַ שפּייזערין, ד״ה זי האָט אָנגעהאַלטן אַ גאַסטהויז ביים יריחו־טויער. אַזוי איז געווען דער שטייגער. ס׳איז דעריבער פאַרשטענדלעך דאָס באַשטעלן אַ צימער און אַנשטאָט זאָגן „פונדקאית״, אָדער זונה (שפּייזערין), האָבן זיי זיך באַנוצט, ווי ר׳ שמואל קרויס דריקט זיך אויס, מיט אַ „לשון חכמה״, וואָס האָט אַ צווייידייטיקן מיין.

אין תּלמוד, ווי מיר וויסן, ווערן איבערגעגעבן צענדליקער הלכהשע ענינים אין שייכות מיט פונדקאית, ווייל אַזוי איז געווען דער שטייגער — פרויען האָבן אָנגעפירט מיט רעסטאָראַנען און מיט קרעטשמעס. מיר האָבן שוין איבערגעגעבן דעם טעקסט פון אַ משנה אין מסכת יבמות [23], וועגן אַ לוי־פאַמיליע וואָס איז געגאַנגען קיין צוער, די עיר התּמרים. אויפן וועג איז איינער קראַנק געוואָרן און זיי האָבן אים געבראַכט צו אַ פונדק און אים דאָרט איבערגעלאָזט.

ווען די בני לוי זענען צוריקגעקומען, האָט די פרוי־פונדקאית זיי געזאָגט, אַז ער איז געשטאָרבן און זי האָט אים באַגראָבן; האָט מען איר געגלייבט און מ׳האָט דעם נפטרס פרוי דערלויבט חתונה צו האָבן.

פון דער מעשׂה האָט מען געלערנט צוויי זאַכן: אַז די פונדקאית און נישט דער פונדקאי האָט עדות געזאָגט... אַז מען פאַרלאָזט זיך אויף אַ פרוי מתּיר צו מאַכן אַן עגונה, נישט געקוקט אויף דעם האַרבן איסור אשת־איש.

פון דער מעשׂה — ווערט צוגעגעבן — האָט זיך געשאַפן דאָס פאָלקס־ווערטל: „לא תהא כּהנת כּפונדקית״ [24].

בכדי צו דערגאַנצן די דאָזיקע השערה, אַז דער „כּרוז״ פון רב און רב נחמן איז אויסן געווען אַ סאָרט האָטעל אין דרשיש אָדער שכנציב, מוז מען צוגעבן — און פּראָפ׳ קרויס באַמערקט עס — אַז סתּם אַ פונדקאית איז נישט געווען קיין זונה, איז נישט גרייט געווען אויף זנות. ס׳זענען אָבער געווען פרויען און מענער

וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין די דאָזיקע האָטעלן לשם זנות, וואָס עס ווערט היינט נישט וויניק פּראַקטיצירט.

ס׳פלעגן קומען פרויען אין די פונדקאות זוכן צו פאַרברענגען מיט מענער, פאַר געצאָלט, אָדער סתם טרינקען און לעבן לייכטזיניק; ס׳זענען געווען מענער וואָס זענען געקומען צוליב דעם צוועק אין גאַסטהייזער. אין רוים און אין גריכנ־לאַנד איז זנות מיט גאַסטהויז געגאַנגען זאַלבענאַנד. די געסט זענען באַזאָרגט געוואָרן נישט בלויז מיט אַ מאָלצייט און אַ בעט זיך אָפּצורוען, נאָר אויך מיט שכרות און זנות, פרויען מיט מענער צוזאַמען; דעריבער האָט מען אַזוי שטאַרק פאַרבאָטן יחוד פון מענער און פרויען [25], ווי מיר געפינען עס אין דער אגדה: „לא יתיחד אדם עם כל הנשים בפונדק״ [26].

רב און רב נחמן האָבן אַ גרויסן חלק אין אָנשטעלן די יִדישע מאָראַל אויף די יסודות פון צניעות און הייליקייט.

אומצייליקע פאַקטן, ממש לעגענדאַרישע מעשׂיות, ווערן דערציילט וועגן רבס צניעות, עניוות, חסידות און מידות. ער איז געווען אַ קדוש וטהור אַלע זיינע יאָרן. דער רמב״ם [27] ברענגט: „אמרו עליו על רב, תלמידו דרבינו הקדוש, שלא שׂח שׂיחה בטלה כּל ימיו״, ער האָט זיך אויסגעהיט פון יעדער מחשבה זרה. ער האָט געהאַלטן, אַז אַ מענטש זאָל זיך נישט ברענגען צו קיין נסיון, ווייל מ׳קען אַ מאָל געשטרויכלט ווערן [28].

רב, דער גרונטלייגער פון תּלמוד בבלי, האָט אָנגעשטעלט די יסודות פון אַ לעבנס־לערע, וואָס נעמט אַרום אַלע אַספּעקטן פונעם מענטשלעכן לעבן, פונעם יחיד און פונעם צבור — די איינפאַכע, טאָג־טעגלעכע און די פּראָבלעמאַטיש־קאָמפּליצירטע — בכדי צו שאַפן די גייסטיקע אַטמאָספער און די פיזיש קאָנ־קרעטע געזעלשאַפט פאַר אַ יִדיש געריייניקט משפחה־לעבן.

די באַציִונגען צווישן מאַן און פרוי זענען געבויט אויף אָט די אַקסיאָמעס און במילא זענען געשאַפן געוואָרן אומצייליקע תּקנות צו פאַרהיטן פון וועלכן נישט איז אָפּנייג פון דער לאָיאַליטעט און ריינקייט; מחשבהדיקע און פיזישע ריינקייט פאָדערט זיך סיי פונעם מאַן און סיי פון דער פרוי.

דער באַגריף זונה, ווי מיר ווייסן, (דאָס איז די פעסטע מיינונג פון רבי אליעזר) איז חל נאָר לגבי אַ פאַרהייראַטער פרוי; פון דעסטוועגן האָט ער געדרשנט אויפן פסוק „ומלאה הארץ זימה״ [29] — „זה פּנוי הבא על הפנויה שלא לשם אישות״ [30] — עס איז די אויסגעלאַסנקייט וואָס ברענגט חורבן; עס איז אַ נישט פאַרפליכטנ־דיקער געשלעכטס־פאַרקער וואָס איז מטמא... מען טאָר נישט דערלאָזן צו הפקרות אין פאַמיליע־לעבן. מען דאַרף היטן טהרת המשפחה — דאָס ריינע און ערלעכע צוזאַמענלעבן צווישן מאַן און פרוי, און דאָס איז נאָר מעגלעך ווען דער מאַן

אָנערקענט די ווערטיקייט פון דער פרוי, און ווען די פרוי איז געטריי און רעס־פּעקטירט איר מאַן.

ווען מ׳האָט געפרעגט די פרוי פון פילאָ (פילון, אָדער ידידיה האלכסנדרוני, ווי ער ווערט גערופן אין העברעיִש, דעם ייִדיש־גריכיש־מצרישן פילאָזאָף) פאַר וואָס זי טראָגט נישט קיין צירונג, האָט זי געענטפערט: די גוטע מידות פון אַ מאַן (געמיינט איר מאַן), זענען די בעסטע צירונג פאַר דער פרוי.

ס׳ווערט דערציילט, אַז ווען ר׳ יוסי איז געקומען קיין בבל, האָט ער געטראָפן בחורים צווישן שיינע יונגע ווייבער. האָט ער זיי געפרעגט: איר האָט גאָרנישט קיין מורא פאַרן יצר?...

האָבן זיי אים געענטפערט: מיר זענען געבוירן געוואָרן פון הייליקן תשמיש, ווי רב יהודה האָט געזאָגט אין נאָמען פון רב: „צריך אדם לקדש עצמו בשעת תשמיש ונפקי מיני׳ בני קדושי, בני מעלי דלא מסתפו מיצר הרע״.

ערלעכקייט אינעם פאַמיליע־לעבן איז דער ערשטער גורם צו גוטע קינדער — און וועגן דעם אין די ווייטערע פּרקים.

**ה. עצות אויף פעמיניזם. — ווי די חז״ל האָבן דער־מוטיקט פוץ און שאַרם. — די ספּעציעלע תקנות. — דערביי אָפּגעהיטקייט אין צניעות.**

די לעצטע יאָרן, זענען די זשורנאַלן און פרוי־„מאַגאַזינען״ איבערגעפולט מיט עצות פאַר דער פרוי ווי אָנצוהאַלטן איר רייץ, שיינקייט, פעמיניסטישקייט — און דאָס, נישט געקוקט אויף דער „ליב״־ (באַפרייַונג) באַוועגונג, וואָס וויל זען די פרוי אין מענלעכן פאַרמעסט.

מיר וועלן זיך נישט אַריינלאָזן ברענגען די אַלע עצות [1]. מיר לאָזן דאָס איבער פאַר דער פרוי וואָס איז פאַראינטערעסירט אינעם פוץ און רייץ, אַז זי וועט שוין געפינען די עצות אין די אומצייליקע שריפטן.

די עצות, באַזירטע אויף פעמיניזם, לערנען ווי אַזוי אָנצוהאַלטן פרויישקייט, ווי צוצוציִען מענער געשלעכטלעך, ווי צו זיכערן דעם מענלעכן געניס, ווי צו וועקן תאווה און רייץ — אומאָפּהענגיק פון עלטער — און ווי זיך צו האַלטן באַרמאַל לויטן עלטער: אַ מוטער זאָל נישט וועלן לעבן ווי איר יונגע טאָכטער, זיך קליידן ווי די טאָכטער און זיך יאָגן נאָך מענער ווי די טאָכטער, וועלכע איז אין דער „דייטינג״־ (ראַנדעווו) רייפקייט.

די עצות זענען אויך באַזירט אויף כּללים פון צניעות, וואָס אַ פרוי דאַרף מער אָפּהיטן ווי דער מאַן.

אין דער ייִדישער טראַדיציע זענען אַזעלכע עצות געווען נאַטירלעך. אין תּלמוד [2] געפינען זיך אומציילֿיקע מאָל לערעס וועגן אָנהאַלטן שיינקייט, וועגן פּוץ און רייץ פון דער פרוי. מען האָט דערלויבט צו טאָן פאַרשיידענע זאַכן, וואָס שייך קאָסמעטיק און באַציר פון דער פרוי, בכדי זי זאָל נישט פאַרלירן דעם חן ביי איר מאַן.

דער רבונו־של־עולם — ווערט געזאָגט — האָט אויסגעצירט חוהן מיט פיר־און־צוואַנציק תּכשיטים, כּדי זי זאָל געפעלן ווערן אָדמען [3]. עזרא הסופר האָט געמאַכט אַ תּקנה, אַז הענדלער פון צירונג, קאָסמעטיק, אָנגענעמע פאַרפומען אאַז״וו זאָלן אַרומגיין איבער די שטעטלעך און צושטעלן אַלע נייטיקע מכשירים פאַר די ייִדישע פרויען [4].

אין די ספרים פון די גאונים [5] געפינען זיך ספּעציעלע תּקנות אין שייכות מיטן צירונג־פאַרקויף פאַר דער פרוי. די גדולי הפּוסקים האָבן נישט נאָר דער־מוטיקט דאָס באַזאָרגן די ייִדישע פרוי מיט די נויטיקע צירונגען, נאָר פּראָפּאַגירט די וויכטיקייט פון פּוצעריי. זייערע נאָכפאָלגערס, אין דער רבנות־תּקופה, האָבן פאַרגעזעצט אָט די תּקנות [6].

דער מהר״ם מרוטנבורג (1293־1215) איז געגאַנגען אַזוי ווייט אין זיין אַגיטאַ־ציע, אַז פרויען זאָלן זיך פּוצן פאַר זייערע מענער, אַז ער האָט פּשוט געשאָלטן פרויען וואָס פּוצן זיך נישט און זענען עלול צו פאַרלירן דעם חן אין די אויגן פון זייערע מענער [7].

אומצייליקע מאמרים זענען פאַראַן אין תּלמוד וועגן דעם מוז פון דער פרוי זיך צו האַלטן שיין. טראָגן צירונג איז פון די גאָר אַלטע מינהגים ביי אַלע פרויען פון דער וועלט. די ייִדישע פרוי ווערט געלויבט פאַר צוויי זאַכן: ווען די מענער האָבן פאַרלאַנגט זיי זאָלן די צירונג אַוועקגעבן פאַר דעם „עגל הזהב״, האָבן זיי זיך גאָרנישט געאיילט נאָכצוקומען דעם דאָזיקן פאַרלאַנג. זיי האָבן צוריקגעהאַלטן די „נזמי הזהב״. אָבער ווען ס׳איז געקומען צו געבן זייער צירונג פאַר דעם אויפבוי פון משכּן, האָבן זיי זיך געוויזן די ערשטע און געוואָרפן זייער צירונג און יוּוועליר־אַרטיקלען.

פאַרשטייט זיך, אַז דער פּוץ און רייץ האָט געדאַרפט זיין אין די ראַמען פון צניעות. פּריצות, פאַרשייטקייט איז געווען פאַרבאָטן. די רבנים האָבן דעם דאָזיקן פאַרבאָט געשטאַרקט דורך תּקנות, צוגעפּאַסטע צו דער צייט און צו די ערטער. אין שפּעטערע תּקופות, האָבן גייסטיקע פירערס געפילט אַ נייטיקייט, צוריקצו־האַלטן פרויען פון טראָגן קאָסטבאַרע קליידער און צירונג, נישט אויפצורייצן די אויגן פון די ייִדן־שונאים, נישט שטעלן אין סכּנה די ייִדישע ישובים און פאַר־היטן די ייִדישע פרויען פון אַטאַקעס און איבערפאַלן.

אַ סך אַזעלכע תּקנות געפינען מיר אין די ווערק פון רבנישע אויטאָריטעטן, אין דער מתנגדישער און חסידישער ליטעראַטור און פריִער נאָך — אין די תּקנות פון וועד ארבע ארצות [8].

אַ דאַנק די אַלע תּקנות איז ביי ייִדן שטאַרק געהיט געוואָרן דאָס צניעותדיקע שטייגער־לעבן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן ביים באַגין פון ייִדישן אויפשטייג, אַלס אַ צווייג פון פעלקער. שוין ביי די אָבות, געפינען מיר די אָפּגעהיטקייט פון צניעות, אַזוי ביי אברהם אָבינו, אַזוי ביי יצחקן און אַזוי ביי יעקב אָבינו.

לויט דער אגדה, איז שוין אין דער צייט פון די אָבות געווען פאַרבאָטן צו קושן אַ פרעמדע פרוי. ווען יעקב אָבינו האָט באַגעגנט אונדזער מוטער רחל, האָט ער געוויינט. ווערט דערקלערט, אַז די סיבה פון זיין וויינען איז געווען, ווייל ער האָט געזען ווי די פּאַסטוכער שושקען זיך און זענען בייז אויף אים פאַר זיין אוממאָראַלישער אויפפירונג — צו קושן אַ פרעמדע פרוי אין דער עפנטלעכקייט [9].

אין ירושלמי [10] ווערט אָנגעגעבן אַ סיבה פאַר אַ גט, ווען דער מאַן איז חושד, אַז זיין ווייב האָט זיך געקושט מיט אַ פרעמדן מאַן. רבנים וואָרענען פרויען, זיי זאָלן זיך נישט קושן מיט פרעמדע מענער און מענער זאָלן נישט קושן פרעמדע פרויען. דאָס גייט אַזוי ווייט, אַז זיי ראָטן מ׳זאָל זיך מוסר־נפש זיין, ווען מען דאַרף ביישטיין דעם נסיון [11].

דער פאַרבאָט איז געווען נישט בלויז קעגן קושן פרעמדע, נאָר אַפילו חתן־כלה זאָלן זיין געוואָרנט, נישט צו קושן זיך פאַר דער חופה [12]. דער של״ה (ר׳ ישעיה הורוויץ, 1630־1565), זאָגט אָן זיינע קינדער זיי זאָלן נישט נאָכטאָן דעם מינהג פון קושן זיך פאַר דער חופה, ווייל דאָס איז גורם זינד [13].

בכדי צו פאַרהיטן פון זינד, איז די פרוי שטאַרק געוואָרנט געוואָרן נישט צו דרייען זיך צווישן מענער; נישט נאָר זיין פרוי דאַרף דער מאַן פאַרהיטן פון געפינען זיך צווישן פרעמדע מענער, נאָר אַפילו זיין דינסט איז ער מחויב צו היטן, זי זאָל נישט אַריינפאַלן אין אַ געזעלשאַפט, ווו זי קען באַלעסטיקט ווערן.

ווען אַ מאַן נעמט צו אַ דינסט, ווערט געפּסקנט, טאָר ער זי נישט שיקן אין די מערק, ווו ס׳באַשטייט אַ סכנה, אַז גוייִשע מענער זאָלן זי פאַרשעמען... ער טאָר זי נישט שיקן אין פרעמדע הייזער פאַרקויפן זיין סחורה, אַפילו ווען ס׳איז נישטאָ קיין געפאַר, חוץ דאָס, וואָס פרויען האָבן מורא פאַר אַ שם רע... [14]

אַז פרויען האָבן זיך אין אַלע צייטן פאַרנומען מיט מיסחר, איז אַן אָנגענומענער פאַקט. גענוג צו דערמאָנען די לויב פאַר דער פרוי אין משלי [15], ווו עס ווערט אויסדריקלעך באַטאָנט איר ראָל אַלס פרנסה־געבערין, אַלס געשעפטספרוי, אַלס גוטע, אויסגעצייכנטע סוחרטע, „היתה כאניות סוחר... טעמה כי טוב סחרה״... כאָטש, ווי עס ווייזט אָן אַ יונגער פאָרשער, און מיט רעכט, האָבן פרויען געמיסחרט (אין אַ באַגרענעצטן קרייז) מיט קליידונג און שפייז [16]. דאָס איז געווייס אַזוי

געווען אין דער צייט פון תּלמוד און אין די שפּעטערע גלות־תּקופות. אין דער צייט פון תּנ״ך, איז מעגלעך, אַז די פרוי האָט זיך פאַרנומען אויך מיט גרויס־מיסחר.

עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז אין דער צייט פון בית שני, ווען די מורא פאַר אָנפאַלן איז געווען גרויס, האָט דאָס לעבן געפירט דערצו, אַז די פרוי זאָל זיך ווייניק אָפּגעבן מיט מיסחר און אַז מיסחר זאָל זיין אין רשות פונעם מאַן. די פרוי איז במילא געשטויסן געוואָרן צו הויזאַרבעט, צו דער קיך.

ווען שפּעטער איז דער מצב געענדערט געוואָרן, איז שוין געבליבן די דאָזיקע איינשטעלונג — דער מאַן זאָל זיין דער געשעפט־פירער און די פרוי זאָל בלויז פאַרנעמען די ראָל פון אַן „עוזרת״, אַן אַרויסהעלפערין. די דאָזיקע פונאַנדער־טיילונג איז קלאָר אין תּלמוד, אין די ספרי הגאונים און אין די קאָמענטאַרן אויפן תּלמוד [17].

אין דער אַשכּנזישער תּקופה איז ווידער פאָרגעקומען אַן ענדערונג: דער מאַן איז מער געשטויסן געוואָרן צום בית־מדרש און די פרוי האָט געזאָרגט פאַר דער פּרנסה. זי האָט געטראָגן דעם טאָפּלטן יאָך: עול־פּרנסה און עול־משפּחה, ווייל דער מאַן האָט זיך גענדאַרפט אָפּגעבן מיט לערנען תּורה.

דער רעזולטאַט פון אָט דער נייער אָרדענונג אינעם יידישן לעבן האָט גע־בראַכט דערצו, אַז דער מאַן זאָל זיך אין גאַנצן ווידמען דער גייסטיקער אַנטוויקלונג און די פרוי זאָל גאָר פאַרנעמען אַן אָרט אויף דער מיסחר־אַרענע.

אין די ספרים פון די גאונים געפינען מיר אָנקלאַנגען אויף פרויען אין מיסחר — און ס׳איז געווען אַ פראַגע, צי עס איז אין כּבוד פון דער פרוי זיך צו שטעלן פאַר אַ מישפּט. אין דעם זענען געווען פאַרשיידענע חלוקי־דעות.

רב יהודאי גאון האָט באַפרייט די פרוי פון וועלכער נישט איז באַשולדיקונג, מאָנונג פון חובות, ווען זי איז פאַרהייראַט, ווייל ער האָט געהאַלטן, אַז אַזוינע ענינים געהערן צום מאַן. אַנדערע גאונים האָבן דערין נישט געזען קיין בזיון פאַר דער פרוי און געהאַלטן, אַז אויב זי פאַרנעמט זיך מיט מיסחר, דאַרף זי אַלס אַזעלכע באַטראַכט ווערן. זיי האָבן געהאַלטן אַז פרויען קענען געאורטיילט ווערן ווי מענער [18]. זיי דאַרפן טראָגן די אחריות פאַר זייערע מעשׂים אין האַנדל (פּונקט ווי מענער), ווייל זיי פאַרנעמען זיך מיט מיסחר.

ד״ר זאב פלק [19], אָפּשטעלנדיק זיך אויפן מעמד פון דער פרוי אין די קהלילות פון אַשכּנז און צרפת אין מיטל־עלטער, באַמיט זיך צו באַווייזן, אַז דאָס איז געווען אַ המשך פון דער טראַדיציע פון פריִערדיקע דורות, אַז דער נייער מעמד איז געווען אַ ירושה פון דער בבלישער תּקופה. ער האָט אָבער גאָר ווייניק זיך אָפּגע־געבן מיט די סיבות וואָס האָבן געבראַכט דערצו.

אין דער אַשכּנזישער תּקופה האָבן פרויען געקראָגן מער אָנזען, ווי אין די פריִערדיקע מזרח־תּקופות; ס׳קען זיין, אַז דאָס איז געווען צוליב דער געענדערטער סביבה. אין אייראָפּע האָט די פרוי געשפּילט אַ גרעסערע ראָלע ווי אין די מזרח־לענדער. די פרוי האָט שוין פאַרנומען אַן אָרט, נישט בלויז אַלס הויז־אויפזעערין, נאָר שוין אַלס אַן אָנגעזעענער מיטגליד אין דער געזעלשאַפט, פאַרנומען וויכטיקע פּאָזיציעס אין קהלשע אָנגעלעגנהייטן, געהאָלפן אין שתדלנות, אויסגענומען און געווירקט ביי אָפיציעלע רעגירונגס־מענטשן. גרויס איז געווען די צאָל פרויען וואָס האָבן זיך מוסר־נפש געווען אויף קידוש־השם [20]. פרויען זענען נישט געבליבן בלויז פּאַסיווע שטיצערס און מיטהעלפערס פון זייערע מענער.

מיר האָבן שוין אויך עטלעכע מאָל דערמאָנט פרויען וואָס האָבן געקענט לערנען, זיך געמישט אין הלכהשע ענינים און אַפילו אָנגעפירט מיט ישיבות.

ווען דער רבנו תּם איז נפטר געוואָרן, ווערט דערציילט, האָבן זיך די תּלמידים געווענדט מיט זייערע שאלות צו זיין פרוי און זי האָט איבערגעגעבן, ווי אַזוי איר מאַן האָט זיך נוהג געווען, ווי ער האָט געפּסקנט און ווי אַזוי ער האָט אויס־געטייטשט די שווערע תּלמודישע שטעלן [21].

אין דער צייט פון תּלמוד איז די פרוי געווען פאַרנומען — ווי מיר זעען אין דער משנה און אין דער גמרא — מיט קאָכן, באַקן, מאָלן און נייען... אפשר טאַקע דערפון שטאַמט דער אויסדרוק, אַז מען מעג אָפּגטן אַ פרוי, אויב זי ברענט צו דאָס געקעכץ, „אם הקדיחה תּבשילו״ [22], ווייל קאָכן איז דאָך געווען פון די הויפּט־פונקציעס פון דער פרוי.

אַנדערש איז געווען דער מצב אין תּקופת־אַשכּנז, ווען די פרוי האָט זיך מער אַרויסגעזען אין דער געזעלשאַפט און זיך גענומען אַפילו מקיים זיין מצוות שהזמן גרמא. ס׳זענען געווען פרויען וואָס האָבן געטראָגן ציצית, געמאַכט אַ ברכה אויף „צייט״־מצוות, און גטן אַ פרוי איז שוין נישט געווען פון די לייכטע זאַכן.

ד״ר פלק איז זיכער, אַז די אַלע ענינים האָבן געהאַט צו טאָן מיט דער געענ־דערטער שטעלונג צו דער פרוי; דער גורם דערצו איז געווען — נישט ווייניק — צוליב דער אַלגעמיינער פאָרגעשריטענער באַציִונג צו דער פרוי. דעריבער האָט זיך געשאַפן אַ ליבעראַלע באַציִונג צו דער יידישער פרוי, מ׳האָט איר דערלויבט לערנען תּורה, אָפּגעבן זיך מיט גייסטיקע ווערטן און אַנדערע ענלעכע פונקציעס, וואָס זענען פריִער געווען אויסשליסלעך אין תּחום פון דער מענלעכער ספּעציאַ־ליטעט.

רעדנדיק וועגן יענע אויפבלי־יאָרן פון דער אַשכּנזישער תּקופה, איז וויכטיק צו דערמאָנען, אַז דאָ רעדט זיך בעיקר וועגן די עטלעכע יאָרהונדערטער צווישן רבינו גרשם און ר׳ מאיר פון ראָטנבורג, ווען דאָס פראַנצייזיש־דייַטשע יידנטום האָט איבערגענומען די גייסטיקע העגעמאָניע און די אָרטיקע מנהיגים האָבן

געמאַכט נייע תקנות, סטאַטוטן צו זיכערן די גאַנצקייט פון דער פאַמיליע, פון דער געזעלשאַפט — און צופּאַסן זיך צו אַ סיסטעם פון אַן אומאָפּהענגיק לעבן אין אַ רעגירונג, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט קאָנטראָלירן די פאַרשיידענע מינדערהייטן, די עטנישע פּראַקציעס אין דער מדינה, אָדער מדינות.

די דאָזיקע פירערס האָבן זיך גוואַלדיק אָנגעשטרענגט אָנצוהאַלטן דעם דרך־ארץ צו תורה. זיי האָבן אויך איינגעזען, אַז די פרוי פילט זיך באַעוולט, דיסקרי־מינירט — און דעריבער זיך אַרויסגעשטעלט פאַר איר כבוד, אויך אָנערקענט אירע פעיִקייטן אין באַזאָרגן פּרנסה פאַר איר מאַן און קינדער.

מיר קענען זיך דאָ נישט אַריינלאָזן אין אַלע פּרטים פונעם דעמאָלטיקן ייִדישן לעבן, זיך פאַרנעמען מיט ציטירן פון די ספרים, וואָס זענען דאַן געשאַפן געוואָרן און אין וועלכע ס׳קומט צום אויסדרוק דער עקאָנאָמישער, סאָציאַלער און גייסטיקער מצב פון ייִדנטום. מיר מוזן אָבער רעפלעקטירן יענע תקופות דורך די תקנות, ספּעציעל די פון רבינו גרשם און, נאָך מער, די וואָס האָבן צו טאָן מיט די באַציִונגען צווישן מאַן און פרוי.

אין זיין אָפּשאַצונג וועגן דער ראָלע פון רבינו גרשם בן יהודה שרייבט מרדכי בערנשטיין, אַז אים קומט „די בכורה צו זיין דער יסוד־לייגער פון אַשכּנז" און נישט אומזיסט איז ער אַריין אין דער ייִדישער געשיכטע מיטן טיטל מאור הגולה — דאָס ליכט פון דעם צעזייטן און צעשפּרייטן פאָלק.

געבוירן אין 960 און געשטאָרבן אין מיינץ (צווישן די יאָרן 1028־1040), ווען די ייִדישע ישובים אין אַשכּנז האָבן שוין פאַרמאָגט זייערע פירערס, גרויסע הלכה־אויטאָריטעטן, איז ער דאָך געווען דער, וואָס האָט געגעבן די גייסטיקע געשטאַלטונג פון דעם נייעם צענטער נאָך בבל.

נישט ווילנדיק אַפילו אָנרירן וועלכע נישט איז פאָרשונג וועגן דער דאָזיקער ליכטיקער פערזענלעכקייט, וועגן זיינע אויפטוען פאַר דעם לימוד התורה, פאַר דעם פאַרשטיין פון תלמוד, וועגן זיינע פּיוטים — וועגן יעדן געביט באַזונדער, וואָלט מען געקענט אָנשרייבן אַ גרויס ווערק; מיר וועלן בלויז אָנווייזן אויף דער וויכטיקייט פון זיינע תקנות אין פאַמיליע־אָנגעלעגנהייטן, די זעקס תקנות לטובת דער פרוי, וואָס זענען דאַן געווען פון די בייטיקסטע:

1) עס איז פאַרווערט צו האָבן מער ווי איין פרוי;

2) מען טאָר קיין פרוי נישט אָפּגטן קעגן איר ווילן; אויב דאָס איז יאָ געשען, זענען דער מאַן, דער סופר און די עדות אין חרם.

3) אין פאַלן, ווען מען קאָן אָפּגטן אַ פרוי על־פּי דין (אויב זי האָט נישט קיין קינדער צען יאָר נאָך דער חתונה, אָדער זי איז אַראָפּ פון זינען), קאָן עס פאָרקומען, נאָר נאָך דעם ווי דער מאַן וועט באַקומען אַ הסכּמה פון הונדערט רבנים פון דריַי קהילות, אין דריַי לענדער.

4) אַ מאַן טאָר זיך נישט דערוויטערן פון זיין פרוי אויף מער ווי 18 חדשים.
5) אויב אַ פרוי איז פאַרלאָזן געוואָרן פון איר מאַן, אָדער איר מאַן איז אַזוי פאַראָרעמט געוואָרן, אַז ער קען זי נישט מפרנס זיין, דאַרף די קהילה איבערנעמען די זאָרג פאַר איר אויסהאַלטונג.
6) אַ מאַן טאָר נישט האָבן קיין הנאה פון דער פרויס הכנסות, וואָס קומען פון גזילה, אָדער גניבה...

מרדכי בערנשטיין, אַנאַליזירנדיק אָט די תקנות, ווייזט אָן צוו״אַ:

„...עס איז דאָ באַשיצט געוואָרן דאָס רעכט פון דער פרוי קעגן צעלאָזנקייט און ווילקיר פון דעם מאַן, כדי נישט צו דערלאָזן צעברעכן די משפחה״.

נאָך רבינו גרשם, איז געקומען מיט תקנות, פאַמיליאַרע און אַלגעמיינע, רבי יהודה החסיד (געבוירן אין שפירא, תתק״י־תתקע״ז; 1217־1150). אין זיינע טיפע מאָראַליש־עטישע לערעס, איז דאָ דער יסוד פון יידישן שטייגער לעבן אויך אין דער באַציִונג צווישן מאַן און פרוי און צו דער פרוי אין אַלגעמיין.

דער לעצטער אין דער ריי פון יענער פלעיאַדע, איז דער מהר״ם מרוטנבורג, רבי מאיר בן רבי ברוך, אָדער, ווי ער איז באַקאַנט אַלס „דער געפאַנגענער רב פון ראָטנבורג״, געבוירן אין וואָרמס אַרום יאָר 1215 און נפטר געוואָרן אין תפיסה אין יאָר 1293, געבראַכט געוואָרן צו קבורה אין וואָרמס פערצן יאָר שפּעטער, ד׳ אדר, הס״ז — 1307. ער האָט אין זיין צייט אויסגעאיבט די גייסטיקע הערשאַפט אין די אַשכּנזישע קהילות און געהאַט השפּעה אויך אויף ווייטערע לענדער.

אין אַלע זייערע תקנות אין שייכות מיטן באַזאָרגן די מאָראַל און עטיק פון דער יידישער געזעלשאַפט, האָבן זיי תמיד אין זינען געהאַט די יידישע פרוי און איר גורל אַלס מוטער, ווייב און אויך אַלס פרנסה־געבערין — זיי האָבן נישט פאַרזען די קאַריערע־פרוי, וואָס האָט אויך געטראָגן דעם עול־משפחה און גע־שטאַרקט די ספּעציעלע דינים, ווי זיי קומען צום אויסדרוק אין תלמוד [23], מיטן צוגאָב פון נייע, נייטיקע סטאַטוטן מיטן ציל צו אַנטוויקלען און דערהייבן צו אַ העכערער שטופע — און דערמעגלעכן דער פרוי, אַרויסצוווייזן איר שׂכל און פעיִקייט.

די ברכה „שלא עשני אשה״ האָט זיכער נישט געמיינט, ווי מיר האָבן שוין אַזוי פיל מאָל אָנגעוויזן, וועלכע נישט איז דערנידערונג פאַר דער פרוי, נאָר צוליב דעם, וואָס זי איז פריי פון געוויסע מצוות, צוליב אירע אויפגאַבן פאַרן הויז, פאַר דער פאַמיליע, ווי עס דריקט זיך אויס הרב עוזיאל [24]: „החכם מכל אדם כבר קבע את תפקיד האשה בחיי המשפחה וחינוך הילדים: צופיה הליכות ביתה ולחם עצלות לא תאכל״ [25].

הרב עוזיאל איז אויך נישט געבליבן גלייכגילטיק צו דער פראַגע, צי אַ פרוי מעג זיך באַטייליקן אין וואַלן, ד״ה ווילן און ווערן געוויילט. אין זיין ספר „משפטי

עוזיאל" זאָגט ער זיך אַרויס, ווי אַ פּוסק, וועגן דעם ענין; הגם ער זאָגט קלאָר, אַז ער נעמט זיך נישט אונטער צו באַשטימען די „הלכה למעשה", נאָר פאַרנעמט זיך בלויז מיט דעם טעאָרעטיש-אַבסטראַקטן, הלכהשן שטאַנדפּונקט[26].

די שאלה ווערט ביי אים געטיילט אין צוויי פּונקטן: דאָס רעכט צו ווילן און דאָס רעכט געווילט צו ווערן.

וואָס שייך דער ערשטער שאלה, ווייזט ער אָן פון פאַרשיידענע מקורות, אַז ס'איז נישט יושרדיק, אַז עס איז קעגן דער לאָגיק אָוועקצונעמען פון פרויען דאָס רעכט צו ווילן. לויט אים איז דאָס אָן אומזין צו באַשטימען הערשערס און פירערס איבער זיי, און זיי אַליין זאָלן נישט האָבן אַפילו דאָס רעכט אויסצודריקן זייער ווילן, זייער מיינונג ווען זיי וואָלטן וועלן האָבן פאַר זייערע פירערס. דאָ, האַלט ער, גילט געוויס נישט דער מאָטיוו פון „דעתן קלות" און אויך נישט דער טעם פון צניעות... ווייל מיר זעען דאָך פרויען קויפן און פאַרקויפן, גיין אין געשעפטן, קומען אין געוועלבער — און אין דעם איז נישטאָ קיין חשש פון לייכט-זין, אָדער פון צניעותלאָזיקייט.

וואָס שייך געבן רעכט אַ פרוי געווילט צו ווערן צו העכערע אַמטן, ברענגט ער שוין די מקורות פון תלמוד און רמב"ם, דעם פּסק פון „מלך ולא מלכה" און אַז די הלכה שליסט איין אַלערליי שׂררות... ער מאַכט אָבער דאָך אַ חילוק וועגן באַשטימען אַ פרוי צו הערשאַפט דורך סנהדרין — ווי עס רעדט זיך אינעם פּסוק „שום תשים עליך מלך" — און אַ היינטיקע באַשטימונג פון אַ פרוי (דורך וואַלן) אויף אַ געזעלשאַפטלעכן אַמט, אין וועלכער די מערהייט ווילערס דריקן אויס זייער צוטרוי דער דאָזיקער פּערזאָן.

הרב עוזיאל נעגירט און וואַרפט אָפּ קאַטעגאָריש, סיי די מורא פאַר „צניעות" און סיי דעם כאַראַקטער פון „דעתן קלות". דער שׂכל ווייזט, אַז ווען ס'האַנדלט זיך וועגן ערנסטע ענינים, איז דאָס זיצן מיט פרויען און באַהאַנדלען אַזעלכע פּראָבלעמען, נישט גורם קיין פּריצות. דער „אַל תרבה שׂיחה עם האשה"[27], קלערט ער אויף, איז בלויז געמיינט סתם פּלאַפּלעריי, שׂיחה בטלה, אָבער נישט געשפּרעכן און פאַרהאַנדלונגען וועגן ערנסטע אָנגעלעגנהייטן, וועגן געזעלשאַפטלעכע, הייליקע ענינים; דאָס וועט זיכער נישט גורם זיין קיין פּריצות און אַ פרוי קען געווילט ווערן צו אַזעלכע אַמטן!

דאָס איז באַטראַכט געוואָרן ווי די געוואַגטסטע שטעלונג פון אַ רבנישן שטאַנדפּונקט און זיין מיינונג איז ערנסט באַטראַכט געוואָרן פון די רבנישע אויטאָריטעטן.

ווען מ'האָט אים געפרעגט וועגן מאָביליזירן פרויען צו דער אַרמיי, צו מיליטער-דינסט, איז ער אויך געקומען צום זעלביקן אויספיר, ווי די אַנדערע (נישט פון הלכהשן שטאַנדפּונקט, נאָר פון פּראַקטישן), אַז מ'זאָל נישט אָננעמען קיין

געזעץ, וואָס זאָל צווינגען „גיוס נשים", ווען ס'איז נישטאָ קיין מלחמה־געפאַר, ווייל ווען דער פרוי, איז שוין לאַנג געזאָגט געוואָרן, „כל כבודה בת מלך פנימה"...

הרב עוזיאל זעט אין דער פרוי מער ווי סתּם אַזוי אַ פּאַסיוון „עזר". ער גיט איר רעכט פון אַ ווייט־גייענדיקן פאַרנעם, אַן „עזר" אין ברייטערן זין — אַן אַקטיוו־באַטייליקטע אינעם יידישן לעבן.

און צום סוף, אַ וואָרט וועגן דער „קאַריערע־פרוי" — אַ טערמין, וואָס האָט אין משך פון דורות, געהאַט עטלעכע דימענסיעס. אין געוויסע עפּאָכעס איז זי געווען די פּרנסה־געבערין, בכדי צו דערמעגלעכן איר מאַן לערנען טאָג און נאַכט [28]. אין תּקופת־פּוילן איז די פרוי געווען אַ צו פיל פאַרהאַרעוועטע, געאַרבעט שווער און ביטער אין הויז, באַזאָרגט די קינדער מיט גייסטיקער און פיזישער דערציִונג — און געטראָגן דעם גאַנצן עול־פּרנסה.

י. ל. פּרץ, האָט אין זיינע פּאָעטישע ווערק און אין זיין פּראָזע, געשילדערט, מיט גוואַלדיקער סימפּאַטיע און ליבע, אָט די פאַרפּייניקטע, אין אַרבעט און זאָרג, העראָישע יידישע פרוי.

## ו. שבת־ליכט אַריינצו־ברענגען ליכט און פרייד אין יידישע היימען. — חנוכּה־ליכט און שבת־ליכט. — שלום־בית און נסים. — רוף פון ליובאַ־וויטשער רבין. — וויכטיק פאַר דערציִונג.

וועגן באַטייט פון שבת־ליכט און וועגן די מאָטיוון פאַר וואָס די פרוי דאַרף צינדן ליכט, האָבן מיר שוין געשריבן אין אַ פריִערדיק ווערק און אין פריִערדיקע פּרקים. ביי אַ געלעגנהייט, וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אויספירלעך, וועגן דער סימבאָלישקייט און פּראַקטישקייט פון דער דאָזיקער מצווה, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן צו ווייבער. דאָ, ווילן מיר בלויז אין קיצורדיקע פאַרצייכענונגען, דערקלערן וועגן די מאָטיוון פון מצווה־ליכט: שבת און חנוכּה און אַז די חכמי התּלמוד האָבן געשטעלט שלום־בית העכער אַפילו פון פּרסומי ניסאַ.

אויף דעם פּסוק „וקראת לשבת עונג" — און דו וועסט רופן דעם שבת, אַלס טאָג פון תּענוג, האָט מען געדרשנט, אַז דאָס איז געמיינט געוואָרן — שבת־ליכט. נאָך מער, די חז"ל האָבן קאָמענטירט דעם פּסוק „וידעת כי שלום אהלך" [1], אַז דאָס איז געמיינט געוואָרן דעם פּאָטער, וואָס דערציט זיינע זין און טעכטער אויפן ריכטיקן וועג: „המדריך בניו ובנותיו בדרך ישרה" [2], קומען די שפּעטערע מפרשים און טייטשן, אַז אין דער הדרכה־דערציִונג גייט אויך אַריין, דאָס דער־ציִען און צוגעוווינען טעכטער צו צינדן שבת־ליכט.

מיר ווייסן דאָך, ווי אַזוי די חז״ל האָבן אויסגעטייטשט דעם פסוק אין נחמי׳ [3]; „מפורש ושום שׂכל ויבינו במקרא — אלו המסורות״[4], ווייל תּורה ביי ייִדן האָט נישט געמיינט בלויז געזעצן, חוקים ומשפטים, נאָר האָבן איינגעשלאָסן די פאַרשטענדעניש, דאָס געפיל פון אַ ייִדיש-תּורהדיק לעבן, „להכין את לב ישׂראל״ און דאָס שליסט שוין איין די דורותדיקע טראַדיציעס; ליכט-צינדן איז אַריין אין אָט דער טראַדיציע ווי אַן אַריינפיר צו שבתדיקייט.

אין פריִערדיקע ווערק — און אין אַ פריִערדיקן פּרק אין דעם ווערק — האָבן מיר שוין אָנגעוויזן אויף די מאָטיוון פון „ליכט-בענטשן״: די מצווה פון דער פרוי צו צינדן ליכט פאַר שבת און יום-טוב. די דאָזיקע מצווה — האָבן מיר אָנגעוויזן — איז אויך חל אויף דעם מאַן. די פרוי איז אָבער פאַרפליכטעט געוואָרן צו היטן די דאָזיקע מצווה, ווייל, ווי מפרשים גיבן אָן דעם הויפּט-מאָטיוו, זי, חוה, האָט פאַרלאָשן דאָס ליכט פון דער וועלט, געבראַכט טויט אויף איר מאַן, אָדם הראשון און נאָך אים — טויט אויף דער מענטשהייט. מיר האָבן אויך איבער-געגעבן דעם טעם, וואָס דער רמב״ם גיט אָן [5], אַ ראַציאָנאַלן מאָטיוו: די פרוי איז מער אין הויז, ווי דער מאַן, זי איז די עקרת-הבית, וועט זי נישט פאַרגעסן אָנצוצינדן שבת-ליכט אין צייט.

דאָס ליכט-צינדן, האָט די ייִדישע מסורה פאַרוואַנדלט אין אַ סגולה אויף צו האָבן גוטע קינדער: „אמר רב הונא, הרגיל בנר, הוויין לי׳ בנים תּלמידי חכמים...״ רש״י קאָמענטירט [6], אַז דאָ איז געמיינט געוואָרן נר שבת און נר חנוכה...

אין תּלמוד [7] ווערט געשטעלט די פראַגע, אויב אַ מענטש פאַרמאָגט נישט מער ווי אויף צו קויפן איין סאָרט ליכט: חנוכה-ליכט אָדער שבת-ליכט, וועלכע ליכט זענען וויכטיקער, און ס׳ווערט געגעבן אַ קלאָר קאָנקרעטער ענטפער: שבת-ליכט! ער זאָל קויפן שבת-ליכט. מיר פאַרשטייען דעם טעם, דעם מאָטיוו פאַר אָט דעם פּסק: די שבת-ליכט סימבאָליזירן שלום-בית און פאַמיליע-שלום איז גרעסער אַפילו פון ליכט וועלכע סימבאָליזירן נסים, אַזוי ווי די ליכטלעך פון חנוכה וועלכע סימבאָליזירן דעם נס און זיג פון די חשמונאים קעגן די גריכן און ייִדן העלעניסטן-אַסימילאַנטן. פריִער דאַרף מען ברענגען שלום און אחדות ביי זיך און ווען מ׳האָט ביי זיך אחדות, קען מען דעמאָנסטרירן אויסערן תּחום די דאָזיקע אחדות, מיט פאַראייניקטע כּוחות באַקעמפן די שׂונאים וואָס לויערן ווי באַצילן קראַנק צו מאַכן דעם ייִדישן קערפּער.

די חנוכה-ליכט זענען הייליק און מיר טאָרן זיך נישט באַנוצן מיט זיי, בלויז זיי זען... „הנרות הללו קודש הם ואין לנו רשות להשתמש בהם אלא לראותם בלבד״, דאַקעגן זענען די שבת-ליכט פאַרן געברויך פונעם הויז, פאַר דער פאַמי-ליע, צו שאַפן שבת-שטימונג, שבתדיקע אַטמאָספערע, שלום ביי זיך, שלום צווישן מאַן און פרוי — און שלום ביי זיך שאַפט און פירט צו וועלט-שלום.

שבת־ליכט איז שלום־ליכט, אָרעם און רייך דאַרף האָבן שבת־ליכט, דאַרף צינדן די פלעמעלעך פון שלום, פון הייליקער אַטמאָספערע און מיט התלהבות קאָנען זינגען דעם שלום־עליכם...

די חנוכּה־ליכט דערמאָנען די נסים פון אַ מאָל און אינספּירירן דעם היינט. זיי מאַכן ליכטיק דאָס ייִדישע האַרץ, זיי דאַרפן אָבער נישט ליכטיק מאַכן דאָס ייִדישע הויז. די שבת־ליכט לייכטן אינעם האַרץ און באַלייכטן דאָס הויז.

חנוכּה איז קאַנאָניזירט געוואָרן; דער ריטואַל פון ליכט־צינדן ווערט שטרענג אָפּגעהיט; עס שאַפט זיך דער „יום־טוב אין דער וואָכן" און די ליכט ברענגען מיט זיך פרייד און האָבן אַ גרויסן דערציִערישן ווערט. קינדער ווערן דערהויבן ווען מען דערציילט זיי ביי די ליכט, פון יענעם מאָמענט ווען דער ייִדישער פאָלקסמענטש האָט אויפגעהויבן דעם פאָן פון רעוואָלט, סיי קעגן פרעמדן אָקו־פּאַנט און סיי קעגן ייִדישן אונטערדריקער — אַ רעוואָלט אין וועלכן ס'האָט זיך באַוויזן אומפאַרגלייכלעכער העראָיזם און מאַרטירערטום. עד־היום רופן אַרויס די דאָזיקע זכרונות סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע דערהויבונגען פון גרויסן מאָראַלישן ווערט. די חשמונאים זענען געבליבן די לעגענדאַרישע העלדן מיט זייער לאָזונג בעסער דער טויט ווי לעבן אין קנעכטשאַפט און אין דער רוימישער עפּאָכע ברייט רעקלאַמירט, אַז ווער ס'וועט זאָגן, אַז ער שטאַמט פון די חשמונאים איז ער געוויס אַ קנעכט... „כל דאמר מבית חשמונאי אנא, עבדא הוא", ווייל חשמונאים האָבן ליבערשט אויסגעקליבן פאַלן איידער געפאַנגשאַפט, ווי די לעצטע טאָכטער פון די חשמונאים האָט אָנגעזאָגט, איידער זי איז באַפאַנגען זעלבסטמאָרד.

די נאַציאָנאַל ראָמאַנטישע און העלדישע מאָמענטן אינעם גרויסן חשמונאים־קאַמף פאַר זייער פרייהייט האָבן אינספּירירט אַלע דורות, אַוודאי אונדזער דור. די שטרעבונג פון די חשמונאים איז אָבער געווען נישט מלחמה, נישט קאַמף, נאָר שלום! אין דעם זין האָבן די חנוכּה־ליכטלעך, דער סימבאָל פון אַ מאָנומענ־טאַל מאָמענטאַלן נס, אַ גרויס שייכות מיט די שבת־ליכט, דעם סימבאָל פון מעשׂה בראשית, סימבאָל פון הכּרת הבורא, אָנערקענונג אין יצירה ובריאת העולם און אין דעם זין דאַרפן מיר פאַרשטיין דעם ייִדישן מינהג צו געבן צדקה פאַר ליכט־בענטשן, ווייל די ליכט ברענגען שלום, ברענגען פרייד, ברענגען התדבקות פון מענטש מיט מענטש, דער מאָמענט ווען אַלע אָנערקענען דעם יציר לכל נוצר און די אחריות פאַר אַלע יצורים, ווען אַלע געבוירענע ווערן פאַראייניהייטלעכט, ווי אין יענע בראשית־טעג, ווען אָדם האָט מיט זיך פאַרקערפּערט די גאַנצע מענטשלעכע יצירה.

אויף דעם פּסוק „ויברך אלקים את יום השביעי"... [8], קאָמענטירט ר' אלעזר: „ברכו בנר" [9], אַז דער אייבערשטער האָט געבענטשט דעם שבת און אים גע־

הייליקט מיט ליכט. די שבת־ליכט ברענען און לייכטן לענגער, ווי אין דער וואָכן. ער דערציילט:

„ובי הי׳ מעשׂה. פעם אחת הדלקתי את הנר בלילי שבת ובאתי ומצאתי אותו במוצאי שבת דלוק ולא חסר כלום״ [10] — פרייטיק פאַר נאַכט האָב איך געצונדן שבת־ליכט (די מצווה איז אויך אויף מענער) און ווען איך בין געקומען שבת־צו־נאַכטס, האָבן די ליכט נאָך געברענט און ס׳האָט גאָרנישט געפעלט פונעם בוימל.

איז דאָס געווען אַ נס. דער נס איז געווען צו ווייזן אויף דער וויכטיקייט פון שבת־ליכט.

דער ליובאַוויטשער רבי, אדמו״ר ר׳ מנחם מנדל שניאורסאָן, דער מופת דורנו, דער רבי וואָס האָט אויפגעלעבט און באַלעבט יידישקייט און יידישע מינהגים איבער דער לענג און דער ברייט פון אַמעריקאַנישן קאָנטינענט, האָט אויך זיך גענומען מעורר צו זיין אויף דער דאָזיקער מצווה — מצווה פון שבת־ליכט. מיט צענדליקער קול־קוראס רופט ער יידישע פרויען, יונג און אַלט, צו זיין געהיט מיט דער דאָזיקער מצווה. ער זעט אין דער דאָזיקער מצווה אַ וויכטיקן חינוך־פאַקטאָר און במילא דאַרפן זיך צו איר צוגעוווינען יינגערע ווי עלטערע פרויען; פרויען איידער זיי האָבן חתונה, און פרויען נאָך דער חתונה. מיידלעך שהגיעו לחינוך זאָלן צינדן ליכט און זיך צוגעוווינען צו פירן אַ שלום־דיק פאַמיליע־לעבן, ווען זיי וועלן דערגרייכן רייפקייט און חתונה האָבן.

דער ליובאַוויטשער רבי ווייזט אָן אויף דער וויכטיקייט פון דער דאָזיקער מצווה, הן בתורת הנגלה והן בתורת הנסתר — צינדן שבת־ליכט איז אַ סגולה פאַר שלום, ישועה און הצלה פון כל מיני פּרעניות.

ס׳האָבן זיך געשאַפן חלוקי־דעות וועגן ליכט־צינדן פון מינדעריאָריקע, קליינע מיידלעך, צי זיי זאָלן צינדן מיט אַ ברכה, צי אָן אַ ברכה; היות ווי זיי זענען נישט מחוייב, וועט דאָס הייסן אַ ברכה לבטלה. אַ צאָל רבנים, צווישן זיי דער ראשון לציון, הרב הראשי ר׳ עובדי׳ יוסף, איז אַרויסגעקומען גאָר שאַרף קעגן דערלויבן יונגע מיידלעך צו מאַכן די ברכה; אַנדערע רבנים, צווישן זיי אויך ספרדישע, האָבן דאַקעגן זיך אַרויסגעזאָגט, אַז אַפילו יונגע מיידלעך מעגן מאַכן אַ ברכה. זיי זענען פולשטענדיק מסכּים מיט דער שיטה פון ליובאַוויטשער רבין — זיי זעען אין די שבת־ליכט דעם עונג־שבת, די מצווה „וקראת לשבת עונג״ [11], וואָס לויטן מדרש [12] איז געמיינט געוואָרן שבת־ליכט: „זו הדלקת הנר בשבת״.

ווו ס׳איז נישטאָ קיין ליכט, ווייזן זיי אָן, הערשט פינצטערניש, איז נישטאָ קיין שלום און קיין שלום־בית; איז דעריבער דער ערשטער שריט פאַר אַ ברייטערן שלום, וואָס איז תּמיד געווען פון די נייטיקסטע זאַכן פאַר אַ גליקלעכער געזעל־שאַפט, ווי ר׳ חנינא סגן הכהנים (געלעבט אין דער צייט פון צווייטן בית־המקדש)

האָט געהאַלטן, אַז דער שלום צווישן מענטשן וועגט איבער דעם גאַנצן וועלט־באַשאַף: „גדול השלום ששקול כנגד כל מעשה בראשית". אין דער פינצטערניש, אין צער, איז קיין שלום נישטאָ[14], ווי עס ווערט געדרשנט דער פסוק אין דער תוכחה „ובחוסר כל"[15] זאָל מיינען „בלא אשה... בלא נר", ווייל ליכט ברענגט פאַרגעניגן און ווי מיר זעען, האָבן די חז"ל געשטעלט ליכט צוזאַמען מיט דער פרוי, צו ווייזן, ווי די פרוי דאַרף זיך באַמיִען אַריינצוברענגען ליכט, נישט גע־קוקט וואָס דער מינהג און חוב איז חל אויך אויף דעם מאַן צו זען, אַז שבת זאָל זיין ליכטיק אין שטוב[16].

מיר האָבן שוין ביי אַ געלעגנהייט אָנגעוויזן, אַז דער מינהג איז, דער מאַן זאָל צוהעלפן ביים צינדן שבת־ליכט.

אַ דאַנק דער התעוררות פון ליובאַוויטשער רבין, איז אין אַ סך יִדישע היימען אַריינגעבראַכט געוואָרן די מצווה פון הדלקת הנר; צי מיט אַ ברכה אָדער אָן אַ ברכה — דאָס בלייבט פאַר רבנים פוסקים צו אורטיילן.

# הערות

## א

1 „באַציונג צו דער פרוי", באַנד איינס און באַנד צוויי.
2 ברכות, נ"ח, ע"ב.
3 דאָרט, נ"ז, ע"ב: שלשה דברים מרחיבין דעתו של אדם, ואלו הן: דירה נאה, ואשה נאה, וכלים נאים".
4 איוב, מ"ב, ט"ו.
5 אָדער צוויי מיט זיבן — רש"י.
6 ליכטיק ווי דער טאָג.
7 צימערינג — מור וקציעה...
8 הארן פון אויגנפּאַרב — יהואש.
9 רש"י: „על שם יופיין": מלבי"ם, אויפן אָרט און אַנדערע מפרשים.
10 זוהר, בראשית, פ"ח, ז' 77; בראשית רבה, א'; קהלת רבה, ב', י"ג; פסיקתא דרב כהנא, ל"ו, ע"ב.
11 זע, ד"ר שלמה גולדמן, פסל ומסכה, ספר השנה ליהודי אמריקה, כרך שביעי, בעריכת מנחם ריבולוב, ניו-יורק, תש"ה, ז"ז 75—88.
12 שמות רבה, כ"ה, ב'.
13 עבודה זרה, ס"א, ע"א.
14 בראשית, ב', כ"ה.
15 אין מיין ווערק, „באַציונג צו דער פרוי" — אויספירלעך.
16 יבמות, קט"ו, ע"א; בראשית רבה, מ"ח, ח'; שיר השירים רבה, ב', ל"א.
17 יומא, ע"ה, ע"א.
18 יבמות, קי"ב, ע"א.

19 הרב ר׳ גדליה פעלדער, יסודי ישרון, ה׳, ז״ז כ״ב—כ״ג.
20 ברכות, נ״ז, ע״ב; יבמות, ס״ג, ע״ב; סנהדרין, ק׳, ע״ב.
21 בבא קמא, פ״ב, ע״א.
22 ספרי, במדבר, ה׳, ע״א.
23 תרגום יידיש, מאָנטרעאָל, תשל״ג.
24 שיר השירים רבה, ב׳, ל״ב. זע, הערות און הארות צו באַפעסטיקן דעם דאָזיקן געדאַנק.
25 דאָרט, ד׳, ב׳, ג׳. ש. דונסקי גיט צו, אגדות וועגן שיינקייט פון פרוי-האָר.
25 לויט יהואש „פון דיין שלייער אַדורך״ — זען: רש״י און מפרשים.
26 כתובות, י״ז, ע״א.
27 גיטין, נ״ח, ע״א.
28 עבודה זרה, כ׳, ע״ב.
29 דאָרט.
30 שמות, ב׳, י״ד.
31 „באַציונג צו דער פרוי״.
32 ברכות, ה׳, ע״ב; בבא מציעא, פ״ד, ע״א.
33 מלכים ב׳, ד׳, כ״ז.
34 שיר השירים, ד׳, ה׳.
35 שיר השירים רבה, ד׳, י״ב.
36 ש. דונסקי-איבערזעצונג.
37 בראשית, מ״ט, כ״ה.
38 רש״יס לשון: „כלומר, יתברכו המולידים והיולדות שיהיו הזכרים מזריעין טיפה הראויה להריון והנקבות לא ישכלו את רחם שלהן להפיל עובריהן...״
זע, גור אריי (מהר״ל מפראג) „האב שנותן הזרע נקרא שדים והרחם לקבל — כי השדים מיוחדים להניק וליתן...״
39 זע, שיר השירים רבה, ד׳, כ״ט.
40 סוף קדושין, זע, ש. דונסקי, אַריינפיר צו שיר השירים רבה, יידיש-איבערזעצונג.
41 ברכות, כ׳, ע״א.
42 דאָרט, דאָרט, רש״י טייטשט: „כרבלתא, שם לבוש חשוב כמו פטישיהון וכרבלתהון״ (דניאל, ג׳). דער ערוך: „בגד אדום כגון כרבלתא דתרנגולא, שאין דרך בנות ישראל להתכסות בו שהוא פריצות ומביא לדבר עבירה״.
43 לשון מאתן ד׳ מאות, ב׳ פעמים ב׳ מאות, כלומר השם גרם לי. לשון אחר, מתון — לשון המתנה, אם המתנתי הייתי משתכר ד׳ מאות זוז. דער מהרש״א אויפן אָרט, דערקלערט, אַז מ׳האָט איר צוגעפסקנט פאַרשעמונג ווי אַ יידישע טאָכטער: „ששמוה בדיני ישראל, — פרע ראש האשה נותן לה ד׳ מאה זוז... און רב אדא האָט איר דאָס געזאָגט, אַז ער באַהאַנדלט זי ווי אַ יידישע טאָכטער וואָס האָט בושת, וואָס באַזיצט די מידה פון ביישנות, באַשיידנקייט און זי, די כותית, פאַרמאָגט עס נישט, ווי זי האָט עס מאַניפעסטירט מיט איר פאַרשייט קלייד.
44 זע, ברכות כ״ג—כ״ד. זע, עדין שטינזלץ, ברכות מנוקד ומבואר. מ׳רעכנט דאָרט אויס אַלץ וואָס הייסט ערוה-נאַקעטקייט, אויף אַזוי ווייט, אַז אַפילו „קול באשה — ערוה״.

## ב

1 אָבות, ג׳, ט׳: „מה נאה אילן זה...״ ווי שיין איז דער בוים... מתחייב בנפשו — האָט ער פאַרשולדיקט זיין לעבן״.
2 ברכות, נ״ז, ע״ב.
3 סוטה, מ״ז, ע״א.
4 משלי, ל״א, ל׳.
5 עירובין, ס״ה, ע״א.

6 זע, ר׳ צדוק הכהן, צדקת הצדיק, אותיות רמ״ח—רנ״ב.
7 מלאכי, א׳, ג׳.
8 ב״ק, ל״ח, ע״ב; נזיר, כ״ג, ע״ב; פסחים, ק״ח, ע״א — רש״י, פסחים, כ״ב, אַנהייב-וואָרט, „אותי״, זע, רמב״ם, אגרת השמד און מאמר קידוש השם, מהדורת מ. ה. רבינוביץ, מוסד הרב קוק, ירושלים, תש״ר, ז׳ מ״ח.
9 ב״ב, ט״ז, ע״ב.
10 בראשית, כ״ה, כ״ט—ל״ד.
11 יבמות, כ״א, ע״א.
12 חגיגה, ה׳, א׳.
13 דאָרט, גמרא, י״א, ע״ב; זע אויך תוס׳ מגילה, ל״א, ע״א.
14 נדרים, כ״ז, ע״ב.
15 ברכות, ס״א, ע״ב.
16 סוכה, נ״ב, ע״ב.
17 תהלים, ק״ו, ט״ז.
18 סוכה, נ״ב, ע״ב; קדושין, ל׳, ע״ב; סנהדרין, ק״י, ע״א.
19 סוטה, כ״ז, ע״ב. זע, הרה״ג ר׳ גדליה פעלדער, נחלת צבי, ב׳, ז׳ 189, „האיסור החמור ביותר הוא איסור אשת איש״.
20 ישעיה, ל״ג, ט״ו.
21 סנהדרין, כ״א, ע״א; מכות, כ״ג—כ״ד.
22 אבות דרבי נתן, כ׳.
23 שמות רבה, א׳, כ״ח. זע אויך, תנחומא, בלק; במדבר רבה, כ׳, כ״ב.
24 זע, ירמיה, כ״ט, ו׳; קדושין, כ״ט, ע״א; סנהדרין, כ״ב—כ״ג; מנורת המאור, נר ג׳.
25 פרקי דרבי אליעזר, ל״ז.
26 מועד קטן, כ״ח, ע״ב. זע, שדי חמד, מערכת חתן-חופה; חלק ה׳, מערכת אישות.
27 ישעיה, ס״א, י׳.
28 יבמות, ל״ד, ע״ב.
29 בראשית רבה, פ״ז, ה׳.
30 בראשית, ל״ט, ז׳.
31 רות ג׳, ט׳.
32 קהלת, ז׳, כ׳.
33 איוב, ל״א, א׳.
34 סנהדרין, כ״ב, ע״א; זע, מהרש״א — דאָרט.
35 מסכת כלה, א׳.
36 ויקרא רבה, י״ד, ס״ו; זע, נחום אלי׳ ראַבינאָוויץ, מדרש הגדול על חמשה חומשי תורה, על-פי כתבי יד, ויקרא, ניו-יאָרק, תר״צ, 1932, ז״ז 254—255 — אין מיין ווערק, „באַציונג צו דער פרוי״, אויספירלעכער.
37 נדרים, כ׳, ע״ב.
38 ויקרא רבה, י׳, ע״ה; סנהדרין, ל״ז, ע״ב א״אַ מקומות.
39 בבא מציעא, נ״ט, ע״ב; זע אויך, שבת, קט״ו, ע״א.
40 שבת, י״א, ע״א.
41 בראשית רבה, ס״ח, ב׳.
42 תהלים, קכ״א, א׳.
43 בראשית, ב׳, י״ח.
44 זוהר, בראשית, פ״ח, ע״ז.
45 בראשית רבה, י״ב, א׳; קהלת רבה, ב׳, י״ג; שמות רבה, כ״ה, ב׳.
46 זע, ד״ר שלמה גאָלדמאַן, פסל ומסכה, ספר השנה, כרך שביעי, ניו יורק, תש״ה, ז״ז 75—88.

## ג

1 ברכות, ס״א, ע״א; עירובין, י״ח, ע״ב.
2 סנהדרין, מ״ה, ע״א; סוטה, ח׳, ע״א.
3 ברכות, כ׳, ע״א; בבא מציעא, פ״ד, ע״א.
4 רש״י ציטירט פון ב״מ, פ״ד, ע״א: „שופריה דר׳ אבהו מעין שופריה דר׳ יוחנן...״
5 ברכות, כ׳.
6 פרי צדיק, קדושים, אות ג׳.
7 זע, פסחים, קי״א, ע״א; עבודה זרה, ה׳, ע״ב; תוס׳ ב״מ, דאָרט, אָנהייב-וואָרט „יתיב״; ר׳ משה לייטער, זוטו של ים, ז״ז 268—269.
8 יומא, ע״ד, ע״ב; ב״מ, דאָרט.
9 גיטין, נ״ח, ע״א; נדרים, כ׳, ע״א.
10 ויקרא רבה, כ״ג.
11 סוטה, ב׳; ב״מ, פ״ד, ע״א.
12 סנהדרין, צ״ב, ע״ב.
13 אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי״ — אויספירלעכער.
14 כתובות, ס״ב, ע״ב. וועגן ברוריה, זע: ברכות, י׳, ע״א; עירובין, נ״ג, ע״ב; פסחים, ס״ב, ע״ב א״אַ מקומות.
15 יבמות, ס״ד, ע״ב.
16 ב״ב, י״ב, ע״א; חולין, מ״ד, ע״ב. וועגן ילתא — זע, ברכות, נ״א, ע״ב; שבת, נ״ד, ע״ב; גיטין, ס״ז, ע״ב.
17 הוצאת קריה נאמנה, ירושלים, תשכ״ד, חלק ב׳, ז״ז 510-511.
18 נדרים, מ׳.
19 ווי מיר האָבן פריער שוין געבראַכט ראיות פון אים אַליין און פון אַנדערע וועגן זיינע טעכטער.
20 תענית, כ״ג, ע״א.
21 קדושין, כ״ט, ע״א.
22 ברכות, כ״ד, ע״א.
23 ראש השנה, י״ב, ע״א; סנהדרין, ק״ח, ע״ב; זבחים, קי״ג, ע״ב.
24 בבא בתרא, קס״ד, ע״ב.
25 סוכה, י״א, ע״ב; תוס׳ חולין, ל״ז, ע״ב, אָנהייב-וואָרט „שלא״.
26 יומא, י״ח, ע״ב.
27 בבא בתרא, קס״ד, ע״ב.
28 סנהדרין, ק״ז, ע״א.
29 יבמות, נ״ב, ע״ב; קדושין, י״ב, ע״ב; זע, ר׳ משה לייטער, זוטו של ים, תרצ״ב, ז״ז 145—146.
30 קדושין, ע״ב, ע״ב.
31 משנה, כתובות, י׳, ב—ו׳; גמרא, צ״ג, ע״א — צ״ה, ע״ב.
32 אַזוי באַהויפּטן אייניקע פאָרשערס.
33 ירושלמי, יבמות, ד׳, י״ב.
34 לויט די בית שמאי (יבמות, ס״א) דאַרף אַ מאַן ברענגען אויף דער וועלט צוויי זכרים; לויט בית הלל — זכר ונקבה. ד. גרויבאַרט, ווייזט אָן אויף אַ גירסא אין דער ברייתא, אַז דאָס האָט ר׳ נתן געזאָגט אין נאָמען פון בית שמאי (אין רעוו. צרפתי למדעי היהדות, כרך ל״ב).
35 זע, כפתור ופרח, הוצ׳ מהר״י בלומענפעלד, עמוד 322 און גן יוסף-פירוש, אָנווייזנדיק אויף מקורים פון ראשונים וועגן די דאָזיקע ענינים.
36 זע, נחלת צבי, חלק ב׳, ניו-יאָרק, תשל״ב, ז׳ 179 א״אַ.

37 נחלת צבי, דאָרט, ז״ז 70—77; 87—89: „כופין את האיש לגרש אם חיי האישות קשים...״ הרב פעלדער ווייזט אָן, ווי רבנים האָבן געפּאַסט בעתן אַרויסגעבן אַ גט (ז״ז 105—106), דאָס האַרץ האָט ווי געטאָן צו זען, אַ פּאָרפּאָלק, אַ זיווג צעשיידט זיך.
38 ירושלמי, פאה, ח׳, ז׳.
39 ברכות, כ״ז, ע״ב. זע, ר״מ לייטער, זוטו של ים, ז״ז 306—307.
40 כתובות, ס״ח, ע״א... עין רואה, לב חומד... מ׳דאַרף האָבן „פת בסלו״, זיך אויס-צוהיטן פון שלעכטע מחשבות.
41 חומה דביתהו דאביי, אתא לקמיה דרבא... בהדי דקא מחויא ליה איגלי דרעא נפל נהורא... קם רבא על לביתיה, תבעה לבת רב חסדא אשתו... — כתובות, דאָרט.
42 גיטין, ח׳, א׳; גמרא: ע״ז, ע״א.
43 דאָרט, ע״ח, ע״א.
44 נחלת צבי, ז״ז 84—45.
45 אין מיין ווערק וועגן דער פרוי — באריכות.
46 חלק א׳, סימן י׳.
47 שו״ת חתם סופר, סימן קע״ג.

## ד

1 יומא, י״ח, ע״ב; יבמות, ל״ז, ע״ב. רב נחמן ווערט גערופן „מחסידי דבבל״ און גרויסער ירא חטא — זע, מגילה, כ״ח, ע״ב און סוף סוטה. אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי״, האָב איך זיך שוין אָפּגעשטעלט אויף דעם מאָדנעם קול קורא.
2 זוטו של ים, תרצ״ב, ז״ז 145—146.
3 בבא בתרא, קס״ד, ע״ב.
4 קדושין, פ״א, ע״א.
5 סנהדרין, ק״ז, ע״א.
6 דער רש״ש, יומא, י״ח איז מיט דער מיינונג, אַז דאָ איז געווען אַן ענין פון פלגש — „דלא נשאום בקדושין וחופה, אלא שיחדום לביאה והיא פלגש״...
הרב אליקים ג. אלינסון אין זיין מאמר „הפלגשות בספרות התלמודית״ (סיני, סיון-תמוז, תשל״ג, ז״ז קכ״ז—קל״ו) ברענגט צום סוף אין הערה 44, אַז דאָ זאָל געווען זיין פלגשות און ער גיט צו, אַז עס ווערט נישט דערמאָנט במפורש און אַז די חכמי התלמוד זענען געווען קעגן אַזאַ סאָרט אישות. — אַ חידוש וואָס ער האָט נישט געבראַכט דעם רש״ש, אָדער פאַרזען דעם דאָזיקן „חידוש״.
7 יומא, י״ח, ע״ב.
8 דאָרט, אָנהייב-וואָרט ״יחודי״.
9 זע, דאָרט, תוספות ישנים.
10 דאָרט, תוספות — באריכות.
11 ספר השנה ליהודי אמריקה, כרך י׳—י״א, ניו יורק, תש״ט, ז״ז 294—295.
12 אָנהייב פ׳ חוקת, במדבר, י״ט, ב׳.
13 חיים בלאָך, „ודע מה שתשיב״; תשובות להוטיקן, ניו-יורק, תש״ג, ז״ז 22—31. איך האָב פאַר מיר צוויי אויפלאַגעס: די צווייטע פון יאָר תשכ״ב, הוצאת ״השחר״ (ר׳ ברוך מאָרגענשטערן) — פאָטאָסטאַטישער דרוק מיט אַ וויכטיקער הוספה.
14 בלאָכס באַטאָנונג.
15 תשובותי להוטיקן, ז׳ 27.
16 דאָרט, ז״ז 29—30.
17 אין דער צווייטער אויפלאַגע, ז״ז א׳—כ״ד.
18 ז״ז י׳—י״א.

19 „ישראל קדושים ואין משמשין מטותיהן ביום" — שבת, פ"ו, ע"א; „אסור לאדם לשמש מיטתו ביום" — נדה, י"ז, ע"א.
20 סוף עבודה זרה.
21 ר' יונתן אייבעשיץ אין זיינע חידושים אויף מסכת נדה, זוכט אויך צו פאַרענטפערן דעם אומפאַרשטענדלעכן מאמר.
22 יהשוע ב', א'.
23 פרק ט"ז, משנה ז', גמרא, דאָרט, קכ"ב, ע"א. סוף יבמות.
די מפרשים אויפן אָרט, אַז די פונדקית איז געווען אַ גויע, מסיחה לפי תומה און מ'האָט איר געגלויבט.
24 זע, אסתר רבה, א', ט'.אויספירלעכער אין „באַציונג צו דער פרוי".
25 סוף קידושין.
26 במדבר רבה, י"ח.
27 הלכות דעות, ב', ד'.
28 סנהדרין, ק"ז, ע"א.
29 ויקרא, י"ט, כ"ט.
30 תוספתא, קידושין, א'.

## ה

1 פאַטרישאַ קאפין, אין „לוק"-מאַגאַזין פון 11טן יאַנואַר 1966. גיט עצות דער פרוי, ווי זיך צו האַלטן אַלס מוטער, שוויגער, ווייב און טאָכטער.
2 שבת, פ', ע"א; ק"מ, ע"א—ע"ב; כתובות, נ"ט א"אַ מקומות.
3 דאָרט און אין בראשית רבה.
4 בבא קמא, פ"ב, ע"א.
5 זע ד"ר זאב פלק, סיני, אדר תשכ"א, ירושלים, שנה כ"ד, כרך מ"ה, ז' שמ"ו.
„האשה היתה נושאות ונותנות בתוך הבית, בבגדים ובצרכי אוכל".
ער באַזירט זיינע אויספירן אויף מאמרים אין: בבא קמא, י', ט'; תוספתא, דאָרט, י"א, ה'; שבועות, ז', ח' א"אַ מקורים.
אַלס מקור פאַר זיינע אויספירן גיט ער אָן, די ווערק פון באַראָן, פאַזנאַנסקי און אַנדערע.
6 לויט זייער אָפּשאַצונג, איז דער אַשכנזיש-פראַנצויזישער ישוב, אַ דירעקטער יורש פון דער בבליש-תלמודישער תקופה.
7 זע, שו"ת מהר"ם מרוטנבורג, סימן קצ"ט.
8 זע, י. היילפרין, פנקס ועד ארבע ארצות, לקוטי תקנות, כתבים ורשומות, ירושלים, תש"ה, הוצ' מוסד ביאליק של הסוכנות היהודית לארץ ישראל; תקנות מדינת מעהרין, ת"י—תק"ח, הוצ' חברת מקיצי נרדמים, ירושלים, תשי"ב, בסיוע מוסד הרב קוק שעל-יד המזרחי העולמי; מרדכי וו. בערנשטיין, „דאָס איז געווען נוסח אַשכנז", פאַרלאַג יידבור, בוענאָס-איירעס, תשכ"א — 1960.
9 בראשית רבה, י"ב.
10 ירושלמי, כתובות, ל"א.
11 רמ"א, הג"ה, יו"ד קנ"א, א'; שו"ת חות יאיר, סימן קפ"ב.
12 דערפון איז געדרונגען, אַז מ'האָט זיך דאָן אַזוי נוהג געווען.
13 של"ה, ק"י, ע"א.
14 זע, שו"ת מהר"י ברונא, סימן רמ"א.
15 משלי ל"א, י"ד, י"ז.
16 זע, פריער דערמאָנטן מאמר וועגן מצב פון דער יידישער פרוי, און אין דערמאָנטן „סיני".

17 זע, גיטין, ע״ז, ע״ב; קדושין, כ״ג, ע״ב; כתובות, ח׳, ע״א; משנה, י״ג, ב׳; תוספתא, דאָרט, ד׳, י״א; ב״מ, ק״ד, ע״א.

18 סיני, דאָרט, ז׳ שמ״ו, נאָכבאַמערקונג.

19 דאָרט — אויספירלעך.

20 זע, „קידוש השם״, רעד. ש. ניגער, ניו-יאָרק, תש״ז.

21 פלק, אין דערמאָנטן מאמר און אין אַנדערע.

22 גיטין, פרק ט׳, משנה י׳: „בית שמאי אומרים, לא יגרש אדם את אשתו אלא אם כן מצא ערות דבר...״

23 געגנוג צו דערמאָנען די תקנות, וואָס ווערן דערמאָנט אין דריי „אישות״-מסכתות: קדושין, כתובות, גיטין; באַזונדערס, זע, כתובות, ט׳, ד׳; גיטין, ע״ז, ע״ב; קדושין, כ״ג, ע״ב; ב״מ, פרק א׳, משנה ה׳, גמרא: י״ב, ע״א—ע״ב; כתובות, פרק ו׳, מציאת האשה א״אַ מקומות.

24 זע, שבתי דון יחיה, הרב בן ציון מאיר חי עוזיאל, ירושלים, תשט״ו, ז׳ 220.

25 משלי, ל״א, כ״ז, „זי קוקט נאָך דעם גאַנג פון איר הויז, און זי עסט נישט דאָס ברויט פון פוילקייט״.

26 ער שרייבט אין זיינע אַריינפיר-ווערטער:
„...תשובה זו כתבתיה לשם בירור הלכה בלבד, אחרי שעמדה על הפרק... לכן אמרתי, תורה היא וללמוד אני צריך, להיכן הדין נוטה, אבל לא באתי לקבוע הלכה למעשה בשאלה כללית ויסודית זו בתורת ישראל״.

27 אבות, א׳ ה׳.
און רעד נישט קיין סך מיט דיין פרוי... ווער עס רעדט אַ סך מיט דער פרוי, איז גורם שלעכטס זיך גופא און איז מבטל פון די רייד פון תורה און זיין סוף איז, ירשענען גיהנום — אין מערסטע מפרשים ווערט דערקלערט, אַז דאָ מיינט מען „פוסטע רייד״ שמועסן מיט פרויען וועגן ערנסטע ענינים, איז נישט פאַרבאָטן... זע, רמב״ם, פירוש המשניות, דאָרט.

28 יצחק ריבקינד, אין זיין מאמר, „די יידישע פרוי אין אַמאָליקן יידישן ווירטשאַפטלעכן לעבן״, די צוקונפט, פעברואַר 1933, ז״ז 110—115, גיט אַן גאַר אינטערעסאַנטע פאַקטן וועגן דער דאָליע און ראָלע פון דער יידישער פרוי אויפן דאָזיקן געביט.

## ו

1 איוב, ה׳, כ״ד.

2 יבמות, ס״ב, ע״ב.

3 ח׳, ח׳.

4 נדרים, ל״ז, ע״ב.

5 זע: טור, או״ח, ר״ס-רס״ג; הרב ג. פעלדער, יסודי ישרון, ג׳, מערכת נר שבת, ז״ז קל״ד-קמ״ז.

6 שבת, כ״ג, ע״ב.

7 דאָרט, דאָרט.

8 בראשית, ב׳, ג׳.

9 בראשית רבה, י״א, ב׳.

10 דאָרט, דאָרט.

11 ישעיה, נ״ח, י״ג.

12 תנחומא, אָנהייב פ׳ נח.

13 ספרי, במדבר, ו׳, כ״ו.

14 שבת, כ״ה, ע״ב. זע, רש״י און תוספות, אויפן אָרט: רמב״ם, שבת, ה׳, א׳: שו״ע או״ח, רס״ג, ב׳.

15 דברים, כ״ח, מ״ח.

16 זע, חכמת שלמה למהרש״ל, שבת, קי״ט, ע״א, אַז רב הונא האָט זיך אַזוי נוהג געווען.

## קאַפּיטל צוועלף

# דאָס הייליקע אין פאַמיליע־בונד

**א. גיטין און קדושין. — צוזאַמענבונד דורך קדושה. — שיידונג פון וועלכער ס'ליידט קדושה. — פאַר־היט פון ממזרות. — ריינ־קייט אין פאַמיליע-לעבן.**

אין אַ פריִערדיקער אַרבעט האָבן מיר אָנגעוויזן, אַז לויט דער הלכה האַלט מען נישט צוריק פון אַ „ספר כריתות", ווען ס'קאָן קיין שלום־בית נישט זיין. מיר האָבן מסביר געווען ר' עקיבאס צוגאַנג צו אהבה און פאַרשטענ־דעניש, וואָס דאַרף הערשן צווישן מאַן און פרוי, און זיין מיינונג אַז ווען דאָס איז נישטאָ, איז דער בעסטער אויסוועג אַ גט! „אַפילו מצא אחרת נאה"...[1] אויב דער מאַן וויל זיך באַפרייען פון זיין ווייב, ווייל ער האָט געפונען אַ שענערע, ווען שוין קיין האַרמאָניש לעבן צווישן אַזאַ פּאָרל נישט זיין.

די חז"ל האָבן זיך אָבער אויסגעדריקט, אַז דער צער פון שיידן זיך איז אַזוי גרויס, אַז אַפילו די שטיינער פון מזבח פאַרגיסן טרערן[2] און דעריבער, ווייזט אויס, זענען מיט דער צייט געשאַפן געוואָרן אַזוי פיל תקנות און חומרות ביים שרייבן און ביים אַרויסגעבן אַ גט, כּדי די פרוי זאָל ווערן אויס „אשת איש" און מעגן חתונה האָבן מיט וועמען זי וועט וועלן.

ס'זענען פאַרשטענדלעך די חומרות אויף די עדות, דאָס חוקר זיין זיי און דער צוגאָב, אַז די עדות אַליין זאָלן נישט קענען חתונה האָבן מיט דער פרוי, וואָס זיי זענען געווען די גורמים זי זאָל זיך באַפרייען פון איר מאַן.

אינטערעסאַנט איז אויך די תּקנה וועגן נאָך אַ מאָל חתונה האָבן: אויב די פרוי האָט נאָך נישט געלעבט מיט אַן אַנדער מאַן, מעג זי דער געגטער מאַן צוריק־נעמען, ווייל, ווי עס זאָגט ש. י. עגנון אין איינער פון זיינע דערציילונגען, „אַ מאַן דערזעט זיין פרוי מיט טיפערע אויגן גראָד נאָך דעם ווי ער גט זי אָפּ!"

ס'טרעפט זיך גאָר אָפט, אַז אַ מאַן גט אָפּ זיין פרוי און ערשט נאָך דעם דערוועקט זיך ביי אים אַ ליבע־געפיל צו איר און זיי האָבן נאָך אַ מאָל חתונה און לעבן באהבה ובחיבה. די תּורה האָט אָבער פאַרבאָטן צוריקצונעמען די פרוי וועלכע דער מאַן האָט געגט, אויב זי האָט אין צווישנצייט חתונה געהאַט מיט אַן

אַנדערן; נישט קיין חילוק, צי דער צווייטער מאַן האָט זי געגט, צי ער איז געשטאָרבן, ווייל אַזאַ חתונה האָבן וואָלט פּראָפאַנירט, פאַרוואָכעדיקט און פאַרשוועכט דעם ציל פון קדושין, דעם ציל פון אַ הייליק צוזאַמענלעבן. די תורה האָט געוואָלט אויסמיידן אַ צוזאַמענלעבן, וואָס וואָלט בלויז געמיינט סעקסועלע באַפרידיקונג. די תורה האָט געוואָלט די שכינה זאָל רוען ביי אַ פּאָרפאָלק און דאָס קאָן נאָר זיין, ווען ס׳הערשט קדושה אינעם פאַמיליע־לעבן. אַז מ׳האָט געזוכט אָנצוהאַלטן די קדושה אינעם פאַמיליע־לעבן, קאָן דינען דער פאַקט, אַז מ׳האָט געוואָרנט נישט צו נעמען אַ פרוי און זינען האָבן דערביי זי צו גטן: „לא ישא אָדם אשה ודעתו לגרשה״ [3]. אויב אַ מאַן האָט חתונה און טראָגט זיך אַרום מיטן געדאַנק זי צו גטן ביי דער ערשטער געלעגנהייט, טאָר ער בכלל נישט וווינען מיט איר. ווען ער לעבט מיט זיין פרוי, דאַרף ער זען צו האָבן די כתובה, וואָס איז דער אויטענטישער דאָקומענט פון צוגעזאָגטער ליבע — אַ באַשטעטיקונג אויף דעם „הרי את מקודשת״...

ביי אַ גט — איז דער דין — דאַרפן זיצן רבנים־מומחים און די זיצונג ווערט באַטראַכט פאַר אַ משפט און, ווי ביי אַ משפט, טאָר מען נישט, אָדער דער מינהג איז, מ׳זאָל נישט מאַכן קיין גט ביי נאַכט, ווייל „אין דנין בלילה״ [4]. אויב אייניקע גדולי הרבנים האָבן דערלויבט צוצוגרייטן אַ גט ביי נאַכט, איז עס געווען על תנאי — אויב דערמיט וועט מען אויסמיידן אַ חשש פון ממזרות.

דער פאַקט איז, אַז די כוואַליע פון גטן וואָס האַלט אין איין שטייגן און — אויך ביי יידן — מיט אַמעריקאַנישן טעמפּאָ, איז אַ רעזולטאַט פון די שנעלע ליבעס און פון די סעקס־אַרגיעס פון אומדערפאַרענע, נישט דערוואַקסענע קינדער, פון יוגנטלעכע, וואָס ווערן באַהערשט פון הייסע ליידנשאַפטן, און, ווען זיי קילן זיך אָפּ, הייבט מען באַלד אָן זוכן נייע דערפאַרונגען: איין ליבע ווערט דערעסן, זוכט מען באַלד אַ נייע.

פון די וויכטיקע רבנישע הלכה־למעשׂה־ספרים אויפן געביט פון גיטין, איז דער ספר „נחלת צבי״ [5] פון הרב ר׳ גדלי׳ פעלדער. ווען מען גיט בלויז אַ בלעטער אינעם דאָזיקן הלכה־ספר, זעט מען מיט וואָס פאַר אַ יראה ופחד רבנים פלעגן באַהאַנדלען דעם דאָזיקן ענין, אויסאַרבעטן די דקדוקים און די פּינקטלעכקייטן ביים שרייבן אַ גט, איבערגעבן דעם גט; ווי טיף רבנים זענען אַריין אין דער הלכה וואָס שייך „טיב גיטין״, און אַז בלויז מומחים, עקספּערטן באַהויכטע פון וויסן און פון דערפאַרונג, האָבן זיך געמעגט פאַרנעמען מיט אַזאַ אָנגעווייטיקט פּראָבלעם.

די רבנים וואָס האָבן געפּסקנט און דורכגעפירט אַ שיידונג צווישן מאַן און פרוי, האָבן זיך אָנגעגורט מיט וויסן אין הלכות־מאַראַל און עטיק. הרב פעלדער האָט גוט געטאָן מיט זיין אָנווייזן אויף דער הקדמה פון גאונישן רב און פוסק

דער מהרא״ל מפלאָצק צו זיין ספר „גט מקושר וטיב גיטין״, פאַר וואָס אַזאַ פּאַרזיכטיקייט ביים באַשטעטיקן אַ גט, פאַר וואָס ערשט ביי גיטין, דאַרף מען באַזיצן אַזוי פיל וויסן און האָבן אַזוי פיל יראה, און אויב מען האָט דאָס נישט — ווי עס זאָגט דער תּלמודישער אויסדרוק [6] — „לא יהא עסק עמהן״. אויב מען געפינט אַ וועלכן נישט איז טעות אין גט, ווערט ער פּסול; און אויב זי האָט חתונה, קאָן דאָס מיינען אַז אירע קינדער זאָלן זיין ממזרים, ווייל ווען אַ גרושה גייט ווינען מיט אַ מאַן און איז נישט פריי פון פריִערדיקן מאַן, זענען די נאָך דעם געבוירענע קינדער ממזרים.

הרב פעלדער באַהאַנדלט קודם־כּל דעם נאָמען גט, ברענגט אַ צאָל מיינונגען — דעם אינטערעסאַנטסטן פון מהר״ם שיף (השס״ח־הת״ד; 1644־1608), אַז עס איז דאָ אַ פויגל, וואָס הייסט געטאַ, און זיין שטייגער איז צו פאַרטרייבן און פאַר־יאָגן אַלע זיינע חברים־חברות; און אַזוי ווי דאָס פּאָרל צעשיידט זיך, ווערן זיי פאַרטריבן איינער פונעם אַנדערן, האָט מען צוגעפּאַסט דעם נאָמען גט (געט). וועגן די צוועלף שורות — באַטרעף פון גט (9 און 3 = 12) — האָבן מיר שוין געשריבן אויספירלעך.

אין שולחן־ערוך ווערט געזאָגט וועגן מינהג צו האָבן אַ מנין ייִדן ביים דורכ־פירן דעם גט־ריטואַל. אַפילו די רבנים, וועלכע זענען מיקל און האַלטן אַז ס׳זענען גענוג דריי רבנים, און ווייזן אָן די טעמים פאַר וואָס מ׳זאָל נישט אַזוי מחמיר זיין, דריקן זיך אויס, אַז סיי די רבנים, סיי די עדות — און בכלל די וואָס באַטייליקן זיך אין דער גט־פּראָצעדור, דאַרפן האָבן הרהור תּשובה, וואָס מיינט בעטן ביים דיין אמת נישט נכשל צו ווערן ביים צעברעכן דעם נשמהדיקן קנין צווישן אַ פּאָרפאָלק, און באַפרייען זיי חתונה צו האָבן מיט וועמען זיי ווילן [7]. די מאָטיוון פאַר דער דאָזיקער פּאָרזיכטיקייט זענען: 1) נישט צו איַילן זיך מיט אַ גט; 2) צו זיין געהיט און אָפּגעהיט ביים אויפבינדן דעם צובונד דורך קדושין; 3) מען זאָל אין איַילעניש נישט מתיר מאַכן אַן אשת־איש און נאָך דעם אַריינפירן די געגטע אין פלאָנטער פון קאָמפּליקאַציעס. דער כּלל איז דאָך: „כּל המשנה ממטבע שטבעו חכמים יוציא והולד ממזר״ [8] — דער מינדסטער טעות קאָן ברענגען ממזרים און די אומשולדיקע קינדער זאָלן נישט קענען קומען אין קהל ישׂראל.

הרב פעלדער שטעלט זיך אָפּ אין זיין ספר, וועגן דעם מינהג ישׂראל צו שרייבן דעם גט ארמית (אין אַראַמעיִש לשון), כאָטש לויט דער משנה [9] איז דער טעקסט („תּורף״ און „גופו של גט״) — „הרי את מותרת לכל אָדם״ אין לשון־קודש. ער פירט אויס, אַז דער טעם פאַר אָט דעם אָנהאַלט אין לשון ארמית איז, בכדי נישט צו מאַכן וועלכן נישט איז שינוי. אַן ענדערונג קאָן דאָך פּסלען דעם גט און די פרוי פאַרבלייבט נאָך אַן אשת־איש, און דער מאַן טאָר נישט חתונה האָבן, ווייל, לויטן חרם דרבנו גרשם, טאָר מען נישט האָבן קיין צוויי ווייבער;

האָט מען דעריבער זיך געהאַלטן שטרענג ביים נוסח וואָס די חכמי התלמוד האָבן אָנגעגעבן, מיטן צוגאָב און פּעדאַנטישקייט, וואָס די גדולי הפּוסקים האָבן אויס־געאַרבעט הלכה למעשׂה.

דער פאַקט איז, אַז דער ענין גיטין־קדושין, איז תּמיד געווען אויפן שולחן מלכים, וואָס מיינט אויפן טיש פון רבנים, דער שטענדיקער סדר־היום זינט ס'האָט זיך געשאַפן אַ פאַמיליע־לעבן. בעלי הוראה האָבן זיך תּמיד קאָנצענטרירט אַרום די תּקנות און מאָראַלישע יסודות פון הלכות אישות ביי ייִדן.

אין שייכות דערמיט, איז וויכטיק הרב פעלדערס אָנווייזונג אויף דעם חילוק צווישן אַ גט ביי די אומות העולם און אַ גט ביי ייִדן: ביי די אומות העולם קאָן דאָס געריכט אַרויסגעבן אַ גט און באַפרייען די פרוי פון איר מאַן, אָדער פאַרקערט; דאָס געריכט באַפרייט און דערלויבט חתונה האָבן; דאָס געריכט גיט אַרויס דעם פּסק אין דער אַפּוועזנהייט פונעם געגנט פּאָר, לויט זיין פאַרשטענדעניש און איינזעעניש, אָנערקענענדיק די טענות ותביעות פון די צדדים.

ביי ייִדן מוזן די גירושין דורכגעפירט ווערן דירעקט דורך דעם מאַן און דער פרוי. דאָס בית־דין קאָן באַרעכטיקן דעם גט־פאַרלאַנג, אָנערקענען די טענות און די אוממעגלעכקייט פאַר אַ האַרמאָניש לעבן צווישן די וואָס ווענדן זיך נאָך אַ גט. זיי קענען אָבער נישט אַרויסגעבן דעם גט, סיידן ס'איז דאָ די וויליקייט פון ביידע. די נשׂואין, די חתונה וואָס האָט זיי צוגעבונדן, בלייבט בתוקפה דעם גאַנצן לעבן און קאָן נישט אויפגעלייזט ווערן, נאָר דורך די וואָס זענען מקודש געוואָרן.

דאָס בית־דין קאָן אויסאַרבעטן אַן אופן פון שליחות, לויטן כּלל: „שלוחו של אָדם כּמותו" [10] אָבער דער שליח מוז אויספירן די רעגולאַציעס און רעגולאַ־מינען לויט דער שטרענגער אָפּהיטונג פון די דינים, וואָס זענען פאַרבונדן מיט אַזאַ אַקציע. אַלע: די רבנים, דער סופר, די עדים — אַלע פירן אויס די שליחות פונעם מאַן, וואָס דאַרף דאָס טאָן לרצונו, באַוויליקט, איינשטימיק, אויסער אין געוויסע פאַלן, ווען די רבנים־מומחים קענען נעמען אַ שטעלונג פון צוואַנג, ווי מיר וועלן ווייטער זען.

דער גט דאַרף זיין „בספר" — „וכתב לה ספר כּריתות" [11], ווייל, זאָגט דער בעל „החנוך", דערווייל וועט זיך דער מאַן באַרויִקן, דער כּעס וועט זיך אָפּטאָן, ער וועט אפשר חרטה האָבן און צוריק שלום מאַכן מיט זיין ווייב: „בתוך כּך תּנוח חמת האיש לפעמים וינחם מלגרש אותה וגדול השלום".

און דאָ קומען מיר צו נאָך אַ פּונקט פון מאָראַלישן באַטייט.

מיר האָבן וועגן דעם שוין געשריבן [12], אָבער ס'איז כּדאי נאָך אַ מאָל אָנצו־ווייזן דערויף: די תּורה, ווי מיר ווייסן, האָט איבערגעגעבן דעם גאַנצן כּוח פון גט צום מאַנס ווילן: „והיה אם לא תמצא חן בעיניו, וכתב לה ספר כּריתות" [13] —

עס איז אָפּהענגיק אין מאַנס ווילן, ווי די חז״ל קאָמענטירן, „שאין אָדם מגרש את אשתו אלא ברצונו״ [14]. ער איז דער קונה פון זיין ווייב און ער קאָן דעם קנין אויפגעבן, פריי מאַכן... „הפקר לכל אָדם...״

וועלן מיר דאָ נישט אַריינגיין אין ענין חרם דרבנו גרשם, מיט הונדערטער יאָרן נאָכן אָפּשלוס פון תּלמוד [15]. ס׳איז אָבער וויכטיק די געוואַגטקייט פון רבינו גרשם, וואָס — נישט געקוקט דערויף וואָס די תּורה גיט כּוח און רעכט דעם מאַן צו גטן זיין ווייב, וועלכע האָט פאַרלוירן חן ביי אים און נישט געקוקט דערויף [16] וואָס דעם מאַן איז דערלויבט צו האָבן מער ווי איין פרוי — האָט ער איינגעפירט אַ תּקנה מיט דער שטאַרקייט פון אַ חרם, צו וועלכן די גייסטיקע פירערס פון דור האָבן מסכּים געווען, נישט צו דערלויבן אַ גט בלויז צוליב זיין ווילן, פון וועלכן די פרוי וועט ליידן און דעגראַדירט ווערן.

דער פאַקט איז אויך, אַז שוין די חכמי המשנה, די גרונטלייגערס פון דער הלכה, האָבן איינגעזען, אַז אין געוויסע פאַלן דאַרף מען צווינגען דעם מאַן צו געבן אַ גט און באַפרייען זיין פרוי, וועלכע קאָן נישט לעבן מיט אים.

די משנה [17] רעכנט אויס, וועלכע מענער מ׳צווינגט, זיי זאָלן גטן זייערע ווייבער: אַ „מוּכּה שחין״... אַ „בורסקי״ און נאָך אַזעלכע, מיט וועלכע אַ פרוי קאָן נישט וווינען, און זי וועט שטאַרק ליידן, אויב זי וועט זיין מיט אים, קאָן נישט פאַרנעמען זיין ריח, קען נישט האָבן קיין פאַרגעניגן געשלעכטלעך, אָדער קען נישט האָבן קיין קינדער פון אים, ווייל ער האָט נישט קיין כּח גברא [18]. אויך ווען דער מאַן איז געריהרט פון זינען, דאַרף מען זוכן אַלע מיטלען, ווי צו העלפן דער פרוי.

הרב ר׳ יהודה לייב גרויבאַרט, מורי ורבי מובהק, פּסקנט וועגן אַזאַ פאַל, אַז אויב מ׳זעט, אַז דער מאַן האָט מאָמענטן פון קלאָרקייט, פון באַוווּסטזיין, „שפוי בדעתו״, ווי די חז״ל דריקן זיך אויס: „עתים חלים״... זאָל מען אויסנוצן די צייט פון זיין באַוווּסטזיין, אַריינכאַפּן וויפל ס׳איז מעגלעך ביים דאָזיקן מענטאַל־צעררו־דערטן מאַן, כּדי צו באַפרייען זיין פרוי [19]. דאָס ווייזט, ווי ווייט מ׳דאַרף זיך באַמיִען צו העלפן אַ ליידנדיקער פרוי. מען דאַרף זיך באַנוצן מיט די מעגלעכסטע קולא׳ס און היתרים. ביי אַזאַ פאַל, איז געזאָגט געוואָרן „כּחא דהיתרא עדיף״.

לויט דער תּורה, ווי מ׳לערנט עס פּשוט, האָט דער מאַן רעכט, לויט זיין ווילן, צו גטן זיין פרוי. מיר האָבן אָבער אַ פּאָלעמיק צווישן תּנאים, ביי וועלכע באַדינגונגען ער האָט דאָס דאָזיקע רעכט. ד״ה: די חכמים נעמען זיך דאָס רעכט צו אינטערפּרעטירן די ווערטער „כּי מצא בה ערות דבר״. לויט בית שמאי, מוז זיין גט־פאַרלאַנג זיין באַזירט אויף „ערות דבר״. די ישיבה פון בית שמאי האָט געלערנט, „פּשוטו כּמשמעו״. דער מאַן דאַרף געפינען אומרעכט [20]. לויט בית הלל — „אפילו הקדיחה תּבשילו״; זיי שטיצן זיך בעיקר אויפן וואָרט דבר, עפּעס

אַ זאַך וואָס געפעלט אים נישט, ווען ער איז אומצופרידן, למשל, פון איר צוגרייטן זיין מאָלצייט. וועגן „הקדיחה תבשילו", האָבן די מפרשים פאַרשיידענע טייטשן [21].

ר' עקיבא מאַכט עס גאָר לייכט: „אפילו מצא אחרת נאה הימנה" — אַפילו ווען ער געפינט אַ שענערע פון זיין פרוי און דעריבער וויל ער טוישן זיין ווייב, האָט ער אַ רעכט [22].

די מפרשים שטעלן זיך אָפּ אויף אָט דעם פסק ר' עקיבאס: ווי איז עס מעגלעך, אַז ער, דער אַזוי שטאַרק פאַרליבטער אין כלבא שבועס טאָכטער, זאָל אַרויסקומען מיט אַזאַ לייכטזין, וואָס שייך גטן אַ ווייב... ס'זענען דאָ דערויף פאַרשיידענע אויסטייטשונגען [23], דער עיקר: ר' עקיבא האָט געזען, אַז ווען אַ מאַן האָט אַזאַ לייכטזיניקע באַציִונג צו זיין פרוי, וועט זיכער דאָרט קיין שלום־בית נישט זיין... איז בעסער זיי זאָלן זיך שיידן און זי זאָל זוכן גליק ביי אַ בעסערן, פאַראַנטוואָרטלעכן מאַן.

דער פסק הלכה איז לויט בית הלל. נישט צו לייכט און נישט צו שאַרף אין די מאַן און פרוי באַציִונגען.

הרב פעלדער איז דאָ מחדש, אויפן סמך פון תלמוד און פוסקים ראשונים, אַז דאָ רעדט זיך וועגן „זיווג ראשון"; די ערשטע הייראַט איז אַ גאָט־געבענטשטע, איז פון הימל באַשטימט און דעריבער איז די קדושה פון דער ערשטער הייראַט אַ לאַנג־דויערנדיקע. ס'איז נישט לייכט זי צו פראַפּאַנירן, עלימינירן, אָפּווישן. די „אשת נעורים" [24] איז די אמת געליבטע, געטרייע — דאַרף מען זיך באַמיִען ווי וויט מעגלעך אָנצוהאַלטן די דאָזיקע ליבע, דעם דאָזיקן קשר נישט אָפּבינדן און צערייסן; ווייל, ווי די חז"ל האָבן איינגעזען, קאָן מען האָבן אַ נחת־רוח נאָר פון אַ גוט לעבן מיט דער ערשטער פרוי: „שאין אָדם מוצא נחת־רוח אלא מאשתו ראשונה" [25], ווי דער פסוק זאָגט: „ושמח מאשת נעוריך" — זיי פריילעך מיט דיין יוגנט־פרוי [26]; און אויב ס'קומט צו אַ גט נאָך דער ערשטער הייראַט, וויינט דער מזבח — „כל המגרש אשתו ראשונה אפילו מזבח מוריד עליו דמעות" [27].

רבינו גרשם האָט, ווי געזאָגט, אַפילו די דאָזיקע פאַרלייכטערונג באַשוואָרט דערמיט, וואָס ער האָט איינגעפירט די תקנה אַז מ'קען נישט צווינגען אַ פרוי זי זאָל נעמען אַ גט. ער האָט אויך פאַרבאָטן אַ מאַן צו ווינען מיט צוויי ווייבער (ביגאַמיע) צוזאַמען. די מאָטיוון פאַר אָט די באַגרענעצונגען זענען דאָ נישט וויכטיק. הרב פעלדער באַרירט און באַהאַנדלט אַלע פּרטים אין שייכות מיטן חרם דרבינו גרשם און ווייזט אָן, אַז עס קען באַטראַכט ווערן ווי אַן איסור דאורייתא, אַ תורה־פאַרבאָט, נאָך דעם ווי דער גדול הפוסקים האָט, מיט דער צושטימונג פון גדולי הרבנים, געמאַכט דעם חרם אויף די וועלכע וועלן נישט אויספאָלגן [28].

די מאָראַל פון די אַלע תקנות איז צו באַזאָרגן די פרוי, נישט לאָזן, אַז דער מאַן זאָל זיין איר הערשער, געוועלטיקער און באַצווינגער; נישט צו דערלאָזן זי זאָל זיין אַ כלי אין זיינע הענט, ער זאָל קענען טאָן מיט איר, וואָס ער וויל, באַנעמען זיך מיט איר ווי ס׳פּאַרגלוסט זיך. אַזעלכע מענער האָבן קיין מאָל נישט אויסגעפּעלט. האָט מען געדאַרפט צוימען זייערע אַפּעטיטן.

ס׳איז קיין ספק נישט, אַז דער פּסק פון רמ״א [28] נישט צו שרייבן און איבער־געבן אַ גט ביי נאַכט: „אין לגרש בלילה״, האָט אויך דעם זעלביקן מאָטיוו: באַהאַנדלען דעם ענין גט, ווי אַ משפט צווישן מאַן און פרוי און אפשר וועלן אַזעלכע באַגרענעצונגען און ערנסטע באַציִונג מצד די רבנים, אָפּהאַלטן פון שיידן זיך... ווען אָבער ס׳האַנדלט זיך מתיר צו מאַכן אַן עגונה, איז די באַציִונג געווען אַ גאַנץ אַנדערע, אַ גאָר מילדע און די גדולי הפּוסקים האָבן זיך אָנגעשטרענגט צו געפינען וועגן און סיבות מתיר צו מאַכן, די פרוי זאָל קענען חתונה האָבן, אויפבינדן אירע „עגונה״־קייטן. זיי האָבן דאָס געטאָן מיט דער גרעסטער מסירת־נפש, ווי דאָס ווערט באַוויזן אין „ספר העגונות״ [29] פון יצחק זאב כהנא און אין די שאלות ותשובות פון אַלע דורות.

גענוג בלויז אַ בליק צו טאָן אין ספר „עגונות ישׂראל״ פון קאָזשעניצער מגיד ר׳ ישׂראל האָפּשטיין זצוק״ל און די ליטעראַטור אַרום דעם „גט מסטאַשוב״, ווי אַזוי רבנים פון דור האָבן זיך באַמיט צו דערלויבן די פרוי פון כמעלניקער ייִד שרגא פייבל, וועלכער האָט זיך געשמדט און פריִער, פאַרן שמד, געשיקט אַ גט זיין פרוי, נאָך דעם געהרגעט געוואָרן און ס׳האָט זיך געשאַפן אַ שקלא־וטריא וועגן אָט דער קאָמפּליצירטער שליחות, עדות און פּראָבלעמאַטישקייט צו באַפרייען די פאַראומגליקלעכטע פרוי [30].

אַ צאָל פון די גדולי הוראה האָבן מסכּים געווען צום פּסק פון קאָזשעניצער מגיד, זי באַפרייט פון איסור אשת־איש און זיך איינגעשטעלט פאַר דער דאָזיקער סטאַשעווער־כמעלניקער פרוי.

עס איז תּמיד געשטאַנען אויף דער טאָג־אָרדענונג די שאלה, צי נאָך אַ צוזאַמענלעב, וואָס איז נישט דורכגעפירט געוואָרן לויט אַלע תקנות, דאַרף די פרוי אַ גט, אויב מאַן און פרוי באַשליסן אויפצוגעבן זייער דאָזיקן נישט יורידיש־באַרעכטיקטן צוזאַמענלעב, און נאָך מער: קדושי ערכאות, אָדער ווי מיר רופן עס אין היינטיקן לשון „נשואין אזרחיים״, צי דאַרף דאָס פּאָרל אַ גט, אויב זיי ווילן זיך שיידן.

די פראַגע איז שוין געווען פאַר ר׳ סעדיה גאון (942־892) און איז ביז היינט נישט אַראָפּ פון רבנישן טיש [32]. ס׳האָט זיך נאָך אַלץ נישט איינגעשטילט און נישט איינגעשטעלט די רבנישע פּאָלעמיק מצד דער הלכה. אין אונדזער תּקופה איז דאָס פּראָבלעם שטאַרק אַקטועל, צוליב די חתונות, דורכגעפירטע פון רעפאָרם־

ראַבינערס. די מערסטע רבנים־פּוסקים האַלטן, אַז די פרוי דאַרף האָבן אַ גט, ווייל דער כּלל איז, אַז אַ מאַן וועט נישט לעבן געשלעכטלעך מיט אַ פרוי לשם זנות, סתם אַזוי אויסגעלאָסן. נאָר ער האָט אין זינען אַז, זי, די פרוי, איז זיין ווייב. ס'איז דאָך דאָ אַ דין פון „מקדש בביאה", נישט געקוקט וואָס רב האָט געשלאָגן אַזעלכע וואָס האָבן געפּראַוועט אַזאַ סאָרט קדושין — אָבער בדיעבד איז עס קדושין.

דער מהרש"ם האַלט זיך שטאַרק ביי דער דאָזיקער מיינונג.

ס'זענען אָבער אויך דאָ באַוווסטע רבנישע פּוסקים, וועלכע נעגירן די דאָזיקע מיינונג; זיי האַלטן, אַז ווייל דאָס פּאָרל איז נישט געגאַנגען אונטער דער חופּה, נישט חתונה געהאַט כּדת משה וישׂראל, נאָר עפּנטלעך און להכעיס חתונה געהאַט אויף אַ פרייען שטייגער, איז אַ באַוויז, אַז זיי זענען נישט מקודש און במילא דאַרפן זיי נישט האָבן קיין גט.

אַזאַ דיסקוסיע איז אַפילו אָנגעגאַנגען ביי די רבנים ראשיים אין ישׂראל: הרב ר' מאיר חי עוזיאל, דער ראשון לציון האַלט, אַז די פרוי פון אַזאַ סאָרט פרייע ליבע דאַרף נישט האָבן קיין גט כּדי זיך צו באַפרייען פון דער דאָזיקער ליבע. דאַקעגן הרב הראשי ר' איסר יהודה אונטערמאַן [33], איז ביי דער מיינונג, אַז זי דאַרף יאָ האָבן אַ גט, סיידן אין פאַלן ווו עס זענען דאָ גענויע באַווייזן, אַז זייער צוזאַמענלעב איז געווען ווילנדיק בזנות, אַז די צוויי האָבן קיין איין מינוט נישט געטראַכט, אַז צווישן זיי איז דאָ קדושין; דאָס זעלבע איז אויך, ווען דאָס איז פאַרבונדן מיט דער מורא פון „עיגון", ד"ה — אַז, אויב מ'וועט איר נישט דער־לויבן חתונה האָבן, וועט זי בלייבן איינזאַם אויפן גאַנצן לעבן, ווייל דער געליבטער האָט זי פאַרלאָזט און וויל איר נישט געבן קיין גט, צוליב פּרינציפּיעלע מאָטיוון.

הרב הגאון ר' אברהם אהרן פּרייס, אין אַ לענגערער תשובה אין זיין ספר „משנת אברהם" [34], פירט אַ שאַרפע פּאָלעמיק מיט הרב עוזיאל און מיט די אַלע וועלכע ווילן מתיר מאַכן די פרוי אָן אַ גט. ער האַלט זיך שטאַרק ביים כּלל און חזקה: „אין אָדם עושה בעילתו בעילת זנות". אויב מאַן און פרוי לעבן צוזאַ־מען, האָבן זיך ליב, זענען צוזאַמען פאַר מענטשן, איז אַ סימן, אַז זיי האַלטן זיך פאַרהייראַט: „איש ואשה דרים באהבה ידוע לרבים נחשבים כּעדים לביאה"!

נאָכן אַנאַליזירן אַלע אַספּעקטן פון אַזאַ צוזאַמענלעבן, פירט ער אויס, סומירנ־דיק די דריי סאָרטן אישות: א) ווען דאָס איז דורך קדושין לויטן יידישן ריטואַל, מינהג און דין; ב) אישות שלא ע"י קדושין — דאָס לעבן צוזאַמען פון מאַן און פרוי נישט דורך אָפיציעלן חופּה־צערעמאָניאַל; אין ביידע פאַלן, דאַרף די פרוי האָבן אַ יידישן גט כּדי זיך צו באַפרייען פונעם אשת־איש־פאַרבאָט; ג) ווען די געשלעכטלעכע באַציִונגען זענען אויף אַ ווילדן פּראָסטיטוציע־אופן, דאַן דאַרפן

רבנים מובהקים באַשליסן ווי אַזוי דאָס זיין צוזאַמען איז פאַרגעקומען און זיך באַנוצן מיט די געהעריקע אויטאָריטאַטיווע פּראָצעדורן אין אַזעלכע פאַלן.

וועלן מיר זיך נישט אַריינלאָזן אין הלכה־פעסשטעלונג. מיר האָבן בלויז געוואָלט אָנווייזן, ווי אַזוי מ׳האָט באַהאַנדלט די ענינים גיטין־קדושין און אַז מען איז צוגעטראָטן צו פאַמיליע־פּראָבלעמען מיט דער פולער ערנסטקייט.

מיר געפינען אין מדרשים, אַז צוליב די זינד פון די שבטים, „ויחל העם לזנות אל בנות מואב" [34] (ווי בלעם האָט געעצהט די מואָב־מדין שׂונאים), זענען געפאַלן 24 טויזנט ייִדן אין מדבר, מערסטנס פון שבט שמעון, וועמעס נשׂיא, זמרי בן סלוא, האָט חוזק געמאַכט פון משהס פסק און עפנטלעך געלעבט מיט כּזבי בת צור, די טאָכטער פון נשׂיא־מדין [35]. צוליב זיין זינד, האָט שבט שמעון נישט אַרויסגעגעבן קיין שופט אָדער מלך.

זנות דערנידעריקט דעם מענטשן ביז שאול תּחתּית, ווייל דער מענטש ווערט הפקר. אַזוי: „נואף אשה חסר לב" [36] און איז גורם די שכינה זאָל זיך אָפּטאָן. „תּועבה נעשׂתה בישׂראל" [37] דרשענען די חז״ל — זה משכּב זכר [38]; צוליבן פאַר־ברעך פון האָמאָסעקסואַליזם, וואָס איז אַ זעלטנהייט ביי ייִדן [39], איז געקומען דער חורבן.

די חז״ל האָבן אויך געוואָרנט קעגן ניבול־פּה, מ׳זאָל נישט פאַראומרייניקן דאָס מויל און דורך די אומווירדיקע רייד טמא מאַכן די נשמה, דעם גייסט פונעם מענטש [40], רייצן צו פאַרגוואַלדיקונג, צו פערווערסע תּאוות, וואָס פאַראומגליקלעכן דעם מענטש. ווער ס׳באַוויזט צו זיין אויסגעהיט, צו בלייבן אַ פּרוש פון אָט די אומווירדיקע מעשׂים, איז אַ קדוש, איז מקיים דעם פּאַרזאַג: „והתקדשתם" [41].

די חז״ל דערציילן פון אומציילעקע נסיונות ביי תּנאים און אמוראים, ווי זיי האָבן באַקעמפט דעם יצר, ווייל „כּל הגדול מחברו יצרו גדול..." און גאָר באַזונ־דערס, דעם יצר פון תּאווה, וואָס ווערט געבוירן מיטן מענטש. ס׳האָבן זיך געפונען נקבות וועלכע זענען זיי נאָכגעלאָפן, נישט איין „מטרוניתא" האָט געסטראַשעט מיט מאָרד, אויב מ׳וועט איר נישט נאָכגעבן, ווי עס האָט געטאָן פּוטיפרס ווייב. זיי, די מאָראַליסטן, האָבן זיך קאָנטראָלירט, זיך אויסבאַהאַלטן, אַנטלאָפן און זיך געראַטעוועט פון גיהנום [42].

כּדי צו דערווייטערן זיך פון יצר־הרע, נישט ווערן באַהערשט פון עמאָציעס און תּאווהדיקע אינסטינקטן, האָט מען פאַרבאָטן יחוד — אַ מאַן זאָל נישט זיין איינער אַליין מיט אַ פרוי אין אַ צימער, און ס׳איז נישט קיין אונטערשייד צי די פרוי איז אַ ייִדישע, צי אַ נישט־ייִדישע, אַן אומפאַרהייראַטע, צי אַ פאַרהייראַטע. מ׳האָט איינגעפירט תּקנות און גזירות, וואָס האָבן געצילט צו דערווייטערן מענטשן פון נסיונות, דערווייטערן פון שלעכטע מחשבות און מעשׂים פון אויסגעלאַסנקייט. נאָר וועגן דעם ווייטער.

**ב. ווי צו פאַרהייליקן דאָס פאַמיליע-לעבן. — געגנוס בהיתר מיטן צוגאָב פון מצווה. — פאַר מתן-תורה. — קדושין-צערעמאָניאַל. — תקנות וואָס גיבן אויסדרוק פון קדושה.**

פאַר מתן־תורה — ווייזט אָן דער דמב״ם — האָבן זיך מענטשן געפירט אַזוי: אַ מאַן האָט געטראָפן אַ פרוי, האָט ער זי איינגעלאַדן צו זיך אַהיים און, אויב זיי האָבן זיך פאַרשטאַנען, איז זי געוואָרן זיין ווייב, אַן „אשת איש״ [1]. נאָך מתן־תורה, ווען ס׳איז ביי ייִדן איינגעשטעלט געוואָרן אַ מאָראַליש־עטישע סיסטעם, איז חתונה באַזירט געוואָרן לויטן דין פון „קיחה״ — כי יקח איש אשה... אַ „קיחה״ מיינט נעמען אַ ווייב מיט קדושה — לויט דער תּלמוד־דישער אינטערפּרעטאַציע. די מצוות עשׂה פון „פרו ורבו״ איז פעסטגעשטעלט געוואָרן; ס׳מוזן זיין קדושין, חופּה און עדים.

פאַר מתן־תּורה, אַז אַ מאַן האָט געטראָפן אַ פרוי אין גאַס, אויפן מאַרק, „על אם הדרך״, האָט איר צוגעזאָגט אַ סכום געלט און געהאַט מיט איר געשלעכט־באַציִונגען, האָט ער זיך נישט געשעמט, נישט געפילט, אַז ער איז באַגאַנגען אַ פאַרברעך. (אַזאַ פרוי ווערט גערופן „קדשה״, אַ „גרייטע״ פאַר פּראָסטיטוציע־צוועקן); אַזאַ סעקסועל לעבן האָט מען פּראַקטיצירט אומגעשטערט. די תּורה האָט דאָס שטאַרק פאַרבאָטן: „לא תהיה קדשה בארץ״ [2]. אויב אַ ייִד פאַרנעמט זיך מיט אַזעלכעס, קומט אים מלקות; אויב די פרוי, מיט וועלכער ער האָט געלעבט, איז געווען אַ נידה — קומט אים כּרת; אויב זי איז אַ „פרעמדע״, אַ נישט־ייִדישע, איז „קנאין פוגעים בו״, ווי פינחס האָט געטאָן, ווען ער האָט בייגעוווינט די מעשׂה זמרי מיט כּזבי אין דער „קובה״ [3].

די מצווה פון פריה ורביה איז די ערשטע און וויכטיקסטע מצווה, ווייל זי ברענגט מיט זיך ישוב העולם, אָבער ווען איז דאָס אַ מצווה? — ווען דאָס ווערט רעאַליזירט דורך קדושין. האָבן מיר אין ייִדישן קאָדעקס גענויע, איינגעשטעלטע מינהגים, לויט דער מסורה פון דור צו דור, ווי אַזוי די קדושין דאַרפן דורכגע־פירט ווערן.

אין זיין שטודיע וועגן „סדר קדושין ונשׂואין״ [4], שטעלט זיך אָפּ דער מחבר און באַוווסטער פאָרשער, אברהם חיים פריימאַן, אויף די תּקנות און דער אַנט־וויקלונג פון חתונה־צערעמאָניאַל במשך פון דורות ייִדיש לעבן אין אייגענעם לאַנד און אין די תּפוצות. ער ברענגט מוסטערן פון מינהגים אין פאַרשיידענע לענדער; ער גיט אָן אויטענטישע מקורים וועגן דער אַנטוויקלונג פון חתונה־צערעמאָניאַל בימי התּלמוד און וועגן דעם ריטואַל זינט חתימת התּלמוד. ער האָט צוזאַמענגעצ־נומען שטיקלעך און ברעקלעך, ביז אונדזער צייט, אויפגעבויט אַ שיינעם בנין,

לייגנדיק ציגל אויף ציגל, און ס׳האָט זיך געשאַפן אַ ווערק פון גרויסן באַטייט פאַר אַ שטודיע וועגן דער פּראָצעדור פון קנין אשה ביי ייִדן, ווי אַזוי אַ פרוי ווערט אַן אשת־איש, ווי אַזוי זי ווערט אַן „אשת רעהו״ [5], די וועגן פון קנין דורך כסף, שטר און ביאה [6] (דאָס לעצטע איז פאַרבאָטן געוואָרן, ווייל עס ברענגט פּריצות, אויסגעלאַסנקייט).

ווי אַ פאָרשער און תלמיד־חכם אין ברייטערן זין פון די ווערטער, פאַר־נעמט זיך אברהם חיים פריימאַן מיט די פּרטים און אַנאַליזירט די דינים און תקנות, אין שייכות צו חתונה און פאַמיליע־לעבן: ווען ס׳זענען גילטיק קדושין ביי מינדעריאָריקע; דער חילוק צווישן מענער און פרויען — אַ מאַנצביל ווערט מען אין עלטער פון 13 יאָר און אַ פרויענצימער — מיט זעקס חדשים פריִער. נאָך דעם קומט די בוגרת־תּקופה, די פולשטענדיקע רייפקייט און אומאָפּהענגיקייט פון דער פרוי; אַלס „בוגרת״ גייט זי אַרויס פון פאָטערס רשות און האָט דאָס פולע רעכט איבער איר לעבן, אַלס פרוי.

ווי ער ווייזט אָן, איז אין אַלטערטום געווען אָנגענומען, אַז נישט געקוקט וואָס די מצווה פון פרו ורבו איז מען מקיים נאָר נאָכן דורכגיין די געהעריקע פּראָצעדור פון קדושין־ריטואַל, איז אָבער הייראַט־חזקה געווען שטאַרק צו מאַכן די פרוי פאַר אַן אשת־איש. אויב ס׳איז באַקאַנט, אַז דאָס פּאָר וווינט און לעבט צוזאַמען, איז די פרוי אַן „אשת־איש״: „הוחזקו בעיר שלשים יום שהיא אשתו, הורגין עליה״ [7].

דער רבונו־של־עולם — לערנען אונדז חז״ל — האָט באַשאַפן די וועלט זי זאָל נישט זיין ליידיק — „לא לתהו בראה כי־אם לשבת יצרה״, דעריבער איז אַ מצווה חתונה צו האָבן, מקיים צו זיין די מצווה „פרו ורבו״. אויב מען טוט עס נישט, איז מען „ממעט הדמות״, פאַרקלענערט מען דעם דיוקן פון אלקים־הער־שאַפט, מען איז גורם די שכינה זאָל זיך אָפּטאָן.

דאָס לעבן פון מאַן און פרוי איז באַהויכט פון שכינה־הייליקייט, ווייל דער ציל איז ברענגען מענטשן אויף דער וועלט. די מיסטעריע פון ברענגען מענטשן איז פאַרהוילן פונעם מענטשן; ער דאַרף אָבער ממלא זיין דעם דאָזיקן פאַרלאַנג זינט די בראשית־טעג. מען דאַרף די דאָזיקע מצווה ממלא זיין ווען מען ווערט רייף פיזיש און גייסטיק און מען קאָן נעמען אויף זיך דעם עול און די אחריות פון אַ פאַמיליע־לעבן.

דער זמן־הנשׂואין, האָט מען אָנגעגעבן, דאַרף זיין ביי אַ מאַן אין עלטער פון אַכצן יאָר — 18 לויטן מספּר ח״י: בן שמונה עשׂרה לחופה״ [8]. און אויב דער מאַן פילט זיך צו יונג צו נעמען אויף זיך דעם דאָזיקן עול, גיט מען אים נאָך צוויי יאָר — אָבער נאָכן דאָזיקן טערמין קומט אַ קללה אויף דעם מאַן, וואָס וויל בלייבן אַליין; לעבן אַליין מיינט לעבן אַ האַלבירט לעבן, אַ פּרוכטלאָז אומ־

שעפּריש לעבן און, לויט אייניקע מפרשים, איז ער דעמאָלט עובר אויף דער מצוות עשׂה פון פּריה ורביה [9].

אין זייער ווילן זען דעם מענטשן אין זיין נאַטירלעך לעבן, אין זיין נאַטירלעכן געניסן פון לעבן (זייענדיק איבערצייגט, אַז אַן אומנאַטירלעך לעבן מיינט זיך שטעלן קעגן דער יצירה), האָבן די חז״ל צוגעגעבן, אַז נזירות ברענגט אויף דעם מענטשן פיזישע און גייסטיקע קראַנקייטן. די חז״ל האָבן באַטאָנט, אַז דער מענטש מאַכט זיך נישט בלויז אומגליקלעך, נאָר ער רופט נאָך אַרויס אויף זיך דעם כּעס פון באַשעפער, ווייל אַן אומנאַטירלעך לעבן ברענגט הרהורי עבירה, וואָס איז ערגער ווי די עבירה גופא. עס ברענגט אויף אים נאַכטיקע טומאה [10] און ער ווערט פאַרגליכן צו אַ שופך דם, ווייל ער לאָזט אַרויס זרע לבטלה. אי די מיסטיקערס, אי די בעלי הלכה וואָרענען קעגן אַזאַ סאָרט לעבן, קעגן אַזאַ זינדיק לעבן.

ס׳זענען צוליב דעם געשאַפן געוואָרן מינהגים און תקנות אין יעדער מדינה פון דער ייִדישער צעשפּרייטקייט, אָנהייבנדיק מיט חכמי בבל, די שעפערס פון תורה שבעל־פּה, ביז די תקנות ספרד ואשכנז. די תקנות האָבן געהאַט איין און דעם זעלביקן ציל: צו שטאַרקן די מאָראַל ביי ייִדן, אָפּצוהיטן ריינקייט אין פאַמי־ליע־לעבן און פאַרהיטן פון אויסגעלאַסנקייט.

„רב מנגיד על דמקדש בשוקא ועל דמקדש בביאה ועל דמקדש בלא שדוכי ועל חתנא דדייר בי חמוה״ [11]. די דאָזיקע דריי פּרעכע אויפפירונגען ברענגען טאַקע מיט זיך פּרוכט — אָבער אויך פּריצות, אויסגעלאַסנקייט און גראָבן אונטער די יסודות פון דער ייִדישער מאָראַל, די יסודות פון אַ נאַטירלעך פאַמיליע־לעבן.

אין תלמוד ווערט דערציילט וועגן אַ מעשׂה בנרש, ווי איינער האָט מקדש געווען אַ פרוי, ווען זי איז נאָך געווען אַ קינד, אַ „קטנה״. ווען זי איז אויפגע־וואַקסן און מ׳האָט זי אַוועקגעזעצט אויף דער כּלה־שטול („אבי כורסייה״), איז איינער געקומען און האָט זי צוגעכאַפּט...

די שאלה איז געקומען פאַר רב ברונאַ און רב חננאל, תּלמידים פון רב. האָבן זיי געפּסקנט, אַז זי דאַרף נישט האָבן קיין גט פון׳עם צווייטן, פון׳עם „כאַפּער״ [12].

ווי עס ווערט איבערגעגעבן, איז דאָס מיידל געווען אַ יתומה פון איר פאָטער און מ׳האָט זי „מקדש״ געווען דורך איר מוטער אָדער ברידער, ווי דער דין איז ביי אַ יתומה קטנה. אַז זי איז אונטערגעוואַקסן, געווען ראוי לחופּה, האָבן זיי זי באַזעצט אויף דער כּלה־שטול, וואַרטנדיק אויף דעם חתן. אין דער צייט פון וואַרטן, האָט אַן אַנדער מאַן זי געכאַפּט. אין די אַלטע צייטן, איז דאָס נישט געווען פון די זעלטענע פאַלן.

מיר, אין אונדזער צייט, ווייסן פון „כאַפּערס״ אין צאַרישן רוסלאַנד צו דער אַרמיי, צו שמד, און אַנדערע סאָרטן כאַפּערס. אין אַלטערטום, האָט מען געכאַפּט

ווייבער, מסתמא איז דאָס געבליבן אין טראַדיציע פון דער אַמאָליקער כאַפּעריי ביי דעם רעשטל שבט בנימין, ווען מ׳האָט געראָטן (צוליב דעם חרם נישט צו געבן זיי קיין טאָכטער, צוליב דער מעשׂה פּלגש בגבעה), בכדי דער שבט זאָל נישט אונטערגיין, צו כאַפּן ווייבער: „וחטפתם לכם איש אשתו״ [13].

אין אלכּסנדריה — ווערט דערציילט — פלעגן בחורים כאַפּן מיידלעך און חתונה האָבן מיט זיי. די גייסטיקע פירערס, רבנים, דיינים, האָבן געהאַט גוואַלדיקע שוועריקייטן ביים באַשטראָפן די דאָזיקע עברײנים, די דאָזיקע חוצפּהניקעס, ווייל די חכמים פון דור האָבן געזען אין דעם אַ „פּריצות״, וואָס וועט צעשטערן די פאַמיליע־ריינקייט.

אין דער צייט פון רב ושמואל — אונטער גאַנץ נייע אומשטאַנדן — איז מעגלעך געוואָרן אַנצונעמען שטרענגערע מיטלען אין באַקעמפן „פּריצות״ אין יידישן לעבן [14]. נייע תקנות זענען איינגעפירט געוואָרן אַנצוהאַלטן די תורה־מאָראַל, אַריינצוברענגען קדושה אינעם לעבן פון מאַן און פרוי. דער עיקר די תקנה, אַז בלויז קדושין דורך חופּה זאָלן אָנערקענט ווערן.

אין די שפּעטערע תקופות, האָט מען זיך פאַרנומען איינצופירן, אַז חופּה דאַרף האָבן אַ מנין יידן, כּדי מפרסם צו מאַכן די חתונה צווישן פלוני און פלונית [15]. דער דאָזיקער מינהג איז אָנגענומען געוואָרן בכל תפוצות ישראל [16].

אין דער צייט פון די גאונים איז דער דאָזיקער מינהג נאָך נישט געווען פעסטגעשטעלט מיט דער פולער האַרבקייט. ס׳איז נישט קלאָר געווען די הלכה וועגן חתונה אָן דעם באַדינג פון אַ מנין. ס׳רעדט זיך וועגן דעם ביי די גאונים ר׳ משה, ר׳ נטרונאי און רב האי — די לעצטע שטעלן פעסט, אַז אַ חתונה־צערעמאָניאַל מוז האָבן אַ מנין יידן.

דער הויפּט פון דער דאָזיקער תקנה, ר׳ יהודה (אָדער יהודאי) גאון, זיידע פון רב שרירא און עלטער־זיידע פון רב האי גאון, האָט זיך באַמיט דורכצופירן די דאָזיקע תקנה און, די גאונים נאָך אים, האָבן עס שוין באַטראַכט, ווי אַ דין און איר געגעבן די סאַנקציע: אויב איינער איז עובר און פירט זיך נישט לויט די דאָזיקע כּללים, קאָן מען זיינע קדושין אַנולירן, לויט די רעכט פון „אפקעינהו רבנן לקדושין מיני׳׳״.

דער ציל פון דער דאָזיקער און אַנדערע תקנות איז געווען:

1) נישט צו דערלאָזן הפקרות אין יידישן משפּחה־לעבן; 2) צו שטאַרקן דעם שלום־בית און 3) די פרוי זאָל נישט זיין אויסגעשטעלט אין גאַנצן צום ווילן פונעם מאַן; און נאָך אַ טעם, וואָס רש״י גיט צו: מ׳זאָל נישט פּראַווען אירוסין און נשׂואין באַזונדער, נאָר דורכפירן דאָס צוזאַמען — פאַרבינדן קדושין מיט נשׂואין.

אַזוי אַרום האַלט מען אָפּ פון פּרעכקייט, פון געפאַרן; דאָס מיידל זאָל נישט האָבן קיין געשלעכט־באַציִונגען מיט איר חתן, איידער זי ווערט אָפיציעל־לעגאַל פאַרהייראַט צו אים כּדת משה וישׂראל — און זי זאָל נישט וואַגן האָבן צו טאָן מיט אַנדערע, מיינענדיק אַז זי מעג, ווייל זי האָט דאָך נאָך נישט חתונה געהאַט; לויטן דין אָבער, איז זי אַן אשת־איש נאָך אירוסין, „נערה המאורסה בסקילה...״

אין אַ גאָר שפּעטערדיקער תּקופה, האָט מען אָנגעהויבן איינפירן דעם מינהג פון פּראַווען חתונות ערב־שבת, בכדי ממעט צו זיין אין הוצאות [17]. דער דאָזיקער מינהג איז אָנגעגאַנגען ביז אונדזער תּקופה, הגם ייִדן, באַזונדערס אויפן אַמעריקאַנישן קאָנטינענט, קענען זיך דערלויבן פּראַווען רייכע חתונות.

אין ישׂראל האָבן זיך די רבנים ראשיים באַמיט, אַז חתונות זאָלן דורכגעפירט ווערן לויט די תּקנות פון באַשיידנקייט, און דער וואָס איז עובר אויף דער תּקנה, זאָל מען זיין חתונה אַנולירן און די פרוי זאָל אַפילו נישט דאַרפן קיין גט, ווייל די קדושין זענען נישט געווען לויט די תּקנות פון רבנים, אין גייסט פון יהדות. אויף דערויף האָבן מסכּים געווען סיי דער ראשון לציון הרב עוזיאל, סיי דער רב הראשי הראי״ה קוק [18], אָבער קיין מאָל נישט פּראַקטיצירט געוואָרן; קיין מאָל נישט רעאַליזירט געוואָרן.

דער ענין — חתונות נישט לויט די תּקנות חז״ל — האָט אַרויפגעבראַכט אויפן רבנישן טיש נאָך אַ מאָל דאָס פּראָבלעם פון „פרייע ליבע״, לעבן מיט אַ פרוי אָן חופּה וקדושין, אָדער ווי מען רופט עס אין לשון הקודש „זיווגין חפשיים״; דערנאָך איז געקומען די שאלה פון ציווילע חתונות — צי ווערט אַזאַ פרוי באַטראַכט אַלס „אשת איש״ אָדער נישט?

אין מיין פריִערדיקן ווערק האָבן מיר זיך באַמיט צו ברענגען די מיינונגס־פאַרשיידנהייט ביי גדולי ישׂראל. מיר האָבן אָנגעוויזן, אַז די פראַגע איז נישט ניַי, זי איז שוין באַהאַנדלט געוואָרן ביי די ראשוני הפּוסקים.

לויט ר׳ סעדיה גאון (892־942) ווערט אַ פרוי אַן אשת־איש, נאָר דורך חופּה וקדושין: „אפילו נתן לה כּמה בגדים וכמה דינרין ואפילו ישן עמה ולא נתן לה קדושין אינה צריכה הימנו גט״ [19].

אין „מגיד משנה״ אויפן רמב״ם, ווערט די שיטה באַשטעטיקט להלכה: „פּנוי הבא על הפּנויה... כּיון שלא היה מדבר עמה על עסקי קדושין ולא אמר לעדים שהוא בא עליה לשם קדושין, ודאי (מיַין קורסיוו — נ. ש.) אינה צריכה גט״ [20].

מיר האָבן אָבער פּוסקים, שוין אין דער ספרד־עפּאָכע, וועלכע האָבן מחמיר געווען. דער רמב״ן וואָרנט קעגן נעמען „פּלגשים״ (צוליב פּריצות). ער זאָרגט זיך נישט אַזוי וועגן דעם, צי זי וועט ווערן אַן אשת־איש, ווי צוליב זנות אין נידה־פּעריאָד...

דער ראַ״ש (רבנו אשר בן יחיאל, 1250־1327) — פון די ראשי הפוסקים ביים גאַנצן יידנטום — האַלט, אַז אויב ס'זענען נישטאָ קיין עדות, זענען עס נישט קיין קדושין און די פרוי ווערט נישט באַטראַכט פאַר אַן אשת־איש, לויטן כלל: „שאין דבר שבערוה פחות משנים״ [21].

דער רדב״ז (רבי דוד אבן אבי זמרא, 1479־1589) באַהאַנדלט דעם ענין אין עטלעכע תשובות [22] און האַלט, אַז דאָס אַריינגעמען צו זיך אַ פרוי, לעבן מיט איר סעקסועל, מאַכט זי נאָך נישט פאַר זיין פרוי: „ראובן הכניס אשה לתוך ביתו לשרת אותו בלא קדושין... הדבר ברור שלא חיישינן שמא בעל לשם קדושין...״

אַזוי האָבן מיר אַ ריי גדולי הפוסקים, וועלכע האַלטן זיך ביי דער דאָזיקער מיינונג.

ס'זענען אָבער דאָ אַנדערע, אויך גדולי הוראה, וואָס האַלטן זיך ביי דער חזקה — „אין אדם עושה בעילתו בעילת זנות״ צוליב דער מורא פון מערן אויסגעלאַסנקייט.

אין דער הלכהשער פּאָלעמיק פאַרנעמען זיך ראשונים און אחרונים, אַריינ־רעכענענדיק די ריזן פון דער רבנישער וועלט, ווי דער ליובאַוויטשער רבי („צמח צדק״), דער קאָוונער רב ר' יצחק אלחנן ספעקטאָר, דער סאָכאַטשעווער רב און אדמו״ר ר' אברהם באָרענשטיין [23] און אַנדערע.

הרב ר' אברהם אהרן פרייס, ווי דערמאָנט, האָט מיט יאָרן צוריק געפּסקנט לחומרא, אַז מ'קען נישט דערלויבן אַ פרוי, וועלכע האָט געוווינט מיט אַ מאַן אין „פרייע ליבע״, זי זאָל חתונה האָבן מיט אַן אַנדערן, אָן אַ יידישן גט כּדת וכדין. אויב זי האָט עפנטלעך געלעבט מיט אַ מאַן, האָט זי דעם דין פון אַן אשת־איש.

וואָס שייך „נישואין אזרחיים״ — ציווילע חתונות — וואָס זענען צום ערשטן מאָל איינגעפירט געוואָרן אין האָלאַנד (אין יאָר 1580), האָבן מיר אַ גאַר רייכע ליטעראַטור. ס'איז אַ סך געשריבן געוואָרן וועגן דעם אין „רעספּאָנסאַ״, אַזוי ווען דאָס איז איינגעפירט געוואָרן אין דייטשלאַנד, אין יאָר תרל״ה (1875) און אַזוי אין די שפּעטערע יאָרן, בעת בירגערלעכע הייראַטן זענען געוואָרן פּאָפּולער צווישן יידן אין די מערב־לענדער.

דער מהר״ם שיק [24] האָט טעאָרעטיש געהאַלטן, אַז ס'איז נישטאָ קיין חשש קדושין, ווייל זיי האָבן דאָך אָפיציעל דעמאָנסטרירט זייער צובונד נישט כּדת משה; אָבער למעשה, האָט ער זיך צוריקגעהאַלטן פון אַזאַ היתר און זיך אויסגעדריקט, אַז מ'דאַרף נאָך אַ סך טראַכטן וועגן דעם און זיך נישט איילן מיט אַ פּסק־הלכה.

אַנדערע רבנים, ביי וועלכע מ'האָט אָנגעפרעגט, האָבן געפּסקנט לחומרא — אַפילו אויף אַזאַ אופן, ווען זיי האָבן זיך דעמאָנסטראַטיוו אָפּגעזאָגט פון קדושה

אין פאַרהייראַטן לעבן, בלייבט אַלץ די פרוי, וועלכע וואָלט אין אונדזער הייגטיקן לשון גערופן געוואָרן: „ידועה בצבור", אַ פאַרהייראַטע און דאַרף האָבן אַ גט, ווען זי וויל זיך באַפרייען פונעם צובונד.

אין יאָר תּרס"ד, ווען די שאלה איז געקומען פאַרן רידב"ז (ער איז דאַן געווען רב אין שיקאַגאָ, איידער ער איז אַוועק קיין טבריה), האָט ער געפסקנט, אַז זייער טאַט איז ווי אַן עפנטלעכע דערקלערונג, צו וווינען בזנות — און זיי דאַרפן נישט קיין גט אויפצובינדן זייער פאַרבאָטענעם זיווג [25].

ר' יצחק שמעלקעס, לעמבערגער רב, פון די גדולי ההוראה, האַלט אויך, אַז ווען אַ פּאָרפאָלק באַשליסט אויף נישואי ערכאות, איז דאָס אַ באַווייז אַז זיי ווילן נישט קיין חתונה כּדמו"י און דעריבער ווערט זייער וווינען צוזאַמען באַטראַכט ווי זנות און זיי זענען פריי פון אַ גט [26]. דאַקעגן אַנדערע רבנים האָבן מחמיר געווען ביי בירגערלעכע חתונות און נישט געוואָלט מתיר מאַכן די פרוי חתונה צו האָבן מיט אַן אַנדער מאַן, סיידן נאָך אַ געהעריקן גט.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און מיטן אָנקום פון דער רוסישער אָקטאָ־בער־רעוואָלוציע, ווען „נישואי ערכאות" זענען געוואָרן אַ פאַקטאָר אין לעבן פון דריַי מיליאָן און מער רוסישע ייִדן, אונטער סאָוועטיש־באָלשעוויסטישער שטרענ־גער אַנטי־רעליגיעזער הערשאַפט, איז די פראַגע אַרויפגעשווומען מיט דער פולסטער שאַרפקייט אויפן רבנישן טיש. אייניקע רבנים האָבן זיך אַרויסגעזאָגט, אַז אַ פרוי, וועלכע לעבט אין רוסלאַנד און האָט דאָרט חתונה געהאַט לויט דעם ציווילן רעגיסטריר־סיסטעם, דאַרף האָבן אַ גט; דאָס וווינען צוזאַמען, ווי מאַן און ווייב, מאַכט זי פאַר אַן „אשת־איש". אַנדערע רבנים, נישט ווייניקער אויטאָ־ריטאַטיווע, האָבן געהאַלטן, אַז דערמיט וואָס אַזאַ פּאָרל האָט חתונה כּמינהג הבאָלשעוויקעס, האָט דאָס פּאָרל עפנטלעך דעמאָנסטרירט, אַז זיי האָבן נישט חתונה כּדת משה וישראל, איז זייער לעבן צוזאַמען — הפקרדיק, בזנות... די פרוי איז בלויז אַ פּלגש און אַ „פּלגש", האָבן שוין ראשונים געפסקנט, קאָן ווערן פריי אָן אַ גט!

מיר פאַרנעמען זיך נישט מיט הלכה און דעריבער קענען מיר נישט אַריינגיין אין פּרטים, מיר קענען זיך נישט פאַרנעמען מיט אַ פּסק הלכה און געבן אַנאַלי־טישע אַנווייזן, ווי דער רבים פון דער רבנישער וועלט האָט פעסטגעשטעלט. ס'איז נאָך אויך אַ פראַגע, צי אַ „פּלגש" קאָן זיך אַזוי לייכט באַפרייען. זי האָט דאָך געוווינט מיטן מאַן און איז געווען געאייגנציקט פאַר דעם דאָזיקן מאַן [27], ווי זשע קען מען איר אַזוי לייכט דערלויבן פאַרלאָזן איר מאַן און לעבן מיט אַן אַנדערן? געדענקען מיר דאָך, וואָס ס'האָט אַ מאָל פּאַסירט מיט אַ פּלגש, ווען אַ גאַנצער שבט איז שיִער נישט אָפּגעווישט געוואָרן!

אינטערעסאַנט איז, אַז ר׳ חיים עוזר (גראָדזענסקי), ווילנער רב און אָנער־קענטער פּוסק, האָט געהאַלטן, אַז אַ ייִדישע פרוי וואָס האָט אין רוסלאַנד געלעבט מיט אַ מאַן, בלויז אויפן סמך פון „רעגיסטרירן" זיך ביי אַ קאָמוניסטישן ריכטער אָדער ריכטערין, דאַרף נישט האָבן קיין גט. ער האָט געהאַט דערויף באַווייזן פון ראשוני הפּוסקים, ווי דער ריב״ש, תשב״ץ, רדב״ז, מהר״ם שיק, בית יצחק און אַנדערע.

ר׳ יוסף ראָזן (תרי״ח-תרצ״ו) דער „ראָגאַטשעווער גאון", דווינסקער רב, האָט נישט איינגעשטימט מיטן דאָזיקן פּסק. ער האָט געהאַלטן אַז „נישואין אזרחין" האָבן יאָ אַ האַפט, אַז דאָס איז „קנין אישות", ווייל פאַר מתן־תורה, ווען דער פאַרבאָט איז שוין געגעבן געוואָרן „ודבק באשתו — ולא באשת חברו" [28], איז דער איינציקער קנין געווען דאָס עצם ווױנען מיטן מאַן. זיין פּסק־הלכה איז געווען, אַז די סאָוועטיש־ייִדישע פרוי, וועלכע לעבט מיט אַ מאַן לויט דער אָרטיקער לעגאַליטעט, איז אַן אשת־איש און קען זיך נישט באַפרייען, סיידן דורך אַ גט כדת וכדין.

די הלכהשע פּאָלעמיק איז אין די פערציקער יאָרן באַנייט און אויפגעפרישט געוואָרן: מתירים און מחמירים, ווי מיט פופציק יאָר צוריק. די פּאָלעמיק איז געווען צווישן ר׳ אברהם יודעלעוויטש, ר׳ יעקב בן ציון מענדעלסאָן, ר׳ חיים פישל עפשטיין (אין די פאַראייניקטע שטאַטן), קאָוונער רב, דובער כהנא שפּירא (אין יאָר תרצ״ה) און די ישראל רבנים ראשיים, באַזונדערס הרב עוזיאל. אַ מיינונגס־פאַרשיידנהייט וועגן אַ לעבנס־פראַגע — אַ פּראָבלעם וואָס שטעלט מיט זיך פאַר דעם יסוד פון חיי המשפחה און געהערט צו די דברים העומדים ברומו של עולם. די דיסקוסיע איז געפירט געוואָרן סיי צווישן אַשכּנזישע, סיי צווישן ספרדישע רבנים, ווייל דאָס פּראָבלעם רירט אָן אי ספרדישע אי אַשכּנזישע קהילות און עדות.

מיר האָבן פריִער שוין איבערגעגעבן די מיינונג פון רבנישע אויטאָריטעטן אין אונדזער צייט, די מיינונג פון היינטיקע רבנים־פּוסקים, ווי הרב הגאון ר׳ אברהם אהרן פּרייס, הרב ר׳ גדלי׳ פעלדער, רבנים אין די פאַראייניקטע שטאַטן און רבנים אין ישראל.

די הלכה איז דאָ זייער קאָמפּליצירט און בלויז רבנים מומחים — אַזעלכע וואָס פאַרשטייען דעם גרונט־ און עיקר־פּרינציפּ פון הלכה — נאָר אַזעלכע מעגן זיך אַריינמישן, זאָגן זייער אויטאָריטאַטיוו וואָרט. אַן אָפּנייג פון דער הלכה ברענגט ממזרות, שטעלט אין סכּנה דאָס משפּחהדיק לעבן.

דער פּוסק הדור ר׳ משה פיינשטיין פון ניו־יאָרק, פאַרנעמט זיך מיטן דאָזיקן פּראָבלעם אין אַ צאָל פון זיינע „אגרות משה" און אין דעם לעצטן באַנד [29] איז ער טעאָרעטיש פעסט ביי זיך, מיקל צו זיין אין דער שאלה פון די הייראַטן אין

סאָוועט־רוסלאַנד, ציווילע און רעפאָרם־חתונות; דאָס פּאָרל, האַלט ער, ווערט נישט לעגיטימירט לויטן תּורה־דין אַלס „אישות" — די פרוי זאָל דאַרפן האָבן אַ ייִדישן גט. אָבער למעשׂה איז ער נישט מיקל, צו דערלויבן איר חתונה צו האָבן אָן אַ גט; אָבער פסלען קינדער, געבוירענע אַלס רעזולטאַט פון אַ שפּעטערדיקן צוזאַמענלעבן מיט אַן אַנדער מאַן, דאָס נישט! פאַר דעם שטעלט ער איין זיין פסק!

ר' משה פיינשטיין שליט"א ברענגט אויך אַ ראיה פונעם גאון־און־צדיק ר' יוסף אלי' הענקין [30], אַז ער האָט מחמיר געווען ביי קדושין ערכאות און קדושין רפורמי, „מאחר שדרו ביחד כדרך איש ואשתו".

ווי געזאָגט, זענען די דאָזיקע ענינים זייער קאָמפּליצירט און פּראָבלעמאַטיש, און בלויז גדולי הדור און רבנישע אויטאָריטעטן, האָבן אַ רעכט זיך אַרויסצוזאָגן און באַהויפּטן זייער מיינונג אין הלכות „אישות". זיי טראָגן אויף זיך דעם עול און די אחריות אין רעגולירן און קאָנטראָלירן ייִדיש לעבן, לויט תּורה און מסורה. זיי האָבן אַן ערנסטן, טיפן צוגאַנג צו מענטשלעכע פּראָבלעמען און שעפּן זייער וויסן פון תּורה און הלכה־קוואַלן.

אַ „גט מעושׂה", אַן אַרויפגעצוווּנגענער גט, איז פּסול: דער מאַן מוז מסכּים זיין צו געבן אַ גט; אַ גט „בעל כּרחה" איז פאַרבאָטן, לויטן חרם דרבנו גרשם: „אָסור לגרש אשתו בעל כּרחה, בלי רצונה". דערצו זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן באַדינגונגען, ווען און ווי אַזוי אַרויסצוגעבן אַ גט:

דער גט מוז זיין געשריבן „לשמה", אין איר נאָמען, אין זיין נאָמען און „לשם גירושין"...

דער מאַן, אָדער זיין שליח, דאַרף איבערגעבן דעם גט דער פרוי אין האַנט, אָדער אין איר רשות און ס'דאַרפן דערויף זיין עדות...

דער סופר און די עדות טאָרן נישט זיין קיין קרובים, נישט צווישן זיך, נישט צום מאַן אָדער צו דער פרוי.

מען דאַרף פריִער אָנצייכענען 12 שורות און צוויי האַלבע שורות פאַר די עדות.

די אַלע תּקנות זענען איינגעפירט געוואָרן, בכדי מ'זאָל זיך נישט באַציִען לייכטזיניק ביים אויפלייזן דעם הייליקן אַקט צווישן מאַן און פרוי.

ס'זענען אָבער דאָ פאַלן, ווען מען אַנולירט די קדושין, און די רבנים האָבן דאָס רעכט — „כּל דמקדש אדעתא דרבנן מקדש" — און דאָס רשות אויפצולייזן אומגעזונטע און אומנאַטירלעכע קדושין, למשל:

1) ווען דער מאַן האָט זיך אויסגענומען מיט דער פרוי, אַז זי האָט נישט קיין פעלערן און נאָך דער חתונה האָט ער אויסגעפונען ביי איר פעלערן, ווי אַ ריח רע מן הפה... [32]

2) ווען ער האָט אויסגעפונען אַז זי האָט אים גענאַרט, זי האָט גענומען אויף זיך נדרים, וואָס זענען אַ שטערונג צום פאַמיליע־לעבן [33].

3) אויב דער חתונה־אַקט איז געחתמעט פון פסולע עדות.

4) אויב דער מאַן האָט נישט קיין כּוח גברא — און זיין אימפּאָטענץ קען נישט געהיילט ווערן.

5) אויב ער האָט די פרוי מקדש געווען און געלעבט מיט איר אויפגעצווונגענערהייט — „שויהו רבנן לבעילתו בעילת זנות" [34].

ס׳זענען אויך דאָ פאַלן, ווען מען צווינגט דעם מאַן צו געבן אַ גט זיין פרוי:

1) אויב דער מאַן האָט געקראָגן אַן אומהיילבאַרע קראַנקהייט און זי זאָגט, אַז זי קען נישט וווינען מיט אים, צוליבן שלעכטן ריח...

2) אויב דער מאַן איז געוואָרן קרעציק.

3) אויב ער האַלט אויס זונות און פאַרברענגט מיט זיי (ער איז אַ „רועה זונות").

4) אויב דער מאַן וויל זי נישט אויסהאַלטן, וויל נישט אַרבעטן, פאַרביטערט איר דאָס לעבן און זי טענהט: „אין אָדם גר עם נחש בכפיפה אחת"...

דער מאַן האָט דאָס רעכט צו גטן זיין פרוי, אויב ער באַווייזט, אַז זי איז אַ „מורדת", אַז זי וויל נישט לעבן מיט אים געשלעכטלעך, זי וויל זיין „סעפּאַרירט". דערויף דאַרף מען האָבן אַ היתר מאה רבנים — הונדערט רבנים זאָלן מסכּים זיין און אָנערקענען זיין טענה.

אויב אַ פרוי וווינט מיט אַן אַנדער מאַן, גיט מען איר „גט בעל כּרחה", כּדי דער ערשטער מאַן זאָל קענען חתונה האָבן.

די גדולי הפּוסקים אין אַלע צייטן, באַזונדערס אין יאָר תּרמ״ד און אין תּרס״ח, האָבן זיך שאַרף אַרויסגעזאָגט קעגן אַ תּנאי ביי חופּה־קדושין אַז אויב זיי וועלן זיך נישט געפעלן, זאָל דער חתונה־אַקט ווערן אַנולירט און מ׳זאָל נישט דאַרפן קיין גט.

הרב אברהם דוד העכט [35] שרייבט וועגן דעם פּסק פון תּרמ״ד (1884) קעגן דעם רעפאָרם־ראַבינער פון פּאַריז און, אין יאָר תּרס״ח, קעגן אַ צאָל פּאַריזער רעפאָרם־ראַבינערס, וועלכע האָבן געוואָלט איינפירן אַזאַ פאַרלייכטערונג. ס׳האָבן זיך אַרויסגעשטעלט מיט שטראַף־ווערטער: אדמו״ר ר׳ אברהם באָרנשטיין (סאָכאַטשעווער רב, בעל „אבני נזר"), ר׳ יצחק אלחנן פון קאָוונע, ר׳ דוד פרידמאַן פון פּינסק, ר׳ מאיר שׂמחה הכּהן פון דווינסק, ר׳ יוסף ראָזן און אַנדערע.

אין זיין סומירן:

„...במחאה גלוי׳, חתומה ע״י כּמאה רבנים מגדולי רוסיא ופולניא, ובראשם בעל אבני נזר ז״ל ותשעים מגליציא ובראשם המהרש״ם ז״ל שאין אשה ניתרת מבעלה בלא גט, ושום תּנאי לא מועיל...

„וכן יצאו בקו״ק מיוחד רבני אונגריא ורבני אה״ק וכו׳ ביחד כארבע מאות רבנים ובספר אין תנאי בנשואין נדפסו דבריהם ובספר „לדור אחרון״ (תרצ״ו) יצאו אלף רבנים מכל העולם נגד שום תנאי בנשואין... כאלף וחמש מאות רבנים מכל העולם כולו... אסרו בהחלט קדושין על תנאי, באיזה תנאי שיהי׳״...

די קדושה פון חתונה, קדושה פון זיווג איז געהיט געוואָרן לדור־דורות.

**ג. ריינקייט ביי קדושין און ריינקייט נאָך קדושין. — נידה־אָפּגעהיטקייט. — פרוי ווערט חודשלעך באַנייט. — לבנה־שיינקייט אָן פּגימות. — דערווייטערונג וואָס פאַרזיכערט דערנענטערונג.**

אין מיין ווערק „די באַציִונג צו דער פרוי״, האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף פרישות און קדושה אין ייִדישן פאַמיליע־לעבן, אויף די דינים און אויף די מאָטיוון פון נידה־אָפּגעזונדערטקייט. מיר זענען נישט אַריין אין די הלכה־שע אַספּעקטן, ווייל דערויף דאַרף מען זיין אַ גרויסער מומחה און בכלל געהערט עס נישט צו אונדזער טעמאַטיק.

די קדושה אינעם לעבן פון מאַן און פרוי פאַרוואַנדלט דאָס גליקלעכע פּאָר אין צוויי העלפטן מיט איין נשמה. פאַראַן אָבער צייטן, ווען די צוויי העלפטן מוזן זיין פונאַנדערגעטיילט און דערנאָך צוריק פאַראייניקט.

די חודשלעכע באַנײַונג פון דער לבנה און די אויפפרישונג און רייניקונג פון דער פרוי ווערן פאַראַלעל צוזאַמענגענומען, נישט בלויז ביי פּאָעטן אין זייערע נאַכטיקע חלומות. שוין ביי די בעלי אגדה פון אַמאָל, זעען מיר די דאָזיקע אַנאַלאָגיעס:

„...תדע לך שבכל חודש וחודש האשה מתחדשת וטובלת וחוזרת לבעלה, והיא חביבה עליו כביום חופתה... כשם שהלבנה מתחדשת בכל ר״ח והכל מתאוין לראותה, כך האשה כשהיא מתחדשת בכל חודש, בעלה מתאוה אליה וחביבה לו כאשה חדשה״... [1]

די חז״ל האָבן געפונען אַ מסורה, אַז נידה־אָפּגעזונדערטקייט איז שוין אָפּגעהיט געוואָרן ביי אברהם אָבינו. אברהם, דער פּראָטאָטיפּ פון אַ מאמין און פון אַ מענטשן־ליבהאָבער, אין וועמעס לעבן ס׳שפּיגלען זיך אָפּ שטרעבונגען פון די נאָכקומענדיקע דורות, איז אויך דער מוסטער־מענטש ווי אַזוי צו לעבן מיט אַ פרוי. אין זיין אמונה געפינט מען די ייִדישע אויפפאַסונג וועגן ציל פון מענטש־באַשאַף: פון מענטש — משפחה און פון פאָלקס־קאָלעקטיוו. דער פאָלקס־קאָלעק־

טיוו, די נאַציע, קאָן האָבן אַ קיום נאָר דאַן, ווען זי ווערט געבויט, וואַקסט אויס און פאַרמערט זיך אויפן יסוד פון ריינעם קערפּער און ריינער נשמה.

די חז״ל מיט זייער וויטן בליק, האָבן דאָס געזען ביים אורפאָטער.

אויף דעם פסוק „ויקח חמאה״ [2] פרעגט רש״י: „ולחם לא הביא?״ און ענטפערט: „לפי שפירסה נידה... ונטמאת העיסה״ [3]. דאָס זענען, וואָס אַן אמת, נישט מער ווי רמזים — אָבער די רמזים זענען געוואָרן מסורה און הלכה: שׂרה האָט זיך נישט געקענט באַטייליקן אין דער גרויסער סעודה פאַר די דריי חשובע לייט, ווייל זי איז געווען אַ נידה. דאָס הייסט, זי האָט צוריקגעקראָגן איר יונגשאַפט, נאָך איידער זי האָט געקראָגן די בשורה.

ווי מפרשים ווייזן אָן, האָט מען אויף דעם דאָזיקן פאַקט בלויז מרמז געווען. ווען די מלאכים האָבן געהאַלטן ביים פאַרלאָזן, האָבן זיי זיך געפרעגט: „איה שׂרה אשתך?״ ווו איז דיין ווייב שׂרה — און דאַן האָט אַ מלאך איר אָנגעזאָגט, אַז זי וועט האָבן אַ זון.

די מפרשים, געשטיצט אויף דער הנחה פון די חכמי התלמוד, האָבן דאָ אָנגעוויזן, אַז ביים פאָטער פון יידישן פאָלק, איז שוין אָפּגעהיט געוואָרן די דערווייטערונג פון דער פרוי בעתן מענסטרואַציע-פּראָצעס. בעת משה רבינו האָט די עברים איבערגעגעבן די געבאָטן, האָט ער זיי אָנגעזאָגט, אַז „נידה״-אָפּגעזונדערטקייט און אומריינקייט, דאַרף געדויערן זיבן טעג [4]. ביים באַפעסטיקן די דאָזיקע הלכה, זענען באַשטימט געוואָרן נאָך זיבן ריינע טעג.

ביי יעקב אָבינו, ווייזן אָן די חכמי התלמוד, איז די דאָזיקע פרישה געהיט געוואָרן; זיינע ווייבער זענען נזהר געווען אין די דאָזיקע נידה-דינים: רחל זאָגט צו איר פאָטער, צו לבנען — „זאָל נישט פאַרדריסן אין די אויגן פון מיין האַר, וואָס איך קען נישט אויפשטיין פאַר דיר, ווייל דער שטייגער פון ווייבער איז איצט ביי מיר״ [5].

אין שפּעטערע צייטן, ווי געזאָגט, זענען צוגעקומען נאָך נייע און שטרענגע תקנות וועגן דער דערווייטערונג פון אַ נידה: מען טאָר נישט אָנרירן קיין נידה; מען טאָר נישט זיין נאָענט צו איר אאַז״וו [6]. פשוט, די דערווייטערונג האָט אַ היגיענישן הינטערגרונט — פאַרהיטן סעקסועלן פאַרקער בעתן מענסטרוירן, ווייל דאָס קאָן ברענגען ווענערישע קראַנקייטן. אין קבלה-מיסטיציזם ווערן שוין אָנגעגעבן טיפערע און ווייטערע מאָטיוון — האָבן פאַרקער מיט אַ פרוי, ווען זי איז אַ נידה, קאָן גורם זיין פגימות אינעם גאַנצן קאָסמאָס, אַוודאי אין דער מענטש-יצירה.

מיר געפינען אויך אַ פשוטן, ראַציאָנעלן מאָטיוו: „כדי לחבבה על בעלה״ — עס איז אַ דערווייטערונג וואָס ברענגט דערנענטערונג. נאָך צוויי וואָכן אָפּגע-

זונדערטקייט, ווערט זי שטאַרק באַגערט פונעם מאַן, ער בענקט נאָך איר! אַ נייע, פרישע ליבע אַנטוויקלט זיך.

„ר׳ מאיר זאָגט: פאַר וואָס האָט די תורה אָנגעזאָגט, אַז אַ נידה דאַרף זיין אומריין גאַנצע זיבן טעג? ווייל דער מאַן ווערט צוגעוווינט צו זיין מיט זיין ווייב און ווערט גלייכגילטיק צו איר, האָט די תורה געזאָגט, זאָל זי זיין אומריין זיבן טעג יעדן חודש, וועט זי דערנאָך זיין באַליבט ביי איר מאַן, ווי אין חופה־טאָג״ [7].

דאָס אָפּגעהיטקייט פון נידה, דער טאַבו אויף געשלעכט־פאַרקער בעת די פרוי איז אין מענסטרואַציע־פעריאָד, איז במילא נישט בלויז אַ גזירה, אָדער בלויז צוליב געזונט־צוועקן, נאָר אויך צוליב פאַמיליאַרישקייט, צוליב דער שטרעבונג צו אַ שיין, משפּחהדיק, האַרמאָניש לעבן.

דער עונש איז גרויס אויף די וואָס זענען עובר דעריויף, ווייל עס צעשטערט סיי דעם געזונט און סיי די ליבשאַפט צווישן מאַן און פרוי — עס צעשטערט אַפילו דעם געגנוס פון „קרבת בשר״ [8]. די יידישע מאָראַל האָט געוואָלט פאַרזיכערן די הייליקייט און ריינקייט אין פאַמיליע־לעבן, ווי עס איז געהייליקט געוואָרן דורך דת משה וישראל. אַן אָפּנייג פון די דאָזיקע געזעצן איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ שריט צו צעשטערן די קדושה אינעם פאַמיליע־לעבן און די גאַנצקייט פון יידישן פאָלק.

די הלכות אישות האָבן אַ ראַציאָנעלן מאָטיוו, נישט ווייניקער ווי אַ מיסטיש־סימבאָלישן אין יעדן פּרט פון זיווג, ווייל אויב מען איז עובר בכוונה אויף איין פּרט, ווערט דער גאַנצער יסוד צעשטערט. די אייגנאַרטיקייט אינעם משפּחה־לעבן איז באַשטימט געוואָרן אַלס באַראָמעטער פונעם אייגנאַרטיקן יידישן לעבנס־סדר.

ווען אברהם אָבינו פאַרלאָזט זיין היים, וואָס זעען מיר? ער גייט אויף אַ נייעם, נאָך נישט אויסגעטראָטענעם וועג. מיט וועמען? — מיט זיין בילד שיינער לעבנס־באַגלייטערין, שׂרה; ווען ער דאַרף אַ זיווג פאַר זיין בן־יחיד, גייט ער אויף מסירת־נפש צו קריגן אַ פּאַסיקן זיווג; ווען אליעזר, דער עבד אברהם, טרעפט אָן אויף דער ריכטיקער פרוי פאַר יצחקן, וואָס זאָגט ער צו לבנען און בתואלן? — „מה׳ יצא הדבר״ [9]. דער קנין פון דער פרוי קומט פון גאָט, עס איז אַ הייליקער קנין.

הרב אביגדור עמיאל קאָמענטירט די דאָזיקע ווערטער: זיי האָבן אַ שייכות צו דעם זאָג: „מה׳ אשה לאיש״... דערמיט פאַרענטפערט ער די באַקאַנטע קשיא: פאַר וואָס ווערט נישט געזאָגט „איש לאשה״? אויך די הימלישע הכרזה, פערציק טעג איידער דאָס קינד ווערט געבוירן איז — „בת פלוני לפלוני״ און נישט פאַרקערט. דאָס איז דערפאַר — קלערט ער אויף — ווייל דער מאַן האָט בחירה צו טאָן אָדער נישט צו טאָן די מצווה „פרו ורבו״ — די פרוי איז דאָך נישט גע־באָטן געוואָרן מקיים צו זיין די דאָזיקע מצווה, קען אויף איר זיין אַ הכרזה־

באַשטימטקייט, אַ הימלישע באַשטימונג צו וועמען זי זאָל געהערן. זיין מיינונג איז, אַז נאָר דאָרט ווו עס איז דאָ מצווה, שׂכר ועונש, איז פאַראַן בחירה, כּדי דער מענטש זאָל האָבן די מעגלעכקייט זיך אויסצוקלייבן דעם וועג אויף וועלכן צו גיין.

איך וואָלט צוגעגעבן — לפי עניות דעתי — נאָך אַ מאָטיוו, פאַר וואָס די באַשטימטקייט איז אויף דער פרוי און נישט אויפן מאַן; ווייל, וואָלט איך געזאָגט, די פרוי איז דאָך דער פאַסיווער טייל פון מקיים זיין די מצווה, בעת דער מאַן איז דער אַקטיווער.

די פרוי פאַרמאָגט אָבער דעם כּוח צו דערוועקן ביים מאַן זיינע מענלעכע פּאָטענצן (ווי דאָס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן ביי פּסיכאָלאָגן און גינעקאָלאָגן), דעריבער גיט מען אים, דעם מאַן, אויב ער האָט זכות פון הימל, די געהעריקע פרוי און ביי אים בלייבט די בחירה, וואָס שייך פּריה ורביה. די פרוי טראָגט צו איר פאַסיוון חלק צום יצירה־פּראָצעס און דער מאַן דאַרף אַקטיוויזירן זיין חלק.

און דאָ קומען מיר צו נאָך אַ פּונקט, אין שייכות מיט חתונה אין דער ביבלישער תּקופה: אין דער תּורה, ווערט דאָס נעמען אַ פרוי גערופן מיטן לשון קיחה — נעמען: „כּי יקח איש אשה" [10] — געוויינלעך ווערט עס אויסגעטייטשט — קויפן, קנין, „קיחה קיחה משדה עפרון" [11] וואָס איז מער ווי אַ סימבאָלישער קנין; דער קנין איז אַ קנין הגוף און קנין הנשמה... ר' יעקב צבי מעקלענבורג [12] ברענגט דאָ אַריין אַ נייעם טייטש, אַ זייער געוואַגטן: קיחה זאָל גאָר מיינען עפּענען, ווי אַ שליסל עפנט דאָס פאַרשלאָסענע; ביי דער פרוי, מיינט עס — דאָס פאַר־באָטענע! אין זיינע ווערטער: „שע"י קדושין האשה נקשרת עם האיש להיות לו לבדו לבשׂר אחד".

לויט דער אַקסיאָמע, איז קיחה געמיינט צוגעבונדנקייט; דורך קדושין ווערט די פרוי צוגעבונדן צום מאַן. די צוויי פּרצופין — ווי דער פאַל איז געווען ביי דער בּראשית־יצירה — מיטן ציל זיי צו באַהעפטן, ווערן אַזוי אַרום דערפילט, דער־גרייכט צום ציל פון „אחור וקדם צרתנו"... די פּרצופין פאַרבונדן קערפּערלעך און נשמהדיק.

ווי איז אָבער, אַז אַ מאַן לעבט מיט אַ פרוי נישט לשם אישות, נישט לויט קדושין, נאָר אויס עמאָציאָנעל אינסטינקטיווער סעקסועלקייט, בלויז לשעה — איז דאָס זנות. מאָמענטאַלע באַפרידיקונג שאַפט נישט קיין קרובהשאַפט, קיין פאַמיליאַרישקייט, איז במילא נישטאָ קיין קרבת־משפּחה, דאָס איז אַ חיהשע באַפרידיקונג.

די אישות־דינים און פּרינציפּן זענען געבויט אויף דעם אומצעררייסבאַרן משפּחה־פּרינציפּ, און זענען באַזירט אויף קדושת החיים. די קדושה ביים ייִדישן פאָלק איז טיף פאַרוואָרצלט אין זיין אורשפּרונג [13] און קייטלט זיך; אויב נישט דירעקט פון אָדם הראשון, איז עס געקייטלט, ווי געזאָגט, מיטן לעבן פון די אָבות

און איז געשטאַרקט געוואָרן ביי מתן־תורה, דורך די אָנזאָגן יידן זאָלן זיין אַ „גוי קדוש", אַ געהייליקטע מחנה, „והיה מחניך קדוש" און „קודש ישראל לד׳".

די מאָראַלישע געקייטלטקייט ביי יידן ציט זיך פון די יוצאי מצרים, דורך דער שופטים־ און מלכים־עפּאָכע, ביז דער תקופה פון בית שני, ווען נאָך אַלע ראַנגלענישן מיט די פרעמדע השפּעות, איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דער קלסתר פּנים פון יידישן פאָלק — אַ פּנים וואָס האָט זיך נישט געענדערט נאָך די אַלע שווערע און ביטערע גלותן. צוליב משפּחה־קדושה, זענען יידן געוואָרן אַן עם הנבחר, אַן אויסדערוויילט פאָלק, נישט צוליב ראַסע־טעמים, נאָר צוליב משפּחה־ריינקייט.

די גאולה פון מצרים, האָבן די חכמי התלמוד אָנגעוויזן, איז געווען צוליב פיר זאַכן: איינע פון די פיר — די אָפּגעהיטקייט פון „גלוי עריות": דאָס אויס־היטן זיך פון סעקסועלער אומריינקייט.

דער כנעני איז פאַרשאָלטן געוואָרן צוליב סעקסועלער פאַרברעכערישקייט [14]. דער פאַרבאָט ביי יידן פון חיתון מיט אַנדערע פעלקער איז געווען, נישט בלויז צוליב דער מורא פאַר אַסימילאַציע, פון דינען צו פרעמדע געטער, נישט בלויז צוליב ראַציאָנעלע מאָטיוון. עס האָט אויך באַוויגן דער קדושה־מאָטיוו, נישט פאַרזונקען צו ווערן אין טומאה. עליס קינדער ווערן פאַרשאָלטן, ווייל זיי האָבן זיך פאַרנומען פרעך און מיאוס צו יידישע פרויען, צו די צניעותדיקע, גלייביקע פרויען, וועלכע פלעגן קומען קיין שילה מיט זייערע קרבנות, אַלס דאַנקבאַרקייט פאַר אַ פרוכפּערדיק, ערלעך משפּחה־לעבן.

דער חורבן פון ערשטן בית־המקדש איז געקומען צוליב דריי פאַרברעכנס, איינס פון די דריי: „גלוי עריות" [15]. יידן זענען אַריין אין אַ מאָראַלישן זומפּ דורך די תאוודיקע און מאַכטגיריקע מושלים — די מלכים און זייערע מיט־העלפערס.

לעתיד לבוא, ווען די רוימער וועלן געשטעלט ווערן צו משפּט, וועט מען זיי באַשטראָפן נישט בלויז צוליב זייער רשעות און אכזריות, נאָר צוליב זייער פאַרטועגקייט אין זנות. מען וועט זיי פרעגן: מיט וואָס האָט איר זיך פאַרנומען? וועלן זיי ענטפערן: מיר האָבן אַ סך גאַסן אָוועקגעשטעלט; אַ סך בעדער געבויט... וועט זיי הקדוש־ברוך־הוא דאַן ענטפערן: אַלץ וואָס איר האָט געטאָן איז געווען פאַר אייער אייגענעם געברויך, גאַסן — אָוועקצוזעצן זונות; בעדער — זיך אָנצו־טאָן פאַרגעניגן.

נישט קיין וואונדער, וואָס ווען עזרא הסופר איז געקומען צוריק אויפצושטעלן דאָס בית ישראל — און נישט לייכט איז עס אים אָנגעקומען — האָט ער זיך גענומען באַפעסטיקן די תורה און באַפוילן צו רייניקן דאָס פאַמיליע־לעבן.

די פּרושים ביים בית שני און נאָכן בית שני, ווערלנדיק פאַרזיכערן דעם קיום פון פאָלק, האָבן זיך שטאַרק אָפּגעגעבן מיט פיקסירן די ייִדישע מאָראַל, שאַפן געזעצן פאַר דעם ספּעציפישן ייִדישן שטייגער לעבן. דער עיקר האָבן זיי זיך פאַרנומען מיט פאַרהיטן די פאַמיליע־גאַנצקייט פון פרעמדע צעשטערערישע איינפלוסן.

ס׳זענען דעריבער פאַרשטענדלעך די מאָטיוון פון די חז״ל, אָפּצוווישן און צו באַרעכטיקן דוד המלכס פאַרנעמען זיך מיט פרויען. דער „נעים זמירות ישׂראל״, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט וועגן דער פרוי, אַז „כל כבודה — בת מלך פנימה״ [16], אַז דער כּבוד פון דער פרוי, איז איר באַשיידנקייט, איר צוריקגעצויגנקייט און היימישקייט, ער זאָל גאָר ווערן פאַרכאַפּט פון פרויען־נאַקעטקייט?

זיין באָבע, די באַרימטע רות — די העראָישע פרוי מיט איר גאָלדן האַרץ און אומגעוויינלעכן רייץ — צייכנט זיך אויס מיט ראַפינירטקייט, מיט שטאַרקן כאַראַק־טער. זי פאַרנעמט אַן אָרט צווישן די ווונדערלעכע געשטאַלטן פון די אמהות, וועלכע האָבן אויפגעבויט דאָס הויז פון ישׂראל. דוד המלך, וואָס ציט זיין מגילה־יחוס פון אָט דער מערקווירדיקער מואבישער טאָכטער — זאָל גאָר אַרויסווייזן שוואַכקייט און זיך פאַרלירן, בעת ער דערזעט אַ פרוי זיך באָדן?

אין דוד המלכס לעבן זעט מען, אַז די פרוי פאַרנעמט אַ גאָר אָנגעזעענעם אָרט. מיר זעען ביי אים אַ געמיש פון מאָראַל און תּאווה, געפיל און פאַרשטאַנד, עמאָציע און חרטה. ער שטייט פאַר אונדז דער גרויסער מלך, מיט אַלע מענטש־לעכע שוואַכקייטן און מיט אַלע מענטשלעכע ראַנגלענישן. ער איז באַאיינפלוסט געוואָרן פון אָט די אַלע געפילן. בעת די פרויען האָבן פאַר אים געזונגען „שאול אין די טויזנטער און דוד אין די צען טויזנטער״ — האָט עס אים גערירט... נישט אומזיסט האָט דאָס דאָזיקע געזאַנג אַרויסגערופן ביי שאולן קנאה און שׂנאה.

נאָך דעם ווי שאול און יהונתן זענען געפאַלן אויף די גלבוע־בערג, בעט דוד מ׳זאָל נישט דערציילן אין גת און אין אשקלון וועגן שאולס מפּלה, „כּדי די טעכטער פון די פלשתים זאָלן זיך נישט פרייען און די טעכטער פון די ערלים זאָלן נישט קווערלן״.

דוד המלך איז אויך גרייט צו נעמען אויף זיך דעם גרויסן עונש, צוליב זיין ליבע.

זיין באָבע רות, די מואבישע טאָכטער, וויל לעבן אַ שטיל, רויִק און תּמימות־דיק לעבן, און ער, דאָס אייניקל, דער גרעסטער קעניג ביי ייִדן, דער „נעים זמירות״, דער באַזינגער פון דער ייִדישער מאָראַל, פון דער ייִדישער אמונה, פאַרלירט זיך אין אַ הייסן מאָמענט, באַצווינגט אַ פרויס האַרץ און איז גרייט צו נעמען אויף זיך דעם האַרבסטן עונש פאַר זיין תּאווה — „אויף אייביק זאָל די שווערד נישט אָפּגעטאָן ווערן פון זיין הויז!״

די חז״ל האָבן דאָס נישט געקענט אָננעמען אַזוי פּשוט [17] און זיך אויסגע־דריקט, אַז ווער ס׳וואָגט צו זאָגן: „דוד האָט געזינדיקט, איז ער אַ טועה, מאַכט אַ טראַגישן טעות״ [18] — די עצם פראַגע איז אָבער נישט פאַרענטפערט געוואָרן.

דוד המלך האָט מקדש השם געווען, אָננעמענדיק זיין גורל באהבה, און פאַר־שטאַנען אַז צוליב אַזאַ ליבע קומט אים די שטראָף.

דער רוב פון די שפּעטערדיקע קעניגן, צי פון מלכות יהודה, צי פון מלכות ישׂראל איז געווען פאַרטאָן, ווי די געצנדינערישע קעניגן, אין געיעג נאָך תּאווה, כּבוד און מאַכט. זיי האָבן אַפילו „ביים טויער פון גיהנום״ קיין תּשובה נישט געטאָן.

ווי ס׳זאָל נישט זיין, איז די פרוי געשעצט געוואָרן אַלס עקרת־הבית. די משנה [19] אינטערפּרעטירט דעם פּסוק „וכפר בעדו ובעד ביתו״ [20] — אַז „ביתו זו אשתו״, דעם מאַנס ווייב איז זיין הויז. פונקט ווי דער פרויס כּבוד איז ווי פון אַ בת מלך אין אירע סאַלאָנען און שלעסער — אַזוי איז אויך דעם מאַנס געטריישאַפט אין הויז, ביי זיין ווייב.

אין אונדזער תּקופה, ביים עטאַבלירן מדינת ישׂראל, ווי אַ נייער אָנהייב פון יידישער מלוכהשאַפט, האָבן די גרינדערס און באַגרינדערס פון דער באַנייטער מדינה פאַרשטאַנען, אַז קדושת ישׂראל מיינט קדושת הנשׂואין. ס׳זענען אָנגענומען געוואָרן דורך דער גרויסער מערהייט חברי כּנסת, די געזעצן וועגן הייראַט־מאַראַל, וועגן קדושה אין פאַמיליע־לעבן, וואָס ווערן עד־היום געהיט, נישט געקוקט אויף אַלע פרווון צו צעשטערן דעם דאָזיקן הייליקן בנין.

די אַרכיטעקטן פון דער מדינה האָבן פעסטגעשטעלט, ווי די הלכה האָט באַ־שטימט, אַז ביי יעדער געזעצלעכער הייראַט, זאָל דאָס קינד גערעכנט ווערן לויט פאָטער, לויט זיין נאָמען, „אחרי האב״ — אָבער ביי פאַרבאָטענע חתונות, ביי אומלעגאַלע חתונה־פאַרבינדונגען, זאָל דאָס קינד גערעכנט ווערן לויט דער מוטערס יחוס. „הולכין אחר האם״ — און וועגן דעם ווייטער.

צוליב דער קדושה אין משפּחה־לעבן האָט מען פאַרווערט אַ פרוי צו טראָגן מענלעכע הלבשה; זי איז געווען פריי פון מיליטער־דינסט [21], ס׳איז איר געווען פאַרבאָטן צו טראָגן וואָפן [22] און בלויז אין קריגסצייט, אין אַ מלחמת מצווה, האָט מען געהייסן אַפילו אַ כּלה זאָל אַרויס פון איר חופּה און זיך אין איר באַטייליקן [23]. לויט אייניקע מפרשים [24], דאַרף זי אין אַזאַ פאַל, אַרויס אויפן פראָנט און זיך באַטייליקן, ווי מענער, אין די קאַמפן קעגן שׂונא. לויט אַנדערע — בלויז באַדינען די אַרמיי: קאָכן, באַקן, וואַשן, רייניקן און העלפן אין די שפּיטעלער.

צוליב קדושה־מאָטיוון, האָט מען אָנגענומען תּקנות אָפּצוזונדערן, אין די עפנטלעכע פּלעצער, מענער פון פרויען. אַ מחיצה אין שול איז אַ תּורה־געבאָט, צוליב קלות־ראש, אָדער צוליב „הסתכּלות״, צוליבן איינקוקן זיך אין דער פרוי,

ווייל דער דין איז — „טפח באשה ערוה״ [25]. בלויז הייליקע גייסטמענטשן האָבן זיך נישט געדאַרפֿט אַזוי אויסהיטן, ווי „רבנן קדישי בארעא דישׂראל״; ר׳ חנינא און ר׳ אושיעא, פֿלעגן זיצן און מאַכן שיך פֿאַר זונות, ווייל זיי האָבן נישט אויפֿגעהויבן זייערע אויגן אַ בליק צו טאָן... [26]

ווען מען איז אויסגעהיט אין די קדושה־פּרינציפּן, ווערט די פּרוי חשוב און פֿאַרערט. זי ברענגט דעם „נר דולק מלילי שבת ללילי שבת״, ווי שׂרה און רבקה; זי ווערט באַזונגען מיט איר ברענגען ליכט און פֿרייד: „לא יכבה בלילה נרה״. זי ברענגט גוטס און ברכה, ווי דער אויסדרוק אין „אשת חיל״ און ווי עס ווערט אויך געזאָגט: „מצא אשה מצא טוב״!

**ד. פֿאַסיקע שידוכים. — געמישטע חתונות צווישן יונג און אַלט. — זיווג מן השמים. — עמרם בלויס צווייטע הייראַט. — רות פֿון „מאה שערים״. — דערלויבט, אָבער מיט געמישטע געפֿילן. — די פּטירה פֿון ר׳ עמרם.**

נישט געקוקט דערויף, וואָס די חז״ל האָבן שטאַרק געוואָרנט קעגן חתונות צווישן אַ „זקן וילדה״, צווישן אַן עלטערן מאַן און אַ יונג מיידל, איז עס דאָך נישט געווען קיין אָפּיציעלער פֿאַרבאָט, אַפֿילו נישט אַ פֿאַרבאָט פֿון די רבנן. דער פֿאַקט איז, אַז יצחק אָבינו האָט חתונה געהאַט מיט רבקהן, ווען ער איז שוין געווען אַ בן ארבעים, אין די פֿערציקער און זי איז, לויט דער אגדה, אַלט געווען אין גאַנצן דריַי יאָר.

חתונות צווישן עלטערע מענער און ייִנגערע פֿרויען, זענען נישט קיין זעלטנהייט, און דאָך איז די חתונה צווישן ר׳ עמרם בלוי ז״ל און דער גיורת רות געווען אַ סענסאַציע. די וועלט האָט נישט אַרויסגעוויזן די געהעריקע סימפּאַטיע דעם פֿירער פֿון „נטורי קרתא״, דעם פּראָטעסטירער קעגן אַלץ וואָס ווערט געטאָן אין דער מדינה, דערפֿאַר וואָס זי ווערט געפֿירט פֿון נישט־רעליגיעזע מנהיגים. ער האָט חתונה מיט דער גרטע רות בן דוד, אַ געוועזענע פֿראַנצייזישע קריסטין, וואָס האָט פֿריִער געהייסן מאַדעלען פֿערעי, געלעבט אין רייכטום מיט איר קריסטלעכן מאַן, געהאַט אַ זון מיט אים און פּלוצלינג באַשלאָסן צו פֿאַרלאָזן איר אמונה און איז געוואָרן אַ גיורת־צדק, אַן איבערצייגטע אין דער ייִדישער אמונה.

די שוין גאָרנישט פֿאַרשלאָפֿענע פֿראַנצייזין איז פּלוצלינג געוואָרן אַ התלהבותדיקע אָנהענגערין פֿון דער עדה חרדית, אַ רעזידענטקע פֿון מאה שערים, אַ באַקעמפֿערין פֿון דער מדינה, צוליב רעליגיעזע מאָטיוון. די 43־יאָריקע גרטע,

רות בן־דוד, האָט דערקלערט פאַר דער וועלט, אַז זי איז פאַרליבט אין דעם איבער זיבעציק יאָריקן ר׳ עמרם.

דער דאָזיקער „ראָמאַנס״ האָט געמאַכט אַ רושם אין דער וועלט [1]. נישט בלויז אין דער ייִדישער, נאָר אויך אין דער וועלט־פּרעסע האָט מען כסדר געשריבן וועגן אָט דער געשעעניש. די פראַנצויזין האָט געדינט און באַדינט געטריי איר מאַן; איז אַרומגעפאָרן פון צייט צו צייט צו שאַפן פאָנדן, אַגיטירן פאַר נטורי־קרתּא־אינסטיטוציעס; געהאָלפן איר מאַן מיט אַלץ, וואָס זיין האַרץ האָט פאַרלאַנגט.

דער דאָזיקער ראָמאַן האָט געקראָגן דעם שיר־השירים־טיטל: „מים רבים לא יוכלו לכבות את האהבה״. אין דעם ר׳ עמרמען האָבן זשורנאַליסטן געזען אַ מיטל־עלטערלעכן ריטער אין די „גבורות״. די גייסטיקע אויטאָריטעטן פון מאה שערים האָבן נישט געקענט קילן די הייסע ליבע. די חתונה פון דעם פּאָרל איז געווען די חתונה פון תשכ״ה! אויף „טיש און בענק״ האָט מען אַלץ גערעדט וועגן דער דאָזיקער חתונה.

אין יענער צייט האָט מען ר׳ עמרמס אַן אייניקל געפירט צו דער חופּה אין „מאה שערים״, און אים, דעם זיידן, אין בני־ברק, מיט דער געוועזענער קאַטוילין — אַ שרייבערין און געזעלשאַפטלעכע טוערין, וואָס האָט דערציילט וועגן איר לעבן אין איר בוך „מיין וועג צום ייִדנטום״. גראָד זי איז געפעלן געוואָרן דעם 72 יאָריקן ר׳ עמרם. די מערהייט פונעם „קהל חרדים״ איז געווען קעגן דעם שידוך: זיין שוועסטער איז געווען פאַר דעם שידוך. ביי דער חופּה אין בני־ברק זענען אויך בייגעווען זיינע זין — אויב דער טאַטע וויל, איז זיי ניחא.

זיין ערשטע פרוי איז באַרימט געווען מיט איר צדקות. זי איז געווען די שפּייזערין און די מוטער פון ניין קינדער, וואָס זי האָט געהאַט פון אים. ווען זי איז געשטאָרבן, זענען נאָך איר לוויה געגאַנגען די זין, אייניקלעך און אור־אייניקלעך. צוויי יאָר שפּעטער איז ר׳ עמרם געגאַנגען צו דער חופּה מיט אַ „כלה״ אַ גרושה, אַ גיורת: 72 — ער און 43 — זי! על־פּי דין, על־פּי הלכה איז נישטאָ קיין שטערונג (און אפשר אויך על־פּי מענטשלעכקייט) — ווי ער האָט געזאָגט, איז ער מקיים: „בחוץ לא ילין גר״... אָבער לפנים משורת הדין, פאַר דער וועלט?...

די חתונה איז פאָרגעקומען דאָנערשטיק, ווי דער דין, ה׳ אלול, תשכ״ה — (2.9.1965), נאָך חצות, אין בני־ברק. הרב דוב סוקולובסקי (ווי מ׳האָט געזאָגט, איז ער געווען דער שדכן), איז געווען דער מסדר־קדושין און דער הייליקער ר׳ עמרם האָט דערקלערט אַז דאָס איז געווען אַ שידוך הגון. נאָך צוויי יאָר ווי זיין ווייב הינדע האָט אים אויף אייביק פאַרלאָזט, האָט די געוועזענע מאַדעלען פּערעי־מאַגאַנוז פאַרנומען איר אָרט. די ייִדישע פרויען פון נטורי־קרתּא, וועלכע האָבן זי גערופן מיט אינסינואַירנדיקע נעמען, האָבן זייער פירער נישט געקענט אָפּהאַלטן

פון דער ליבע; ער האָט געזאָגט, אַז בלויז מיט אַ גרטע האָט ער געמעגט חתונה האָבן, אָבער נישט מיט אַ ייִדישער טאָכטער פון געבורט, ווייל די אברי־הזרע זענען ביי אים צעשטערט געוואָרן, צוליב אַ שראַפּנעל אין דער מלחמה [2].

ווי מיר זעען, איז „שידוך־הגון" אויך אַ רעלאַטיווער ענין און „חן אשה על בעלה" איז דאָמינירנדיק, אַפילו ביי די הייליקע פון מאה שערים. דער ווייבלעכער מין האָט דעם כּוח צו געווינען די שטאַרקסטע מענער.

אין משך פון לאַנגע יאָרן, איז שדכנות געווען די שטאַרקסטע און וויכטיקסטע אינסטיטוציע ביי ייִדן — די הלכה־ספרים זענען פול מיט דין־תּורהס און שדכנים־אָנקלאָגן. עס איז געווען אַ וויכטיקע פּראָפעסיע, און די גדולי הרבנים פון 14טן און 15טן י"ה, ביז די לעצטע דורות, האָבן זיך פאַרנומען מיט די ענינים [3]. אין אונדזער צייט האָט שדכנות אַן אַנדער ווענדונג: חתן־כּלה וואַרטן נישט ביז דער שדכן וועט אויסרעכענען זייערע מעלות און זיי וואַרטן נישט ביז... זיי האַלט נישט אָפּ דער פאַרבאָט, אין תּלמודישן נוסח: „אָסור... עד שיראנה" [4].

ליבע מאַכט פאַרגעסן אין פּרינציפּן און איז מותּר אויף גענעטיק. ס'נעמט אַוועק און באַפרייט פון ירושהשאַפט; געמישטקייט פון געשלעכטער שאַפט אָפּ ראַסן־אונטערשיידן. די קעמערלעך פון די אָרגאַניזמען, לויטן באַרימטן ביאָלאָג און שאַפער פון דער גענעטיק־וויסנשאַפט, גרעגאָר יאָהאַן מענדעל (1884־1822), ווערן אויסגעמישט און דער נאָכוואוקס, אַלס רעזולטאַט פון אָט די פעדעמלעך („כראָמאָזאָמען"), די זאָמען פון ביידע געשלעכטער, אינעם אויסמיש פון בלוט און ראַסע, ברענגען אַרויס נייע יצירה, אַ ניי מענטשנקינד, אַ נייעם מענטשלעכן מין.

ר' עמרם בלוי האָט זיך געוויס נישט געדאַרפט רעכענען מיט די „גענעס"; ער האָט אַוודאי נישט געלערנט די טעאָריעס פון גענעטיק; די ייִדישע אמונה איגנאָרירט וועלכן נישט איז ראַסן־פאָראורטייל, ראַסן־דיסקרימינאַציע און האַלט נישט פון מורא האָבן פאַר „מוטאַציעס" (געענדערטע גענעטישע סטרוקטורן)... די טויערן זענען אָפן פאַר יעדן וואָס וויל נעמען אויף זיך דעם עול תּורה ומצוות, און גרים, ווי רות אין מגילת רות, האָבן געבראַכט כּבוד דעם ייִדישן פאָלק. ר' עמרם האָט זיכער געטאָן ברשות התּורה... פאַר דער יוגנט איז אָבער שווער צו דערקלערן און צו באַרעכטיקן דעם שידוך: אַ ייִד, ווי ר' עמרם, וועלכער זיצט תּמיד אין די ד' אמות פון מאה שערים, זאָל גאָר קומען אין קאָנטאַקט מיט אַ גיורת; ס'איז דאָך באַקאַנט דער מאמר פון דער גמרא — „קשים גרים לישׂראל כּספּחת"... און דערצו, דער חילוק אין עלטער.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן נישט קיין רעכט דן צו זיין, זיך צו מישן אין אַ פאַמיליע־לעבן, ווען דאָס איז לויט דער תּורה באַרעכטיקט, ווי דער פאַל מיט דער אַמאַליקער רות, וואָס איז געוואָרן דאָס ווייב פונעם שופט בועז־אבצן — מסתּמא אויך אַ סך עלטער פון איר — און דער זיווג איז דאָך געווען מן השמים.

ס׳קאָן אויך זיין, אַז זי איז אַן „אשה גדולה וחכמה״ — די היינטיקע פראַנצייזיש־אָפּשטאַמיקע רות, אָבער זי זאָל זיך נעמען דאָס רעכט צו באַקעמפן מדינת ישראל — אַזאַ שותּפות צווישן איר און איר געליבטן מאַן, עמרם, איז ווייט פון דער נאַיִווער אידיליע, אין וועלכער די אַמאָליקע רות ווערט כאַראַקטעריזירט.

ווען אַ גרטע פאַרנעמט זיך מיט שטורעמען די „באַסטיאָנען״ פון מלוכה־מענער, פון אַ רעגירונג וואָס איז אויסגעוויילט פון ישׂראל־תּושבים און געשטיצט פונעם גאַנצן ייִדישן פאָלק, איז דאָס נישט סתּם אַזוי פּשוטע אמונה; ווען אַ פרוי פון אַ מאַן, ווי ר׳ עמרם, פאַרנעמט זיך מיט קאָנספּיראַטיווער אַרבעט קעגן מדינת ישׂראל, פאַרלירט זי דעם חן פון אַ גיורת, דעם חן פון ווייבלעכקייט, ווייל זי האָט פאַרראַטן און פאַרשוועכט אירע פונקציעס אַלס פרוי און גרטע.

ווען אַ גרטע פאַרנעמט זיך מיט דערקלערונגען פאַר דער פּרעסע, דערציילט איר לעבנס־געשיכטע, מיטן געדאַנק צו מאַכן עס סענסאַציאָנעל, און אין מיטן דערינען פאַרמאַכן די אויגן און איינהילן איר גרות אין מיסטעריע, אַז זי איז גאָר געקומען ראַטעווען ישׂראל פאַר דער ריינער אמונה, אַז זי איז געקומען ווייזן דעם וווּנדערלעכן ביישפּיל פון סאָלידאַריטעט מיט מאה שערים און אָנלערנען די חילונים פון דער כּנסת... אַנשטאָט זי זאָל אין דער שטיל אַריינזאַפּן אין זיך ייִדישקייט, דעמאָנסטרירט זי אויף די גאַסן און וויל ווייזן, אַז זי און נאָר זי, פאַרשטייט דעם אַבסאָלוטיזם פון דער ייִדישער אמונה. ווי די חכמי ירושלים האָבן זיך נישט איין מאָל אויסגעדריקט, איז ביי ר׳ עמרמען געוואָרן אַ ממשלה פון דער גרטע; אַנשטאָט ס׳זאָל זיין, ווי דער פּסוק זאָגט: „ואל אישך תשוקתך״ [5] איז ביי אים געוואָרן פאַרקערט! דאָס איז נישט פון די גוטע סימנים [6].

„אָמר ר׳ יעקב אָ״ר יוחנן, אין עושין חבורה שכולה גרים, שמא ידקדקו בו ויביאוהו לידי פּסול״ [7] און ווי רש״י קאָמענטירט: „משום שאינן בני תורה יחמירו עליו לדקדק ויפסילוהו על חנם״.

די היינטיקע רות איז זיכער אַ ווילע פרוי, אַ גוטע פרוי, אַן ערלעכע פרוי, אַן אינטעליגענטע פרוי — אָבער לאָזן איר שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע קעגן דער מדינה?... דערויף האָט זי נישט גענוג געלערנט. זי קאָן נאָך אַ מאָל מיט אירע מעשׂים פּסלען די בעסטע, ערלעכסטע כּוחות.

ס׳ווילט זיך אַ ביסל מאריך זיין וועגן דעם זיווג ביים פירער פון די „נטורי־קרתּא״, אָבער מיר מוזן זיך צוריקהאַלטן, צוליבן פּשוט עטישן מאָטיוו: „אין משיבין את הארי לאחר מותו״ — און אַ לייב איז ר׳ עמרם געווען דאָס גאַנצע לעבן, ביז זיין פּטירה אור ליום ו׳ ט״ו בתמוז, תשל״ד (יולי, 5, 1974) אין עלטער פון אַכציק יאָר — בן שמונים לגבורות!

טויזנטער ייִדן זענען נאָכגעגאַנגען זיין אָרון. ער איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה אויפן הר המנוחות, אין ירושלים, איבערלאָזנדיק זיין פרוי, די 52 יאָריקע

רות, די גרטע, מיט וועלכער ער האָט חתונה געהאַט מיט ניַין יאָר פריִער, און זיינע פיר זין און זעקס טעכטער וואָס ער האָט געהאַט פון דער ערשטער פרוי.

אין דער פרעסע זענען דערשינען הספדים פון רעליגיעזע און סעקולערע אויטאָריטעטן. אַפילו מתנגדים האָבן מודה געווען, אַז ער איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט געגלייבט אין דעם וואָס ער האָט געטאָן, געגלייבט, אַז זיין וועג איז דער איינציקער אויפצוהאַלטן ייִדישקייט און דערנענטערן די גאולה. ער איז געווען אַ קנאי, נישט געהאַלטן פון קיין פשרות, און נישט ווייניקער אַ מוסטער און אַ סימבאָל פון אַן ערלעכן עסקן, וועמעס ליבע צו ארץ־ישׂראל איז אַריבער אַלע גרענעצן. אָבער ער איז קיין מאָל נישט אַריבער די גרענעצן פונעם הייליקן לאַנד.

ר׳ עמרם האָט נישט געוואָלט מאַכן קיין קאָמפּראָמיס מיט די ציונים; ער האָט נישט אָנערקענט דעם כיבוש ציוני, ווייל ער האָט געגלייבט באמונה שלימה בביאת המשיח, וואָס ווערט צוריקגעהאַלטן צוליבן דוחק זיין דעם קץ און צוליב די ציוניסטן.

ר׳ עמרם האָט קיין מאָל נישט געשטעלט אַ פוס אַריבער דער גרענעץ פון הייליקן לאַנד. ער האָט געוואַרט אויף משיחס קומען אין פולשטענדיקן זין פון „אחכה לו בכל יום שיבוא". ער האָט באַגייסטערט מיט זיין קעמפערישקייט, מיט זיין שטרענגקייט צו זיך און צו זיינע נאָכפאָלגערס. אויב מ׳האָט אים באַקעמפט אידעיִש, איז עס נישט געווען פּערזענלעך.

וועגן זיין שידוך, זיין צווייטער חתונה איז אַ סך געשריבן געוואָרן. מ׳האָט אים אויך פאָרגעוואָרפן מיט די מאמרי־חז״ל קעגן יונג־אַלט זיווגים, ווי מיר האָבן וועגן דעם שוין באַרירט אריכותדיק [8]; אויף די קשיות האָט ער בלויז געענטפערט צו יחידי סגולה, צו די רבנים און בית־דין־צדק פון דער עדה חרדית אין ירושלים.

**ה. ווי אַזוי ס׳איז ביי ייִדן געהיט געוואָרן צניעות. — אַ מאַן זאָל נישט אויסזען ווי אַ פרוי, אָדער פאַר־קערט. — „לא ילבש גבר שמלת אשה". — חתונות צווישן יונג און אַלט נישט געווונטשן. — אַ טעמע וואָס ווערט נישט אויסגעשעפּט.**

אין אַ פריִערדיק ווערק, זענען מיר אַריין אין אַ געביט, וואָס איז אַזוי פיל באַהאַנדלט געוואָרן און קיין מאָל נישט אויסגעשעפּט געוואָרן, אַ קעגנשטאַנד וואָס איז תמיד פריש און תמיד מיט חידוש — די טעמע פון צניעות ביי ייִדן און ביי דער וועלט. ס׳ווילט זיך אָבער די דאָזיקע טעמע נאָך אַ מאָל באַרירן, זאָל זיין טיילווייז, באַזונדערס אירע אַספּעקטן, וואָס שייך חתונות פון יונג מיט אַלט.

וואָס עלטער אַ מענטש ווערט — דערקלערן

פיזיאָלאָגן־סעקסאָלאָגן — אַלץ שוואַכער ווערט זיין פּאָטענץ: די אָדערן ווערן שטייף; די בלוט־צירקולאַציע געענדערט; דער פּראָצעס פון אַרטעריאָסקלעראָזע, ווי עס הייסט אין מעדיציניזשן לשון, ווערט געענדערט. די „וועקסל־יאָרן" ווירקן אי אויף פרויען, אי אויף מענער, אָבער נישט ביי יעדן גלייך און נישט ביי יעדן אויפן זעלביקן אופן.

ס'זענען פאַראַן פרויען — באַהויפּטן דאָקטוירים — וואָס אין זייער יוגנט־לעבקייט, אויס מורא פאַר שוואַנגערשאַפט, ווערט ביי זיי אַטראָפּירט, אין בעסטן פאַל, אָפּגעקילט דער אינטערעס פאַרן געשלעכטלעכן פאַרקער, און אויף דער עלטער, ווען די מורא גייט אַוועק, ווערט ביי זיי דערוואַכט דער דאָזיקער דראַנג. ביי אַנדערע — דאָס פאַרקערטע, ווען די „וועקסל"־יאָרן קומען, ווערן זיי נערוועז, קענען נישט פאַרטראָגן קיין רייצונג, די האָרמאָנען־פּראָדוקציע ווערט שוואַכער און מיט דעם קומט אָן אומווילן צו אַ געשלעכט־לעבן. זיי ווילן געבן אַלץ אין דער וועלט, אָבער נישט צולאָזן צו זיך געשלעכטלעך. אַזעלכע זענען צופרידן פון אַ געלאַסענעם, שטילן גאַנג...

פאַראַן אַנדערע, וועלכע ווילן, ערשט אין די עלטערע יאָרן, האָבן דעם דאָזיקן פאַרגעניגן: מ'האָט די קינדער אויסגעגעבן, מיט פּרנסה פאַרזאָרגט, גע־בליבן אַ ביסל יאָרן — זאָל מען צוריק באַנייען די „האָניק־יאָרן", געניסן פון לעבן, געניסן געשלעכטלעך. זייער באַדערפעניש פאַר געשלעכטקייט ווערט גאָר שטאַרקער ווי אין די יונגע יאָרן, ווען מען איז געווען פאַרנומען, געהאַט אַזוי פיל פּראָבלעמען — דאָס לעבן בכלל איז געווען פּראָבלעמאַטיש, אָבער אין די פופצי־קער־זעכציקער, ווען אַלץ איז שוין סטאַביליזירט, קומט צוריק אָט דער נאַטיר־לעכער דראַנג.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָ ווירקן אַ סך פּסיכאָלאָגיש־סאָציאָלאָגישע מאָמענטן, וואָס אַ דאַנק זיי רופט זיך אָפּ דאָס לעבן פונעם פאַרפאָלק צו די עלטערע יאָרן. ס'ווענדט זיך אויך: 1) צי ס'איז נאָך דאָ ליבע צווישן פּאָרל; 2) צי זיי זענען נאָך געגנוג „אָנציִעווּדיק"; 3) צי זייערע געשלעכט־כּוחות זענען נאָך שטאַרק געגנוג... דאָס לעצטע איז וויכטיקער ביים עלטערן מאַן — ער זאָל נישט פאַרמאַ־טערן און פאַרמיאוסן דאָס צוזאַמענלעבן מיט זיין פרוי.

מיר וועלן זיך נישט פאַרנעמען מיט מעדיציניש־פּסיכאָלאָגיש־ביאָלאָגישע ענינים.

מיר ווילן בלויז אָנווייזן אויף אַן אינטערעסאַנטן פאַקט, ווי די חכמי התלמוד האָבן אָנטמוטיקט חתונות צווישן יונג מיט אַלט. ס'קאָן טאַקע אַ מאָל פּאַסירן, אַז אַ ייִנגערער מענטש זאָל זיין וויניקער סעקסועל פון אַן עלטערן; אָבער די נאַטור־געזעצן זענען: אויף דער עלטער אַנטוויקלט זיך אימפּאָטענץ און, אין בעסטן פאַל, „מענער־שוואַכקייט"; דער מאַן פאַרלירט זיין כּוח גברא און די פרוי

פאַרלירט איר רייץ; גאָר אָפט קריגט זי אַ ביטול־באַצִיונג צום גאַנצן עסק, זי קריגט אַ מינדערווערטיקייט־קאָמפּלעקס און פילט, אַז איר פונקציע איז בלויז צו באַדינען אירע קינדער און אייניקלעך.

ביי ייִדן האָט מען זיך תּמיד צוריקגעהאַלטן פון צונויפפּאָרן יונג מיט אַלט; מ׳האָט געוואָרנט, אַז דאָס פירט צו זנות און אויסגעלאַסנקייט. אין דער הלכה ווערט אָנערקענט די מאָראַלישע סכּנה פון אַזאַ חתונה. ביי נישט־ייִדן איז עס געווען און איז עד היום אַ געוויינלעכע דערשיינונג, אַז אַן עלטערער, פאַרמעג־לעכער מאַן זאָל נעמען אַ יונג, פריש, אין די בלי־יאָרן, מיידל. אַן אויסנאַם איז געווען די קעגנערשאַפט און דאָס מעביר־נחלה־זיין פון דעם באַרימטן שרייבער יודזשין אָניל, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז זיין טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיטן קאָמיקער־אַקטיאָר טשאַרלי טשאַפּלין. אָבער דאָס איז געווען אַ זעלטענער פאַל. אין אַלגעמיין זעט מען, ווי עלטערן זענען גאָר צופרידן ווען זייער יונגע טאָכטער איז נושא־חן ביי אַ מיליאָנער, זיי פרעגן נישט אויף זיין עלטער.

ביי ייִדן, ווי געזאָגט, איז דאָס נישט געווען פון די געוווּנטשענע דערשיינונ־גען. שוין אין אַלטערטום, אויב אַ מוטער און אירע זין האָבן פאַרקנסט זייער גאָר יונגע טאָכטער־שוועסטער, האָט דאָס מיידל שפּעטער געקענט אַנולירן זייערע מעשׂים, זייערע צוזאָגן און האָט געהאַט דאָס רעכט „ממאן" צו זיין; זי האָט געהאַט רעכט צו זאָגן, אַז זי וויל נישט ווינען מיטן מאַן, וואָס זיי האָבן פאַר איר אויסגעקליבן [1].

איך האָב שוין אָנגעוויזן אויף אַ מחלוקת וואָס האָט אויפגערודערט די רבנישע וועלט — און דאָס איז געווען צוליב אַן אַנולירונג פון אַ חתונה צווישן אַן עלטערן מאַן מיט אַ מינדעריאָריק מיידל.

ר׳ יעקב פּאָלאַק, דער באַרימטער פּוסק און ראש־ישיבה פון פּראָג־לובלין־קראָקע אין 16טן י״ה, האָט מתּיר געווען אַ קטנה, אַ יתומה, וועלכע איז, נאָך פאַרן דערגרייכן דעם עלטער פון 12 יאָר, פאַרהייראַט געוואָרן דורך איר מוטער און ברידער — זי זאָל ווערן פריַי, אויס אשת־איש, אָן אַ גט. ער האָט אַנולירט די חתונה און געפּסקנט, אַז זי מעג אַפילו חתונה האָבן מיט אַ כּהן, ווייל זי איז נישט קיין גרושה.

דער דין פון „מיאון" געפינט זיך אין תּלמוד [2]. בימי התּלמוד איז דאָס פאַר־קנסן אַ קטנה געווען אַן אַקטועלער ענין. אָבער אין די שפּעטערע צייטן, איז דאָס אָפּגעשאַפט געוואָרן. ר׳ יעקב פּאָלאַק האָט דעם דין צוריק אויפגעלעבט, ווייל ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן זיין אייגענער שוועגערין, זיין ווייבס אַ שוועסטער, אַ יתומה, וואָס די ברידער האָבן חתונה געמאַכט, ווען זי איז געווען מינדעריאָריק, מיט אַן עלטערן מאַן. ר׳ יעקב האָט זי געוואָלט באַפרייען פונעם שידוך, האָט ער אַנולירט די חתונה און זי חתונה געמאַכט מיט אַן אַנדערן.

די גדולי הפוסקים זענען אַרויסגעקומען קעגן ר׳ יעקב פּאָלאַקס פּסק. ער איז אָבער געווען איינגעשפּאַרט און די רדיפות קעגן אים זענען געווען אַזוי שטאַרק, אַז ער איז געצוווּנגען געווען צו פאַרלאָזן דאָס רבנות אין פּראָג און זיך באַזעצט אַלס הויפּט־רב אין קראָקע און נאָך דעם — אַלס ראש־וראשון אין לובלין, ווו זיין תלמיד ר׳ שלום שכנא איז געווען ראש־ישיבה. ר׳ שלום שכנא, דער רבי (און שווער) פון רמ״א, איז געווען דער רבי פון די גדולי הפוסקים אין יענער תקופה.

דער רמ״א, דער פּוסק ביים אַשכנזישן ייִדנטום, האָט געפּסקנט ווי דער רבי פון זיין ישיבה, ר׳ יעקב פּאָלאַק [3], אַז אויב אַ מיידל, ווייניקער פון 12 יאָר, ווערט פאַרקנסט, האָט חתונה לויטן ווילן פון אירע ברידער, האָט זי דאָס רעכט ממאן צו זיין, צו פאַרלאָזן איר מאַן אָן אַ גט.

ר׳ יעקב פּאָלאַק, ווערט דערציילט, האָט נאָכן זיין צוואַנציק יאָר ראש־ישיבה אין קראָקע, פאַרלאָזט פּוילן און זיך באַזעצט אין ירושלים, אָבער צוליב אַ מחלוקת מיט אַ דאָקטאָר, וואָס האָט אים געמסרט ביי דער טערקישער רעגירונג, איז ער געצוווּנגען געווען צוריקצוקומען קיין פּוילן. ער האָט זיך באַזעצט אין לובלין און איז דאָרט נפטר געוואָרן. (געבוירן בערך הר״ל ־ 1470; נפטר הש״א ־ 1541 און לויט אייניקע — ר״ץ ־ 1530).

אין די שאלות ותשובות הריב״ש (ר׳ יצחק בן ששת, הפ״ו־קס״ח; 1408־1326) האָבן מיר אַ פאַרקערטן ענין, אַ שאלה צי אַ יונגער מענטש מעג חתונה האָבן מיט אַן אַלטער פרוי [4], ווי ס׳האָט זיך פאַרלאָפן אין טוניס, צפון־אַפריקע, אינעם 14טן יאָרהונדערט:

אַ יונגער בחור איז געקומען קיין טוניס און איבערגעגעבן וועגן זיינע פּלענער חתונה צו האָבן מיט אַן אלמנה פון וואַלענסיאַ, שפּאַניע. זי איז שוין דאַן אַלט געווען אַרום ניינציק (90) יאָר. אין דער קהילה האָט דאָס אַרויסגערופן אַ שטורעם פון פּראָטעסטן. אַלע האָבן געוווּסט, אַז דער בחור איז אויסן צו קריגן דאָס געלט פון דער אַלטער אלמנה. די חתונה איז פאַרבאָטן געוואָרן — ווייל, האָבן די קהילה־לייט געטענהט, אַ יונגער בחור דאַרף חתונה האָבן מיט אַ פרוי, וואָס קאָן האָבן קינדער. דער בחור האָט אָבער געטענהט, אַז ס׳איז נישטאָ קיין איסור קעגן אַזאַ חתונה, פּונקט ווי עס איז נישטאָ קיין איסור פאַר אַ יונג מיידל חתונה צו האָבן מיט אַן אַלטן מאַן, ווועמעס פּאָטענציעלע מאַנצבילישע כּוחות זענען אָפּגעשוואַכט.

ווי מיר קענען זיך פאָרשטעלן, זענען געווען אַזעלכע וואָס האָבן געהאַלטן מיטן בחור; אין שטאָט איז אויסגעבראָכן אַ מחלוקת. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן זיך צו ווענדן מיט דער שאלה צום אַלזשירער גאון ר׳ יצחק בר ששת (ריב״ש, 1408־1325); און ער האָט געפּסקנט, אַז אַזוי ווי דער ציל פון חתונה האָבן איז

צו האָבן קינדער, מקיים צו זיין די מצווה פון פריה ורביה, און אויב אַ מאַן וווינט מיט אַ פרוי צען יאָר און זי קען נישט האָבן קיין קינדער, דאַרף ער זי גטן, איז פאַרשטענדלעך, אַז אַ חתונה, וואָס איז לכתחילה אויסגעשטעלט אויף נישט האָבן קיין קינדער, איז נישט דערלויבט. ער האָט פאַרבאָטן דעם בחור חתונה צו האָבן מיט דער אַלטער ניינציק־יאָריקער אלמנה.

וועלכע פרוי קאָן גערופן ווערן זקנה?

מיר האָבן שוין וועגן דעם געשריבן בקיצור. נאָך זעכציק יאָר ווערט די פרוי באַטראַכט, לויט חז״ל, ווי אַ זקנה [5]. לויט אַן אַנדער מיינונג, ווערט די פרוי כאַראַקטעריזירט אַלס „זקנה״, ווען מען זאָגט אויף איר אַז זי איז די מוטער פון דעם און דער... ווייל דאָן איז זי שוין נישט גענוג אַנציִענדיק פאַר מענער [6]. די פרוי פאַרמאָגט יונגשאַפט, בעת זי איז פרוכפּערדיק, בעת זי לעבט זיך אויס געשלעכטלעך. איר געבוי איז עלאַסטיש, און איר פורעם איז צוגעפּאַסט קולט צו זיין זרע און אַרויסצוגעבן קינדער־פּירות: „שבנאה הקב״ה לחוה כבנין, אוצר מלמעלה ורחב מלמטה״ [7] — אָבער וועגן דעם באַזונדער.

ביי ייִדן האָט מען ביי יעדער געלעגנהייט געבראַכט צום אויסדרוק די אהבה שבין איש לאשתו. אַפילו אויף מטבעות זענען געווען אויסגעקריצט די פאָרמען פון זקן וזקנה פון איין זייט און בחור ובתולה פון דער צווייטער זייט. מ׳האָט תּמיד אָנערקענט די סענסיטיוויקייט ביי מענער, און נאָך מער ביי פרויען, און זיך באַמיט אָנצוהאַלטן די האַרמאָנישקייט צווישן די געשלעכטער [8]. דעריבער האָט מען געזוכט צו באַגרענעצן חתונות צווישן אַלט און יונג, ווייל דאָס איז עלול באַלד פון אָנהייב צו צעשטערן זייער שלום־בית. און בכדי אויסצומיידן אַזעלכע פאַלן, האָט מען מיט די שטרענגסטע מיטלען געהיט, אַז מענער זאָלן זיך נישט קליידן ווי פרויען, אָדער פאַרקערט, ווייל דערפון קען נאָר אַרויסקומען אַ געשטרויכלט לעבן, אויף וועלכן מ׳וועט חרטה האָבן, ווען דער פעמיניסטישער צד וועט זיך דערפילן פול און די קאָנסעקווענצן וועלן זיין — אַן אומגעוווּנטשענע שוואַנגערשאַפט. מ׳קען ענדערן די קליידונג, די האָר־קאָלירן, די באַנעמונג — אָבער נישט די נאַטור: די פרוי איז געבוירן מיט אָרגאַנען צו טראָגן אין זיך קינדער; און זי קאָן זיי נישט האַלטן אין זיך, זי מוז זיי אַרויסגעבן, צי דאָס קומט אין די מיטעלע עיבור־חדשים, צי אין די סאַמע לעצטע [9] — זי מוז אַרויסגעבן דעם עמבריאָן וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דער באַהעפטונג פון אַ זי מיט אַן ער.

אין מיין ווערק וועגן דער „באַציִונג צו דער פרוי״ האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אויספירלעכער וועגן דעם געבאָט „לא ילבש גבר שמלת אשה״ [10] און די ראַציאָנעלע טעמים, וואָס מיר געפינען אין הלכה־ספרים.

די הלכה לערנט אונדז, אַז דער איסור אָנצוטאָן קליידער פון אַ פרוי, נעמט אויך אַריין אַ פאַרבאָט דער מאַן זאָל זיך נישט פּוצן מיט קאָסמעטיק, ווי אַ פרוי

און די פרוי זאָל נישט װעלן דװקא זיך קלײדן װי אַ מאַן, אין מענלעכע מלבושים. װאָס שײך דעם מאַן, נעמט דאָס אױך אַרײַן דאָס אַראָפּנעמען האָר, כּדי געװיסע קערפּערלעכע טײלן זאָלן אױסזען װי בײַ אַ פרױ:

„המעביר שער בית השחי ובית הערוה... מכין אותו מכת מרדות״ [11]. דער קאָמענטאַר איז: װען איז דאָס געזאָגט געװאָרן? — „במקום שאין מעבירין אותו אלא נשים... אבל במקום שמעבירין אותו גם האנשים... אין מכין אותו״. אין פּשוטע װערטער: דער פאַרבאָט איז חל בלויז אין אַזעלכע ערטער, װו בלויז פרויען טוען עס. אויב אָבער אַ סך מענער פירן זיך אַזוי, איז דער אָנבליק שוין נישט אַזוי שטאַרק פעמיניסטיש און דאָס איז דערלויבט. די פראַגע איז, צי דאָס איז דערלויבט לכתחילה, אָדער נאָר בדיעבד — װען ס׳איז שוין אָפּגעטאָן געװאָרן [12].

אין שולחן ערוך און בײַ די נושׂא־כּלים אַרום דעם שולחן ערוך האָבן מיר אַלע פּרטים װעגן דאָזיקן דין, װאָס נעמט אױך אַרײַן דעם פאַרבאָט אַ מאַן זאָל נישט אויסרײַסן אַפילו אײן װײַסע האָר פון די שװאַרצע, בכדי אויסצוזען ייִנגער און אויך נישט פאַרבן זײַנע האָר און, נאָך מער, נישט אַרײַנקוקן אין שפּיגל און זיך נישט אויספּוצן, כּדי אויסצוזען אין די אויגן פון מענטשן ייִנגער [13].

װעגן פאַרבן די האָר װערט אָנגעגעבן אַן ענלעכער טעם װי װעגן אָפּגאָלן די האָר. ס׳זענען דאָ מפרשים־פּוסקים װאָס האַלטן, אַז אױך דער פאַרבאָט צו גאָלן באָרד און פּאות איז באַזירט אויף דעם פאַרבאָט: „לא ילבש גבר שׂמלת אשה״ — װײַל מיט אַראָפּנעמען פון זיך די האָר, מאַכט מען זיך ענלעך צו אַ פרוי [14]. דאָס פּירט, װי מיר האָבן דערמאָנט, זיך צו מישן אין דער געזעלשאַפט פון פרויען, צו שלעכטע הרהורים און צו אויסגעלאַסנקײט.

ר׳ חיים װיטאַל גיט איבער, אַז דער אר״י (ר׳ יצחק לוריא, אַשכּנזי, געב. רצ״ד, נפטר, צפת, של״ב; 1534־1572) האָט זיך נוהג געװען צו שערן די פּאות װען זײ האָבן דערגרײכט ביזן העלפט פונעם קערפּער, ביזן אונטערשטן טײל.

װעגן פאַרבן די האָר, האָט הרב ר׳ אברהם אהרן פּרײס, אין זײַן ספר „משנת אברהם״ אויפן סמ״ג, אַ גאַר אויספירלעכן פּסק־הלכה [15], מיט אויסערגעװײנטלעכער בקיאות און ער קומט, נאָך אַן אַנאַליטישער צעגלידערונג, צום אויספיר, אַז ס׳זענען דאָ געװיסע פאַלן, װען ס׳איז דערלויבט צביעת־שׂער װען מען טוט עס נישט צוליב שײנקײט, צוליב פעמיניסטישקײט, נאָר צוליב פּרנסה, צוליב אַ שידוך און ענלעכע זאַכן.

ס׳װילט זיך בײַ דער געלעגנהײט דערצײלן, װאָס עס װערט איבערגעגעבן אין „דרכי תשובה״ [16]: ס׳האָט אַ מאָל געטראָפן מיט אַ רב אין אונגאַרן, װאָס אַ האַלבער טײל פון זײַנע האָר אויפן קאָפּ, אַ האַלבע באָרד און פּאות זענען אים פּלוצלינג װײַס געװאָרן און אַ העלפט איז געבליבן שװאַרץ (אין יונגן עלטער).

דער רב האָט זיך שטאַרק געשעמט. האָט ער זיך אָנגעפרעגט ביי די גדולי הדור, צי ער מעג פאַרבן די ווייסע האָר אויף שוואַרץ. אין דעם ענטפער פון לעמבערגער רב, ר׳ יוסף שאול נאַטאַנזאָן[17] ווערט אָנגעוויזן, אַז דער פאַרבאָט צו פאַרבן די האָר איז בלויז אַן איסור מדרבנן און אין אַזאַ פאַל קאָן מען מיקל זיין. אַנדערע רבנים האָבן נישט איינגעשטימט מיטן דאָזיקן פסק, האַלטנדיק, אַז דער פאַרבאָט צו פאַרבן זיך די האָר איז מדאורייתא — אַ תורה־פאַרבאָט.

אַ צאָל רבנים־פוסקים, ווי דער צאַנזער רב[18], דער מהר״ם שיק[19] האָבן אים געעצהט ער זאָל פאַרבן די שוואַרצע האָר אויף ווייס, וועט ער דערמיט דערגרייכן צוויי זאַכן: ער וועט זיך נישט דאַרפן שעמען און וועט נישט עובר זיין אויף דעם פאַרבאָט, פון וועלן נאָכטאָן פרויען. זיי האָבן אָנגעוויזן אויף דער הלכה, אַז צו פאַרבן פון שוואַרץ אויף ווייס, איז נישטאָ קיין פאַרבאָט, ווייל פרויען טוען עס נישט.

אין אונדזערע טעג, קאָן זיין, וואָלטן זיי דאָס אויך נישט דערלויבט. לויט די משוגענע מאָדעס, פאַרבן זיך פרויען די האָר אויף גרוי־ווייס און כל־מיני קאָלירן, לויטן סטיל פון זייער קליידונג און זייער אַרט פאַרברענגען.

ווי געזאָגט, האָבן מיר שוין דעם ענין באַהאַנדלט.

הרב א״א פרייס, גיט אָן אַן אויספירלעכע רעספּאָנסאַ, כמעט אַ דיסערטאַ־ציע, און פירט אויס: „...התורה אמרה לא יהי׳ כלי גבר על אשה — תועבה, הרי האיסור לא העצם ההלבשה אלא הכוונה לתועבה, וכל עוד שהלובש אינו מתכוון לתועבה אלא להגן מפני הצינה או לשם צחוק בפורים ואין כאן תועבה הויא דבר שאינו מתכוון. והבן.

„וכן מורים דברי הר״ת בתוס׳ יבמות, מ״ח, ע״א, ד״ה לא עשה, דהאיסור של לא ילבש וגו׳ הוא רק בעושה משום יפוי שרוצה להתיפות כאשה וכן אשה, אבל ההלבשה גרידא אינה בכלל איסור״.

דער כלל איז: דער מאַן זאָל זיך נישט קליידן, פוצן און מאַכן זיך אויסזען פרוייִש; די פרוי זאָל זיך נישט קליידן ווי מענער, און פאַרברענגען אין אַ מענער־געזעלשאַפט.

די שאלה איז אויך געווען וועגן פורים, צי מעג מען זיך פאַרשטעלן מיטן אויסטויש פון קליידער: מענער — ווי פרויען, און פרויען — ווי מענער. אייניקע רבנים האָבן פאַרווערט די דאָזיקע פורים־שפּיל; אַנדערע האָבן דערין נישט געזען קיין פאַרבאָט. עס איז דאָך דער טאָג: „אשר לא ידע!״

וואָס שייך האָר ביי פרויען, איז דער יידישער מינהג, אַ פרוי זאָל נאָך איר חתונה צודעקן איר קאָפּ צוליב צניעות. „שער באשה ערוה״ — איז אָנגענומען געוואָרן; שיינע האָר פאַרקעמט ווי געהעריק ווירקט עראָטיש, באַזונדערס אויף

פרעמדע מענער, און דאָס האָבן יידישע מאָראַליסטן געוואָלט פאַרהיטן: זיי האָבן געוואָלט אַז קליידונג זאָל זיין צניעותדיק, טראַדיציאָנעל, און אויך דער שטעל, דער גאַנג, זאָל זיין באַשיידן, כדי נישט צו וועקן תאווה.

דעם פסוק „לבשי בגדי תפארתך ירושלים״ [20] האָט ר׳ יוחנן קאָמענטירט: קליידער מאַכן גרויס דעם מענטשן — „ר׳ יוחנן קרי למאני מכבדותא״ [21] — אָבער ווען זענען קליידער אַ כבוד? ווען זיי זענען צניעותדיק. ווען די פרוי גייט איבער דאָס געזעץ פון „לא יהיה כלי גבר על אשה״ [22], ווען זי גייט אַרויס מיט אַ מאַנעוזער קעגן דעם דאָזיקן פאַרבאָט, ווען זי וויל זיך פאַרמעסטן מיט „הויזן״-הלבשה, און ווייזן דערמיט, אַז זי איז אַזוי גרויס, אַזוי פעיִק, ווי דער מאַן, דאַן זענען די קליידער נישט קיין כבוד, נאָר אַ רייץ און אַ שפּיל מיט תאווה.

דער „לא יראה בך ערות דבר״ — ווי מיר וועלן אָנווייזן — איז געמיינט געוואָרן, לויט דער הלכהשער אינטערפּרעטאַציע, אַז אַ מאַן טאָר נישט מאַכן קיין ברכה אין אָנוועזנהייט פון אַ פרוי, ווען זי האָט אָפּגעדעקט טיילן פון איר קערפּער, וואָס דאַרפן זיין צוגעדעקט [23]. דער דאָזיקער פאַרבאָט איז נישט ווייניקער חל אויף דער פרוי, זי זאָל נישט רייצן צו תאווה, זי זאָל זיך אויפפירן צניעותדיק און נישט פאַרקויפן איר נשמה — שוין נישט רעדנדיק פון קערפּער — אויס לוסט צו ציִען אויפמערקזאַמקייט.

**ו. התחייבות פון דער פרוי. — שלום-בית ווו שכינה רוט. — קדושין און כתובה. — צניעותדיקייט אין פאַמיליע-לעבן. — ירו-שה-רעכט. — ווי מ׳האָט באַגריסט אַ חתן.**

אין מיין ווערק וועגן דער „באַציִונג צו דער פרוי״, האָבן מיר זיך באַקענט מיט אַלע מאמ-רים וועגן די זכויות, אָדער „זכותים״, פון דער פרוי און איר ראָל אין משפּחה-לעבן, ווי די עקרת-הבית, צו פאַרוואָרצלען, איינפלאַנצן און אָנהאַלטן דעם שלום-בית. ס׳האָבן אַ סך אַנדע-רע [1] פאַר מיר באַרייכערט אונדזער וויסן און אונדזער ליטעראַטור אויפן דאָזיקן געביט.

דאָס צוזאַמענפּאָרן מאַן-און פרוי, די חתונה-אינסטיטוציע, איז נאָך אַלץ געבליבן מיסטעריעז און נישט אומזיסט האָבן אונדזערע חכמים געזאָגט, אַז פערציק טעג פאַרן געבוירן ווערן פונעם וולד האָט מען שוין אין הימל באַשטימט דעם זיווג. ס׳איז דעריבער אַן אומאויסשעפּלעכע טעמע און וויפל מ׳זאָל דעם קעגנשטאַנד נישט באַהאַנדלען, בלייבט נאָך אַלץ „מקום להתגדר״, בלייבט נאָך אַלץ איבער וואָס צוצוגעבן בכדי צו אַנטפּלעקן, זאָל זיין כאָטש אַ „טפח״, פון דאָזיקן סוד און איבערלאָזן „טפחיים״ מיסטעריעז.

דער סוד פון מזל־ברכה אין פאַרהייראַטן לעבן ליגט אין דער פאַרשטענדעניש און אינעם באַגער צו פאַרשטיין און באַנעמען די וויכטיקייט פון צופאַסן זיך, פון מאַכן קאָמפּראָמיסן, פון שאַפן דעם געזונטן באָדן און גייסטיקע באַדינגונגען, צו זיכערן די גאַנצקייט אין דער היים, וואָס מ׳האָט זיך אונטערגענומען אויפצושטעלן.

ווען מאַן און פרוי זענען זוכה, לערנט אונדז רבי עקיבא, רוט די שכינה איבער זיי; אויב, חלילה, פאַרקערט — ווערן זיי אין העלישן פייער פאַרברענט; אויב מען נעמט אַוועק דעם „יוד" פון איש, ווערט דערפון אש (פײַער) און אויב מ׳נעמט אַוועק דעם „הא" פון אשה ווערט אויך אש. אַז מען לעבט צופרידן איז דער שם י ה איבער דער דאָזיקער פּאָר, איבער דער דאָזיקער משפחה. ווען די צוויי אותיות ווערן אַוועקגענומען, צוליב קריגערייען, רייסערייען — קומט דער אש און פאַרלענדט זיי, פאַרברענט זיי אין פייער און צאָרן; ווייל זי, די פרוי, האָט נישט דערפילט די פונקציעס פון אַ פרויענצימער און דער מאַן האָט פאַרלוירן זיין מאַנצבילישקייט.

„על זאת יתפלל כל חסיד אליך לעת מצא" — לערנט ר׳ חנינא: „זו אשה", ווי דער פסוק זאָגט: „מצא אשה מצא טוב" [2]; אויב, חלילה, פאַרקערט, איז זיין מצב ערגער ווי דער טויט: „ומוצא אני מר ממוות את האשה, אשר היא מצודים וחרמים לבה" [3] — „און איך געפין אַז ביטערער פון טויט איז די פרוי, וואָס איר האַרץ איז פאַסטקעס און נעצן".

ווי דער אויסוואַל פון הקדוש־ברוך־הוא אין זיין פאָלק ישׂראל, וואָס איז דער גרעסטער געטלעכער חסד, אַזוי איז דער אויסוואַל פון חתונה. דער נביא זאָגט אונדז: „רק אתכם ידעתי מכל משפחות האדמה, על כן אפקוד עליכם את כל עוונותיכם" [4] — נאָר אײַך קען איך פון אַלע פעלקער פון דער ערד, דעריבער וועל איך נישט פאַרגעבן קיין איינעם פון אײַערע זינד...

דער אויסוואַל, ווי מיר זעען, פירט צו אָבליגאַטאָרישע מעשׂים, צו זיין לאָיאַל און געטריי צו דעם וואָס האָט זי אויסדערוויילט.

די פרוי, אויסגעקליבן פון איר מאַן, נעמט אויף זיך אַ התחייבות, צו זיין אַ געטריי און איבערגעגעבן ווייב און אַ געטרייע מוטער. די פרוי ווערט דעריבער אין די קבלה־ספרים פאַרגעשטעלט ווי אַ מוסטער פון געטריישאַפט. די שכינה ווערט באַקליידט אין געשטאַלט פון אַ פרוי; געוויינלעך איז הקדוש־ברוך־הוא דער חתן און כּנסת ישׂראל — די כּלה; ביי מקובלים, געפינט מען די שכינה בדמות אשה.

ר׳ חיים וואָלאָזשינער (תק״ט־תקפ״א; 1759־1831) דערקלערט דערמיט דעם חילוק צווישן דער ליבע פון אַ פאָטער און דער ליבשאַפט פון אַ מוטער: דער פאָטער וועט האַלדזן, קושן און אַרומנעמען זיין קינד, ווען עס איז ריין. ער וועט

זיך אָבער נישט אַרומכאַפּן מיטן קינד, ווען ס׳האָט זיך זייער פאַרשמוצט. ער וועט באַלד רופן די מאַמע, זי זאָל נעמען דאָס קינד, עס אַרומוואַשן און איבערטאָן. דער רבונו־של־עולם איז טאַקע דער חתן, דער פּאָטער פונעם ייִדנטום. אָבער, נישט ווייניקער, די מוטער, צו האַלדזן דאָס קינד אַפילו ווען ס׳האָט זיך אַ ביסל איינגעשמירט [5].

די מוטער, אין ייִדנטום, האָט נישט ווייניקער זכותים פונעם פאָטער.

דעם פּסוק „וזכרתי את בריתי יעקב ואף את בריתי יצחק ואף את בריתי אברהם״ [6], קאָמענטירט דער „תורת כהנים״: „אין לי אלא אָבות, אמהות מנין? ת״ל „את״ — ואין את אלא אמהות, שנאמר „שמה קברו את אברהם ואת שׂרה אשתו״. פונעם איבעריקן וואָרט את, לערנט מען אַרויס, אַז די מוטערס האָבן נישט ווייניקער זכות פון די פאָטערס. אויב ס׳איז נישט געזאָגט געוואָרן קלאָר וועגן דער מוטערס זכות, האָט מען דערויף מרמז געווען, אַז די ראָל פון די אורמוטערס איז נישט ווייניקער ווי די ראָל פון די פאָטערס ביים צוזאַמענשטעלן און ביים צעמענטירן דעם יסוד פון ייִדנטום.

ווי מיר האָבן שוין אין אַ פריִערדיקן פּרק אָנגעוויזן, איז גאולת מצרים געקומען צוליבן זכות און שׂכר פון די נשים צדקניות [7].

ר׳ יוסי בן חלפתא, אין זיין לויבן די פרוי און באַטאָנען די וויכטיקייט פון אַ גוטן זיווג [8], פאַרגלייכט זי צו אַ „לטרא של זהב״ — צו אַ פונט גאָלד. ער האָט זיך שטאַרק פאַרנומען מיט פאַרזיכערן די רעכט פון דער פרוי און גערופן זיין פרוי, „ביתי״ — מיין היים.

אויפן פּסוק — „כה תאמר לבית יעקב ותגיד לבני ישׂראל״ [9] — אַזוי זאָלסטו זאָגן צום הויז פון יעקב און דערציילן די קינדער פון ישׂראל, ווערט געדרשנט: בית יעקב — דאָס הויז פון יעקב איז די פרוי, מיט אַ צוגאָב, אַז די פרוי קומט פריִער פאַרן מאַן, ווייל דער יסוד פון די יסודות צו לעבן אַ ריין און הייליק לעבן איז די פרוי. די גוטע פרוי איז משפּיע מיט איר גוטסקייט אויפן מאַן, מאַכט אים באַקוועם דאָס לעבן, שטאַרקט אין אים די אונטערנעמונגס־כּוחות, גיט אים מוט אין זיין שעפערישקייט.

אין שייכות מיטן פאַרלאַנג פון די צלפחד־טעכטער צו קריגן ירושה, ווי די מענער, מיט דער טענה, אַז זייער פאָטער האָט נישט איבערגעלאָזט קיין זין [10], דערציילט דער מדרש, אַז ווען זיי האָבן געהערט, אַז דאָס לאַנד ווערט צעטיילט צווישן די שבטים און בלויז צו זכרים, האָבן זיי זיך פאַרזאַמלט און געזאָגט: דאָס רחמנות פונעם מענטש איז נישט ווי דאָס רחמנות ביי השם־יתברך: דער מענטש האָט מער רחמנות אויף מענער — אָבער ביים רבונו־של־עולם, איז „ורחמיו על כל מעשׂיו״ [11].

ר׳ ברוך עפשטיין, אין זיין „תורה תמימה״, שטעלט זיך אָפּ אויף דער פראַגע: פון וואַנען האָבן זיי געוווּסט, אַז מענטשן זענען זיך מער מרחם אויף מענער? ער באַמיט זיך צו ענטפערן דערויף לויט דער גמרא [12]: „האיש קודם לאשה להחיות״, אַז ווען מאַן און פרוי זענען אין דער זעלביקער סכּנה, זאָל מען פריִער ראַטעווען דעם מאַן: 1) דער מאַן שטייט העכער, צוליב דעם גרעסערן עול פון מצוות; 2) ער איז וויכטיקער צוליב זיין גבורה, ער ווערט גערופן בן, ווייל ער בויט, „בן־בנין״.

דער בעל „תורה תמימה״ באַפעסטיקט זיין טעאָריע דערמיט, וואָס אין תלמוד געפינט מען אַ צאָל אויסדרוקן וועגן דעם גליק ביים געבורט פון אַ זכר: „אשרי מי שבניו זכרים״ [13]; „בא זכר בעולם, בא שלום בעולם״ [14] אָדער „בא כּכרו בידו״... דער מאַן קאָן פאַרטיידיקן זיין לאַנד און קאָן אַריינברענגען די פּרנסה אין הויז אַריין.

איז דאָס אַ השערה — אפשר אַן אויסגעהאַלטענע השערה, הגם די בנות צלפחד האָבן נישט געלערנט קיין תלמוד און נישט געוווּסט וואָס עס וועט מיט טויזנטער יאָרן שפּעטער געזאָגט ווערן וועגן דער העכערקייט פון די זכרים... דאָס לעבן איז אָבער מסתמא אַזוי איינגעשטעלט געווען, אַז דער זכר האָט געהאַט דעם „כּח גברא״ צו באַהערשן דעם „שוואַכערן געשלעכט״ און במילא איז ער געווען ב ר א ש.

וויכטיק איז אָבער, אַז זייער באַוווּסטזיין האָט דיקטירט, אַז דער רבונו־של־עולם האָט רחמנות אויף דער פרוי, פּונקט ווי ער האָט רחמנות אויפן מאַן. ביי אים איז די מענלעכע גבורה נישט קיין גרויסער עסק... די חז״ל האָבן אָט דעם געדאַנק געפונען אין ספר תהלים: זיין רחמנות איז אויף אַלעמען. די ערשטע וועלכע האָבן געפאָדערט גלייכע רעכט פאַר פרויען זענען געווען די צלפחד־טעכטער און זיי האָבן דאָס זייעריקע דערגרייכט.

אין תלמוד [15] ווערט איבערגעגעבן וועגן ווערטלעך מיט וועלכע ס׳האָבן זיך באַנוצט די תנאים און אמוראים: „מרגלא בפומיה דרב...״ רב פלעגט זאָגן, נישט ווי די איצטיקע וועלט וועט זיין די קומענדיקע. דאָרט וועט נישט זיין, נישט עסן, נישט טרינקען, נישט מערן זיך. צדיקים וועלן זיצן מיט קרוינען אויף זייערע קעפּ און געניסן פון שכינה־לויטערקייט, און ער גיט צו: „גדולה הבטחה שהבטיחן הקב״ה לנשים יותר מן האנשים״. דער הייליקער־געבענטש־איז־ער האָט געגעבן די פרויען מער פאַרזיכערונג, ווי די מענער; ער לערנט דאָס אַרויס פונעם פּסוק: „נשים שאננות... בנות בוטחות״... [16]

ר׳ יחזקאל לאנדא (תע״ד־תקנ״ג; 1713־1793), דער פּראָגער רב, קאָמענטירט פאַר וואָס איז די הבטחה צו דער פרוי גרעסער ווי צו דעם מאַן [17] — ווייל אין אָנהייב איז דער מאַן געבוירן געוואָרן אַליין און נאָך דעם האָט אים דער

בורא געגעבן אַ פרוי אַלס עזר, אַלס העלפעריןָ. אין דער גמרא [18] ווערט געזאָגט, אַז ר׳ יוסי האָט געטראָפן אליהון, האָט ער אים געפרעגט: מיט וואָס העלפט אים די פרוי? האָט אליהו געענטפערט: דער מאַן ברענגט ווייץ? — איז ווייץ! פלאַקס? — איז פלאַקס!... קומט אויס, אַז דאָס העלפן באַשטייט בלויז אין פיזישע הילף און אין קיום המין, מקיים צו זיין די מצווה „פריה ורביה״... וואָס וועט אָבער זיין אויף דעם עולם עליון, ווו, ווי רב זאָגט, ס׳איז נישטאָ נישט אכילה, נישט שתיה און נישט פריה ורביה? דאָרט וועט מען שוין קיין פרוי נישט דאַרפן האָבן, זי וועט שוין נישט האָבן קיין פונקציע צווישן צדיקים־מלאכים. דערויף האָט רב דערקלערט, אַז פאַרקערט — „גדולה הבטחה שהבטיח הקב״ה לנשים יותר מן האנשים״, אַז זיי וועלן נאָך האָבן אַ גרעסערן חלק עולם־הבא פאַר זייער נוצלעכקייט, פאַר זייער מיטהילף אויפצוהאַלטן דעם גייסטיקן קיום אויף דער וועלט און, ווי עס ווערט דאָרט צוגעגעבן, פאַר דעם וואָס זיי מאַכן ליכטיק דעם מאַנס אויגן און שטעלן אים אויף די פיס.

ר׳ יחזקאל לאנדאָ האָט אַ נאָמען געגעבן זיין ספר — „צל״ח״, אין זכר פון זיין מוטער, ווי ער דריקט זיך אויס — „אם לבינה אקרא״ לאמי הצנועה והחסידה, לעשות ציון לנפשה הטהורה... נפש חיה היא שמה...״

און צום סוף:

„ועל הטוב יזכר שמה של האשה אשר עמדי, אשת חיל הצנועה והחסידה, זוגתי הרבנית מרת ליבא תי׳ והני נשי במאי קזכיין באמתוני לגובריהו... רב זכותה בזה בשני הנעורים ועכשיו מה טובה וחסדה לעת זקנתי וכשלון כוחי היא משגחת בעינא פקיחא על שמירת בריאת גופי וגם בלילה אינה נותנת שינה לעינה״...

ווי איך האָב שוין אָנגעוויזן אין מיין פריִערדיקן ווערק, האָבן מיר אין אַלע צייטן געהאַט פרויען וועלכע האָבן געלעבט אין זייער אייגענעם זכות, געהאַט אייגענע פאַרדינסטן פאַרביידע וועלטן. אַזעלכע פרויען האָבן איינגעזאַפּט אין זיך נישט בלויז פון לעבנס־ און ליבע־זאַפט, נאָר פאַרמאָגט אַ טיף ייִדישן און אַלגעמיינעם וויסן.

די דאָזיקע פרויען האָבן גאָר אַ סך בייגעטראָגן נישט בלויז צו דער פיזישער נאָר אויך צו דער גייסטיקער און מאָראַלישער אַנטוויקלונג פון ייִדישן פאָלק. יעקב אָבינו ווערט גערופן רבקהס זון, ווייל, ווי די חז״ל באַהויפּטן, האָט ער זיך צוגעהערט צום קול פון זיין מוטער.

אַזעלכע פרויען, נאָכפאָלגערינס פון רבקה און רחל, זענען געווען אין אַלע דורות. די מוטער פון ר׳ יהושע בן חנניה — ווערט דערציילט — האָט אים געבראַכט אין בית־מדרש ווען ער איז נאָך געווען אַ וויגקינד, כדי ער זאָל זיך איינהערן און זיך צוגעוווינען צו תורה. די פרוי קמחית האָט געבוירן זיבן

זין און אַלע זענען געווען כּהנים גדולים, ווייל זי האָט געפירט איר הויז צניעותדיק [19].

ייִדישע מאַמעס האָבן תּמיד געהיט די גייסטיקע ירושה־אוצרות פון אונדזער פאָלק און געהאָלפן איבערגעבן זיי די דורות נאָך זיי. לויט אגדות האָט שוין ביים באַגין פון אונדזער פאָלק די מוטער געשפּילט די דאָזיקע ראָלע. אברהם אָבינוס מוטער האָט געהאַט אויף אים אַ געבענטשטע השפּעה, אים דערצויגן צו הכּרת הבורא און דאָס האָט אים געפירט צו שאַפן אַ נייע ציוויליזאַציע, אַ נייע אמונה. פון אים זענען אַרויסגעקומען די שבטים, אָפּשטאַמיקע פון בני שם און, ווי זרע אברהם, געבראַכט אַ נייעם געשיכטלעכן גאַנג. די שבטים האָבן אַרויסגעבראַכט די פּסיכישע אייגנשאַפטן פון די בני ישראל און זיי אויסגעקריס־טאַליזירט צו דער העכסטער מאָראַליש־עטישער הייך פון אַן עם קדוש. דעם דאָזיקן ברית האָבן ייִדן אָנגעהאַלטן דורך אַלע דורות, אין אייגענעם לאַנד און אין די גלות־לענדער, ביז אונדזער תּקופה פון שבי הגולה אין דעם מאָדערנעם באַטייט פון די ווערטער — צו אייגענער זעלבסט־באַשטימונג. נאָכן דורכמאַכן אַזוי פיל פּיין און לייד „שאם באנו לכתוב אין אנו מספיקים" [20], האָבן ייִדן באַ־וויזן צו קענען עקזיסטירן און צוריקקומען צום לאַנד פון זייערע אָבות.

אַזוי אַרום האָט זיך אַנטוויקלט אַ ייִדישער לעבנס־שטייגער, געבויט אויף פּרינציפּן פון גייסטיק־רעליגיעזער אויספורעמונג, געוווינהייטן און מינהגים. די דאָזיקע מינהגים, באַזירט אויף מאָראַלישע קאָנצעפּציעס און געפילן, האָבן דער־מעגלעכט די עקזיסטענץ פון אַ ייִדישן פאָלקסלעבן, ווי אַן אָפּגעזונדערטער קאָלעקטיוו אין אַזוי פיל גלותן.

## ז. איין פרוי פון טויזנט. — בן דורדיא. — ר' עמרם חסידא. — אַ פייער אין הויז. — כּוח פון רייץ. — תּשובה אויף זנות.

מיר האָבן ביז איצט געזען, אַז נישט געקוקט אויף דעם זאָג אין קהלת: „אָדם אחד מאלף מצאתי ואשה בכל אלה — לא מצאתי" [1] — איין מאַן צווישן טויזנט האָט קהלת געפונען אָבער אַ פרוי אַ לייטישע, אַפילו צווישן טויזנט נישט געפונען... האָבן זיך די חז"ל געוווּנדערט אויף אָט דעם שאַרפן קאַטעגאָרישן אורטייל איבער דער פרוי און געזוכט דעם גרונט פון אָט דעם זאָג. זיי האָבן, ווייזט אויס, נישט געקענט געפינען קיין אַנדער חסרון, ווי כּישוף ביי פרויען. ד"ה, אַז פרויען זענען מער ווי מענער פאַרטאָן אין כּישוף, אין אימאַזש, אין אָבערגלויבערישקייט. זיי האָבן דאָס געפונען אַפילו ביי

די טעכטער פון רב נחמן, וועלכע זענען זיכער געווען גוט דערצויגן, אינטעליגענט און מיט גוטע מאַניערן, און דאָך האָט זיי געצויגן צו כישוף [2].

ווי מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, האָבן די חכמי התלמוד געפונען ביי פרויען געוויסע דעפעקטיווע געוווינהייטן און נעגאַטיווע דערשיינונגען; חוה איז דאָך געווען די ערשטע צו רעדן צו פיל און צו ווירקן אויף אָדם הראשון, ער זאָל טועם זיין פונעם עץ־הדעת און געבראַכט דעם טויט אויף דער גאַנצער מענטשהייט.

די מצווה פון שבת־ליכט, איז, ווי שוין געזאָגט, געגעבן געוואָרן דער פרוי, ווייל זי האָט פאַרלאָשן דאָס ליכט דאַרף זי דעריבער מתקן זיין מיט ליכט [3]. זי דאַרף צינדן צוויי ליכט צוליב זכור ושמור, ווייל די פרוי, ווי דער מאַן, איז געבאָטן אויף שמירת שבת. אינטערעסאַנט איז, אַז פאַרן זכות פון צינדן ליכט, זאָגט מען צו גוטע קינדער, בנים תלמידי חכמים [4]. אַ פראַגע ווערט געשטעלט וועגן נר חנוכה, נר יום־טוב אאז״וו.

די, וועלכע זוכן איינפאַכע מאָטיוון אין יידישע טראַדיציעס, זעען אין שבת־ליכט דעם מאָטיוו פון שלום־בית, ס׳זאָל זיין ליכטיק שבת־יום־טוב, מ׳זאָל נישט זיצן אין דער פינצטער.

הרב ר׳ גדלי׳ פעלדער, אין איינעם פון זיינע שאלות ותשובות (נאָך אין כתב־יד), פאַרנעמט זיך גאָר ברייט און טיף וועגן נרות בכלל. ער ווייזט אָן צוו״אַ, אַז די הדלקה פון שבת־ליכט, וואָס איז אַ חוב אויף דער פרוי, איז צוליב כבוד שבת, און במילא איז דאָס חל אויך אויף יום־טוב [5].

ווי געזאָגט, דאַרף הערשן ליבשאַפט צווישן מאַן און פרוי. אויב אָבער די ליבשאַפט איז באַזירט אויף אויסערלעכן פוץ און אויסערלעכן רייץ, דאַן האַלט זי נישט לאַנג אָן.

אַ פרוי וואָס פירט זיך אויף פאַרשייט, האָט רבי מאיר געלערנט, דאַרף מען אָפּגטן. ווי עס גיט אָן אַ ברייתא, הייסט אַ פרוי — פאַרשייטע, אויסגעלאַסענע, ווען זי גייט אַרויס צווישן מענער. „ראשה פרוע... פרומה משני צדדיה ורוחצת עם בני אדם...״ [6]

אין יהדות — וועלן מיר דערמאָנען נאָך אַ מאָל — ווערט צניעות שטאַרק באַטאָנט און באַוואָרנט: דאָס באַהעפטן זיך פון מאַן און פרוי, דאַרף זיין אין דער פינצטער, ביי נאַכט. דער מלאך וואָס איז ממונה על ההריון הייסט נאַכט: „לילה שמו״ [7]; לויט חז״ל, האָט אַ באַהעפטונג פון „מגלה טפח ומכסה טפחיים״ אַ ווירקונג, דער מלאך זאָל העלפן ס׳זאָל זיין „ולילה אמר הורה גבר״, ס׳זאָל אַרויסקומען אַ גוטע יצירה.

מאָדנע איז, וואָס, לויט חז״ל, איז „לילה״ דער נאָמען פונעם מלאך וואָס האָט געהאָלפן אברהם אָבינו אין זיין זיג קעגן די זעקס מלכים [8]. מעגלעך, אַז לילה

איז געוואָרן אַ סינאָנים פון באַהאַלטנקייט, פון נאַכטיקע כוחות און אברהם האָט דאָך באַוויזן באַהאַלטענע כוחות. אדמו״ר ר׳ צדוק הכהן, אין זיין ספר „שיחת מלאכי השרת״[9], ברענגט פון קבלה־ספרים, אַז די שכינה ווערט גערופן לילה, וואָס עס מיינט פאַרהוילענע השגחה און פירערשאַפט, „כיסוי והעלם סדר, הנהגה״.

לילה, ווי מיר זעען, ווערט דערמאָנט אַלס מלאך פון שוואַנגערשאַפט[10]. איך וואָלט צוגעגעבן, אַז דער לילה און לילית האָבן עפּעס אַ נאָענטקייט און אַז די לילית, די שדכע פון תאווה, פאַרמעסט זיך אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט צו צעשטערן דעם שלום צווישן מאַן און פרוי. נישט אומזיסט וואָרנט ר׳ חנינא[11], אַז ווען אַ מענטש זיצט אַליין, האָט נישט חתונה, קאָן אים אָנכאַפּן די לילית.

שווער, זייער שווער, איז זיך אויסצוהיטן פון תאווה. „יצרא דתאוותה״, זאָגט דער כהן פון לובלין, וועט קיין מאָל נישט בטל ווערן, ווייל ער איז נייטיק צו גוטע צוועקן. און מ׳דאַרף האָבן גרויס הילף פון השם־יתברך, נישט אַריינצופאַלן אין דער נעץ פון טומאה, נאָר אויסנוצן דעם יצר פאַר קדושה[12]. אַפילו דעם חסיד שבחסיד איז שווער זיך אויסצוהיטן[13].

און דאָ קומען מיר צו די חסידים, וועלכע האָבן זיך אויסגעהיט.

„מעשׂה בחסיד אחד, שפּדה ריבה אחת בת ישׂראל ולמלון השכּיבה תּחת מרגלותיו״... — אַ מעשׂה, וואָס האָט פּאַסירט מיט אַ חסיד, וואָס האָט אויסגעלייזט אַ יִידיש מיידל פון גויִים, וועלכע האָבן זי געפאַנגען; און אַזוי ווי ס׳איז געווען שפּעט, האָט ער זי געלייגט שלאָפן ביי זיינע פיס (ער האָט קיין אַנדער פּלאַץ נישט געהאַט). צו מאָרגנס איז ער אַראָפּ פון בעט, זיך טובל געווען און נאָך דעם געלערנט פאַר זיינע תּלמידים.

ער האָט אָבער געוואָלט וויסן וואָס ס׳האָבן געטראַכט זיינע תּלמידים, בעת זיי האָבן געזען זיין מאָדנע אויפפירונג, האָט ער זיי דאָס געפרעגט.

האָבן די תּלמידים געענטפערט:

ווען דו האָסט זי געלייגט ביי דיינע פיס, האָבן מיר געטראַכט, אַז דו טוסט דאָס אויס מורא, טאָמער געפינט זיך צווישן אונדז אַ נישט־אָרנטלעכער תּלמיד, און די טבילה — ווייל ס׳קאָן זיך טרעפן, מ׳זאָל נישט ווילנדיק פאַרלירן אַ טראָפּן זרע...[14] דער חסיד האָט צוגעגעבן, אַז אַזוי איז עס טאַקע געווען, ווי זיי האָבן זיך פאַרגעשטעלט.

ווער איז געווען דער חסיד וואָס האָט אַזוי אָפנהאַרציק דערציילט וועגן זיין איבערלעבונג מיט אַ מיידל צופוסנס, ווי ביי בועז, און געקענט גובר זיין דעם יצר?! ווער איז געווען דער רבי, וואָס האָט דאָך מורא געהאַט, אַז דאָס אויסגעלייזטע מיידל זאָל נישט פאַרגוואַלדיקט ווערן פון אַ נישט־אָרנטלעכן תּלמיד?...

לויט רש״י [15] (וואָס גיט אָן אַ מקור פון מסכת בבא קמא [16]), איז עס געווען אָדער ר׳ יהודה בן בבא, אָדער ר׳ יהודה ברבי אלעאי, ווייל ביידע ווערן גערופן חסיד. די מערסט אָנגענומענע מיינונג איז, אַז דאָס איז געווען ר׳ יהודה ב״ר אלעאי.

ווי עס זאָל נישט זיין, זעט מען דערפון, אַז אַפילו אַ באַרימטן חסיד, איז נישט לייכט זיך אויסצוהיטן און קאָנטראָלירן, און אַז וואָס פאַר אַ סיבה ס׳זאָל נישט געווען זיין, האָט ער זיך געדאַרפט טובל זיין.

כּדאי צוצוגעבן, אַז אין דער מעשה, וואָס מען זאָגט מוצאי־שבת וועגן איש חסיד הי׳ בלי מזון ומחיה... גונן בחשובה אשה... און אַז אליהו הנביא איז אים געקומען אַנטקעגן און אים געהאָלפן, איז געמיינט געוואָרן דער דאָזיקער ר׳ יהודה בן אילעאי [17]. וועגן זיין עניוות ווערט אַ סך דערציילט אין תלמוד. ער, דער אָנערקענטער חסיד צווישן אַלע חסידים ואנשי מעשה, האָט געהאַלטן, אַז אַ מאָל, פאַר זיין צייט זענען געווען חסידים [18].

נאָך איינער וואָס ווערט אויך גערופן חסיד און וואָס איז שיִער נישט אַריינ־געפאַלן, נאָר בלויז דורך אַ נס האָט ער זיך קאָנטראָלירט און זיך נישט געלאָזט פאַרפירן פון תאווה, איז געווען ר׳ עמרם חסידא. אויך ביי אים, האָט עס פּאַסירט, ווי מיר האָבן שוין איבערגעגעבן, מיט אויסגעלייזטע מיידלעך פון געפאַנגענ־שאַפט וואָס די שטאָט האָט אָנגעטרויט צו אָט דעם ר׳ עמרם.

אַז מ׳האָט צו אים אַריינגעבראַכט די מיידלעך, האָט ער זיי געהאַלטן אויפן בוידעם־שטיבל. ווען עס איז פאַרבייגעגאַנגען אַ גאָר שיין מיידל, אַ ביסל אַנט־בלויזט, האָט ער זיך פאַרלוירן און געכאַפּט די לייטער אַרויפצוגיין... דערווייל האָט ער זיך געכאַפּט, וואָס ער גייט דאָ טאָן און האָט אָנגעהויבן שרייען: אַ פייער ביי ר׳ עמרמען... און איז אַזוי ניצול געוואָרן פון אַ חטא.

ווי די מעשה ווערט איבערגעגעבן, האָט ר׳ עמרם אַריינגענומען די געפאַנ־גענע מיידלעך, וואָס זענען אויסגעלייזט געוואָרן און געבראַכט געוואָרן קיין נהרדעא. ביי אים אין הויז, האָט מען געהאַלטן, זענען זיי געהיט. בכדי צו פאַר־היטן, אַז נהרדעא־מענטשן זאָלן זיך נישט אַרויפכאַפּן צו זיי (ווייזט אויס אַז תאווה איז געווען זייער שטאַרק ביי די בני בבל), האָט מען אַוועקגענומען די לייטער.

דערווייל, בעת ר׳ עמרם האָט זיך אַזוי עוסק געווען מיטן באַשיצן די מיידלעך, איז איינע פאַרבייגעגאַנגען און ליכטיק געמאַכט מיט איר שיינקייט („נפל נהורא״). האָט ר׳ עמרם געכאַפּט די לייטער, וואָס צען מענטשן האָבן זי נישט געקענט אויפהייבן, האָט זי אַליין אויפגעהויבן און זיך געלאָזט אַרויף צום בוידעם... אין מיטן האָט ער פלוצלינג אָנגעהויבן שרייען „נורא בי עמרם״, אַ פייער האָט אויסגעבראָכן ביי עמרמען.

די רבנן זענען זיך צונויפגעלאָפן צוליבן געשריי און, ווען זיי האָבן געזען וואָס דאָ האָט פּאַסירט, האָבן זיי געהאַט צו אים אַ טענה: דו האָסט אונדז פאַר־שעמט. האָט ער זיי געזאָגט, אַז ער האָט זיי געוואָלט ווייזן, ווי שווער ס׳איז זיך אויסצוהיטן פון הרהורי עבירה און אַז דער נס איז אים געשען אַ דאַנק די ציצית, און אַז מ׳דאַרף זיין נזהר אין מצוות ציצית.

ר׳ עמרם האָט געהאַלטן, אַז פון דריי זאַכן קען אַ מענטש זיך נישט אויס־היטן [19]. איינע פון די דריי איז „הרהורי עבירה", דאָס האָבן אין מחשבה צו טאָן אַן עבירה, באַזונדערס תאוות נשים.

רב עמרם האָט צוליב דעם דאָזיקן אַקט זוכה געווען צום טיטל חסידא: ער האָט נישט געקוקט אויפן אייגענעם בזיון און געענטפערט די חכמים, וואָס האָבן אים פאַרגעוואָרפן, אַז ער האָט זיי פאַרשעמט: „מוטב תיכספו בי עמרם בעלמא הדין ולא בעלמא דאתי" — בעסער איר זאָלט זיך מיט מיר שעמען אויף דער וועלט, איידער אויף דער קומענדיקער וועלט. צום יצר־הרע, האָט ער געזאָגט: זע, דו ביסט פייער און איך בין פלייש — דאָס פלייש האָט זיך געשטאַרקט איבערן פייער.

קיין הלכות איז פון ר׳ עמרמען נישטאָ. ער ווערט אָבער אומעטום דערמאָנט מיט גרויס חשיבות, צוליב זיין חסידות און צוליב די חומרות וואָס ער האָט איינגעפירט.

ווען מיר דאָ נישט אויסרעכענען די אַלע וואָס האָבן קאָנטראָלירט זייער יצר. מיר וועלן בלויז דערמאָנען ר׳ יוחנן, דעם תלמיד פון רבי יהודה הנשיא און חבר פון רב און שמואל. רבי יוחנן, וועלכער האָט געלערנט — מ׳זאָל נישט נאָכגיין נאָך קיין פרוי, ווייל דאָס נאָכקוקן דעם גאַנג פון אַ פרוי, איז עלול צו וועקן תאווה — פלעגט זיך אַוועקזעצן ביי די טבילה־טויערן, בכדי יידישע טעכטער, ווען זיי וועלן אַרויסגיין פון טבילת־מצווה, זאָלן קוקן אויף אים און האָבן שיינע קינדער, געראָטן אין אים. ווען די רבנן האָבן אים געפרעגט: האָסט גאָר נישט קיין מורא פאַר אַ שלעכט אויג? האָט ער זיי געענטפערט — „אנא מזרעא דיוסף קאתינא שאין העין שולטת בהן" [20] — איך שטאַם פון יוסף הצדיק, אויף וועמען ס׳האָט נישט קיין שליטה קיין שלעכט אויג, קיין עין־הרע.

ווען די זעלביקע פראַגע איז געשטעלט געוואָרן רב גידלען, האָט ער שוין אַזאַ ענטפער נישט געגעבן.

ר׳ יוחנן, זעט אויס, איז געבענטשט געוואָרן נישט בלויז מיט שיינקייט (ווען ער האָט אויפגעדעקט זיין אָרעם, איז ליכטיק געוואָרן אין הויז). ער אַליין האָט אויף זיך געזאָגט, אַז ער איז איבערגעבליבן פון די שיינע מענטשן אין ירושלים: „אנא אשתיירי משופרי ירושלים" [21]. אַ דאַנק זיין שיינקייט האָט ער אָפּגעראַטע־וועט אַ גרויסע נשמה — זיין תלמיד, חבר, שוואָגער און זיין רעכטע האַנט, ר׳

שמעון בן לקיש. ווען דער לעצטער האָט אים געזען שווימען איז ער אַנטציקט געוואָרן פון זיין שיינקייט, האָט אים ר׳ יוחנן געזאָגט: נעם דיך צום לערנען, וועל איך דיר געבן מיין שוועסטער, וואָס איז שענער פון מיר.

ר׳ יוחנן האָט געוווּסט פונעם מאמר: „עין רואה ולב חומד". רבא האָט עס שפּעטער קלאָר אויסגעדריקט: „אין יצר הרע שולט אלא במי שעיניו רואות". רבא אַליין — ווערט דערציילט — איז באַווירקט געוואָרן פון אַ פּרויס אויפגעדעקטן אָרעם, פון דער שיינער חומה, דאָס ווייב פון אביי — זי איז דאַן געווען אַן אלמנה [22]). ר׳ יוחנן האָט זיך נישט געשראָקן פאַר דעם יצר. מעגלעך, אַז פּונקט ווי ער איז געווען זיכער, אַז ס׳קען אים נישט שאַטן אַ שלעכט אויג, אַזוי איז ער געווען זיכער, אַז די תאווה האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן, אפשר צוליב זיינע צרות און שרעקלעכע ליידן.

ר׳ יוחנן איז אַלס קינד געוואָרן אַ קיילעכדיקער יתום און איז פּטור געווען פון דער מצווה כּיבוד אב ואם [23]. רבי, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט יתומים, האָט אים אַריינגענומען אין זיין ישיבה, ווען ער איז נאָך גאָר יונג געווען.

מיר גיבן דאָ נישט קיין מאָנאָגראַפּיע וועגן ר׳ יוחנן, אַוודאי נישט קיין דיסערטאַציע וועגן דער תּקופה פון רבי יהודה הנשׂיא און זיינע עלטערע און יִינגערע תּלמידים, די גדולי הדור אין בבל, ווי רב און שמואל, אָדער די גדולי ישׂראל אין ארץ־ישׂראל, ווי ר׳ יוחנן, דער גרינדער פון דער ישיבה אין טבריא, דער מסדר פון תּלמוד ירושלמי.

מיר מוזן אָבער צוליב אונדזער טעזע ברענגען דעם פאַקט, אַז אַ גאַנץ לעבן האָט ר׳ יוחנן גאָר אַ סך געליטן: קראַנק געווען אַלע יאָרן [24] און דערצו געווען אַן אָרעמאַן. אויב דאָס איז ווייניק, האָט ער געהאַט צען זין און האָט זיי אַלע באַגראָבן... [25] איז אַ ווונדער וואָס דער יצר־הרע האָט נישט געהאַט קיין שליטה איבער אים? תאווה האָט זיך אָפּגעטאָן פון אָט דעם מאַן, וואָס האָט מער אין לעבן נישט געהאַט, ווי לערנען מיט גרויס התמדה!

מיר האָבן פריִער דערמאָנט וועגן כּוח פון אויגן, פון זען. איז כּדאי צו דערמאָנען דעם מאמר פון ריש לקיש, דעם שוואָגער, תּלמיד און חבר פון רבי יוחנן. ער האָט געזאָגט: „טוב מראה עינים באשה יותר מגופו של מעשׂה" [26] — אַז די שיינקייט פון אַ פרוי ליגט אין אירע אויגן, און ער אַליין איז דאָך באַגייסטערט געווען פון שיינקייט; צוליב איר שיינקייט, האָט ער חתונה געהאַט מיט ר׳ יוחננס שוועסטער; צוליב דעם געוואָרן אַ מתמיד און הויפּט פון זיין שוואָגערס תּלמידים.

ריש לקיש האָט אויך געהאַלטן, אַז אַ נואף איז נישט בלויז דער וואָס פּראַקטיצירט, פּירט אויס דעם אַקט פון זנות בפועל ממש; אַ „נואף בעיניו" — האַלט ער — איז אויך אַ נואף [27] און דאַרף דערפאַר באַשטראָפט ווערן. ער האָט זיכער מסכּים געווען צום זאָג: „ כלה שעיניה יפות אין כל גופה צריך בדיקה" [28].

ער האָט זיך נישט ווייניק פאַרנומען מיטן אויסטייטשן פאַרשיידענע פּסוקים, אין שייכות מיט זנות און תאווה, ווי ער טייטשט דעם פּסוק: „בואף אשה חסר לב״ [29], אַז דאָס איז אַ משל אויף אַזאַ איינעם וואָס לערנט תּורה לפרקים [30].

דער זאָג — „כלה שעיניה יפות״, איז אויך אַ משל וועגן סנהדרין, אַ בית־דין. אָבער אָן דעם משל איז עס געמיינט פּשוט, ווי דאָס ווערט דאָרט געזאָגט: „רמ״ח אברים יש באדם...״ — צוויי־הונדערט־אַכט־און־פערציק אברים זענען פאַראַן אינעם מענטש און אַלץ גייט לויט די אויגן... אַ כלה וואָס האָט מיאוסע אויגן, דאַרף מען באַטראַכטן איר גאַנצן קערפּער; אויב אָבער זי האָט שיינע אויגן, דאַרף מען שוין דעם קערפּער נישט באַטראַכטן... די אויגן זאָגן עדות אויף איר שיינקייט און באַחנקייט. „אין כל גופה צריך בדיקה״.

די חז״ל האָבן נישט נעגירט דעם כּוח פון תאווה און געוווּסט, אַז אַפילו חסידים קענען אַריינפאַלן, און געהאַלטן, אַז דאָס אויג קאָן פאַרפירן; געהאַלטן, אַז ווען אַ מאַן פאָרט אַוועק אין מרחקים, זאָל ער האָבן זיין ווייב מיט זיך, בכדי געהיט צו ווערן פון שלעכטע מחשבות. עס איז אויך וויכטיק, ס׳זאָל הערשן האַרמאָניע צווישן מאַן און ווייב, בכדי נישט אין זינען צו האָבן אַנדערע.

אַז מ׳האָט געוואָלט אויספּרובירן ר׳ מאירן (ווען ער איז אַנטלאָפן צוליב מלכות און מ׳האָט אים שיִער נישט געכאַפּט), איז אליהו הנביא געקומען, זיך פאַרשטעלט פאַר אַ זונה און געהאַלדזט ר׳ מאירן; איז די חכמים שוין נישט איינגעפאַלן אַז דאָס קען זיין דער רבי ביי יידן [31].

אַ צאָל זנות־מעשׂיות, ווערט דערציילט, האָבן פּאַסירט אין זיין קרייז:

אַ פרוי איז געקומען צו אים אין בית־מדרש און דערקלערט, אַז איינער פון די תּלמידים האָט זי מקדש געווען מיט ביאה. האָט רבי מאיר איר געגעבן אַ גט און נישט געוואָלט פאַרשעמען דעם תּלמיד [32]. אַן אַנדער מעשׂה פון איינעם וואָס איז געווען נזהר אין דער מצווה פון ציצית. ער האָט געהערט, אַז ס׳איז דאָ אַ זונה אין אַ ווייטער שטאָט — „בכרכי הים״ — איז ער געלאָפן אַהין... אָבער צוליב אַ ציצה זיך צוריקגעהאַלטן... נאָך דעם איז זי געקומען צו אים אין ישיבה און פאַרלאַנגט דער ראש־ישיבה זאָל זי מגייר זיין, האָט ער אַזוי געטאָן און צום תּלמיד געזאָגט: גיי זיי זוכה אין דעם מקח — די בעטן, וועלכע זי האָט דיר פאַרבעט פאַרבאָטענערהייט, וועט זי דיר איצט פאַרבעטן מיט דערלויבעניש: „אותן המצעות שהציעה לך באיסור, תציע לך בהיתר״ [33].

זיי זענען ביידע געזעסן נאַקעט, גרייט אויף דער עבירה... אָבער די פיר ציצית האָבן אים געשמיסן אין פּנים און אָפּגעהאַלטן פון זנות־געניוס...

רבי מאיר האָט אַליין געליטן פון אַ טראַגישער פּאַסירונג מיט זיין הויך געבילדעטער פרוי, ברוריה, דער טאָכטער פון רבי חנניה בן תּרדיון; זי האָט זיך אויסגעלאַכט פון דעם מאמר: „נשים דעתן קלות״, אַז פרויען זענען לייכטזיניק;

האָט רבי מאיר זי אויספּרובירט דורך איינעם פון זיינע תּלמידים — ער זאָל זיך איר דערקלערן אין ליבע. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז זי איז גרייט געווען אויף אינטימע באַציִונגען („לבסוף נתרצית”). ווען זי האָט אויסגעפונען, אַז דאָס האָט רבי מאיר זי געוואָלט שטעלן פאַר אַ נסיון, איז זי באַגאַנגען זעלבסטמאָרד [34].

אַז מ׳האָט געוואָלט פאַרשטעלן אַ נידערטרעכטיק־הפקרדיקן מענטשן, האָט מען געזאָגט אויף אים, אַז ער האָט פאַרגוואַלדיקט אַ פאַרקנסט מיידל אום יום־כּיפּור, „שהוא ובנו בעלו נערה המאורסה ביום הכּפּורים” [35]. אַז מ׳האָט געוואָלט ברענגען אַ חסיד צו אַ נסיון, האָט מען פאַר אים געשטעלט אַ „שידה”, אַ שדכע, אין געשטאַלט פון אַ פרוי, און בלויז אַ דאַנק אליהו הנביא, האָט זיך דער חסיד נישט פאַרלוירן [36]. ווען מען וויל דערציילן ווי גרויס ס׳איז תּשובה, דערציילט מען וועגן אלעזר בן דורדיא, אַז ער האָט נישט דורכגעלאָזט קיין זונה, ער זאָל נישט געווען טאָן מיט איר אַן עבירה און פאַר דעם געצאָלט די העכסטע פּרייזן.

מאַכט זיך אַ מאָל, אַז אַ זונה האָט זיך אַרויסגעכאַפּט, אַז ביי אים וועט שוין קיין תּשובה אויף נישט פּועלן. די ווערטער זענען אים אַריין אין האַרץ. איז ער אַוועק און זיך אַזוי צעוויינט, ביז זיין נשמה איז אויסגעגאַנגען. איז אַרויס אַ בת־קול, אַז רבי אלעזר בן דורדיא וועט האָבן עולם־הבא [37]. רבי האָט זיך שטאַרק צעוויינט הערנדיק, ווי אַ מענטש קען זיך קונה זיין עולם־הבא אין איין מאָמענט [38].

תּשובה פּועלט אויף זנות, ווייל אין הימלישן בית־דין ווייסט מען, ווי שווער עס איז צו קאָנטראָלירן תּאווה.

מיט פאַמיליע־פּראָבלעמען, מאַן־ווייב־באַציִונגען, פאַרנעמט זיך אליהו הנביא; מיט די פּראָבלעמען פאַרנעמט זיך די פמליא של מעלה; ווייל אין זיי איז אָפּהענגיק דער קיום העולם. פלגש בגבעה האָט אויפגעשטורעמט נישט בלויז די שבטי יה, נאָר מלכות־שדי, און הקב״ה האָט עוסק געווען אין אָט דער טראַגישער געשעעניש [39].

די ייִדישע מאָראַל איז שטרענג ביז גאָר אין די אישות־ענינים. מ׳האָט איינגעפירט כּל־מיני תּקנות צו פאַרהיטן פון פאַרראַט, סיי פון עם מאַן, סיי פון דער פרוי — די הלכה־פּרינציפּן זענען אָבער באַזירט אויף פאַרשטענדעניש און איינזעעניש.

ס׳איז דעריבער פאַרשטענדלעך די מעשׂה, וואָס קלינגט לעגענדאַריש־פאַנטאַסטיש, און זאָל האָבן געשען ביי ר׳ חיים בריסקער.

ס׳ווערט דערציילט, אַז צו ר׳ חיים בריסקער (סאָלאָווייטשיק) איז אַ מאָל אַריינגעקומען אַ מיידל, זיך צעוויינט, אַז זי איז נכשל געוואָרן און זי שוואַנגערט. זי איז אין אַ ביטערן מצב.

וואָס טוט דער בריסקער רב?

אַנשטאָט אַנשרייען אויף איר, אַנשטאָט זידלען, האָט ער זי באַרויִקט, געגעבן איר אַ באַשטימטן סכום געלט, און איר אָנגעזאָגט, אַז ווען זי וועט געבוירן דאָס קינד, זאָל זי עס ברענגען צו אים, כּדי קיינער זאָל נישט וויסן. דאָס „אומגעצעלעך" קינד האָט געקראָגן אַ געזעצלעכע היים, אַ רבנישע שטוב.

פאַרשטייט זיך, אַז צו דער מעשׂה קומט צו נאָך אַ צאָל מעשׂהלעך. אונדז אינטערעסירט אָבער דער עצם פאַקט! ר' חיים האָט זיך גערעכנט מיטן מצב און מיט די מענטשלעכע שוואַכקייטן, מיט ליידנשאַפטן וואָס נישט יעדערער קאָן באַהערשן.

אין יהדות אָנערקענט מען דעם פאַקט, אַז דאָס מענטשלעכע לעבן שטעלט מיט זיך פאָר אַ געמיש פון מוח און מיסטעריע; מחשבה און געפיל; שׂכל און עמאָציע; עטיק און עסטעטיק; גייסט און חומר — און אַלץ אין איינעם שטעלט צונויף דעם מענטשן. דאָס פּאַראַדאָקסאַלע ווערט אַ רעאַליטעט. אַזוי איז עס זינט דעם ערשטן שריט פון „ויפּח באפּיו נשמת חיים", זינט „בצלם אלקים ברא את האדם".

## הערות

### א

1 משנה, גיטין, ט', י'.
2 גמרא, דאָרט, צ', ע"ב.
3 יבמות, ל"ז, ע"ב; גיטין, צ', ע"א-ע"ב.
4 וועגן דעם אויספירלעך אין נחלת צבי, ב', ז"ז 174-171. זע אויך, הרב חיים יוסף באראז, מנחת חיי, ווי צו שרייבן אַ גט, און וועגן סדר הגט — ז"ז 50-73.
5 חלק ב', טאָראָנטאָ—ניו-יאָרק, תשל"ב.
6 קדושין, י', ע"א.
7 זע, שו"ע אבן העזר, קל"ג, ג'; שדה חמד, מערכת גט, א', ה'; נחלת צבי, ב' ז"ז 27-31.
8 גיטין, ה', ע"ב.
9 דאָרט, משנה, ט', ג'; גמרא, פּ"ה, ע"ב.
10 ברכות, ל"ד, ע"ב.
11 דברים, כ"ד, א'; רש"י און מפרשים אויפן אָרט.
12 אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פּרוי" — אויספירלעך.
13 דברים, כ"ד, א'.
14 יבמות, קי"ב, ע"ב.
15 וועגן חרם דרבנו גרשם — אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פּרוי", באַנד צוויי.
16 „והי' אם לא תמצא חן בעיניו, וכתב לה ספר כריתות" דאָס לערנט אונדז: „שאין אדם מגרש את אשתו אלא ברצונו"...
זע, יבמות, קי"ב, ע"ב; רמב"ם, אישות, א', א'-ב'.

17 כתובות, ע״ז, ע״א.
18 זע, נחלת צבי, ז״ז 70-89 — אויספירלעך.
19 זע, חבלים בנעימים, למורי ורבי הגאון מהרי״ל גרויבאַרט, חלק א׳, סימנים כ״ג-כ״ד.
20 „ערות דבר״ מיינט געוויינלעך: שאַנד, פאַרראַט.
21 אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי״ — באריכות.
22 גיטין, צ׳, ע״א, לויטן פשוטן טייטש פון פסוק דברים כ״ד.
23 ווייטער אויספירלעכער.
24 מלאכי, ב׳, י״ד.
25 יבמות, ס״ג, ע״ב.
26 משלי, ה׳, י״ח; גיטין, צ׳; זע, נחלת צבי, ב׳, ז״ז 246-248.
27 נחלת צבי, ז״ז 251-257; אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי אריכותדיק.
28 רמ״א, אבן העזר, קכ״ג, ה׳; פרטים און אויסנאַמען — נחלת צבי, ז״ז 100-101.
29 אוסף מקורות עם פירושים, ביאורים והערות, הוצ׳ מוסד הרב קוק, ירושלים, תש״ד.
30 אין מיינע ווערק שוין געשריבן און באַהאַנדלט דעם אינצידענט פון סטאַשעווער גט און די קעגנערשאַפט מצד אַ צאַל רבנים, אויטאַריטעטן אין הוראה און וועגן די פּאַרטיידיקערס פונעם מגיד.
הרב פעלדער, אין זיין „נחלת צבי״ ז״ז 221-231 פאַרנעמט זיך „לעומקה של הלכה...״ ער ברענגט די דעות, וואָס האָבן געשטיצט די האַנדלונג און פסק פון קאָזשעניצער מגיד.
31 משנת אברהם א׳, סימן י׳, ז״ז ק״א-ק״ב; ב׳, ז׳ פ״ב — אַ גרינטלעכע אָפּהאַנדלונג געשריבן בטיב טעם און מיט לאָגיק, באַזונדערס געשטיצט אויף ערשטע מקורים.
32 זע, נחלת צבי, ב׳, ז״ז 228-296 — אינטערעסאַנטע קאָרעספּאָנדענץ פון רבנים מומחים, צווישן זיי דער רב הראשי ר׳ איסר יהודה אונטערמאַן שליט״א.
33 במדבר, כ״ה, א׳.
34 דאָרט, דאָרט, ו׳-י״ח, זע אויך פסקי עזיאל, סימן ע״ה, ז״ז תל״ב-תנ״ה.
35 משלי, ו׳, ל״א.
36 מלאכי, ב׳, י״א.
37 סנהדרין, פ״ב, ע״א.
38 „לא נחשדו ישראל על משכב זכר״, קדושין, פ״ב, ע״א.
39 זע, שבת, ל״ג, ע״א.
40 ירושלמי, פאה, א׳; תנחומא, אָנהייב פ׳ קדושים; יומא, ל״ח, ע״א.
41 קדושין, ל״ט, ע״ב; סנהדרין, ל״א, ע״ב א״אַ מקומות.

## ב

1 „היה אדם פוגע בשוק, אם רצה הוא והיא לישא אותה מכניסה לתוך ביתו ובועלה...״
2 דברים, כ״ג, י״ח.
3 במדבר, ו׳-ט״ו.
4 הוצאת מוסד הרב קוק, ירושלים, תש״ה.
5 דברים, כ״ב, כ״ד.
6 משנה, קדושין, א׳, א׳; א׳, ה׳; בבלי, א׳-ה׳; ירושלמי, א, א.
7 ירושלמי, קדושין, ד׳, י׳; בבלי, פ׳, ע״א; בבא בתרא, קס״ז, ע״ב.
8 אָבות, ה׳, כ״א.
9 שולחן ערוך, אבן העזר, ב׳; ישראל מאיר הכהן (חפץ חיים), נדחי ישראל, כ״ה.
10 זע, כתובות, מ״ו, ע״א, אויפן פסוק ונשמרת מכל דבר רע... (דברים כ״ג, י׳).
11 קדושין, י״ב, ע״ב.
12 יבמות, ק״י, ע״א.
13 שופטים, כ״א, כ״א.
14 זע, א. ח. פריימאַן, סדר קדושין ונשואין, מבוא, ז״ז י״ב-י״ד.

15 שאילתות דרב אחאי, ט״ז.
16 זע, הרב ר׳ גדליה פעלדער, נחלת צבי, ב׳, אויספירלעך.
17 זע, א״ח, פריימאַן, דאָרט, ז״ז מ״א-מ״ח.
18 משפטי עזיאל, אה״ע, י״ב ; פריימאַן, דאָרט, ז״ז רע״ה-רפ״ה.
19 אוצר הגאונים, קדושין, סימן שמ״א.
20 פרק ד׳ הלכות נחלות, ו׳.
21 זע, שו״ת ל״ב, א׳.
22 שו״ת הרדב״ז, י״ז, תתקע״ד.
23 זע, שו״ת אבני נזר, אה״ע, א׳, קכ״א-קכ״ב.
24 שו״ת אהע״ז, סימן כ״ו.
25 זע, יעקב דוד רידב״ז, ילקוט מערבי, מאסף שנתי, ניו-יאָרק, תקס״ד, ז״ז 123-128 ; זע אויך, אייזנשטיין, אוצר זכרונות — אויספירלעכער וועגן דאָזיקן פּראָבלעם אין יענער תקופה.
26 שו״ת בית יצחק, אה״ע, סימן כ״ט.
27 זע, רא״ח פריימאַן, סדר קדושין ונשואין, ז״ז שס״ח-שע״ט. אין מיין ווערק, „באַציונג צו דער פרוי״ — באריכות.
28 בראשית, ב׳, כ״ד — לויט תלמוד און מפרשים.
29 ספר אגדות משה, אבן העזר, חלק שלישי, מאת משה פיינשטיין ר״מ מתיבתא תפארת ירושלים, נ. י. תשל״ג, סימן ו׳ סימן כ״ג א״אַ.
30 נפטר געוואָרן אין עלטער פון 93 יאָר, אין ניו-יאָרק, שבת נחמו, תשל״ג און געבראַכט געוואָרן צו קבורה, מאָנטיק, ט״ו אב (אויגוסט 13, 1973). דאָס איז געווען אַ זעלטענע רבנישע פערזענלעכקייט, גרויס אין תורה און גרויס אין מידות און מעשים טובים.
31 כתובות, ג׳.
32 רמב״ם, אישות, י׳ ; אהע״ז, ל״ט, ג׳.
33 כתובות, ע״ג ; אהע״ז, ל״ט, א׳.
34 בבא בתרא, מ״ח, רשב״ם, דאָרט, „דיש כח ביד חכמים לעקור דבר מן התורה...״
35 המאור, תשרי-חשון, תש״ל.

## ג

1 פרקי דרבי אליעזר, תנ״ד, א״אַ מקומות.
2 בראשית, י״ח, ח׳.
3 ציטירט פון מסכת בבא מציעא, פ״ז.
4 „שבעת ימים תהי׳ בנדתה״ — ויקרא, ט״ו, י״ט.
5 בראשית, ל״א, ל״ה — זע, רמב״ן, אויפן אָרט.
6 זע, ד״ר שלמה סיימאַן, דאָס מעגלעכע און אוממעגלעכע, אַלמאַנאַך, יידיש, תשכ״ב, ז״ז 248-251.
7 נדה, ל״א, ע״ב.
8 זע, שבת, י״ג, ע״א ; ס״ד, ע״ב ; אבות דרבי נתן, פרק ב׳ א״אַ.
9 בראשית, כ״ד, נ׳.
10 דברים, כ״ב, י״ג.
11 קדושין, ג׳ און ס״ד.
12 הכתב והקבלה, דברים, כ״ב, י״ג.
13 זע, אדמו״ר ר׳ צדוק הכהן מלובלין, ישראל קדושים — אַ ספר געווידמעט קדושת ישראל.
14 „וירא חם אבי כנען״ — דאָס איבעריקע ווייסט יעדער וואָס לערנט פרשת נח.
15 יומא, ט׳, ע״ב.
16 תהלים, מ״ה, י״ד.
17 אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי״ און אין אַ פריערדיקן פרק אין איצטיקן ווערק

— אויספירלעכער.

18 וועגן דוד המלך, זיין לעבן און זיינע קאַמפן, זע: מ. אטר, דוד המלך ויואב בן צרויה, ספר השנה ליהודי אמריקה, בעריכת מנחם ריבולוב, ניו-יורק, תש"ט, ז"ז 65-110.

19 זע, יומא, ו', ו'.

20 ויקרא, ט"ז, י"ז.

21 אין „באַציונג צו דער פרוי" — באריכות.

22 נזיר, נ"ט.

23 סוטה, מ"ד, משנה און ברייתאָ; דאָרט, י', מהרש"א, אויפן אָרט.

24 רש"ש — אויפן אָרט.

25 ברכות, כ"ד, ע"א; רמב"ם, הלכות תשובה, ד', ה'. זע, הרב חיים שכנוביץ, הפרדס, שנה ל"א, חוב' ט', סיון, תשי"ז.

26 פסחים, קי"ג.

## ד

1 כדאי צו לייענען דעם מאמר „מזל טוב לר' עמרם" פון פינחס פלאי, "פנים אל פנים", י"ג אלול, תשכ"ה, נומ' 332.

2 אַזוי האָט איבערגעגעבן די פרעסע, לויט שמועסן מיטן חתן. דברים, כ"ג, ב'.

3 אין זיין דיסערטאַציע-שטודיע, האָט הרב ב. ראָזנצווייג, באַרייכערט אונדזער וויסן וועגן אַזעלכע און ענלעכע תקנות — און ווי די דאָזיקע ענינים זענען באַהאַנדלט געוואָרן, בייגדולי הפוסקים, ווי ר' משה מינץ (מהר"ם), ר' יעקב מולין (מהרי"ל) און אַנדערע. זע: Rabbi Moses Mintz: His Life and Times, by Bernard Rosensweig, Thesis submitted to Bernard Revel Graduate School, 1967.

4 קידושין, מ"א, ע"א.

5 בראשית, ג', ט"ז.

6 י. אלפסי, החוזה, ז' קנ"ח.

7 פסחים, צ"א, ע"ב.

8 אין „באַציונג צו דער פרוי".

## ה

1 אין מיין ווערק „די באַציונג צו דער פרוי" — אויספירלעכער וועגן „קדושי קטנה" און וועגן „מיאון".

2 יבמות, ק"ז-ק"ח. זע, שואל ומשיב קמא, חלק א', סימן ר"י.

3 זע, שו"ע אבן העזר, קנ"ח, י"ב. בית יוסף אויפן אָרט. זע, דרכי תשובה, דאָרט, אות י"ז.

4 שו"ת, סימן ט"ו. זע, שדי חמד — באריכות.

5 כתובות, כ', ע"ב.

6 בראשית רבה, מ"ו, ג'; נדה, ט', ע"א.

7 ברכות, ס"א, ע"א.

8 זע, אור המזרח, ניו-יורק, טבת, תשל"ב.

9 די גמרא (יבמות, ס"ה, ע"ב; נדה כ"ז, ע"ב) דערציילט וועגן די קינדער פון ר' חייא, יהודה וחזקיה אחד נגמרה צורתו בתחלת ז' ואחד בסוף ט' — אָפגערוקט דריי חדשים!

10 דברים, כ"ב, ה'.

11 שו״ע, יו״ד, קפ״ב, א׳ — דאָרט, צי דאָס איז מן התורה פאַרבאָטן, אָדער אַ תקנה פון די חכמים. לויט אַ מיינונג פון די גדולי הפוסקים איז מיט אַ שערל דערלויבט... זע, פרישה און חדושי רעק״א.
12 דאָרט, באריכות.
13 דאָרט, סעיף ו׳.
14 ט״ז און באר היטב — אויפן אָרט; שו״ת צמח צדק החדשות, יו״ד, צ״ג, ח׳-י׳.
15 זע, סמ״ג, א׳, מצוה, נ״ח, סימנים נ״ח-ס׳, ז״ז ר״ע-רע״א א״אַ.
16 אדמו״ר ר׳ צבי הירש שפּיראָ, אבד״ק מונקאטש, דרכי תשובה, חלק ה׳ — באריכות.
17 דאָרט, די דעות פון די גדולי הרבנים.
18 שו״ת „דברי חיים״.
19 שו״ת מהר״ם שיק, יו״ד, קע״ב-קע״ג.
20 ישעי׳, נ״ב, א׳. טו אָן דיינע פּראַכטיקע בגדים, ירושלים...
21 שבת, קי״ג, ע״ב.
22 דברים, כ״ב, ה.
23 ברכות, כ״ח, ע״ב; שו״ע או״ח, ע״ה, ח׳; שערים מצוינים בהלכה, חלק א׳, ז״ז מ׳-מ״ג.

## ו

1 זע, אלי׳ כי טוב, „איש וביתו״ אויספירלעכער. דאָס ברענגט נישט בלויז שלום בית, נאָר אויך שלום העולם.
2 משלי, י״ח, כ״ב.
3 קהלת, ז׳, כ״ו.
ווען אָט דעם געדאַנק — זו אשה, האָט דער איזשביצער זיך אויסגעדריקט, אַז מען דאַרף מתפלל זיין צו השם-יתברך, ער זאָל תמיד זיין פאַר אים און אים פירן בדרך התורה — זע, מי השלוח, חיי שרה, י״ז.
4 עמוס, ג׳, ב׳.
5 זע, הרב שמחה אלברג, רבי נתן שפּיגלגלאס, וורשה של מעלה, ז״ז רמ״א-רמ״ב.
6 ויקרא, כ״ו, מ״ב.
7 סוטה, כ״ב, ע״ב.
8 בראשית רבה, פרשה ס״ח; ווען זיין באַציונג צו דער פרוי אין אַלגעמיין און צו זיינער בפרט: שבת, קי״ח, ע״ב; חגיגה, ט״ז, ע״א; נדרים, ס״ג, ע״א; סנהדרין, י״ט, ע״א און אין אַנדערע מקומות.
9 שמות, י״ט, ג׳.
10 במדבר, כ״ז, א׳.
11 תהלים, קמ״ה, ט׳.
12 הוריות, י״ג, ע״ב.
13 ב״ב, ט״ז, ע״ב.
14 נדה, ל״א, ע״ב.
15 ברכות, י״ז, ע״א; רש״י אויפן אָרט: „שהרי קראן שאננות ובוטחות... ממתינות לבעליהן ונותנות להם רשות ללכת וללמוד תורה בעיר אחרת״.
16 ישעיה, ל״ב, ט׳.
17 צל״ח, ברכות, הוצ׳ תשט״ו, ט״ז-י״ז.
18 יבמות, ס״ג, ע״א.
19 זע, יומא, מ״ז, ע״א. רש״י קאָמענטירט: „ראיתי בהש״ס ירושלמי, קראו עליה: „וכל כבודה בת מלך פנימה, ממשבצות זהב לבושה, אשה צנועה, ראויה לצאת ממנה כהן גדול הלבוש משבצות זהב...״
20 שבת, י״ג, ע״ב.

## ז

1 קהלת, ז׳, כ״ח.
2 גיטין, מ״ה, ע״ב.
3 אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פּרוי״ — אויספּירלעכער.
4 שבת, כ״ג, ע״ב.
5 זע אויך, יסודי ישרון, ג׳, ז׳ קל״ה.
6 גיטין, צ״א.
7 נדה, ט״ו.
8 סנהדרין, צ״ו, ע״א.
9 לובלין, תרפ״ז, עמוד ל״ו.
10 זע, ראובן מרגליות, מלאכי עליון, ז׳ ע״א.
11 שבת, קנ״א, ע״ב. רש״ש די גירסא בלילה. זע, מגן אברהם, או״ח, סימן רל״ט, ס״ק ז׳ און מחצית השקל אויפן אָרט. לויט די מפרשים-פּוסקים, האָט עס נישט צו טאָן פון לעבן איינזאַם, נישט פאַרהייראַט, נאָר אַפילו דער פאַרהייראַטער מאַן, זאָל זיין נזהר נישט צו שלאָפן ביי נאַכט אַליין אין שטוב, ווייל ס׳קענען חלילה קומען די מזיקין און ער רעכנט אויס, ווער ס׳דאַרף זיך היטן נישט צו שלאָפן אַליין, צווישן די דאָזיקע געהערט אַ תלמיד חכם!
ווענן דער לילית, זע, מרגליות, מלאכי עליון, ז״ז רל״ה-רמ״א.
12 לקוטי מאמרים, לובלין, תרע״ג, עמ׳ ע״ט.
13 דאָרט, ציטירט פון מדרש רבה (?).
14 שבת, קכ״ז, ע״ב.
15 אויפן אָרט.
16 בבא קמא, ק״ג, ע״ב. רבי עקיבא איגר, אין גליון הש״ס (דאָרט) ווייזט אָן, אַז ס׳זעט אויס, אַז דער אַנאָנימער חסיד איז געווען ר׳ יהודה בר אלעאי, ווייל ער איז מחולק אויף ר׳ יהודה בן בתירא און האַלט אַז אַ בעל קרי, דאַרף יאָ האָבן טבילה. דער רש״ש פרעגט דאָס אָפּ. זע אויך ר״מ לייטער, זוטו של ים, ז״ז 81-83.
17 זע, נדרים, מ״ט, ע״ב; שבת, ק״ו, ע״ב.
18 ברכות, ל״ה, ע״א.
19 קדושין, פ״א, ע״א.
20 סוכה, י״א, ע״ב. זע, ר״מ לייטער, זוטו של ים, ז״ז 306-7.
21 בבא מציעא, פ״ד; ב״ק, קס״ד, ע״ב.
22 ברכות, ה׳: ב״מ, דאָרט: ברכות, כ׳, ע״א: ס״א, ע״א: עירובין, י״ח, ע״ב; סוטה, ח׳, ע״א. זע, ר״מ לייטער, זוטו של ים, ז״ז 268-9.
23 כתובות, ס״ח, ע״א; סנהדרין, מ״ה, ע״א א״אַ. קדושין, ל״א, ע״ב; ירושלמי, כתובות, ה׳, ו׳.
24 יומא, פ״ג-פ״ד; ירושלמי, דאָרט, ה׳, ה׳; שבת, י״ד, ד׳.
25 ברכות, ה׳, ע״ב. יומא, ע״ד, ע״ב; ב״מ, פ״ד, ע״א. יומא, ע״ד, ע״ב.
26 ויקרא רבה, כ״ג, י״ב.
27 תענית, כ״ד, ע״א; שיר השירים רבה, ד׳, ב׳-ג׳.
28 משלי, ו׳, ל״ב.
29 סנהדרין, צ״ט, ע״ב.
30 דאָרט, מ״ח, ע״ב.
31 ע״ז, י״ח, ע״ב.
32 סנהדרין, י״א, ע״א.
33 מנחות, מ״ד, ע״א.
34 זע, רש״י, ע״ז י״ח, ע״ב.
35 ב״מ, פ״ג, ע״ב.
36 תנחומא, בראשית, כ״ז.
37 ע״ז, י״ז, ע״א.
38 זע, מהרש״א — אויפן אָרט, פאַר וואָס און צוליב וואָס האָט רבי געוויינט.
39 זע, יבמות, ס״ג, ע״א; גיטין, ו׳, ע״א.

קאַפּיטל דרייצן

# סטאַטוס פון דער ייִדישער פֿרוי אין הלכה און אגדה

**א. גלייכהייט אָבער נישט פאַרשייטקייט. — אין שלאָפצימער און אין דער געזעלשאַפט. — צעוואַרפן די מחיצה איז „פריצה" אין פאַמיליע-לעבן און אין דער געזעלשאַפט. — דעם ליובאַוויטשער רבינס אַ בריוו.**

אין איינעם פון זיינע בריוו צו דער יוגנט [1], שרייבט דער ליובאַוויטשער רבי, האדמו"ר ר׳ מנחם מענדל שניאורסאָן שליט"א, וועגן דעם זכות פון ייִדישע קינדער דערצויגן צו ווערן אינעם ייִדישן גייסט. דער בריוו איז געוואָנדן צוביידע געשלעכטער, ווייל ביידע שטעלן אויף און בויען די ייִדישע היים.

דער רבי אַפּעלירט, סיי צו ייִנגלעך, סיי צו מיידלעך, זיי זאָלן לערנען מיט התמדה, ווייל דורכן דערגרייכן ייִדיש וויסן, וועלן זיי פאַר־שטיין דאָס ייִדישע לעבן און וויסן פאַר וואָס דער ייִדישער קיום איז געזיכערט. ער ברענגט דעם פּסוק „רבתי בגויִם" און דעם מדרש וואָס לערנט דערפון, אַז די גרויסקייט פון ירושלים איז צוליב אירע מעלות: „רבתי בחכמה... רבתי בדעות". ירושלים איז געבענטשט געוואָרן מיט חכמה אַפילו פון תינוק ותינוקות, און חכמה דערגרייכט מען נאָר דורך לערנען, דורך השלמה אין לימוד, און אין מידות — דורך קיום המצוות.

די פרייהייט צו לערנען און זיך צו פאַרפולקאָמען אין ייִדישן וויסן, איז אומבאַדינגט נייטיק פאַר דער פרוי, ווי פאַר דעם מאַן. גדולי התורה און מנהיגי ישׂראל האָבן דאָס פאַרגעשלאָגן און באַרעכטיקט אין אַלע צייטן, אָבער תּמיד אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן און העפטיקן ווידערשטאַנד צו פרייהייט, וואָס גרענעצט זיך מיט אויסגעלאַסנקייט — מיט געשלעכט־אַנאַרכיע. זיי האָבן שטאַרק גע־האַלטן פונעם „גן נעול אחותי כלה" [2], ווייל לויזער געשלעכט־פאַרקער ברענגט שלעכטע קאָנסעקווענצן, ברענגט חורבן אין פאַמיליע־לעבן.

אין אונדזער צייט, אויס מורא פאַר די „ליב"־אַגיטאַציעס, ווייזן אַרויס

אונדזערע גייסט־מענטשן אַ קעגנערשאַפט צו דער דאָזיקער פרויען־באַוועגונג און אַ גאָר שטאַרקע פּאַראורטיילונג צו די אַבאָרטן, וואָס עס פירט דורך דער קאַנאַדער דאָקטאָר מאָרגענטאַל, און מסתמא פּראַקטיצירן עס אויך אַנדערע דאָקטוירים אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין ענגלאַנד און אין אַנדערע לענדער. באַפרייענדיק די מוטער, ווערט אָבער אומגעבראַכט אַן אומשולדיק נפשל.

די מוטער־ראָלע — האַלטן רבנים און מאָראַליסטן — קען נישט געענדערט ווערן דורך אַגיטירן פאַר „ליב״־פרייהייט, אַבאָרטן אדג״ל. די פרוי איז באַשאַפן געוואָרן זי זאָל אַרייננעמען זרע, אַרויסגעבן קינדער, באַשפייזן דאָס ניי־געבוירענע נפש וואָס איז אַרויסגעקומען פון איר טראַכט. אירע טרוימען וועגן האָבן קינדער און זיין פריי, האָבן נישט קיין האָפט, זענען ווייט פון רעאַליטעט. די פוסטע פאַנטאַזיע ווערט פאַרענדיקט, מיטן מאָמענט ווען זי פאַרגייט אין טראָגן.

צו באַמיִען זיך צו העלפן דער פרוי אין אָפּהיטן איר געזונט און געניסן פונעם לעבן — האָבן ייִדן תּמיד געזאָרגט. דערויף זענען געשאַפן געוואָרן, ווי מיר האָבן שוין אָנגעמערקט, די דינים פון מענסטרואַציע־אָפּהיטונג און טבילה פאַר האָבן געלאָזט זרע... און נאָך מער: די משנה [3], גיט אַ „סקעדיול״ פון תּשמיש המיטה, קלאַסיפיצירט די פאַרשיידענע גרופּירונגען פון צבור, ווען זיי זאָלן האָבן אינטימקייט מיט זייערע פרויען און מקיים זיין די מצוות עונה [4].

דעם מאַנס חוב איז נאָכצוקומען דער פרויס באַדערפעניש, וואָס שייך „שאר כסות ועונה״ [5]. אָפּהאַלטן די פרוי פון אָט דעם תּענוג, ווערט אָנגערופן עינוי און פירט צו אַ שלעכט פאַמיליע־לעבן.

אויב אָבער די פרוי וויל סתּם אַזוי, אַמביציעז, איבעריאָגן דעם מאַן, פאַר־לאָזן און פאַרנאַכלעסיקן איר היים, אירווירטשאַפט, פירט עס נישט צו אַ פּראָגרע־סיוון אויסגאַנג און לטובת דער פרוי, נאָר צום פאַרקערטן: צו אַ פאַרביטערט לעבן, צו אַ צעשטערטער הייראַט, צו איזאָלירונג און צו אויסגעלאַסנקייט, ווי אַ פועל־יוצא פון דער איזאָלאַציע. דאָס גרענעצט זיך מיט דער סכּנה די פרוי זאָל ווערן מענטאַל און גייסטיק געריִרט אין איר פאַרצווייפלונג.

אין אַ העברעיִשן זשורנאַל [6] האָבן מיר אַנומלט געלייענט, אַז אין די מערסטע זנות־פאַלן אין ישׂראל, איז דאָס מיידל, וואָס פאַלט אַריין אין דער נעץ פון פּראָס־טיטוציע, מענטאַל געריִרט צוליב פאַרשיידענע סיבות, אַריינגערעכנט צוריקגע־שטאַנענקייט. דאָס מיידל וואָס האָט ווייניק בילדונג, איז ווייניק באַהוויכט פון ייִדישן שטייגער־לעבן, פון משפחה־האַרמאָניע, איז אויסגעשטעלט באַאיינפלוסט צו ווערן פון שאַרלאַטאַנען און אַריינצופאַלן אין די אָרעמס פון זנות. זי איז הונגע־ריק פיזיש און גייסטיק נאָך אַ נאָרמאַלן צוזאַמענלעבן און דער דאָזיקער הונגער, אַ רעזולטאַט פון ווייניק פאַרשטענדעניש, הן מצד אירע נאָענטסטע, הן מצד דער געזעלשאַפט, פירט זי צום תּהום.

ס'איז דעריבער נישט קיין ווונדער, פאַר וואָס רבנים און אָרטאָדאָקסישע גייסטמענטשן שרעקן זיך פאַר חידושים אין די „בין איש לאשתו"-אָנגעלעגנהייטן. זיי באַקעמפן די חידושים וואָס קאָנסערוואַטיווע רבנים ווילן אַריינברענגען אינעם יידישן לעבן, ווי צעלייגן די מחיצה צווישן מענער און פרויען אין שול, ענדערן דעם נוסח פון דער כתובה, צורעכענען אַ פרוי צום מנין אאַז"וו.

אין אַ הלכה־פּאָלעמיק האָבן די אַלע חידושים אַן אָרט להלכה ולא למעשׂה. מען מעג רעדן און דיסקוטירן, „תורה היא וללמוד אני צריך" — איז דער דורות־דיקער דעוויז, אָבער זיך פאַרנעמען מיט היתרים אין הייליקע מינהגים, איז עלול צו שאַפן אַ „פּירצה" אין דער יהדות־השקפה און איז במילא אַ שטערונג צו די עיקרים פון הלכה און אַ סכנה פאַר די יסודות פונעם פאַמיליע־לעבן.

מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק איז אַ רב אַרויסגעקומען מיט אַ גאַר פּראַקטישן פּלאַן פאַר סאָלדאַטן, וואָס ווערן געשיקט אויפן פראָנט, ווי אַזוי צו באַזאָרגן, אַז זייערע פרויען זאָלן נישט דאַרפן אָנקומען צו חליצה און זאָלן נישט בלייבן קיין עגונות[7]; האָט ער געקראָגן אינטערעסאַנטע תשובות פון רבנים: אייניקע האָבן מסכּים געווען און אַנדערע האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן פּלאַן. דער סוף איז געווען, אַז זיין פּלאַן איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן — אָבער מיט פאַר־שטענדעניש, מיט געהעריקער באַטראַכטונג און שטודיע.

אַזוי אויך מיטן פּלאַן פון הרב ד"ר אליעזר ברקוביץ (בערקאָוויץ), איינצו־פירן אַ תּנאי אין די נשׂואין, אינעם חתונה־אַקט, בכדי צו קענען באַפרידיקן און באַפרייען די פרוי, אויב זי האָט שוועריקייטן ביי „נעמען חליצה", אָדער ביים אַרויסקריגן אַ גט, אין פאַל פון אַן אומגליקלעכער הייראַט.

הרב בערקאָוויץ, אַ מוסמך פון רבי יחיאל יעקב וויינבערג (מחבר פון די ספרים „שׂרידי אש") און פון מירער ראש־ישיבה, רבי אליעזר יהודה פינקל, האָט זיין פּלאַן אויסגעברייטערט אין זיין ווערק „תּנאי בנשׂואין ובגט"[8]. אויף דעם ספר האָט ער געקראָגן אַ הקדמה און הסכמה פון זיין רבין, הרב וויינבערג.

דער לעצטער ווייזט אָן, אַז דער מחבר איז גאָרנישט מחולק אויף די גדולי הדור, וועלכע זענען מיט אַ דור פריִער אַרויסגעקומען מיט אַ ספר „אין תּנאי בנישׂואין" און פאַרבאָטן וועלכן נישט איז תּנאי אין חתונה־אַקט. דאָס יידישע לעבן האָט זיך געענדערט, די באַדינגונגען זענען געוואָרן אַנדערע און דער פאָרשלאָג פון אַ תּנאי, איז בלויז געצילט אין ספּעציפיש אויסנאַמלעכע סיטואַ־ציעס, און ער פירט אויס: „ולא באתי לפסוק ולהכריע"... איך קום נישט פּסקענען און זיך שטעלן אויף איין צד. איך ווענד זיך בלויז צו די גדולי הפּוסקים וועגן דער וויכטיקייט פון דעם פּראָבלעם, וואָס מען קען נישט סתּם אַזוי אָפּשטופּן און איגנאָרירן.

הרב בערקאָוויצעס ספר איז געקומען צום שולחן פון רבנים־פוסקים, ווייל ער באַזירט זיינע הלכהשע אויספירן אויף חריפות און בקיאות איןביידע תלמודים און אין די ספרי הפוסקים, ראשונים ואחרונים — דערווייל איז זיין פּלאַן נישט אָנגענומען געוואָרן.

מע באַציט זיך אָבער צו זיין ספר, צו זיין פּלאַן, מיט חשיבות און יראת־הכבוד.

ווען אָבער קאָנסערוואַטיווע רבנים צעוואַרפן די מחיצה, פירן איַין אַ נייַע כתובה, פאַרנעמען זיך מיט חידוש, כדי צו קריגן אין זייערע טעמפּלען ייִדישע ווייבלעך, וועלכע ווילן זיך אַפּישירן און מיינען דערמיט צו דערגרייכן „ליב" אין שול, זענען די אָרטאָדאָקסישע רבנים אַרויסגעקומען מיט די שאַרפסטע חומרות, אויף אַזוי ווייט, אַז זיי אַסרן דאָס אַריינגיין אין אַזעלכע שולן[9], ווייל דאָס ברענגט מיט זיך אַ „פּירצה בישׂראל", לויטן גאַנג פון „היום אומר עשה כך ולמחר אומר עשה כך".

די רבנים וואָס זענען אַרויסגעקומען קעגן געבן רעכט צו רופן פרויען צום מנין, צו אַן עליה[10], האָבן נישט געצילט צו מינערן די רעכט פון דער פרוי. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז אַזאַ ראַדיקאַלע ענדערונג וועט גורם זיין צו אַן עפנט־לעכן ברוך אין דער צניעות־אָפּגעהיטקייט און וועט זיין אַ סכנה פאַר דער ייִדישער מאָראַל.

לויט דער משנה[11] און גמרא, וואָלט אַ פרוי געמעגט לייענען אין דער תורה פאַר מענער, אָבער דאָך איז דער דין — „לא תקרא", און דער טעם? — ס'איז נישט קיין כבוד פאַר אַ פרוי זי זאָל אויפטרעטן אין אַ שול פאַר מענער, ווייל דאָס וועט שטערן איר צניעותדיקע האַלטונג[12]. די „שומרי החומות" האָבן אָנגע־וויזן אויף דער דורותדיקער טראַדיציע איינצושטעלן אַ מחיצה צווישן מענער און פרויען אין שולן. אַ דאַנק דער אָפּגעזונדערטקייט צווישן דער עזרת ישׂראל און דער עזרת נשים איז דאָס פאַמיליע־לעבן געווען האַרמאָניש און שלמותדיק.

די עמודים פון דער מחיצה זענען אַן אָנשפּאַר פאַר שלום־בית, פאַר אַ גוטע באַציִונג צווישן מאַן און פרוי און פאַרן אויפברענגען קינדער אין דער סביבה פון גוטע, צניעותדיקע פאַרהעלטענישן.

ס'איז וויכטיק דער פרויס אָנטייל אין רעליגיעזן לעבן. מיינונגס־פאַרשיידנ־הייטן שפּראָצן אַרויס, ווען עס האַנדלט זיך, ווי ווייט זאָל גיין די פרוי־באַטייליקונג און צי די פרייהייטן צעשטערן נישט דעם דורותדיקן איינשטעל פון צניעות. רעליגיעזע מנהיגים פון אָרטאָדאָקסישער דענאָמינאַציע זען אין געמישטע זיצ־ערטער, אין מצרף זיין אַ פרוי צום מנין, אין געבן אַ פרוי אַן עליה צו דער תורה, אין לאָזן זי דאַווענען פאַרן עמוד, אין געבן איר סמיכה און באַרעכטיקן אַ פרוי צו פּסקענען הלכה, אַ שטרויכלונג פאַר צניעות.

די גייסטיקע פירערס האַלטן נישט, אַז צעברעכן די מחיצה אין שול איז אַ באַדינג פאַר עמאַנציפּאַציע, אָדער אַז געבן סמיכה פרויען, ווי ד״ר יהודה ניידיטש (געוועזענער פרעזידענט פון „ראַביניקל אַסעמבלי״) שלאָגט פאָר, וועט באַוועגן די פרוי צו לערנען און שטודירן מיט מער התמדה. פאַר די דאָזיקע מאָראַל־היטערס שטייט דאָס פּראָבלעם: איז עס גוט פאַר צניעות און שלום־בית אָדער נישט?

דער פאַקט איז דאָך, ווי מיר האָבן שוין אַזוי פיל מאָל אָנגעוויזן, אַז די יידישע פרוי איז תמיד פאַרהערלעכט געוואָרן. זי האָט באַצויבערט איר מאַן און באַפּעסטיקט איר היים [13].

ביים אַריבערגיין דעם ים־סוף, האָט די פרוי געזונגען שירה צוזאַמען מיטן מאַן; ביי קבלת־התורה, האָט מען פריִער גערעדט צו דער פרוי און נאָך דעם צום מאַן; ביים משכן, איז די פרוי געווען די ערשטע צו ברענגען מתנות און זיך באַטייליקן אינעם אויפבוי פון הייליקן צענטער; ביים שליסן דעם הייליקן בונד, שטייט די פרוי צוזאַמען מיטן מאַן: „אתם נצבים היום כולכם... נשיכם״ [14] און ביים קאַמף מיט יידן־שונאים, פאַרנעמט די פרוי אין אַלע צייטן אַ העראָיִשע פּאָזיציע, אַ מאָל נאָך שטאַרקער ווי דער מאַן.

די חז״ל האָבן געהאַט אַן אינטערעס און אַ פּאָזיטיווע באַציִונג צום פאַמיליע־לעבן. זיי האָבן געלערנט מאַן און ווייב, ווי זיך צו באַנעמען אין זייער אינטימקייט. האַלטנדיק זיך ביים כלל, אַז אַנצוהאַלטן זיווג איז שווערער ווי קריעת ים־סוף [15] — האָבן זיי איינגעפירט תקנות אויף צו באַפּעסטיקן דאָס האַרמאָנישע לעבן און אַ סך מאָל געגעבן דער פרוי פאָרצוג לגבי דעם מאַן.

מיר האָבן אַ דין, אַז קדושין בעל כרחה, אַרויפגעצוווּנגענע קדושין אויף אַ פרוי, זאָלן אַנולירט ווערן, לויטן אַקסיאָם „אפקעינהו רבנן לקידושין מיני׳״ [16] אָבער ווען אַ מאַן ווערט געצוווּנגען מקדש צו זיין אַ פרוי, זענען זיינע קדושין גילטיק. דער רמב״ם פּסקנט: „אין האשה מתקדשת אלא לרצונה... אבל האיש שאנסוהו עד שקידש בעל כרחו הרי זה מקודשת״ [17].

מ׳האָט געלערנט דעם מאַן ווען און ווי אַזוי צו האָבן געשלעכט־באַציִונגען [18].

ס׳האָט זיך געטראָפן, ווערט דערציילט, אַז אַ מאַן האָט געפאָדערט פון אַ פרוי זי זאָל גיין טאָן מיט אים אַן עבירה; האָט זי אים געזאָגט: האָסט גרייט פּערציק סאה זיך טובל צו זיין? — דערמיט האָט זי אים אָפּגעקילט און צוריק־געהאַלטן.

רש״י לערנט, אַז דאָ איז נישט געווען דירעקט אַ סעקס־פאַרלאַנג, נאָר ער האָט געוואָלט עובר זיין דעם יחוד־פאַרבאָט (און די פרוי איז געווען אַ „פנויה״, אַ מיידל), וואָס איז בלויז אַ גזירה פון די חכמים, און פון דעסטוועגן האָט זיך דער מאַן אָפּגעהאַלטן.

דער דאָזיקער פאַקט איז גענוג צו באַווייזן, ווי וויכטיק ס'זענען געווען די תּקנות פון די חכמים פאַרן ווילזיין פונעם פאַמיליע־לעבן. אַ דאַנק די תּקנות, איז די ייִדישע מאָראַל געשטאַנען אַזוי הויך, אַז בלויז איינצלנע אויסנאַמלעכע פאַלן האָבן געקענט פאַסירן פון צייט צו צייט.

אייניקע מאָראַליסטן האָבן באַשולדיקט די פרוי, אַז מיט איר באַשאַף איז באַשאַפן געוואָרן דער שׂטן, ווי עס דריקט זיך אויס וועגן דעם איינער פון די מחברים און באַוווּסטע דרשנים ביים ספרדישן ייִדנטום, ר' אברהם סבע [19]. לויט זיין מיינונג, איז די פרוי שטאַרקער פיזיש, אָבער שוואַך מיט איר שׂכל (אַנדערש ווי די חכמי התלמוד האָבן געזאָגט, אַז זי פאַרמאָגט „בינה יתירה"), און וואָס זי האָט פאַרלוירן מיטן שׂכל, האָט זי געוווּנען מיט איר שטאַרקייט און איינגעשפּאַרטקייט.

דער דאָזיקער ר' אברהם סבע, וועמעס מיינונג דאַרף באַטראַכט ווערן פאַר אַ דעת יחיד, האַלט, אַז מיט דער פרוי זענען געקומען אַלע צרות, אַלע אומגליקן. ער באַנוצט זיך אַפילו מיט ציניש אויסדרוקן וועגן דער פרוי. מסתּמא האָט ער געהאַט אַ שלעכט לעבן און גערעדט פון אייגענער דערפאַרונג. זיין אָפּשאַצונג און כאַראַקטעריזאַציע קאָן בשום אופן נישט גענומען ווערן ווי אַ גענעראַליזאַציע.

צום סוף, אַ מעשׂה וואָס ווייזט אויף דער הויכער מאָראַל ביי ייִדן. עס האַנדלט זיך אין אַ שאלה צום ראַ"ש (ר' אשר בן יחיאל, 1250־1327) פון ריב"ש (ר' יצחק בן ששת, 1326־1407) וועגן אַ מאַן וואָס האָט געגעבן אַ כּכּר (ברייטל) צו אַ מיידל אין דער אַנוועזנהייט פון חזן און נאָך אַ מאַן, און איר געזאָגט „הרי את מקודשת לי..." [20].

דאָס מיידל האָט נאָך דעם חתונה געהאַט מיט אַן אַנדער מאַן און דער ערשטער איז געקומען און געזאָגט, אַז זי געהערט צו אים, אַז זי איז זיין ווייב. וואָס טוט אַ מאַמע?

זי איז געגאַנגען צום חזן און האָט אים אונטערגעקויפט. ער האָט עדות געזאָגט, אַז עס זענען נישט געווען קיין קידושין!

נאָך אַ לענגערער אויספאָרשונג, איז נתגלה געוואָרן, אַז צוליב כאַבאַר האָט דער חזן פאַלש עדות געזאָגט. האָט מען אויף אים גוזר געווען: מלקות, חתיכת שׂער, קנס פון פופציק זהובים און פינף יאָר טאָר ער נישט זיין קיין שוחט און נישט קיין חזן.

נאָך אַ יאָר פלאָגן זיך, איז ער געקומען צום בית־דין און געבעטן — אַזוי ווי ער האָט שוין תּשובה געטאָן, געפאַסט תּניתים — זאָל מען אים רעהאַביליטירן און צוריקגעבן זיין פאָסטן פון חזן־שוחט.

נישט וויכטיק איז איבערצוגעבן אַלע פּרטים. ס׳איז אָבער וויכטיק דער פּסק פונעם ראַ״ש: דער חזן — זאָגט ער — איז „רע לשמים און רע לבריות״. מתיר צו מאַכן אַן אשת־איש צוליב געלט? דעריבער טאָר ער מער נישט זיין קיין שוחט. אויב אָבער קהל וויל אים צוריקנעמען בלויז אַלס חזן, איז עס זייער זאַך, זאָל מען זיי נישט אָפּהאַלטן.

**ב. רעכט פון דער פרוי. — לויב פאַר דער פרוי. — אַן „עוזרת״ וואָס מ׳דאַרף שוינען. — „חזקות״ צו העלפן דער פרוי.**

די יידישע געזעצגעבערס אין אַלע צייטן, האָבן זיך באַמיט צו באַווייזן, נישט געקוקט אויף דעם „סופער״־רעכט פונעם מאַן, אַז די פרוי איז די דערגאַנצונג צום מאַנס גליק און דערפאָלג; זיי האָבן זיך באַמיט אָפּצווישן די גרענעץ פון יחסנותדיקייט; מאַן און ווייב זאָלן זיך העלפן קעגנזייטיק. נאָך מער, אָנשטאָט זוכן חסרונות איינער ביים אַנדערן, זאָלן זיי זוכן די מעלות.

ר׳ יוסי בן חלפתא, ווי מיר האָבן פריִער אָנגעוויזן, איז שטאַרק צופרידן געווען פון זיין ווייב. ער האָט געזען אין איר בלויז מעלות: אַ שיינע און כשרע פרוי; ליכטיקע אויגן [1]. זי האָט אים געבוירן פינף זין און ער האָט שטאָלצירט מיט זיי [2]. דאַקעגן ר׳ מאיר, האָבנדיק פאַר אַ פרוי די געלערנטע ברוריה, ווייזט אויס, איז נישט געווען צופרידן פון זיין גורל און האָט מתקן געווען אַ באַזונדערע ברכה, פאַרן נישט געבוירן ווערן אַ פרוי — „שלא עשׂני אשה״. זי איז פאַר אים געווען, ווי מיר האָבן שוין אַ מאָל אָנגעוויזן, אַ גרויסע אַנטוישונג [4]; זי איז פאַרפירט געוואָרן צוליב איר חכמה. לויט אַן אגדה, איז זי באַגאַנגען זעלבסטמאָרד פאַר בושה. רבי מאיר איז אין אַלגעמיין געווען אַ ליידנדיקער מענטש.

רב (אבא אריכא, ג׳ תתקט״ו־דא״ג; 115־243), דער ערשטער פון די אמוראים, מיט דער אויטאָריטעט פון אַ תנא, האָט נישט געהאַט קיין הצלחה און זיך אַ סך אָנגעליטן פון זיין ווייב. ער, וואָס האָט געלערנט, אַז מ׳טאָר נישט מקדש זיין אַ פרוי נישט קענענדיק זי פריִער, האָט זיך אַליין נישט געהאָלפן און ער האָט נישט געקענט לעבן מיט זיין פרוי אַ גוט, געזונט און שלווהדיק לעבן [5]. זי האָט אים אָנגעטאָן צרות־צרורות און דעריבער איז ער געווען אַזוי פאַרביטערט. ער האָט געהאַלטן, אַז דער וואָס פאָלגט נאָך דעם גאַנג פון זיין פרוי (מסתמא געמיינט אַזעלכע ווי זיין פרוי), וועט אַריינפאַלן אין גיהנום [6]. אין גרויס צער, האָט ער זיך אויסגעדריקט: „כל רעה ולא אשה רעה״ [7] — אַז דאָס מיינט מען אַ שלעכטע פרוי.

זיין תּלמיד, רב כּהנא, האָט נישט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי ער קאָן לעבן מיט אַ שלעכטער פרוי, פאַר וואָס ער גט זי נישט, ווי אַזוי לעבט ער מיט איר געשלעכטלעך, אויב זי טוט אים אָן אַזוי פיל צרות.

וואָס האָט ער געטאָן?

האָט ער זיך, ווי כ׳האָב שוין דערציילט, אַרונטערגעלייגט אונטער רבס בעט און אים געהערט רעדן און לאַכן — „הוה גני תּותיה פּורייה ושמעיה דסח וצחק...״ [8] רב האָט אים מסביר געווען, פאַר וואָס ער טוט אַזוי. פון רבס דערקלער־רונג, זעט אויס, אַז ער האָט מסכּים געווען מיט זיין פעטערס באַציִונג צו דער פרוי. ביידע האָבן זיך אָנגעליטן פון זייערע ווייבער.

רב כּהנא, ווי אַ תּלמיד פון רב, האָט אָבער אין באַצוג צו דער פרוי געהאַט אַן אַנדער מיינונג, אַן אַנדער צוגאַנג. ער האָט געהאַלטן: „כּופין אותה ומשמשתּו״ [9] — דער מאַן דאַרף זיך נישט בעטן ביי דער פרוי צו לעבן מיט אים נאַטירלעך; ער דאַרף נישט אַרויסווייזן אַזוי פיל העפלעכקייט און ליבע, בכדי זי זאָל האָבן מיט אים אַ געשלעכטלעכן פאַרקער...

ווי מיר זעען, זענען אין אַלע צייטן, אָנגעגאַנגען חלוקי־דעות וועגן דער באַציִונג צו דער פרוי און ווי אַזוי מ׳זאָל האָבן פאַרגעניגן מיט דער פרוי.

ר׳ אלעזר, דערציילט אונדז די גמרא [10], פלעגט נאָכן דאַווענען זאָגן נאָך אַ „יהי רצון״ אַ תּפילה צום באַשעפער: „שתּשכּן בפּורינו אהבה ואחוה״... רש״י טייטשט דאָס וואָרט בפּורינו — בגורלנו — אין אונדזער גורל; פּורים מיינט גורל. דער מהרש״א לערנט, אַז בפּורינו מיינט אין אונדזער בעט, שתּהא מטתנו שלמה באהבה... ווי מיר האָבן עס אין די שבע ברכות.

דער נביא, רעדנדיק וועגן געטרייע, גוטע ווייבער, דריקט זיך אויס: „נשים שאננות... בוטחות... איר, רויִקע ווייבער, שטייט אויף, הערט מיין קול... פאַרנעמט מיין זאָג״ [11], קומט די גמרא און זאָגט, אַז דערפון איז געדרונגען, אַז גרעסער איז די הבטחה צו די פרויען ווי צו די מענער [12].

רב, וואָס האָט זיך אַזוי פיל אָנגעליטן פון זיין פרוי, פלעגט שטענדיק זאָגן, אַז אויף דער קומענדיקער וועלט איז נישטאָ נישט קיין אכילה, נישט קיין שתיה און נישט קיין פּריה ורביה... דאָרט וועלן זיצן די צדיקים מיט קרוינען אויף זייערע קעפּ און געניסן פון „זיו השכינה״ — פון דער לויטערקייט אַרום דער שכינה [13]. דאָס איז געווען זיין טרייסט. אָבער אויף דער היינטיקער וועלט, אין עולם הזה, מוז מען האָבן אַ ווייב, און ווייל איז דעם מאַן וואָס געפינט דאָס ריכטיקע ווייב, דעם גוטן זיווג.

דעם פּסוק — „על זאת יתפּלל כּל חסיד אליך לעת מצא״ [14] — אויף דעם זאָל איטלעכער פרומער, מתפּלל זיין צו דיר, אין דער צייט, וואָס מ׳קען דיך געפינען.

האָט ר׳ חנינא געטייטשט — „לעת מצא — זו אשה״ און געבראַכט אַ באַווייז פונעם פסוק: „מצא אשה, מצא טוב״ [15].

רב האָט נישט זוכה געווען צו שלום-בית, דאָך האָט ער נישט געהאַלטן פון גטן זיך, נישט געהאַלטן פון האָבן נאָך אַ פרוי, נישט געהאַלטן פון אַרויפצווינגען אויף דער פרוי אינטימע באַציִונגען. ער האָט געהאַלטן, אַז אַ „שיחה יתירה״, אַפילו מיט זיין אייגענער פרוי קאָן גורם זיין נעגאַטיווס און אוממאָראַלישקייט [16]. באַציִונגען מיט דער פרוי — האָט ער געהאַלטן — מוזן זיין דורך גוטע רייד, דורך ליבשאַפט, אַפילו מאָמענטאַלע, ווייל דאָס ווירקט אויף אַ גוט לעבן.

אין תלמוד געפינט מען אַ באַשטעטיקונג, אַז צוריקהאַלטן זיך פון תשמיש המיטה, פון סעקסועלע באַציִונגען, איז איינס פון די גרעסטע עינויים, סיי פאַרן מאַן, סיי פאַר דער פרוי [17].

די מצווה פון חתונה האָבן, איז דוחה די מצווה פון לייענען „שמע״.

די משנה [18] לערנט אונדז, אַז אַ חתן איז פטור פון קריאת-שמע די ערשטע נאַכט און אַלע נעכט, ביז ער האָט נישט געהאַט קיין אינטימע באַציִונגען מיט זיין כלה, די בתולה. די גמרא [19] ווייזט אָן, אַז מ׳לערנט עס אַרויס פונעם „ובלכתך בדרך״ — פרט לחתן, פאַר וואָס זאָל אַ חתן זיין פריי? — ווייל ער איז טרוד אין דער מצווה!...

ס׳איז כדאי אָנצוּווייזן אויפן דין, לויט די פוסקים, אַז אין אונדזער צייט דאַרף אַ חתן יאָ לייענען קריאת-שמע [20]; זעט אויס, אַז די היינטיקע חתנים זענען נישט אַזוי פיל טרוד בעת דער חתונה...

די פרוי איז אָנערקענט געוואָרן אַלס „עוזרת״, ווי אַן אַרויסהעלפערין און אַ דערגאַנצונג צום מאַנס שלימות [21], אַזוי ביי מעשה בראשית, אַזוי ביי יציאת מצרים [22], אַזוי ביי דעם נס פורים, ביי נס-חנוכה און אַזוי ביי אַלע נסים ביז אונדזערע טעג [23]. וועגן די יורידישע רעכט, מיט וועלכע די פרוי איז געזיכערט געוואָרן, האָבן מיר שוין אומצייליקע מאָל דערמאָנט.

בלויז צו אַ שלעכטער פרוי איז די באַציִונג געווען אַ שטרענגע, אויף אַזוי ווייט — אַז מען האָט זיך אויסגעדריקט: „אשה מרשעת — מצוה לגרשה״ [24], ווען, בדרך-כלל, איז די עצה געווען נישט צו גטן דאָס ווייב, אַפילו ווען מען איז נישט צופרידן און מ׳האָט זיך נישט צוגעפּאַסט.

רב שמן בר אבא האָט אָנגעוויזן ווי שווער ס׳זענען „גירושין״, אַז מ׳האָט דוד המלך בעסער דערלויבט צו נעמען די אבישג השונמית, זיך מתייחד זיין מיט איר (נישט געקוקט אויף דער גזירת יחוד אַפילו מיט אַ „פנויה״), און נישט געוואָלט ער זאָל גטן אַ ווייב, צו קענען נעמען די שונמית אָפיציעל, אַלס אַכצנטע ווייב, וואָס איז דערלויבט אַ קעניג.

מיר וועלן נאָך באַרירן דעם ענין גיטין ביי יידן. דאָ וועלן מיר אָנווייזן, ווי ווייט דער יידישער קאָדעקס האָט געזוכט צו פאַרלייכטערן דאָס פאַמיליע־לעבן, אַפילו אין ענינים פון עריות־פּראָבלעמען. ווו נאָר ס׳איז געווען אַ מעגלעכקייט צו געפינען אַ היתר צו באַפרייען אַ פרוי פון בלייבן אַן עגונה, האָבן זיך די חכמי התלמוד און, נאָך זיי, די גדולי הפוסקים פאַרלאָזט אויף חזקה.

למשל: אויב ס׳איז אָנגעקומען אַ גט פון אַ מאַן און ס׳איז נישט געווען קלאָר, צי ער לעבט נאָך און צי ער האָט געלעבט בעת ער האָט געשיקט דעם גט... שטעלט מען אויף דער חזקה, אַז ער האָט געלעבט.

אָדער — אויב אַ שליח ברענגט אַ גט (איבערלאָזנדיק דעם מאַן אין טיפן עלטער, אָדער קראַנק), קאָן ער אים געבן דער פרוי, מיט דער חזקה, אַז דער מאַן לעבט און מ׳האָט נישט קיין מורא, אַז אין דער צייט, איידער די פרוי האָט געקראָגן דעם גט, איז ער געשטאָרבן און זי דאַרף אָנקומען צום יבם, צום שוואָגער, ער זאָל זי באַפרייען דורך חליצה. אַפילו ווען איר מאַן איז שוין געווען אַ הונדערט־יאָריקער און דער שליח זאָל זיך געווען פאַרזוימען אין וועג הונדערט יאָר, איז אַלץ גילטיק די חזקה, אַז דער מאַן לעבט און דער שליח קאָן דער פרוי געבן דעם גט [25].

נאָך מער: אויב אַן אשת־איש האָט מקבל געווען אַ גט, און אינעם גט איז נישטאָ קיין זמן, קיין צייט, ווען דער גט איז געשריבן געוואָרן, און עדות זאָגן, אַז זי האָט איבער דער צייט מזנה געווען, נאָר מען ווייסט נישט צי זי האָט מזנה געווען איידער זי איז געוואָרן געגט, אָדער שפּעטער, נאָכן גט, ווען זי איז שוין געווען אַ „פנויה״ — קומט איר נישט קיין טויטשטראָף (אויב ס׳וואָלט געווען אַ בית־דין און געקענט דורכפירן דעם דאָזיקן תורה־געזעץ), נישט געקוקט וואָס מיר האָבן דאָ אַ קעגן־חזקה — די חזקה, אַז זי איז געווען אַן אשת־איש, איז דאָך חזקה קעגן חזקה... נעמט מען אָן די חזקה, וואָס זאָל זי נישט מאַכן פאַר אַ זונה, פאַר אַ פאַרהייראַטע פרוי, וועלכע האָט אָפּגעקערט. אַזוי אַרום איז געטאָן געוואָרן פאַר דעם וויל פון דער פרוי [26].

יעדער ייִד, יעדע יידישע פרוי ווערט געשטעלט אין דער חזקה פון כשרות, פון זיין ערלעך, סיידן ס׳זענען דאָ געניגע באַווייזן זיי צו פסלען, זיי צו פאַראורטיילן.

די דאָזיקע הלכות זענען אָנגעגאַנגען אין אַלע צייטן, ביי יעדן גרויסן פוסק, און גייען אָן עד היום.

אין איינעם פון זיינע תשובות, שרייבט מיין רבי ר׳ יהודה לייב גרויבאַרט, אין שייכות מיט אַ מתנה קאָזאַקן וואָס האָט פאַרגוואַלדיקט אַ צאָל פרויען: ס׳זענען געווען אַ סך ספקות, וועגן דעם אָנפאַל פון די קאָזאַקן, צי עס איז טאַקע געווען אַ זנות־באונס, און ער פירט אויס: „...ועי״כ לדעתי יכול בעלה להיות עמה ואין להרוס את הקן (אשת כהן) ודם עבדיו יקום״ [27]. ער וואָגט, לויט אַ הלכהשער

באַגרינדונג, מיקל צו זיין פאַר דעם כהן, ער זאָל בלייבן ווינען מיט זיין פרוי און נישט צעשטערן אַ נעסט...

נישט געקוקט דערויף, וואָס אין דער משנה האָבן מיר קלאָר דעם פּרינציפּ און הלכה פון גט, האָט מען דאָך אין אַלע צייטן אַנטמוטיקט גטן, ווען אַפילו זיי זענען געווען באַרעכטיקט.

ס׳איז כּדאי צו ברענגען אַ מעשׂה שהי׳, ווי הרב און אדמו״ר ר׳ שלום לביא (רובין) גיט איבער וועגן אַ טאָמאַשאָווער רב, ר׳ יהושע פרישערמאַן, זון פון ר׳ יאָסעלע יאַרטשאָווער[28]. מיטן ערשטן זיווג, איז ער געוואָרן אַ בילגאָרייער אײדעם, זיך משדך געווען מיט אַן אור־אייניקל פונעם רבין ר׳ אלימלך ליזשענסקער (נועם אלימלך). ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין קינדער פון איר. נאָך צוואַנציק יאָר וואַרטן (די רעכט איז נאָך צען יאָר) האָט ער געוואָלט איר געבן אַ גט... דער צאַנזער רב, ר׳ חיים האַלבערשטאַם, באַרימטער פוסק, מחבר פון „דברי חיים״, האָט געפּסקנט, אַז ער קאָן און האָט דאָס רעכט זי צו גטן. דער גערער רבי, ר׳ יצחק מאיר, בעל ה„חדושי הרי״ם״, האָט זיך צוריקגעהאַלטן פון אַרויסגעבן אַ היתר[29]. ער ענדיקט זיין תשובה מיטן פאַרלאַנג — דער צאַנזער רב זאָל מתפלל זיין, זיי זאָלן האָבן קינדער: „ורו״ם אין צריך לדידי, וכדעתו הרחבה יעשׂה, ויותר טוב שיפעול בתפלתו שיפקוד ד׳ אותם, כעובדא דרש״י״[30].

דער דאָזיקער צדיק, טאָמאַשאָווער רב, האָט געשטרעבט צו באַזעצן זיך אין ארץ־ישׂראל. ער האָט דריי מאָל באַזוכט דאָס הייליקע לאַנד, צום דריטן מאָל געמוזט אַנטלויפן צוליב אַ מעשׂה, וואָס האָט געקענט טרעפן ביי אַמאָליקע פרומע ייִדן.

זייענדיק אין ירושלים, האָט ער געזען אַ מאַן און אַ פרוי געאָרעמט שפּאַצירן ביים כּותל המערבי. האָט ער דאָס באַטראַכט פאַר אַ פאַרשייטקייט, איז געווען זיכער, אַז דאָס זענען די אויפגעקלערטע ייִדן, ציוניסטן. איז ער צוגעלאָפן, זיי גוט אָנגעזידלט און פאַרפאָרן אַ פּאַטש דעם פאַרשייטן מאַן.

ווען ער איז צוריקגעקומען אין זיין אכסניא, האָבן די חסידים אים געזאָגט, אַז מ׳זוכט אים, אַז דאָס איז געווען אַ הויכער טערקישער באַאַמטער. ער האָט געמוזט אַנטלויפן.

די גדולי ההוראה האָבן זיך אין אַלע צייטן פאַרנומען מיט פאַמיליע־פּראָבלעמען, מיט עניני אישות. אין די שאלות ותשובות אָדער, ווי מיר רופן דאָס, רעספּאָנסאַ, געפינען מיר די באַמיִונגען פון די גדולי הפוסקים צו געפינען מעגלעכקייטן מתיר צו מאַכן אַן עגונה און זען, זי זאָל קאָנען לעבן אַ נאָרמאַלן לעבן. מיר ווען בלויז דערמאָנען איינעם פון אָט די פוסקים, ר׳ דוד בן זמרה (הר״מ־השל״ד; 1574־1480) אין זיינע זעקס חלקים „שו״ת הרדב״ז, וואָס ציילן אַרום

דרײַ טויזנט תשובות, געפינען זיך הונדערטער, וואָס שייך „אישות"־לייזונגען, און אַזוי ביי אַלע גדולי הוראה, ביז אונדזערע טעג.

די גדולי ההוראה האָבן זיך פאַרנומען מיט די קאָמפּליצירטסטע פאַלן כדי נישט צו דערלאָזן אַז אַ פרוי זאָל באַעוולט ווערן. אין פאַרבינדונג מיט צעבראָכענע פאַמיליעס, האָבן זיי באַהאַנדלט סיי די פינאַנציעלע פראַגן, סיי די ספּעציפיש הלכהשע פּראָבלעמען און זיך באַמיט נישט צו דערלאָזן אַפילו, אַז דער מאַן זאָל געניסן פון אַזעלכע טרוקענע געזעצן, פון וועלכע די פרוי זאָל ליידן. דאָס וואָלט געווען — ווי דער רמב"ן דריקט זיך אויס — „נבל ברשות התורה"[31], אַ פאַרדאָרבענער מענטש אין די תורה־ראַמען. זיי האָבן געזוכט אַלע וועגן און מיטלען, ס'זאָל זיין אַ משפט צדק בין איש לאשתו.

איך וועל ווידער דערמאָנען, ווי אַזוי הרב גרויבאַרט ז"ל האָט זיך פאַרנומען מיט היתר עגונות[32] און ווי אַזוי ער האָט געזוכט אַ הלכהדיקן אורטייל, ביי אַ מורדת, דער מאַן זאָל נישט דאַרפן אַנקומען צו אַ היתר „מאה רבנים" כדי צו מאַכן אומגילטיק דעם חרם דרבינו גרשם און, אין אַן אַנדער פאַל, געפסקנט: „ומצוה בל לענות אותו"[33].

וועגן דעם זאָג: „אשה רעה מצוה לגרשה", האָבן אונדזערע מאָראַליסטן געלערנט, אַז דאָ איז געמיינט געוואָרן „רעה לשמים", וואָס קאָן צעשטערן דעם מאַנס רעליגיעזע אָפּגעהיטקייט, זיין ווילן צו דערציִען זיינע קינדער אין תורה־גייסט.

ווי מיר האָבן פריִער אָנגעוויזן, האָט שמעון בן שטח איינגעפירט די תקנה פון כתובה, אַ סאָרט קאָנטראַקט, וואָס דער מאַן גיט דער פרוי, בעת ער איז זי מקדש, אַ התחיבות איר אויסצוצאָלן אַזוי פיל און אַזוי פיל; און דער מינימום: אַ בתולה — מאתים (200) זוזים און אַן אלמנה — מאה (100). די דאָזיקע טראַ־דיציע איז שוין געבליבן. חוץ דעם, האָט מען געגעבן דער בתולה רעכט אויף אַנטשעדיקונג, אויב דער מאַן גט זי נאָך די תנאים.

מיט דער צייט איז די דאָזיקע באַוואָרעניש פאַר שלום־בית געוואָרן נישט גענוג — און דעריבער האָבן איניקע רבנים געזוכט שינויים, מאָדיפיצירונגען. איינער פון זיי, הרב ד"ר אליעזר בערקאָוויץ, איז אין זיין ספר „תנאי בנשואין וגט" אַרויסגעקומען מיט אַ נייעם פּלאַן, אַז אין דער כתובה זאָל מען צוגעבן אַ תנאי, אַז אויב דאָס נייע פּאָרפאָלק וועט לעבן אָפּגעזונדערט איינער פון דעם צווייטן אַ געוויסע צייט, אָדער אין פאַל ווען איינער פון זיי איז גייסטיק נישט פעיִק צו געבן, אָדער אָנצונעמען אַ גט, און זיי זענען נישט געקומען אין באַרירונג אַ צאָל יאָרן, איז די „כתובה בטל ומבוטל" — ד"ה, אַז די חתונה איז אַנולירט.

די אָרטאָדאָקסישע רבנים האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן אָט די צוגאָבן, ווייל דאָס וועט ברענגען צו הפקרות אין פאַמיליע־לעבן; און וואָס שייך הפקרות, האָבן רבנים אין אַלע דורות אָנגענומען די שטרענגסטע מיטלען.

די אָרטאָדאָקסישע רבנים האָבן אָנגעוויזן, אַז דאָס וועלן איינפירן אַ תנאי אין דער כתובה און, דורך דעם תנאי, אַנולירן געוויסע חתונות איז אַן אָפענער ברוך אין די פונדאַמענטאַלע געזעצן פון הייראַט און שטעלט אין געפאַר די סטרוקטור פון דער יידישער פאַמיליע (דערקלערונג פאַרעפנטלעכט אין דער פרעסע דעם 19טן אויגוסט, 1969).

מאָדנע איז, וואָס גראָד פרויען, אָנהענגערינס פון די פרייהייט־באַוועגונגען, האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין דעם דאָזיקן רעפאָרם־פּראָיעקט, וואָס קאָן זיין אַ „שטעקן מיט צוויי עקן" און ברענגען דער פרוי מער שאָדן ווי צופרידנקייט.

מיט גרויס אחריות האָבן רבנים און בעלי ההוראה זיך פאַרנומען מיט פאַמיליע־פּראָבלעמען. מיט זייער אויטאָריטאַטיוון וואָרט האָבן זיי ממש געראַטעוועט יידישע פאַמיליעס און געהיט דעם אוצר, וואָס הייסט טהרת המשפחה, אין גייסטיקן און פיזישן זין. זייערע העלדישע מענער און פרויען זענען נישט די, וועלכע קענען באַווייזן העלדישקייט מיט פאַלשע ראָמאַנען און זייטיקע ליבע־אַפּערעס, נאָר די וואָס צייכענען זיך אויס מיט ריינקייט און גאַנצקייט אין משפחה־לעבן. רבנים־פוסקים האָבן זיך איינגעשטעלט אין אַלע צייטן לטובת דער עלנטער פרוי און נישט איין מאָל איז זיי אויסגעקומען זיך איינצושטעלן פאַר אַ פרוי „שנתעברה בזנות — שנאנסה מעכו"ם"... ווען זיי האָבן נאָר געפונען אַ היתר.

מיר ווילן זיך נישט אַריינלאָזן אין אָט דער אומאויסשעפּלעכער טעמע. מיר וועלן בלויז אָנווייזן אויף נאָך איין שאלה פון אַ גדול[34], וועגן אַ מאַן, וואָס האָט פאַרלאָזט זיין פרוי, ווייל, לויט זיין טענה: 1) איז זי געווען מעוברת, איידער ער האָט מיט איר חתונה געהאַט; 2) ער זאָגט, אַז ער האָט עדות — אָבער זיי ווילן נישט עדות זאָגן; 3) ער האָט חתונה געהאַט ר"ח ניסן און דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן דעם 4טן טאָג אין תשרי; 4) ער האָט נישט געזען קיין דם בתולים... אַכט אַזעלכע טענות, צו באַווייזן אַז זי האָט אים גענאַרט, אַז זי האָט פריִער געלעבט מיט אַנדערע אאַז"וו.

ר' יצחק שמעלקעס (שור), האָט זיך דאָך איינגעשטעלט פאַר דער פרוי, זיך באַמיט צו צעלייגן און אָפּווענדן די אַלע טענות, האַלטנדיק אַז דאָס זענען פאַלשע, אויסגעטראַכטע טענות און געפּסקנט, אַז ער קאָן איר נישט געבן אַן אַרויפגעצוווּנגענעם גט, „אינו רשאי לגרש אשתו בע"כ..."[35]

**ג. די ערשטע יידישע פרויען וואָס האָבן געפּאָדערט ירושה. — זייער רעכט איז אָנערקענט געוואָרן. — לעגאַלע רעכט פון דער פרוי.**

פון די ערשטע פרויען אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, וואָס האָבן געפאָדערט ירושה, זענען געווען די צלפחד־טעכטער. די פינף קלו־גע און באַשיידענע בנות צלפחד, האָבן זיך גע־שטעלט, ווי די תורה גיט איבער, פאַר משה רבינו און אלעזר הכהן און פאַר דער גאַנצער עדה, און מיט חכמה פרעזענטירט זייער טענה, אַז זיי קומט די ירושה פון זייער פאָטער אינעם לאַנד, וואָס איז צוגעזאָגט געוואָרן די אָפּשטאַמיקע פון אברהם אָבינו, וואָס זענען באַפרייט געוואָרן פון מצרישער שקלאַפעריי; דעריבער דאַרף זייער פאָטערס נאָמען נישט געמינערט ווערן און טאָר נישט אָפּגעמעקט ווערן פון די בני ישׂראל. דער בית־דין של מעלה האָט איינגעשטימט מיט זייער גערעכטער טענה און גאָטס באַפעל איז געווען: „כּן בנות צלפחד דוברות"[1] — זיי זענען גערעכט!

די צלפחד־טעכטער האָבן געקראָגן רעכט אויף זייער פאָטערס חלק אין לאַנד און נאָך דעם האָבן זיי חתונה געהאַט מיט זייערע פעטערס, דעם פאָטערס ברידער, כּדי די ירושה זאָל נישט איבערגעטראָגן ווערן צו אַן אַנדער שבט. אַזוי איז דער ענין צלפחד דערליידיקט געוואָרן צו אַלעמענס צופרידנקייט. דער דין איז שוין געבליבן, אַז ווען ס'איז נישטאָ קיין זון אַלס יורש, זאָל די טאָכטער נעמען ירושה און חתונה האָבן מיט איר באַשערטן, וועמען זי וועט זיך אויסקלייבן און ליב האָבן...

די חכמי התלמוד און זייערע נושׂאי כּלים האָבן אויך געפונען וועגן ווי צו קאָמפּענסירן די פרוי ביי ירושה־אָנגעלעגנהייטן.

וואָס שייך צלפחד און זיין זינד, האָבן מיר מפרשים, וועלכע שטעלן זיך אָפּ אויף די ווערטער פון די טעכטער „בחטאו מת" — ער איז געשטאָרבן צוליב זיינע זינד; ער איז נישט געווען אין קרחס עדה, ער איז נישט געווען באַטייליקט אין קיין רעוואָלט. ווייזט אויס, אַז אויב ער זאָל יאָ געווען זיין באַטייליקט אין אַן אויפשטאַנד און מרידה קעגן משה רבינו, וואָלט מען געהאַט רעכט צו קאָנפיס־קירן זיין פאַרמעגן.

די פראַגע איז געשטעלט געוואָרן: וואָס אייגנטלעך איז געווען זיין זינד? אין וואָס איז באַשטאַנען זיין חטא, ס'זאָל קומען דערויף אַזאַ האַרבע שטראָף — משפט מוות?

אין תלמוד ווערן אָנגעגעבן עטלעכע ענטפערס, די אָנגענומענע — ער איז געווען דער „מקושש עצים", דער ערשטער מחלל־שבתניק. שטעלט זיך די פראַגע,

וואָס מיינט „מקושש". מיר וועלן זיך נישט אַריינלאָזן אין דער דאָזיקער שקלאַ־וטריא. לויט דער מיינונג פון רבי יהודה בן בתירה, פון די הויפּט־תּנאים, איז דער צלפחד געווען פון די גווואַגטע, פון די, ביי וועלכע ס'ווערט געזאָגט, „ויעפּילו לעלות"[2] — זיי האָבן געוואַגט אַרויפצוגיין, נישט געקוקט אויפן פאַרבאָט: „אַל תּעלו"[3]. (נאָך דעם חטא פון די מרגלים, וואָס האָבן גערעדט שלעכטס און געוואָלט אָפּהאַלטן פון אויפגיין צום לאַנד פון זייער שטרעבונג; נאָכן וויינען אין יענער ביטערער נאַכט פון מרגלים־באַריכט). מ'לערנט דערפון, אַז פאַר טאָן זאַכן קעגן דעם ווילן פון באַשעפער, קומט אַזאַ האַרבע שטראָף — מיתה!

צלפחד האָט אָבער דאָך זוכה געווען, צוליב זיין רצון, צו האָבן אַ חלק אין לאַנד, אַז זיינע טעכטער זאָלן זיך אַרויסשטעלן פאַר אים און זיי זאָלן שוין זען, אַז זיין נאָמען זאָל נישט אָפּגעמעקט ווערן. די בנות צלפחד זענען פאַראייביקט געוואָרן אינעם יידישן לעבן און אַ דאַנק זיי, איז אויך צלפחדס נאָמען געוואָרן פאַראייביקט.

מיר זעען פון אָט דעם אַקט און פאַקט, אַז דער פרויס מעמד איז געשטאַרקט געוואָרן אין לאַנד און אין דער יידישער געזעצגעבונג; ס'איז מעגלעך געוואָרן צו אָנערקענען אַ פרוי אַלס יורשטע.

וואָס שייך דאָס עדות זאָגן פון אַ פרוי, איז אַ סך געשריבן געוואָרן. ווי מיר האָבן שוין אַ מאָל אָנגעוויזן, איז דער דין געמיינט געוואָרן לטובת דער פרוי[4]; די יידישע מאָראַל האָט נישט געוואָלט באַלעסטיקן די פרוי און האָט דווקא געוואָלט זי זאָל זיין די עקרת־הבית, זי זאָל האָבן אַ מעגלעכקייט נאָכצוקומען דעם ווילזיין פון איר פאַמיליע, אויפצוהאָדעווען גוטע, יידישע געלערנטע קינדער.

אין אַלגעמיין ווייסט מען, אַז מען פאַרלאָזט זיך אויף דער פרוי אין ענינים פון איסור והיתר, אין ענינים פון כּשרות, כּשרות אין הויז און איר אייגענער כּשרות[5]. די באַציִונגען צווישן מאַן און פרוי זענען, אין אַ סך אָנגעלעגנהייטן, אָפּהענגיק אינעם צוטרוי, כּבוד און אָפּשאַצונג פונעם מאַן צו זיין פרוי. די פרוי געניסט, לויט אַלע כּללים פון דער יידישער עטיק, פון צוטרוי און חשיבות[6].

אויב די גרויסקייט פונעם מאַן ווערט כאַראַקטעריזירט אין די ווערטער „איש חיל", איז די פרוי — „אשת חיל". אָבער וואָס פאַר אַן אונטערשייד צווישן די צוויי טיטלען! דער מאַן איז אַן „איש חיל", צוליב זיין עשירות, צוליב זיין כּוח, צוליב זיין געוואַגטקייט, צוליב זיין מיליטערישן כּוח. די „אשת חיל", ווי זי ווערט געשילדערט אין משלי[7], איז די אידעלע, באַשיידענע, געטרייע, צאַרטע פרוי.

דרייַ מאָל ווערט דערמאָנט ביי דער פרוי די לויב „אשת חיל" און ביי אַלע דרייַ — די כאַראַקטעריזאַציע פון אַ פרוי, וועלכע גיט אַכטונג, אַז אין איר הויז זאָל קיין בייז נישט געשען, זאָל קיין פרנסה נישט פעלן, זאָל הערשן שלום און

האַרמאָניע, אַ גוט לעבן צווישן איר און איר מאַן כדי די פאַמיליע זאָל זיך פילן אַלס גאַנצע, געטרייע משפחה.

די פרוי ווערט באַזונגען און געלויבט צוליב איר איידלקייט און איבערגעגעבנקייט: „טעמה כי טוב סחרה... צופיה הליכות ביתה...” און דערמיט, צוליב די דאָזיקע קוואַליפיקאַציעס, ווערט זי די „אשת חיל... עטרת בעלה” [8].

אין אַ גרעסערער אָפּהאַנדלונג אד״ט: „סטאַטוס פון פרוי אין הלכה” [9], ווייזט אָן הרב שאול י. בערמאַן (זאָל זיין מיט צו פיל אַפּאָלאָגעטיק), ווי ווייט אין הלכהשן קאָנצעפּט, איז דער פרויס מעמד אויף אַ גאָר הויכן שטאַנד. און די באַציִונג צו דער פרוי אין פאַרשיידענע הינזיכטן, איז תּמיד געווען אַ מילדע, ליבעראַלע, רעכענענדיק זיך אי מיט אירע פונקציעס, אי מיט אירע מעגלעכקייטן. אַזוי ביים לייזן די עגונה־פּראָבלעם; אַזוי ביים חליצה־ריטואַל און אַזוי ביי פאַרשיידענע פליכטן פון דער פרוי צו איר מאַן, צו דער געזעלשאַפט, צום ייִדנטום. ס׳איז דערביי שטאַרק באַטאָנט געוואָרן דער כלל: „כל כבודה בת מלך פנימה” [10] — די ייִדישע פרוי איז באַטראַכט געוואָרן אַלס בת מלך, אַלס פּרינצעסין און אַזוי דאַרף מען זיך באַנעמען צו איר, סיי אין ציווילן, סיי אין הלכהשן געזעץ.

דער מחבר ווייזט אָן, אַז בלויז אַ מינדערהייט צווישן די פרויען וויל דווקא האָבן די זעלביקע רעכט וואָס די מענער (אויך אין רעליגיעזע פונקציעס), אָבער די מערהייט איז צופרידן, מיטן סטאַטוס־קוואָ אין די ראַמען פון הלכה.

די דאָזיקע טעזיסן, זענען ביי אונדז נישט איין מאָל באַהאַנדלט געוואָרן, ווי דער זאָג: „נשים דעתן קלות” [11] — אַז פרויען זענען לייכטזיניק. מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אַז דאָס איז נישט אָנגענומען געוואָרן, ווייל מען פאַרלאָזט זיך אויף פרויען. מיר האָבן אויך אָנגעוויזן אויף דער ברכה „שלא עשני אשה”, אַז דאָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיטן ציל צו דעגראַדירן די פרוי, און אַזוי אויך ביים באַפרייען פרויען פון די צייט־מצוות, די „מצות עשה שהזמן גרמא”. דער פאַקט איז, אַז וווּ עס איז נאָר מעגלעך געווען, האָט מען דער פרוי יאָ געגעבן דעם חיוב אָפּצוהיטן אַזעלכע מצוות. אויף גאָר אַ סך פון אַזעלכע מצוות, באַזונדערס אין פאַרבינדונג מיט שמירת שבת, האָט מען מחייב געווען פרויען [12].

מיר האָבן באַהאַנדלט די מאָטיוון, פאַר וואָס אַ פרוי איז פּטור פון לייגן תפילין און פאַר וואָס זי איז פריי פון לערנען תורה. מיר האָבן אָנגעוויזן, אַז לויט דער אגדה זענען געווען פרויען, וועלכע האָבן געלייגט תפילין און, לויט היסטאָרישע פאַקטן, זענען געווען אומצייליקע פרויען אין אַלע צייטן, וועלכע האָבן געלערנט תורה און נישט בלויז תורה שבכתב, דעם תנ״ך, נאָר אויך תורה שבעל־פה, תלמוד, מפרשים און פוסקים.

מיר האָבן אויך אָנגעוויזן, אַז די וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז פרויען זאָלן נישט לערנען תורה, איז דאָס געמיינט געוואָרן — לויט מפרשים — תורה שבעל־פה, פלפול, תלמודישע טראַקטאַטן. אָבער הלכה, דינים, דאַרפן פרויען יאָ לערנען, כדי זיי זאָלן האָבן ידיעות [13]. ס׳איז דערביי אויך דאָ די מצווה פון חינוך הבנות. ווי עס ווערט איבערגעגעבן אין תלמוד, זענען תמיד געווען פרויען, וואָס האָבן זיך געווידמעט צום לערנען תורה און אַ גרויסע צאָל פון זיי האָט דערגרייכט צו תורה־וויסן.

די משנה [14] רעכנט אויס מיט פּרעציזקייט, די דאָזיקע הויזלעכע פונקציעס און גיט צו, אַז אויב אַ פרוי דרייט זיך אַרום ליידיק — „בטלה מביאה לידי שעמום...״, איז דאָס די גרעסטע קללה פאַר איר.

מען דאַרף אויך נעמען אין באַטראַכט, אַז די פרוי מאַכט דורך דעם פּראָצעס פון מענסטרואַציע. זי מוז אָפּהיטן די הלכות נידה, און דאָס באַגרענעצט איר כוח, איר אונטערנעמונגס־גייסט. די מעדיצינישע דערגרייכונגען האָבן פאַרלייכטערט דער פרויס צער אין אַזעלכע אומשטאַנדן, אָבער אין גאַנצן זי באַפרייען פון פּסיכאָ־לאָגישע ענדערונגען אין דער צייט פון מענסטרויִרן, דאָס האָט קיינער נישט באַוויזן. צוליב דעם האָט מען דער פרוי איבערגעלאָזט די שטוביקע פאַראַנטוואָרט־לעכקייטן, די היים־פליכטן און, לויט אונדזער מיינונג, האָט די פרוי נישט קיין סיבה זיך צו באַקלאָגן, ווי עס קלאָגט וועגן איר דאָליע יהודה לייב גאָרדאָן, דער דיכטער פונעם השכלה־דור [15].

די חכמי התלמוד האָבן זיך באַמיט צו דערהייבן די פרוי, פאַרשאַפן איר פרייד אין לעבן. זיי האָבן געלערנט, אַז ס׳ליגט אַ חוב אויפן מאַן צו זען, אַז זיין פרוי זאָל געניסן פון שמחת יום־טוב. לויט אביי [16], איז די פרוי מחויב עולה רגל זיין, כדי זי זאָל זיין בשמחה און געבן פרייד איר מאַן. אין רש״יס לשון: „דעל השמחה נצטוו נשים, דכתיב ,ושמחת אתה וביתך׳ ״.

ר׳ זירא האָט געשטעלט די פראַגע: „אשה מה היא בבל תאחר?״ איז אַ פרוי עובר אויפן געבאָט „לא תאחר״ — זאָלסט נישט פאַרשפּעטיקן מיטן קרבן, וואָס דו האָסט צוגעזאָגט? די פראַגע איז געווען: אַזוי ווי זי איז מחויב בשמחה, וואָס איז דאָך אַ צייט־מצווה, זאָל זי אויך מחוייב זיין „בבל תאחר״ אויף יום־טוב; אָבער אַזוי ווי זי איז נישט מחוייב מיט ראיה — זיך צו באַווייזן אין בית־המקדש — ווייל דער חוב ליגט נאָר אויפן מאַן, ער זאָל מיטנעמען זיין פרוי און ביידע צוזאַמען זאָלן געניסן פון שמחת יום־טוב, זאָל זי זיין פטור.

מיר וועלן נישט פּסקענען. ס׳איז וועגן דעם אַ סך געשריבן געוואָרן פון מומחים אין הלכה און אין פלפול. דער פאַקט איז אָבער, אַז דער געבאָט פון יום־טוב ליגט יאָ אויף איר [17]. דער רמב״ם פּסקנט [18], אַז די פרוי איז מחוייב בשמחת יום־טוב און די שמחה איז, ווי מיר זעען אין רמב״ם, מיט בשר — מקריב

זיין שלמים און געניסן פונעם הייליקן פלייש: „והשׂמחה האמורה ברגלים, היא שיקריב שלמים יתר על שלמי חגיגה... ונשים חיבות במצוה זו...״

דער ראב״ד איז מחולק. ער לערנט ווי רש״י, אַז די שׂמחה איז נישט דווקא מיטן ברענגען דעם קרבן, נאָר איז גאָר אויפן יסוד פון „ושׂמחת בחגיך״, „שתשׂמח עם בעלה, שתעלה עמו והוא ישׂמח אותה״.

אין „ספרי״ ווערט געזאָגט: „מקיש אשה לאיש״ [19] אין שייכות מיט שׂמחת יום־טוב, מיט „לא תאחר״ און „לא יחל״. מען זעט דערפון די טענדענץ צו דער־הייבן די פרוי, זי זאָל זיך נישט פילן נידעריקער ווי דער מאַן, צוליב דעם וואָס ער, דער מאַן, איז דער שפּייזער, פּרנסה־געבער. וואָס שייך דער מצוה פון „הקהל״, אַז ייִדן דאַרפן זיך צוזאַמענקומען דעם לעצטן טאָג סוכּות אין בית־המקדש און ס׳דאַרף קומען דאָס גאַנצע בני־בית און אַז די פרוי איז מחוייב צו הערן, „נשים חייבות לשמוע״ — זאָגט תּוספות, אַז דערפון איז געדרונגען, אַז דאָס הערן מיינט לערנען, כּדי צו וויסן ווי מקיים צו זיין מצוות.

דער רמב״ם זאָגט עס קלאָר: „כּל המלמד את בתו תּורה כּאלו מלמדה תּפלות — במה דברים אמורים, בתורה שבעל פּה, אבל תּורה שבכתב, לא ילמוד אותה לכתחילה ואם למדה אינה כמלמדה תפלות״ [20], ווייל די פרוי דאַרף דאָך האָבן ידיעות אין תּורה; זי דאַרף דאָך וויסן מצוות. פון דער „הקהל״־מצווה, לערנט מען אַרויס, אַז די פרוי איז געבאָטן צו הערן קריאת התּורה — אַ מצווה וואָס גייט אָן אין אַלע צייטן, ווי די מצווה פון „והגית״.

אומצייליק זענען די תּקנות, וואָס צילן צו באַזאָרגן די פרוי, זי זאָל נישט זיין אויסגעשטעלט אויף די קאַפּריזן פון איר ברוטאַלן מאַן, זי זאָל נישט ווערן פאַרשעמט, זי זאָל נישט הונגערן, זי זאָל האָבן אירע רעכט [21]. אינטערעסאַנט איז, אַז אין דער פייערלעכקייט פון ברכּת חתנים, פון שבעת ימי המשתּה, ווערט די פרוי אַ באַטייליקטע און קריגט דעם זעלביקן כּבוד ווי דער מאַן.

דער רמב״ם האַלט, אַז ברכּת חתנים איז אַ תּקנה פון משה רבינו [22] און די שׂמחה הייבט זיך אָן באַלד נאָך די ערשטע ברכות נשׂואין.

די חז״ל האָבן געזוכט, ווי מיר האָבן ביז איצט געזען, אַריינצוברענגען תּקנות, לטובת דער פרוי, אַפילו אין פאַלן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט אַ סכּנה, ווי ביי אַ „קטלנית״ (וואָס לויטן מינהג, האָט מען זיך אָפּגעהאַלטן חתונה צו האָבן מיט אַזאַ, ביי וועמען ס׳שטאַרבן מענער), האָט מען דאָך געזוכט פאַרשיידענע וועגן און מיטלען צו פאַרלייכטערן איר גורל און מילדערן די מינהגים, ווען זיי האָבן פאַרשאַפט צרות און לייד דער ייִדישער פרוי.

מיר האָבן שוין אַ מאָל געבראַכט די מעשׂה, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט רבאן און רמי בר חמא. ווען דאָס קליינע מיידעלע, רב חסדאס טאָכטער, איז געזעסן אויפן פאָטערס שויס און מ׳האָט זיך געוויצלט מיט וועמען זי וועט חתונה

האָבן; האָט רבא זיך אָנגערופן „און איך דער לעצטער״ [23] — און אַזוי איז טאַקע געווען: זי האָט פריִער חתונה געהאַט מיט רמי בר חמא און נאָך יענעמס פּטירה, (טייל זאָגן: געגט), האָט זי חתונה געהאַט מיט רבאן און ביידע האָבן געלעבט גליקלעך. פאַר איר, האָט רבא געהאַט צוויי ווייבער, די צווייטע האָט ער געגט און מיט איר — דער דריטער — געלעבט אַ צופרידענעם לעבן, צופרידן פון איר יחוס, פון איר חכמה און זיך שטאַרק גערעכנט מיט איר מיינונג [24]. צען יאָר איז זי געווען אַן אלמנה; זי איז אויך געווען אַן עקרה; נאָך דער חתונה מיט רבאן, איז זי באַגליקט געוואָרן מיט קינדער.

וואָס שייך עגונה־פּראָבלעמען, האָבן רבנים אין אַלע דורות, נישט געקוקט אויף דער שטרענגקייט פון נישט דערלויבן אַן אשת־איש נאָך אַ מאָל חתונה צו האָבן (סיידן מ׳האָט די פולשטענדיקע באַווייזן, אַז זי איז מער נישט געבונדן), האָט מען דאָך געזוכט אַלע וועגן און מיטלען, מיט מסירת־נפש געזוכט אַ סמך, מתיר צו מאַכן אַן עגונה. ר׳ יחזקאל לאַנדאַ, דער באַרימטער פּוסק אין 18טן י״ה, באַרימט מיט זיין ספר „נודע ביהודה״, איז באַוווּסט אַלס שטרענגער, אַלס אַ מחמיר, אָבער ווען ס׳איז געקומען צו אַ היתר עגונה איז ער געווען אַ מילדער, ליבעראַלער פּוסק: „ונתתי אל לבי לחקור ולדרוש למצוא היתר לאשה זו (ס׳רעדט זיך וועגן אַן עגונה) אליבא דכולי עלמא, גם לדעת הרשב״א. כי מיראי הוראה אנכי להכניס ראשי בפלוגתא שנחלקו אָבות העולם״... [25]

רבנים פלעגן זיך באַנוצן מיט חריפות און בקיאות, ביז מ׳האָט געפונען אַ וועלכן נישט איז סמך, צו קענען באַפרייען אַ פרוי פון אירע עגונה־קייטן.

אין דער שאלה פון נודע ביהודה ווערט דערציילט, אַז ער האָט דורכגעפירט גביות עדות ביי אַ רוצח, וואָס האָט זיך מודה געווען, אַז ער האָט דערהרגעט אַ ייִד און אים געלייגט ביי אַ וואַסערל לעבן אַ כמעלניקער קרעטשמע... (עס איז נישט פון אַ קליינער אחריות צו דערלויבן אַ פרוי נאָך אַ מאָל חתונה האָבן, שטיצנדיק זיך אויף אַן עדות פון אַ מערדער...) ער פירט אויס: „כללא דמלתא אשה זו מרת גיטל... מותרת להתנסבא, אמנם בתנאי כפול שייסכימו עמי עוד שני גדולי הדור״.

דער קאָלעקטיווער אויסדרוק פון דער היינטיקער פרוי איז צו אָרגאַניזירן זיך און פאָדערן אַ בעסערע באַציִונג מצד דער מענער־געזעלשאַפט. צו דעם איז די פרוי געוויס באַרעכטיקט; בתנאי, ווען אירע פאַרלאַנגען זענען געבויט אויפן יסוד פון צדק און פרייהייט, אָבער בשום אופן נישט, ווען די פרייהייט איז גאָר אויסן הפקרות, ווי אַבאָרטן, ווען דאָס איז נישט נייטיק, אָדער באַנוץ מיט מעדיצינען נישט צו פאַרשוואַנגערן, ווען דאָס מיינט געבן דער יונגפרוי אַ מעגלעכקייט צו לעבן בזנות און נישט מורא האָבן פאַר רעזולטאַטן. אַזעלכע פרייהייטן פאַר דער פרוי האָבן די חז״ל נעגירט און באַקעמפט.

ס׳זענען געווען מאָמענטן, ווען יידישע פרויען האָבן זיך איבערגעגעבן צו הערשערס. אַזעלכע זאַכן האָבן פּאַסירט בעת סכּנה, ווען דאָס יידישע פאָלק איז געווען אויסגעשטעלט צו אַזעלכע גזירות ווי „להשמיד ולהרג״... צום טאָטאַלן אומקום. ווי ביי דעם קאַמף מיט סיסראַן, בעת יעל, די „אשת חבר הקני״, האָט אים איינגעשלעפערט אויף אייביק. זי האָט דערפאַר געקראָגן די ברכה — „מנשים באוהל תּבורך״ — וואָס ווערט אויסגעטייטשט, אַז די „נשים באהל״ זענען געמיינט געוואָרן די ד׳ אמהות: שׂרה, רבקה, רחל ולאה. (איידער זי האָט איינגעשלעפערט דעם גענעראַל, ווערט געזאָגט — „שבע בעילות בעל אותו רשע״ [26]).

די צווייטע וואָס האָט אויף אַן ענלעכן אופן געראַטעוועט איר פאָלק, איז געווען הדסה־אסתּר; איר אינטימקייט מיט אחשורושן איז באַטראַכט געוואָרן אַלס „קרקע עולם״, אָבער נישט קיין זנות־הפקרות; נישט קיין הנאָהדיק פאַרברענגען בלויז צוליב גשמיותדיקער הנאה [27].

די עצה צו האָבן גוטע קינדער, האָבן די חכמי התלמוד געלערנט, איז מעגלעך און האָט מער שאַנסן, ווען מ׳האָט חתונה מיט אַן „אשה הוגנת״, מיט אַ פיינער און ערלעכער פרוי — „ויקדש עצמו בשעת תּשמיש״, זיך האַלטן הייליק בעת אינטימקייט.

דער כּלל איז נישט שטענדיק געווען גילטיק. מיר ווייסן דאָך וואָס עס איז פאָרגעקומען ביי ר׳ חנניה בן תּרדיון, איינעם פון די עשׂרה הרוגי מלכות. זיין טאָכטער, די מלומדת ברוריה, די פרוי פון רבי מאיר, האָט זיך גענוג אָנגעליטן אין איר לעבן און לסוף געטאָן אַ ווילדע זאַך און ווי עס ווערט געזאָגט, איז זי אַראָפּ פון זינען און באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. זיין זון איז געווען איינער פון די לסטים־פאַרברעכערס; ווען ער האָט זיי אויסגעגעבן צו די שומרים, האָבן די פאַרברעכערס אים געכאַפּט, פאַרשטאָפּט זיין מויל מיט ערד און שמוץ און אונטער אַזעלכע אומשטאַנדן איז ער אויסגעגאַנגען [28].

די משנה דערציילט אונדז וועגן די בנות ישׂראל, וואָס פלעגן אַרויסגיין יום־כּיפּור זוכן חתנים, „ומה היו אומרות, בחור שׂא נא עיניך״... [29] דאָס איז געווען אַן אידילישער און גאָר שיינער אופן פון שליסן שדוכים. וועגן דעם זענען אָבער דאָ צוויי ווערסיעס: 1) די מיידלעך האָבן גערופן די בחורים „בחור מה אתה בורר״, 2) דאָס האָבן געזאָגט די אַרומיקע און די מיידלעך האָבן צניעותדיק געשוויגן... [30]. אָבער אויסגעלאַסנקייט, נאַקעטקייט, וואָס מיר זעען אין אונדזערע טעג, איז שטאַרק פאַראורטיילט געוואָרן.

מיר קאָנען זיך דאָ ברייטער נישט אָפּשטעלן אויף אַלע פּסוקים אין תּנ״ך און מאמרים אין תּלמוד וועגן פאַרהיטן פון סעקסועלער אוממאָראַלישקייט. ס׳איז דאָך אַ פאַקט, אַז דער חורבן איז געקומען נישט בלויז צוליב די זינד בעתן עצם חורבן־פּעריאָד, נאָר גאָר צוליב די זינד פון דער צייט ווען יהודה וישׂראל זענען

געווען אין בלי־פּראָצעס, צוליב די זינד פונעם קעניג, וואָס איז געבענטשט גע־וואָרן מיט אַ „לב חכם ונבון״. ער, שלמה המלך, דער קליגסטער קעניג, האָט צוליב זיין חתונה מיט דער בת־פּרעה געבראַכט אומגליק.

דערציילט אונדז די גמרא [31]: די „אנשי אלכסנדריא״ האָבן געשטעלט ר׳ יהושע בן חנניא צוועלף פראַגעס און איינע פון זיי איז געווען וועגן דער סתירה וואָס דער מחבר פון תהילים דריקט זיך אויס „כי בחר ד׳ בציון״ [32] — וואָרעם גאָט האָט אויסגעקליבן ציון פאַר זיין וווינונג, בעת דער נביא זאָגט: „כי על אפי ועל חמתי היתה העיר הזאת למן היום אשר בנו אותה עד היום הזה״ [33] — וואָרעם צו מיין פאַרדרוס און מיין צאָרן איז מיר געוואָרן די דאָזיקע שטאָט פון דעם טאָג וואָס מ׳האָט זי געבויט...

דער ענטפער איז: „כאן קודם שנשא שלמה את בת פרעה; כאן לאחר שנשא את בת פרעה״ — זיין נעמען צו זיך פרעהס טאָכטער און די אויסגעלאַסענע אָרגיעס, זענען געווען דער גורם צום חורבן פונעם בית־המקדש, וואָס איז געבויט געוואָרן דורכן קלוגן קעניג.

מ׳האָט פאַרבאָטן פרויען אָנטייל צו נעמען אין קריג צוליב דער מורא פאַר אויסגעלאַסנקייט. מ׳האָט דערלויבט אין יידישן קהל עמונישע און מואָבישע פרויען, ווייל ס׳איז נישט דער שטייגער פון דער פרוי כובש צו זיין: „איש דרכו לכבוש ואין אשה דרכה לכבוש״, און דאָס האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט צו דרשענען „עמוני ולא עמונית״. אַז בלויז די עמונישע און מואָבישע מענער האָט מען פאַר־באָטן צו קומען אין קהל ישראל [34]. אַ דאַנק דעם דרש איז פון דער גרטע, רות, די „מואביה״, אַרויסגעקומען מלכות בית דוד און פון אָט דעם זיווג שטאַמט דער מלך המשיח...

מיר ווילן פאַרענדיקן מיט נאָך עטלעכע ווערטער וועגן די בנות־צלפחד:

אַ זון האָט פאָרצוג אין ירושה צוליב דעם כלל: איש דרכו לכבוש... אָבער אין אומשטאַנדן און באַדינגונגען ווי ביי די בנות־צלפחד, קריגן טעכטער ירושה: „כן בנות צלפחד דוברות, נתן תתן להם אחוזת נחלה בתוך אחי אביהן״...[35] און דער דאָזיקער כלל איז חל אויף אייביק, ווייל דער מאָטיוו פון נישט אַוועקנעמען דעם זכות פונעם זון איז געווען, צוליב דער איינטיילונג פונעם לאַנד צווישן די שבטים. מ׳האָט געוואָלט באַוואָרנן ס׳זאָל נישט אַוועקגענומען ווערן קיין נחלה, קיין ירושה פון איין שבט און איבערגעבן ווערן צו אַן אַנדער שבט [36].

אין פאַל אָבער ווען ס׳איז נישטאָ קיין זון, ווערט די טאָכטער די יורשטע.

דער אָנזאָג — „ולא תסוב נחלה״ — מ׳זאָל נישט איבערגעבן אַ נחלה פון איין שבט צו אַן אַנדער שבט, איז בלויז געווען אין יענע יאָרן פון כיבוש, פון איינגעמען דאָס לאַנד, אָבער נישט לדורות [37].

דער זון איז דער בויער: „בן־בונה״, קומט אים לאַנד־ירושה; די טאָכטער האָט אָבער רעכט אויף ירושה, ווען ס׳פֿאַלט אַוועק דער דאָזיקער מאָטיוו און ווען ס׳האָט נישט צו טאָן מיט לאַנד.

ס׳איז אויך דאָ נאָך אַ מאָטיוו [38] פֿאַר וואָס אַ טאָכטער זאָל נישט נעמען קיין ירושה. דאָס האָט צו טאָן מיטן ציל, אַז דער שבט לוי זאָל נישט באַקומען קיין ירושה, ווי דער פסוק זאָגט: „ולא ינחלו נחלה״... [39] מ׳האָט געדאַרפֿט האָבן אַ באַוואָרעניש, אַז די טעכטערס ירושה זאָל נישט אַריבער צום שבט לוי דורך הייראַט. דער דאָזיקער טעם קאָן אָבער נישט אָנגיין פֿאַר אַלע צייטן, די צייטן, ווען ייִדן זענען נישט אין זייער לאַנד. אָבער וועגן דעם באַזונדער.

**ד. באַציִונג צו מאַן און ווייב. — שלום בית. — פרידן און גאַנצקייט. — שלעכט פאַרשטאַנען גע־וואָרן. — רבנים־פוסקים און פּאָעט פון דער תקופה. — נישט ריכטיקע אויס־טייטשונג.**

די פרוי איז געקומען, לויט „בראשית״, עטוואָס שפּעטער נאָכן מאַן. זי געפינט זיך אָבער צוזאַ־מען מיט אים אויפֿן פּלאַנעט, זינט דעם אָנהייב פון דער ציוויליזאַציע. זי איז באַלד פון באַגין געווען מער ווי אַן „אַרויסהעלפּערין״. זי האָט באַלד פון אָנהייב געהאַט אַ השפּעה אויפֿן מאַנצ־ביל, נישט געקוקט אויף זיין העגעמאָניע־איינ־רעדעניש. אַזוי גייט אָן דער פּראָצעס, זינט יענע אור־היסטאָרישע ביבלישע טעג. פּאַקטיש, האָט די פרוי נישט איין מאָל דערגרייכט מער ווי דער מאַן, און וואָס שייך מיט־באַטייליקונג, האָט זי אָנטייל גענומען אין אַלע פאַזן פון דער מענטשלעכער יצירה. וואָס שייך בנין און ישוב הארץ ומלואה, האָט די פרוי נישט איין מאָל באַוויזן מער אידעאַליזם און מער פּראַקטישקייט פון דעם מאַן: זי נעמט אַ פולן אָנטייל אין בנין און ישוב הארץ, אומעטום און אין אַלע לענדער.

דער פעמיניסטישער טייל פון דער געזעלשאַפט איז גאָרנישט געבליבן הינטערשטעליק לגבי דעם מאַן: אויב נאָר די פרוי האָט געהאַט דעם רצון, האָט געהאַט די פעיִקייטן, האָט זי אויך געהאַט די מעגלעכקייטן זיך צו דערהייבן צו די העכסטע שטאַפּלען אויף דער לייטער פון פּאָליטישער און גייסטיקער מאַכט. אין אונדזער עפּאָכע איז זי געווען — גאָלדע תּוכיח — נישט בלויז הויפּט פון דער רעגירונג, נאָר אויך ראש־המפלגה און געפירט דאָס לאַנד מיט מחשבה ובחוזק יד!

אין אַנדערע לענדער, האָבן מיר שוין אָנגעוויזן, ווי די הונדערטער מיליאָנען פון אינדיע זענען געפירט געוואָרן פון אַ פרוי — אַ שטרענגע פירערין — אינדיראַ גאַנדי; אין ציילאָן סיראַמאַוואָ באַנדאַראַנייקאַ.

ביי אונדז ייִדן, איז לגמרי נישטאָ קיין אָפּהאַלט פאַר אַ פרוי צו דערגרייכן פּאָליטיש, געזעלשאַפטלעך, אַקאַדעמיש צו די העכסטע הייכן.

אין דער כּנסת זענען די פרויען לויט דער צאָל אַ ביסל הינטערשטעליק: אין דער ערשטער כּנסת זענען געווען 11 פרויען פון די 120 כּנסת־מיטגלידער, אין דער זיבעטער בלויז אַכט (8). צי איז דאָס אַ באַווייז, אַז פרויען מישן זיך ווייניקער אין פּאָליטיק? מעגלעך.

אין דער אַרמיי, ווייזט אויס, איז שוין אויך דאָ פּראָפּאָרציאָנעל אַן אָנגעזעענע צאָל פרויען — אָבער קיין פרויען גענעראַלן האָבן מיר נאָך נישט... אין צוויי לענדער באַטייליקן זיך פרויען אָבליגאַטאָריש אין מיליטער־דינסט: אין כינע און ישׂראל; זיי צייכענען זיך אויס אין מיליטערישער איבונג און אויף אַלע געביטן פון סטראַטעגיע. מסתּמא וועלן מיר נאָך האָבן פרויען גענעראַלן. נישטאָ אין דער ייִדישער מדינה קיין דיסקרימינאַציע קעגן פרויען. אַוודאי נישט אין דער הלכה און אין דער רוחניותדיקייט פון תּורה מסיני.

אויב די פרוי איז באַגרענעצט געוואָרן צו געוויסע מצוות אויס יורידישע טעמים, איז עס געווען בעיקר צוליב אירע פונקציעס און איר ביאָלאָגישער קאָנסטרוקציע.

מיר האָבן אַ דין, אַז „נכסי צאן ברזל" — פאַרמעגנס וואָס די פרוי ברענגט אַריין אַלס נדן, האָט דער מאַן דאָס רעכט איבער זיי דעם גאַנצן לעבן. „נכסי מלוג", ירושה־פאַרמעגן, וואָס די פרוי ברענגט אַריין נאָך דער חתונה, האָט דער מאַן דאָס רעכט בלויז איבער די פּרוכט [1] וואָס דער פאַרמעגן טראָגט אַריין. אַזוי זענען פאַראַן כּל־מיני הלכות, אין שייכות מיט געלט־באַציִונגען צווישן מאַן און פרוי.

מיר האָבן שוין דערמאָנט און אויספירלעכער מסביר געווען, די התחייבות פונעם מאַן צו דער פרוי און דער פרויס התחייבות צום מאַן [2]. דער מאַן איז מחוייב צו שפּייזן און קליידן די פרוי, ווייל זי איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן הויז און פאַר דער קינדער־דערציִונג.

אויפן געבאָט „שארה כסותה ועונתה לא יגרע" [3], ווערט געטייטשט: „שארה — אלו מזונות". ר' אליעזר זאָגט: „עונתה — אלו מזונות" [4] און די גדולי הפּוסקים [5] האַלטן, אַז די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון שפּייזן און קליידן די פרוי איז פון דער תּורה: „מזונות האשה מדאורייתא".

פאַרשטייט זיך, אויב די פרוי האָט פעיִקייטן און פירט אָן מיט מסחר, מיט אונטערנעמונגען, שטערט מען איר נישט. מיט דורות צוריק האָבן זיך געפונען פרויען, וועלכע האָבן באַזאָרגט די פּרנסה און די מענער זענען געזעסן על התורה ועל העבודה. די פרויען זענען געווען צופרידן צו האָבן מענער תּלמידי חכמים.

די חז״ל האָבן זיך אָבער נישט איין מאָל אויסגעדריקט קעגן אַזאַ איינשטעלונג: „המצפה לשכר אשתו אינו רואה סימן ברכה״ [6].

פרויען זענען פטור, ווי שוין אַזוי פיל מאָל דערמאָנט, פון צייט־מצוות. זיי זענען אָבער מחוייב אויף דער מערהייט מצוות, וואָס געהערן צו אָט דער קלאַסיפיקאַציע:

זיי זענען מחוייב צו דאַווענען. „נשים חייבות בתפלה דרחמי נינהו״ [7]. אַזוי פסקנט דער רמב״ם, באַזירט אויף דעם זאָג אין תלמוד, אַז תפילה גייט אָן טאָג און נאַכט, ווייל תפילה איז בעטן רחמנות ביים באַשעפער און במילא גייט עס נישט אַריין אין דער קאַטעגאָריע פון „מצות עשה שהזמן גרמא״, ווי אַ צייט־מצווה; בקשה און רחמים גייען אָן אין אַלע צייטן, ביי טאָג און ביי נאַכט.

וועגן שבת־ליכט האָבן מיר שוין אַ סך געשריבן און איבערחזרן איז איבע־ריק: ס׳איז דער חוב פון דער פרוי צו מאַכן די ברכה „אשר קדשנו... להדליק נר של שבת״, ווייל דאָס איז אַ מצווה פון דער תורה. מ׳לערנט דאָס אַרויס (דאַכט זיך, אַז דאָס ווערט געבראַכט אין ספר־חסידים), פונעם פסוק „ויברך אלקים את יום השביעי...״ און די ברכה איז געווען ליכט. האָבן מיר שוין אַ שטאַרקערן טעם פאַר ליכט־בענטשן און נישט בלויז דעם אגדה־טעם — ווייל די פרוי האָט פאַרלאָשן די ליכט פון דער וועלט. אדרבה: די פרוי ברענגט אַריין דעם שבת מיט אַ ברכה אויף ליכט.

די פרוי איז מחוייב אין אַלע שבת־געבאָטן. מיר האָבן פריִער שוין דערמאָנט, אַז די פרוי איז מחוייב אויף „שביתת בהמה״, אַכטונג צו געבן, אַז די בהמה זאָל אויך רוען [8].

ר׳ צדוק הכהן מלובלין שרייבט:

„ואיברא כבר מפורסם בי מדרשא, ושמעתי בשם גדול אחד, גם ראיתי בדפוס באיזה ספר ראיה, דעשה דשביתת בהמתו נוהג בנשים מפרתו של ר׳ אליעזר בן עזריה בשבת... [9] של שכנתו היתה״ [10] — אַ חידוש וואָס ער ברענגט נישט, אַז רעק״א האָט עס שוין אָנגעמערקט אין זיינע הגהות.

פרויען, וואָס ווילן זיך הילן אין אַ טלית, האָבן רעכט דאָס צו טאָן. ס׳איז בלויז אַ פראַגע וועגן דער ברכה: לויט אייניקע פוסקים מעגן זיי מאַכן אַ ברכה און ס׳וועט נישט זיין קיין ברכה לבטלה, און לויט אַנדערע — זאָלן זיי אָנטאָן אַ טלית אָן אַ ברכה [11].

וואָס שייך צוטרוי צו דער פרוי, איז דאָך קלאָר אין הלכה, אַז מען פאַרלאָזט זיך אויף דער פרוי אין אַלע איסורים; בלויז וועגן שחיטה איז דאָ אַ דעה, אַז פרויען זאָלן נישט זיין קיין שוחטות — און דאָס, נישט צוליבן טעם פון נאַכלע־סיקייט, פון נישט זיין געהיט אין די הלכות שחיטה, נאָר גאָר צוליב דער מורא פון בדיקת סכין [12].

אויב מ׳האָט ווו נישט איז אָפּגעהאַלטן פרויען פון באַטייליקונג, איז עס געווען נישט צוליב אומצוטרוי, אָדער צוליב דיסקרימינאַציע; דער מאָטיוו איז געווען — אָפּהאַלטן און צוריקהאַלטן רייץ און תאווה, וואָס איז אַזוי נאַטירלעך פאַר דער מענטשלעכער נאַטור.

די פרוי האָט געמעגט אויפגערופן ווערן צו דער תורה אין אַלטערטום (די משנה גיט איר די דאָזיקע רעכט), אין דער תקופה פון ווייבלעכער צניעותדיקייט, אָבער נישט אין די צייטן, ווען יידן האָבן זיך געפונען אין גלות אונטער דער גלותדיקער השפּעה (אויב אַפילו נישט רעליגיעז־נאַציאָנאַל), באַאײַנפלוסט פון דער נישט־יידישער הלבשה, אונטער די נייע באַדינגונגען איז עס געוואָרן פאַרבאָטן [13]. וואָס שייך אויסגעמישטקייט, האָבן מיר שוין געזען, אַז, נאָך בזמן הבית, איז איינגעפירט געוואָרן די מחיצה ביי דער פייערלעכקייט פון שמחת בית השואבה.

ווער נאָר ס׳האָט מיקל געווען אין די דאָזיקע ענינים, ווייזן אָן אונדזערע מאָראַליסטן, האָט ער געמעגט זיין פון די גרעסטע אין זיין דור, איז ער נענש געוואָרן. ס׳ווערן אָנגעגעבן פאַקטן וועגן אָט דער זריזות און זהירות, און אַז דער יחוד־פאַרבאָט איז געקומען אַלס רעזולטאַט פון אָט דער פאַרהיטונג.

רבי מאיר, ווערט איבערגעגעבן, האָט זיך אויסגעדריקט: „הזהרו בי מפּני בתי״ [14], כאָטש יחוד מיט אַ טאָכטער איז דערלויבט, האָט ער געוואָלט אויסמיידן וועלכן נישט איז חשד.

ר׳ צדוק הכהן מלובלין [15] קאָמענטירט, אַז דאָס איז געקומען נאָך זיין דורכפאַל מיט זיין תלמידס נסיון: „ונראה דזה הי׳ אחר מעשה הנ״ל, דמקודם הי׳ מתלוצץ בעוברי עבירה״. דאָס זעלביקע האָט פּאַסירט מיטן תלמיד, וואָס האָט געפּראַוועט ליצנות וועגן זיין רבין ר׳ טרפון, ביז ער איז אַריינגעפאַלן אין תאווה־נעץ: „לא היו ימים מועטים עד שנכשל אותו תלמיד בחמותו״.

אין אַלגעמיין, האָבן די חז״ל געהאַט צוטרוי צו דער פרוי, געזוכט איר צו העלפן, זי פאַרטיידיקן, פאַרלייכטערן איר לעבן, ווען זיי זענען געווען איבערצייגט, אַז ס׳וועט נישט אַרויסקומען קיין מכשול און ס׳וועט נישט זיין קיין חשד פון פאַרראַט.

צוליבן טעם פון חשד, איז פאַרבאָטן געוואָרן אַז דער שליח, וואָס ברענגט אַ גט פאַר אַ פרוי, זאָל מעגן חתונה האָבן מיט דער גרושה, ווייל מענטשן וועלן טראַכטן, אַז זי האָט זיך שוין געליבט מיט אים, איידער זי איז געגט געוואָרן פון איר מאַן [16].

בלעטערן מיר אין די ספרי הפּוסקים, האָבן מיר אומצייליקע פאַקטן צו באַשטעטיקן די דאָזיקע טעזע.

בעתן רוסיש־יאפּאנישן קריג זעען מיר פון אַ תשובה פון לאָמזשער רב, ר׳ מלכיאל צבי טענענבוים[17], ווי ער האָט זיך באַמיט צו ראַטעווען יונגע פרויען פון עגונהשאַפט דורך צוגרייטן גטין, בחפזונדיק, און אַנגענומען, ווי ווייט מעגלעך, די פאַרלייכטערונג פון „כּתבו גט לאשתי״, ווי עס איז געטאָן געוואָרן אין דער צייט פון דוד המלך: „כּל היוצא בצבא גט כּריתות כּותב לאשתו״... הרב הערצאָג, ווערט איבערגעגעבן[18], האָט זיך אויך באַנוצט מיטן פסק פון לאָמזשער רב.

מיר ווענדן זיך אומקערן צום אוראַלטן גאַנג און צום אוראַלטן פּאַטער פונעם יִידישן פאָלק.

אברהם אָבינו — ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט — איז אַנגעזאָגט געוואָרן, אויסצופאָלגן און זיך צוהערן צו אַלץ וואָס שׂרה וועט אים זאָגן[19].

יִידישע מענער אין אַלע דורות, זענען אָנגעזאָגט געוואָרן צו באַהאַנדלען זייערע ווייבער מיט כּבוד און חשיבות. צוליב אירע אייגנשאַפטן, איז די פרוי געוואָרן דער קנין און די קדושה פונעם מאַן. דעריבער איז דאָס ביבלישע געזעץ: ער זאָל שרייבן דעם גט און געבן צו איר[20]. זינט ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן אַז אַ סופר זאָל שרייבן דעם גט, ווערט ער אויך באַשטימט אַלס דעם מאַנס שליח. רבנים־פּוסקים האָבן געזוכט מיטלען צוריקצוהאַלטן פון גטן, נישט צו דערלאָזן צו אַ גט־עפּידעמיע, אַזוי ווי זי הערשט אין אונדזער היינטיקער געזעלשאַפט.

דאָ ווענדן מיר זיך אָפּשטעלן אויף דעם השׂכּלה־פּאָעט יהודה לייב גאָרדאָן (געב. ווילנע, דעם 7טן דעצעמבער 1830; נפטר געוואָרן אין פּעטערבורג, דעם 16טן סעפּטעמבער 1892), וועלכער האָט זיך זייער איינגעשטעלט פאַר דער יִידישער פרוי און באַקלאָגט איר גורל אין זיין באַרימטער פּאָעמע „קוצו של יוד״[21].

דער מאָטאָ פון אָט דעם גרויסן דיכטער פון דער נייער העברעיִשער פּאָעזיע איז געווען: „היה אדם בצאתך ויהודי באוהליך״ — זיי אַ מענטש אין גאַס און אַ יִיד אין שטוב; ער איז געווען אַ פּאַטאַליסט און האָט זיך געשטעלט די פראַגע: „למי אני עמל״ — פאַר וועמען איז מיין מי? אָט דער „קעמפער פּאָעט״, ווי י. י. שוואַרץ כאַראַקטעריזירט דעם לייב פון דער השׂכּלה־תּקופה, האָט געשילדערט, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, אין דער דאָזיקער פּאָעמע דעם שאַוולער רב ר׳ יוסף זכרי׳ שטערן (בעל „זכר יהוסף״), אַלס פּראָטאָטיפּ פון „ופסי הכּוזרי״, אַלס רשע, וואָס פּסלט אַ גט צוליב אַ יוד חסרה אין וואָרט הילל און מאַכט אַ יִידישע טאָכטער פאַר אַן אייביקע עגונה.

ווי מיר ווייסן, האָבן רבנים־מומחים בטיב גיטין, געזוכט אַלע וועגן מתּיר צו מאַכן אַן עגונה און פאַרלייכטערן איר לעבן.

אַזוינס, ווי יל״ג שילדערט, האָט נישט געקענט פּאַסירן סתּם צוליב דעם, וואָס דער רב האָט געוואָלט מחמיר זיין. ער מאָלט אַ שוואַרץ בילד פון אַ רב, בעת מיר ווייסן דאָס פאַרקערטע. מיר ווענדן דאָ, אַלס מוסטער, ברענגען נאָך איינציקע

פאַקטן צו ווייזן, ווי ליבעראַל רבנים זענען געווען אין די דאָזיקע פאַמיליאַרע ענינים.

וויפל האַרץ, געפיל, וויפל רחמנות און צערטלעכקייט דער דאָזיקער יל״ג גיט אָפּ דער יידישער פרוי און דעם יידישן קינד [22], איז טאַקע צו אָנערקענען און מיטצופילן. אָבער דאָס באַשולדיקן רבנים צוליב זיין אַנטיפּאַטיע צו אָפּגעהיטקייט אין משפחה־פּראָבלעמען — דאָס קענען מיר בשום־אופן נישט אָננעמען. פאַקטן באַווייזן דאָס פאַרקערטע.

מיר ווילן ברענגען אייניקע פאַקטן:

מיר האָבן פריער דערמאָנט ווי אַזוי דער לובלינער רב ר׳ שניאור זלמן האָט זיך פאַרנומען מיט עגונה־פּראָבלעמען. מיר האָבן דערמאָנט דעם סימן י׳; פריער, אין סימן ו׳, האָבן מיר אַן ענלעכן ענין און צענדליקער שו״ת אין חלק אבן העזר [23] — אָבער מיר ווילן זיך נישט פאַרנעמען מיט הלכה [24].

ווען מען גיט בלויז אַן אַריינבליק אין וועלכן נישט איז הלכה־ספר, זעט מען, ווי רבנים האָבן זיך באַמיט צו געפינען אַן אָנהאַלט מתיר צו מאַכן אַן עגונה [25].

גיט מען אַ מיש אויף די תשובות רדב״ז, זעט מען ווי דער דאָזיקער ספרדי־שער רב האָט זיך געסטאַרעט לטובת דער פרוי [26]:

אויב אַ מאַן איז זיך נוהג צו שלאָגן זיין פרוי, זי צו פאַרשעמען, לייגט מען אים אַריין אין חרם, ביז ער הערט אויף אָנצוגיין מיט זיין מיאוסער טבע. זיין באַהאַנדלען די פּראָבלעם „פלגשים״ אין אונדזערע טעג. ווען די „בני הדור״ זענען „פורצים״, איז איינס פון די אינטערעסאַנטסטע תשובות. אַן אלמנה איז געווען אַ משרתת ביי ראובנען און ער האָט זי צוגערעדט — „ובא עליה והביאה ממנו בן״ — געהאַט מיט איר אינטימע באַציִונגען און זי האָט געהאַט פון אים אַ זון. דער ראובן איז פּלוצלינג געשטאָרבן און איבערגעלאָזט אויך אַ טאָכטער פון זיין לעגאַל־פאַרהייראַטער פרוי. איז אויסגעבראָכן אַ מחלוקת צווישן די צדדים. דער רדב״ז האָט געפסקנט, אַז דער זון איז דער ריכטיקער יורש לויט דער תורה, און דער טאָכטער צוגעפסקנט עישור נכסים, ווי דער מינהג ביי יידן [27].

דער רדב״ז באַווייזט אין אַ צאָל תשובות, אַז ווען אַ מאַן האָט חתונה און שווערט, אַז ער וועט נישט חתונה האָבן מיט נאָך איינער (וואָס ביי די ספרדים איז דאָס דערלויבט) און האָט צען יאָר נישט געהאַט מיט זיין פרוי קיין קינדער; אָדער ווען זי איז אַ מורדת און וויל נישט ווױנען מיט אים, וויל נישט לעבן מיט אים ווי מאַן־ווייב, איז זיין שבועה בטל. ער איז מתיר דעם מאַן צו נעמען אַ צווייטע פרוי, לעבן מיט איר נאָרמאַל, בכדי צו האָבן קינדער, מקיים זיין די מצווה פון פריה ורביה.

פון די אינטערעסאַנטסטע און מערקווירדיקסטע שאלות און תשובות, אין ווועלכע מ׳זעט די גדלות פון אַ פוסק, איז די שאלה (סימן תתע״ג־תל״א) וועגן

איינעם (ער גיט נישט אָן זיין נאָמען, אַ ראובן) וואָס איז געוואָרן אַ חתן פון שמעונס טאָכטער און איז צו אים כסדר אַריינגעקומען, ביז מ׳האָט אָנגעהויבן צו רעדן, אַז ער לעבט אין זנות מיט שמעונס ווייב, די מוטער פון דער כלה. שמעון האָט צוליב דעם געגט זיין פרוי און ראובן האָט געוואָלט אָפּלאָזן דעם שידוך און בעסער חתונה האָבן מיט דער מוטער, דער גרושה.

די שטאָט־רבנים האָבן אים אַזאַ דערלויבעניש נישט געוואָלט געבן, ווייל ס׳איז קעגן דער הלכה [28]. האָט דער מאַן חתונה געהאַט אין געריכט — אַ ציווילע חתונה [29].

דער רדב״ז איז דאָ געווען זייער שטרענג. ער פאָלגט נאָך די שיטה פונעם רשב״א און אַנדערע גדולים און זאָגט אָן — מ׳זאָל זיך באַציִען צום דאָזיקן עבריין מיט די שטרענגסטע מיטלען, נישט דערלויבן אים צו וווינען מיט דער דאָזיקער פרוי. מ׳זאָל מקיים זיין דעם „הלעיטהו לרשע וימות״.

אַן אַנדער שאלה [30], וועגן אַ מיידל, אַ פנויה, אַן אומפאַרהייראַטע, מיטן נאָמען לאה, וועלכע האָט זיך אַריינגעלאָזט אין שכרות, האָט מזנה געווען אויף אַ הפקר־דיקן אופן און געהאַט אַ זון. זי טענהט: דער זון איז פון שמעונען — אָבער שמעון לייקנט.

דער רדב״ז האָט זיך דאָ אַריינגעלאָזט אין אַ פאַרפּלאָנטערטן עסק, געזוכט כל־מיני אַנאַלאָגיעס, באַשטימט אַז דער זון איז שמעונס. אַזוי גייט ער אָן מיט פאַרשיידענע פאַרפּלאָנטערטע שאלות וועגן מענער וואָס האָבן פאַרלאָזט זייערע ווייבער און ווילן זיי צוריק. און נאָך און נאָך פאַמיליע־פּראָבלעמען, וועלכע ער לייזט לויט דער הלכה.

מיט אַ דור צוריק האָט אַ פּוסק ביים אַשכנזישן ייִדנטום, מיט אַן ענלעכן נאָמען, דער רידב״ז (תר״ה־1845; נפטר בצפת, ר״ה, תרע״ד־1913) זיך פאַרנו־מען מיטן לייזן דאָס פּראָבלעם פון ציווילע חתונות. דאָס דאָזיקע פּראָבלעם איז נאָך אַלץ נישט אַראָפּ פונעם שולחן־מלכים — פונעם קעניגלעך־רבנישן טיש.

נישט איין מאָל זענען אַנטשטאַנען מחלוקתן צוליב עגונה־ און אישות־פּראָבלעמען.

אין יאָר תק״ץ (1830) האָט ר׳ שלמה קלוגער (מהרש״ק, תקמ״ג־תרכ״ט; 1869־1783) פאַרפירט אַ מחלוקת מיטן סטריִער רב וועגן אַ גט, וואָס ער האָט מתיר געווען לטובת אַן עגונה. וויסנדיק, אַז ער איז גערעכט, האָט ער זיך גע־ווענדט צו די גדולי הדור מיט דער שאלה; און ווען ער האָט געקראָגן זייער הסכמה, האָט ער דאָס פאַרעפנטלעכט אין אַ ספר מיטן נאָמען „שבעה עינים״, אין וועלכן ער גיט די מיינונגען פון די זיבן גדולי הדור, צווישן זיי: ר׳ עקיבא איגר; זיין איידעם, ר׳ משה סופר (חתם סופר); ר׳ יעקב לאָרבערבוים, ליסער רב און מחבר פון „חוות דעת״ און אַנדערע ספרים; ר׳ יעקב אָרנשטיין, לעמבערגער

רב און מחבר פון „ישועות יעקב" און פון זיין זון, ר' חיים צאַנזער, בעל „דברי חיים" און אַנדערע און זיך איינגעשטעלט פאַר דער עגונה — אָבער וועגן דעם באַזונדער.

אַ מערקווירדיקע שאלה האָב איך לעצטנס געזען אין „אמרי דוד" [31] פון ר' דוד הלוי איש הורוויץ, אב"ד סטאַניסלאַוו:

אַ פרוי האָט געטענהט, אַז דער מאַן האָט נישט קיין „גבורת אנשים", דעריבער מוזן זיי זיך שיידן. און אַ גט איז טאַקע דורכגעפירט געוואָרן. נאָכן גטן זיך, איז ער געשלאָפן מיט איר אין איין צימער און ס'איז געווען אַ שאלה, צי זי דאַרף האָבן נאָך אַ גט, לויטן דין „המגרש אשתו ראשנה ולנה עמו בפונדקי..." [32] ר' דוד האָט, נאָך אַ טיפערן אַנאַליז פונעם דאָזיקן דין און אַ גרינטלעכער שטודיע וועגן זייער צוזאַמענלעבן, באַשלאָסן להיתר. צוליב אַ צאָל טעמים, דער עיקר: „אֵין לו גבורת אנשים", וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן.

וואָס אַ רב האָט אַלץ נישט געשטעלט אויף זיך בכדי צו באַפרייען אַ פרוי פון עגונהשאַפט!

וועגן דעם גט וואָס האָט אויפגעשטורעמט די רבנישע וועלט, דעם גט פון קליוואַ, האָב איך שוין געשריבן אויספירלעכער [33]: אַ גט, אין וועלכן ס'זענען געווען פאַרמישט די גדולי הפוסקים, דער „חכם צבי" (הגאון ר' צבי אשכנזי, הת"ר-תע"ח; 1660-1817); ר' ישראל ליפשיץ דער קליווער רב, זיידע פונעם מחבר פון „תפארת ישראל" ר' ישראל ליפשיץ (התקל"ב-תרכ"א; 1825-1782); דער „נודע ביהודה" (הגאון ר' יחזקאל לאַנדאַ, פּראָגער רב (תע"ד-תקנ"ג; 1793-1713); ר' רפאל האַמבורגער (בעל „תורת יקותיאל", נפטר התקס"ד) — אַ גט מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק, וואָס האָט אויפגעשטורעמט אַ צאָל קהילות אין אייראָפּע, באַזונדערס אין דייטשלאַנד. יצחק (איציק) נייבורג פון מאַנהיים, דייטשלאַנד, האָט חתונה געהאַט מיט לאה גוצנהויז פון באָן (דאָן גערופן בונאַ) דעם 8טן טאָג אין חודש אלול, תקכ"ו. חתן-כלה האָבן זיך געשיקט מתנות, ווי דער שטייגער איז עד היום.

חתן-כלה זענען זיך צוזאַמענגעקומען מיט די מחותנים, צווישן וועלכע ס'האָט זיך אויך געפונען אַ קרוב, מיטן נאָמען ר' שמעון קאָפּענהאַגן און מ'האָט זיך געגרייט צו דער גרויסער „האָכצייט" אין מאַנהיים.

דעם שבת פאַר דער חתונה, האָט מען געפירט דעם חתן אין שול, געפּראַוועט דעם אויפרוף — אָבער ביי נאַכט נאָך הבדלה, האָט דער כלהס פאָטער און אויך דער קרוב ר' שמעון, עפּעס באַמערקט אַז דער חתן איז פאַרטרויערט. אויף זייער פראַגע, וואָס עס טוט אים וויי... האָט ער געענטפערט, אַז ער איז באַזאָרגט וועגן אַ ווייַנונג, וואָס דער פאָטער האָט אַוועקגעגעבן דעם איידעם, זיין שוואָגער.

הכלל, די מחותנים האָבן זיך דורכגערעדט און דעם חתנס פאָטער, ר׳ אליעזר נייבורג, האָט פאַרזיכערט, אַז אין עטלעכע טעג וועט די וווינונג זיין פריי פאַר דעם יונגן פאָרל. מיטוואָך, ח׳ אלול, צו דער באַשטימטער צייט, מיט דער פולער פּראַכט, איז די חתונה דורכגעפירט געוואָרן. דער חתן האָט געהאַלטן זיין דרשה; דער עולם האָט געזונגען און געטאַנצט און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די שבע ברכות מיט „פנים חדשות״... שבת נאָך דער חתונה, וואָס דער מינהג איז געווען צו פירן דעם חתן, האָט זיך דער חתן נישט באַוויזן... „והילד איננו״.

די נייס האָט זיך באַלד פאַרשפּרייט איבער דער שטאָט און ס׳האָט זיך געטאָן אויף טיש און אויף בענק. די כלה האָט זיך פאַרשלאָסן... די מחותנים האָבן גע־צאַרנט, און צו מאַכן דאָס בקיצור:

מ׳האָט דעם חתן געפונען — אָבער נישט אין זיין שטאָט מאַנהיים, נאָר אין אַ דאָרף פאַרנהיים, און אין אַ מוראדיקן מצב: ליגנדיק אין בעט, אין אַ מעלאַנ־כאָלישן צושטאַנד, פאַרעקשנט און נישט וועלנדיק רעדן...

נאָך די געבעטן פון זיינע עלטערן, האָט ער איינגעשטימט אַהיימצופאָרן צו זיין משפחה — אָבער גערעדט מאָדנע רייד. אַלע זענען געווען זיכער, אַז ער איז אַראָפּ פון זינען, משוגע רחמנא ליצלן!

נאָך דעם האָבן דער כלהס עלטערן אויסגעפירט, די יונגע פאָר זאָל אַוועק אין אַן אַנדער שטאָט, קיין באָן, ווי מען זאָגט: „משנה מקום — משנה מזל״... און אַלץ איז שוין געגאַנגען כשורה; אָבער דער חתן האָט געוואָלט זיין אין אַ חדר מיוחד מיט ר׳ שמעון קאָפּענהאַגן און דאָרט האָט ער אים איבערגעגעבן: די כלה געפעלט אים נישט; ער וויל אַ גט; ער האָט געסטראַשעט, אַז אויב מען וועט אים נישט נאָכגעבן, וועט ער אַנטלויפן און דאָס ווייב וועט בלייבן אַן עגונה.

זיי האָבן זיך געשעמט באַלד צו מאַכן אַ גט אין זייער שטאָט נאָכן פראַווען די חתונה; האָבן זיי באַשלאָסן אַריבערצוגיין די גרענעץ קיין קליוואַ אין האָלאַנד, ווו ר׳ ישראל ליפשיץ (דער זיידע פון בעל „תפארת ישראל״) איז געווען רב און דאָרט דורכפירן דעם גט. (מ׳האָט דעם רב נישט דערציילט וועגן דער משוגענער אויפפירונג פונעם חתן). נאָך דעם ווי ער האָט זיך דורכגעשמועסט מיטן חתן האָט דער רב מסכים געווען צוצוגרייטן דעם גט — צוויי וואָכן נאָך זייער חתונה. דער חתן איז נאָך דעם אַוועק קיין לאָנדאָן.

ווען די עלטערן פונעם חתן האָבן מיט וואָכן שפּעטער אויסגעפונען וואָס דאָ האָט פּאַסירט, האָבן זיי באַשולדיקט, אַז די עלטערן פון דער כלה האָבן דאָס געמאַכט און אויסגענאַרט אַ גט פון זייער זון.

אליעזר נייבערג, דער פאָטער פון איציק דעם מגרש, האָט זיך געווענדט צום אָרטיקן רב ר׳ טעבל העס, פון מאַנהיים, און דער לעצטער האָט צוזאַמענ־גערופן זיינע דיינים און נאָך אַ לאַנגער חקירה ודרישה באַשטימט, אַז דער חתן

איז נישט געווען ביים קלאָרן געדאַנק, אַז ער האָט נישט געקענט געבן אַ גט, און אַז די פרוי איז נאָך אַן אשת־איש און אַז זי טאָר נישט חתונה האָבן.

דער מאַנהיימער רב האָט לאַנג נישט געוואַרט, באַלד געשריבן קיין פראַנקפורט צו ר׳ אבישל פראַנקפורטער, דעם מחבר פון „ברכת אברהם״ און די פראַנקפורטער רבנים מיט ר׳ אברהם אבוש בראש, האָבן איינגעשטימט צום פסק פון מאַנהיימער רב. זיי האָבן געפּסלט דעם גט מיט דער „גזירה דרבנן בצירוף קודשא בריך הוא ושכינתיה שלא לסמוך על גט פטורין הנ״ל״.

דער קליווער רב, ר׳ ישראל ליפשיץ, האָט אָבער נישט געשוויגן און זיינע קרובים, ר׳ שאול, הויפּט־רב פון אַמסטערדאַם און ר׳ זלמן יעבץ, זון פון יעקב עמדין און נאָך גדולי ישראל האָבן געפּסקנט, אַז דער גט איז כשר — און ס׳זענען געלאָפן בריוו און שאלות ותשובות צו אַלע רבנים־פּוסקים [34].

אין דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער מחלוקת וועגן „גט מקלובה״, ווערט איבערגעגעבן, אַז אויך ר׳ משה חעלמא, דער בעל „מרכבת המשנה״, פון די גדולי פוילן (געבוירן אין זאַמאָשטש) האָט גענומען אַנטייל און, אויף זיין איניציאַטיוו, איז דער ענין געבראַכט געוואָרן אויף אַ זיצונג פון וועד ארבע ארצות אין בראָד (י׳ טבת, תקכ״ח). דער וועד האָט זיך שוין אָפיציעל געהאַט אויפגעלייזט אין יאָר תקכ״ה, אָבער רבנים פלעגן זיך נאָך צוזאַמענקומען און באַהאַנדלען הלכה־פּראָבלעמען.

צען רבנים האָבן זיך דאַן פאַרזאַמלט אין בראָד, צווישן זיי: ר׳ ארי׳ לייב (מחבר פון „שאגת אריה״), ר׳ יחזקאל לאַנדאַ (בעל „נודע ביהודה״), ר׳ שלמה חעלמא און אַנדערע. זייער באַשלוס איז געווען „שהגט כשר והאשה מותרת להתחתן״...

דער פסק איז אָפּגעשיקט געוואָרן צו די רבנים פון פראַנקפורט און די לעצטע, אַנשטאָט צו ענטפערן אויפן בראָדער פסק, זענען שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן די רבנים פון פוילן און האָבן פאַרברענט דעם דאָזיקן פסק־דין. זיי האָבן דערקלערט דעם גט פאַר נישט־כשר און אַז די פרוי טאָר נישט חתונה האָבן [35].

אַ פאָרשער פון יענעם רבנישן קאָנפליקט, שרייבט:

„היסטוריונים שרשמו מחלוקת גט מקליווא, כתבו ששום מקרה לא הסעיר את הרוחות ולא הרעיש את עולם היהודי, אף לא מחלוקת עמדין איבעשיץ, כמו גט מקליווא״.

דאָס ווייזט אויף דעם גרויסן אינטערעס פון רבנים אין די אישות־פּראָבלעמען.

אַ מחלוקת איז אויך אַנטשטאַנען וועגן אַ גט, וואָס איז מסודר געוואָרן ביי די דיינים פון ר׳ יוסף תאומים (בעל „פרי מגדים״), דעם פּוסק הדור. אייניקע רבנים האָבן געוואָלט פּסלען דעם גט און ר׳ יוסף האָט זיך גאָרנישט אָפּגעשראָקן און געפּסקנט, אַז דער גט איז כשר, אַז די פרוי מעג חתונה האָבן. ער שרייבט: „והנה

הרבה חששו חז״ל לתקונת עגונות והפקיעו הקידושין, ע״כ יש לסמוך על הרב המסדר...״

ביי ענינים פון גטין און קדושין, האָבן זיך רבנישע אויטאָריטעטן תמיד גערעכנט מיט די ליידן פון דער פרוי, געוואָלט פאַרלייכטערן איר לעבן. ווען זיי האָבן איינגעזען, אַז דער מאַן באַציט זיך נישט יושרדיק, האָבן זיי אָנגענומען די שטרענגסטע מיטלען קעגן אים, צו פאַרלייכטערן דער פרויס לעבן. ווען אָבער די פרוי האָט אַרויסגעוויזן עקשנות, אָנגעטאָן דעם מאַן צרות, פאַרראַטן, אָדער סתם געמאַכט אוממעגלעך צו לעבן מיט איר, האָבן זיי זיך איינגעשטעלט פאַרן מאַן. דער ציל איז געווען שלום־בית, וואָס מיינט אַ גאַנץ, האַרמאָניש פאַמיליע־לעבן, און וועגן דעם ווייטער.

**ה. זכות צו געפינען אַ גוטע פרוי. — סופערלאַטיווע אויסדרוקן. — גוף־ריינקייט און נשמה-ריינקייט. — באַגרענעצן דאָס צוזאַמענלעבן, ווען אַפילו ס'איז דערלויבט אינטימקייט.**

מיר האָבן שוין פריִער איבערגעגעבן, ווי ווייט די חז״ל האָבן געהאַלטן פון אַ גוטער פרוי, און זייער דערקלערונג: „אויף דעם דאַרף יעדער פרומער מענטש מתפלל זיין, צו געפינען דאָס זעלטענע געפינס און צו געניסן פון אַ גליקלעך לעבן״.

אויף דעם פסוק „על זאת יתפלל כל חסיד אליך לעת מצוא״ [1], וואָס אין פשוטער איבערזעצונג און טייטש [2], זאָגט דער מחבר פון תהלים: דערויף זאָל איטלעכער פרומער בעטן אויף דער צייט ווען מ׳קען דיך געפינען... די חז״ל האָבן זיך דערמיט נישט צופרידן געשטעלט, ווייל וואָס באַטייט עס — „אין דער צייט ווען מ׳קען דיך געפינען״? בעת דעם רבונו־של־עולם קאָן מען אין אַלע צייטן און אויף אַלע ערטער געפינען...

האָט רבי חנינא געלערנט: „לעת מצוא — זו אשה!״ [3] מ׳דאַרף מתפלל זיין אויף דער צייט, ווען מען דאַרף געפינען אַ פרוי, מ׳זאָל געפינען אַ גוטע פרוי, אַ פאַסיקע פרוי, ווי דער פסוק זאָגט, „מצא אשה מצא טוב״ — דער וואָס האָט געפונען אַ ווייב, האָט געפונען גוטס. אין קעגנזאַץ צו אַן אַנדער פסוק אין קהלת: „ומוצא אני מר ממות את האשה אשר היא מצודים וחרמים לבה״... — און איך געפין, אַז ביטערער פון טויט איז די פרוי, וואָס איר האַרץ איז פאַסטקעס און נעצן״... [5] לויט דער גמרא [6], איז אַזאַ פרוי נאָך ערגער ווי דער טויט, „קשה ממותא״.

קהלת וואָרנט: „אשר עוד בקשה נפשי ולא מצאתי, אדם אחד מאלף מצאתי ואשה בכל אלה לא מצאתי" — וואָס מיין זעל זוכט נאָכאַנאַנד, און איך געפין נישט; איין מאַן צווישן טויזנט האָב איך געפונען, אָבער אַ פרוי צווישן די אַלע האָב איך נישט געפונען... [7]

דער קהלת־אורטייל איז אוודאי באַזירט אויף זיינע אייגענע שלעכטע דער־פאַרונגען און איז אפשר אַ צו שטרענגער, סוביעקטיווער אורטייל. ס'איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז מען קען געפינען אַ גוטע, ערלעכע פרוי, ווען מען זוכט אין דער צייט און מ'האָט דערביי די הילף פון גאָט, וואָס האָט צוגעגרייט פאַר אָדמען דעם „עזר כנגדו" [8].

די צופרידנקייט האָט שלמה המלך־קהלת אפשר נישט געפונען. די בת פרעה, וואָס האָט אים געדאַרפט געבן די געגאַרטע פרייד האָט, ווייזט אויס, אים נישט באַפרידיקט. ווי עס ווערט געזאָגט, האָט שלמה געוואַרט און נישט געוואָגט צו נעמען פרעהס טאָכטער, כל־זמן זיין רבי, שמעי בן גרא, האָט געלעבט [9]. ערשט נאָכן טויט פון זיין רבין [10], האָט ער עס געוואָגט, מיטן ציל צו געפינען אין איר דאָס געהעריקע גליק און פרייד — אָבער געבראַכט האָט זי, ווי שוין דערמאָנט, אומגליק און חורבן.

דאָס גליק אין פאַרהייראַטן לעבן, האָבן די חז"ל געזען נישט בלויז אין דרישה, אין דער אינטימקייט פון דער פרוי, נאָר אויך אין פרישה, אין קענען זיך קאָנטראָלירן און אָפּהאַלטן פון גלוסטונגען, שוין אָפּגערעדט פון גלוסטיקע בליקן אויף פרעמדע ווייבער אין אַ פאַרשייטער, כּמעט נאַקעטער הלבשה. דעריבער האָבן זיי געלערנט ווי אַזוי זיך צו קליידן און זיך באַנעמען צניעותדיק; ווי אַזוי צוצוטיילן כּבוד זיין פרוי און שטילן זיין תאווה.

מיר האָבן אויף אַן אַנדער אָרט [11] אָנגעוויזן, אַז כּבוד און מורא פאַר עלטערן איז חל סיי אויפן מאַן, סיי אויף דער פרוי [12]. אַן אשה צנועה וכשרה איז די, וועלכע טוט דעם ווילן פונעם מאַן. אַזוי האָבן די חכמי התלמוד באַשטימט [13]. ס'ליגט אָבער אַ חוב אויפן מאַן זיך צו באַנעמען איידל און מיט פאַרשטענדעניש צו זיין פרוי, „לציית את אשתו" [14], מכבד צו זיין זיין פרוי„ יותר מגופו", צו טאָן „לפנים משורת הדין"; דאָס מכבד זיין אַ פרוי שליסט איין קליידונג און צירונג, פיזישע באַציִונגען און געזעלשאַפטלעכע באַנעמונג [15].

רב חלבו זאָגט: „לעולם יהא אדם נזהר בכבוד אשתו" [16]. מ'דאַרף זיין גע־וואָרנט צוצוטיילן כּבוד דער פרוי, ווייל זי איז די העלפערין [17], זי מאַכט אים פאַר אַ מענטש [18] און אַ גוטע באַציִונג ברענגט אַ האַרמאָניש פאַמיליע־לעבן [19].

וועגן גוטע פרויען ברענגט דער תלמוד צענדליקער פאַקטן, וואָס באַווייזן, אַז פרויען זענען געטריי זייערע מענער, האָבן ליב זייערע מענער, אַפילו ווען

זיי פאַרדינען נישט די ליבע. פרויען שלינגען אַראָפּ זייער צער, ווילן זיך נישט באַקלאָגן אויף זייער שווערן גורל און פאַרטיידיקן נאָך זייערע מענער.

אַ פרוי — ווערט דערציילט — האָט געהאַט אַ מאַן, וואָס האָט געהערט צו אַ פאַרברעכערישער באַנדע און, ווי אַ „לסטים״־חברה־מאַן, האָט ער איר אָנגעטאָן צרות; זענען די חכמים געקומען אים זאָגן מוסר, שטראָפן אים פאַר זיין האַנד־לונג — האָט זי זיי געוויזן אַ גאָלדענע מנורה, וואָס ער האָט איר געקויפט [20].

אַ גוטע פרוי איז אַ גוטע מתנה און אַז מ׳האָט נישט קיין פרוי, איז מען ממש נישט קיין מענטש [21]. דער מאַן האָט דאַן נישט קיין היים, אים פעלט אַלצדינג [22]. די חכמים האָבן אויך געוווּסט, אַז די פרוי גייט אין דעם מאַנס וועגן. אַן „אשת חבר״ איז ווי דער חבר, און אַן אשת לסטים — כלסטים [23]. זיי האָבן אָבער אויך געוווּסט, אַז ס׳זענען דאָ דאָמינירנדיקע פרויען וואָס מאַכן פון זייערע מענער, וואָס נאָר זיי ווילן [24], און אַז ס׳זענען דאָ שלעכטע פרויען, וועלכע זענען ווי קרעץ אויפן מענטשנס קערפּער [25].

אונטערצייענדיק דעם סך־הכל, כאַראַקטעריזירנדיק דעם כלל פון פרויען, און נישט די איינצלנע, זענען חז״ל געקומען צום אויספיר: „נסיב אתתא ואוליד בנים״ [26], מ׳זאָל חתונה האָבן, ברענגען קינדער און מ׳זאָל זיך שואל עצה זיין מיט דער פרוי, אויב זי פאַרמאָגט די געהעריקע אינטעליגענץ: „אית אתתא דחכימא למישאל ואית איתתא דלא חכימה למישאל״ [27]. די חז״ל האָבן אָבער געוואָרנט „אל תרבה שיחה עם האשה״ [28], ווייל דאָס פאַרברענגען און פלוידערן מיט פרויען, ברענגט צו זינד און צו אויסגעלאַסנקייט. זיי האָבן אויך געלערנט ווי אַזוי זיך פורש זיין אין געוויסע צייטן פון דער אינטימקייט מיט דער אייגענער פרוי. ווער עס באַווייזט דעם כוח פון פרישה, ווערט דערמיט אַ קדוש, אַ הייליקער [29].

די יידישע מאָראַל האָט זיך אָבער גערעכנט מיט דער פרויס געפילן און באַזאָרגט איר „שארה, כסותה ועונתה״, וואָס דאָס מיינט אינטימע באַציִונגען. פרויען ווייזן אַרויס (אויב נישט אויפן קול, איז אין דער שטיל) אומצופרידנקייט פון אומזיסטער פרישה; ווען צפורה, דאָס ווייב פון משה רבינו (ער איז נאָך מתן־תורה געווען אַ פרוש), האָט געהערט, אַז אלדד און מדד זענען געוואָרן נביאים, האָט זי זיך אויסגעדריקט: „אוי לנשותיהן של אלו שיהי׳ פורשין מהן כמו בעלי ממני״ — ווי איז צו די דאָזיקע ווייבער, זייערע מענער וועלן זיך פון זיי אָפּזונדערן, ווי מיין מאַן פון מיר [30].

ס׳זענען אָבער דאָ צייטן, ווען די אָפּזונדערונג איז אַ מוז און ס׳קומט כרת, אויב מ׳האָט אינטימע באַציִונגען. דאָס זענען די 12 טעג אינעם חודש, ווען ס׳איז פאַרווערט צו האָבן פיזישע באַציִונגען און איידער מען ווערט צוריק גערייניקט, מוז מען האָבן מקוה־טהרה.

די פּעריאָדישע מענסטרואַציע ווערט אין ספרים אָנגעגעבן ווי אַ קללה, אָדער אַ גזירה, צוליבן חטא פון עץ הדעת [31]. אַלס צוגאָב, איז אויך איינגעפירט געוואָרן אַ טומאת־קרי, וואָס מאַכט דעם מאַן אומריין, סיידן ער מאַכט דורך דעם ריטואַל פון מקוה־טהרה. לויט מדרשים, איז אויך די דאָזיקע מענלעכע טומאה אַ רעזול־טאַט פון דער נחש־ און עץ־הדעת־זינד [32].

אין תּלמוד ווערט טבילה אָנגעגעבן ווי אַ תּקנת עזרא. מעגלעך, אַז שוין אין די אור־אַלטע צייטן, האָט מען באַטראַכט פאַר אַן אומריינקייט די אינטימקייט פון מאַן און פרוי, נאָך וועלכער מ׳האָט זיך געדאַרפט וואַשן און רייניקן. מ׳האָט עס אפשר געהאַלטן פאַר אַ קללה, וואָס נאָר אויף דעם אופן ברענגט מען געבורט און המשך. עזרא האָט איינגעפירט די תּקנה (און זי איז געוואָרן עפעקטיוו) צוליב טעמים, וועלכע מיר האָבן שוין אין נישט איין מאָל איבערגעגעבן.

די מקובלים, אויך דער בעל שולחן־ערוך און שפּעטער חסידים ואנשי מעשׂה, האָבן געזען וויכטיקייט אין דער דאָזיקער תּקנה, וואָס האָט געצילט אויסצוהיטן מענער פון איבעריקער תּאווה, פון הוצאת זרע לבטלה, פון פּערווערסע געשלעכט־מעשׂים.

די היטער פון דער ייִדישער מאָראַל האָבן איינגעפירט כּל־מיני תּקנות צו פאַרשטאַרקן דאָס ריינע פאַמיליע־לעבן; די טבילה פון בעלי קרי איז געווען אַזוי וויכטיק, ווי די אַנדערע תּקנות, ווי דאָס פאַרבאָטן חתונות צווישן יונג און אַלט, אָדער דאָס האַלטן אַן עלטערע טאָכטער און נישט זוכן קיין שידוך פאַר איר.

זיי האָבן געלערנט: „אל תּחלל את בתך להזנותה״ [33] — „זה המשׂיא את בתו לזקן״. רבי מאיר זאָגט: „זה המשהא את בתו בוגרת״ [34]. ווען מ׳האָט אַ דערוואַקסענע טאָכטער, דאַרף מען באַפרייען דעם קנעכט און אים געבן די טאָכטער פאַר אַ ווייב [35]; מ׳דאַרף זי חתונה מאַכן מיט וועמען ס׳איז נאָר דאָ אַ מעגלעכ־קייט [36], בכדי מ׳זאָל זי נישט ברענגען צו אויסגעלאַסנקייט.

„טבילת עזרא״ — די טבילה וואָס עזרא הסופר האָט מתקן געווען פאַר בעלי קרי — איז געווען געצילט: „שלא יהי׳ מצויין אצל נשותיהן כּתרנגולים״ [37]. אָנגעזעענע רבנים האָבן אָבער מקיל געווען מיט דער דאָזיקער טבילה.

אין תּלמוד [38] האָבן מיר אַ מיינונגס־פאַרשיידנהייט, צי אַ בעל קרי מעג לערנען תּורה איידער ער איז זיך טובל: ר׳ יהודה בן בתירא איז מתיר בדברי תּורה; ר׳ יהודה ב״ר אלעאי (ער ווערט טיטולירט „חסיד״) האַלט, אַז אַ בעל קרי איז אָסור בדברי תּורה. די הלכה, ווי מיר ווייסן, איז ווי ר׳ יהודה בן בתירה. פרומע ייִדן, באַזונדערס מקובלים און בעלי מעשׂה, האָבן אָבער מיט דורות צוריק אָנגעהאַלטן דעם מנהג פון טבילה לויט ר׳ יהודה ב״ר אלעאי.

ר׳ ברוך הלוי עפּשטיין, דער זון פון נאָוואַרעדאָקער גאון און פּוסק, „ערוך השלחן״, קאָמענטירט דעם פּסוק „היו נכונים״... „שלא יהי׳ בעלי קרי״... אַז

דאָס איז נישט קיין דרשה גמורה, נאָר בלויז אַ רמז [39]. איך וועל ציטירן זיין אויספיר: „...יען כי מן הדין אין דברי תורה מקבלין טומאה ורק עזרא ובית דינו תקנו שבעל קרי לא יהי׳ קורא מפני איזו טעמים, ולתקנה זו סמכו רמז בתורה, והנה גם תקנה זו לא נתפשטה בכל ישׂראל ולא הי׳ כח ברוב הצבור לעמוד בה ולכן בטלוה, ועי׳ ברמב״ם קריאת שמע, ג׳, ח׳״.

אין טייל קהילות, איז דער מינהג אָפּגעהיט געוואָרן אויפן שטרענגסטן אופן. מען איז שטאַרק נזהר מיט טבילה יעדן פרימאָרגן פאַר תפילת שחרית. דער העלמעצער רב, יחי״ל דייטש (דער מחבר פון ספרים וועגן מקווה), וואָס איז זיך מוסר־נפש פאַר מקוה־טהרה, פאַר פרויען און פאַר מענער, האַלט, אַז עס איז אַ חוב גדול אָנצוהאַלטן דעם מינהג פון תקנת עזרא, און אַז נאָך היינט איז גילטיק דער טעם: „כדי שלא יהיו תלמידי חכמים מצויין אצל נשותיהן כתרנגולים״ [40].

ר׳ צדוק הכהן מלובלין שרייבט אין זיין ספר — „שו״ת תפארת צבי״ [41] — אַ תשובה צום קעניגסבערגער רב ר׳ דוד צבי אַשכּנזי, ער זאָל זיך שטאַרק איינשטעלן און פירן אַ מסירת־נפשדיקן קאַמף קעגן דעם אָרטיקן ניי־באַשטימטן רב־מטעם, איינעם אַ דאָקטאָר בערלין, פאַר זיין שליסן די מקווה פאַר מענער און נישט דערלויבן די מענער צו נוצן די מקווה, אין וועלכער ס׳זענען זיך טובל פרויען.

עס איז אַ ביז גאָר לאַנגע תשובה און, ווי דער שטייגער ביי ר׳ צדוק הכהן, מיט אומגעוויינלעכער בקיאות. ער איז זיך מפלפל און ציטירט פון אַ גרעסער צאָל פוסקים, אין שייכות מיט אַ פּסק פון ראַ״ש (ה׳א־הפ״ח; 1327־1250) אַז טבילה בזמן הזה איז נישט קיין חיוב, ווייל מיר זענען דאָך טמאים טומאת־מת, פון וועלכער מיר קענען זיך נישט ריייניקן (נישטאָ די אַש פון דער פרה אדומה). ער ציטירט אויך פונעם ראַ״ש, אַז ערב יום־כיפור דאַרף מען זיך טובל זיין און מ׳דאַרף מאַכן אַ ברכה, בעת מען איז זיך טובל.

ר׳ צדוק פירט אויס, מ׳זאָל אָנהאַלטן, ווי פריִער, מקוה־טהרה אויך פאַר מענער. די דאָזיקע טבילה — האַלט ער — גייט אַריין אינעם באַגריף פון „והתקדשתם״, מ׳זאָל זיך הייליקן און רייניקן פון טומאת קרי. און ער ציטירט פון מהר״י מינץ (הקס״ח־הרס״ח; 1508־1408) „דכופין לעשׂות מקוה לאנשים לטבול בער״ה ויו״כ״.

אין זיין פּאַרדרוס אויף די מתחדשים גייט ער אַרויס פון די כלים, און ער באַנוצט זיך מיט די שאַרפסטע ווערטער קעגן די, וועלכע האָבן געוואָלט אַריינברענגען נייע מינהגים אין קעניגסבערג: „...והנה מה שטען דכבר נתבטל, ע״ז אני אומר: לסטים שכמותו כבשוהו ולא בשביל שוטים שקלקלו מבטלים מנהגי ישׂראל קדושים ח״ו, והם, ואלף כמותם, יאבדו ומנהגי ישׂראל תורה לא יזוזו ממקומן...״

דער ענין טהרה — נישט געקוקט אויף אַלע ראַציאָנעלע מאָטיוון, היגיענישע און פּסיכאָלאָגישע, מעדיצינישע און מאָראַלישע — בלייבט נאָך אַלץ איינגעהילט אין אַ מיסטעריע; דעריבער פאַרשטייען מיר, פאַר וואָס די מקובלים — און זייערע נאָכפאָלגערס, די חסידים — האָבן אַזוי פּראָפּאַגירט די נויטווענדיקייט פון רייניקן זיך אין מקוה־טהרה, האַלטנדיק, אַז טהרת־הגוף האָט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף טהרת־הנשמה. שוין אין תלמוד האָבן מיר מער ווי רמזים אויף דער דאָזיקער קאָנצעפּציע.

מיר האָבן אויף דעם שוין אָנגעוויזן [42] — ס׳איז אָבער נייטיק אויפצופרישן און נאָך אַ מאָל אָנווייזן אויף מאמרים, וועגן דער וויכטיקייט פון אָט דער טהרה: „טהרה מביאה לידי קדושה״, אין אַן אַנדער נוסחא — „לידי חסידות״ [43] — אַז די דאָזיקע טהרה ברענגט דעם מענטש מיט אַ טריט נענטער צו קדושה און צו חסידות. ביז צו רוח הקודש און תחית המתים.

ס׳קאָן זיין, אַז דאָס האָט אַ שייכות צום ענין זוהמא פונעם נחש, ווי די גמרא זאָגט: „בשעה שבא נחש על חוה הטיל בה זוהמא״ [44] און ישראל איז געהיילט געוואָרן פון דער זוהמא ביים מעמד הר סיני — אָבער רייניקן דאַרף מען זיך נאָך אַלץ, די „זוהמא״ זאָל חלילה נישט צוריקקומען.

די חז״ל דריקן זיך אויס: „הרואה קרי ביום הכפורים — ידאג כל השנה כולה״ [45], ווייל דאָס איז אַ באַווייז, אַז ער האָט אינעם הייליקסטן טאָג געהאַט יצר־הרעדיקע רעיונות. זיי קאָמענטירן דעם פּסוק „ונשמרת מכל דבר רע״ [46] — זאָלסט דיך אויסהיטן פון יעדע שלעכטע זאַך, לויטן טייטש פון רבי פינחס בן יאיר: „אל יהרהר אדם ביום כדי שלא יבוא לידי טומאה בלילה״ [47]. אויף אַן אַנדער אָרט, קאָמענטירן די חז״ל דעם פּסוק אין יחזקאל „הנה נפשי לא מטומאה״ [48], אַז דאָס האָט ער, דער נביא פון מעשׂה מרכבה, זיך צופרידנגעשטעלט, וואָס ער האָט זיך געקענט קאָנטראָלירן און איינהאַלטן זיין יצר: „שלא הרהרתי ביום לבוא לידי טומאה בלילה״ [49]. זאָגט דערויף תוספות [50], אַז פאַר אַ געוויינלעכן מענטשן איז דאָס שווער דורכצופירן, ווי דער ר״י ציטירט פון דער גמרא [51], אַז דאָס איז פון די דריי זאַכן, פון וועלכע אַ מענטש קען זיך נישט אויסהיטן: „שלשה דברים אין אָדם ניצול בכל יום״ און הרהור איז איינע פון די דאָזיקע דריי. בלויז מענטשן ווי יחזקאל הנביא, קענען באַווייזן אַזאַ שטאַרקן קאָנטראָל איבער זייער מחשבה.

דער כּלל פון טומאה־אָפּגעהיטקייט איז, ווי רבן יוחנן בן זכאי האָט זיך אויסגעדריקט: „חייכם, לא המת מטמא ולא המים מטהרים, אלא אמר הקב״ה, חוקה חקקתי, גזרה גזרתי״ [52] — די דינים פון טומאה וטהרה זענען אַ גזירה מן השמים, און אויב ס׳איז אַ גזירה, האָבן די מקובלים געהאַט רעכט צו באַהויפּטן, אַז די גזירה איז חל אויך אויף דער טומאה וואָס קומט אַלס רעזולטאַט פון קרי.

הרב ר׳ גדלי׳ פעלדער שטעלט זיך אויך אָפּ אין עטלעכע ערטער[53] אויף טבילת קרי און טייטשט אַריין אַ צאָל נייע געדאַנקען אין שייכות מיט אָט דער טבילה, לויט דער הלכה און מידת חסידות; אָבער דאָס געהערט שוין צו אַ גאַר לאַנגער שטודיע. דער תּמצית פון די אַלע פאַרשונגען, ווייזט, אַז דאָס האָט צו טאָן מיט צניעות, מיט פאַרהיטן מענטשן פון אַוועקגעבן זייערע כּוחות אויף „סעקס״.

ר׳ יוסף ענגל — און אַ צאָל פּוסקים אין אַ פריִערדיקן דור — האָט געפּסקנט להלכה, אַז ערב יום־כּפּור איז די טבילה אַ חוב; די תּקנת עזרא, ווי הרב פעלדער איז עס מסבּיר — אַ מוז...[54] איך וואָלט צוגעגעבן, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל אונדזערע רבנים־אויטאָריטעטן האָבן געוואָלט, אַז אינעם הייליקסטן טאָג פון יאָר, אינעם טאָג פון פאַרגעבונג, זאָל דער ייִד זיין דורכגעדרונגען מיט טהרה און קדושה — און זאָל זיך האַלטן לויט די צניעות־פּרינציפּן.

די מאָראַליסטן, זינט קבלת התּורה, זינט ייִדן זענען געשטאַנען ביים באַרג סיני און צוגעזאָגט נעשׂה ונשמע, האָבן זיך פאַרנומען איינצוואָרצלען אָפּגעהיט־קייט אינעם פאַמיליע־לעבן; קאָנטראָלירן תּאווה און האַלטן די פּרוי אַלס עקרת־הבית.

זיי האָבן איינגעפירט כּל־מיני תּקנות זיך צו רייניקן, נישט בלויז די פרוי (טבילת נידה און אַנדערע טבילות), נאָר אויך דער מאַן זאָל זיך דאַרפן טובל זיין, כּדי זיך צוריקצוהאַלטן פון תּאווה־איבערפלוס.

**ו. מ׳האָט זיך תּמיד איינגעשטעלט פאַרן כּבוד און רעכט פון דער פרוי. — „כּחא דהיתּראָ״ אין די אישות־ענינים. — ווי צו פאַרהיטן פון ממזרות. — קדושין „על תּנאי״.**

רבנים מומחים אין יעדן דור, לומדים מובהקים אין אַלע צייטן, האָבן געזוכט אויף אַלע אופנים צו פאַרלייכטערן דאָס לעבן פון דער פרוי. ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין פאַמיליע־אָנגעלעגנהייטן, באַזונדערס וועגן עגונה, גט און קדושין, האָט מען זיך שטאַרק געהאַלטן אינעם כּלל פון „כּחא דהיתרא עדיף״[1]. עס איז שווערער, אָבער בעסער און ריכטיקער, פאַר אַ רבנישן פּוסק און דיין, צו געפינען אַ פאַרלייכטערונג אינעם הלכה־קאָנטעקסט און קאָדעקס, כּדי צו באַפרייען די פרוי פון אייביקער איינזאַמקייט און אירע קינדער פון פאַריאָגט זיין פון ייִדישן קהל. ווי רש״י דריקט זיך אויס: „שהכל יכולין להחמיר אפילו בדבר המותר״[2] — ס׳איז נישט פון די גרויסע זאַכן מחמיר צו זיין.

די קולאָס און היתּרים האָבן רבנים, גדולי תּורה, געזוכט, אַפילו אין פאַלן פון ממזרות־געפאַר. זיי האָבן זיך תּמיד באַמיט צו געפינען אַ שפּאַרונקעלע, זיך צו

קאָנען סומך זיין און אַריינגעמען אַזעלכע חשד־קינדער אין יידישן קהל, זיי זאָלן קענען חתונה האָבן מיט יידישע קינדער.

מיר ווילן זיך דאָ נישט אַריינלאָזן אין דעם ענין פון ממזרים, אין דעם פּראָ־וואָצירנדיקן און פּאָלעמישן היתר פון די לאַנגער־קינדער — אַ שטורעם וואָס האָט זיך נאָך נישט איינגעשטילט, זינט דער רב ראשי, ר׳ שלמה גורן, האָט גע־פונען אַ היתר און זיי אַריינגענומען אין קהל ישׂראל. דאָס איז אַ קאָמפּליצירטער ענין לענות און מיר ווילן זיך ביי אַ געלעגנהייט נאָך אַ מאָל אומקערן צו דעם ערשטן קאָנטראָווערסאַלן פּסק־הלכה פונעם ניי דערוויילטן רב־ראשי.

די חז״ל האָבן געזען, איינגעזען און געוויייטיקט איבער דער ממזרים־טראַגע־דיע, אַנווייזנדיק, אַז שלמה המלך האָט שוין אויסגעגאָסן זיין האַרץ איבער דער דערוויייטערונג פון אַזעלכע קינדער: „ושבתי אני ואראה את כל העשוקים אשר נעשים תחת השמש והנה דמעת העשוקים ואין להם מנחם, ומיד עושקיהם כח ואין להם מנחם״[3] — און איך האָב ווידער געזען אַלע רויבערייען, וואָס ווערן אָפּגעטאָן אונטער דער זון, און אָט זענען די טרערן פון די געדריקטע און נישטאָ ווער זאָל זיי טרייסטן.

דער מדרש[4] טייטשט עס אויס, אַז דאָ רעדט זיך וועגן ממזרים: די עלטערן האָבן געטאָן די עבירה, זענען באַגאַנגען דעם פאַרברעך און די קינדער ליידן. קיינער קאָן זיי נישט טרייסטן; די סנהדרין האָבן נישט קיין כּוח זיי מתּיר צו מאַכן, זיי אַריינצונעמען אין קהל ישׂראל. בלויז דער רבונו־של־עולם — פּירט אויס דער מדרש — קאָן זיי דערנענטערן, קען זיי טרייסטן, קען זיי רייניקן — „אמר הקב״ה: עלי לנחמן״.

די חז״ל האָבן דאָ געוואָלט אויסדריקן זייער צער און ווייטיק איבער די אומ־שולדיקע קרבנות פון זייערע עלטערנס עבירות.

מיר האָבן אין תּלמוד:

„די רבנן האָבן געלערנט, ממזרים און נתינים וועלן אין דער צוקונפט גע־רייניקט ווערן — אַזוי האַלט ר׳ יוסי און שמואל זאָגט, אַז די הלכה איז ווי ר׳ יוסי[5]. אַי, די פראַגע: וואָס וועט מען טאָן מיטן „לא יבוא ממזר״? פאַרנעמען זיך דערמיט די מפרשי התלמוד. דער רשב״א און רמב״ן, פאַרענטפערן עס מיטן געדאַנק פון „הוראת שעה״ — עס וועט זיין אַ מאָמענטאַלער פּסק, מכשיר צו זיין די ממזרים, און ס׳גלוסט זיך צוצוגעבן — אַ מאָנומענטאַלער! ד״ה, אַז דער ענין היתר ממזרים בלייבט ביים רבונו־של־עולם: „מי שאמר לא יבוא״ קאָן זאָגן לעתיד — „יבוא״.

ר׳ מאיר, ווי עס ווערט געזאָגט[6], איז מחולק אויף רבי יוסי און באַציט זיך זייער שטרענג צום ענין ממזרים. דער זעלביקער רבי מאיר, וועלכער האָט געהאַט מ״ט טעמים להיתר „שלא יכלו חבריו לעמוד על סוף דעתו, שהוא אמר על טמא,

טהור.... ועל טהור — טמא...", האָט דאָ געפּסקנט לאיסור — ממזרים וועלן קיין מאָל נישט קריגן קיין דערלויבעניש אַריינצוטרעטן אין גאָטס קהל, וועלן קיין מאָל נישט קריגן דאָס רעכט צו ווערן אַ טייל פון ייִדישן קהל. און ער האָט אַ פּסוק: „וישב ממזר באשדוד" [7] — און דער ממזר וועט זיצן אין אשדוד (אשדוד — ווי עס ווייזט אויס — איז געווען דאָס אָרט פון ממזרים). און דאָרט וועט ער האָבן זיין אָרט און נישט צווישן ייִדן: „מוליכין סריות למקום סריות, ואת הטינוף במקום הטינוף". אומריינע האָבן זייער אָרט צווישן די אומריינע.

ר' יוסי ברענגט אָבער אַ ראיה פון אַ צווייטן פּסוק, וואָס זאָגט, אַז דער רבונו־של־עולם וועט רייניקן זיין פאָלק ישׂראל און ער טייטשט עס, אַז דאָ מיינט מען די, וועלכע זענען דערוויטערט געוואָרן: „וזרקתי עליכם מים טהורים וטהרתם" [8] און איך וועל שפּריצן אויף אייך — זאָגט יחזקאל — ריין וואַסער און איר וועט ריין ווערן.

ווי געזאָגט, וועלן מיר זיך נישט אַריינלאָזן אין אַ שטרענג רבנישן ענין [9], וואָס איז תּמיד געווען אויפן רבנישן טיש און פּוסקים האָבן געזוכט מיטלען צו פאַרלייכטערן דעם ענין לטובת דער פּרוי, לטובת דער גאַנצקייט פון דער ייִדישער פאַמיליע.

אין אונדזער תּקופה, באַזונדערס צוליב די דאָזיקע פּראָבלעמען אין מדינת ישׂראל, האָט שוין איינער פון די הויך געלערנטע, דער תּלמודיסט און שופט־עליון פּראָפ' משה זילבערג, פאָרגעשלאָגן צו לייזן די דאָזיקע פּראָבלעמען דורך אַ תּקנה פון אַ תּנאי ביי קדושין, „כדת משה וישראל" — ד"ה, די רבנן זאָלן האָבן דאָס רעכט מפקיע צו זיין למפרע, אַנולירן אַ חתונה וואָס קאָן ברענגען צו ממזרות. אַנדערע האָבן פאָרגעשלאָגן נאָכצוגעבן דעם פאַרלאַנג פון „נשואין אזרחיים" — ציווילע חתונות.

עס האָט געמאַטערט די גייסטיקע פירערס פון ייִדישן פאָלק ווי אַזוי אָנצו־האַלטן די גאַנצקייט אינעם ייִדישן לעבן און נישט מוותר זיין אויף זיין קדושה און טהרה; נישט דערלאָזן די געפאַר פון אַ הפקרדיק לעבן און פון ברענגען אויף דער וועלט גאַסן־קינדער.

דאָס איז אפשר אויך געווען די סיבה פון באַגרענעצן פּאָליגאַמיע — אַפילו דעם קעניג, וועלכער קאָן זיך פאַרגינען דעם דאָזיקן לוקסוס, האָט די תּורה אָנגע־זאָגט, ער זאָל זיך נישט אַריינלאָזן אין האַרעם־הפקרות.

די משנה לערנט אונדז:

„לא ירבה לו נשים אלא שמונה עשׂרה" [10], בלויז אַכצן (כמנין ח"י) האָט מען אים דערלויבט צו נעמען. די גמרא גיט צו, אַז דוד המלך האָט זיך געהאַלטן ביים דאָזיקן אימפּעראַטיוו. ס'איז דאָ אַ מיינונג, אַז אַ ייִדישער קעניג האָט זיך געקענט דערלויבן אַכט־און־פערציק (48) לעגאַלע ווייבער.

שלמה המלך, דער קליגסטער פון די קליגסטע, האָבן מיר שוין פריִער דער־מאָנט, האָט זיך דערלויבט נעמען מער ווי די צאָל, געהאַט טויזנט ווייבער און קעפּסווייבער. ווי אַזוי אַ מאַן קאָן באַווייזן צו האָבן אַזוי וויל ווייבער, איז אַ באַזונדערע זאַך. דערצו, דאַרף מען וויסן, אַז ער איז געוואָרן זייער יונג קעניג און נישט דערגרייכט קיין העכערן עלטער, דערגרייכט בלויז צו די „שנות עצה"... אָבער וואָס פאַר אַן עצה האָט ער געהאַט פאַר זיך מיטן נעמען די טאָכטער פון פּרעה, צוליב וועלכער רוים איז געקומען אויף דער איבערפלאַך: „אָמר רב יהודה אָמר שמואל, בשעה שנשׂא שלמה את בת פּרעה, הכניסה לו אלף מיני זמר ואמרה לו, כּך עושׂין לע"ז פּלונית... ירד גבריאל ונעץ קנה בים ועלה בו שׂרטון, ועליו נבנה כּרך גדול של רומי" [11].

אַז מען האָט אין אַלטערטום חתונה געהאַט גאָר יונג און געהאַט קינדער אין יונגשאַפט, דערפאַר האָבן מיר גאָר אַ סך באַווייזן און פאַקטן:

אין תּלמוד [12] ווערט געזאָגט, אַז אין דער ביבלישער עפּאָכע האָבן מענטשן געהאַט קינדער אין עלטער פון אַכט יאָר. „תּניא, דורות הראשונים לבר תּמניא אולידו; מנלן? דכתיב — בצלאל בן אורי בן חור למטה יהודה [13] — וכתיב — ויקח לו כּלב את אפרת ותלד לו את חור [14] — וכי עבד בצלאל משכּן בר כּמה הוי, בר תּליסר, דכתיב [15] ,איש איש ממלאכתו'". ווייניקער פון 13 יאָר, ווערט מען נישט גערופן „איש" [16]. ווייזט עס, אַז בצלאל איז אַלט געווען דרייצן יאָר, ווען ער האָט זיך גענומען בויען דעם משכּן; און אין אַ ברייתאָ האָט מען געלערנט: דאָס ערשטע יאָר האָט ער געמאַכט (אויסגעפּלאַנירט און צוגעגרייט) דעם משכּן; דאָס צווייטע יאָר האָט מען אויפגעשטעלט און געשיקט מרגלים און ס'איז גע־שריבן [17]: כּלב האָט געזאָגט, איך בין אַלט געווען פערציק יאָר, ווען משה דער עבד ד', האָט מיך געשיקט מיט די מרגלים: נעם אַראָפּ די 14 יאָר וואָס בצלאל האָט געמאַכט דעם משכּן, בלייבן איבער 26 יאָר; נעם אַראָפּ צוויי יאָר פון די דריַי שוואַנגערשאַפטן, קומט אויס, אַז זיי האָבן געבוירן צו אַכט יאָר...

דער חשבון גייט אַזוי: בצלאל איז געווען דער דריטער פון כּלב:

1טער דור — חור

2טער דור — אורי

3טער דור — בצלאל

צוויי יאָר לכל־הפּחות פאַר די דריַי שוואַנגערשאַפטן, רעכענענדיק שוין אַפילו אַז זיי זענען געבוירן געוואָרן צו זיבן חדשים, בלייבט נישט איבער מער ווי 24 יאָר פאַר דריַי געבורטן, דריַי דורות — אַכט יאָר אויף אַ געבורט.

צוליב וואָס ברענג איך דאָס אַלץ?

צוליב צוויי זאַכן: אַז שלמה המלך האָט געקענט האָבן חתונה געהאַט, נעמען ווייבער אין פריִען עלטער — און במילא ווערט פאַרקלענערט די גוזמא פון טויזנט

ווייבער; און נאָך אַ זאַך — צי אַ פרוי, אַ יונג מיידל, וואָס לעבט מיט אַ יונגן יינגל — צי ווערט זי באַטראַכט אַלס אשת־איש, צי ווערט זי באַטראַכט אַלס זונה, צי ווערט זי פסול צו כהונה?

די הלכה איז, אַז אין עלטער ווייניקער פון 9 יאָר מיט אַ טאָג, ווערט אַ געשלעכטלעכער פאַרקער נישט באַטראַכט אַלס „ביאה" [18]. אויף דעם פסוק — „אשר ינאף את אשת רעהו" — לערנט די גמרא, אַז דאָס קומט צו זאָגן: „פרט לאשת קטן" [19].

אַזוי זעען מיר, ווי די חכמי התלמוד האָבן זיך כסדר אָפּגעגעבן מיט פאַרלייכטערן די פאַמיליע־פּראָבלעמען, מיט היטן די גאַנצקייט און ריינקייט פון דער משפחה, מעג עס זיין ביי בצלאלן, דער, אויף וועמען די תורה זאָגט עדות „ואמלא אותו רוח אלהים בחכמה ובתבונה ובדעת" [20], מעג עס זיין ביי שלמה המלך, וועמען דער רבונו־של־עולם האָט פאַרזיכערט: „הנה נתתי לך לב חכם ונבון אשר כמוך לא הי׳ לפניך ואחריך לא יקום כמוך" [21] — יעדנס יחוס ווערט איבערגעגעבן און יעדנס מאָראַלישע אויפפירונג באַטאָנט; שלמה המלך האָט גענומען די בת פרעה. ס׳האָט זיך אים פאַרגלוסט פרעמדע קעניגלעכע ליבע, האָט ער דערפאַר באַצאָלט און די דורות נאָך אים, האָבן באַצאָלט אַ גאַר טייערן פרייז — רוימס הערשאַפט און חורבן ירושלים.

די ייִדישע מאָראַל שאַנעוועט קיינעם נישט. די רעכט פון דער פרוי, איר באַשיצונג פון באַגין, פון בראשית ביז אונדזערע טעג איז אומבאַדינגט באַוואָרנט אין דער הלכה און אין איר באַגרינדונג. די ייִדישע פרוי איז באַזאָרגט געוואָרן; דער מאַן זאָל נישט זיין דער טיראַנישער מושל איבער איר [22]; דער מאַן זאָל זי באַזאָרגן מיט שפּייז און קליידונג [23]. געוויינלעך צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען און רעאַלע סיטואַציעס.

און דאָ וועלן מיר ברענגען דאָס שוין אויבן געזאָגטע נאָך אַ מאָל, כדי צו באַשטעטיקן די דאָזיקע טעזע:

מיר האָבן דערמאָנט אין אַ פריִערדיקן פרק די תקנה פון ר׳ שמעון בן שטח וועגן דער כתובה. מען דאַרף צוגעבן, אַז די תקנה איז געגאַנגען אַ ביסל ווייטער, ווי סתם אָנשרייבן אַ חתונה־קאָנטראַקט. די תקנה איז, אַז דאָס גאַנצע פאַרמעגן פונעם מאַן איז אַ גאַראַנטיע פאַר איר כתובה („כל נכסי הבעל") און די פרוי נעמט פריִער וואָס איר קומט, איידער מ׳טיילט איין די ירושה [24]. און אויב דער מאַן האָט נישט איבערגעלאָזט גענוג אויף צו קענען באַשפּייזן און באַקליידן זיין משפחה, ווערן פריִער באַזאָרגט די טעכטער. לויטן תורה־געזעץ, גייען בלויז זין פון דער ירושה. אָבער ווען ס׳רעדט זיך וועגן די נייטיקסטע הצטרכותן, זענען טעכטער פריִער און ערשט דערנאָך קומען די זין. די זין קענען בעטן נדבות, אָבער פאַר טעכטער איז נישט שיין „מחזר זיין על הפתחים" [25].

אומצייליק זענען די תקנות לטובת דער פרוי. אַ פאָרשער וואָלט געקענט צוזאַמענשטעלן אַ גרויסבענדיקע ענציקלאָפּעדיע, ווי אַזוי די חז״ל האָבן זיך באַמיט צו שוינען דעם כּבוד און די פּרנסה פון דער פרוי: „שקדו חכמים על תקנות בנות ישׂראל״ [26].

בלויז אַ בלעטער צו טאָן אין די שו״ת רעק״א, אין די שו״ת חתם סופר, אין „חמדת שלמה״, ביזן „חבלים בנעימים״, „משנת אברהם״, „שאילת״ און „יסודי ישרון״ — די אַלע ספרים גייען נישט אַראָפּ פון מיין טיש — איז גענוג צו איבערצייגן זיך, אַז יעדער אויף זיין שטייגער האָט געזוכט אַלע וועגן און מיטלען לטובת דער אָרנטלעכער און פיינער פרוי.

איך גיב אַ מיש אין אַ ספר, געווידמעט די ביאָגראַפיעס פון גדולי ישׂראל [27] און וואָס געפין איך דאָרט?

איך געפין אַ שאלת אשה און אַן ענטפער צום לובלינער רב ר׳ עזריאל הורביץ, המכונה „ראש הברזל״ — לובלינער אייזערנער קאָפּ, ווו מ׳שרייבט אים:

„...על דבר האשה קשת הרוח וכו׳ שבאת [שבאה] לכאן במגילת ספר כתוב וחתום בחתימת־יד קדוש כבוד רב האי גאון הגדול המפורסם מופת הדור כקש״ת עזריאל יצ״ו אב״ד ור״מ דק״ק לובלין״...

„...מיר זעט אויס, אַז מ׳קען די דאָזיקע פרוי מתיר מאַכן, זי אַרויסנעמען פון די קייטן געבונדן — דורך עיגון... נאָר בתנאי, כּפול ומפורש, דאָס זאָל זיין מיט דער צושטימונג פון לובלינער רב...״ דער פרעגער איז געווען ר׳ שלמה זלמן ליפשיץ („חמדת שלמה״) פון די גדולי הפוסקים, אַ בן־דור פון ר׳ עקיבא איגר, ר׳ משה סופר, חדושי הרי״ם (ר׳ יצחק מאיר, ערשטער גערער רבי); און מיט וואָס פאַר אַ דרך־ארץ ער שרייבט צום לובלינער „אייזערנעם קאָפּ״, און ווי אַזוי ער זוכט וועגן אויפצובינדן די קייטן פון דער עגונה. דאָס איז נישט די איינציקע שאלה, ווו מיר זעען דעם הויפּט־רב פון וואַרשע אָפּגעבן זיך מיט עגונה־פּראָבלעמען.

מיר האָבן אַ שאלה וואָס עס האָט געפרעגט ביי אים דער פּלאָנסקער רב ר׳ יצחק (איציק): אַ פרוי איז זיך געגאַנגען שמדן, שוין געזעסן אין הויז פונעם גלח, נאָר פּלוצלינג חרטה געהאַט און האָט זיך אומגעקערט צום מאַן; איז די פראַגע געווען, צי איר מאַן מעג לעבן מיט איר. דער „חמדת שלמה״ פּסקנט: אויב די פרוי דערקלערט איר אומשולד און האַלט זיך פעסט ביי איר דערקלערונג, אַז זי איז נישט פאַראומרייניקט געוואָרן, און ס׳איז געמאַכט געוואָרן אַ חקירה ודרישה, איז איר דערלויבט צו וווינען מיט איר מאַן.

דרך־אגב:

די משנה לערנט אונדז „האשה שנחבשה ביד עו״כ״ — אַ פרוי וואָס איז געפאַנגען געוואָרן פון גויים, ווענדט זיך: אויב זיי האָבן זי געפאַנגען בכדי אַרויסצופּרעסן געלט פון איר מאַן, איז דער דין: ווען זי ווערט באַפרייט איז איר

דערלויבט צו וווינען מיטן מאַן, ווייל מען איז זיכער, אַז זיי האָבן זי נישט פאַר־גוואַלדיקט, אויס מורא צו פאַרלירן דאָס אויסקויף־געלט; אויב אָבער זיי האָבן זי געכאַפּט סתּם צו הרגענען (האָבן זיי דאָך נישט געהאַט וואָס איינצושטעלן), וועלן זיי זי פאַרגוואַלדיקן, פאַראומרייניקן... אין אַזאַ פאַל טאָר זי נישט וווינען מיטן מאַן.

די פראַגע ווערט געשטעלט, צי איז דאָ געמיינט געוואָרן אַן אשת כהן, צי אַ פרוי פון אַ ישׂראל. דער פרוי פון אַ כהן איז פאַרבאָטן צוריקצוגיין וווינען מיט איר מאַן, אַפילו ווען זי איז באַצוווּנגען געוואָרן [28].

מיר ווייסן אויך פון אומצייליקע היסטאָרישע פאַקטן, ווי ייִדישע פרויען האָבן אין אַלע צייטן זיך מוסר־נפש געווען אָפּצוהיטן זייער ריינקייט. ווי באַקאַנט, האָבן מענער געדאַרפט באַזאָרגן זייערע פרויען מיט ספּעציעלע הלבשה־כלים, כּדי זיי אויסצוהיטן פון פאַרגוואַלדיקונג אָדער צו אונס ברצון. אין דער תּורה ווערן דערמאָנט די דאָזיקע מכשירים: דער „כּומז“, למשל, וואָס האָט געדינט צו האַלטן אַ גן נעול, פאַרשלאָסן, אַ פרעמדער מאַן זאָל נישט קענען צוקומען. ביי ייִדן, האָבן פרויען, סיי אין אַלטערטום, סיי אין מיטל־עלטער און סיי אין דער נייער צייט, באַוויזן וווּנדער אין אָפּהיטן זייער ריינקייט.

**ז. ייִדישע עטיק געבונדן מיט ייִדישער מאָראַל. — נישט דאָגמאַטיזם, נאָר ראַציאָנאַליזם. — כּוח פון רייץ און שאלת נשים. — רבנים לייזן פאַמיליע־פּראָבלעמען.**

דער כּוח פון אַ פרוי איז אומגעהייער. דער שוואַכערער געשלעכט באַזיגט און באַהערשט דעם שטאַרקן. נירון־קיסר, דער בלוטיקער רוי־מישער צעזאַר, וועלכער האָט דערטרונקען זיין מוטער אַגריפּינאַ, מיט זיין שווערד אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ פון זיין ווייב, דער קעניגין אָקטאַוויאַ, מיט זיין פוס צעטראָטן זיין געליבטע פּאָפּעאַ סאַבינאַ — אָט דער רוצח און ברוטאַלער דיק־טאַטאָר איז באַזיגט געוואָרן פון אַן אָרעמער שקלאַפין, וועלכע האָט אים מיט איר ליבע פולשטענדיק באַזיגט און באַהערשט, נישט אַזוי מיט איר שיינקייט, ווי מיט איר גראַציעזקייט און צאַרטקייט. ס'איז אָנגענומען, אַז אין דער פרויס באַנעמונג ליגט דער שליסל פון דערפאָלג — און צו דעם וועלן מיר זיך נאָך אומקערן.

אין יהדות ווערט אָנערקענט דער כּוח פון רייץ, אָבער מיט קאָנטראָל. מען וואָרנט כּסדר קעגן הפקרדיקער תּאווה; באַזונדערס איז די וואָרענונג אויסן די ייִדן וואָס וועלן זיך באַזעצן אין לאַנד כּנען — ארץ־ישׂראל — זיי זאָלן זיך אויס־

היטן פון תאווהדיקער אומווירדיקייט: „כי כל התועבות... עשו אנשי הארץ... ותטמא הארץ״...[1] און ווייטער: „ולא תזנה הארץ״[2].

איינע פון די פיר זאַכן, אויף וועלכע דער רבונו־של־עולם האָט חרטה וואָס ער האָט זיי באַשאַפן, איז דער יצר־הרע[3]. די גמרא זאָגט: „אין אָדם מת וחצי תאוותו בידו״, אַזוי גרויס איז די תאווה, אַז קיינער קען איר נישט נאָכקומען. איז שוין במילא בעסער זיך איינצוהאַלטן און קאָנטראָלירן. דער כהן מלובלין זצ״ל האַלט, אַז מ׳קען אויסנוצן דעם יצר אויף גוטע זאַכן, פאַר וויכטיקע צוועקן און מען דאַרף זיך נישט פילן שלעכט, אַריינפאַלן אין יאוש, ווען דער יצר פאַרכאַפּט די מחשבה און תשוקה; ווייל דאָס ווייזט, אַז דער מענטש איז נישט פלעגמאַטיש, אַז ער האָט פּאָזיטיווע פאַרלאַנגען: „מי שיש לו תשוקה גדולה לתאוות הגוף אל יתעצב בזה לחשוב כמה פגום הוא שיש לו תשוקה כל־כך, כי אדרבא, הוא כלי מוכן לתוקף אהבה ותשוקת דרישת האמת״[4].

די יידישע עטיק, געבונדן מיט דער יידישער מאָראַל, האָט געזוכט אינעם מענטשן נשמה־ און גוף־זויבערקייט און, אויפן דאָזיקן אידעאָלאָגישן יסוד, געבויט דאָס פאַמיליע־לעבן, די מאַן־פרוי־באַציִונגען פאַר דעם אייגענעם ווילזיין, פאַרן ווילזיין פון די קינדער און במילא פאַרן ווילזיין פון אייגענעם פאָלק און ווי אַ מוסטער פאַרן ווילזיין פון דער מענטשהייט.

די יידישע מאָראַל איז נישט דאָגמאַטיש און נישט סעקטאַנטיש, אַוודאי נישט ראַסיסטיש־דיסקרימינאַטאָריש. די פרוי איז, לויט הלכה, דער קנין פונעם מאַן, אָבער נישט חלילה פאַרשקלאַפט צום מאַן: אדרבה, מאַן און פרוי פאַרלירן זייער יחידישקייט און ווערן פאַרבונדן, ווי איין גאַנצער בנין, דורכן געמיינזאַמען צוזאַמענלעב. די פרוי דאַרף רעספּעקטירן דעם מאַן, אים צוטיילן געהעריקן כבוד און נחת־רוח, אָבער נישט וויניקער, מיינסטנס נאָך מער, דאַרף דער מאַן רעספּעקטירן זיין פרוי, וועלכע ווערט באַטראַכט ווי אַ טייל פון זיין אייגענעם גוף: „אשתו כגופו!״

רעכענענדיק זיך מיטן כאַראַקטער פון דער פרוי, האָבן די חז״ל איינגעפירט פאַרשיידענע תקנות, יורידישע און סאָציאַלע, צו שיצן איר כבוד, איר פיזישן כוח און איר אויפהאַלט. די יורידישע פאַרשריפטן האַלטן זיך אויפן פרינציפּ פון איר פאַסיווער ראָלע אין געשלעכט־לעבן און אויף איר כאַראַקטער־אייגנשאַפט: זי איז פּטור, לויט דער אָנגענומענער דעה, פון פריה ורביה[5]. זי טאָר אָבער נישט פאַרדאַרבן די מאַנצבילישע זרע, וואָס איז געקומען אין איר טראַכט.

אויף דעם פסוק — „ראשית אוני״[6], וואָס יעקב אָבינו האָט געזאָגט וועגן זיין בן־בכור ראובן, קאָמענטירן חז״ל, „שהוא טפה ראשונה, שלא ראה קרי מימיו״.

ביי פרויען רעדט זיך נישט וועגן תאווה־טראָפּן, נאָר וועגן ליגן מיט מענער און אַריינגעמען זייער זרע. ביי די מצרים, ווערט געזאָגט, „אין בית אשר אין שם מת״[7] — אַז ס׳איז נישט געווען קיין הויז, וווּ עס זאָל נישט געווען שטאַרבן אַ

בכור. פרעגן מפרשים, ווי איז דאָס מעגלעך, אַז אין יעדן הויז זאָל זיך געפינען אַ בכור ?... דער ענטפער איז, אַז די מצרישע ווייבער פלעגן לעבן געשלעכטלעך אויך מיט אַנדערע מענער, חתונה געהאַטע און נישט חתונה געהאַטע, איז במילא אויסגעקומען, אַז יעדע פרוי האָט געהאַט עטלעכע בכורים פון מענער מיט וועלכע זי האָט צום ערשטן מאָל געהאַט באַציִונגען [8].

אַז אַזוינס האָט פּאַסירט אין אַלטע צייטן, איז גוט באַקאַנט. מאָדנע איז, אַז אויך אין אונדזער צייט פּאַסירט נישט איין מאָל אַזאַ געמיש פון מענער. אַפילו אין דעם הויך ציוויליזירטן ענגלאַנד האָבן מיר לעצטנס געלייענט וועגן אַ פרוי וואָס האָט זיך מודה געווען, אַז איר יעדער קינד, איז פון אַן אַנדער פאָטער, אַז זי איז נישט פאַראינטערעסירט צו האָבן קינדער דווקא פונעם אָפּיציעלן מאַן.

מ. דובר שרייבט וועגן דעם [9]:

„...ס׳טומלט זיך דאָרט (אין ענגלאַנד), למשל, מיט אַ מוטער פון 12 קינדער, וועלכע זי האָט געבוירן פון... צוועלף פאַרשידענע טאַטעס. עלף פון זיי האָט זי אַוועקגעגעבן צו פאַרשידענע אינסטיטוציעס. אויך דאָס צוועלפטע איז דערצויגן געוואָרן פון אַ ליבלעכער משפחה און דאָס קינד וואָלט געווען גליקלעך, אָבער די מוטער האָט אים פאַרלאַנגט צוריק — צוליב אַ קאַפּריז; דאָס געזעץ איז געווען אויף איר זייט: סוף־כל־סוף איז זי די „נאַטירלעכע" מוטער! דער סוף איז געווען, אַז איר פרישער געליבטער האָט דערשלאָגן דאָס קינד אין אַנפאַל פון כעס".

צוגעבן צו דער מעשה איז נישט נייטיק.

ביי ייִדן וואָלט אַזעלכעס נישט מעגלעך געווען; די איינגעוואָרצלטע בושה, וואָס איז פון די סימנים מובהקים פון זרע אברהם, וואָלט צוריקגעהאַלטן פון אַזעלכע מאָמענטאַלע תאווהדיקע מעשׂים.

וועגן חם — פון וועמען מצרים האָט אָפּגעשטאַמט — ווערט געזאָגט, אַז די תאווה איז ביי אים געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט נישט אויסגעפאָלגט דעם באַפעל, נישט צו האָבן קיין געשלעכט־פאַרקער אין דער תיבה [10], און ער האָט אָנגעזאָגט זיין זון כנען, אַז זימה־אויסגעלאַסנקייט זאָל ווערן פּראַקטיצירט און ער זאָל געבן דער נאַטור די פולע פרייהייט; דאַקעגן די שם־אָפּשטאַמיקע האָבן זיך פאַרנומען אויפן וועג פון קאָנטראָלירן תאווה און איינגעפירט באַגרענעצונגען, וואָס העלפן אָנהאַלטן אַ מאָראַלישע פאַמיליאַרישקייט.

דער יהדות־קאָנצעפּט איז — מ׳זאָל מיט אַלע מעגלעכקייטן דערווייטערן די אָנגעלעגנהייטן וואָס פירן צו זימה; מ׳האָט אַפילו פאַרבאָטן יחוד צווישן אומ־פאַרהייראַטע, שוין אָפּגערעדט צווישן פאַרהייראַטע, ווו עס איז דאָ אַן איסור אשת־איש: „פנוי הבא על הפנויה שלא לשם אישות עשׂאה זונה" [11].

פאַר אויסגעלאַסנקייט, פאַר פאַרבאָטענעם פאַרקער צווישן מאַן און פרוי, קומט די האַרבסטע שטראָף — אַזש ביז מיתה: מ׳האָט דאָך, אַפילו אין אַזאַ פאַל, גע־

שוינט די פרוי און זי נישט פאַרשעמט דורך אָפדעקן איר נאַקעטן, טויטן קערפּער. אויב אַ פרוי באַגייט אַ פאַרברעך פאַר וועלכן ס׳קומט טויטשטראָף, איז דער דין, מען זאָל זיך באַנעמען צו איר מיט כבוד, „איש נסקל ערום ואין אשה נסקלת ערומה" [12] און ווייטער: „איש נתלה ואין אשה נתלית" [13].

און דאָ קומען מיר צו אַ נייעם פּונקט אין דער יידישער עטיק:

פאַרצייטנס, ווייזט אויס, האָט נישט זעלטן פּאַסירט מ׳זאָל פאַרמשכּונען אַ פרוי, ווייל מ׳האָט געהאַלטן די פרוי ווי אַ פולשטענדיקן קנין פונעם מאַן. ביי ייִדן, פאַרשטייט זיך, איז דאָס געווען פאַרווערט צוליב דעם פּשוטן טעם, אַז דער פרויס קערפּער איז נישט פאַרקויפט צו איר מאַן, ווי אַ קנין פון אַן אָביעקט. זי האָט אַ נפש, אַ נשמה, אַ גייסט, וואָס קען נישט פאַרקויפט ווערן.

מיר האָבן אַ פּסוק אין דער תורה: „לא יחבול רחים ורכב כי נפש הוא חובל" [14], פּשוט מיינט עס, מ׳זאָל נישט צונעמען ביי אַ בעל־חוב אַ משכּון פון וועלכן ער ציט חיונה, פון וואָס ער לעבט און עקזיסטירט.

ס׳זענען אָבער דאָ מדרשים [15] וואָס טייטשן אויס דאָס וואָרט רחים, ווי רחם, מוטערטראַכט, אַז די תורה וואָרנט דעם מאַן, ער זאָל נישט נעמען אַלס משכּון יענעמס ווייב, ווייל דערמיט באַגייט ער אַ פאַרברעך פון „גונב נפשות". ס׳זענען דאָ מפרשים, וועלכע האַלטן, אַז ריחיים איז אַ סינאָנים פאַר אַ פרוי און רכב — פאַר אַ מאַן. ווי מיר ווייסן, איז רכב דער אויבערשטער און ריחיים — דער אונ־טערשטער שטיין [16]. דער אבן עזרא איז שטאַרק קעגן דעם דאָזיקן טייטש: „אָמרו המכחישים כי נדבקה זאת הפּרשה עם ושמח את אשתו... וזה הבל..." [17].

מיר זעען אָבער, אַז אַזאַ טייטש איז דאָ און שטאַמט נאָך פון די ערשטע תּנאים און איז נישט אויסגעלאַכט אָדער אָפּגעוואָרפן געוואָרן ווי נאַרישקייטן. מיר זעען אויך, אַז די וועלכע האָבן אַזוי אַריינגעלערנט אינעם מיין פון „ריחיים", האָבן געהאַלטן פאַר מעגלעך, אַז אַ ווייב זאָל געגעבן ווערן אַלס משכּון. איז דעריבער אַ ווונדער, וואָס אַ פאָרשער, ווי יצחק ריבקינד ז״ל, האָט אין זיין פאָר־שונג וועגן אַזאַרטשפּיל ביי ייִדן, נישט אָנגעוויזן אויף דער מעגלעכקייט צו פאַר־משכּונען אַ ווייב און אַז די תּורה האָט אַזאַ האַנדלונג פאַרווערט.

אין זיין ווערק „דער קאַמף קעגן אַזאַרטשפּיל ביי ייִדן" [18], ברענגט יצחק ריבקינד [19] אַ מעשה, באַזירט אויף אַ ליד, ווי אַזוי ביי ייִדן האָט די תּאווה פון קאָרטנשפּיל געקענט דערפירן צו פאַרשפּילן אַ ווייב.

יצחק יואל לינעצקי (1839־1915) — שרייבט ער — איז דער ערשטער צווישן די פאָלקסטימלעכע דיכטערס, וואָס האָט אָנגעשריבן אַ גאַנץ און שאַרף ליד קעגן „דער קאָרטנשפּיל", קעגן אַזאַרט.

יצחק ריבקינד ציטירט דאָס ליד און אויך מוסטערן פון אַנדערע לידער מיט אַ מוסר־השׂכּל קעגן קאָרטנשפּיל, אַז דאָס פירט צו מאַטעריעלער, פינאַנסיעלער

און מאַראַלישער ירידה, און ס׳קען אויך טרעפֿן, אַז „אין ברען פֿון אַזאַרט״, זאָל דער מאַן אין גאַנצן פֿאַרגעסן פֿן זיין משפחה און זאָל „פֿאַרשפּילן אַפֿילו זיין אייגן ווייב אין קאָרטן״.

די לעצטע שורות פֿונעם ליד לייענען זיך:

„און טאַקע אין דעם אויגנבליק

האָט זי דער מאַן אויף דער קאָרט פֿאַרשפּילט...

און ער האָט קאָמענטירט:

„...די סטראָפֿע קלינגט, וואָס אַן אמת, זייער פֿרעמד, כמעט אומגלייבלעך פֿאַר אַ ייִדן... אַ ייִד זאָל פֿאַרשפּילן זיין ווייב אין קאָרטן! אַזאַ מעשׂה איז געוויס אויסטערליש״.

י. ריבקינד קומט אָבער צום אויספֿיר, אַז דאָס האָט געקענט פּאַסירן — ווי אויסטערליש דאָס זאָל נישט זיין — צווישן ייִדישע קאָרטיאָזשניקעס. ביי די אומות העולם — ברענגט ער — האָבן מיר פֿאַקטן, אַז דאָס איז נישט געווען אַזוי אויסטערליש, נישט אין אַלטערטום און נישט אין דער נייער צייט.

„...ביי די אַלטע אינדיער — שרייבט ער — איז די שפּיל־ליידנשאַפֿט געווען פֿאַרשפּרייט. זיי פֿלעגן איינשטעלן אין קאָן אַלץ, האָב און גוטס, די אייגענע פּערזאָן, אויך פֿרוי און פֿריינד. דאָס זעלביקע האָבן אויך געטאָן די גערמאַנען. אַלץ פֿלעגט איינגעשטעלט ווערן אין שפּילאַזאַרט: באַוועגלעכע גיטער, ווייב און קינד, די רעכטלעכע פֿרייהייט, גלידער פֿון קערפּער און דאָס לעבן אַליין [20].

אין אַלט־פֿראַנקרייך, אין רוסלאַנד און אין פּוילן (ביי די פּריצים), ברענגט ער היסטאָרישע פֿאַקטן, וואָס באַווייזן, אַז אַזעלכעס האָט גאָר אָפֿט פּאַסירט; ביי ייִדן איז דאָס געווען אַ זעלטנהייט, אַפֿילו ביי אונטערוועלט־מענטשן. ער ציטירט אַ דערציילונג פֿון יוסף אָפּאַטאָשו [21], אין וועלכער דער אונטערוועלט־מענטש שרייט אויס: „ביי ייִדן פֿאַרקויפֿט מען נישט קיין ווייבער...״

אַזאַ מעשׂה האָט אָבער יאָ פּאַסירט און אויף אַ גאָר מיאוסן אופֿן.

„אָבער אין דער אמתן — שרייבט ריבקינד — איז געבליבן פֿון אַזאַ טראַגי־שער פּאַסירונג מער ווי אַ שפּור אין אַ ליד. אָט האָט אַזאַ זעלטענער פֿאַל געטראָפֿן דאָ נישט לאַנג צוריק אין אונדזער צייט און עס איז געבליבן דערפֿון אַ גאַנצע תּשובֿה אין אונדזער רייכער שו״ת־ליטעראַטור.

„אין וויטן סינגאַפּור איז זיך פֿאַרלאָפֿן מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אַזאַ מעשׂה: אַ ייִדישער פּראָפֿעסיאָנעלער קאָרטן־שפּילער האָט געשפּילט מיט אַ גוי און האָט אַלץ פֿאַרלוירן. איז אים איינגעפֿאַלן איינצושטעלן אין קאָן זיין ווייב. דער סוף איז געווען, אַז ער האָט אויך דאָס ווייב פֿאַרשפּילט צום גוי. איז די פֿרוי, מיט איר גוטן ווילן, אַוועק און חתונה געהאַט מיט דעם גוי, אָן אַ גט פֿון איר מאַן. זי האָט מיטן

גויִישן מאַן געהאַט קינדער, זין און טעכטער, ווען דער ייִדישער מאַן האָט נאָך געלעבט און אויך נאָך זיין טויט.

„האָט מען אָנגעפרעגט ביי אַ רב אין ירושלים וועגן דעם לעגאַלן און רעלי־גיעזן סטאַטוס פון די קינדער, צי זיי זענען ממזרים. אויף דעם האָט דער רב געענטפערט מיט אַ לאַנגער אויספירלעכער תשובה, געשריבן ערשט אין יאָר תרצ״ג [22]״.

ריבקינד גיט אָן אַ פּאַטאַקאַפּיע פון דער שאלה ותשובה.

דער פּסק פון הרב הדאיה, אויפן סמך פון תלמוד און הלכה [23] איז געווען, אַז די זין און טעכטער זענען כּשר לבוא בקהל און ס׳איז נישטאָ אויף זיי קיין חשש ממזרות. ער גיט צו, אַז זיי דאַרפן זיך מגייר זיין: „ובכן הדבר פשוט בנ״ד דודאי דכשרים הבנים והבנות לבוא בקהל ואין בהם חשש ממזרות, ויכולים להתגייר, רק הבנות פגומים לכהונה...״

ס׳איז קיין פראַגע נישט, אַז אַזאַ שאלה געהערט צו די סאַמע אויסטערלישע פּאַסירונגען: דער מאַן זאָל פאַרשפּילן זיין פרוי און דאָס ווייב זאָל זיין גרייט „פאַרשפּילט״ צו ווערן צו אַן אַנדערן, בעת זי האָט נאָך לעגאַל־יורידיש־רעליגיעז געהערט צום ערשטן מאַן. דאָס איז אַן אויסטערלישער תאווה־אַקט פון דער פרוי און פוןביידע מענער און קען נישט באַטראַכט ווערן ווי אַ נאָרמאַלע דערשיינונג. ייִדישע פרויען פלעגן מיט דער גרעסטער מסירת־נפש אָפּהיטן זייער אומשולד און זייער געטריישאַפט צו זייערע מענער.

אין די אַלטע און אויך אין די נייע צייטן, איז געווען אַ נאָרמאַלע זאַך, אַז פרויען זאָלן זיך אַרומגאַרטלען און מיט אַ „שלאָס״ פאַרשליסן דעם נקבהשן אָרגאַן; אין די מערסטע פאַלן איז דער שליסל געווען אין באַזיץ פונעם מאַן, אָדער ביים געליבטן.

דער דאָזיקער פאַרהיט־סיסטעם איז אָנגעגאַנגען נישט בלויז אינעם הייסן אָריענט, נישט בלויז אין די מזרח־לענדער; אויך אין די מערב־לענדער; אויך אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט מען נאָך געקענט הערן פונעם דאָזיקן באַנוץ. ס׳האָט גענומען הונדערטער, טויזנטער יאָרן, ביז די פרוי האָט זיך לחלוטין באַ־פרייט פון די דאָזיקע גאַרטלען, ביז זי האָט זיך געקענט אויסהיטן און פאַרהיטן פון אַן אָנפאַל, אָן די דאָזיקע פרימיטיווע באַוואָרענישן.

ווי פאַרשערס ווייזן אָן, האָבן די דאָזיקע מיטלען געניצט צו פאַרהיטן דאָס ווייב פון האָבן געשלעכטלעכע באַציִונגען מיט אַנדערע מענער, קעניגן און גענע־ראַלן, מיניסטאָרן, מיליטער־לייט און סוחרים, וועלכע פלעגן זיין ווייט פון דער היים. אין פראַנקרייך האָט מען זיך מיטן דאָזיקן מיטל באַנוצט ביזן סוף פון 19טן י״ה.

צי דאָס האָט געהאָלפן, איז נאָך אַ פראַגע!

ביי ייִדן זענען געווען אַנדערע סאָרטן באַוואָרענישן: ייִדישע פרויען האָבן בעסער אויסגעקליבן דעם טויט, איידער זיך לאָזן פאַרגוואַלדיקן. די ייִדישע מאָראַל האָט שטאַרק געווירקט. דאָס משפחה־לעבן ביי ייִדן איז זינט דעם „לא תנאף"־געבאָט, געווען ריינער ווי ביי וועלכן נישט איז אַנדער פאָלק. די ייִדישע מאָראַל האָט געהאַט דעם „יכין ובועז"־אָנשפּאַר — די פאַרבינדונג פון נאַציאָנאַ־ליזם מיט תורה און אמונה.

ווי עס ווערט איבערגעגעבן אין דער אגדה — און היסטאָריקער באַשטעט־טיקן עס — האָט אַ גריך, אין דער צייט פון דער גריכישער הערשאַפט איבער יהודה, פאַרכאַפּט אַ כלה און זיך פאַרמאָסטן זי צו פאַרגוואַלדיקן; ער האָט זי געריסן ביי די האָר, אויסגעשפּרייט אַ ספר־תורה און פאַרנומען זיך „צו קומען אויף איר" אין קעגנוואַרט פון איר חתן. אַזוי ווי די הגמונים פלעגן זיך פירן, כאַפּן די כלות פאַר זיך די ערשטע נאַכט... האָט אלעזר אַרויסגעכאַפּט זיין שווערד און אָפּגעהאַקט דעם גריכס קאָפּ, כדי צו ראַטעווען די אומשולד פון זיין כלה.

אַזעלכע פאַלן פון גבורה און מסירת־נפש זענען נישט קיין זעלטנהייט אין דער געשיכטע פון ייִדישן הערויִזם.

וועגן דער געוואַגטקייט פון אַ פרוי זיך צו ראַטעווען און צו באַשיצן איר ריינקייט ווערט איבערגעגעבן אינעם ספר „קב הישר"[24] אַ מעשׂה נפלא, וואָס האָט פּאַסירט ביים רמב"ן (רבינו משה בן נחמן, דתתקנ"ד־ה"ל; 1194־1270). ער האָט געשריבן אין אַ דרוש, אַז אַ ייִד וואָס שמדט זיך, איז זיכער נישט מזרע ישׂראל. האָט לאַנג נישט גענומען, און איינער פון זיינע זין האָט זיך געשמדט. האָט דער פּויפּסט געשיקט נאָכן רמב"ן (ער איז געווען באַוווּסט אַלס גרויסער און שאַרפער פּאָלעמיקער) און אים געזאָגט: זע, דו אַליין ביסט געשטרויכלט געוואָרן.

דער רמב"ן — ווערט דערציילט — האָט דערפון שטאַרק געליטן: ער האָט נישט געקענט עסן, נישט געקענט שלאָפן און זיין פרוי האָט געהאַלטן אין איין אויסרעדן אים פאַר וואָס ער נעמט זיך אַזוי שטאַרק צום האַרצן. ס'האָט אָבער נישט געהאָלפן.

ווען זי האָט מער נישט געקענט צוקוקן זיך צו זיין צער האָט זי אים איבער־געגעבן: איין מאָל, ווען זי איז געגאַנגען צום בית הטבילה (מקווה) וואָס איז געווען ווייט פון איר הויז, האָט אַן אָפיציר דערזען איר שיינקייט, האָט ער זי געכאַפּט, אַטאַקירט און פאַרגוואַלדיקט — און דער זון וואָס האָט זיך געשמדט איז פון יענער פאַרגוואַלדיקונג. אויב די גלייבסט מיר נישט — האָט זי געזאָגט — האָב איך אַלס סימן זיין פינגער ביי מיר... איך האָב אים געביסן און אָפּגעביסן אַ שטיק פון זיין פינגער.

ווען דער רמב״ן האָט דערהערט די ווערטער, די ווידוי פון זיין פרוי, האָט ער אויפגעציטערט און איז געלאָפן צום פויפסט אים איבערצוגעבן די רייד פון דער פרוי.

דער פויפסט האָט באַלד געשיקט נאָכן אָפיציר, אים געהייסן אַראָפּנעמען די הענטשקע פון זיין האַנט און דערזען, אַז ס׳פעלט אים אַ פינגער. נאָך אַ חקירה ודרישה, האָט זיך דער אָפיציר מודה געווען אין פאַרגוואַלדיקן אַ פרוי, וועלכע האָט ראַנגלענדיק זיך מיט אים אָפּגעביסן זיין פינגער.

דער רמב״ן האָט דאַן אויסגערופן: איצט זע איך, ווי אמת ס׳זענען די רייד פון די חכמים, אַז אַ ייִד שמדט זיך נישט.

ס׳ווערט אָנגעוויזן, אַז דעם רמב״נס איבערצייגונג אַז אַ ייִד שמדט זיך נישט, נעמט זיך פונעם פסוק — „פן יש בכם שורש פורה ראש ולענה״ [25], וועלכן דער רמב״ן קאָמענטירט: „כי משורש מתוק לא יצא מר, וכל אשר לבבו שלם עם השם הנכבד ולא הרהר כלל בעבודה זרה, לא יוליד מודה בה״ — פון אַ זיסן וואָרצל וועט נישט אַרויסקומען קיין ביטערס, דער וואָס האָט פולשטענדיקן גלויבן אין גאָט און טראַכט קיין מאָל נישט וועגן עבודה זרה, וועגן פרעמדע געטער, וועט נישט געבן געבורט צו אַזעלכן וואָס גלייבט יאָ אין זיי. צי זענען אַזוי די פאַקטן? דאָס איז אַן ענין פאַר זיך.

**ח. ערשטע שאלה ביי אַ רב אין אַמעריקע. — שאלת המשפחה. — פרוי-כאַראַקטער. — פרוי-געטריישאַפט. — חיוב פון מצוות.**

פרויען זענען מחויב אין מצוות, ווי מענער. זיי זענען פריי פון צייט-מצוות, אָבער נישט פון אַלע „מצוות עשה שהזמן גרמא״. צענדליקער מצוות, וועלכע ווערן קלאַסיפיצירט אַלס מצוות-עשה, זענען פאַר פרויען אָבליגאַטאָריש אַזוי ווי פאַר מענער. עס איז דער חוב פון דער פרוי צו זאָגן די הגדה, ווייל „נשים חייבות בסיפור יציאת מצרים מדאורייתא״. דער חיוב פון דער תורה איז חל נישט בלויז צוליבן טעם: „שאף הן היו באותו נס״ — ווייל זיי האָבן געגאָסן פון זעלבן נס, נאָר אַלס צוגאָב צוליב דער דאַנקבאַרקייט, דער הכרת טובה, וואָס זיי זענען אויסגעלייזט געוואָרן [1].

מען דאַרף דאַנקען דער פרוי פאַר אירע אָבליגאַטאָרישע מעשים לטובת איר מאַן. די משנה און די גמרא רעכענען אויס זיבן מלאָכות וואָס זי דאַרף טאָן: „שבע מלאָכות שהאשה עושה לבעלה, טוחנת, אופה, מבשלת, מכבסת, מניקה את בנה, מצעת המטה ועושה בצמר״ [2]. דער מאַן איז דערפאַר מחויב אין טראָגן די אחריות צו באַזאָרגן די פרוי מיט חיונה, מיט קליידונג, מיט צירונג און מיט אַלץ

אין וואָס זי נייטיקט זיך.ביידע צוזאַמען פאַרפליכטן זיך בעתן שטיין אונטער דער חופה צו קעגנזייטיקער געטריישאַפט, צו אַ געשלעכטלעך צוזאַמענלעבן מיט ליבע און רעספּעקט, אַ צוזאַמענלעבן וואָס זאָל ברענגען פרוכט: „שוש תשיש ותגל העקרה בקיבוץ בניה לתוכה בשמחה״.

וועגן דער געטרייקייט פון אַ פרוי צו איר מאַן ווערט דערציילט, אַז אַ פרוי פון בית טברנוס, פון אַ גוטער, ערלעכער משפחה, האָט חתונה געהאַט מיט אַ גנב, וואָס האָט זי שטאַרק געפּייניקט און נישט געלאָזט לעבן; האָבן די חכמים געוואָלט אינטערווענירן און אים אויסמוסרן פאַר זיין באַנעמונג. ווען זיי זענען געקומען צו איר אויסהערן אירע טענות, האָט זי זיי גאָר געוויזן די שיינע מתנות וואָס ער האָט פאַר איר געקויפט: אַ גאָלדענע מנורה מיט אַ נר של חרס, אָנווייזנדיק זיי דערמיט, אַז דער עיקר איז דאָס ליכט וואָס לייכט אין הויז און אַז ליכט קאָן קומען אַפילו פון אַן ערדענער כלי [3].

דאָס האָט פּאַסירט אין דער צייט פון תלמוד.

אין אונדזער צייט, אין גלות־איראָפּע, אין אוקראַיִנע — אין דער שטאָט אָסטראָ, וואָלין (די שטאָט פון מהרש״א און אַנדערע באַרימטע רבנים), האָט גע־טראָפן, אַז אַ מאַן איז געקומען אַהיים פון וועג פאַרשטעלטערהייט — ער האָט נישט געוואָלט אַז שטאָט־מענטשן זאָלן וויסן, אַז ער איז צוריק אין דער היים. ער איז אָבער נישט געווען פאַרשטעלט פון זיין ווייב (איר נאָמען איז געווען חיה) און האָט געלעבט מיט איר, ווי מאַן און פרוי; און איז שפּעטער אַוועקגעפאָרן.

ווען חיה איז פאַרגאַנגען אין טראָגן, האָט מען אָנגעהויבן רעדן אַז זי, אַן אשת־איש, האָט געלעבט בזנות: מ׳האָט זיך גענומען דערווייטערן פון איר. אַלע האָבן דאָך געוווּסט, אַז איר מאַן איז אַוועק אויף מיסחר אין מרחקים.

חיה איז אויסגעגאַנגען אין צער און אין בושה.

ווען דער מאַן איז צוריקגעקומען און זיך דערוווּסט וואָס דאָ איז פאָרגע־קומען, האָט ער אַלאַרמירט די שטאָטפירערס און זיי דערציילט דעם אמת, אַז זי איז פון אים געוואָרן מעוברת און אַז זי איז געווען אַ כשרע פרוי.

האָט שטאָט באַשלאָסן עפענען דעם קבר. ווי דערשטוינט זענען זיי געוואָרן טרעפנדיק ביי דער ברוסט פון דער טויטער מאַמע אַ לעבעדיק ייִנגעלע. מ׳האָט דאָס קינד אַרויסגענומען, אים אַ נאָמען געגעבן — חיים בן חיה און ער האָט געלעבט ביזן טיפן עלטער.

ווען ער איז געשטאָרבן, האָט מען אים געשטעלט אַ מצבה און אויסגעקריצט די ווערטער: „שנולד בקבר״ [4].

די ייִדישע מאָראַל אין די פאַמיליע־אָנגעלעגנהייטן איז תמיד געווען שטרענג און אַזוי אַרום איז איינגעהיט געוואָרן טהרת המשפחה.

די אָפּגעהיטקייט איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אויב ס'האָט געטראָפן אַן אומגליקספאַל — אַ מיידל האָט פאַרלוירן אירע „בתולים" — האָבן רבנים זיך באַמיט אויסצופאָרשן די אומשטאַנדן און האָבן איר צו מאָל געגעבן אַ כּתב, אַז זי איז נישט פּסול... נאָך מער, מ'האָט דאָס פאַרצייכנט אין די קהילה־פּנקסים; פאַרצייכנט די גביות־עדות און ראשי הקהל האָבן אַזוי אַרום געראַטעוועט מיידלעך וואָס זענען פאַרגוואַלדיקט געוואָרן, אָדער האָבן צוליב אַנדערע סיבות, פאַרלוירן זייער אומשולד.

דער פאָטער אָדער די מוטער פלעגן אַזאַ מיידל ברענגען פאַר רבנים, אָדער ראשי הקהל און איבערגעבן וועגן דער אומגליקלעכער פּאַסירונג. נאָכן דורכפירן אַ חקירה ודרישה, אויספרעגן עדות און אַז"וו, האָט מען אַריינגעשריבן דעם פאַקט אינעם פּנקס. די רבנים, אָדער ראשי הקהל, פלעגן זיך חתמענען אויף אַ דאָקומענט און אַרויסגעבן דעם מיידל אַ כּתב וואָס באַשטעטיקט איר אומשולד. אַזאַ מיידל פלעגט געררופן ווערן: „אַ מיידל מיט אַ כּתב".

די ערשטע שאלה פאַרן ערשטן רב הכּולל פון ניו־יאָרק, ר' יעקב יוסף חריף (תר"א־תרס"ב), איז געווען אַ שאלה אין הלכות נשים.

אַ מאַן האָט פאַרלאָזט זיין פרוי אין איראָפּע. מ'האָט געזאָגט אַז זי איז געשטאָרבן. האָט ער דאָן חתונה געהאַט מיט אַ פרוי, וועלכע האָט אים געבוירן זין און טעכטער. די צווייטע פרוי איז מיט דער צייט אויך געשטאָרבן. גייט ער אַ מאָל אין גאַס און טרעפט אָן אַ יונג מיידל וויינען. פרעגט ער זי פאַר וואָס זי וויינט. דערציילט זי אים, אַז זי איז אַ יתומה, האָט נישט קיין קרובים און האָט נישט פון וואָס צו לעבן!

דער מאַן האָט אויף דער עלנטער מיידל שטאַרק רחמנות געהאַט און איר פאָרגעשלאָגן צו זיין ביי אים אַן אויפפּאַסערין אויפן הויז און אויף די קינדער. זי האָט אָנגענומען זיין אָנבאָט און איז געוואָרן ביי אים אַ גוווערנאַנטקע. ס'האָט לאַנג נישט גענומען, און זיי האָבן חתונה געהאַט. אַזוי ווי זי האָט געדאַרפט האָבן אַן אַרויסהעלפערין, האָט זי געבעטן איר מוטער זי זאָל קומען און זיין מיט זיי.

ווען די מוטער איז אַריינגעקומען און דערזען דעם מאַן, האָט זי געמאַכט אַ געוואַלד: דו האָסט מיך צוויי מאָל פאַרראַטן: האָסט מיך פאַרלאָזט און איצט האָסטו גענומען מיין טאָכטער.

ר' יעקב יוסף האָט דאָ געדאַרפט מברר זיין, צי דער מאַן מעג ווינען מיט דער טאָכטער פון זיין געוועזענער ווייב. ער האָט געהאַלטן, אַז ווייל זי איז נוגעת בדבר, קאָן מען איר נישט גלייבן. זיין פּסק איז געווען, אַז ביז מ'וועט נישט מאַכן קיין חקירה ודרישה, זאָלן זיי זיך נישט גטן און נישט לעבן צוזאַמען געשלעכטלעך [5].

מיט דער שאלה — צי מען מעג ענדערן פון אַ זכר אויף אַ נקבה (אָדער פאַרקערט), וואָס איז אין אונדזער צייט שוין נישט פון די זעלטנקייטן, פאַרנעמען זיך צענדליקער רבנים אין הונדערטער מאמרים און שאלות ותשובות ספרים.

אין „המאור״ [6] לייענען מיר וועגן דער דאָזיקער שאלה מיינונגען פון אייניקע רבנים [7] וואָס ווייזן אָן, אַז שוין אין אַלטערטום האָט מען געוווּסט וועגן דער מעגלעכקייט צו טוישן געשלעכטער, אָבער מ׳האָט נישט געהאַלטן פון אַזאַ שינוי. זיי ציטירן פונעם ספר „החינוך״, אַז „שינוי סדרי גופו הנם בעיטה בטובת השם יתברך... והמוסר עצמו לשיקוץ זה בודאי שצריך להרחיקו מעדת ישראל״.

אין תּלמוד [8] ווערט איבערגעגעבן וועגן אַ פאַקט, אַז אין דער מוטערס אינגעווייד איז געטוישט געוואָרן אַ זכר אויף אַ נקבה; דאָס איז פאָרגעקומען ביי יעקב אָבינו: לאה האָט געבעטן, אַז דאָס זיבעטע קינד זאָל זיין אַ טאָכטער; אויף דעם פסוק — „ואחר ילדה בת ותקרא את שמה דינה״, פרעגט די גמרא — וואָס מיינט מען מיטן וואָרט „ואחר״, וואָס נאָך דעם? ענטפערט רב — „לאחר שדנה לאה דין בעצמה ואמרה, י״ב שבטים עתידין לצאת מיעקב...״ — צוועלף שבטים דאַרפן אַרויסקומען פון יעקבן. די דינסטפרויען האָבן שוין יעדע צוויי זין, זאָל מיין שוועסטער נישט זיין ווי איינע פון די שפחות? זי איז באַלד געענדערט געוואָרן אויף אַ מיידל [9].

ס׳ווערט אויך איבערגעגעבן אין תּלמוד וועגן רבאן, אַז ער האָט באַשאַפן אַ מענטש און רש״י לערנט, אַז ער האָט דאָס באַוויזן מיט דער הילף פון ספר יצירה, וואָס מפרשים גיבן צו, אַז מען קאָן מצרף זיין אותיות און דורך אותיות־באַהעפטונג קאָן מען באַשאַפן אַ „יציר אָדם״ [10].

מ׳האָט אויך געוווּסט אין אַלטערטום וועגן דער מעגלעכקייט פון פאַרשוואַנגערן דורך אַריינגעפּלאָסענער זרע, אָן דעם דירעקטן אָנטייל פון אַ מאַנצביל, ווי, למשל, קריגן זרע וואָס אַ מאַן האָט איבערגעלאָזט אין אַ וואַנע [11]. וועגן דעם האָבן מיר שוין אַ סך געשריבן און איבערחזרן איז נישט נייטיק. ס׳איז אָבער יאָ וויכטיק אָנצוווייזן, אַז אַ פרוי אין וועלכער מ׳האָט אַריינגעשפּריצט זרע פון אַן אַנדער מאַן, איז דערלויבט צו וווינען מיט איר מאַן און אַז זי איז נישט קיין סוטה. אַ סוטה ווערט מען בלויז דורך נאַטירלעכער ביאה.

דאָס קינד וואָס קומט פון אַ קינסטלעכער באַפרוכפּערונג איז — לויט אַנגעזעענע פוסקים — כשר. דאַקעגן ווערט אַ פרוי געפּסלט צו וווינען מיט איר מאַן, אויב אַ פרעמדער מאַן האָט געהאַט מיט איר געשלעכטלעכע באַציִונגען, אַפילו ווען זי האָט פון אים נישט אַריינגענומען קיין זרע. אייניקע רבנים ווייזן אָן, אַז אויב ס׳איז דרינגענדיק נייטיק די פרוי זאָל פאַרשוואַנגערן — און פון איר מאַן קאָן דאָס נישט געשען — זאָל מען נעמען פאַר איר זרע נכרי. אָבער, ווי געזאָגט, פאַרנעמען מיר זיך נישט מיט קיין רבנות און רבנישע פּסקים.

אויף דעם פסוק — „זכר ונקבה בראם"[12], קאָמענטירט דער בעל הטורים (ר' יעקב, זון פון רבינו אשר, הא"ל-ק"ג; 1270-1343), אַז זכר איז בגימטריא ברכה און נקבה — קללה[13]. דער מקור פון אָט דעם זאָג, איז אַ גמרא[14]: „כּיון שבא זכר בעולם, בא שלום בעולם". קאָמענטירן עס מפרשים[15], אַז דאָס איז צוליב דעם — „זכר זה כּכּרו בידו" און ביי אַ נקבה פעלט דאָס אַלץ. אין פשוטע ווערטער, דער זכר איז דער באַשפּייזער און באַזאָרגער פון פרוי און קינדער, אָבער די פרוי איז אָפּהענגיק אינעם מאַנס הצלחה.

ר' יעקב רייניץ גיט צו זיין אייגענעם פירוש[16], אַז נקבה איז לשון קללה, צוליב פסוק: „ונוקב שם ד'"...

די חכמי התלמוד האָבן אויך געזען אין דער קללה צו דער פרוי — אַ גרויסע ברכה. זיי האָבן געטייטשט דאָס וואָרט „עצבונך", „הרבה ארבה עצבונך"[17] אַז דאָס זאָל מיינען דם-נידה און וואָס מער בלוט, אַלץ מער פרוכפּערדיק: „כּל אשה שדמיה מרובים, בניה מרובים"[18]. דאָס באַווייזט, ווי עס ווערט אָנגעוויזן ביי מקובלים, אַז קדושה גייט דורך דעם געראַנגל מיט טומאה, די מיסטעריע — אַז דאָס גוטע רייסט זיך דורך פונעם שלעכטן... אַפילו אינעם רע, ווי דער בעש"ט האָט געלערנט, איז דאָ טוב — און דער מענטש קאָן אַנטוויקלען דעם טוב, דאָס גוטע[19]. דעריבער האָבן די חכמי התלמוד אַזוי פיל גערעדט וועגן קדושה בשעת תשמיש, אויף אַזוי ווייט, אַז „כּל המקדש עצמו בשעת תשמיש הוויין לו בנים זכרים"[20]. „צריך אדם לקדש עצמו בשעת תשמיש ונפקי מינה בני קדושי"[21].

יידישע מאָראַליסטן אין אַלע צייטן האָבן געלערנט וועגן קדושת הזיווג, אַז בעת מען איז מקיים דעם „והיו לבשר אחד" דאַרף די אהבה זיין כּגופו, אַזוי ווי מ'האָט ליב זיך, דעם אייגענעם קערפּער, וואָס איז ווייט פון תאווה.

דערפאַר טאַקע וואָס מ'האָט געוואָלט פאַרהייליקן דאָס זיווג-לעבן, ווייל מ'האָט געוואָלט שטאַרקן די אהבה צווישן מאַן און פרוי, האָט מען אַרויסגעגעבן אַ געזעץ, וואָס פאַרווערט מינדעריאָריקע חתונות. דעריבער האָט מען געלערנט: „אָסור לאָדם שיקדש את בתו כּשהיא קטנה, עד שתגדל ותאמר בפלוני אני רוצה"[22], ווייל אַן אַרויפגעצוווּנגענע הייראַט ברענגט שלעכטע רעזולטאַטן.

אויף דעם פסוק „ויקח את בת לוי"[23], קאָמענטירן חז"ל[24], אַז עמרם, משהס פאָטער, האָט געמערט (הוסיף) דעם דין פון נשואין, לויט דער מיינונג פון רב יהודה בר זבידאָ: „מלמד שעשה לה מעשה לקוחין, הושיבה באפריון ואהרן ומרים משוררים לפניה". דאָס וואָרט „אפריון" האָט געמיינט אַ צערעמאָניע פון פירן די כּלה פון איר פאָטערס הויז צום מאַן און מ'האָט די כּלה באַפּוצט און באַצירט מיט אַ גאָלדן באַדעקנס: „שהיו מוליכין אותה מבית אביה לבית בעלה ואפריון של מעילים וטליתות מוזהבות מוקפות לה"[25].

ר׳ יוסף ראָזען, דער ראָגאַטשאָווער־דווינסקער גאון, ווייזט אָן אויפן סמך פון דאָס ציטירטע, אַז דער דין פון חופה, ווי אַ באַשטעטיקונג אויפן חתונה־אַקט, איז באַנייט געוואָרן דורך עמרם, וואָס איז געווען, לויט מפרשים, אַ „גדול הדור״ [26].

דאָס אַלץ איז צו באַווייזן, אַז שוין די אָבות האָבן איינגעפירט חתונות און שטרענגקייט אינעם פאַמיליע־לעבן.

אַז מ׳האָט אָפּגעגעבן כבוד מרימען, משהס שוועסטער, האָבן מיר אין דער תורה: „והעם לא נסע עד האסף מרים״ [27] — דאָס פאָלק האָט זיך נישט גערירט פון אָרט בעת מרים האָט געליטן פון צרעת און איז געווען אָפּגעזונדערט זיבן טעג. פאַר וואָס איז איר געקומען אַזאַ גרויסער כבוד? צוליב דער שעה וואָס זי האָט אָפּגעגעבן פאַר איר ברודער: „בשביל שעה אחת שנתעכבה למשה כשהושלך ליאור״ [28], ווייל זי איז געשטאַנען פעסטביים טייך און געווען זיכער אַז איר ברודער וועט געראַטעוועט ווערן.

די חז״ל האָבן געזען אין מרימס זיכערקייט רוח־הקודש און נבואה: „ותתצב... ששרתה עליה רוח הקודש״ [29]. פאַר וואָס איז איר געקומען רוח־הקודש? דערויף זענען דאָ פאַרשיידענע דערקלערונגען. דער וויכטיקסטער, לאָגישסטער איז, ווייל זי האָט זיך מוסר־נפש געווען צו ראַטעווען יידישע קינדער; ווייל זי האָט צוגע־רעדט איר פאָטער צוריקצונעמען איר מוטער און לעבן נאַטירלעך, האָבן קינדער און פון דעם צוריקנעמען איז געבוירן געוואָרן דער גואל און מחוקק [30] — אָבער וועגן דעם באַזונדער.

דאָס אַלץ באַווייזט די חשיבות און די זכותים פון דער פרוי אין יהדות. מיט טויזנטער יאָרן פריִער, איידער ס׳זענען אָרגאַניזירט געוואָרן די „ליב־באַוועגונגען״ און איידער מ׳האָט געווידמעט טעג, חדשים, יאָרן פאַר דער מוטער, פאַר דער פרוי, האָט מען ביי יידן געזאָרגט פאַר איר רעכט און אָנזען אין משפחה־לעבן און אין דער געזעלשאַפט.

**ט. המזווג זיווגים. — פערציק טעג פאַרן געבוירן ווערן. — ברכה פון זכרים. — יעקב, בחיר האָבות, מוסטער לדורות. — מ׳האָט מוחל געווען דוד המלך אויף דער בת־שבע־מעשׂה.**

ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אין אונדזערע ווערק, זענען די משׂכּילים נישט געווען גערעכט מיט זייער קריטיק וואָס שייך דער באַהאַנדלונג פון דער פרוי לויט דער תורה און חז״ל און במילא זענען זיי נישט געווען גערעכט ווען זיי האָבן געפאָדערט מ׳זאָל דורכפירן „תיקונים בדת״.

אין מיינע פריִערדיקע ווערק האָב איך אָנגעוויזן אויף דער איבערגעטריבנקייט מצד די מש־

כּילים אין זייער קריטיק אויף תּורה־אויטאָריטעטן און אויף די מאָטיוון פון זייערע שטרענגע תּקנות.

ביים שליסן דאָס בר־מצווה־קאַפּיטל, ווילט זיך קודם־כּל אָנווייזן אויף דער טראַדיציאָנעלער ברכה „המזווג זיווגים״, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער אמונה, אַז אין הימל ווערן געפּאָרט פּאָרלעך, אַז „פערציק טעג פאַר דער יצירה פונעם קינד, ווערט שוין אויסגערופן מיט וועמען דאָס קינד וועט חתונה האָבן: „ארבעים יום קודם יצירת הולד בת קול יוצאת ואומרת בת פלוני לפלוני״ [1].

אַן אַנדער ווערסיע זאָגט, אַז יעדן טאָג ווערט געהערט אַ בת־קול, וואָס רופט אויס: די טאָכטער פון דעם און דעם געהערט צו יענעם.

פאַר וואָס בת פלוני לפלוני און נישט פלונית לפלוני, אָדער בת פלוני לבן פלוני, פאַרנעמען זיך דערמיט די מפרשי התלמוד און דער פאַרשטענדלעכסטער, לויט אונדזער מיינונג, איז דער טעם, וואָס עס גיט אָן דער מהרש״א [2], אַז די בת, די טאָכטער ווערט ערשט געבוירן, בעת דער בן, דער זון איז שוין פריִער געבוירן געוואָרן און וואַרט אויף זיין באַשערטע... דער זכר איז, ווייזט אויס, תּמיד עלטער פון דער נקבה, ווי ביי אָדם הראשון.

די חכמים האָבן אָבער געוואָרנט קעגן חתונות פון מינדעריאָריקע מיט פאַר־עלטערטע: „המשׂיא את בתו לזקן והמשׂיא אשה לבנו קטן, עליו הכּתוב אומר [3] ,למען ספות הרוה את הצמאה׳״. אַזעלכער ברענגט קריג און צרות אויף זיין הויזגעזינד [4]. זיי האָבן געדרשנט דעם פּסוק „את בתי נתתי לאיש הזה לאשה״ [5] — „למי שראוי להיות איש״, אַז נאָר צו אַ מאַן וואָס איז מאַנצביליש־פעיִק מעג מען געבן די טאָכטער, מיטן באַדינג, אַז די טאָכטער זאָל שוין זיין פּאַסיק און גרייט פאַר חתונה האָבן [6].

אין דער קבלה, דעם יסוד פון ייִדישן מיסטיציזם, ווערט אויסגעברייטערט דער יסוד פון זיווג־צוזאַמענשטעל, אַז דאָס ווערט געטאָן אין הימל; די הימלישע איניציאַטיוו און אינטערווענץ ברענגט צוזאַמען די זיווגים, נאָך איידער זיי ווערן געבוירן: „קודשא בריך הוא מזווג זווגין עד דלא ייתא לעלמא״ [7].

די פראַגע ווערט געשטעלט, ווי אַזוי קען מען אָננעמען די באַהויפּטונג אַז די זיווגים ווערן פאָרויס באַשטימט, ווען מיר האָבן אַ מאמר פון ריש לקיש, „אין מזווגין לאָדם אלא לפי מעשׂיו״ [8]. ד״ה, אַז די באַשטימטקייט איז נישט גורלדיק, איז נישט פאַטאַל און פינאַל, נאָר ווערט גאָר באַשטימט לויט די מעשׂים. נאָך מער: „וקשין לזווגן כּקריעת ים סוף״, וואָס רש״י לערנט, אַז ס'איז דעם רבונו של עולם שווער צוצופּאַסן דעם מענטש זיין זיווג, ווי ביי קריעת ים סוף, ווען ער האָט גע־דאַרפט משנה זיין מעשׂה בראשית.

נאָך אַלע תּירוצים און נאָך אַלע קאָמענטאַרן אויף די דאָזיקע מאמרים, קומט מען צום אויספיר, אַז דער זיווג ראשון ווערט פאַרויסבאַשטימט און עס איז אַ מזל־זאַך. מען דאַרף האָבן מזל צו געפינען די גוטע פרוי און קענען זאָגן אויף זיך: „מצא אשה מצא טוב״. דער זיווג שני, די צווייטע פרוי, ווערט צוגעפּאַסט לויט מעשׂים, און דורך תּפילה קען מען קריגן אַ פיינע פרוי (דורך תּפילה קען אויך אַן אַנדערער זי אויסכאַפּן). לויט תּוספות, קען תּפילה ווירקן אַפילו ביים זיווג ראשון. ס׳ווערן דערויף געבראַכט געגויע באַווייזן, אַז אַזעלכעס קען פּאַסירן.

ווען מיר זיך נישט אַריינלאָזן אין פּלפּולים. ס׳איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז „מה׳ אשה לאיש״, אַז פון הימל איז מען מזווג זיווגים. די שדכנים זענען די שליחים און פירן צוזאַמען אָט די זיווגים.

אין משך פון דורות האָט זיך אַנטוויקלט אַ סאָרט הכנות צום מזווג זיין די זיווגים: דער שדכן ברענגט צוזאַמען עלטערן און די עלטערן ווערן צדדים־מחותּנים און ווען מען זעט, אַז ס׳איז ביים וועג, ברענגט מען צוזאַמען חתן־כּלה זיי זאָלן זיך אָנקוקן. ס׳איז פאַרבאָטן קידושין אין „אַבסענציע״, אין אַפּוועזנהייט: „אָסור לאָדם שיקדש את האשה עד שיראנה״ [9]. אַז מען געפעלט זיך מאַכט מען אַ „וואָרט״ און מען באַשטימט תּנאים. די תּנאים ווערן געשריבן „בעזרת השם יתברך... מצא אשה מצא טוב ויפק רצון מה׳ הטוב...״ לויטן אויסגעאַרבעטן טעקסט, און מען באַשטימט אַ זמן־חתונה. אונטער דער חופּה לייענט מען די כּתובה — דעם הייליקן קאָנטראַקט צווישן חתן־כּלה. דער חופּה־אַקט באַפעסטיקט דעם קנין הגוף וקנין הנפש צווישן דעם פּאָרל תּחת כּיפּת הרקיע...

אין אַלטערטום פלעגט מען פּראַווען סעודת אירוסין אַ סך פריִער פאַר נשואין און ס׳זענען דערפון אַרויסגעקומען אַ סך מכשולים. די פרוי איז דאָך שוין געווען לעגאַל אַן אשת־איש [10]. יעדער באַריר מיט אַן אַנדער מאַן האָט געקענט זיין אַן אורזאַך פון עונש און פאַרבאָט צום חתן; פאַרן געשלעכטלעכן פאַרקער מיט אַן אַנדערן איז געקומען סקילה — טויט.

אין יהודה — לערנט אונדז די משנה [11] — האָט קיין חתן נאָך דער חתונה נישט געקענט האָבן קיין טענה, אַז ער האָט נישט געפונען קיין בתולים, ווייל ער איז געווען אין חשד, אַז קומענדיק צו זיין שווער, נאָכן פאַרקנסט ווערן, האָט ער געלעבט אינטים מיט זיין כּלה.

„האוכל אצל חמיו ביהודה, שלא בעדים אינו יכול לטעון טענת בתולים, מפני שמתיחד עמה״. דער רמב״ם [12] דערציילט, אַז אין יהודה איז געווען דער מינהג, אַז ווען אַ מאַן האָט מקדש געווען אַ פרוי, האָט דער כּלהס פאָטער געמאַכט אַ סעודה פאַרן חתן — סעודת אירוסין — און דער חתן האָט זיך מתיחד געווען (געווען צוזאַמען, אָפּגעזונדערט) מיט זיין ארוסה. צוליב דעם האָט ער שפּעטער, נאָך דער חתונה, נישט געקענט האָבן קיין טענה וועגן נישט געטראָפענעם בתולים.

נישט אומעטום איז אָנגעגאַנגען דער דאָזיקער מינהג. אין גליל האָט מען נישט געהאַלטן פון אַזאַ מינהג און אויך אין יהודה, גיט איבער רב יהודה, זענען געווען ערטער, ווו מ׳האָט מיחד געווען חתן־כלה בלויז אַ שעה איידער זיי זענען געגאַנגען צו דער חופה — אַ סאָרט „באַדעקן״ אין אונדזער מינהג.

מיט דער צייט זענען לגמרי בטל געוואָרן די קידושין פאַר נישואין, פאַר דער חתונה, כדי אויסצומיידן מכשולים.

נאָך דער חתונה דורך חופה וקידושין, נאָך די שבע ברכות, נאָכן „שוש תשיש ותגל העקרה בקבוץ בניה לתוכה בשמחה...״ דאַרפן מאַן און פרוי מקיים זיין די מצווה „פרו ורבו״ און דער מאַן האָט רעכט צו לעבן מיט זיין פרוי ווען נאָר ער האָט חשק דערצו, אויסער דער צייט פון איר מענסטרויִרן. ער טאָר זי אָבער נישט באַלעסטיקן מיט זיין לוסט: „אָסור לאָדם שיכוף את אשתו לדבר מצוה״, מ׳טאָר נישט אַרויפצווינגען די געשלעכטלעכע באַציִונגען [13].

איידער דער מאַן גייט האָבן אינטימקייט דאַרף ער פריִער סטימולירן און אַרויסרופן ליבשאַפט, דערוועקן ביי דער פרוי דעם דראַנג צו דעם פאַרגעניגן. ס׳דאַרף אויך זיין קדושה ביים עצם אַקט, לויטן דעווויז פון „קדש עצמך במותר לך״ [14].

די שפעפערס און באַגרינדערס פון ביידע תלמודים האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט תקנות אין הלכות דרך־ארץ און גאָר באַזונדערס אין די פרוי־מאַן־באַציִונגען. נישט בלויז תקנות פון טומאה־טהרה, נישט בלויז וועגן טבילה פאַר בעלי קרי, נישט בלויז ווי צו קליידן און שפייזן די פרוי און די פאַמיליע, נאָר אַפילו ווי אַזוי זיך צו באַנעמען בשעת דער אינטימקייט.

געזונג צו דערמאָנען דעם פאַרבאָט נישט צו האָבן קיין אינטימען פאַרקער ביי טאָג. „אָסור לאָדם שישמש מטתו ביום״ [15]; „אָסור לו לאדם שישהה את אשתו אפילו שעה אחת בלא כתובה״ [16] דער טעם איז — ווייל די פרוי ווערט דעגראַדירט אין זייַנע אויגן, און זי פאַרלירט דעם צוטרוי; דאָס ווינען צוזאַמען ווערט פּראָ־פאַגירט צו דער נידעריקייט פון זנות־צוזאַמענלעבן, ווי עס ווערט געזאָגט: „כדי שלא תהא קלה בעיניו להוציאה״ [17]. זיי האָבן אויך געלערנט, אַז מען טאָר נישט זיין אָן אַ פרוי, ווייל אָן אַ פרוי האָט מען נישט די מעגלעכקייט צו געניסן פון אַ נאַטירלעך לעבן — „אָסור לעמוד בלא אשה אף־על־פי שיש לו כמה בנים״ [18].

ווען די חז״ל האָבן כאַראַקטעריזירט אַ פאַרהייליקטע פערזענלעכקייט, האָבן זיי נישט דורכגעלאָזט צו דערציילן וועגן זיין משפחה־לעבן, וועגן פריוואַטן לעבן פון היסטאָרישע פערזענלעכקייטן, אַזוי ביי די אָבות, אַזוי ביי משה און אהרן, אַזוי ביי דוד המלך און זיין זון שלמה.

יעקב אָבינו איז דער „בחיר האָבות״, ער איז דער אויסדערוויילטער, דער תפארת פון די אָבות, דער סימבאָל פון אמת, „תתן אמת ליעקב״ [19], אָבער אַפילו

ביים דריטן פון די אָבות, וואָס ביי אים איז געווען „מטתו שלמה", אויך ביי אים האָט מען געפונען אַ פגם: ער האָט געפּאָלגט זיין מוטער און זיך פאַרשטעלט אין עשׂוס יאַגד־קליידער, בכדי ער זאָל קריגן די בכורה; דערפאַר איז ער באַצאָלט געוואָרן „מדה כנגד מדה".

אין דער נאַכט פון נאָך זיבן יאָר וואַרטן האָט לאה — לויט מדרשים — זיך אָנגעטאָן און זיך פאַרשטעלט אין רחלס בגדים און יעקב האָט זי נישט דערקענט, דערצו נאָך, ווען רחל האָט איבערגעגעבן לאהן די סימנים.

פון יוספן — זיין געליבטסטן זון — האָבן די ברידער אַראָפּגעריסן דאָס זייַדן העמדל, עס איינגעטונקען אינעם בלוט פון אַ ציג, כדי צו דערמאָנען זייער פאָטער, אַז ער האָט אויף זיינע הענט אַרויפגעצויגן אַ פעל פון „גדיי עזים"[20].

אויף דער עלטער איז יעקבס ראיה געשלאָגן געוואָרן און ער האָט זיינע אייניקלעך נישט דערקענט — אַ רמז אויף דער טונקלקייט פון זיין פאָטער יצחקס אויגן.

די מעשׂה יהודה און תמר האָט מען אויך נישט באַהאַלטן. מען דערציילט אַלע פּרטים ווי אַזוי יהודה איז געקומען צו דער תמרן, מיינענדיק אַז זי איז אַ פּשוטע זונה, אַן אויסגעלאַסענע פּרוי, וועלכע שטעלט זיך אויפן שיידוועג צו קריגן קונים.

אין דער יידישער מיסטיק, אין קבלה־ און חסידות־ספרים, ווערט אָבער אָנגעוויזן, אַז אַנדערש האָט עס נישט געקענט זיין: די קדושה דאַרף זיך אַרויס־רייסן פון דער טומאה, אַז אַלץ קומט ביים מענטש דורך תערובות, אויסגעמישט און נאָכן געראַנגל, געלינגט דעם טוב זיך אָפּצוטיילן פונעם רע. די הייליקע נשמות קומען אויף דעם עולם, דורך שווערע קאַמפן און טונקעלע אַלייען.

יהודה האָט געדאַרפט מקיים זיין די מצווה פון יבום: תמר האָט געדאַרפט, דער ברודער זאָל זי נעמען און בויען דאָס הויז פונעם פאַרשטאָרבענעם. איז דאָס נישט געטאָן געוואָרן, האָט געדאַרפט געשען, אַז דורך פאַרבאָטענעם יבום זאָל קומען מלכות בית דוד, מלך המשיח און גאולת ישׂראל.

אין חסידות, שטיצנדיק זיך אויף דער מעשׂה יהודה ותמר און „מעשׂה אבות סימן לבנים", האָט מען אָנגענומען אַ יסודותדיקע קאָנצעפּציע, אַז דער טוב מוז האָבן אין זיך אַ תערובת פון רע און ביים מענטש בלייבט דער אייביקער געראַנגל צווישן טוב ורע...[21]

דוד המלך האָט אַנדערש נישט געקענט קומען אויף דעם עולם ווי נאָר דורך דער רות המואביה, וועלכע איז געוואָרן אַן איבערצייגטע גרטע, זיך איבערגעגעבן דער יידישער אמונה און אַז זי איז געוואָרן, דורך יבום, די ווייב פונעם שופט.

שלמה המלך האָט געדאַרפט געבוירן ווערן פון בת־שבע, פון אַ זינדיקער ליבע, צוליב וועלכער דוד האָט אַ סך געליטן, שטאַרק געשטראָפט געוואָרן און ערשט יאָרן נאָך זיין טויט האָט מען געוויזן פון הימל, אַז מ'האָט אים מוחל געווען די זינד.

ווען שלמה המלך האָט פאַרענדיקט בויען דעם בית־המקדש, און געפּראַוועט וואָכן פון חנוכת הבית, ווערט אַ סך דערציילט וועגן דער פרייד וואָס האָט דאַן געהערשט: „וילכו לאהליהם שמחים וטובי לב על כל הטובה אשר עשה ד׳ לדוד עבדו ולישראל עמו״ [22]. דרשנט די גמרא [23]: „וילכו לאהליהם״ — שמצאו נשותיהן בטהרה — זיי זענען אַהיימגעקומען און געטראָפן זייערע ווייבער אינעם ריינעם פּעריאָד. „שמחים וטובי לב״ — צופרידענע, ווייל זייערע ווייבער זענען געוואָרן מעוברת און געבוירן זכרים. „על כל הטובה אשר עשה לדוד״ — פאַר דעם גוטס וואָס ער האָט געטאָן צו דודן, „שמחל לו על אותו עון״ — וואָס ער האָט אים מוחל געווען די זינד...

אַפילו די שטיינער פון מזבח וויינען, בעת עס צעשיידט זיך אַ פּאָרפּאָלק: „כל המגרש אשתו ראשונה אפילו מזבח מוריד עליו דמעות״ [24].

ווען אַ מאַן בלייבט אַן אלמן, זאָגן חז״ל, איז אים פינצטער זיין וועלט, איז אים שלעכט, איז אים ביטער, ווי דאָס בית־המקדש וואָלט חרוב געוואָרן אין זיין צייט. נאָך דער ערשטער ליבע — איז מער נישטאָ קיין עכטע ליבע: „לכל יש תמורה חוץ מאשת נעורים״ [25].

ביים כאַראַקטעריזירן די פרוי, האָבן זיי געלערנט אַז אַ פרוי איז מער סענסי־טיוו ווי דער מאַן און געוואָרנט זיך אויסצוהיטן פון באַליידיקן די פרוי, ווייל ס׳איז נישט לייכט זי איבערצובעטן און דאָס קען פירן צו אַ שיידונג, צו אַ גט: „איש נח להתפייס ואין האשה נוחה להתפייס״ [26]. אָבער כדי ס׳זאָל נישט זיין לייכט דורכצופירן אַ גט, האָט מען אָנגעזאָגט — „כל שאינו יודע בטיב גטין וקדושין לא יהא עסק עמהן״, אַז בלויז מומחים, באַרופענע פאַר דעם רבנים, האָבן רעכט זיך צו מישן אין די ענינים, דורכצופירן דעם ריטואַל פון יבום, קדושין, גיטין אאַז״וו.

דער מהר״י מינץ זוכט אַ טעם, פאַר וואָס מ׳דאַרף אַ מנין ביי אַ גט. לויטן מאַטיוו, וואָס עס גיט אָן דער „נחלת שבעה״, אין נאָמען פון ר׳ מרדכי יפה (בעל הלבושים) איז עס צוליב פרסום: ס׳זאָל באַוווּסט ווערן, אַז די פרוי איז געגט געוואָרן, דער מאַן זאָל נישט קענען מבטל מאַכן דעם גט.

ס׳שטעלט זיך אָבער די פראַגע, אויב צוליבן טעם עס זאָל באַוווּסט ווערן דער אַקט פון גט, אויב דאָס זאָל זיין דער איינציקער מאַטיוו, פאַר וואָס מוז מען האָבן צען? ס׳זענען דאָך דערצו גענוג דריי, אַ צאָל פון דריי ווערט דאָך אָנער־קענט אַלס רבים.

מיט דער פראַגע פאַרנעמען זיך מפרשים און אייניקע ווייזן אָן, אַז דער מאַטיוו איז גאָר צוליב דעם פסוק „ויצאה והיתה״ [27], אויף וועלכן די חז״ל זאָגן [28]: „מקיש הויה ליציאה ויציאה להויה״ — מען פאַרגלייכט דאָס גטן צום חתונה האָבן,

דאָס שיידן זיך צום פֿאַרבינדן זיך, פּונקט ווי אַ חתונה מוז זיין אין דער אַנוועזנהייט פֿון אַ מנין ייִדן, אַזוי מוזן אויך ביים אויפֿלייזן דעם הייליקן בונד זיין צען מענער.

די כוונה פֿון די אַלע קאָמפּליקאַציעס און שוועריקייטן איז געווען איינצו־שטעלן שלום־בית. דאָס איז געווען דער ווונטש ביי די גייסטיקע פֿירערס פֿון ייִדנטום אין אַלע ציטן. זיי האָבן געזען די וויכטיקייט פֿון „וידעת כי שלום אהלך" [29] — און זאָלסט וויסן אַז דיין געצעלט איז אין שלום. דאָס געצעלט איז דאָ געמיינט די פֿרוי, די עקרת־הבית, די וואָס טוט אַכטונג אויפֿן הויזגעזינד.

## הערות

### א

1 דאָטירט, עש"ק מברכים חודש מנחם-אָב, תשל"ד.
2 שיר השירים, ד', י"ב.
3 כתובות, ה', ד'.
4 דאָרט, גמרא, ס"א-ס"ג.
5 שמות, כ"א, י"ג; רש"י, בראשית, ל"א, נ'; יומא, ע"ז, ע"ב.
6 „בעד ונגד", דו ירחון, 58, ניסן תשל"ב — אַפּריל, 1972, „בעיית המפגרים".
7 הרב שמואל גערשטנפעלד, הצעה למעט בעיגון, תלפיות, ניו-יורק, טבת-אדר, תש"ד.
8 בירורי הלכה... הוצ' מוסד הרב קוק, ירושלים תשכ"ז.
9 זע, הרב יחיאל יעקב וויינבערג, שרידי אש, ב', ירושלים, תשכ"ב, ז' שכ"ב.
10 די הלכה-קאָמיסיע ביים קאָנסערוואַטיוון ראַבינאַט, האָט אויף איר זיצונג דעם 29סטן אויגוסט, 1973, באַהאַנדלט און באַשטעטיקט לויט אַ מערהייט פֿון פֿינף קעגן פֿיר, די אַלע חידושים. איינער פֿון די מיטגלידער, רבי פּינחס סיגל, באַהאַנדלט די ענינים אין זיין ווערק „נייע דימענסיעס אין יודאַיזם" — אָבער וועגן דעם באַזונדער.
11 מגלה, כ"ג, ע"א.
12 אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פֿרוי" — אויספֿירלעכער.
13 אין מיין דערמאָנטן ווערק.
14 דברים, כ"ט, ט'-י'.
15 קשין זווגין קמי' קוב"ה כקריעת ים-סוף; אַן אַנדער נוסח „קשין לזווגן", זהר ב', ק"ע, ע"ב; סנהדרין, כ"ב, ע"א.
16 זע: קדושין, ב', ע"ב; ב"ב, מ"ה, ע"ב; ז. ורהפטיג, זריחת השני, ז"ז 254-255.
17 אישות, ד', א'.
18 זע, גיטין, ע', ע"א-ע"ב.
19 וועגן אים, זע: ד"ר מרדכי מרגליות, אנציקלופדיה לתולדות גדולי ישראל, ירושלים, כרך ראשון, ז"ז 81-83; גדלי' נגאלי, „פרק בהגותו של דור גירוש ספרד, סיני, תשרי-חשון, תשל"ד (שנת הל"ה, כרך ע"ד, חוב' א'-ב') ז"ז ס"ז-פּ. ער גיט אַן ביבליאָגראַפֿיע וועגן ראַ"ס און ציטירט פֿון זיינע ספרים, צוו"אַ: אות ס' פֿון ויסגור (בראשית, ב', כ"א) האָט אין זיך דעם אות ס', פֿון סמאל — די סטרא אחרא, דער מלאך המוות — און אַז די פֿאַרפֿירט דעם מאַן. מען דאַרף גאַר שטאַרק אויספֿאָרשן דער פֿרויס משפחה און איר כאַראַקטער, איידער מען שליסט דעם חתונה-בונד.
20 שו"ת הראַ"ש, כלל נ"ח, סימן ד'; זע, סיני, דאָרט.

## ב

1 בראשית רבה, ע״ח; שבת, קי״ח, ע״א.
2 שבת, קי״ח, ע״ב.
3 מנחות, מ״ג, ע״ב.
4 עבודה זרה, י״ח, ע״ב.
5 קדושין, מ״ט, ע״א.
6 יבמות, ס״ג, ע״א; ב״מ, נ״ט, ע״א.
7 שבת, י״א, ע״א.
8 חגיגה, ה׳, ע״ב.
9 כתובות, ע״א, ע״ב; נדרים, ט״ו, ע״ב; פ״א, ע״ב.
10 ברכות, ט״ז, ע״ב.
11 ישעיה, ל״ב, ט׳.
12 ברכות, י״ז, ע״א.
13 דאָרטן.
14 תהלים, ל״ב, ו׳.
15 משלי, י״ח, כ״ב.
16 חגיגה, ה׳, ע״ב; מסכת כלה, א׳.
17 יומא, ע״ז, ע״ב.
18 ברכות, ב׳, ג׳; כתובות, ו׳, ע״ב.
19 ברכות, ט״ז, ע״א-ע״ב.
20 שו״ע או״ח, ע׳, ג׳.
21 יבמות, ס״ג, ע״ב.
22 סוטה, י׳. דבורה און יעל אין קאַמף קעגן סיסראַ; אסתר נס פורים; יהודית — נס חנוכה.
23 זע, גבריאל זאב וואָלף מרגליות, חרוזי מרגליות, ירושלים, תער״ב, ז״ז ק״ח-ק״ט. ז״ז ק״ח-ק״ט. צי נשים חייבות במגילה, מיינט הערן אָדער לייענען — זען, חבלים בנעימים, ג׳, ל״ו.
אין שטעטל לעטיטשעוו, האָט אַ מאָל געטראָפן, אַז אַ מאַן האָט זיך באַהאַלטן אונטערן בעט פון חתן-כלה אין זייער חופה-נאַכט. איז זיין משפט געווען: בינדן אים הענט און פיס און אַרויספירן אים אויסערן שטאָט אויף אַ וואָגן מיט מיסט״ — אברהם רעכטמאַן, יידישע עטנאָגראַפיע און פאָלקלאָר, ייווא״אַ, אַרגענטינע, 1958, ז׳ 216.
24 זע, נפלאות התפארת שלמה, ז״ז 77-78.
25 אנציקלופדיה תלמודית, י״ד, ערך חזקת חיים, ז״ז י׳-ט״ז.
26 זע, גיטין, י״ז, ע״א; תוספות, דאָרט, אָנהייב-וואָרט „משום״; אנציקלופדיה, י״ד, דאָרט.
27 חבלים בנעימים, ג׳, אבן העזר, סימן מ״א.
28 זכרון לק״ק טומאשוב-לובלין, ז׳ 98.
29 שו״ת הרי״ם, סימן ל״ו.
30 מדרש שיר השירים, אויפן פסוק „נגילה ונשמחה״.
31 ויקרא, י״ט, ב׳.
32 אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי״ — באריכות.
33 חבלים בנעימים, אבן העזר, פון סימן ס״ה און ווייטער.
34 זע, שו״ת חוט המשולש, סימן נ״ד.
35 „מנחת שי״, תשובה ט״ז.

## ג

1 במדבר, כ״ז, א׳-ד׳; בבא בתרא, קי״ט-ק״ך; שבת ,צ״ז.
2 במדבר, י״ד, מ״ד.

3 דאָרט, דאָרט, מ״ב.

4 אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי״ — אויספירלעכער.

5 זע, גרשון הולצר, עדות אשה במשפט העברי, סיני, אייר-סיון, תש״ל.

6 זע אויך „באַציונג צו דער פרוי״. אין די פריערדיקע פרקים האָבן מיר באַהאַנדלט פרטימדיק.

7 ל״א, י׳-ל״א.

8 ל״א, י״ח, כ״ז; משלי, י״ב, ד.

9 זע, Saul J. Berman, The Status of Women in Halachic Judaism, pp. 5-28, Tradition Vol. 14, No. 2, Fall 1973, Editor: Rabbi Dr. Walter S. Wurzburger.

10 תהלים, מ״ה, י״ד.

11 שבת, ל״ג, ע״ב.

12 אין הגהות רעק״א, שבת פרק ו׳ ווערט געשטעלט די פראַגע, צי פרויען זענען מוזהר, געוואָרנט, נישט צו לאָזן זייערע בהמות אַרבעטן אום שבת... דער גאון און פוסק קומט צום אויספיר, אַז זיי זענען מוזהר על שביתת בהמתן, ווי מענער — אויף זיי איז אויך חל דער „למען ינוח שורך וחמורך...״

13 יד החזקה, תלמוד תורה, א׳, ט״ז; נשואין, י״ב, ד׳; כ״א, ז׳; שו״ע או״ח, רפ״פ, רמ״א: „ומ״מ חייבת האשה ללמוד דינים השייכים להאשה״; ביאור הגר״א — כמעט מיטן זעלביקן לשון; שולחן ערוך הרב; משנה ברורה און שדה חמד — פאַרשיידענע מיינונגען. בערמאַן, „טראַדישאַן״, ז״ז 15-16.

14 זע: כתובות, ה׳, ה׳; נ״ט, ע״ב; ס״ה, ע״ב; רש״י אויפן אָרט; רמב״ם, פירוש המשניות.

15 יל״ג וועגן דער געטאָ-פרוי, ספר השנה, בעריכת נ. סוקולוב, תרס״ו, 1905-6, ז״ז 249-250, דאָרט, אינטערעסאַנטע דערציילונגען אד״ט „שתי יבמות״ און ענלעכע פרוי-טעמאַטיק — ווי אַ התחלה צו פאַרגיטיקן דער פרוי, אַז זי זאָל האָבן אַן אָרט אין דער נייער העברעישער ליטעראַטור, נאָכן השכלה-דור.

16 חגיגה, ה׳, ע״ב און רש״י אויפן אָרט.

17 ר״ה, ו׳, ע״ב. רש״י און תוספות באַהאַנדלען די פראַגע, מיט וואָס אַ פרוי שטעלט זיך צופרידן — ס׳ווערט אויך פאַרענטפערט די אויבנאויפיקע סתירה פון ביידע מסכתות: ראש השנה און חגיגה. מיט דער דאָזיקער פראַגע פאַרנעמען זיך, וואָס אַן אמת, אַלע מפרשים.

18 הלכות חגיגה, א׳, ב׳ — אויספירלעכער וועגן אָט דעם קעגנשטאַנד אין הלכה — זע חיים מאיר יחיאל שטינברג, משנת חיים, בני ברק, תשל״ד, ז״ז ל״ה-ל״ז.

19 פ׳ מטות, פרק ל׳, פסוק ד׳, סימן י׳; זע, חגיגה, א׳, ע״א. שו״ע, יו״ד סימן רמ״ח, י׳, ט״ז, ס״ק, ד׳.

20 זע, רמב״ם, ספר המצוות, מ״ע צ״ד, הערות ר״ח העליר; כסף משנה, הלכות חגיגה און שמחה, רמב״ם — אויפן אָרט, „האשה בעלה משמחה״ מיינט מיט קרבנות שלמים.

21 וועגן רעכט פון פרוי — ברכות, כ׳, ע״ב.

22 זע, הלכות ברכות אין הלכות אבל; משנת חיים, סימן ל״ג.

23 סוטה, כ׳, ע״א; כ״א, ע״ב, אָנהייב-וואָרט „בן״.

דער מהרש״א קאָמענטירט, אַז מ׳קען חלילה ניט חושד זיין רבאָן, אין אַרויסלאָזן אַ וואָרט, וואָס זאָל מיינען קללה, דערצו אויף אַ חבר. לויט זיין אויסטייטש, האָט רבאָ בלויז אָנגעדייט מיט זיין זאָג, אַז אויב רמי וועט זי גטן, דאַן איז ער גרייט מיט איר חתונה האָבן.

24 וועגן רבאָ, רב חסדאָ, רמי בר חמא — זען: ברכות, מ״ד, ע״א; נ״ו, ע״א; שבת, קכ״ט, ע״א; חגיגה, ה׳, ע״א; כתובות, ל״ט, ע״ב; פ״ח, ע״א; חולין, מ״ד, ע״ב און אין אַנדערע מקומות אינעם ים התלמוד.

25 שו״ת נודע ביהודה, אבן העזר, ל״א.

26 יבמות, ק״ג, ע״א; תוספות, דאָרט, אָנהייב-וואָרט, הא קאמיתהניא מעבירה; נזיר, כ״ג; הוריות, י׳.

27 צי די מוסרת עצמה לזנות כדי צו ראטעווען איר פאלק איז דערלויבט צו ווינען מיט איר מאן, זע „משנת אברהם" להרה"ג ר"א פרייס, ספר חסידים א', סימן רנ"ג, ז' קל"ג.
28 זע, איכה רבתי, ג', י"ד; שמות רבה, י'; חיים זאב רייינעס, שבילי החנוך, חורף, תש"ך — 1960.
29 סוף מסכת תענית.
30 זע, הרב חיים דוב שעוועל, בקרת ספרים, הדרום, תשל"ה, ז"ז 217-218.
31 נדה, ע', ע"א-ע"ב.
32 תהלים, קל"ב, י"ג.
33 ירמיה, ל"ב, ל"א.
34 יבמות, ע"ו, ע"א-ע"ב; קדושין, ב', ע"ב.
35 במדבר, כ"ז, ו'-ח'; בבא בתרא, ק"י.
36 במדבר, ל"ו, ח'-ט'.
37 במדבר, ל"ו; ב"ב, ק"כ-קכ"א.
38 הרב בן ציון פירער, אין איינעם פון זיינע מאמרים אין „שערים".
39 במדבר, י"ח, כ"ג-כ"ד.

## ד

1 בבא קמא, צ', ע"א.
2 אין מיינע ווערק, „באציונג צו ארבעט און ארבעטער" און „באציונג צו דער פרוי" — אויספירלעכער.
3 שמות, כ"א, י'.
4 כתובות, מ"ז.
5 רמב"ן, געבראכט אין שו"ת רשב"א, סימן מ"ה.
6 פסחים, נ'.
7 ברכות, כ', ע"ב.
8 זע, סוב-פרק 2, הערה 12.
9 נ"ד, ע"ב; תוס', דארט, נ"א, ע"ב.
10 פרי צדיק, בראשית — סוף קונטרס, שביתת שבת.
11 לויטן רמב"ם, זאלן די פרויען נישט מאכן קיין ברכה; לויט תוספות, ר"ה, ל"ג, קאנען זיי מאכן א ברכה. זע, ערוך השלחן, או"ח, י"ז, ב'.
12 זע, הרב ר' יצחק רייזין, שווער פון ר' יצחק יעקב רייינעס, שו"ת „עדות ביהוסף", ב', יו"ד, סימן א', ארומרעדנדיק די דעה פון הלכות ארץ-ישראל, געבראכט אין תוספות, אנהייב מסכת חולין.
13 זע, המאור, אייר-סיון, תשל"ד. דעם רעדאקטאר מהר"ם אמסל'ס ענטפער: „שאלו המודרניות בודאי אסרו לומר דבר יהודי בקרבתן, מטעם „לא יהי' בך ערות דבר".
14 קדושין, פ"א, ע"ב.
15 פרי צדק, תצוה, אות א'.
16 משנה, גיטין, א', א'; יבמות, ב' און אנדערע מקומות.
17 זע, דברי מלכיאל, ד', סימן קנ"ו.
18 זע, היכל יצחק, חלק ב', סימנים ל"ה, נ"ז.
19 בראשית, כ"א, י"ב.
20 וכתב לה ספר כריתות — דברים, כ"ד, ג'; ו'.
21 י. י. שווארץ, אנטאלאגיע פון דער העברעישער פאעזיע. יצחק יואל לינעצקי האט די פאעזיע איבערגעזעצט אין יידיש.
22 זע, דארט, שווארץ, אין דער הקדמה צו זיין אנטאלאגיע פון דער העברעישער פאעזיע, 1921.
23 תורת חסד, תרמ"ג.
24 זיין נאמען ווי אדמו"ר הרב — מוהרש"ז לאדיער. זיין ספר „תורת חסד" איז מרמז

אויף זיין נאָמען און נאָמען פון זיינע עלטערן:
א) „שמי ושם אָבי ושם עיר מולדתי שניאור בן שלמה מלאדי..."
ב) „שמי ושם אמי... אידל".
25 זע, סיני, תמוז, תשכ"ט וועגן היתר עגונה ביי ר' אפרים זלמן מרגליות.
26 תשובה, אלף רכ"ח (קנ"ז).
27 תשובה, אלף ק"צ (ק"ב).
28 אין מיינע פריערדיקע ווערק ציטירט פון משנה און תלמוד וועגן דאָזיקן פּאַרבאָט.
29 ווי איר זעט, האָט נישט בלויז אונדזער דור — אַ פּראָבלעם פון נישואים אזרחיים — שוין אין יענער תקופה, האָבן רבנים געדאַרפט פסקענען וועגן ציווילע חתונות.
30 סימן תקס"א (תקכ"ו).
31 שו"ת, סימן ב'.
32 גיטין, פ"א, ע"ב.
33 „באַציונג צו דער פרוי" אין ערשטן און אין צווייטן באַנד — אויספירלעכער.
34 הרב ר' גדלי' פעלדער, נחלת צבי, חלק ב' — אין אַ צאָל סימנים; אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי", באַנד 2, ז"ז 130-132:
הרב ד"ר יצחק לעווין, אין פּאַרעפנטלעכן אַ צאָל אומבאַקאַנטע, אָבער גאָר וויכטיקע שו"ת, האָט אויך אייניקע שאלות ותשובות אין ענינים פון אישות און גט-פּראָבלעמען (זע, הדרום, חוב' ב', תשרי, תשכ"ה) און בכלל, וועגן ענינים פון גיטין, אין מיין דערמאָנטן ווערק.
35 זע, שלמה טל, הגט מקליבה, סיני, כרך כ"ד, עמ' ר"ל; אברהם בריק, סיני, כרך ס"א, אייר-תמוז, תשכ"ז, ז"ז קע"ג-קע"ד.

## ה

1 תהלים, ל"ב, ו'.
2 לויט יהואָש איבערזעצונג.
3 ברכות, ח', ע"א. אין ילקוט תהלים, אַן אַנדער ווערסיע אויפן „לעת מצוא".
4 משלי, י"ח, כ"ב.
5 קהלת, ז', כ"ו; יבמות, ס"ג, ע"א.
6 יבמות, דאָרט.
7 קהלת, ז', כ"ח.
8 בראשית, ב', כ"א-כ"ה.
9 לויט דער מסורה, איז שמעי בן גרא געווען אַ גדול בתורה, דער רבי פון מלך שלמה — זע, גיטין, נ"ט, ע"א.
10 אין מלכים א', ביים סוף פון פרק ב', ווערט איבערגעגעבן וועגן טויט פון שמעי בן גרא און אין פרק ג' — וועגן שידוך מיט פרעהס טאָכטער.
11 „באַציונג צו דער פרוי", באַנד א'.
12 שו"ע און פוסקים.
13 תנאָ דבי אלי' רבה, ז'; נדרים, ס"ו, ע"ב.
14 קדושין, ל'-ל"א; רמב"ם, ממרים, ו', ו'; יו"ד, ר"מ, י"ז.
15 זע, שד"ח, אסיפת זקנים, מערכת ה', אות ה'.
16 בבא מציעא, נ"ט, ע"א.
17 ירושלמי, ברכות פרק ט'; יבמות, ס"ג, ע"א.
18 יבמות, דאָרט.
19 קדושין, ב', ע"ב; יבמות, ס"ב-ס"ג; בבא קמא, י"ח, ע"ב.
20 בראשית רבה, כ'; רות רבה, ב'.
21 יבמות, ס"ג, ע"ב; בבא בתרא, קמ"ה, ע"ב.
22 יומא, ב', ע"א; נדרים, מ"א, ע"ב.
23 ירושלמי, כתובות, ב', ט'; שבועות, ל', ע"ב.

24 ע״ז, ל״ט, ע״א.
25 סנהדרין, ק׳, ע״ב.
26 יבמות, ס״ב, ע״ב.
27 ויקרא רבה, ה׳.
28 אָבות, א׳, ה׳; נדרים, כ׳, ע״א; סוטה, מ״ח, ע״א.
29 ירושלמי, יבמות, ב׳, א׳.
30 תנחומאָ, בהעלותך, י״ז.
31 זע, הרב מ. מ. כשר, תורה שלמה, בראשית ג׳, ט״ו, אותיות: ק״י-קי״א.
32 פרקי דרבי אליעזר, י״ד; תורה שלמה, אות קנ״א.
33 ויקרא, י״ט, כ״ט.
34 סנהדרין, ע״ו, ע״א.
35 פסחים, קי״ג, ע״א.
36 דברים רבה, פרשה ז׳.
37 אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי״ — באריכות.
38 ברכות, כ׳, ע״ב; כ״ד, ע״ב.
39 תורה תמימה, שמות, י״ט, ט״ז, אות ל״ב.
40 רמב״ם, סוף הלכות ק״ש און פרק ד׳ הלכות תפילה.
41 חלק ב׳, בילגוריי, פלך לובלין, תרנ״ט — הוצ׳ שני׳ בני ברק, תשכ״ז, סימן כ״ז ז״ז נ״ט-ס״ח.
42 אין אַ באַזונדערן פרק פון מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי״.
43 עבודה זרה, כ׳, ע״ב.
44 דאָרט, כ״ב, ע״ב.
45 יומא, פ״ח, ע״א.
46 דברים, כ״ג, י׳.
47 כתובות, מ״ו, ע״א; ע״ז, כ׳, ע״ב.
48 יחזקאל, ד׳, י״ד.
49 חולין, ל״ז, ע״ב.
50 זע, ע״ז כ׳, ע״ב, אָנהייב-וואָרט, „שלא יהרהר״.
51 בבא בתרא, קס״ד, ע״ב.
52 במדבר רבה, ט׳, ד׳.
53 זע, יסודי ישרון, ד׳, נ. י., תשכ״ב, ז״ז ד׳, ש״ד; ו׳, תש״ל, ז״ז פ״ה-צ׳.
54 דאָרט, אויספירלעך.

ו

1 ביצה, ב׳, ע״ב.
2 דאָרט, אויפן אָרט.
3 קהלת, ד׳, א׳.
4 ויקרא רבה, ל״ב, ח׳.
5 דברים, כ״ג, ג׳; קדושין, ע״ב, ע״ב; ירושלמי, קדושין, ג׳, א׳; תוספתא א״אָ.
6 עירובין, י״ג, ע״ב; נ״ג, ע״א.
7 זכריה ט׳, ו׳.
8 יחזקאל ל״ו, כ״ה.
9 זע, הפרדס, חוב׳ א׳, שנה מ״ו, תשרי תשל״ב — פראָבלעמען אין שייכות מיט ממזרים — מיר וועלן ווייטער זיך נאָך אומקערן צום ענין ממזרים.
10 סנהדרין, ב׳, ד׳ און גמרא, כ״א, ע״א.
11 שבת, נ״ו, ע״ב; סנהדרין, ע׳, ע״א.
12 סנהדרין, ס״ט, ע״ב; פסיקתא זוטרתאָ, פ׳ חיי שרה.
13 שמות, ל״א, ב׳.

14 דברי הימים, א׳, ב׳, י״ט.
15 שמות, ל״ו, ד׳.
16 זע, נזיר, כ״ט, ע״ב.
17 יהושע י״ד, ז׳.
18 סנהדרין, נ״ב, ע״ב; בבא קמא, צ״ב-צ״ג.
19 „אין ביאתו ביאה״ — זע, שולחן ערוך, אבן העזר, סימן ו׳, קס״ז.
די רבנן האָבן אָבער איינגעזען די רעכט פון דער פרוי, אַפילו ווען זי קען נישט פאַרנעמען געשלעכטלעך צוזאַמענלעבן, נישט געקוקט אויפן כלל: „ברשות קאָעביד״... און זי געהערט צו אים, לויט אייניקע, ווייל ער קאָן טאָן ווי זיין פאַרלאַנג...
אין דער גמרא (יבמות, י״ב, ב׳) ווערט געזאָגט: „דלא משכחת קטנה שתלד״; טייטשט מען, אַז זי קאָן האָבן געשלעכט-באַציונגען, אַריינגעמען דעם מאַנס זרע — זי קען אָבער נישט האָבן קיין קינדער, „בר קיימא״, זי קאָן בלויז געבן „נפלים״!
20 שמות, ל״א, א׳-ו׳.
21 מלכים, ג׳, י״ב.
22 ווי מיר האָבן דאָס שוין אָנגעוויזן אין די פריערדיקע ווערק.
23 זע, מולד, סיון, תש״ל, חוב׳ 14-15.
24 כתובות, פ״ב, ע״ב א״אַ מקומות.
25 דאָרט, ב׳, ע״א-ע״ב.
27 זע, א. י. ברומברג, ראשוני הרבנים בוורשה, ז׳ ל״ט.
28 כתובות, כ״ו, ע״ב; ע״ז, כ״ג, ע״ב.
29 רש״י און תוספות — אויפן אָרט.
30 הלכות יסודי התורה, ה׳, ב׳; משנה למלך, אויפן אָרט.

## ז

1 ויקרא, י״ח, כ״ז-כ״ח.
2 דאָרט, י״ט, ב״ט.
3 סוכה, נ״ב, ע״ב.
4 צדקת הצדיק, אות מ״ד.
5 יבמות, ס״ה, ע״א; קדושין, נ״ט, ע״א-ע״ב.
6 בראשית, מ״ט, ג׳.
7 שמות, י״ב, ל׳.
8 שמות, י״ב, ל׳; רש״י אויפן אָרט.
9 אידישער קעמפער, ניו-יאָרק, פרייטיק דעם 22סטן נאָוועמבער, 1974.
10 סנהדרין, ק״ח, ע״ב.
11 יבמות, ע״ו, ע״ב.
12 סנהדרין, מ״ח, ע״ב.
13 דאָרט, משנה, ג׳, ד׳.
14 דברים, כ״ד, ו׳.
15 זע, הרב מ״מ כשר, תורה שלמה, בראשית ג׳, ט״ז, אות קי״ט. ער ווייזט אָן אויפן דרש פון ר׳ יוסי הגלילי, בראשית רבה, כ׳, ז׳.
16 זע, משה אריה מירקין, פירוש מדרש רבה, אויפן אָרט.
17 דאָרט, דאָרט.
18 אַרויסגעגעבן פון „ייוו״א״-ניו-יאָרק, תש״ו, 1946.
19 „פאַרשפילט דאָס ווייב״, ז״ז 55-68.
20 דאָרט, ז׳ 61, הערה 10.
21 געזאַמלטע ווערק, ווילנע, 1928, באַנד 2, אונטערוועלט, ז׳ 139.
22 שו״ת ישכיל עבדי לר׳ עבדיה הדאיה, ירושלים, תרצ״ח, חלק ב׳, אהע״ז סימן ג׳.
23 יבמות, מ״ה, ע״ב; שולחן ערוך אה״ע, ד׳, י״ט.

24 זע, ישראל דוד בית הלוי, שערים, עש״ק י״ז אלול, תשכ״ז (22.9.67) — הרמב״ן קידש שם שמים בויכוחיו, אגדה ד׳, לפי ספר „קב הישר״, ויניציא, תקל״ב.
אין זיינע הערות גיט ער צו: „...מקורה של אגדה זו בספר המוסר „קב הישר״, פרק פ״א, מאת ר׳ צבי הירש קאידנוור, דפוס ויניציא, תקל״ב, וכן דפוס זולצבך, תקנ״ה (בדפוסים המאוחרים הושמטה אגדה זו מתוך הספר)״.
25 דברים, כ״ט, י״ז.

# ח

1 זע, ספר החינוך, מצוה כ״א; הרב צבי טענענבוים, הדרום, חוב׳ ל״ז, ניסן, תשל״ג. ס׳איז ווענן דעם פאַראַן אַ גאַר רייכע ליטעראַטור.
2 כתובות, ה׳, ה׳; נ״ט, ע״ב — ס״א, ע״א.
3 בראשית רבה, י״ז, ו׳; נדה, נ״א, ע״ב — דאָרט, צוויי נוסחאות.
4 זע, אברהם רעכטמאַן, יידישע עטנאָגראַפיע און פאָלקלאָר, בוענאָס איירעס, 1958, ז״ז 136-139.
5 הרב ראובן חיים ראַבינאָוויטש (רבינוביץ), היכל שלמה, תשכ״ב, ז״ז 392-393.
6 המאור, כסלו-טבת, תשל״ג.
7 הרב מאיר אמסל; הרב חנני׳ יו״ט ליפאַ טייטלבוים; הרב שלום קרויס; הרב גרשון טענענבוים.
8 ברכות, ס׳, ע״א. די משנה (ט׳, א׳) לערנט: היתה אשתו מעוברת ואומר יהי רצון שתלד אשתי זכר, הרי זה תפלת שוא״. די גמרא ווייזט אָן אַז רחמים האָבן אַ מאָל געהאָלפן. און אויך „שהזריעו שניהם בבת אחת...״
9 מפרשים פאַרנעמען זיך מיט דער פראַגע, צי לאה איז געווען אַ נביאה, אַז זי האָט געוווּסט וויפל קינדער (שבטים) ס׳דאַרפן אַרויסקומען פון יעקבן. ס׳ווערט אויך באַהאַנדלט די פראַגע, צי איז דאָס געווען אַן איינצלנער, זעלטענער פאַל, אָדער אַן אָפּטע געשעעניש... אין קאַנאַדע האָט לעצטנס פּאַסירט, אַז אַ מוטער פון דריי קינדער האָט, אויף איר פאַרלאַנג, דורכגעמאַכט אַ געשלעכט-אָפּעראַציע און פאַרלאַנגט צו ווערן לעגאַליזירט אַלס מאַן, צו קענען חתונה האָבן מיט אַ פרוי.
אַן לי דייוויס, אַ 30-יאָריקע פרוי, האָט מיט איר בקשה, צו ענדערן איר געבורט-סערטיפיקאַט אַלס לי דייוויס, כדי זי זאָל קענען אָפיציעל חתונה האָבן ווי אַ זכר געבראַכט דערצו, אַז אינעם אָנטאַריאָ-פּאַרלאַמענט, זאָל אַ דעפּוטאַט נעמען די איניציאַטיוו און פאָרשלאָגן, מ׳זאָל איר געבן די דאָזיקע דערלויבעניש. אָבער דער מיניסטער האָט געענטפערט, אַז דאָס האָט צו טאָן מיטן אינטערנאַציאָנאַלן געזעץ — און די פרוי-מאַן, מוז האָבן געדולד. זי דאַרף וואַרטן אויף אַן ענטפער פון אינטערנאַציאָנאַלן געריכט. דערווייל פאַרנעמט זי אַן אָרט פון אַ מאַן אין אַלע אירע באַשעפטיקונגען.
10 זע, חכם צבי (ר׳ צבי אשכנזי), סימן צ״ג.
11 חגיגה, ט״ו, ע״א.
12 בראשית, א׳, כ״ז.
13 דאָרט, דאָרט.
14 נדה, ל״א, ע״ב.
15 זע, ר׳ יעקב ק. רייניץ, הערות, בעל הטורים, בני ברק, תשל״ד.
16 דאָרט, באריכות.
17 בראשית, ג׳, ט״ז.
18 כתובות, י׳, ע״ב.
19 ווענן דעם — אין אַ פריערדיקן פּרק.
20 שבועות, י״ח, ע״ב; ב״ב, י׳, ע״ב; נדה, ע׳, ע״ב.
21 נדה, ע״א, ע״א; זוהר, א׳, קי״ב.
22 קדושין, האיש מקדש... מ״א, ע״א.

23 שמות, ב׳, א׳.
24 בבא בתרא, ק״ב-קכ״א.
25 „בפולמוס האחרון גזרו שלא תצא אשה באפריון״... סוטה, מ״ט, ע״א; יבמות, ק״ח, ע״א; רש״י אויפן אָרט: „ונושאין אותה מבית אָביה לבית בעלה לחופה״.
26 זע, „צפנת פענח״ אויף תורה, שמות ב׳ און הערות פון מ. כשר; זע אויך תורה שלימה, שמות, פ״ב, ז׳ א״אָ.
27 במדבר, י״ב, ט״ו.
28 שמות, ב׳, ד׳.
29 מכילתא דר׳ ישמעאל אויף שירת משה.
30 זע, סוטה, י״א-י״ג; רמב״ן, שמות ב׳, א׳.

## ט

1 מועד קטן, י״ח, ע״ב; סוטה, ב׳, ע״א; סנהדרין, כ״ב, ע״א; נדה, ל׳, ע״ב-ל״א, ע״א.
2 סוטה, סנהדרין, מו״ק — ווייזט אָן אויף די אַלע ערטער זיין פירוש.
3 דברים, כ״ט, י״ח מערן עבירות במזיד צו די געטאָן בשוגג (זע, רש״י און אבן עזרא). לויט אַנדערע מפרשים, איז עס געמיינט חרוב צו מאַכן די גוטע, פול-וואַסערדיקע, מיט שלעכטער, טרוקענער ערד, פאַרניכטן דעם צדיק מיטן רשע...
„כדי אונטערצוברעכן דאָס באַוואַסערטע אין איינעם מיטן דאַרשטיקן, ד״ה אַלץ מיט-אַנאַנדער״, יהואָש-איבערזעצונג.
4 זע, סנהדרין, ע״ו, ע״ב — רש״י: „שבע בדבר עם צמא לדבר; זקן וילדה, זאת צמאה לתמשיש וזקן שבע, וכן גדולה לקטנה״.
5 דברים, כ״ב, ט״ז.
6 זע, הרב דב כץ, תנועת המוסר, כרך שני, ז׳ 425.
7 זוהר, ויחי, רכ״ט. אין תלמוד און מפרשים ווערט עס באַהאַנדלט בפרטיות.
8 אויספירלעך אין די דערמאָנטע מסכתות.
9 קידושין, מ״א, ע״א. דער טעם: „שמא יראה בה דבר מגונה ותתגנה עליו...״
10 וועגן דעם אין מיינע פריערדיקע ווערק.
11 כתובות, א׳, ה׳; י״ב, ע״א.
12 פירוש המשניות — אויפן אָרט.
13 עירובין, ק׳, ע״ב; רש״י אויפן אָרט: „לדבר מצוה — תשמיש״. ער ווערט אָנגערופן חוטא, אַ זינדיקער און אויף אַזעלכן איז געזאָגט געוואָרן: „גם בלא דעת נפש לא טוב״ (משלי, י״ט, ב׳) ער ווערט געשטראָפט מיט האָבן שלעכטע קינדער.
14 יבמות, כ׳, ע״ב; ספרי ראה, י״ד, כ״א.
15 נדה, ט״ז, ע״ב; זהר, א׳, מ״ט, ע״ב.
16 כתובות, נ״ז, ע״א; בבא קמא, פ״ט, ע״א.
17 דאָרט, אויספירלעך.
18 יבמות, ס״א, ע״א.
19 מיכה, ו׳, כ׳ — לעצטער פסוק אין מיכה.
20 בראשית, כ״ז, ט״ו-ט״ז.
21 זע, ש. ז. שרגאי, „בנתיבי החסידות״, חלק ב׳, ז״ז 83-84 — באריכות וועגן דער טעזע טוב ורע און תערובות פון ביידע אין די קבלה און חסידות ספרים. די נאָכפאָלגערס פונעם „מי השלוח״, ווי מיר האָבן שוין נישט איין מאָל אָנגעוויזן, האָבן אויסגע-ברייטערט די דאָזיקע שיטה — זע, די ספרים פון ר׳ לייבעלע איגר און פון ר׳ צדוק הכהן.
22 מלכים, א׳, ח׳, ס״ו.
23 שבת, ל׳, ע״א.
24 גיטין, צ׳, ע״ב; סנהדרין, כ״ב, ע״א-ע״ב.

25 דאָרט — באריכות.
26 נדה, ל״א, ע״ב.
27 דברים! כ״ד, ב׳.
28 אָנהייב קידושין. זע, הרה״ג ר׳ גדלי׳ פעלדער, שו״ת ״נחלת צבי״, חלק ב׳ — גרינט-לעכע אָפּהאַנדלונג און אַז דער דאָזיקער מנהג איז נישט געבליבן, צוליב כמה וכמה טעמים.
29 איוב ה׳, כ״ד — יבמות, ס״ג, ע״א; סנהדרין, ע״ו, ע״ב און מפרשים.

### קאַפּיטל פערצן

# פרוי אין מלכות און אין פירערשאַפט

**א. גלייכהייט מיט מענער. — צעוואָרפן די מחיצה. — רעוואָלוציאָנערקעס ביי יידן און ביי אַנדערע פעלקער. — דערגרייכונגען אָן „ליב״־באַוועגונג.**

מיטן גאַנג פון פּראָגרעס, דערגרייכט די פרוי אַלע רעכט, צו פאַרנעמען אַ גלייך אָרט מיטן מאַן. אויף אַלע געביטן האָט די פרוי באַוויזן איר פעיִקייט און דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, געגעבן דעם שטויס די „פעמיניסטינס״ פון דער „ליב״־באַוועגונג צו פאַרלאַנגען פונעם פויפּסט, ער זאָל טעאָלאָגיש ענדערן די קאַטוילישע באַציִונג צו פרוי־גלייכהייט, ווי עס האָט מיט אַ צייט צוריק געטאָן בעטי פרידן, מיט איר דירעקטער ווענדונג צום וואַטיקאַן.

פון די גאָר לעצטע דערגרייכונגען אויפן געביט פון פרוי־גלייכהייט, איז דאָס באַשטימען אין קאַנאַדע אַ פרוי אַלס פאַרטרעטערין פון דער קעניגין. פּאַולין מעקגיבבאָן, קאַנצלער פון טאָראָנטער אוניווערסיטעט, איז דורך דער פעדעראַלער רעגירונג באַשטימט געוואָרן אַלס אָנטאַריאָ־גובערנאַטאָרין („לויטענאַנט גאָווער־נאָר״), אָן ערנאַמט, וואָס איז ביז איצט צוגעטיילט געוואָרן בלויז צו מענער, נישט געקוקט וואָס ענגלאַנד האָט אַ לאַנגע געשיכטע פון פרויען־קעניגינס, פון זיי אייניקע, דערפאָלגרייכע, וועלכע האָבן אַריינגעשריבן וויכטיקע בלעטער אין דער מענטשלעכער געשיכטע. יורשטעס פונעם טראָן זענען נישט קיין נייס אין דער געשיכטע פון ענגלאַנד און אירע אימפּעריע־מדינות. אָבער אַ פרוי אַלס פאַר־טרעטערין פון דער קעניגין איז אַ חידוש...

פּאַולין מעקגיבבאָן איז די ערשטע צו באַקומען אַזאַ ערע. זי איז די ערשטע פרוי דערהויבן צו ווערן צום דאָזיקן ראַנג; די ערשטע אַקאַדעמיקערין צו דער־גרייכן אַזאַ אָנזען. זי האָט זיך קיין מאָל נישט געמישט אין פּאָליטיק. זי אַליין איז איבערראַשט געוואָרן פונעם צוגעטיילטן כּבוד.

דאַרף מען דאָס באַטראַכטן ווי אַ שטאַפּל אויף דער לייטער פון פרויען־גלייכהייט, בפרט, אַז דאָס איז געשען אָן דעם איינפלוס, אָן דער אינטערווענץ פון דער פרוי־„ליב״־באַוועגונג אין קאַנאַדע.

ס׳איז אויך כּדאי צו ברענגען נאָך אַ פאַקט אין שייכות מיט באַשטימען פרויען אויף אַקאַדעמישע פּאָסטנס. לעצטנס איז דאָ אַ טענדענץ אָנצוטרויען פרויען אַזעלכע פּאָזיציעס און נישט צוליב דער „ליב״־באַוועגונג.

אויפן אָרט פון דער אָנטאַריאָ־גובערנאַטאָרין, מאַדאַם מעקגיבבאָן, איז באַלד באַשטימט געוואָרן אַ צווייטע פרוי אַלס קאַנצלער פון טאָראָנטער אוניווערסיטעט — די 71־יאָריקע ד״ר עווא מעקדאָנאַלד, אַ פּראַקטיצירנדיקע דאָקטאָרין און מעדיצינישע פאָרשערין.

וואָס שייך דעם פּאָליטישן לעבן פון לאַנד, זענען אין 1968 דערוויילט גע־וואָרן צום קאַנאַדער פּאַרלאַמענט אַכט פרויען. אין די לעצטע וואַלן — בלויז זיבן. דאָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט דיסקרימינאַציע קעגן דער פרוי. ס׳זענען תּמיד פאַראַן סיבות פאַר דורכגעפאַלענע קאַנדידאַטן, אָבער נישט קיין געשלעכט־דיס־קרימינאַציע.

פון די זיבן דערוויילטע, איז איינע אַ ייִדישע, סימע מילנער־האָלט, אַ ייִדישע פרוי פון וואַנקוווער, בריטיש־קאָלאָמביאַ, אַ מחברין פון אַ וויכטיק ווערק וועגן די דוכאָבאָרן אין קאַנאַדע. זי איז די ערשטע ייִדישע פרוי וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן צום פעדעראַלן פּאַרלאַמענט. זי איז דערוויילט געוואָרן ווי אַ קאַנדידאַטקע־נאָמינירטע פון דער ליבעראַלער פּאַרטיי.

אירע עלטערן, פּיאָנערן אין מערב־קאַנאַדע, זענען אַקטיוו אינעם ייִדיש־רעליגיעזן לעבן און אָנגעזעענע ציוניסטן. זי איז איינע פון פינף זין און פיר טעכטער; פון די געציילטע צו דערגרייכן אַזאַ הויך פּאָליטישע קאַריערע, דערצו נאָך אַ שרייבערין, אַ פאָרשערין, אַ סאָציאַלע טוערין. אַז אַזעלכע זאָלן זיך אויס־טויגן אין פּאָליטיק איז אַ חידוש.

פרויען זאָלן פאַרנעמען הויכע רעגירונגס־פּאָסטנס איז נישט קיין נייס. מיר האָבן פרויען מיניסטאָרינס אין אַ גרויסער צאָל לענדער. פרויען פירערינס און קעמפערינס אין פּאָליטישע באַוועגונגען זענען שוין אַ געוויינלעכע דערשיינונג. אָבער מיטן באַשטימען אַ פרוי אויף אַזאַ הויכן אַמט ווי פאַרטרעטערין פון דער קעניגין — האָט קאַנאַדע געוויזן מוט און געוואַגטקייט.

מיר האָבן געזאָגט פרויען קעמפערינס. נישט מעגלעך אויסצורעכענען די צאָל פון פרויען, העראָישע קעמפערינס און רעוואָלוציאָנערינס, וועלכע זענען געפאַלן קרבנות אויפן מזבח פון קאַמף פאַר דער פרייהייט פון זייער לאַנד, פאַר מענטשנרעכט, פאַר אַרבעטרעכט. אַזעלכע זענען געווען ביי אַלע פעלקער. וועגן ייִדישע פרויען־העלדינס איז דאָך אָפּגערעדט. אָבער וועגן זיי האָבן מיר שוין אָנגעוויזן [1]. ווער קען אויסרעכענען די אַלע מאַרטירערינס מיט זייער שטאַרקן כּאַראַקטער, וועלכע זענען געגאַנגען אויף באַריקאַדן, ווי די 25־יאָריקע שאַרלאָט

אין דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע (גיליאָטינירט געוואָרן דעם 17טן יולי, 1793) און איר קאַמף איז נאָכגעפאָלגט געוואָרן פון אומצייליקע העלדישע פרוען.

ס׳דאַרף אויך געזאָגט ווערן, אַז פונקט ווי מיר האָבן פרויען וועלכע האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר דאָס ערגסטע אין זייערע קאַמפן פאַר גערעכטיקייט און זענען אומגעקומען אויפן עשאַפאָט פאַר זייערע איבערצייגונגען, אַזוי פעלן נישט קיין פרויען מערדערינס, קרימינעלע און אַנדערע פאַרברעכערינס. די לעצטע יאָרן האַלט אין איין שטייגן די צאָל פאַרברעכערינס [2].

וואָס שייך נאַציאָנאַליסטישער איבערגעגעבנקייט, איז געוווּג צו דערמאָנען זשאַן ד׳אַרק — דאָס פויערים־מיידל, באַקאַנט אַלס די „אָרלעאַנישע בתולה״, וואָס איז פאַרברענט געוואָרן אויפן שייטער־הויפן אין רואַן, פראַנקרייך, און נישט געבויגן זיך פאַרן שונא. וועגן איר איז שוין געשאַפן געוואָרן אַ גאַנצע ליטעראַטור.

צו די באַרימטע קעניגינס געהערט: עליזאַבעט די ערשטע (1533־1603), וואָס האָט אַרויסגעוויזן אומגעהויערע געשיקטקייט, בראַווקייט, געוואַגטקייט. זי איז אַרויף אויפן ענגלישן טראָן אין עלטער פון 25 יאָר (1558), און געפירט ביד רמה. איר צייט ווערט גערופן די גרויסע עראַ פון ענגלאַנד און מערב־אייראָפּע.

ווען מ׳רעדט פון קעניגינס, ווי קען מען פאַרבייגיין און נישט דערמאָנען די קעניגין וויקטאָריאַ, די גלאָריע פון ענגלאַנד — די גרויסע אימפּעריאַלע מאַכט וואָס איז קאָנסאָלידירט געוואָרן דורך איר און דעם דעמאָלטיקן פּרעמיער בנימין דיזראַעלי (לאָרד ביקאָנספילד, 1804־1881). איר תקופה ווערט באַטראַכט אַלס די הערלעכסטע אין דער געשיכטע פון ענגלישן קעניגטום.

אין רוסלאַנד: די אימפּעראַטאָרין יעקאַטערינאַ (קאַטערינע) די ערשטע (1679־1727) און די צווייטע (1762־1796) — די פרוי פון פעטער דעם דריטן, וואָס איז דערמאָרדעט געוואָרן, און וואָס האָט איבערגענומען די מלוכה־אָנפירונג מיט אַ שטאַרקער האַנט: איינגענומען טעריטאָריעס, פאַרגרעסערט די אימפּעריע, גע־שטאַרקט די מלוכה־מאַכט. צו ייִדן האָט זי זיך באַצויגן אכזריותדיק, גערודפט ייִדן פון שטאָט און דאָרף; אַרויסגעטריבן ייִדן פון אוקראַיִנישן באָדן, נישט גע־לאָזט ייִדן ווערן לאַנד־באַזיצערס.

און די מאַריעס: קעניגינס מיטן דאָזיקן נאָמען האָבן מיר סעריעס. אָבער צו וואָס זיי אַלע אויסרעכענען? מיר וועלן בלויז דערמאָנען מאַריאַ טערעזאַ (1717־1780) די קאַטוילישע אימפּעראַטאָרין פון עסטרייך. אַ שטאָלענעם כאַראַקטער האָט זי געהאַט, מיט אַ שטאַרקער האַנט האָט זי געפירט די מלוכה — און דערצו געווען אַ שרעקלעכע אַנטיסעמיטקע. זי האָט איינגעפירט אין דער קאַטוילישער עסטרייך אַ געלע לאַטע פאַר ייִדן. זי האָט געמאַכט אַ פּרווו אַרויסצוטרייבן אַלע ייִדן פון דער בעמען־מערן־פּראָווינץ, וואָס האָט געהאַט אַ קאָמפּאַקטן ייִדישן ישוב.

אין פראַנקרייך: מאַרי אַנטואַנעט (1756־1793): מאַרי לואיז (1791־1847). אויב זיי זענען נישט געווען גענוג פּאָפּולער אין מלוכה־פירונג, האָבן זיי געהאַט גרויס איינפלוס אין מלוכה־קרייזן און אויף די טראָן־באַזיצערס.

די ראָל און דער רייסטער פון פרויען־קעמפּעריגס און פירעריגס איז גרויס און לאַנג ביי אַלע פעלקער און גאָר באַזונדערס ביי ייִדן. פעיִקע פרויען האָבן געפונען זייער אָרט אין דער געזעלשאַפט, נישט געקוקט וואָס ביים רודער זענען געשטאַנען שטאַרקע מענער.

ביי ייִדן, דעם קלאַסישן תנ״ך־פאָלק, לערנט די תורה: „שום תשים עליך מלך״ [3] און די חז״ל קאָמענטירן „מלך ולא מלכה״ [4], זענען אונדז אָבער באַקאַנט פרויען פירעריגס, קעניגינס, נביאות. אַ פרוי, וועלכע האָט מיטגעזונגען מיט די באַפרייערס פון איר פאָלק — מרים הנביאה; אַ פרוי, וועלכע איז געשטאַנען ביים אָנהייב פון ייִדנטום אויף זיין באָדן — דבורה הנביאה. זי האָט פאַראייניקט די שבטים און דערמיט געעפנט דאָס נייע קאַפּיטל, אין באַגין פון דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג, פון די בני ישראל אויף זייער באָדן.

מיט דורות שפּעטער, שוין אין גלות, האָבן מיר אַ מלכּה וועמעס לעבן און מעשׂים פאַר דער רעטונג פון איר פאָלק זענען פאַרבליבן אין פאָלקס זכּרון. אסתּר המלכּה איז געצוווּנגען געוואָרן צו לעבן מיט אַ „מלך טפּש״, מיט אַן אחשורוש: איר ראָל אַלס פאָלקס־פירערין און רעטערין איז פאַראייביקט אין מגילת אסתּר, אין מסכת מגילה, אין אגדת אסתּר און אין צענדליקער מדרשים. פּורים ווערט עד היום געפייערט ווי דער פריידיקסטער יום־טוב. אָבער וועגן דעם האָבן מיר שוין געשריבן ביי אַנדערע געלעגנהייטן [5].

ביים בית שני איז געווען ביי ייִדן אַ קעניגין, וואָס האָט געמאַכט געשיכטע אַ דאַנק איר באַנעמונג, פאַרשטענדעניש און געשיקטקייט צו האַלטן צוזאַמען די פאָלקסשיכטן, שולמית אלכּסנדרה, אָדער ווי זי איז געווען באַקאַנט אַלס שלומציון — די שוועסטער פון שמעון בן שטח. זי האָט געקעניגט בלויז ניין (9) יאָר, פון 76 ביז 67 פק״ע — אָבער גרויס זענען געווען אירע אויפטוען. איר מאַן, אלכּסנדר ינאַי, איז פריִער געווען אַ שטאַרקער אָנהענגער פון די צדוקים און האָט אויסגע־הרגעט די פּרושים־פירערס. ווען ער איז געוואָרן קראַנק, האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ חרטה־געפיל און ער האָט באַשטימט זיין קלוגע פרוי אַלס קעניגין. זי האָט באַוויזן אין דער קורצער צייט איינצושטילן דעם „ריב אחים״, דעם קריג צווישן אירע זין הורקנוס און אריסטובלוס. זי האָט צוריקגעבראַכט די אַנטלאָפענע און באַהאַלטענע פּרושים און אויסגעפועלט ביי אַלע ריכטונגען אָפּצושטעלן די רייסע־רייען. איר תּקופה ווערט כאַראַקטעריזירט אַלס שלום־תּקופה.

וועגן איר מאַן, אלכּסנדר ינאַי, שרייבן היסטאָריקערס: „הרחיב את גבולות אבל הרחיב הפרץ הפנימי...״ ער האָט אויסגעברייטערט די גרענעצן פון לאַנד אָבער

דערבײַ — אויסגעברייטערט דעם אינערלעכן ריס, וואָס האָט געשטעלט אין סכּנה זײַנע דערגרייכונגען. פאַר זײַן טויט האָט ער אָנגעזאָגט זײַן קלוג ווײַב: „אל תתיראי מן הפּרושין, ולא ממי שאינן פּרושין, אלא מן הצבועין שדומין לפרושין, שמעשׂיהם כּמעשׂה זמרי ומבקשין שׂכר כּפינחס" — האָב נישט קיין מורא פון די פרומע, האָב מורא פאַר די צבועקעס, וועלכע באַגייען דעם פאַרברעך פון זמרי (געלעבט זינדיק מיט אַ מדינית) און ווילן דעם שׂכר פון פינחס (וועלכער האָט אײַנגעשטעלט זײַן לעבן קעגן זמריס הפקרות)[6].

דער שלום אין איר צײַט האָט געבראַכט ווױלזײַן און שפע אין לאַנד: „נעשׂו חטים ככליות ושׂעורים כגרעיני זיתים ועדשים כדינרי זהב וצברו מהם דוגמא לדורות"[7].

פרויען אין דער ראָל פון פירערינס, פון גײַסטיקע פירערינס, זענען בײַ ייִדן געווען פון באַגין ביז אונדזער תּקופה. דאָס איז געווען אַזוי נאַטירלעך, אַז מ'האָט נישט געשאַפן קיין באַזונדערע לעגענדעס וועגן אַזעלכע פרויען.

פרויען, וועלכע האָבן זיך מוסר־נפש געווען פאַר דער ייִדישער אמונה, פאַר זייער אָפּשטאַם, פאַר זייער ריינקייט, אויך אַזעלכע זענען נישט באַטראַכט געוואָרן ווי אַ חידוש. שוין אָפּגערעדט פון דער גאָר נײַער תּקופה, מיט דער אַנטשטייונג פון די נײַע באַוועגונגען בײַ ייִדן, מיטן קיבוץ־לעבן אין ארץ־ישׂראל, מיט אַן אַרבעטער־באַוועגונג אין לאַנד, מיטן אויפקום פון ציוניזם און בונדיזם — די פרוי שפּרייזט צוזאַמען מיטן מאַן אויף אַלע וועגן און אומוועגן פאַר דעם קיום פון פאָלק, פאַר דער פרײַהייט פונעם מענטש, פאַר דעם אויפשטײַג פון אַ נײַעם שטײַגער־לעבן.

מיר האָבן אין דער נײַער תּקופה פון סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן אויפברויז, אַזאַ פרוי ווי הענריעטאַ סאָלד (1860־1945), גרינדערין פון דער „הדסה", אַ פרוי וואָס האָט זיך אין גאַנצן מקריב געווען פאַרן ווױלזײַן פון איר פאָלק, איז אין גאַנצן באַהערשט געוואָרן פון עמאָציאָנעלן מוטערלעכן געפיל צו די קינדער פון פאָלק.

הענריעטאַ סאָלד האָט אָנגעהויבן איר קאַריערע מיט העלפן ייִדישע אימי־גראַנטן פון רוסלאַנד און געענדיקט מיט ראַטעווען ייִדישע קינדער פונעם נאַצי־גיהנום, מיט דער יוגנט עליה־באַוועגונג. אַ ציוניסטקע איז זי געוואָרן נאָך איר פאָטער ר' בנימינס פטירה אין 1902. דער פאָטער, אַ רב פון אונגאַרן, וואָס האָט אָנגענומען אַ רבנות־פּאָסטן אין באַלטימאָר, האָט זי נישט דערצויגן אין ציוניסטישן גײַסט. זי האָט זיך אָבער אָנגעהויבן פאַראינטערעסירן מיט ציוניזם, באַזוכט ארץ־ישׂראל און געוואָרן באַגײַסטערט פונעם ציון־אידעאַל. פּורים 1912 האָט זי גע־גרינדעט די ערשטע „הדסה"־אָרגאַניזאַציע. די דאָזיקע פרויען־אָרגאַניזאַציע איז זיך צעוואַקסן און געוואָרן אַ שטאַרק פאַרצווײַגטע באַוועגונג.

מיט אירע לייסטונגען פאַר דעם וווילזיין פון ייִדישן קינד, קאָן זי ווערן פאַרגליכן צו מאַדאַם עלינאָר רוזוועלט, די גרעסטע הומאַניטאַריערין אין אונדזער צייט, וועגן וועלכער מיר האָבן שוין געשריבן.

מיר פאַרנעמען זיך נישט מיט אויסרעכענען נעמען פון פרויען, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסן חלק אינעם בנין־הארץ, אין דערפירן צו דער עטאַבלירונג פון מדינת ישׂראל. די רשימה איז גאָר אַ לאַנגע.

די ראָטשילדס האָבן — ווי באַקאַנט — געהאַט אַ גאָר גרויסע ראָל אינעם אויפבוי און אין דער אַנטוויקלונג פונעם ישוב. דוד בן־גוריון, דער אַרכיטעקט פון דער מדינה, פלעגט ביי יעדער געלעגנהייט דערמאָנען, אַז דער „נדיב הידוע" איז עס דער פאָטער פונעם נייעם ישוב. מ׳האָט אָבער פאַרגעסן צו דערמאָנען, אַז די באַראָנעסע, די פרוי ראָטשילד, און אַזוי די שפּעטערע באַראָנעסעס, שנורן און טעכטער פון די ראָטשילדס, האָבן נישט קיין קלענערע פאַרדינסטן. זיי זענען געווען פון די ערשטע עסקניות פאַר ישוב ארץ־ישׂראל און באַאיינפלוסט זייערע מענער, זיך אַנצושטרענגען און אויסצונוצן זייער השפּעה אין מלוכהשע הייף לטובת דעם באַנייטן ישוב, ביז מ׳האָט דערפירט צו דער באַלפור־דעקלאַראַציע, געשיקט צום ענגלישן לאָרד ראָטשילד, און ביז מדינת ישׂראל. דער נייער כּנסת־בנין איז געבויט דער עיקר פון די פאָנדן, אַ מתּנה פון פרוי ראָטשילד פון לאָנדאָן.

וויל מען זיך האַלטן ביי דער טעזע: פרויען־פּירערינס אין אונדזער תּקופה, אַ טעמע וואָס איז גרינטלעכער באַהאַנדלט געוואָרן אין פריִערדיקע ווערק, ווילט זיך צוגעבן, אַז אין אַ ספּעציעלער אויסגאַבע פון „טיים" [8] ווו ס׳איז אָנגעגעבן אַ רשימה פון נייע פירערס אויף דער וועלט־אַרענע, געפינען מיר אַן אָנזעעוודיקע צאָל פרויען, כאָטש פּראָצענטועל נישט קיין גענוגנדיקע: פון 150 פירערס האָבן מיר בלויז צען פרויען. אָבער דאָך אַ פאָרשריט!

דער שרייבער־פאָרשער דערמאָנט די אור־אַלטע היסטאָרישע פיגורן: דבורה הנביאה ביי די ייִדן; טעאָדאָראַ, די ביזאַנטישע אימפּעראַטאָרין, וואָס האָט אינ־ספּירירט איינצופירן דאָס יוסטיניאַן־געזעץ, און ער גיט צו זיי צו די היינטיקע: גאָלדע מאיר, אינדיראַ גאַנדי, סירימאַנאַוואַ באַנדאַראַנייקאַ און לעצטנס — אַרגענ־טינעס פּרעזידענטין, די 43־יאָריקע מאַריאַ עסטעלאַ איזאַבעליטאַ מאַרטינעז דע פּעראָן. זי איז געוואָרן פּרעזידענטין נאָכן טויט פון איר מאַן, דעם פּרעזידענט כואַן דאָמינגאָ פּעראָן (געשטאָרבן דעם 2טן יולי, 1974 אין עלטער פון 78 יאָר). זי איז, הייסט עס, געקומען צו דער מאַכט מיטן כּוח פון איר שטאַרקן מאַן. (זי איז אַראָפּ פון איר גדולה און לעבט אונטער הויזאַרעסט).

די געזעלשאַפט איז, ספּעציעל פּאָליטיש, נאָך אַלץ דאָמינירט דורך מענער. אָבער ברייטע טירן ווערן געעפנט פאַר דער פרוי. די טויערן קענען ווערן אַזוי ברייט געעפנט, אַז די פרוי זאָל זיך „אויסגלייכן" מיט די מענער, געניסן פול־

שטענדיקע גלייכהייט, און די „ליב״־פירערין בעטי פרידען וועט שוין נישט דאַרפן שרייבן וועגן דער „פעמינין־מיסטיק״.

ווי געזאָגט, איז די „טיים״־רשימה ווייט נישט קיין אויסשעפנדיקע. לעצטנס זענען צוגעקומען פרויען, וועלכע זענען באַשטימט געוואָרן אויף פּאָליטישע און אַקאַדעמישע פּאָסטנס. אויף אַ מיניסטאָרן־אַמט איז באַשטימט געוואָרן אַ פרוי אין פראַנקרייך. אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז דאָס בכלל נישט קיין נייס.

אין סאָוועט־רוסלאַנד האָט אַ סך יאָרן אַ פרוי פאַרנומען דעם אַמט פון קולטור און בילדונג. די 64־יאָריקע יעקאַטערינאַ פורצעוואַ איז אַ מאָל שיִער אַראָפּ פון דער גדולה, צוליב איר, לויט זייער לשון, „באַנאַרישן״ זיך, מיטן אַראָפּשלינגען בוי־מאַטעריאַלן פאַר הונדערטער טויזנטער רובל, כּדי זיך אויסצובויען אַ לוקסוריעזע דאַטשע ביי מאָסקווע, אָבער מ׳האָט איר פאַרגעבן אויף דעם חטא און זי איז געבליבן אויף איר געהויבענער שטול אין דער קרעמלין־היעראַרכיע. ווי אַ געשולטע קאָמוניסטקע, האָט זי געוווּסט ווי צו האַנדלען אין אַזעלכע סיטואַציעס. זי איז פּלוצעם געשטאָרבן אין 1974.

מיר האָבן מוסטערן פון צוויי יִדישע פרויען וועלכע האָבן זיך געשטעלט אין דער ריי פון די וואָס האָבן געוואָלט ראַטעווען די וועלט: איינע גאָר אַסימילאַטאָריש און אַפילו פיינטלעך צו די ברייטע פאָלקסשיכטן פון אונדזער פאָלק און די אַנדערע, אויך אַ היסטאָרישע פיגור, שוין נישט אַזוי עקסטרעם אַסימילאַטאָריש, אָבער איר ציל איז געווען ראַטעווען די גאַנצע מענטשהייט און במילא נעגירט די ספּעציפיש־יִדישע נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס, שוין נישט רעדנדיק פון ציוניזם און אויפבוי פון אַ יִדישע מדינה.

מיר מיינען דאָ ראָזאַ לוקסעמבורג און עמאַ גאָלדמאַן.

די ערשטע, געבוירן אין זאַמאָשטש ביי לובלין, האָט אַ צייט געלעבט אין דער יִדישער וואַרשע, זי איז אַוועק פון דער יִדישער סביבה, אַוועק פון יִדישן פּראָלעטאַריער, אַוועק צום אַלגעמיינעם סאָציאַליזם און שפּעטער צום רעוואָלוציאָנערן קאָמוניזם.

ראָזאַ לוקסעמבורג געהערט צו די העראָישע קעמפערס פאַר פרייהייט און מענטשנרעכט; זי האָט געוואָלט אויסקעמפן אַ בעסערע און שענערע וועלט, האָט עס אָבער נישט דערגרייכט.

זי איז געווען די גרינדערין און טעאָרעטיקערין פון דער ערשטער פּוילישער מאַרקסיסטיש־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, שפּעטער פירערין פונעם לינקן פליגל אינעם דייטשישן סאָציאַליזם, די פירערין פון ספּאַרטאַקוס־בונד. זי האָט באַצאָלט מיט איר לעבן, דערמאָרדעט געוואָרן דעם 15טן יאַנואַר 1919 צוזאַמען מיט איר חבר און מיטאַרבעטער קאַרל ליבקנעכט.

ווען איר איז אַ סך געשריבן געוואָרן און מיר פאַרנעמען זיך נישט מיטן ביאָגראַפישן טייל אינעם לעבן פון דער דאָזיקער מאַרטירערין. ס׳איז כּדאַי צו דערמאָנען דעם טראַגישן פאַקט, ווי אַזוי דאָס דייטשישע פאָלק צאָלט איר אָפּ פאַר מקריב זיין זיך פאַר אים. ווען די מערב־דייטשישע רעגירונג האָט אַרויסגע־לאָזט אַ פּאָסטמאַרקע מיט איר בילד, האָבן טויזנטער פאָלקס־דייטשן פּראָטעסטירט, נישט געוואָלט נוצן די דאָזיקע פּאָסטמאַרקע, באַשולדיקט דאָס מיניסטעריום אין קאָמוניזם — די 30 מיליאָן מאַרקעס זענען פאַרשווונדן געוואָרן...

די צווייטע, עמאַ גאָלדמאַן, האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אויפקלערונג־אַרבעט, סיי צווישן ייִדן און סיי צווישן נישט־ייִדן. געבוירן אין רוסלאַנד, געוואָנדערט איבער לענדער און ימים — אָבער קיין מאָל נישט אַוועק פון איר אָפּשטאַם (זי איז געשטאָרבן אין קאַנאַדע אין יאָר 1940) — און נישט געקוקט אויף די רדיפות, האָט זי זיך דאָך געפילט דערהויבן און צופרידן מיט אירע אַקטיוויטעטן און אויפקלע־רונגס־אַרבעט.

וועגן פרויען וואָס זענען טעטיק געווען און געקעמפט אין דער בונדישער באַוועגונג, וועלכע האָבן דורכגעפירט אָפט מאָל געפערלעכע מיסיעס און געטריי געדינט די אידעאַלן פון בונד, האָבן מיר באַשרייבונגען אין די דריי בענד „דורות בונדיסטן״ [9] פון דער פּיאָנערן־תּקופה מיט 70־80 יאָר צוריק, ביז דעם בלוטיקן מבול. אָט די פרויען האָבן געדינט — ווערט דאָרט געזאָגט — „דעם זעלבן אידעאַל... און סאָציאַליזם איז ביי זיי געווען דאָס צויבערוואָרט...״ [10]. מיר האָבן אין זייער ריי ליכטיקע פרויען־געשטאַלטן אידעאַליסטקעס, פייערדיקע רעד־נערינס, שטאָלצע, אויפריכטיקע טרוימערינס מיט אייזערנע כאַראַקטערס, צו בויען אַ וועלט אויף יסודות פון גערעכטיקייט.

אין דער רשימה גרינדערס און פירערס פון בונד געפינען מיר פרויען־רעוואָלוציאָנערקעס און פרייהייט־קעמפערינס צוזאַמען מיט די מענער. אין איין ריי מיט אַרקאַדי קרעמער, וולאַדימיר מעדעם, נח, הענריק ערליך און אַנדערע, געפינט זיך דער נאָמען אַנאַ ראָזנטאַל. זי געהערט צום ערשטן ווילנער קאָמיטעט פון בונד אין יענע שווערע, געהיימע טעג פון אָרגאַניזירן די באַוועגונג. זי האָט פאַרענדיקט איר לעבן אין אַ סאָוועטישער תּפיסה, ביים אָנהייב פון דער סאָוועטישער אָקופּאַציע, נאָך דעם שענדלעכן ריבענטראָפּ־מאָלאָטאָוו־אָפּמאַך.

אין דער רשימה פון די העראָישע קעמפערינס פאַר סאָציאַלן יושר געפינען מיר אויך דעם נאָמען ד״ר שׂרה (סאָניע) ראַבינאָוויטש, די טאָכטער פון שאול פּינחס ראַבינאָוויטש, דעם היסטאָריקער, פאָרשער, איבערזעצער און משׂכּיל, באַקאַנט מיטן נאָמען שפּ״ר. זי איז געווען אַ שפּראַכן־קענערין און געווען טעטיק אין וואַרשע. אין 1917, איז זי אַוועק קיין רוסלאַנד. נאָך דער באָלשעוויסטישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז זי אַרעסטירט געוואָרן. נישט קענענדיק אויסהאַלטן

די אכזריות, האָט זי צוזאַמענגעבראָכן און איז — לויט אַן אָפּיציעלער מעלדונג — באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

זי ווערט געשילדערט אַלס מענטש מיט אַ קרישטאָל ריינעם כאַראַקטער, וואָס איז מסירת־נפשדיק געווען איבערגעגעבן דעם אידעאַל פון סאָציאַליזם. זי איז נישט געווען די איינציקע מיט איר אומפאַרגלייכלעכן צויבער, וואָס האָט געענדיקט טראַגיש, אָדער מיט זעלבסטמאָרד, אָדער איז אומגעקומען אויפן באַפעל פון קעגנער.

ווי געזאָגט, איז די רשימה אַ גאָר לאַנגע און נישט דאָ איז דער פּלאַץ אויס־צורעכענען די דאָזיקע שטילע העלדינס און גאָר פיינע פרויען־געשטאַלטן, אידעאַ־ליסטינס, אָפּשטאַמיקע פון הויכן יחוס, ווי למשל בעלאַ שאַפּיראָ פון לובלין, אָדער געניאַ קלעפּפיש פון וואַרשע, וואָס האָבן אַפילו אין זייער סאָציאַליסטיש־בונדישער תקופה, נישט אויפגעגעבן זייער גייסטיק־אַריסטאָקראַטישן אָפּשטאַם פאַרצווייגט אין משפּחות פון רבנים־רביים. מיר פאַרנעמען זיך נישט מיט געבן אַזאַ רשימה און ס'איז נישט אין אונדזער קאָמפּעטענץ אויסצורעכענען די אַלע פרויען־אידעאַליסטקעס. אַ צאָל פון אָט די פרויען, האָבן אַרויסגעוויזן קידוש־השם אונטער די ערגסטע אומשטענדן, ווי ד"ר ראַשל גערשוני פון גראָדנע (געבוירן אין 1878). זי האָט נישט געוואָלט „גיין דעם לעצטן וועג" צו די גאַזאויוונס און זיך פאַרסמט אין איר היימשטאָט.

אין „די געשיכטע פון בונד" [11] געפינען מיר גאָר אַ סך מאַטעריאַל וועגן דער באַטייליקונג פון פרויען אין דער אַלגעמיין סאָציאַליסטישער באַוועגונג און גאָר באַזונדערס אין דער בונדישער באַוועגונג. זייער אָנטייל איז געוויס נישט קלענער — און איז געווען אַזוי וויכטיק — ווי דער אָנטייל פון די מענער.

צו די גאָר באַקאַנטע פרויען אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג געהערן: ווערא זאַסוליטש (פון סמאַרגאָן — אַ יידישע), ראָזאַליאַ, די פרוי פון רוסישן מאַרקסיסט געאָרגי פּלעכאַנאָוו (פון מינסק — אַ יידישע). די יונגע באַקונינּיסטקע, זאַסוליטש, האָט געשאָסן דעם צאַרישן גענעראַל טרעפּאָוו [12]. מיט פּלעכאַנאָווס נאָמען איז פאַרבונדן די גאַנצע געשיכטע פון רוסישן פרייהייט־קאַמף, אָנהייבנדיק פון די 70ער יאָרן ביז דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע פון 1917. ראָזאַליאַ האָט אים געהאָלפן אויף אַלע געביטן און צוזאַמען מיט אים אָנגעפירט מיט דער אַגיטאַציע און אויפקלערונגס־אַרבעט.

ווי קען מען דורכלאָזן די „באַבע" פון דער רוסישער רעוואָלוציע, יעקאַטערינאַ ברעשקאָווסקאַיאַ (1844־1934), ווי זי ווערט געשילדערט אַלס הויך אינטעלעקטועלע פערזאָן? [13] ס'איז כדאי צו דערמאָנען ווערא פינגער (1852־1942) די קעמפערין־מאַרטירערין, וועלכע איז געווען, ווי ד. שוב כאַראַקטעריזירט זי „די פאַרקערפּע־רונג פון העכסטן אידעאַל" [14]. אין אירע מעמואַרן דערציילט זי, אַז אין איר

קוואַרטיר האָט מען געזוכט די באָמבע, וואָס האָט צעריסן דעם צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן. אירע נאָענטע חברים און חברות, צווישן זיי, סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ, זענען פאַרמישפּט געוואָרן צום טויט און זי — אויף אייביקער תּפיסה. צוואַנציק יאָר איז זי געזעסן אין דער שרעקלעכער שליסלבורגער פעסטונג (ביז 1904). זי האָט דערלעבט די קערענסקי־רעוואָלוציע אין 1917 — און נאָך דעם געטיילט דעם גורל פון אַלע סאָציאַליסטן אונטערן באָלשעוויסטישן רעזשים.

די ערשטע סאָציאַליסטקע אין ווילנע איז געווען חנה־אַננאַ עפּשטיין[15]. די פריִער דערמאָנטע אַננאַ ראָזנטאַל, די פרוי פון פּאַוועל (באַוווסטער בונד־טוער), איז געווען טעטיק אין ווילנער בונד ביים באַגין פון זיינע ליטעראַרישע טעטיקייטן. צביה הורוויטש איז שטאַרק טעטיק געווען אין דער גרינדונגס־תּקופה (אין די יאָרן 1894־1895); דאָס גלייכן פּאַטי קרעמער, די פרוי פון בונדישן פירער אַרקאַדי.

אין אַ פריִערדיקער עפּאָכע האָבן מיר יידישע פרויען סאָציאַליסטקעס, ווי חוה ברעסלער (האָט זיך אויפגעהאַנגען אין 1885, אין וואַרשעווער ציטאַדעל). אסתּר לוריע (געבוירן אין וואַרשע, 1877) שרייבערין און וויסנשאַפטלערין, וועלכע איז צוליב אַרעסטן און פאַרפאָלגונגען אַוועק קיין אַמעריקע. זי האָט דעביוטירט אין „צוקונפט" (1914־1915) מיט אַ סעריע אַרטיקלען אד"ט: „יידישע סאַלאָן־פרויען" און מיט פאָלגנדיקע אַרטיקלען: „באַרימטע יידישע פרויען אין אַמע־ריקע און אין ענגלאַנד" (1916־1917); „די ערשטע פרויען רעכטלערינס" (1918); „באַרימטע פרויען שריפטשטעלערינס" (1919־1920); „די פרויען־טיפּן ביי פרצן" (1915); „שלום עליכם און די יידישע פרוי" (1916) און נאָך און נאָך אַרטיקלען אויף ענלעכע טעמעס[16].

וואָס שפּעטער — שרייבט דער געשיכטע־שרייבער פון יידישן אַרבעטער־בונד — ווייניקער רעוואָלוציאָנערקעס. נישטאָ מער דער צאַרישער רעזשים, איז במילא ניטאָ די אומלעגאַלע אַקטיוויטעטן — אָבער טעטיק אויף אַנדערע געביטן, ווי לערערינס, שרייבערינס, דיכטערינס, סאָציאַלע אַרבעטער, טעטיק אין שול־וועזן, געהאָלפן גרינדן יידישע קינדערהיימען אאַז"וו[17].

לאָמיר דערמאָנען נאָך איין וויכטיקע בונדישע טוערין — אסתּר פרומקין (מלכּה ליפשיץ). זי איז אַ געוויסע צייט געווען אַ מיטגליד פון בונד־פּרעזידיום, זיך באַטייליקט אין באַראַטונגען און אינספּירירט מענער צו אַקציע.

ווי אַ הייסע יידישיסטקע, איז זי געווען אַקטיוו אויף דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ (1908). זי איז געווען אַ מיטאַרבעטערין פון בונדישע שריפטן; זי האָט מערסטנס געשריבן וועגן קולטור־פּראָבלעמען און וועגן נאַציאָנאַלער דער־ציִונג. נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע איז זי געווען טעטיק אַלס דער־ציִערין און קולטור־טוערין. מיר לייענען אין „סאָוועטיש היימלאַנד" וועגן איר טעטיקייט אויפן דאָזיקן געביט[18]: „...מאַרכלעווסקיס (יוליאַן יוזעפאָוויטש) פאַר־

טרעטער און אָנפירער פונעם לערן־פּראָצעס איז געווען אסתּר פרומקין. אין 1925 — נאָך יוליאַן יוזעפּאָוויטשעס טויט — ווערט זי דער רעקטאָר פונעם אוניווערסי־טעט (פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן פון מערב — נ. ש.) און פירט מיט אים אָן ביזן סוף פון זיין עקזיסטענץ (1936)״...

דער שרייבער שילדערט איר אויסזען, איר פיגור, איר כאַראַקטער... „אין אוניווערסיטעט — שרייבט ער — „האָט זיך גלענצנדיק אַרויסגעוויזן איר טאַלאַנט אַלס פּעדאַגאָג, פאַרשער, דערציִער, אירע היפּשע אָרגאַניזאַטאָרישע פעיִקייטן.

„פרומקין (פרומקינע) האָט אויך געאַרבעט אין צענטראַל־ביוראָ פון די ייִדסעקציעס ביים צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי, אין „פּאָלקאָמבילד״. זי האָט אָנגעשריבן אַ ריי ביכער און בראָשורן וועגן לעניניזם, איבערגעזעצט אויף ייִדיש פיל לענינס ווערק.

„בעת דער אַנטשטייונג פון ‚מערבקע׳ איז אסתּר אַלט געווען 41 יאָר. אָבער די סטודענטן פונעם ייִדישן און פון אַנדערע סעקטאָרן האָבן זי אָנגערופן ‚די מאַמע׳. אַ מאַמע איז זי געווען אַ קלוגע און אַ זאָרגזאַמע. זי האָט צוגעצויגן צו דער אַרבעט די בעסטע פּעדאַגאָגישע קרעפטן פון מאָסקווע. זייענדיק ענג פאַרבונדן מיט נ. ק. קרופּסקאַיאַ (לענינס פרוי — נ. ש.), מיטן ‚פּאָלקאָמבילד׳, האָט זי אַריינגעטראָגן אין לערנפּראָצעס די דערגרייכונגען פונעם סאָוועטישן פּעדאַגאָגישן געדאַנק״.

דער שרייבער דערציילט ווי אַזוי אסתּר האָט זיך געמיט „אויסצוּוואָרצלען די רעשטן פון דער ציוניסטישער און בונדיסטישער אידעאָלאָגיע״. ער מיידט אָבער אויס צו דערציילן, וועגן איר טראַגישן גורל, וועגן דער באַלוינונג, וואָס זי האָט באַקומען פאַר איר געטריישאַפט צו דער סאָוועטישער מאַכט.

אין די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען, האָט מען נישט געוווּסט פון פרוי „ליבּ״־באַוועגונג, ווייל די פרוי, נישט געקוקט אויף איר נאַטור צו פאַנגען און צו פאַר־כּישופן דעם „אומגליקלעכן מענלעכן מין״, האָט פאַרנומען אַ גלייך אָרט, אין אַלע סאָציאַליסטישע באַוועגונגען און צו די דאָזיקע האָט געהערט אַזאַ אסתּר פרומקין, וועלכע האָט אַנדערש ווי געוויינלעכע פרויען זיך פאַרנומען מיט אַ נייעם צויבער, אַ נייעם רייץ, אַ רייץ פון וויסן, פון געלערנטקייט, פון קעמפעריש־קייט פאַר יושר און צדק.

הערש סמאָליאַר, דער קאָמוניסטישער טוער פון פּוילן און פון סאָוועט־רוס־לאַנד, וואָס איז איצט אַ תּושב אין ישׂראל, האָט לעצטנס פאַרעפנטלעכט אַ בוך א״נ „ווּ ביסטו, חבר סידאָראָוו?״ [19], דערמאָנט ער דאָרט אסתּר פרומקין (מאַריאַ פרומקינאַ). איך האָב דעם בוך נישט געזען, אָבער ווי עס גיט איבער אין אַ רעצענזיע דער שרייבער און פאָרשער נתן עק [20], איז סמאָליאַר אַנטוישט געוואָרן פון דער חברטע אסתּר, „פון וועלכער ער האָט שטאַרק געהאַלטן״...

מיר ציטירן:

„...אסתּר, די באַרימטע ייִדישע קולטור־טוערין, וואָס האָט זיך נאָך באַטייליקט אין דער טשערנאָוויצער ייִדיש־קאָנפערענץ (1908) און וואָס איז איצט געווען וויצע־רעקטאָרין פונעם מאָסקווער מערב־אוניווערסיטעט, ווו ס'איז געווען אַ ייִדישער אָפּטייל מיט ייִדישע פּראָפעסאָרן און סטודענטן, האָט אין איר רעדע, אין אַ וווּנ־דערבאַרן פיינעם ייִדיש, אויסגעדריקט איר פולע גלייכגילטיקייט (קורסיוו — ה. ס.) לגבי די ייִדישע נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס און איר „נייטראַליזם" לגבי דער ייִדישער צוקונפט אינעם ראַטנפאַרבאַנד. ס'איז „קלאָר געווען, אַז אין תּוך גענומען איז זי מסכּים צו פּערספּעקטיוו פון אַסימילאַציע".

סמאָליאַר האַלט אָבער, אַז זי איז נישט געווען אויפריכטיק. זי האָט אָפּנים געמוזט אַזוי רעדן, ווייל איין שטאָק העכער איז דאָך געזעסן אין זיין ביוראָ דער גענעראַל־סעקרעטאַר יאָסיף סטאַלין, וואָס לויט זיין טעאָריע זענען די ייִדן נישט קיין נאַציאָנאַלע איינהייט און האָבן אין נאַציאָנאַלן זין נישט קיין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג"...

מיר האָבן פריִער שוין אָנגעוויזן אויף איר ראָלע אַלס פּראָפעסאָרין פון „מערב"־אוניווערסיטעט און אויף איר איבערגעגעבנקייט צו דער יעווסעקציע. מיר האָבן לעצטנס געלייענט אין „פאָרווערטס" [21] פון אַן עד־ראיה (אַלבערט קשאַנסקאַ), אַז אין איר פאַרשיקונג, האָט זי זיך אויסגעדריקט: „איך בין צוריק אויף דער אַלטער פּאָזיציע". דאָס האָט געמיינט — צוריק אַ בונדיסטקע...

אין זיינע זכרונות [22] גיט איבער אברהם וואַלט־ליעסין (1872־1938), אַז אסתּר פרומקין האָט דורכגעמאַכט דעם זעלביקן גלגול ווי מרים דייטש, געגלייבט אין דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע וואָס וועט אויסלייזן און באַפרייען דאָס רוסישע פאָלק און די גאַנצע מענטשהייט.

ער דערמאָנט דרך־אגב, אַז אסתּר איז געווען אַ באַגאַבטע שריפטשטעלערין. זי איז געווען — שרייבט ער — אין דער יוגנט, איינע פון די פעיִקסטע און גייסטרייכסטע ייִדישע מיידלעך אין מינסק. זי איז געווען „זייער שיין, זייער פעיִק, פול מיט חן און פייער צו דינען דער מענטשהייט".

איר זיידע — שרייבט ער — איז געווען אַ ייִד אַ צדיק, אַ למדן, „וואָס איז געשטאָרבן אויף דער גמרא. מען האָט אים בוכשטעבלעך געפונען טויט איבער אַ גמרא... איר פאָטער, שוין אַ משׂכּיל, אַ העברעער, אַ ייִד אַ מושלם און אַ זעלטענער בעל־קריאה..."

א. ליעסין שטעלט זיך אָפּ אויף דער גענעאַלאָגיע פון אסתּרן, מיט דער האָפענונג, ס'זאָל איר נישט ברענגען קיין שאָדן איר יחוס־אָפּשטאַם און איר גרויס אָרט אין בונד, וואָס זי „פאַרדאַמט איצט אַזוי העפטיק" (געשריבן אין אָנהייב דרייסיקער יאָרן — נ. ש.). ער איז זיכער, אַז דאָס איז ביי איר אַזאַ קאָמפּלעקס

וואָס באַווייזט דאָס פאַרקערטע און ער גיט זיין פסיכאָלאָגישן הינטערגרונט, וואָס לאָזט זיך לייכט אָפּפרעגן.

ער שרייבט:

„ביי יעדער פרוי איז דאָך אָפּט מאָל אַ גרויסע שנאה גאָר די לינקע זייט פון אַ גרויסער ליבע און ביי אַזאַ פרוי ווי אסתר, דריקט זיך דאָס אויס נאָך אינטענסיווער...״

ווי ליעסין גיט איבער, האָט זי, אסתר, אַן אָפּשטאַמיקע פון לומדים, משׂכּילים, פאַרעפנטלעכט אַ פייער און פלאַם־בראָשור קעגן רבנים. ליעסין קען דאָס נישט באַגרייפן. אפשר — האַלט ער — „טוט זי דאָס, צוליב טיף אין האַרצן פאַרבאָרגענע ייִדיש־נאַציאָנאַלע געפילן און מאָטיוון...״ ווי מיר האָבן דערמאָנט אירע ווערטער אינעם פאַרשיקונג־לאַגער, האָט זי טיף אין האַרצן ליב געהאַט איר ייִדיש פאָלק, איר ייִדישן אָפּשטאַם. זי איז געווען אַ ייִדישע נאַציאָנאַליסטקע.

און אַ צום־סוף־נאָטע:

נישט בלויז איז די ייִדישע פרוי געווען אויף די ערשטע פּאָזיציעס אין די קאַמפן פאַר אַ בעסערער וועלט, פאַר אַ יושרדיקער געזעלשאַפט, נאָר תּמיד אַרויסגעוויזן מסירת־נפש פאַר אמונה, פאַר נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס, פאַר הייליקייט אינעם פאַמיליע־לעבן — אין דער גרויליקער תּקופה פון נאַציזם. אין וואַרשעווער געטאָ־קאַמף, וויזן אַן פאַרשערס, זענען אומגעקומען מער מיידלעך ווי ייִנגלעך. וויפל מ׳האָט נישט געשריבן וועגן די שטילע, באַשיידענע העלדינס, וועלכע האָבן אָפּגעגעבן זייערע לעבנס אויף קידוש־השם, איז עס בלויז אַ טראָפּן אינעם ים פון ליידן און קדושה פון ייִדישע טעכטער, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן פיזישע און גייסטיקע העלדישקייט בעת יענע מוראדיקע יאָרן. — אָבער דאָס איז שוין אַ קאַפּיטל פאַר זיך און געהערט צו דער געשיכטע פון העראָיִזם, קדוש־השם און קדוש־האומה.

**ב. די פרוי אין דראַנג און שטורעם. — אין גייסטיקע און געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען, יידישע און נישט־יידישע. — אין דער פירערשאַפט און אין דער דערציִונג.**

מיר האָבן פריִער אָנגעוויזן אויף דער ראָל פון דער פרוי אין פירערשאַפט אין אַלטערטום, מיטל־עלטער און אין דער נייער צייט, לויט דעם נייעם לעבנס־שטייגער און לויט דער נייער קאָניונקטור, לויט די נייע לעבנס־פאָרמען.

די פרוי אין דער נייער צייט פאַרנעמט אַ גרויס אָרט אין דער אַלגעמיינער מאָדערנער געשיכטע, זי איז באַטייליקט אין אַלע באַוועג־

גונגען; זי האָט רעכט זיך אויסצוקלייבן צו וואָס פאַר אַ ריכטונג זי זאָל געהערן; זי קעמפט צוזאַמען מיטן מאַן פאַר נייע לעבנס־פאָרמען.

אין מיין ווערק „באַציִונג צו דער פרוי" האָבן מיר אַ רשימה פון פרויען־קעמפערינס אין אַ צאָל לענדער[1] — קאַמף צו דערגרייכן רעכט און פרייהייט פאַר דער פרוי און קאַמף פאַר דעם ווילזיין פון דער מענטשהייט. איינע פון די דאָזיקע, נישט קיין רעוואָלוציאָנערקע, וועלכע האָט זיך מקריב געווען צו העלפן ליידנדיקע און עלנטע, איז געווען די אַמעריקאַניש־ייִדישע פרוי רעבעקאַ (רבקה) גרעץ (1781־1869). זי איז געווען רעספּעקטירט ביי אַלע אַמעריקאַנער. אַלע האָבן אָפּגעשאַצט אירע אויפטוען און דערגרייכונגען, איר הויכע אינטעליגענץ און פאַר־שטענדעניש; אַלע האָבן באַוווּנדערט איר ליבע צום ייִדישן פאָלק, איר שטאָלץ אַלס ייִדישע טאָכטער. זי האָט, צוליב איר גלויבן און אָנגעהעריקייט צום ייִדישן פאָלק, צוריקגעוויזן די ליבע פון איינעם פון די אָנגעזעענסטע יונגעלייט אין איר קרייז[2] און קיין מאָל, צוליבן דאָזיקן „אינצידענט", נישט חתונה געהאַט. אַן אומגעוויינלעכע יפת־תואר, ווי זי איז געווען, איז זי געבליבן אומפאַרהייראַט. זי איז פאַר־אייביקט אין אירע זכרונות און אינעם גרויסן ווערק פון סיר וואָלטער סקאָט — „אייוואַנהאָ".

אין די אַלטע צייטן, האָבן זיך געפונען איינצלנע פרויען, וועלכע האָבן באַוויזן גרויסקייט אין פירערשאַפט און אין וויסן. ביי איינצלנע האָט זיך אַנטפּלעקט דער אומדערשעפּלעכער קוואַל פון מוט. מיט דער צייט האָבן זיך באַוויזן וואָס מערער אַזעלכע פרויען, וועלכע האָבן געלאָזט הערן פון זיך, און זייער שטים איז געהערט געוואָרן.

אַזוי מיט אַ הונדערט יאָר צוריק, איז עס געווען די ענגלישע דיכטערין אַמאַליאַ אָפּיי, וואָס האָט אַנטקעגנגעשטעלט דעם גרויסן נעלסאָן־קולט, דעם מלחמה־יתום וועמעס פאָטער האָט צוזאַמען מיט נעלסאָנען געוווּנען די ים־שלאַכט ביי טראַפאַלגאַר, דאָרט אומגעקומען — אָבער פאַרגעסן געוואָרן.

אַזוי, אין אַ גרעסערער מאָס מיט איבער פופציק יאָר צוריק, האָט בערטאַ פאָן סאָטנער, די עסטרייכישע קעמפערין פאַר שלום, אַרויסגעלאָזט איר בוך „די וואָפן נידער" (וועגן די פיר מלחמות אין משך פון עלף יאָר, 1859־1870) — אַ בוך קעגן מיליטאַריזם, קעגן פאַטריאָטישן עגאָיִזם, קעגן אָנפאַלן פון איין פאָלק אויפן אַנדערן. זי האָט דערפאַר געקראָגן דעם נאָבעל־פרייז פאַר שלום. איר בוך איז אַרויס אין צענדליקער אויפלאַגעס, געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס קעגן מיליטערישע אָנפאַלן; פעלקער זאָלן דורכקומען צווישן זיך מיט אונטערהאַנדלונגען, אָנשטאָט מיט קאַנאָנען. אויב דאָס האָט ווייניק געהאָלפן, בעת דער אָנגעצויגנקייט פון יונקערישן מיליטאַריזם, האָט עס דאָך אַ ביסל איינגעהאַלטן דעם אַפּעטיט ביי מלחמה־צינדערס און מיליטער־קליקעס.

אין אַמעריקע איז פֿאַר אַ צייט געווען שטאַרק פּאָפּולער דאָס בוך פֿון מאַרגאַ־רעט מיטשעל, „פּאַרוויינט פֿונעם ווינט", אין וועלכן ס'ווערט געשילדערט דער בירגערקריג צווישן צפֿון און דרום. דאָס בוך, אין וועלכן די אויטאָרין איז שטאַרק אַרויסגעטראָטן קעגן דער מענערשער וועלט־סיסטעם פֿון קריג און רציחה, האָט זיך פֿאַרקויפֿט אין די הונדערטער טויזנטער עקזעמפּלאַרן.

די פֿרוי ווירדזשיניאַ וואָלף האָט אין איר בוך „דריי גינעעס" גערופֿן די פֿרויען זיי זאָלן זיך נעמען צו פֿירערשאַפֿט און פֿאַרלייגן אַזעלכע געזעלשאַפֿט־לעכע יסודות, וואָס זאָלן נישט דערמעגלעכן קיין מלחמות. זי האָט אַגיטירט, די פֿרוי זאָל לאָזן הערן איר וואָרט און דעה אין דער לאַנד־פֿירערשאַפֿט, עס זאָלן זיך צונויפֿגיסן די פֿרויען־שטימען אין אַ כאָר פֿון אַלע מוטערס, און אַזוי אַרום שטאַרקן דעם פֿרידן אויף דער וועלט.

ווען מען רעדט וועגן פֿרויען אין די אַלגעמיינע באַוועגונגען פֿאַר שלום און פֿאַר יושר אויף דער וועלט, דאַרף מען דערמאָנען דזשין עדעמס (1860־1933) [3], וואָס אַ דאַנק איר אַרבעט זענען אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן דורכגעפֿירט געוואָרן אַ צאָל רעפֿאָרמען לטובֿת דער אָרעמער באַפֿעלקערונג. נישט אומזיסט האָט די „ערשטע ליידי" עלינאָר רוזוועלט אַראַנזשירט אַ באַנקעט לכּבֿוד איר, און נישט אומזיסט האָט זי געטיילט דעם נאָבעל־פּרייז. פֿרוי רוזוועלט האָט זיך אויסגעדריקט אַז „ס'איז אַ גרויסע פּריווילעגיע צו לעבן אין איין צייט מיט אַזאַ מענטשן...". אויך לענינס אלמנה, די רעוואָלוציאָנערקע קרופּסקאַיאַ, האָט זי באַגריסט מיט די שענסטע לויבווערטער. דזשין עדעמס איז אויסגעגאַנגען נאָך אַ לענגערער קראַנק־קייט. עד היום ווערט זי באַטראַכט אַלס ליכטיקע פּערזענלעכקייט אין דער ערשטער ריי פֿון נאָבעלע פּערזענלעכקייטן.

צווישן די נאָבעלע פֿרויען־פּערזענלעכקייטן דאַרף צוגערעכנט ווערן די באַ־רימטע טויב־בלינדע העלען קעלער (1880־1968), וועלכע איז, נישט געקוקט אויף איר „שטילער וועלט פֿון פֿינצטערניש", געוואָרן פֿון די באַרימטסטע פֿרויען פֿון 20סטן י"ה — אַ קעמפֿערין צו פֿאַרבעסערן די מערכה פֿון אַלע ליידנדיקע און קראַנקע. אין משך פֿון איר קאַריערע איז זי געקומען אין קאָנטאַקט מיט די גרעסטע געלערנטע. זי האָט פֿאַרפֿאַסט וויכטיקע ביכער, האָט געשטאַרקט און געטרייסט די יעניקע, וואָס די נאַטור האָט זיי געקריוודעט. זי האָט געקראָגן אַן אַ שיעור פּרעמיעס און מעדאַלן און באַרייזט אַ וועלט.

מיר דאַרפֿן דערמאָנען אַזאַ פֿרוי, ווי רבֿקה (רעבעקאַ) קאָהוט־בעטלהיים (1864־1951), וועגן וועלכער מיר האָבן שוין געשריבן [4]. זי איז געווען אַן אויס־געצייכנטע פּעדאַגאָגין און דערצו אַ פֿירערין פֿון גרויסן פֿאַרנעם. איר באַגאַבטקייט און פֿעיִקייט האָבן איר נישט געשטערט אין באַשיידנקייט.

ווי אַ יונג מיידל, מיט חלומות פאַר אַ גליקלעכער און יוגנט־פריילעכער צוקונפט, האָט זי חתונה געהאַט אין 1887 מיטן באַוווּסטן געלערנטן און פּראָפעסאָר פּראָפ׳ אַלעקסאַנדער קאָהוט און זיך מקדיש געווען פאַר אָט דעם גייסטמענטש. ער איז שוין געווען אויף דער עלטער, אַן אַלמן מיט קינדער און זי — אַ יונגפרוי. דאָך האָט זי זיך איבערגעגעבן בלב ונפש דעם דאָזיקן איידעלן מענטשן.

נאָך זיין טויט, אין 1894, האָט זי זיך געווידמעט צו איר קאַריערע אַלס דער־ציִערין, לעקטאָרין, מחברין און קאָמונאַלע פירערין. זי איז געווען די גרינדערין פון דער קאָהוט־מיידלעך־שולע, אַ מוסטערהאַפטער אינסטיטוט פאַר מיידלעך. זי איז אויך געוואָרן פּרעזידענטין פונעם ערשטן וועלט־קאָנגרעס פון יִידישע פרויען, פון וועלכן ס׳איז אַרויסגעוואַקסן דער נאַציאָנאַלער פרויען־ראַט. זי דערציילט אַ סך פון איר לעבן אין איר ביאָגראַפיש ווערק: „מיין חלק״. אָבער מער ווערט איבערגעגעבן אין געשיכטע־פאָרשונגען און אין זכרונות וועגן אַמעריקאַנער יִדישע פּערזענלעכקייטן.

אין די פינצטערע צייטן, ווען די פרוי איז געווען באַגרענעצט, דערנידעריקט און באַזייטיקט פונעם אַקטועלן לעבן, האָבן זיך בלויז איינציקע אַרויסגעריסן פון שטוב־איינגעשלאָסנקייט. בלויז איינצלנע מוטיקע געשטאַלטן האָבן נישט מורא געהאַט זיך אויסצודריקן אין דער עפנטלעכקייט וועגן פּראָבלעמען וואָס רירן אָן יעדן מענטשן, אַזוי די פרוי ווי דעם מאַן. מערסטנס זענען פרויען געווען פאַר־נומען אַלס הויז־אויפפּאַסערינס, אין שטוב מיטן משפחה־לעבן. מיט דער צייט, האָט זיך דער מצב געענדערט און די פרוי האָט אַרויסגעוויזן טאַלאַנט אויף אַלע געביטן און גאָר באַזונדערס אויפן געביט פון וווילטעטיקייט.

ווי מיר האָבן פריִער דערמאָנט איז רעבעקאַ גרעץ געווען איינע פון אָט די געציילטע — אָבער זי האָט זיך הויפּטזאַכלעך אָפּגעגעבן מיט צדקה־אַקטיוויטעטן, געגרינדעט די ערשטע צדקה־אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע „היברו פעמילי בענעוו. סאָסייעטי״ (נאָוועמבער 1818), „דזשוּיִש פאָסטער האָום״ (1855) און אַזוי אַנדערע ענלעכע הילפס־באַוועגונגען.

די פרוי איז אָבער נישט געבליבן בלויז ביי צדקה־ און חסד־אַרבעט. מיט דער צייט איז די פרוי געוואָרן אַקטיוו אויף אַלע געביטן פון מענטשלעכער דער־קענטעניש, אַריינגערעכנט וויסנשאַפט און דערציִונג. אַ דריטל פון אַמעריקאַנער וויסנשאַפטלערס זענען פרויען.

מיר האָבן פריִער שוין דערמאָנט אַזעלכע פרויען וועלכע זענען געווען אַנדערש אין כאַראַקטער, אַנדערש אין אַקטיווקייט און אַנדערש אין סביבה — אָבער אויס־געדריקט דעם זעלביקן רצון: פרייהייט און גלייכהייט און געלאָזט טיפע שפּורן אין דער געזעלשאַפט.

די פרוי איז געוואָרן טעטיק אין רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען, איניקע שטרענג סאָציאַליסטיש געשטימט, מאַרקסיסטן, אַנאַרכיסטן, לעניניסטן און אַנדערע וועלכע האָבן געוואָלט אַ נייע, ליבעראַלע וועלט־אָרדענונג, נישט האָבנדיק דעם אינטערעס צום סאָציאַליזם־קאָמוניזם פון קאַרל מאַרקס (1818־1883), פרידריך ענגעלס (1820־1895) אָדער מיכאַיל באַקונין (1814־1876) אָדער פּיאָטר קראָפּאָטקין (1842־1921). זיי האָבן געוואָלט פרייהייט, גלייכהייט און גערעכטיקייט. צוזאַמען מיט די מענער זענען זיי געווען אַקטיוו אין די דאָזיקע וויזיאָנערישע טרוימען; צוזאַמען מיט די מענער האָבן זיי אַרויסגעוויזן גייסטיקע שעפערישקייט און גרייטקייט אויף מסירת־נפש; צוזאַמען מיט די מענער האָבן זיי אויסגעדריקט אין וואָרט, שריפט און טאַט דעם דראַנג פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער דערלייזונג.

מיר וועלן צוליב אונדזער זאַך, דערמאָנען נאָך אַ מאָל די פרוי וואָס האָט אַרויסגעוויזן אומגעוויינלעכע אַקטיוויטעט פאַר דער מענטשהייט, זיך אויסגעצייכנט מיט איר כאַראַקטער, מיט איר מענטש־ליבע און מיט אירע אויפטוען — עלינאָר רוזוועלט (1884־1962). די דאָזיקע פרוי האָט געבוירן און דערצויגן זעקס קינדער, געשריבן און פאַרעפנטלעכט פינף ביכער און זינט 1936 — געשריבן אַ טעגלעכן קאָלום, באַרייזט די וועלט עטלעכע מאָל, געהאַלטן פאָרטראָגן אויף פאַרשיידענע טעמעס און דאָך געפונען צייט צו העלפן יעדן, וואָס האָט זיך נאָר געווענדט נאָך הילף.

עלינאָר רוזוועלט האָט אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערע ליבשאַפט צו ייִדישע קינדער, געהאָלפן ראַטעווען ייִדישע קינדער פון נאַצי־אומקום; געהאָלפן דער „מאַמען" פון „עלית הנוער" הענריעטאַ סאָלד (געבוירן אין באַלטימאָר אין 1860 — געשטאָרבן אין ישׂראל, 1945), וועמעס אידעאַל איז געווען צו ברענגען ייִדישע קינדער קיין ישׂראל, זיי זאָלן אויסוואַקסן גוטע ייִדישע בירגערס אינעם ייִדישן היימלאַנד און צוהעלפן אין זיין אויפבוי.

הענריעטאַ סאָלד איז געווען די גרינדערין פון „הדסה" (1912, נאָך איר אומקערן זיך פון ארץ־ישׂראל) — אַ פרויען־באַוועגונג, וואָס ציילט היינט אַרום אַ האַלבן מיליאָן מיטגלידערס און וואָס האָט באַוויזן וווּנדער פאַר דעם אויפבוי פון דער מדינה, פאַר דעם רעאַליזירן פון ציוניסטישן אידעאַל און גאָר באַזונדערס, זיך אויסגעצייכנט אויפן מעדיצינישן געביט.

שוין אויף דער עלטער, אין 1933 (זי איז דאַן שוין געווען 73 יאָר אַלט), האָט זי זיך אונטערגענומען אָנצופירן מיט דער יוגנט־עליה און געוויזן מעשׂה נסים, אַרויסראַטעווענדיק ייִדישע קינדער פון נאַצי־גיהנום. זי איז נפטר געוואָרן אין עלטער פון 85 יאָר, אין 1945. ירושלים איז דאַן געווען באַדעקט מיט שניי,

אָבער טויזנטער, יונג און אַלט, האָבן זי באַגלייט און בראש המלווים האָט זיך געפונען ד״ר חיים ווייצמאַן. זי איז באַוויינט געוואָרן דורכן גאַנצן ישוב.

איר קאַריערע האָט הענריעטאַ אָנגעהויבן אַלס שרייבערין און רעדאַקטאָרין. ווי אַ דערצויגענע אין הויז פון איר פאָטער דעם אָרטאָדאָקסיש-משׂכּילישן רב ר׳ בנימין, אַן אימיגראַנט פון אונגאַרן, רב פון „אוהב-שלום״ אין באַלטימאָר, האָט זי זיך אין פריִען עלטער, געווידמעט צו העלפן אימיגראַנטישע ייִדן נאָך די רוסישע פּאָגראָמען, איינגעאָרדנט פאַר זיי אָוונט-קורסן. זי איז געווען איינע פון די גרינדערס פון „דזשויִש פּאָבליקיישאָן סאָסייעטי״, איבערגעזעצט היינריך גרעצס „ייִדישע געשיכטע״ און נאָכגעפאָלגט איר פאָטער דעם פאָרשער און שרייבער: געשריבן עסייען, רעפּאָרטאַזשן, זכרונות און מאָנאָגראַפיעס [5]. נאָך אַלס יונג מיידל, האָט זי אַרויסגעוויזן אָנערקענונג פאַר העברעיִש-שרייבערס, ווי עס זאָגט עדות אַ בריוו פון מנחם מענדל דוליצקי צו איר פאָטער, אָנרופנדיק זי „בת ציון עדינה, יחידה בבנות ירושלים...״ [6].

און אַז מען רעדט פון אויסנעמיקע ייִדישע פרויען, ווי קען מען נישט דער-מאָנען די ביז לעצטנס ראש ממשלת ישׂראל — גאָלדע מאיר — די פרוי וואָס האָט באַוויזן ווונדער, טאַקט און חכמה, סיי מיט איר אַקטיווקייט אינעם חלוציזם-אידעאַל, סיי אין דער הסתדרות-פירערשאַפט, סיי אַלס הויפּט פון דער אויסער-לעכער פּאָליטיק [7] פון דער מדינה און סיי אַלס די פּרעמיערין, וועלכע איז גע-לויבט געוואָרן פון וועלט-פירערס? נישט אומזיסט ווערט זי טיטולירט „גאָלדע די ליכטיקע״...

די גרויסע און הויכע קאַריערע פאַר גאָלדע מאיר (מייערסאָן) האָט זיך אָנגע-הויבן, ווען זי איז אין 1956, באַשטימט געוואָרן פאַר אויסערן-מיניסטער פון מדינת ישׂראל. זי איז שוין דעמאָלט געווען באַרימט אין דער אַרבעטער-באַוועגונג און האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ געשולטע און אויסגעצייכנטע דיפּלאָמאַטין. איר נאָמען איז געפלאָכטן מיט ישׂראלס וווּקס און מיט דער אַנטוויקלונג פונעם קיבוץ-לעבן, מיט דער הסתדרות, מיט מדינת ישׂראל. זינט 1956 איז זי אָבער געוואָרן איינע פון ישׂראלס בעסטע פירשפּרעכערס אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע און איז געגאַנגען אויף דער לייטער פון פירערשאַפט ביזן הויכפּונקט, ביז צו דער פּאָזיציע פון ראש הממשלה.

די הסתדרות-פירערס האָבן אין איר געזען אַ ביז גאָר פעיִקע פרוי, אַן „אשה חכמה״ לויט די בייסטע באַגריפן, און זי געגרייט צו דער גרויסער פּאָליטישער קאַריערע וואָס איז איר באַשערט געווען.

מיר וועלן נישט אָנהייבן פון איר „בראשית״; אָבער צוליב כאַראַקטעריזאַ-ציע, וועלן מיר דאָך ברענגען עטלעכע דאַטעס און פאַקטן אין איר לעבן, בכדי צו האָבן אַ באַגריף וועגן אָט דער „פלאַמיקער״-ליכטיקער גאָלדע.

נאָך דעם שוואַרצן שבת פון 1946, ווען די ענגלענדער האָבן אַרעסטירט די ישׂראל־מנהיגים, איז זי געוואָרן די אָנפירערין פונעם פּאָליטישן דעפּאַרטאַמענט ביי דער סוכנות (ייִדישער אַגענץ).

אין 1948, ווען דוד בן־גוריון האָט פּראָקלאַמירט די מדינה, האָט ער באַשטימט גאָלדען ווי די געזאַנדטע ביי די סאָוועטן. זי האָט געהאַט גרויס דערפּאָלג אין סאָוועט־רוסלאַנד. אַ דאַנק איר איז אויפגעלעבט געוואָרן דאָס נאַציאָנאַלע געוויסן און דער ייִדישער שטאָלץ ביים סאָוועטישן ייִדנטום. הונדערטער טויזנטער ייִדן האָבן אָנגעהויבן זוכן וועגן און מיטלען צו פאַרלאָזן רוסלאַנד און אָנהייבן אַ ייִדיש לעבן אין ישׂראל, אָדער אין די לענדער פון דער מערב־העמיספּערע.

אין 1956, ווען ס'זענען פאָרגעקומען חלוקי־דעות צווישן בן־גוריונען און משה שרת, (גאָלדע איז דעמאָלט געווען אַרבעט־מיניסטער), האָט זי בן־גוריון באַשטימט צום העכסטן אַמט אין זיין קאַבינעט — צו ווערן אויסערן־מיניסטער. די איינציקע פרוי אינעם קאַבינעט און די פרוי מיט דער העכסטער מאַכט, נאָכן פּרעמיער, וועמען זי האָט נאָכגעפאָלגט אַלס איר רבי און מנהיג, ביז דעם שטרייט צווישן בן־גוריונען און לוי אשכּול, ווען זי האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון מפּא״י און אשכּולן — אָבער דאָך אָנגעהאַלטן די חברשאַפט מיט די אָנהענגער פון בן־גוריון.

אונטערן רעזשים פון לוי אשכּול, איז זי געווען די שטאַרקסטע קעגנערין צו שאַפן די קאָאַליציע מיט חרות־גח״ל און האָבן מנחם בעגינען אין דער רעגירונג; זי איז אויך געווען קעגן משה דיינען, דער פירער פון רפ״י — בן־גוריונס גרופּע — אין דער כּנסת. זי איז דעמאָלט אַראָפּ פון איר גדולה. ס'האָט אָבער לאַנג נישט גענומען און זי איז געוואָרן די פּאָפּולערסטע פרוי אין דער הסתדרות, אין לאַנד און אין דער וועלט.

נאָך אשכּולס פּטירה, האָט פּינחס ספּיר, בכדי צו פאַרמיידן אַ שטרייט צווישן משה דיין און יגאל אלון — וואָס האָבןביידע פּרעטענדירט אויף פּרעמיערשאַפט — אַרויסגעשטעלט גאָלדעס קאַנדידאַטור, אויף וועלכער אַלע האָבן מסכּים געווען, בכדי צו פאַרמיידן אַ קריזיס אין דער עבודה־פּאַרטיי.

פּינחס ספּיר האָט נישט געמאַכט קיין טעות: גאָלדע האָט געוווּנען די וואַלן. איר פּאָפּולאַריטעט איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג און זי האָט געפירט ביד רמה. זי האָט בעגינען נישט געוואָלט האָבן אין דער רעגירונג, זי האָט אָבער געטאָן דאָס מעגלעכסטע צו האָבן מפד״ל אין איר קאַבינעט. די דריי מיניסטאָרן פון מפד״ל האָבן געהאַט צוטרוי צו איר, אַרויסגעוויזן איבערגעגעבנקייט און געלויבט איר פירערשאַפט. אַ פרוי פון אַריבער זיבעציק, האָט באַוויזן ווי די אַמאָליקע, תּנ״כישע „אשה חכמה" צו ווערן די פירערין פון דער יונגער מדינה מיט אַזוי פיל פּראָבלעמען.

מ׳האָט געדאַרפֿט זען גאָלדען אין דער כּנסת, ביי קאַבינעט־זיצונגען, ביי נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפֿערענצן. אומעטום האָט זי אויסגענומען מיט איר לאָגיק, מיט איר שאַרפֿקייט, מיט איר טאַקט.

ווען זי האָט זיך דערנענטערט צו דער זקנה, אין מיטן די „גבורות״, האָט זי זיך שוין געוואָלט צוריקציִען און לאָזן יינגערע, נייע פּירערס, קומען צו דער פּירערשאַפֿט. אָבער די עבודה־פּאַרטיי האָט דאָס איר נישט דערלויבט. בעיקר פּינחס ספּיר האָט נישט דערלאָזט זי זאָל דעמיסיאָנירן; ער, דער „ממליך פון נשׂיאים און פּרעמיערן״, האָט געוווּסט, אַז אַ וואַל־קאַמפּאַניע אָן גאָלדע מאיר וועט רעדוצירן די צאָל חברי־כּנסת פון זיין פּאַרטיי און במילא די צאָל מיניסטאָרן. דערצו איז נאָך פֿאַר אים געשטאַנען די מורא פון אַן אינערלעכן שטרייט צווישן די, וועלכע פֿילן זיך באַרעכטיקט צו דער פּאָזיציע פון ראש הממשלה.

הכלל, גאָלדע האָט אָנגעפֿירט מיט דער אינטענסיווער, העפֿטיקער וואַל־קאַמפּאַניע און איז אויפֿגעטראָטן אויף פֿאַרשיידענע פּלאַטפֿאָרמעס צו אַגיטירן און פּראָפּאַגירן פֿאַר איר באַוועגונג. נישט מיד געוואָרן אָנצופֿירן מיט דער רעגירונג און מיט דער וואַל־סטראַטעגיע ביז דער שרעקלעכער אויפֿטרייסלונג, דער יום־כּפּור־מלחמה, וואָס האָט דערפֿירט דערצו, זי זאָל אַראָפּ פונעם הויכן פּיעדעסטאַל, ס׳זאָל זיך הערן קריטיק קעגן איר און קעגן דיינען. ס׳זענען פֿאָרגעקומען דעמאָנ־סטראַציעס מיט דער פֿאָדערונג זי זאָל רעזיגנירן, ווייל איר רעגירונג האָט דער־מעגלעכט, ישׂראל זאָל נישט זיין גרייט צו דער פּלוצעמדיקער אַטאַקע, וועגן וועלכער מ׳האָט געוואָרנט פֿון אַלע זייטן.

ס׳האָבן זיך געהערט שטימען, אַז זי האָט נישט געדאַרפֿט נעמען אויף זיך צו קאָמאַנדירן אין די קריטישע טעג, נישט רעכענענדיק זיך דערמיט, וואָס זי האָט בעתן קריג געאַרבעט איבער 18 שעה טעגלעך. אירע רעדעס האָבן געבראַכט טרייסט און פֿרייד אין יידישע הערצער. ישׂראל האָט געהאַט אַ גרויסן נצחון. צה״ל האָט געזיגט אויף אַלע פֿראָנטן. די מלחמה האָט אָבער סיגנאַליזירט דעם סוף פון דער גאָלדע־רעגירונג. די צייכנס אויף דער וואַנט האָבן געוויזן, אַז זי דאַרף איבערגעבן די פּירערשאַפֿט צו יינגערע, נישט געקוקט דערויף וואָס אַלע האָבן באַוווּנדערט איר כּוח און פֿעיִקייט אין יענע מוראדיקע טעג פון בלוט און נסיון. יום־כּפּור תשל״ד איז געווען דער יום־הדין פֿאַר דער גאָלדע מאיר־רעגירונג; עס איז געחתמעט געוואָרן דער גורל פון די אַלע, וועלכע זענען געשטאַנען ביים רודער.

אין יענע סכּנותדיקע טעג, האָט גאָלדע נישט געוואָלט רעזיגנירן. זי האָט זיך נישט געוואָלט בייגן הכנעהדיק פֿאַר מנחם בעגינס באַשולדיקונג און זיין פֿאָדערונג, זי זאָל זיך אָנגעבן אין דעמיסיע. זי האָט אַפֿילו פֿאַרפֿירט מיט אים אַ ווערטער־

שלאַכט אין דער כנסת, וויסנדיק, אַז עס קומט דער גורלדיקער־אַכזריותדיקער טאָג, וועלכן אַפילו אַזאַ געשולטע פּאָליטיקערין קען נישט אויסמיידן.

דעם דריטן טאָג חול־המועד פּסח (י״ח ניסן, תשל״ד; 11טער אַפּריל 1974) — אַ האַלב יאָר נאָכן טראַגישן יום־כפור, האָט זי אָפיציעל געלאָזט וויסן: „הגעתי לסוף הדרך" (כ׳בין דערגאַנגען צום סוף וועג) און אָנגעגעבן צום נשׂיא איר דעמיסיע. איבערשפּרייזנדיק דעם שוועל פון איר 76סטן יאָר, האָט זי פאַרלאָזט איר אַמט פון פּרעמיער, איר פּאָליטישע ראָלע, איר אָרט אַלס געזעלשאַפטלעכע פירערין. מיט אַ געבויגענעם קאָפּ און מיט אַ פאַרביטערט האַרץ האָט זי, די מאַמע פון פאָלק, די מאַמע פון אַלע ליידנדיקע, די מאַמע פון אַזוי פיל קרבנות, פאַרלאָזט איר הויכע פּאָזיציע, ווי דער באַוווסטער זשורנאַליסט דוד פלינקער האָט באַשריבן דעם „סוף פון גאָלדעס תקופה" [8]:

„אַ פּאַטעטיש טרויעריקע סצענע האָט זיך אָפּגעשפּילט מיטוואָך, חול־המועד פּסח אין דער כנסת־געביידע, ווען גאָלדע מאיר האָט זיך געזעגנט מיט אירע פּאַרטיי־חברים. גאָלדע האָט מיט פּשוטע ווערטער צו זיי געזאָגט, אַז זי איז מער נישט בכוח צו טראָגן די לאַסט פון פירערשאַפט און אַז זי איז געקומען צום סוף פון איר וועג.

„דער סוף פון גאָלדע מאיר מיינט דער סוף פון דער פירערשאַפט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט בן־גוריונען און ענדיקט זיך מיט גאָלדען... עס איז געקומען צו אַ מאָמענט, ווען דער געוועזענער שׂר און איצטיקער חיפה־שטאָט־פּרעזידענט זאָל געוועזן זאָגן צו גאָלדען:

„דו מיינסט, אַז זיי, יגאל אלון און די אַנדערע שטורעמען קעגן דיינען? זיי מיינען אויך דיך..."

און פלינקער פירט אויס:

„...איצט גייט זי אַוועק, אין עלטער פון 76 יאָר, ווען איר פּאַרטיי איז געשפּאָלטן, די מדינה מאַכט דורך דעם שווערסטן קריזיס — און מען לעבט מיט דער האָפענונג, אַז אַלץ וועט זיך ענדיקן בכי טוב..."

פאַר דער געשיכטע איז וויכטיק גאָלדע מאירס רעזיגנאַציע־דעקלאַראַציע:

„איך פיל מיך נישט שולדיק אַ חוץ איין זאַך: און דאָס איז, אַז צוויי אָדער דריי מאָל, קעגן מיינע איבערצייגונגען, האָב איך געהאַנדלט קעגן מיין ווילן...

„דאָס איז געווען פאַר דער ערד־ציטערניש פון דער אָקטאָבער־מלחמה... האָב איך געטראַכט, אַז עס איז גענוג, סיי צוליב מיין עלטער און סיי צוליב מיין אויסגעשעפּטקייט. אָבער איך האָב נאָכגעגעבן.

„———מ׳קען עס אויף קיין אופן נישט איגנאָרירן, און איך בין נישט אומפילבאַר צו דעם וואָס דער עולם זאָגט, כאָטש אַלע וועלכע רעדן אין זיין נאָמען ווייסן נישט וואָס דער עולם וויל.

„איך טו דאָס מיט באַדויערן, נישט דערפאַר וואָס עס איז מיין פליכט דאָס צו טאָן, נאָר דערפאַר וואָס דאָס פאָדערט אויך, אַז דער גאַנצער קאַבינעט זאָל רעזיגנירן.

„— — — עס איז דאָ אַ פאַרזיגלטער בריוו פאַר נאָך מיין טויט. איר וועט נישט דאַרפן וואַרטן. איך וועל אייך זאָגן איצט. איך האָב געשריבן: קיין הספד־וואָרט און גאָרנישט זאָל אַ נאָמען געגעבן ווערן נאָך מיר. דאָס מאָל וועט נישט העלפן.

„איך האָב דערגרייכט דעם סוף פון דעם וועג. איך קען ווייטער נישט אָנגיין. דאָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט משה דיין, נאָר בלויז מיט מיר אַליין...״

מיר ווען, פאַרשטייט זיך, נישט אויסרעכענען די לאַנגע רשימה פון פרויען חלוצות — מיר ווילן בלויז דערמאָנען איין נאָמען, שׂרה מאַלקין (געשטאָרבן כ״ג שבט, תש״ט) — אַ פשוטע פרוי, אָבער אַן אידעאַליסטקע, אַן אויפטוערין, וואָס נישט אומזיסט האָט זי געקראָגן דעם נאָמען „מוטער פון חלוצים״. זי, מיט אַ ריי אַנדערע פרויען אין דער חלוציש־פּיאָנערישער באַוועגונג, האָבן מיט אַנטשלאָסנקייט, מיט ערנסטקייט געבויט און געשאַפן די מדינה, אַלס לאַנד פאַר עולים, תושבים, וועלכע ווילן זיך אויסלעבן אין אַן אומאָפּהענגיקער יידישער מדינה, וועלכע ווילן לעבן אין אַ פולשטענדיק יידישער סביבה.

מיר האָבן פריִער דערמאָנט די ראָל פון דער פרוי אין דער דערציִונג. ווילט זיך דערמאָנען די ראָל פון אַן אָרטאָדאָקסישער פרוי, וועלכע האָט געענדערט דעם אָרטאָדאָקסישן צוגאַנג צו דער דערציִונג פון דער יידישער פרוי — שׂרה שענירער (געשטאָרבן אין 1935) — די שעפערין פון דער בית־יעקב־באַוועגונג. אַ פשוטע פרוי, נישט געקומען פון אַקאַדעמישע קרייזן, אַ נהנה מיגיע כפּיה, האָט גענומען אויף זיך אַזאַ קאָלאָסאַלע אויפגאַבע, צו דערציִען יידישע טעכטער און זיי אָפּהאַלטן פון אַסימילאַציע, יעדנפאַלס פון קולטור־אַסימילאַציע.

עס איז געווען אין דער צייט, ווען גדולי תורה זענען זיך צוזאַמענגעקומען באַטראַכטן דעם מצב און זיך גענומען צו דער אויפגאַבע פון אָרגאַניזירן שיעורים בצבור. ס׳איז געשאַפן געוואָרן דער „דף יומי״, אַ רעליגיעזע פּרעסע, אָרגאַנען פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון יידישקייט. „מה היה העולם חסר״? וואָס האָט געפעלט דער וועלט? ס׳האָט געפעלט אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיטן חנוך הבנות און אָט איז געקומען די דאָזיקע פרוי און ס׳האָט זיך איר איינגעגעבן צו שאַפן אַ סיסטעמאַטישע יידיש־רעליגיעזע דערציִונג, פריִער בלויז אין פּוילן־גאַליציע, און נאָך דעם איז עס געוואָרן אַ וועלט־באַוועגונג. אַ יידישע נייטאָרין איז געוואָרן די שעפערין פונעם יידיש־רעליגיעזן חינוך־וועזן.

שׂרה שענירערס נאָמען איז געוואָרן וועלט־באַרימט. מ׳האָט באַוווּנדערט איר געוואַגטקייט, התמדה און נאָך מער איר אויטאָדידאַקטישע אָנגעלערנטקייט אין

פסיכאָלאָגיע און פּעדאַגאָגיע. מ׳האָט באַוווּנדערט אירע אַנאַליזן און אַנאַלאָגיעס. זי האָט געעפנט נייע אוצרות, נייע קוועלן פון וויסן פאַר דער ייִדישער פרוי; זי האָט אַרויסגערופן באַוווּנדערונג סיי אין רעליגיעזע און סיי אין נישט־רעליגיעזע, סעקולאַרע קרייזן, אַפילו ביי אַנטי־רעליגיעזע פּעדאַגאָגן [9].

ווען ס׳איז געוואָרן געגרינדעט די ערשטע אָרטאָדאָקסישע „טעכטער־שולע" א״נ „בית יעקב" מיט 80 שילערינס, איז שׂרה שענירער געוואָרן די לעגענדע ביים פּויליש־גאַליציש־ליטווישן ייִדנטום. מ׳האָט גערעדט און געשמועסט וועגן איר, ווי וועגן אַ מאָדערנער שׂרה בת טובים, וועלכע איז געגאַנגען אַ ביסל ווייטער ווי אַ תּחינות־פאַרפאַסערין. נישט בלויז האָט זי געשאַפן שולעס פון פאַרמעלער דערציִונג, נאָר קאַדרען פון מיידלעך־קלובן, מיידלעך־ און פרויען־אָרגאַניזאַציעס, געשאַפן אָרטאָדאָקסישע זשורנאַלן, ליטעראַרישע אויסגאַבעס און אַלץ וועגן דער פרוי, כּדי צו דערציִען די ייִדישע טעכטער אין ייִדישן גייסט, ווי זי האָט זיך אַ מאָל אויסגעדריקט:

„איך וואַלט פון שטאָט צו שטאָט און פון דאָרף צו דאָרף געגאַנגען און גע־שריגן בקולי־קולות: ייִדן, ווי לאַנג נאָך וועט איר שטיין מיט פאַרלייגטע הענט און זיך גלייכגילטיק צוקוקן צו דער חורבה אין אייערע הייזער?..."

די בית־יעקב־באַוועגונג אין איר פאַרצווייגטקייט איז אַריינגעדרונגען אין ייִדישע הייזער מעבר לים, אין מערב־אייראָפּע און אין אַמעריקע. אין ישׂראל האָט די בית־יעקב גאָר שטאַרק מצליח געווען. ס׳זענען פאַראַן צענדליקער אינסטי־טוציעס אין ישׂראל, ווי צווייגן פון דער בית־יעקב־צענטראַלע, אָנהייבנדיק פון קינדערגאָרטן, מיטלשולע, ביז סעמינאַרן פאַר לערערינס, פּעדאַגאָגישע קורסן און ענלעכע דערציִונג־אַנשטאַלטן. אַזעלכע אינסטיטוציעס געפינען מיר פון צפת אין גליל, ביז באר־שבע אין דרום. לויט דער מיינונג פון מחנכים שטייען זיי אויף אַ געהעריקן פּעדאַגאָגישן ניוואָ.

רעבעקאַ גרעץ אין אַמעריקע מיט איבער הונדערט יאָר צוריק; איר איינ־פלוס אויפן אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן; און מיט הונדערט יאָר שפּעטער, די פרוי שׂרה שענירער אין אַ גאָר אַנדערער סביבה אָבער אין תּוך, האָבן זיי, ווי אַ צאָל אַנדערע גאָר אַ סך בייגעטראָגן צו דעם וווילזיין פון דער פרוי, דערהויבן די פרוי געזעלשאַפטלעך און געגעבן איר די געהעריקע ראָל אין דערציִונגס־וועזן.

די רעבעקאַ־פיגור אין דער ייִדישער און נישט־ייִדישער אַמעריקע, איז געבליבן פריש און עד היום ווערט זי געלויבט פאַר איר הויכער האַלטונג און אינטעליגענץ און דערוועקט רעספּעקט ביי אַלעמען. אַזוי די פיגור שענירער, אויף אַ גאַנץ אַנדערן אופן, האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ גרויסן נאָמען. אַ פּשוטע פרוי, וואָס האָט אַנטפּלעקט פאַר דער ייִדישער פרוי, די ריינע ייִדישע קוואַלן פון וועלכע מיר שעפּן און וואָס גיט אונדז אחיזה.

מיר וועלן זיך ווייטער באַזונדערס אָפּשטעלן, וועגן דער פרוי אין דער ליטעראַטור און אין דער וויסנשאַפט. דאָ ווילן מיר בלויז אין עטלעכע שטריכן אָנווייזן, אַז די פרוי פאַרנעמט היינט צו טאָג אַ גרויס אָרט אויף אַלע געביטן פון מענטשלעכן שאַפן, פון מענטשלעכער דערקענטעניש און דערפינדערישקייט.

אַזאַ שריפט, למשל, ווי „פיזיקס טודעי" (היינטיקע פיזיק), ווערט רעדאַקטירט פון אַ פרוי, גלאַריע ליבקין (מעגלעך, אַן אָפּשטאַמיקע פון ר' ישראל סאַלאַנטער). זי שרייבט, אַז זי איז אינספירירט געוואָרן פון מאַדאַם קורי צו מאַכן אַ וויסנ־שאַפטלעכע קאַריערע. ס'איז בכלל נישט קיין חידוש צו זען, ווי פרויען פאַרנעמען אַן אָנגעזעען אָרט אין וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען און אין רעדאַקטירן וויכטיקע ליטעראַרישע און וויסנשאַפטלעכע שריפטן.

ליזאַ מייטנער, ווי שוין דערמאָנט, איז געווען פון די ערשטע צו אַנטדעקן די פונדאַמענטאַלע יסודות וועגן אוראַניום. זי האָט מעגלעך געמאַכט, גוט צי שלעכט, די אַטאָמישע באָמבע וואָס קען גענוצט ווערן אויף שלום־צוועקן.

אין סאָוועט־רוסלאַנד איז לינאַ סאָלאָמאָנאָוואַ שטערן געווען די איינציקע פרוי־מיטגליד פון דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע. זי איז געווען אַ ספּעציאַליסטקע אין פיזיאָלאָגיע און אין 1943 האָט זי באַקומען דעם סטאַלין־פּרייז פאַר אומגעהויערע מעדיצינישע ביאָלאָגישע פאָרשונגען.

אין דער צייט פון סטאַלינס בלבול אויף די ייִדישע דאָקטוירים איז זי אויך באַשולדיקט געוואָרן. זי האָט געהאַט דאָס גליק איבערצולעבן די סטאַלין־גזירות. זי איז געשטאָרבן כּמעט אין איין צייט ווי פרוי מייטנער, אין יאָר 1968 — און אינעם זעלביקן עלטער, 89 יאָר.

לויט דער קאָנסטיטוציע דאַרף די סאָוועטישע פרוי געניסן פון אַלע רעכט און פון פולער גלייכבאַרעכטיקונג מיט דעם מאַן. ווי עס ווייזן אינפאָרמאַציעס וואָס קומען פון הינטער דעם אייזערנעם פאָרהאַנג, איז די סאָוועטישע פרוי נישט צופרידן פון איר גורל אַלס פרוי, פונקט ווי מיר זעען די פרוי אין דער מערב־דעמאָקראַטישער העמיספערע מיט אַלע פרייהייטן, פילט זיך די פרוי אין רוסלאַנד נאָך אַלץ דיסקרימינירט.

די פרוי אין סאָוועט־רוסלאַנד פאַרנעמט, לויט דער סטאַטיסטיק, כּמעט 90 פראָצענט פון דער מעדיצינישער פּראָפעסיע, אָבער די הויפּטן פון די שפּיטעלער זענען מענער. די פרוי פירט אויס מיט גרויס אחריות פּאָליטישע פונקציעס, אָבער די מענער זענען די פּאָליטישע הערשערס. די איינציקע פרוי אין מיניסטאָרן־ראַט איז געווען די שוין דערמאָנטע יעקאַטערינאַ פורצעוואַ — זי איז געווען איין פרוי צווישן צענדליקער מענער.

די זעלביקע סיטואַציע איז אין אַנדערע לענדער. אין געציילטע לענדער פאַרנעמט די פרוי דעם אויבן אָן, אַלס פּרעמיערין, ווי דאָס איז געווען אין ישראל

און אינדיע — אַרומגערינגלט מיט מענער־מיניסטאָרן. דער פּרויס אָרט איז מער נישט אין דער קיך. די פרוי פאַרנעמט הויכע פּאָסטנס, אַריינגערעכנט אין דער מיליטערישער פירונג און דיסציפּלין. זי גייט אַלץ העכער און העכער אויף דער לייטער פון פרוי־רענעסאַנס — אָבער מיט איר העכערקייט שאַפט זי נישט ווייניק פאַמיליע־פּראָבלעמען: ס׳זענען אָפּגעשוואַכט געוואָרן די מיטלען אָנצוהאַלטן די ראָמאַנטיק, די ליבע צווישן מאַן און פרוי, די מחיצה פון ווייבערשע און מענערשע פונקציעס. די פרוי רייסט זיך אָפּצושאַפן די מחיצה אין טאָטאַלן פאַרנעם: ביי יידן — די פרוי זאָל פאַרנעמען אַן אָרט אין רבנות, אין שולן און פסקענען שאלות.

דער פאַרלאַנג פון געמישטע זיצערטער, ווי אַ סימבאָל פון דער גלייכבאַרעכ־טיקונג פון דער מאָדערנער פרוי, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן אין די קאָנסער־וואַטיווע סינאַגאָגעס, האָט געפירט דערצו, אַז די פרויען זאָלן פאַרלאַנגען צוגע־רעכנט ווערן צום מנין — אַ נייע אָריענטאַציע אין דער עמאַנציפּאַציע פון דער פרוי... אָבער דאָס האָט געבראַכט צו אַ שטאַרקער מחיצה צווישן דער אָרטאָ־דאָקסיע און קאָנסערוואַטיזם־רעפאָרם.

ווי מיר לייענען אין דער פרעסע, פאַרלאַנגען שוין געוויסע פרויען, מ׳זאָל ענדערן די הלכה, מ׳זאָל באַאַרבעטן און צוגרייטן אַ נייעם תלמוד. ווער ווייס וואָס נאָך די דאָזיקע פרויען וועלן פאַרלאַנגען?

די איראָניע דערביי איז, וואָס פון אַזוי פיל פּראָבלעמען מיט וועלכע ישראל און דאָס וועלט־יידנטום זענען אין אונדזער צייט קאָנפראָנטירט, פּראָבלעמען וואָס רירן אָן די סאַמע עקזיסטענץ פון אונדזער פאָלק, דעם קיום־האומה, הערט מען גאָר אויף דער יידישער גאַס וועגן אַזעלכע ענינים: פראַגע וועגן „גיור כהלכה" און סטאַטוס פון דער יידישער פרוי. די וויכטיקסטע דערגרייכונג איז נישט דער נצחון איבער די מלחמה־צינדערס, נאָר גאָר די דערגרייכונג, אַז ביים קאָנ־סערוואַטיוון וועד הלכה, האָט מען באַשלאָסן צו דערהייבן די יידישע פרוי צו רעליגיעזע און לעגאַלע געביטן, אַז מ׳וועט זי שוין קענען צורעכענען צום מנין...

און „ווי עס קריסטלט זיך אַזוי יידלט זיך" — זאָגט זיך אין אַ פאָלקס־ווערטל. אין אונדזער צייט, קאָן דאָס ווערטל גילטיק זיין אין פאַרקערטן נוסח: ווי עס יידלט זיך אַזוי קריסטלט זיך... די פרוי־ראַבינער אין דער „סטיפען וויז פרי סינאַגאָג" אין ניו־יאָרק איז שטאַרק צופרידן פון איר רבנישער ראָל. זי האָט געחלומט צו זיין אַ ראַביי און דעריבער איז זי, פרוי פריסענד, אַוועק שטודירן אין „היברו יוניאָן קאָלעדזש — דזשוּיש אינסטיטוט אָף רעלידזשען", האָט גראַ־דויִרט און פירט איצט אָן מיט תפילות, חופה־קדושין אאַז״וו. איר חלום האָט אַרויסגערופן קנאה ביי נישט־יידישע פרויען און נישט בלויז ביי דער ליבעראַלער קירכע־אָרגאַניזאַציע פאַרלאַנגען די פרויען אָנצופירן מיט דער קירכע־גייסטיקייט, נאָר מיר הערן שוין אַזעלכע פאַרלאַנגען ביי דער קאָנסערוואַטיווער „אַנגליקען"

און אַפילו ביי די קאַטאָליקן, פאַרלאַנגען צו קענען דערגרייכן צו גלחישע הייך. די טעאָלאָגן פון דער קירכע אַרבעטן מעשׂים, ווי אַזוי צופרידנצושטעלן זייערע פרויען־אַנהענגערינס. אָבער דאָס איז נאָך אַן ענין פאַר דער צוקונפט. מיר פאַר־נעמען זיך וועגן די שוין דערגרייכטע גלייכבאַרעכטיקונג פאַר דער פרוי און איר ראָל אין דער געזעלשאַפט אַמאָל און אין אונדזער צייט.

די פרוי האָט געגעבן אַ סך קרבנות אינעם קאַמף פאַר דעם אַרבעטער. נאָכן „טרייענגל פייער" פון 25סטן מערץ 1911, אין וועלכן ס'זענען אומגעקומען 145 מיידלעך און פאַרהייראַטע פרויען, זענען געקומען געזעצן פאַר דעם שוץ פון אַרבעטער, קעגן שוויצסיסטעם. די 36 געזעצן לטובת דעם אַרבעטנדיקן מענטש זענען אָנגענומען געוואָרן נישט בלויז אין אַלבאַני, ניו־יאָרק־שטאַט, נאָר זענען אויך אימפּלעמענטירט געוואָרן אין אַנדערע שטאַטן[10].

די צאָל פרויען אין אַמעריקעס אַרבעטער־מחנה וואַקסט אומגעהויער צוליב כמה וכמה סיבות. ס'זענען שוין דאָ ביי פינף מיליאָן באַשעפטיקטע פרויען אין די פאַבריקן. זיי פירן אויס די פונקציעס וואָס געוויינלעך זענען דאָס געווען מענער־פונקציעס און ס'האָבן זיך צו זיי געפאַדערט מענערשע מוסקולן. די פרוי האָט זיך צוגעפּאַסט צו די נייע מאַשינען, צו דער נייער טעכניק און צו דער אויטאָמאַציע. זי קען דעריבער זיין אָנגעשטעלט אין צווייגן פון דער שווערער אינדוסטריע.

די אַרבעט־באַדינגונגען און אַרבעט־אומשטאַנדן האָבן געבראַכט רעאָרגאַ־ניזירונג פונעם אַרבעטער־פּערסאָנאַל, געגעבן דער פרוי אַ מעגלעכקייט צו קענען פאַרנעמען פּאָזיציעס, אויסנוצן איר אינטעליגענץ און זיך צופּאַסן צו אָט די נייע סיסטעמען פון אַרבעט, פּונקט ווי זי קען זיך צופּאַסן צו אַקאַדעמישע פּראָפעסיעס, סעקרעטאַר־סטענאָגראַפישע אַרבעטן, פּעדאַגאָגישע און סאָציאַלע אַרבעטן.

די פרוי פאַרנעמט אַן אָנגעזעענעם אָרט אויף אַלע געביטן פון סאָציאַל־פּאָליטיש־פּראָפעסיאָנעל־אַקאַדעמישן לעבן. זי איז אָבער געבליבן הינטערשטעליק אין דער רעליגיעזער פירערשאַפט. זי פאַרנעמט נישט קיין אָרט אין עקומענישן ראַט פון דער קאַטוילישער קירכע, נישט געקוקט אויף דער הייליק־גייסטיקער ראָל פון מאַריאַ (מרים, ישוס מאַמע), און נישט בלויז ביי די קריסטן פאַרנעמט נישט די פרוי איר געהעריק אָרט. נאָך ווייניקער איז איר ראָל ביי די מאַכמעדאַניש־מוזול־מענישע רעליגיע און נישט בעסער איז איר מעמד ביי די בודיסטן, בראַמיסטן און אַנדערע וועלט־רעליגיעס. און וואָס איז איר ראָל ביי די אַטעיִסטן ? וואָס פאַר אַן אָרט פאַרנעמט די פרוי אין סאָוועט־רוסלאַנד ?

וועגן דעם ווייטער.

מיר האָבן אין אונדזער פריִערדיק ווערק[11] און אין פריִערדיקע פּרקים פונעם איצטיקן ווערק שוין אָנגעוויזן אויף דעם אָרט פון דער פרוי אויף אַלע געביטן:

ליטעראַטור, קונסט, מלאכה, האַנדל און וויסנשאַפט. מיר האָבן אויך אָנגעוויזן אויף דעם פאַקט, אַז נישט געקוקט אויף דעם גרויסן פאָרשריט, וואָס די פרוי אין אַמעריקע האָט דורכגעמאַכט, איז זי נאָך אַלץ היגטערשטעליק לגבי דער פרוי אין די אייראָפּעיִשע לענדער. זי איז נאָך אַלץ הויזפרוי.

די פרוי האָט אָפיציעל און קאָנסטיטוציאָנעל אַלע מעגלעכקייטן צו דערגרייכן די העכסטע הייך אין דער לאַנד־אָנפירונג און אין אַקאַדעמישן וויסן. איר לעבן איז פאַרלייכטערט געוואָרן: זי קאָכט צוגעגרייטע מאכלים; ס׳זענען פאַר איר צוגעגרייט כל־מיני פּראָדוקטן; דאָך זענען די מערסטע פרויען צופרידן זיך צו פאַרנעמען מיט זייערע הויזלעכע פונקציעס און זענען נאָך אַלץ אַריינגעטאָן אין פּוץ און אין געפעלן ווערן דעם מאַן. זיי זענען אַריינגעטאָן אין שאַרם און אין פעמיניסטישער צערטלעכקייט, ליבע און קינדער האָבן...

דער מאַרטירער־פּרעזידענט דזשאָן פ. קענעדי (געבוירן אין 1917, געוואָרן פּרעזידענט אין 1960, דערשאָסן געוואָרן פרייטיק, דעם 22סטן נאָוועמבער 1963) האָט אין אַ רעדע (דעצעמבער 1961) אָנגעוויזן, אַז אין די פאַראייניקטע שטאַטן זענען נאָך אַלץ פאַראַן ניַין מאָל אַזוי פיל מענער מיטן טיטל דאָקטאָר־פילאָזאָף, ווי פרויען... אַ צאָל סאָציאָלאָגן האָט רעאַגירט אויף דער דאָזיקער דערקלערונג און באַהויפּטעט, אַז די אַמעריקאַנער פרוי זוכט נאָך אַלץ קודם־כל, ליבע, אַ גוט פאַמיליע־לעבן. דאָס איז פאַר איר וויכטיקער פון אַ קאַריִערע.

ווען מ׳רעדט פון דער דורכשניטלעכער פרוי, רעדט מען וועגן איר, ווי וועגן אַ שיינהייט, אַ מוטער, אַ ווייב, אַ טאָכטער, אַ געליבטע און נישט וועגן אַ קאַריערע־פרוי. דעריבער האָבן מיר אַזוי פיל עצה־געבערס, ווי זי זאָל זיך האַלטן, ווי ס׳זאָל זיך האַלטן ביי איר דער פעמיניסטישער חן צו אַטראַקטירן דעם מאַן, צו געווינען דאָס האַרץ פונעם מאַן, ווי צו זוכן די געהעריקע אויפמערקזאַמקייט ביים מענלעכן מין.

מ׳מוז צוגעבן, אַז אין די לעצטע יאָרן איז פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג: גרעסערע צאָלן פרויען עסן אין גאַס, פילן אָן די רעסטאָראַנען, די קלובן און רייסן זיך צו מענלעכע פּאָזיציעס, באַזונדערס צו רעגירונגס־פּאָזיציעס, וואָס זיי ווילן דערגרייכן דורך אַקטיוויזירן זיך אין פּאָליטיק.

ווילן מיר זיך נישט פאַרנעמען אויסצורעכענען די פאַרשיידענע אַמטן, וואָס פרויען פאַרנעמען. די פרוי נעמט אָנטייל אין פּאָליטישער אַרבעט; אירע קוואַלי־פיקאַציעס און פעיִקייטן ווערן אָנערקענט און זי פאַרנעמט שוין ערשט־ראַנגיקע פּאָזיציעס אין רעגירונגס־ביוראָען, אין קאַבינעטן און אין אַדמיניסטראַטיווע קאָמיסיעס. גרויסע פירמעס האָבן אויך איינגעזען, אַז פרויען קענען זיין קאָמפּעטענטע אָנצופירן מיט זייערע געשעפטן. דער „שוואַכערער" מין פאַרנעמט אויך אַ גרויס אָרט אין דיפּלאָמאַטישן קאָרפּוס. ס׳איז מער נישט קיין חידוש צו זען

אַ פרוי אַדרעסירן גרויסע פּאָליטישע פאַרזאַמלונגען, אַדרעסירן אינטערנאַציאָנאַלע צוזאַמענפאָרן און ס׳איז מער נישט קיין נייס צו זען אַ פרוי אויפן אַרבעט־פראָנט.

די צייט ווען דער מאַן איז געווען דער דאָמינירנדיקער פאַקטאָר אין פאַמיליע־לעבן איז פאַרביי. די צייט ווען די פרוי איז בלויז געווען הויז־אויפפאַסערין, גע־גרייט מאָלצייטן און אַכטונג געגעבן אויף די קינדער — די צייט איז אַוועק. די פרוי אין אַמעריקע פאַרנעמט, לויט דער סטאַטיסטיק, קרוב צו פערציק פראָצענט פון דער אַרבעטקראַפט און נישט בלויז אין ביוראָ ווי אַ סעקרעטאַרין, אָדער אין דער באַקלייד־אינדוסטריע, אין מאָדע־קרעאַטיוויטעט. זי געפינט זיך שוין אַפילו אין די שטאָל־פאַבריקן, אין אייזן־גיסערייען און אין אַנדערע שווערע פּראָ־דוקציע־צווייגן. דער פאָרשריט פאַר דער פרוי איז געזיכערט.

דער פרויס אויפשטייג אויף דער אַרבעט־אַרענע, האָט אָן ספק גורם געווען צו איר שטייגן אויף דער פּאָליטישער אַרענע, און במילא איז לייכטער פאַר דער פרוי אָנצופירן מיט אַ מיניסטעריום; ס׳איז איר לייכטער אויסצוקעמפן אַ בעסערע מערכה פאַר איר לעבנס־סטאַנדאַרט, וואָס איז באַזירט אויף אַ בעסערן לוין.

מ׳קאָן מיט זיכערקייט זאָגן, אַז די אַרבעטער־פרוי האָט אַ גרויסן חלק אין די לעגאַלע רעכט און געזעצן פאַר אַרבעטער־פאַראייניגן. די „חכמת נשים בנתה ביתה" גייט אַ סך ווייטער פון איר הויז. זי גרייכט מיט איר חכמה צו די הויכע אַמטן. די ביבלישע „אשת חיל" האָט געקראָגן אַ מעגלעכקייט צו צינדן דעם הייליקן פלאַם פון מענטשנרעכט, נישט בלויז פאַר דער פרוי, נייערט אויך פאַר דעם מאַן, פאַר אַלע ליידנדיקע און געדריקטע.

**ג. סאָוועטישע פרוי. — פרייהייט צוליב וואָס? — נאָך אַלץ אין די אונטער־שטע רייען. — פּראָפעסיאָ־נאַלן אָבער נישט דירעק־טאָרן, אַדמיניסטראַטאָרן. — איין מיניסטאָרשע. — שוואַרצע אַ ר ב ע ט, פאַר וועלכער מ׳זוכט זיידענע הענטשקעס. — מענערשע געזעלשאַפט. — העגעמאָניע פון מענער.**

מיר לייענען פון צייט צו צייט אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור, וועגן דער סאָוועטישער פרוי. אייניקע שרייבערס באַמיִען זיך אין זייערע נאָוועלן, ראָמאַנען און דיכטונג[1] צו שילדערן די אידעאַלע פרוי, וועלכע האָט באַוויזן ווי אַ גלייכבאַרעכטיקטע בירגערין זיך צוצופאַסן צום נייעם לעבן, אַקטיוו זיך צו באַטייליקן אין דער בויונג פון דער פּראָלעטאַריש־סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

די רוסישע פרוי, ווייזן זיי, איז דערהויבן געוואָרן צו די העכסטע הייכן. ביז דער רעוואָ־לוציע איז זי געווען פאַרטאָן בלויז אין משפּחה־זאָרגן, איז זי געווען אונטערטעניק, געהאָרכזאַם

צום מאַן, איר שפּייזער... נאָך דער רעוואָלוציע איז זי געוואָרן פרײַ אין איר האַנדלונג, געשטאַרקט אין איר כאַראַקטער; ס׳האָבן זיך פאַר איר געעפנט בײַע האָריזאָנטן: עס איז מעגלעך געוואָרן פאַר איר פולע באַטייליקונג אין דער מאַטעריעלער און גייסטיקער שעפערישקייט פון לאַנד. זי האָט אַ מעגלעכקייט צו פאַרנעמען אַ גרויס אָרט אין דער ווירטשאַפט און אין דער וויסנשאַפט.

דאָס אַלץ איז ריכטיק. די סאָוועטישע פרוי קאָן זיך באַפרייען פון פאַמיליע־זאָרג: עס איז צוגעקומען אַ נעץ קינדערגערטנער, קינדערהיימען, פאַרשולן און באַכשולן. די ווײַב און מוטער איז פרײַ געוואָרן פון הויזאַרבעט, פון מוטער־פליכטן. ס׳זענען צוגעקומען קאַדרען פון פרויען פּראָפעסיאָנאַלן אויף אַלע געביטן, אַרײַנ־געדרעכנט טעכניק, אינזשעניעריע און אַלערליי סאָרטן פון פּראָדוקטיווע אַרבעטן, שוין אָפּגערעדט פון קאָלווירט־אַרבעטן אויף די פעלדער, אויף איבערפירן פּראָ־דוקטן און אַפילו אין אָנפירן מיט רעגירונגס־סקלאַדן.

די מערהייט פון די סאָוועטישע פרויען איז אָבער שוין לאַנג אָפּגעקילט גע־וואָרן פון רעוואָלוציאָנערן פלאַם; דאָס גוטע האָבן זיי געגומען פון דער רעוואָלו־ציע, אָבער דאָס שלעכטע, די שווערע אַרבעט און פאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס איז אויף זיי אַרויפגעלייגט געוואָרן זענען זיי מוחל. ס׳ווײַזן זיך וואָס ווייניקער פרויען־העלדינס און מוסטערן פון דערגרייכונגען. די סאָוועטישע פרוי וויל צוריק צו איר הויז־באַלעבאַטישקייט און עס ציט איר צו אַ נאָרמאַל לעבן, ווי זי הערט פון אַ לעבן איבער דעם אייזערנעם פאָרהאַנג. איר ציט צו די געוויינלעכע אייגנשאַפטן פון דער פרוי, צו זײַן אַ ווײַב און אַ מאַמע, צו דערציִען די קינדער ווי זי וויל און צו היטן איר פעמינישקייט, צו אַטראַקטירן איר מאַן... זי ווײַזט אַרויס וואָס ווייניקער באַגייסטערונג צו טראָגן דעם עול פון סאָציאַליזם, פון קאָלעקטיווען רעזשים. זי איז שוין אַפילו אייפערזיכטיק אויף איר מאַן, אויב ער פאַרזאַמט זיך אַהיימקומען אין צייט!

די סאָוועטישע פרוי האָט אָנגעהויבן אײַנזען, אַז אונטער דעם סיסטעם פון סאָוועטישער היעראַרכיע האָט זי ערגער, געוויס נישט בעסער, ווי די פרוי אין די פרײַע, דעמאָקראַטישע לענדער. זי קאָן דערגרייכן צו אַלע הייכן — אָבער דערווײַל האָט זי נישט דערגרייכט די קרעמלין־הייכן, די הויכע מאַכט־אָרגאַנען. אויב איינע האָט דאָס יאָ באַוויזן, איז עס אַ זעלטענער אויסנאַם.

די סאָוועטישע פרוי איז אין הלכות מאָראַל און „סעקס״ נישט בעסער ווי די זעלטענע און אפשר מער ווי זעלטענע פאַלן אין דער היינטיקער פרײַער געזעל־שאַפט, אַ פרוי זאָל האָבן קינדער און נישט וויסן פון וועלכן מאַן.

אין איינעם פון די נומערן „סאָוועטסקאַיאַ ראָסיאַ״, איז פאַרעפנטלעכט אַ וואָרענונג וועגן אַ געווינערין פון „העלדישן מוטער־מעדאַל״, אַז זי זאָל געוועזן

זיך באַרימען, אַז זי איז אַ מאַמע פון צען קינדער און זי האָט זיי געהאַט פון צען פאַרשיידענע מענער. די וואָרענונג איז מ׳זאָל זיך נישט פאַרקוקן אויף איר, מען זאָל זי נישט נעמען אַלס מוסטער. די וואָרענונג זאָגט אָן אויף דער סכנה פון אַזאַ לעבן.

צוליב וואָס דאָס אַלץ?

צו ווייזן, אַז די סאָוועטישע פרוי איז ווי אַלע פרויען, נישט בעסער און נישט ערגער. אין אַ צאָל וויסנשאַפטלעכע אָפּהאַנדלונגען וועגן דער סאָוועטישער פרוי ווערט אַפילו אָנגעוויזן, אויף דער פלאָג פון שיידן זיך וואָס האָט שטאַרק געטראָפן די סאָוועטישע פרוי. ווי דער באַרימטער סאָציאָלאָג, פּראָפ׳ כאַרטשעוו גיט אָן, איז די סיבה פון שיידן זיך, אַ „רעזולטאַט פון צוריקגעשטאַנענקייט אין מאָראַלישן באַוווסטזיין״ [2].

פּראָפ׳ כאַרטשעוו איז דאָ נישט קיין מאָראַל־פּרעדיקער, נאָר אַ סאָציאָלאָג און זיינע אויספירן זענען באַזירט אויף סטאַטיסטיק און פאַקטן אין משפּחה־לעבן.

ווי ער גיט איבער, זענען אין סאָוועט־רוסלאַנד פאַראַן 54 פּראָצענט פרויען מיט הויכער, מיטעלער און פאַכמעניש־פּראָפעסיאָנאַלער אויסבילדונג. דאָס איז נישט קיין געזונטער מצב אין פאַמיליע־לעבן. דערצו, זענען אין סאָוועטן־לאַנד דאָ מער פרויען ווי מענער, פאַרשאַרפט עס נאָך דעם מצב: פרויען זוכן מענער, זוכן וווינונג־ערטער און נייע געביטן, וווּ זיי האָבן מער שאַנסן אויף הייראַט און משפּחה־לעבן.

רעוואָלוציע, קאָמוניזם, סאָציאַליזם — אָבער די נאַטור, די לעבנסקראַפט — ווערט נישט געענדערט. און ווי אַזוי אַ חתונה?

נישטאָ דער צויבער, אַוועק די קדושה, עס איז נישט מער ווי אַ מאָמענטאַלער צונויפלעב.

זלמן יעפּרויקין שילדערט אַ חתונה אין רוסלאַנד און מיר האָבן געלייענט ביי אַנדערע נישט־יידישע רייזנדע, וועלכע שרייבן ענלעכס וועגן חתונות, אינעם „חתונה פּאַלאַץ״, ווייל אַ רעליגיעזע חתונה איז נישט דערלויבט.

„מיר האָבן — שרייבט יעפּרויקין [3] — בייגעוווינט אַ חתונה אין אַזאַ פּאַלאַץ, אין קיִעוו... מיר האָבן זיך צוגעקוקט צו צוויי אַזעלכע חתונות. מיט חתן־כּלה זענען געווען אַן ערך צען פאָרלעך געסט. מיר האָבן נישט געזען די עלטערן פון חתן־כּלה צווישן די געסט... יעדער גאַסט האָט געטראָגן בלומען. אַלע זענען געווען אָנגעטאָן פּשוט און אָרעם. דער חתן האָט אַפילו נישט געטראָגן קיין שניפּס... און די כּלה איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ווייס קלייד פון ביליקן שטאָף... פריִער האָבן חתן־כּלה, צוזאַמען מיט די געסט, אַריינמאַרשירט אין אַ צימער, ווו ביים לאַנגן טיש זענען געזעסן צוויי פרויען, איינע אַ ריכטער, די צווייטע אַ מיטגליד פון אָרטיקן סאָוועט...

„דערנאָך זענען חתן־כלה צוגעגאַנגען צום לאַנגן טיש און אונטערגעשריבן אַ חתונה־קאָנטראַקט. די פאַרטרעטערין פון סאָוועט האָט צוגעטראָגן דעם חתן אויף אַ טעצל דעם חתונה־רינג. ער האָט אים אַרויפגעטאָן אויף דער כלהס פינגער, זיך צעקושט מיט איר און יעדער גאַסט איז צוגעגאַנגען אַ קוש טאָן חתן־כלה...

„אַזוי האָט זיך געענדיקט די חתונה־צערעמאָניע, אָן פריילעכקייט, אָן יום־טוב־דיקייט. עס איז נישט געווען קיין סימן פון אַ משפחה־ און פריינד־צוזאַמענקונפט, ווי עס פירט זיך ביי אַלע פעלקער פון די עלטסטע צייטן אָן".

מ׳בויט אַ ניי לעבן, מ׳שאַפט נייע טראַדיציעס, אָבער אַלץ אַזוי טרוקן, אַזוי וואָכעדיק, אָן דער קולטור־פאַרוואָרצלטקייט און אָן דער מיסטיש־באַהויכטער ספערע פון משפחהשאַפט.

די סאָוועטישע רוסישע פרוי האָט זיך באַטייליקט אין דער רעוואָלוציע. זי האָט געוואָלט מאַכן אַ סוף צום פינצטערן צאַריזם; געוואָלט אויסבעסערן איר אייגענע דאָליע און דער וועלטס, דער מענטשהייטס — זי האָט געוואָלט ברענגען אַ ניי און צופרידן לעבן.

האָט זי דאָס דערגרייכט?

מיט פאַרלייכטערן היראַט־געזעצן, מיט יוצא זיין „רעגיסטרירן" אַ חתונה, מיט פאַרלייכטערן גטן און מיט דערלויבן אַבאָרטן, שטעלט מען נישט צופרידן אַפילו די מערסט־רעוואָלוציאָנערע, ראַדיקאַלע פרוי. דערלויבן סעקסועלע באַפריי־דיקונג ווי אַ נאָרמאַלקייט, שטעלט נישט צופרידן, נישט די געלערנטע פרוי און נישט די אומבאַוווסטזיניקע. ווי דראַסטיש־ראַדיקאַל ס׳איז געענדערט געוואָרן די געזעלשאַפט און דאָס פאַמיליע־לעבן, וואָס איז געשטעלט געוואָרן אונטערן שטאַט־קאָנטראָל, האָט דאָס אַלץ דאָך נישט צופרידנגעשטעלט די פרוי, האָט זי נישט עמאַנציפּירט אינעם ברייטערן זין פונעם וואָרט און נישט איינע פון שענערן געשלעכט איז מקנא איר שוועסטער אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט.

ס׳איז ריכטיק דאָס וואָס קאָמוניסטישע שרייבערס ווייזן אָן, אַז די פרוי פאַר־נעמט אין רוסלאַנד דעם אויבנאָן אין מעדיצין און אין ליטעראַטור. דאָס מיינט אָבער נישט אַז זי איז אַ צופרידענע. די פרוי, דאַרף מען וויסן, זוכט אַ היים, זי זוכט אַ ווינקל, אין וועלכן זי זאָל געפינען איר רו. זי זוכט באַקוועמלעכקייטן און דער סאָוועטישער רעזשים קען איר דאָס נישט געבן. וואָס וועט זיין הונדערט יאָר שפּעטער, נאָך די אַלע מאַטערנישן, וואָס מ׳זאָגט איר צו, אַז דאַן וועט שוין זיין אַ פולשטענדיקע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, דאָס קען זי היינט נישט פרייען, קאָן זי איצט נישט צופרידנשטעלן. אידעאַליסטינס ווערן וואָס אַ מאָל זעלטענער און יעדער רעכנט זיך מיט רעאַלע פאַקטן, מיט קאָנקרעטע לעבנס־באַדינגונגען. אויב דער מאַן־בירגער קאָן זיך צופרידנשטעלן מיט עקאָנאָמישע פרייהייטס־מעגלעכקייטן — אויסבילדונג אויף אַלע געביטן פון קאָנסטרוקטיווער און פּראָדוק־

טיוועך אַרבעט — קען די פרוי־בירגערין, נישט געקוקט אויף איר מיטבאַטייליקונג, זיך נישט באַרימען, אַז אויך זי האָט דערגרייכט אַלץ וואָס זי האָט זיך פאָרגעשטעלט און וואָס זי האָט זיך געוווּנטשן.

די עקאָנאָמישע באַדינגונגען — ווי אָביעקטיוו מ׳זאָל נישט זיין — זענען נישט קיין אָפּהאַלט פון פרייע חתונות אָדער פון רעדוצירן פּראָסטיטוציע און במילא ווענערישע קראַנקייטן. די רעגירונג זאָרגט פאַר קינדער־דערציִונג, קינדער־אויפּ־פּאַסונג און עלטערן האָבן ווייניק אחריות וועגן קינדער. די סאָוועטישע פרוי איז אָבער פּסיכאָלאָגיש אַ נישט־צופרידענע; ס׳פעלט איר ליבע און ראָמאַנטיק. ס׳פעלן איר אירע דעליקאַטע פרויען־פונקציעס. זי איז אפשר גייסטיק רייך, האָט אַן אינטערעס אין געזעלשאַפטלעכע דערגרייכונגען. דער שוואַכער מין איז אָבער דאָך געבליבן שוואַך און סענסיטיוו צו די גוטע זאַכן. די רעוואָלוציע איז געווען גוט פאַר דער פרוי אין דער עפּאָכע פון רעוואָלט, פון חרוב מאַכן דאָס אַלטע, אָבער ווען די רעוואָלוציע איז געוואָרן „עסטאַבלישמענט״, איז שוין גאָר אַן אַנדער ענין און דאָ, וועלן מיר ווידער זיך דערלויבן באַנוצן עטלעכע ציטאַטן פון יעפּרויקינס באַשרייבונג [4]:

„...פרויען אין רוסלאַנד זענען אָפּגעלאָזן אין זייער אַנטאָן און אויסזען... און דערצו טוען זיי די שווערסטע אַרבעט: רייניקן די גאַסן... בויען שאָסייען, גראָבן קאַנאַלן... און דערצו... שטייען אין לאַנגע רייען אויף איינצוקויפן, צוגרייטן אַ מאָלצייט... מערב־מענטשן קענען נישט באַנעמען אַזאַ באַציִונג צו פרויען...״

„וועגן דער ייִדישער פרוי — שרייבט ער — האָב איך צו דערציילן אַ מעשׂה וואָס הייבט זיך אָן אין ניו־יאָרק...״

מיר וועלן צוליב קיצור דורכלאָזן די מעשׂה און בלויז איבערגעבן דעם תּמצית און די לעצטע שורות פון אָט דער באַשרייבונג.

„...זי האָט מיך און מיין פרוי... אַריינגענומען צו זיך אין צימער, און האָט באַלד הויך אָנגעשטעלט די ראַדיאָ... איך האָב אויף דער פרוי געקוקט. איך האָב געזען פאַר זיך פאַרטרויערטע אויגן... אָבער אַ ליכטיק פּנים. זי האָט גערעדט מיט אַ טרוקענער, ווייטיקדיקער שטים. בעת זי האָט צו מיר גערעדט, האָב איך געפילט אַז צוזאַמען מיט זאָרג, נויט און פּיין קומט אויך לעבנס־חכמה...

„איר זעט, דאָס איז מיין מאַן און דער, איז מיין עלטסטער זון (געוויזן פאָטאָס — ג. ש.). ביידן האָט אומגעבראַכט סטאַלין. און אָט איז נאָך אַ זון, ער איז געפאַלן אין דער מלחמה. ס׳איז געבליבן אַ פרוי מיט אַ קינד, אַ ייִנגל, און אָט איז דער מיזיניק מיינער, ער איז געשטאָרבן בעת דער מלחמה פון אַן עפּידעמיע...״

יעפּרויקין האָט איר באַמערקט, אַז ס׳איז דאָך געבליבן אַ ליכטיקער שטראַל אין איר לעבן, זי האָט אַן אייניקל.

אויף דערויף האָט זי געענטפערט, ווי ער גיט איבער:

„יאָ, אמת, ווען איך קוק אויף מיין אייניקל, ווערט מיר ליכטיק אין די אויגן...״

און זי צעוויינט זיך ווידער:

„די שנור האָט חתונה געהאַט מיט אַ גוי און ווײנט מיטן אייניקל אין צווייטן צימער...״

יעפּרויקין שרייבט, אַז זי האָט אים איבערגעגעבן וועגן איר שווער לעבן אַלס יידישע עלנטע פרוי. די יידן־שׂנאה איז שטאַרק אומעטום, די מורא איז גרויס און ווי אַ באַאָבאַכטער האָט ער געזען, ווי דער ייִד ווערט געשטיקט און געדריקט.

מיר האָבן זיך איבערגענומען מיט יעפּרויקינס באַשרייבונג, ווייל ס׳זעט אויס, אַז ער איז אָביעקטיוו — און זיינע באַשרייבונגען האָבן אַ דירעקטן שייכות צום לעבן פון דער רוסישער פרוי.

מיר ווען אויף ציטירן אַ שורה, אָדער צוויי, פון אַ סאָוועטישער פרוי, וואָס איר אמט גיט איר דאָס רעכט זיך צו האַלטן פאַר אַן עקספּערט.

ש. שיכאַטאָוו האָט אין אַ צאָל אַרטיקלען [5] געשריבן וועגן דער סאָוועטישער פרוי, באַזירט אויף סטאַטיסטיק און אויטענטישע מקורים. זי שרייבט, אַז צווישן דער באַפעלקערונג פון 20 יאָר און עלטער שטעלן מיט זיך פאַר די פרויען איבער 58 פּראָצענט — און גאָר הויך איז זייער פּראָצענט אין מעדיצין און אין פּעדאַגאָגיע. פרויען־דאָקטוירים זענען דאָ אַרום 75 פּראָצענט...

די פרויען זענען אַמווייניקסטנס פאַרטראָטן אין פּאָליטישן לעבן. גאָר קליין איז זייער צאָל אויף די הויכע פּאָסטנס: וואָס העכער די אַמטן, אַלץ ווייניקער פרויען. אין שפּיץ פון מלוכה־אַפּאַראַט איז די צאָל פרויען אַ נישטיקע, אַ מינימאַלע.

ש. שיכאַטאָוו גיט אָן אַ צאָל סיבות וואָס האָט גורם געווען צו אָט דעם מצב.

א. טראָווקינאַ [6] וואַרפט די שולד אויף דער סאָוועטישער פרוי: זי וויל אָנהאַלטן פאַמיליע־לעבן, קינדער־דערציִונג, ליבע פון מאַן, שיינע קליידונג וכדומה.

וואָס שייך דאָס געשלעכטלעכע לעבן אין סאָוועטן־רוסלאַנד, באַמיִען זיך די סאָוועטישע וויסנשאַפטלייט צו באַווייזן, אַז סאָוועטישע פרויען און סאָוועטישע מענער לעבן אַ בעסער און לענגער געזונט געשלעכטלעך לעבן. זיי האָבן אַ בעסערן געניוס און זייער פּאָטענץ איז לענגער, ווי די אין דער מערב־וועלט.

אין קאָמוניסטישן ראַטן־פאַרבאַנד פאַרווערט די קאָנסטיטוציע יעטוועדע דיסקרימינאַציע פון דער פרוי. צי איז דאָס אַזוי? צי האָט די אַנטי־דיסקרימינאַציע בלויז געבראַכט די פרוי צו זיין באַשעפטיקט ביי די שווערסטע, פיזישע אַרבעטן? — דאָס איז אַן אַנדער ענין...

פאַרגלייכט מען די ראָל פון דער פרוי אינעם לאַנד פון דער רעוואָלוציע מיט דער ראָל פון דער פרוי אין אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער, זעט מען, אַז איר ראָל אין די אַנדערע לענדער איז באַדייטנדיקער און אָנזעעוודיקער.

אין אַמעריקע האָט אַ פרוי נאָך נישט דערגרייכט צום אַמט פון פּרעזידענט אָדער וויצע־פּרעזידענט, וואָס לויט דער קאָנסטיטוציע האָט זי דערויף אַלע רעכט. זי האָט אָבער דערגרייכט צו פּאָסטנס פון מיניסטאָרן און אָנפירעריננס פון רעגי־רונגס־אַגענטורן, נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע פירמעס.

נישט לייכט איז אָנגעקומען דער אַמעריקאַנער פרוי צו דערגרייכן די דאָזיקע רעכט. ערשט אין די דרײַסיקער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט האָט זי געקראָגן אַ פולשטענדיקן פּאָליטישן סטאַטוס אין אַלע שטאַטן. דער פּראָצעס האָט זיך געצויגן איבער פופציק יאָר ביז זי האָט געקראָגן נאַטוראַליזאַציע, בירגעררעכט, שטימרעכט און באַטייליקונג אין אַלע אינדוסטריעלע און פּראָפעסיאָנעלע צווייגן. די פרוי האָט דאָס דערגרייכט און האָט רעכט אויסצונוצן איר רעכט.

אין אַנדערע לענדער איז דער פּראָצעס פון פרויענרעכט געגאַנגען אַ ביסל לאַנגזאַמער. אין ענגלאַנד, דער מוטער פון פּאַרלאַמענט, האָט די פרוי, די ערשטע אין דער וועלט, דערגרייכט פּאָליטישע גלייכבאַרעכטיקונג. ליידי נענסי אַסטאָר, אַן אַמעריקאַנער געבוירענע (1879) וואָס האָט חתונה געהאַט מיטן ענגלישן שטאַטסמאַן וו. וו. אַסטאָר (אין 1906) איז געווען די ערשטע פרוי דערוויילט צו ווערן צום בריטישן פּאַרלאַמענט (1914) און זי האָט געהאַט גרויס השפּעה אין פּאָליטיש־דיפּלאָמאַטישע קרייזן. איצט איז דאָס שוין אַ געוויינלעכע דערשיינונג.

אינטערעסאַנט איז, וואָס אין די ניי־געבוירענע, אומאָפּהענגיקע מלוכות, האָבן מיר,ווי שוין דערמאָנט, פרויען — מאַדאַם אינדיראַ נערו־גאַנדי, טאָכטער פון פּאַרשטאָרבענעם ערשטן פּרעמיער פון דער אומאָפּהענגיקער אינדיע, דזשאַוואַראַל נערו, איז געווען פּרעמיער פון אַ גרויס לאַנד, רעגירט איבער הונדערטער מיליאָנען און האָט נאָכגעפאָלגט איר פאָטער און זייער לערער מאַהאַטמאַ גאַנדי (זי איז נישט זיין קרובה). אין ציילאָן איז די ערשטע פרוי־פּרעמיער געווען מאַדאַם ס. ר. באַנדאַראַנייקאַ. זי איז — ווי־צלען זיך מענער — דער איינציקער מאַן אין דער רעגירונג און שפּילט אַ גרויסע ראָל אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטי־שער אַרענע.

וועגן דער פּאָליטישער ראָל פון דער פרוי אין ישׂראל — אין מיין ווערק „באַציִונג צו דער פרוי" און אין פריִערדיקע פּרקים.

**ד. די פרוי אין אַנדערע לענדער. — פרויען שטורע־מען באַסטיאָנען פון מע־נער. — זיי קאָנען נישט ווערן קיין פאָטערס. — ראָלע פון פאָטערס. — פרויענטום אין אונדזער צייט.**

ווי מען גייט און ווי מען שטייט, הערט מען אַלץ די פאַרלאַנגען פון דער פרוי צו האָבן די זעל־ביקע רעכט ווי דער מאַן. „געבענטשט איז די טאָכטער", איז מיט עטלעכע יאָר צוריק אַרויס אַ בוך אין ענגליש, מיט אָפּהאַנדלונגען וועגן דער פרוי, אירע בייטראָגן, אירע שאַפונגען — און אירע פאַרלאַנגען.

יאָ, דאָס שיינע געשלעכט איז געבענטשט: נישט אויפגעבנדיק אירע פרוי־מוטער־פונק־ציעס, רייסט זי זיך צו פאַרנעמען אויך די ראָל פונעם מאַן.

אין מיין ווערק [1] האָב איך אָנגעוויזן, ווי פרויען באַקלאָגן זיך, אַז זיי פאַר־נעמען נאָך אַלץ נישט מער ווי די ראָל פון שפּיטאָל־שוועסטערס און ענלעכעס, אויספילנדיק די פונקציע פון באַדינונג און בשום־אופן נישט פון פירונג. זי איז נישט מינערווערטיק מיט אַט דער דאָזיקער פּראָפעסיע: העלפן אַ קראַנקן מענטשן איז אומגעהויער וויכטיק; מ׳קען זיך גאָרנישט פאָרשטעלן ווי אַזוי ס׳וואָלט אויס־געזען אַ הייל־אינסטיטוציע אָן דער הילף פון אַ פרוי, אָן איר צערטלעכקייט, אָן איר גראַציעזקייט. אַ גוט שפּיטאָל איז נאָר דאָרט, ווו ס׳געפינען זיך גוטע, איידעלע קראַנקן־שוועסטערס... דאָס האָט אָבער דאָך נישט צו טאָן מיט פירער־שאַפט, מיט דירעקטאָרשאַפט, מיט אַדמיניסטראַציע.

אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלער קאָנפערענץ פון פרויען אין ישׂראל זענען צווישן אַנדערן באַהאַנדלט געוואָרן די רעכט פון דער פרוי און די רעכט פונעם מאַן אין הויזפירונג, אין משפּחה־לעבן, אין אויפברענגען קינדער. ס׳איז אָנגעוויזן גע־וואָרן, אַז וואָס שייך פּאָליטישע רעכט, האָט נאָך אַלץ נישט די פרוי גלייכע רעכט מיטן מאַן, אויסער אין געציילטע לענדער. ישׂראל געהערט צו אָט די געציילטע לענדער, ווו אַ פרוי האָט געקענט דערגרייכן צום סאַמע שפּיץ פון מלוכה־פירונג.

איז דאָס אפשר אַ ביסל מגוזמדיק. די פרוי האָט דערגרייכט כמעט אַלע רעכט, אויסער דאָס רעכט צו ווערן אַ פאָטער, אַ מאַנצביל, וואָס ביאָלאָגן ווילן אויך דערין ברענגען אַן ענדערונג... [2] דערווייל בלייבט זי פרוי, ווייל די נאַטור האָט זי אַזוי באַשאַפן, האָט איר געגעבן ספּעציעלע פרוי־אָרגאַנען און במילא ספּעציעלע פונק־ציעס, צוגעפּאַסט צו איר געבוי, פיגור און פּסיכיק.

מענער פּרובירן זיך קליידן, צירן און פּוצן ווי פרויען און פאַרקערט; מענער ווילן אויסזען פעמיניסטיש און פרויען מאַנצביליש; מענער טראָגן שרייענדיקע בגדים און דינען זייד צוגעפּאַסט פאַר דעם שענערן געשלעכט און פרויען ווילן דווקא טראָגן הויזן פון ביליקן געצייג. יונגע פּאָרלעך שפּאַצירן אין גאַס, איז אָפט שווער צו דערקענען לויט זייער הילוך, ווער איז ווער: ווער איז דער זי און ווער

דער ער — זכר און נקבה ווערט צוזאַמענגעמישט — אָבער נאָך אַלץ ווייט צו קענען אויסמישן די פּראָפּעסיעס.

פּונקט ווי מענער קענען נישט ווערן קיין מוטערס, און פרויען קענען נישט ווערן קיין פאָטערס — אַזוי איז נאָך אַלץ געבליבן די נאַטור־מחיצה צווישן מאַן און פרוי. ביידע צוזאַמען קאָנען, לויט אָט דער נאַטור, זיך דערגאַנצן: פאָטער־מוטער ליבע און פּראָפּעסיאָנאַל זיך צופּאַסן, לויט די נאַטור־אייגנשאַפטן, לויט זייער אַגרעסיווקייט, לויט זייער אונטערנעמערישן גייסט.

די טעכטער האָבן אַ רעכט אַריינצוברעכן נייע מנהגים, אַפילו ווען דאָס מיינט אָפּנויגן פון „מוטערס"־וועגן, זיי קענען אָבער נישט ענדערן די געבורט־אייגנשאַפטן, דעם המשך פון דער מוטער־פונקציע.

מיר זעען פרויען־דעמאָנסטראַציעס ווי אַ טעגלעכע דערשיינונג. פרויען טראָגן פּלאַקאַטן מיט לאָזונגען: „מיר ווילן מער נישט זיין שקלאַפינס ביי די מענער. מיר ווילן האָבן די זעלביקע רעכט און די זעלבע פּריווילעגיעס... די זעלבע געהאַלטן און די זעלבע אַרבעטן..."

די פרוי וויל זיך באַפרייען פונעם יאָך, וואָס ליגט אויף איר, זינט מעשה בראשית. די פראַגע איז, צי איר באַפרייונג לייגט נישט אַ מאָל אַרויף אויף איר אַ נאָך שווערערן יאָך.

דער פרוי־סטאַטוס אויפן צפון־אַמעריקאַנישן קאָנטינענט, גיט דער פרוי אַלע מעגלעכקייטן צו פאַרנעמען די זעלביקע פּאָזיציעס ווי דער מאַן. אויב ס'זענען נאָך דאָ אויסנאַמען, אויב ס'עקזיסטירן נאָך געוויסע דיסקרימינאַציעס, וועלן זיי מיט דער צייט פאַרשווינדן. די פרוי וועט אָבער נישט קענען, צוליב איר פיזיש־פּסיכאָלאָגישן שטאַנד, זיך באַפרייען פון פרוישאַפט.

די פרוי, לויטן איצטיקן מצב, קאָן זיין אַ פולער שותף צום מאַן אין דער געזעלשאַפט, אין דער וויסנשאַפט, אין קונסט, אין פּאָליטיק און אין דער אינדוס־טריע. אויב זי האַלט זיך ביי די הויזלעכע מוטער־פונקציעס, ווייב און געליבטע, איז דאָס צוליב איר אייגענעם ווילן און באַקוועמלעכקייט. זי, און נאָר זי, האַלט, אַז די גליקלעכע פרוי איז נישט די וואָס טרייבט אַ לאַסטוואָגן, וואָס טראָגט ציגל, נאָר גראָד די וואָס לעבט נאַטירלעך בשלום ושלוה מיט איר מאַן, ברענגט קינדער און האָדעוועט זיי צו ווערן מענטשן.

צו וואָס פרויען זענען מקנא די מענער?

ס'וואָלט געדאַרפט זיין דאָס פאַרקערטע: די פרוי געניסט פון ליבע, פון מאַנס באַזאָרגונג, פון מאַנס באַציִונג.

וואָס פאַר אַ גן־עדן וואָלט עס געווען פאַר דעם שענערן געשלעכט צו רייניקן גאַסן, שאַרן שניי, קלעטערן אויף בנינים, לייגן ציגל און ענלעכע מענערשע פּראָפּעסיעס. ווען אַפילו דער סטאַטוס פון דער פרוי זאָל זיין דער ליבעראַלסטער

און פרויען זאָלן האָבן אַלע רעכט, וועלן זיי געוויס איבערלאָזן די דאָזיקע פּראָפּע־סיעס פֿאַר מענער — און וואָס שייך אַנדערע פּראָפעסיעס, האָבן פעיִקע פרויען אַלע מעגלעכקייטן, אַלע געלעגנהייטן צו גרייכן צו די העכסטע פּאָזיציעס.

פרויען קאָנען פאַרנעמען הויכע פּאָזיציעס סיי אין פיזישער און סיי אין גייסטיק־אינטעלעקטועלע פּראָפעסיעס. דער פאַקט איז, אַז פרויען פאַרנעמען אַ גרויס אָרט אין דער ליטעראַטור, אין קונסט, דראַמע־טעאַטער, מאָלעריי און סקולפּטור; פרויען פאַרנעמען אַן אַנגעזען אָרט אין דער יוריספּרודענץ און נישט ווייניקער אין דער מעדיצין. ס׳זענען דאָ פּראָפעסיעס ווו די פרוי דאָמינירט [3] — און וואָס שייך שׂכירות, נישט הינטערשטעליק פונעם מאַן.

די פרוי האָט אַ רעכט צו וויילן און ווערן געווילט צו אַלע אַמטן פון רעגירונג און פאַרלאַמענט. די פרוי האָט אַ רעכט אויף אייגנטום, פאַרמעגן אויף איר אייגענעם נאָמען [4]. זי האָט זיך דערוואָרבן אַן אָרט אין מסחר און אין ביוראָ, ווי אַ דירעקטאָרין, שוין אָפּגערעדט פון סאָציאַלע דעפּאַרטאַמענטן. אויך אין דער פּאָליטיק פאַרנעמט די פרוי אַ הויכע פּאָזיציע, ס׳ווענדט זיך נאָר אין איר פעיִקייט, חכמה, שוווּנג אאַז״וו.

די שווייץ איז געווען דאָס איינציקע לאַנד אין איראָפּע, ווו די פרוי האָט נישט געהאַט קיין וואַלרעכט. ס׳איז ממש געווען צו שטוינען, אַז אַ ציוויליזירטע מדינה מיט ליבעראַלע געזעצן, הויכע אינסטיטוציעס — דאָס זיצאָרט פון אַזוי פיל אינטערנאַציאָנאַלע באַוועגונגען און אינסטיטוציעס, אַז דאָרט, זאָל די פרוי נישט געניסן פון דעם פּשוטן מענטשלעכן רעכט, ווי אַ שותּפטע אינעם בוי פון דער מדינה. היינטיקס יאָר, האָט אויך די שווייצער פרוי, ווי אַלע פרויען אין דער וועלט, געקראָגן וואַלרעכט, שטימרעכט. אַ רעפערענדום וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן, וועט געבן איבער אַ מיליאָן פרויען דאָס רעכט צו שטימען אין די וואַלן צום פאַרלאַמענט, דעם נאַציאָנאַל־ראַט, וואָס באַשטייט פון 200 מיטגלידער.

צו האָבן חשק פון גלייכבאַרעכטיקונג צו טאָן שווערע אַרבעט, איז אַ פראַגע צי ס׳לוינט זיך פאַר דער פרוי, צו פאַרלירן איר דעליקאַטע ווייבלעכקייט, איר פעמיניטעט, בכדי זי זאָל זיך קענען זען אין שפּיגל פון גלייכבאַרעכטיקונג. ס׳איז אויך אַ פראַגע, צי זי וואָלט גאָר וועלן ווערן באַרויבט פון מוטערשאַפט, פון נאַטירלעך־נאָרמאַלן גענוס, בכדי זי זאָל קאָנען אַרבעטן אין אַ שטאָל־פאַבריק.

די פרוי האָט אַ טענה, אַז זי ווערט דיסקרימינירט און נישט צוגעלאָזט צום „פּולפּיט״: זי קאָן נישט ווערן קיין גייסטלעכע... זי קאָן נישט ווערן קיין גלחטע. יידישע פרויען האָבן אַ טענה, פאַר וואָס נישט אַ פרוי־רב (רביצין צו האַלטן דרשות און פסקענען שאלות).

אין דער קירכע טומלט זיך איצט וועגן דעם. די קריסטלעכע פרוי וויל מער נישט זיין אַ צווייט־קלאַסיקע. אין דער „יונייטעד טשורטש״ (פאַראייניקטע פראָ־

טעסטאַנטישע קירכע) קאָן אַ פרוי שוין ווערן אַן אָנפירעריןֹ, אַ גייסטלעכע. לויט זייערע קירכע־פּרינציפּן קענען פרויען פאַרנעמען דעם אויבנאָן. דערווייל איז דאָס געבליבן טעאָרעטיש־פּרינציפּיעל און נאָך נישט עפעקטיוו צוליב כמה וכמה טעמים. צוויי סיבות: נישטאָ קיין פרוי וואָס זאָל אויף זיך נעמען די דאָזיקע אחריות און צוליב דעם וואָס די אַנדערע קירכן־באַוועגונגען, באַזונדערס די קאַטוילישע, האָבן נאָך אַזעלכעס אַפילו נישט גענומען אין באַטראַכט. דער וואַטיקאַן און די קאַטוילישע היעראַרכיע זענען קעגן אַזאַ רעפאָרם. לויט אַ חשבון, אָנגעגעבן דורך קריסטלעכע פאָרשערס, זענען שוין פאַראַן „מיניסטערס" פרויען אין דער „יונייטעד טשוירטש", זייער צאָל ווערט גרעסער — אָבער נישט אין די אַנדערע קריסטלעכע דענאָמינאַציעס.

וואָס הערט זיך ביי אונדז ייִדן?

די פרוי האָט די לעצטע יאָרן דערגרייכט וויכטיקע פּאָזיציעס אין דער רעליגיעזער פירערשאַפט. זי פאַרנעמט אַ ראָל אין רעליגיעזן לעבן. איר וויכטיק־סטע ראָל איז אָבער געבליבן אין הויז, אַלס עקרת־הבית, אַלס ווייב און מוטער. די ייִדישע רעליגיע איז פאַרוואָרצלט אין דער ייִדישער היים. ס'איז נישט אמונה אין שול, דת אין בית־הכנסת. תורה־לעבן מיינט און באַטייט ייִדיש לעבן אין הויז, פון אויפשטיין אין דער פרי ביז מען לייגט זיך שלאָפן: „בשכבך ובקומך".

אין הויז, איז דער פרויס השפעה גרעסער ווי דעם מאַנס און דעריבער האָבן אָרטאָדאָקסישע ייִדן איינגעזען די וויכטיקייט צו אונטערריכטן די „בנות", צו געבן ייִדישע טעכטער אַ גרינטלעכע דערציִונג, אָבער צוליב צניעות און צוליב נישט פראָוואָצירן דעם יצר, האָט מען נישט אָפּגעשאַפט די מחיצה אין בית־כנסת; און מ'האָט נישט דערלויבט אַ פרוי זאָל דרשענען, זאָל פאַרנעמען דאָס אָרט פון רב אין זיין קהילה[5].

בזמן התלמוד איז אָנגעגאַנגען אַ געוויסע פּאָלעמיק וועגן דעם, צי אונטער געוויסע אומשטאַנדן, זאָל אַ פרוי לייענען אין דער תורה. די גדולי הפוסקים האָבן באַפעסטיקט דעם מינהג, וואָס האַלט אָן עד היום. מיר האָבן וועגן דעם געשריבן אויספירלעך[6] און אגב־אורחאדיק, ווענלן מיר זיך נאָך אומקערן צו אָט דער טעמאַטיק.

די, וואָס האָבן אַריינגעבראַכט רעפאָרמיזם אינעם ייִדישן לעבן, האָבן זיך פאַרנומען מיט דער פראַגע, און צילנדיק צו ליבעראַליזירן, צופּאַסן די ייִדישע רעליגיע צו דער אַלגעמיינער, האָבן זיי נישט בלויז אָפּגעשאַפט די תפילות אין לשון־קודש, נאָר אַפילו דערלויבט חזנטעס אין בתי־כנסיות. אין שולן אין אַ צאָל דייטשישע קהילות[7] אַקטיוויזירט די פרוי פון „מאָזאַישן גלויבן" אין אַריינברענגען דאָס זינגען פון סאָלאָס און געמישטע כאָרן. אין אונדזערע טעג האָט די פרוי דערגרייכט צום רעפאָרם־„פּולפּיט". מיר האָבן שוין אַ פרוי אַ ראַבינער וואָס

האָט געקראָגן „סמיכה" אין רעפאָרם־סעמינאַר „היברו יוניאָן קאָלעדזש" אין סינסינעטי — איר נאָמען איז סאַלי פריזאַנט, זי איז די ערשטע פרוי־ראַבינער. די 24־יאָריקע מיידל האָט געקראָגן די גוטהייסונג פון איר סעמינאַר, פון אירע רבנים־מורים און זי באַטראַכט עס ווי אַן איינפאַכע געשעעניש, נישט געקוקט, וואָס דאָס איז צום ערשטן מאָל, אַפילו ביי די רעפאָרמער, ווען אַ פרוי דערגרייכט צום שפּיץ פון זייער גייסטיקער הנהלה.

אין וואַנקוווער, איז אַן אַנדער פרוי, פרוי י. פּאָלאַק, דערוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענטין פונעם רעפאָרם־טעמפּל „שלום", אין דער ליבעראַלער קאָנגרעגאַציע. די עלטסטע און די יינגסטע רעפאָרם־טעמפּלען אין קאַנאַדע ווערן געפירט פון פרויען!

אַז מען רעדט פון ערשטע, איז כדאי צו דערמאָנען, אַז די טאָראָנטער „האָלי בלאָסאָם", ערשטער און גרעסטער רעפאָרם־טעמפּל אין קאַנאַדע האָט לעצטנס אויסגעוויילט אַ פרוי, די פרוי הענריעטאַ (י. י.) טשעסני, אַלס פּרעזידענט פון טעמפּל — אַזוי, אַז אין דער רעפאָרם־באַוועגונג איז די פרוי פולשטענדיק באַפרייט פון דער מענער־דיסקרימינאַציע אין רעליגיעזן לעבן. דאָס רייצט און רעגט די פרוי אין דער קאָנסערוואַטיווער באַוועגונג נאָכצופאָלגן די רעפאָרמערס.

ביי די לעצטע נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענצן פון „יונייטעד סינאַגאָגס" און פון קאָנסערוואַטיווע ראַבינערס, זענען פרויען, מערסטנס ווייבער פון רבנים — די רביצינס — אַרויסגעטראָטן עפנטלעך מיט זייער פאַרלאַנג צו פאַרנעמען אַן אַקטיווע ראָל אין דער סינאַגאָגע, צו ווערן צוגערעכנט צו אַ מנין („קוואָרום"), צו לייענען אין דער תורה פאַר די פאַרזאַמלטע מתפללים („קאָנגרעגייטס") און אַזוי ווייטער. מיט איין וואָרט: פולשטענדיקע גלייכהייט.

די דאָזיקע ווילגעלערנטע און ווילבאַחנטע ווייבעלעך, וואָגן אַפילו נאָכצוזאָגן אַנדערע, אַז די ביבל, די תורה האָט אַ טאָפּלטן סטאַנדאַרט פאַר מענער און פאַר פרויען: אַ פרוי ווערט געמישפּט פאַר זנות אַ סך מערער ווי דער מאַן און ס'איז איר אַ סך שווערער אַרויסצוקריגן אַ גט, ווי דעם מאַן. זיי פאַרגעסן אָבער, אַז אָפּפרעגנדיק תורה־געזעצן, פרעגן זיי אָפּ אמונה — אמונה אין דער געטלעכער מאָראַל, אין געטלעכן צדק. אויב די יסודות וואַקלען זיך, צו וואָס די גאַנצע מי?...

וואָס שייך דער בארעכטיקונג פון אָט די באַגרענעצונגען און אונטערשיידן צווישן מאַן און פרוי, זענען זיי, ראַציאָנעל־לאָגיש גערעדט, באַזירט אויף דעם רצון לטובת דער פרוי, לטובת איר שוץ, לטובת איר ראָל און אירע פונקציעס אַלס פרוי־מוטער.

מ'קען ענדערן דעם סטאַטוס, אָבער נישט די נאַטור פון דער פרוי. זי דאַרף האָבן לעגאַלע רעכט אין צבור און אין פאַמיליע־לעבן, איר רעכט קאָלעקטיוו און אינדיווידועל. אָבער ענדערן איר געבוי? — דאָס איז אויסערן געזעץ און דאָס

וועלן די „ליב"-באַוועגונגען נישט קענען באַווייזן. דער פאַקט איז, אַז די פרוי פאַרנעמט אַ גרויס אָרט אויף אַלע געביטן פון מענטשלעכער שעפערישקייט.

דער עיקר: די רעכט פון דער פרוי זענען געזיכערט און איר טאַלאַנט און פעיִקייט זענען אָנערקענט.

מיר וועלן זיך ווייטער באַזונדערס אָפּשטעלן וועגן די רעכט און דער ליבעראַליזאַציע פון דער פרוי. דאָ ווילן מיר אָנווייזן אויף עטלעכע פאַקטן, וואָס שייך רעליגיעזער פירערשאַפט.

אין קריסטלעכן רעליגיעזן לעבן האָט זיך לעצטנס געטומלט וועגן עלף פרויען, וועמען אַ גלח אין פילאַדעלפיע האָט געגעבן רעכט, זיי אָרדינירט צו קענען אָנפירן מיט דער קירכלעכער באַדינונג.

דער רעקטאָר פון דער עפּיסקאָפּאַלישער קירכע (אַ רעליגיעז-קריסטלעכע באַוועגונג, וואָס איז אַוועק פון דער קאַטוילישער אין 16טן יאָרהונדערט) האָט זיך נישט גערעכנט מיט דער קעגנערשאַפט פון זיינע קאָלעגן, און געוואָגט מיט זיין שריט עפנטלעך דערקלערן די פרויען אַלס גייסטלעכע, איינשטעלנדיק זיין אייגענע פּאָזיציע.

אין אַמעריקע, ווי באַקאַנט, האָט שוין אַ מאָל אַ פרוי גראַדויִרט אַ טעאָלאָגישן סעמינאַר און דערהויבן געוואָרן צום גלח-טיטל. דאָס איז געווען אַנטואַנעט לואיזאַ בראַון בלאַקוועל. זי איז געווען אַן איינציקע און האָט דעריבער נישט אַרויסגע-רופן קיין שטורעם פון פּראָטעסטן. אַנדערש איז אָבער, ווען עלף קענען מיט איין מאָל דערגרייכן צום הויכן פּיעדעסטאַל פון רעליגיעזער היעראַרכיע.

ביי ייִדן איז גאָר געווען אַ נייס, די סאַלי פּריזאַנט. פון דער „לודמירער בתולה", ביז אַ רעפאָרמירטער ראַבינערין איז אַ היפּשלעכער מהלך. און אַזאַ באַשטימונג, אַ פרוי-„מוסמכת"... האָט אַרויסגערופן רעאַקציע מצד די פאַרשיי-דענע דענאָמינאַציעס ביי ייִדן.

ס'זענען באַלד געווען אַזעלכע נאָכגיביקע, אויך ביי דעם קאָנסערוואַטיוון ראַבינאַט. ד"ר יהודה ניידיטש, פון די אָנגעזעענסטע רבנים אין דער קאָנסערוואַ-טיווער באַוועגונג, האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון ראַדיקאַל-לינקע און טעאָלאָגיש באַגרינדעט די רעכט פון דער פרוי צו אַלע רעליגיעזע אַמטן, צו געבן פרויען רעכט צו זיין עדות ביי אַ כתובה, ביי אַ גט און ביי אַלץ, ווו עס איז נייטיק אַ באַשטעטיקונג. ער האַלט, אַז ס'איז געקומען די צייט, מ'זאָל דער פרוי געבן פולשטענדיקע גלייכבאַרעכטיקונג.

וואָס טוט זיך אין די אָרטאָדאָקסישע רייען?

אָרטאָדאָקסישע פרויען ווילן אויך האָבן כבוד און מאַכט; זיי ווילן האָבן אַ דעה אין רעליגיעזער פירונג. זיי זענען געקומען צום באַוווסטזיין, אַז אַן זיי וועט נישט זיין קיין אָרטאָדאָקסיש ייִדיש לעבן. זיי ווייסן, אַז לויט הלכה קענען זיי

נישט פאַרלאַנגען אַ מחיצהלאָז רעליגיעז לעבן. זיי ווילן אָבער גלייכבאַרעכטיקונג וואָס שייך בילדונג, זיי זאָלן ווערן אונטעררעכט ווי מענער אין אַלע קעגנשטאַנדן. זיי ווילן אַ ייִדישע דערציִונג אויפן העכסטן שטאַפּל — און במילא טראַכטן זיי, וועלן זיי זיך דערהויבן צום העכסטן שטאַפּל פון פּירערשאַפט.

דערווייל האָבן מיר בלויז אַ רעפאָרמירטע טעאָלאָגין — די פריילין סאַלי פּריזאַנט — וואָס האָט געקראָגן אַ רבנות־דיפּלאָם ביים רעפאָרם־סעמינאַר און איצט באַווייזט זיך אַ יונגע חזנטע, וואָס האָט גראַדויִרט פונעם חזנים־אינסטיטוט ביים ייִדישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. איר נאָמען איז עליין שאַפּיראָ און זי זוכט אַ שטעלע. קיין בעלנים פאַר אַ חזנית זענען נישטאָ.

וואָס שייך ייִדישע פרויען־אָרגאַניזאַציעס, שפּילן זיי אַ גאָר וויכטיקע ראָל אינעם ייִדישן לעבן. זיי זענען אַקטיוו אויף אַלע געביטן און אין אַלע טעטיקייטן. באַזונדערס זענען ייִדישע פרויען־אָרגאַניזאַציעס דערפאָלגרייך אין געלט־זאַמלונגען, אין הילפס־אַקציעס.

אויף די געביטן, באַזונדערס פאַר ישׂראל, זענען אַלע פרויען טעטיק: אָרטאָדאָקסישע, קאָנסערוואַטיווע און רעפאָרם. אַלע, אָן אויסנאַם, טראָגן צו דעם גרעסטן חלק צו די אונטערנעמונגען. זיי סטימולירן און באַאײַנפלוסן די מענער. זיי האָבן דעריבער זיך דערוואָרבן אַ דעה אין דער פּירערשאַפט, ווייל מ'שאַצט אָפּ און מען אָנערקענט זייער אָנשטרענג, טאַקט און דערפאָלג. וועגן דעם אין ווייטערע פּרקים.

**ה. די פרוי אויף אַלע געביטן. — סטאַטוס פון דער פרוי אין קאַנאַדע און אין צפון־אַמעריקע. — איר פּאָזיציע ביי ייִדן פונעם באַגין ביזן אויפלעב.**

מיר האָבן פריִער דערמאָנט די סטאַטיסטיק וועגן אַרבעט־כּוח אין קאַנאַדע, אָן אַרבעט צוגעגרייט פון עקספּערטן־פּראָפעסיאָנאַלן פאַר דער רעגירונג און וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אונטער דער אָנפירונג פון סילוואַ געלבער. די סטאַטיסטיק און טאַבעלעס ווייזן גענוי אויף דער ראָל און פּראָצענט פון דער פרוי אַלס אַרבעטער.

די שטודיע איז איינגעטיילט אין זיבן טיילן, פאַרזען מיט טאַבעלעס, מיט אַנאַליטישע אָנמערקונגען און צוגאָב־דאָקומענטן מיט פאָרויסזעענדיקע פּראָיעקטן. אַרום און אַרום ווייזט עס אויף דער באַציִונג פון דער רעגירונג און איר אָנשטרענג אויסצוגלייכן די געשלעכטער ביי דער אַרבעט, אין יעדן פּראָדוציר־צווייג, מאַנופאַקטור, אינדוסטריע, האַנדל, פאַרזיכערן די פרוי קעגן דיסקרימינאַציע.

אונדז אינטערעסירן נישט די גענויע ציפערן, די ספּעציפישע סטאַטיסטיק. פאַר אונדז איז וויכטיק דער אַלגעמיינער פּועל־יוצא: די קאַנאַדער רעגירונג טוט דאָס מעגלעכסטע אָפּצושאַפן דיסקרימינאַציע קעגן פרויען אין אַלע פּראָפעסיעס.

ס׳זענען דאָ פּראָפעסיעס, וואָס ווערן דאָמינירט פון פרויען. די פּראָפעסיע פון קראַנקן־שוועסטער, דער גאָר וויכטיקער צווייג פון געזונט־באַדינונג, ווערט אין גאַנצן, כמעט 99 פּראָצענט, אָנגעפירט פון פרויען. אויך אין די אַנדערע צווייגן פון באַשיצן דאָס געזונט פון קאַנאַדעס בירגער פאַרנעמען פרויען דאָס ערשטע אָרט, אַ סך־הכל פון אַלע צווייגן איבער 72 פּראָצענט. אַלס פּראַקטיצירנדיקע דאָקטוירים פאַרנעמען פרויען בלויז 12 פּראָצענט — אָבער די צאָל האַלט זיך אין איין פאַרגרעסערן. מעדיצין אַטראַקטירט פרויען, וועלכע ווילן ווייזן, מיט זייער פלייס און אינטעליגענץ, אַז זיי קענען אָניאָגן די מענער. אַ פאַקט איז, אַז אין סאָוועט־רוסלאַנד, ווי מיר האָבן אָנגעוויזן, האָבן פרויען אין אַלגעמיינער מעדיצינישער פּראַקטיק דעריאָגט — און אין געוויסע טיילן פון לאַנד — איבער־יאָגט די מענער.

אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז דער מצב, אויב נישט בעסער, געוויס נישט ערגער. די העכערונג אין צאָל פון פרויען־דאָקטוירים איז אומגעהויער. ס׳האַלט שוין איצט ביי 20 פּראָצענט פרויען־דאָקטוירים און מעדיצין־פּראָפעסאָרן.

די ערשטע פרוי דאָקטאָרין אין צפון־אַמעריקע איז געווען עליזאַבעט בלעקוויל. זי האָט גראַדויִרט אין „מעדיקל קאַלעדזש" פון סיראַקוז, אין 1849. זי איז געווען די סענסאַציע פון טאָג און געעפנט די טירן פון דער מעדיצין־פּראָפעסיע פאַר אַ סך פרויען. איר שוועסטער עמילי האָט איר נאָכגעפאָלגט.

היינט צו טאָג איז דאָס שוין נישט קיין נייס, אַ פרוי זאָל זיך אויסצייכענען אין מעדיצינישער פאָרשונג און פּראַקטיק. היינט צו טאָג געפינען זיך טויזנטער און טויזנטער סטודענטינס אויף מעדיצינישע פאַקולטעטן (מ׳ווייסט נישט גענוי די צאָל). זייער צאָל איז קליין, ווי פּראָפעסאָרן, הויפּטן פון שפּיטעלער און גאָר ווייניק אויפן געביט פון כירורגיע. ס׳איז קיין ספק נישט, אַז מיט דער צייט, וועט זיך דער מצב ענדערן און אויך אויף דעם געביט, וועט די פרוי עוואָלוציאָנעריש דערגרייכן איר פּאָזיציע און זיך אויסגלייכן מיטן מאַן.

דער פּראָצעס פון ענדערן די לעבנס־באַדינגונגען איז אפשר אַ לאַנגזאַמער; ער ברענגט אָבער מיט זיך אַ ראַדיקאַלע ענדערונג פאַר דעם אויפשטייג פון דער פרויס פּאָזיציע אינעםווירטשאַפטלעכן, סאָציאַלן און פּראָפעסיאָנעלן שטאַנד און במילא ווערט עס לייכטער פאַר דער פרוי זיך צו דערהייבן צו אַ העכערן מצב אין די אינטעלעקטועלע און אַקאַדעמיש־וויסנשאַפטלעכע ספערן און פּראָפעסיעס, איינשליסנדיק די מעדיצינישע.

אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט, דאַרף מען באַטאָנען, איז פאַר דער פרוי אַ סך לייכטער אַריינצודרינגען אי אין די געוויינלעכע אַרבעט־פּאָזיציעס, אי אין די קולטורעל־אַקאַדעמישע, וויסנשאַפטלעכע, מעדיצינישע. עס איז די תּקופה פון אויטאָמאַטיזאַציע און עלעקטראָ־מעכאַניזאַציע, וואָס האָט די פרוי גאָר אַ סך באַפרייט פון דער הויז־ווירטשאַפט און געעפנט איר באַשעפטיקונג־מעגלעכקייטן, בילדונג־דערגרייכונגען און עקאָנאָמישע עקספּאַנסיע און פאַרצווייגטקייט. היינט, מער ווי ווען עס איז פריִער, האָבן פרויען אַ מעגלעכקייט צו דערגרייכן וויסן אויף דער העכסטער מאָס און נישט ווייניקער וויזיע און פירערשאַפט.

אין קאַנאַדע, ווי געזאָגט, יאָגן אָן די פרויען און ס׳וועט לאַנג נישט נעמען, אַז די פרויען וועלן דערגרייכן דעם זעלבן כּוח און השפּעה אין אַלע פּראָפעסיעס, אַריינגערעכנט די מעדיצינישע, ווי די מענער.

אָבער נישט אין אַלע לענדער גייט עס דער פרוי אַזוי גוט און אַזוי לייכט צו דערגרייכן אַלע רעכט, יעדן סאָרט פּרעסטיזש און מאַכט. ס׳פעלן נישט קיין לענדער, ווו דער מצב פון דער פרוי איז נאָך גענוג צוריקגעשטאַנען און איר ראָל איז נישט בעסער ווי אין מיטל־עלטער. אין אַ צאָל לענדער דערוואַרט די פרוי הילף פון אויסלאַנד, פון אויסלענדישע פרויען־אָרגאַניזאַציעס, פון קאָמיטעטן ביים „יו־ען״, צו געניסן אין זייערע ווינלענדער ווירטשאַפטלעכע, סאָציאַלע און פּאָליטישע רעכט.

דאָס יאָר 1975 איז דערקלערט געוואָרן אַלס פרויעניאָר און ס׳זענען דערשינען אַרטיקלען און אָפּשאַצונגען וועגן דער פרויס ראָל אַ מאָל און היינט. מ׳האָט אַ סך געשריבן וועגן דעם פעמיניסטישן חלק אינעם פּראָגרעס פון דער מענטשהייט. פרויען האָבן מאָביליזירט די עפנטלעכע מיינונג לטובת דער פרוי אין אַלע לענדער און גרויסע פערזענלעכקייטן האָבן געגעבן זייער חתימה אויף דעקלאַראַציעס פאַר פרויענרעכט און גלייכהייט.

מיט דעקלאַראַציעס דערגרייכט מען אָבער גאָר ווייניק. ס׳פאָדערן זיך מעשׂים; ס׳פאָדערט זיך די אינטערווענץ פון אויטאָריטאַטיווע, וועלט אָנערקענטע ליבעראַלן, וועלכע זאָלן מיט מסירת־נפש זיך איינשטעלן פאַר דער פרוי. ס׳דאַרפן קומען נישט בלויז אַבסטראַקטע פאָרשלאָגן, נאָר קאָנקרעטע, פּראַקטישע מעשׂים. די פרוי אַליין דאַרף ווייזן אַ מוסטער פון קעמפערישקייט פאַר אירע רעכט, ווי עס האָבן מיט אַ דור צוריק געוויזן די פרויען אין אַלע באַוועגונגען.

דער הויכפּונקט פון אַלע אַקטיוויטעטן אין צוזאַמענהאַנג מיטן אינטערנאַציאָנאַלן פרויעניאָר, דאַרף זיין די פּאָזיטיווע ווירקונג קעגן וועלכן נישט איז פאַראורטייל — די פרוי זאָל זיין גלייכבאַרעכטיקט אין אַלע צווייגן פון געזעלשאַפטלעכקייט און אין אַלע צווייגן פון באַשעפטיקונג. דער קאַמף פון די פרויען דאַרף

געפירט ווערן בשותפות מיט די מענער, נישט בלויז צו פאַרבעסערן דעם מצב פון דער פרוי, נאָר בכלל פאַר אַ מער יושרדיקן סיסטעם פאַר אַלע מענטשן.

ווי ווייט פרויען האָבן שוין, אונטער די באַגרענעצטע אומשטאַנדן, דער־גרייכט פראָפעסיאָנעל, איז געננג דער פאַקט, אַז אַפילו מיליטעריש פאַרנעמט די פרוי שוין אַן אָנגעזען אָרט.

ביז דער לעצטער וועלט־מלחמה, האָבן פרויען גענומען אַ קנאַפּן אַקטיוון אַנטייל אין מיליטער. זינט דעם לעצטן קריג האָט יעדעס לאַנד אַ פרויען־אַרמיי, פרויען אָפיצירן און קאָמאַנדירן. ווי עס איז לעצטנס איבערגעגעבן געוואָרן געפינען זיך איצט איבער פופציק טויזנט פרויען אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

יונגע פרויען שליסן זיך אָן פרייוויליק צוליב כמה טעמים, דער עיקר, צו באַווייזן, אַז זיי זענען נישט הינטערשטעליק אַפילו מיליטעריש, אַז זיי קענען אַריינדרינגען אין אַלע געביטן פון מיליטערישן לעבן. דער פאַקט איז, אַז אין פּענטאַגאָן געפינען זיך פרויען אָפיצירן; פרויען געפינען זיך אויף מיליטערישע עראָפּלאַנען; פאַראַן פרויען אָנפירערינס פון ים־ און לופטפלאָט, פרויען פאַראַ־שוטיסטן. אַפילו מוטערס ווערן אַריינגענומען אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

אויף שיפן האָט מען קיין פרוי נישט געזען, סיידן אין די שפּיטעלער אַלס קראַנקן־שוועסטער; אין די ביוראָען, אין די אינסטאַלאַציעס, אָבער נישט אויף קריגסשיפן, נישט ווי מאַטראָזן. דאָס געזעץ האָט פאַרבאָטן פרויען אין מיליטע־רישן דינסט אויף שיפן. ס׳קומט אַ רעוויזיע אינעם געזעץ און ס׳וועט לאַנג נישט נעמען, ווי אויף אַמעריקאַנער קריגסשיפן וועלן זיך געפינען פרויען קאַפּיטאַנען. זיי וועלן זיין גלייך מיט די מענער אויף אַלע געביטן.

די אַמעריקאַנישע פלאָטן־אַקאַדעמיע וועט מער נישט זיין קיין „מענערשע פעסטונג" ווי זי איז געווען אין משך פון הונדערטער יאָרן. נישטאָ מער קיין דיסקרימינאַציע קעגן פרויען. זיי פאַרנעמען אַ גאָר הויכן פראָצענט אויף די העכערע פאָסטנס.

די פרוי ווי אַן אַרבעטאָרערין, שוין נישט רעדנדיק וועגן איר ראָל אַלס סאָציאַליסטין, האָט גאָר אַ סך בייגעטראָגן צום אויסבעסערן דעם מצב פון דעם אַרבעטער, סיי אין באַדינונג־אינדוסטריע און סיי אין די דערגרייכונגען פון די פאַך־פאַראייניגען. ווען נישט דער טראַגישער „טרייענגל פייער" וואָס איז געוואָרן היסטאָריש אין דער געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, וואָלט נישט אַזוי גיך אָפּגעשאַפט געוואָרן דער „שוויץ־שאַפּ"־סיסטעם.

מיר האָבן שוין געשריבן וועגן דעם טראַגישן שבת נאָך מיטאָג פון 25סטן מערץ 1911 [1]. ס׳איז דאָך כדאי נאָך אַ מאָל צו דערמאָנען, אַז דאָס פייער פון יענעם פינצטערן טאָג פאַר די אומגעקומענע 146 אַרבעטער, מערסטנס יידישע מיידלעך, אָט די שׂריפה אין דער אַש־געביידע אין גרעניטש־ווילעדזש־געגנט אין

מאַנהעטן, ניו־יאָרק, האָט אָנגעצונדן דאָס געוויסן פון אַמעריקע און די געזעץ־געבערס האָבן זיך גענומען איינפירן רעפאָרמען אין דער באַקלייד־אינדוסטריע, נישט צו דערלאָזן נאָך אַזאַ פייער־פּאַסטקע.

די פרוי נעמט אַ דירעקטן אָנטייל אין דער מלחמה־פירונג און אַוודאי אין די שלום־אינדוסטריעס. זי ווערט אָבער נישט געשיקט אויף פראָנטן מיט אַרטילע־ריע, אין טאַנק־אָפּטיילונגען, ווייל דאָס איז נישט פאַר אירע כּוחות, פּונקט ווי עס וועט נישט העלפן די אַגיטאַציע פון דער פרויען־פרייהייט־באַוועגונג („ווימענס ליבערייישאָן״), זי זאָל זיין פולשטענדיק גלייך מיטן מאַן, כּל־זמן ס'איז דאָ אַ נאַטור־אונטערשייד: דער מאַן גיט אַרויס זרע און די פרוי נעמט אַריין די זרע, דער מאַן פאַרזייט — די פרוי געבערט...

אין יהדות ווערט די פרוי געשטעלט גאָר הויך:

ביי גאולת־מצרים „בזכות נשים צדקניות נגאלו אבותינו ממצרים״ — אַ דאַנק די געטרייע און באַשיידענע פרויען זענען ייִדן אויסגעלייזט געוואָרן פון גלות מצרים״ [2].

ביים באַרג סיני האָט מען פריִער גערעדט צו די פרויען און ערשט נאָך דעם — צו די מענער, „כה תאמר לבית יעקב — אלו הנשים; ותגיד לבני ישׂראל — אלו האנשים״ [3].

ביי נדבת המשכּן האָבן זיך די פרויען געפעדערט — „ויבואו האנשים על הנשים״ [4], אָבער ביים עגל, האָבן די פרויען נישט געוואָלט זיך באַטייליקן און די מענער האָבן געדאַרפט זיך אָנשטרענגען צו ברענגען דאָס גאָלד; אַזוי כּסדר ווערט די ייִדישע פרוי געלויבט ווי די אויפהאַלטערין און דערציִערין פון אירע בני־בית.

דאָס מינערט אָבער נישט די געפאַר פון געמישטקייט און אויסגעמישטקייט פון מענער און פרויען, און אַז ס'איז נישט קיין ווונדער וואָס די אָרטאָדאָקסיע, און נישט בלויז די אָרטאָדאָקסיע, באַמיט זיך אָנצוהאַלטן די מחיצה־טראַדיציע אין דער סטרוקטור פון דער שול און פון רעליגיעזן לעבן. אַ „ליב״ אין דער שול — איז די אָרטאָדאָקסיע איבערצייגט — נעמט אַוועק די ערנסטקייט פון דער תּפילה אין מקום־קדוש.

דריַי רבנישע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס פון אָרטאָדאָקסישן ייִדנטום אין אַמעריקע (אגודת הרבנים, הסתדרות הרבנים, איגוד הרבנים) האָבן פּראָטעס־טירט קעגן דעם באַשלוס פון דער קאָנסערוואַטיווער הלכה־קאָמיסיע צוצורעכענען פרויען צום מנין, גערופן צו ווערן צו דער תּורה און ענלעכע ענדערונגען, צו געבן דער פרוי פולע גלייכהייט מיט מענער אַרום דעם עמוד פון שול.

די היטערס פון טראַדיציאָנעלן ייִדישן לעבן, ווייזן אָן אויף תּנ״כישע און תּלמודישע שטעלן, וועגן דער נייטיקייט — בכדי צו פאַרהיטן פון אויסגעלאַסנקייט

— צו האָבן די מחיצה אין שול, אָנצוהאַלטן די „יחוד״־תקנות; ווייל שלעכטע מחשבות, הרהור־עבירה, זענען גורם צו זינדיקע מעשׂים.

וואָס שייך דערציִונג, האָט די פרוי תּמיד פאַרנומען אַ גרויס אָרט, אַזוי אין אַלגעמיינעם און אַזוי אין יידישן דערציִונגס־וועזן.

מיר האָבן שוין געשריבן וועגן דער פרויס ראָל אין דער אַלגעמיינער דערציִונג [5] און מיר וועלן נאָך ווייטער זיך אָפּשטעלן וועגן אירע לייסטונגען אויפן דערציִערישן געביט.

די פרוי חנה (האַנאַ) מור (1745־1833) האָט אין ענגלאַנד דערגרייכט, אַ דאַנק אירע אויפטוען אויפן דערציִערישן געביט, צו אַ ליטעראַרישער קאַריערע. זי איז געוואָרן אַ מיטאַרבעטערין פון ד״ר סעמועל דזשאָנסאָן (1709־1794) דעם באַרימטן ענגלישן פּאָעט, עסייאיסט און לעקסיקאָגראַף, שעפער פון ערשטן ענגלישן ווערטערבוך. פלאָרענס נייטינגייל (געשטאָרבן אין 1820) האָט זיך דערוואָרבן אַ גרויסן נאָמען אין דער ענגלישער וועלט אַ דאַנק אירע דערציִערישע פעיִקייטן, אַלס גרינדערין פון דער ערשטער שולע פאַר קראַנקן־שוועסטערס.

ביי יידן זענען — ווי שוין געזאָגט — תּמיד געווען פרויען געלערנטע. אין אַלע צייטן און אין אַלע לענדער זענען געווען פרויען, וואָס האָבן געקענט לערנען און געלערנט מיט אַנדערע.

ר׳ פּתחי׳ פון רעגענסבורג, ווי זיין נאָמען איז געווען ר׳ פּתחי׳ בן יעקב הלבן, ברודער פון ר׳ יצחק הלבן (פון די בעלי התוספות) און פון ר׳ נחמן רעגענשפּורגער, גיט איבער וועגן זיינע נסיעות אין זיין ספר „סבוב העולם״ (אין יאָר 1175), אַז ער איז געקומען צום ראש־ישיבה אין באַגדאַד, דעם בר פלוגתא פונעם רמב״ם, האָט ער דאָרט אָנגעטראָפן, ווי זיין בת־יחידה האָט געגעבן שיעורים דורכן פענצטער פון אַ פאַרשלאָסענעם צימער.

די „פרויען־ליבערייִשאַן־באַוועגונג״ אַגיטירט פאַר פרייער ליבע: די פרוי זאָל נישט האָבן קיין פּחד פון שוואַנגערשאַפט און זאָל הנאה האָבן פון לעבן, ווי דער מאַן, אָט די פרייע „ליבע״ שטילט תאווה אויף אַ מאָמענט, שטעלט אָבער אין סכנה דער פרויס צוקונפט. די פרוי קאָן פאַרנעמען דעם זעלביקן אָרט אין עקאָנאָמישן,ווירטשאַפטלעכן, ליטעראַרישן, וויסנשאַפטלעכן לעבן ווי דער מאַן; זי האָט זיך אָבער נישט באַפרייט פון איר סעקסועל־נאַטירלעכער אָפּהענגיקייט. דאָס אַריינכאַפּן תאווה לאָזט זיך אויס מיט אַנטוישונג, חרטה און מיט פּוסטע חלומות.

די פרוי מוז נאָך אַלץ זיין אַ מוטער און איז נאָך אַלץ צוגעבונדן צו דער היים־ווירטשאַפט.

**ו. פרויען פרייהייט־קעמפערינס. — העראָישע פּאַטריאָטינס. — אַנטי־מלחמה־אַקציעס. — אין דינסט פון פאָלק.**

אין מיין ווערק „באַציִונג צו דער פרוי", האָבן מיר געווידמעט עטלעכע פּרקים דער פרוי אין קאַמף, דער פרוי ווי אַ מאַרטירערין, דער פרוי ווי אַ העלדין, דער פרוי — דער רעוואָלוציאָנערקע — און ס'ווילט זיך נישט איבערחזרן. מיר פילן אָבער ווי אַ נייטיקייט, כּדי צו דערגאַנצן די פאַמיליע־טעזע, נאָך אַ מאָל צו באַשטעטיקן אין דער סומירונג די ראָל פון דער פרוי ווי אַ פרייהייט־ און גלייכהייט־קעמפערין.

אין דער תּקופה פון רעוואָלוציע, באַזונדערס, סאָציאַליסטישער אָדער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע, זענען פרויען געווען, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אין די פראָנטרייען פונעם אַוואַנגאַרד. אַזעלכע זענען, אין אַ גרעסערן אָדער קלענערן פאַרנעם, געווען ביי אַלע פעלקער און מער ווי ביי אַנדערע פעלקער, ביי ייִדן. גאַר גרויס איז די צאָל ייִדישע פרויען, וואָס האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין רעוואָלוציעס און גאָר אַ סך בייגעטראָגן צום פאָרשריט פון די נייע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע שטרעמונגען פון אונדזער יאָרהונדערט. נאָך גרעסער איז זייער צאָל, אין די קאַמפן קעגן היטלעריזם־פאַשיזם און פאַר דער ייִדישער מדינה — אָבער וועגן דעם ווייטער [1].

צו די ערשטע פרויען אין דער וועלט, וואָס האָבן געפאָדערט גלייכע רעכט פאַר פרויען, געהערט די גריכישע שיינהייט אַספּאַסיאַ. זי איז געווען די לערערין פון גריכישן פילאָסאָף סאָקראַטעס.

ווי עס ווערט איבערגעגעבן, איז זי נישט געווען קיין צו פיל צניעותדיקע פרויענצימער. זי איז אויך געווען אָנגעשטעקט מיט אַפּיקורסישע געדאַנקען. דאָס האָט איר אָבער נישט געשטערט צו זיין די פּאָפּולערסטע פרוי אין איר צייט.

אין דער מאָדערנער צייט, האָבן מיר פרויען וואָס זענען געגאַנגען אויפן עשאַפאָט צוליב זייערע פרייהייטס־אידעען, מיר מיינען דאָ, זשאַן ד'אַרק, די „אָרלעאַנישע בתולה", וועלכע איז פאַרברענט געוואָרן אויפן שייטערהויפן אין רואַן, מיט איבער פינף הונדערט יאָר צוריק. זינט דאַן זענען הונדערטער און טויזנטער פרויען קעמפערינס געגאַנגען אויפן עשאַפאָט, צווישן זיי: קעניגינס, פּרינצעסינס און אַנדערע אי פון דעם פּעבל, אי פון דער עליטע. זיי האָבן באַצאָלט מיט זייערע לעבנס אין קאַמף פאַר ערלעכקייט, אָנשטענדיקייט און פרייהייט. פון די אַכט ווייבער פון הענרי דעם 8טן, זענען צוויי אומגעקומען צוליב זיינע משוגעתן, הפקרדיקייט און ווילדקייט אין ניאוף...

ס'זענען געווען פרויען, וואָס האָבן פאַרנומען ערשטראַנגיקע פּאָזיציעס אין רעוואָלוציעס און אויפשטאַנדן, אַזוי אין אַלטערטום און אַזוי אין די נייע צייטן; זיי האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די קאַמפן פאַר נאַציאָנאַלער און אוני־ווערסאַלער גערעכטיקייט.

די רשימה פון אַזעלכע העלדינס וואָלט זיך פאַרצויגן גאָר לאַנג, מיר וועלן דערמאָנען בלויז אייניקע — נישט געקוקט דערויף וואָס אַ גרעסערע צאָל פון אָט די העלדינס, האָבן זיך פאַרדינט, מ'זאָל שרייבן זייערע ביאָגראַפיעס.

אין אייראָפּע האָט אַ פרוי, מיטן נאָמען אירענע האַראַנד, אָנגעפירט אַ העפטיקן קאַמף פאַר פרייהייט, קעגן אַנטיסעמיטיזם און קעגן נאַציזם. זי איז געבוירן געוואָרן אינעם לאַנד, ווו דער גרעסטער צורר היהודים איז געבוירן געוואָרן.

איידער די נאַציס זענען געקומען צו דער מאַכט, איז אין אייראָפּע באַקאַנט געווען די אַרבעט פון דער „האַראַנד־באַוועגונג אין קאַמף קעגן ראַסנהאַס". די דאָזיקע באַוועגונג האָט געבראַכט טרייסט און דערמוטיקונג צו די שווער געטראָ־פענע יידן אין צענטראַל־אייראָפּע, אינעם סאַמע אויפברויז און וואַקכאַנאַליע פון דער האַקנקרייץ־מגיפה.

אין יענער צייט האָט דער שרייבער פון די שורות, געשריבן אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג וועגן דער דאָזיקער באַוועגונג און וועגן איר אָנפירערין אירענע האַראַנד[2], וועלכע האָט געוואַגט, שוין נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט אין יאָר 1933, אַרויסצוקומען מיט איר שטאָלצן „זש'אַקיז" קעגן דעם נאַצי־געשפּענסט, וואָס האָט דאַן געעפנט דאָס בלוטיקע בלאַט אין דער יידישער מאַרטירער־געשיכטע. זי האָט געוואַגט אַרויסצוקומען מיט אַ בראָשור: „דער אמת וועגן אַנטיסעמיטיזם" און מיט אַ רוף „איך באַשולדיק"!

די דאָזיקע פרוי, אַן אַריערין פון דור־דורות, די פרוי פון אַ באַוווסטן עסטרייכישן אָפיציר, האָט געמאַכט פאַר איר ציל דאָס באַקעמפן מענטשן־האַס; אָפּצו־שטעלן דעם עקאָנאָמישן און זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם — אָבער איידער וואָס־ווען, איז איר באַוועגונג פאַרצוקט געוואָרן פון די היטלעריסטישע באַנדעס און זי האָט זיך קוים געראַטעוועט פון הענקערס האַנט. זי איז געוואָרן אַ פליכטלינג אין אַמעריקע.

אויף איר קען מען זאָגן דעם פּסוק „תבורך מנשים..." זי איז אַרויסגעטראָטן קעגן די נאַציס אין אַ מאָמענט, ווען דאָס האָט געמיינט סכנת־נפשות, ווען נאַציזם האָט אַרומגעכאַפּט גאַנץ עסטרייך און די פּאָליטיקער האָבן בלויז קאָנקורירט, ווער קען זיין אַ גרעסערער יידן־האַסער. זי האָט זיך דעמאָלט איינגעשטעלט פאַר יידן און געפּרעדיקט מענטשן־ליבע. ווען זי האָט פאַרלאָזט איר געבוירן־לאַנד, האָט זי

פון אויסלאַנד ביטער געקעמפט קעגן היטלעריזם און דורך וואָרט און שריפט באַוויזן זיין פאַלשקייט.

די דאָזיקע פרוי איז אַרומגעפאָרן פון שטאָט צו שטאָט און אויף גרויסע פּלאַטפאָרמעס געוועקט דעם געוויסן פון דער וועלט. זי האָט פאַר דעם צוועק אַרויסגעגעבן אַ צייטונג „גערעכטיקייט" און אויך פאַרעפנטלעכט אַ צאָל ביכער, אָנווייזנדיק אויף דער געפאַר פון נאַציזם, אַז נאַציזם מיינט נישט בלויז פאַר־ניכטונג פון ייִדן, אַז דאָס מיינט שטעלן אין סכּנה די גאַנצע מענטשהייט.

אין איר בראָשור דערציילט אירענע האַראַנד, ווי אַזוי זי איז געקומען צו דער איבערצייגונג וועגן דער פאַלשקייט פון אַנטיסעמיטיזם. זי דערציילט אויך וועגן איר פערזענלעכן לעבן: זי איז אַ געבוירענע דייטשקע, דערצויגן געוואָרן אַלס קריסטין, אין אירע קינדהייט־יאָרן נישט געהאַט קיין פאַרבינדונג מיט ייִדן, כּמעט נישט געקאַנט קיין ייִדן — און ווי אירע פריינד, איז זי אָנגעשטעקט געוואָרן מיט אַנטיסעמיטיזם.

ווען איר מוטער איז געשטאָרבן, איז זי נאָך געווען גאָר יונג און ווי אַ יונגע יתומה זיך געניטיקט אין הילף — אָבער קיין איינער פון אירע רייכע אַרישע שכנים, האָבן אויף איר נישט געהאַט קיין רחמנות און זיך גאָרנישט פאַר־אינטערעסירט מיט איר גורל. גראָד האָט זיך געטראָפן, אַז אַ ייִדישע פרוי, אַ שכנה האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט איר, זיך איינגעשטעלט פאַר איר און איר אַ סך געהאָלפן מיט ראַט, וואָס זי האָט זיך געניטיקט אין איר שווערן מצב. דעמאָלט האָט זי זיך צום ערשטן מאָל באַקענט מיט ייִדן און געזען ווי גרויס ס'איז די רחמנות־מידה ביי ייִדן.

נאָך מער באַגייסטערונג האָט אַרויסגערופן ביי איר אַן אַנדערע פּאַסירונג:

אין שכנות מיט איר האָט געוווינט אַ זקן, אַ קעניג ליר־טיפּ, וועלכער האָט זיין גאַנץ פאַרמעגן אַוועקגעשענקט זיינעם אַ זון, ער זאָל אויף אים אַכטונג געבן אין די עלטערע יאָרן. ס'האָט אָבער לאַנג נישט גענומען און די שנור האָט דעם אַלטן אַרויסגעוואָרפן. ער איז געבליבן עלנט אָן אַ היים און קיינער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף אים...

ווען זי האָט זיך דערוווסט פון דער דאָזיקער טראַגעדיע, איז זי שטאַרק גע־רירט געוואָרן און אָנגעהויבן זוכן עצות, ווי אַזוי אים צו העלפן. זי איז געגאַנגען צו אַדוואָקאַטן און קיינער האָט נישט געוואָלט זיך אונטערנעמען דורכצופירן אַ פּראָצעס... ביז זי איז געקומען צו אַ ייִדישן אַדוואָקאַט און יענער האָט גענומען דעם אָרעמען אַלטן קליענט אָן וועלכער נישט איז באַצאָלונג און געפירט דעם פּראָצעס, ביזן נצחון. דער זקן איז באַזאָרגט געוואָרן, מ'זאָל אויף אים גוט אַכטונג געבן, אַזוי לאַנג ווי ער וועט לעבן...

זי האָט זיך דאַן איבערצייגט אין דער פאַלשקייט פון דער אַנטיסעמיטישער אַגיטאַציע, אַז יידן זענען אַ געלטפאָלק. זי איז געקומען צום באַשלוס, אַז זי מוז אָנהייבן דאָס ברענגען צו דער קריסטלעכער עפנטלעכקייט.

זי האָט גענומען קעמפן פאַר אמת, פאַר גערעכטיקייט און פאַר דעם ווילזיין פון אַלע בירגערס אין לאַנד. פריִער האָט זי אָנגעפירט דעם דאָזיקן קאַמף ביי איר אין לאַנד, אין עסטרייך, אָבער ס׳האָט לאַנג נישט גענומען און זי האָט אַריבערגעטראָגן איר קאַמף אויסער די גרענעצן און אַריינגעצויגן אין אים טויזנטער אַריער; זי האָט געפירט דעם קאַמף קעגן דעם ראַסנהאַס און קעגן דעם היטלעריסטישן האַקנקרייץ.

אין אַמעריקע איז אויף דער אַרענע פון קאַמף פאַר פרייהייט געווען די שרייבערין העריעט ביטשער סטאָו (1811־1896), איינע פון די פּאָפּולערסטע פרויען־פיגורן אין דער וועלט. פון איר הויז אין סינסינעטי האָט די דאָזיקע פרוי אויפגעהויבן דעם פרייהייטס־פאָן אין 1852, און ביז איר לעצטן טאָג, אָנגעפירט מיטן קאַמף קעגן קנעכטשאַפט.

איר ווערק „די הייזקע פון אָנקל טאָם״ האָט ממש אויפגערודערט מיליאָנען מענטשן אין דער וועלט.

זי שילדערט אויף אַן עכט קינסטלערישן אופן דאָס לעבן פון די שקלאַפן, די זינד פון שקלאַפעריי און זי האָט געהאַט גרויס השפּעה אינעם געראַנגל צווישן די צפונדיקע און דרומדיקע שטאַטן.

געבוירן אינעם קליינעם שטעטל אין ניו־ענגלאַנד, אין אַ פּראָטעסטאַנטישער משפּחה, האָט זי זיך אַ סך אָנגעלייענט און האָט נאָך מער נאָכגעטראַכט. אין עלטער פון 12 יאָר האָט מען אין שולע פאָרגעלייענט אירס אַ ווערק וועגן דער אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה...

ווי אירע ביאָגראַפן גיבן איבער, האָט זי שוין דאַן געשריבן און גערעדט וועגן זינד, וועגן גאווה, וועגן דעם פאַרברעכן פון האַלטן זיך גרויס — און וועגן גלייכהייט פאַר אַלע מענטשן.

נישט זייענדיק קיין גרויסע בריה אין הויזאַרבעט, האָט זי נאָך איר חתונה געמוזט אַריינגעמען אַ דינסטמיידל צו טאָן די באַלעבאַטישקייט און אָנפירן מיט דער הויז־ווירטשאַפט. ס׳האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז דאָס דינסטמיידל איז געווען אַ נעגערשע מיידל פון אַ שקלאַפן־הויז אין קענטאַקי.

מאַכט זיך אַ מאָל, דער באַלעבאָס פון דעם מיידל איז געקומען אין איר שטאָט. העריעט, מורא האָבנדיק, אַז אויב ער וועט זיך דערוויסן, אַז דאָס מיידל געפינט זיך דאָ, וועט ער זי פאָדערן צוריקגעבן זי צו אים... האָט זי באַשלאָסן מקיים צו

זיין דעם „לא תסגיר עבד אל אדוניו״ און נאָך די זעלביקע נאַכט, אַרויסגעפירט דאָס מיידל פון שטאָט און זי אויסבאַהאַלטן אין אַ דערבײַיאיקן דאָרף.

אין יענער צייט האָט זי פאַרטראַכט איר בוך „די הייזקע פון אַנקל טאָם״, וואָס האָט געהאַט אַזאַ דערפאָלג, אַז שוין אין ערשטן יאָר פון זיין דערשיינען, איז עס אַרויסגעגעבן געוואָרן אין 120 אויפלאַגעס און איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף דרײַ־און־צוואַנציק שפּראַכן.

העריעט איז אַזוי אַרום געוואָרן די טרעגערין פון די באַפרייונגס־אידעען אין דער וועלט, באַזונדערס פאַר דער באַפרייונג פון די נעגערס אין אַמעריקע.

יעקב גלאַטשטיין, שרייבנדיק וועגן „די הייזקע פון אַנקל טאָם״, זאָגט צוו״אַ:
„ס׳זענען פאַראַן ביכער, וואָס מען האָט געלייענט ווען מען איז געווען גאָר יונג און מען קען זיי קיין מאָל ניט פאַרגעסן... אַזאַ בוך איז געווען „אַנקל טאָמס קעבין״, וואָס כ׳האָב געלייענט אויף העברעיִש. כ׳האָב דעמאָלט געמוזט זיין אַ יאָר צען, אָבער כ׳געדענק נאָך די טרערן, וואָס כ׳האָב פאַרגאָסן, בעת כ׳האָב מיטגעלעבט די אַלע יסורים און דערנידערונגען פון דעם גרויסן צדיק — דעם פעטער טאָם...

„דאָס געשטאַלט פון דאָזיקן נעגערקנעכט, איז ביי מיר געווען איינס פון די שענסטע מענטשלעכע געשטאַלטן אין דער גאַלעריע פון גרויסע געסט, וואָס האָבן געהאַט השפּעה אויף דער וועלט״.

יעקב גלאַטשטיין שטעלט פאַר די גרויס פונעם ווערק, זיין באַטייט אין דער קעמפערישער פרייהייט־ליטעראַטור, דעם כּוח און טאַלאַנט פון דער שרייבערין העריעט ביטשער סטאָו.

„דאָס דאָזיקע ווערק — שרייבט ער — האָט צוגעגרייט די עמאַנציפּאַציע פון נעגערשקלאַף דורך לינקאָלן. ס׳איז נאָך אַזאַ ‚אַקטיוו׳ בוך נישט געשריבן געוואָרן; און דווקא דורך דער באַשאַפונג פון אַ פּאַסיוון העלד וואָס האָט געליטן און גע־שוויגן. גאַנץ אַמעריקע האָט געוויינט אויף דעם גורל פון דעם נאָבעלן יסורים־טרעגער און די טריט פון בירגער־קריג האָבן זיך גענומען הערן איבערן לאַנד״.

מיט אַזעלכע פּרעכטיקע ווערטער שילדערט דער דיכטער דאָס ווערק פון אַ פרוי, וועלכע האָט מיט איר וואָרט באַווירקט די רעוואָלוציע פאַר דער נעגער־באַפרייונג.

אַז מ׳רעדט שוין פון דער דאָזיקער פרוי־קעמפערין פאַר פרייהייט, איז כּדאַי צו דערמאָנען נאָך אַ מאָל די אַמעריקאַנערין וואָס האָט געקעמפט פאַר פרייהייט, כאָטש זי קען זיך נישט פאַרגלייכן מיט דער פריִערדיקער. די פרוי איז געווען דזשיין עדעמס, געבוירן אין 1860 אין דעם זעלביקן שטאָט פון וואַנעט ס׳איז געקומען דער גרויסער פּרעזידענט און נעגער־באַפרייער אייבערעהעם לינקאָלן (1865—1809) און וועלכע האָט געשטאַמט פון אַ משפּחה וואָס האָט זיך געשטעלט

אויף דער זייט פון לינקאָלן, אינעם קאַמף פאַר נעגער־באַפרייונג.

אַ קראַנקע און צעבראָכענע, זינט איר געבורט אין שטעטל סידערוויל, אילינאָי, האָט זי באַוויזן צו שטודירן אין אַ צאָל אוניווערסיטעטן אין אַמעריקע און אין אייראָפּע און נישט געקוקט דערויף וואָס זי האָט פאַרבראַכט צווישן דער אַריסטאָקראַטיע, האָט זי דערפילט אַ דראַנג צו גיין צו די מאַסן, צו די אָרעמע שיכטן און אָנגעהויבן איר ווילטעטיקע אַרבעט אין שיקאַגאָ ביים סוף פון פריִער־דיקן יאָרהונדערט. אַ דאַנק איר און אירע מיטהעלפערס, זענען אין שיקאַגאָ דורכ־געפירט געוואָרן אַ צאָל רעפאָרמען לטובת די אָרעמערע שיכטן. דער דאָזיקערביישפּיל איז נאָכגעפאָלגט געוואָרן אין אַנדערע שטעט.

אויף אַ באַשיידענעם אופן האָט זי אויפגעטאָן גאָר גרויסע זאַכן פאַר דער נעגער־באַפעלקערונג, פאַר דעם אַרבעטער און בכלל פאַר דער גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלע בירגער, די פרוי אַריינגערעכנט. זי האָט אָרגאַניזירט פרויען־קלובן איבערן לאַנד און פון זיי געשאַפן אַ נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע, וועמעס ציל איז געווען אויסצוקעמפן גלייכע רעכט פאַר דער פרוי.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז זי געוויילט געוואָרן אַלס פירערין פון דער פרויען־שלום־באַוועגונג און געווען דעלעגאַטין צו דער שלום־קאָנפערענץ נאָך דער מלחמה. אין 1931 האָט זי געקראָגן אַ טייל פון דעם נאָבעל־פּרייז פאַר פרידן. עטלעכע יאָר שפּעטער, אין 1934, אַ קורצע צייט פאַר איר טויט, האָט פרוי רוזוועלט, דאַן די „ערשטע ליידי אין אַמעריקע", געמאַכט אַ באַנקעט לכבוד דער 20־יאָריקער עקזיסטענץ פון דער דאָזיקער פרויען־אָרגאַניזאַציע און זיך אויסגעדריקט, אַז „ס'איז אַ גרויסע פּריווילעגיע צו לעבן אין איין צייט מיט אַזאַ מענטשן ווי דזשיין עדעמס".

דעם 21סטן מאַי, 1935, איז זי אויסגעגאַנגען, נאָך אַ לאַנגער קראַנקייט.

צו דער דאָזיקער ריי געהערט די פריִער דערמאָנטע נאָבעלע פרוי עלינאָר רוזוועלט, די פרוי פון פּרעזידענט פרענקלין דעלייננאָ רוזוועלט (יאַנואַר 30, 1882־אַפּריל 12, 1945). זי האָט פאַרמאָגט גרענעצלאָזע ליבע צו יעדן מענטשן, בפרט צום אונטערדריקטן. גאָר באַזונדערס, האָט זי זיך אויסגעצייכנט מיט אהבת ישׂראל, וואָס שליסט איין ביידע: פאָלק און לאַנד.

אַ שרייבערין, אַ כלל־טוערין, אַ פּאָליטישע פירערין, אַ רעדנערין — אויף אַלע געביטן האָט זי זיך אויסגעצייכנט און דעם טאַלאַנט אויסגענוצט לטובת דער מענטשהייט, זי איז געוואָרן די „ערשטע ליידי" אין דער וועלט.

פרוי רוזוועלט האָט געטאָן וואָס נאָר זי האָט געקענט צו העלפן די ווייניקער פּריווילעגירטע, זי האָט אַ סך בייגעטראָגן צו מאַכן די וועלט שענער און בעסער, און גאָר אַ סך כּוח אַוועקגעגעבן אינעם קאַמף קעגן מלחמה. אויפן הומאַניטאַרישן געביט איז זי געשטאַנען העכער פון איר מאַן!

ביזן לעצטן טאָג פון איר לעבן האָט זי פאַרנומען אַ פּראָמינענט אָרט אין דער קאָמיסיע פון די פאַראייניקטע פעלקער פאַר מענטשנרעכט און גלייכהייט.

ביזן לעצטן טאָג האָט זי געהאַט אַן אינטערעס אינעם בנין הארץ, געוואָלט וויסן וועגן פאָרשריט אינעם בוי פון דער ייִדישער מדינה. זי האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס פאַר דער יוגנט־עליה, אַרויסהעלפנדיק גאָר אַ סך דער „מאַמע“ פון „עלית הנוער“, הענריעטאַ סאָלד. זי איז געווען פון די געציילטע נישט־ייִדישע פרויען וואָס האָבן אַרויסגעוויזן אַ ליבשאַפט צו דער אַרבעט פון אַרויס־ראַטעווען יוגנטלעכע פון נאַצי־גיהנום און זיי העלפן זיך עטאַבלירן און אויס־וואַקסן גוטע ייִדישע בירגער אין מדינת ישׂראל.

אַ פרוי אַ כּלל־טוערין אין מערב־אייראָפּע איז געווען אַן אַנדערע הענריעטאַ, מיטן נאָמען גאָלדשמידט (מיידלשער נאָמען בענאַס), די פרוי פון לייפּציגער רב א. ס. גאָלדשמידט. זי איז געבוירן געוואָרן אין קראָטאָשין אין דער געגנט פון פּויזן אין 1825. זי איז געווען איינע פון די שענסטע ייִדישע פרויען־טיפּן אויפן געביט פון קאַמף פאַר פרויענרעכט, פאַר פרויען־בילדונג.

אין 1864 האָט זי זיך באַטייליקט אין דער גרינדונג פון דעם אַלגעמיינעם דייטשן פרויען־פאַראיין, וואָס זיין ציל איז געווען, מ׳זאָל צולאָזן פרויען צו דער עפנטלעכער פאַרזאָרגונג פון די אָרעמע, דאָס הייסט צו סאָציאַלער אַרבעט אין עפנטלעכן לעבן. זי איז אויך געווען צווישן די וואָס האָבן אַריינגעטראָגן אַ פּעטיציע, אַז פרויען זאָלן צוגעלאָזט ווערן צו שטודירן אויף די דייטשע אוניווער־סיטעטן. באַגאַבט מיט אַ סך קולטור און מיט גרויס אונטערנעמערישן גייסט, האָט זי גאָר אַ סך אויפגעטאָן פאַר פרויענרעכט, פאַר קינדער־דערציִונג, פאַר מיידלעך־שולעס אאַז״וו.

מאַדאַם גאָלדשמידט איז געשטאָרבן אין לייפּציג אין עלטער פון 95 יאָר.

צווישן די פרויען־אַקטיוויסטן פאַר שלום זענען געווען די ענגלענדערין וועראַ בריטעין (געשטאָרבן אין עלטער פון 75 יאָר, אַפּריל 1970) און די אַמעריקאַנערין אַננאַ לואיז סטראָנג (געשטאָרבן אין 1970, אין עלטער פון 84 יאָר),ביידע שריפט־שטעלערינס. ביידע זענען געווען געכאַפּט אין קאָמוניזם און ביידע האָבן פאַרלאָזט דעם קאָמוניזם.

מיט הונדערט יאָר צוריק איז געווען באַרימט די ענגלענדערין וואָס האָט די גרעסטע פאַרדינסטן, וואָס שייך העלדישקייט און איבערגעגעבנקייט צו ראַטע־ווען מענטשן, צו ראַטעווען קינדער. פלאָרענס נייטינגעל איז געווען איר נאָמען און וועגן איר האָבן מיר שוין געשריבן [3]. דאָ ביים פאַרענדיקן שרייבן וועגן דער ראָל פון דער פרוי אין קאַמף צו פאַרבעסערן מענטשלעך לעבן, איז כּדאַי צו דערמאָנען אירע אויפטוען. פלאָרענס נייטינגיילס (1910-1820) עלטערן זענען געווען גאָר רייכע מענטשן און האָבן באַרייזט איטאַליע בעת די מוטער איז געווען

אין די „הויכע חדשים״. ווען זיי זענען אָנגעקומען קיין פלאָרענץ, איז זי געבוירן געוואָרן און דעריבער האָבן זיי איר אַ נאָמען געגעבן פלאָרענס, צום אָנדענק פון זייער אָפּשטעלן זיך אין דער שענסטער שטאָט אין איטאַליע.

דערצויגן אין דער רייכער היים, האָבנדיק פון כּל־טוב, באַזיצנדיק העכערע בילדונג אַ דאַנק אירע לערערס אויף יעדן געביט, האָט זי אָבער פון קינדווייז אָן געהאַט אַ נטיה צו העלפן ליידנדיקע, נויט־באַדערפטיקע, איבערהויפּט קינדער. זי האָט פאַרמאָגט אַן אומגעהויערע ליבשאַפט צו קינדער.

ס׳איז נישט קיין וווּנדער, וואָס אין איר רייפקייט, באַזיצנדיק אַזוי פיל קענטעניש און נאָך אַזוי פיל נסיעות, האָט זי אָנשטאָט זיך פאַרנעמען מיט אַ לוקסוס־לעבן, ווי אַלע רייכע טעכטער, זיך גאָר אָפּגעגעבן מיט אַ גאַנץ אַנדערן אינטערעס: ווי אַזוי און מיט וואָס צו העלפן קראַנקע מענטשן.

מיט דער גרעסטער התמדה האָט זי זיך גענומען שטודירן די לערעס פאַר קראַנקן־שוועסטער („נוירסינג״). זי איז אַוועק קיין דייטשלאַנד, ווו די דאָזיקע לערע איז געווען שטאַרק אַנטוויקלט, און נאָכן צוריקקומען קיין ענגלאַנד, זיך אָפּגעגעבן מיט איינפירן אָט די דאָזיקע סאָציאַלע הילף. אין 1853 איז זי געוואָרן די אָנפירערין פון אַן אינסטיטוציע אין ענגלאַנד צו באַדינען שוואַכע פרויען און אַ יאָר שפּעטער, ווען ס׳איז אויסגעבראָכן דער רוסיש־טערקישער קריג און די רוסן האָבן פאַרכאַפּט די טעריטאָריע ביי קאָנסטאַנטינאָפּאָל און פראַנקרייך און ענגלאַנד זענען אַריין אין קריג צו העלפן טערקיי, האָט זי אַ סך געלייסטעט צו העלפן די פאַרווונדעטע אין די שלאַכטן. אין אָנהייב האָבן די ענגלענדער געזיגט, פאַרכאַפּט באַדן נאָך באַדן און געמיינט, אַז אַזוי וועט עס גיין, ביז רוסלאַנד וועט זיך אונטערגעבן. רוסלאַנד האָט אָבער אונטערגענומען אַ נייע אָפענסיווע, וואָס האָט געבראַכט אומצייליקע הרוגים און פאַרווונדעטע, וואָס האָבן זיך גע־נויטיקט אין האָספּיטאַליזאַציע און דערהאָלונג נאָך אָפּעראַציעס און אַנדערע סאָרטן היילונג.

פלאָרענס נייטינגייל האָט זיך אין גאַנצן איבערגעגעבן דער וויכטיקער אַרבעט פון ברענגען היילונג צו די פאַרווונדעטע און טרייסט צו די אָרעמיקע. זי איז שטאַרק געליבט געוואָרן פאַר איר אָנשטרענגונג. ווען זי איז צוריקגעקומען פון פראָנט, האָט זי זיך גענומען רעפאָרמירן די הייל־סיסטעמען אין די שפּיטאָלן, האָט געגרינדעט שולעס אויסצושולן קראַנקן־שוועסטער. אַ גרויסע צאָל פון אַזעלכע שולעס ווערן גערופן אויף איר נאָמען אין ענגלאַנד און אין די לענדער וואָס זענען פאַרבונדן מיטן פאַראייניקטן קעניגטום, און אויך אין אַנדערע לענדער.

אין ישׂראל האָט אויך געלעבט און געווירקט אַ פרוי, וועלכע האָט נאָכגע־פאָלגט, לויטן באַשיידענעם פאַרנעם פון דער דאָזיקער פלאָרענס און זיך מוסר־נפש געווען פאַר דער היילונג פון יִידישע און אַראַבישע קינדער, זיי אויסגעהיט פון מאַלאַריע און פון כל־מיני טראָפּישע חולאתן — און וועגן דעם ווייטער.

**ז. ביים יִידנטום אין באַגין און אין אונדזער תּקופה. — גאָלדע מאיר. — פרוי אין „נילי". — פּיאָנערן און בויערס.**

ווען מ'רעדט וועגן דער ראָל פון דער פרוי אינעם באַגין פון יִידנטום, האָט מען, פאַרשטייט זיך, אין זינען די אמהות; די זינגערין און נביאה מרים; די פלאַמיקע זינגערין, נביאה, סטראַטעגין און אָרגאַניזאַטאָרין דבורה; די נביאה און פּאָליטישע פירערין חולדה און נאָך זיי — אַ צאָל גרויסע נעמען אין דער יִידישער און וועלט־געשיכטע.

אין מיין פריִערדיק ווערק, האָב איך שוין דערמאָנט וועגן דער גרויסקייט פון דער מוטער שׂרה, וועגן די נביאות פון מרים; די פרוי וואָס האָט זוכה געווען צו אַ מיתה בנשיקה, וואָס גאָר ווייניק מענער האָבן זוכה געווען [1] און איך האָב אויסגערעכנט אַ צאָל קעניגינס ביים ערשטן און צווייטן בית־המקדש, נישט בלויז די וועלכע האָבן ווי ווייבער פון קעניגן געהאַט גרויס איינפלוס אין לאַנד־פירונג, נאָר אַזעלכע וועלכע האָבן געקעניגט, נישט געקוקט אויף דעם דרש „מלך — ולא מלכּה; איש ולא אשה" [2].

אין צייט פון ערשטן בית־המקדש האָבן מיר עתליה, די ווייב פון יהורם, וועלכע האָט געקעניגט זיבן יאָר [3] און אין צייט פון צווייטן בית־המקדש — אלכּסנדרה שלומציון (שלום־ציון) — די ווייב פון ינאי המלך, שוועסטער פון שמעון בן שטח, וועלכע האָט, ווי אַלע גיבן צו, געפירט די מלוכה מיט חכמה און מיט טאַקט, אָנצוהאַלטן דעם שלום אין לאַנד.

ווי עס זעט אויס, זענען די פּרושים געווען צופרידן צו האָבן זי אויף דער כּסא המלוכה און פאַרקוקט אויף דעם דרש „מלך ולא מלכּה"... בעלי הלכה מאַטערן זיך מיט דער פראַגע, זוכן צו פאַרענטפערן די דאָזיקע שטעלונג, צי דאָס איז געווען הוראת שעה, צי צוליב אַנדערע, פאַר אונדז אומבאַקאַנטע, סיבות [4]. מעגלעך, אַז די דעמאָלטיקע באַדינגונגען האָבן עס געצוווּנגען די דאָזיקע ליבע־ראַלע שטעלונג צו אַ פרוי אין פירערשאַפט, אין מלכות, ראש־המלוכה.

מ'דאַרף אָבער נישט גיין אַזוי ווייט. ווי אייניקע פאָרשערס [5] באַהויפּטן, אַז אין יענער עפּאָכע איז אָנגענומען געוואָרן אַ נייער צוגאַנג צו דעם פּראָבלעם: די פרוי און אירע רעכט און מ'האָט איינגעשטימט צו אַ געוויסער רעוויזיע אין דער

קאָנצעפּציע, אָדער מ׳האָט לחלוטין בטל געמאַכט דעם פּריִערדיקן דרש „מלך ולא מלכה״; מ׳האָט איינגעזען, אַז נאָר אין די פריִערדיקע דורות האָט מען דער פרוי נישט געגעבן די געהעריקע רעכט און פּריווילעגיעס. די דאָזיקע פאָרשערס גיבן צו, אַז דער גאַנצער דרש איז אָפּגעפרעגט. זייער אייגענע מיינונג איז, אַז אין דער תורה ווערט געזאָגט בלשון זכר: מלך אָדער ביי עדות שנים, עדים...[6], ווייל די פרוי האָט מיט טויזנטער יאָרן צוריק, אונטערן פּאַטריאַרכאַלן סיסטעם, נישט באַטייליקט זיך אין דער געזעלשאַפטלעכקייט.

מ׳קען זיך פאַרלאָזן אויף די חכמי התלמוד און אויף די בעלי השולחן ערוך און אויף זייערע אָנגעגעבענע מאָטיוון, צוליב וואָס ס׳איז געשריבן בלשון זכר — און ווי אייניקע פאַרענטפערן, דעם פאַקט וואָס שלומציון האָט געקענט קעניגן, ווייל ירושה־מאָנונג האָבן יאָ די פרויען...[7] — אָבער מיר ווילן זיך דאָ נישט אַריינלאָזן אין אַזאַ קאָמפּליצירטן הלכה־ענין.

ס׳איז אויך כדאי צו באַמערקן, אַז דעם פּשוטן — און שטאַרק פּאָפּולערן זאָג — „נשים דעתן קלות״, אַז פרויען זענען לייכטזיניק, קאָנען בלויז לייכטזיניקע מענער אָננעמען ווי אַ דבר פּשוט.

דער דאָזיקער דין שווימט אַרויף בעתן לערנען די ערשטע משנה אין חולין — און ביים ממשיך זיין צו לערנען די דינים פון שחיטה.

אויף דער משנה „הכל שוחטין״ קאָמענטירט תוספות — „אפילו נשים שוחטות לכתחילה״, אַז פרויען איז דערלויבט צו זיין שוחטים, אויב זיי האָבן זיך אויסגע־לערנט די דינים און זענען קוואַליפיצירט. תוספות ברענגט אָבער פון „הלכות ארץ ישראל״, אַז פרויען זאָלן נישט האָבן די רעכט צו זיין שוחטות, אפילו ווען מ׳האָט זיי אויסגעלערנט און עקזאַמינירט זייער וויסן און פעיִקייטן, ווייל „דעתן קלות״. תוספות ווענדט אָפּ דעם הלכות ארץ ישראל, שטעלט זיך איַין פאַר פרויען־רעכט.

דער רא״ש (רבנו אשר בן יחיאל, 1250־1327), ווי איינער פון די אויטאָרי־טאַטיווע פּוסקים, פאָלגט נאָך די דאָזיקע מיינונג[8] און פירט אויס: „ואותו חכם שכתב הלכות ארץ ישראל כתב חומרות מדעתו״. ביי אים, איז עס אַ דבר פשוט „דנשים ישחטו״...

דער בית יוסף (ר׳ יוסף קארו) שטעלט פעסט די דאָזיקע מיינונג, אָבער שוין נישט אַזוי פּשוט. ער ציטירט פון ספר האגור וועגן אַ מינהג פרויען זאָלן נישט שעכטן... און האַלט, „לא ראינו אינו ראיה״ — און אַזוי פּסקנט ער[9] — אָבער דער רמ״א, ברענגט יאָ דעם דאָזיקן מינהג. ער האַלט, אַז דער מחבר פון ספר האגור האָט יאָ געזען אַזאַ מינהג — און דער רמ״א באַרעכטיקט דעם מינהג „שאין הנשים שוחטות״.

ווי מפרשים גיבן צו, איז ביים „בית יוסף" געמיינט געוואָרן, אַז די לייכט־זיניקייט ביי דער פרוי צו שעכטן, איז צוליב „דרכן להתעלף", ווען אַ פרוי דערזעט בלוט, פאַרחלשט זי און זי וועט נישט קענען וויסן, צי די שחיטה איז געווען לויט דער פינקטלעכקייט פון די דינים. דעריבער, אויב די פרוי זאָגט, זי איז זיכער אַז זי האָט זיך נישט געשראָקן, האָט נישט קיין עמאָציאָנעלע ווייכקייט און אַ פאַכמאַן — אַ שוחט — האָט זי געזען, וועט די שחיטה זיין כשר[10].

דערפון איז צו דרינגען, אַז דער „דעתן קלות" איז אַ רעלאַטיווער ענין.

דער היסטאָרישער פאַקט, וואָס קאָן תמיד דינען ווי אַ פרעצעדענט איז אומאָפּפרעגבאַר. אלכסנדרה שלום ציון (אָדער שלומית), די ייִדישע קעניגין אין די יאָרן 76־67 פק"ר, איבערנעמענדיק די מלוכה נאָכן טויט פון איר מאַן אלכסנדר ינאַי, האָט צופרידנגעשטעלט די חכמים פון איר דור. זי האָט געמאַכט אַ ראַדי־קאַלע ענדערונג, אָפּגעשטופּט אָן אַ זייט די צדוקים־אַריסטאָקראַטן און העלעניס־טיש־באַאיינפלוסטע און זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די פרושים. איר תקופה ווערט אין תלמוד פאַרגעשטעלט ווי די אידעאַלע תקופה אין דער געשיכטע פון בית שני און פון דער חשמונאים־דינאַסטיע.

ס'ווערט דערציילט אין תלמוד [11], אַז אין צייט פון שמעון בן שטח און שלומית המלכה זענען רעגנס געפאַלן נאָר פרייטיק צו נאַכטס, ווען מען אַרבעט נישט אויף די פעלדער. ווייצקערנער זענען געווען גרויס ווי נירן, גערשטקערנער ווי אייל־בירטן און לינדזן — ווי גאָלדענע דינרים און אַלץ אין איר זכות...

ביי די היסטאָריקערס ווערט שלומציון גערופן שלומית אלכסנדרה (139־67 פק"ר). זי איז געווען די טאָכטער פון שטח און די פרוי פון אריסטובולוס דעם ערשטן. נאָכן טויט פון איר מאַן אַריסטובולוס (103 פק"ר), האָט זי באַפרייט זיינע דריי ברידער, וואָס אריסטובולוס האָט געהאַלטן אין אַרעסט. דער עלטערער, יונתן, האָט זי מייבם געווען, ווייל דער ברודער האָט נישט געלאָזט קיין קינדער. ער האָט צוגעגעבן צו זיין נאָמען יונתן־ינאַי, נאָך דעם גריכישן נאָמען אלכסנדר. אלכסנדר ינאַי איז נישט בעסער געווען פונעם ברודער. אויך ער האָט געשטיצט די צדוקים און באַקעמפט די פרושים. אַ דאַנק דער שלומית, אָדער שלומציון, איז איר ברודער שמעון אָפּגעראַטעוועט געוואָרן. זי האָט אים אויסבאַהאַלטן, געהאָלפן אַנטלויפן פון לאַנד [12].

ס'ווייזט אָבער אויס, אַז פאַרן טויט האָט ער חרטה געהאַט אויף זיינע מעשים. ער האָט געלערנט שלומיתן, נישט מורא צו האָבן פאַר די פרושים און נישט פון די וועלכע זענען נישט פון די פרושים, נאָר זיך אויסהיטן פון די פאַלשע, פון די פאַרשטעלטע: „אל תתיראו לא מן הפרושין ולא ממי שאינן פרושין, אלא מן הצבועין שדומין לפרושין, שמעשיהן כמעשה זמרי ומבקשין שכר כפינחס" [13].

פאַר זיין טויט האָט ער געהייסן, אַז זיין ווייב, די קלוגע און איידעלע שלומית, זאָל ווערן קעניגין. אין די ניין, אָדער זיבן יאָר, וואָס זי האָט געקעניגט, האָט זי צוריקגעשטעלט דעם סנהדרין, באַשטימט איר ברודער שמעון און זיין חבר יהודה בן טבאי, אַלס הויפּט פונעם סנהדרין און אין לאַנד האָט געהערשט שלום און שפע: „ירדו גשמים בלילי רביעיות ובלילי שבתות...״ [14]

שלומציונס ברודער, שמעון בן שטח, ווערט איבערגעגעבן, איז געווען דער הייסטער קנאותדיקסטער קעגן די צדוקים און ער האָט זיי פאַרטריבן פון דעם סנהדרין און זיך באַוויזן אַלס גרויסער דערציִער [15]. וועגן אים ווערט געזאָגט: והי׳ העולם משתומם, עד שבא המנהיג היחידי שנשאר לפליטה... שהחזיר את התורה ליושנה״ [16].

נאָך שמעון בן שטח, איז געוואָרן נשיא הלל הבבלי. ער האָט אויפגעשטעלט די גרויסע פאָלקס-באַוועגונג פרושים און זוכה געווען, אַז ביז אַרום יאָר 350 נאָכן חורבן, זאָלן זיינע קינדער זיין די הויפּט פון סנהדרין. וועגן הללן ווערט געזאָגט: „וכן הי׳ הלל עושה כל ימיו עד שהיה מכניסם תחת כנפי שמים״ [17].

און נישט בלויז אַ יידישע קעניגין איז אַזוי שטאַרק געלויבט געוואָרן. איך האָב שוין איבערגעגעבן וועגן דעם רעספּעקט וואָס חכמי התלמוד האָבן אַרויסגעוויזן צו הילני (העלענאַ) המלכה, די פרוי פון מונבז דעם ערשטן און מוטער פון מונבז דעם צווייטן פון דער קליינער אָבער רייכער מלוכה הדייב. זי האָט געלעבט מיט אַ הונדערט יאָר שפּעטער (געשטאָרבן 14 יאָר פאַרן חורבן; 56 לויט דער קריסט. רעכענונג).

וועגן איר זענען דאָ חלוקי דעות ווער זי איז געווען.

ווי פלאַוויוס גיט איבער, איז זי געווען אַ גריכישע טאָכטער און שוועסטער פון איר מאַן און זי האָט זיך מגייר געווען 26 יאָר פאַר איר טויט [18]. לויט רש״י [19] האָט זי אָפּגעשטאַמט פון די חשמונאים און איז געווען אַ גוטהאַרציקע. אין צייט פון הונגער אין ירושלים, האָט זי געבראַכט תבואה פון אלכסנדריה של מצרים, טייטלען פון קפריסין (ציפּערן-אינדזל) און צעטיילט צווישן אָרעמעלייט.

דער מדרש [20] דערציילט, אַז אויך איר מאַן, מונבז (מאָנבאַז) דער ערשטער, איז געווען אַ גוט-האַרציקער און ווערט גערעכנט צווישן די צען קעניגן וועלכע האָבן זיך מגייר געווען. די מלוכה הדייב (האַדיאַב) אָדער אַדיאַבען, ווי זי ווערט גערופן, האָט זיך געפונען אין ארם נהרים און ס׳ווערט דערציילט, אַז נאָך דעם ווי ער האָט זיך מגייר געווען, האָט ער אַוועקגעשענקט זיינע אוצרות פאַר צדקה [21]. זיין ווייב הילני — ווערט דערציילט — האָט געשענקט אַ גאָלדענעם הענגלייכטער (נברשת) צום בית-המקדש און אים אויפגעהאָנגען ביי דער טיר פון היכל, ווען די זון האָט אויפגעשיינט זענען אַרויס פייערדיקע שפּריצן „ניצוצות״, האָבן אַלע

געוווסט אַז ס׳איז שוין צייט צו זאָגן קריאת שמע. זי האָט אויך געמאַכט אַ גאָלדענעם טאָוול „טבלה של זהב״ אויף וועלכן ס׳איז געווען אויפגעשריבן די פרשת סוטה[22].

די חכמי התלמוד האָבן אַרויסגעוויזן גרויס רעספּעקט דער דאָזיקער פּרוי און איבערגעגעבן איינצלהייטן פון איר לעבן און אויפפירונג.

ווען איר זון (זוטוס) — ווערט דערציילט — איז געגאַנגען אין מלחמה, האָט זי אַ נדר געטאָן, זי זאָל זיין אַ נזירה פאַר זיבן יאָר, אַז ער וועט אַהיימקומען בשלום און ווען ער האָט זיך אומגעקערט, האָט זי מקיים געווען איר נדר, געגאַנגען קיין ארץ־ישראל און די בית שמאי האָבן איר געלערנט, זי זאָל פראַווען נזירות נאָך זיבן יאָר... האָט זי זיי אויסגעפאָלגט. ביים פאַרענדיקן דעם צווייטן ציקל פון זיבן יאָר, איז זי טמא געוואָרן און גענומען אויף זיך ציילן נאָך זיבן יאָר — צוזאַמען איז זי געווען, לויטן דאָזיקן חשבון, אין נזירות 21 יאָר. ר׳ יהודה זאָגט, אַז זי איז געווען בלויז 14 יאָר אין נזירות[23].

ווי אַזוי זי איז געקומען צום ייִדנטום, ווערט נישט גענוי איבערגעגעבן. מיר געפינען אָבער גענוג ביאָגראַפישן מאַטעריאַל וועגן איר אין מדרשים, אין תלמוד בבלי און אין תלמוד ירושלמי[24] אַז מ׳קען האָבן אַ באַגריף וועגן איר איידלקייט, וועגן איר קלוגשאַפט, וועגן איר פילאַנטראָפּישקייט. אין האַדאַיעב, ווערט איבערגעגעבן, האָבן געוווינט ייִדן און זי האָט זיך דורך זיי באַקענט מיט דער ייִדישער אמונה, וואָס איז איר געפעלן געוואָרן און דעריבער איז זי געוואָרן אַ פולשטענדיקע גרטע.

זי האָט אויסגעבויט אַ סוכה אין לוד. לויט ווי עס גייט איבער ר׳ יהודה איז די סוכה געווען העכער פון צוואַנציק איילן („יותר מעשׂרים אמה״) און די חכמים האָבן איר גאָרנישט געזאָגט, זאָל דאָס זיין אַ באַווייז אַז אַ סוכה גבוה מעשׂרים אמה כשרה?[25] ס׳ווערט דאָרט אויך איבערגעגעבן, אַז זי האָט געהאַט זיבן זין (אַלע איז געגאַנגען לויטן מספר זיבן) און זי האָט אַלץ געטאָן לויט די רייד פון די חכמים — „וכל מעשׂיה עשׂתה על־פי חכמים...״

נאָך איר טויט האָט איר זון מונבז זי געבראַכט קיין ירושלים צו קבורה, אויפן אָרט, וואָס זי האָט זיך ביים לעבן צוגעגרייט אויף צפון־זייט פון דער הייליקער שטאָט. דאָס אָרט איז היינט באַקאַנט אַלס „קברות המלכים״.

און אַז מיר גיבן אַ שפּרינג אַריבער אַ צווי טויזנט יאָר — צווי מילעניוס — וואָס זעען מיר?

אינדיע — די האַלב ביליאָניקע מדינה אין אַזיע איז אַ לאַנגע צייט רעגירט געווען פון אַ פרוי: אינדיראַ גאַנדי. זי האָט געפירט און געוווּנען מלחמות; איז געווען זייער שטרענג צו אירע מיליאָנען און צו די שכנותדיקע מיליאָנען

מענטשן, זיך געפירט דיקטאַטאָריש ביי זיך אין לאַנד. ביז זי האָט זיך געמוזט אונטערגעבן דעם ווילן פון פאָלק און זיך אָפּזאָגן פון איר הערשאַפט.

ציילאָן איז באַהערשט געוואָרן פון אַ פרוי־דיקטאַטאָרשע וואָס וויסט נישט פון קיין צערטלעכע מאַנירן, נאָר פירט ביד־חזקה, באַשטראָפט אכזריותדיק אירע פּאָליטישע קעגנערס.

די פאַראייניקטע פעלקער־אָרגאַניזאַציע האָט שוין געהאַט אַ צאָל פרויען פּרעזידענטינס: עליזאַבעט ברוקס פון ליבעריע; ווידזשאַיאַ פּאַנדיט פון אינדיע, די פריִער דערמאָנטע און אַנדערע. די אָריענטאַלישע פרוי האָט זיך עמאַנציפּירט צוזאַמען מיט דער פרייהייט פון זייערע לענדער אין אַזיע און אין אַפריקע.

אין דער נאַציאָנאַליסטישער פאָרמאָזאַ־כינע, איז עס געווען די מאַדאַם טשאַן־קאַי־שעק — די דינאַמישע פּערזענלעכקייט, וואָס האָט געהאָלפן שטעלן דעם ווידערשטאַנד דער קאָמוניסטישער כינע. אין דרום־וויעטנאַם איז עס געווען מאַדאַם נגאָ דין נו די „טראַן לעקסואַן״, וואָס מיינט „דער שיינער פרילינג״, וועלכע האָט אַ צאָל יאָרן אָנגעפירט מיט דער רעגירונג — און אַזוי אַ צאָל פרויען אין אַנדערע לענדער, אַריינגערעכנט ענגלאַנד, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט דער פּאָליטיק פון זייערע לענדער.

און אין ישׂראל?

אין ישׂראל איז די פרוי באַלד פון אָנהייב געווען אַ גלייכע שותּפטע אינעם בוי פון דער מדינה[26]. וועגן איר ראָל האָבן מיר שוין אָנגעוויזן און האָבן זיך אויך ספּעציעל אָפּגעשטעלט אויף גאָלדע מאירס אָרט אין דער אַנטוויקלונג פון לאַנד.

מיר וואָלטן געדאַרפט געבן אַ רשימה פון אַ צאָל פרויען וואָס האָבן זיך מקריב געווען, געוויזן אומגעווייגלעכע העלדישקייט, סיי אין אָפענע און באַהאַל־טענע קאַמפּס־מעטאָדן, סיי ווי פּיאָנערן אין דער באַנייטער תּקופה פון בנין הארץ, באַלד נאָך דער חובבי־ציון־עפּאָכע.

גרויס העלדישקייט און קרבנות־גרייטקייט אין קאַמף פאַר דער פּאָליטישער פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט פון ישׂראל האָבן פרויען אַרויסגעוויזן אין דער „נילי״־ (נצח ישׂראל לא ישקר) באַוועגונג און גאָר באַזונדערס שׂרה רבקה אהרונסאָן[27]. נישט בלויז איז זי נישט אָפּגעשטאַנען מיט איר העלדישקייט, פון די מענער, נאָר אין קריטישע מאָמענטן, אין שווערע סיטואַציעס אַרויסגעוויזן מער העלדישקייט: אויסגעפירט שליחותן, מיט דער גרעסטער הערצ׳ישקייט.

שׂרה רבקה איז געפייניקט געוואָרן מיט די גרעסטע עינויים אַרויסצוגעבן נעמען, אויסצוזאָגן סודות פון דער דאָזיקער געוואַגטער אונטערגרונט־באַוועגונג, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן קעגן דער טערקישער רעגירונג, אינעם קאַמף פאַר אַ

זעלבשטענדיקער יידישער מדינה. זי האָט זיך נישט אונטערגעגעבן: זיך אַרויס־געגאַרט פון דער פּאָליציי, באַגאַנגען זעלבסטמאָרד און קיינעם נישט אַרויסגעגעבן.

אַ פרוי אַן אומגעווײנלעכע שײנקייט, איז זי געווען אַ ריז צווישן ריזן מיט איר העלדישקייט אין די יאָרן (1918־1896) וואָס די באַוועגונג איז געווען טעטיק, בעת די גרופּע האָט זיך פאַרמאָסטן קעגן די יעניקע וואָס האָבן געוואָלט שטערן דער שאַפונג פון אַ יידנשטאַט.

נאָך איר טויט (אָקטאָבער 1917) האָט אַ שרייבער געשילדערט דעם טרויעריק־טראַגישן מאָמענט פון איר באַערדיקונג: „כשהורידו את גופתה וכיסוה ברגבי אדמה, נתקשרו השמים בעננים והיורה ניתך ארצה".

שׂרה אהרונסאָן איז געבוירן געוואָרן אין זכרון יעקב, י"ד טבת, תר"נ — יאַנואַר 6, 1890. אין 1914 האָט זי חתונה געהאַט מיט אַ גאָר רייכן ייִדן פון בולגאַריע. זי האָט געקענט לעבן אין רייכטום, זיין גליקלעך... האָט זי אויפגע־לייזט איר חתונה און גאָר חתונה געהאַט מיט דער באַוועגונג, וואָס האָט געוואָלט האָבן אַ פרייע, אומאָפּהענגיקע ייִדישע מדינה און באַצאָלט מיט איר לעבן, נאָך ניין טעג פייניקונג און שרעקלעכע יסורים, דורך נוצן דעם רעוואָלווער איבער זיך (אָקטאָבער 9, 1917).

אין דער מאָדערנער צייט האָבן מיר געהאַט קעמפערינס פאַר דער ייִדישער מדינה און פאַר דער רעטונג פונעם שארית־הפליטה, אַזעלכע ווי חנה סענעש [28], חביבה רייק [29] און פיל־פיל אַנדערע.

## הערות

### א

1 „באַציונג צו אַרבעט און אַרבעטער" (צווייי בענד); „באַציונג צו דער פרוי" (צווייי בענד); זע אויך,
Geraldine Stern, Daughters from Afar

2 וועגן דעם אינעם ווערק פון דער סאָציאָלאָגין ריטאַ סיימאָן, „טודעיס ווימען אין קריים" — די היינטיקע פרויען אין פאַרברעכן.

3 דברים, י"ז, ט"ו.

4 אין מיין ווערק "באַציונג צו דער פרוי" — אויספירלעך.
וועגן דער פרוי ביי אַנדערע פעלקער, האָבן מיר אַ גאָר רייכע ליטעראַטור. וועגן דער קאַנאַדער פרוי איז מיט אַ צייט צוריק דערשינען אַן אַנטאָלאָגיש ווערק
Women in Canada, edited by Marlyee Stephenson, New Press, 1973
וואָס איז שטאַרק געלויבט געוואָרן. אין 1933, איז אין שיקאַגאָ דערשינען אַ קאָמפּי־לאַציע א"נ „פיר הונדערט באַדייטנדיקע פרויען אין דער וועלט".

5 זע, אור המזרח, תשל״ד, ז״ז 130-166 — מגילת אסתר און חשיבות פון דער פרוי.
6 סוטה, כ״ב, ע״ב.
7 תענית, כ״ה, ע״א.
8 זע, Time, July 15, 1974, pp. 19—49.
9 רעדאַגירט פון י. ש. הערץ, ערשטער באַנד, ניו-יאָרק, 1956; צווייטער באַנד, 1956; דריטער באַנד, 1968.
10 צו לאַנג און אומצייליק איז די רשימה פון אומגעקומענע אויפן מאָדערנעם מאַרטירער-וועג — און דער לייענער וועט זיך מוזן נעמען די טרחא און לייענען די ווערק אין וועלכע ס׳ווערן אָפּגעגעבן רשימות.
11 פיר בענד, רעדאַקטירט פון אַ רעדאַקציע-קאָלעגיע און צוגעגרייט צום דרוק — י. ש. הערץ: ערשטער באַנד, ניו-יאָרק, 1960; צווייטער באַנד, ניו-יאָרק, 1962; דריטער באַנד — 1966 און פערטער באַנד — 1972.
12 זע, ד. שוב, סאָציאַלע דענקער און קעמפער, באַנד 2.
13 זע, אַב. קאַהאַן, בלעטער פון מיין לעבן; ד. שוב, באַנד 2, ז״ז 65-80.
14 ד. שוב, דאָרט, ז״ז 115; 164-165.
15 דאָרט, דאָרט, ז׳ 87.
16 לעקסיקאָן, יידישע שרייבער, ה׳, ז״ז 29-30.
17 געשיכטע פון בונד, באַנד 4, ז׳ 319.
18 אַרן יערוסאָלימסקי, סאָוועטיש היימלאַנד, פעברואַר 1972, ז״ז 168-169.
19 איבערגעזעצט אין העברעיש.
20 צוקונפט, יאַנואַר 1974. ווי מ׳גיט איבער, איז זי באַשולדיקט געוואָרן אין „שוידער-לעכן קאָסמאָפּאָליטיזם״, וואָס הייסט יידישקייט· מ׳האָט זי נישט דערשאָסן, ווייל מ׳האָט זיך געניויטיקט אין איר וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. מען האָט זי פאַרמשפּט אויף 25 יאָר פאַרשיקונג. נאָך סטאַלינס טויט האָט מען זי באַפרייט. זי האָט געקענט פֿיזיק, אויסער יידיש און רוסיש, אויך פראַנצויזיש און ענגליש.
21 זונטיק, אַפּריל 14, 1974.
22 ליעסין, זכרונות, ל. מ. שטיין, פאָלקס-ביבליאָטעק ביים אַלוועלטלעכן יידישן קולטור-קאָנגרעס, ז״ז 275-280.

## ב

1 באַנד 2, קאַפּ. „די פרוי אין קאַמף פאַר אידעאַלן״, ז״ז 615-642.
2 דאָרט, ז׳ 634.
3 אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי״, באַנד 2, ז׳ 633.
4 דאָרט, ז׳ 419.
5 דאָרט, ז״ז 351-352.
6 פאַרעפנטלעכט אין „הדואר״, י״א טבת, תשכ״א·
7 וועגן איר השפעה אין אירע אַמבאַסאַדאָרישע יאָרן אין סאָוועט-רוסלאַנד, זע, „זיין״, מערץ, 1971 — צוזאַמענטרעף מיט פרוי מאַלאַטאָוו; אויך אין גאָלדע מאירס בוך: „מיין לעבן״.
8 „אַלגעמיינער זשורנאַל, פרייטיק, אַפּריל 19, 1974.
9 זע, ח. ש. קאַזשדאַן, געשיכטע פון יידישן שולוועזן אין אומאָפּהענגיקן פּוילן, אַרויס-געגעבן דורך „קולטור און הילף״, מעקסיקע, 1942, ז״ז 492-494; 449-501; אין „יובל-בוך״, ת״ת „עץ חיים״, האָב איך געווידמעט אַ צאָל זייטן די 93 העלדינס, ווי דער לעצטער דאָקומענט פון קדושה-טויט פון בית-יעקב-שילערינס אין קראָקאָ.
10 זע, אַב. קאַהאַן, בלעטער פון מיין לעבן, פינפטער באַנד, ניו-יאָרק, 1931, ז״ז 11-16 — אינטערעסאַנטע פּרטים פון „טרייענגל-פייער״: בערל בוים, אין זיין בוך זכרונות,

„געקניפט און געבונדן", 1961, שילדערט דעם סיסטעם פון „שוויצאַרבעט" אין דער פירמע, „טרייענגל וועיסט קאָמפּאַני" און באַשרייבט דעם גרויל פונעם שרעקלעכן פייער אין 1911, וואָס האָט געמאַכט אויפציטערן דאָס ליבעראַלע אַמעריקע.

11 „באַציונג צו דער פרוי", צווייי בענד, בוענאָס-איירעס, 1968-1969.

## ג

1 געגנוג צו דערמאָנען די ווערק פון פיאָדאָר גלאַדקאָוו, אַלעקסאַנדער מאַלישקין, וואַלענטין קאַטאַיעוו און אַנד.

2 זע, זשאַן דניאַל, אידישער קעמפּער, דעצעמבער 30, 1966.

3 אין זיין ווערק, „אַ באַזוך אין סאָוועט-רוסלאַנד", איינדרוקן און באַגעגענישן, פאַרלאַג „אַרבעטער רינג", ניו-יאָרק, 1962, ז"ז 18, 40-41, 53-60.

4 דאָרט, באריכות.

5 פרויען צווישן דער סאָוועטישער עליטע, „דער וועקער", ניו-יאָרק, אָקטאָבער 1964; די סאָוועטישע פרוי, „פרייע אַרבעטער שטימע", יולי 1, 1965.

6 ביבליאָטעקאַרין אין דער היסטאָריע-ביבליאָטעק, אין מאָסקווע — אין איר אַרטיקל אין „נאָווי מיר", נומ' 64, 7 (פאַרעפנטלעכט אין יידיש-איבערזעצונג.

אויטענטיש מאַטעריאַל וועגן דעם גורל פון דער סאָוועטישער פרוי אין אַלע פאַזן פון דער סאָוועטישער געזעלשאַפט, קען דער לייענער געפינען אין די אַרטיקלען, דער-שינען אין אַ צאָל לשונות, פון ראָבערט קייזער, קאָרעספּאָנדענט פון „וואַשינגטאָן פּאָסט" אין ראַטנפאַרבאַנד.

## ד

1 „באַציונג צום פרעמדן" און „באַציונג צו דער פרוי" — צוויי בענד.

2 זע, „המאור", רבנישער חודש-זשורנאַל, כסלו-טבת, תשל"ג, וועגן „מהפכין מזכר לנקבה או להיפך" — אינטערעסאַנטע רבנישע שאלה ותשובה...

3 ס'ליגט פאַר מיר דאָס נאָר-וואָס דערשינענע ווערק אַרויסגעגעבן פון דער קאַנאַדער פעדעראַלער רעגירונג א"נ „פרויען אין אַרבעט-כוח"

Women in the Labour Force, Facts and Figures, 1973 edition, Information Canada, Ottawa, 1974. Sylvia M. Gelber director.

אַ גאָר וויכטיקע שטודיע. לויט דער סטאַטיסטיק, וואָס איז אָנגעגעבן אינעם בוך, האָט זיך די צאָל אַרבעטנדיקע פרויען אין קאַנאַדע שטאַרק פאַרגרעסערט. 1,681,000 פאַר-הייראַטע פרויען פאַרנעמען אַרבעט-פּאָזיציעס אין לאַנד. מיר וועלן זיך נאָך אומקערן צו דער דאָזיקער טעמע. דאָ ווילן מיר צוגעבן, אַז די דירעקטאָרשע פון דער פרויען-ביוראָ אין קאַנאַדע, סילוואַ מ. געלבער, איז די טאָכטער פון אַ גאָר פּראָמינענטער יידישער משפחה ביי אונדז אין טאָראָנטאָ. אירע ברידער פאַרנעמען וויכטיקע פּאָזיציעס אין קאַנאַדע און אויסער קאַנאַדע; זיי זענען שרייבערס, ראַבינערס, קולטור-טוערס און בכלל פירנדיקע עסקנים.

ווי עס ווייזן אַ צאָל פאָרשונגען, פאַרעפנטלעכט אין די אויסגאַבעס פון דער אָרגאַני-זאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער (אונאָ — יו-ען), זענען כמעט 50 פּראָצענט פרויען באַשעפטיקט, אַ צאָל פון זיי אין וויכטיקע אַמטן. אַ געוויסער סאָרט דיסקרי-מינאַציע הערשט נאָך אַלץ.

4 אין קאַנאַדע איז לעצטנס באַשטעטיקט געוואָרן אין אָנטאַריאָ און אין אַנדערע פּראָווינצן די רעכט פון אַ פרוי צום מאַנס אייגנטום, אין פאַל פון אַ שיידונג, אַ גט. דער אַקט וועגן גטן, איז אויך רעפאָרמירט געוואָרן לטובת דער פרוי.
5 מיר האָבן שוין וועגן דעם געשריבן. זע אויך, דאַווידאָוויטש, שולן אין דייטשלאַנד, א׳, ז׳ 311.
6 „באַציונג צו דער פרוי״ — באריכות.
7 י. י. גרינוואַלד, לתולדות הריפורמציון און אין אַנדערע ספרים.

## ה

1 געשריבן ביי אַנדערע געלעגנהייטן, אויך אין „באַציונג צו דער פרוי״.
2 סוטה, י״א, ע״ב; במדבר רבה, ג׳, ד׳.
3 שמות, י״ט, ג׳; שבת, פ״ו, ע״א.
4 דאָרט, ל״ה, כ״ב; זע, רש״י און אבן עזרא, אַז דאָס מיינט מיט די פרויען „כמו עם...״ און מפרשים — צדקת הנשים שהסכימו ליתן תכשיטיהן.. האנשים פרקו נזמי הזהב לעשות את העגל... אבל הנשים לא רצו ליתן תכשיטיהן במעשה העגל... ר׳ שלמה אפרים מלינטשיץ, כלי יקר.
5 „באַציונג צו דער פרוי״ — איןביידע בענד.

## ו

1 אין קהילה-פנקסים, באַזונדערס די הונדערטער ווערק, דערשינען נאָך דעם צווייטן וועלט-קריג, ווערן דערמאָנט אומצייליקע פרויען העלדינס וועלכע האָבן זיך איינגעטיילט אינעם קאַמף קעגן נאַציזם, געווירקט אויף דער אַרישער זייט, זיך באַטייליקט ביים אָנפירן מיט אַקציעס קעגן די רוצחים, אָרגאַניזירט פּאַרטיזאַנען-קעמפער און אָנגעפירט מיט דעם העלדישן וואַרשעווער געטאָ-אויפשטאַנד.
מער וועגן פרויען-אָנטייל אין רעוואָלוציעס — אין מיינע ווערק: „באַציונג צו אַרבעט און אַרבעטער״, צווייטער באַנד און אין — „באַציונג צו דער פרוי״.
2 פאַרעפנטלעכט אין דער פילאַדעלפיער „יידישער וועלט״, 19טן דעצעמבער, 1933 און אין אַנדערע צייטונגען.
3 „באַציונג צו דער פרוי״, באַנד 2, ז״ז 639-640.

## ז

1 אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי״ — באריכות.
זע, ר״ב עפשטיין, הגדה של פסח, ז״ז ל״ז-ל״ח, נאָכבאַמערקונג „דבר עם הנשים בענינים הנוגעים לכל האומה״ — אַז בלויז וועגן כלל-זאַכן האָט דער רבונו-של-עולם גערעדט מיט פרויען...
די דאָזיקע מיינונג איז אָפּפרעגבאַר — אָבער דאָס גייט נישט אַריין אין אונדזער תחום.
2 ספרי, שופטים, י״ז, ט״ו א״אַ מקומות. ס׳האָט צו טאָן מיטן מאָטיוו „דרכו של איש לכבש ולא דרכה של אשה״ — און ענלעכע טעמים.
3 מלכים, ב׳, י״א.

4 זי האָט געפירט ביד רמה, צוריקגעבראַכט איר ברודער, אים געגעבן פולמאַכט צוריק-געשטעלט דאָס סנהדרין און נאָך אַ צאָל תקנות לטובת די פרושים. וועגן שמעון בן שטח און זיין שוועסטער: שבת, ט״ז, ע״ב; קדושין, ס״ו, ע״א; מגילת תענית, י׳, ו׳; ויקרא רבה, ה׳; ל״ה, „בימי שמעון בן שטח ושלמצה המלכה...״
5 זע, הרב שלמה דוד גולדפרב, זרמים ורמזים, הדואר, גליון ל״ו, י׳ אלול, תש״ל; צבי מתיסון, הדואר, תשרי, גליון ל״ט, תשל״א.
6 דברים, י״ט, ט״ו.
7 זע, ר״מ בלומענפעלד, אור עולם, ל״ז, ע״ב.
8 ער דריקט זיך אויס: „ואין הש״ס שלנו סובר בן״.
9 שלחן ערוך יו״ד, א׳, א׳.
10 אין שמלה חדשה, תבואות שור, ווערט געזאָגט:
„מעיקר הדין נשים כאנשים לענין שחיטה, אבל כבר נהגו במדינות אלו שאין הנשים שוחטות... כי דרך נשים להיות מורך בלבבם וחיישינן שתתעלף...״ אויב אָבער מ׳האָט געזען, אַז זי האָט געשחטן כדין און זי זאָגט „ברי לי שלא נתעלפתי — שחיטתה כשרה״ די מורא איז בלויז „שדרכן להתעלף״, ווי דער בית יוסף זאָגט.
11 תענית, כ״ג, ע״א; ספרא בחוקות א׳, „מעשה בימי שמעון בן שטח, בימי שלמצו המלכה״...
12 זע, א. היימאַן, תולדות תנאים ואמוראים, ג׳, ז״ז 1216-1212.
13 סוטה, כ״ב, ע״ב.
14 ברכות, ירושלמי, ז׳, ב׳; בבלי, ברכות, מ״ה, ע״א; ירושלמי, נזיר ה׳, ג׳; סנהדרין ט׳, ע״א.
15 ירושלמי, סנהדרין, פרק ו׳; כתובות, ח׳; מגילת תענית, ח׳.
16 קדושין, מ״ו, ע״א.
17 זע, אָבות דרבי נתן, ב׳, כ״ב.
18 יוסיפוס, קדמוניות, ס״ב, פ״ב, א׳.
19 בבא בתרא, י״א, ע״א.
20 בראשית רבה, מ״ו.
21 ב״ב, דאָרט.
22 יומא, ל״ז, ע״ב; תוס׳ דאָרט.
23 משנה און גמרא, נזיר, י״ט, ע״ב.
24 בראשית רבה, ל״ז; ירושלמי, מגילה, א׳, ט׳; בבלי, שבת, קכ״א, ע״ב; מו״ק, כ״ח, ע״א; בבא בתרא, כ״ו, ע״ב.
זע אויך, ה. גרעץ, דברי ימי ישראל, חלק ב׳, ז׳ 46.
25 סוכה, ב׳, ע״ב.
26 זע אינטערעסאַנט ווערק פון אדה מימון,
Ada Maimon, (Fishman), Women Build a Land.
27 זע, נילי, נצח ישראל לא ישקר (שמואל א׳, ט״ו, כ״ט) תולדותיה של העזה מדינית, העורך הראשי, אליעזר ליבנה, הוצאת שוקן, ירושלים ותל-אביב, תשכ״א.
28 וועגן איר אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי״, באַנד צוויי.
29 אלי שדמי, „בלי למצוא ובלי להכנע״, חייה ושליחותה של חביבה רייק, הוצאת מורשת, וספרית פועלים, תשל״ה.

קאַפּיטל פופצן

# אין דער וויסנשאַפֿט און אין דער ליטעראַטור

**א. מאַדאַם קורי און איר טאָכטער. — די פּוילישע פרוי וואָס האָט דערפונדן ראַדיום. — אַטאָם-וויסנ-שאַפטלערין. — פרויען-בייטראָג צו וויסנשאַפט.**

אין זיין פופצן־בענדיק ווערק וועגן די ליכטיקע פערזענלעכקייטן אין דער מענטשלעכער גע־שיכטע, ווידעמט דזשאָן לאָרד אַ ספּעציעלן באַנד „גרויסע פרויען״ [1] — און די רשימה איז ווייט נישט אויסגעשעפּט. אַ גאַנצע ריי גאָר באַרימטע פרויען זענען נישט אַריין אינעם רייסטער: צוליב שכחה, צוליב דעם וואָס ער האָט ווייניק געוווּסט וועגן זיי, אָדער צוליב אַנדערע טעמים.

אין לאָרדס רשימה געפינען מיר צוו״אַ: מאַדאַם דע סטאַעל (1769־1821); דזשאָרדזש סאַנד (1804־1876); אַננאַ לואיז באַראַנעדי (1766־1817); מאַדאַם דע סעוויני (1626־1696); דזשאָרדזש עליאָט (1819־1880), מאַריאַן עוואַנס ווי איר אמתער נאָמען איז געווען (און לויטן פאַרהייראַטן נאָמען מרס. דזשאָן וו. קראָס) — די אַלע פאַרנעמען אַ גרויס אָרט אין דער פראַנצויזישער און ענגלישער ליטע־ראַטור.

ס׳איז אַוודאי נישט אונדזער אויפגאַבע צו מאַכן אַ רשימה פון פרויען־ליטע־ראַטינס. מיר וועלן פאַרצייכענען בלויז אַ צאָל, פאַר אונדז באַקאַנטע נעמען, פרויען וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין ליטעראַרישן און וויסנשאַפטלעכן שאַפן. מיר ווילן איבערגעבן בקיצור וועגן אייניקע פרויען, וועלכע האָבן זיך דערהויבן צו די העכסטע הייכן פון וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען; פרויען וועלכע האָבן איבערגעלאָזט גרויסע ווערק, אַ דאַנק וועלכע די וויסנשאַפט האָט גאָר אַ סך פּראָגרעסירט.

אַ גרויסע צאָל פון פרויען ליטעראַטינס און וויסנשאַפטלערס האָבן מיר שוין געגעבן אין פריִערדיקן ווערק „באַציִונג צו דער פרוי״ און איבערחזרן איז נישט נייטיק, ווייל אַ פולע רשימה איז אוממעגלעך צוזאַמענצושטעלן.

די פרוי איז באַטייליקט אין כמעט אַלע וויסנשאַפטן פון מענטשנס דער־קענטעניש. זי פאַרנעמט אַ גרויס אָרט אין זאָאָלאָגיע, נאַטור־וויסנשאַפטן; אין מאַטעמאַטיק און אין כעמיע; אין אַסטראָנאָמיע און אין פילאָסאָפיע; אין מעדיצין און אין ביאָלאָגיע — אין אַקאַדעמיש אַבסטראַקטער און קאָנקרעט פּראַקטישער וויסנשאַפט, די פלי־טעכניק אַריינגערעכנט. אַמיליאַ ערהאַרדט (פּרוי ג. פּ. פּונטאַם, 1937־1898) איז געווען די ערשטע אַמעריקאַנער פרוי אַריבערצופליִען דעם אַטלאַנ־טיק (יוני 1928) און פלאַנירט אַ וועלט־פלי...

מיר האָבן אַ פרוי אַן אַסטראָנאַוטין, די רוסישע העלדישע פרוי וואַלענטינאַ טערעשקאָוואַ, וועלכע האָט געפירט אַ ליבע אין די הויכע ספערן. זינט דעם „צעפּע־לין״־דערפּאָלג, זוכן פרויען נאָכצוטאָן די מענער — און דאָס, נישט אין סתם אַ פלי מיט אַן עראָפּלאַן, נאָר אין אַלע אַוואַנסירטע הייכן, אַריבער די אָרביטן און אינעם געיעג צו דער לבנה.

מיר וואָלטן דאָ געדאַרפט לכל־הפּחות געבן אַ צאָל נעמען אויף דעם רייסטער פון פרויען וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אויף די אַלע געביטן. מיר מוזן זיך אָבער באַגרענעצן און בלויז געבן אַ כאַראַקטער־פאַרצייכענונג פון אַ פרוי, וואָס איז גרויס געווען אויפן געביט פון מעדיצין און כעמיע — אַ פרוי וואָס האָט געוווּנען צוויי מאָל די נאָבעל־פּרעמיע — מאַדאַם קירי.

מאַריאַ סקלאָדאָווסקאַ (1934־1867), ווי איר מיידלשער נאָמען איז געווען, האָט געשטאַמט פון פּוילן, ווו זי האָט געלעבט ביזן עלטער פון 22 יאָר. פון וואַרשע איז זי אַוועק קיין פּאַריז, ווו זי האָט זיך פאַרפולקאָמט אין אירע שטודיעס און דאָרט געלעבט עטלעכע און פערציק יאָר אַלס מאַדאַם קירי (איר מאַנס, פּיער קירי 1906־1859 נאָמען). זי איז אָבער תּמיד געבליבן די פּוילישע פּאַטריאָטין. אַפילו נאָך דעם, ווי זי איז געוואָרן אַ וועלט־בירגערין, די גרעסטע פרוי אין איר צייט און איינע פון די גרעסטע אין אַלע צייטן, איז זי אַלץ געבליבן געטריי איר געבוירן־לאַנד.

די לעבנס־געשיכטע פון מאַריאַ סקלאָדאָווסקאַ־קירי לייענט זיך ווי דער שענסטער און אינטערעסאַנטסטער ראָמאַן; יונג און אַלט ווערן פאַרכאַפּט פון די דראַמאַטישע מאָמענטן אין איר לעבן. זי איז די איינציקע פּערזאָן, נישט בלויז איינציקע פרוי, וואָס האָט געוווּנען צוויי מאָל דעם נאָבעל־פּרייז: אין 1903 (געטיילט די פּרעמיע מיט איר מאַן) און אין 1911, גענומען אַליין די פּרעמיע.

נישט געקוקט אויף איר גרויסן דערפּאָלג און אומגעהויערע דערגרייכונגען, איז זי דאָך געבליבן די עניוותדיקע, ווייבלעכע און מוטערלעכע פרוי. די באַרימט־קייט האָט איר נישט געשטערט צו בלייבן מענטשלעך און איר גרויסקייט האָט נישט געשאַדט איר פאַמיליאַרישקייט. נישט דאָס רייכטום, נישט די גאָלדענע מעדאַלן,

נישט די צענדליקער טיטלען — דאָס אַלץ האָט נישט געענדערט איר כאַראַקטער. דאָס איז געווײס געווען איינע פֿון די סיבות וואָס זי איז אַזוי באַליבט געווען.

ווי אירע ביאָגראַפֿן גיבן איבער [2] איז די ליבשאַפֿט, וואָס זי האָט געקראָגן, געווען נישט בלויז צוליב איר ראַדיום־דערפֿינדונג, נאָר אַ סך מער דערפֿון: זי האָט באַצויבערט מיט איר באַשיידנקייט און מיטלייד צו יעדן געליטענעם. אַ דאַנק איר דערפֿינדן דאָס היילמיטל, איז זי אַריין אין דער ריי פֿון די אומשטערבלעכע בויערס און באַגרינדערס פֿון דער פֿיזיק־וויסנשאַפֿט, אין דער ריי פֿון אַזעלכע נעמען, ווי ניוטאָן, קאָפּערניק, גאַלילײ, איינשטיין און אַנדערע.

עס איז ממש צו באַוווּנדערן ווי אַזוי אַ פֿרוי, אַן אָרעמע אימיגראַנטין, אַ געקומענע פֿון דער אונטערדריקטער פּוילן אין דער פֿרייער פֿראַנקרייך, דערגרייכט אַזוי הויך אין אַ רעלאַטיוו קורצער צייט, און ווערט די ערשטע פֿרוי וואָס באַקומט די נאָבעל־פּרעמיע. זי האָט שנעל אויסגעפֿונען איינעם פֿון די סודות פֿון דער וויסנשאַפֿט — דעם ראַדיום־מאַטעריאַל און מיליאָנען מענטשן ווערן קורירט, געראַטעוועט פֿון דער ראַק־ (קאַנסער) קראַנקייט. דורך איר דערפֿינדונג האָט די מעדיצין געקענט מאַכן דעם קאָלאָסאַלן פֿאָרשריט אין היילן מענטשן פֿון דער דאָזיקער געפֿערלעכער מחלה.

מאַריאַ סקלאָדאָווסקאַ־קירי איז געבוירן געוואָרן דעם 7טן נאָוועמבער 1867 אין פּוילנס הויפּטשטאָט, אין דער תּקופֿה פֿון דער גרעסטער אונטערדריקונג פֿון פּוילישן פֿאָלק. אירע עלטערן, אָפּשטאַמיקע פֿון אַ פֿיינער אַריסטאָקראַטישער פֿאַמיליע, האָבן מיטגעמאַכט די אייזערנע הערשאַפֿט פֿון די רוסישע צאַרן.

איר פֿאָטער איז געווען פּראָפֿעסאָר אין פֿיזיק, אָבער אַזוי פֿיל געליטן פֿון זיינע רוסישע הערשערס, אַז פֿון זיינע שׂכירות האָט ער נישט געקענט אויסהאַלטן זיין פֿאַמיליע. זיין געהאַלט איז געווען רעדוצירט צו אַ הונגער־לוין און אַלס רעזולטאַט האָבן זיך ביי דער פֿאַמיליע אַריינגעכאַפּט קראַנקייטן. פֿריִער איז איר עלטסטע שוועסטער געשטאָרבן, נאָך דעם איר מוטער און זי איז געבליבן אַ יתומה אין עלטער פֿון צען יאָר. דער פֿאָטער האָט אָבער געזען צו טאָן אַלצדינג, זי זאָל קענען גיין אין שולע און לערנען — און געלערנט האָט זי מיט גרויס פֿלייס. אין 1883 האָט זי גראַדויִרט מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל.

זיי האָבן אָבער דורכגעמאַכט אַ שווער לעבן. זי האָט געמוזט צוהעלפֿן דעם פֿאָטער און געווען באַשעפֿטיקט ביי פֿאַרשיידענע מלאכות. אַ צייט איז זי געווען ביי אירע קרובים אין אַ דאָרף ביי וואַרשע. דער סוף איז געווען, אַז אַן עלטערע שוועסטער וואָס האָט זיך שוין געפֿונען אין פּאַריז האָט זי געבראַכט קיין פּאַריז און איר געהאָלפֿן אַריינטרעטן אין סאָרבאָן־אוניווערסיטעט, אויפֿן וויסנשאַפֿטלעכן פֿאַקולטעט. דאָס איז געווען אין יולי 1893, ווען זי איז שוין אַלט געווען 24 יאָר.

אין דער סאָרבאָן האָט זי באַלד זיך באַוויזן מיט איר פלייס און איז שטאַרק געפעלן געוואָרן די פּראָפעסאָרן. איינער פון די נאָענטסטע, וואָס האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט איר, איז געווען אַ דאָקטאָרס אַ זון, פּיער קירי. די קאָנט־שאַפט האָט געבראַכט רעזולטאַטן: דעם 26סטן יולי 1895, האָט מאַריאַ סקלאָדאָווסקאַ חתונה געהאַט מיטן דאָזיקן פראַנצויז.ביידע צוזאַמען האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט אין שטודיע און אין לאַבאָראַטאָריע, און געגאַנגען פון איין דערגרייכונג צו דער אַנדערער, ביז זיי האָבן אין יולי 1898, דערפונדן אַן עלעמענט, וואָס זיי האָבן גערופן פּאָלאָניום (לכבוד איר געבוירן־לאַנד) און מיט עטלעכע חדשים שפּעטער אַן אַנדער עלעמענט, גערופן ראַדיום — אַ מיטל צו היילן מענטשן פון געוויסע קראַנקייטן. דאָס האָט געשאַפן אַ רעוואָלוציע אין דער מעדיצינישער פאָרשונג און ס'איז געבוירן געוואָרן אַ נייע אינדוסטריע.

פאַרשטייט זיך, אַז עס איז נישט אונדזער באַרוף צו געבן אַ פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע אָפּהאַנדלונג וועגן ראַדיום, אַפילו נישט אָנמערקן אויפן באַטייט פון אָט דעם היילמיטל, פאַר וועלכן די דערפינדערין האָט געקראָגן דעם נאָבעל־פּרייז אין 1903, מיט די שענסטע ווערטער פון לויב פאַר איר דערפינדונג.

אין 1911 האָט זי געקראָגן צום צווייטן מאָל די נאָבעל־פּרעמיע פאַר אירע ווייטערדיקע אָנשטרענגונגען און וויסנשאַפטלעכער דערגרייכונג. אין פּאַריז איז דעמאָלט געגרינדעט געוואָרן אַ ראַדיום־אינסטיטוט אויף איר נאָמען, אונטער דער אויפזיכט פון דער סאָרבאָן־אוניווערסיטעט פון דעם לואי־ פּאַסטער־אינס־טיטוט.

אינטערעסאַנט איז, וואָס נישט געקוקט אויף איר אָנגעשטרענגטער אַרבעט אין די לאַבאָראַטאָריעס און אין די אוניווערסיטעטן, האָט זי באַוויזן צו פירן אַ היים, געהאַט צוויי טעכטער און זיי דערצויגן אויפן בעסטן אופן. די צוויי טעכטער האָבן זייער אייגענעם רום, די ערשטע, אירען, אַלס פיזיקערין און די צווייטע עוואַ, אַלס פּיאַניסטין און שרייבערין.

אין דער צייט פון קריג האָט פרוי קירי בלב ונפש זיך אָפּגעגעבן מיט ראַטעווען פאַרוווּנדעטע סאָלדאַטן. נאָך דער מלחמה האָט זי גענומען העלפן דאָס ניַיע פּוילן.

אין 1920, אין עלטער פון 54 יאָר, איז זי צוזאַמען מיט אירע טעכטער געקומען אין אַמעריקע — און איז אויפגענומען געוואָרן מיטן גרעסטן ענטוזיאַזם. זי איז געוואָרן שטאַרק אויסגעמאַטערט פון די אויפטריטן ביי פאַרזאַמלונגען און באַנקעטן, אַז זי האָט געמוזט זיך איַילן אַהיים. זי איז נאָך דעם נאָך אַ מאָל געקומען אין אַמעריקע, שאַפן אַ סומע צו קענען קויפן אַ גראַם ראַדיום פאַר פּוילן, ווו ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַן אינסטיטוט אויף איר נאָמען. דאָס געלט האָט זי לייכט געשאַפן.

אין סאַמע מיטן פון איר אַרבעט איז זי געפאַלן אַ קרבן פון אַנעמיע, וואָס זי האָט געקראָגן, ווי דאָקטוירים האָבן געזאָגט, צוליב איר לאַנג-יאָריקער באַשעפ־טיקונג מיט ראַדיום. איר נאָמען איז אָבער געבליבן אייביק אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. אַלע האָבן צוגעגעבן, אַז זי, מאַדאַם קירי, איז געגאַנגען אַ ביסל ווייטער, ווי בלויז דערגרייכן דאָס אויסגלייכן זיך מיט די מענער.

ווי געזאָגט, האָט זי געהאַט גרויס נחת פון אירע טעכטער: איינע (עוואַ, געבוירן אין 1904) איז געוואָרן אַ באַוווסטע שרייבערין, זשורנאַליסטין און עסיי־איסטין. זי האָט אָנגעשריבן די ביאָגראַפיע פון איר מוטער (1937) און פון די לעצטע וועדק, איז איר „נסיעה צווישן קעמפערס" (1943) אַ בוך, וואָס איז בשעתו געווען שטאַרק פּאָפּולער.

די צווייטע, אירען זשאַליאָ־קירי האָט, ווי איר מוטער, געטיילט מיט איר מאַן די נאָבעל־פּרעמיע פון 1935 פאַר כעמישע פאָרשונגען. אויף איר האָט מען געזאָגט, דאָס באַקאַנטע פּויליש ווערטל: „יאַקאַ מאַטקאַ טאַקאַ צורקאַ", אָדער ווי דאָס איז געזאָגט געוואָרן אין תלמודישן טערמין: „כאמה כך בתה"... זי איז נאָכגעגאַנגען דער מוטער מיט פלייס און וויסן — און מיט דערגרייכונגען.

דאָס פּוילישע פאָלק, די פּוילישע אינטעלעקטואַלן און אַקאַדעמיקער גרויסן זיך מיט דער גרויסער טאָכטער פון פּוילן, מאַריאַ סקלאָדאָווסקאַ־קירי, וועלכע האָט מיט אירע וויסנשאַפטלעכע אויפטועןן פאַרלייגט די יסודות פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט, טעכניק און אַטאָמיסטיק.

ס'איז כדאי צו ווידמען אַ טייל פון אָט דעם פּרק דער פרוי וועלכע האָט באַאייַנפלוסט אַלפרעד נאָבעל, צו שענקען זיין פאַרמעגן פאַר דער נאָבעל־פּרעמיע און דעם באַדייט פון דעם נאָבעל־פּרייז, פאַר דעם פאָרשריט פון וויסנשאַפט און פון ליטעראַטור.

אַלפרעד נאָבעל (1833—1896) דער מאַן וואָס האָט געמאַכט פאַרמעגנס פון דערפינדן אויפרייס־ און עקספּלאָדירנדיקע מאַטעריאַלן, איז געוואָרן דער מאַן פון שלום־פּרייזן און פון געבן אָנערקענונג צו מענטשן וואָס האָבן באַרייכערט די וועלט מיט וויסן און מיט קונסט. ער האָט געשאַפן דעם אַ"ג „נאָבעל־פאָנד" אין אָסלאָ — שטאָקהאָלם.

ווי זיינע ביאָגראַפן גיבן איבער, איז ער באַאייַנפלוסט געוואָרן דורך אַ פרוי, בערטאַ פאָן זוטנער, אַן עסטרייכערין פון אַדעליקן אָפּשטאַם, די טאָכטער פון מאַרשאַל גראַף פראַנץ קינסקי. צו 33 יאָר איז בערטאַ געוואָרן די סעקרעטאַרין פון דעם 43־יאָריקן אַלפרעד נאָבעל און אַלס אַזעלכע, האָט זי באַאייַנפלוסט דעם דינאַמיט־שאַפער, ער זאָל ווערן אַ גרויסער הומאַניטאַרער.

נאָך איר חתונה מיטן זשורנאַליסט אַרטור פאָן זוטנער, הייבט בערטאַ אויך אָן צו שרייבן און פאַרעפנטלעכט אַ צאָל נאָוועלן. אין 1889 פאַרעפנטלעכט זי דאָס

בוך „די וואָפּען נידער״, אין וועלכן זי שילדערט די גרוילן און דעם פּאַרברעך פון קריג און אַפּעלירט אַ סוף צו מאַכן צום דאָזיקן טויטשפּיל. דאָס בוך איז איבער־געזעצט געוואָרן אין 12 שפּראַכן און געמאַכט וועלט באַרימט די אויטאָרין.

אַלפרעד נאָבעל איז אויך באַגייסטערט געוואָרן פונעם בוך. ווען זי האָט אים איינגעלאַדן צו דער שלום־קאָנפערענץ אין בערן, שווייץ, האָט ער איר גאַרנישט געוואָלט צוזאָגן, אָבער געקומען „אינקאָגניטאָ״ און אויפן אָרט איר צוגעזאָגט, צו טאָן עפּעס גרויסעס.

אַהיימקומענדיק האָט ער אָנגעהאַלטן די כסדרדיקע קאָרעספּאָנדענץ, זי רופנ־דיק „טייערע, איידעלע שוועסטער״. אין זיין לעצטן בריוו אין 1896 האָט ער איר געשריבן, אַז ער איז זייער צופרידן, וואָס די שלום־באַוועגונג האַלט אין איין וואַקסן... אַ פּאָר חדשים שפּעטער איז ער געשטאָרבן און אין זיין צוואה איז געווען דער נאָבעל־פאָנד פאַרן מענטשלעכן פּראָגרעס.

די ערשטע נאָבעל־פּרייז־געווינערס זענען געווען דער שווייצער אָנרי דינאָן (וואָס האָט געשאַפן דעם אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ) און דער פראַנצויזישער פּאַציפיסט פרעדעריק פּאַסי. אין דאַנקבריוו צום קאָמיטעט דערמאָנט איינער פון זיי דעם פאַקט, אַז די גרעפין זוטנער איז געווען די וועלכע האָט באַאיינפלוסט דעם מיליאָנער־דערפינדער צו גרינדן דעם נאָבעל־פּרייז. אין דער אמתן האָט זיך נאָבעל אויך באַראַטן מיט זיינע יועצים און זיי האָבן אים געהייסן אויף אַזאַ אופן פאַר־אייביקן זיין נאָמען. אגב האָט ער ווייט נישט אויסגענוצט זיין פאַרמעגן פאַר דעם צוועק און בלויז אַ קליינעם טייל איבערגעלאָזט פאַרן דאָזיקן פאָנד. נאָבעלס צוואָה זאָגט, אַז יעדעס יאָר זאָלן פאַרטיילט ווערן פינף פּרעמיעס אין דער סומע פון 60 טויזנט דאָלער — אָדער די סומע צעטיילן צווישן צווי געווינערס. די פינף געביטן נעמען אַרום: אויסצייכענונג פאַר ברענגען שלום; אויסצייכענונג אין ליטעראַטור, פיזיק, כעמיע און מעדיצין. די פּרעמיעס דאַרפן צוגעטיילט ווערן מענטשן אויף דער גאַנצער וועלט, אָן אונטערשייד פון ראַסע, רעליגיע, נאַציאָנאַליטעט. די סומעס זענען באַזירט בלויז אויף דעם פּראָצענט פון דער מיליאָנען־ירושה. דאָס קרן בלייבט ליגן אין דער קאַסע פון דער שוועדישער רעגירונג, אונטער וועמעס קאָנטראָל דאָס געלט געפינט זיך.

דעם 10טן דעצעמבער, 1905, איז דער נאָבעל־פּרייז פאַר שלום צוגעטיילט געוואָרן צו דער גרעפין בערטאַ פאָן זוטנער.

די פרוי פאַרנעמט, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אַן אָנגעזען אָרט אין דער וויסנשאַפט. ס׳זענען דאָ פרויען, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן פלייס, ערודיציע און חידוש אין וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונגען און פאָרשונגען.

איינע אַזאַ פרוי איז געווען ליזאַ מיטנער (1878—1968), וועלכע איז טיטולירט געוואָרן די „מוטער״ פון דער אַטאָם־ענערגיע. אַזוי ווי אַלבערט איינשטיין, דער

פּאַטער פון דער רעלאַטיוויטעט-טעאָריע און אַטאָם-וויסנשאַפט, איז זי אויך פון ייִדישן אָפּשטאַם, האָט געמאַכט איר התחלה אין וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען אין עסטרייך-דייטשלאַנד און איז געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן איר געבורטלאַנד. זי האָט זיך געראַטעוועט אין 1938 פונעם נאַצי-רעזשים, אַריבער די גרענעץ קיין האָלאַנד, פון דאָרט קיין דענעמאַרק, נאָך דעם זיך באַזעצט אין שוועדן און פאַרענדיקט אין ענגלאַנד.

ליזאַ מיטנער האָט געווינט 20 יאָר אין שטאָקהאָלם, געאַרבעט אין דער לאַבאָראַטאָריע פון באַרימטן דייטשן וויסנשאַפטסמאַן און נאָבעל פּרייז-געווינער ד״ר דאַן. דאָ האָט זי אַנטוויקלט איר פאָרשונג וועגן דער אַטאָם-שפּאַלטונג.

ווען זי האָט זיך דערוווּסט, אַז אַמעריקע האָט געוואָרפן די אַטאָם-באָמבע (אין אויגוסט 1945) אויף הירואָשימאַ, האָט זי אויפגעציטערט און פאַרעפנטלעכט איר דערקלערונג, אַז זי האָט נישט געאַרבעט איבער דער מעגלעכקייט צו פּראָדוצירן אַ טויטגעווער. דאָס איז געטאָן געוואָרן דורך די קריגסטעכניקערס. איר ציל איז געווען צו נוצן אַטאָמישע ענערגיע פאַר שלום-צוועקן, פאַר דעם וווּיל פון דער מענטשהייט.

אין אירע זכרונות האָט זי דערציילט, אַז איר אינטערעס אין אַטאָם און וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג האָט זי געקראָגן נאָך דעם ווי זי האָט געלייענט, אַז פּיער און מאַרי קירי האָבן אין יאָר 1902 אַנטדעקט דעם ראַדיום. זי האָט זיך דאַן גענומען פאָרשן די פאָרם פון אוראַניום און די קינעטישע ענערגיע, וואָס קען פון אים אַרויסגעצויגן ווערן.

ביי אַזעלכע פרויען, פאַלט מסתמא אַוועק דער כּלל „נשים דעתן קלות״.

**ב. פרויען נביאות — מלומדות אין דער תּלמוד-תּקופה. — אין וועלטלעכן און אין ייִדישן וויסן. — דערציִערינס פון קינדער און דערוואַקסענע. — פון גאולה-געזאַנג ביז געטאָ-ליד. — אומאויסשעפּלעכע טעמע.**

אין מיין ווערק „באַציִונג צו דער פרוי״, האָב איך זיך באַמיט צו געבן אַ טיילווייזע רשימה פון פרויען דיכטערינס, דערציילערינס, פאָרשערינס, אויב נישט קיין פּעדאַנטיש-פּינקטלעכע, זאָל זיין אַ צופעליקע, מערסטנס, לויטן זכרון פון לייענען און שרייבן וועגן פרויען-שרייבערינס אין העברעיִש און ייִדיש.

איך האָב זיך אויך נישט פאַרמאָסטן, ווי איסי בן יהודה, וואָס האָט אויסגערעכנט די שבחים פון די חכמים אין זיין דור [1], נאָר בלויז דערמאָנט אַ צאָל פאָרשטייערינס פון דער פרויען-יצירה אין דער וויסנשאַפט און

ליטעראַטור. איך האָב דערמאָנט נעמען, בכדי מ׳זאָל האָבן אַ באַגריף וועגן דער פרויס צושטייער צו דער קולטור, ליטעראַטור און ציוויליזאַציע, זינט בראשית ביז אונדזערע טעג.

צוליבן שלימות העניין, ווילט זיך אויף אַ גאָר בקיצורדיקן און סומירנדיקן אופן, צוגעבן וואָס עס לאָזט זיך, אין דער איצטיקער דערגענץ־אַרבעט.

מיר האָבן אָנגעוויזן וועגן דער פרויס דערגרייכונגען אויף אַלע געביטן; מיר האָבן אָנגעוויזן, אַז די פרוי האָט ממש דערגרייכט צו אַלע הייכן אין גייסטרייכקייט און טאַלענטירטקייט, אַז זי איז לגמרי נישט הינטערשטעליק לגבי דעם מאַן. מיר האָבן געגעבן אַ רשימה פון פרויען נביאות, פרויען פירערינס אין דער תנ״כי־שער און נאָך־תנ״כישער תקופה. מיר האָבן אויסגערעכנט אַ צאָל פרויען מלומדות אין דער תלמודישער תקופה: ברוריה, די טאָכטער פון רבי חנינא (חנניה) בן תרדיון (איינער פון די עשרה הרוגי מלכות), ווייב פון רבי מאיר; ניסאָ — מוטער פון רבי יהודה הנשיא; ילתאָ — פרוי פון רב נחמן; מיר האָבן דערמאָנט די טעכטער פון רב חסדאָ, די מוטער אָדער דערציִערין פון אביי און נאָך אַ סך אַנדערע. מיר האָבן דערמאָנט די שפחה („אמתיה״) ביי רבי יהודה הנשיא, אַ גרויסע מלומדת, אַ קענערין פון לשון הקודש, די חכמים האָבן פון דער דאָזיקער דינסט געלערנט עברית — לשון הקודש [2]. ס׳ווערט אויך דערמאָנט, אַז די דינסט פון רבן גמליאל, איז געווען אַ געלערנטע [3]. וועגן זיין עבד וועמען ער האָט אַרויסגעוויזן אַ געוואַלטיקע התקרבות, האָבן מיר שוין געשריבן [4].

אין דער טראַגישער תקופה, נאָכן חורבן בית שני, נאָך דעם טראַגישן אומקום פון די עשרה הרוגי מלכות, האָבן זיך באַוויזן ליכטיקע שטערן איבערן יידישן האָריזאָנט און זיי האָבן ליכטיק געמאַכט די יידישע ישובים מיט זייער גייסט, מיט זייער תורה. ס׳האָבן זיך דאַן אויך באַוויזן העלדיש־גייסטיקע פרויען, וועלכע האָבן אַ סך בייגעטראָגן צו דער עקשנותדיקייט ממשיך צו זיין יידיש לעבן. צווישן די דאָזיקע פרויען זענען געווען הויך געבילדעטע, תורה־קענערינס און נישט ווייניקער געלערנטע אין דעם דעמאָלטיקן גריכיש־געלערנטקייט, „חכמת יוון״.

ר׳ חנינא בן תרדיון, דער פאָטער פון אַ פאַמיליע: אַ זון און צוויי טעכטער, האָט זיך איינגעשטעלט מיט דער גרעסטער מסירת־נפש, נישט געוואָלט זיך בייגן פאַר דער רוימישער גזירה נישט צו לערנען, אַוודאי נישט צו פאַרשפרייטן און האָט געלערנט תורה פאַר תלמידים. זיין חבר, ר׳ יוסי בן קסמא, האָט אים גע־וואָרנט, אָבער ער האָט זיך נישט צוגעהערט. דער סוף איז געווען: מ׳האָט אים געכאַפּט, איינגעהילט אין אַ ספר־תורה און אַזוי האָט מען אים פאַרברענט. די גזירה איז אויך געווען זיין ווייב זאָל ווערן געהרגעט, זיין אומפאַרהייראַטע טאָכטער זאָל ווערן גענומען צו אַ „קובה של זנות״. די גמרא [4א] זוכט אַ דערקלערונג,

פֿאַר וואָס ס'איז איר געקומען אַזאַ שטראָף און דער תּירוץ איז, ווייל זי האָט גע־פלירטעוועט און די מוטער האָט איר געלאָזט פלירטעווען; זי האָט געפלירטעוועט מיטן גאַנג פון אירע פיס, גערייצט מענער תּאווהדיק און דעריבער איז געקומען איר עונש.

ר׳ מאיר, דער איידעם, איז געגאַנגען ראַטעווען זיין שוועגערין און ער האָט זי אַרויסגענומען פון פּראָסטיטוציע־הויז, מאַכנדיק זיכער אַז זי איז נישט פֿאַר־אומרייניקט געוואָרן — צוליב דעם האָט ער געדאַרפט אַנטלויפן פון רוים.

און דאָ קומען מיר צו דער צווייטער טאָכטער, די ווייב פון רבי מאיר. זי האָט שוין נישט אַזוי קאָקעטירט, נישט געפלירטעוועט. געווען אַ ליידנדיקע, באַהויכט פון מוטערלעכקייט, שוין נאָכן גלי פון לוסט און שוין נאָכן עלטער פון צעבלִיען זיך — און דאָך געהאַט אַ שרעקלעך־טראַגישן דורכפאַל אַלס רעזולטאַט פון איבערקליגן זיך...

אין יענער צייט, ווי פאַרשערס ווייזן אָן, האָט זיך באַוויזן און זיך שטאַרק אַרויסגעזען צווישן די חכמים פון דור, די זייער קלוגע און הויך געבילדעטע ברוריה, די פרוי פון רבי מאיר, דעם שאַרפסטן תּלמיד פון רבי עקיבא, וואָס האָט געקענט מיט זיין שאַרפזין געפינען „טעמים לטהר וטעמים לטמא" און גראָד ער, וועלכער האָט געהאַט אַזאַ קלוגע פרוי, האָט זיך אויסגעדריקט: „נשים דעתן קלות", אַז פרויען זענען לייכטזיניק, אַ שטעלונג וואָס זיין ווייב האָט שטאַרק אָפּגעפּרעגט, און צוליב דער דאָזיקער הויז־פּאָלעמיק, איז זי אומגעקומען און ער איז טראַגיש געשטרויכלט געוואָרן.

לויט אַ מעשׂה שהיה, האָט די ברוריה זיך פאַרלוירן אין לייכטזין. זיין בעס־טער תּלמיד, נחוניה האָט, אויפן פאַרלאַנג פונעם רבין, אויספּרובירט די קלוגע ברוריה און זי האָט זיך פאַרלוירן, נישט אויסגעהאַלטן דעם נסיון. נאָך דעם פאַל, האָט זי, פאַר בושה, זיך גענומען דאָס לעבן און ער, רבי מאיר איז אַוועק פון זיין היימשטאָט, אַוועק פון זיין סביבה, געליטן צרה נאָך צרה און אויסגעגאַנגען אויף פרעמדער ערד.

מיר האָבן שוין נישט איין מאָל געשריבן וועגן דעם דאָזיקן אינצידענט, מ'דאַרף נעמען אַלס מוסטער נישט צו רייצן זיך און נישט וועלן דווקא אויספּרובירן אויף אַזאַ אופן די ערלעכקייט פון אַ פרוי [5]. ס'איז אָבער כדאי, נאָך אַ מאָל, בקיצור דערציילן ווי אַזוי די מעשׂה ווערט איבערגעגעבן אין תּלמוד. אגב איז אויך דאָ אַ סברה, אַז ער איז אַוועק פון זיין היים, צוליב די רדיפות פונעם בית הנשׂיא [6].

רבי מאיר, ווי באַקאַנט, איז געווען דער אָנערקענטער גדול הדור: „גלוי וידוע לפני מי שאמר והי' העולם שאין בדורו של רבי מאיר כמותו" [7]. ווי ס'ווערט דאָרט געזאָגט, האָט דער נאָמען „מאיר" אים געפּאַסט, ווייל ער האָט ליכטיק געמאַכט די „עיני חכמים בהלכה" און אויב מ'האָט נישט אָנגענומען אַלס פסק הלכה אַלץ

וואָס ער האָט געזאָגט, איז עס געווען דערפאַר, ווייל די חכמים האָבן נישט אַלץ געקענט באַנעמען, זענען נישט געקומען „לסוף דעתו", אָבער דער כּלל איז אָנגע־נומען געוואָרן, „סתם מתניתין רבי מאיר" [8] און דאָס פאָלק האָט זיך געפירט ווי רבי מאיר [9]. אויב געוויסע הלכות, וועלכע זענען פון אים געזאָגט געוואָרן, אָבער נישט אָנגעבנדיק זיין נאָמען, נאָר גאָר מיטן וואָרט „אחרים" [10], זענען דערויף פאַראַן אַ צאָל טעמים. לויט אייניקע מפרשים, האָט אים דער נשׂיא רבי שמעון בן גמליאל באַשטראָפט, ווייל ער האָט זיך געשטעלט קעגן אים. ער האָט אים באַפוילן אַרויסגיין פון בית־מדרש, וואָס דאָס האָט געמיינט פונעם תּנאים־ראַט, (בית־דין אָדער בית־מדרש וואָס האָט אָנגעפירט מיט די גייסטיקע ענינים), און שפּעטער צוריק אַריינגענומען דעם רעוואָלטירער, צוליבן דרוק פון די אַנדערע חכמים, אָבער נישט דאָס זענען מיר אויסן [11]. דאָס קנסענען רבי מאירן האָט נישט אָנגעהאַלטן. ס'ווערט אָנגעוויזן אויף דעם פאַקט, אַז מיר געפינען אַ „מחלוקת", וואָס מיינט חילוקי־דעות, צווישן רבי מאיר און אחרים, מיינט דאָך, אַז אחרים איז געווען אַן אַנדערער [12].

יעדנפאַלס, ווי עס ווערט אָנגעוויזן, האָט זיך רבי מאיר געפילט געטראָפן פון דער שאַרפער שטעלונג צו אים, מצד ר' שמעון בן גמליאל, דעם הויפּט פון דער ישיבה, אָדער בית־דין; ער איז אַוועק קיין טבריה, ווו ער האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ גרופּע תּלמידים און אָנגעפירט אַ ישיבה און דאָרט, אין טבריה, האָט פּאַסירט דאָס גרויסע אומגליק, ווי רש"י [13] גיט עס איבער בקיצור: „שפעם אחת ליגלגה (לא האמינה) על שאמרו חכמים (קדושין פ', ע"ב) נשים דעתן קלות עליהן... ור"מ אָמר לה סופך להודות שדבריהם אמת, וצוה לאחד מתלמידיו לפתותה לדבר עבירה והפציר בה ימים רבים, עד שלבסוף נתרצית, וכשנודע לה שהוא נשלח מר"מ חנקה את עצמה, ואז ברח ר"מ מחמת כסיפאָ..." אין רש"יס לשון: „ואמר לה חייך סופך להודות לדבריהם וצוה לאחד מתלמידיו לנסותה לדבר עבירה והפציר בה ימים רבים עד שנתרצית וכשנודע לה חנקה את עצמה וירק ר"מ מחמת כיסופא".

נאָכן זעלבסטמאָרד פון אָט דער איבערגעקליגטער ברוריה, איז רבי מאיר, צוליב בושה אַוועק פון ארץ־ישׂראל און זיינע לעצטע יאָרן, געוווינט ערגעץ אין קליינאַזיע.

ס'ווילט זיך אַריינגיין אַ ביסל מער ביאָגראַפיש אינעם לעבן פון אָט דעם הערלעכן פּאָרל, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַזוי פיל טראַגעדיעס אין זייער לעבן, ביזן טראַגישן סוף, אָבער מיר האָבן זיך מערער אָפּגעשטעלט אויף דעם אין די פריִערדיקע ווערק און דאָ, האָבן מיר בלויז געוואָלט אָנווייזן אויף דעם פאַקט, אַז ס'האָבן זיך תּמיד געפונען ווילגעלערנטע פרויען און נישט אומזיסט איז איר

נאָמען געווען ברוריה, ווי עס ווערט קאָמענטירט, ווייל זי איז געווען „ברורה", קלאָר מיט חכמה און וויסנשאַפט.

אַזעלכע פרויען געלערנטע, האָבן מיר, ווי שוין אָנגעוויזן, אין אַלע דורות, געגוג בלויז אָנצורופן נעמען ווי חיה, די פרוי פון ר׳ יאיר חיים בכרך („חוות יאיר"); ביילע, דעם סמ"ע ס ווייב. דער מאַן, איז געווען און איז עד היום פון די אָנערקענטסטע לומדים-פוסקים, הלכה-אויטאָריטעט און די ווייב, אַ גרויסע מלומדת. זי האָט זיך מתווכח געווען אין הלכה-ענינים מיט רבנים, לומדים. דער באַרימטער פוסק ר׳ אברהם אבלי סג"ל גאָמבינער רב, באַקאַנט אַלס „מגן אברהם" א"ב פון זיין ספר (געבוירן אין גאָמבין, פוילן, 1635; נפטר, קאַליש, 1683) ברענגט פון איר צוויי דינים, אַלס באַווייז צו אַ פסק-הלכה. ער איז זיך סומך אויף איר, אַז זי האָט געוווּסט געגוי די פסקים פון איר מאַן...

ס׳איז נישט קיין זעלטנקייט צו טרעפן געלערנטע פרויען אין חסידישע קרייזן, אָנהייבנדיק מיט דער טאָכטער פון בעש"ט, ביי דער חב"ד-דינאַסטיע און ביי אַנדערע אדמו"רים.

מיר האָבן פרויען צדקניות, רביצינס. גענוג צו דערמאָנען די לודמירער רביצין, ווי ל. מלאָך רופט זי „די מויד פון לודמיר" [14]. חנה רחל ווערבערמאַכער (תרנ"ב-תקע"ה — 1815) האָט געפירט טישן, געזאָגט תורה, געטראָגן ציצית, נישט געוואָלט חתונה האָבן און ווען זי האָט שוין, צוליבן דרוק פון אדמו"רים, מסכים געווען צו אַ שידוך, האָט זי זיך געמוזט שיידן פון איר מאַן, ווייל זי האָט זיך באַטראַכט פאַר צו הייליק צו האָבן צו טאָן געשלעכטלעך מיט אַ מאַן. זי איז נפטר געוואָרן אין ארץ-ישראל אין יאָר תקע"ה.

נישט בלויז אין חסידישע „הייף" געפינען מיר געלערנטע רביצינס. ביי די מתנגדים איז עס געווען אַ נאַטירלעכע דערשיינונג. מען דערציילט וועגן דער טאָכטער פון ר׳ איטשעלע וואָלאָזשינער, די ערשטע פרוי פון נצי"ב (נפתלי צבי יהודה ברלין, תקע"ז-1817 — תרנ"ד-1894), אַז זי האָט געשפּילט אַ דאָמינירנ-דיקע ראָל און איז געווען אַ וויכטיקער פאַקטאָר אינעם „בית הרב" און זי האָט עס אַ סך געהאָלפן צו דערהייבן אים צו ווערן דער ראש פון דער וואָלאָזשינער ישיבה [15]. די בעלי-המוסר דערציילן וועגן דער מוטער פון ר׳ שמחה זיסל. איר נאָמען איז געווען חיה און זי איז געווען דער לעבעדיקער גייסט אינעם קרייז פון די אַצילותדיקע מוסרניקעס. זי איז געווען אַ בקיאה אין הלכה-ענינים [16]. ביים דייטשישן ייִדנטום איז באַקאַנט, אַז די ווייב פון ר׳ שמשון רפאל הירש (תקס"ח-תרמ"ח; 1808-1888) חנה, האָט זיך אויסגעצייכנט אין תנ"ך-קענטעניש און אים אַרויסגעהאָלפן אין זיינע ליטעראַרישע אַרבעטן.

מיר האָבן זיך שוין אויספירלעכער פאַרנומען מיט די זכרונות פון גליקל פון האַמליין, אַ קלאַסיש ווערק אין דער מעמואַרן-ליטעראַטור, וואָס ווערט עד היום

שטודירט ווי אַ ווערק וואָס באַקענט אונדז מיטן גייסט, קולטור און לעבן פון ייִדן אין דייטשלאַנד. נאָך איר האָבן מיר אַ ריי פרויען־שרייבערינס אויפן דאָזיקן געביט, וועמעס ווערק ווערן באַטראַכט ווי אַ וויכטיקער צושטייער צו דער ייִדישער געשיכטע און ווי אַ קוואַל פון ידיעות וועגן ייִדישן פאָלקס־לעבן.

מיר האָבן אין משך פון די יאָרהונדערטער געהאַט אַזעלכע געלערנטע ווי רחל מורפורגו אין 18טן י״ה און אין אונדזערע טעג, פּאָעטינס פון חסידישע דינאַס־טיעס, ווי מלכּה שפּירא, איטאַ קאַליש און אַ סך אַנדערע.

פון די פרויען וועלכע האָבן געשפּילט אַ ראָלע אין דער רעפאָרם־באַוועגונג אין דייטשלאַנד איז כּדאַי צו דערמאָנען איינע, צוליב אירע ספּעציפישע אייגנשאַפטן, די פרוי פונעם משׂכּיל משה־מאָריץ לאַצאַרוס (תקפ״ד־תרס״ג; 1824־1903). אַ געבוירענער אין פּויזנער געגנט (מערב־פּוילן, וואָס די דייטשן האָבן געהאַלטן און גערמאַניזירט), וועמעס פאָטער איז געווען אַ תּלמיד פון רבי עקיבא איגר, איז מאָריץ לאַצאַרוס געוואָרן אַן אָנפירנדיקע פּערזענלעכקייט ביי די רעפאָרמער און געלערנטע אין חכמת ישׂראל. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ גרטע, אַ קריסט־לעכע פרוי מיטן נאָמען רעמי, וועלכע האָט נאָך איר מגייר זיין זיך געקראָגן דעם נאָמען רות נהריה. אָט די הויך־טאַלענטירטע שרייבערין און פאָרשערין האָט פאַרעפנטלעכט וויכטיקע אַרבעטן אויפן געביט פון יהדות („דאָס ייִדישע ווייב״ און „דאָס געבעט אין ביבל און תּלמוד״). זי האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט איר מאַנס זייער וואָגיק ווערק „די עטיק פון ייִדנטום״, אין וועלכן זי האָט, ווי פאָרשערס גיבן איבער, אַ גרויסן חלק [16א].

וואָס שייך דערציִערינס, איז גענוג צו דערמאָנען שׂרה שענירער ווי אויך פּועה ראַקאָווסקי, וועמעס זכרונות האָבן געהאַט דעם געהעריקן אָפּקלאַנג [17]. גענוג אַ בלעטער צו טאָן אין אירע זכרונות און עס באַווייזט זיך פאַר אונדז אַ פּראָטאָטיפּ פון די ערשטע ייִדישע פרויען וועלכע האָבן זיך דערוואָרבן גלייכע פליכטן אין דער רענעסאַנס־תּקופה אינעם ייִדישן תּחום המושב, אַזוי שרייבט אַ ליטעראַטור־קריטיקער אין דער הקדמה צו דער העברעיִשער אויסגאַבע פון איר ווערק.

די דאָזיקע דערמאָנטע פרויען־שרייבערינס און דערציִערינס זענען אַ קליינע צאָל פון אַ סך מער באַגאַבטע ייִדישע פרויען. כּדי צו מאַכן בלויז אַ קאַליידאָסקאָ־פּישן בליק און אַ סומירנדיקע רשימה אין קלאַסיפיצירן די ליטעראַרישע שעפע־רישקייט פון דער ייִדישער פרוי אין ייִדיש, העברעיִש און אין אַנדערע לשונות, וואָלט מען געדאַרפט צוזאַמענשטעלן אַ גרויס לעקסיקאָגראַפיש ווערק. מיר ווילן דאָ בלויז כאַפּן אַ שנעלן שפּאַציר און בלויז פאַרצייכענען לויטן זכרון, צוליב באַשרענקטקייט אין פּלאַץ.

די ערשטע וואָס קומט אויפן רעיון, איז רחל בלאָשטיין, באַקאַנט מיטן בלויזן נאָמען רחל — די לירישע דיכטערין, וואָס האָט געצויגן אויפמערקזאַמקייט שוין מיט אירע ערשטע לידער און איז געליינט געוואָרן פון יונג און אַלט. אין איר דיכטונג איז דער מענטש מיט דער נאַטור צוזאַמענגעגאָסן און צוזאַמענגעפלאָכטן.

רחל האָט דעביוטירט אין „השלח" [18] מיט אַ ליד „הלך נפש" און באַלד גע־צויגן די געהעריקע אויפמערקזאַמקייט. איר לידערבוך „ספיח" (אַרויסגעגעבן פון „דבר", רעדאַקציע: ב. כצנלסון), האָט איר געגעבן אַן אויבנאָן אין דער נייער העברעיִשער פּאָעזיע. זי איז געוואָרן אָנערקענט אין די ליטעראַרישע קרייזן און געלויבט פון דער קריטיק, נישט ווייניקער ווי פון פּאָעטן, וועלכע האָבן איר אַרויסגעוויזן געוואַלטיקער התקרבות.

אין אַ בריוו פון חיים נחמן ביאַליק צו בערל קאַצענעלסאָן, שרייבט ער [19] צווישן אַנדערן: „...שיריה הקטנים והנאמנים של רחל הרעידו את נפשי עד היסוד. תהיינה אצבעותיה ברוכות". און אין זיין הספד (סיון, תרצ"א) האָט ביאַליק זיך אויסגעדריקט: „אבידה גדולה אבדה לספרות העברית ולשירה העברית... וריח שיריה לא יפוג ימים רבים..."

בלויז וועגן גאָר געציילטע פּאָעטן האָט ביאַליק זיך אויסגעדריקט מיט אַזאַ באַגייסטערונג. און ביאַליק איז נישט געווען דער איינציקער מבין אויף איר פּאָעזיע, אויף איר טאַלאַנט, אויף איר ליריזם. דער פאַקט איז, אַז נאָך איבער פערציק יאָר זינט איר פטירה (געבוירן כ"ז אלול, תר"ז; געשט. כ"ט ניסן, תרצ"א; 1931-1890) איז נאָך אַלץ גרויס דער אינטערעס צו רחלס פּאָעזיע. פון איר ליד וויינט אַרויס אַ טיף־ליידנדיקע נשמה וואָס בענקט צו גאולה שלימה פון איר פאָלק און פון דער גאַנצער וועלט, פאַר אַלע מענטשן. ביי די שטילע וואַסערן פונעם כּנרת, דערוואַרט זי משיחס קומען און זי ברענגט אַרויס דעם פולן טרוים פון אַן אייגענער היים, פון אַ געגאַרטער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער פרייהייט.

זלמן שז"ר (שניאור זלמן רובאַשאָוו ז"ל; 1974-1889), אַ ליטעראַט אין ברייטערן זין פון וואָרט, וועלכער האָט דערגרייכט צו דער העכסטער הויך אין מדינת ישׂראל — געווען איר דריטער נשׂיא — האָט איבערגעזעצט אַ צאָל פון אירע לידער אין יִדיש, כּדי דער יִדיש־לייענער זאָל האָבן אַ באַגריף פון איר שאַפן.

לאָמיר דערמאָנען די יִדיש־העברעיִשע שריפטשטעלערין רחל פייגנבערג (זיך שפּעטער גערופן אמר־פייגנבערג, געבוירן אין ליובאַ, וואָלינער געגענט, אין 1885; געשטאָרבן אין ישׂראל, יוני 6, 1972), וואָס האָט גאָר אַ סך בייגעטראָגן צוביידע ליטעראַטורן, סיי אַלס זשורנאַליסטין, סיי אַלס דערציילערין, סיי אַלס פּעדאַ־גאָגין און סיי אַלס דראַמאַטורגין. אין משך פון 48 יאָר, האָט זי אָנגעשריבן אַ צאָל ווערק און איז שטאַרק געליינט געוואָרן. איר דראַמע „טעכטער" (אין פיר

אַקטן) באַהאַנדלט דאָס הייראַט־פּראָבלעם פון דער מאָדערנער פרוי, איר ליבע און צוזאַמענלעב מיטן מאַן.

צו די פרויען וועלכע האָבן זיך דערוואָרבן אַ נאָמען, געהערט אויך דבורה באַראַן. זי פאַרנעמט אַ באַזונדער אָרט, ווי אַ שריפטשטעלערין. וועגן איר איז אַ סך געשריבן געוואָרן.

אין דער זעלביקער צייט, באַווייזט זיך אין ישׂראל די פּאָעטין לאה גאָלדבערג (קעניגסבערג 1911 — ירושלים 1970) — די פּראָפעסאָרין וואָס האָט נישט אַרויסגעלאָזט די פען פון האַנט, ביזן לעצטן טאָג פון איר לעבן. זי האָט געשריבן און געדרוקט נישט בלויז פּאָעזיע, נאָר זיך אויך פאַרנומען מיט גרינטלעכע ליטעראַרישע עסייען, ליטעראַטור־קריטיק און איבערזעצונגען פון קלאַסישע ווערק אין דער וועלט־ליטעראַטור.

אהרן צייטלין שרייבט וועגן איר: „לאה גאָלדבערג איז געווען אַ — ליטע־ראַטור פאַר זיך אַליין... אירע אַרבעטן וועגן ליטעראַטור... זענען ווערטפולע און אָריגינעלע ביישטייערונגען צו דער מאָדערנער העברעיִשער עסייאיסטיק. ווי אַ פּראָפעסאָר פאַר פאַרגלייכנדיקער ליטעראַטור אין ירושלימער אוניווערסיטעט, האָט זי דערצויגן דעם יונגן דור צו באַנעמען און אָפּצושאַצן די שאַפונגען פון גרויסע וואָרט־קינסטלערס...

„לאה גאָלדבערגס ליריק געהערט צום ליטעראַרישן צייטשטראָם, אָבער צום לעבן, צו שאַפן, צו דערציִען, האָט די פריִערדיקע תּל־אביבערין זוכה געווען אין דער קרוינשטאָט פון דער אייביקייט — אין ירושלים״ [20].

א דיכטערין מיט אַ נאָמען איז געווען עלזאַ לאַסקער־שילער (1869־1937). זי האָט געצויגן איר יחוס פון רבנים אין דייטשלאַנד און שפּאַניע, אַ ספרדישער יחוס וואָס האָט געקראָגן אָנזען ביי די אַשכּנזים. זי האָט זיך דערהויבן צו די הייכן פון ליטעראַרישער שעפערישקייט. דער באַרימטער שריפטשטעלער און נאָוועליסט ש״י עגנון האָט געזאָגט קדיש ביי איר קבר אויפן הר־הזיתים. אָפּשאַ־צונגען וועגן איר פּאָעזיע זענען דערשינען אין דער ייִדישער פּרעסע אומעטום. פון די אויסגעצייכנטע, וואָלט איך אָנגעוויזן, אויף דער אָפּהאַנדלונג פון י. גאָלד־קאָרן [21].

אלישבע — די רוסישע דיכטערין עליזאַוועטאַ זשאַרקאָוואַ — וועגן איר האָבן מיר שוין געשריבן [22]. זי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרטע, וואָס שרייבט לידער אויף העברעיִש. זי איז אפשר נישט געווען פון די אָנערקענטסטע אַלס דיכטערין, נישט געקוקט וואָס זי האָט זוכה געווען צו איבערזעצונגען אין ייִדיש און אין אַנדערע לשונות. זי איז אָבער געווען פון די אינטערעסאַנטסטע. זי איז געבוירן געוואָרן (אין ריאַזאַן, אין רוסלאַנד, אין 1888) ביי אַ פאָטער, אַ רוס, און אַ מוטער פון ענגלישן אָפּשטאַם. האָט פאַרבראַכט איר יוגנט אין אַ ייִדישער

סביבה, זיך געלערנט העברעיִש ביי די „חובבי שפת עבר" — און געוואַגט צו שרייבן פּאָעזיע אין עברית, פאַרעפנטלעכט אירע לידער אין „התקופה" אונטער די שטרענגסטע רעדאַקטאָרן. דאָס איז אַ חידוש!

זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ יִידישן מאַן, פאַרשטייט זיך, נאָכן מגייר זיין זיך, און געקומען זיך באַזעצן אין ארץ־ישׂראל (אין 1925). מסתּמא געהאַט שווע־ריקייטן, דאַן געווען קריזיס־יאָרן, האָט זי צוזאַמען מיט איר מאַן, פאַרלאָזט ארץ־ישׂראל, געווען אויך באַזוך אין צענטראַל־אייראָפּע, ווו איר מאַן איז געשטאָרבן. נאָכן טויט פון איר מאַן, קומט די יונגע אלמנה צוריק קיין ארץ־ישׂראל; זי מאַכט דורך לייד און צער און פאַרלאָזט נישט דאָס לאַנד, וואָס איז איר געוואָרן ליב און טייער. זי לעבט אין איינזאַמקייט און גייט אַוועק פון דער וועלט אין 1949. פאַר וואָס אַזוי? פאַר וואָס אַזאַ באַציִונג? — נישטאָ קיין פאַרענטפער. איר טאָכטער האָט דאָס נישט געקענט משׂיג זיין, האָט זי, אין כּעס און אין אַנטוישונג, פאַרלאָזט אויף אייביק סיי ארץ־ישׂראל און סיי עם ישׂראל. זי איז איבערגעגאַנגען צום קריסטנטום...

די מוטער האָט אַלץ פאַר ליב גענומען. זיך נישט גערעכנט מיט די חבלי קליטה, אין לאַנד פון ישׂראל און אינעם פאָלק ישׂראל. זי האָט אַלץ געהאַלטן אין שרייבן, אין באַזינגען, אין לויבן איר לאַנד און איר פאָלק, ווי די אַמאָליקע רות, וואָס האָט פּראָקלאַמירט „עמך — עמי" [23].

מיר האָבן פריִער דערמאָנט מלכּה שפּיראָ (תרנ"ד־תשל"ב; 1894־1971) — די טאָכטער פון קאָזשעניצער רבין ר' ירחמיאל משה און די פרוי פון גראָדזשיסקער רבין, ר' אברהם אלימלך און שוועסטער פון לעצטן קאָזשעניצער רבין, ר' ישׂראל אלעזר האָפּשטיין. זי האָט אָנגעהויבן פאַרעפנטלעכן לידער אין „דבר", אונטער דער רעדאַקציע פון בערל קאַצענעלסאָן. איר בוך „שנינו במגינים" איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון „אגודת הסופרים העברים". נאָך דעם איז געקומען „בלבב המסתּורין", „מתּוך הסערה" און אַנדערע פּאָעטישע ווערק און נישט ווייניקער דערציילונגען. זי ווערט אָנערקענט אַלס גוטע בעלעטריסטין פון דער ניי־אויפגעקומענער העברעיִ־שער פּראָזע. די לעצטע יאָרן האָט זי פאַרעפנטלעכט אַ גרויסן טייל פון אירע ווערק אין מזרחי־אָרגאַן „הצופה".

וואָס שייך שרייבערינס אין „עברי טייטש", אָנהייבנדיק פון תּחינות און תּפילות־פאַרפאַסערינס, דאַרף מען צוגעבן שרייבערינס, וועלכע זענען אין יענער תּקופה, אויך געווען זעצערינס. זיי האָבן זיך עוסק געווען מיט העברעיִשע אותיות און אַרויסגעוויזן גרויס טאַלאַנט, אין פאַכמענישקייט און שרייבערישער פּראָפע־סיאָנעלקייט. אַזוי אַרום, האָבן זיי געהאַט אַ מעגלעכקייט אַרויסצוגעבן זייערע תּחינות.

וועגן דער אַנאָנימער שׂרה בת טובים האָבן געשריבן ביבליאָגראַפן, לעקסיקאָ־גראַפן און ליטעראַטור־קריטיקערס. געגוג צו דערמאָנען ר׳ יצחק ריבקינד, שמואל ניגער און יבדל לחיים טובים וארוכים — ר׳ חיים ליבערמאַן. עס האָט — האַלט איך — נישט קיין זין, אַנצוגיין מיט אויסרעכענען נעמען פון תּחינות־פאַרפאַסע־רינס. צו די צום מערסטן באַקאַנטע, געהערט רבקה טיקטינער[24], טאָכטער פון ר׳ מאיר טיקטינער. איר ספר „מינקת רבקה״, איז דערשינען אין פּראָג אין יאָר שס״ט (1609) און נאָך דעם — אין אַ צאָל אויפלאַגעס.

דער קולטור־פאָרשער אברהם יערי, גיט אָן אין זיין „מחקרי ספר״ אַ צאָל יידישע זעצערינס, וועלכע האָבן געהאַט שרייבערישן טאַלאַנט, צווו״אַ:

גיטל בת יהודה לייב בן אלכסנדר הכהן, הנקרא „לייב זעצער״. ביים סוף פון דקדוק־ספר פון ר׳ יצחק ב״ר שמואל הלוי[25], געפינען זיך די פאָלגנדיקע שורות: „וגם אני עושׂה מלאכת השמים לפ״ק שפ״ח, גיטל בת ליב זעצער כ״ץ מפּראָג״.

אין קראָקע איז געווען אַ זעצערין מיטן נאָמען טשאַרנע. זי איז געווען די טאָכטער פונעם דרוקער נחום מייזליש. ביים סוף פונעם ספר „רכב אליהו״, גיט זי אָן איר נאָמען. אין דער דאָזיקער דרוקעריי, זענען אין די יאָרן 1638־1644, געדרוקט געוואָרן אַ צאָל ספרים אויף פאַרשיידנאַרטיקע געביטן.

ביים באַרימטן דרוקער פון לובלין, ר׳ קלונימוס יפה, האָט זיין טאָכטער שׂרה פאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט, צווישן די אויפזעצערס פון ספרים. ביים ספר „פלח הרמון״, גיט זי אָן איר נאָמען „על ידי הגבירה העוסקת במלאכת הקודש״... דאָס יאָר, ווערט אָנגעגעבן, 1615.

רבקה און רייכל, טעכטער פון דעם דרוקער יצחק איידליש, זענען געווען זעצערינס. זיי גיבן אָן זייערע נעמען, ווי דער מינהג איז דאַן געווען, כּדי אויף אַזאַ אופן געפינען אייביקייט צווישן ספרים, און זיי זענען נישט געווען קיין אויסנאַם. זייערע נעמען געפינען זיך אויף ספרים, געדרוקט אין די יאָרן 1677־80.

די פרוי איז אין משך פון יאָרהונדערטער געווען שטאַרק אַנגעזען אין דרוק־וועזן, נישט בלויז ווי זעצערינס פון שריפט, נאָר אויך — און נישט זעלטן — ביז כּמעט אונדזערע טעג, ווי פרויען אַרויסגעבערס, דרוקערס און פאַרקויפערס. אין ווילנע: „האלמנה והאחים ראָם״ — דבורה ראָם, שוועסטער־טאָכטער פון ר׳ משה סטראַשון; אין לובלין: „האלמנה והאחים הירשהאָרן״; אין לעמבערג: פּעסיל באַלאַבאַן; חיה טויבה און יהודית, אָנפירערינס פון דרוקערייען אויך אין זשאָלקווע; אין טאַרנאָ: אסתר לעסער און אַזוי ווייטער און ווייטער אין פאַר־שיידענע שטעט.

אינטערעסאַנט איז, אַז אַפילו אַ קריסטלעכע פרוי האָט זיך פאַרנומען מיטן עסק פון דרוקן ספרים.

אין וואַרשע איז געווען אַ דרוקעריי פון פּיאָטר זאַוואַדסקי. ער האָט געהאַט אַ באַזונדער אָפּטיילונג פאַר לשון־קודש ספרים. עס זענען געווען ביי אים אָנגעשטעלט גוייִשע זעצערס, אונטערן אויפזיכט פון ר׳ יעקב ב״ר שמואל בוכנער פון פּינטשעוו. נאָכן טויט פון פּיאָטר, האָט זיין אלמנה אָנגעפירט מיט דער דרוקעריי און אָנגעשטעלט ייִדישע זעצערס. פון די ספרים, וואָס זענען געדרוקט געוואָרן אין דער זאַוואַדסקי־דרוקעריי זענען געווען: „זמיר עריצים״, „קברות התאווה״, „ספר הנצוח״ — אַלע קעגן חסידיזם און קעגן חסידים. צו די ספרים זענען צוגעגעבן געוואָרן בריוו פון הגר״א, קעגן חסידות. אין דער דאָזיקער דרוקעריי איז אויך געדרוקט געוואָרן דער „קול נהי״ פון ר׳ טעבל גוטמאַן פעדער — אַ הספד צו דער פטירה פון ווילנער גאון און „אדרת אליהו״ פון ר׳ אהרן ב״ר משה מגיד פון קאָלאָשין — אויך אַ הספד צו דער פטירה פון גאון.

לויט די ספרים, ווייזט אויס, אַז דער פאַרלאַג און די דרוקעריי, האָט זיך געשטעלט אין דינסט פון די מתנגדים [26].

צו די באַקאַנטע שרייבערינס פון תחינות, געהערן: שׂרה־רבקה־רחל־לאה, געראופן סעריל, די ווייב פון ר׳ יעקב סג״ל פון דובנאָ. זי האָט מחבר געווען אַ צאָל תחינות א״נ „אמהות״. די פרוי ביילע, ווייב פון ווינער חזן ר׳ יוסף, האָט געשריבן תחינות, בקשות און דערציילונגען אין אָנהייב 18טן י״ה.

אין דער ריי פון פרויען שרייבערינס דאַרף אויך צוגערעכנט ווערן שאַרלאָט ראָטשילד (1819־1884). זי האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1864 אַ ספר פון איבער דרייסיק דרשות, און דערנאָך — אַ ספר „אמרי לב״. זי האָט אויך געשריבן שירים און דערציילונגען און אירע ווערק זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין דייטש און אין פראַנצייזיש. אַ טייל פון אירע ווערק זענען לעצטנס אַרויס אין ישׂראל [27].

אַזוי ציט זיך די קייט פון פרויען שרייבערינס, דיכטערינס; פרויען וואָס פאַרנעמען זיך מיט ליטעראַרישע עסקים, וואָס ווייזן אַרויס געוואַלטיקע ליבשאַפט צום ספר, צום שעפערישן מענטשן, ביז אונדזערע טעג, ביז דער מאָדערנער שרייבערין אין ייִדיש, אין עברית, ווי די דערמאָנטע רחל, לאה גאָלדבערג יוכבד בת מרים [28] און אַ גאַנצע פּלעיאַדע, אינעם רייסטער פון פרויען־ליטעראַטינס און שוין אָפּגערעדט פון אַ צאָל ייִדישע פרויען אויף וועלט־שפּראַכן. צווישן די אויסגעצייכנטע אויפן געביט פון שעפערישקייט אין ענגלישן לשון, געפינען זיך אַזעלכע ווי די מלומדת און רעדאַקטאָרין טרודאָ ווייס ראָזמאַרין, לוסי ס. דאַווידאָוויטש, מיטאַרבעטערין פון „קאָמענטערי״ — די שריפט וואָס ווערט באַטראַכט אַלס שריפט פון אינטעלעקטואַלן לייענער — אַ שריפטשטעלערין מיט פאַרנעם, פּובליציסטין און פאָרשערין.

די טעמע ייִדישע שריפטשטעלערינס איז אומאויסשעפּלעך און אין ווייטערן פּרק זענען מיר ממשיך.

**ג. די פרוי אין דער וועלט־ליטעראַטור. — אין ליטע־ראַריש־סאָציאַלן ווויליזיין. — איינפלוס אין דער לי־טעראַטור און אין דער גע־זעלשאַפט. — די ייִדישע פרוי אין דער אַלגעמיינער ליטעראַטור.**

מיר ווילן דאָ בלויז דערמאָנען געוויסע פרויען, וואָס זענען געווען — און זענען אַנזעעוודיק אין גייסטיקער קרעאַטיוויטעט, ווי שרייבערינס, ווי קינסטלערינס, וויסנשאַפטלערינס אאַז״וו.

אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור האָבן מיר אַ גרויסע רשימה פון פרויען פּאָעטינס, נאָוועּ־ליסטינס, אַנהייבנדיק פון דער גאַר באַרימטער עמאַ לאַזאַרוס (1849־1887), וועמעס פּאָעטישע ווערטער, וואָס באַגריסן די אָנקומענדיקע אימי־גראַנטן פון אַלע לענדער, זענען אויסגעקריצט אויף דער „ליבערטי״־סטאַטוע. זי איז געווען שטאָלץ אויף איר ייִדישן אָפּשטאַם.

באַרימט אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור איז די פּאָעטין מאַריאַנאַ מור, און נאָך מער די שרייבערין עדנאַ פערבער (געשטאָרבן אין 1968, אין עלטער פון 82 יאָר), מחברין פון די בעסטע נאָוועלן. די טאָכטער פון אַ ייִדישן געשעפטסמאַן האָט באַוויזן אָנצושרייבן 32 ביכער, אייניקע פון זיי זייער פּאָפּולערע „בעסט סעלערס״, ווי מען זאָגט עס אין ענגליש. זי איז געווען אַזוי פאַרליבט אין שרייבן, אַז זי האָט צוליב דעם נישט חתונה געהאַט. אַלע הנאות האָט זי געהאַט אין שרייבן און אַ דאַנק איר שרייבן, זיך דערוואָרבן רום און עשירות. זי האָט באַ־קומען דעם פּוליצער־פּרייז און אַ צאָל אַנדערע פּרעמיעס.

אַ ייִדיש קינד, טאָכטער פון יעקב יחזקאל (גערופן טשאַרלס) פערבער, אַן אימיגראַנט פון אונגאַרן און פון דער אין אַמעריקע געבוירענער דזשוליאַ ניומאַן, אַ שטאָלצע ייִדישע פרוי פון מילוואָקי (שפּעטער געוווינט אין קאַלמאַזאָוו, מישי־גען), האָט באַוויזן אַריינצודרינגען אין אַמעריקאַנער לעבן און זיך געשאַפן אַ גרויסן נאָמען.

פּערל באַק, אַ צווייטע וואָס איז געוואָרן אַ וועלט־נאָמען אין דער ליטעראַטור. זי האָט באַקומען דעם נאָבעל־פּרייז פאַר ליטעראַטור — איינע פון די צוויי, אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַרישער וועלט, באַערט צו ווערן מיט דער וועלט־פּרעמיע (דער אַנדערער — סינקלעיר לואיס).

עפּנט בלויז אויף אַ לעקסיקאָן, שיינען אויף די נעמען: ווילאַ קייטהער, אידיט וואַרטאָן, גערטרוד אַטהרטאָן, קעי באָול, מאַרגאַרעט קינג ראָלינגס, אידיט סאָמער קעלי (געבוירן אין טאָראָנטאָ, 1884 — געשטאָרבן אין קאַליפאָרניע, 1956), פעני הוירסט און אַנדערע.

די ווערק פון פּעני הוירסט (1890־1968) זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין אַ צאָל לשונות. זי איז געווען געוואַלטיק שפּעריש, האָט אָנגעשריבן צענדליקער ראָמאַנען, דראַמעס, דערציילונגען און אַנדערע ליטעראַרישע אַרבעטן.

אין אַמעריקע איז באַרימט „די הייזקע פון אָנקל טאָם" פון העריעט ביטשער סטאָו, דאָס ווערק איז פון די קלאַסישע אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור און איז איבערגעזעצט געוואָרן אין אַ סך לשונות, אַריינגערעכנט יידיש [1].

צו די באַוווּסטע שריפטשטעלערינס געהערן: דזשיין אוסטין (1775־1817), די מחברין פון „פּרייד ענד פּרעדזשודיס" (שטאָלץ און פאָראורטייל) — איינע פון די אָנגעזעענסטע נאָוועלן־שרייבערס. עמילי דיקענסאָן (1830־1886); זי איז געוואָרן אַנטוישט אין ליבע און געלעבט אין איינזאַמקייט, געזעסן אין דער היים און געשריבן. בלויז פון צייט צו צייט, פאַרעפנטלעכט עפּעס פון איר פּען און ערשט נאָך איר טויט, ווען ס'זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אירע כּתבים איז זי אָנער־קענט געוואָרן אַלס גרויסער טאַלאַנט.

פּערל באַק, זיידנשטריקער (1892־1965) איז געווען, ווי געזאָגט, גאָר באַרימט און דער עיקר, צוליב איר טרילאָגיע „גוטע ערד" וועגן דעם לעבן אין כינע, וואָס האָט איר געבראַכט וועלט־אָנערקענונג. זי האָט געקראָגן דעם פּוליצער־פּרייז. פון איר ווערק „די ערדישע הויז" איז געמאַכט געוואָרן אַ פּיעסע און געשפּילט געוואָרן מיט גרויס דערפאָלג, מיט דער באַטייליקונג פון די גרעסטע שוישפּילערס און אַרטיסטן. צום דערשיינען פון איר ווערק „דער פּאַטריאָט" איז זי באַערט געוואָרן מיט דער נאָבעל־פּרעמיע אין 1939.

אין דער ריי פון ענגלישע און אַמעריקאַנישע ליטעראַרישע פּערזענלעכקייטן געפינען זיך אומצייליקע פרויען. גענוג צו דערמאָנען די נעמען:

אַגאַטהאַ קריסטי, וועלכע האָט, צו איר 80סטן געבוירנטאָג, אַרויסגעגעבן איר 80סטן בוך.

איריס מורדאָק, וועמעס ווערק „ברונאָס חלום" האָט שטאַרק אויסגענומען.

דזשאָיס קאַראָל אוטעס — מיט איר „גאָרטן פון ערדישער צופרידנקייט".

קלעיר בוטה — די באַוווּסטע דראַמאַטורגין, וועמעס דראַמע „דהי ווימען" האָט געגעבן חשק אַ צאָל שרייבערינס זיך צו דערגרונטעווען אין דער פרויס נשמה, צו אַנטדעקן נייע מאָטיוון פון ליבע און אייפערזוכט און איר האָט עס געגעבן חשק צו „לויפן" און ווערן דערוויילט אַלס קאָנגרעס־ליידי.

דאָראָטי בייקער, וועמעס „טריאָ" איז געוואָרן פון די פּאָפּולערסטע ראָמאַנען.

נענסי העיל, וואָס שרייבט מערסטנס וועגן פרויען, שילדערט כאַראַקטער־פרויען. אירע ביכער כאַפּט מען ממש פון די הענט. ביי איר גייען צוזאַמען טראַגע־דיע מיט גליק.

בעטי סמיט, וועמעס „אַ בוים וואַקסט אין ברוקלין" איז געוואָרן שטאַרק פּאָפּולער אַלס רעאַליסטיש ווערק וועגן אַן אָרעמער פאַמיליע אין ברוקלין. די העלדין איז אַ קינד פון דער אָרעמקייט, וואָס רייסט זיך צום וויסן און וואַקסט אויס אַן אינטעליגענטער מענטש.

גאָר רייך איז דער צושטייער פון דער פרוי אין דער ענגלישער ליטעראַטור. ס'קומט באַלד אויפן געדאַנק, דזשאָרדזש עליאָט — די באַשיידענע שריפטשטעלע־רין וואָס האָט געקראָגן וועלט־רום [2].

גוט באַקאַנט איז די ענגלישע שרייבערין שאַרלאָט בראָנטי, וועגן וועלכער ס'איז אָנגעשריבן געוואָרן אַ קלאַסישע ביאָגראַפיע. די שרייבערין עליזאַבעט קליגהאָרן גאַסקעל, איז צוליב דער ביאָגראַפיע, געוואָרן באַרימט ביי ענגליש־לייענערס [3]. שאַרלאָט בראָנטי, די ראָמאַנטישע נאָוועליסטין, פאַרפאַסערין פון צענדליקער ביכער, האָט געהאַט צוויי שוועסטער, עמילי און אַננאַ און ביידע זענען געווען געבענטשט מיט שרייבערישן טאַלאַנט. שאַרלאָט בראָנטי איז געשטאָרבן דעם 1טן מערץ 1855, אין עלטער פון 39 יאָר און אין איר קורצן לעבן האָט זי באַוויזן אָנצושרייבן אַ צאָל ווערק פון גרויסן פאַרנעם. זי ווערט געשטעלט אין דער ריי פון אַזעלכע גדולים ווי אַ סער וואָלטער סקאָט, בערנאַרד שאָו און אַנדערע.

לעצטנס איז אַרויס נאָך אַ ביאָגראַפיש ווערק וועגן איר, מיטן נאָמען „די עוואָלוציע פון געניאַלקייט", מיט צוגאָבן פון איר שוועסטער [4].

צו דער רשימה פרויען־שרייבערינס דאַרפן צוגערעכנט ווערן:

עליזאַבעט בראַונינג־באַרעט (1861-1806) — די ווייב פונעם באַרימטן ענגלישן דיכטער ראָבערט בראַונינג (1889-1812) און אַריעל, די ווייב פון וויל דוראַנט, דעם אַמעריקאַנישן פּאָפּולאַריזאַטאָר פון פילאָסאָפיע. זייער בשותפותדיק ווערק איז געווען: „רוסאָ און די רעוואָלוציע", אַ ווערק פון איבער טויזנט זייטן.

אַזאַ קליינע מדינה ווי נאָרוועגיע האָט אַרויסגעגעבן אַ צאָל אויסגעצייכנטע פרויען שריפטשטעלערינס. איינע פון אירע טאַלאַנטפולע שרייבערינס, זיגריד אונצעט (אָדער אונדסעט) האָט געקראָגן די נאָבעל־פרעמיע פאַר ליטעראַטור אין 1928. אירע דראַמעס און ראָמאַנען זענען וועלט באַרימט און איבערגעזעצט אין אַ צאָל שפּראַכן. אין דער שכנהשער סקאַנדינאַווישער מדינה, שוועדן, איז גוט באַקאַנט די דיכטערין סעלמאַ לאַגערלעף. צוויי פון אירע ווערק, „יעסטאַ בערלינג" און „דער קייזער פון פּאָרטוגאַל" זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין יידיש. אירע ווערק ווערן שטאַרק געלויבט; זי ווערט כאַראַקטעריזירט ווי די „מענלעכע דיכטע־רין" צווישן די פרויען פּאָעטינס [5].

באַרימט איז די אַמעריקאַנער דיכטערין עדנאַ ווינסענט מיליי. זי האָט זוכה געווען נישט בלויז צו לויב פון ליטעראַטור־קריטיקערס, נאָר אויך צו אַ צאָל ביאָגראַפיעס און מאָנאָגראַפיעס.

דזשעקעלין סוזאַן (געשטאָרבן דעם 22סטן סעפּטעמבער 1974, אין עלטער פון 53 יאָר) האָט ערשט אויף דער עלטער, אין אירע פערציקער, אָנגעהויבן איר שרייבערישע קאַריערע. ביז דאַן האָט זי דורכגעמאַכט אַ דערפאָלגרייכע קאַריערע אַלס שוישפּילערין, דראַמאַטישע אַקטריסע און אַנפירערין פון טעלעוויזיע־פּראָגראַמען; ווען זי איז קראַנק געוואָרן, האָט זי באַשלאָסן צו פּרובירן איר שרייבערישן טאַלאַנט. מיט דער הילף פון איר מאַן, אירווינג מענספילד, אַ פילם־פּראָדוצירער, האָט זי דעביוטירט מיט אַ נאָוועלע, וואָס האָט נישט געמאַכט קיין גרויסן איינדרוק. נאָך איר ערשטלינג איז געקומען איר קרוינווערק „דהי וואַלי אָף דהי דאָלס" (טאָל פון די ליאַלקעס), וואָס איז געוואָרן אַ „בעסט־סעלער", איבעריאָגנדיק אַלע דערפאָלגרייכע נאָוועלן. דאָס בוך איז פאַרקויפט געוואָרן אין אַרום 18 מיליאָן עקזעמפּלאַרן, אין 60 אויפלאַגעס. דער קראַנקער סוזאַן, וואָס האָט שוין קיין צו פיל הנאה פון לעבן נישט געקענט האָבן, האָט עס געבראַכט אַ פאַנטאַסטישע עשירות.

אין איר בוך באַשרייבט זי דאָס אַמעריקאַנישע לעבן; זי שילדערט דעם געראַנגל פון יונגע און שיינע אַקטריסעס, וואָס יאָגן זיך נאָך פּאָזיציעס און וואָס עס טרייבט זיי צו ווילדער, הפקרדיקער געשלעכטלעכקייט, צום באַנוץ פון נאַרקאָטיקס און לסוף צום תהום. זיי מאַכן אַ סוף צו זייער לעבן.

זי האָט אויך אויסגענומען מיט אירע ווערק „דהי לאָוו מאַשין" (מאַשין פון ליבע) און „וואָנס איז נאָט ענאַוו" (איין מאָל איז נישט גענוג). זי האָט אָבער בלויז אויסגענומען ביים לייענער. די קריטיק האָט באַטראַכט אירע ווערק ווי שונד־ליטעראַטור און זי, ווי אַ קאַריעריסטין וואָס יאָגט זיך נאָך מיליאָנען.

ווי געזאָגט, איז די גאַלעריע פון פרויען־שרייבערינס אין אַמעריקע זייער גרויס — אָבער די, וועלכע האָט מער ווי אַנדערע געהאַט די זכיה, איר נאָמען זאָל פאַראייביקט ווערן ביי דער פרייהייט־סטאַטוע און זי זאָל אויף אייביק שיינען מיט איר וויזיע איבער דעם פאַקל, וואָס זאָגט אָן די גוטע בשורה, אַז אַמעריקע איז דאָס לאַנד פאַר אַלע גערודפטע און געליטענע, איז געווען עמאַ לאַזאַרוס (1850־1888) — די ייִדישע פרוי וואָס האָט געלאָזט וויסן, אַז אַמעריקע איז אָפן פאַר אַלע גלויבנס, פאַר אַלע פעלקער, פאַר אַלע נאַציאָנאַליטעטן.

דער „גרויסער קאָלאָס" זאָגט אָן דער וועלט אין פּאָעטישע שורות, די גוטע בשורה, אַז אַמעריקע וועט זיין דאָס לאַנד פאַר אַלע גערודפטע, געליטענע — פאַר אַלעמען וועט אַמעריקע זיין אַ ליכטיקע צוקונפט.

אירע ווערטער זענען אויסגעקריצט אויף דער פרייהייט־סטאַטוע („סטעטשו אָף ליבערטי"):

„...גיב אַלע מידע מיר אַוועק;
די מאַסע וועלכע שמאַכט נאָך פרײַער לופט
דעם אָפּפאַל אָפּגעשלײַדערט פון דײַן ברעג,
שיק זיי, פון דאָרט געשטויסענע, צו מיר,
איך הייב מײַן פאַקל בײַ דער גאָלדענער טיר!"

אַזוי שטייט די סטאַטוע מיט איר פלאַקער צו די הייכן און זאָגט אָן, אין די ווערטער פון דער ייִדישער טאָכטער, דעם טרוים פון פרייהייט, פרייהייט פון טיראַניי און אונטערדריקונג; פרייהייט צו רעדן און צו שרייבן, וואָס איינעמס מוח און האַרץ טראַכט און פילט, פרייהייט צו האָפן און צו שטרעבן.

מען דאַרף נישט זוכן אין די לעקסיקאָנען, כּדי צו געפינען ייִדישע און נישט־ייִדישע גרויסע און באַדייטנדיקע שעפערישע פרויען, אויף אַלע געביטן פונעם ליטעראַרישן שאַפן; מען געפינט זיי אַפילו ביי פשוטע איינפאַכע אַרבעטער־פרויען, וועלכע פאַרמאָגן גרויס טאַלאַנט און באַגאַבטקייט.

צו דערמאָנען איינע פון אומצייליקע — ראָוז שניידערמאַן, וועלכע האָט אויף איר אופן באַוויזן גאָר אַ סך אַלס „שטורעם־פאַקל", ווי מ'האָט זי גערופן, צו העלפן אָפּשאַפן דעם סיסטעם פון שוויץ־שעפּער („סוועט שאַפּ"); זי האָט אָנגעפירט מיט סטרייקן, מיט קאַמפן פאַר מענטשנרעכט. וואָס פאַר אַ היסטאָרישע פאַרדינסטן אָט דאָס פשוטע מיידל פון פוילן האָט פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג! (געשטאָרבן אין 1972, אין עלטער פון 88 יאָר).

איצט קומען מיר צו אַ נייעם סאָרט שרייבעריי: דעם טעגלעכן קאָלום — „ען לענדערס"! דער דאָזיקער קאָלום, אַ סאָרט „בינטל בריוו" אין ענגליש, ווערט אָנגעפירט פון אַ ייִדישער פרוי אסתּר פּאָולין לעדערער פון שיקאַגאָ און ווערט געלייענט פון צענדליקער מיליאָנען. מען שאַצט, אַז איר קאָלום ווערט געלייענט פון זעכציק מיליאָן מענטשן אַ טאָג אין איבער 800 צייטונגען. זי גיט עצות און דירעקטיוון פאַר פאַרשיידענע מענטשן, אין פאַרשיידענעם עלטער, קורץ און זאַכלעך, ווי אָן „אַלץ־וויסערין" אויף די פאַנטאַסטישע און רעאַליסטישע שאלות און פּראָבלעמען.

די דאָזיקע עצה־געבערין איז די פּאָפּולערסטע פרוי אויפן קאָנטינענט און מען האַלט זי פאַר דער קליגסטער פרוי, וועלכע פירט אָן מיט דער עפעקטיווסטער אַגענטור פאַר סאָציאַלע לייסטונגען. זי איז אַקטיוו אין צענדליקער אינסטיטוציעס, אַריינגערעכנט מעדיצינישע, פּסיכאָלאָגישע, אַזוי, אַז די גרעסטע וואָרט־קינסטלערס, זשורנאַליסטן און פּובליציסטן זענען איר שטאַרק מקנא, אָבער קענען בשום־אופן נישט נאָכטאָן איר סאָרט שרייבן און איר ראַטגעביקייט.

אין פראַנקרייך איז די לעצטע יאָרן געווען באַרימט די שריפטשטעלערין קאָלעט (1873־1954). ביי אייניקע ליטעראַטור־קריטיקערס איז זי באַטראַכט גע־וואָרן פאַר דער וויכטיקסטער פרוי־שרייבערין אין אונדזער צייט. פון אירע צענדליקער נאָוועלן זענען גוט באַקאַנט: „תפיסות און גן־עדן” און „זשיזשי”.

מיר האָבן גאָר אַ גרויסע צאָל פאַרנצייזישע שרייבערינס און מיר וועלן זיך נישט פאַרנעמען אויסצורעכענען אַפילו די מער באַקאַנטע, מיר קענען אָבער נישט פאַרבייגיין און נישט דערמאָנען אַזאַ שריפטשטעלערין ווי מאַדאַם דע סטאַעל (אַננאַ ווייזער־נעקער), די פרוי פון באַראָן דע סטאַעל האָלשטיין (1766־1817) [6].

מען קען נישט דורכלאָזן די באַרימטע שרייבערין זשאָרזש סאַנד (1803־1876), וואָס האָט אָנגעשריבן אַ צענדליק סענטימענטאַלע ראָמאַנען, אין וועלכע זי האָט אַרויסגעוויזן אַ ברייטע פאַנטאַזיע און אַ טיפן פּסיכאָלאָגישן צוגאַנג.

מ׳דאַרף דערמאָנען די באַרימטע פראַנצויזישע שריפטשטעלערין סימאָן דע באָוואָר. די לעבנס־באַגלייטערין פון דעם פילאָסאָף און שריפטשטעלער זשאַן פּאָל סאַרטר, איז פון די איבערגעגעבענע פריינד פון ייִדן און פון ישׂראל — אַן אמתע אוהבת ישׂראל. נישט אומזיסט האָט מען זי באַערט אין ירושלים, בעת איר באַזוך אין ישׂראל.

מ׳דאַרף אויך דערמאָנען די שרייבערין פראַנסואַז סאַגאַן, וועמעס ווערק ס׳זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין צענדליקער שפּראַכן.

באַוווּסט איז די פראַנצייזישע שרייבערין לואיז ווייס — אַ היסטאָריקערין, וועלכע איז מיט אירע ווערק אויך שעפעריש אויפן געביט פון טעאַטער, דראַמע און קינאָ.

גיט מען אַ בליק אין דער רוסישער ליטעראַטור און באַלד שייַנען אויף פּאַר אונדז הערלעכע געשטאַלטן פון שרייבערינס. פון די באַרימטסטע איז אַננאַ אַכמאַ־טאָוואַ (1889־1966), די דיכטערין און ליטעראַטור־פאָרשערין, וועמעס אָריגינע־לער נאָמען איז געווען אַנאַ גאָרענקאָל, די פרוי פון באַרימטן דיכטער ניקאָלאַי גומיליאָוו. ביידע האָבן זיך געזנוג אָנגעליטן אונטערן באָלשעוויסיטשן רעזשים.

איר מאַן איז אין אויגוסט 1921 דערשאָסן געוואָרן אַלס קאָנטער־רעוואָלוציאָנער און איר איינציקער זון איז פאַרשיקט געוואָרן אויף יאָרן, ביז נאָך סטאַלינס טויט. זי אַליין איז צוזאַמען מיטן שרייבער זאָשטשענקאָ פאַרמשפט געוואָרן אויף יאָרן פון שווייגן. זי איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פונעם סאָוועטישן ליטעראַטן־פאַראיין, וואָס דאָס האָט געמיינט, אַז זי קען אין ערגעץ נישט פאַרעפנטלעכן אירע ווערק.

אין דעם שווייגפּעריאָד, האָט זי אָנגעשריבן די רייפסטע ווערק, אויסדריקנ־דיק איר אייגענעם צער און דעם צער פון רוסישן פאָלק און אין אויסלאַנד האָט מען אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן איר ווערק, ווי „פּאָעמע אָן אַ העלד” (1960); „רעקוויעם” (1963) און אַנדערע, אין רוסיש און אין אַנדערע שפּראַכן, אַריינגערעכנט ייִדיש.

אַ צאָל פון אירע לידער אויף ביבלישע טעמעס, האָט איבערגעזעצט מ. ז. טקאַטש און אין זיינע אַריינפירן ווערט געזאָגט: „זי לאָזט זיך אַריין אין די נשמה־לאַבירינטן פון די ביבלישע געשטאַלטן און לעבט זיי אויף פאַר דעם היינטיקן מענטשן".

ס'ווילט זיך דאָ דערמאָנען אַ פּרוי, אַ רוסין, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אומגעוויינלעכער טרייהייט צו איר יידישן מאַן, געווען באַגייסטערט פון זיין טאַלאַנט אַלס יידיש־שרייבער. ווי ס'איז איבערגעגעבן געוואָרן אין אַ גוט־קאָנטראָלירטן, אויטענטישן באַריכט, האָט די רוסיש־סאָוועטישע פּרוי וואַלענטינאַ פּעטראָוונאַ פּרעסוואַטאָווא, די פרוי פונעם דיכטער שיקע דריז, איינגעשטעלט איר לעבן און מיט דער גרעסטער מסירת־נפש אים געראַטעוועט פון סטאַלינס לאַנגן מעסער, בעת דער שחיטה אויף די אָנגעזעענע יידישע שרייבערס און קינסטלערס.

דעם רוצחס טאָכטער, סוועטלאַנאַ אַלעלויעוואַ, האָט אַרויסגעוויזן כאַראַקטער־שטאַרקייט צוצוגעבן, אַז איר פאָטער איז געווען אַ דיקטאַטאָר, אָבער ווי דעם טאַטנס טאָכטער געזוכט אים ריינצווואַשן, דורך געבן אים שותפים צו די פאַרברעכנס, וואָרפנדיק די שולד אויפן סיסטעם, וואָס דערהויבט און שטיצט זיך, פינקטלעכער, האַלט זיך, אויף דעספּאָטן.

אַ גרויסע צאָל פרויען איז אַריין אינעם פאַנטעאָן פון וויסנשאַפטלערס, ליטעראַטן, פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע טוערס און זייער צושטייער צום מענטשלעכן וויסן, קולטור און ציוויליזאַציע איז אָנערקענט און געשעצט.

אייניקע פון זיי האָבן אָבער אַנטוישט מיט זייער טוישן שטעלונגען, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט דאָראָטי טהאָמפּסאָן. זי איז געווען פון די פּאָפּולערסטע שרייבערינס, קאָלומניסטינס אין אַמעריקע. זי האָט געהאַט גרויס איינפלוס, אַ דאַנק איר שאַרפער פען, אין דער פּאָליטיק פון אַמעריקע. זי איז געלייענט געוואָרן פון מיליאָנען. זי האָט אָבער געטוישט נישט בלויז מלבושים — נאָר אידעען: פון אַן עקסטרעם־ליבעראַלער און באַגייסטערטער ציוניסטקע, איז זי געוואָרן רעאַקציאָנער, דערגאַנגען ביז נאַציזם און שנאת ישראל.

אין די ערשטע יאָרן פון איר אויפשטייג אַלס זשורנאַליסטין, פּובליציסטין, איז זי געווען אַ פריינד פון יידן און געשטיצט יידישע איניציאַטיוו; זי איז געווען אַ קעמפערין פאַר דעמאָקראַטיע און פרייהייט פאַר אַלע ראַסן, גלויבנס און אַפילו אָרגאַניזירט אַ „רינג פון פרייהייט". זי האָט געקראָגן הילף פון יידישע אָרגאַניזאַציעס פאַר דער דאָזיקער „ברודערשאַפט"־באַוועגונג, ווי זי האָט עס גערופן. אין יענע יאָרן איז זי געווען אַ קעמפערין פאַר ציוניזם, אַגיטירט פאַר אַ יידישער מדינה אין פּאַלעסטינע. זי איז אויפגעטראָטן אויף אומציילִיקע יידישע קאָנפערענצן, פאַרזאַמלונגען און געזאַמלט פאָנדן פאַר אָט דעם אידעאַל. אַזוי איז עס געגאַנגען עטלעכע צענדליק יאָרן, אָבער פּלוצלינג, ווען דער קאַמף פאַר דער מדינה, האָט אָנגענומען ערנסטע קאָנקרעטע פאַזן מיט דער אַקציע פון לח"י און

אירגון צבאי לאומי, האָט זי עס באַטראַכט פאַר טעראָריזם און געטאַדלט די „לוחמי חרות ישראל" ווי אומפאַראַנטוואָרטלעכע טעראָריסטן. זי האָט דאַן גע־ווידמעט אירע קאָלומס קעגן די דאָזיקע עלעמענטן און באַשולדיקט דעם ישוב אין טעראָריזם קעגן דער מאַנדאַטן־מאַכט און אַזוי איז זי געגאַנגען פון איין שטאַפּל צום אַנדערן, זיך אַראָפּלאָזנדיק צום נידעריקסטן שטאַפּל פון רעאַקציע און שׂנאה צו ייִדן.

אין דער צייט פון איר שאַרפער רעאַקציע, האָט זי זיך פאַרבונדן און געקראָגן די געהעריקע שטיצע פונעם „קאָונסיל פאַר דזשודאַיִזם" און געוואָרן אַן אויסגע־שפּראָכענע אַנטי־ציוניסטקע; געפירט אַ העפטיקע אַגיטאַציע קעגן ציוניסטישע אַספּיראַציעס. אויב פריִער האָט זי געשריבן אין דעם ווייצמאַן־בוך מיט לויב און באַגייסטערונג פאַר ציוניזם און ווייצמאַניזם, האָט זי מיט אַ מאָל געענדערט איר מיינונג און גאָר געשריבן אַן איינלייטונג צו אַ נאַסער־בוך. די צוויי צענדליק יאָר וואָס זי האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ אינטערעס אין ציוניזם, האָט זי מיט איין מאָל אָפּגעווישט און איבערגעריסן מיט אַלע אירע פריינד, וועלכע האָבן זיך אַרויסגע־שטעלט פאַרן ציוניזם. זי איז אָבער געבליבן אין פריינדלעכע באַציִונגען מיט מאיר ווייסגאַל, און ווי ער גיט איבער אין זיינע זכרונות [7], האָט זי געהאַט חרטה, אָבער שוין צו שפּעט — זי איז געוואָרן געהאַסט נישט בלויז ביי ייִדן, וועלכע האָבן אין איר געזען אַן אויסגעשפּראָכענע אַנטיסעמיטקע, נאָר ביי אַלע ליבעראַלע עלעמענטן, ייִדן און נישט־ייִדן. זי האָט — לויט ווייסגאַלס ווערטער — אימפּולסיוו געוואָלט ענדערן דעם קורס, אָבער צו שפּעט. זי איז געשטאָרבן עלנט און פאַרלאָזן ביי איר זון אין שפּאַניע.

צו די פּאָפּולערע שרייבערינס קענען צוגערעכנט ווערן, די דייטשע שריפט־שטעלערין אסתּר ווילאַר, די שרייבערין וועלכע שטעלט זיך גאָר איין פאַר די מענער אין דער מערב־וועלט. זי האַלט, אַז אין דער מערב־וועלט איז דער גורל פון דער פרוי אַ סך בעסער ווי דער גורל פון די מענער... זי איז, ווי מ׳גיט איבער, אַ 39־יאָריקע גרושה, אָבער שטעלט זיך איין פאַר די מענער און האָט נישט קיין מורא פאַר דער ווייבלעכער קריטיק.

דאָריס לעסינג, אַ ענגלישע שריפטשטעלערין, האָט גאָר שטאַרק מצליח געווען מיט איר ווערק „די זכרונות פון אַן איבערגעבליבענעם", ווי אַזוי אַ מאָהיקאַנער פון אַ פריִערדיקן דור זעט דעם היינטיקן און דעם נאָענטן צוקונפט פון ענגלאַנד — אַ צוריקקער צום פרימיטיוון אַמאָל. די קריטיק פאַרגלייכט איר שרייבן צו די ראָמאַנען פון דזשאָרדזש עליאָט.

אין אירלאַנד איז לעצטנס געשטאָרבן, אין עלטער פון 97 יאָר, שינאַר דע וואַלעראַ, די פרוי פונעם געוועזענעם פרעזידענט, אַ שרייבערין אין דער גאַליק־שפּראַך, וואָס איז געווען זייער פּאָפּולער אין אירלאַנד.

מיר שפּרינגען אַריבער קיין פּוילן און ווי געוויינלעך טרעפן מיר אַ גרעסערע ריי פון שריפטשטעלערינס: י. ק. אילאַקאָוויטש — די האַרציקע באַזינגערין פון אומעט און עלנט. זאָפיאַ נאַלקאָווסקאַ — די שריפטשטעלערין וואָס האָט איינס פון אירע ווערק אַ נאָמען געגעבן: „פּרויען" און פאַרשטייט זיך — די צוויי גרויסע נעמען: עליזאַ אָזשעשקאָ און מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ — ביידע, באַליבטע ביי ייִדן און נישט־ייִדן.

דוד פרישמאַן דריקט זיך אויס וועגן אָזשעשקאָ:

„...אונדזער גרעסטער פּאַרטיידיקער אין דעם דאָזיקן לאַנד...

„זי האָט נישט געהאַט אין זיך — שרייבט ער — דאָס געניאַלע פון אַ זשאָרזש סאַנד, נישט דאָס טיפקייט... פון אַ דזשאָרדזש עליאָט... עטוואָס מוטערלעכקייט האָט זי געהאַט אין זיך, עטוואָס פון אַ פאַרזאָרגערין, וועלכע פאַרזאָרגט אַלע אירע קינדער...

„איינע פון די לעצטע איז זי געווען, וועלכע זענען אונדז איבערגעבליבן פון דער גוטער אַלטער צייט; אַ פּוילישע נשמה מיט די אידעאַלן פון די זעכציקער יאָרן. אַלע זענען ברידער, אַלע זענען גלייך, אַלע זענען עלנט... און געגלויבט האָט זי אין די דאָזיקע אידעאַלן... ווי עס גלויבט אַ קינד..."

און פרישמאַן פירט אויס:

„מיר ייִדן וועלן קיין מאָל נישט פאַרגעסן, וואָס די דאָזיקע פרוי האָט פאַר אונדז געטאָן. עליזאַ אָזשעשקאָ איז די ערשטע צווישן דער פאַמיליע שריפטשטע־לערס וואָס האָט דעם ייִד באַהאַנדלט אַלס מענטש מיט אַ מענטשלעכער נשמה..." [9]

מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ ווערט באַטראַכט פאַר די איידלסטע און בעסטע פון די איידעלע נשמות אין פּוילן. זי איז געווען, ווי מ'האָט געשריבן וועגן איר, אַ זינגעוודיקער שטערן און פון די ליכטיקסטע געשטאַלטן אין דער ריי פון סלאָוואַצקי און מיצקעוויטש.

אַלס מענטש איז זי געווען פון די געציילטע מיטן וווּנדערלעכן געפיל פאַר יושר [9].

דוד פרישמאַן שרייבט וועגן איר, אַז זי איז געווען די אמת גרויסע דיכטערין מיט אַלע אַטריבוטן פון אַ גרויסע שריפטשטעלערין.

מאַריאַ וואַסילאָווסקאַ, ווי איר מיידלשער נאָמען איז געווען, איז געבוירן געוואָרן אין 1842, אָדער אין 1846 אין סוּוואַלק. איר פאָטער איז געווען אַן אַדוואָ־קאַט. אין פריסטן עלטער איז זי געקומען קיין וואַרשע און אין אָנהייב זיבעציקער, געוואָרן אַ שרייבערין. אין יאָר 1890 איז זי געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן פּוילן און אָנגעהויבן פירן אַ וואַנדער־לעבן און אַזוי געלעבט ביזן לעצטן טאָג פון איר לעבן. זי איז געשטאָרבן אין עלטער פון 64 יאָר. אין איר „מענדל גדאַנסקי" דער־ציילט זי פון ייִדישן לעבן מיט אַזוי פיל פאַרשטענדעניש, מיטגעפיל און סימפּאַטיע.

זי האָט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל אינטערעס אין ייִדן, אַז זי האָט זיך באַטייליקט אינעם צווייטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל. זי האָט באַוווּנדערט ווי ייִדן אָרגאַניזירן זיך אַלס פאָלק וואָס פאַרנעמט זיך מיט פּאָליטישער אַקציע פאַר שיבת ציון [10].

אין עלטער פון צוואַנציק יאָר, איז זי געוואָרן די פרוי פון יאַראָסלאַוו קאָנאָפּ־ניצקי — אַ גרויסער לאַנד־באַזיצער. זי האָט געהאַט כּל־טוב אין דעם שליאַכטישן הויף, אָבער זיך געפילט פרעמד און פאַראיינזאַמט. די דערצויגענע אין אַ שטוב פול מיט ביכער (די מוטער איז איר יונג געשטאָרבן, ווען זי איז נאָך אַ קינד געווען) איז זי געווען אַ ליבהאָבערין פון פּאָעזיע און שיין־ליטעראַטור. זי האָט זיך בשום־אופן נישט געקענט צופּאַסן צום הוילן פּריצישן לעבן פון שכּרות און הוליאַנקעס.

שוין אין אירע ערשטע געדרוקטע זאַכן, אין די יאָרן 1876־1877, פילט זיך איר זאָרג פאַר דעם שווערן גורל פון פּוילישן פּויער ; איר פּראָטעסט קעגן די צאַרישע סאַטראַפּן און נישט ווייניקער איר באַוווּנדערן די שיינקייט פון דער נאַטור און די פרייהייט פון לעבן. ווי האָט זי זיך געקענט צופרידנשטעלן אינעם תחום פון פּריצישן הויף ? איז זי אַוועק מיט אירע קינדער קיין וואַרשע און זיך פונאַנדערגעגאַנגען מיט איר מאַן, אים אַפילו באַפרייט פון אויסהאַלטן די קינדער. דאָס זענען געווען פאַר איר שווערע יאָרן, געליטן הונגער און נויט אָבער אַלץ פאַר ליב גענומען, וויסנדיק אַז איר שרייבן ברענגט נוצן דעם פּוילישן פאָלק און דער מענטשהייט בכלל. זי איז אונטער די דאָזיקע אומשטענדן געווען זייער שעפעריש און איינס פון אירע ווערק „יאַש האָט זיך נישט דערוואַרט" איז דאַן דערשינען און שטאַרק אויסגענומען ביי דער קריטיק.

אין אירע ווערק, ווי געזאָגט, קריטיקירט זי די אָרדענונג וואָס דערלאָזט אָרעמקייט און פאַרשקלאַפונג פונעם אַרבעטסמענטש. אין איינעם פון אירע ווערק, האָט זי אַרויסגעבראַכט די באַפרייונגס־באַגערן פון די פּוילישע פאָלקסמאַסן אין דעם רעוואָלוציאָנערן אויפברויז פון 1905. „פּאַן באַלצער אין בראַזיליע" איז געוואָרן די עפּאָפּייע פון דער רעוואָלוציע און דעם קאַמף פון פּראָלעטאַריער אומעטום. אין „מענדל גדאַנסקי" טרעט זי שאַרף אַרויס קעגן די אַנטיסעמיטן און פּאָגראָמשטשיקעס. זי פאַרטיידיקט ייִדן־רעכט און באַוווּנדערט דעם אַלטן ייִדישן האָרעפּאַשניק, דעם איינבינדער מענדל גדאַנסקי. זי וועקט דעם געפיל פון מענטשן־ליבע — דעם געפיל פון אמת און גערעכטיקייט.

פון די לעצטע, אָנגעזעענע פּוילישע שריפטשטעלערינס איז געווען וואַנדאַ וואַסיליעווסקאַ (געבוירן אין קראָקע, פּוילן, 1900 ; געשטאָרבן אין קיִעוו, 1964). זי איז געווען באַקאַנט אַלס פילאָלאָגין, פאַרשערין און שרייבערין פון גרויסן

פאַרנעם. זי איז אויך געווען אַ רעוואָלוציאָנערין, אַ קעמפערין קעגן פוילישן פאַשיזם.

אין צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז זי אָנגעקומען אינעם סאָוועטישן לוואָוו (לעמבערג), שפּעטער אין רוסלאַנד, געווען טעטיק צווישן דער פוילישער אימיגראַציע, געטאָן וואָס נאָר מעגלעך עס איז געווען פאַר די פוילישע בירגער, יידן אַריינגערעכנט, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט פונעם נאַצישן גיהנום און געוואָרן פליכטלינגע אין רוסלאַנד.

זי האָט זיך סאָוועטיזירט, געבליבן אַ סאָוועטישע בירגערין ביזן סוף פון אירע טעג.

קלאָר איז, אַז ווען מען רעדט וועגן פּרויען שרייבערינס, קומט באַלד אויפן זכּרון די דייטש־יידישע דיכטערין נעלי זאַקס (1970־1891) וואָס האָט אין 1966 געטיילט דעם נאָבעל־פּרייז מיטן גרויסן יידישן שריפטשטעלער ש"י עגנון. אירע לידער זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין אַ צאָל שפּראַכן, אַריינגערעכנט יידיש און העברעיִש.

אַן אָפּשטאַמיקע פון אַ רייכער אַסימילירטער משפּחה אין בערלין, איז זי ביזן אויפקום פון נאַציזם געווען ווייט פון יידן און יידישקייט. נאָכן חורבן, איז זי געוואָרן די באַוויינערין פונעם חורבן און ווי זי אַליין האָט זיך אויסגעדריקט, האָט זי געפילט, אַז „זי רעפּרעזענטירט די טראַגעדיע פון יידישן פאָלק".

מיט אַ צוויי הונדערט יאָר צוריק, מיטן אויפקום פון דער יידישער עמאַנציפּאַציע, האָבן יידישן טעכטער פאַרלאָזט זייער שטאַם און אָפּגעוואָרפן פון זיך די גרויסע גייסטיקע ירושה פון זייער פאָלק און געזוכט די פולע דערנענטערונג מיט דער דייטשער אינטעליגענץ — זיי האָבן זיך עמאַנציפּירט פון יידישקייט.

אין אונדזער דור, שוין נאָך צענדליקער יאָרן פון עמאַנציפּאַציע און קאָסמאָפּאָליטישן גייסט, קערן זיך אום באַגאַבטע יידישע טעכטער צו זייער שטאַם און ווידמען זייערע שעפערישע כּוחות, דעם יידישן גייסט, דער יידישער טראַדיציע, דעם יידישן מענטש.

אין אונדזער ווערק וועגן דער „באַציִונג צו דער פרוי", האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אויספירלעכער, וועגן דער אַסימילירטער יידישער טאָכטער אין דייטשלאַנד. מיר האָבן אָנגעוויזן, אַז ווען די געטאָ־באַריערן זענען אַוועקגענומען געוואָרן, זענען די מענדעלסאָן־טעכטער, ווי טעכטער פון אַנדערע יידישע גבירים, יידישע אינטעלעקטואַלן אַוועק אויף פרעמדע וועגן און געגאַנגען אַזוי ווייט ביז שמד, כּדי צו געפעלן ווערן דער דייטשער עליטע, די דייטשישע שיין־גייסטער.

די „אויפקלערונג־באַוועגונג" פון יענער תּקופה האָט אַוועקגעפירט יידישע טעכטער צום שמד, צום קריסטנטום. די אויפקלערונג פון אונדזער צייט, ברענגט צוריק יידישע טעכטער צו זייער אָפּשטאַם, צו דער יידישער רעליגיע, צום יידישן

נאַציאָנאַליזם. דאָס געהערט שוין צו גאָר אַן אַנדער טעמע און מיר דאַ, ווילן בלויז אַ שפּאַציר טאָן אינעם וויינגאָרטן פון פרויען־שעפערישקייט.

אין אַמעריקע — און נישט ווייניקער אין אַנדערע לענדער איז אַנזעעוודיק די צאָל ייִדישע פרויען, וועלכע ווידמען זיך דער איבערזעצונג פון דער ייִדיש־קלאַסישער ליטעראַטור. העלענאַ פראַנק, אַ נישט־ייִדישע שרייבערין, האָט איבער־געזעצט שאַפונגען פון י. ל. פּרץ און אַנדערע ייִדיש־קלאַסיקער.

רות ווייס, אַ פּראָפעסאָרין אין מ׳גיל אוניווערסיטעט (מאָנטרעאָל) האָט גאָר אַ סך בייגעשטייערט צו די איבערזעצונגען אין ענגליש פון י. מ. ווייסענבערגס „שטעטל״; פון דוד בערגעלסאָנס „אָרום וואָקזאַל״; פון יוסף אָפּאַטאָשוס „ראָמאַן פון אַ פערד־גנב״; ש. אַנסקיס „אונטער אַ מאַסקע״ און נאָך און נאָך זאַמלונגען פון קינסטלערישע מוסטערן פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

מיר האָבן נישט ווייניק פרויען־עקספּערטן אין איבערזעצן פון העברעיִש אין אַנדערע אייראָפּעיִשע שפּראַכן. פרויען שרייבערינס זענען פאַרוואָרצלט אין ליטע־ראַרישן שאַפן נישט ווייניקער ווי מענער און זייער בייטראָג צו קונסט אויף אַלע געביטן, צו מחשבה, וויסנשאַפט און פירערשאַפט איז נישט ווייניקער אַנזעעוו־דיק.

לאָמיר אויך דערמאָנען אַזאַ שרייבערין ווי חנה אַרנדט, נישט געקוקט וואָס מיר זענען נישט מסכּים מיט איר קוק וועגן אומקום פון ייִדן אונטער די נאַציס, אַז זיי האָבן זיך געלאָזט פירן ווי שאָף צו דער שחיטה — איר טאַלאַנט ווערט אָבער נישט אָפּגעפרעגט.

אויך דרום־אַפריקע האָט געגעבן סיי דער ייִדישער, סיי דער העברעיִשער ליטעראַטור אַ צאָל פרויען שרייבערינס — און נישט ווייניקער אין דער לאַנד־שפּראַך. איינע פון די דאָזיקע, איז לאה בראַנער, אַ מלומדת אין אַלזייטיקן און אין ייִדישן וויסן. זי האָט שוין פאַרעפנטלעכט אַ צאָל ווערק וועגן דער תּקופה פון בית שני און אויף אַנדערע ליטעראַריש־היסטאָרישע טעמעס.

אויך ביי די אַראַבער האָט זיך לעצטנס אַרויסגעכאַפּט אַ פרוי שרייבערין, פאַטמאַ דיאַב איז איר נאָמען, און זי שילדערט דאָס פאַמיליע־לעבן ביי די אַראַבער, אין אַן אָפּגעדעקטן שלייער. זי דעקט אויף די געהיימנישן ביי די אַראַבער־משפּחות, דערציילט סודות פונעם סעקסועלן לעבן און גיט איבער, אַז ביי זיי איז עס אַן אָפּטע דערשיינונג אַנצוהאַלטן סעקסועלע אינטימע באַציִונגען צווישן די נאָענטסטע. זי איז דערפאַר געטאַדלט געוואָרן פון אירע עלטערן און גערודפט ביי אירע באַקאַנטע פאַר אויסזאָגן אַזעלכע סודות אונטערן שלייער פון פאַרדעקטקייט.

**ד. שרייבערינס אין יידיש און אין העברעיש. — אין מאָדערנער פּאָעזיע און אין פּראָזע. — די מאַמע-ראָל אין דער מאָדערנער יידי-שער ליטעראַטור.**

דער צושטייער פון דער יידישער פרוי צו דער יידישער און העברעישער ליטעראַטור איז, ווי געזאָגט, גאָר גרויס, באַזונדערס אין פּאָעזיע. אין „באַציונג צו דער פרוי" האָבן מיר, וואָס אַן אמת, זיך באַמיט צו געבן אַ גרעסערע רשימה, אָבער — צוליב פאַרשטענדלעכע סיבות — נישט געקענט דערפילן דעם ווונטש. מיר האָבן אָנגעוויזן אויף די אַנטאָלאָגיעס פון ע. קאָרמאַן און י. זמורה: דער ערשטער וועגן דיכטערינס אין יידיש און דער צווייטער — וועגן פּאָעטינס אין עברית. דאָ און דאָרט האָבן מיר צוגעגעבן צופעליקע און אַ צאָל נישט־צופעליקע פרויען שריי־בערינס.

אין דער צייט פון מיין שטודיע און פאַרשאַרבעט איז צוגעקומען אַ וויכטיקע אַנטאָלאָגיע: „די פרוי אין דער יידישער פּאָעזיע". דער מחבר־רעדאַקטאָר, שמואל ראָזשאַנסקי האָט צוזאַמענגענומען אַ גרויסע צאָל פּאָעטישע שאַפונגען פון דער פרוי און פּאָעטישע שאַפונגען וועגן דער פרוי [1]. דאָס קול פון דער פרוי, ווייזט זיך אַרויס, איז געווען שטאַרק אינעם כאָר פון מאַנסליט פּאָעטן.

ש. ראָזשאַנסקי גיט איבער, אַז איבער הונדערט דיכטערינס האָבן זיך באַוויזן אין דער יידישער פּאָעזיע אין דער ערשטער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונ־דערט. ער האָט אויסגעקליבן בלויז אַרום פערציק פאַר זיין אַנטאָלאָגיע, דורכ־לאָזנדיק די שוואַכערע, די וועלכע האָבן זיך באַוויזן איינמאָליק און נאָך דעם שטיל געבליבן. אין אונדזער רשימה, זאָל זיין אַ צופעליקע, ווערן יאָ דערמאָנט די שטילינקע, מאָמענטאַלע, שוואַכערע, ווייל אַ ליטעראַטור קאָן נישט עקזיסטירן מיט לויטער שטערן. ס'דאַרפן געהערט ווערן אַפילו די וועלכע געהערן צום שוואַכערן ראַנג, ווען אַפילו זייער קול איז שוואַך און ווערט קוים דערהערט.

עס האָט נישט קיין זין אָנצוגיין מיט אויסרעכענען נעמען, ווייל ס'איז אומ־מעגלעך צו געבן אַ פולע רשימה. דערצו, דאַרף מען וויסן, אַז אויסער דיכטערינס און דערציילערינס, זענען יידישע פרויען גוטע מעמואַריסטינס און צייכענען זיך גאָר באַזונדערס אויס אין באַשרייבן איבערלעבונגען, גאַנץ ספּעציעל פון דער חורבן־תקופה, פרויען האָבן איבערגעגעבן גענויע פּרטים פון מענטשלעכער בעס־טיאַלישקייט, סאַדיזם. יונגע מיידלעך, ממש קינדער, זענען רייף געוואָרן צו זען, צו אָבסערווירן און צו דערציילן, ווי עדי־ראיה, זייערע איבערלעבענישן.

מיט אַ יאָר צוריק איז דערשינען ביים „יד ושם" אַ טאָגבוך געשריבן דורך אַ קליין מיידל אין אונגאַרן, עווא היימאַן, אַ מיידל פון אַרום דרייצן יאָר, וואָס האָט באַוויזן גייסטיקע רייפקייט.

מיט גרויס טאַלאַנט האָט זי פאַרצייכנט אירע פּערזענלעכע איבערלעבונגען במשך דריי חדשים (פון 13טן פעברואַר ביזן 30סטן מאַי 1944), בעת איר געגנט איז געווען אָקופּירט פון די דייטשן. אַ חודש שפּעטער איז זי אָפּגעשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ, ווו זי איז אומגעקומען.

איר טאָגבוך איז געשריבן אין אונגאַריש — דאָס לשון פון אירע אַסימילירטע עלטערן — אָבער מיט אַ שטאַרק יידישן געפיל פון אַ יידישער טאָכטער אין אַ יידישער סביבה, ביי נאַציאָנאַל־יידישע עלטערן. דאָס בוך איז אַרויס אין העברעיש.

אַזעלכע זכרונות־ביכער פון פרויען האָבן מיר צענדליקער. גרויס און לאַנג איז די רשימה און מען קען זי געפינען אין די אַנטאָלאָגיעס פון דער חורבן־ליטעראַטור.

צו די דאָזיקע געהערט דאָס לעצטנס דערשינענע ווערק פון דער באַרימטער שרייבערין רחל אויערבאַך: „וואַרשעווער צוואות" [2].

מיר האָבן דאָ אַן אויטענטיש־דאָקומענטאַריש־וויסנשאַפטלעך — און דערצו קינסטלעריש ווערק וועגן דעם וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין געטאָ וואַרשע, אין די גורל־ און גרויל־יאָרן 1939־1943. עס איז פון די אויסגעצייכנטע דאָקומענטן ווי אַ שרייבער דריקט זיך אויס, „אַ טרויער־כראָניק וועגן אומקום פון די יידישע שרייבערס און קינסטלערס אין וואַרשע".

רחל אויערבאַך איז באַקאַנט פון אירע שאַפונגען פאַר און נאָך דער מלחמה. אין אירע „וואַרשעווער צוואות" גיט זי איבער נישט בלויז פונעם זכרון, נאָר דער עיקר פון נאָטיצן וואָס זי האָט פאַרצייכנט „בסודי־סודות אין טיפער איינזאַמקייט, אין אַן אָפּגעזונדערט צימערל פון אַ האַלב־דייטשישער דירה" [3]. דאָס איז אַ קלאַסיש ווערק, ליטעראַריש־קינסטלעריש אָבער קאָנטראָלירט מיט גענויע פאַקטן, מיט אָנגעגעבענע ביבליאָגראַפישע אָנמערקונגען צו באַשטעטיקן די פאַקטן. מיר האָבן פאַר זיך נישט בלויז אַ פרוי־שרייבערין „אוד מוצל מאש", נאָר אַ ספר „מוצל מאש", אַ שרייבערין, וועמעס צושטייער צו דער פאַרש־ליטעראַטור איז אומבאַדייטנדיק גרויס און וויכטיק און נאָך וויכטיקער איז דער דאָזיקער ליטעראַרישער בייטראַג, ווען מיר ווייסן, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ ווערק פון אַ פרוי, מיט אַן אויסערגעוויינלעכן זכרון — אַ לעבעדיקע ענציקלאָפּעדיע פון דער גייסט־רייכער וואַרשע.

„רחל אויערבאַך — שרייבט מלך ראַוויטש — ווער קען נישט דעם נאָמען? דער וואָס איז נאָר אין אַ נאָרמאַלער מאָס באַהאַוונט אין דער געשיכטע פון דריטן חורבן, דעם איז דער נאָמען גוט באַקאַנט... און רחל אויערבאַך דערציילט מיט אַן אַ שיעור אמת און נאָר דעם אמת, וואָס אַ האַרציקע נשמה קען מיטפּילן..." [4]

דער צושטייער פון דער פרוי צו דער חורבן־ליטעראַטור איז, ווי געזאָגט, אומגעהויער וויכטיק: דאָס זענען באַשרייבונגען פון זייערע איבערלעבענישן אין

די גיהנום־לאַגערן, פון זייערע ליידן אַלס פליכטלינגען אין סאָוועטישע לאַגערן. מיר קאָנען אָבער נישט אויסרעכענען אַלע פרויען, וועלכע האָבן באַשריבן זייערע איבערלעבונגען. מיר וועלן דערמאָנען בלויז אייניקע:

רחל ה. קאָרן איז אָנערקענט אַלס וואָרט־מייסטער אין פּאָעזיע און אין פּראָזע. זינט איר באַנד לידער „דאָרף״ (1928) און זינט אירע דערציילונגען „ערד״ (1936) פאַרנעמט זי אַ חשוב אָרט ביים אויבנאָן פון יידיש־ליטעראַרישן שאַפן. אַ פּאָעטין און אַ דערציילערין, אַ מאַלערין פון נאַטור, מענטש און שטייגער, קען זי זיך פאַרגלייכן מיט די גרויסע מייסטערס פון יידישן וואָרט.

זי האָט דורכגעמאַכט צען יאָר פון וואָגלעניש, הונגער, נויט און פּיין, ביז זי איז נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה געקומען קיין קאַנאַדע, זיך באַזעצט אין מאָנטרעאָל און דאָ זיך באַוויזן אַלס מייסטער פון וואָרט אין דער נייער תקופה פון איר שעפערישקייט. אירע לידער זענען פון געלייטערטסטן סאָרט און אירע דערציילונגען פון אָרגינעלסטן אופן פון שילדערן.

חוה ראָזנפאַרב, די צווייטע שרייבערין, איז געקומען קיין מאָנטרעאָל מיטן אימיגראַציע־שטראָם נאָכן חורבן. אַ געראַטעוועטע פונעם נאַצי־גיהנום, באַשרייבט זי, אין ליד און אין ראָמאַן אירע איבערלעבונגען, אַזוי אין „די באַלאַדע פון נעכטיקן וואַלד״, אַזוי אין איר טאָגבוך, אַזוי אין דער דראַמע „דער פויגל אין געטאָ״ און אַזוי אין אירע אַנדערע ווערק.

אין ישׂראל האָבן מיר שרייבערינס וועלכע האָבן בייגעשטייערט צו דער חורבן־ליטעראַטור: מרים בר (באַר), זי באַשרייבט אירע ליידן און ראַנגלענישן אין וויטן סיביר. „לילות טשקנט״ (נעכט אין טאַשקענט) איז אַ דאָקומענט וואָס וועט בלייבן לדורות אין דער יידישער געשיכטע.

לאה צריס דערציילונגען פון צביה ווילדשטיין „מתופת אל תופת״ (פון גיהנום צו גיהנום) איז נאָך אַ צושטייער צו די טראַגישע איבערלעבענישן פון דער יידישער פרוי אין צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

די נישט לאַנג פאַרשטאָרבענע מנוחה אַלפּערין, וואָס האָט זיך געװנוג אַנגעליטן אין צייט פון קריג, שילדערט אירע איבערלעבונגען אין אַ בוך א״נ „אונטער פרעמדע און אייגענע הימלען״. אַ בעלעטריסטין מיט אַ דיכטערישער נשמה, שילדערט זי דעם וואַנדערוועג וואָס זי האָט דורכגעמאַכט, ביז זי איז מיט דער „נגבה״־שיף אָנגעקומען קיין ישׂראל.

אַ גרויסע צאָל געראַטעוועטע פון די לאַגערן דערציילן פון זייערע איבער־לעבענישן, ווי רייזל קאָרטשאַק אין „להבות באפר״ און אַנדערע. די גאָר לעצטע פון אָט דעם סאָרט מעמואַריסטיק, איז דאָס בוך „אַניאַ״ אין ענגליש. די שרייבערין סוזאַן פראָמבערג־שייפער באַשרייבט די ליידן פון אַ מיידל אין די יאָרן פון דער

צווייטער וועלט־מלחמה אין ווילנע און וואַרשע. לויטן אָפּרוף פון דער קריטיק, איז עס אַ וויכטיקער צושטייער צום לא תשכּח פון חורבן אייראָפּע.

מיר האָבן אַ גאָר רייכע זכרונות־ליטעראַטור פון פרויען. אַ צאָל פון אָט די ווערק שילדערן זייערע גרויסע און באַרימטע מענער. די ווייבער באַמיִען זיך צו אַנטפּלעקן די אינטימסטע סודות פון זייער צוזאַמענלעבן און דערמיט שטעלן אַ מאָנומענט זייערע מענער. ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, האָבן מיר זכרונות־ביכער פון אַלגעמיינעם פאַרנעם און אין אַלע לשונות. גרויס איז די צאָל פון פרוי־מעמואַריסטיק אין לשון־קודש, אין עברית און אין ייִדיש — און ס׳וואָלט זיך געלוינט אַריינצודרינגען טיפער אין אָט דעם סאָרט ליטעראַטור — אָבער דאָס געהערט שוין צו אַ באַזונדערער שטודיע. מיר וועלן דערמאָנען בלויז אייניקע.

נאַדיעזשדאַ מאַנדלשטאַם, די אַלמנה פונעם גרויסן רוסיש־ייִדישן פּאָעט, אַ קרבן פון סטאַלינס ממשלה, אין 1938, דערציילט אין אירע מעמואַרן די ליידנס־געשיכטע פון אַ מענטשן וואָס האָט זיך מקריב געווען פאַר רוסלאַנד און האָט אַ סך בייגעשטייערט צו דער רוסישער ליטעראַטור. אַ געבוירענער אין וואַרשע (1891), ביי ייִדישע גבירישע עלטערן, האָט אָסיפּ מאַנדלשטאַם פאַרלאָזט זיין רייכע היים, זיינע עלטערן, אַוועק קיין רוסלאַנד, פאַרליבט געוואָרן אין דער רוסישער ליטע־ראַטור און קולטור, אויף אַזוי ווייט ביז שמד. זיין ווייב, נאַדיעזשדאַ, איז אויך געווען פון ייִדישן אָפּשטאַם, אָבער שטאַרק רוסיפיצירט, נאָכגעגאַנגען דעם באַלשעוויזם. דאָס האָט אָבער נישט געהאָלפן: זיי האָבן פאַרלוירן דעם חן ביי סטאַלינען און זיינע מיטהעלפערס; פריִער יאַגאָדאַ, דערנאָך די אַנדערע האָבן זיך גענומען צו אים און האָבן שוין געפונען אויסריידן פאַר מאַנדלשטאַמס אַרעסט און אומקום... די אלמנה באַשרייבט מיט דער גרעסטער פּיעטעט די לעבנס־געשיכטע פון איר גרויסן מאַן און זיין ליידנסוועג אונטערן סטאַליניזם.

אין דער ריי פון ייִדישע פרויען דערציילערינס און זכרונות־באַשרייבונגען דאַרף דערמאָנט ווערן לילי בערגער. אין איר ראָמאַן „צווישן שטורעמס״ שיל־דערט זי די טראַגעדיע פון קאָמוניסטן, וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט פון סאָוועט־רוסלאַנד קיין פּוילן, מיט דער האָפענונג אָנצוהייבן אַ ניי לעבן, צוזאַמענ־שטעלן אַ נייעם ייִדישן ישוב און ווי אַנטוישט זיי זענען געוואָרן!

אסתּר ראָזנטאַל־שניידערמאַן אין איר ווערק „נפתולי דרכים״ (פאַרפּלאָנטערטע וועגן) שרייבט וועגן אַנטיסעמיטיזם אין דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, נאָך אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן. ווי אַ געוועזענע געטרייע קאָמוניסטקע, ווייסט זי וואָס צו דערציילן און ווי אַזוי צו דערציילן. זי ווייסט וואָס ייִדישע קאָמו־ניסטן האָבן געהאַט אויסצושטיין אין זייער אייגענער פּאַרטיי — די פּאַרטיי וואָס האָט זיך געדאַרפט האַלטן ביים לעניניזם, באַקעמפן אַנטיסעמיטיזם און

ראָסנהאָס — אָבער האָט גאָר אָנגעהאַלטן אין אירע רייען אַנטיסעמיטישע פירערשאַפט.

די ווערק פון פרויען אויפן געביט פון זכרונות און לעבנס־באַשרייבונגען זענען וויכטיק פאַר דער ייִדישער און אויך פאַר דער אַלגעמיינער געשיכטע. אַזוי דאָס ווערק פון גליקל פאָן האַמלען[5] און אַזוי די קלענערע מעמואַר־ווערק, הן די פונעם אַמאָל הן די פונעם נאָענטן עבר, ביז דיליידנס־באַשרייבונגען אונטער די נאַצי־ברוטאַליטעטן.

דאָס ווערק פון דער וולאָצלאַוועקער צעציליאַ שטיקגאָלד, טאָכטער פון ר׳ יוסף יצחק זעליק קאַראָ (באַוווּסטער רב פון וולאָצלאַוועק, פוילן, מחבר פון וויכטיקע ספרים, ווי „טבח והכן" וועגן שחיטה ובדיקה; „קול אומר קרא", „יורה ומלקוש" (דרשות און הספדים און אַנדערע ספרים) — איז וויכטיק הן פאַר ייִדישער קולטור־געשיכטע און הן פאַר דער אַלגעמיינער געשיכטע פון ייִדן אין פוילן[6]. צעציליאַ שטיקגאָלד דערציילט פונעם לעבן אין וולאָצלאַוועק, אין צייט פון פוילישן אויפ־שטאַנד, אין 1863, און די קאָנסעקווענצן פונעם דורכגעפאַלענעם אויפשטאַנד, ווען דאָס צאַרישע רוסלאַנד האָט זיך גענומען אונטערדריקן פוילן און זי פאַר־וואַנדלען אין אַ רוסישער פּראָווינץ. זי דערציילט וועגן איר שטעטל, וועגן איר פאָטערס שתדלנות. אויפן פאָן פון אלגעמיינעם מצב אין יענער תּקופה עפנט זי אַ ברייטע טיר צום באַקענען זיך מיטן אויסזען פון דעמאָלטיקן ייִדישן ישוב, די פּראָבלעמען פאַר ייִדן, נאָכן קעניגלעכן דעקרעט, וואָס האָט פאַרווערט ייִדן צו וווינען אין באַשטימטע שטעט — דאָס געזעץ, וואָס איז באַקאַנט מיטן נאָמען Non tolerandis judaeis — נישט טאָלעראַנץ צו ייִדן.

פון אַן אַנדערן כאַראַקטער — אָבער אויך וויכטיק אויף צו באַקענען זיך מיט ייִדישן לעבן אין פוילן — זענען די באַשרייבונגען פון „אַ רבישע היים אין אַמאָליקן פוילן" פון איטע קאַליש[7]. זי שילדערט די ווורקער דינאַסטיע, די רביים, אָפּשטאַמיקע פון חסיד־און־צדיק ר׳ שמעון בעל רחמנות. זי שילדערט שיין און ערלעך, אי די רביים און אי די רביצינס, אַנהייבנדיק פון איר אור־אור עלטער־זיידע, ר׳ יצחק ווורקער, וואָס אין פשיסכע האָט מען אים גערופן „דער שוואַרצער יצחק". זי גיט אַן איר ווערסיע, פאַר וואָס מ׳האָט אים, דעם מזג־טוב, אַזוי גערופן. ר׳ יצחק ווורקער, דער פאָטער פון ווורקער, אַמשינאָווער, סקערניעוויצער און אַ צאָל אַנדערע אדמו״רים־דינאַסטיעס, איז געווען דער גרויסער אוהב ישׂראל שתדלן ביי מלכות פאַר פוילישע ייִדן.

אַזעלכע באַשרייבונגען זענען אַן אוצר פון היסטאָריאָגראַפיע, פון ליטעראַרישן ווערט, פון באַקענען זיך „אינעווייניק" מיטן לעבן אין די חסידישע הייף, די שידוכים, די אידילישע ריינקייט און נאַיִוקייט — די נשמה פון פוילישן ייִד.

הינדע בערגנערס משפּחה־זכרונות, „אין די לאַנגע ווינטער־נעכט״, ברענגט אונדז אַ קאַפּיטל ייִדיש לעבן פֿון אַן אַנדער ווינקל. די מאַמע פֿון מלך ראַוויטש און פֿון הערץ בערגנער, אַן אינטעליגענטע באַלעזענע פֿרוי, מיט שרייבערישע פֿעיִקייטן, באַשרייבט פֿאַמיליע־כראָניק, ייִדיש לעבן אינעם שטעטל רעדים און מיר באַקענען זיך אַ דאַנק איר מיט ייִדיש לעבן אין גאַליציע. אויב אירע באַשרייבונגען וועלן נישט פֿאַרנעמען דאָס אָרט פֿון אַ גליקל האַמיל, ביים סוף פֿון 17טן י״ה, אין דייטשלאַנד, איז עס נישט צוליב שרייבערישן טאַלאַנט, נאָר ווייל דער ייִדישער מצב איז אַנדערש אין 20סטן י״ה, בעת מיר האָבן גאָר גרויסע ווערק אויפֿן געשיכטלעכן געביט, פֿאָרשערס אין היסטאָריאָגראַפֿיע. איר מעמואַריסטיק, וואָס זי האָט אָנגעהויבן שרייבן אויף דער עלטער (אין יאָר 1937), וועלן אָבער אָן ספק באַטראַכט ווערן וויכטיק פֿאַר פֿאָרשערס, פֿאַר אַלע וועלכע וועלן זיך פֿאַרנעמען מיט געשיכטע פֿון ייִדישן לעבן אין מזרח־אייראָפּע, באַזונדערס אין גאַליציע, וואָס איז געשטאַנען אויפֿן שיידוועג צווישן מזרח און מערב, און ווו השׂכּלה איז אַריינגעדרונגען דירעקט פֿון דער גערמאַנישער קולטור און ציוויליזאַציע.

אירע זכרונות, געשריבן „אין די לאַנגע ווינטער־נעכט... ביים אויוון... איינזאַם, וועמעס קינדער זענען פֿאַרשפּרייט ווייט אַוועק...״ וועלן געלייענט ווערן מיט אינטערעס, מיט ליבע, ווייל ס׳איז דאָ אין זיי די תּמימותדיקייט, באַחנט מיט אידילישקייט פֿונעם שטעטל און מיט טאַלאַנט איבערצוגעבן זכרונות פֿון דער יוגנט.

צו דער זכרונות־ליטעראַטור געהערן די זכרונות פֿון האַלינאַ שימין־שניידערמאַן. איר שילדערן דעם פֿאַרלעגער און אַרויסגעבער בנימין שימין, איר פֿאָטער[8] איז מער ווי משפּחה־מעמואַרן. זי באַקענט אונדז מיטן ייִדישן פֿאַרלאַג־וועזן פֿון פֿאַרן חורבן. זי דערציילט וועגן פֿאַרלאַג „צענטראַל״, אַרום וועלכן ס׳האָבן זיך געזאַמלט אַ צאָל פֿון די אָנגעזעענסטע ייִדישע און העברעיִשע בעלעטריסטן, היסטאָריקערס און פּעדאַגאָגן. זי גיט איבער אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן אין אייגענעם און אין אַנדערע פֿאַרלאַגן, ווי „תּושיה״, „השחר״, „פּראָגרעס״ און אַנדערע.

„אין שפּיגל פֿון נעכטן״ פֿון העלען לאַנדינסקי (די פֿרוי פֿונעם דיכטער שמואל יקיר לאַנדינסקי), איז אַ וויכטיקער צושטייער צו דער מעמואַריסטיק פֿונעם אַמאָליקן לעבן אין וואַרשע. עס איז אַן אויסגעצייכנט ווערק. אין איר זכּרון איז געבליבן קלאָר און פֿריש די סביבה אין וועלכער זי איז דערצויגן געוואָרן: אין דער וואַרשע פֿון גערער חסידות און פֿון פּרץ־קעניגטום. די יאָרן און די איבערלעבענישן, האָבן נישט אָפּגעשוואַכט איר חוש צו געדענקען זאַכן פֿונעם אַמאָל און צו קענען איבערגעבן אַן אמתדיק בילד פֿון דאָס כאַראַקטעריסטישע ביי די וואַרשעווער פּערזענלעכקייטן, מיט וועלכע זי איז געקומען אין

קאָנטאַקט, אין שייכות מיט פּאַרלעגערישע און ליטעראַרישע עסקים — אַ בילד פונעם אַמאָליקן ייִדיש־קולטורעלן לעבן אין דער גייסטרייכער וואַרשע.

אַ צושטייער צו קולטור־פאָרשונג איז די אַרבעט פון אסתר האַלפערן: „זכרונות וועגן וואַרשעווער ייִדישע מוכרי־ספרים און ביכער־זאַמלערס״ [8]א. ווי די טאָכטער פון אַן אָנגעזעענעם ייִדישן מוכר־ספרים אין וואַרשע, יחיאל מאיר פּערלמאַן, דערציילט זי וועגן אינטערעסאַנטע טיפּן פון דער ייִדישער וואַרשע, די שרייבערס, די לערערס, די משׂכּילים א״אַ וועלכע האָבן געהויזט אין זייער בוכגעשעפט.

ליפּשע שעכטער־ווידמאַן באַשרייבט איר לעבן און איר סבֿיבֿה אין איר בוך „דורכגעלעבט אַ וועלט״ — און די רשימה איז ווייט נישט אויסגעשעפּט.

וואָס שייך פאָרשונג האָבן מיר שוין דערמאָנט אַ גרעסערע צאָל און מיר דאַרפן נאָך צוגעבן: רחל בערנשטיין־ווישניצער, אַן ערשטקלאַסיקע פאָרשערין. זי פאַרנעמט זיך מיט פאָרש־אַרבעטן וועגן קונסט, ליטעראַטור־קריטיק, דער עיקר וועגן סינאַגאָגן־אַרכיטעקטור, מוזייען און קונסט־זאַמלונגען. זי האָט שוין פאַרעפנטלעכט גרינטלעכע שטודיעס אויף די דאָזיקע קעגנשטאַנדן און מען רעכנט זיך שטאַרק מיט אירע פאָרשונגען און מיינונגען.

אין דער ריי פון ליטעראַטור־פאָרשונג און עסייען פון קולטור־געשיכטלעכן פאַרנעם, האָבן מיר אָפּהאַנדלונגען פון דינה אַבראַמאָוויטש, רבקה סאָוויטש־גאָלאָמב, אַדאַ באַריישאַ־פּאָגעל, אַדאַ אויערבאַך־לאַפּין, טעכטער פון באַרימטע פּאָטערס דיכטערס־פּובליציסטן און אחרון־אחרון — די באַוווּסטע שריפטשטעלערין מערי סירקין, טאָכטער פון נחמן סירקין, דעם טעאָרעטיקער און אידעאָלאָג פון ציוניסטישן סאָציאַליזם. זי איז אַ ווילגעלערנטע אויף אַ סך געביטן, איבערהויפּט אין יהדות, אין ייִדישער פילאָזאָפיע, אין ייִדישער געשיכטע און צייכנט זיך אויס אַלס רעדאַקטאָרין און פּובליציסטין.

חנה גאָרדאָן־מלאָטעק פאַרנעמט זיך אויסשליסלעך מיט ליטעראַטור־פאָרשונג. די ליטעראַרישע זייט אין „פאָרווערטס״ א״נ „פּערל פון דער ייִדישער פּאָעזיע״, אָנגעפירט און רעדאַקטירט פון איר מיט איר מאַן י. מלאָטעק, איז געוואָרן אַ ליטעראַרישע אינסטיטוציע, אויב מ׳קען זיך אַזוי אויסדריקן. זייער בשותּפֿותדיק ווערק אויף דער דאָזיקער טעמע האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם און ווערט געלויבט אין אַלע ליטעראַרישע קרייזן.

פּרוּוון ווי געשיכטע־פאָרשערס, האָבן מיר אַן אָנגעזעענעם שיכט. צו דערמאָנען בעלאַ מאַנדעלסבערג הי״ד, די לובלינערין וועלכע איז פאַררעכנט געווען צווישן די אויפגייענדיקע שטערן צווישן דעם נייעם דור היסטאָריקערס אין פּוילן. מיר האָבן אַ גרינטלעכע פאָרשערין בת יאור, איר ווערק וועגן ייִדן אין מצרים, וועגן ספרדישע קהילות איז גוט באַקאַנט. רבקה ש״ץ — איז אַ צווייטע פאָרשערין, אַ מלומדת אין ברייטערן זין פונעם וואָרט. גענוג אַ בליק צו טאָן אין איר אָפּהאַנד־

לונג „בעיות יסוד במחשבת החסידות״ [9], כדי צו וויסן איר פאַרנעם און איר באַהאַוונטקייט.

ייִדישע פרויען שרייבערינס אויף די לאַנד־שפּראַכן, און אויך איבערזעצערינס פון עברית און ייִדיש אויף דער לאַנדשפּראַך, האָבן מיר אַ גרויסע צאָל. מיר וועלן דערמאָנען, ווי אַ צוגאָב צו די שוין דערמאָנטע:

אַננאַ לאַנגפוס (אַ לובלינערין) — די באַקאַנטע ייִדיש־פראַנצויזישע שרייבע־רין. זי האָט אין 1962 באַקומען די גאָנקור־פּרעמיע (געשטאָרבן זומער 1966, אין עלטער פון 46 יאָר).

סילוויאַ באַראַז — פאַרפאַסערין פון אַ בוך וועגן סער מאָזעס מאָנטעפיאָרע (1784־1885). דאָס בוך, אין פאָרם פון בעלעטריסטיק, איז באַזירט אויף היסטאָ־רישע פאַקטן און דאָקומענטן. זי האָט שטאַרק אויסגענומען מיט איר ווערק, וואָס ווערט געלייענט פון יונג און אַלט.

זינאַ סניטה בלאַו שרייבט אויף אַן אַנדער געביט. ווי אַן אָנגעזעענע באַקאַנטע סאָציאַלע פאָרשערין, האָט זי לעצטנס פאַרעפנטלעכט אַ ווערק וועגן זקנה־פּראָבלע־מען און דאָס ווערק איז געוואָרן אַ טעקסטבוך פון סאָציאַלער פאָרשונג און אין עלטער־היימען.

ד״ר פרענציס (צפּורה) קראַסנוי־טוי פאַרנעמט אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער ריי פון וויסנשאַפטלערס און פאָרשערס אויפן כעמיש־מעדיציניש געביט. זי איז טעטיק לטובת מדינת ישׂראל און באַזונדערס, מיט מעדיצינישער הילף פאַרן מעדיצינישן פאַקולטעט, „הדסה״ און אַנדערע הייל־אינסטיטוציעס אין ירושלים און אין אַנדערע שטעט און ישובים.

מיראַ גינזבורג איז אַן אויסגעצייכנטע איבערזעצערין פון דער רוסישער ליטעראַטור אויף ענגליש. זי האָט איבערגעזעצט יצחק באַשעוויסעס ייִדישע ווערק אויף ענגליש און רוסיש און איז אַ צונויפשטעלערין פון קינדער־ביכער.

אין סאָוועט־רוסלאַנד האָבן מיר צו דערמאָנען איינע פון אַ סך, אַן איבער־זעצערין פון רוסישער ליטעראַטור, שירע גאָרשמאַן און אַ רוסיש־שרייבערין דינה (דינע) קאַלינאָווסקאַיאַ [10] און זיי זענען נישט די איינציקע וועלכע פאַרנעמען אַן אָנגעזעען אָרט אין דער מאָדערנער רוסישער ליטעראַטור אויף ייִדישע און אַלגעמיינע טעמעס. וואָס שייך נישט־ייִדישע פּאָעטינס און שריפטשטעלערינס האָבן מיר אַ צאָל, וואָס וואָלט פאַרנומען אַ גרויס אָרט אין דער ייִדישער ליטעראַ־טור. מיר וועלן דאָ צוגעבן, צו דער טיילווייזער רשימה: די באַרימטע אַמעריקאַנער שרייבערין מאַריאַן מור; די ענגלישע פּאָעטין עידאַ דזשעקסאָן — ביידע מיט שטאַרק ליבעראַלע אָנשויונגען און ביידע געהערן צו די חסידות־אומות־העולם.

יעקב גלאַטשטיין האָט אין איינעם פון זיינע ווערק [11], אַ קריטישע אָפּהאַנד־לונג וועגן פינף פרויען פּאָעטינס, ליטעראַטינס, דערציילערינס. וועגן דער ענגלי־

שער עידאַ דזשעקסאָן, שרייבט ער, אַז מ׳קען זי פאַרגלייכן צו דזשאָרדזש עליאָט. זי איז געקומען מיט קנאַפּע זיבעציק יאָר שפּעטער, די אײדעלע פרוי, אָבער מיט נאָך שטאַרקערע ווערטער וועגן ייִדן, מיט אַן אָנקלאַגע קעגן דער קריסטלעכער וועלט, וואָס האָט דערלאָזט צום גרויסן חורבן.

„אין איר פּאָעמע „ביהאָלד די דזשו״, שרייבט ער, האָט זי געמאַכט אַ שאַרפע אָנקלאַגע קעגן גאַנצן שווייגנדיקן קריסטנטום...״

דער וואָס קאָן בײַ זיך פועלן צו שווייגן אין די יאָרן פון גרעסטן ייִדישן אומגליק — האַלט זי — איז אויך אַ מערדער. לויט איר, איז „פּאַסיוויטעט״ אַן אַקטיווע ראָלע אין דער אויסראָטונג פון ייִדישן פאָלק.

**ה. אין פּאַנטעאָן פון ליטעראַרישער שעפערישקייט.** אין אַלע ליטעראַריש־קריטישע ווערק געפינט מען אָפּהאַנדלונגען וועגן ווערק פון פרויען און וועגן פרויען. אַ. טאַבאַטשניק, למשל, וועלכער נעמט אַרײַן אין זײַן „דיכטער און דיכטונג״ [1] בלויז מענער, האָט אין זײַן בוך דאָך אַרײַנגענומען אויך אַ פרוי — אַן אָפּשאַצונג וועגן דער דיכטונג פון „פראַדל שטאָק און דער סאָנעט״. יעקב גלאַטשטיין האָט אונדז אין זײַנע „פּאַרטאָג־ביכער״ און „אין תּוך גענומען״ געגעבן אָפּשאַצונגען פון צענדליקער פרויען־דיכטערינס און דערציילערינס. דאָסגלײַכן יצחק יאַנאַסאָוויטש אין זײַן בוך „פּנימער און נעמען״ [2], צווישן אָפּהאַנדלונגען וועגן 20 ייִדישע פּאָעטן, זענען פאַראַן זיבן, מער ווי אַ דריטל, וועגן פרויען־פּאָעטינס: פּערל האַלטער, שפרה ווערבער, קאַדיע מאָלאָדאָווסקי, רחל קאָרן, רחל פישמאַן, חוה ראָזנפאַרב, רייזל זשיכלינסקי.

מיר האָבן שוין פריִער דערמאָנט די ווערק וואָס זענען געווידמעט אויסשליסלעך פרויען־שעפערישקייט און העלדישקייט, פון ע. קאָרמאַן, י. זמורה, שלמה אַשכּנזי, שמואל ראָזשאַנסקי, וואָס אין זיי קומט צום אויסדרוק די שעפערישקייט פון צענדליקער און צענדליקער ייִדישע פרויען אין די אייגענע און פרעמדע לשונות, די שפּראַכן פונעם פאָלק.

מייַנסטנס, איז די טעמאַטיק אין דער פרויען־דיכטונג פּרויאיש, מוטערלעך, אָבער נישט ווייניק פאַרנעמט זיך די פרוי אויף אַלגעמיינע, אוניווערסאַל־מענטשלעכע טעמעס לויט אירע כּוחות און טאַלאַנט. אַ גרויסע צאָל דיכטערינס האָט באַוויזן זיך צו דערהייבן צו די געהעריקע הייכן.

נישט אַלע געהערן צו דער ריי פון אַ רחל קאָרן, אַ פראַדל שטאָק, אַ מרים אולינאָווער, אַ ראָזאַ יאַקובאָוויטש, אָדער אַ קאַדיע מאָלאָדאָווסקי, די באַוווּסטע

דיכטערין און נאָוועליסטין, וואָס האָט פאַרנומען אַ אויבנאָן אין דער ייִדישער פּאָעזיע, זינט איר ערשטלינג־ליד „חשוונדיקע נעכט“ ביז „אַ שטוב מיט זיבן פענצטער“ (ניו־יאָרק 1957). איר ליד איז פריש אָריגינעל. זי האָט זיך אויך אויסגעצייכנט אין דערציילונג און דראַמע. „דאָנאַ גראַציאַ“ — איר דראַמאַטיש ווערק וועגן דער באַרימטער דאָנאַ גראַציאַ־מענדעס. אין דער דאַזיקער דראַמע שילדערט זי און דראַמאַטיזירט די עפּאָכע פון מאַראַנען אין שפּאַניע; די רדיפות וואָס די אנוסים האָבן געהאַט אויסצושטיין. (קאַדיע מאָלאָדאָווסקי איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק, מערץ 21, 1975, אין עלטער פון 81 יאָר).

ווי געזאָגט, פאַרנעמען מיר זיך נישט מיט געבן אַ רשימה און מיר דערמאָנען בלויז אַזעלכע, לויטן זכרון און אַ צאָל, ווי אָנגעטראָפן אין לעקסיקאָנישע רשימות.

אין ישׂראל האָבן מיר אַ גאָר־גרויסע רשימה פון פּאָעטינס און דערציילערינס אין עברית און אין ייִדיש:

רחל כּצנלסון־שזר, נורית גוברין, רות באָנדי, נעמי פרענקל, נעמי גוטקינד, רבקה אליצור, שולמית הר־אבן, שולמית נרדי, מירה מאיר עדה צמח, דליה בן־דוד, שׂרה הלפרין, שושנה פּולוס, פניה ברגשטיין, זהבה בזק, צביה פרידמאַן, מרים ברנשטיין־כּהן, רבקה כּצנלסון, רבקה זיו, מרים טל, שׂרה שטיינברג, יוכבד בת מרים, מרים יעלין־שטקליס, שולמית תּורן, מרים אורן, אביבה ברזל, רינה לי, מלה גיטלן־ביטנסקי, חדוה הרכּבי, שׂרה כּץ, רבקה גורפין, צביה גרנות, נורית זרחי, יעל דיין (וואָס האָט פאַרעפנטלעכט עטלעכע ראָמאַנען), נעמי שמר (די מחברין פון „ירושלים של זהב“).

צו די וועלכע באַווייזן זיך גאָר אָפט אין דער טעגלעכער פּרעסע, דאַרפן צוגעגעבן ווערן: יהודית אוריין בן־הרצל, די ליטעראַטור און קונסט־קריטיקערין; רחל אנגל; די פּאָעטינס און שרייבערינס — שולמית לפּיד, ימימה אבידר טשרנו־ביק, שלומית כּהן, עפרה אליגון, הניה לוסטיגר, וועלכע שרייבט אין פּויליש און ווערט איבערגעזעצט אין עברית — מערסטנס וועגן דער חורבן־תּקופה; דורית גרי; יהודית קוק; אסתר גיא; מירית שם־אור; יאירה גנוסר; אסי פרבר; אורה שם־אור; זהבה אילת; שולי לוי; טלילה בן זכּאי; אסתּר ווילענסקאַ; רבקה קוויאַטקאָווסקי־פּנחסיק (אין ייִדיש); רחל־חל־פּי; אנדה עמיר; עדית נאמן, שושנה שפּיראָ, טובה גרוסמן, דבורה שפּיראָ־פילמאַן; רחל הרץ־לזרוביץ; עלזאַ טור מלכּא (פרוי פון דיכטער אורי צבי גרינבערג); חנה גת; זהבה מנדלסון; מרים מיכאלס; נילי בורנשטיין; עליזה לבנברג; חנה הררי; ריבה דותן; צביה שויג; מלכּה כּהן; נעמי בן־צור; מרגלית רוזנברג; עליזה נהור; רותי אבני און אחרון־אחרון חנה זמר, די רעדאַקטאָרין פון „דבר“, אָרגאַן פון דער הסתּדרות, וועלכע האָט באַקומען דעם פּרס־סאָקאָלאָוו פאַר זשורנאַליזם.

גיט מען אַ בליק אין אַ רשימה פון פרויען זשורנאַליסטינס, זעט מען, אַז אויפן דאָזיקן געביט, האָט די פרוי, אויב נישט איבערגעיאָגט, זיכער דעריאָגט דעם מאַן. פרויען ווייזן אַרויס געוואַלטיקע געשיקטקייט. אויף קלענערע פּאָזיציעס אין צייטונגס־וועזן, טרעפן מיר כּסדר אַן אויף פרויען וועלכע צייכענען זיך אויס אויף יעדן געביט.

וואָס שייך קונסט־ און פאַרשאַרבעטן, האָבן מיר צענדליקער און צענדליקער פרויען — אין עברית דערשיינען ווערק פון פרויען אין „גליונות״, „גנזים״, „מאזנים״, „אורות״ און אַנדערע זשורנאַלן און צייטשריפטן. ס׳שיינען פאַר אונדז אויף טאַלאַנטפולע שריפטשטעלערינס און פאַרשערינס, נישט בלויז אויף תּנ״ך־געביטן, ווי רחל מרגליות, וועמעס ווערק „אחד הי׳ ישעיה״ האָט איר געגעבן אַ נאָמען אַלס באַגאַבטע מלומדת, נאָר אויף יעדן ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכן געביט. ס׳ווילט זיך נישט פאַרנעמען מיט דערמאָנען נעמען, כּדי נישט צו באַוואולהן די נישט דערמאָנטע, מיר ווען דאָך דערמאָנען אייניקע:

שפרה יזרעאלי, עמליה כהנא־כּרמון, לאה בירנבוים, רחל ינאית — די פרוי פון יצחק בן צבי, צווייטער נשׂיא ישׂראל, דבורה לחובר (תרנ״א־תשכ״ב) — שוועסטער פון פישל לאַכאָווער, נורית גוברין, נחמה לייבאָוויץ, שׂרה גלוזמאַן, וואָס האָט שטאַרק אויסגענומען מיט איר ווערק „המשורר מסרגוסה״ — אַ מאָנאָ־גראַפיע וועגן ר׳ שלמה אבן־גבירול (השפ״א־1021; התי״ח־1058), חוה לצרוס יפה, און אַנדערע.

גאולה בת יהודה, די טאָכטער פון הרב ר׳ יהודה לייב הכהן מימון־פישמאַן (תרל״ו־1875; תשכ״ב־1962) פאַרנעמט זיך מיט היסטאָריאָגראַפיע און מיט באַ־שרייבונגען פון גדולי ישׂראל, מיט שילדערן און געבן „תולדות״ פון רעליגיעזע שריפטשטעלערס. זי רעדאַקטירט צוזאַמען מיט איר מאַן ד״ר יצחק רפאל דאָס ענציקלאָפּעדיש ווערק „הציונות הדתית״ און אַנדערע.

די שריפטשטעלערין מלכּה כּהן פאַרנעמט זיך מיט אַנדערע פאַרשגעביטן. טובה גראָסמאַן — מיט געביטן פון קולטור און דערציִונג. מרים שנייד — מיט פּאָעזיע־ און ליטעראַטור־קריטיק. איר פאָטער איז אומגעקומען אין חברונער פּאָגראָם פון יאָר תרפ״ט. זי איז געבליבן אַ יתומה. איר מוטער האָט זיך אָנגע־שטרענגט מיט אַלע כּוחות, איר צו געבן אַ געהעריקע דערציִונג און שוין צו אַכט יאָר, האָט זי אָנגעהויבן שרייבן שירים. צו זעכצן האָט זי פאַרעפנטלעכט לידער אין די בעסטע ליטעראַרישע זשורנאַלן און נאָך דעם אַרויסגעגעבן אין בוכפאָרם, זאַמלונגען: „עד תום״, „שירי סתיו״ א״אַ. זי האָט לעצטנס געמאַכט איר היים אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע, אָבער ווי מען האָט אונדז איבערגעגעבן, האָט זי נישט אויפגעגעבן, נישט איר שאַפן אין העברעיִש, נישט איר שטרעבונג זיך אומצוקערן אַהיים, אין לאַנד פון איר מחשבה, אירע געפילן, איר לשון און צו אירע שרשים.

ביי די ספרדישע ייִדן געפינען מיר פרויען שרייבערינס, נישט בלויז אין ישׂראל, נאָר אין אַלע ישובים פון ספרדישע ייִדן. אין ענגלאַנד האָט מיט אַ הונדערט יאָר צוריק געלעבט אַ פרוי אַגולאַר חנה־גראַציאַ, וואָס האָט אָנגעשריבן אַ גרעסערע צאָל דערציילונגען. איינס פון אירע ביכער־דערציילונגען, איז דער־שינען מיט עטלעכע יאָר צוריק אין ישׂראל א״נ „כּור הנסיון״. זי איז איינע פון אַ גרויסער צאָל פרויען פון ספרדישן אָפּשטאַם וועלכע זענען זייער שעפעריש ליטעראַריש.

אין ישׂראל, ווי געזאָגט, זענען דאָ נישט בלויז שרייבערינס אין עברית. זייער צאָל איז אָנגעזען אויך אין ייִדיש, באַזונדערס די צוגעקומענע נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווי די דערמאָנטע רחל אויערבאַך, וועלכע איז געווען זייער שעפע־ריש אין איבערגעבן די ליידן, איבערלעבונגען און אומקום פון ייִדן אין וואַרשע, אין די יאָרן פון דער נאַצי־אָקופּאַציע.

זייער פּרוכפּעריק זענען רבקה באַסמאַן, רחל בוימוואָל, רחל פישמאַן, מאַרשאַ פאַלק, רבקה מרים, די עלטערע מלכּה לאָקער און די יונגע דיכטערין אַסיאַ קורעצקי.

לאָמיר נאָך דערמאָנען די שריפטשטעלערין סאַלאָמעאַ פערל (געבוירן אין לאָמזשע, 1869). זי האָט געוווינט אין וואַרשע און אונטער דער השפּעה פון י. ל. פרץ, געשריבן אין ייִדיש, פאַרעפנטלעכט אין פרצעס „יום־טוב־בלעטער״ און אין אַנדערע צייטשריפטן בילדער פונעם לעבן פון דער ייִדישער אָרעמשאַפט: „ברויט זוכנדיק״, „אָן קינדער״ א״אַ.

אין אַמעריקע, האָבן זיך באַוויזן מיט זייערע ליטעראַרישע אַרבעטן, באַלד אין דער ערשטער תּקופה פון ייִדיש־ליטעראַרישן שאַפן, באַזונדערס אין ניו־יאָרק, וואָס איז געווען דער צענטער פאַר ייִדיש־ליטעראַטור, אַ צאָל פרויען, צוו״אַ: רחל לוריא (1886־1929), עליזאַבעט גאַרין (1882־1945) און אויך נישט ווייניק העברעיִש־שריפטשטעלערינס — פון די מער באַקאַנטע איז געווען ד״ר חוה שפּירא. צו די גאָר־באַוווּסטע פּאָעטינס פון יענער תּקופה געהערט אַנאַ מאַרגאָלין, וועגן וועלכער חיים נחמן ביאַליק האָט זיך וואַרעם אָפּגערופן און איר געשריבן: „...איר זייט אַן אמתער פערל״ (וואָרטשפּיל מרגלין־מרגלית־פערל).

צווישן די פרויען־דיכטערינס דאַרפן דערמאָנט ווערן: טאַניע פוקס — „וואַנדערונג איבער אָקופּירטע געגנטן״; בעלאַ שאַגאַל (1895־1944) — פרוי פון באַרימטן מאָלער מאַרק שאַגאַל, וועמעס צייכענונגען באַצירן איר בוך „ברענענדיקע ליכט״; לאָטי פ. מלאך, פרוי פון באַרימטן דראַמאַטורג און ראָמאַניסט לייב מלאך. מיט אירע „שטילע טריט״ איז זי אַריין אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

רייזל זשיכלינסקי, אַ געבוירענע אין גאַמבין, פּוילן, די שטאָט פון ר׳ אבא׳לע גאָמבינער, באַרימט אויפן נאָמען פון זיין ספר „מגן אברהם״. זי האָט באַרייכערט

די ייִדישע ליטעראַטור מיט אַ צאָל לידער־זאַמלונגען — פון די לעצטע: „שוויגנ־דיקע טירן", „האַרבסטיקע סקווערן". זי שילדערט פּאָעטיש דעם אומעט, די שוויגעניש, די איינזאַמקייט פונעם מענטש אין דער גרויסער מעטראָפּאָליע, ווו יעדער לעבט אַ וועלט פאַר זיך, איינגעשלאָסן און פאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער.

ראָשעל וועפּרינסקי, די פּרוי פון מאַני לייב, מיט אירע לידער־זאַמלונגען און מיט איר ראָמאַן וועגן מאַני לייב „דאָס קרייצן פון די הענט"; מלכּה חפץ־טוזמאַן, וועמעס לידערבוך „בלעטער פאַלן נישט"[3] איז שטאַרק געלויבט געוואָרן, דאָס גלייכן איר בוך „אונטער דיין צייכן". הינדע זאַרעצקי מיט איר לידערבוך „אויסגעחלומטער ניגון"; מלכּה לי מיט אירע פּאָעטישע ווערק.

ס׳וואָלט געווען אַן עוולה, נישט צו דערמאָנען די דיכטערינס איידע מאַזע (1962-1893) און בערטאַ קלינג (געבוירן אין נאַוואַרידאָק, 1884). בערטאַ קלינג איז זייער אַ ליבער מענטש. זי, צוזאַמען מיט איר מאַן, דעם דאָקטאָר יחיאל קלינג ע"ה, האָבן פאַרוואַנדלט זייער היים אין אַ ליטעראַרישער סאַלאָן, ווו יונגע דיכטערס, שרייבערס און זשורנאַליסטן פלעגן זיך צוזאַמענקומען און פאַרברענגען ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעך. אין קאַנאַדע, לויטן קאַנאַדישן פאַרנעם, האָט דאָס געטאָן איידע מאַזע אין מאָנטרעאָל.

ס׳גלוסט זיך נאָך אַ מאָל צו דערמאָנען די צאַרטע דיכטערין רקודה פּאָטאַש (1967-1898), די באַזינגערין פון ירושלים, די שטאָט פון הייליקייט און די ישׂראל־לאַנדשאַפט מיטן ספּעציפיש־ייִדישן אַראָמאַט...

די דיכטערין ברכה קאָפּשטיין האָט זוכה געווען, אַז אירע לידער זאָלן האָבן אַ העברעיִשע לייענערשאַפט. די אָנגעזעענסטע פּאָעטן האָבן איבערגעזעצט אַ גרעסערע צאָל פון אירע לידער. איר שירים־בוך „משמש אל שמש" האָט אַרויס־גערופן וואַרעמע קריטיק און איז שטאַרק געלויבט געוואָרן.

אין סאָוועט־רוסלאַנד, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, האָבן צענדליקער ייִדישע פרויען באַרייכערט די ייִדיש־סאָוועטישע ליטעראַטור. גענוג צו דערמאָנען אייניקע:

שירע גאָרשמאַן (נאָוועליסטין); ריווע באַליאַסנע; די בירא־בידזשאַנערין ליובע וואַסערמאַן, געשטאָרבן אין 1975, אין עלטער פון 68 יאָר. איר טויט — האָבן די מספּידים געשריבן — איז אַ גרויסע אבידה פאַר דער ייִדיש־וועלטלעכער ליטעראַטור.

די פּאָעטין דאָרא כייקין; ציפּע בערגעלסאָן — די לעבנס־באַגלייטערין פון גרויסן קינסטלער דוד בערגעלסאָן; די דיכטערין שׂפרה כאַלאָדענקאָ, שוועסטער פון דוד האָפשטיין; דבורה כאַראַל; רבקה רובין, וועמעס ווערק דערשיינען אין „סאָוועטיש היימלאַנד". חנה לעווין, האָט זיך באַטייליקט אין „סאָוועטיש היימ־לאַנד" זינט זיין דערשיינען אין 1961. זי איז געשטאָרבן אין כאַרקאָוו, יאַנואַר, 19, 1969, אין עלטער פון 69 יאָר, איבערלאָזנדיק אַ רייכע ליטעראַרישע ירושה. זי

האָט געהאַט די זכיה איבערצולעבן די סטאַליניסטישע יאָרן, ווען ס׳זענען פיזיש ליקווידירט געוואָרן די גרעסטע ייִדישע וואָרט־מייסטערס. די נישט־לאַנג פאַר־שטאָרבענע שפרה כאַלאָדענקאָ, האָט זוכה געווען אַז נאָך איר טויט, זאָל דער סאָוועטישער פאַרלאַג אַרויסגעבן אירס אַ בוך [4].

ייִדישע דערציילערינס און פּאָעטינס האָבן מיר אומעטום, אַזוי אין אַרגענטינע און אַזוי אין בראַזיל. די אָרטיקע ראָזאַ פּאַלאַטניק, מיט איר „קראַשניק־ריאָ״ (1953) איז גוט באַקאַנט אין ליטעראַרישע קרייזן. אין דרום־אַפריקע זענען עס רחל טוראַק, בתיה קאָבלאַנץ און אַ סך אַנדערע.

צוריקקומענדיק צום צפון־אַמעריקאַנישן קאָנטינענט, לאָמיר נאָר דערמאָנען עטלעכע נעמען: צירל שטיינגאַרט, זשורנאַליסטין, מיטאַרבעטערין פון „פאָר־ווערטס״; וולאַדקע מיד, העלדין פון וואַרשעווער געטאָ, סעקרעטאַרין פון ייִדישן אַרבעטער־קאָמיטעט, ראָזע גוטמאַן־יאַסני; עליזאַ גרינבלאַט; העלען לאַנדינסקי, די פרוי און רחמה לאַנדאַן — די שוועסטער פון ש. י. לאַנדינסקי; ראָזאַ ניומאַן־וואַלינסקי; מרים האָפמאַן; מרים שמר־צונזער; ראָוז שמר־באַטשעלעס; רינה אָפּער־אַפּטשינסקי; חנה שטיינמאַן; חנה לאַסמאַן; עטל לעווין; בלומה לעמפּל; ברכה סטאַלאָווע; חיה עלבוים־דאָרנבוש; וויעראַ ראָזאַנקאַ־ראָזנבערג; אסתּר צווייג; אסתּר סיגאַל — שוועסטער פון י. י. סיגאַל — מאָנטרעאָל; מירל ערדבערג שאַטאַן, געבוירן אין קוטנע, איינוווינערין פון מאָנטרעאָל; פּעסי באַך [5], שׂרה האַמער־דזשעקלין; ליליען האַמער; מלכּה גאָטפריד און אַ סך אַנדערע, צווישן וועלכע ס׳האָט אויפגעשיינט אַ נייער שטערן — ביילע שעכטער־גאָטעסמאַן, וועמעס בוך לידער „ביכער סטעזשקעס צווישן מויערן״ איז אַן אָנזאָג פון אַ נייעם טאַלאַנט אין דער פרויען־דיכטונג.

גאָר לעצטנס איז די רשימה פון פרויען דיכטערינס פאַרגרעסערט געוואָרן מיט אַ לידערבוך פון סאָפיע דובנאָוו־ערליך, די טאָכטער פון באַרימטן היסטאָרי־קער שמעון דובנאָוו און פרוי פון בונדישן פירער הענריק ערליך. זי שרייבט און דיכטעט אין רוסיש. ס׳פילט זיך אָבער אין איר ליד דער ייִדישער אַראָמאַט: דער צער פון איר ליידנדיקן פאָלק און פון אַלע ליידנדיקע מענטשן. זי ברענגט צום אויסדרוק דעם אויפבראַויז פון אַרבעטער־קלאַס, דעם אויפשטייג פונעם רעבע־לירנדיקן אינטעלעקט און נישט ווייניק אויך יחידישע ליידן און האָפענונגען.

אין זיין אָפּהאַנדלונג [6] שרייבט ח. ש. קאַזדאַן, אַז סאָפיע האָט אים איבערגעגעבן אַ ליד, וואָס איז נישט אַריין אין דער זאַמלונג — דאָס ליד: „מיין ירושה״ איז אויטאָביאָגראַפיש. זי שילדערט איר ייִדישן אָפּשטאַם, איר פּאָעטיש פאַרוואָרצלט־קייט, די הייליקע ירושה פון איר עלטער־זיידן ר׳ יוסף פון דובנאָ, דעם מקובל. איר געדעכעניש פירט זי צו יענע שטורעמען...

ווי הייליק פרויען היטן אָפּ ירושה!

**ו. ראָל פון דער פרוי אין דער דערציִונג. — חלוקי־דעות וועגן לערנען תורה מיט פרויען. — ייִדישע וועלט האָט אָנגענומען אַ מילדערע שטעלונג.**

ס׳איז נישטאָ קיין איין געביט פון דער מענטש־לעכער דערקענטעניש אין וועלכן די היינטיקע פרוי זאָל נישט האָבן איר אָרט, צי דאָס איז אַלגעמיינע וויסנשאַפט, נאַטור־וויסנשאַפט, דער־ציִונג־וועזן, ליטעראַטור, מאַלעריי. די פרוי איז טעטיק אויף אַלע די געביטן. זי איז גאַרנישט הינטערשטעליק לגבי דעם מאַן. אַ גרויסע צאָל פרויען האָט זיך אַפילו דערהויבן צו וויכטיקע קאַריערעס.

די לעצטע יאָרן פאַרנעמען זיך פרויען, פונקט ווי מענער, מיט פסיכאָלאָגיע, מיט פרוידיאַנישע טעאָריעס, מיט „סעקס״־פאַרשונגען און „סעקס״־ליטעראַטור. ס׳איז שוין כּמעט נישט קיין חידוש, פרויען זאָלן שאַפן ראָמאַנען, אין וועלכע זיי זאָלן אַרויסברענגען די נאַקעטקייט און פרעכקייט פון סעקסועלער תּאווה; זיי באַשרייבן מיט אַלע פּרטים סעקס־אָרגיעס און צעגליטע תּאווה.

געשלעכט־ליטעראַטור איז געוואָרן אַקטועל אויך אין ישׂראל, אין עבֿרית, ווו נישט בלויז מענער, נאָר אויך פרויען שרייבן אויף דער טעמע. תּמר אבידר אטינגר ווידמעט איר שאַפן דעם דאָזיקן קעגנשטאַנד. אירע ביכער פון וועלכע דאָס פּערטע איז אַרויס לעצטנס: „לא על המין לבדו״ (נישט בלויז אויף סעקס), ווערט צעכאַפּט. די אַרויסגעבערס [10] האָבן געוווּסט וואָס צו דערלאַנגען דער יוגנט. דאָס בוך שילדערט די טאָג־טעגלעכקייט אין אַ פּשוטן און פאַרשטענדלעכן סטיל, עס גיט מאַטעריאַל נישט בלויז אויף געשלעכט־תּאווה, נאָר דער עיקר אויף נאָכצוטראַכטן.

רחל נריה האָט פאַרעפנטלעכט אַ ביכל צו פאַרטיידיקן די ייִדישע מאָראַל, די ייִדישע עטיק אין פאַמיליע־לעבן, אָנווייזנדיק אַז ישׂראל, פאָלק און לאַנד, קאָן נאָר געבויט ווערן אויפן יסוד פון מוסר היהדות אין משפּחה־לעבן.

די אויטאָרין איז אַ רעליגיעזע פרוי, אַ מלומדת, אַ שרייבערין, אַ טוערין און מיט איר ביכל „מול מבוכת המתירנות״, האָט זי געצילט צו פאַרשטאַרקן די קדושה אינעם פאַמיליע־לעבן. אַ קליין ביכל, אין גאַנצן 67 זייטן, אָבער מיט אַ סך מאַטעריאַל, ווי אָפּצוווענדן דאָס יאָגעניש נאָך הפקרדיקע זכר־נקבה־באַציִונ־גען, וואָס זענען גורם צעמישעניש און פאַרראַט אין משפּחה־לעבן. זי לערנט מיט פרויען (און אויך מיט מענער) די „עניני אישות בתרבות ישׂראל״, ווי אַזוי ס׳איז ביי ייִדן אָפּגעהיט געוואָרן די ריינקייט פון פאַמיליע־צוזאַמענלעבן און ווי אַזוי דאָס קען, דאַרף און מוז אָפּגעהיט ווערן. זי שלאָגט אָפּ אַלע פּסיכאָלאָגיש־פרוידיאַנישע עצות פון פרייער ליבע; זי שלאָגט אָפּ די טענה, אַז פרייע ליבע איז

אַ סימן פון אַ פּראָגרעסיווער געזעלשאַפט. כאָטש אַזאַ ביכל וועט דורך די סאָבּרעס נישט געליינט ווערן ווי אַ פּאָליציי־ראָמאַן פון אַגאַטהאַ קריסטי, איז אָבער וויכטיק ווען עס וועט אַפילו געליינט ווערן דורך אַן ענגערן קרייז. די קריטיק האָט אָנגעוויזן אויף דאָ־און־דאָרט נישט־פעסטגעשטעלטע באַגרינדונגען אין דעם בוך. קיינער פרעגט אָבער נישט אָפּ דער אויטאָרינס קענטעניש און וויסן.

צווישן די תנ״ך־פאָרשערס און תנ״ך־אויסטייטשערס פאַרנעמט אַן אָנגעזעענעם אָרט פּראָפ׳ נחמה לייבאָוויטש. זי איז נישט בלויז אַן אויסטייטשעריך, זי איז מחדש אין פירוש, אין בקיאות און גיט עס איבער אויף אַן ערשטקלאַסיש פּעדאַגאָגישן אופן. זי איז נישט די איינציקע צווישן פרויען חוקרי המקרא. מיר האָבן זהבה מלכיאל, עדה מיימון, גאולה בת יהודה און צענדליקער אַנדערע. דאָס אַלץ באַווייזט, אַז ייִדן האָבן זיך נישט געהאַלטן ביי דער שיטה פון רבי אליעזר און רבי יהושע, אַז לערנען תורה מיט דער טאָכטער, איז ווי געלערנט מיט איר „תפלות״ — נאַרישקייטן.

די משנה [2] לערנט אונדז: ר׳ אליעזר זאָגט, ווער עס לערנט זיין טאָכטער תורה, איז גלייך, ווי ער וואָלט זי געלערנט „תפלות״. ר׳ יהושע זאָגט, אַז אַ פרוי וויל ליבערשט איין „קב״ (מעסטל) תפלות, איידער ניין טעפּ מיט „פרישות״, מיט אָפּגעזונדערטקייט. דעריבער איז גלייכער, איר נישט צו לערנען קיין תורה.

דאָס וואָרט „תפלות״ ווערט דיסקוטירט פון אַ צאָל מפרשים. ווי שׂמחה פּעטרושקאַ ווייזט אָן [3] דאַרף מען לייענען „תיפלות״, מיט אַ חיריק אונטער דער „תיו״. ער ציטירט פונעם ערוך, אַז דאָס מיינט מען עבירה, סינאָנים פאַר זינד. דער בעל הערוך ווייזט אָן אויפן פּסוק אין ירמיה [4] אַז „תיפלה״ מיינט אַ שענדלעכע מעשׂה. מפרשים זענען מחולק און זענען נישט איבערצייגט אין די ראיות.

אין „ערוך״, האָבן מיר עטלעכע ווערטער „תפל״; איין „תפל״ מיינט אומגעזאַלצן, אָן טעם, ווי עס ווערט געזאָגט אין איוב „היאכל תפל מבלי מלח״ [5]. מיטן וואָרט „תפל״־תפלות אין אונדזער משנה איז זיכער געמיינט געוואָרן עפּעס מער, ווי סתם אָן טעם און האָט אַ מקור פון פּסוק אין ירמיה. מיר געפינען אויך דעם דאָזיקן „תיפלות״־אויסדרוק אויף אַן אַנדער אָרט: „אין עושין חבורת נשים... ועבדים — משום תפלות קטנים ועבדים משום פריצותא״ [6] וואָס רש״י קאָמענטירט, אַז דעריבער זאָל מען נישט איינאָרדענען קיין חברה פון נשים ועבדים מיט אַ קרבן פסח, ווייל זיי וועלן באַגיין אַן עבירה (תיפלות — עבירה) און פון מינדעריאָריקע מיט קנעכט, צוליב פריצות — „משכב זכר״, צוליב נאָך אַן ערגערן פאַרברעך, וואָס קאָן פאָרקומען ביי אַזאַ געזעלשאַפט פּסח־נאַכט.

ירמיה הנביא באַקלאָגט זיך: „ובנביאי שומרון ראיתי תפלה״ — ביי די נביאים פון שומרון, געמיינט די פאַלשע נביאים, האָב איך געזען לעסטערונג [7].

אַזוי טייטשט מען געוויינלעך, „פשוטו כמשמעו״. אַנדערע טייטשן: „חסר טעם, הבל, שגעון, דברי רוח״ [8].

מ׳קען זיך אָבער נישט צופרידנשטעלן מיט די דאָזיקע טייטשן און ס׳איז גיכער אויסגעהאַלטן — און ביים דאָזיקן פירוש דאַרף מען זיך האַלטן — אַז דער נביא טאַדלט זיי נישט בלויז צוליב זייער שגעון, נאָר דערפאַר, וואָס זיי פאַרפירן און פאַרוואַנדלען די געזעלשאַפט אין אויסגעלאַסנקייט. אַזאַ טאַדלונג האָט אַ שייכות צו דעם וואָס ער זאָגט דאָרט [9]: „כי מפני מנאפים מלאה הארץ״ און ווייטער: „נאוף והלך בשקר״. די מפרשי המשנה האַלטן זיך דעריבער ביים פירוש, אַז „תפלות״ מיינט ניאוף, געיעג נאָך סעקסועלער תאווה. רבינו עובדיה מברטנורא גיט עס ווי אַ רמזדיקן אָנווייז אויף זנות: „חיבור משכב אנשים״, ער פאַרדעקט, שעמט זיך אַרויסצוזאָגן, אַז ר׳ יהושע און ר׳ אליעזר זאָלן האַלטן, אַז לערנען מיט דער יידישער טאָכטער תורה איז ווי ער וואָלט מיט איר געלערנט זנות.

וואָס האָבן זיי געמיינט מיט אָט דער מורא?

זיי האָבן געהאַלטן, אַז די פרוי וועט נישט קענען געניג באַנעמען דעם טיפערן זין פון די דינים סוטה, טרינקען דאָס ביטערע וואַסער; אַז לייכטזיניקע פרויען קאָנען אַ מאָל זיך אַריינלאָזן אין אויסגעלאַסנקייט. ווען זיי וועלן זען, אַז די „מים המאררים״, דאָס ביטערע וואַסער, וואָס דאַרף דינען אַלס באַווייז, צי די פרוי האָט געהאַט פאַרקער מיט אַן אַנדערן מאַן, וועט נישט אַרבעטן, וועלן זיי בכלל נישט מורא האָבן פאַר פאַרראַטן זייערע מענער מיט אויסגעלאַסנקייט. זי זעט דאָך, אַז דאָס פאַרשאָלטענע וואַסער וואָס האָט געדאַרפט באַשטעטיקן איר שולד אָדער אומשולד, האָט נישט געאַרבעט.

מיר האָבן אַ דריטן טייטש פונעם וואָרט „תפל״: דאָס זאָל גאָר מיינען וואָרפן שמוץ, באַרעדן, רעדן שלעכט, ווי עס ווערט געזאָגט ביי איובן, דעם ליידנדיקן און צערפולן מענטשן, וואָס האָט שוין געהאַט פאַרלוירן זיינע קינדער און זיך אַלץ קאָנטראָלירט, זיך צוריקגעהאַלטן פון אַרויסרעדן אַ שלעכט וואָרט קעגן דעם באַשעפער. איוב האָט אין אָנהייב מצדיק געווען דעם דין, געזאָגט: „ערום יצאתי מבטן אמי וערום אשוב, ד׳ נתן וד׳ לקח, יהי שם ד׳ מבורך... ולא נתן תפלה״ [11]. די מפרשים טייטשן: ער האָט נישט באַשולדיקט.

דאָס וואָרט תפל-תפלות האָט דעריבער אַ צאָל טייטשן און יעדער מפרש האָט געהאַט רעכט צו טייטשן, ווי ער האָט פאַרשטאַנען.

לויט דער משנה ווייזט אויס, אויבנאויפיק, אַז ר׳ יהושע און ר׳ אליעזר זענען איינשטימיק וועגן דער געפאַר צו לערנען תורה מיט פרויען. די מפרשים ווייזן אָבער אויף די חלוקי-דעות צווישן די צוויי תנאים-חברים; ס׳איז אַ פראַגע וועלכע תורה זאָל מען מיט זיי נישט לערנען. מיר האָבן דאָך תורה שבכתב, די געשריבענע תורה און תורה שבבעל-פה — תלמוד און אַלץ וואָס איז געשאַפן

געוואָרן אין דער תּלמודישער עפּאָכע. ר׳ אליעזר — מיינען זיי — האָט געהאַלטן, אַז תּורה שבעל־פּה זאָל מען נישט לערנען מיט פרויען, אָבער תורה שבכתב, די געשריבענע תּורה, תּנ״ך, זאָל מען יאָ לערנען מיט פרויען. תורה שבעל־פּה, תּלמוד, איז צו קאָמפּליצירט, די פרוי זאָל אים קענען באַנעמען און גרינטלעך זיך פאַרטיפן אינעם פּלפּול פעסטצושטעלן די הלכה... לויט ר׳ יהושע איז אפילו די געשריבענע תּורה, די „תורה שבכתב״ צו שווער פאַר דער פרוי, זי זאָל קענען ווי געהעריק אויפפאַסן, באַגרייפן און באַנעמען. זי קען אַ מאָל האָבן אַ פאַלשן באַגריף, אַ פאַלשן אויסטייטש, וואָס זאָל זי פאַרפירן אויף אַזוי ווייט, זי זאָל פאַרשווערכן אירע פונקציעס ווי אַ געטרייע, ערלעכע פרוי. זי קען אויסגעפינען, לויט אירע השגות און טייטשן, ווי אַזוי זיך אַן עצה צו געבן, זי זאָל קענען טאָן עבירות און נישט ווערן געכאַפּט.

מיט אַנדערע ווערטער: ר׳ יהושע גייט אַ סך ווייטער ווי ר׳ אליעזר אין זיין כאַראַקטעריזירן דער פרויס שוואַכקייט. זיין נעגאַטיווע באַציִונג צו דער פרויס געלערזאַמקייט גייט אַזוי ווייט, אַז ער דריקט זיך אויס, דאָס זי וועט ליבערשט וועלן איין מאָס, ווען דאָס קומט צו איר, אפילו מיט אויסגעלאַסנקייט, איידער נ״ן טעפּ, ווען דאָס קומט מיט אָפּגעהיטקייט, מיט אָפּגעזונדערטקייט [12].

די יידישע וועלט, רעכענענדיק זיך מיט פאַקטן, האָט אָנגענומען בן עזאיס מיינונג, אַז דער פאָטער איז פאַרפליכטעט צו לערנען תּורה מיט זיין טאָכטער: „חייב אדם ללמוד את בתו תורה״ [13] — יעדער ייִד איז מחוייב צו לערנען תּורה מיט זיין טאָכטער, כּדי זי זאָל וויסן, צי דאָס נישט ווירקן פונעם ביטערן וואַסער איז נישט געקומען אַלס רעזולטאַט פון אַ זכות.

בן עזאי איז אויך מחולק מיט ר׳ אלעזר בן עזריה, וועלכער האָט אַזוי גע־האַלטן פון זיין פרוי, נישט געוואָלט אָננעמען נשיאות, ביז ער האָט זיך שואל עצה געווען מיט זיין פרוי און דאָך געהאַלטן, אַז די מצווה פון „הקהל״, וואָס לייגט אויך אַ פליכט אויף דער פרוי [14], איז בלויז, כּדי זי זאָל הערן און וויסן ווי אַזוי מקיים צו זיין מצוות [15]. בן עזאי מיינט, אַז זי דאַרף לערנען, כּדי זי זאָל וויסן און זיין באַהאַוונט און באַהויכט פון תּורה־וויסן.

בן עזאי איז שטאַרק מחולק אויף דער מיינונג פון ר׳ אליעזר, וואָס האָט אָפּגעענטפערט זיין זון הורקנוס: „ישׂרפו דברי תּורה ואַל ימסרו לנשים״ [16] — אַ צו שאַרפער ענטפער צום זון וואָס האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז מ׳קען פאַרלירן דריי הונדערט „כורים״ נדבה פון אָט דער מטרונא וואָס האָט געפרעגט קלאָץ־קשיות. דער ענטפער איז אויך צו שטרענג, צו נעגאַטיוו וואָס שייך אָנער־קענען דער פרויס פאַרשטאַנד. זי איז דאָך געבענטשט געוואָרן מיט „בינה יתירה״.

פאַר וואָס מ׳האָט געמאַכט אַ חילוק צווישן תּורה שבכתב און תּורה שבעל־פּה, דערקלערט זיך דערמיט, וואָס די תּורה שבכתב, שטעלנדיק דעם יסוד פון יהדות,

איז געגעבן געוואָרן אין אַן אומבאַגרענעצטער פֿאָרם — לויט קבלה — „בצורה גלויה", יעדער זאָל האָבן אַ צוטריט און במילא, האָט ר' אליעזר געהאַלטן, קענען אויך די פּרויען לערנען און וויסן. די תּורה שבעל־פּה, דער אויסטייטש, איז שוין איבערגעגאַנגען פֿון דור צו דור, אין העלמה, אין פֿאַרהוילונג און באַגרענעצונג, ווייל נישט יעדער קאָן זיך פֿאַרטיפֿן אין אַ פּלפּול און נישט יעדער איז ראוי צו באַנעמען דאָס אַריינלייענען און אַריינטייטשן אינעם פּסוק און אין די מאָטיוון פֿון מצוות.

קבלה, סתרי־תּורה, זענען שוין גאָר פֿאַרהוילן און בלויז יחידי סגולה קאָנען זיך פֿאַרטיפֿן אין די סודות פֿון דער תּורה, השקפה און מעטאַפֿיזיק־לערעס.

נאָך אַ מאָל, ס'איז, ווייזט אויס, אָנגענומען געוואָרן בן עזאיס מיינונג, מ'זאָל לערנען מיט דער טאָכטער סיי תּורה שבכתב און סיי תּורה שבעל־פּה, כּדי זי זאָל באַזיצן געניטונג יִדיש תּורה־וויסן, זי זאָל זיין אינטעליגענט, זיך האַלטן ביי תּורה־פּרינציפּן, ביי יִדישער טראַדיציע און במילא וועט זי בלייבן ערלעך און געטריי צו איר מאַן, און אויב ס'זאָל זיך טרעפֿן, זי זאָל שטיין אונטערן חשד פֿון האָבן געזינדיקט און דאָס וואַסער האָט נישט געווירקט, וועט זי נישט זאָגן, אַז די „מים המאררים" ווירקן נישט, האָבן נישט קיין באַטייט. זי וועט וויסן, אַז דאָס קאָן פּאַסירן צוליב זכות אָבות [17].

נישט קיין וווּנדער, וואָס אין עלעמענטאַרן דערציִונג־וועזן, האָבן מיר שוין אַ מערהייט פֿון פֿרויען־לערערינס און נישט בלויז אין וועלטלעכע שולן. מיר האָבן גראַדויִרטע פֿון לערן־סעמינאַרן אין די בית יעקב־שולעס, אין בית מדרש למורות, אין די בית־מרים־שול־סיסטעמען און נישט בלויז אין עלעמענטאַרע, נאָר אויך אין העכערע שולן, פֿאַרנעמען פֿרויען אָנגעזעענע פּאָזיציעס. ווי מען שמועסט צווישן מחנכים, וועט מען שוין באַלד קאָנען אָנשטעלן פֿרויען פֿאַר געשולטע גמרא־מלמדות. די „בינה יתירה" אַרבעט ווי געהעריק אין דער דאָזי־קער ריכטונג. פֿרויען צייכענען זיך אויס אויף אַלע געביטן פֿון מענטשלעכער דערקענטעניש, וויסן און טאַלאַנט.

ס'איז כּדאַי צו באַטאָנען דעם פֿאַקט, אַז כּמעט אַלע פֿרויען־שרייבערינס, זענען לערערינס, ווי דאָס וואָלט געגאַנגען זאַלבענאַנד: דיכטונג־דערציִונג. צווישן די גאָר באַקאַנטע אין פּעדאַגאָגישן דערפֿאָלג, איז געווען די שוין דערמאָנטע שׂרה שענירער. זי האָט געשאַפֿן די ערשטע רעליגיעזע מיידלעך־שולעס. בכל תּפֿוצות ישׂראל ווערן געשאַפֿן רעליגיעזע מיידלעך־שולעס לויט איר מוסטער, מערסטנס מיטן נאָמען בית יעקב, אָבער ס'קומען צו אַזעלכע ענלעכע שולעס אויף אַנדערע נעמען מיט די זעלבע פּראָגראַמען.

אין ישׂראל האָט די בית יעקב־באַוועגונג שטאַרק מצליח געווען. די נעץ פֿון בית יעקב־שולעס געפֿינט זיך אומעטום אין גאַנצן לאַנד, איינשליסנדיק מיטל־

שולעס, סעמינאַרן, פעדאַגאָגישע קורסן, פאַרשפּרייט איבער שטעט און אין קיבוצים פון צפת אין גליל, ביז באר־שבע אין דרום. זיי ווערן אָנגעפירט דורך דער צענטראַלער ביוראָ אין ירושלים. לויט דער מיינונג פון מחנכים, שטייען זיי אויף אַ געהעריקן פעדאַגאָגישן ניוואָ [17].

פרויען שרייבעריגס, וואָס זענען מיינסטנס געווען טעטיק אַלס לערערינס האָבן זיך נישט ווייניק אָפּגעגעבן און גיבן זיך נישט ווייניק אָפּ מיט צוגרייטן קינדער־ליטעראַטור, מיט פעדאַגאָגישע אַרבעטן וכדומה. מיר וועלן דערמאָנען אייניקע פון אַ סך:

רעגינאַ ליליענטאַל [18] — יידישע וויסנשאַפטלערין אין פאַרמלחמהדיקן פוילן; פריידל בעלאָוו, מוזיק־לערערין; שׂרה פעדער — פירערין פון פרויען־פּיאָנערן אין אַמעריקע און פּראָפ׳ אין קאָלאָמביאַ־אוניווערסיטעט; ראָזע סימכאָוויטש — אינסטרוקטאָרן פון די ציש״אָ־שולן אין פוילן [19]; גיטל ציטרין [20] און אַ סך אַנדערע.

ס׳זענען ביי יידן תמיד געווען פרויען געלערנטע און נישט בלויז תנ״ך־קענערינס, נאָר אויך אַזעלכע, וועלכע האָבן זיך געקענט פאַרמעסטן מיט תלמודיש וויסן, מיט שאלות און תשובות פון רבנים און אַפילו געוווּסט צו פּסקענען שאלות.

אַפילו אין פינצטערן מיטל־עלטער, אונטער די שווערסטע באַדינגונגען, האָבן זיך געפונען הויך געבילדעטע פרויען. פון די שאלות ותשובות, אָנהייבנדיק מיט כּתבי גאונים ביז די ספרים פון רבנים־פּוסקים, זעט מען ווי די פרוי האָט פאַר־נומען אַ חשובע פּאָזיציע אין יידישן לעבן. זיי האָבן פאַרמאָגט שׂכל, טאַקט, באַ־נעמונג און נישט ווייניק ידיעות אין תנ״ך און תלמוד.

די פרוי פונעם ראש הפּוסקים ביים אַשכּנזישן יידנטום, ר׳ ישׂראל איסרליין (הק״נ־הר״כ; 1390־1460), מחבר פון ספר ״תרומת הדשן״, אַ יסוד־ספר אין הלכה, זיין פרוי, שיינדלין איז געווען איר נאָמען, האָט געשריבן דייטש און יידיש, איבערגעבנדיק דינים אין נאָמען פון איר מאַן [21] און זיין שנור, רעדיל, האָט געהאַט אַ ספּעציעלן מלמד, וואָס האָט געלערנט מיט איר תורה.

ס׳זענען געווען פרויען פון רבנים, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט מסחר, מיט מלאָכה, מיט וווּכעריי, בכדי די מענער זאָלן זיין פריי פון עול־פּרנסה און זיך ווידמען בלויז דעם לערנען. ס׳זענען אָבער געווען פרויען, וועלכע האָבן אַליין געוואָלט לערנען, זיך ווידמען דער תורה און דער וויסנשאַפט און אַפילו געלערנט מיט אַנדערע. ס׳זענען געווען פרויען, וועלכע האָבן פּראַקטיצירט מעדיצין און ס׳זענען געווען פרויען, וועלכע האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט פרייע פּראָפעסיעס, באַזונדערס מיט ליטעראַטור.

אַ פרוי מיטן נאָמען בערטאַ פּאַפּענהיים האָט באַאַרבעט אין דייטש דאָס מעשׂה־בוך (1929), וואָס איז צום ערשט דערשינען אין אַמסטערדאַם, אין יאָר 1723 און געלייענט געוואָרן סיי פון פרויען און סיי פון מענער. אַזעלכע פרויען

איבערזעצערינס פון דער קלאַסישער ליטעראַטור האָבן מיר אין אַלע לשונות. מ׳קען זאָגן ווי קהלת [22] „ואין כל חדש תחת השמש... כבר היה לעולמים״... וואָס איז געשען, וועט געשען, און נישטאָ קיין נײַס אונטער דער זון... שוין געווען אין אַלע צייטן״.

תפילה, ווי מיר ווייסן, האָט מען געלערנט ביי חנהן: כוונה, אין דער שטיל, ווי ביי חנהן — דער מוטער פון שמואל הנביא — „ושפתותיה נעות וקולה לא ישמע״ [23]. און מיט אָט דער שטילקייט קומט דער „כל עצמותי תאמרנה״ [24], אַלע מיינע ביינער זאָגן... חנה האָט גערעדט אין איר האַרצן „מדברת על לבה״. זי האָט האַרציק תפילה געטאָן כדי צו האָבן אַ זון און, ווען זי האָט דערגרייכט איר ווונטש, האָט זי געזונגען וועגן דער גרויסקייט און מעכטיקייט פון גאָט, וואָס האָט זיך צוגעהערט צו אירע פאַרלאַנגען, „עלץ לבי בה׳ רמה קרני בה׳ ״.

חנה איז געווען די אָנגעווייטיקטע מוטער, וואָס האָט, נאָך אירע דערפילטע פאַרלאַנגען, געזען, אַז „אין צור כאלהינו״ (נישטאָ אַ פעלדז ווי אונדזער גאָט). אירע נאָכפאָלגערינס, אויך אויף אַ מאָמעשן אופן, אָבער מיט אַ מעכטיק לשון און שטאַרקער פען, ווי די „אם בישׂראל״ דבורה הנביאה, האָבן געבראַכט דאָס נביאישע, פּאָעטיש־לירישע וואָרט אין אוצר הספרות.

דבורה הנביאה האָט באַוויזן, אפשר מער ווי די מענער, מיט איר מוטיק און פלאַמיק וואָרט, שבטים זאָלן זיך פאַראייניקן און אַ דאַנק דער אייניקייט באַזיגן די שׂונאים.

חנה, דבורה און די אַלע פרויען, וועלכע קענען זיך דערהויבן צו אָט דער מדרגה, קענען אָן ספק זיך אויסדריקן, ווי דער בעל התהלים: „גל עיני ואביטה נפלאות מתורתיך״ [25] — אַנטפלעק מײַנע אויגן, איך זאָל זען די ווונדער פון דיין תורה...

גרויס איז די צאָל פרויען וועלכע האָבן געזען די ווונדער פון דער תורה.

גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אויף דער ייִדישער גאַס האָט געהערשט אַ צערודערונג, אַ תהו ובוהו, באַווייזט זיך פלוצעם שׂרה שענירער, אַן אידעאַליסטקע, אַ געבילדעטע, אַ געלערנטע — און איבער אַלץ — אַ דער־ציִערין און זי דערציט אַ דור יונגע מוטערס און פון די מוטערס — דורות. ייִדישע רעליגיעזע מיידלעך ווערן אויסגעשולט און שׂרה שענירער ווערט אַ לעגענדע. זי שאַפט אַ באַוועגונג וואָס כאַפּט אַרום ברייטע רעליגיעזע קרייזן.

ביי מזרחי־מפד״ל אין ישׂראל עקזיסטירט היינט אַ שטאַרקע פרויען־אָרגאַני־זאַציע „תנועת האשה הדתית לאומית״. די דאָזיקע באַוועגונג, וואָס ציילט צענד־ליקער טויזנטער רעליגיעזע פרויען, פאַרנעמט זיך נישט בלויז מיט סאָציאַלע, וווילטעטיקע מעשׂים, נאָר טוט אויך גאָר אַ סך אויפן געביט פון דערציִונג, פון

קינדער־דערציִונג, פון מיטעלער און העכערער בילדונג — און נישט ווייניק מיט פאַרשפּרייטן תורה צווישן דערוואַקסענע.

מיידלעך־שולעס ביי מזרחי־הפּועל המזרחי און בכלל ביים רעליגיעזן ייִדנטום איז שוין אַ נאָרמאַלע, רעגולערע דערשיינונג. אין אַמעריקע זענען דאָ צענדליקער מיידלעך־שולעס, ייִדיש־רעליגיעזע און וועלטלעך־נאַציאָנאַלע פאַר מיטעלע, העכערע יהדות־לימודים. צו די מער באַקאַנטע, געהערט דער שטערן־קאָלעדזש, וואָס עקזיסטירט אין ניו־יאָרק איבער צוויי צענדליק יאָר.

דער גרינדער פונעם שטערן־קאָלעדזש איז הרב ד״ר שמואל בעלקין, דער הויפּט פון ישיבת ר׳ יצחק אלחנן, ישיבה־אוניווערסיטעט און דעקאַן פון די הויכע לערן־אַנשטאַלטן אַרום דעם גרויסן תורה־צענטער. ער מיט זיין וויזיע, האָט געזען די וויכטיקייט פון געבן ייִדישע טעכטער אַ געלעגנהייט צו לערנען העכערע וועלטלעכע וויסנשאַפטן צוזאַמען מיט תורה.

ד״ר בעלקין האָט מצליח געווען מיט אַלע זיינע אונטערנעמונגען, אַריינגע־רעכנט דעם אויפטו פון אַ לערן־אינסטיטוט פאַר מיידלעך — אַ תורה־אַקאַדעמיע פאַר ייִדישע טעכטער. די ייִדישע טאָכטער וואָס האָט אַ רצון צו לערנען, האָט די מעגלעכקייט זיך צו פאַרפולקאָמען אין תורה־וויסן און במילא וועט זי האָבן אַן איינפלוס אינעם ייִדישן לעבן, דערציִען קינדער פאַר תורה ומסורה, שאַפן היימישע נעסטן פאַר תורה־וויסן און קענטעניש.

## הערות

### א

1 וועגן גרויסע פרויען נאָכקוקן
Beacon Light of History, by John Lord, 15 vols. New York, 1902. Vol. VII, "Great Women".

2 די בעסטע ביאָגראַפיע וועגן איר האָט אָנגעשריבן איר טאָכטער, עווא קירי אין פראַנ־צויזיש, איבערגעזעצט אין אַ גרעסערער צאָל שפּראַכן.
אין ענגליש הייסט דאָס בוך:
Madame Curie, Written by her daughter Eve Curie, Translated by Vincent Shean, Doubleday, Doran & Co., 1937
אין איר ווערק ווערט אויך געגעבן אַ טיילווייזע אויפקלערונג וועגן דער קראַפט און דעם באַנוץ פון ראַדיום.

## ב

1 גיטין, ס״ז, ע״א.

2 זע, ברכות, י׳, ע״א; נ״א, ע״ב; עירובין, י״ג, ע״ב; נ״ג, ע״ב; גיטין, ס״ז, ע״ב; ירושלמי, תרומות, י״א, ה׳; וועגן דער אמתי׳ דרבי — צענדליקער דערציילונגען — אין תלמוד בבלי, אין ירושלמי און אין מדרשים.

3 נדה, ו׳, ע״ב.

4 אין מיינע ווערק „באַציונג צו דער פרוי״ און „באַציונג צום אַרבעטער״ — אויספירלעכער.

4א ע״ז, י״ז-י״ח; שבת, ל״ב, ע״א; תענית, כ׳, ע״ב.

5 אין „באַציונג צו דער פרוי״ — אויספירלעכער.

6 זע, הרב אהרן הײמאַן, תולדות תנאים ואמוראים, ג׳, ז׳ 877; הרב ד״ר נסים סולומון, אנציקלופדיה לאגדות התלמוד, כרך א׳, ניו יורק, תש״ט, ז״ז שי״ז-שנ״ח.

7 עירובין, י״ג, ע״ב; נדה, כ״ב, ע״ב; ויקרא רבה, פ״ב, י׳.

8 סנהדרין, פ״ו, ע״א.

9 עירובין, ע״ב, ע״א.

10 הוריות, י״ג, ע״ב; ירושלמי, מועד קטן, ג׳, א׳. סולומון (אויך הײמאַן) פרעגט אָפּ די דאָזיקע מיינונג און ווייזט אָן, אַז נישט דאָס מנדה זיין און נישט דאָס באַזייטיקן ר׳ מאירן האָט געקענט דורכגעפירט ווערן. רבי מאיר איז געווע געאַכט ביי זיינע חברים און באַליבט ביים פאָלק.

11 הוריות, דאָרט.

12 זע, תוספות, סוטה, י״ב, ע״ב, אָנהייב-וואָרט „אחרים״ — סולומון- און הײמאַן-קאָמענטאַרן.

13 ע״ז, י״ח, ע״ב; זע, הײמאַן און סולומון — באריכות.

14 אויספירלעכער אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי״ און אין „געזאַנג פון חסידות״. זע אויך, לייב מלאַך, „די מויד פון לודמיר״, דראַמאַטישע לעגענדע אין 3 אַקטן. יצחק אלפסי, אין זיין ספר החסידות, גיט אַ רשימה „נשים בעולם החסידות״, ז״ז 241-242.

15 זע, תרשיש, ר״ב עפשטיין, ז״ז 76-77; הרב ר׳ חיים קאַרלינסקי, אין זיין גרויס ווערק לשושלת בריסק און בית הרב — וואָלאָזשינער ישיבה, געדרוקט אין המשכים אין „הדרום״, פרק ל״ד אין לעצטן „הדרום״, חוב׳ מ״א; ניו-יאָרק, תשל״ה.

16 דוב כ״ץ, תנועת המוסר, חלק ב׳, ז״ז 28-29; אין „באַציונג צו דער פרוי״ — אויספירלעכער.

16א זע, הרב ש. ב. אורבאַך, חכמת ישראל באירופה, כרך ג׳, ז״ז 196-271.

17 אַרויסגעגעבן אין יידיש, „זכרונות פון אַ יידישער רעוואָלוציאָנערין״, דורכן צענטראַל-פאַרבאַנד פון פוילישע יידן״, אַרגענטינע, בוענאָס איירעס, תשי״ד-1954. יעקב גלאַט-שטיין האָט אין זיין ווערק „אין תוך גענומען״, בוך צוויי, בוענאָס איירעס, התש״ב-1960, ז״ז 177-183 — אַן אויספירלעכע אָפּהאַנדלונג און אָפּשאַצונג פון איר ראָל אַלס טוערין און ליטעראַטין.

18 כרך, ט״ז.

19 דער בריוו איז דאַטירט, ד׳ אייר, תרפ״ז (6.5.1927).

20 אין זיין רובריק, „פון פרייטאָג ביז פרייטאָג״, דער טאָג מאָרגן-זשורנאַל, פרייטיק, מאַי 22, 1970.

21 אין זיין ווערק „היימישע און פרעמדע״, ליטעראַרישע עטיודן, בוענאָס-איירעס, 1973, ז״ז 227-232.

22 אין „באַציונג צו דער פרוי״ — אויספירלעכער, ב׳ 2, ז״ז 579-584.

23 רות, א׳, ט״ז.

24 זע, „באַציונג צו דער פרוי״, ערשטער און צווייטער באַנד.

25 געדרוקט, פראָג, 1628.

26 מיט אַ צייט צוריק האָב איך באַקומען אַ שריפט פון יצחק דגני-קאָרנפעלד, אין וועלכער, אויב איך מאַך נישט קיין טעות, ער באַהאַנדלט די וואַרשעווער דרוקערייען און צוו״אַ — די דאָזיקע דרוקעריי· ער גיט צו, לויט מיין זכרון, אינטערעסאַנטע פּרטים.
27 הוצאת „נצח״, בני ברק.
28 וועגן לאה גאָלדבערג, זע, „מולד״, חוב׳ 13, שבט-אדר, תש״ל; יאַנ.-פעב., 1970. וועגן יוכבד בת מרים, האָט ישעי׳ ראַבינאָוויטש, אַ פּרעכטיקע אָפּהאַנדלונג אין „מולד״ (כרך ד׳, חוב׳ 21, אָב-אלול, תשל״א — אויגוסט-סעפּטעמבער, 1971). די טעמע: „דרכים בשירת יוכבד בת מרים״.
ס׳זענען אויך דערשינען אויספירלעכע אָפּשאַצונגען וועגן די דאָזיקע פּאָעטינס אין „מאזנים״ (כרך ל״א, ה׳-ו׳ — תשרי-חשון, תשל״א און כרך ל״ג, סיון, תשל״א).

## ג

1 פאַרלאַג ב. קלאַצקין, ווילנע, 1928.
2 וועגן איר — אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי״, באַנד צוויי. יעקב ז. רייזין, דער סינסינעטער רב, אַ משכיל און שרייבער אין דריי שפּראַכן: העברעיש, יידיש, ענגליש, האָט אָנגעשריבן אַ ביאָגראַפיע אויפן סמך פון מאַטילדאַ בלינדס ביאָגראַפיע א״נ
George Elliot's Life, by M. Blind, 3 Volumes.
ער איז שטאַרק באַגייסטערט פון דזשאָרדזש עליאָט.
איבערזעצונגען פון איר ווערק „דניאל דאַראָנדאַ״ האָבן מיר אַ צאָל. צו דערמאָנען: „דורונדא, רומן״, מאת ג׳ורג׳ אליוט, תורגם לעברית, ע״י דוד פרישמאַן; „אליוט ג׳ורג׳: דניאל דורונדה, סיפור, נעתק לעברית על-ידי דוד פרישמאַן, ורשה, תרנ״ג.״. אַ נייע אויפלאַגע — תרפ״ד און נאָך דעם, „מעבד ע״י א. בן-אור, בצירוף תולדות חייה... תרצ״ה״.
3 זע, אַריינפיר צו איר ווערק
The Life of Charlotte Bronte, By E. C. Gaskell, Everyman's Library, 1908
4 זע, Charlotte Bronte: The Evolution of Genius, by Winnifred Gerin
אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי״ — אויספירלעכער.
5 זע אויך, Beacon Lights of History, by John Lord, 15 Vols., New York, 1902, Vol. VII, "Great Women"
The Intelligence of Woman, by W. L. George, Boston 1916, pp. 48, 119—129.
6 מיר האָבן זיך וועגן איר אָפּגעשטעלט באריכותדיק אין „באַציונג צו דער פרוי״ — באַנד צוויי.
7 מאיר ווייסגאַל, אין זיין „לעבנס-געשיכטע״, דערציילט ווי ער האָט איר געהאָלפן סיי אין איר זשורנאַליסטישער קאַריערע און סיי אין איר פּאָליטיש-געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן. ער וואַרפט די שולד פון איר אַנטי-ציוניזם אויף געוויסע יידישע מנהיגים, וועלכע האָבן זי גערודפט און פאַריאָגט, ביז זי האָט געפונען איר אָרט אין דער געזעלשאַפט פון שונאי ישראל.
8 אַלע ווערק, באַנד איינס, ז׳ 174. ש. ניגער דערציילט אין „פון מיין טאָג-בוך״, ז׳ 136, אַז אַזשעשקאָ האָט זיך אַ מאָל אויסגעדריקט וועגן אַ געוויסן יידישן שמייכל, אַז מען קען קיין מאָל נישט וויסן צי ער דריקט אויס הכנעה, צי באַהאַלטענעם נצחון, צי חנפהט ער זיך אונטער, אָדער ער לאַכט אָפּ·
9 אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי״ — באריכות.

10 אַנדערע ליטעראַטור-פאַרשערס טיילן נישט די דאָזיקע מיינונג. זיי זענען גאָר ווייניק באַגייסטערט פון איר אהבת ישראל. אהרן צייטלין האָט נישט איין מאָל אָנגעוויזן, אַז זי האָט געזוכט צו אַסימילירן דעם ייד: זי האָט געוואָלט זען דעם ייד אַלס פּוילישן פּאַטריאָט, אַסימילירט אין דער פּוילישער געזעלשאַפט — אַ פּאָליאַק פון „משהס גלויבן", ווי דאָס האָבן געטאָן אַסימילירטע יידן אין דייטשלאַנד.

## ד

1 די אַנטאָלאָגיע „די פרוי אין דער יידישער פּאָעזיע", 29סטער באַנד פון דער סעריע: „מייסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור" אונטער דער רעדאַקציע פון שמואל ראָזשאַנסקי.
2 פאַרלאַג „ישראל בוך", תל-אביב, תשל"ה - 1974.
3 דאָרט, הקדמה.
4 קענעדער אַדלער, פּרייטיק, אַפּריל 11, 1975.
5 וועגן איר אין מיין „באַציונג צו דער פרוי".
6 זע, נ. מ. געלבער, „ייווה בלעטער", באַנד 42, ניו-יאָרק, 1962, ז"ז 206-223. ביים סוף — הוספה, שלשלת היוחסין פון דער קאַראַ-משפחה, וואָס ציט זיך פון 14טן י"ה, דורות רבנים און פוסקים — ר' יוסף קאַראַ, דער בית יוסף און בעל שלחן ערוך.
7 אינטערעסאַנטע זכרונות און אויטענטישע שילדערונגען.
8 „ייוואָ-בלעטער", באַנד 16, ניו-יאָרק, 1962.
8א דאָרט, באַנד 35, ניו-יאָרק, 1951.
9 זע, „אורות", י"ד.
10 זע, „סאָוועטיש היימלאַנד", נומ' 2, פעב. 1975; נומ' 3, מערץ, 1975 — „אַלטע לייט" (ראָמאַן). פון רוסיש — ש. גאָרשמאַן.
11 „אין תוך גענומען", באַנד 1, ניו-יאָרק, 1947, ז"ז 408-423.

## ה

1 ניו-יאָרק, 1965.
2 בוענאָס-איירעס, תשל"א-1971.
4 „סאָוועטסקי פּיסאַטעל", מאָסקווע.
5 איר בוך „יונג לעבן", אַרויסגעגעבן דורכן קליוולאַנדער איקו"ף-צווייג אין 1939.
6 אונזער צייט, ניו-יאָרק.
וועגן יידישע שרייבערינס — אין לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור.

## ו

1 ספרית מעריב.
2 סוטה, ג', ד'. „ר' יהושע אומר: רוצה אשה בקב ותפלות מתשעה קבין ופרישות..."
3 אין זיין משנה-איבערזעצונג און פירוש.
זע, ברטנורא. דער תוספות יום-טוב ברייטערט אויס דעם דאָזיקן טייטש. דער תפארת ישראל טייטשט פשוט: זנות.
4 כ"ג, י"ג.

5 איוב, ו׳, ו׳. זע, שבת, קכ״ח, ע״א; חולין, קי״ג, ע״א.
6 פסחים, צ״א, ע״א.
7 יהואש-איבערזעצונג.
8 זע, מצודות אויפן אָרט; ש. ל. גורדון, ביאור.
9 ירמי׳ כ״ג, י׳.
10 דאָרט, דאָרט, י״ד.
11 איוב, א׳, כ״ב.
12 זע, תוספות, דאָרט; „לקוטים״ אויף דער משנה; ר״ב עפשטיין, תורה תמימה, עקב, י״ח, אות מ״ח; פּעטרושקא, משנה — אויסטייטש און אין אַנדערע מפרשים.
13 סוטה, ג׳, ד׳; כ״א, ע״ב. אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי״ — באריכות. זע אויך, הרב לייב בארא; הפרדס, סיון, תשי״ז (שנה ל״א, חוב׳ ט׳) אַז מען איז מחויב צו לערנען מיט טעכטער.
14 זע, ברכות, כ״ז, ע״ב; ירושלמי, דאָרט, ד׳, א׳; יבמות, סוף פּרק א׳. ר׳ יהונתן אייבעשיץ, אין יערות דבש, קאָמענטירט, אַז דעריבער האָט ער זיך געדאַרפט אַנפרעגן ביי זיין ווייב, לויטן דין, אַז „עונת תלמיד חכם איז משבת לשבת״ און עונת נשיא איז „מחודש לחודש...״ האָט ער געדאַרפט האָבן איר הסכמה... זע, א. היימאַן, תולדות תנאים ואמוראים, א׳, ז׳ 187, „ואם כי דבר חכמה דיבר, אבל לא נמצא בשום מקום הדין שהביא״.
15 זע, תוספות, אויפן אָרט, ציטירט פון ירושלמי, אַז די נשים קומען „בהקהל״ צוליב דער מצווה לשמוע, צו הערן, זיי זאָלן הערן און וויסן ווי מקיים צו זיין מצוות אָבער נישט צוליב וויסן, אַז „זכות תולה״ — זע, ירושלמי, סוטה, ג׳, ד׳. זאָל עס מיינען אַז ס׳איז דאָ חלוקי-דעות צווישן בבלי און ירושלמי?
16 ירושלמי, סוטה, ג׳, ד׳; במדבר רבה, ט׳, מ״ח. משה ארי׳ מירקין אין זיין פירוש ברענגט דעם נעגאַטיוון אויסדרוק וועגן דער פרוי: „לאַנגע האָר — קורצער שכל״ און אַז דאָס איז געווען אָנגענומען ביי אַלע פעלקער. ביי יידן, ווייזט ער אָן, איז אָנגענומען אַ קעגנגעזעצטע דעה, ווי עס ווערט געזאָגט (בראשית רבה, י״ח, א׳) „ניתן בה בינה יותר מן האיש״ — דאָס איז אַן אַבסאָלוט פעסטגעשטעלטע מיינונג. זע, דאָרט, באריכות.
17 אין „באַציונג צו דער פרוי״, באַנד צוויי — אויספירלעך. צו דער פערציקסטער יאָר-צייט פון שרה שרה שענירער (כ״ו אדר, תשל״ה) זענען דורכגעפירט געוואָרן אזכרות בכל תפוצות ישראל און אין ישראל. אין ירושלים, איז פאָרגעקומען די אזכרה אין די בניני האומה. צו דער געלעגנהייט זענען דערשינען (הוצ׳ נצח) אירע ווערק אין אַ נייער אויפלאַגע, א״נ „אם בישראל״: פיר ספרים, געטיילט אין דריי בענדער.
18 זע, ליטעראַרישע בלעטער, נומ׳ 100, ז׳ 389.
19 זע, א. גאָלאָמב, יובל-בוך חסד לאברהם, תש״ל-1970, ז״ז 256-257.
20 אגב, זי איז אַ שוועסטער פון ישראל פריילין, דאַכט זיך אַז אַפּשטאַמיקע פון אַ שטעטל אפּאלע, ביי לובלין — לאַנדסלייט.
21 לקט יושר, ב׳, ז״ז 19-20.
22 א׳, ט׳-י׳.
23 שמואל א׳, ב׳, חנהס תפלה: א׳-י׳.
24 תהלים, ל״ה, י׳. זע, יעקב אורבאַך, עניני תפלה, ומקורם, סיני, סיון-תמוז, תשל״ד; הרב מ. הרשלר, מדרש שמונה עשרה, סיני, תשל״ד.
25 תהלים קי״ט, י״ח.

## קאַפּיטל זעכצן

# פּילן און אַבאָרטן

**א. די ערשטע מצוה. — דער חוב פון יעדן מאַן. — די מצוה אויף דער פרוי. — אַן „עוזרת" אין ברענגען דורות. — באַנוץ פון פאַר־היטונג־מיטלען אַמאָל און הײַנט.**

אין די פריִערדיקע פּרקים און אין אונדזערע פריִערדיקע ווערק, האָבן מיר נישט איין מאָל אָנגעוויזן אויף דער וויכטיקייט און אָבליגאַטאָרישקייט מקיים צו זײַן די ערשטע מצוה, וואָס איז געקומען צו אָדמען, צום מענטש אַלס ברכה: „פּרו ורבו ומלאו את הארץ"[1] — פרוכפּערט זיך און מערט אײַך — מאַכט פול די ערד. מיט טויזנטער יאָרן שפּעטער, האָט דער אדון הנביאים, ישעיהו, וועלכער האָט געשטראָפט חזקיה המלך פאַר נישט וועלן חתונה האָבן, געבראַכט דאָס וואָרט פון באַשאַפער, אַז די אויפגאַבע פונעם מענטש איז צו זען, די ערד זאָל נישט זײַן ליידיק, נישט בלייבן וויסט, די ערד זאָל באַזעצט ווערן: „לא תהו בראה לשבת יצרה"[2]. נישט פאַר אַ וויסטעניש [האָט גאָט] זי באַשאַפן (געפורעמט די ערד) נאָר צום ווינען זי געפורעמט...

די אויפגאַבע פונעם מענטש, לויט תורה און נביאים, איז אויסצופילן די ברכה פון גאָט און ברענגען קינדער אויף דער וועלט. דער מאַן טאָר נישט פאַרלירן זײַנע זאָמען; ער טאָר נישט פאַרדאַרבן זײַן זרע — און אויב ער טוט יאָ פאַרלירן, צעשטערן זײַן זרע, איז זײַן שטראָף, לויט תורת הנגלה און נאָך מער, לויט תורת הנסתר, אַ שרעקלעכע: ער וועט ליידן אויף דער וועלט און אויף דער צוקונפטוועלט.

אין יהדות איז שטאַרק פאַרבאָטן דאָס צעשטערן זרע. דאָס באַנוצן וועלכן נישט איז אַבאָרט־מיטל, ווערט געטאַדלט אַלס שעדלעך און ווי אַ צוריקהאַלט פון דער געטלעכער ברכה. ווען מרים האָט געזען, אַז איר פאָטער עמרם דערווייטערט זיך פון איר מוטער צוליב פּרעהס גזירות, האָט זי אים געטאַדלט: „שלך קשה משל פרעה" — דײַן אומנאָרמאַלקייט איז ערגער פון פּרעהס גזירות: ער האָט

בלויז גוזר געווען אויף נײַ־געבוירענע יינגלעך — און דו ווילסט אין גאַנצן אָפּשטעלן געבורט.

ס׳זענען פאַראַן אויסנאַמען, אַזעלכע פאַלן, ווען מען דערלויבט דורך פאַר־שיידענע מיטלען אָפּצוהאַלטן שוואַנגערשאַפט — און וועגן דעם ווייטער.

דאָ ווילן מיר בלויז אָנווייזן ווי אַזוי די „פיל״ (טאַבלעט קעגן שוואַנגער־שאַפט) און אַבאָרט זענען געוואָרן דער שטאַרקסטער פאַקטאָר אין דער היינטיקער געזעלשאַפט. אַלע פאַרנעמען זיך מיטן דאָזיקן פּראָבלעם; אַלע ווילן לייזן דאָס פּראָבלעם פון באַפעלקערונג־עקספּלאָזיע. רבנים און גייסטלעכע — אַלע פאַר־נעמען זיך מיט דער פראַגע ווי אָפּצוהאַלטן געבורטן, ווי אַזוי דורכצופירן געבורט־קאָנטראָל, אָדער ווי די סאָציאָלאָגן רופן עס „פאַמיליע־פּלאַנירונג״. אַנשטאָט געבן דער פרוי אַ מעגלעכקייט זי זאָל הנאה האָבן פון שפּיל מיט אַ קינד, האָבן פאַר־געניגן פון אַ קינדס שמייכל, פאַרנעמט מען זיך מיט איין איינציקן פּראָבלעם, ווי דורכצופירן לעגאַל אַבאָרטן; די רעגירונג זאָל צאָלן פאַר אומברענגען עמבריאָ־נישע נפשות און האַלטן די באַפעלקערונג, לויט דער מאָס, ווי די סאָציאָלאָגן וועלן באַשטימען.

מיר לעבן אין אַ צייט פון „פּילן״ און אַבאָרטן. דאָקטוירים, גינעקאָלאָגן, רבנים און גייסטלעכע פון אַנדערע אמונות — אַלע זענען פאַרקאָכט, ווי צו באַ־קומען און ווי אַזוי צו נוצן פאַרהיטונג־מיטלען קעגן שוואַנגערשאַפט, ווי צו באַקעמפן די געטלעכע ברכה פון „פּרו ורבו״. וווּ מען גייט און וווּ מען שטייט, הערט מען פון „פאַמיליע־פּלאַנירונג״. וואָס פאַר אַ צייטונג מ׳זאָל נישט נעמען אין האַנט, וואָס פאַר אַ מאַגאַזין, זשורנאַל — אומעטום, מיט גרויס פּראָמינענץ, דעבאַטירט מען דאָס ערשטע פּראָבלעם פאַר דער מענטשהייט: אַבאָרטן; ווי דאָס דורכצופירן, און ווי אַזוי מ׳זאָל ענדערן די געזעצן בכדי צו דערמעגלעכן דאָס אומברענגען קינדער אויפן לייכטסטן אופן.

אַ קאַנאַדער גינעקאָלאָגין, ד״ר קאַראָל קאָוועל, האָט מיט אַ צייט צוריק דער־קלערט אַז די בעסטע לייזונג פאַר אומפאַרהייראַטע שוואַנגערנדיקע פרויען איז מפּיל צו זיין דעם עמבריאָ, וואָס האָט זיך באַהעפט אינעם אינגעווייד פון דער יונגער פרוי, אין מוטערס לײַב. זי רופט די „ווימענס־ליב״ (פרויען באַפרײַונג־באַוועגונג) זיך צו פאַרנעמען מיטן דאָזיקן עסק און פאַרלאַנגען דראַסטישע רעפאָרמען.

אַזאַ פרוי־וויסנשאַפטלערין וויל זיך נישט פאַרנעמען מיט מאָראַל און עטיק; זי איגנאָרירט די ביבלישע פאַרשריפטן. זי איז בלויז באַזאָרגט וועגן באַפעלקע־רונג־עקספּלאָזיע. זי וויל די גאַנצע וועלט זאָל אָננעמען דעם מאַלטוס־מעטאָד: אָפּשטעלן געבורטן, אָבער חלילה נישט זיך צוריקהאַלטן פון סעקסועלער תאווה.

די וויסנשאַפטלערס זענען רעאַליסטן. זיי לאָזן איבער די מאָראַל בלויז פאַר מאמינים, פאַר אידעאַליסטן, פאַר זקנים און זקנות. יונגע מענטשן — האַלטן זיי — דאַרפֿן געניסן פונעם לעבן, אָבער נישט ברענגען אויף זיך דעם עול־משפּחה. זיי ווילן אַפילו נישט רעכענען זיך מיט די מעדיקערס וואָס האַלטן, אַז פאַרמאַכן נאַטירלעכע האָרמאָנען איז עלול צו ברענגען נייע קאָמפּליקאַציעס, שטעלן אין געפאַר די געבער־מוטער, דאָס געזונט פון יונגפרויען. זיי ווילן, אַז די יוגנט זאָל געניסן פון לעבן, וואָס מיינט סעקס, יוגנט זאָל זיין פריי צו קענען געניסן אומגעשטערט פון אַלע תאוות און אויב דאָס יונגע מיידל דערפילט, אַז עפּעס טוט זיך אין איר אינגעווייד, זאָלן דאָקטוירים מומחים — באַצאָלט פון דער רעגירונגס־קאַסע — דורכפירן די אַבאָרט־אָפּעראַציע.

וואָס פאַר אַ דעמאָראַליזאַציע עס פירן די דאָזיקע עקספּערטן, מיט זייער אַגיטאַציע פאַר סעקס־פרייהייט, וואָס זיי האַלטן פאַר אַ נאָרמאַלער זאַך! און כּדי דער תענוג זאָל קומען אָן מורא, איז זייער עצה: פאַרהיטונגס־מיטלען דורך „פּילן" און אַנדערע מיטלען; אויב דאָס איז נישט באַקוועם, נישט אין צייט און די „מוטערשאַפט" רוקט זיך, דער כּרס איז שוין באַלד „בין שיניה", איז די עצה: אַבאָרט, הפּלה, ווי דאָס ווערט גערופן אין דער הלכה.

אינטערעסאַנט איז, אַז גראָד אין די רייכסטע לענדער האָט מען מורא פאַר צו פיל קינדער, בעת אין די אָרעמערע לענדער, איז מען גאָרנישט אַזוי באַזאָרגט. אין צפון־אַמעריקע, אַריינגערעכנט די רחבותדיקע און ווייניק באַפעלקערטע קאַנאַדע, האַלט מען אין זאָרגן, אַז מען וועט ווערן איבערבאַפעלקערט און במילא הונגערן. אין די דעבאַטעס און פּאָלעמיקס ווי צו באַגרענעצן די געבורטן, ווי אַנצוהאַלטן אַ געבורט־קאָנטראָל, קומען צום אויסדרוק די רעליגיעזע קאָנטראַסטן.

די קריסטלעכע טעאָלאָגן מכּל המינים, פון אַלע דענאָמינאַציעס, פאָלגן נאָך די לערע וואָס וואָרצלט טיף אין דער קריסטלעכער אמונה, אַז באַהעפטן זיך מיט אַ פרוי איז אַן עבירה. די זינד ווערט פאַרגעבן, בלויז ווען דאָס צוזאַמענלעבן פון די צוויי געשלעכטער איז פּראָדוקטיוו, ברענגט פּרוכט, קינדער.

די סעקסועלע מאָראַל איז באַזירט אויף אָט דער דאָזיקער הנחה. אַזוי ווי די דאָזיקע טעאָלאָגן ווילן צופּאַסן די רעליגיע צום פּראַקטישן לעבן, קומט יעדער פון זיי אַרויס מיט זיינע אַנשויונגען, ווי צו ברענגען די פאַרגעבונג אויף דער זינד פון תאווה. אויב די קאַטוילישע קירכע וויל נישט ענדערן קיין איינע פון אירע דאָגמעס, וויל נישט איינגיין אויף קיין הנחות אויף אַבאָרטן, קומען אַרויס די גייסטלעכע פון די פּראָטעסטאַנטישע סעקטעס און באַוועגונגען און גיבן רעכט אויף די ליבעראַלסטע געזעצן. זיי זענען גרייט און ווילן לעגאַליזירן אַבאָרטן אָן אונטערשייד, ווי ווייט די פרוי איז פאַרגאַנגען אין טראָגן.

די דאָזיקע טעאָלאָגן האָבן אַפילו אָפּגענויגט פון די עיקרים אין קריסטנטום און מוותּר געווען אויף דער זינד פון „ודבק באשתו״, ווען די זרע פון אַזאַ באַהעפטונג ווערט צעשטערט. די קאַטוילישע קירכע וויל בעסער האָבן נאָנעס, מאָנאַכן, גלחים, וואָס זאָלן נישט פאַרזוכן פון דעם פאַרבאָטענעם תּענוג און פרויען וועלכע זאָלן אָנפילן די מאָנאַסטירן. אַ הייראַט וואָס זאָל קריגן זייער ברכה — איז דער וואַטיקאַן איבערצייגט — מוז ברענגען המשך, מוז ברענגען פּרוכט, אויסגעפורעמט אין מוטערס לײַב און ס׳איז נישטאָ קיין באַרעכטיקונג אָפּצו־האַלטן פּרוכפּערונג אין פאַרויס, און אַוודאי נישט שפּעטער, אין פּראָצעס פונעם קינדס אַנטוויקלונג אין מוטערס אינגעוויד.

און נאָך אַ זאַך זעט מען, דעם חילוק צווישן יהדות און קריסטנטום, וואָס שייך געשלעכט. אין קריסטנטום ווערט גאָר ווייניק גערעדט אָדער געוואָרנט קעגן השחתת זרע, קעגן „מוציא זרע לבטלה״; מען רעדט נישט וועגן שמירת הברית. מען איז מבטל, מ׳קוקט אַוועק פונעם געבאָט: „לא טוב היות האָדם לבדו״ — די גרויסע עבירה: חתונה!

אין יהדות איז פונקט פאַרקערט: „פּרו ורבו...״ „כּי יקח איש אשה...״ דאָס איז אימפּעראַטיוו!! די מצווה פון אהבה בין איש לאשתו פאַרנעמט דאָס גרעסטע אָרט אין תּנ״ך און אין תּלמוד. דאָס ווינען צוזאַמען, דאַרף — פאַרשטייט זיך — זיין בקדושה ובטהרה — און ברענגען קינדער! אויב מען דערלויבט זיך באַנוצן מיט פאַרהיטונג־מיטלען, איז עס אין זעלטענע פאַלן: ווען דער פרויס געזונט ווערט געשטעלט אין סכּנה אָדער צוליב אַנדערע באַרעכטיקטע סיבות, לויט דער באַשטימונג פון אויטאָריטאַטיווע רבנים־פּוסקים; פּונקט ווי איינער פון די גדולי הפּוסקים האָט דערלויבט אונטער געוויסע אויסנאַם־פאַלן, הזרעה מלאכותית, קינסטלעכע באַפרוכפּערונג, וואָס איז אָפּגעפרעגט געוואָרן פון רבנים־מומחים, צוליב דער קדושה פון ייִדן[3].

אַריינלאָזן זיך אין הלכה, בנוגע סטעריליזאַציע, סירוס וכדומה איז נישט פאַר אונדז. מיר קאָנען זיך אויך נישט אַריינלאָזן אין הלכהשן שטאַנדפּונקט, בנוגע דעם פאַרמיידן שוואַנגערשאַפט, אָפּהאַלטן געבורטן, בכלל אָפּשוואַכן די אברי ההולדה. אַפילו די דערלויבעניש פון „שימוש במוך״, איז אַ קעגנשטאַנד, וואָס בנוגע אים האָבן נאָר געציילטע רבנים אַ רעכט צו נעמען אַ שטעלונג; רבנים פאַר וועלכע ס׳איז קלאָר די שיטת ראשונים, וועלכע זענען גוט באַהאַוונט אין רש״י, תּוספות, רמב״ם, ר״ן, רמב״ן, רשב״א און זייערע נאָכפאָלגערס פּוסקים־לומדים, וואָס האָבן אונטער געוויסע אומשטאַנדן (אויסצומיידן אַ גט, אויסצומיידן קראַנקייטן), דערלויבט אַזעלכע סאָרטן אַבאָרטן, אָדער אָפּהאַלטן פון שוואַנגער־שאַפט — די דאָזיקע ענינים זענען ביי אונדז באַהאַנדלט געוואָרן אויספירלעכער און ס׳ווילט זיך נישט איבערחזרן[4].

דער לובלינער רב ר׳ שניאור זלמן [5], פאַרנעמט זיך באריכות וועגן „שימוש במוך״, באַזירט זיין סינטעטישן אַנאַליז, לויטן תּלמוד און זיינע נושׂאי־כּלים און קומט צום אויספיר, „שיש מקום להתיר בפשיטות לשום מוך לפני תּשמיש״, בכדי צו פאַרמיידן אַ גט.

דער ייִדישער דין האָט דערלויבט אַזאַ סאָרט צוזאַמענלעב, ווען דאָס נעמט נישט אָן קיין מאַסן־פּסיכאָז, ווען ס׳איז נישטאָ די מורא, אַז דאָס וועט פירן צו הפקרות, ווי מיר זעען עס היינט צו טאָג: מאַמעס פּאַקן איַין די „פּילן״ אין זייערע טעכטערס וואַליזעס, ווען זיי גייען אַוועק שטודירן... הייסן גוט זייערע טעכטערס זנות, פּאָפּולאַריזירן און אַקטיוויזירן הפקרותדיקע באַנעמונג פון זייערע טעכטער. פון איין זייט אַגיטירט מען פאַר קינסטלעכע באַפרוכפּערונג און פון דער צווייטער זייט — קינסטלעכע צעשטערונג. צו וואָס פירט עס? — צו תּועבה! צו מיגל!

זשורנאַליסטן און פּובליציסטן ווידמען דעם גרעסטן טייל פון זייער טאַלאַנט צו געבן אינפאָרמאַציע וועגן געבורט־קאָנטראָל, באַפעלקערונג־עקספּלאָזיע און ווי נאָר זיי הערן אַ וואָרט אויפן דאָזיקן געביט, ווערט עס אויסגענוצט, מאַכן זיי דערפון הויפּט־ניַיעס, גיבן צו אייגענע אויסטייטשן, שאַפנדיק דעם איַינדרוק אַז אָט־אָט גייט די וועלט אונטער צוליב הונגער, בעת אין אמתן, אַפילו ס׳זאָל שוין קומען צו אַ מצב, ווען די וועלט זאָל האָבן זיבן ביליאָן איינוווינערס, האָט דער ערדפּלאַנעט גענוג פּאָטענץ־אויפנאַם צו אַבסאָרבירן און באַשפּייזן די צוגעקומענע ביליאָנען.

די פּראָפּאַגירערס פון אָט די אַלע געבורט־קאָנטראָלן האַלטן ווייניק פונעם גלויבן, אַז דער באַשאַפער איז דער „הזן ומפרנס לכל ומכין מזון לכל בריותיו״...

ייִדן מאמינים דאַרפן דעריבער נישט אָנכאַפּן זיך אין די פאַרשיידענע עצות ווי צו רעדוצירן און קאָנטראָלירן געבורטן. זאָלן זיך די דאָזיקע סאָציאָלאָגן פאַרנעמען מיט אינטערנאַציאָנאַלע קאָמיסיעס, ווי צוריקצוהאַלטן געבורטן און ווי צו רעדוצירן די באַפעלקערונג. די אַגיטאַציע גייט סיי־ווי נישט אין דער געהעריקער ריכטונג. די אַגיטאַציע גרייכט נישט און באַאיַינפלוסט נישט די לענדער פון די גרעסטע געבורט־וווּקסן: מזרח־לענדער, אַזיע און אַפריקע הערן זיך גאָר ווייניק צו צו די אידעען פון פאַמיליע־פּלאַנירונג און אין די לענדער, ווו ס׳ווערט אָנגעפירט די שטאַרקסטע אַגיטאַציע, איז דאָ גענוג און גענוג אויף צו באַשפּייזן די באַפעלקערונג.

מישל לאַנדסבערג [6] באַקלאָגט זיך, הלמאי אין אונדזער יאָרהונדערט פון באַוווּסטזיניקייט, ווען די „פּיל״ איז אַזוי צוגענגלעך און איז הונדערט פּראָצענט עפעקטיוו אין אָפּהאַלטן געבורט, פאַר וואָס זאָל אין אַזאַ לאַנד, ווי קאַנאַדע, זיין אַזוי גרויס די צאָל אומלעגאַלע קינדער?

ס'זענען דאָ, שרייבט ער, הונדערט טויזנט נישט־געוווּנטשענע שוואַנגער־שאַפטן און בלויז 30 טויזנט זענען אָפּגעווישט געוואָרן דורך אַבאָרט. דער עיקר לויט דער דאָזיקער מיינונג, דאַרף מען דורך דער „פּיל" נישט דערלאָזן צו איבעריקער שוואַנגערשאַפט.

וואָס איז דער אמת וואָס שייך קאַנאַדע?

דער אמת איז, אַז קאַנאַדע קאָן זיך דערלויבן דעם צופּלוס פון די הונדערט טויזנט יערלעכע געבורטן; קאַנאַדע קאָן באַשפּייזן נאָך צענדליקער און צענדליקער מיליאָנען; קאַנאַדע האָט נאָך נישט אַנטוויקלט אירע אַגריקולטורעלע און אינדוס־טריעלע רעסורסן און מעגלעכקייטן; קאַנאַדע האָט נאָך נישט אויסגענוצט איר ענערגיע פאַר דעם ווילזיין פון איר באַפעלקערונג — אין דעם געבענטשן לאַנד פון אַזוי פיל, דאַרף מען זיך נישט זאָרגן פאַר דעם וווּקס פון דער באַפעלקערונג. וואָס מען דאַרף זיך יאָ זאָרגן און וואָס מען דאַרף יאָ זיך באַמיִען, איז צו לערנען די יוגנט ווי זיך צו באַנעמען; לערנען מיט זיי די וועגן פון אַ ציוויליזירט־קולטו־רעל פאָלק; לערנען מיט זיי די מאָראַל פון יחיד און פונעם ציבור; לערנען מיט דער יונגער מוטער די לעקציע פון „לא תרצח", וואָס איז חל שוין אין מוטערס אינגעווייד, ווי דער נביא גיט איבער דאָס וואָרט פון גאָט, אַז איידער נאָך ער איז אַרויסגעקומען פון מוטערס טראַכט, האָט ער שוין געהערט גאָטס רוף: „בטרם אצרך בבטן ידעתיך ובטרם תצא מרחם הקדשתיך" [7] און איוב דריקט זיך אויס: „הלא בבטן עושני עשהו ויכוננו ברחם אחד" [8] — האָט דען נישט דער וואָס האָט מיך אין מוטערלײַב באַשאַפן, אים באַשאַפן... אים אין טראַכט געפורעמט...

נישט בלויז דער מאַטעריעלער חומר ווערט צוגעגרייט אין מוטערס טראַכט, נאָר אויך דאָס גייסטיקע, נשמהדיקע, געטלעכע געפינט זיך ביים ערשטן סימן פון דעם עמבריאָן, לויטן אַקסיאָם פון „שלשה שותפים באדם..." ביים באַהעפטן זיך פון מאַן און ווייב, רוט די שכינה און פאַרמירט דאָס גייסטיקע וואָס בלייבט אייביק אינעם מענטשן.

צו געבן אַ פולשטענדיקן, באַדינגונגלאָזן היתר אויף אַן אַבאָרט, מיינט פשוט דערלויבן רציחה אין אַ פאַרשטעלטער, פאַרדעקטער, באַהאַלטענער פאָרם. אויב אַפילו מ'זאָל אָננעמען, אַז דער לא תרצח, איז געמיינט געוואָרן, בלויז ווען דאָס קינד איז שוין אַרויס פון דער מוטערס טראַכט, ווען עס איז שוין אַרויס פון „נפל"־געפאַר, ווען מען איז זיכער, אַז דאָס נפשל איז אַ בר קימא... דאָך, בלייבט אומפאַרענטפערט די פראַגע, ווי מעג מען פאַרניכטן אַ לעבעדיק נפש, וואָס באַוועגט זיך ברחם אֵם?

ס'איז בכלל מאָדנע דער געיעג נאָך אַבאָרט:

פון איין זייט, ווילן די נייע מאָראַליסטן מ׳זאָל גוטהייסן אַבאָרט אָן וועלכער נישט איז שוועריקייט; מ׳זאָל מתיר מאַכן יעדן סאָרט איבעררייסן שוואַנגער־שאַפט, אויב די פרוי (פאַרהייראַט צי נישט־פאַרהייראַט) פאַרלאַנגט עס. פון דער אַנדערער זייט, זוכט מען מיטלען ווי אַזוי צו פאַרגרעסערן געבורטן דורך קינסט־לעכע מיטלען, ווי צו שאַפן „פילן״ און מעדיצינען וואָס זאָלן ברענגען אין דער מוטערס טראַכט וואָס מער קינדער מיט אַ מאָל: צווילינגען, דרײַלינגען וכדומה.

מען אַרבעט אויס אין די לאַבאָראַטאָריעס אומצייליקע מיטלען פון „אינסע־מינאַציעס״ — צו האַלטן זרע פון מענער און דורך „מאַסטורבאַציע״ — ברענגען קינדער צו מאַמעס וואָס וואָלטן נישט געקענט האָבן, אָדער געהאַט שוועריקייטן צו ווערן מעוברת.

ווי ביי הינט און אַנדערע חיות, פאָרט מען זכרים מיט נקבות. לויטן ווילן פון דעם אייגנטימער, אַזוי באַנעמט מען זיך מיט מענטשלעכע געבורטן: מ׳זוכט אויס שיינע, יונגע און געזונטע זכרים אין אַ קליניק און מ׳זאַמלט פון זיי די זאָמען און נאָך דעם פילט מען אָן, שפריצט מען אַרײַן די ספּערמען אין טויזנטער ווייבער וועמעס מענער האָבן בלויז הנאה פון זייער אינטימקייט. זיי גיבן קינדער צו מענער וועמעס באַהעפטונג איז נישט גענוג אויף צו קענען אַריינדרינגען אין דער אָוואָ (אינעם בית הרחם) און ס׳שאַפט זיך אַ נישט נאַטירלעכע יצירה.

מיר האָבן שוין אַזעלכע קליניקס אין גאָר אַ סך שטעט — און דאָקטוירים ווייזן וווּנדער. אָבער ביי ייִדן איז הזרעה מלאכותית, ווי דאָס ווערט גערופן אין דער הלכה, איינס פון די שווערסטע פּראָבלעמען. ס׳איז דאָך דאָ די געפאַר פון ממזרות, שוועסטער־ און ברידער־חתונות און ענלעכע פּראָבלעמען, וועגן וועלכע מיר האָבן שוין געשריבן.

די קריסטלעכע מאָראַל, ווייזט אויס, וועט נישט דערלויבן חתונה האָבן צוליב הנאָה פון ליבע, צו זיין צוזאַמען, לעבן צוזאַמען; אין יהדות, טאָר מען נישט פאַרדאַרבן זרע, ס׳איז אָבער נישט קיין זינד לעגאַלע אהבה בין איש לאשתו און ווען דער פרויס געזונט, אָדער צוליב פאַרשטענדלעכע סיבות, די פרוי מוז צוריק־האַלטן געבורט, זאָל זי לעבן און זיין גליקלעך מיטן מאַן, אַפילו ווען דאָס צוזאַ־מענלעבן ברענגט נישט די געהעריקע פרוכט. אין יהדות איז נישטאָ קיין מורא פאַר באַפעלקערונג־עקספּלאָזיע; ס׳איז אָבער יאָ דאָ, דער יסוד פון פרוכפּערקייט — צו ברענגען קינדער, לויטן באַפעל פון „פרו ורבו״. צוליב באַקוועמלעכקייט־צוועקן, אָדער צוליב פחד פון שפייז, טאָר מען נישט אומברענגען דורות, טאָר מען נישט אָפּהאַלטן שוואַנגערשאַפט — און וועגן דעם וועלן מיר זיך נאָך אומקערן.

ס׳ווילט זיך ברענגען אַ פאַקט, וואָס דאַרף באַטראַכט ווערן מער ווי אַ צופע־ליקער עפּיזאָד:

אַ קאַנאַדער יידישער ריכטער א. ה. ליעף פון אָנטאַריאָס הויפּט־געריכט (אַ זון פון אַ תּלמיד־חכם אין אָטאַוואַ), האָט געפּסקנט אין שייכות מיט אַן אַבאָרט, אַז די פרוי קאָן דאָס נישט טאָן, אויף איר אייגענעם פאַרלאַנג, נאָר מוז האָבן די צושטימונג פונעם מאַן און די עצה פון דאָקטאָר. איר טענה, אַז זי האָט שוין פיר קינדער, גיט איר נישט די רעכט צו פאַרוואַרפן שוואַנגערשאַפט...

דער ייִדיש־באַוווסטזיניקער ריכטער האָט געפּסקנט, אַז דער מאַן האָט רעכט, נישט צו דערלאָזן די פרוי זאָל האָבן די פולשטענדיקע רעכט איבער דעם קינד אין איר אינגעווייד.

די פּרעסע אין לאַנד (דאָס איז פאָרגעקומען אין 1972) איז אַרויסגעקומען מיט אַרטיקלען, קעגן דעם דאָזיקן פּסק און געטענהט, אַז דאָס איז נישט אין די אינטערעסן פון דער פרויס ווילזיין, אַז דאָס איז קעגן דער פרויס סטאַטוס אין קאַנאַדע, אַז דאָס איז אַ דערנידערונג פאַר דער פרוי; אַז די פרוי דאַרף האָבן פולשטענדיקע רעכט איבער איר קערפּער.

איז דאָ נישט וויכטיק דער פּועל־יוצא, עס איז אויך נישט וויכטיק איבער־צוגעבן די פּרטים. וויכטיק איז, אַז די פּרעסע האָט געטאַדלט דעם ריכטערס פּסק, אַפּעלירט איבערצוגעבן דעם גאַנצן ענין צו דעם העכסטן געריכט, כּדי נישט צו דערלאָזן אַזאַ פּרעצעדענט אין קאַנאַדע — און די יוריסטן־עקספּערטן האָבן אַפילו געוואַגט אַרויסצוקומען מיט דערקלערונגען, אַז דאָס וועט מיינען אַן אַרויסרוף מצד קאַנאַדעס געזעצגעבער, קעגן דעם „ביל אָוו רייטס״, וואָס איז גוטגעהייסן געוואָרן אין פּאַרלאַמענט און דערמעגלעכט צענדליקער טויזנטער אַבאָרטן אויפן יסוד פון פרויענרעכט.

די פרויען־אָרגאַניזאַציעס זענען געררייצט געוואָרן צו פּראָטעסטן. זיי זענען אינסטיגירט געוואָרן צו פאַרלאַנגען אַרויסוואַרפן די אַבאָרט־געזעצן פון קרימינעלן קאָדעקס. די „ליב״־באַוועגונג האָט געפאָדערט פולשטענדיקע רעכט פון דער פרוי איבער איר קערפּער און געטענהט אַז די מוטער טראָגט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די זאָמען אין איר אינגעווייד.

די דאָזיקע רעאַקציע האָט געבראַכט צו עפנטלעכע אַרויסטריטן מצד יוגנט־לעכע, אָפּצוּוואַרפן די אַקסיאָמאַטישע געוווינהייט און מינהג, וואָס האָבן זייער מקור אין דער רעליגיעזער מאָראַל, אַז בתולהשאַפט איז אַ סימן פון מאָראַלישקייט. אדרבה, באַהויפּטן די וואָס ווילן אַ פרייַע געזעלשאַפט, דם־בתולים איז מינדער־וויכטיק פאַר אַ גוט און ריין לעבן, אַז עס איז אַן איבערבלייב פון רעליגיעזער דאָגמאַטישקייט, פון געשלעכטלעכער אומבאַוווסטזיניקייט, אויף דער דערוואַרטונג פון זיווג די ערשטע נאַכט — און ענלעכס, אָבער זיי, די מאָדערנע מענטשן, ווילן דאָס נישט, דאַרפן דאָס נישט...

אָט צו וואָס די נייע, מאָדערנע מאָראַליסטן דערגייען!

**ב. די מצווה זיך צו פרוכ־פערן. — וויפל קינדער. — ראַציאָנאַליזירונג פון גע־בורטן. — יהדות־מאָראַל. — נישט מישן זיך אין געטלעכער מיסטעריע.**

שוין דער צוגאַנג צום קעגנשטאַנד וואָס מיר רופן געבורט־קאָנטראָל, איז אין יהדות, ווי געזאָגט, אַנדערש ווי אין קריסטנטום. אויב אין קריסטנטום ווערט דאָס לעבן סעקסועל מיט אַ פרוי דערקלערט אַלס עבירה, איז עס אין יהדות אַ מצווה — און דאָס ברענגען קינדער דורך אַט דער באַהעפטונג — די גרעסטע און ערשטע מצווה: חתונה אַליין איז אַ מצווה, געבענטשט מיט זיבן ברכות — דער מנין זיבן — איז אַ סימבאָלישע צאָל. די הויפּט־ברכה: „כשמחך יצירך בגן עדן מקדם..." און „ותגל העקרה בקיבוץ בניה לתוכה..."

דאָס ווינען מיט אַ פרוי כּדת משה וישׂראל העלפט אַ סך אָפּצושוואַכן תּאווה און יצר, העלפט דעם מאַן ער זאָל קענען זיין שומר־ברית [1]. דאָס אַליין איז שוין אַ וויכטיקע מאָראַלישע דערגרייכונג — און נאָך גרעסער ווערט די דאָזיקע דער־גרייכונג מיטן ברענגען פרוכט, וואָס איז אַ ציל פאַרן מענטשן, נישט בלויז לויטן קבלה־מיסטיציזם, נאָר גאָר וויכטיק לויט דער הלכה, אַ תּורהדיקער אימפּעראַטיוו; אַ געבאָט פון יצירה־באַגין, ממשיך צו זיין דעם יצירה־פּראָצעס, זינט דעם „ויברא אלקים את האדם... זכר ונקבה ברא אותם" [2].

די פראַגע, פאַרשטייט זיך, האָט זיך געשטעלט, וויפל דאַרף אַ מענטש העלפן אין המשך פון יצירה — און שוין די חכמי התּלמוד אין דער גרויסער עפּאָכע פון בית שני, האָבן געטראַכט ווי צו ראַציאָנאַליזירן דעם דאָזיקן געבאָט. ווען איז אַ מענטש יוצא מיט דער מצווה „פּרו ורבו"?

אין דער תּורה ווערט געזאָגט „ומלאו את הארץ" [3] — די תּלמוד־גרונטלייגערס, די שאַפערס פון דער תּורה שבעל־פּה, האָבן דאָס ראַציאָנאַליזירט, רעדוצירט און קאָנקרעטיזירט צו אַ צווייפאַכיקער יצירה: לויט בית שמאי, דאַרף דער מאַן מקיים זיין די מצווה מיטן געבן געבורט צו צוויי זכרים און לויט די בית הלל — זכר ונקבה [4] און עס גייט אויך אָן אַ פּאָלעמיק, צי די פרוי איז אויך מחוייב אויפן געבאָט „פּרו ורבו", צי נישט... און וועגן דעם האָבן מיר שוין געשריבן מער ווי איין מאָל — און איבערחזרן איז איבעריק.

די חז"ל האָבן אויך דערלויבט, צוליב אומשטאַנדן, די פרוי זאָל מעגן צוריקהאַלטן שוואַנגערשאַפט, זי זאָל אָפּהאַלטן דעם מאַנס זרע — און אים נישט צוריקהאַלטן פון אינטימקייט, ער זאָל נישט זיין מוציא זרע לבטלה.

די חז"ל האָבן אויך געראַטן, ווען און אונטער וואָס פאַר אַן אומשטאַנדן, אַ פּאָרל זאָל זיך אָפּהאַלטן פון שוואַנגערשאַפט, פון ברענגען קינדער אויף דער וועלט. מ'האָט געלערנט, אַז אין צייַט פון אַ הונגער, זאָל מען נישט ברענגען קיין

קינדער אויף דער וועלט, וואָס דאָס האָט געמיינט, מ׳זאָל נישט וויינען־לעבן צוזאַמען, נישט זיין אינטים געשלעכטלעך [5]. אויב אָבער אַ מענטש וועט וואַגן, צוליב באַקוועמלעכקייט, אָדער אַפילו צוליב אַן איינגערעדטער מורא — אַפילו אַזעלכער ווי דער קעניג חזקיה, וועלכער האָט געזען בנבואה, אַז ער וועט גע־בוירן שלעכטע קינדער — נישט וועלן חתונה האָבן, איז עס אַ פאַרברעכן און ער איז ווערט באַשטראָפט צו ווערן. צו אַזעלכן, זאָגט מען, „בהדי כבשי דרחמנא למה לך״ [6] — ווער גיט דיר דאָס רעכט צו מישן זיך אין דער געטלעכער מיסטעריע?

דער באַשאַפער האָט קיינעם נישט געגעבן דאָס רעכט צו מישן זיך אין זיינע סודות, צו וויסן פאָרויס וועלכע נשמה ער וועט אַראָפּברענגען אויף דער ערד פונעם אוצר הנשמות. דער מענטש האָט נישט קיין רעכט צו קאָנטראָלירן גאָטס וועגן — אַפילו אַ קעניג, אַ צדיק, אַ געלערנטער — אַפילו ער, מוז אויספאָלגן דעם באַפעל „פרו ורבו״; ער האָט נישט קיין רעכט צוריקצווייזן גאָטס מתנה — זרע של קימא — זרע וואָס פאַרזיכערט דעם קיום פון דער מענטשהייט, וואָס איז „בצלם אלקים״.

די קעגנערשאַפט קעגן געבורט־קאָנטראָל, צוליב באַקוועמלעכקייט אָדער צוליב מורא, איז וואָס אַן אמת, לויט מדרשים, געקומען צום אויסדרוק, ווי שוין דערמאָנט, דורך מרימען, משה רבינוס שוועסטער; די פרוי־נביאה, וועלכע האָט געוואַגט זאָגן צו איר פאָטער עמרם, אַז זיין גזירה צו פאַרלאָזן איר מוטער, זיין ווייב, איז נאָך ערגער און שווערער פון פרעהס גזירות, „שלך קשה משל פרעה״ נישט געקוקט, וואָס עס איז געווען אַ סכנה צו האָבן זין און זיי וואַרפן אין בילוס אַריין.

ווי מפרשים ווייזן אָן, לויטן דיוק פון די פסוקים, איז יוכבד טראָגעוודיק געוואָרן מיט משה רבינו, נאָך עמרמס אומקערן זיך צו איר; אַז דאָס איז פאַר־געקומען נאָך די „לקוחים שניים״ [7].

דער „רבן של ישראל״ — רש״י — דערקלערט: „והחזירה ועשה בה לקוחין שניים ואף היא נהפכה להיות נערה ובת ק״ל שנה היתה כשנתעברה מעמרם...״ [8] לויט רש״י, האָט עמרם נאָך אַ מאָל מיט איר חתונה געהאַט און יוכבד איז שוין דאַן אַלט געווען 130 יאָר, און זי איז, לויט אַ נס יונג געוואָרן און זי ווערט גערופן „בת לוי״ — די טאָכטער פון לוי.

דער מהר״ל מפראָג אין זיין פירוש אויף רש״י [9], קאָמענטירט: „יש מקשים, למה לא נזכר זה הנס בתורה כמו שנזכר בתורה נס של שרה... טייל פרעגן: פאַר וואָס ווערט נישט דערמאָנט אין דער תורה דער נס, אַז יוכבד האָט געבוירן משהן אין עלטער פון 130 יאָר, ווי די תורה דערציילט וועגן נס ביי שרהן (זי האָט געבוירן יצחקן אין עלטער פון 90 יאָר) און ער ענטפערט:

די מענטשן האָבן געמאַכט אַ טאָפּלטן טעות („טעו בשתים"): נאָך דעם ווי דער פּסוק גיט איבער וועגן דער ענדערונג אין נאַטירלעכן געבורט... „פרו וישרצו..." זיי האָבן זיך געפּרוכפּערט און געווימלט — נישט לויט דרך־הטבע... איז שוין נישט נויטיק צו דערציילן וועגן באַזונדערן נס מיט יוכבדן... דער נס איז געווען צו אַלע פרויען, צו אַלע ייִדן, זיי זאָלן זיך מערן, מער ווי די נאַטור־כּוחות. נאָך אַ זאַך, בלויז ביי די אָבות האָט די תּורה מאריך געווען, איבער־געגעבן יעדן פּרט פון זייער לעבן, פון זייער חתונה האָבן, פון זייער קינדער האָבן... אָבער נישט וועגן די נאָכפאָלגנדיקע קינדער.

נאָך יעקב אָבינו, זעט מען, אַז מ'האָט מקצר געווען מיט פּריוואַטער לעבנס־געשיכטע און בלויז איבערגעבן דאָס ביאָגראַפישע און מאָנאָגראַפישע, וואָס איז וויכטיק לדורות.

מרדכי שטריגלער אין זיין ציקל אַרטיקלען [10] אד"ט דריקט זיך אויס, נישט אָנווייזנדיק אויף קיין מקור, אַז ווען עמרם איז צוריקגעגאַנגען ווינען מיט יוכבדן, איז זי שוין געווען מעוברת, און אַז מרימס ווערטער זענען געווען בלויז סימבאָליש... אַז איר פאָטער איז נישט גערעכט מיט זיין פּרישה. ער ווייזט אָן, מיט רעכט, אַז „לויט דער ייִדישער מסורה, איז נישטאָ דער מינדסטער ספק, אַז פאַרגרעסערן דאָס פאָלק געהערט צו די וויכטיקסטע מצוות..." [11]

און דאָ קומען מיר צוריק צום געדאַנק, וואָס מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אַז ווען מ'האָט דערלויבט „פּאַרהיטונגס"־מיטלען ווי די „שלש נשים משמשות במוך" [12] און ענלעכע וואָס ר' מאיר דערלויבט און די חכמים האַלטן, אַז דער מאַן זאָל האָבן נאַרמאַלן אינטימען פאַרקער און זיך פאַרלאָזן אויף דער געטלעכער רחמנות, איז בלויז געווען, ווי מ. שטריגלער שטעלט פעסט, פּאַסיווער קאָנטראָל, אָבער נישט אַקטיווער קאָנטראָל, ווי זוימען־פאַרדאַרבונג, צעשטערונג, סטערי־ליזאַציע וכדומה. דער דאָזיקער צוגאַנג צום פּראָבלעם „קאָנטראָל" האָט צו טאָן, מיטן ייִדישן מהות, אַז די מצווה „פרו ורבו" ליגט דער עיקר אויפן מאַן. ווען דער מאַן לעבט מיט אַ פרוי און זי האָט אים געגעבן די צאָל קינדער, אויף וועלכע ער איז געבאָטן [13], וועט זי אפשר מעגן זיך באַנוצן מיט סטערעליזיר־מעטאָדן אָבער נישט דער מאַן. ער טאָר קיין מאָל נישט צעשטערן זיינע זאָמען. אַפילו ווען ער האָט שוין מקיים געווען לויט ביידע שיטות, דעם „פרו ורבו", ליגט נאָך אַלץ אויף אים דער פאַרבאָט איינצוהיטן זיין זרע, וואָס דורך דעם אָרגאַזם קאָן ער זיין בכּוח אויפצושטעלן נייע דורות.

די טעמע געבורט־קאָנטראָל, אַבאָרט און קינסטלעכע באַפרוכפּערונג גייט נישט אַראָפּ פונעם טאָג־אָרדענונג, סיי ביי רבנים־פּוסקים, סיי ביי סאָציאָלאָגן, וויסנשאַפטלערס — און די פראַגעס, געפינענדיק אַ מקור אין דער אַלטער

ליטעראַטור, ברענגען אָבער מיט זיך חידוש און צוגעפּאַסטקייט צו דער היינטיקער צייט.

אַט עפן איך אויף אַ נומער פון ענגליש־רבנישן זשורנאַל „טראַדישאַן" [14] און געפין דאָרט אַ הויפּט־אַרטיקל וועגן אַ היתר פון סטעריליזאַציע איבער פרויען, ספּעציפיש — סטעריליזירן אַן עקרה — אַ פרוי וועלכע קען נישט צוליב אַנדערע דעפעקטן געבן קיין געבורט. צי אַזעלכע מעג מען סטעריליזירן, אָדער לאָזן אירע לידה־כּוחות און אָרגאַנען ווי געווען און די אַנדערע דעפעקטן לאָזן צו דער נאַטור, וואָס קאָן אַ מאָל היילן און במילא וועט זי קענען ברענגען פרוכט.

מיר געפינען אין אַן אַנדערן רבניש־וויסנשאַפטלעכן זשורנאַל [15] קאָנקרעטע דינים, הלכה למעשׂה וועגן קינד אין מוטערטראַכט, „העובר בהלכה"; צי מעג מען, לויט דער הלכה, צוריקהאַלטן געבורטן פון נישט־ייִדישע מוטערס און די קעגנערשאַפט צו קינסטלעכער באַפרוכפּערונג, וואָס פאַר אַ מכשולים ס'קאָנען דערפון אַרויסקומען [16].

ס'איז אויך דאָ אַ מיינונג, אַז אַפילו דאָרט, ווו מען האָט, צוליב אומשטאַנדן, דערלויבט אַבאָרטן, איז עס בלויז געווען אין עמבריאָן־שטאַנד, בשום אופן נישט אין צייט ווען דאָס קינד אינעם אינגעווייד איז שוין פול מיטן גאַנצן געבוי, ווי נאָך 12 וואָכן שוואַנגערשאַפט; דאַן, איז מערדעריש, רוצחיש, אומצוברענגען דאָס נפלע. ווען אָבער דער מוטערס לעבן איז (צוליבן קינדס רייסן זיך אַרויס), אין געפאַר, קיין קייזערשניט קען נישט געמאַכט ווערן, איז דאָס שוין בימי התלמוד באַהאַנדלט געוואָרן און ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דער מוטערס לעבן איז פריִער, ווייל דאָס קינד, איז נאָך נישט אַרויס צום אַוויר־העולם.

אין צייט פון צווייטן חורבן זענען געווען פּאַטאַליסטן־דעפּעטיסטן וואָס האָבן פאָרגעשלאָגן, מער נישט חתונה האָבן און אומקומען אויף אַ נאַטירלעכן אופן, אַנשטאָט אומצוקומען דורך די רוימיש־רוצחישע הענט. איינער פון די דאָזיקע פּעסימיסטן איז געווען ר' ישמעאל בן אלישע — אָבער די מערהייט האָט נישט אָנגענומען זיין עצה און באַשלאָסן דאָס פאַרקערטע: זיך מערן און פרוכפּערן.

דערציילט אונדז די גמרא [17]:

„אמר ר' ישמעאל בן אלישע, מיום שחרב בית המקדש, דין הוא שנגזור על עצמנו שלא לאכול בשׂר... ומיום שפשטה מלכות שגוזרת עלינו גזירות קשות ומבטלות ממנו תורה ומצוות... דין הוא שנגזור על עצמנו שלא לישׂא אשה ולהוליד בנים ונמצא זרעו של אברהם אָבינו כּלה מאליו" דאָס הייסט, לויט זיין מיינונג, וואָלט מען עס געדאַרפט טאָן — און מסתּמא זענען געווען אַזעלכע מיינונגען, אָבער די חכמים האָבן נישט מסכּים געווען צו אַזאַ שיטה... ווייל דאָס וואָלט געמיינט נאָכגעבן די שׂונאים, אַליין זיך אויפלייזן.

וואָס איז די עצה?

„הנח להם לישׂראל, מוטב שיהו שוגגין ואל יהי׳ מזידין״...

רש״י קאָמענטירט: זיי וועלן זיין מזידין „דלא יוכלו לעמוד בה יבטלוה ונמצא מזידין...״ איז בעסער זיי זאָלן זיין „שוגגין״ — במה שלוקחין נשים שאינם סבורים שיש איסור בדבר... וועלן זיי נישט וויסן, אַז ס׳וואָלט געדאַרפט זיין אַ פאַרבאָט...

לויט רש״י קומט אויס, אַז אין צייט פון גזירות, וואָלט יאָ געדאַרפט זיין אַ פאַרבאָט אויף חתונות, נאָר מ׳האָט בעסער געוואָלט, זיי זאָלן בלייבן „שוגגין״, ווייל זיי וועלן סיי־ווי נישט קענעןביישטיין דעם נסיון...

די רש״י איז נישט אַזוי פשוט — און ס׳פאָדערט זיך אַ טיפערע פאַרשטענדעניש אויף צו דערקלערן די מיינונג פון רש״י, וואָס זעט אויך אויס צו זיין דעפעטיסטיש... דער רבינו גרשם, רש״יס רבים רבי, טייטשט אויך: „שלא יהי׳ יכולין לעמוד בה שלא לישׂא אשה״ און רש״י, ווייזט אויס, פאָלגט נאָך די דאָזיקע שיטה.

לויט דער גמרא, און ווי ס׳טייטשן אַנדערע מפרשים, איז דאָ נישט געווען קיין פראַגע, פון נישט קענען זיך איינהאַלטן... פאַרקערט, די מורא אַז ייִדן וועלן אויספאָלגן די גזירה און דאַן איז דאָ די געפאַר פון „זרעו של אברהם כלה״...

אַ גזירה קעגן האָבן קינדער, אין צייט פון הונגער, אָדער אַנדערע סכנות, האָט נאָר געקענט גילטיק זיין אויף אַ יחיד, אָדער יחידים; בשום אופן נישט אויפן ציבור, ווייל דאָס וואָלט געמיינט, נאָכגעבן די שׂונאים און זיך אַליין אומברענגען.

מיר וועלן זיך דערלויבן ציטירן פון תוספות [18] וואָס פרעגט: ווי האָט ר׳ ישמעאל געקענט טראַכטן וועגן אַזאַ גזירה נישט חתונה צו האָבן, ווען ס׳איז דאָ אַ פסוק און אַ געבאָט: „פרו ורבו״? און ענטפערט, אַז דאָ רעדט זיך וועגן די, וועלכע האָבן שוין מקיים געווען די מצווה פון פריה ורביה, און דאַן וואָלט מען דאָך געמעגט זיך צוריקהאַלטן, צוליב די שרעקלעכע רוימישע גזירות, אָבער צוליב דער געפאַר, אַז „זרעו של אברהם כלה...״ טאָר מען דאָס נישט טאָן, אַפילו ווען מ׳האָט שוין צוויי קינדער, „והיינו זרעו של אברהם כלה שלא יוליד אלא בן ובת...״ זרעו של אברהם קאָן נאָר געזיכערט ווערן דורך פּרוכפּערקייט, ווי אין מצרים: „פרו וישרצו וירבו...״ און נישט דורך געבורט־קאָנטראָל. ווי מיר זעען עס היינט אין ישׂראל, נעגירן די פירערס פון דער מדינה יעדן סאָרט געבורט־קאָנטראָל. זיי ווילן נאַטירלעכן וווקס, כדי צו פאַרזיכערן די מדינה.

אַז מען רעדט שוין פון פעסימיסטישע שטימונגען אין דער עפּאָכע פון נאָכן חורבן און רוימישע רעפּרעסיעס, איז כדאי צו דערמאָנען, ווי אַזוי דאָס האָט געווירקט אויף אלישע בן אבויה, איינעם פון די עלטסטע חכמי המשנה און חבר פון ר׳ עקיבא. ער איז צוליב די דאָזיקע גזירות אַראָפּ פון וועג, געוואָרן אַ כופר

און איבערגעריסן מיט דער טראַדיציאָנעלער ייִדישקייט — ער איז געוואָרן אַן „אחר״ און טייל זאָגן, אַז ער איז געוואָרן פאַרכאַפּט פון די „מינים״ — די דעמאָל־טיקע אסיים־קריסטן [19].

ווי עס איז אָנגענומען, איז ער געווען פון די פיר „שנכנסו לפרדס״ — און נישט געקענט באַנעמען די לערעס, די טיפקייטן פון תורה־פילאָסאָפיע, געלערנט אין פּרדס פון וויסן.

לויט אַן אַנדער ווערסיע, וואָלט ער געווען געקענט באַנעמען די לערעס וועגן מעשה מרכבה און מעשה בראשית און וואָלט אפשר נישט געוואָרן קיין כופר. זיין יאוש האָט זיך גענומען פון דער אוממעגלעכקייט אויסצוהאַלטן פון די רוימישע גזירות נאָכן בר כוכבאָ־אויפשטאַנד און דאָס איז געווען די סיבה וואָס ער האָט פאַרלוירן די אמונה און בטחון.

ווי די אגדה דערציילט, האָט ער געזען, ווי אַ הונט האָט געשלעפּט די צונג פון איינעם פון די הרוגי מלכות (יהודה הנחתום אָדער חוצפית המתורגמן) און ער האָט אויסגעשריגן: „זו תורה וזו שכרה״ — איז דאָס די תורה און איז דאָס דער לוין פאַר תורה... ער איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אָפּצורייסן קינדער פון זייערע לערן־אַנשטאַלטן: „זאָל דער ווערן אַ מולער, דער אַ סטאָלער, דער אַ שניידער...״, ווייל ער האָט געהאַלטן, אַז מ׳דאַרף מער נישט לערנען קיין תורה. מען דאַרף זיך אונטערוואַרפן די רוימער, בייגן זיך. און ס׳איז דאָ אַ מיינונג, אַז ער האָט געמסרט ייִדן צו די רוימער, נאָך דעם ווי ער איז געוואָרן אַ „קוצץ בנטיעות״ און אַ שונא פון ייִדן [19].

ווי עס ווערט איבערגעגעבן, האָט ער אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן זיינע כפירה־אידעען אין בקעת גינוסר, ביי טבריה — דאָרט וווּ די אסיים האָבן געהאַט זייערע קרייזן און ס׳ווערט אויך דערציילט, אַז אָט דער פעסימיסט און פאַרלייקענער האָט זיך אויסגעזוכט אַ פּראָסטיטוטקע, געוואָלט עובר זיין אויף אַלע עבירות: „נפק אשכח זונה תבעה״ [20].

אין אונדזער צייט — שרייבט מרדכי שטריגלער — איז אויך אָנגעגאַנגען אַ וויכוח, נאָך דעם, ווי די שארית־הפליטה האָט זיך באַפרייט פון די דייטשע קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן. אייניקע האָבן געהאַלטן אַז אויב דאָס האָט געקענט פּאַסירן, זאָל מען מער נישט חתונה האָבן, מער נישט האָבן קיין קינדער — אַליין אויפגעבן עקזיסטענץ! אַנדערע האָבן געהאַלטן פּונקט דאָס פאַרקערטע, מ׳זאָל להכעיס די מערדערס, זיך נעמען אויפשטעלן וואָס מער ניי־ייִדישע משפחות, זיך פאַרמערן, שטאַרקן די ייִדישע עקזיסטענץ.

ער אַליין — גיט ער צו — איז געווען פון די, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז מ׳דאַרף זיך נעמען מקיים זיין דעם „פרו ורבו״ — פיזיש פאַרגרעסערן אונדזער פאָלק.

וועלן מיר זיך דאָ נישט פאַרנעמען מיט אַט דער טעזע, ווייל דאָס געהערט צו די „דברים שאין להם שיעור".

וואָס מיר ווילן אָנווייזן, איז אויף דעם פאַקט, אַז ייִדן האָבן נישט אָנגענומען דעם פעסימיזם, נישט געלאָזט זיך באַהערשן פונעם עצבות און יאוש, גענומען זיך פלייסן חתונה האָבן, ברענגען קינדער אויף דער וועלט און שטאַרקן דעם ייִדישן קיום אין תפוצות ישׂראל און אין ישׂראל.

אין ישׂראל שרייבט מען מיט לויב וועגן פרויען וועלכע באַנוצן זיך נישט מיט קיין פאַרהיטונגס־מיטלען און זיי פאַרגרעסערן ייִדישע משפחות, נישט גע־קוקט דערויף וואָס עס קומען דאָרט פאָר אַזוי פיל אַבאָרטן, צוליב דער פרייהייט און דעמאָקראַטישקייט פון דער ייִדישער מדינה.

די דאָזיקע אַבאָרטן, ווייזט מען אָן, האַלטן צוריק דעם נאַטירלעכן צוּוווּקס אויף טויזנטער און די דאָזיקע מאָדערנע פאַרלעך, ווילן דווקא נאָכגיין די גויים, מקיים צו זיין דאָס ווערטל, „ווי ס'קריסטלט זיך אַזוי ייִדלט זיך", און, צוליב באַקוועמלעכקייט, נישט האָבן קיין קינדער, אָבער נאָכגעבן די תאווה, זיין פאַר־טיפט אין פאָרנאָגראַפיע, פערווערסער סעקס זאָל ווערן אַ נאָרמאַל לעבן פאַר יוגנטלעכע און די דערציִערס, אַנשטאָט לערנען מיט דער יוגנט פרקים אין מאָראַל, אַז פאַר דער חתונה איז געשלעכטלעכע באַציִונג פאַרבאָטן, אוממאָראַליש, לערנט מען גאָר ווי זיך אויסצוהיטן פון שוואַנגערשאַפט.

מ'האָט איינגערעדט דעם עולם, אַז פרייע געזעלשאַפט צווישן בחורים און בתולות וועט אָפּשטעלן די געפאַר פון פּראָסטיטוציע און ס'וועלן מער נישט זיין קיין גאַסנמיידלעך. דער פּאָליציי־רעקאָרד ווייזט אָבער דאָס פאַרקערטע.

די פאַרקלענערונג פון דער באַפעלקערונג, אין נאַטירלעכן וווּקס, שטעלט אין געפאַר די אומאָפּהענגיקייט און זיכערקייט פון דער מדינה.

אמת, ס'איז דאָ אַ געזעץ קעגן „הפלה מלאכותית", קעגן אַבאָרטן, אָבער געזעץ־ביכער זענען נישט גענוג, ווייל זיי ווערן דערטרונקען, אַרומגעצוימט פון דער „סעקס"־ליטעראַטור וואָס פּרעדיקט, לערנט, ווי אַזוי זיך אויסצוהיטן און ווירקט מאַסנווייז צו דעמאָראַליזירן די יוגנט, וואָס יאָגט זיך נאָך תאווה און וויל נישט האָבן קיין עול אַלס קאָנסעקווענץ פון תאווה. איז אַ וווּנדער וואָס די צאָל געבורטן אין ישׂראל איז אַ סך קלענער, לויט דער פּראָפּאָרץ, פון אַנדערע אַנט־וויקלטע לענדער, ווער שמועסט נאָך פון נישט־אַנטוויקלטע לענדער מיט וועלכע ישׂראל איז אַרומגערינגלט?

אַ געהעריקע דערציִונג, לויט דער יהדות־מאָראַל קאָן, אָן ספק, ווירקן, אַז אין ישׂראל זאָלן נישט פאָרקומען די סענסאַציאָנעלע סקאַנדאַליעזע פּאַסירונ־גען אין פאַמיליע־לעבן, עלטערן זאָלן חתונה האָבן אינעם זעלביקן טאָג וואָס זייערע טעכטער; מ'זאָל דאַרפן שטעלן טאָפּלטע חופות. די סאָבּרעס זאָלן זיך

נישט אויפפירן חוצפהדיק און די סימפּטאָמען פון ווילדקייט זאָלן זיך נישט שטאַרקן [21]. דאָס זענען סימפּטאָמען אַלס רעזולטאַט פון נאַקעטקייט, פון פּאָרנאָ־גראַפיע, פון הפקרדיקייט, וואָס קען און דאַרף געצוימט ווערן.

די איינציקע טרייסט קאָן זיין, אַז דאָס זענען די „חבלי לידה", די געבורט־ווייען פון אַ פאָלק, פון אַ ניי באַלעבעטער מדינה און ווי דער שטייגער איז, ווילן אַ טייל פון די בויערס אָנהייבן פון דאָס ניי מיט אַלצדינג, אַפילו מיטן פאַרלייקענען די אַלטע עטיק און די פאַרהייליקטע פּרינציפּן און אויף זייער אָרט שאַפן נייע, „ככל הגויימדיקע" פּרינציפּן. ס'איז נישט קיין ספק, אַז זיי וועלן מיט דער צייט זיך ענדערן, איינזען דעם טעות און נאָכגעבן, צו שאַפן די נייע געזעלשאַפט אויף געזונטע — פאַר דורות אויספּרובירטע — יסודות.

דאָס פּראָבלעם געשלעכטלעכע הפקרות איז דאָך נישט ניי: עס האָט עקזיס־טירט אין אַלע דורות. באַלד פון באַגין איז עס געווען אַ פּראָבלעם און איז נישט געלייזט געוואָרן, ביז מ'האָט אָנגענומען שטרענגע מיטלען. אַזוי ווייסן מיר, אַז ווען מ'האָט צום ערשטן מאָל פאַרבאָטן עריות, געשלעכט־צוזאַמענלעב צווישן קרובי־משפחה, האָט דאָס פאָלק זיך צעוויינט, אַ צו שווערע גזירה... אָבער מיט דער צייט, איז עס געוואָרן אַן איינפאַך־נאָרמאַלער לעבנס־שטייגער ביי יידן.

אויף דעם פּסוק „בוכה למשפחותיו" [22] קאָמענטירן די חז"ל, אַז זיי האָבן געוויינט „על עסקי איסור עריות" — אויף דער תאווה, וואָס איז פאַרבאָטן געוואָרן. נאָך מער: זיי האָבן געוויינט „איש איש לפתח אהלו" — אַז מ'האָט זיי פאַרבאָטן זיך מתייחד זיין מיט פרויען... אויך דעמאָלט האָבן יידן געוואָלט אַ תורה פון „מותר" — אָבער דורך די פערציק יאָר וואַנדערן אין מדבר, איז דער בית ישראל גערייניקט געוואָרן. זיי האָבן געלערנט און זיך צוגעוווינט צו די לערעס וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר נישט.

אין דער באַנייטער ישראל, דאַרף מען לערנען דער יוגנט וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר נישט. ווען מ'שטעלט זיך אונטער דער חופה און מ'זאָגט „מקודשת לי", דאַרף אָט די קדושה זיין אמתדיק, אויפריכטיק. די חופה כדת משה וישראל ברענגט הימלישע ליבשאַפט, ווי אַ קאָנסעקווענץ און אַ רעזולטאַט פון „ארבעים יום קודם יצירת הוולד". די גופניותדיקע, קערפּערלעכע ליבשאַפט ווערט באַגלייט מיט דאָס רוחניותדיקע, וויל וועלכער נישט איז אָפּנייג פון אָט דער קדושה און לאָיאַלקייט ברענגט מיט זיך פאַרראַט און פאַלשקייט, אַ פּגימה נישט בלויז אויפן קערפּער, נאָר אין דער נשמה, אין דער גייסטיקייט.

אויף דעם פּסוק: „איש איש כי תשטה אשתו ומעלה בו מעל" [23], קאָמענטירט דער מדרש [24] — „ב' מעילות הללו למה? אחת שהיא משקרת בהקב"ה והשנית, שהיא משקרת בבעלה... אמר הקב"ה: בבעלך את יכולה לשקר; בי אין את יכולה לשקר, שאני רואה את הכל..." די סוטה — אָפּקערערין, פאַלשעוועט טאָפּלט און

איר פאַרראַט איז אַ טאָפּעלער: זי פעלשט אין איר מאַן און פעלשט אין הייליקן, געבענטשט־איז־ער... זאָגט דער רבונו־של־עולם: דו קענסט פעלשן צו דיין מאַן, אַפילו פאַרראַטן... קאָנסט אָבער נישט פאַלשעווען אין מיר, איך זע אַלצדינג!

אינטערעסאַנט איז, אַז אין די מנהגי ישׂראל פאַרנעמט די אהבה צווישן מאַן און פרוי אַ גרויס אָרט, נישט נאָר ביים לעבן, נאָר אַפילו נאָכן טויט.

לויט דער הלכה, האָט אַ מאַן, וועמעס ווייב איז געשטאָרבן, געדאַרפט וואַרטן חתונה צו האָבן מיט אַ צווייטער פרוי גאַנצע דריי ימים טובים אבלות. ס'איז אַפילו געזאָגט געוואָרן, נישט חתונה צו האָבן מיט אַ צווייטער פרוי כּל־זמן מען דערמאָנט דעם נאָמען פון דער ערשטער [25].

און אין דעם זין דאַרף מען פאַרשטיין די גמרא, וואָס זאָגט, אַז דער וואָס גט אָפּ זיין ערשטע פרוי, פאַרגיסט דער מזבח טרערן [26] ווייל מ'דאַרף מיט אַלע מעגלעכקייטן אייַנהיטן דעם שלום־בית. דאָס ברענגען שלום צווישן מאַן און ווייב, געהערט צו די „דברים שאָדם אוכל פירותיהם בעולם הזה והקרן קימת לו לעולם הבא" [27]. דערמיט פאַרשטייען מיר רש"יס עצה: ווען אַ גאַסט קומט צו אַ פריינד, זאָל ער פריִער פרעגן וואָס זיין פרוי מאַכט, ווייל אַזוי אַרום ווייזט ער אַרויס חשיבות צו דער פרוי און ער פאַרשטאַרקט די ליבע־באַציִונגען צווישן דעם גאַסט־געבער און דער גאַסט־געבערין.

אין זייערע מאָטיוון אָפּצוהאַלטן זיך פון גטין, האָבן די חז"ל אויך אָנגעוויזן אויף דעם פאַקט, אַז ווען אַ געגטער נעמט אַ געגטע, זענען פאַראַן פיר דעות אין בעט [28] — ער האָט אין זינען אַ פריִערדיקע פרוי און זי דעם פריִערדיקן מאַן. די בעסטע עצה: זיך מיט אַלע מעגלעכקייטן צוריקהאַלטן פון אַ געאייַלטן שריט און זוכן וועגן אָנצוהאַלטן דעם שלום־בית, די געטריישאַפט צווישן מאַן און פרוי — און וועגן דעם ווייטער.

**ג. הימל און ערד און גע־בורט־קאָנטראָל. — עצות וועגן נ י ש ט - געווונטשענע קינדער. — מאַמעס זאָלן רצחענען זייערע עופּעלעך. — מ'לערנט די מאַמעס ווי זיך צו ווענדן וועגן ליק־ווידירן די „עמבריאָנס".**

ווי מען גייט און ווי מען שטייט, הערט מען, אויסער „ענערגיע־קריזיס" און „פאָלושן"־דיס־קוסיעס וועגן דערלויבן פריי־„סעקס"; גע־שלעכטלעך צוזאַמענלעבן זאָל ווערן פריי, ווי אַריינצוגיין אין אַ רעסטאָראַן באַשטעלן אַ מאָל־צייט און אַלס צוגאָב, ווי זיך צו באַנעמען מיט כּל־מיני מיטלען און מעטאָדן, ס'זאָל נישט קומען צו שוואַנגערשאַפט און אויב יאָ, ווי צו מאַכן „הפּלה", אַן אַבאָרט, אָפּצוואַרפן די יצירה וואָס איז געקומען אַלס רעזולטאַט פונעם געשלעכטלעכן צוזאַמענלעב.

די דאָזיקע טעמע גייט נישט אַראָפּ פונעם טאָג־אָרדענונג; יעדער וואָס האָט אַ מויל, אַ פּען אָדער אַן עמודל, ווו צו לאָזן פון זיך הערן, גיט צו — אַפילו ווען ער האָט גאָרנישט וואָס מחדש צו זיין — און באַהויפּט, אַז ער איז אַ ספּעציאַליסט, אַ וויסנשאַפטלער און ווייס ווי צו ראַטעווען די וועלט פון באַפעל־קערונגס־וווּקס, פון באַפעלקערונגס־עקספּלאָזיע.

אויף אַן אַנדער אָרט [1], האָבן מיר די טעמע באַהאַנדלט אויספירלעכער, צוליב איר אַקטועלקייט; אָבער אויך אינעם איצטיקן באַנד וועגן פאַמיליע, איז וויכטיק אָנצומערקן אויף אייניקע פּרטים, באַזונדערס, צוליב די וואָרענונגען פון וויסנ־שאַפטלערס, אַז באַפעלקערונגס־וווּקס איז אַ גרעסערע געפאַר, ווי די אַטאָמישע און הידראָגען־באָמבע. דאָרט קאָן מען צוריקהאַלטן דאָס קנעפּל — אָבער דאָ, קומט עס נאַטירלעך און אויב ס׳וועט אַזוי אָנגיין, וועלן מיר האָבן מיליאָנען הונגעריקע מײַלער, וואָס וועלן אויסגיין פאַר אַ שטיקל ברויט — ס׳וועט פאַר זיי קיין ברויט נישט זיין!

מילא, דער צוגאַנג צו אָט דעם פּראָבלעם אין יהדות איז באַקאַנט. ביי ייִדן איז דאָ אמונה, אַז אַלץ ווערט געפירט פון אַ העכערער קראַפט, פון דער השגחה עליונה, פון דעם „יוצר הכל״ וואָס איז דער „הזן ומפרנס לכל״, וואָס איז דער באַשפּײַזער „מקרני ראם עד בצי כנים״. אַז מ׳האָט אַזאַ אמונה, איז זיך נישטאָ וואָס צו זאָרגן — אָבער וועגן דעם וועלן מיר זיך ווייטער באַזונדערס אָפּשטעלן.

דאָ זענען מיר פאַראינטערעסירט אַרויסצוברענגען די מוראָס פון די וויסנ־שאַפטלערס און די עצות פון די פּסיכאָלאָגן־סאָציאָלאָגן, ווי אַזוי זיי ווילן מיט אַ מאָל לייזן די דאָזיקע פּראָבלעם פון „מה נאכל״. זיי פאַרלאָזן זיך נישט אויף קיין נסים; זיי זעען ווי די איינציקע תּרופה געבורט־קאָנטראָל און אויב דאָס איז נישט געלונגען, מ׳האָט זיך פאַרגעסן בשעת מעשה, איז די עצה — אַבאָרט: פאַרכאַפּן און פאַרניכטן די יצירה־כּוחות!

די אַגיטאַציע פון דער פעלקער־עקספּלאָזיע האָט שוין מיט אַ צוויי הונדערט יאָר צוריק פאַרנומען אַ גרויס אָרט ביי די, וואָס דרייען זיך אַרום מיט מוראָס. דער קאַטויילישער גלח, אַ רעבעלירנדיקער טיפּ, טאָמאַס ראָבערט מאַלטוס, האָט אין 1798 געבראַכט דער וועלט אָט די מוראָ און אָנגעגעבן גענויע חשבונות, אַז בקרוב וועט די וועלט געשטעלט ווערן פאַר אַ הונגער־סכנה.

וואָס האָט ער געראַטן זאָל מען טאָן?

1) מ׳זאָל שפּעט חתונה האָבן — וועט מען במילא נישט אַזוי פיל פּראָדוצירן;

2) מ׳זאָל פּראַקטיצירן געשלעכטלעכע צוריקגעהאַלטנקייט;

3) בלויז די רייכע זאָלן זיך מעגן פאַרגינען תּאווה און קינדער — די אָרעמע זאָלן זיך צוריקהאַלטן. מ׳זאָל אַפילו אָננעמען געזעצן דורכצופירן די דאָזיקע באַשרענקונגען.

די פאַקטן האָבן געוויזן דאָס פאַרקערטע:

גראָד די אָרעמע־לייט פאַרגינען זיך די איינציקע הנאה אין לעבן — צו האָבן קינדער! און די קינדער ברענגען זיי נחת און עשירות און דערהויבן זיי צווישן לייט: „להושיב עם נדיבים!״

גראָד די לענדער, באַזונדערס פראַנקרייך, וואָס האָבן זיך צוגעהערט צו מאַלטוסן, זענען אַראָפּ און געוואָרן אַ צווייט — און אפשר — אַ דריט קלאַסישע מאַכט, בעת אַנדערע, וואָס האָבן זיך נישט צוגעהערט צו מאַלטוסן און זיין גלייכן, האָבן זיך פאַרגרעסערט, געוואַקסן, געוואָרן שטאַרק און ס׳פעלט ביי זיי נישט קיין שפע.

ווי אַזוי אַ פרומער גלח, זאָל זיך געווען פאַרמעסטן קעגן דעם ביבלישן דעוויז: „פרו ורבו...״ — פרוכפּערט אייך און מערט אייך און פילט אָן די ערד [2] — די מצווה פון אומבאַגרענעצטער פרוכפּערקייט, דער יצר זאָל ברענגען יצירה, פּאָזיטיווע רעזולטאַטן, נישט סתם תאווה לשם תאווה, נישט סתם צו שטילן דעם יצר... דאָס בלייבט אומפאַרענטפערט. די קריסטלעכע טעאָלאָגן זענען דאָך די דערלויבעניש פון תאווה, בלויז אויב ס׳ברענגט פרוכט, אַז נישט דאַרף דאָס זיין פאַרווערט; בכלל, איז לויטן קאַטאָליציזם, וויכטיק נישט צו האָבן קיין געשלעכט־לעכע פאַרגעניגנס; דאָס איז גאָר אַן עבירה. הייליקע, די וועלכע פאַרנעמען זיך מיט גייסטלעכקייט, טאָרן גאָרנישט חתונה האָבן. און צום עצם ענין:

נאָך הונדערט און אַכציק יאָר זינט מאַלטוס איז אַרויסגעקומען מיט דער הונגער־געפאַר, זעען מיר, אַז די וועלט פּראָדוצירט לויטן וווקס פון דער באַפעל־קערונג, לויט די נויטן פון די בעלי־חי. מיר האָבן שוין דערגרייכט פיר ביליאָן מענטשן און ס׳איז נאָך דאָ אַזוי פיל ליידיקייט אויף דעם ערדקײַלעך. די ערד איז בכוח אַלעמען צו באַשפּייזן.

דער פאַקט איז, אַז אין די רייכערע לענדער עקזיסטירט גאָר אַ פּראָבלעם פון צו פיל עסן; מען נוצט אויס אַלערליי מיטלען, זיך צוריקהאַלטן פון „פרעסאַרניע״, דאָקטוירים זענען פאַרנומען מיט צופּאַסן געהעריקע דיעטעס; ספּעציעלע קלובן, ציבורדיקע און יחידישע, פירן דורך פאַרשיידענע איבונגען ביי זייערע קליענטן, אַלץ צו פאַרלירן וואָג... דאָס פּראָבלעם אין די לענדער איז נישט דער „מה נאכל״, אַז ס׳איז נישטאָ וואָס צו עסן... נאָר ווי אַזוי צו עסן!

אין מאַלטוסעס צייטן איז געבורט־קאָנטראָל נישט געווען פון די לייכטע זאַכן; שווער געווען דאָס פּראַקטיצירן צוריקהאַלטן פון געשלעכט־באַציִונגען און נישט ווייניקער איז שווער געווען דאָס צוריקהאַלטן די יצירה. היינט איז דאָס אַ לייכטער ענין און ווערט ביליק פאַרשפּרייט און פּאָפּולאַריזירט. די פראַגע איז, צי איז טאַקע דאָ אַזאַ געפאַר, אַז די ערד וועט נישט זיין בכוח צו באַשפּייזן די מענטשהייט און אויב די מורא איז בלויז אַ טעאָרעטיש־אַבסטראַקטע, איז אַ

פראַגע, צי מעגן מיר צוריקהאַלטן נאַטירלעכע געזונטע כּוחות.

אַ פאַקט איז, אַז וואָס מער מענטשן, אַלץ מער נייע אַנטדעקונגען, אַלץ מער נייע אַנטפּלעקונגען אין שאַפן שפּייזן, אין זעטיקן מענטשלעכע מיילער און צו הילף קומען די מעדיצינישע וויסנשאַפט, די אַגריקולטורעלע דערגרייכונגען און די כעמישע דערפינדונגען.

די פאַרטיידיקערס פון געבורט־קאָנטראָל ווילן אָבער זיך בשום אופן נישט צוהערן צו די, וואָס ווייזן אָן, אַז אַפילו די מענטשהייט זאָל זיך פאַרגרעסערן צום העכסטן אָפּטימיסטישן אימאַזש, ס׳זאָלן פאַרקלענערט ווערן טויטפאַלן, רעדוצירט ווערן קראַנקייטן, ס׳זאָל כּסדר געבוירן ווערן צווילינגען און מער „בכרס אחד״... וועט עס אַלץ נישט צעטרייסלען די יסודות פון דער וועלט, אַזוי ווי דאָס טוט די געפאַר פון מלחמה, פון באַנוצן אַטאָמיש געווער. וואָס מער מענטשן, אַלץ מער נייע מעטאָדן אַרויסצובערענגען וואָס מער שפּייז פון דער ערד: טריקענישן זאָלן קינסטלעך באַוואַסערט ווערן; מדבריות זאָלן קולטיווירט ווערן; דער ערד־קיילעך זאָל פאַראייניקט ווערן, זאָל אַנטוויקלט ווערן צו זיין פולער פּאָטענץ. די אינגעווייד פון דער מוטערערד האָבן נאָך צו געבן מער ווי אונדזער באַגריף קאָן זיך פאָרשטעלן.

נישט זייענדיק קיין דיעטעטיקער, זייענדיק גאָר ווייניק באַקאַנט מיט די ענינים פון באַשפּייזונג, נישט האָבנדיק וועלכע נישט איז שייכות צו אַגריקולטורעלע אַנטוויקלונגען, קאָן מען דאָך נישט זיין בלינד און נישט זען דעם פּראָגרעס און פאָרשריט, וואָס די וועלט האָט די לעצטע יאָרצענדליקער דורכגעמאַכט אין אַנטוויקלען וויטאַמינען, פּראָטעינען, מינעראַלן און אַנדערע אוצרות פאַר באַשפּייזונג, צו אַנטוויקלען דעם גוף פון מענטש און פון יעדן בעל־חי, צו פלעגן די הויזלעכע בהמות און חיות און נישט דערלאָזן צום שטאַנד פון פּיזישער, און ביים מענטש אויך גייסטיקער, צוריקגעשטאַנענקייט.

די טעמע, אין ברייטערן זין, דער קעגנשטאַנד געבורט־קאָנטראָל, פּילן און אַנדערע פאַרהיט־מעטאָדן, פּילט אָן די זייטן פון די טעגלעכע צייטונגען, פון וועכנטלעכע און חודשלעכע זשורנאַלן און נישט ווייניקער — די זייטן פון ערנסטע, וויסנשאַפטלעכע ווערק.

מיט יאָרן צוריק, איז עס געווען עמאַ גאָלדמאַן (געשטאָרבן אין טאָראָנטאָ, 14טן מאַי 1940), די „רויטע עמאַ״, ווי מ׳האָט זי גערופן, וועלכע האָט אַגיטירט פאַר געבורט־קאָנטראָל. זי האָט אַגיטירט פאַר די רעכט פון דער פרוי אויף געבורט־קאָנטראָל — צו באַפרייען זי פון ספּעציפישער אונטערגעוואָרפנקייט און מאַכטלאָזיקייט אין דער מאַנצביליש־דאָמינירטער געזעלשאַפט. זי האָט מיט איין מאָל געוואָלט ענדערן די אַלטע טראַדיציע, די פרוי זאָל פאַר דער חתונה זיין

אין רשות פון איר פאָטער און נאָך דער חתונה אין רשות פון איר מאַן — און דער איבערגאַנג פון רשות, זאָל זיין דורך שדכנות...

עמאַ גאָלדמאַן, די אַנאַרכיסטקע, האָט געוואָלט עוקר מן השורש זיין דעם דאָזיקן צוגאַנג און אַגיטירט אין זשורנאַל „מאדהער אוירטה" (מוטער ערד) צו באַפרייען די פרוי. אין געבורט־קאָנטראָל האָט זי געזען דעם וויכטיקסטן שריט אין דער דאָזיקער ריכטונג. איר הויפּטציל איז געווען: באַפרייען די אָרעמע פרוי, די אַרבעטער־פרוי. אין אונדזער צייט רעדט זיך נישט אַזוי פיל וועגן דער פרויען־פרייהייט, ווי וועגן די פּראָבלעמען פון דעם באַפעלקערונג־צוּוווּקס, ווי דאָס איז אַזוי קלאָר אַרויסגעבראַכט געוואָרן אויף דער וועלט־קאָנפערענץ אין בוקאַרעסט, אין אויגוסט 1974, פאַררופן דורך די פאַראייניקטע פעלקער, און אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט קנאַפּע דריי טויזנט דעלעגאַטן פון 140 לענדער.

אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ האָט זיך דער עיקר געהאַנדלט וועגן געבורט־קאָנטראָל אין די עקאָנאָמיש נישט־אַנטוויקלטע לענדער, ווו דער וווּקס פון דער באַפעלקערונג איז דריי מאָל אַזוי גרויס, ווי אין די אַנטוויקלטע לענדער. מ'האָט געוויזן, לויט סטאַטיסטיק, אַז אין יאָר 2,000 וועט די באַפעלקערונג פון דער וועלט ציילן אַרום זיבן ביליאָן מענטשן און ס'וועט נישט זיין — האָבן זיי מורא — גענוג באַשפּייזונג.

לויט די באַריכטן, האָט זיך דאָרט געהאַנדלט וועגן דער סאָציאַלער פונאַנ־דערטיילונג, עקאָנאָמישער פּלאַנירונג, טעכנאָלאָגישער הילף א.א.ו. צווישן די פעלקער און לענדער. גאָר ווייניק איז גערעדט געוואָרן וועגן די פרויען־פּראָבלע־מען, ווי עס האָט זיי געזען עמאַ גאָלדמאַן און אַנדערע אין איר צייט און ווי עס האָט דאָס אויפגעלעבט די „ליב" (פרוי־פרייהייט)־באַוועגונג און וואָס האָט גע־קראָגן אַ געהעריקן אָפּרוף אין די פּראָגרעסיוו־ליטעראַרישע קרייזן.

די אָנפירערס פון דער „ליב"־באַוועגונג אין אַלע לענדער זענען פאַר ליבע־ראַליזאַציע פון די אַבאָרט־געזעצן, בכדי צו געבן דער פרוי סעקסועלע פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט. סימאָן דע באָוואַר, די לעבנס־באַגלייטערין פון באַרימטן פילאָסאָף זשאַן פּאָל סאַרטר (זי איז אַ באַרימטע שריפטשטעלערין און פּראָגרע־סיסטין אין פראַנקרייך), קעמפט פאַר דער באַפרייונג פון דער פרוי. זי וויל די פרוי זאָל האָבן די זעלביקע רעכט ווי דער מאַן אויף אַלע געביטן, אויך אויפן געביט פון געשלעכט־אויפפירונג, צו זיין אומאָפּהענגיק און דאָס זעט זי אין געבורט־קאָנטראָל, אין מאַכן פריי דעם באַנוץ פון אָפּהאַלט־מיטלען און פון ליבעראַליזירן די אַבאָרט־געזעצן.

די פּראָפּאַגאַנדע און די דעמאָנסטראַציעס פאַר געבורט־קאָנטראָל ווערן צום שטאַרקסטן אָנגעפירט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין פראַנקרייך און אין ענג־לאַנד — און נאָך די דאָזיקע לענדער שלעפּן זיך נאָך אַ צאָל קלענערע מדינות

אין דער מערב־העמיספערע. אין סאָוועט־רוסלאַנד און אין אירע סאַטעליטן־לענדער הערט מען נישט פון קיין פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציעס וואָס זאָלן פאַר־לאַנגען צו געבן דער פרוי אַזאַ סאָרט מוטערלאָז־פרייהייט. אין איטאַליע, פון די אָרעמערע מדינות אין דער דעמאָקראַטישער אייראָפּע, איז די פרוי ווייט נישט באַפרייט פון איר הויזאַרבעט, זי איז נאָך אַלץ אַ „הויזלעכע״. בלויז 17 פּראָצענט פון פאַרהייראַטע פרויען אין איטאַליע זענען באַשעפטיקט ביי אַרבעטן אויסער זייער שטובאַרבעט. דאָרט איז במילא נישט אַזוי שטאַרק די אַגיטאַציע פאַר אָפּהאַלט און אַבאָרט פון שוואַנגערשאַפט. באַזונדערס אין שכנות פון וואַטיקאַן, וואָלט אַזאַ אַגיטאַציע נישט געווען פּאָפּולער.

אין פראַנקרייך, דאָס אָרט פון רעוואָלוציע און פרייהייט־באַוועגונגען, נישט געקוקט אויפן קאַטאָליציזם, האָט דאָס געקענט דורכפירן די פריִער דערמאָנטע מאַדאַם סימאָן וויל, די ייִדישע פרוי, מוטער פון דריי זין, וואָס האָט דורכגע־מאַכט די נאַצי־קאָנצענטראַציע־לאַגערן און איז איצט אַ מיניסטאָרין. זי האָט די שטיצע פון מיליאָנען פראַנצויזישע פרויען און איר צו הילף זענען געקומען די געלערנטע, די אַקאַדעמיקערס און די שרייבערס — וואָס צווישן די פירנדיקע געפינט זיך די דערמאָנטע סימאָן דע באָוואַר.

אַז איר קומט קיין לאָנדאָן און איר שאַפט זיך איין „דאָס בוך פון לאָנדאָן״ (יעדער טוריסט וויל געוויינלעך האָבן אַזאַ האַנטבוך, וואָס גיט אינפאָרמאַציע וועגן דער דאָזיקער הערלעך מאַיעסטעטישער וועלטשטאָט), איז דאָס ערשטע בלעטל (לויטן אַלפאַבעט) געווידמעט אַבאָרטן: מען גיט עצות, אינפאָרמאַציע וואָס שייך געזעץ און אַקאָמאָדאַציע דער טוריסטקע וואָס קומט קיין לאָנדאָן, זי זאָל וויסן ווי און ווו אַריינצוטרעטן מיט איר שוואַנגערשאַפט.

מען גיט איר גענוי דאָס געזעץ, ווען און ווי אַזוי זי קאָן האָבן אַן אַבאָרט; די פּונקטן און לאָקאַלן ווו מען פירט דורך אַזעלכע אָפּעראַציעס. זי דאַרף בלויז וועלן, האָבן די צושטימונג פון צוויי דאָקטוירים און דער אַבאָרט ווערט לעגאַ־ליזירט.

מען גיט אויך, אַלס צוגאָב, אַ לעקציע וועגן היגיענע אין שייכות מיט אַבאָרטן און אַ רשימה פון אַגענטורן, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט ענינים פון צעשטערן שוואַנגערשאַפט. מען לערנט נישט מיט דער פרוי די דינים פון נדה און ענלעכע טהרת־המשפחה־ענינים. מען זאָגט אָבער, אַז ביז דער זיבעטער וואָך פון שוואַנ־גערשאַפט (דריי וואָכן אָן מענסטרואַציע) קאָן מען האָבן אַן אַבאָרט אומגעשטערט; נאָך צוועלף וואָכן שוואַנגערשאַפט, איז שוין דאָ אַ געפאַר און מ׳דאַרף זיך צוריק־האַלטן פון איבעררייסן דאָס שוואַנגערן, בעת דער עמבריאָן איז שוין אין דריטן חודש.

ווי געזאָגט, איז די פּרעסע פול מיט אַרטיקלען וועגן געבורט־קאָנטראָל און אַבאָרט־לעגאַליזאַציע. און נישט בלויז אין דער פּרעסע, אויך די גאַס איז איבער־פולט מיטן דאָזיקן פּראָבלעם: פון איין זייט דעמאָנסטראַציעס צו לעגאַליזירן אַבאָרטן און דערמוטיקן, אויפפאָדערן יונגע פרויען דורכצופירן געבורט־קאָנטראָל; פון דער אַנדערער זייט — פאָדערונגען איינצוהיטן די נאַטירלעכע ליבע, וואָס ברענגט די געהעריקע קאָנסעקווענצן — גוטע און אָנגענעמע קאָנסעקווענצן.

אין קאַנאַדע האָט זיך לעצטנס אַ סך געטומלט וועגן דעם משפט מאָרגענ־טאַלער. ד״ר העברי מאָרגענטאַלער איז אָנגעקלאָגט געוואָרן אין דורכפירן אומ־לעגאַל אַבאָרטן. נאָך לאַנגע חדשים פון אויסהערן עדות איז ד״ר מאָרגענטאַלער באַפרייט געוואָרן דורך אַ געריכט־זשורי, וואָס איז באַשטאַנען פון פּראָווינציש־קאַנאַדער, וואָס מיינט קאַטויליקן.

ד״ר מאָרגענטאַלער האָט ביים משפט צוגעגעבן, אַז ער האָט במשך פון פינף יאָר דורכגעפירט איבער פינף טויזנט אַבאָרטן. ער איז אַפילו געווען אין טורמע, לויט אַ צווייטער אַבאָרט־אָנקלאַגע, איז אָבער לסוף באַפרייט געוואָרן.

די קאַטויליקן וואָס האַלטן זיך ביי יעדער דאָגמע פון קאַטויליציזם און וואָס דאַרפן געוויס אָפּהיטן די מצווה „פרו ורבו״ — גראַד זיי, זענען מיט אַ מאָל געוואָרן אַזוי מילד און ליבעראַל? ווייזט אויס, אַז דאָס פּראָפּאַגירן די אידעע פון פאַמיליע־פּלאַנירונג האָט געשלאָגן טיפע וואָרצלען אויך אין דער פּראָווינצי־שער קאַנאַדע. די גאַסן־דעמאָנסטראַציעס, די פּאַראַדן און אַפּישן האָבן אַ ווירקונג און ד״ר מאָרגענטאַלער איז געוואָרן דער העלד פון אַבאָרט. מ׳רעדט מער וועגן זיינע „גוטע״ מעשים, וועגן זיין באַפרייט ווערן, ווי פון די פּראָבלעמען וואָס רירן אָן דעם יסוד פון דער היינטיקער געזעלשאַפט.

מיר געפינען שוין אין קאַנאַדער צייטונגען אַנאָנסן און מעלדונגען, ווו מ׳קען זיך באַראַטן קאָנפידענציעל וועגן אַבאָרטן דורך פּראָפעסיאָנאַלן און אַז דאָס קאָסט נישט מער ווי 35 דאָלער. מען גיט צו, אַז דאָס איז אַ דינסט־לייסטונג.

אין דער פּרעסע ווערט דיסקוטירט וועגן ענדערן דעם קרימינעלן קאָדעקס בנוגע אַבאָרטן. דער מיניסטער פון געזונטהייט און מיט אים אַ צאָל מעדיקערס זענען מיט דער מיינונג, אַז מ׳זאָל זיך האַלטן ביים געזעץ און קאָנטראָלירן אַבאָרטן; דאָקעגן זענען פּאַראַן ווויל־מיינענדיקע און ווויל־קענעוודיקע, וועלכע זענען פאַר אַ פולשטענדיקער ענדערונג פונעם געזעץ, בכדי צו געבן אַ פרייע האַנט, יעדן דאָקטאָר און אָן אונטערשייד פון באַדינגונגען; אויב די פרוי וויל און באַשטייט אויף אַן אַבאָרט, זאָל זי דאָס קריגן פריי, אויפן חשבון פון דער רעגירונג.

אויך אין איטאַליע, ווו ס׳קומען פאָר איבער אַ מיליאָן אומלעגאַלע אַבאָרטן אַ יאָר (ס׳זענען דאָ סטאַטיסטיקערס וועלכע זאָגן, אַז ס׳קומען פאָר דריי מיליאָן אַזעלכע אַבאָרטן) און עס פאַלט זייער שווער אויף דער פרוי, ווערט באַהאַנדלט

אין פאַרלאַמענט די מעגלעכקייט צו רעווידירן דאָס געזעץ און לעגאַליזירן אַבאָרטן אין די שפּיטעלער.

אין די פּאַראייניקטע שטאַטן — לייענען מיר — אָרגאַניזירן זיך די קאַטוילִיקן און נעמען אַ שטעלונג קעגן דער רעגירונגס אַריינמישן זיך, פּראָפּאַגאַנדירן און געבן עצות וועגן פאַמיליע-פּלאַנירונג. די 160 קאַטוילישע בישאָף-ראַיאָנען („דיאָסעס") פאַרדאַמען דעם רעגירונגס-צוגאַנג צו יסודותדיקע פאַמיליע-אָנגעלעגנהייטן.

די אַמעריקאַנער קאַטוילישע אָרגאַניזאַציעס, ווייזט אויס, נעמען אָן דירעקטיוון פון וואַטיקאַן און פאָדערן פּערזענלעכע פרייהייט אויפן געביט פון פאַמיליע-צוזאַמענלעבן און זאָגן זיך אָפּ קאַטעגאָריש פון רעגירונגס-אַגענטורן, וואָס שאַפן אַ דרוק אויף פאַרהייראַטע פּאָרלעך זיך צו באַנוצן מיט די אָפּהאַלט-מעטאָדן.

די אַמעריקאַנער קאַטוילִיקן האַלטן, אַז דאָס געהערט צום זעלבסט-קאָנטראָל פונעם יחיד, אַז דאָס איז דאָס אינטימסטע אינעם פאַרהייראַטן לעבן, און קיינער האָט נישט קיין רעכט זיך אַריינצומישן. געבורט — האַלטן זיי — איז די ברכה פון גאָט און זיי רופן זייערע נאָכפאָלגערס, זיי זאָלן טראָגן די אחריות פאַר זייערע אייגענע פאַמיליעס און פאַר אַנדערע.

„די קאַטוילישע טראַדיציע" — זאָגט זיך אין דער דעקלאַראַציע — „האָט תמיד אָנערקענט די געשלעכטלעכע באַציִונג ווי אַ פאַרשטאַרקונג פונעם צובונד צווישן מאַן און פרוי... ס'איז גוט, ס'איז נויטיק, ווייל אַזוי איז יצירה... און דאַרף גענוצט ווערן פאַר מענטשלעכער חשיבות... ס'טאָר נישט גענוצט ווערן בלויז צוליב תּאווה און הנאה-וועגן..."

מיר פאַרנעמען זיך נישט מיט שטודירן, פּאָפּולאַריזירן קאַטוילִיציזם און דעם קאַטוילישן צוגאַנג צו פאַמיליע-פּלאַנירונג און געבורט-קאָנטראָל. מיר האָבן בלויז געוואָלט אָנווייזן אויף דער מערקווירדיקער דערשיינונג. דאָס קאַטוילישע קוויבעק, למשל, וואָס שטייט אונטער דער השפּעה פון דער קירכע, ווערט פּלוצלינג באַהערשט פון קאַנאַדעס סאָציאַלאָגן און פאַמיליע-באַזאָרגערס, בעת די אַמעריקאַנער קאַטוילִיקן, דאָרט ווו די קירכע האָט אַ קנאַפּע ראָלע אין געזעלשאַפטלעכן, פּאָליטישן לעבן, דאָרט גאָר האָבן די קאַטוילִיקן זיך געשטעלט קעגן דער שווין צו גרויסער אַגיטאַציע, ווי צו פאַרמיַידן און ווי צו ליקווידירן געבורטן.

אין אַ פּרעסע-באַריכט וועגן די ענדערונגען אין דער רומיש-קאַטוילישער קירכע, ווערט איבערגעגעבן, אַז מיט צען יאָר צוריק, האָבן בלויז 45 פּראָצענט גוטגעהייסן קינסטלעכן עיבור-אָפּהאַלט און בלויז 12 פּראָצענט האָבן מסכּים געווען צו אינטימע באַציִונגען צווישן פאַרקנסטע פּאָרלעך. איצט, אין מיטן די זיבעציקער, איז פאָרגעקומען אַ דראַסטישע ענדערונג: 83 פּראָצענט האָבן גוטגעהייסן, לויט אַן אַנקעטע, צוריקהאַלטן שוואַנגערשאַפט דורך דער „פּיל"-טאַבלעט

אָדער אַנדערע סאָרטן פֿאַרהיט־מיטלען און 43 פּראָצענט האָבן גוטגעהייסן אינטימע באַציִונגען פֿאַר דער חתונה.

די פּראָפּאַגאַנדע וועגן דער מורא פֿאַר דעם אויפֿשווונג פֿון דער באַפֿעלקערונג האָט געהאַט אַ גרויסן נצחון. אַלע האַלטן אין איין חשבונען וויפֿל ביליאָנען ס'וועלן צוקומען אין יעדע צען יאָר, אין אַ הונדערט יאָר. מ'האַלט שוין ביים וואָרענען, אַז די וועלט וועט אין הונדערט יאָר אַרום האָבן 30 ביליאָן. מוז מען דעריבער צוימען גאָר באַציִטנס און געוויסע דאָקטוירים האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט, וואָס ברענגט אַריין גאָר אַ סך שפֿע.

דער שטראָם יונגע מיידלעך, וואָס זוכן אַבאָרטן ווערט גרעסער און גרעסער און דאָס ווערט אַ פּראָבלעם, נישט בלויז פֿאַר שפּיטאָלן, גינעקאָלאָגן, דאָקטוירים פֿון אַלגעמיינער פּראַקטיק. דאָס פּראָבלעם איז אויך פֿאַר מיניסטאָרן, פֿאַר געריכטן. אין מעטראָ־טאָראָנטאָ, איז לעצטנס איבערגעגעבן געוואָרן, האָבן אין יאָר 1974 40 טויזנט יונגע מיידלעך פֿאַרלאַנגט אַן אַבאָרט־אָפּעראַציע. די קאַנאַדער רעגירונג באַמיט זיך אויסצואַרבעטן די געהעריקע תּקנות, וועלכע אַבאָרטן זאָלן לעגאַלי־זירט ווערן. די רעגירונג מוז זיך רעכענען מיט אַ נאָך אַלץ אַ שטאַרקער קעגנער־שאַפֿט מצד דער קאַטוילישער קירכע און אויך באַדינגונגען פֿון אַנדערע רעליגיעזע מינדערהייטן, די ייִדישע אַריינגערעכנט, וועלכע זענען גרייט נישט גוטצוהייסן אַלע סאָרטן אַבאָרטן.

אין קאַנאַדע איז נאָך אַלץ דאָ אַן אַנטי־אַבאָרט באַוועגונג, בעת אין די פֿאַר־אייניקטע שטאַטן ווערט די דאָזיקע באַוועגונג אַלץ שוואַכער און שוואַכער, נישט געקוקט אויף די דעקלאַראַציעס פֿונעם וואַטיקאַן און דער קאַטוילישער קירכע.

נאָכן גרויסן זיג אין געריכט, איידער ער איז געשטעלט געוואָרן פֿאַר אַ נײַעם פּראָצעס, האָט ד"ר מאָרגענטאַלער געטרונקען „לחיים" מיט אַ גרופּע פּרויען אָנהענגערינס פֿון אַבאָרט־פֿרייהייט און פֿון דער הוליאַנקע איז מען אַרויס אינעם פּאַראַד, ווי נאָך אַ וואַלזיג.

דער 50־יאָריקער גראַטעוועטער ייִד פֿון אוישוויץ האָט עס געמאַכט פֿאַר אַ לעבנס־אידעאַל, פֿאַר זיין מיסיע אָנצוגיין מיט אַבאָרטן, עובר צו זיין אויף די רעליגיעזע פֿאָרשריפֿטן און אויף די לעגאַלע געזעצן אין קאַנאַדע. דאָס קרימינעלע געזעץ אין קאַנאַדע דערלויבט נישט קיין אַבאָרטן, סיידן דער געבורט שטעלט אין געפֿאַר דער מוטערס געזונט און דאָס מוז באַשטעטיקט ווערן פֿון דרײַ דאָקטוירים. די אָפּעראַציע טאָר נישט געמאַכט ווערן אַנדערש ווי אין אַ שפּיטאָל.

ד"ר מאָרגענטאַלער איגנאָרירט די אַלע באַדינגונגען, ווייל ער איז איבער־צייגט, אַז ער טוט די גרעסטע מצווה ביים ראַטעווען יונגע מיידלעך, יונגע פֿרויען פֿון אומגעוווּנטשענע קינדער און ער ראַטעוועט די וועלט פֿון צוגעקומענע עסערס.

ער איז נישט איינער מיט דער דאָזיקער מיינונג און נישט בלויז פּרוּיען שטיצן זיינע אידעען. אויף זיין זייט געפינען זיך אַ צאָל אָנגעזעענע דאָקטוירים גינעקאָלאָגן און פּסיכאָלאָגן, וואָס האַלטן ווי ער, אַז מען דאַרף ענדערן דאָס אַבאָרט־געזעץ און אַז מ׳זאָל זיך בלויז רעכענען מיטן ווונטש און פאַרלאַנג פון דער פרוי, וועלכע וועט דאַרפן אויסטראָגן דאָס קינד.

ס׳זענען אָבער אויך דאָ דאָקטוירים, וועלכע זעען די שעדלעכקייט פון לעגאַ־ליזירן און ליבעראַליזירן די אַבאָרט־געזעצן, וואָס דאָס קען דערפירן צו אַ שטראָם פון עפנטלעכע הפקרות אין סעקסועלן לעבן, ווייל אויסער אַבאָרטן, דאַרף מען אויך זאָרגן וועגן די ווענערישע קראַנקייטן וואָס פרייער און לויזער געשלעכט־פאַרקער קאָן ברענגען.

אינטערעסאַנט איז דער דואַליזם פון אַט די פּראָפעסיאָנאַלן: פון איין זייט האַלט מען אין איין געבן עצות, טאָמער שאַפט זיך אַן אימפּאָטענץ ביי איינעם פון די געשלעכטער, ווי דאָס צו היילן און דורך וואָסערע מעטאָדן אַרויסרופן רייץ און לוסט. און פון דער צווייטער זייט — שוין מיט דער רעגירונגס־הסכמה — באַמיט מען זיך צו פאַרשפּרייטן געבורט־קאָנטראָל־אינפאָרמאַציע: ווי אַזוי זיך צו באַנוצן מיט די פאַרשיידענע פּילן, ווי אַ צוריקהאַלט פון געבורט; ווי אַזוי יונגע מיידלעך זאָלן האָבן גרייט די דאָזיקע מעטאָדן, און אויב מען האָט וועלכע עס איז מורא, אַז טראָץ די פאַרהיט־מיטלען, האָט עס אָנגענומען און עס וועבט זיך אין מוטערס געוועב אַ נפשל, זאָל מען דערפון קענען פּטור ווערן, איידער ס׳קומט אויף דעם אוויר העולם.

דער מאָרגענטאַל־פּראָצעס איז דעריבער דער פּראָצעס וועגן אַבאָרט־געזעץ, און אַזאַ סאָרט פּראָצעס מוז קומען פאַר דעם העכסטן געריכט, וואָס זאָל אַנטשיידן די לעגאַליטעט און קאָנסטיטוציאָנעלקייט פונעם געזעץ. דער צופאַל, אָדער גורל, האָט געוואָלט, אַז אַ ייִד אַ מעדיקער, וואָס האָט אַליין צוגעזען, ווי מיליאָנען זענען אומגעקומען, אַז ער זאָל עס פירן צום היסטאָרישן משפּט פון עמבריאָנישן קינד וואָס רייַסט זיך צום לעבן *.

דאָס העכסטע געריכט אין קאַנאַדע האָט דעם 26סטן מערץ 1975, נאָך פינף חדשים באַטראַכטן די אַפּעלאַציע און אורטייל פונעם קוויבעקער געריכט, גוט־געהייסן דעם אורטייל, אַז ד״ר הענרי מאָרגענטאַלער איז באַגאַנגען אַ פאַרברעכן קעגן קאַנאַדער אַבאָרט־געזעץ און ער האָט באַלד אָנגעהויבן זיין טורמע־טערמין — 18 חדשים אין באַרדאָ־תפיסה, פאַר זיין דורכפירן אומלעגאַלע אַבאָרטן.

---

* אויך אין פראַנקרייך, ווי דערמאָנט, האָט די ייִדישע פרוי, סימאָן ווייל, וואָס האָט דורכגעמאַכט דעם נאַצי־גיהנום און איז איצט מיניסטאָרין פון געזונטהייט, געקעמפט און דורכגעפירט די לעגאַליזירונג פון אַבאָרטן.

ווי עס איז באַריכטעט, איז נישט געווען קיין איינשטימיקייט ביים אורטיילן דעם דאָקטאָר, וואָס האָט עפנטלעכט דערקלערט, אַז ער האָט דורכגעפירט איבער פינף טויזנט אַבאָרטן, האַבנדיק אין זינען דעם ווילזיין און געזונט פון זיינע פּאַציענטקעס. עס איז געווען אַ מערהייט פון זעקס קעגן דריַי — און די מערהייט באַשטימט : „אַחרי רבים להטות", איז אַ דעמאָקראַטישער פּרינציפּ.

דער ענין איז נאָך וויט נישט דערליידיקט. דער דרוק פון די אַבאָרט־אָנהענגערס איז גענוג שטאַרק אויף צו באַאיַינפלוסן אַפילו געזעץ־היטערס, געזעץ־מאַכטהאָבערס. שוין זייַענדיק אין תּפיסה, האָט די אַמעריקאַנער הומאַניסטישע געזעלשאַפט געשיקט אַ טעלעגראַמע צום פּרעמיער פון לאַנד, פּאַרלאַנגענדיק מ'זאָל באַפרייען דעם ד"ר מאָרגענטאַלער, כּדי מ'זאָל אים איבערגעבן אַ מעדאַל פאַר זיין הומאַניסטישער האַנדלונג.

צי דער פּרעמיער וועט געפינען אַ וועג נאָכצוגעבן זייער פּאַרלאַנג, איז נישט זיכער. לויט דער אָנגענומענער מיינונג פון יוריסטן, קען דאָס נישט געטאָן ווערן נאָך דעם, ווי דאָס העכסטע געריכט טראָגט אַרויס אַן אורטייל. וועט ער די אויסצייכענונג דאַרפן אָפּנעמען אין זיין תּפיסה־צעל.

צווישן די דריַי ריכטערס פון העכסטן געריכט, וואָס האָבן געשטימט פאַר באַפריַיען דעם ד"ר העברי מאָרגענטאַלער, האָט זיך געפונען דער הויפּט־ריכטער באָראַ לאַסקין [3] — אָבער די מערהייט פון זעקס קעגן דריַי האָט באַשטימט דעם אורטייל. ס'זענען אָבער דאָ, ווי געזאָגט, אַ גרויסער צאָל ליבעראַל־דענקענדיקע מענטשן, וואָס פאָדערן זיין באַפריַיונג. (ד"ר מאָרגענטאַלער איז באַפרייט געוואָרן איידער ער האָט משלים געווען דעם שטראָף־טערמין).

ווי די סטאַטיסטיק וויַיזט, ווערט די אויסהיטונג פון קינדער־פּראָדוקציע מערסטנס געטאָן אין די מערב־לענדער און דווקא ביי די רייכע (אויסנאַמען זענען פאַרשטענדלעך) — אַרום 60 פּראָצענט באַנוצן זיך אין צפון־אַמעריקע מיט דער „פּיל" און אַ גרויסע צאָל באַנוצט זיך מיט כּל־מיני געבורט־קאָנטראָל, אַריינגע־רעכנט סטעריליזאַציע. אין לאַטיין־אַמעריקע ווערן די אויסהיטונג־מיטלען באַנוצט פון בלויז 20 פּראָצענט — און די „ציוויליזירטע" פונעם צפון, פאַרנעמען זיך איצט גאָר שטאַרק אַריינצוברענגען די מיטלען פון אָפּוואַרפן אָדער באַלד נישט דערלאָזן שוואַנגערשאַפטן ביי די אָרעמערע מאַסן.

די אָנהענגערס פון פאַמיליע־פּלאַנירונג גייט אין לעבן צו רעדוצירן די געבורט־סקאַלע. מיט אַ צייט צוריק איז איינער אַן אָנהענגער פון דער מאַלטוס־טעאָריע, מישל לאַנדסבערג אַרויסגעקומען מיט אַן אַרטיקל וואָס וואָרנט, אַז נאָך די אַלע אויסהיט־מיטלען ווערן נאָך אַלץ געבוירן אין קאַנאַדע הונדערט טויזנט (100,000) אומגעוווּנטשענע קינדער און בלויז דריַיסיק טויזנט ווערן אָפּגעשווענקט דורך אַבאָרטן. דער שרייבער באַקלאָגט זיך, אַז בלויז אַ פערטל פון די יונג פּאָר־

הייראַטע פּאָרלעך באַנוצט זיך מיט געבורט־קאָנטראָל. ער וואָלט גערן געוואָרן זען, אַז אַלע זאָלן זיך באַנוצן מיט אָט דער „מעדיצין״ פון האָבן תּאווה, שטילן דעם יצר און נישט ברענגען קיין פּרוכט.

לויט די אָנהענגערס פון אַבאָרט־לעגאַליזירונג איז קאַנאַדע אַ צוריקגעשטאַנען לאַנד, דערמיט וואָס נישט גענוג מענטשן באַנוצן זיך מיט דער „פּיל״ אָדער אַנדערע אויסהיט־מיטלען. אויך די גינעקאָלאָגן זענען באַזאָרגט, וואָס די „קאָנטראַסעפּטיוו״־סיסטעם שרעקט נאָך אַלץ די יונגפרוי.

די אַלע אַגיטאַציעס פירן צו איין זאַך: דערמוטיקן סעקסועלע באַציִונגען צווישן יונגע מיידלעך מיט בחורים, זיי זאָלן זיין פריי און נישט מורא האָבן פאַר קאָנסעקווענצן, נישט האָבן קיין פּחד, אַז אַזאַ שריט קאָן ברענגען אַ נפשל. די דאָזיקע עצות זענען ווי זיך צו באַנעמען, נישט צו פאַרגיין אין שוואַנגערשאַפט און פאַרהיטן די וועלט פון איבערבאַפעלקערטקייט, פון באַפעלקערונגס־עקספּלאָזיע, וואָס דאָס וועט זיין דער גרעסטער אומגליק און אַז שוין איצט האָבן מיר אַן איבעריקן ביליאָן מענטשן... זיי האַלטן זיך אין איין זאָרגן פאַר דעם „ואם תּאמר מה נאכל״... זיי גיבן אָבער נישט קיין אַנדער עצה, ווי לעבן געשלעכטלעך פרייַ און זיך צוגעוווינען צו אַ פרייַ לעבן.

זיי גיבן אויך עצות, ווי צו פאַרשטאַרקן און אָנצוהאַלטן די ליבע ביי פּאָר־הייראַטע פּאָרלעך, וואָס איז געוואָרן איינס פון די שווערסטע פּראָבלעמען אין אונדזער צייט. זיי ווילן אָבער נישט פאַרשטיין, אַז דער ערשטער שריט צו אַ האַרמאָניש לעבן איז נאַטירלעך לעבן, אַז די פרוי זאָל נישט ווערן דעגראַדירט, אַז די סעקסועלע באַנעמונג דאַרף זיין מיט קדושה.

עס איז קיין וווּנדער נישט, וואָס פּסיכאָלאָגן, ראַדיאָ־אָנפירערס גיבן איבער, אַז זיי באַקומען טאָג־טעגלעך טויזנטער בריוו פון פרויען וועלכע זוכן עצות, ווי אָנצוהאַלטן די גאַנצקייט אין פאַמיליע־לעבן, ווי אַזוי צו זיכערן די ליבע ביי זייערע מענער און זיי ווילן וואַרפן די שולד צוליב קינדער האָבן. דאָס איז, לויט יהדות, אַ פאַלשער צוגאַנג.

מיר וועלן ווייטער אָנוואַרפן עטלעכע געדאַנקען אין שייכות מיטן יהדות־צוגאַנג צו פאַמיליע־פּראָבלעמען. אַנשטאָט רעדוצירן געבורטן לויט די מאָרגענ־טאַלער־סיסטעמען, האָט מען פאַרהיט פון אומברענגען נפשות, ווי קליין זיי זאָלן נישט זיין, אַנשטאָט עצות ווי אַזוי צו פאַרשטאַרקן די כּוחות ביי די אימפּאָטענטע מענער, דורך יאָגן זיך נאָך „סעקס״־פּראָבעס, האָט מען אָנגעוויזן אויף דער וויכטיקייט פון טהרת המשפּחה, וואָס ווירקט סיי אויפן מאַן און סיי אויף דער פרוי, אי די זכרות און אי די נקבות ווערט פאַרשטאַרקט, ווען ס'איז דאָ אַ צייט פון פאַרבאָטנקייט און אַ צייט פון אויפגעפרישקייט און באַנייטקייט.

אויב די אימפּאָטענץ און די אָפּגעקילטקייט קומט נישט פון אַ קראַנקייט, איז עס די איבערצייגונג פון יהדות־מאָראַליסטן און תּלמוד־פּסיכאָלאָגן, אַז דער בעסטער וועג אָנצוהאַלטן ליבע און וואַרעמקייט איז דורך דרישה וואָס קומט נאָך פּרישה. דאַן קומען געזינטערע געשלעכט־באַציִונגען און אַ צופרידנקייט וואָס ברענגט ליבע־אַפעקטן.

פרייַע אַבאָרטן ברענגען ווי אַ רעזולטאַט, צו אַזעלכע אָפּענע, אומפאַרשעמטע דערציילונגען פאַר דער פּרעסע, ווי יונגע מיידלעך דערציילן אין דער עפנטלעכ־קייט, אַז זיי האָבן שוין געהאַט באַציִונגען אין עלטער פון 14־15 יאָר, אַז זיי האָבן פאַרלוירן בתולהשאַפט, ווען זיי זענען געווען אין מיטלשול און גיבן איבער געניי וועגן דער „ערשטער ליבע" און ווי אַזוי די פּרוכט פון יענער ליבע איז צעשטערט געוואָרן.

די אַגיטאַציעס פון איין זייט צו רעדוצירן געבורטן און פון דער אַנדערער זייט צו דערלויבן אַבאָרטן, דערלויבן פּאָרנאָגראַפיע, וועקן די עמאָציעס און תּאווה־אינסטינקטן, דורך אַנטבלויזטע העלפטן און אָנגעצויגענער הלבשה, ביז נאַקעטקייט פון ווייניקער פון חוהס קליידער — דאָס ברענגט נישט צו אַ האַרמאָ־נישן פאַמיליע־לעבן.

אין יהדות האָט מען געלערנט, אַז געשלעכטלעכע באַציִונג איז נישט סתּם אַזוי אַ תּאווהדיקע שפּיל. אויב אַזאַ סאָרט תּאווה ברענגט נישט קיין פיזישן פּגם — האָט יהדות געלערנט — ברענגט זי אַ גייסטיקן פּגם: מיט איר ווערט פאַר־וואָכעדיקט דאָס אָפּהיטן בתולהשאַפט און פראָפאַנירט די לאָיאַלקייט פונעם מאַן. אָבער וועגן דער יהדות־באַציִונג ווייטער.

אינטערעסאַנט איז, אַז גראָד אין סאָוועט־רוסלאַנד, וווּ מען באַרימט זיך, אַז די פרוי איז פולשטענדיק באַפרייט געוואָרן פון וועלכער נישט איז דיסקרימינאַציע, געניסט גלייכהייט צוזאַמען מיטן מאַן, גראָד דאָרט סטימולירט מען נישט אַבאָרטן. אדרבה, מען באַמיט זיך אָפּצוהאַלטן פון אַבאָרט, סיידן עס איז דאָ אַ וויכטיקע סיבה. דאָס טוען די רוסן נישט צוליב רעליגיעזע מאָטיוון, נאָר פּשוט כּדי צו האָבן אַ גרעסער, געזינטער און במילא אַ שטאַרקער פאָלק.

די סאָוועטישע מאַכט ווירקט אינטענסיוו פאַר דערמוטיקן געבורטן ווי אַ פאַקטאָר אין באַווייזן די וויטאַליטעט פון סאָוועטישן פאָלק, אין פאַרגלייך מיט דער ירידה פון געבורטן אין די מערב־לענדער.

אין די סאָוועטישע לענדער איז די „פּיל" און די אַנדערע פאַרהיט־מיטלען פריי און מ׳גיט פריי בראָשורן צו לערנען דעם עולם, ווי זיך אויסצוהיטן, ווי צו באַנוצן זיך מיט די דאָזיקע מיטלען — אָבער גלייכצייטיק לערנט מען די יוגנט, נישט צו באַנעמען זיך פריי געשלעכטלעך פאַר זייער חתונה, מען לערנט די

יוגנטלעכע אָנצוהאַלטן אַ צופרידן פאַמיליע־לעבן און ווי אַזוי משפחות זאָלן זיך איַינגלידערן אין אַ סאָציאַליסטיש־קאָמוניסטישער געזעלשאַפט.

די אַרטיקע סאָציאָלאָגן זענען באַזאָרגט, ווען ס׳קומט צו זיי אַ ידיעה, אַז דאָ אָדער דאָרט, אין דער סאָוועטישער העמיספערע, פאַרנעמט זיך די יוגנט צו לעבן „פרייע ליבע״, צו האָבן „סעקס״ ווי אַ פיזישע נויטווענדיקייט. זיי וואָרענען קעגן דעם און זיי דריקן זיך אויס, אַז די פרייע — לויט זיי הפקרדיקע — ליבע, ברענגט מיט זיך פסיכאָלאָגישע פראָבלעמען, פיזישע אימפּאָטענץ — און אַלס רעזולטאַט — אַן אומצופרידן פאַרהייראַט לעבן. אין אַלגעמיין, האַלט זיך די סאָוועטישע פרעסע צוריק מיט דרוקן אַרטיקלען וועגן סעקס. די פילמען ווערן אויסגעהיט פון נאַקעטקייט.

ווי געענדערט האָט זיך אין דעם פּרט די קאָמוניסטיש־באָלשעוויסטישע אַגיטאַציע. אין די ערשטע יאָרן נאָך דער רעוואָלוציע, האָט מען געוואָלט אָפּשאַפן די אַלטע קאַפּיטאַליסטישע, בורזשואַזע רעליגיעזע חתונה און געמיינט, אַז מיט פרייער ליבע און אָן צערעמאָניאַלע חתונות, וועט מען דאָס דערגרייכן אין דער נייער געזעלשאַפט. איצט זענען די פירנדיקע פאַראַנטוואָרטלעכע סאָציאָלאָגן באַזאָרגט, ווען זיי הערן, לויט דער סטאַטיסטיק, אַז 7 פראָצענט יִינגלעך און 12 פראָצענט מיידלעך (פאַרקערט ווי אין דער מערב־וועלט) האָבן פאַר דער חתונה געהאַט געשלעכטלעכע באַציִונגען. זיי באַטראַכטן דאָס ווי אַ פּאַטאָלאָגישע דער־שיינונג, ווייל — באַהויפּטן זיי — אַ פּסיכאָלאָגיש און פיזיש געזונטער מענטש וואָלט נישט דערלאָזט, אַז תאווה זאָל פאַרכאַפּן דאָס הייליקסטע אין זיין לעבן.

ד״ר כאַרטשעוו — דער אָנגעזעענסטער סאָציאָלאָג — וויל צוגעבן נאָך אַ פונקט צו דערקלערן דעם געיעג נאָך פרייער תאווה און באַווייזן, אַז דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס מענטשן האָבן מורא אָדער ווילן בכלל נישט נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון אַ פאַמיליע, פון קינדער... זיי ווילן בלייבן בחורים, אומפאַרהייראַט און דערביי נישט ליידן פון תאווה־געגוס.

איז זיין עצה:

צו די מענער — נישט צו זיין אַזוי עגאָיִסטיש און פּלאַנירן אַן עכט פאַמי־ליאַריש לעבן.

צו די מיידלעך־פרויען — נישט לאָזן זיך פאַרפירן צום סעקסועלן לוסט־אימפּולס און מיינען, אַז אַזוי אַרום וועלן זיי כאַפּן אַ מאַן און נאָך דעם חתונה האָבן. ער אַפּעלירט פאַר פרויען־שטאָלץ, פאַר שטאַרקערן כאַראַקטער ביי דער פרוי.

ווי צייטן ענדערן זיך. בשעתו האָט לענין די אַלע מאָראַלישע איינשטעלונגען געוואָלט מיט איין מאָל מבטל מאַכן. ער האָט אַלע מאָראַלישע און עטישע סקרופּולן דערקלערט ווי קליינבירגערלעכע אַבערגלויבענישן, געטענהט אַז דאָס אַלץ נעמט זיך פון רעליגיע, וואָס איז, לויט אים, אָפּיום פאַרן פאָלק. איצט קומען די

סאָציאָלאָגן פונעם נייעם דור און פירן צוריק, אָדער ווילן צוריקברענגען די יוגנט צו די מאָראַלישע יסודות פון פאַמיליע־לעבן, וואָס איז שטאַרק אָפּגעהיט געוואָרן ביי די ביז איצטיקע דורות אַ דאַנק דער רעליגיע, אַ דאַנק די פּאָר טויזנט יאָר מאָראַלישע אָפּגעהיטנקייט, אַ דאַנק די פעלקער וואָס האָבן געלערנט פון דער תורה, ווי אַזוי סאָציאַל זיך צו באַנעמען און האָבן געבויט די געזעלשאַפט אויפן דאָזיקן פונדאַמענט, רעספּעקטירנדיק דעם געשלאָסענעם בונד פון פּאָרלעך, וועלכע לעבן צוזאַמען און ברענגען קינדער ממשיך צו זיין דאָס לאָיאַלע אינטימע לעבן; אַ לעבן וואָס נעגירט דעם עקסטרעמען אַסקעטיזם און וואַרפט אָפּ די הפקרדיקייט.

נישט געקוקט אויף די אַלע אַגיטאַציעס, איז די פרוי אַלץ געבליבן פעמיניס־טיש מיט אַ שטאַרק מוטערלעך געפיל (אויסנאַמען זענען פאַראַן). זי זוכט צופרידנ־קייט אין דער הייראַט; זי וויל האָבן קינדער און זי וויל געפעלן איר מאַן.

די מערב־וועלט — און וואָס איז מיט דער מזרח־וועלט? — איז פאַרפלייצט מיט פאַרשיידענע ביכער, מאַגאַזינען, פּרויען־זשורנאַלן מכל המינים וואָס לערנען און גיבן עצות, ווי צו שמירן זיך, ווי צו באַנוצן די קאָסמעטיק בכדי געפעלן צו ווערן. מען גיט עצות אין סעקס־מאָראַל און געשלעכטלעכער באַנעמונג; מען לערנט די פרוי וועגן אינטימקייט — אַזעלכע לערעס פירן זיכער נישט צום אַבאָרט, צו דער אומנאַטירלעכקייט פון מוטער־געפיל. די דאָזיקע פונקציעס זענען געצילט צו פאַרשטאַרקן דעם לוסט, צו דערוואַכן דעם יצר...

**ד. וואָס איז מיט אַבאָרטן אין ישראל? — ווי רעאַגירן רעליגיעזע פירערס? — נישט צו זאָרגן וועגן שפייז פאַר געבוירענע. — השגחה באַ־זאָרגט חיונה. — ישראל נייטיקט זיך אין נאַטיר־לעכן צוווּקס.**

אין ישׂראל, ווי מיר ווייסן, וויל מען די באַפעל־קערונג זאָל זיך פאַרגרעסערן. נישט בלויז רעליגיעזע, נאָר אויך סעקולאַרע פירערס האַלטן, אַז ס׳איז נויטיק אַ נאַטירלעכער צוּוווּקס, בכדי נישט צו האָבן די סכנה פון אַן אַראַבישער מאַיאָריטעט. דאָס איז אויך די מיינונג און די הסכמה פון די אָרטיקע סאָציאַלע אַרבעטערס.

דוד בן־גוריון, דער אַרכיטעקט פון מדינת ישׂראל, דער ערשטער פּרעמיער און גרונט־לייגער פון אירע יסודות, האָט תמיד פּראָפּאַגירט די נויטווענדיקייט פון אַ גרע־סערער ייִדישער באַפעלקערונג אין לאַנד. ער, האָט עס אָנגעהויבן די אַגיטאַציע פון נאַטירלעכן צוּוווּקס. גרויסע טיילן פון די סאַבּרעס האַלטן פונעם „זקנס" מיינונג; ס׳זענען דאָ דאָקטוירים, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט קינסטלעכער באַ־פרוכפּערונג, בכדי צו פאַרגרעסערן די באַפעלקערונג.

די ישׂראל־רעגירונג ווי אַ דעמאָקראַטישע רעגירונג, איז אָבער גאָר מילד צו די אַגיטאַציעס, אַז פּרינציפּיעל זאָל לעגאַליזירט ווערן „הפלה״; אַז פּרינציפּיעל זאָל די פרוי האָבן אַ רעכט, צו באַשליסן יאָ אָדער נישט געבן געבורט צו אַ נפשל וואָס איז אין עמבריאָנישן צושטאַנד. די אָנהענגערס פון אָט דעם סאָרט ליבעראַליזם נוצן אויס די „ליב״־באַוועגונג אין זייער אַגיטאַציע פאַר לעגאַליזירטע אַבאָרטן.

די רעגירונג אַנשטאָט צו באַגרענעצן די אַבאָרטן, אַרויסצוקומען מיט אַ געזעץ וואָס פאַרווערט אומנויטיקע הפלה און באַצייכענען עס ווי אַ קרימינעלער פאַרברעך, ווי אַ מאָרד, זוכט אַלע עצות, צו האַלטן דאָס אין דער לופט און נישט באַרירן דאָס פּראָבלעם פונעם געזעצלעכן שטאַנדפּונקט. ווי די סטאַטיסטיק ווייזט, קומען פאָר אין ישׂראל אַרום 50 טויזנט אַבאָרטן יערלעך.

די ידיעה פון אַזאַ גרויסער צאָל אַבאָרטן האָט דערשיטערט דעם שטילן, סאָלידן הרב עובדיה יוסף, דעם ספרדישן רב־הראשי. ער האָט געוואָרנט דאָקטוירים, אַז אַזעלכע אָפּעראַציעס גרענעצן זיך מיט מאָרד; אויף אַזעלכע אָפּעראַציעס איז מען מחייב מיתה בידי שמים.

ער האָט צוו״אַ געשריבן:

„...דורכפירן אַן אַבאָרט אָדער אויף אַ קינסטלעכן אופן איבעררייסן אַ שוואַנ־גערשאַפט מחמת מאַטעריעלע אָדער אַנדערע סיבות, פּלאַנירן וויפל קינדער עס זאָל זיין אין אַ משפחה, איז אַבסאָלוט פאַרבאָטן לויט דער תורה... דער וואָס פירט דורך אומבאַרעכטיקטע אַבאָרטן איז פאַרגליכן צו אַ רוצח, איז חייב מיתה בידי שמים...״

מיר וועלן ווייטער זיך אָפּשטעלן אַ ביסל מערער אויף דעם הלכה־שטאַנד־פּונקט אין שייכות מיט „הפלה״, וואָס מיר האָבן שוין וועגן דעם געשריבן [1] און ווי מיר האָבן שוין פריִער דערמאָנט אַז נישט וויניק מעדיקער און סאָציאָלאָגן פון דער נישט־ייִדישער געזעלשאַפט, האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן אַבאָרט, סיידן אונטער באַזונדערע אומשטאַנדן און דרינגלעכקייט, ווי למשל, דער מוטערס לעבן איז אין געפאַר. אַזאַ מין אויסנאַם, האָבן מיר שוין אין תלמוד און מיר וועלן זיך נאָך אומקערן און זיך אָפּשטעלן דערויף. דאָ, ווילן מיר קודם־כל איבערגעבן פאַקטן, וואָס שייך אַבאָרטן אין ישׂראל.

אָפיציעל איז דאָס דורכפירן אַבאָרטן נאָך אַלץ אומלעגאַל, אָבער דאָס געזעץ איז זייער מילד און די געזעצגעבערס און געזעצהיטערס — נאָך מילדער און ליבעראַלער: זיי מאַכן זיך אַוועקקוקן, קלאָגן נישט אָן די וואָס פירן דורך אַזעלכע אָפּעראַציעס און שוין אָפּגערעדט פון באַשטראָפן, צו מאַכן דאָס געזעץ עפעקטיוו. אַזוי אַרום איז דאָס אַבאָרט־געשעפט געוואָרן אַ גרויסע אינדוסטריע פאַר דאָקטוי־רים, גינעקאָלאָגן, סעקסאָלאָגן. מען מאַכט שוין פאַלשע „שוואַנגערשאַפט״־טעסטן, בכדי צו נעמען געלט ביי דעם נאַיִוון מיידל, וואָס מיינט אַז זי שוואַנגערט און מען

קריגט באַלוינט מיט אויסלענדישער וואַלוטע. ס׳גרענעצט זיך ממש מיט שווינדל און שאַנטאַזש.

סוף זומער פון 1973, איז פאָרגעקומען אין בר אילן־אוניווערסיטעט אַ קאָנפע־רענץ פון וויסנשאַפטלערס שומרי תורה ומצוות. פאַרשטייט זיך, אַז פאַמיליע־פּראָבלעמען האָבן געקראָגן פּריאָריטעט ביי דער דאָזיקער קאָנפערענץ. ס׳זענען באַהאַנדלט געוואָרן נישט בלויז די הלכה־אַספּעקטן, נאָר די פאַקטן און ווירקונגען און ווי אַזוי מ׳קען אין דער יידישער מדינה קאָנטראָלירן, אַז די „פּיל״ אָדער „גלולה״, ווי דאָס הייסט אין עברית, זאָל נישט ווערן הפקר, זאָל דורכגעפירט ווערן לויט די כּללים פון „שלש נשים משמשות במוך״...

מיר האָבן דאָך שוין אין ישׂראל אַן אָפיציעלע אָרגאַניזאַציע „איגוד העובדים הסוציאליים״, וואָס פאָדערט די פרייהייט פון דער פרוי צו באַשליסן צי זי זאָל האָבן הפּלה (אַבאָרט) אָדער נישט. די ישׂראל־פּרעסע גיט אָפּ אַ סך פּלאַץ אָט דער באַוועגונג. אויך די דאָקטוירים ווילן האָבן פולשטענדיקע פרייהייט, וואָס שייך אַבאָרטן; זיי זענען בלויז קעגן „ניתוחי עיקור״ — קעגן סטעריליזאַציע, ביי דער פרוי אָדער ביי דעם מאַן, ווייל דאָס אָפּערירן און איבערשניידן די זרע־רערלעך דערמאָנען אין די נאַצי־פּלענער אומצוברענגען די יידישע ראַסע.

די ישׂראל־קרייזן, ווו מען איז נישט אַזוי באַגייסטערט פון אויסמיידן שוואַנ־גערשאַפט, ברענגען אויך אַריין דעם פאַקט, אַז סטעריליזאַציע מאַכט אומגליקלעך מענטשן. אַ יונג מיידל, אָדער אַן אומדערפאַרענער בחור, קאָן אַ מאָל אין אײַלעניש און אין פאַרצווייפלונג מסכּים זיין, אָדער אַפילו פאַרלאַנגען צו ווערן סטעריליזירט און נאָך דעם חרטה האָבן. זיי פאַרגעסן זיך און ווייסן נישט אַז אַזאַ פעלער קאָן מען שפּעטער נישט מתקן זיין.

אין ישׂראל שאַפט זיך אויך אַ קעגן־באַוועגונג, אַ באַוועגונג וואָס וויל דווקא אַ פאַרגרעסערטע און פאַרשטאַרקטע באַפעלקערונג און במילא אַ שטאַרקער ארץ־ישׂראל.

דער פאַקט איז דאָך, אַז בעת אויף דער גאַנצער וועלט איז דאָ די מורא פאַר אַ באַפעלקערונגס־עקספּלאָזיע, איז ביי יידן דער וווקס פאַרקלענערט געוואָרן פּראָפּאָרציאָנעל. ס׳איז דעריבער נאַטירלעך אַז נישט בלויז פרומע רעליגיעזע יידן זאָלן זיין קעגן די אַלע מעטאָדן פון פאַמיליע־פּלאַנירונג. די אַלגעמיינע באַפעלקערונג, וואָס איז נאָך נישט באַאײַנפלוסט פון די אַבאָרט־אַגיטאַציעס, האַלט אַז פאַר דעם מדינה־ווילזיין איז וויכטיק מ׳זאָל אויפהערן שטופּן די יונגע פאָרלעך צום געבורט־קאָנטראָל, אַז עס איז וויכטיק צו האָבן גרעסערע משפחות.

און דאָ קומען מיר צום פּראָבלעם „מה נאכל?״, וואָס ווערט אַזוי שטאַרק פּראָפּאַגירט — און וועגן דעם איז כּדאי צו הערן וואָס ר׳ יהודה החסיד, דער

מאָראַליסט און גרונטלייגער פון ייִדישן מנהגביים אַשכּנזישן ייִדנטום האָט צו זאָגן.

אין „ספר חסידים״ (לעמבערגער אויסגאַבע פון יאָר „הכתר״, סימן תקי״ט) און אין הוצאת הרב א״א פּרייס, לויט פּאַרמא (חלק ג׳, סימן תתתתשי״ג), ווערט געזאָגט:

„לא יחשוב הצדיק כשהוא עני, אם אבא אל אשתי שמא תהר ממני ואָנה אקח לפרנס (ה) — זה ממחוסרי אמנה הוא, (כל מי שחושב כך), כי הקב״ה מזמן בדדי אשה חלב ליונק כשיוצא ממעי אמו...״ [2].

אין ייִדיש: זאָל נישט טראַכטן (מיינען) דער צדיק און מורא האָבן, אויב ער איז אָרעם, ווי קען ער האָבן פאַרקער מיט זיין פרוי, טאָמער ווערט זי מעוברת, און ער קאָן זי נישט שפּייזן. אַזעלכער האָט נישט קיין אמונה. דער רבונו־של־עולם האָט צוגעגרייט די מילך אין דער מוטערס ברוסט, אַזוי גיך ווי דאָס קינד קומט אַרויס פון איר אינגעווייד...

דער ספר חסידים ווייזט אָן אויף אַ מכילתא (בשלח, ב׳, וואָס געפינט זיך אויך אין סוטה מ״ח), אַז דער מענטש וואָס גייט אַרום באַזאָרגט, וואָס וועט ער טאָן צו מאָרגנס, און ער האָט מורא אַז ער וועט נישט האָבן צו עסן, פעלט אים אמונה, גלויבן און בטחון אין השם־יתברך.

הרב רא״א פּרייס שטעלט זיך אָפּ, אין „משנת אברהם״ [3], און איז דאָס מסביר, אַז דער מחבר האָט דווקא געהאַט אין זינען דעם צדיק, וועלכער האָט דעם פאַרקער מיט זיין פרוי בלויז מקיים צו זיין די „מצות עונה״, אַזאַ צדיק זאָל נישט האָבן אין געדאַנק, אַז ס׳איז בעסער מבטל צו מאַכן די דאָזיקע מצווה, אויב ער האָט מורא, אַז ער וועט דאַרפן אָנקומען צו מענטשן... אין זיינע ווערטער: „...הצדיק שאינו בא על אשתו אלא לקיים מצות עונה, שמא יעלה על דעתו שמוטב לבטל את המצוה, כדי שלא יצטרך להטיל את עצמו על הצבור, לכך מזהיר רבינו את הצדיק הזה...״ (הרב פּרייס ווייזט אָן אויף מקורים, צו באַפעסטיקן די הנחות פון רבי יהודה החסיד).

מיר לייענען און לערנען ווייטער [4]:

„אחד הי׳ אומר תדיר, כבר יש לי בן ובת ויש לי צער שאשתי מעוברת, כי איני עשיר והיאך יפרנס, אמר לו החכם, כיון שהולד נולד, הקדוש ברוך הוא הקדים בדדי אשה החלב, לכן לא תדאג ולא קבל את דבריו והי׳ מתאונן ונולד לו בן, ואחר הזמן חלה הבן, אמר לחכם התפלל על בני שיחי׳, אמר ליה עליך נאמר (קהלת, ה׳, ה׳) אל תתן את פיך לחטיא ואל תאמר לפני המלאך כי שגגה היא למה יקצוף אלקים על קולך וחיבל את מעשה ידיך. מעשה ידך אלו הבנים — ומת הולד...״

אין ייִדיש וואָלט מען דאָס געדאַרפט לייענען בקיצור:

איינער פלעגט אַרומגיין און זאָגן: איך האָב שוין אַ זון און אַ טאָכטער און איך האָב פאַרדרוס פון דעם וואָס מיין פרוי איז פאַרגאַנגען אין שוואַנגערשאַפט. איך בין אַן אָרעמאַן און ווי אַזוי וועל איך זיי מפרנס זיין. דער קלוגער מאַן, וואָס האָט דאָס געהערט, האָט אים דערקלערט, ער זאָל זיך נישט זאָרגן, ווייל דער הייליקער געבענטשטער־איז־ער האָט זיך שוין געפעדערט און באַזאָרגט די בריסטן פון אַ פרוי מיט מילך, נאָך איידער דאָס קינד ווערט געבוירן... ער האָט אָבער איגנאָרירט זיינע ווערטער און איז אַרומגעגאַנגען אַ באַזאָרגטער... הכלל, ס׳איז געקומען אַ זון... דער זון איז קראַנק געוואָרן — און דאַן איז דער פאָטער געקומען בעטן, דער חכם זאָל פאַר אים מתפלל זיין... האָט ער אים געזאָגט, דיין מויל האָט דאָס גורם געווען די קראַנקייט... דאָס קינד איז געשטאָרבן.

צו וואָס דאָס אַלץ?

צו ווייזן דעם צוגאַנג פון יהדות וועגן דער וויכטיקייט צו האָבן קינדער, וועגן דער וויכטיקייט נישט צו זיין אַזוי פיל באַזאָרגט וועגן אויסהאַלט און באַשפייזונג פון די קינדער. „מאן דיהיב חיי יהיב מזוני״!

דאָ רעדט זיך וועגן מתפלל זיין נישט צו האָבן מער ווי אַ פּאָרל: מקיים צו זיין די מצווה פון פריה ורביה, לויט בית הלל — אַ זון מיט אַ טאָכטער.

אומצוברענגען קינדער, אַפילו אין עמבריאָנישן צושטאַנד, איז, ווי הרב יוסף האָט זיך אויסגעדריקט, אַ קרימינעל פאַרברעך.

לויטן תלמוד און שולחן ערוך מעג מען דורכפירן הפלה בלויז אין אַזעלכע פאַלן, ווען די שוואַנגערשאַפט ברענגט קראַנקייט פאַר דער מוטער, ווען זי איז חלילה אין סכנה. מ׳דאַרף אין דעם פאַל האָבן די באַשטעטיקונג פון פאַרלעסלעכע דאָקטוירים.

די הלכה רעדט אויך וועגן פאַלן, ווען מען איז זיכער, לויט דער באַהויפּטונג פון מעדיקער־ספּעציאַליסטן, אַז דאָס קינד וואָס וועט קומען וועט האָבן שרעקלעכע דעפעקטן, וועט געבוירן ווערן מיט אַן אַנשטעקנדיקער קראַנקייט. לויט אייניקע פוסקים זאָל מען אויך מעגן דורכפירן אַן אַבאָרט, אויב דאָס קינד וועט זיין אַ ממזר, דהיינו ווען די פרוי איז געוואָרן מעוברת פון אַ ברודער, אָדער פון אַ פאָטער, אָדער פון אַנדערע עריות אויף וועלכע ס׳קומט טויטשטראָף, כרת און ענלעכע שטראָפן — אָדער ווי עס טרעפט זיך, זי איז געוואָרן מעוברת פון אַן אַנדערן מאַן, בעת זי איז געווען אַן אשת־איש, און דאָס קינד וועט ליידן, ווייל ס׳וועט אים זיין פאַרבאָטן אַריינצוקומען בקהל ישׂראל.

מרן הרב ר׳ יהודה לייב גרויבאַרט זצ״ל באַהאַנדלט דעם ענין אין אַ צאָל פון זיינע שו״ת, און גאָר באַזונדערס אין צווייטן חלק „חבלים בנעימים״ [5], וועגן „משמשת במוך במקום סכנה״, און וועגן „הפלה״. אָבער ווי געזאָגט וועלן מיר זיך נישט אַריינלאָזן אין אויספירן הלכהשע ענינים, בפרט נאָך אין אַזעלכע,

יסודותדיקע. ס׳איז אָבער קלאָר, אַז לויט דער הלכה, אויב די שוואַנגערשאַפט איז אַ נאָרמאַלע, אַפילו אויב אַ מיידל, אַ „פּנויה״ איז געוואָרן מעוברת, דאָס קינד וועט דאָך זיכער זיין כשר לבא בקהל ישראל, איז קיין קלער נישט, אַז עס איז אַ מצווה אָפּצוהיטן די שוואַנגערשאַפט און דערהאַלטן דאָס קינד.

אין „הדרום״ האָט אליקים גציל עלינסאָן, פאַרעפנטלעכט אַ ברייט פאַר־צווייגטן הלכה־מאמר אד״ט „העובר בהלכה״ [6], וועגן דעם סטאַטוס פונעם קינד, איידער ס׳ווערט געבוירן, אָנווייזנדיק אויף אויטענטישע מקורים, אַז, נישט געקוקט דערויף וואָס דאָס קינד אין דער מוטערס טראַכט האָט נאָך נישט דעם דין „אָדם״ אָדער „איש״, איז עס דאָך שוין אַ נפש און מען טאָר עס נישט אומ־ברענגען.

אַזוי שנעל, ווי דאָס קומט אַרויס פון מוטערס אינגעווייד, באַלד דעם ערשטן טאָג פון געבורט, איז עס שוין לויט דער משנה [7] אַ פולער מענטש וועגן טומאה און אַנדערע אַספּעקטן: „תינוק בן יום אחד מטמא...״ ער ברענגט חלוקי דעות וועגן טומאת־מת, וואָס לויט איניקע פוסקים איז עס יאָ מטמא.

מיר ווילן זיך נישט אַריינלאָזן אין אַ הלכהשן קעגנשטאַנד, ווי מיר ווילן זיך נישט אַריינלאָזן אין אַ ברייטערער שטודיע וועגן געבורט־קאָנטראָל [8]. מיר ווילן בלויז אָנמערקן אויף דעם רוח היהדות אין שייכות מיט די פּראָבלעמען און אַז אַבאָרט, אַפילו פון אַן עמבריאָן, סתם אָן וואָסער סיבה און מאָטיוו, נאָר בלויז מיטן ציל זיך צו באַפרייען פון שוואַנגערשאַפט, איז קעגן דעם ייִדישן גייסט.

אונדז אינטערעסירט בלויז דער איין־איינציקער אַספּעקט אין שייכות מיטן עובר אין דער מוטערס אינגעווייד, צו באַווייזן, אַז לויט דער הלכהשער אויפ־פאַסונג, אַוודאי לויט דער ייִדישער מאָראַל, קומט אַזאַ איינעם וואָס פירט דורך אַן אַבאָרט צו באַשטראָפן, אַפילו ווען ס׳איז נישטאָ קיין טויטשטראָף, אַפילו נישט בידי שמים, ווייל עס איז נישט געוויינלעכע רציחה...

הרב עלינסאָן איז גערעכט מיט זיין אָנווייזונג אויפן פסוק „ולא יהי׳ אָסון״ — אויב ס׳איז נישט געווען קיין מאָרד — קיין טויטפאַל — „ענוש יענש״ [9], זאָל מען ווערן באַשטראָפט און ווי אַזוי די חז״ל האָבן דאָס אינטערפּרעטירט: אויב די פּרוי איז נישט אומגעקומען, נאָר די קינדער מיט וועלכע זי איז טראָגעוודיק — „אשה הרה״ קומט דעם דאָזיקן שלעגער בלויז אַ געלטשטראָף פאַר דעם היזק פון די נאָך נישט געבוירענע קינדער; דער עונש מיתה קאָן נאָר זיין ביי מיתת האָדם. דאָס קינד „במעי אמו״ ווערט נישט באַטראַכט פאַר אַ מענטש, קומט נישט אין כלל פון „וכי יכה כל נפש אָדם מות יומת״ [10], איז נאָך נישט קיין נפש און מען איז אַפילו נישט מחויב בידי שמים.

אַ בן נח, איז — לויט דער הלכה — יאָ מחויב אויף אומברענגען „עובריך״. דער „שופך דם האָדם באָדם דמו ישפך״ [11], וואָס מען טייטשט, אַז דאָס מיינט מען

באָדם, ווען דאָס נפשל איז נאָך במעי אמו, איז געמיינט געוואָרן, אַז אַ בן נח, זאָל יאָ זיין מחוייב אויף אַזאַ סאָרט רציחה, איז דערפון געדרונגען אַז אַבאָרט, „הפלה", איז האַרבער ביי אַ נישט־ייִד, ווי ביי אַ ייִד.

לויט תוספות [12], איז אַ ייִד אויך מחוייב, ווייל ס'איז דאָ אַ כלל: „ליכאָ מידעם (מידי) דלישׂראל שרי ולבן נח אָסור..." די פוסקים פאַרנעמען זיך מיט דער דאָזיקער פראַגע, ווי גרויס, ווען און ווי אַזוי דער ייִד איז געבאָטן דערויף. דער יסוד פאַר דעם פאַרבאָט איז: „כל המקיים נפש אחת מישׂראל כאלו קיים עולם מלא". מיט זיין צעשטערן די באַשאַפונג פון אַ נפש, צעשטערט ער אַ וועלט, וואָס דאַרף קומען פון אָט דעם נפש.

ס'זענען דאָ פוסקים, וואָס האַלטן, אַז אויף אַן אומנויטיקער הפלה קומט עונש מיתה בידי שמים [13]. אַנדערע, דאַקעגן, האַלטן, אַז פאַר דעם פערציקסטן טאָג פון שוואַנגערשאַפט, אויב אַ דאָקטער דערקלערט, אַז פאַר דעם געזונט פון דער פרוי איז נויטיק אַן אַבאָרט, זאָל דאָס זיין דערלויבט. „שלא לצורך", סתם אַזוי, בלויז צוליב באַקוועמלעכקייט, צעשטערן „זרע שנקלט במעי אמו" — דאָס, האַלטן אַלע, איז פאַרבאָטן.

אַ פאַקט איז, אַז אַפילו דאָס פרעווענטיווע צוריקהאַלטן זיך פון נאַטירלעכן פאַרקער מיט דער פרוי, איז בלויז אין די ספּעציפישע פאַלן דערלויבט געוואָרן: „שלש נשים משמשות במוך"...

די פראַגע פון הפלה פון אַ נישט־כּשר קינד, וואָס הרב עובדי' יוסף האָט אַרויסגעגעבן אַ הלכה פסוקה, איז נישט אַזוי פּשוט און עס זענען פאַראַן שאַרפע חלוקי דעות. „ולד אשת־איש שזינתה" [14] לויט ר' יאיר חיים בכרך איז נישט דערלויבט צו צעשטערן די זרע, אַפילו ווען אין אַזאַ פאַל וועט ליידן דאָס קינד, זיין פאַרבאָטן אַלס ממזר לבוא בקהל ישׂראל, ווייל אויסער חתנות־פאַרבאָט איז אַ ממזר אַ ייִד מיט אַלע פּריווילעגיעס, ווי אַ ישׂראל כּשר. איז אַוודאי זיין נפש באַטראַכט אַלס נפש, איז דאָ ביי אים דער דין פון שפיכת דמים, טאָר מען אים נישט אומברענגען.

ס'ווערט יאָ דערלויבט אַבאָרט, אַפילו ווען דאָס קינד איז שוין אין נאָענטער רייפקייט, אַרויסצוקומען פון דער מוטערס אינגעווייד, ווען דאָס קינד איז אַ „רודף" — ד"ה ווען זיין אַרויסקומען שטעלט אין געפאַר דער מוטערס לעבן, ווי די משנה לערנט „האשה המקשה לילד — מחתכין את הולד [15] און דאָס איז דערלויבט בלויז איידער דאָס נפשל איז אַרויסגעקומען, איידער ער האָט געקראָגן דעם מענטש־סטאַטוס. דאַן איז דערלויבט מקריב צו זיין זיין לעבן פאַר דער מוטערס לעבן; אָבער באַלד פונעם מאָמענט ווען דאָס קינד איז אַרויסגעקומען, איז זיין לעבן ווערט צו גלייך מיט זיין מוטערס לעבן [16].

פון די אַלע שטאַנדפונקטן קאָן מען דרינגען, אַז אַבאָרטן צוליב באַקוועמלעכ־קייטן זענען לויט הלכה פאַרבאָטן — און האַרבער איז דער פאַרבאָט דורכצופירן אַן אַבאָרט ביי נישט־יידן, ווייל זיי האָבן דעם דין בן־נח.

הרב הגאון ר׳ אַברהם אַהרן פרייס שליט״א שטעלט זיך אָפּ אין „משנת אַברהם [17] וועגן „הריגת עוברין״ און פירט אויס להלכה, אַז עס קומט מיתה בידי שמים. ער קאָמענטירט אויף דער מעשׂה, ווי ר׳ יהודה החסיד גיט איבער:

„בעיר אחת היתה אשה פנויה והרה מזנונים. כשילדה נתיעצו קרובותיה להמית הוולד וכך עשׂתה והקב״ה מסרם ביד רעים ולקחו ממונם ועינו אותם עד שברחו מן העיר...״

הרב פרייס קאָמענטירט אויפן וואָרט „כשילדה״; אויב דאָס קינד זאָל שוין געווען זיין אויף דער וועלט און זי וואָלט באַגאַנגען אַ רציחה, וואָלט זי דאָך געמשפּט געוואָרן. ער האַלט, אַז דאָ איז געמיינט עיבור, שוואַנגערשאַפט. איידער זי האָט געבוירן דאָס קינד, האָבן איר די קרובים געעצהט, נישט שרעקן זיך, פּטור ווערן פון דער שוואַנגערשאַפט און אויסמיידן בושה. „טרם הלידה אם היתה ממיתה את העובר בכדי שלא תהי׳ לבושת ולשנינה, ושתוכל עוד להנשׂא לגבר, לא היתה נענשת על הריגת העובר...״ און אַזוי ווי עס איז געווען „עובר בישראל״ — אַ נישט־געבוירן קינד, איז קיין מיתה נישט געקומען, ווייל דאָס גייט נישט אַריין אין דער קאַטעגאָריע פון רציחה ממש, אָבער אַן עונש קומט און אַן עונש איז פאַראַן אויף צעשטערן שוואַנגערשאַפט, אַפילו אויף אַזאַ אופן, וואָס איז נישט בהיתר על־ידי חופה וקדושין.

הרב פרייס ברענגט אויטאָריטאַטיווע דעות פון גדולי הפוסקים, באַזונדערס דעם חוות יאיר [18], אַז דער פאַרבאָט צו פאַרדאַרבן שוואַנגערשאַפט איז חל אַפילו ביי אַ פרוי וועלכע האָט פאַרשוואַנגערט פון אַן אַנדערן מאַן, בעת זי האָט אַ מאַן, זי איז אַן אשת־איש שזינתה און דאָס קינד וועט דעריבער זיין אַ ממזר. ער פרעגט אָפּ די מיינונג פון יעב״ץ (ר׳ יעקב עמדין) אין „שאילת יעב״ץ״, אַז ביי אַן אשת־איש מעג מען יאָ ליקווידירן דעם עמבריאָן און ער פירט אויס, אַז ס׳איז דאָ אַ תורה־פאַרבאָט און דער פאַרבאָט איז אַ טאָפּלטער: השחתת זרע און רציחה און ס׳איז נישט קיין חילוק, צי די פרוי איז פאַרהייראַט אָדער אומפאַרהייראַט, צי דאָס געבוירענע קינד וועט זיין אַ ממזר, צי נישט. בלויז נאָר ווען מען איז איבערצייגט, אַז עס איז דאָ אַ געפאַר פאַר דער מוטער, דאַן איז דערלויבט געוואָרן קאַליע צו מאַכן שוואַנגערשאַפט.

וואָס שייך סירוס, סטעריליזאַציע, פונעם מאַן אָדער פון דער פרוי איז דאָס שטאַרק פאַרבאָטן. בלויז אין פאַל פון מעדיצינישע סיבות, כּדי צו פאַרהיטן פון אַ קראַנקייט, דאַן, האַלטן רבנים־פוסקים, באַזונדערס הרב הגאון ר׳ משה פיינשטיין שליט״א, איז עס דערלויבט [19].

מיר וועלן זיך נישט פאַרנעמען מיט ציטירן פון ספר חסידים, אַלץ וואָס עס איז געזאָגט און דערציילט געוואָרן וועגן די דאָזיקע ענינים.

פאַר השלמה, דערגאַנצונג, וועלן מיר ציטירן נאָך איין פאַל, ווי ר׳ יהודה החסיד וואָרנט קעגן אָט די מעשׂים פון פאַרניכטן נישט־געבוירענע קינדער:

„אשה הרה לזנונים וחקרה לאשה אחת מה לשתות כדי להפיל עוברה ורצה אחד ללמד לה. אמרו לו אל תחטא שהיא תאבד הוולד. אמר להם, מוטב שתאבד אותו קודם שתבא לעולם, משתמית אותו אחר הוולדו, אמרו לו, מוטב שהיא תחטא בו ולא על ידך, ועוד שמא יצילו הוולד מידה או היא תמות והוולד יחיה...״

ר׳ יהודה החסיד זאָגט זיך אַרויס גאָר שאַרף קעגן דער עצה פון דעם מאַן, וואָס האָט געוואָלט זיך מתנצל זיין, אַז ער טוט עס בכדי צו פאַרמיידן רציחה, נאָכן געבורט. ס׳איז נישט דערלויבט צו געבן אַזעלכע עצות[20]. אַ שאלה איז, און ס׳איז נישטאָ קיין איינהייטלעכע מיינונג, וועגן אַ פאַל, ווען דאָקטוירים דער־קלערן אַז דאָס נפלע אין דער מוטערס אינגעווייד וועט זיין אַ צוריקגעשטאַנען קינד, וועט נישט האָבן קיין שׂכל און וועט זיך דאַרפן מאַטערן אין אַן אינסטי־טוציע. דעמאָלט ווילן אייניקע פּוסקים מתיר מאַכן און דורך סמים, מעדיצינען — ווייל ס׳איז נישטאָ קיין איסור דאורייתא — אָבער ווי געזאָגט, געהערט עס אין אַזאַ פאַל צו רבנים־מובהקים צו אורטיילן.

דער ציל פון חתונה איז ברענגען קינדער, מקיים זיין די מצווה פון פּריה ורביה און די דאָזיקע מצווה איז מען מחוייב סיי אין דער יוגנט און סיי אויף דער עלטער. די איינציקע צייט, וואָס מען דאַרף זיך דערווייטערן פון דער פרוי, איז בעת איר מענסטרואַלן פעריאָד און נאָך דעם דאָס אָפּהיטן די זיבן ריינע טעג (ז׳ נקיים) און בכלל טהרת המשפחה, וואָס ברענגט אַריין אַ דערפרישונג אין משפחה־לעבן.

ביי יידן האָט מען נישט גערעדט וועגן סעקסועלער אומבאַפרידיקונג; מ׳האָט נישט געגעבן קיין עצות, ווי אַזוי אַרויסצורופן תאווהדיקן לוסט, ווי צו ווינען צוזאַמען, ווי צו לעבן צוזאַמען. ס׳איז נישט נויטיק געווען קיין פּרוידיאַניזם צו דערקלערן און אויפקלערן די חלומות און די אומצופרידנקייט וואָס דאַרף קומען דורך רייץ, עמאָציאָנעלן סעקס־גענוס. די פעריאָדישע צוריקגעהאַלטנקייט איז געווען דער בעסטער געבורט־קאָנטראָל און נאָך דעם די באַנייַונג נאָכן ציקל פון דערווייטערונג האָט געבראַכט די געהעריקע ליבע, דעם געהעריקן גענוס.

אין יהדות האָט מען געזען, אַז צניעות שאַפט די ליבע; וואָס מער פאַרשייט, אַלץ מער וואָכעדיקייט, אַלץ מער אָפּשיי. די אָפּטיילונג און פונאַנדערטיילונג צווישן טוב ורע, וואָס איז וויכטיק פאַר דעם מאָראַלישן יסוד, איז נישט ווייניקער נויטיק פאַר דעם ביאָלאָגיש־פיזישן יסוד פון מענטשלעכן לעבן, דער ביאָלאָגישער דראַנג וואָס דאָמינירט איבער דער מענטשלעכער נאַטור און די תורה־געזעצן

וועלכע צוימען די חומריותדיקייט ביים מענטשן.

לויט יהדות קאָן דער ווילן פון באַשאַפער נישט זיין סתּם זיווג, סתּם לעבן מיט אַ פרוי, צוליב תּאווה „לבשׂר אחד". ס'מוז אויך זיין די גייסטיקע פאַרבונדנ־קייט, פאַרקניפּטקייט. לוסט לשם לוסט איז טמא, איז פּאַראַזיטיש, ווייל ווען דער מאָמענט פון לוסט גייט אַוועק, ענדיקט זיך די ליבע. אַ משל פון אַט אַזאַ מאָמענ־טאַלער ליבע, איז די ליבע צווישן אמנון ותמר [12] — דער האַס נאָכן דורכפירן דעם אַקט פון פאַרגוואַלטיקונג איז געווען שטאַרקער ווי די ליבע.

אמתע ליבע דאַרף שטיין אייביק נישט בלויז מאָמענטאַל.

מיר האָבן אַ תּלמודישע דיסקוסיע, צי די מצווה פון „פּרו ורבו" איז בלויז חל אויפן מאַן, צי זענען ביידע מחויב, אי דער מאַן און אי די פרוי אויף דער דאָזיקער יסודותדיק־ערשטער מצווה. די מיינונג פון די חכמים איז, אַז בלויז דער מאַן, דער אַגרעסיוו־אַקטיווער טייל פונעם זיווג, איז געבאָטן געוואָרן מקיים צו זיין די מצווה פון פּרוכפּערן זיך: „האיש מצווה על פּריה ורביה אבל לא האשה..." רבי יוחנן בן ברוקא האַלט, אַז אויף ביידע ליגט דער חוב, ווייל אויף ביידע איז חל די ברכה: „על שניהם הוא אומר: „ויברך אותם אלקים... פּרו ורבו... דער דין בלייבט, ווי די חכמים, ווי דער רבים [22].

אינעם דערקלערן די מאָטיוון פון אַט דער פּאָלעמיק, און דער עיקר, דעם טעם פון די חכמים, ווייל „האיש כובש את האשה ואין האשה כובשת את האיש; האיש כובש את הארץ ואין האשה כובשת את הארץ..." דער מאַן איז דער באַ־צווינגער, דער באַהערשער, האָט מען אים געקענט באַפעלן, זיך צו פּרוכפּערן, אָבער די פרוי? זי איז, ווי געזאָגט ביי אסתר המלכה, — „קרקע עולם היתה". מען קאָן זי פאַרגוואַלטיקן, ברענגען זרע, אַפילו ווען זי איז פּאַסיוו.

די ברכה איז אויף ביידע, ווייל די פרוי איז די עוזרת, די העלפערין, די מצווה זאָל געטאָן ווערן בשלימות, די באַהעפטונג זאָל זיין מיט ליבשאַפט — און זי זאָל נישט נוצן אָפּהאַלט־מיטלען, צו שטערן די מענלעכע זאָמען [23]. זי ווערט באַשטראָפט, אויב זי האַלט אָפּ דעם מאַן פון האָבן מיט איר, אין צייט פון איר ריינקייט, אינטימע באַציִונגען. אַזאַ פרוי ווערט גערופן „מורדת", אַ ווידערשפּע־ניקערין, און אַזעלכע דאַרף מען דערווייטערן, געבן אַ גט!

מיר האָבן אין תּלמוד [24]: „היכא דמיא מורדת, דאמרה בעניא לי' ומצערנא לי' " — איך וועל אים נישט אָפּלאָזן, נאָר מצער זיין — די הלכה איז: „האשה שמנעה בעלה מתשמיש המטה, היא הנקראת מורדת..." [25].

מיר קענען פאַרשטיין די שטרענגקייט צום מאַן, ער זאָל זיך נישט באַנוצן מיט קיין שום מיטל, וואָס איז עלול צו פאַרדאַרבן זיין זרע און ביי אַ פרוי, האָט מען אונטער געוויסע אומשטאַנדן דערלויבט: „האיש אינו רשאי לשתות כּוס של עיקרין שלא יוליד"... ווייל ס'איז אָנגענומען געוואָרן די דעה פון די חכמים, אַז

דער מאַן איז געבאָטן אויף פריה ורביה און די פרוי איז בלויז געבאָטן, אויב ס'איז שוין דאָ אַ נפשל...[26], ווייל דאַן גייט עס שוין אַריין אין דער קאַטעגאָריע פון „כל המאבד נפש אחת (אין אייניקע נוסחאות: מישׂראל) כאילו איבד עולם מלא”[27].

מ'קען אויך פאַרשטיין דאָס וואָס רב ביבי האָט געלערנט פאַר רב נחמן: „ג' נשים משמשות במוך, קטנה, מעוברת ומניקה — קטנה שמא תתעבר ושמא תמות; מעוברת — שמא תעשׂה עוברה סנדל; מניקה — שמא תגמול בנה וימות”[28] און ווי רש"י קאָמענטירט, אַז די דאָזיקע פרויען, צוליב סכּנה האָט מען דערלויבט — אָבער אַנדערע, איז עס שטרענג פאַרבאָטן, ווייל ס'וועט זיין השחתת זרע און דער פרוי פונקט ווי דעם מאַן איז פאַרבאָטן געוואָרן צו פאַרדאַרבן זאָמען, אומברענגען מענטשן־מאַטעריאַל.

לויטן רבינו תּם[29] און מפרשים, איז עס אַן עצה צו די דריַי דערמאָנטע פרויען, זיי זאָלן זיך באַנוצן מיט פאַרהיט־מיטל — אָבער אַנדערע, מוזן דאָס נישט טאָן, דאַרפן דאָס נישט טאָן; אויב זיי טוען עס, וועלן זיי נישט האָבן עובר געווען אויף קיין פאַרבאָט, כּל זמן דאָס נפשל איז נישט געקומען אויף דער וועלט.

דערמיט קען מען פאַרשטיין די חלוקי דעות ביי היינטיקע רבנים־פּוסקים.

ווי עס איז איבערגעגעבן אין דער פּרעסע, האָט דער הרב הראשי מתּיר געווען זיך צו באַנוצן מיט דער „פּיל” אָפּצוהאַלטן שוואַנגערשאַפט — און זיין פּסק איז אָפּגעפרעגט געוואָרן דורך אַ צאָל גדולי התּורה. זיי האַלטן, אַז מ'טאָר בכלל נישט אָפּהאַלטן פון נאַטירלעכער שוואַנגערשאַפט.

לויטן הרב הראשי מוהר"ש גורן שליט"א, האָבן די דאָזיקע „כּדורים”, אָדער „גלולות”, בלויז אַ צייטווייליקע ווירקונג, און אַז מען הערט אויף זיי צו ניצן, ווערט מען שוואַנגער, איז דעריבער נישטאָ קיין פאַרבאָט. אַנדערע רבנים האַלטן, אַז „הפלה מלאכותית” איז תּמיד פאַרבאָטן, סיידן אין די פריִערדיקע דריַי פאַלן[30] — און וועגן דעם ווייטער.

**ה. מורא פון איבערבאַפעלקערונג. — דעמאָגראַפישע עקספּלאָזיע. — יהדות־השקפה. — פאַרבאָט צוריקצוהאַלטן שוואַנגערשאַפט. — ווי אַזוי געבורט־קאָנטראָל.**

מיר האָבן אין אָנהייב אָנגעוויזן, ווי די וועלט איז אַזוי שטאַרק פאַרנומען מיטן פּראָבלעם פון איבערבאַפעלקערונג און ווי אַזוי צוריקהאַלטן און קאָנטראָלירן דעם וווּקס פון דער באַפעלקערונג, בכדי נישט איבערצוגיין די מאָס פון שפּייז־פּראָדוקציע. וויסנשאַפטלערס און פּראָפעסיאָנאַלן האַלטן אין איין צושטעלן סטאַטיסטיק, קאַלקולירן מיט חשבונות און באַווייזן מיט

ציפערן, אַז דער שטח פון דער ערד וואָס קען ווערן קולטיווירט און אַרויסגעבן שפּייז, וועט נישט זיין בכּוח צו דערנערן די לעבעדיקע ברואים — און נאָך ווייניקער צו זעטיקן דעם מענטשלעכן מין, לויטן טעמפּאָ פון דער וואַקסנדיקער באַפעלקערונג.

די „דעמאָגראַפישע עקספּלאָזיע" — דערקלערן די דאָזיקע וויסנשאַפטלערס — שטעלט אין געפאַר די מענטשהייט. זיי ווייזן אָן, מיט רעכט, אַז אויב דער איצטיקער וווקס וועט ווייטער אָנהאַלטן, וועט מען אין צען יאָר אַרום האָבן אַרום פינף ביליאָן מענטשן, דאָס הייסט מיט אַ ביליאָן מערער ווי אין 1975. דער חשבון איז אַ פשוטער: אין 1950 זענען אויף דער וועלט געווען — 2.476 ביליאָן און אין 1970... 3.706 ביליאָן, דאָס מיינט אַ העכערונג פון קרוב אַ ביליאָן און אַ האַלב. וועט מען געוויס זיך מערן אין קומענדיקן יאָרצענדליק מיט נאָך אַ ביליאָן.

נישט געקוקט אויף אַלע אַגיטאַציעס פאַר געבורט־קאָנטראָל, האַלט אין איין שטייגן דער וווקס פון דער באַפעלקערונג, באַזונדערס אין די לענדער פון אָרעמקייט און הונגער.

דער וווקס פון דער באַפעלקערונג איז געשטיגן אין די יאָרן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, הן אין די לענדער פון דער מערב־העמיספערע, הן אין די לענדער פון דער סאָוועטישער העמיספערע. אָבער אין כינע, אינדיע און אין די לענדער פון אַפריקע, פון מיטעלן און ווייטן מזרח, פון צענטראַל און דרום־אַמעריקע איז דער וווקס פון דער באַפעלקערונג געווען נאָך אַ גרעסערער. אַזוי אַז דער פּראָצענט פון די מערב־ און צפון אַמעריקאַנער לענדער אין דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג פונעם ערדקיילעך איז פאַר דער צייט געפאַלן.

דער וווקס פון דער באַפעלקערונג איז אַ רעזולטאַט פון אַ צאָל פאַקטאָרן. דער הויפּט־פאַקטאָר איז דאָס כּסדרדיקע פאַלן פון דער קינדער־שטאַרביקייט און די שטייגנדיקע געבורטן אין די לענדער, ווו מאַלטוסעס אידעע פון געבורט־קאָנטראָל איז נישט אַריינגעדרונגען, ווו מענטשן פּרוכפּערן זיך לויט דער נאַטור, נישט טראַכטנדיק וועגן דעם מאָרגן, וועגן באַקוועמלעכקייט, וועגן דער צוקונפט פון זייערע קינדער.

מיר האָבן שוין נישט איין מאָל דערמאָנט דעם גלח ראָבערט מאַלטוס (1766—1834), וואָס האָט דער ערשטער געצויגן די אויפמערקזאַמקייט אויפן פּראָבלעם פון דער איבערבאַפעלקערונג און אויסגעדריקט די מורא, אַז די ערד וועט נישט קענען באַשפּייזן די מענטשן.

אין זיין ווערק „עסיי וועגן דער באַפעלקערונג" (פאַרעפנטלעכט אין 1798), האָט ער אָנגעוויזן אַז שוין דאַן, איז די וועלט אויסגעשטעלט געווען, צוליבן גרויסן וווקס פון דער באַפעלקערונג, צו הונגער און אומקום. זיין טעאָריע וועגן צוריקהאַלט פון חתונות, צוריקהאַלט פון האָבן קינדער אדג"ל, האָט געהאַט אַ

געוויסע ווירקונג אין פראַנקרייך, ענגלאַנד — אָבער לגמרי נישט אין דער ברייטער וועלט. די געשיכטע האָט אויך באַוויזן, אַז ווו זיין אַגיטאַציע האָט געווירקט און ווו די געבורט־ראַטע איז פאַרקלענערט געוואָרן, ד"ה די לענדער וועלכע האָבן אָנגענומען טיילווייז זיין אידעע וועגן קאָנטראָלירן דעם צוווקס, זענען ממש אַראָפּ פון דער פירערשאַפט־ראָלע אין דער וועלט, אַראָפּ פון דער מאַכט־אַרענע. די דאָזיקע לענדער מאַכן דורך אַ ירידה־פּראָצעס. דער געבורט־קאָנטראָל האָט זיי נישט געבראַכט קיין דערגרייכונג; און ווירטשאַפטלעך נישט אויסגעבעסערט דאָס לעבן פון זייערע איינוווינערס. פּאָליטיש האָבן די לענדער פאַרלוירן זייער איינפלוס אין וועלט־מאָסשטאַב און נישט באַוויזן צו דערהייבן זייער ניווא נישט אין דער אינדוסטריע, נישט אין די פּראָדוקציע־מעגלעכקייטן.

די געשיכטע האָט אויך באַוויזן, אַז אַפילו אָן מאַלטוסעס עצות, האָבן מענטשן אין די רייכערע לענדער באַוויזן זיך אָפּהאַלטן פון אומגעוווּנטשענער פרוכפּער־קייט. וואָס העכער עס איז געוואָרן דער לעבנס־סטאַנדאַרט, אַלץ קלענער איז געוואָרן די פּראָדוקציע פון קינדער — און אויב אַ פּאָרל ברענגט אויף דער וועלט מער ווי צוויי קינדער, ווערט עס געטאָן כמעט פּלאַנירט, ווען מ'קען זיך דער־לויבן מיט דער פולער פאַרשטענדעניש צו באַפרידיקן דעם מוטער־ און פאָטער־אינסטינקט. די צאָל פון געבורטן איז געוואָרן קלענער, אָבער אויך די טויטפאַלן זענען אין די לענדער שטאַרק געפאַלן. בעת אין די אַנדערע לענדער איז דער וווּקס פון דער צאָל ניי־געבוירענע אומגעהויער פאַרגרעסערט געוואָרן, די שטאַר־ביקייט שטאַרק פאַרקלענערט געוואָרן; במילא שאַפט עס אַ נייע מורא פאַר די רייכערע לענדער.

אין די אָרעמערע לענדער, דאַרף מען פאַרשטיין, קינדלט מען מערער און מען נעמט נישט ערנסט די מורא פאַר אַ באַפעלקערונג־עקספּלאָזיע, ווייל זיי האָבן דאָך נישט וואָס איינצושטעלן און וואָס צו פאַרלירן. די אָרעמערע שיכטן, וועלכע האָבן ביי זייערע עלטערן נישט געזען קיין בעסערס, טראַכטן נישט, אַז זיי דאַרפן באַזאָרגן זייערע קינדער מיט אַ בעסער און באַקוועמער לעבן. זיי מערן זיך, ווייל זיי האָבן נישט קיין אַנדערע הנאות: זיי קענען זיך נישט דערלויבן קיין אַנדערע פאַרגעניגנס. די איבערגעבורט איז דעריבער נאַטירלעך אין די צוריקגעשטאַנענע לענדער. די איינוווינערס פון אָט די לענדער דאַרפן אויך נישט האָבן קיין קאָסט־באַרע שפּייזן, זיי ווילן בלויז אָנפילן דעם בויך מיט וואָס פאַר אַ שפּייז ס'זאָל נישט זיין.

אין די מאַכמעדאַנישע לענדער איז די געבורט גרויס צוליב נאָך אַ פאַקטאָר: פּאָליגאַמיע. יעדער מאַן באַמיט זיך צו האָבן מער ווי איין ווייב — און דער פרויס פּרעסטיזש איז אָפּהענגיק אין קינדער האָבן. די אַלע פאַקטאָרן זענען אין קעגנערשאַפט צו מאַלטוסן און די דאָזיקע נאַטירלעכע פאַרלאַנגען זענען שטאַרקער,

ווייל זיי זענען נאַטירלעך: דער פאַרלאַנג פונעם קערפּער מיט אַ רעליגיעזן אונטערשלאַק.

עס איז ריכטיק די מורא וואָס די דאָזיקע פעלקער-עקספּלאָזיע וואַרפט אָן אויף די פּריווילעגירטע מענטשן און אויף דער רייכערער וועלט. די דאָזיקע לענדער פון איבערגעבורטן, וועלן זיך סוף־כּל־סוף רייסן צו די לענדער פון רייכע, אומאויסגענוצטע רעסורסן. אָבער די לייזונג וועט צוליב כּמה טעמים נישט קומען דורך געבורט־קאָנטראָל.

דאָס יאָר 1974 איז דערקלערט געוואָרן ביי דער אָרגאַניזאַציע פון די פּאַר־אייניקטע פעלקער, אַלס יאָר פון באַפעלקערונג־פּראָבלעם. ס'זענען פאָרגעקומען אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענצן מיט דער באַטייליקונג פון עקספּערטן צו באַ־טראַכטן דעם ריזיקן „ביאָלאָגישן סורפּלוס". מען האָט געהאַלטן רעדעס, פּאָר־טראָגן און די רעפערענטן, יעדער אויף זיין שטייגער, האָט געוואָלט אָנווייזן אויף דער געפאַר פון דעם „באַפעלקערונגס־איפּרייס" און אַז מען מוז זוכן אַ לייזונג, כּדי צו רעדוצירן די געבורטן.

פּאַקטיש איז מען געבליבן ביי די רעדעס. פּראַקטיש איז דערפון גאָר ווייניק אַרויסגעקומען. אַנשטאָט די סאָציאָלאָגן און וויסנשאַפטלערס זאָלן אַפּעלירן פאַר ווייניקער געבורטן, וואָס זייער רוף וועט בלייבן אַ קול קורא במדבר, וואָלטן זיי זיך אפשר געדאַרפט ווענדן צו די מומחים אין אַגריקולטור און באָדן־קולטיווירונג, דיעטע־פאָרשערס און ענלעכע וויסנשאַפטלערס, זיי זאָלן געפינען נייע באַשפּייזונג־מעגלעכקייטן, אויסצוניצן די פּאָטענציעלע כּוחות פון לאַנד און פון דער אינדוס־טריע, באַאַרבעטן די ערד מיט נייע אַרבעטס־מעטאָדן, פאַרוואַנדלען די שפּייז־פּראָדוקציע אין אַ בעסערער נערונג און אויך זאָרגן, אַז דאָס פּראָדוצירן שפּייז־פּראָדוקטן זאָלן געפירט ווערן אויף יסודות פון קאָאָפּעראַציע און ווירטשאַפטלעכער פּלאַנירונג, וואָס האָט מער שאַנסן רעאַליזירט צו ווערן, ווי די געבורט־פּלאַנירונג. שפּייזמאַנגל קאָן געלייזט ווערן, דורך אַרויסהעלפן זיך פון לענדער מיט לענדער, דורך איינטיילן און אויסטוישן זיך מיט פּראָדוצירטע אַרטיקלען אונטער אַ קאָנ־טראָל אין אַ וועלט מאָסשטאַב.

די אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער קאָן אויף אָט דעם אינטער־נאַציאָנאַלן פּלענום, דורך געהעריקע קאָמיסיעס געפינען וועגן און מיטלען, ווי אַזוי אויסצופּלאַנירן דעם האַנדלס־אויסטויש, צו זיכערן דער מענטשהייט די נויטיקע באַשפּייזונג און זי פאַרהיטן פון הונגער.

און דאָ קומען מיר צום יידישן שטאַנדפּונקט, צו דער יידישער השקפה, ווי זי איז פעסטגעשטעלט געוואָרן פאַר דורות.

יידן האָבן געקראָגן די ברכה פון פרוכפּערקייט, צו זיין ווי „די שטערן אין הימל און ווי דאָס זאַמד ביים ים" — דער ערשטער טייל פון דער ברכה, האָפן

מיר, אַפילו ווען מיר זענען נישט באַהערשט פון סופּער־פּאַטריאָטיזם, איז מקויים געוואָרן. ייִדן — מיט אַלע אונדזערע חסרונות — האָבן זיך דערהויבן, באַמיִען זיך צו דערהייבן צו די העכסטע הייכן פון גייסטיקייט, פון הימלישקייט. וואָס שייך דעם צווייטן טייל, זענען מיר געבליבן אַ סך הינטערשטעליק און די שולד פאַלט נישט אויף אונדז, נאָר אויף די פעלקער וואָס ווילן אונדז פאַרניכטן, ליקווידירן, יעדנפאַלס רעדוצירן. דאָס איז זיי געלונגען: בומעריש זענען מיר אַ קליין פאָלק, וואָס ליידט פון שחיטות, פּאָגראָמען פון איין זייט, און פון אַסימי־לאַציע, שמד און זעלבסטפאַרלייקענונג פון דער צווייטער זייט.

מיר האָבן פאַרלוירן אין די חורבן־יאָרן אַרום זעקס מיליאָן נפשות און נאָכן קריג — האָבן זיך די געראַטעוועטע פונעם גיהנום, ווי אודים מוצלים מאש, — צוריקגעכאַפּט, אָנגעהויבן פירן אַ נאָרמאַל לעבן, אָבער נישט ווייניק פון די געראַטעוועטע, אין זייער גרויסער אַנטוישונג, האָבן זיך געפילט פאַרלוירן און זענען אַוועק אויף אַנדערע פעלדער, באַווירקט פון אַזעלכע געדאַנקען ווי אלישע־אחר נאָכן חורבן. אויב ייִדן זאָלן זיך האַלטן שטאַרק ביים געבורט־קאָנטראָל, איז דאָ אַ סכנה פאַרן המשך פון ייִדן אַלס וועלטפאָלק און אַלס פאָלק אין זיין מדינה.

מיר, דער „עם חכם ונבון", מוזן פאַרשטיין אַז אונדזער המשכדיקע עקזיסטענץ ליגט אין פרוכפּערקייט, ווי די ברכה צו אברהם אָבינו, ביים אויפשטייג אַלס יחיד מיט גרויסע פאָלקס־וויזיעס. יונגע ייִדישע פּאָרלעך טאָרן נישט פּראַווען קיין שטרענגן געבורט־קאָנטראָל, וואָס קאָן חלילה פירן צו אַ קריטישן מאָמענט פון אַ וואָלונטאַרישער אַליין צוגעגרייטער „וועלט אָן ייִדן" — אַ זעלבסטפאַרניכ־טונג, וואָס האָט נישט קיין גלייכן ביי קיין אומה ולשון.

ווי עס ווייזן אָן סטאַטיסטיקערס און דעמאָגראַפן, וואָלטן מיר געציילט אַרום 200 מיליאָן ווען נישט די שחיטות און הריגות וואָס האָבן אונדז כסדר פאַרקלע־נערט. ווען נישט די נאַצי־שחיטות, וואָלטן מיר איצט געציילט 35 מיליאָן. דער פאַרלוסט פון די הונדערטער מיליאָנען איז געקומען פון דרויסן: שונאים, מערדערס, האָבן זיך פאַרמאָסטן קעגן אונדזער פאָלק מיט המנישע פּלענער „להשמיד, להרוג ולאבד". אַז מיר וועלן פּראַווען און פּראַקטיצירן פאַרקלענערונג פון געבורטן, זענען מיר די אייגענע פאַרניכטערס, פאַרלייקענערס און מיר מאַכן קלענער דעם צלם און דמות אלקים, שטעלן זיך קעגן באַשאַפער און רעדוצירן דעם יצירה־פּראָצעס, ווען די ברכה איז געווען „פרו ורבו... זכר ונקבה בראָם..." ווי משה רבינו האָט זיך אַזוי געפרייט מיט דער ייִדישער פרוכפּערקייט און גע־ווונטשן ייִדן זאָלן זיך טויזנט מאָל אַזוי פיל מערן: „ד' אלקיכם הרבה אתכם והנכם היום ככוכבי השמים לרוב, ד' אלקי אבותיכם יוסף עליכם ככם אלף פעמים ויברך אתכם..." [1].

נישט בלויז האָט משה רבינו זיי געבענטשט ביים סוף פון זיינע טעג, נאָר באַלד ביים באַגין, ביים אויפשטייג פון אַברהם אָבינו, זענען זיינע קינדער געבענטשט געוואָרן צו זיין ווי די שטערן פון הימל און שטויב פון דער ערד [2] און ווי פרשנים אינטערפּרעטירן די דאָזיקע ברכה, האָט עס געמיינט, יידן זאָלן ברענגען הימלישע, גייסטיקע ליכט צו דער מענטשהייט, האַלטן זיך צוזאַמען און זיין פּרוכּ־פּעריק און שפּעריש אויף אַלע געביטן. די הימלישע חכמה דערגאַנצט גאָר די ערדישע יצירה. דער וואָס האַלט אָפּ יצירה, איז גורם די שכינה זאָל זיך אָפּטאָן, „שלשה הדוחים את השכינה... ומי שהורג את בניו... במעי האשה". אַזאַ איינער איז גורם צו אַ מבול אויף דער וועלט, ווי דער דור ביים מבול, וואָס האָט זיך פאַרנומען אויפן דאָזיקן וועג, האָבנדיק ווייבער, נאָכגעבנדיק דער תאווה און אָפּהאַלטנדיק פון געבורטן: „הי׳ משקה כוס של עיקרים שלא תלד והיתה יושבת אצלו כזונה" [3].

ווי מיר האָבן פריִער דערמאָנט, האָבן יידן זוכה געווען צו גאולת און יציאת מצרים, צוליב זייער איגנאָרירן פּרעהס גזירות און עוסק זיין בפּריה ורביה. אַז חזקיה הנביא האָט געוואָלט זיין אַ „חכם הרואה את הנולד", נישט צו האָבן קיין קינדער, ווייל ער האָט געזען דורך זיין הייליקן גייסט, אַז ער וועט האָבן נישט קיין לייטישע קינדער, „דחזא ברוח קדשו דנפקאי מנאי בנין דלא מעלי"... זאָגט אים ישעיהו הנביא, אַז דער רבונו־של־עולם האָט אים נישט געגעבן קיין רעכט אָנצונעמען אַזעלכע באַשלוסן, ער טאָר זיך נישט מישן אין גאָטס וועגן... אויב ער וועט נישט אויספאָלגן, וועט ער פאַרלירן ביידע וועלטן... די תורה לערנט אונדז: „זכר ונקבה ברא אותם", בלויז ווען מען לעבט נאַטירלעך, מיט אַ ווייב און מען פּרוכפּערט זיך, איז מען אַן אָדם, אַ מענטש, אַ פולשטענדיקער מענטש, אויב מ׳פּירט נישט אויס דעם דאָזיקן דעוויז, איז מען אַ „פּלגאַ דגופאַ" אַ האַלבער מענטש.

די חז"ל האָבן פאַרדאַמט דעם מענטשן וואָס האָט נישט חתונה און וויל נישט ברענגען קיין קינדער. נדב ואביהו, ווערט געזאָגט, זענען געשטראָפט געוואָרן מיט טויטשטראָף, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט חתונה האָבן און געוואָלט בלייבן כּהנים. דער כּהן וואָס איז מקריב קרבנות, וואָס בעט פאַר דעם יידישן פאָלק, מוז זיין באַזאָרגט מיט אַ בני בית, כדי צו האָבן געפיל און פאַרשטיין דעם מענטש, וואָס האָט דעם עול און די אחריות פאַר אַ בני בית, „וכפּר בעדו ובעד ביתו... ובעד כל קהל ישראל..." [4].

ס׳האָבן זיך מסתּמא געפונען גרויסע פּערזענלעכקייטן וועלכע זענען געבליבן אומפאַרהייראַט. איינער פון זיי, פון די גאָר אָנגעזעענע תנאים, איז געווען בן עזאי. האָט ער זיך פאַרענטפערט, אַז ער איז תּמיד געווען פאַרטאָן אין לערנען און נישט געהאָט קיין מעגלעכקייט צו פירן אַ פאַמיליע־לעבן. מיט אַלע תּירוצים איז די

קשיא נישט פאַרענטפערט געוואָרן און אפשר איז דאָס געווען איינע פון די סיבות, וואָס ער האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם נסיון, ווען ער איז אַריין אין „פרדס", אינעם סודותדיקן גאָרטן, פון וועלכן בלויז ר' עקיבא איז אַריין און אַרויס בשלום [5]. ער איז אינעם פרדס, אויפן אָרט, געשטאָרבן.

די יידישע מאָראַליסטן האָבן, ווי שוין דערמאָנט, געוואָרנט קעגן צו פיל און איבעריקער תאווה; זיי האָבן אָנגעוויזן אויף קאָנטראָל, וואָס שטאַמט נאָך פון מתן תורה, פון די דריי טעג פאַר קבלת התורה, צו דערווייטערן זיך פון אַ פרוי, „אל תגשו אל אשה..." [6] ס'ווערט אויך אָנגעזאָגט, אַז בעת מלחמה, ווען יידישע יונגע־לייט ווערן גערופן לצבא, צו מאָביליזאַציע געשיקט צו ווערן אויפן פראָנט, איז דער אָנזאָג „ונשמרת מכל דבר רע... והי' מחנך קדש..." [7] — דער סאָלדאַט האָט געדאַרפט זיין ריין פון וועלכער נישט איז טומאה און דאָס האָבן אינטימע באַציִונגען מיט זיין פרוי האָט אים געמאַכט טמא פאַר אַ גאַנצן טאָג... [8]

די תורה באַפעלט: „ואל אשה בנדת טומאתה לא תקרב לגלות ערותה" [9]. תאווה וואָס קאָן ברענגען קראַנקייטן איז שטאַרק פאַרבאָטן און וועגן דעם האָבן מיר שוין געשריבן [10].

די חכמים האָבן אויך געלערנט, אַז דער תאוודיקער אבר, וואָס מער מען גיט אים נאָך די תאווה, אַלץ מער שטאַרקט זיך די תאווה; מ'קען זיך נישט זעטיקן, באַפרידיקן, אויב מען איז אַריינגעטאָן אין תאווה. נאָר דורך אַ קאָנטראָל ווערט דער מענטש געזעטיקט און באַפרידיקט [11]. צוליב דער מורא פון יאָגן זיך נאָך תאווה, האָבן זיי געעצהט צו זיין פאַרהייראַט, צו האָבן ביי זיך זיין פרוי און שוין דערמיט, וואָס ער האָט „פת בסלו", ווערט די תאווה קאָנטראָלירט [12]. אָבער אַפילו מיטן ווייב, האָבן זיי געזאָגט, אַז נישט בלויז זאָל דער מאַן זיך אָפּשיידן פון איר בעת מענסטרואַציע, נאָר אויב ער טוט עס אַ ביסל פריִער, וועט ער זיין געבענטשט, ער וועט האָבן זכרים און געלערנטע קינדער.

„תניא ר' יהושע בן לוי אומר: כל הפורש מאשתו סמוך לווסתה הוויין ליה בנים ראויים להוראה..." [13] און נאָך אַ שטאַרקערן מאמר, אינעם פּאַראַפראַזן אויסדרוק: „הפורש מן הערלה, כפורש מן הקבר" [14] און אַזוי צענדליקער מאמרים וועגן קאָנטראָלירן זיך אין תאווה, אַפילו אין דערלויבטער תאווה.

מיר פאַרנעמען זיך נישט מיט טהרת חיי המשפחה. דאָס איז אַ באַזונדער געביט און די דינים זענען דאָ אַזוי קאָמפּליצירט, אַז בלויז געציילטע רבנים האָבן אַ רעכט זיך צו פאַרנעמען מיט משפּחהדיקע טומאה־טהרה הלכות. וואָס שייך טעמים פאַר הלכות נדה, איז עס בבחינה: „כפטיש יפוצץ סלע" — ווי אַ האַמער וואָס צעהאַקט דעם פעלדז [15], אַזוי ווי ס'שפּריצן פונעם פעלדז פונקען, אַזוי שפּריצן מיט פייער די טייטשן פון דער תורה: טומאה בעת ווסת (מענסטרואַציע); טומאה בעתן געבן געבורט — די וואָרענונג „לא תקרב", קאָמענטירט די אגדה [16] אַז דאָס

איז ספּעציפיש געמיינט, נישט דערנענטערן זיך צו דער אייגענער פרוי, מיט וועלכער ער איז געוווינט „גס בה והיא עמו בבית״...

לויט אָנגעגעבענע טעמים ווערן גערעכנט די פּסיכאָלאָגיש-מאָראַלישע און געזונט-מעדיצינישע: מ׳זאָל זיך צוריקהאַלטן פון הפקרדיק געשלעכטלעך לעבן, ווייל נישט בלויז פּירט עס צום רויִנירן די געזעלשאַפט מאָראַליש, נאָר דאָס שטעלט אויך אין געפאַר דער פרויס געזונט: „כדי שתהא חביבה על בעלה ביום טהרתה כיום כניסתה לחופה״[17].

ס׳איז דעריבער פאַרשטענדלעך, אַז די רבנים וועלכע זענען אַזוי מחמיר מיט „הפלה מלאכותית״, מיט אַבאָרט, זענען נישט ווייניקער מחמיר קעגן „הזרעה מלאכותית״, קעגן קינסטלעכער באַפרוכפּערונג, וואָס קען ברענגען צום חיתון, צו זווינען צוזאַמען ברודער מיט שוועסטער, וואָס איז שטאַרק פאַרבאָטן, לויט די דינים עריות אין דער תורה[18].

אינעם ספר זכרונות, שו״ת וזכרון בספר, יובל פון „המאור״[19], ברענגט דער רעדאַקטאָר אַ בריוו פון הרב ר׳ משה לאַנדינסקי פון סיאַטל, וואַשינגטאָן:

„מעשה איום של חיתון אח ואחות צאצאי ההזרעה המלאכותית״.

אַ באַרימטער נישט-ייִדישער דאָקטאָר, האָט אים איבערגעגעבן, אַז ער געפינט זיך אין אַ פאַרצווייפלטן מצב וועגן אַ קינסטלעכער באַפרוכפּערונג — אַ פּראַקטיק וואָס ער האָט אָנגעהויבן מיט צוואַנציק יאָר צוריק. די פרוי האָט געקענט האָבן קינדער, אָבער דער מאַן איז געווען אימפּאָטענט און ער האָט גורם געווען, זי זאָל נישט קענען פאַרשוואַנגערן.

ביי יעדן קינסטלעכן אַריינשפּריץ, האָט ער פאַרצייכנט דעם נאָמען פון דער פרוי און דעם נאָמען פונעם מאַן, וועמעס זרע ער האָט גענומען און אַריינגע-שפּריצט אין דער פרוי. ער איז אויך תּמיד אין פאַרבינדונג מיט די פרויען, צו וויסן צי די איינשפּריצונג האָט געהאָלפן, צי ס׳האָט געבראַכט די געהעריקע רעזולטאַטן.

איצט, דערוויסט ער זיך, אַז אַ ייִדיש מיידל גייט חתונה האָבן מיט אַ ייִדישן בחור און לויט דער קאַרטאָטעקע, זענען זיי שוועסטער און ברודער פון איין טאַטן: די זרע פון אַ ייִדישן דאָקטאָר האָט ער גענוצט סיי פאַר דער כלהס מוטער און סיי פאַר דעם חתנס מוטער — ביידע פרויען, ווייזט אויס, האָבן געהאַט אימפּאָטענטע מענער... די פראַגע, צי נעמט מען אָן זיין, דעם נישט-ייִדישן דאָקטאָרס עדות-זאָגן; ס׳איז אויך אַ לעגאַל-געזעצלעכע פראַגע — און פאַר רבנים אַ שווערע שאלה[20].

און דאָ אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם דין „מורדת״, וואָס מיינט, לויט דער רבנישער דעפיניציע — אַ פרוי וואָס וויל נישט האָבן קיין אינטימע באַציִונגען

מיט איר מאַן, אָדער זי וויל בכלל נישט ווינען מיט אים און וויל נישט נעמען קיין גט.

הרב ר׳ משה הלוי שטיינבערג (ראב״ד הסתדרות הרבנים באמריקה) אין אַ לענגערן מאמר אַנאַליזירט הלכהדיק אַלע פרטים אין שייכות מיטן דין „מורדת״ און ער באַנוצט זיך מיט [21] ערשטע מקורים, תלמודישע, גאונישע, פוסקים און רבנים [22]. אַ מורדת — לויטן דין — איז אַ פּרוי, וואָס זאָגט זיך אָפּ צו האָבן געשלעכטלעכע באַציִונגען מיט איר מאַן מער (און לויט אייניקע פוסקים, אַפילו וויניקער) ווי צוועלף חדשים. אַ מאַן, וואָס די פרוי איז אים מצער אויף אַזאַ אופן, ווי פרעה אין מצרים, גיט מען אים אַ דערלויבעניש חתונה צו האָבן מיט אַ צווייטער פּרוי. ער איז דערמיט נישט עובר אויפן חרם דרבנו גרשם קעגן ביגאַמיע — ער דאַרף האָבן ווי הרב שטיינבערג וויל עס טאָן ליתר טוב — אַ היתר פון הונדערט רבנים, ווי דאָס איז באַקאַנט אין דער פאָלקס־טערמינאָלאָגיע: „היתר מאה רבנים״.

ס׳ליגט דער חוב אויף רבנים־מאָראַליסטן צו פאַרהיטן דעם מאַן, ער זאָל נישט עובר זיין אויף דעם „ונשמרת מכל דבר רע״ [23], וואָס ווערט קאָמענטירט — אַ וואָרענונג זיך אויסצוהיטן פון שלעכטע מחשבות, ער זאָל זיך אויסהיטן פון נאַכטיקער טומאה... [24]

אַ מאַן, וועמען די פרוי פייניקט, פאַרלאָזט אים און ער דאַרף בלייבן אין איינזאַמקייט, איז ער תמיד בעבירה און האָט אַ שלעכט לעבן [25], אַ פאַרביטערט לעבן און די יידישע געזעלשאַפט דאַרף אים העלפן.

הרב שטיינבערג ברענגט אויך די דעות [26], אַז די פרוי, נישט זייענדיק געבאָטן (לויט די חכמים) אויף דער מצווה פון פריה ורביה, איז זי אָבער געבאָטן אויף קיום העולם. טאָר זי דעריבער נישט פאַרדאַרבן זרע, וואָס קען ברענגען פרוכפּער־קייט. ס׳זענען דאָ פוסקים וואָס האַלטן, אַז דער פאַרבאָט איז מן התורה, אַ תורה־דיקער פאַרבאָט, און אַנדערע וואָס האַלטן, אַז דער פאַרבאָט איז בלויז פון רבנן, אָבער מיט דער פולער שטרענגקייט, ווייל דאָס איז אין קעגנזאַץ צום פאַרלאַנג „לא תהו בראה... לשבת יצרה״ [27] און אַ מורדת איז דאָך געוויס גורם צו השחתת זרע, צום פאַרדאַרבן דעם אָרגאַזם און האַלט צוריק דעם ישוב העולם און די פשוטע, נאַטירלעכע באַדערפענישן. אַזאַ אָפּהאַלט, ווי דאָס ווילד, אומקאָנטראָלירט תאווהדיק לעבן, ברענגט אומקום, ווי דאָס איז געשען אין נחס צייטן.

נישט וויכטיק איז די הלכהדיקע „רעספּאָנסע״, צי דאָס צעשטערן זרע איז אַ תורהדיקער פאַרבאָט, צי בלויז אַ גזירה פון רבנן. עס איז נישט קיין דירעקטער שפיכת דמים, עס זאָל קלאַסיפיצירט ווערן אין דריי האַרבסטע עבירות איבער וועלכע דאָס געזעץ לערנט: יהרג ואל יעבור, מ׳זאָל זיך לאָזן הרגענען און נישט איבערגיין דעם פאַרבאָט. ס׳איז אָבער לויטן לשון פון רמב״ם: „כאלו הרג הנפש״,

אַזוי ווי שפיכת דמים און ווי ער דערקלערט אַזוי שאַרף: „שהעושה זה בנדוי הוא יושב ועליהם נאמר ידיכם דמים מלאו...״ [28]

די פרוי, וועלכע דערפירט דערצו אַז דער מאַן זאָל בלייבן עלנט, אָן אַ פאַמיליע, אָן אַ לעבן — אַזאַ פרוי איז אַ מורדת און רבנים קאָנען אַרויסגעבן אַ גט, איבערגעגעבן צו אַ שליח, וועלכער זאָל האַלטן דעם גט פאַר איר, ווען זי וועט זיך איבעררעכענען און דער מאַן זאָל חתונה האָבן, לויט דער תקנה פון הונדערט רבנים, וואָס זאָלן זיך חתמענען אויף דער דאָזיקער דערלויבעניש. מער וועגן דעם, ווייטער.

**ו. יסוד פונעם אַ נ ט י - אַבאָרט. — שפיכת דמים. — ציל צו שיצן מענטשלעך לעבן. — כבוד פאַר דעם מענטש. — ישׂראל נייטיקט זיך אין באַפעלקערונג. — פאָרשלאַג מתיר צו מאַכן ביגאַמיע.**

ווי מיר האָבן ביז איצט געזען, איז עס קעגן דער יידישער טראַדיציע, קעגן הלכה, אומצו־ברענגען אַ נפשל, אַפילו ווען עס איז נאָך אין עמבריאָן־פּראָצעס. עס איז אויך די מיינונג פון הלכה־אויטאָריטעטן, אַז נישט בלויז דער מאַן טאָר נישט צעשטערן זיין זרע, נאָר אויך די פרוי טאָר זיך נישט באַנוצן מיט אָפּהאַלט־מיטלען אויסער, ווען די שוואַנגערשאַפט ברענגט מיט זיך אַ סכנה. ס׳זענען אויך דאָ מאָראַליסטן וועלכע זעען אין געבורט־קאָנטראָל די געפאַר פון „ענדגילטיקער לייזונג״ צום יידישן פּראָבלעם, ווי ס׳האָבן געוואָלט יידן־שונאים פון אַלע צייטן.

די ישׂראל־רעגירונג ווערט שטאַרק קריטיקירט פאַר איר מילדערן צוגאַנג אין שייכות מיט דער פּראַקטיצירונג פון אַבאָרט; אין שייכות מיטן וועלן לעגאַ־ליזירן געבורט־קאָנטראָל, אין שייכות מיט דער קינסטלעכער הפּלה, וואָס ווערט באַטראַכט ווי אַ מאָרד פאַר די קומענדיקע דורות. די קריטיקערס ווייזן אָן, מיט רעכט, אויף דער נויטיקייט פון „עליה פנימית״ פון סאַברעס, צו זיכערן די עקזיס־טענץ פון דער יידישער מדינה.

אויב מיר מיינען, אַז די דאָזיקע מיינונגען זענען ניי... מאַכט מען אַ טעות. שוין מיט הונדערט יאָר צוריק, האָבן חובבי־ציון געטראַכט, אַז מען דאַרף פאַר־גרעסערן די יידישע באַפעלקערונג און כדי דאָס צו דערגרייכן, האָבן זיי פאָרגע־שלאָגן, אָפּצושאַפן דעם חרם דרבינו גרשם און דערלויבן צוויי ווייבער.

איינער פון די התלהבותדיקע חובבי־ציון, ר׳ עקיבא יוסף שלעזינגער (ה׳ כסלו, תקצ״ח־1867; א׳ אייר, תרפ״ח־1928), תלמיד פון חתם סופר, פון כתב סופר און איידעם פון קאָלאָמייער רב, ר׳ הלל ליכטנשטיין, אַ קנאי בן קנאי, אין אַלץ וואָס

ער האָט געטאָן, איז געווען געוואַלטיק איבערגעגעבן און פּאַרקאָכט אין דער מצווה פון ישוב הארץ און האָט אויספּלאַנירט פאַרשיידענע פּראָיעקטן פאַר בנין־ און ישוב־הארץ. איינער פון זיינע פּאָרשלאָגן, אַ ריזיקאַלישער פּראָיעקט, איז געווען זיין באַהאַנדלען די מעגלעכקייט מבטל צו מאַכן דעם חרם דרבינו גרשם, וועגן פאַרבאָט פון צוויי ווייבער.

אין זיין ספר „בית יוסף החדש", אַ ספר וואָס די ירושלימער קנאים האָבן פאַרברענט, האָט ער איבערגעגעבן אַ מעשה שהיה, אַז ר' ישראל שקלאָווער, דער תלמיד פון ווילנער גאון (הגר"א) זאָל געווען אַ מאָל זאָגן, אַז „ער וואָלט מבטל געווען תורה ותפילה און זיך אַרויסגעלאָזט וואַנדערן פון שטאָט צו שטאָט, מבטל צו מאַכן דעם חרם דרבינו גרשם, ווייל מיטן דערלויבן צוויי ווייבער, וואָלט מען מקרב געווען די גאולה..."

ר' עקיבא יוסף, דער מחבר פון „לב העברי", האָט אויך פּלאַנירט אַן אומאָפּ־הענגיקע מדינה, אינעם לאַנד פון די אָבות. ער האָט אַפילו אויסגעאַרבעט אַלע פּלענער פאַר דעם באַנייטן שטאָט — ארץ־ישראל און ווי אַזוי די ייִדן אין די גלות־לענדער וועלן קענען העלפן דער נייער מלוכה, לויט די דעמאָלטיקע באַגריפן, וואָס אַזאַ מדינה האָט אין בעסטן פאַל בלויז געקענט פאַרשטעלן מיט זיך אַ ישוב אונטער מלכות ישמעאל.

ר' עקיבא יוסף (עי"ש) האָט מיטן געלט פון זיין שווער, געזאַמלט און אייגנס געקויפט אַ נחלה און געגרינדעט די קאָלאָניע פתח־תקוה, וואָס איז היינט אַן אָנגעזעענער ישוב אין מדינת ישראל.

ר' עקיבא יוסף (עי"ש) האָט מיטן געלט פון זיין שווער, געזאַמלט און אייגנס, מעשה, וואָס שייך בנין־ און ישוב־הארץ. אין דער הקדמה צו זיין דערמאָנטן ספר, וואָס אַנטהאַלט בלויז 124 זייטלעך, באַמיט ער זיך צו באַווייזן, אַז לויט געוויסע אומשטאַנדן און סיטואַציעס, ווי למשל, ווען די פרוי וויל נישט עולה זיין קיין ארץ־ישראל און דער מאַן וויל דווקא וווינען אין ארץ־ישראל, זאָל אויף אים נישט חל זיין דער חרם דרבינו גרשם, זאָל ער קענען נעמען נאָך אַ ווייב.

ער האָט דאָס בלויז פאָרגעשלאָגן, באַרירט דעם ענין הלכהדיק און געוואָלט הערן די מיינונג פון גדולי הרבנים. האָט מען אים דערפאַר גערודפט, זיין ספר פאַרברענט. אָבער ער האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן, ווייל ער האָט געהאַלטן, אַז די מצווה צו באַזעצן דאָס לאַנד איז שטאַרקער ווי דער חרם קעגן צוויי ווייבער, דערצו נאָך, ווען די פרוי איז אין אַ געוויסן זין אַ מורדת.

ווי הויך מ'האָט געהאַלטן די מצווה פון פריה ורביה, וואָלטן מיר געקענט ברענגען הונדערטער און מער באַווייזן, אָבער דאָס איז איבעריק. דער פאַקט איז, אַז שבת האָט מען מתיר געווען אָנצוגיין מיט שידוכים. ס'איז דאָ אַ מיינונג, אַז אַפילו מקדש צו זיין אַ פרוי, אויב דער מאַן האָט נאָך נישט מקיים געווען די

ערשטע מצווה, זאָל ער דאָס מעגן טאָן אום שבת, פאַרשטייט זיך, מיט צוזאָגן אַ וואָרט און נישט קיין קנין [1].

דער מנהג איז, נישט צו פראַווען קיין חתונות פון שבעה עשר בתמוז ביז תשעה באָב [2]. פשוט, זעט אויס, איז דער טעם, צוליב די דריי טרויערוואָכן, „בין המצרים". ס'איז אויך דאָ אַ טעם, וואָס קען חל זיין אויף יעדן חודש, צוליב דער מורא פון סימן רע. ס'זענען אָבער דאָ דעות, נישט געקוקט וואָס די דעות זענען נישט אָנגענומען געוואָרן, אַז אויב דער מאַן האָט נאָך נישט מקיים געווען די מצווה, זאָל מען אים דערלויבן חתונה האָבן און אַז מוצאי תשעה באָב זאָל מען מעגן פראַווען חתונות.

אויב די הלכה האָט אַזוי געזוכט נאָכצוקומען די מצווה פון „פרו ורבו", איז דאָך נישט קיין פראַגע וועגן פאַרבאָט אומצוברענגען דאָס, וואָס האָט אין זיך לעבן, זאָל זיין אַפילו ווען ס'איז נאָך נישט אין פולן זין פון לעבעדיקייט. און דאָ קומען מיר צו דער אַלט־נייַער דימענסיע אין שייכות מיטן באַשיצן מענטשלעך לעבן, ווי דאָס איז געלערנט געוואָרן באַלד אין בראשית, מיטן אויפשטייג פונעם מענטשן.

וואָס האָט מען אָנגעזאָגט און געוואָרנט דעם מענטשן? — „ואך את דמכם לנפשותיכם אדרוש, מיד כל חיה אדרשנו... שופך דם האדם, באדם דמו ישפך" [3] — אייַער בלוט, פון אייַערע נפשות וועל איך אויפמאָנען... דער וואָס פאַרגיסט דאָס בלוט פון אַ מענטשן, זאָל דורך אַ מענטשן זיין בלוט פאַרגאָסן ווערן.

מ'דאַרף דאָ נישט אַרייַנגיין אין די הלכהשע אַספּעקטן, אין די פּלפּולדיקע אויסטייטשן, אין די אגדהשע קאָמענטאַרן; דער יסוד איז די הייליקייט פונעם מענטשנס בלוט, די וואָרענונג און די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן בלוט פון אַ מענטשן.

פאַר וואָס אַזאַ שטרענגקייט?

„כי בצלם אלהים עשה את האדם" — וואָרום אין דער געשטאַלט פון גאָט האָט ער געמאַכט דעם מענטשן. לויט רבי עקיבא, איז דער שופך דם „מבטל את הדמות" — ער צעשטערט דאָס געטלעכע געשטאַלט [4]. לויט אַן אַנדער ווערסיע: „ממעט את הדמות" — ער פאַרקלענערט דאָס געשטאַלט! די זעלביקע מיינונג ווערט אויסגעדריקט [5] אין נאָמען פון רבי אליעזר, אַז דער וואָס האַלט זיך צוריק פון פריה ורביה, איז ער ווי אַ „שופך דמים"; לויט ר' יעקב „כאלו ממעט את הדמות" און לויט בן עזאי, איז ער עובר אויףביידע פאַרברעכנס: „כאלו שופך דמים וממעט את הדמות". רבי עקיבא, ווערט געזאָגט, האַלט ווי זיין רבי ר' אלי־עזר: „כאלו שופך דמים" [6].

אין מדרש ווערט צוגעגעבן: ר׳ אלעזר בן עזריה האָט געזאָגט צו בן עזאי: „נאים דברים היוצאים מפי עושיהן, בן עזאי נאה דורש ולא נאה מקיים! אמר לו: אני, לפי שחשקה נפשי בתורה, אבל יתקים העולם באחרים״.

בן עזאי איז געווען אַ בחור [7] און געהאַלטן אַז מ׳דאַרף חתונה האָבן און ברענגען קינדער אויף דער וועלט. האָט ר׳ אלעזר אים געפרעגט, ביסטו דאָך אַ שיינער רעדנער וואָס איז נישט מקיים וואָס ער הייסט אַנדערע זאָלן טאָן... האָט ער אים געענטפערט, אַז ער ווידמעט זיך אין גאַנצן דער תורה!

דער מענטש איז געשטעלט געוואָרן העכער און איבער אַלע ברואים, איבערן דומם, צומח און חי; ער איז אויף דער מדרגה פון „ותחסרהו מעט מאלקים״ [8]. דעריבער איז אים דערלויבט געוואָרן מקריב צו זיין קרבנות, שעכטן און עסן דאָס פלייש פון בהמות טהורות — ער מעג זיך באַנוצן מיטן חי, ווייל ער איז באַשאַפן געוואָרן פאַר דעם מדבר, ווי דער תרגום זאָגט אויפן פסוק „ויהי האדם לנפש חיה [9] — לרוח ממללא״.

דער מענטש האָט זיך אָבער נישט דערהויבן צו דער געהעריקער הויך, ווי דער באַשאַפער האָט אים געוואָלט זען, „וכבוד והדר תעטרהו״, מיט כבוד און שיינקייט אים באַקרוינט און ער איז אַראָפּ פון אָט דער קרוין, ווי בלדד השוחי האָט אָפּגעענטפערט איובן: „ומה יצדק אנוש עם אל ומה יזכה יליד אשה... אף כי אנוש רמה ובן אדם תולעה״ [10] — ווי קען אַ מענטש גערעכט זיין קעגן גאָט און ווי קען ריין זיין אַ געבוירענער פון אַ פרוי... אַ מענטש איז ווי אַ וואָרעם, ווי אַ מילב. דאָך איז דעם מענטשנס לעבן הויך געשעצט און דער וואָס ברענגט אום אַ מענטשנקינד, קומט אים טויטשטראָף, ווייל ער צעשטערט די יצירה, ער פאַרמעסט זיך קעגן מעשה בראשית; ער פאַרנעמט זיך אָפּצווישן אַ יצירה, איבער וועלכער ס׳איז געווען אַ גרויסע און לאַנגע מחשבה, ס׳איז אַנגעגאַנגען אַ באַראַטונג מיט דער גאַנצער פמליה של מעלה, „נעשה אדם בצלמנו״... וועמען מ׳האָט איבערגעגעבן די ממשלה איבער אַלץ־באַשאַפענע און וועמען מ׳האָט אָנגעזאָגט: „פרו ורבו ומלאו את הארץ״ [11].

מען האָט דעם מענטשן געהאַלטן אין גן־עדן, איידער ער איז באַגאַנגען דעם עץ הדעת־פאַרברעך און זיך געלאָזט איבעררעדן פון נחש און חוה.

דער מענטש איז פאַריאָגט געוואָרן פונעם גן־עדן צוליב זיינע שוואַכקייטן. זיין קיום איז אָבער געבליבן אומבאַרירט, פאַרהייליקט און קיינער האָט נישט קיין רעכט אָפּצושוואַכן זיין קיום, אָפּצושוואַכן זיין חיות.

אַז קין האָט זיך פאַרמאָסטן קעגן זיין ברודער הבל, איז געקומען דער הימלישער רוף: „דמי אחיך צועקים״ [12], נישט דם נאָר דמי — די בלוטן, דרשע־נען חז״ל: די בלוטן פון קומענדיקע דורות: „דמו ודם זרועותיו״... ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אויף דער באַהויפּטונג פון חז״ל: „שכל המאבד נפש אחת —

אין אייניקע נוסחאות מישראל[13] — מעלה עליו הכתוב כאלו איבד עולם מלא, וכל המקיים נפש אחת (מישראל) מעלה עליו הכתוב כאלו קיים עולם מלא״. דער „עולם קטן״, ווי דער יחיד ווערט אָנגערופן, שטעלט מיט זיך פאָר אַן „עולם גדול״, לויט דער דורותדיקער, בראשיתדיקער קאָנצעפּציע.

אינעם מענטש־באַשאַף ווי אַ יחיד, האָבן די יהדות־גרונטלייגערס געזען אַ וויכטיקן ציל — אַז אַלע מענטשן זענען גלייך! אַלע זענען געקומען פון געטלעכן באַשאַף, אַלע האָבן אויף זיך דעם „צלם אלקים״ און די גרויסקייט פון הקב״ה באַשטייט אויך אין דעם, וואָס דער מענטש איז פון דער זעלביקער פאָרם, וואָס דורך דער זעלביקער חתימה און מטבע קומען אַרויס אַזוי פיל מענטשן און יעדער מיט אַן אַנדער פאָרם[14]. די פאָרם איז אָדם הראשון — אָבער ווי אַנדערש ס׳זענען די נאָכקומענדיקע יצורים: ביליאָנען מענטשן און יעדער אין זיין פאָרם, אויסזען, קאָליר, שׂכל און באַנעמונג; קיין איינער איז נישט גלייך צום אַנדערן.

דעריבער איז דער כבוד הבריות אַזוי גרויס, ווייל דער מענטש איז דער לעצטער און — מובחר היצירה; דעריבער איז דאָס לעבן פונעם מענטשן הייליק און מ׳טאָר נישט מזלזל זיין דעם מענטשנס צורה: „הסוטר לועו של ישראל, כאילו סוטר לועו של הקב״ה״[15], שוין אָפּגערעדט פון רציחה, פון הרגענען אַ מענטשן.

אַלס באַווייז, אַז ווען עמעצער שלאָגט אַ מענטשן, איז ווי ער וואָלט געשלאָגן, כביכול די שכינה, ברענגט ר׳ חנינא דעם פּסוק אין משלי[16] „מוקש אדם, ילע קודש״ — אַ שטרויכלונג פאַר אַ מענטש, איז ווי פאַרמעסטן זיך קעגן דער הייליקייט[17]. דער טעם: „בצלם אלקים עשה את האדם״[18]. דער מענטש איז באַשאַפן אין גאָטס פאָרם, אין גאָטס געשטאַלט.

אַרויסקומענדיק פון אָט דער הנחה, קומען פאָרשערס און באַווייזן, אַז אויך דאָס באַקליידן דעם מענטשן איז אַ רעזולטאַט און אַ קאָנסעקווענץ פון אָנערקענען דעם כבוד האדם. קליידער גיבן כבוד דעם מענטשן, ווי דאָס קומט צום אויסדרוק אינעם פּיוט: „בקשוטין אזלא ומאנין ולבושין״; „לבוש בגדי חמודות״; „במלבושי כבוד זבח משפחה״. יעקב אָבינוס פאַרלאַנג איז געווען: „לחם לאכול ובגד ללבוש״[19]. נאָכן חטא עץ־הדעת האָט דער רבונו־של־עולם באַקליידט אדם וחוה, כדי איינצוהיטן זייער כבוד, נישט געקוקט אויף זייער זינד. דאָס איז אַ באַזונדער קעגנשטאַנד און געהערט צו אַ ספּעציפישער פאָרשונג וועגן דער ראָל פון דער הלבשה אין יידנטום[20].

מיר ווילן צום אויספיר סומירן מוסר היהדות, בנוגע דער תפלה — דעם אַבאָרט. דער אַרכיטעקט פון דער מאָדערנער ישראל, דוד בן־גוריון, איז געווען דער שטרענגער אָנהענגער פון מאַנאָגאַמישן סיסטעם. ער האָט אַרויפגעלייגט זיין שטעמפּל, נישט בלויז אויף דער מאָדערנער יידישער געשיכטע און איז נישט

בלויז געווען די סימבאָלישע געשטאַלט פון דער אויפלעבונג און באַשאַפונג פון אַ נייעם שטאַטלעכן פאָלק [21]. ער האָט געשטאַלטיקט דאָס געזעץ אין דער מדינה און ווי דער געשטאַלטיקער פונעם חוק האישות, האָט ער געשטאַרקט דעם חרם דרבינו גרשם, אים אַרויפגעצווונגען אויף די ספרדישע עולים. ער האָט אָבער אומאויפהערלעך, ביי יעדער געלעגנהייט, געוועקט, גערופן, געמוטיקט און פּראָפּאַגירט די אידעע צו פאַרגרעסערן יידישע משפחות, צו פאַרגרעסערן דעם „פרו ורבו". ער האָט געוויזן, אַז דער נאַטירלעכער וווקס איז אַ מוז פאַר דער פאַרזיכערונג און באַשיצונג פון דער מדינה.

אין דעם זין איז דער פּראָקלאַמירער פון דער יידישער מדינה, דער סעקולאַרער מנהיג, געווען איינשטימיק און אין פולן הסכם מיט די פרומסטע יידן, צו פאַרווערן די כּל־מיני מיטלען אָפּצוהאַלטן שוואַנגערשאַפט, צו ליקווידירן יידישע זאָמען אין דער מוטערס טראַכט.

צו דעם דאָזיקן אויספיר מוז קומען יעדער אָביעקטיווער פאָרשער, היסטאָריקער און באַאָבאַכטער פון די נייַסטע אַנטוויקלונגען אין מדינת ישראל. „אַן יוגנט — האָט אַ מאָל געזאָגט בן־גוריון — איז נישטאָ קיין האָפענונג, קיין צוקונפט" — פאַרגרעסערן די צאָל יוגנטלעכע, די צאָל סאָברעס קען מען נאָר, ווען מ'זוכט נישט קיין אַבאָרט־ און געבורט־קאָנטראָל און דעריבער, האָבן מיר אין ישראל אַ שטאַרקע קעגנערשאַפט קעגן לעגאַליזירן און מילדערן אַבאָרט־געזעצן.

נישט אומזיסט האָט זיך געשאַפן אין ישראל אַ באַוועגונג, ווי אַן אָפּאָזיציע צו די יעניקע, וועלכע ווילן אַן ענדערונג אין דעם „חוק ההפלות" — צו ליבעראַליזירן דאָס אַבאָרט־געזעץ. די באַוועגונג צו וועלכער ס'געהערן אַ צאָל וועלטלעכע, האַלט, אַז נישט בלויז צוליבן יהדות־פּרינציפּ דאַרף מען צוריקהאַלטן אַבאָרט־ און אָפּהאַלט־מעטאָדן קעגן שוואַנגערשאַפט, נאָר אויך צוליב דער נאָרמע פון געזעלשאַפטלעכער עטיק און צוליב דער נויטיקייט פון „עליה פנימית" — ישראל נויטיקט זיך אין דער אינערלעכער עליה, אין אַ צוווּקס פון איר יידישע באַפעלקערונג.

די מורא פאַר באַשפּייזונג, פאַר דעם „ואם תאמר מה נאכל?..." ווערט ביי רעליגיעזע יידן אין ישראל, נישט אַזוי פיל דעמאָנסטרירט און נישט שטאַרק באַטאָנט, ווייל זיי האָבן אמונה „מאן דיהיב חיי — יהיב מזונא" [22], ווי עס גייט דאָס פאָלקסווערטל: ווער ס'גיט לעבן וועט געבן צום לעבן. זיי האַלטן דעריבער, אַז נעמען טאַבלעטן צוריקצוהאַלטן פון שוואַנגערשאַפט קאָן בלויז דערלויבט ווערן, אויב ס'איז דאָ אַ געפאַר פאַר דער מוטער, אָבער נישט צוליב באַקוועמלעכקייט.

דערמיט האָבן זיך אָבער נישט געענדיקט די פּאָלעמיק אין דער פּרעסע און די דיסקוסיעס אין דער כּנסת. עס האָט זיך געשאַפן אַ רבנים־שטרייט, צווישן די צוויי רבנים ראשיים: ר׳ שלמה גורן שליט״א האָט געגעבן אַ פּסק־הלכה, אַז אַ ייִדישע פרוי מעג נעמען די „גלולה" (פּיל), אויב זי האָט שוין דערפילט די מצווה פון פּריה ורביה — געבוירן אַ זון און אַ טאָכטער. דאַקעגן ר׳ עובדיה יוסף שליט״א האָט אָפּגעפרעגט די געוואַגטקייט פון זיין „עמית" אין רבנות הראשית און איז אַרויסגעקומען מיט אַ שאַרפער שטעלונג צו פאַרווערן אַזאַ מיטל אויסער אין פאַלן ווען דער מוטערס לעבן איז אין געפאַר.

ווי געזאָגט, האָט דאָס פּראָבלעם אַרויסגערופן שאַרפע חלוקי דעות אַפילו צווישן פירנדיקע רבנישע אויטאָריטעטן, בעלי הוראה און סיי צווישן רעליגיעזע פירערס. אויך פרויען האָבן גענומען אַן אָנטייל אין דער דאָזיקער פּאָלעמיק. מרים עליאש, פון די פירנדיקע פּערזענלעכקייטן אין דער מפד״ל־פרויען־באַוועגונג, האָט זיך אויסגעדריקט, אַז אַנשטאָט פאַרקלענערן, דאַרף מען זוכן מיטלען צו פאַרגרעסערן די ישׂראל־באַפעלקערונג.

רחל נריה האָט זיך אַרויסגעזאָגט, אין הסכּם מיט די ווערטער פון מפד״ל־פרויען. אָבער גאָר שאַרף איז אַרויסגעטראָטן גאולה כּהן פון חרות. זי האַלט, אַז דאָס דערלויבן צו באַנוצן זיך מיט דער „גלולה" קאָן גורם זיין „מתירנות", באַפרייען די מיידלעך פון שוואַנגערשאַפט־פּחד און במילא נישט שרעקן זיך פאַר פרייען אינטימען אומפאַרהייראַטן לעבן מיט מענער.

הרב שאול ישׂראלי, אַ פירנדיקע רבנישע פּערזענלעכקייט, אינעם חבר הרבנים פונעם מפד״ל, מיטגליד פון בית־דין־הרבני העליון און רב פון כּפר הרואה, האַלט אַז לויט דער הלכה, האָט הרב גורן אַ יסוד, ווייל ס׳איז נישטאָ קיין פאַרבאָט צו פאַרמיידן שוואַנגערשאַפט. מ׳קען אָבער נישט מאַכן קיין כּלל, ווייל געוויינלעך, דאַרף מען נישט דערלויבן, אויסער ווען דער פרויס געזונט איז אין געפאַר. זיין מיינונג איז, אַז יעדער פאַל דאַרף באַהאַנדלט ווערן אינדיווידועל.

ס׳ווילט זיך אויך אָנווייזן אויף מנהגים ביי ייִדן אין שייכות מיט חתונה, וואָס איז אַ באַוויז, אַז אין יהדות, האָט מען תּמיד געזוכט צו שטאַרקן און דערמוטיקן פּרוכפּערקייט, אַנשטאָט צו באַגרענעצן און אַ מנהג, אַזוי ווי ער איז אָנגענומען געוואָרן, איז שטאַרקער פון אַ דין; אַ מנהג איז אַפילו מבטל הלכה [23], ווייל מנהג ישׂראל תּורה [24] און מען דאַרף זיך שטיצן אויפן מנהג.

דער מנהג איז צו באַוואַרפן אַ חתן, שבת פאַר זיין חתונה, ווי מיר רופן עס דער „אויפרוף". מען דאַרף אים באַוואַרפן מיט ניס, מיט „אגוזים" און ס׳זענען דאָ דערויף פאַרשיידענע טעמים: איינער פון די טעמים — אגוז איז סימבאָליש פאַר פּריה ורביה, פאַר פּרוכפּערקייט. אין געוויסע ספרדישע קהלות איז געווען אַ מנהג

צו באַהענגען חתן־כלה מיט ניס, מיטן ווונטש, אַזביידע זאָלן זיין פּעיִק צו האָבן קינדער.

אינעם דרך־ארץ האָט מען געלערנט, אַז פריִער דאַרף מען בויען אַ היים, פלאַנצן אַ גאָרטן און נאָך דעם חתונה האָבן: „שיבנה בית, ויטע כרם, ואח״כ ישא אשה״[25]. בדרך כלל, האָט מען אָבער געזאָגט, אַז מ׳זאָל האָבן בטחון און די סתירה ווערט פאַרענטפערט דערמיט, וואָס עס ווענדט זיך אין צייטן: צייטן ווען מען דאַרף זיין באַזאָרגט וועגן פרנסה און צייטן, ווען מען דאַרף האָבן בטחון און נישט מורא האָבן.

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אויף מדרשים, אויף מאמרים אין ספר חסידים, נישט צו זיין אַזוי פיל באַזאָרגט און זיך סומך זיין אויפן בטחון. אין חסידות האָט מען שטאַרק באַטאָנט די וויכטיקייט פון בטחון אויף אַלע אופנים. רבי נחמן בראַסלאַווער, ווי זיין תלמיד גיט איבער, האָט זיך אויסגעדריקט: „אין צורך לאדם לדאוג על פרנסת בניו, כי כשהם גדלים — גדלה פרנסתם״. די פרנסה וואַקסט צוזאַמען מיט די קינדער. דאָס יידישע פאָלקסווערטל: אַז מ׳האָט קינדער, גיט דער אייבערשטער צו די קינדער...

ס׳איז קיין ספק נישט, אַז אַפילו די פּעסימיסטן, וועלכע האָבן שטענדיק מורא פאַרן מאָרגן און זעען בלויז חשכות, שלעכטס, נעגאַטיווס, אַפילו אָט די דאָזיקע שוואַרץ־זעערס וועלן נישט עצהן חתונה האָבן, לעבן מיט אַ פרוי און באַנוצן זיך מיט מיטלען, צו ליקווידירן זרע, אויסצומיידן שוואַנגערשאַפט צוליב באַקוועמלעכקייט, אָדער צוליב דער מורא, אַז דאָס צוגעקומענע נפשל וועט נישט האָבן קיין עסן. אָבער דאָס איז שוין אַ טעמע פאַר זיך.

**ז. יסוד פון משפחה-לעבן. חתונה-צערעמאָניאַל און ברכות פון פּרוכפּערקייט. — נישט בלויז יידן. — אַלע פעלקער דאַרפן היטן דאָס געבאָט „פּרו ורבו״.**

דער יסוד פון משפחה־לעבן איז אין יהדות געשטעלט געוואָרן ווי דער ערשטער באַפעל: „...פּרו ורבו ומלאו את הארץ״[1]. די דאָזיקע מצווה, אַרומגערינגלט מיט קרענץ פון אגדות און הלכות, איז נישט געזאָגט געוואָרן בלויז צו די זרע אַברהם, יצחק ויעקב; עס איז דער באַפעל צו דער גאַנצער מענטשהייט, צום מענטשן־מין מיט זיינע קאָמפּליצירטע אייגנשאַפטן. די בני נח, ווי עס ווערן גערופן די פעלקער, אָפּשטאַמיקע פון אָדם הראשון און נח, זענען געוואָרן באַפוילן צו האָבן קינדער און צו זיין באַהאָפטן מיט דער געאייניציקטער און געאייניקטער ווייב, „ודבק באשתו״[2]. דאָס איז אויך געצילט צו פאַרהיטן פון עריות, וואָס ווערט

לויט דער תנ״ך־ און תלמוד־מאָראַל באַטראַכט ווי דאָס ערגסטע פאַר דעם קיום פון דער וועלט.

די פראַגע שטעלט זיך: אויב די דאָזיקע מצווה, איז פונדאַמענטאַל פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, פאַר וואָס ווערט זי נישט צוגערעכנט צו די זיבן מצוות, אויף וועלכע אַ בן נח, איז מחויב? פאַרבאָט פון עריות־אויסגעלאַסנקייט האָבן מיר אין די זיבן מצוות. פאַר וואָס נישט די מצווה פון ברענגען קינדער, פון פאַר־זיכערן המשך?...

מיר האָבן דערויף פאַרשיידענע תירוצים און אין אונדזער אַרבעט גייט דאָס נישט אַריין. דער הסכם ביי אַלע, יעדנפאַלס ביי אַ מערהייט פוסקים איז, אַז דער בן נח איז נישט געבאָטן אויף דער דאָזיקער מצווה[3]. צי אַ ייִד, מאַן אָדער פרוי, זאָל זיך פאַראינטערעסירן און ברענגען צוזאַמען צו אַ שידוך צווישן נישט־ייִדישע מענער און פרויען, דאָס איז שוין אַן ענין מיט וועלכן רבנים־פוסקים פאַרנעמען זיך.

הרב שלמה שניידער, האָט לעצטנס די שאלה באַנייַט און אויפגעפרישט: „אי יאית לשדך נכרים[4], ד״ה צו רעדן אַ שידוך צווישן גוי און גויה. ער ברענגט אַ פסק פון „חוות יאיר״ (ר׳ יאיר חיים בכרך, השצ״ח־תס״ב; 1638-1701) „מזווג בגויים אין איסור״[5]. דער רב באַמיט זיך צו באַווייזן פון אַנדערע פוסקים, אַז אויף דעם איז יאָ דאָ אַ פאַרבאָט, און דער פאַרבאָט איז באַזירט אויפן פסוק „לא תתחתן״[6] וואָס ווערט געדרשנט „לא תתן להם חן...״

ס׳ווערט געשטעלט אַ פראַגע, ווי קען מען זיך באַנוצן מיטן „לא תתחתן״, ווען דאָס איז געזאָגט געוואָרן, בלויז צו די שבע אומות, צו די באַציִונגען מיט די זיבן פאַרדאָרבענע כנענישע פעלקער. ער ברענגט דעריבער גאָר אַנדערע באַווייזן און דער אויספיר איז, אַז דאָס גייט אַריין אין דער קאַטעגאָריע פון „מנהג ישראל — תורה״[7]; דער מנהג איז, נישט צו פאַרנעמען זיך מיט נישט־ייִדישע שידוכים, ווייל דאָס ווירקט שלעכט אויף דער משפחה, מ׳קען חלילה האָבן שלעכטע קינדער.

דער יסוד פון משפחה־לעבן, דער פאַרבאָט אויף עריות, גייט אַן ביים מענטש־לעכן מין בכלל, ייִד צי נישט־ייִד. חתונה־צערעמאָניאַל, ברכות, שאַפן אַ הייליקע שטימונג ביים מזווג זיין זיווגים, תנאים, חתונה־אַקט, כתובה און די ענלעכע טעקסטן, דאָס איז שוין אַן ענין, וואָס ייִדן האָבן איינגעפירט און יעדער מנהג האָט זיין מקור נאָך אין דער תנ״כישער תקופה, ווי ס׳איז אויסגעטייטשט אין דער תורה שבעל־פה.

דער „כתובה״־שטר־קאָנטראַקט האָט זיין מקור אין דער תורה: „כסף ישקול כמוהר הבתולות״[8], נישט געקוקט, וואָס דאָרט איז דער מוהר־געשאַנק געקומען צוליב אַ נישט־אָנגענעמען אַקט, וואָס קוקט אויס ווי אַ שטראָף פאַר פאַרגוואַלדיקן אָדער איבעררעדן אַ מיידל, צו האָבן מיט איר אינטימע באַציִונגען, דער טעקסט

לייענט זיך פשוט: „וכי יפתה איש בתולה אשר לא ארשה (אורסה) ושכב עמה מהר ימהרנה לו אשה. אם מאן ימאן אביה לתתה לו, כסף ישקול כמוהר הבתולות״. אָבער די נאָכפאָלגערס פון דער תּורה שבכתב, האָבן דערין געזען אַ מקור צו באַשטימען אַ כּתובה פאַר אַ פרוי, בעת זי גייט חתונה האָבן, זי זאָל זיין פאַרזאָרגט, אויב דער שידוך איז נישט „עולה יפה״.

גאָר פאַרצייטנס איז געווען איינגעפירט אַ כּתובה פון צוויי הונדערט, ווייל דעמאָלט איז דאָס געווען אַ גענוגנדיקע סומע. שפּעטער, מיט דער צייט, האָט מען דעם סכום פאַרגרעסערט. ר׳ שמעון בן שטח האָט איינגעפירט, אַז די אחריות פון דער פרויס אַרויסצאָל, זאָל זיין דעם מאַנס פאַרמעגן: „בראשונה היו כותבין לבתולה מאתים... והיו מזקינים ולא הי׳ נושאים נשים... עד שבא שמעון בן שטח ותיקן כל נכסיו אחראין לכתובה״ [9]. ווי רש״י און די מפרשים קאָמענטירן, האָט דער מאַן מורא געהאַט צו נעמען אויף זיך אַזאַ גרויסן עול און די פרוי האָט מורא געהאַט, טאָמער וועלן זיי זיך שיידן, וועט זי נישט האָבן פון וואַנען אָפּצונעמען איר כּתובה, פון וואַנען צו לעבן.

מיט דער דאָזיקער תּקנה האָט ר״ש בן שטח געוואָלט לייכטער מאַכן דאָס חתונה האָבן, כּדי דער עול זאָל נישט זיין אַזוי גרויס אויף דעם מאַן און די פרוי זאָל זיך פילן פאַרזיכערט לויט די אומשטאַנדן.

ס׳איז כּדאי צו דערמאָנען, אַז דער כּתובה־מנהג איז אויך אָנגעגאַנגען ביי אַנדערע פעלקער [10]. ביי ייִדן איז דאָס פאַרשטאַרקט געוואָרן און געקראָגן אַ הייליקייט־צוזאָג, אונטער דער חופּה.

די „חופּה״ — דער איבערדעק איבער חתן־כּלה, ווי אַ באַדינג צו שליסן דעם לעגאַלן טייל פון חתונה־אַקט, איז אויך געוואָרן פאַרהייליקט און, דורך דער צייט, געוואָרן באַטראַכט ווי אַ מצווה, וואָס דאַרף ווערן באַשיינט, באַצירט.

די משנה [11] לערנט אונדז: „אין האשה אוכלת בתרומה (דאָס מיינט אַ ייִדישע טאָכטער וואָס האָט חתונה געהאַט צו אַ כּהן, די פרוי האָט נישט קיין רעכט צו עסן תּרומה) עד שתכּנס לחופּה״. דער פּייטן פאַרגלייכט די חופּה פון חתן־כּלה צו דער חופּה פון כּנסת ישׂראל מיטן רבונו־של־עולם, בעת מתּן תּורה; „חפּוי יריעות וענן אש, למען טכס הר שירדת עליו באש״ [12].

אין אַלטערטום האָט מען חופּות באַצירט מיט די שענסטע גאָלד־ און זילבער־באַצירונגען; מ׳האָט אויך אויסגעפּוצט די חופּה מיט פּרוכת און מיט אַלץ וואָס באַצירט און איז סימבאָליש פאַר פּרוכפּערדיקייט און שׂמחהדיקייט. מ׳פלעגט זיך אויך באַנוצן מיטן פּרוכת פונעם אָרון הקודש, וואָס איז סימבאָליש פון מתּן תּורה און בנין המשכּן: דער רבונו־של־עולם איז דער חתן און כּנסת ישׂראל איז די כּלה [13].

„אלו הן חופות חתנים: סדינין מצויירין וסהרוני זהב תלויין בהן" [14]. חתונה־מנהגים האָבן זייער מקור, ווי געזאָגט, אין די גאָר אַלטע צייטן, אַזוי מיט דער חופה, אַזוי מיט די ברכות, אַזוי מיטן טרינקען צווי כוסות. די זיבן ברכות דער־מאָנען די זיבן קולות פון ספר תהלים, די קולות ביי מתן־תורה, ווען עס איז געפּראַוועט געוואָרן די הייליקע חתונה און יידן, אַרויסקומענדיק פון מצרים, דעם לאַנד פאַרזונקען אין טומאה און אויסגעלאַסנקייט, האָבן זיך דערהויבן מיט הגבלה, פרישה לויטן אָנזאָג „וקדשתם".

ווי ביים באַרג סיני, איז איינגעשטעלט געוואָרן דער מנהג, די חופה זאָל זיין „תחת כיפת הרקיע", מיטן צוגאָב פון סימן־טוב ומזל־טוב, צו האָבן קינדער ככוכבי השמים [15]. דער דאָזיקער מנהג איז נישט געבליבן אין דער פולער שטרענג־קייט, מסתמא צוליב מורא און גזירות, און עס איז אָנגענומען געוואָרן, די חופה זאָל קענען געשטעלט ווערן אין בית הכנסת אָדער אין פּריוואַטע היימען, פונקט ווי עס זענען, צוליב די גזירות, אָפּגעשאַפט געוואָרן די באַצירונגען פון דער חופה: „בפולמוס האחרון גזרו שלא תצא הכלה באפריון" [16].

לויטן רמב"ם [17] איז דאָך די חופה געמיינט בעיקר יחוד, ווען חתן־כלה זענען זיך מתיחד אין אָפּגעזונדערטן שטיבל. דער פאַקט איז, לויט הלכה, אַז ס'דאַרפן זיין עדות אי ביים לייענען די כתובה, אי ביים יחוד [18]. אָבער, ווי געזאָגט, פאַרנעמען מיר זיך נישט מיט הלכה.

מיר האָבן אין אַ פריִערדיקן פּרק, שוין אָנגעוויזן אויפן מאמר חז"ל, אַז פערציק טעג, איידער מען ווערט געבוירן רופט מען אויס: „בת פלוני לפלוני". די פראַגע שטעלט זיך, פאַר וואָס איז מען נישט מקדים דעם זכר, ווי דער שטייגער איז ביי יעדער געלעגנהייט, פאַר וואָס זאָגט מען נישט „בן פלוני לפלונית". נאָך אַ פראַגע, פאַר וואָס נישט „בת פלוני לבן פלוני"?

תירוצים האָבן מיר גענוג, אָבער ווייט נישט קיין איבערצייגנדיקע. דער לאָגישסטער איז, ווייל דער מאַן האָט, לויט דער תורה, געקענט נעמען מער ווי איין ווייב; ביגאַמיע איז נישט פאַרבאָטן פאַרן מאַן. אָבער די פרוי! איר איז נישט דערלויבט צו האָבן צוויי מענער: זי איז געהייליקט און געגרייט בלויז צו איין מאַנסביל... לויט קבלה, געהערט זי צום „בעל הצלע" — די פרוי נאָך איר חתונה ווערט אַ טייל פונעם מאַן, זי ווערט זיין זיווג, זי ווערט דער „צלע" פונעם אָדם און געהערט צו אים [19].

אויך דעם מאַן — האָט מען אָנגעזאָגט — צו האָבן זיין מחשבה בעתן זיווג, בלויז צו דער דאָזיקער פרוי. דער קשר צווישן מאַן און פרוי איז נישט בלויז אַ קשר אויף דער וועלט. עס איז אַ קשר למעלה, דעריבער לייענען זיך די תנאים: „המגיד מראשית אחרית"... ווייל אין דעם מאָמענט ווען חתן־כלה שטייען אונטער

דער חופה, קומט צום אויסדרוק, דער „הסכם שהכריזו מלמעלה", דער הימלישער אויסרוף וועגן דער צוגעפּאַסטקייט פונעם זיווג.

ווי עס דערקלערט דער מקובל ר' משה קאָרדאָווערא [20], פאַרגיסט נישט בלויז דער מזבח טרערן, ווען אַ פּאָרל גט זיך [21], נאָר טויזנטער מלאכים אין הימל פאַרגיסן טרערן אויף דעם מאַן וואָס גט אָפּ זיין „אשת נעורים", זיין יונגפרוי. דערמיט ווערט אָפּגעשוואַכט דער סימן פון די שבע ברכות, וואָס דאַרף ברענגען צו דבקות און התיחדות, שוין אָפּגערעדט פון שלום צווישן מאַן און פרוי. ווי עס ווערט געזאָגט אין דער גמרא [22], ברענגט דער זיווג קדושה און טהרה, סיי פאַרן גוף, סיי פאַר דער נשמה. „הלומד תורה בטהרה ונושא אשה בטהרה" און מיט זיין ספר כריתות, צעשטערט ער די דאָזיקע קדושה טהרה, סיידן ווען די פרוי איז אַ מורדת, ווען זי איז לגמרי נישט צוגעפּאַסט, זאָגן חז"ל, אַז אַנשטאָט לעבן אין קריג, אין צעריסנקייט, איז שוין בעסער אַ שיידונג.

ס'איז אויך געווען אַ מנהג, אַז פּונקט ווי די פרוי גייט צו טבילה פאַר דער חתונה, אַזוי גייט אויך דער מאַן, דער חתן צו טבילה, ווייל די טבילה אין מקווה רייניקט אים מחשבהדיק. וואָס פאַראַ תפילות זאָגן זיי, בעת דער טבילה? די פסוקים פון פרו ורבו, געבעט פאַר פרוכפּערקייט, צו מערן זיך.

די גאַנצע פמליא של מעלה פאַרנעמט זיך מיטן פּאָרל. אַלע זענען צופרידן, וואָס נאָך אַ יונג פּאָרל גייט לעבן צוזאַמען. מען פירט די כלה דריי מאָל אַרום דעם חתן, ווי אַ רמז אויף די דריי שותפים ביים ברענגען אַ נפשל אויף דער וועלט. נישט קיין ווונדער, וואָס מ'האָט אַזוי אויסגעטייטשט דעם פסוק „בין שדי ילין" [23], דאָס זאָל מרמז זיין אויף די כרובים איבערן אָרון הקודש און אויף „חיבור בשעת נשואין". דער כוס של ברכה, ביי אירוסין און נשואין, איז אַרומגערינגלט און איז פאַרוועבט אין די אגדות פון אַ גליקלעכן צוזאַמענלעב, וואָס דאַרף ברענגען פרוכט.

און דאָ קומען מיר צום סימן „טבעת" — דאָס רינגל וואָס דער חתן טוט אָן אויף דער כלהס פינגער [24] בעתן זאָגן דעם „הרי את מקודשת..." מיר האָבן שוין וועגן דעם געשריבן [25]. ס'איז כדאי צוצוגעבן, אַז דער מקור איז אין תיקוני זוהר, אין די תשובות הגאונים און ביי די ראשוני הפוסקים: „משרשי המצוה... נהגו ישראל לקדש בטבעת, להיות בידה תמיד למזכרת". אין סדור הרב (אדמו"ר ר' שניאור זלמן מליאַדי) ווערט געזאָגט, אַז די טבעת איז מרמז אויף דעם אור מקיף, יחוד און זיווג. די שמחה איז גרויס אין אַלע היכלות, ווען עס ווערט געשאַפן אַ זיווג: מ'פראַוועט אַ חתונה־סעודה, וואָס איז אַ סעודת מצווה; ווער עס באַטייליקט זיך אין שמחת חתונה, ווערט ניצול פון גיהנום [26] און ביים חתן ווערט צוליב דער דאָזיקער שמחה: „עוונותיו מתפקקין" [27]. נישט בלויז איז מען אים מוחל זיינע פריערדיקע זינד, נאָר מען פאַרשטאָפּט און מען פאַרהאַקט זיינע זינד [28]. דער מקור פאַר „סעודת נשואין", חתונה־סעודה ווערט אָנגעוויזן אויף דער שמחה

ביי יעקב אָבינו און ביי שמשון הגבור [29]. מען ווינטשט דעם חתן, ס׳זאָל ביי אים זיין: „מצא אשה מצא טוב״ [30]. דער „זווגא תתאה״ זאָל אָנווייזן אויפן „זווגא עלאה״ און די שותפות צווישן פאָטער־מוטער און הקדוש־ברוך־הוא זאָל ברענגען מיט זיך די ברכה פון שפע, חיי, בני ומזוני״.

אין קבלה־ספרים ווערט דער זיווג גערופן „שלחן״: „ערכתי לו שלחן״... און די מנורה איז מרמז אויף שכינה. די קדושה בעתן זיווג ברענגט צוזאַמען גשמיות מיט רוחניות. ווי דער נודע ביהודה (ר׳ יחזקאל לאַנדאַ, תע״ד־תקנ״ג; 1713־1793), דערקלערט אין זיין ספר „צל״ח״ [31], איז דער טעם פון צעברעכן אַ „כּלי זכוכית״ אונטער דער חופּה, צו ווייזן: 1) דער מענטש איז ווי אַ גלאָז, ער איז באַשאַפן געוואָרן פון ערדשטויב און אויך דאָס גלאָז, און פּונקט ווי דאָס גלאָז קאָן האָבן אַ תּקנה פון איבעראַרבעטן עס, אַזוי קאָן דער מענטש זיך מתקן זיין דורך תּשובה — און דאָס ווייזט מען אים גראָד בעת ער שטייט אונטער דער חופּה און גרייט זיך צו אַ נײַ לעבן; 2) דאָס ווייזט, אַז ווען מען גרייט זיך צו אַ נײַ לעבן, דאַרף מען האָבן „שבירת רוח״ — עס זאָל זיין „לב נשבר ונדכּה אלקים לא תבזה״.

ס׳זענען דאָ נאָך טעמים און רמזים: בעת שׂמחה צו דערמאָנען חורבן בית־המקדש.

די מצווה זיך צו באַטייליקן אויף שׂמחת נשׂואין איז אַזוי וויכטיק, אַז מען מעג מבטל זיין תּלמוד תּורה. אַמאָליקע צייטן, אַז עס איז פאָרגעקומען אַ חתונה אין שטעטל, האָט דער רב מיט די „פּני״ פון שטאָט געפירט דעם חתן אין שול, אים באַהאַנדלט ווי אַ מלך; אויך די כּלה פלעגט מען באַזעצן אויף אַ ספּעציעלער שטול, איר צוטיילן גרויס כּבוד און די גאַנצע שטאָט האָט זיך געפרייט מיט דער דאָזיקער שׂמחה [32].

די תּנאים ר׳ שמלאי און ר׳ שמעון בן מנסיה לערנען אַרויס [33] די וויכטיקייט צו באַצירן און באַפּוצן די כּלה דערפון, וואָס דער רבונו־של־עולם האָט זיך פאַר־נומען מיט אויספּוצן חוהן מיט 24 קישוטין; ער איז געווען דער „שושבין״ און זיי געבענטשט מיט די ברכות פון „פּרו ורבו״. מיר פאָלגן נאָך דעם דאָזיקן גאַנג מיט די ברכות פונעם יוצר האָדם, דעם בונה בנין עדי עד, וועלכער פרייט זיך „בקיבוץ בניה לתוכה בשׂמחה״, חתן־כּלה לעבן, ווי „רעים האהובים בגן עדן מקדם״. די דאָזיקע שׂמחה דאַרף אָנהאַלטן זיבן טעג, יום־טוב־טעג, און נאָך דעם אַ יאָר פון שׂמחה:

„כּי יקח איש אשה חדשה... נקי יהי׳ לביתו שנה אחת ושׂמח את אשתו אשר לקח״ [34] בעת דער סעודה איז איינגעפירט געוואָרן דער חתן זאָל זאָגן אַ דרשה און די מחותּנים זאָלן טיילן דרשה־געשאַנק. די דרשה איז פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן אָבער דער מנהג מתּנות, ווי „דרשה־געשאַנק״, איז שוין געבליבן. אינעם יידישן פאָלקלאָר פאַרנעמט דער חתונה־ריטואַל, בדחנים, שמשים, חזנים, דרשנים, אַ

גרויס אָרט. גאָר באַזונדערס די מוזיקאַנטן, די „אויפשפּילערס", דאָס מצווה־טענצל אאַז"וו.

דער באַוווּסטער קולטור־פאָרשער יצחק ריבקינד האָט אין זיין ווערק „ייִדישע געלט" געווידמעט אַ גרויסן טייל פון זיין אַרבעט די חתונה־מתּנות, און חתונה־טראַדיציעס ביי ייִדן [35].

ער שרייבט:

„מיט דרשה־געשאַנק אַליין נאָך דער חופּה האָט זיך ווייט נישט פאַרענדיקט די פּרשה געלט אויף אַ ייִדישע חתונה. אין משך פון שבעת ימי המשתּה — אַזוי לאַנג האָט זיך דאָך אָפיציעל אַ חתונה געצויגן — פלעגט די כּלה (דאָס יונגע ווייבל) באַקומען נאָך מתּנות און געלט ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן און אויס־ריידן..."

וועגן כּלי־זמרים (קלעזמער) ביי חתונות האָבן מיר אַ רייכע ליטעראַטור. אין דעם ייִדישן פאָלקלאָר ווערט אַ סך איבערגעגעבן וועגן די מנהגים און תּקנות פון מוזיק און געזאַנג ביי חתונות.

ס׳וועט זיין גענוג צו דערמאָנען די אַרבעטן פון מ. בערגאָווסקי [36], יהויכין סטוטשעווסקי [37] און יצחק ריבקינד [38]. דער לעצטער האָט אַ סך געשריבן און פאַרעפנטלעכט אויפן דאָזיקן געביט. דאָס לעצטע ווערק איז אַ קריטישע אָפּהאַנד־לונג וועגן די ווערק פון אַ צאָל מחברים, אַ שאַרפע קריטיק פון סטוטשעווסקיס מעטאָד פון פאָרשן, פון געבן פאַקטן און פון באַנוצן זיך מיט אויטענטישע דאָקו־מענטטן. ריבקינד גיט צו אייגענע פאָרשונגען און אויספירן.

אין די פריִערדיקע פּרקים, האָבן מיר שוין דערמאָנט דאָס ווערק פון אַברהם חיים פריימאַן, „סדר קדושין ונשואין אחרי חתימת התלמוד" [39], די תּקנה פון די גאונים, מקדש צו זיין אַ פּרוי מיט אַ כּתובה, ברכּת אירוסין און חתימת עדים, כּדי ס׳זאָל ווערן באַוווּסט, אַז דאָס פּאָרל איז געוואָרן מאַן־ווייב.

אברהם שמואל הערשבערג (מחבר פון „פּנקס ביאַליסטאָק") האָט אין זיינע ווערק געווידמעט אַ גרויסן טייל דעם סאָציאַלן און פאַמיליע־לעבן. ער האָט פאַרעפנטלעכט שטודיעס אד"ט: „יפיה והתיפותה של האשה בזמן התלמוד" — די שיינקייט און דאָס שיין־מאַכן פון דער פרוי אין דער תּלמודישער תּקופה — און אויך וועגן „מנהגי האירוסין והנשואין בזמן התלמוד" [40].

די דאָזיקע מנהגים זענען אַריין ווי הלכה ביי רבנים־פּוסקים און דאַרפן שטאַרק אָפּגעהיט און דורכגעפירט ווערן. לויטן דין, דאַרף דער מסדר־קדושין באַשטעלן עדות; זאָגן צו די עדות „אתּם עדי" — איר זייט מיינע עדות. די פראַגע איז, אויב דער מסדר־קדושין האָט פאַרגעסן צו באַשטימען כּשרע עדות, אָבער דער חתונה־ריטואַל און צערעמאָניאַל איז דורכגעפירט געוואָרן בפני עם ועדה, מחותּנים

און געסט... רבנים פוסקים, ווי הרב מאיר אַמסל, האַלטן, אַז מ׳דאַרף נישט דורכ־פירן נאָך אַ מאָל דעם קדושין־אַקט [41].

אינעם יידישן לעבן האָט די פרוי תּמיד געהאַט אַן אָנגעזען אָרט, און נישט בלויז צוליבן געשלעכטלעכן געניס פאַרן מאַן. די פרוי האָט אַריינגעבראַכט לעבן און פרייד. אַפילו דער כּהן גדול טאָר נישט פראַווען קיין „פרישות". ער דאַרף האָבן אַ פרוי און פירן אַ געזונט און נאָרמאַל לעבן און אינעם נאָרמאַלן לעבן געפינען קדושה, טהרה, שׂמחה און ברכה. אָן אַ פרוי — האָבן די יידישע מאָראַ־ליסטן געלערנט — איז מען נישט קיין מענטש, איז מען מנודה; איז מען פאַר־וואָגלט [42].

די השׂכּלה ביי יידן אינעם 18טן און 19טן י״ה האָט זיך פאַרנומען צו ענדערן מיט כּוח דעם יידישן לעבנס־שטייגער, מאַכן תּיקונים בדת, צעשטערן די איינגעפעסטיקטע פאָרמען פון רעליגיעזן לעבן. איינער פון די משׂכּילים, יהודה לייב גאָרדאָן, האָט, ווי שוין דערמאָנט, זיך פאַרנומען צו עמאַנציפּירן די יידישע פרוי. ער האָט דעריבער געשילדערט אַזוי שוואַרץ איר נידערגעשלאָגנקייט, איר טרויעריקן מעמד און אַלץ צוליב דער קפּדנישקייט פון רבנים, די שומרים פון דעם שטרענגן דין.

אין דער הקדמה צו זיין פּאָעמע „קוצו של יוד" (דער עק פון אות יוד) דריקט ער זיך אויס וועגן דער יידישער פרוי: „דיין וועג איז פינצטער... פאַרשמאַכט איז דיין האַרץ... ווי אַ געטלעכע פלאַנץ אין מדבר פאַרוועלקט..."

אַז דאָס איז שטאַרק איבערגעטריבן, האָבן מיר שוין פריער אָנגעוויזן. די פרוי האָט תּמיד געהאַט די זעלביקע רעכט אין עפנטלעכן לעבן, אין פאַמיליע־לעבן. „אָדם" — לויט דער קבלה — איז כּולל זכר ונוקבא [43].

אינטערעסאַנט איז, אַז וואָס שייך עריות, האָט מען מער געגלויבט און געגעבן קרעדיט די פרויען — מער ווי די מענער, נישט געקוקט אויף דעם שאַרפן זאָג: „נשים דעתן קלות".

וועגן די עולי־מצרים ווערט געזאָגט, אַז די מקטרגים האָבן געטענהט: „די זענען מגלה עריות און די זענען מגלה עריות" [44], אָבער ווען ס׳איז גערעדט געוואָרן וועגן די פרויען, ווערט שוין געזאָגט דאָס פאַרקערטע: צוליבן שׂכר פון די נשים צדקניות, זענען יידן אויסגעלייזט געוואָרן פון מצרים. די פרויען האָבן געהיט משפחה־ריינקייט.

רבי עקיבא האָט געדרשנט: צוליבן שׂכר פון די פרומע, ערלעכע, אָפּגעהיטענע און באַשיידענע פרויען, איז געקומען די גאולה [45]. וואָס האָבן זיי געטאָן?

זיי האָבן געבראַכט צוו״אַ זאַכן: הייס וואַסער, די מענער זאָלן זיך וואַשן און רייניקן ביי דער שווערער אַרבעט; זיי האָבן געבראַכט פיש און זיי אָפּגעקאָכט אינעם זודיקן וואַסער, כּדי זיי זאָלן האָבן אַ פרישן מאָלצייט; זיי האָבן געבראַכט

בוימל און כּל־מיני גוטע זאַכן אויפצופרישן זייערע מענער און נאָך דעם, ווען די מענער זענען געווען אויפגעלייגט, געפילט גוט, זיך געלייגט אונטער עפּל־ביימער, באַהאָפטן ווי דער שטייגער אין ריינקייט, אין ליבן אָנגענומען אַראָמאַט און געבראַכט קינדער...

דער שׂכר פון צניעות איז פּרוכפּערדיקייט. ווייל יידישע פרויען אין מצרים האָבן זיך אויפגעפירט צניעותדיק, האָבן זיי זיך געפּרוכפּערט, האָבן זיי געבוירן צו זעקס קינדער מיט אַ מאָל: „שהיו יולדות ששה בכרס אחד״ [46].

רחל האָט שטאַרק געוואָלט האָבן קינדער. זי וואָלט אָבער געבליבן אַן עקרה, ווען נישט איר צניעותדיקייט, בעת זי האָט איבערגעגעבן די סימנים די ערשטע נאַכט צו לאהן: „בשׂכר צניעות שהיתה בה ברחל, זכתה ויצא ממנה שאול״ [47].

ס׳זענען דאָ צייטן, ווען „תשמיש המטה״ (האָבן פאַרקער געשלעכטלעך) איז פאַרבאָטן, ווי אין הונגער־יאָרן: די גאַנצע וועלט איז אין צער, דאַרף ער זיך אויך מצער זיין. טייל זאָגן, אַז דאָס איז בלויז אַ מדת־חסידות און בלויז יוסף, דער צדיק, האָט זיך אַזוי נוהג געווען [48]. ער האָט דאָך באַוויזן אין זיין קנעכטשאַפט זיך צו ראַנגלען מיט זליכה, די ווייב פון זיין האַר פּוטיפר, זי צו קענען אָפּשטויסן, אַפילו ווען זי האָט געשטעלט אין געפאַר זיין לעבן.

אויפן וואָנדערוועג, בעת יהושע האָט איינגענומען דאָס לאַנד, איז ער גע־שטראָפט געוואָרן, ווייל ער האָט איין נאַכט אויפגעהאַלטן דאָס צוזאַמענלעבן פון מאַן און פרוי: „לא נענש יהושע אלא בשביל שביטל את ישראל לילה אחת מפּריה ורביה״ [49]. ס׳ווערט דאָרט אויך געזאָגט, אַז ער האָט זיי אויפגעהאַלטן אַ נאַכט פון לערנען תּורה.

פאַראַן מאָמענטן ווען געמאַכטע, קינסטלעכע צניעות ווערט געטאַדלט, ווי ביי דער „אהבת דוד ומיכל בת שאול״. די ליבשאַפט פון מיכל צו דודן איז געווען געוואַלדיק. זי האָט איינגעשטעלט איר לעבן צו ראַטעווען דודן; זי האָט זיך געשטעלט קעגן איר פאָטער; זי האָט זיך געשטעלט קעגן מלכות בית שאול, קעגן פאָלק. אָבער ווען זי, ווי די אַריסטאָקראַטישע, קעניגלעכע טאָכטער, האָט נישט געקענט פאַרטראָגן, ווי דוד טאַנצט פאַרן אָרון כּאחד הריקים, האָט דוד איר געענטפערט זייער שאַרף און איר שטראָף איז געווען — ווידער מיט קינדער — זי זאָל נישט געבוירן קיין יורש פאַר דער קעניגלעכער שטול: זי וואָלט דאָס געקראָגן ווי אַ רעזולטאַט פון פאַראייניקונג יהודה ובנימין: זי איז געווען די מערסט־באַרעכטיקטע, אַז אירס אַ זון זאָל זיין דער יורש־עצר...

דער חתונה־אַקט, ווי געזאָגט, האָט אַריינגעבראַכט קדושה אינעם יידישן פאַמיליע־לעבן.

נישט קיין ווונדער, וואָס אין קידוש־השם־גבורה פאַרנעמט די יידישע פרוי אַזאַ גרויס אָרט. זי איז פריִער פאַר דעם מאַן אין דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע.

אין פייער און אין וואַסער האָבן ייִדישע פרויען אָפּגעגעבן זייער לעבן און נישט געלאָזט זיך פאַראומרייניקן.

ביי ייִדן איז חתונה „כּדת משה וישׂראל", אַן עיקר און יסוד אין יהדות. ס׳זענען געשאַפן געוואָרן כּל־מיני מנהגים צו פאַרשטאַרקן אָט דעם „דת משה וישׂראל" אין די הלכות אישות, כּדי צו געבן קדושה דעם פאַמיליע־לעבן און דעם פאַרשטאַרקטן פאַמיליע־בונד.

כּדי צו פאַרזיכערן אָט דעם הייליקן בונד, האָט מען דעם כּוח פון קדושין איבערגעגעבן צו די חכמים, אין דער בחינה פון „חכמים עשׂו חיזוק לדבריהם כּשל תּורה" און אָפּט מאָל נאָך מער ווי תּורה־געזעץ, נישט צו באַציִען זיך מיט קלות־הדעת צו די תּקנות פון חכמים.

די משנה[50] לערנט: „האשה נקנית בשלש דרכים"... די דריַי וועגן, ווי קונה צו זיין אַ פרוי, זענען: מיט כּסף (געלט); מיט שטר (די כּתובה־קאָנטראַקט) און דורך ביאה (האָבן מיט דער פרוי אינטימע געשלעכט־באַציִונגען). כּסף לערנט מען אַרויס פון אסמכתות, אויף פּסוקים — ווי דער רמב״ם פּסקנט, איז דאָס „מדברי סופרים"[51] — אַ תּקנה פון דער כּנסת הגדולה, אָדער שפּעטערע חכמים אין צייט פון בית שני, וועלכע האָבן געפונען אַ רמז דערויף אין דער תּורה. פון דעסטוועגן — ווייזט אָן הרב ר׳ יהודה לייב מימון — האָט די משנה געשטעלט כּסף פאַר שטר און ביאה, וועלכע זענען „מדאורייתא", אַ תּורה־געזעץ[52].

די גאונים, ווי די נאָכפאָלגערס פון די חכמי התּלמוד, האָבן איינגעפירט אַז איידער דער חתן גייט מיט זיין כּלה צו דער חופּה, זאָל ער זי פריִער מקדש זיין מיט אַ טבעת, מיט אַ רינגל — און ביים אָנטאָן דאָס רינגל, זאָל ער זאָגן: הרי את מקודשת לי בטבעת זו כּדת משה וישׂראל. דער וואָס איז מקדש, זאָל וויסן, אַז נישט בלויז זענען די קדושין תּורהדיק, נאָר זיי זענען אויך באַזירט אויף דער ייִדישער מסורה, אויף דער ייִדישער טראַדיציע: די קדושי שטר, די כּתובה, וואָס איז אַ קנין מן התּורה קומט נאָך דער טבעת, נאָכן געלט־קנין.

ווי ווייט די תּורה האָט געוואָלט באַזאָרגן די פרוי, געבן חשיבות דער פרוי, זעט מען דערפון וואָס עס איז אָנגעוויזן אויף דער השפּעה פון דער פרוי, און די חכמי התּלמוד האָבן געזוכט צו רעקאָמפּענסירן די פרוי, כּדי עס זאָל זיין „משפּטי ד׳ אמת צדקו יחדיו"[53], הן וועגן קדושין אָן עדות, בירגערלעכע קדושין אַאַז״וו, הן וועגן ירושה־ענינים, אויב זי האָט נישט קיין לעגאַל־יורידיש רעכט אויף ירושה, זאָל זי, די טאָכטער, די ווייב זיין באַזאָרגט מיט פּרנסה, מיט אַלץ וואָס איז נויטיק פאַר דער טאָכטער, אָדער פאַר דער ווייב. אָבער וועגן דעם באַזונדער.

ביי ייִדן איז די גרעסטע ברכה געווען, יעקב אָבינוס ברכה, „וידגו לרוב בקרב הארץ" און ווי דאָס ווערט אויסגעטייטשט: „כּדגים הללו שפּרים ורבים"...

פּרוכפּערקייט מיט אַ תּורה־לעבן, דאָס איז געווען דער ווּנטש פון די שאַפערס פון דער ייִדישער עטיק און ייִדישער מאָראַל: „מה דגים הללו אין להם חיות בלא מים, אף ישׂראל אין חייהם בלא תּורה — ואין מים אלא תּורה". וואַסער איז סימבאָליש פאַר דער תּורה: וואַסער האָט המשך און תּורה האָט המשך.

די קינסטלעכע אַבאָרטן פאַרקלענערן דעם ישוב אין ארץ־ישׂראל, ווי פּראָפ' אַנדריי שוראַקי האָט אַ מאָל געמאַכט אַ חשבון, פאַרלירט ישׂראל, צוליב די אַבאָרטן און קינסטלעכן אָפּהאַלט פון שוואַנגערשאַפט, יעדעס יאָר אַ גאַנצע שטאָט. מ'לויבט ייִדן וועלכע בויען שטעט און דאָ, טוט מען בידים חרוב מאַכן שטעט.

## הערות

### א

1 בראשית, א', כ"ח.
2 ישעיה, מ"ה, י"ח.
3 דאָ רעדט זיך וועגן היתר אונטער געוויסע אומשטאַנדן וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן דער פּוסק הדור ר' משה פיינשטיין און וואָס האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם אין דער רבנישער וועלט. דער רבנישער זשורנאַל, „המאור", האָט געווידמעט אַ צאָל נומערן אין שייכות מיטן דאָזיקן פּסק.
4 אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פּרוי" ווערט דער ענין באַהאַנדלט אין ביידע בענד. זע אויך, Birth Control in Jewish Law, David Feldman, Review, Jewish Social Studies, January 1970.
5 תורת חסד, חלק אבן העזר, סימן מ"ב.
6 Chatelaine, McLean-Hunter Ltd. November 1972. The Reader's Digest, May 1973.
7 ירמיה א', ה'.
8 איוב, ל"א, ט"ו.

### ב

1 וועגן שמירת הברית און אָפּהיט פון „מוציא זרע לבטלה" — אין תלמוד, אגדה און הלכה; אין קבלה־ספרים און אין חסידות — צו זען, די ספרים תורת אמת, אמרי אמת פון ר' לייבעלע איגר; די ספרים פון ר' צדוק הכהן מלובלין, באַזונדערס אין „ישראל קדושים".
2 בראשית, א', כ"ז.
3 דאָרט, דאָרט, כ"ח.

4 יבמות, ו׳, ו׳, גמרא, ס״א-ס״ו, ע״א.
5 תענית, י״א, ע״א.
6 ברכות, י׳, ע״א.
7 זע, רש״י און מפרשים, שמות, ב׳, א׳-ב׳.
8 זע, רמב״ן, אבן עזרא, שפתי חכמים און אַנדערע.
9 גור אריי׳, דאָרט.
10 אין זיין פּרעכטיקן פּובליציסטיש-באַלערנדיקן עסיי, „פאָרווערטס״, מאַי, 1973.
11 אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי״ — אויספירלעך.
12 יבמות, י״ב, ע״א-ע״ב; זע, הרב ר׳ גדלי׳ פעלדער, נחלת צבי, חלק ב׳ — פאַר-שיידענע פּרטים אין שייכות מיט „משמשת במוך״...
13 יבמות, ס״א-ס״ב.
14 זע, Tradition, Vol. 13, No. 1, Summer 1972
15 אליקים ג׳ אלינסון, סיני, תשרי-חשון, תש״ל.
16 דאָרט — אויספירלעך.
17 בבא בתרא, ס׳, ע״ב.
18 דאָרט, דאָרט.
19 חגיגה, י״ג, ע״א; ירושלמי, חגיגה, ב׳, א׳.
20 חגיגה, ט״ו, ע״א.
21 ווי אמנון רובינשטיין, איינער פון די פּראָנאַנטוואָרטלעכע פּובליציסטן אין ישראל, האָט אָנגעוויזן אין זיינעם אַן אינטערעסאַנטן מאמר וועגן די מאָראַל-פּראָבלעמען אין מדינת ישראל.
22 במדבר, י״א, י׳; שבת, ק״ל; יומא, ע״ה.
23 במדבר, ה׳, י״ב.
24 במדבר רבה, ט׳, ד׳.
25 זע, מועד קטן, כ״ג, ע״א; יבמות, ס״א, ע״ב.
26 סנהדרין, כ״ב, ע״א-ע״ב; גטין, ד׳, ע״ב.
27 פאה, א׳, א׳; לויטן נוסח התפלה: „ובין איש לאשתו״.
28 גרוש שנשא גרושה — ארבע דעות במטה, פסחים, קי״ב, ע״א.

## ג

1 אין מיינע ווערק „באַציונג צו אַרבעט און אַרבעטער״ און „באַציונג צו דער פרוי״ — אויספירלעכער.
2 בראשית א׳, כ״ח; ט׳, ז׳.
3 דער הויפּט-ריכטער באַראַ לאַסקין, איז אונדז גוט באַקאַנט. ער איז איינער פון די ליבעראַל דענקענדיקע מענטשן, אָבער מיט דרך-ארץ פאַר יידישער טראַדיציע, פאַר יידישע אָנשויונגען און עס איז צו האָפן, אַז ווי אַ ייד, וועט ער זיך רעכענען מיטן יידישן בליק אין אַזאַ פּראָבלעם.
4 זע, „רידערס דיידזשעסט״ Rider's Digest פון מאַי, 1972, ז״ז 48-51. דער שרייבער וויל אָנווייזן אויף די פונקציעס פון די געשלעכט-אָרגאַנען פאַרן קיום המין און ער איז איבערגעצייגט יאָן דער וויכטיקייט פון נאַטור-לעבן. אין אַ צווייטן אַרטיקל ז״ז 63-65, שרייבט אַ פרוי, עלסיעל טהראָפּ, וועגן דער געשאַנקענער מתנה פון דער פרוי („באָט ווימען אַר דהיי פּייוואַרד סעקס״) און אַז די פרוי דאַרף זיין צופרידן מיט דער פעמיניסטישער געשלעכט-מתנה. זי באַזירט איר טעזע אויף אַ צאָל אומאָפּפרעגבאַרע פאַקטן און קומט צום אויספיר, ווי ווייט די פרוי דאַרף זיין אַ שומחת בחלקה... זי קען אַרבעטן, צייטווייליק, פּערמאַנענט, שעהענווייז, אָדער פולע טעג... שפּילן פאַרשיידענע שפּילערייען, אָפּרוען זיך פון דער אַרבעט, מישן זיך אין פּאָליטיק, שרייבן — די פרוי, האַלט זי, געניסט מער פונעם לעבן ווי דער מאַן.

## ד

1 אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פּרוי" — מער באריכות.
2 זע, לעמבערגער אויסגאַבע, הכתר, סימן תקי"ט.
אין ספר חסידים, משנת אברהם פון הרב ר' אברהם אהרן פרייס, חלק ג', לויטן דפוס פּארמא און באָלאָניאַ סימן תתתתשי"ג — דאָרט פינקטלעכער נוסחאַ און לשון.
3 דאָרט.
4 לעמבערגער אויסגאַבע שנת הכתר, סימן תק"כ. דערמאָנטע הרב פרייס-אויסגאַבע, חלק ג', סימן תתתתשי"ד.
5 אבן העזר, סימן פ"ה.
6 זע אויך, אליקים גציל אלינסון, העובר בהלכה, סיני, בעריכת יצחק רפאל, תשרי-חשון, תש"ל.
7 נדה, ה', ג'; גמרא, מ"ג-מ"ד.
8 מיט אַ צייט צוריק איז דערשינען אַ ווערק אויף דער דאָזיקער טעמע
David M. Feldman, Birth Control in Jewish Law.
9 שמות, כ"א, כ"ב.
9 זע, אלינסון, דאָרט, באריכות.
10 ויקרא, כ"ד, י"ז. זע, רש"י, סנהדרין, ב', ע"ב, אָנהייב-וואָרט „יצא". אלינסון, ווייזט אָן אויף אַ פּרי מגדים, וואָס שייך נטילת נשמה — איז ער אַ נפש!
11 בראשית, ט', ו'. זע, סנהדרין, נ"ז, ע"ב; בראשית רבה, ל"ד, י"ט; רמב"ם, מלכים, ט', ד' א"אַ.
12 סנהדרין, נ"ט, ע"א, אָנהייב-וואָרט ליכאַ; חולין, ל"ג, ע"א, אָנהייב-וואָרט, אחד.
13 ר' מאיר שמחה הכהן מדווינסק, משך חכמה, ויקהל.
14 שו"ת "חוות יאיר, סימן ל"א.
15 אהלות, ז', ו'; זע אויך, סנהדרין, ה', ז'; גמרא, ע"ב, ע"ב.
16 זע, רמב"ם, רוצח, א', ט'; שו"ע חו"מ סימן תכ"ה, ב'.
17 ספר חסידים, ג', ניו יאָרק, תשכ"ה, סימן תתתתשי"ז.
18 סימן ל"א.
19 זע, אגרות משה, ג', אבן העזר.
20 זע, משנת אברהם, ספר חסידים, דאָרט.
21 שמואל ב', י"ג, א'-ט"ו.
22 זע, שבת, קי"א, ע"א; יבמות, ס"ה, ע"ב; ירושלמי, יבמות, ו'.
זע אויך, קדושין, ל"ה, ע"א און רש"י אויפן אָרט.
23 זע, בראשית רבה, ח', י"ב. „שכל אשה שיוצאה לשוק סופה להכשל"... און דער אויספיר: ר' ירמיה ור' אבהו ור' יצחק בר מריון בשם ר' חנינה: הלכה כר' יוחנן (בן ברוקה). ווי געזאָגט, פאַרנעמען מיר זיך נישט מיט קיין הלכהשע אויספירן.
24 כתובות, ס"ג, ע"ב.
25 שו"ע אבן העזר, סימן ע"ז, סעיף ב'; שו"ת תירוש ויצהר, — הרב צבי יחזקאל מיכלזאָן, סימן פ"ב; אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פּרוי" — אויספירלעכער.
26 תוספתא, יבמות, פרק א'; טור אהע"ז א"אַ.
27 סנהדרין, ל"ז, ע"א.
28 יבמות, י"ב, ע"ב; ק', ע"ב; כתובות, ל"ט, ע"א; נדרים, ל"ה, ע"ב; נדה, מ"ה, ע"א א"אַ מקומות.
29 זע, תוספות, יבמות אויפן אָרט. זע אויך, נמוקי יוסף, רש"י, ר"ן-נדרים, מרדכי יבמות א"אַ.
30 זע, המאור ספר היובל, חלק ב', וועגן פאַרבאָט פון הפּלה מלאכותית, וועגן די טויזנטער קינדער וואָס ווערן אומגעבראַכט דורך דעם סאָרט אַבאָרטן.

## ה

1 דברים, א׳, י׳-י״ב.
2 בראשית, כ״ב, י״ז; י״ג, ט״ז.
3 אין אגדות חז״ל און אין זוהר, שמות, ג׳; ויקרא, ה׳, ע״ב.
4 ויקרא, ט״ז, ו׳; י״א, י״ז. זע, ויקרא רבה, פרשה כ׳, סימן ט׳; סימן י׳.
5 חגיגה, י״ד, ע״ב — רש״י: „שמת בחור״:
6 דברים, כ״ג, י׳-ט״ו.
8 ויקרא, ט״ו, י״ח.
9 דאָרט, י״ח, י״ט.
10 „באַציונג צו דער פרוי״ — אויספירלעכער.
11 „אבר קטן יש באָדם, משביעו רעב, מרעיבו — שבע... רש״י: משביעו בתאווה, בתשמיש, רעב ומרעיבו — מרבה בתאווה...״ סוכה, נ״ב, ע״ב; ירושלמי, כתובות, ה׳, ח׳.
12 זע, יומאָ, י״ח; כתובות, ס״ב-ס״ג; רש״י און תוספות — אויפן אָרט.
13 שבועות, י״ח, ע״ב.
14 פסחים, משנה ח׳, ח׳; גמרא צ״ב, ע״א.
15 ירמיה, כ״ג, כ״ט; זע, שבת, פ״ח, ע״ב: „מה פטיש זה נחלק לכמה ניצוצות, אף כל דבור ודבור שיצא מפי הקב״ה נחלק לשבעים לשונות״; זע אויך, סוכה, נ״ב, ע״ב; סנהדרין, ל״ד, ע״ב. פון די אַלע תלמודישע שטעלן, ווייזט אויס, אַז מען האָט אַ רעכט צו זוכן און צו געבן טעמים, ויסנדיק, אַז מען דערגרייכט נישט צום העכסטן וויסן און מען קען נישט זיין זיכער אויף דעם איינציק טעם.
16 ויקרא רבה, י״ב, ט״ו.
17 נדה, ל״ב, ע״א.
18 זע, המאור, תשל״ב, ר״ה, ר״י — באַהאַנדלענדיק קינסטלעכע באַפרוכפערונג. אַ צאָל רבנים באַטייליקן זיך, צווישן זיי: הרב מוהר״ם לונדינסקי, אברהם מאיר איזראַעלס, מוהר״ם אמסל.
19 הכרך השני, העורך ומו״ל ר׳ מאיר אמסל, ניו-יאָרק, התשל״ז, ז״ז תקפ״ח-תרט״ו.
20 זע, קונטרס, המאור 205.
21 מעשה בית דין במורדת, הדרום — (העורך, הרב חיים דוב שעוועל) חוב׳ מ״א, ניו-יורק, ניסן תשל״ה, ז״ז 49-55.
22 זע, אהע״ז, הג״ה, סימן ע׳, ב׳.
23 דברים כ״ג, י׳.
24 ע״ז, כ׳, ע״ב; זוהר, וישב און ויחי.
25 יבמות, ס״א, ע״ב; רמב״ם, אישות, ט״ו; איסורי ביאה, כ״א, י״ח; פירוש המשניות, סנהדרין, ז׳, ד׳ א״אַ.
26 רבנו תם, תוס׳ יבמות, י״ב, ע״ב, אָנהייב-וואָרט, שלש; סנהדרין, נ״ט, אָנהייב-וואָרט „והא״.
27 זע, תורת חסד, רש״ז מלובלין, חלק ב׳, סימן מ״ג; שטיינבערג, דאָרט.
28 הרב שטיינבערג — באריכות.

## ו

1 זע, הרב צבי יחזקאל מיכלזאָן, שו״ת תירוש ויצהר, סימן קי״א.
2 רמ״א, או״ח סימן תקנ״ב, סעיף ב׳; זע, שדי חמד (חת״ם) אָנגעבנדיק צאָל רבנים וואָס האָט דערלויבט חתונות אין די תמוז-אב טעג, אויב ס׳איז געווען אַ פראַגע פון מקיים זיין פריה ורביה.

3 בראשית, ט׳, ו׳.
4 בראשית רבה, ל״ד. דאָרט איז דער נוסח ממעט את הדמות — ער פאַרקלענערט דאָס געשטאַלט.
זע, תוספתא, יבמות, ט׳, ד׳; מכילתא, יתרו א״א; משה גרינברג, ערך האדם במקרא, שדמות, גליון ה-50, חורף תשל״ג, ז׳ 169, הערה, אַז די גירסא דאַרף זיין, „נפש אחת״ אינעם אוניווערסאַלן זין, אַלע מענטשן. ווייזט אַן אויפן מאמר פון א. א. אורבאַך, תרביץ, מ׳, ג׳, ניסן, תשל״א.
5 יבמות, ס״ג, ע״ב.
6 זע, מדרש הגדול און שאלתות, פ׳ נח; הרב מ. מ. כשר, תורה שלמה, בראשית, ט׳ אות ל״ז, אות מ״ז.
7 לויט איין דעה, איז ער געווען אַ גרוש. זע, סוטה, ד׳, ע״ב.
8 תהלים, ח׳, ו׳ „האָסט אים געמאַכט שיר ניט מינער פון גאָט״ — יהואָש-איבערזעצונג.
9 בראשית, ב׳, ז׳.
10 איוב, כ״ה, ד׳, ו׳.
11 בראשית, א׳, א׳, כ״ח.
12 דאָרט, ד׳, י׳.
13 ווי מיר האָבן פריער אָנגעוויזן.
14 אין מיינע ווערק ווערט באַהאַנדלט דער סאָציאַל-עטישער מאָטיוו פון דעם ווונדער אין מענטש-יצירה.
15 סנהדרין, נ״ח, ע״ב.
16 כ׳, כ״ה.
17 זע, רש״י, סנהדרין אויפן אָרט. אין משלי, טייטשט רש״י און ענלעך קאָמענטירט דער בעל המצודות, אַז מיט זיינע עבירות און שלעכטע, פאַלשע רייד, שטרויכלט דער מענטש זיין אייגענע קדושה. לויטן תרגום יונתן, נאָכגעפאָלגט פון מלבי״ם, איז זיין רעדן „קודש״ אַ שטרויכלונג פאַר אים... זע אויך יהואָש-איבערזעצונג.
18 בראשית, ט׳, י׳.
19 דאָרט, כ״ח, כ׳.
20 זע, מאיר חבצלת, כבוד האדם במקרא, הדואר, י״ט בשבט, תשל״ה.
21 זע, „דברי מר אריה דולצין״, אַ הקדמה צו דער ספּעציעלער אויסגאַבע, „על דוד בן גוריון ז״ל — על החזון הציוני ועל הגשמתו״, ירושלים, תשל״ד-1974.
22 אַ ווערטל באַזירט אויף אַ מאמר אין דער גמרא, תענית, ח׳, ע״ב.
23 ירושלמי, יבמות, י״ב; מס׳ סופרים, י״ד, י״ח.
24 מטה אפרים, סימן תר״י.
25 סוטה, מ״ד, ע״א.

## ז

1 בראשית, א׳, כ״ח.
2 דאָרט, ב׳, כ״ד.
3 סנהדרין, כ״ז-כ״ח; נ״ט, ע״א און תוס׳ דאָרט; חגיגה, ב׳, ע״ב; שאילתות, וזאת הברכה; יבמות, ס״ג א״א. רמב״ם, מלכים, ט׳, ה׳; אָנהייב אישות; חינוך, א׳; טור ושו״ע — סימן א׳ און נושאי כלים.
4 המאור, ברוקלין, ניסן, התשל״ה.
5 חוות יאיר, סימן קפ״ה.
6 דברים, ז׳, ג׳; זע, שו״ת באר משה, להרב ר׳ משה נחום ירושלימסקי, קונ׳ כלל גדול בתורה, הרב שניידער ציטירט פון דער דאָזיקער תשובה.
7 מטה אפרים, סימן תר״י מקור; שבת, ל״ה, ע״ב; עירובין, ק״ד, ע״ב; תענית, כ״ח, ע״ב; ביצה, ד׳, ע״ב; מנחות, כ׳, ע״ב, תוס׳ אָנהייב-וואָרט, נפסל. אַ מנהג איז אַ מאָל

מבטל אַ הלכה, ירושלמי, יבמות, י״ב; מס׳ סופרים, י״ד, י״ח — מערער וועגן מנהג — ווייטער.

8 שמות, כ״ב, ט״ו-ט״ז. זע, כתובות, י״א, תוס׳ אָנהייב-וואָרט „הואיל״; יבמות, פ״ט, ע״א, אָנהייב-וואָרט „מאי טעמא״ א״אַ. אין דברים, כ״ב, כ״ח-כ״ט — „חמשים כסף״ „ולא תהי׳ לאשה, תחת אשר ענה, לא אוכל לשלחה כל ימיו״.

9 כתובות, פ״ב, ע״א; שבת, י״ד, ע״ב; רש״י און תוספות, אויפן אָרט; ר׳ צבי הירש חיות, „מבוא התלמוד״. זע, ר׳ יעקב ורדיגר, עדות לישראל, בני ברק, תשכ״ה, ז״ז א׳-ב׳ — באריכות.

10 זע, ורדיגר, דאָרט — ז״ז י׳-י״א.

11 כתובות, ה׳, ג׳, אַ טאָכטער פון אַ ישראל, וועלכע האָט חתונה מיט אַ כהן, טאָר נישט עסן קיין תרומה, סיידן זי גייט אַרונטער אונטער דער חופה — פעטרושקאַ-איבערזעצונג.

12 הושענות להושענא רבה.

13 וועגן דעם אין מדרשים. זע, מסכת שמחות, ז; ירושלמי, כתובות, ד׳, ז׳; פרקי דרבי אליעזר, מ״א; ורדיגר, עדות לישראל — שירותא דצלותא, ז״ז כ״ה-כ״ו.

14 ירושלמי, סוטה, ט׳, ט״ו.

15 רמ״א, אבן העזר, ס״א, א׳; שו״ע יו״ד, שצ״א.

16 סוטה, ט׳, י״ד; מ״ט, ע״א; „פולמוס״ איז דאָס גריכישע וואָרט „פּאָלעמאָס״ — מלחמה: אין דער לעצטער מלחמה האָט מען גוזר געווען, אַז אַ כלה אין חופה-טאָג, זאָל נישט אַרויסגיין אין אַ טראָגשטול מיט אַ געצעלט פון באַגילדטע פאַרהאַנגען אַרום אין שטאָט — פעטרושקאַ-איבערזעצונג.

17 אישות, י׳, א׳.

18 ירושלמי, כתובות, א׳, ד׳ א״אַ מקומות.

19 סוטה, ב׳ און מפרשים אויפן אָרט. איין תירוץ, ווייל וועגן אַ פרוי, דאַרף מען זיין מער געהיט, ווי די חז״ל האָבן אָנגעזאָגט: „לעולם ימכור אדם כל מה שיש לו וישא בת תלמיד-חכם״ — פסחים, מ״ט, ע״ב.
זע, יצחק מאיר הלוי, אגרי דבי הלולי, פיעטרקוב, הדפסה שני׳, ברוקלין, תשל״ה.

20 אין זיין ספר „פרדס רמונים, שער היכלות״.

21 סוף מסכת גיטין.

22 מנחות, ק״י, ע״א.

23 שיר השירים, א׳, י״ד. רש״י: „בין בדי הארון״; אבן עזרא — „בין הכרובים או באמצע מחנה ישראל. זע אויך, מצודת ציון, מצודת דוד און אַנדערע מפרשי המקרא — לערנען פשוט, לויטן געדאַנק פון „אין מקרא יוצא מידי פשוטו״.

24 רמ״א און אַנדערע ברענגען דעם מנהג, וואָס איז שטאַרק אָנגענומען געוואָרן ביי יידן. דער רינגל-סימבאָל איז אויך געוואָרן אַ ריטואַל ביי אַנדערע פעלקער.

25 זע, „באַציונג צו דער פרוי״. וורדיגר, דאָרט, ז״ז ל״ז-מ״א — אויספירלעך וועגן דעם מנהג טבעת.

26 פסחים, מ״ט, ע״א; תוספ׳ דאָרט, קי״ד, ע״א, אָנהייב-וואָרט „ואין״; רמב״ם, חמץ ומצה, ג׳, ט׳; דעות, ה׳, ב׳; רשב״ם, פסחים, קי״ג, ע״ב; יבמות, מ״ג, ע״ב; ק״ז, ע״א א״אַ.

27 יבמות, ס״ג, ע״ב. רש״י: נסתמין, לשון ויפק, כמו פוקקין הנקבים — שבת, קכ״ה, ע״ב.

28 שבט מוסר, פאַרנעמט זיך מיטן וואָרט „מתפקקין״ און פאַר וואָס נישט פשוט, מוחלין.

29 בראשית, כ״ט, כ״ב; שופטים, י״ד, מ״ב — נאָכקוקן מפרשים.

30 משלי, י״ח, כ״ב. אין קהלת, ווערט די פרוי גראַד געשטעלט אין שאָטן ווי אַ נעגאַטיווער כאַראַקטער: „ומוצא אני מר ממות את האשה... אדם אחד מאלף מצאתי ואשה בכל אלה לא מצאתי״ — קהלת, ז׳, כ״ו-כ״ח.

31 ברכות, ל״א, ע״א: „אייתי כסא דמוקרא״... דאָרט רעדט זיך נישט פונעם מנהג צו צעברעכן אַ כלי זכוכית אונטער דער חופה.. אַ וווּנדער, וואָס דער בעל מחבר פון „אגרי דבי הלולי״ ווייזט אָן אויפן צל״ח. לויטן סדר פון דער גמרא, האָט דאָס

צעבראָכן טייער גלאָזוואַרג און דאָס זינגען טרויער-לידער ביי אַ חתונה, צוליבן מאָטיוו פון נישט פאַרלירן זיך אין דער הוליאַנקע, ווייל „אסור לאדם שימלא שחוק פיו בעולם הזה..."

32 מגילה, כ"ט, ע"א; כלים, כ"ב, ד'; מהרי"ל הלכות נשואין.

33 בראשית רבה, ח', ט"ו; שבת, צ"ה, ע"א; ברכות, ס"א, ע"א; עירובין, י"ח, ע"ב; כתובות, י"ב, ע"ב; זוהר, בראשית, מ"ח, ע"ב; פרקי דרבי אליעזר, י"ב. ס'ווערט געזאָגט, אַז מיכאל און גבריאל, זענען אויך די „שושבינין" — בראשית רבה, ח', י"ג.

34 דברים, כ"ד, ה'. „...פריי זאָל ער זיין פאַר זיין הײם איין יאָר, און דערפרייען זיין ווייב וואָס ער האָט גענומען".

35 זע, יצחק ריבקינד, יידישע געלט, ניו-יורק, האַקדימיה האמריקנית למדעי היהדות, תש"ך-1960; אַריינפיר, ז"ז 24-20; וועגן חתונה-קאָסטן און פּראָבלעמען ביים חתונה מאַכן אַ קינד, באַזונדערס אַ טאָכטער, זען, נומ' 7, 34, 57-58, 177, 253-255; 389, 597, 598, 666 א"אַ.

36 יידישע קלעזמער, ליטעראַרישער אַלמאַנאַך, מאָסקווע, 1941.

37 „הכלי זמרים..." מוסד ביאַליק, ירושלים, תשי"ט.

38 „מפנקסו של חזן ובדחן", אין דער זאַמלונג „מנחה ליהודה", מוגש להרב יהודה ליב זלוטניק, ירושלים, תש"י; „כלי זמרים", פרק בתולדות האמנות העממית, ניו-יורק, תש"ך-1960.

39 ירושלים, תש"ה.

40 „העתיד", ברלין, תרע"ב; תרע"ג.

41 זע, המאור, שבט-אדר, תשל"ה, ז"ז 5-12.

42 זע, יבמות, ס"ב-ס"ג; פסחים, ק"ג, ע"ב.

43 אדם כולל מדכר ונוקבא (דו"ן) אָדער זכר ונקבה (זו"ן) נקבה, נקב ה'... הנוקבא נקרא לילה — עץ חיים לר"ח ויטאל. זע, הרב ד"ר י. ש. רטנר, לאור הקבלה, ז' קי"ח.

44 שיר השירים רבה, ב', ז'; סוטה, י"א, ע"ב.

45 שמות רבה, א', ט"ז א"אַ מקומות.

46 רש"י, לויט שמות רבה. זע, מפרשים אויפן אָרט. דער אבן עזרא גיט צו: „ואני ראיתי ד' בנים שילדה אשה אחת והרופאים נותנים טעם, עד שבעה יגיעו בבטן אחת".

47 מגילה, י"ג, ע"ב; בבא בתרא, קכ"ג, ע"א.

48 תענית, י"א, ע"א; רש"י — אויפן אָרט: „דצריך האדם לנהוג צער בעצמו". זע, תוספות און מפרשים „דלכולי עלמא לא הוי איסור אלא למי שרוצה לנהוג עצמו בחסידות... זע, חיים מאיר יחיאל שטינברג, משנת חיים, תענית, בני ברק, תשכ"ט, סימן כ"ה.

49 עירובין ס"ג, ע"ב.

50 קדושין, א', א'.

51 רמב"ם, אישות, א', ב'.

52 הרב, י. ל. הכהן מימון, מבוא, מטה דן, הכוזרי השני, מאת רבי דוד ניטו, מוסד הרב קוק, ירושלים, תשי"ח, ז' 12.

53 תהלים, י"ט, י'; זע אויך וועגן קדושין בלי עדים און נישואין אזרחים אין „הדרום", ניו-יורק, ניסן, תשל"א.

## קאַפּיטל זיבעצן

# געמישטע חתונות

**א. אַ פּראָבלעם פאַר אונ־דזער דור. — קאָנפראָנטאַ־ציע פון אַלע זייטן. — מדינת ישׂראל און תפוצות ישׂראל. — דרינגענדיק מער ווי אין די פריִערדיקע יאָרן. — ווען איז גרות אָנגעלייגט? ווען ווערט אויס די „גע־מישטקייט״? — איבערציי־גונג אין אמונה.**

יידן האָבן אין אַלע צייטן געהאַט פּראָבלעמען — אינערלעכע און אויסערלעכע. דאָס שווער־סטע פּראָבלעם: ווי צו זיכערן דעם קיום פון פאָלק. אַזוי אין די פינצטערע יאָרהונדערטער, צוליב דער שׂנאה צום ייִד און דעם אַרויפצווינ־גען שמד. אַזוי אויך אין דעם ליכטיקן יאָרהונ־דערט — צוליב דער פרייער געזעלשאַפט. דאָס עפענען ברייט די געטאָ־מויערן און לאָזן דעם ייִד אָטעמען און געניסן געוויסע בירגערלעכע פרייהייטן, האָט געבראַכט מיט זיך די סכנה פון „געמישטקייט״ און אַסימילאַציע.

געמיינט האָט מען, אַז מיטן אויפקום פון מדינת ישׂראל, וועלן אַלע פּראַגעס און פּראָבלעמען געלייזט ווערן. די ווירקלעכקייט ווייזט, אַז מיטן אויפקום פון דער מדינה, מיטן דערגרייכן שטאַטלעכקייט, זענען נאָך אַלץ אַקטועל די פּראָבלע־מען וועגן קיום האומה: „מיהו יהודי״ וואָס נעמט אַריין די פּראַגע פון „גיור כהלכה״. דאָס אָנגעווייטיקסטע פּראָבלעם: געמישטע חתונות, ווי אַזוי צוימט מען און מען קאָנטראָלירט דאָס געמישטקייט ביי ייִדישע משפחות, וואָס ברענגט אַריין געמישטקייט אין פיזישן און גייסטיקן לעבן.

געווען צווישן ציוניסטן אַזעלכע, וואָס האָבן בכלל נעגירט דעם גלות, און כמעט געפּרעדיקט גלות־ליקווידאַציע. די דאָזיקע זענען אויך געווען איבערצייגט, אַז ווען ייִדן וועלן האָבן זייער פאָטערלאַנד, ווען מדינת ישׂראל וועט זיין אין צענטער פון ייִדישן לעבן, דאַן וועלן די ייִדישע גענעראַלע קעפּ מער נישט נעגירן זייער ייִדישע אָנגעהעריקייט. זייערע גאונישע דערגרייכונגען וועלן שוין גיין אַפילו אין דער פרעמד אויפן ייִדישן חשבון און במילא וועט פאַרקלענערט, יעדנ־פאַלס, אָפּגעשוואַכט ווערן, די געפאַר פון געמישטקייט.

היינט צו טאָג זעט מען די איראַציאָנעלקייט, די אומפּראַקטישקייט פון אַזאַ צוגאַנג. די געטרייסטע ישׂראל־פּירערס באַנוצן זיך שוין מיט דער לאָזונג „מיטן פּנים צום גלות״... אויך דאָס פּראָבלעם אַסימילאַציע וואָס קומט מייסטנס דורך געמישטע חתונות, איז אַנשטאָט פאַרקלענערט צו ווערן, גאָר פאַרשטאַרקט געוואָרן אומעטום, אַפילו אין ישׂראל — ביי דעם שטאַרקסטן אַנטאַגאָניזם אין די ייִדיש־אַראַבישע באַציִונגען — קומען דאָך פאָר צווישן ייִדן און אַראַבער געמישטע חתונות. אין אַמעריקע זענען, לויט אַ סטאַטיסטישן חשבון, אין די יאָרן 1966 און 1971, געווען 31 פּראָצענט געמישטע חתונות, איינשליסנדיק, פאַרשטייט זיך, אַזעלכע דורך גירות, אָבער מייסטנס — גירות נישט לויט דער הלכה.

אין אונדזער תקופה, די יאָרן נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון מדינת ישׂראל, האָבן מיר צווישן די פּראָבלעמען, אויסער בנין הארץ און הצלה פון סאָוועטישע ייִדן, דאָס פּראָבלעם געמישטקייט — לויט חתונות — וואָס איז די גרעסטע געפאַר פאַרן קיום האומה און, ווי געזאָגט, איז אַפילו אין ישׂראל, דאָ אַ פּראָבלעם פון געמישטקייט. אין ישׂראל, וואַקסט די צאָל ייִדישע מיידלעך וואָס גייען איבער צום איסלאַם. אמת, דאָס זענען פון די זעלטענע דערשיינונגען און ס׳איז נישטאָ קיין מורא פון אַ מאַסן־פּסיכאָז — אָבער אויף דער טאָג־אָרדענונג דאַרף עס זיין, ווייל מיר טאָרן נישט פאַרלירן קיין איין ייִדיש נפש.

וואָס שייך גרים, האָבן מיר שוין געשריבן אומצייליקע מאָל [1] אַז ייִדן האָבן מקבל געווען באהבה די יעניקע וועלכע זענען געווען ערנסט אַנצונעמען די ייִדישע אמונה: מ׳האָט אַזעלכע אַרויסגעוויזן גרענעצלאָזע העפלעכקייט, געוואַלטיקע התקרבות. אַפילו די „גרי אריות״, גרים צוליב מאָטיוון, האָט מען מקבל געווען און געזאָרגט פאַר זייער חיונה.

ס׳איז כאַראַקטעריסטיש אַ מעשׂה שהיה [2], וואָס ווייזט אויף דעם סבלנות פון די חז״ל צו גרים: „מעשה באשה אחת שבאה אצל ר׳ אליעזר להתגייר. אמרה לו: רבי, קרבני. אמר לה: פרטי את מעשיך. אמרה: בני הקטן מבני הגדול. נזף בה. הלכה אצל ר׳ יהושע וקבלה. אמרו לו תלמידיו: „ר׳ אליעזר מרחק ואתה מקרב?״ אמר להם: „כיון שנתנה דעתה להתגייר, אינה חיה לעולם, דכתיב „כל באיה לא ישובון, ואם שבו לא ישׂיגו אָרחות חיים״ [3].

אין ייִדיש:

ס׳איז געווען אַ מעשׂה מיט אַ פרוי וואָס איז געקומען פאַר ר׳ אליעזרן זיך מגייר צו זיין. האָט זי געזאָגט צו אים: רבי, זיי מיך מקרב (דערנענטער מיך צו ייִדישקייט, זיי מיך מגייר). האָט ער געזאָגט צו איר: דערצייל אויס דיינע מעשׂים. האָט זי געזאָגט: מיין ייִנגסטער זון איז (מיר געבוירן געוואָרן) פון מיין עלטערן זון... האָט ער זי אויסגעזידלט.

איז זי אַוועק צו ר׳ יהושע, און ער האָט זי אויפגענומען, האָבן געזאָגט צו אים זיינע תּלמידים: „ר׳ אליעזר דערוויַיטערט און דו דערנענטערסט? האָט ער געזאָגט צו זיי: ווי באַלד זי איז געקומען צו דער דעה זיך מגייר צו זיין, ווייס זי שוין מער נישט לעבן אין דער וועלט פון איר פריִערדיקן שטייגער[4], ווי עס שטייט געשריבן: אַלע וואָס קומען צו איר (צו דער וועלט פון זנות — ש.ד.) קערן זיך נישט אום; אָבער, אויב זיי האָבן זיך אומגעקערט, וועלן זיי מער נישט גרייכן די (פריִערדיקע — ש.ד.) וועגן פון לעבן...״[5]

פשוט, טייטשט מען, אַז די זינדיקע אין זנות קערן זיך מער נישט צוריק און גרייכן נישט די וועגן פון לעבן, אָבער ר׳ יהושע האָט אַזוי קאָמענטירט און אַזוי אַריינגעטייטשט אינעם פסוק, צו באַרעכטיקן זיין התקרבות און דערקלערן, אויב זי האָט זיך יאָ צוריקגעקערט, איז ער איבערצייגט, אין איר ערנסטקייט, אין איר ווילן צו ווערן אַ ייִדישע פרוי, נאָך אַזעלכע באַגאַנגענע זנות־פאַרברעכנס. פאַר וואָס האָט ער געזוכט אַזוי אויסצוטייטשן דעם פסוק? צוליב פשוטן מאָטיוו — מקרב צו זיין די גרים, אַפילו ווען זי איז פריִער געווען פאַרטאָן און אַריינגעלאָזט אין הפקרות.

געוויינלעך טייטשט מען אַז שלמה המלך, דער בעל „משלי״ האָט דאָ געוואָלט באַטאָנען, אַז די וואָס לאָזן זיך אַריין אין זנות, קאָן מען נישט אָפּרייסן, זענען פאַר־פאַלענע, ס׳איז אַ ראָד אין וועלכן מ׳דרייט זיך אַריין און מ׳קען זיך מער נישט אַרויסדרייען, ווי דער מלב״ים דריקט זיך אויס: „כּי מן המעגל הזה לא ישׂיגו עוד אָרחות חיים...״[6]

ר׳ יהושע האָט געזוכט צו לערנען דעם פסוק, אַז ס׳איז נישט אַזוי פאַטאַ־ליסטיש; דער מענטש וואָס זוכט לעבן, קאָן ער עס געפינען און אַז דאָס גרות, אויב מיט פולער ערנסטקייט, קאָן אים זיכערן לעבן און אים אָפּרייסן פון זיין פאַרגאַנגענהייט.

מיר האָבן שוין נישט איין מאָל געשריבן וועגן דער גרטע בלוריא, אָבער צוליב באַשטעטיקן אונדזער ענין, וועלן מיר נאָך אַ מאָל ברענגען די מעשׂה, וואָס באַשטעטיקט די אומגעוויינלעכע התקרבות, וואָס די חז״ל האָבן אַרויסגעוויזן צו גרים.

דערציילט די גמרא:

„שאלה בלוריא הגיורת את רבן גמליאל, כתיב בתורתכם[7]: „אשר לא ישׂא פנים״ וכתיב: „ישׂא ד׳ פניו אליך״[8]. זי האָט אים אָנגעוויזן אויף אַ סתירה אין דער תּורה: אויף איין אָרט, זאָגט אונדז דער פסוק, איז נישטאָ ביים רבונו־של־עולם קיין נשׂיאת פנים און אויף אַן אַנדער אָרט איז געשריבן, אַז גאָט וועט דיר אַרויסווייזן נשׂיאת פנים...

רבן גמליאל האָט איר נישט געענטפערט, אָבער נישט אָפּגעשטופּט און איבער־געגעבן צו ר׳ יוסי הכּהן, ער זאָל איר ענטפערן און ער האָט געענטפערט מיט אַ משל: דער חילוק איז צווישן עבירות שבין אָדם לחברו און עבירות שבין אָדם למקום [9]. ס׳הייסט, אַז אויף פאַרברעכנס, וואָס דער מענטש באַגייט קעגן דעם רבונו־של־עולם, ווייזט דער רבונו־של־עולם אַרויס אַ „נשׂיאת־פּנים", אויב יענער טוט תּשובה, האָט חרטה אויף זיינע מעשׂים. אַנדערש איז, ווען די פאַרברעכנס זענען קעגן מענטש. דאַן מוז דער מענטש טאָן מעשׂים, יענעם איבערבעטן; אויב ער האָט יענעם באַגזלט, דאַרף ער אומקערן די גזילה, דאַן קאָן דער רבונו־של־עולם אים מוחל זיין; אויב ער טוט עס נישט, וועט דער רבונו־של־עולם אים נישט אַרויסווייזן קיין צופרידנקייט, קיין נשׂיאת־פּנים.

ס׳ווערן געשטעלט אויף דער דאָזיקער דערציילונג דריי פראַגעס:

1) פאַר וואָס האָט די גרטע געזאָגט בתורתכם — אייער תּורה?

2) פאַר וואָס האָט איר רבן גמליאל נישט געענטפערט?

3) פאַר וואָס נישט קיין אַנדערער, נאָר ר׳ יוסי הכּהן האָט איר געענטפערט?

מיר האָבן דערויף פאַרשיידענע תּירוצים און מיר דאַרפן נישט אַריינגיין אין פּלפּול־לאַבירינטן, קלאָר צו מאַכן די העפלעכקייט צו דער בלוריא. די אָנגענומענע מיינונג איז, אַז זי האָט די פראַגע געשטעלט איידער זי האָט זיך מגייר געווען. זי איז געווען פאַראינטערעסירט זיך צו באַקענען מיט דער ייִדישער מאָראַל, מיט דער ייִדישער עטיק, זי האָט נישט געקענט באַנעמען די דאָזיקע געטלעכע באַציִונג, זעענדיק דערין אַ סאָרט שאָוויניזם.

רבן גמליאל, אין אַלגעמיין אַ שטרענגער, מסתּם אויך צו גרים, האָט זיך נישט געוואָלט פאַרנעמען מיט אַ פּרוי וואָס פרעגט קשיות אויף דער תּורה. האָט זיך דעריבער אָפּגעגעבן מיט איר ר׳ יוסי הכּהן, וועלכער האָט איינגעזען איר אויפ־ריכטיקייט און איר גוט מסביר געווען, אין וועלכע פאַלן דער רבונו־של־עולם באַציט זיך מילד און אין וועלכע פאַלן שטרענג, מיטן מידת הדין און חומר הדין.

די בלוריא איז נאָך דעם געוואָרן אַ גרטע אין פולן זין פון וואָרט, איבער־געגעבן צו יהדות און דאָ איז כּדאי נאָך אַ באַמערקונג: די חז״ל, אין אַרויסווייזן התקרבות צו גרים, האָבן נישט געמאַכט קיין חילוק, צי דאָס איז אַ מאַן, צי אַ פרוי, אַזוי לאַנג, ווי דער גר אָדער די גרטע האָט אַרויסגעוויזן אַן ערנסטן ווילן צו יהדות — האָט מען דאָס אָפּגעשאַצט און אָנערקענט.

אויף דעם פּסוק „אָדם כּי יקריב מכּם קרבן לד׳" [10] ווערט געדרשנט: „אָדם — לרבּות את הגרים" [11], אַז מען איז זיך מגייר, איז מען פאַררעכנט: „כּקטן שנולד דמי" [12] און מען גייט אַוועק פונעם כּלל: „אתּם קרויים אָדם — ואין אומות העולם קרויים אָדם" [13]. דער גר ווערט באַטראַכט ווי אַ נייַער מענטש, ווען ער איז מקבּל די תּורה, ווען ער נעמט אויף זיך די מצוות; די פאַרגאַנגענהייט ווערט

אָפּגעווישט און ער הייבט אָן אויף ס'ניי אַ ייִדיש לעבן, די גרים וואָס לערנען און זענען עוסק אין תורה, זענען אַזוי גרויס ווי די כהנים[14]. לויט רבי מאירן, „אפילו נכרי (אין אייניקע נוסחאות — אפילו עובד כוכבים — עכו"ם) שעוסק בתורה, איז ער גערעכנט ווי כהן גדול[15] — און „נכרי" איז געמיינט געוואָרן, ווי אייניקע מפרשים און פוסקים ווייזן אָן — אַזעלכער, וואָס איז מקיים די שבע מצוות, ווי די ברייתא לערנט אונדז: „שבע מצוות נצטוו בני נח: דינין וברכת השם, עבודת אלילים, גילוי עריות ושפיכות דמים, וגזל ואבר מן החי"[16]. דינין מיינט נישט דווקא, דאָס אָפּגעהיטנקייט פון האָבן דיינים אין יעדער שטאָט, ווי דער דין איז ביי ייִדן. לויטן רמב"ן מיינט עס, זיי זאָלן זיין געהיט אין די געזעצן נישט צו נאַרן, נישט צו גזלן, נישט צו באַרויבן דעם אַרבעטער אאַז"וו. אַזאַ איינער פון די פעלקער, וואָס איז מקבל אויף זיך, אויסצופילן און אָפּצוהיטן די דאָזיקע לערעס, איז ער פאַררעכנט ווי איינער פון די חסידי אומות העולם.

דער מעמד הר סיני און דאָס נעמען אויף זיך די מצוות, איז ווי גרות־פּראָצע־דור[17].

ווי מיר זעען, האָבן מיר דאָ חלוקי דעות ביי די תנאים אינעם אויסטייטש פון וואָרט אָדם: וואָס הייסט אַ מענטש? דער פאַקט איז, אַז ס'איז דאָ אַ דעה, אַז מענטש שליסט איין דעם גר און ער, דער גר, האָט זיין הויך אָרט, אויב ער פירט אויס אָט די אַלע פונקציעס.

דער רמב"ם פּסקנט[18] „כל המקבל שבע מצוות ונזהר לעשותן, הרי זה מחסידי אומות העולם, ויש לו חלק לעולם הבא" און ער גיט צו: „והוא שיקבל אותן ויעשׂה אותן מפני שצוה בהן הקב"ה בתורה והודיענו ע"י משה רבינו שבני נח מקודם נצטוו בהן, אבל אם עשׂאן מפני הכרע הדעת, אין זה גר תושב ואינו מחסידי אומות העולם"...

דער מקור פון רמב"מס הלכה איז, אָן ספק, ווי ר' מרדכי גיפּטער[19], ווייזט אָן, פון משנת ר' אליעזר בנו של ר' יוסי הגלילי, וואָס זאָגט עס אין אַן אַנדער לשון.

דער סך־הכל פון דאָס געזאָגטע איז, אַז די דערווייטערונג פון עכו"ם, איז נישט קיין ראַסיסטישע, נאָר איז באַזירט אויף אמונה: אויב ער האָט אמונה, איז מקיים די יסודות פון מענטשלעכקייט, היט אָפּ די פּרינציפּן אויף וועלכע ס'איז געבויט די מענטשלעכע ציוויליזאַציע, איז מען אים מקרב און מען נעמט אים אַריין אין ייִדנטום.

רותן האָט מען מקבל געווען, זי האָט זוכה געווען צו מלכות ישׂראל, ווייל איר גרות איז געווען אַן ערלעכע און איבערצייגנדיקע: „מאי רות? — אמר ר' יוחנן, שזכתה ויצא ממנה דוד שריוה להקב"ה בשירות ובתשבחות[20]. נאָך מער: „לא מתה רות המואביה עד שראתה שלמה בן בנה יושב ודן"[21] — זי האָט זוכה געווען צו אַזאַ אריכת ימים, צו דערלעבן און זען, ווי דער זון פון איר זון, שלמה

המלך, דער שלומדיקער קעניג, זיצט אויף זיין שטול פון משפט און פירט דאָס פאָלק. צוליב דעם וואָס זי האָט געהאַט אמתע אמונה אין הקדוש־ברוך־הוא און אין זיין פאָלק ישׂראל, האָט זי זוכה געווען, צו דער גליקלעכסטער תּקופה אין מלכות בית דוד וישׂראל.

און וואָס איז יסודותדיק אין דער ייִדישער אמונה?

דער יסוד אין דער ייִדישער געזעצגעבונג איז געשטעלט אויף אמונה, „וצדיק באמונתו יחיה" [22] און דאָ האָבן מיר די אינטערפּרעטאַציעס פון חז"ל: „דער וואָס איז מודה אין עבודה זרה — פאַרלייקנט די גאַנצע תּורה און דער וואָס פאַרלייקנט געצנדינעריי איז ער פאַררעכנט אַלס גלייביקער אין דער גאַנצער תּורה: „כּל המודה בע"ז ככופר בכל התורה וכל הכופר בעבודה זרה נקרא יהודי" [23]. דער גר וואָס גלייבט אין איינציקן גאָט, ווערט ער פאַררעכנט אַלס ירא השם. „גרים גרורים", די זיך נאָכשלעפּנדיקע גרים, (אַרויפגעצוווּנגענער גרות), זענען נישט באַוויליקט, קוקט מען נישט אויס, וויל מען נישט האָבן.

דאָס מקיים זיין די מצוות איז געשטעלט אויפן דאָזיקן יסוד: ס'זענען פאַראַן תּרי"ג מצוות — 613; 365 (שס"ה) נעגאַטיווע מצוות, „לא תעשׂה" — נישט צו טאָן! דער דאָזיקער צאָל איז, ווי די טעג פונעם יאָר און 248 (רמ"ח) מצוות — פּאָזיטיווע, לויט דער צאָל אברים אינעם מענטשן. יעדער אבר — אַ מצווה!

וואָס איז די הויפּט־מצווה, ווי עס האָט רעקלאַמירט און מודיע געווען דער נביא: „עשׂות משפט ואהבת חסד והצנע לכת עם ד' אלקיך" [24] — צו טאָן גערעכטיקייט, ליב האָבן גענאָד און אומגיין שטיל און באַשיידן פאַר גאָט.

מ'האָט אָבער דאָך געמאַכט אונטערשיידן פון מצוות [25]. די האַרבסטע איז דער פאַרבאָט צו דינען עבודה זרה, צו באַגיין די פאַרברעכנס פון גלוי עריות און שפיכת דמים. אויף די אַנדערע פאַרבאָטן, אויב זיין לעבן שטייט אין סכנה, זאָל ער זיך ראַטעווען; אויף די דאָזיקע דריי זאָל ער זיך נישט אונטערגעבן אַפילו אונטערן געפאַר פון טויט: „חוץ מעבודה זרה וגלוי עריות ושפיכות דמים".

דער גר וואָס איז געהיט אין די דאָזיקע מצוות, ווערט אַריינגענומען אינעם כּלל ישׂראל מיט אָפענע אָרעמס און וואַרעמע הענט — מען ווייזט אים אַרויס גרענעצלאָזער ליבשאַפט. מען ווייזט אים אַרויס אומגעווײנלעכער התקרבות און מ'גיט אים זכות ישיבה.

רעדט מען וועגן זכות ישיבה, איז כּדאי אָנצווייזן אויף די חלוקי דעות וועגן אַ גר תּושב; ס'איז דאָ אַ מיינונג, אַז נישט געקוקט, וואָס אין די דינים נשׂואין (סיידן ער ווערט אַ גר צדק, לויט גיור כּהלכה), איז ער נישט שטאַרק געהיט, האָט ער דאָך די רעכט פון „שבות", פון וווינען אין ארץ־ישׂראל און געניסן אַלע בירגערלעכע רעכט און פּריווילעגיעס, אויב ער היט אָפּ די דערמאָנטע זיבן מצוות.

דער מאָטיוו פאַר דער דאָזיקער התקרבות איז, אַז דאָס וועט אים אָדער זי ברענגען צו ווערן אַ גר־צדק[26], איבערצוגיין צום יהדות מיט דער פולער איבער־צייגונג.

גרות צוליב חתונה, דאָס אַריינטרעטן אין יידנטום צוליב מאַטעריעלן צוועק, צוליב באַקוועמלעכקייט, צוליב תאווה, איז צוריקגעוויזן געוואָרן, יעדן פאַלס אַנטמוטיקט געוואָרן. גרות מוז האָבן הינטער זיך דעם יסוד פון „נעשה ונשמע", ווי די יידן האָבן זיך געלאָזט הערן ביי קבלת התורה. ס'זענען אָבער באַקאַנט פאַלן, זאָל מען אַפילו זאָגן אויסנאַמען, ווען מ'האָט אָנגענומען גרות, אַפילו צוליב חתונה־מאָטיוון, געוויס נישט מרחק געווען און געהאָפט, אַז דער גר וועט מסכים זיין צו דער גרות־פּראָצעדור און ריטואַל.

איינער פון די וועלכע האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר גרות, אויב דאָס איז אַ געשעענער פאַקט, בכדי צו פאַרמיידן שוועריקייטן פאַר די קינדער אַלס רעזולטאַט פון אַ געמישטע חתונה, איז געווען הרב בן ציון מאיר חי עוזיאל, דער ראש לציון און ספרדישער רב־ראשי[27]. ער האָט געהאַלטן, אַז דאָ קאָן די שטרענגקייט ווערן אַ געפאַר פאַר קיום האומה. געמישטע חתונות זענען תמיד באַטראַכט געוואָרן אַלס גרעסטע געפאַר פאַר דער גאַנצקייט, פאַר דער שלימות פונעם פאָלק און נאָך מער אין אונדזער צייט.

דער נביא[28] אין זיין מוסרן יהודה און ישראל, דריקט זיך אויס:

„בגדה יהודה ותועבה נעשתה בישראל ובירושלים, כי חלל יהודה קודש ד' אשר אהב ובעל בת אל נכר — געפעלשט האָט יהודה און אומווערדיקייט איז געטאָן געוואָרן אין ישראל און אין ירושלים, וואָרום פאַרשוועכט האָט יהודה די הייליקייט פון גאָט וואָס ער האָט ליב געהאַט און האָט באַמאַנט די טאָכטער פון אַ פרעמדן גאָט".

דער נביא זאָגט אָן די שטראָף:

„יכרת ד' לאיש אשר יעשנה ער ועונה מאהלי יעקב ומגיש מנחה לד' צבאות" — גאָט וועט פאַרשניידן דעם מאַן וואָס טוט דאָס"... פאַרשניטן וועט ער ווערן פון יידישן פאָלק, ער וועט פאַרפאַלן ווערן אין דער פרעמד, אין אַסימילאַציע און דעריבער דאַרף מען מיט אַלע מיטלען באַקעמפן די געמישטקייט; דעריבער האָט עזרא הסופר אָנגענומען די שטרענגסטע מיטלען ביי דער בבלישער עליה, געפאָדערט פון די עולים צו פאַרלאָזן און זיך אָפּשיידן פון די פרעמדע ווייבער; דעריבער דער אומרו צו דער געמישטקייט אין אונדזערע טעג, וואָס רייסט פון אונדז שטיקער און שטעלט אין געפאַר די צוקונפט פון אונדזער פאָלק אין די תפוצות, און אין אַ געוויסער מאָס אויך די צוקונפט פון מדינת ישראל.

בכדי ממשיך זיין די גאָלדענע קייט און פאַרזיכערן, אַז די צוקונפטיקע דורות זאָלן בלייבן טריי דעם יידישן פאָלק, איז דער ערשטער באַדינג, אָפּצוהאַלטן

זיך פון געמישטע חתונות, באַקעמפן די כוחות וואָס ווילן, דורך געמישטע חתונות, פּטור ווערן פון אַ המשכדיק ייִדיש לעבן[29].

אַרײַננעמען די אַלע וועלכע טוליען זיך צו ייִדן, וואָס זענען ערנסט אין זייערע איבערצייגונגען, אַז ייִדישע אמונה, ייִדישער נאַציאָנאַליזם, ייִדישע מאָראַל קאָן זיי באַפרידיקן און ווייזן אַרויס אַ ווילִיקייט זיך צו האַלטן ביי די הלכהדיקע פּרינציפּן — איז אָן ספק אַ מוז, אַ פליכט — און וועגן דעם, ווייטער.

דאָ ווילן מיר נאָך אַ מאָל באַטאָנען דעם מילדן — און גאָר שטאַרקן ווילן — מקרב צו זיין די יעניקע וואָס זענען איבערצייגט אין דער ייִדישער אמונה, גלויבן אין איין גאָט, גלויבן אַז גאָט פירט אָן מיט דער וועלט, מיטן מענטש און מיט אַלץ וואָס געפינט זיך אינעם אוניווערס.

דאָס ערשטע און עיקרדיקע אין יהדות איז די אידעע פון אחד — איין־און־איינציקער גאָט — וואָס טוט אַכטונג און פילט אָן אַלע דימענסיעס פון יצירה, אָבער וואָס לאָזט איבער צום מענטש די בחירה, ער זאָל זיין פריי אויסצוקלייבן צווישן גוטס און שלעכטס.

די מצוות, לויט חז״ל, זענען אַבסאָלוט, „מצווה ועושה״ און מ׳האָט נישט קיין רעכט צו פאַרלאָזן זיך אויף טעמים... אין אונדזער מאָדערנעם לשון, רופט מען עס העטעראָנאָמיש, זיי זענען גאָטס געבאָטן. די חכמי התלמוד האָבן דאָך געזוכט צו געבן דערקלערונגען, ראַציאָנאַליזירן מצוות, ספּעציעל די מצוות וועלכע געהערן צו דער קאַטעגאָריע פון עטיק און מאָראַל — און דאָס שליסט אויך איַין די הלכות און פּרינציפּן ביים מקבל זיין אַ גר — די עטישע און מאָראַלישע באַרעכטיקונגען וואָס שייך דעם ריטואַל און דעם צוגאַנג ביים אַריינעמען אַזעלכע וואָס ווילן זיין אונטער די שכינה־פליגלען.

רות ווערט גענומען אַלס מוסטער. זי האָט דערקלערט: „עמך — עמי, ואלהיך — אלהי״[30] — דיין פאָלק איז מיין פאָלק, און דיין גאָט איז מיין גאָט. ס׳איז געווען אָן ערנסטע און נישט מאָטיווירטע, אָדער פּיקטיווע גרות. זי האָט דעמאָנסטראַטיוו, עפעקטיוו געגעבן איר קלאָרע דערקענטעניש און איבערצייגונג.

זי האָט דעריבער זוכה געווען באַטראַכט צו ווערן אַלס מוטער פון מלכות ישׂראל ויהודה[31]. דעריבער — דערקלערן מפרשים — לייענט מען שבועות „רות״, נישט בלויז צוליב דער יאָרצייט פון דוד המלך, נאָר גאָר באַזונדערס, צוליב דער שייכות פון דער גרטע וואָס האָט מקבל געווען די תורה, ווי די ייִדן, מיט זייער זאָגן „נעשׂה ונשמע״ און גענומען די תורה, אָן פאָרויסיקע באַדינגונגען.

ס׳איז אויך נישט קיין צופאַל, וואָס גראָד אין דער פּרשת יתרו, ביי דעם וואָס האָט געמערט אַ פּרשה אין דער תורה: דער ערשטער גר, פאַר אָדער נאָך מתן תורה, ביי אים, זאָל אַריינקומען די פּרשה פון קבלת התורה.

וועגן אַט אַזעלכע איבערגעצייגטע גרים איז געפּסקנט געוואָרן:

„גר שנשא בת ישראל והוליד בת והלכה הבת ונשאה לכהן כשר וילדה בן, הרי זה ראוי להיות כהן גדול עומד ומקריב על גבי המזבח"[32]. אַזעלכע גרים קאָנען דערגרייכן, אַז פון זייער אָפּשטאַם זאָלן אַרויסקומען מלכים ביי ייִדן, כהנים גדולים, ווי די העכסטע אויטאָריטאַטיווע אינסטאַנץ אין דער העכסטער הייליקייט, און פירנדיקע תורה־פּערזענלעכקייטן, ווי דאָס איז געווען ביים בית שני און אין שפּעטערע דורות.

נישט אומזיסט האָט בלעם מקנא געווען יתרון, זאָגנדיק וועגן אים: „איתן מושבך"[33], שטאַרק איז דיין זיצאָרט צווישן ייִדן! „יתרו שברח זכו בניו לישב בלשכת הגזית"[34] — יתרו, דערפאַר וואָס ער איז אַנטלאָפן און האָט נישט איינ־געשטימט צו פּרעהס גזירות, האָט ער געהאַט די זכיה, אַז זיינע אייניקלעך, זאָלן פאַרנעמען אַ חשוב אָרט אין בית־המקדש.

מדינת ישראל, דאָס רבנות הראשית און דער משרד הדתות פאַרנעמען זיך מיטן גרות־פּראָבלעם און האָבן אַ פּאָזיטיווע באַציִונג צו די גרים, אָדער גרטעס, וועלכע זענען ערנסט אין זייער וועלן איבערגיין צום ייִדנטום. אין די ערשטע צוואַנציק יאָר פון מדינת ישראל האָט דער גרות־קאָמיטעט ביים רבנות הראשית באַטראַכט און באַהאַנדלט פיר טויזנט אַפּליקאַציעס, פון וועלכע איבער צוויי טויזנט (2288) זענען דורכגעגאַנגען די גיור־פּראָצעדור, גוטגעהייסן געוואָרן און געקראָגן די באַשיצונג פון כנפי השכינה.

די רבנים האָבן זיך מיט יעדער אַפּליקאַציע באַנומען לויט דער הלל־שיטה, געזוכט אַלע עצות און מיטלען דורכצופירן און גוטצוהייסן די גרות. זיי ווייסן, אָן ספק, פונעם מאמר „רעה תחת רעה תבוא למקבלי גרים" — אָבער דאָרט רעדט זיך וועגן אַגיטאַציע, וועגן מיסיאָנערישער פּראָפּאַגאַנדע אַריינצוכאַפּן גרים, אָבער נישט וועגן אַזעלכע וואָס ווילן מצד עצמם, צוליב איבערצייגונג און קענטשאַפט, איבערגיין צו דער ייִדישער אמונה. זיי ווייסן ווויל פון דעם שוין דערמאָנטן מאמר, אַז צוליב דעם, וואָס די אָבות, האָבן אָפּגעשטופּט תמנע בעת זי האָט געוואָלט זיך מגייר זיין, איז זי געוואָרן עשׂוס פלגש און ס'איז פון איר אַרויסגעקומען עמלק — אָבער מיר האָבן דאָס שוין באַהאַנדלט אין אַ באַזונדער ווערק, די „באַציִונג צום פרעמדן", צום גר, און אָנגעוויזן, אַז פון אַזאַ גרטע ווי עס איז געווען רות, איז געבוירן געוואָרן דוד המלך, דער מלך חי וקים פאַר דער אייביקייט ביים ייִדנטום. דוד המלך איז געווען אי דער פּאָליטישער פירער, אי דער סטראַטעג, אי דער „נעים זמירות ישראל". דוד המלך האָט פאַרלייגט די יסודות פאַר ייִדישער מלכות, די יסודות פאַר ייִדישער פּאָליטיק, די יסודות פאַר אַ פרייער, אומאָפּהענ־גיקער מלכות ישראל ויהודה.

נישט קיין וואונדער, וואָס מ'האָט געזוכט אַלע מעגלעכקייטן אויף דעם היתר, פאַר רות, די מואביה, צו קענען אַריינקומען בקהל ישראל.

מיר לערנען אין ספרי [38] אויפן פסוק „לא יבא עמוני ומואבי בקהל ד׳", אַז דאָ רעדט זיך וועגן זכרים, מענער און נישט נקבות — „דברי ר׳ יהודה", אַזוי האַלט רבי יהודה. ר׳ שמעון וואָס דרשנט און גיט דעם טעם צום פסוק, ער געפינט דעם טעם, פאַר וואָס דער פאַרבאָט איז בלויז אויף מענער און נישט אויף פרויען — ווייל דער טעם איז „על דבר אשר לא קדמו אתכם בלחם ובמים — מי שדרכו לקדם, אנשים ולא נשים..." דער טעם איז, ווייל זיי האָבן זיך נישט געפעדערט, בעת איר האָט געוואַנדערט אין דער מדבר, מיט ברויט און וואַסער און אַזעלכעס האָבן בלויז מענער געקענט טאָן און נישט קיין פרויען. ר׳ יהודה לערנט דאָס אַרויס, פשוט פון די ווערטער: עמוני — ולא עמונית; מואבי ולא מואבית...

אין תלמוד [39] ווערט געזאָגט, אַז דער דין, צו דערלויבן מואבישע און עמונישע טעכטער חתונה צו האָבן מיט יידישע מענער, אויב זיי זענען זיך מגייר, איז שוין גוטגעהייסן געוואָרן ביים בית־דין פון שמואל הרמתי.

די פראַגע שטעלט זיך: ווי האָט דאָס בועז געמעגט נעמען רותן? ער איז דאָך געווען פאַר שמואל הרמתי? מוז דאָך זיין, אַז זיי האָבן געהאַט אַ קבלה, אַ מסורה, אפשר אַ „הלכה למשה מסיני", אַז מען מעג נעמען אַ גרטע פון מואב, נאָר דאָס האָבן געוווּסט בלויז געציילטע מענטשן און ערשט אין דער צייט פון שמואל הנביא, בעת מ׳האָט געדאַרפט גוטהייסן און באַשטעטיקן צום טראָן דעם קעניג דוד, דעם אָפּשטאַמיקן פון רותן, איז דער דאָזיקער דין סאַנקציאָנירט געוואָרן.

ווי היינטצייטיקע פאַרשערס באַהויפּטן, האָט די מגילה געלערנט וועגן ליב־שאַפט־באַציִונג צום גר: אויב אַזאַ טיפּ ווי רות, ווייל זיך מגייר זיין, זאָל מען זי נישט צוריקווייזן; און אַז דאָס גייט אַריין אין דער קלאַסיפיקאַציע פון „עת לעשות לד׳ הפרו תורתך" [40]. ווען מ׳האָט אויפן בוידעם־שטיבל אין בית נתזה, אין לוד, געשטעלט די פראַגע, וואָס איז גרעסער: תלמוד־לערנען אָדער מעשה? [41] האָט מען אין זיבען געהאַט ערלעכע גרים, אַז אַזעלכע גרים דאַרף מען מקבל זיין און נישט מורא האָבן, אַז דאָס וועט ברענגען צו געמישטקייט אין יידישן לעבן, אַז דאָס וועט פראָפאַנירן די קדושת ישׂראל אין פאַמיליע־לעבן. ביי אַזאַ געלעגנ־הייט, האַלט מען, אַז אָדם איז מרבה גרים [42].

ריכטיק איז דער פסק אין דער גמרא [43], אַז מ׳האָט נישט אַריינגענומען קיין גרים אין דער צייט פון דוד און שלמה, ווייל מ׳האָט געקענט חושד זיין אַז זיי טוען דאָס צוליב באַקוועמלעכקייט און נישט פון איבערצייגונג און צוליבן זעלביקן טעם, וועט מען נישט מקבל זיין קיין גרים אין משיחס צייטן. ווי איז דער דין, אַז מ׳האָט שוין אָפּגעטאָן אַ מעשה, מ׳האָט שוין מקבל געווען — „בדיעבד", איז מען זיי נישט דוחה, אויב זיי האָבן דורכגעמאַכט דעם ריטואַל פון טבילה.

גרי־„עריות" (אַ וואָרטשפּיל פון „גרי אריות") איז מען נישט מקבל, ווייל זייער כוונה איז חתונה, ליבע און נישט אמונה, נישט איבערגעגעבנקייט צום יידישן פאָלק און צום „גאָט פון ישראל". אַזעלכע גרותן פירן צו נשואי־תערובת, צו געמישטע חתונות, ווייל די אהבה איז די באַזע און נישט דער דת, און במילא ווען די אהבה ווערט אָפּגעקילט, ווערט די גרות אָפּגעקילט און די יידישע קייט ווערט חלילה איבערגעריסן. דעריבער האָבן זיך יידן אין אַלע דורות מוסר־נפש געווען, אַז די גרות זאָל זיין כהלכה.

ווי אַזוי מ'האָט זיך גערעכנט מיט סיטואַציעס ביי ענינים פון גרות, איז אינטערעסאַנט אַ „תשובת הרשב"א [45], איינעם פון די ראשוני הפוסקים. ער דערציילט וועגן אַ שאלה: אַ מאַן וואָס האָט געהאַט אַ ווייב, אַ יידישע פרוי אַ בת טובים, פון וועלכער ער האָט געהאַט אַ טאָכטער, האָט אַריינגענומען אַ שפחה און זי איז געוואָרן מעוברת פון אים. האָט ער זי מגייר געווען און געטראַכט צו האָבן צוויי ווייבער (ביי די ספרדים איז נישט אָנגענומען געוואָרן דער חרם דרבנו גרשם).

די מעשה איז געקומען פאַרן רשב"א (ר' שלמה בן אדרת, דתתקצ"ה1235; ה"א, ע'־1310) און ער האָט געפּסקנט מיט דער פולער שאַרפקייט: קהל זאָל אים צווינגען צו פאַרלאָזן די שפחה, כדי דאָס זאָל זיין אַ סייג לדורות. רבנים אין אַלע דורות, האָבן זיך נישט געוואָלט מטפל זיין מיט גרות, סיידן זיי האָבן געוווסט, אַז די גרות איז געקומען פון איבערצייגונג, לשם שמים [46]. זיי זענען געגאַנגען אַזוי ווייט, אַפילו אויף נישט צו רעדן און נישט לערנען מיט אַ נישט־ייד כדי ער זאָל זיך מגייר זיין. ס'זענען געווען רבנים, וועלכע האָבן נישט צו פיל מחמיר געווען אינעם דאָזיקן ענין און געהאַט אַ מילדערע, ליבעראַלע שטעלונג [47], אָבער קיין מאָל נישט דערלויבט גרות צוליב אישות. ווי אַ פּראַקטאַטיפּ פאַר אַן אמתער גרטע האָט מען אָנגעוויזן אויף רות, די פּרינצעסין פון מואָב.

מיר האָבן אויך אַ שאַרפע פּאָלעמיק, צי עס גייט היינט אַן דער דין, אַז פון עמונים און מואָבים נעמט מען נישט קיין גרים, צי דער פאַרבאָט איז חל אויך אין אונדזערע טעג. די פּאָלעמיק איז געווען צווישן רבן גמליאל און ר' יהושע.

די משנה [48] גיט איבער:

„בו ביום (שהורידו את רבן גמליאל מנשיאותו ומנו את ר' אלעזר בן עזריה תחתיו), בא יהודה גר עמוני ועמד לפניהם בבית המדרש. אמר להם: מה אני לבוא בקהל? אמר לו רבן גמליאל, אסור אתה. אמר לו רבי יהושע, מותר אתה. אמר לו ר' גמליאל, והכתיב: „לא יבוא עמוני ומואבי בקהל ד' [49]. אמר לו רבי יהושע, וכי עמונים ומואבים במקומם הם... כבר בא סנחריב ובלבל את כל האומות והתירוהו לבוא בקהל".

אין יידיש:

אין זעלביקן טאָג, ווען מען האָט געמאַכט ר׳ אלעזר בן עזריה ראש ישיבה און נשׂיא פון סנהדרין אין יבנה, איז געקומען יהודה, אַ גר פון עמון־פאָלק און זיך געשטעלט פאַר זיי (פאַר די חכמים) אין בית מדרש און זיי געפרעגט; מעג איך קומען אין קהל, ד״ה, מעג איך חתונה האָבן מיט אַ ייִדישער פרוי?

האָט ר׳ גמליאל געזאָגט צו אים: דו טאָרסט נישט. ר׳ יהושע האָט געזאָגט צו אים: דו מעגסט. האָט ר׳ גמליאל געזאָגט צו ר׳ יהושע, דער פסוק זאָגט דאָך: עס זאָל נישט קומען קיין עמוני אָדער מואבי אין גאָטס קהל? האָט ר׳ יהושע אים געענטפערט: זענען דען די עמונים און מואבים אויף זייערע ערטער? סנחריב, דער קעניג פון אשור, האָט אויסגעמישט אַלע פעלקער... און די חכמים אין דער יבנה־ישיבה, האָבן דעם גר פון עמון מתיר געמאַכט צו קומען אין קהל, אַז ער מעג חתונה האָבן מיט אַ ייִדישער פרוי.

אין ברכות [50] ווערט אויך איבערגעגעבן וועגן דעם וויכּוח וואָס איז יענעם טאָג אָנגעגאַנגען צווישן די צוויי תּנאים, צי אַ פרוי פון די עמון־ און מואב־פעלקער איז דערלויבט חתונה צו האָבן מיט אַ ייִדישן מאַן — און די מערהייט האָט געשטיצט די מיינונג פון ר׳ יהושע.

ר׳ אליעזר בן הורקנוס, דער שוואָגער פון נשׂיא רבן גמליאל, איז, ווי שוין דערמאָנט, געווען אַ שטרענגער — אַ נאָכפאָלגער פון דער שמאי־שיטה אין אינטערפּרעטירן און אין דורכפירן די תּורה־געבאָטן. ווען ס׳איז געקומען צום מקבל זיין גרים, האָט ער זיך געהאַלטן ביי דעם הלל־באַנעם און זיי אויפגענומען מיט ליבשאַפט און פאַרשטענדעניש. בלויז אין איין פאַל איז ער געווען שטרענג און מיט כּעס אָפּגעזאָגט אַ גרטע. דאָס איז געווען דער פאַל מיט דעם פאַרלאַנג פון דער היידנישער פרוי, ער זאָל זי מגייר זיין. ר׳ אליעזר האָט איר געשטעלט די געהעריקע פראַגן, ווי ס׳איז איינגעפירט געוואָרן, בכדי צו מאַכן זיכער אין דער ערנסטקייט און באַוווסטזיניקייט פון דער פערזאָן וואָס וויל זיך מגייר זיין. די פרוי האָט זיך מודה געווען, אַז זי וויל דאָס טאָן צוליב געוויסנביסן... זי האָט אים דערציילט: „מײַן עלטערער זון איז דער פאָטער פון מיין אָקאָרשט געבוירן קינד...״ דער שטרענגער ר׳ אליעזר איז געוואָרן אין כּעס און איר געהייסן פאַרלאָזן זיין הויז.

זי איז נאָך דעם געגאַנגען צו ר׳ יהושע בן חנניה, דעם מילדערן און עניוות־דיקן תּנא, און אויך אים דערציילט די זעלביקע מעשׂה, האָט ער זי יאָ אַריינגענומען אונטער די יהדות־פליגלען. נאָך מער, ער האָט זי באַרויִקט, דערקלערנדיק, אַז אַזוי ווי דער דין איז, אַז אַ גר איז ווי אַ נײַ־געבוירענער, ווערן די אַלטע זינד ממילא אָפּגעווישט — און זי איז פון איצט אָן אַ נײַער מענטש.

ס׳איז אויך כדאי נאָך אַ מאָל [51] צו דערמאָנען דעם פאַרלאַנג פון דעם עמוני־אַפשטאַמיקן וועלכער איז געקומען אין בית המדרש בעטנדיק מ׳זאָל אים אַריינ־נעמען אַלס גר, ער וויל אַריבער צו דער ייִדישער אמונה.

ר׳ אליעזר האָט זיך אָפּגעזאָגט אים מקבל צו זיין אַלס גר, ווייל — האָט ער געזאָגט — מיר האָבן דאָך אַ בפירושן פּסוק „לא יבא עמוני ומואבי בקהל ד׳״! ר׳ יהושע האָט דאָ מחדש געווען, אַז מ׳קען אים יאָ מגייר זיין, ווייל ס׳עקזיסטירן מער נישט קיין עמון ומואב; זיי האָבן זיך שוין לאַנג אויסגעמישט און זיך אַסימילירט צווישן אַנדערע פעלקער.

דער וואָס קומט זיך מגייר זיין צוליב אַ פּרוי, צוליב אַ ליבע וכדומה, כאַפּט מען אים נישט, ווי דאָס ווערט באַוואָרנט אין מסכת גרים. דער אָבער וואָס איז ערנסט און וויל אָננעמען די ייִדישע אמונה אַלס איבערצייגונג, לשם שמים! דעם איז מען מקבל באהבה.

אַ גר האָט געקענט דערגרייכן אַפילו נבואה, ווי עובדיה הנביא און צו האָבן די שענסטע, אַריסטאָקראַטישע פרוי מיט וועלכער נביאים האָבן זיך פאַרנומען, ווי די שונמית, וואָס איז געבענטשט געוואָרן פון אלישע הנביא [52] — אָבער דאָס איז אַן ענין פאַר זיך.

אין סומירונג: גרים האָט מען מקבל געווען מיט ליבשאַפט, אָבער ווען ס׳איז געוואָרן אַ געפאַר פון געמישטקייט, געמישטע חתונות, געפאַר פאַרן קיום פון פאָלק, דאַן האָט מען אָנגענומען די שטרענגסטע מיטלען — און וועגן דעם ווייטער.

**ב. געמישטע חתונות און נאָכפאָלגנדיקע קאָנסע־קווענצן. — פאַר וואָס אַזאַ קעגנערשאַפט. — שטראָף אויף אלימלכס זין. — די שנור וואָס האָט פאַרגי־טיקט.**

אין אַ פריִערדיקן ווערק, האָבן מיר באַהאַנדלט דעם פּראָבלעם געמישטע חתונות — אַ פּראָב־לעם פון גאָר די אַלטע צייטן, נאָך ביי יעקב אָבינו און שטאַרקער, סכּנותדיקער, אין דער עפּאָכע פון „שפוט השופטים״ — די זין פון אלימלך פון בית לחם יהודה, וועלכע האָבן זיך אויסגעקליבן ווייבער פון מואָב.

אַברהם, יצחק און יעקב האָבן זיך באַמיט איינצוהיטן די משפחה־ריינקייט. אברהם האָט אַוועקגעשיקט די בני קטורה, האַלטנדיק יצחקן פאַר דעם זון וואָס וועט היטן משפחה־ריינקייט. יצחק האָט נישט געקענט פאַרטראָגן די חתישע טעכטער, נישט געוואָלט זיי האָבן ביי זיך אין הויז, „ותהיינה מורת רוח ליצחק ולרבקה״ [1]. אַפילו עשו, דער זון וואָס פלעגט קומען „מן השדה והוא עיף״ [2], אַפילו ער, עשו, האָט געזוכט צופרידנצושטעלן זיינע

עלטערן, אַנצוהאַלטן שטאַם: „וירא עשׂו כי רעות בנות כנען בעיני יצחק אָביו וילך עשׂיו אל ישמעאל ויקח את מחלת בת ישמעאל בן אברהם"[3]. פאַר וואָס דווקא דערמאָנט ער, אַז די טעכטער פון כנען זענען שלעכט אין די אויגן פון זיין פאָטער בעת פריִער ווערט געזאָגט, אַז זיי זענען געווען אַ מורת רוח ליצחק ולרבקה... קאָן מען דאָס פאַרשטיין, אַז עשׂו האָט געהאַט אַ בייז האַרץ אויף זיין מוטער צוליב דער בכורה, וואָס זי האָט מאַניפולירט, אַז איר געליבטער זון יעקב, זאָל זי קריגן און די ברכות...[4]

מיר לערנען ווייטער „ותמנע היתה פלגש לאליפז בן עשׂו ותלד לאליפז את עמלק"[5] — קאָמענטירן דערויף חז"ל, אַז זי איז געווען אַ בת מלכים, אַ פּרינצעסין, האָט זי בעסער געוואָלט זיין אַ שפחה, אַ דינסט ביי יצחקס קינדער, איידער אַ פּרינצעסין ביי אַן אַנדער פאָלק. די חז"ל גיבן צו, אַז דערפאַר ווייל מ'האָט זי נישט געוואָלט אַריינגעמען אַלס גרטע, מ'האָט אָפּגעזאָגט איר גרות, איז די שטראָף געווען, אַז פון איר איז אַרויסגעקומען אַן עמלק וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן קעגן יידן, אָנגעטאָן צרות אַלע צייטן[6].

מיר האָבן דאָ, זעט אויס, חלוקי דעות אין שייכות מיטן מקבל זיין גרים. מ'קען דאָ אַריינטייטשן, אַז די דאָזיקע מיינונגס־פאַרשיידנקייטן זענען שוין אָנגעגאַנגען אין אַלטערטום, אַז שוין ביי די אָבות פון יידישן פאָלק האָט מען זיך אָפּגעהאַלטן פון גרות צוליב חתונה — און די תמנע, ווייזט אויס, איז נישט געווען קיין רות. זי האָט געוואָלט חתונה האָבן מיט אליפזן, מסתמא צוליב פּערזענלעכע מאָטיוון; זי איז געווען וויליק אַפילו צו ווערן זיין געליבטע. און, פאַרשטייט זיך, אַז דאָ רעדט זיך נישט וועגן אמונה; ביי עשׂוס זון, וואָלט זי אַוודאי נישט געקראָגן דעם באַוווסטזיין פון אברהם אָבינוס אמונה אין אחדות אלהות.

ס'איז דאָ אַ מדרש[7], וואָס זאָגט, אַז די בני אלימלך זענען געשטראָפט געוואָרן נישט בלויז צוליב דעם וואָס זיי האָבן פאַרלאָזט יהודה, נאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבן גענומען פרעמדע ווייבער און זיי האָבן פאַרברענט די תורה; זיי זענען עס געווען די אנשי כזבא ששׂרפו את התורה[8], איינס פירט צו דאָס אַנדערע: פריִער מישט מען זיך אויס מיט די מואָבים־מואָבות און אַזוי ווי די לעצטע האָבן צוריק־געוויזן, לויט מדרשים, די תורה, האָבן זיי דאָס זעלביקע אויך געטאָן אונטערן פרעמדן איינפלוס.

מיר זעען, אַז שוין אין דער תנ"ך־עפּאָכע איז דאָס פּראָבלעם געמישטע חתונות געשטאַנען אין דער פולער שאַרפקייט און מ'האָט אָנגענומען די שטרענג־סטע מיטלען אָפּצוהאַלטן פון געמישטקייט. עזרא הסופר, ביים באַנייען דעם ישוב האָט אָנגענומען די שטרענגסטע מיטלען, געפאָדערט באַזייטיקן, צעשיידן און אָפּרייסן יידישע מענער פון זייערע נישט־יידישע פרויען. אין אַריינברענגען

בבלישע און פּערסישע ווייבער, האָט ער געזען די גרעסטע געפאַר פאַר דער באַנײַונג פון ישוב.

די נביאים אין דער עפּאָכע פאַרן גלות און גאולת בבל — האָבן מיט די שטאַרקסטע ווערטער געוואָרנט און פאַרדאַמט געמישטע חתונות.

דער נביא זכריה דערציילט:

„ויראני את יהושע הכהן הגדול עומד לפני מלאך ד׳ והשטן עומד על ימינו לשטנו"...[9] און ער האָט מיר געוויזן יהושע דעם כּהן גדול, ווי ער שטייט פאַר דעם מלאך פון גאָט און דער שׂטן שטייט אויף דער רעכטער זייט אים צו פאַר־קלאָגן. האָט גאָט געזאָגט צום שׂטן: גאָט שרייט אָן אויף דיר, שׂטן... „הלא זה אוד מוצל מאש..." — איז נישט דער דאָזיקער אַ שייט אַרויסגעריסן פון פייער?..."

און ווייטער:

„ויהושע הי׳ לבוש בגדים צואים... ויען ויאמר אל העומדים לפניו לאמור: הסירו הבגדים הצואים מעליו... און יהושע איז געווען אָנגעטאָן אין קויטיקע בגדים... האָט ער זיך אָפּגערופן און האָט געזאָגט צו די וואָס זענען געשטאַנען פאַר אים: טוט אויס פון אים די קויטיקע בגדים[10].

די אגדה האָט אַנדערש פאַרשטאַנען די קויטיקייט פון קליידער. יהושע — זאָגט אונדז די אגדה — איז געווען אַ צדיק. דער שׂטן, ווי תּמיד, האָט געזוכט צו רעדן שלעכטס אויף אים, געזוכט עוולות אויף אים און ער האָט געפונען: ער האָט נישט אַכטונג געגעבן ווי געהעריק אויף זיינע קינדער. רש"י ציטירט פונעם תּרגום: „הוו ליה בנין דנסבין להון נשין דלא כשרין לכהונתא" — זיינע זין האָבן חתונה געהאַט מיט פרויען וועלכע זענען נישט געווען כּשר צו כּהונה.

דער פאָטער, הייסט עס, האָט געליטן צוליב די אומפּאַסיקע שידוכים פון זיינע נישט־פּאַסיקע ווייבער; זיי זאָלן אַראָפּנעמען פון זיך דעם פלעק פון שמוציקע קליידער.

מיר זעען, לויט דער דאָזיקער אגדה, און ווי מפרשים טייטשן אַריין אין די ווערטער פון חז"ל, אַז פרעמדע ווייבער זענען קויטיק אויף דעם ייִדישן גוף... און ווי קאָמענטאַרן גיבן צו, האַלט עס אויף די גאולה פון ירושלים.

דער פאַקט איז, אַז יהושע דער כּהן גדול, האָט גענומען ערנסט די באַשול־דיקונג, דורכגעפירט דעם באַפעל און אַלס באַלוינונג געקראָגן די ריינע קרוין אויף זיין קאָפּ[11], דעם „צניף טהור על ראשו".

אינטערעסאַנט איז, אַז זיינע קינדער זענען געווען, לויט חז"ל, אַ פּראָבלעם אין צייט פון זכריה, ביים מחבר פון דברי הימים, און ס'ווערט אויך דערציילט אין עזרא[12]: „וימצאו מבני הכהנים, אשר הושיבו נשים נכריות מבני ישוע בן יהוצדק" — און עס זענען געפונען געוואָרן צווישן די קינדער פון די כּהנים

אַזעלכע וואָס האָבן געגומען פרעמדע ווייבער, פון די קינדער פון ישוע, דעם זון פון יהוצדק... און דער יושע — גיבן צו מפרשים — איז דער יהושע כהן גדול.

די געמישטע חתונות האָבן רויִנירט ייִדישע פאַמיליעס, האָבן געשטעלט אין סכּנה ייִדישע קהילות. אַזוי איז געווען אין אַלטערטום, אין מיטלעלטער און נאָך מער אין דער נייער צייט מיט דער אָפענער און פרייער געזעלשאַפט.

דער רייץ פון געמישטקייט איז אַריינגעדרונגען אין די בעסטע ייִדישע היימען, אין היימען פון ייִדישע פירערס, פון נאַציאָנאַלע מנהיגים, שוין אָפּגערעדט פון די אַסימילאַטאָרישע היימען, קאָסמאָפּאָליטישע הייזער. מיר געפינען געמישט־קייט אין הייזער, ווו מ׳האָט געלייגט דעם יסוד פון מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם, ביי די גדולי הציונים, ביי די גדולי האומה. די עלטערן האָבן קיין נחת דערפון נישט געהאַט, אָבער די פרייע דערציִונג פון זייערע קינדער האָט זיי געבראַכט דעם דאָזיקן „פאַרגעניגן״. אַפילו ביי די גרינדערס פון מדינת ישראל, אַפילו ביים נאַציאָנאַלן פירער דוד בן־גוריון, האָט זיך עס געקענט טרעפן. צום גליק איז פאָרגעקומען גרות נאָך אַ צוויי צענדליק יאָר פון זיין זונס לעבן מיט דער ענגלי־שער פרוי, וועלכע איז געוואָרן אַ געטרייע ייִדישע טאָכטער און זיך טיף פאַר־וואָרצלט אינעם לעבן פון ישׂראל.

מיר וועלן זיך דאָ נישט פאַרנעמען מיט מאַכן אַ רשימה [13], בלויז דערמאָנען איינעם אָדער צוויי, כּדי צו ווייזן, ווי ווייט די געמישטקייט אין פאַמיליע־לעבן איז אַריינגעדרונגען אין אַזעלכע היימען.

מיר וועלן דערמאָנען איינעם פון אָט די גדולים אין אונדזער תקופה — אחד העם, אשר גינצבערג (1857־1927). אין זיין הויז, דאָס הויז וואָס האָט גע־אָטעמט מיטן אידעאַל פון חובבי־ציון, תחית שׂפת עבר, מיטן גייסטיקן צענטער פאַר און פון ישׂראל, מיט נאַציאָנאַלן רענעסאַנס, לויטן מאָדוס פון „מרכּז רוחני״, קעגן דעם הערצליאַנישן פּאָליטישן ציוניזם — אין זיין הויז האָט זיך דאָס אַריינגע־כאַפּט; זיין טאָכטער רחל, די שפּעטערע אַדוואָקאַטין אין ארץ־ישׂראל, האָט חתונה געהאַט מיט אַ רוס, מיט אַ פּראָוואָסלאַווונעם קריסט, אַ שרייבער מיטן נאָמען מיכאַיִל אָסאָרגין. דער דאָזיקער רוס האָט געהאַט אַ ווייב מיט קינדער און זיך געליבט מיט אחד העמס טאָכטער. צוואַנציק יאָר האָבן זיי געלעבט צוזאַמען. זי איז נאָך דעם אַוועק פון אים, זיך באַזעצט אין ארץ־ישׂראל, ווו זי האָט פּראַקטי־צירט אַדוואָקאַטור — אָבער שוין אויף שטענדיק געטראָגן זיין נאָמען. זי איז געשטאָרבן אין 1957.

ווי אחד העמס ביאָגראַפן גיבן איבער, האָט זי פאַרקירצט דאָס לעבן פון איר פאָטער, מיט איר נאַרישקייט, אַוועקצונעמען דעם דאָזיקן רוס פון זיין רוסיש ווייב. ער האָט פאַרלאָזט צוליב דער ייִדישער רחל, זיין ווייב, זיין ווויִנונג, דורכגע־גאַנגען אַ ציווילע חתונה, ווייל רחל האָט זיך נישט געוואָלט שמדן און כּדי

צופרידנצושטעלן זיין שווער, דעם נאַציאָנאַלן ייִדישן פילאָזאָף און שרײַבער, האָט ער דורכגעמאַכט אַ לײַכטע גרות...

אחד העמס בן יחיד האָט דערציילט דעם פאָטער דעם דאָזיקן סוד. שלמה גינוסר (גינצבערג) האָט געמיינט, אַז די לייכטע גירות וועט באַפרידיקן זיין סענ־סיטיוון־שטרענגן פאָטער. אחד העם האָט אויפגעציטערט און איבערגעריסן יעדע פאַרבינדונג מיט זיין טאָכטער. ווי ער אַליין האָט זיך אַ מאָל אויסגעדריקט:

„איך האָב זיך באַקלאָגט אויף משה מענדעלסאָנען, דעם נעגירער פון ייִדישן נאַציאָנאַליזם, וואָס האָט געשטעלט דאָס ייִדנטום בלויז אויף רעליגיע, „דײַטשן פון מאָזאַיִשן גלויבן", אַז דאָס האָט געפירט זיינע טעכטער זאָלן זיך שמדן... איך האָב געפּרעדיקט די רעליגיע פון נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין, פון ייִדישן רענע־סאַנס, פון קולטורעלן אויפלעב, פון אַ גייסטיקער ארץ־ישראל און דער סוף — מיין אייגענע טאָכטער האָט חתונה מיט אַ גוי..." [14]

די טראַגעדיע איז דאָך אַזוי גרויס: דער גוי איז געבליבן גוי — און זי, איז געבליבן ביי זיין נאָמען. אַנשטאָט דעם שיינעם נאָמען גינצבערג, גינוסר, אָדער אחד העם... איז זי געוואָרן אַ רוסין, סאַראַגין, ווען דער רוס האָט שוין געלעבט מיט אַנדערע.

אחד העמס נאָענטסטער מענטש, אַ ידיד־נעורים, איז געווען פּראָפ׳ שמעון דובנאָוו (1860־1941), דער היסטאָריקער, פּראָפּאַגירער פון ייִדישיזם, פאָלקיזם, עם עולמיזם, אַ פאָלקסמענטש אין אַלע הינזיכטן און אַ היסטאָריקער בחסד עליון. דובנאָווס אַ טאָכטער איז געגאַנגען אַ טריט ווייטער פון אחד העמס טאָכטער. אָלגאַ, די טאָכטער פון ייִדישן היסטאָריקער, האָט זיך געשמדט, כּדי זי זאָל קענען חתונה האָבן מיט אַ גוי. אחד העם איז געווען, זינט דער מעשׂה פון זיין טאָכטער, אין שטענדיקער אבלות. אין אַלע זיינע בריוו, געפינט מען די פאַר־ביטערניש און דעם צער וועגן די געשעעניש מיט זיין קינד, ווייל ער האָט געזען אין דעם די קללה פון „בניך ובנותיך נתונים לעם אחר" [15]. ביי דובנאָוון איז דער צער נישט געווען אַזוי גרויס. ער האָט — ווייזט אויס — שלום געמאַכט מיט דער פּאַסירונג ווי מיט אַ נאַטירלעכן פּועל־יוצא פון דער פרייער געזעלשאַפט און פון דעם סאָציאַליזם וואָס האָט באַאײַנפלוסט זיין הויז, זיין סביבה.

אָבער צו וואָס רעדן וועגן קינדער פון גרויסע ייִדן, בעת מיר געפינען גרויסע ייִדן, וועלכע האָבן געזוכט גליק אין דער פרעמדקייט. געננוג צו דערמאָנען דעם באַרימטן דיכטער ש. פרוג, אָדער דעם פילאָזאָף פון ייִדישיזם — ד"ר חיים זשיטלאָווסקי — זייערע ווייבער — רוסישע פּראַוואָסלאַוונע אָרטאָדאָקסאַלע קריסטן; און וואָס איז מיטן בן הרב, דער פילאָזאָף יעקב קלאַצקין, אַן אָפּשטאַ־מיקער פון גרויסן יחוס און פון אַ פאָטער וואָס האָט באַשײַנט די ייִדישע וועלט מיט לומדות, דעם לובלינער רב ר׳ אליהו קלאַצקין זצ"ל, אויף וועמען הרב קוק

האָט געזאָגט, בעת זיין אָנקום קיין ארץ־ישׂראל, אַז ער טראָגט מיט זיך די תּורה. ער, דער דערצויגענער אין אַזאַ לומדיש־חסידישער סביבה, דערגרייכנדיק זיין קאַריערע, ווי פּראָפעסאָר אין בערלינער אוניווערסיטעט, האָט זיך גאָרנישט אָפּגע־האַלטן פון לעבן מיט אַ נכרית, פון וועלכער ער האָט געהאַט אַ זון און דער זון האָט נאָכגעפאָלגט דעם טאַטן, געגאַנגען אַ ביסל ווייטער און זיך אויסגעזוכט אַן עגיפּטישע פרוי...[16]

אין זיין ווערק „משומדים אין פוילן"[17], האָט עזריאל נתן פרענק (1863־1924), אינעם רייסטער פון די וועלכע האָבן צוליב דער אָדער אַנדערער סיבה פאַרלאָזט יידן און די יידישע אמונה, אַ צאָל משומדים, אָפּשטאַמיקע פונעם העכסטן יידישן אַדל.

אין מיטלעלטער, ווי מיר האָבן ערגעץ אַנדערשוווּ דערמאָנט, האָט נישט איין יידישער זון אָדער יידישע טאָכטער זיך איבערגעגעבן צום קריסטנטום, אָדער צום איסלאַם. דער איינציקער זון פון רבינו גרשם מאור הגולה, ווי עס ווערט איבערגעגעבן, האָט זיך געשמדט און דער פאָטער איז געזעסן שבעה. ווי אייניקע פאָרשערס ווייזן אָן, האָט אויך דער איינציקער זון פון ר׳ אברהם אבן עזרא, יצחק איז געווען זיין נאָמען, זיך געשמדט, אַריבער צום איסלאַם.

ר׳ יהודה אלחריזי אין זיין „תחכמוני"[18], שטעלט דעם פאָטער צום שאַנד (ווייזט אויס, אַז ער איז נישט געווען פון אבן עזראס פריינד, ווייל וואָס איז דער פאָטער געווען שולדיק?). ער שרייבט פאָעטיש:

„...ויצחק בנו גם הוא ממקור השיר שאב,
ועל שיר הבן מזיו האב,
אך בבואו לארצות מזרח
כבוד ד׳ עליו לא זרח,
והסיר מעליו מעילי הדת היקרים
ופשט את בגדיו ולבש בגדים אחרים".

ס׳זענען אָבער דאָ פאָרשערס וועלכע צווייפלען אין אָט דער באַשולדיקונג און מיינען אַפילו, אַז דער גאַנצער ענין איז ווי אַ בלבול. זיי פאַרשטייען נישט די ווערטער פון אלחריזי, פון וואַנען ער האָט געהאַט די דאָזיקע אינפאָרמאַציע. זיי ווייזן אָן אויפן פאַקט, וואָס דער פאָטער האָט מספּיד געווען זיין בן יחיד, (ער איז געשטאָרבן ביים פאָטערס לעבן), ווי „מות ישרים". ר׳ אברהם האָט שטאַרק באַוויינט זיין אבידה. ווי תּמיד אַ ליידנדיקער, האָט ער דעם דאָזיקן צער אויך געדאַרפט דורכמאַכן[19].

ווי עס זאָל נישט זיין דער פאַל מיטן אבן עזרא, אָבער זיכער איז, אַז אַזעלכע געשעענישן זענען נישט געווען קיין זעלטנהייט. אין די שאלות ותשובות פון

גדולי הפוסקים, האָבן מיר אומצייליקע פּראָבלעמען וועגן חליצה און יבום פון משומדים. וויפל מ׳האָט זיך נישט אָנגעשטרענגט, יידן זאָלן לעבן אַ מאָראַליש און מוסרדיק לעבן און וויפל מ׳האָט זיך נישט אָנגעשטרענגט, יידן זאָלן לעבן אין די אייגענע ראַמען, איז דאָס אַלץ שווער געווען צו קאָנטראָלירן און איינהאַלטן.

אַזוי אין די דרשות, אַזוי אין די פסקים וכתבים, אַזוי אין די שו״ת פון ר׳ ישראל איסרליין, אַזוי אין די שו״ת פון ר׳ יעקב ווייל, אַזוי ביי ר׳ ליפּמאַן מילהויזן (ספר הנצחון), אַזוי אין די שו״ת חכם צבי — צענדליקער און צענדליקער תשובות וועגן אָפּגטן און חליצה ביי משומדים. געגוג אַ בליק צו טאָן אין „לקט יושר״ (פאַרפאַסט פון ר׳ יוסף ב״ר משה פון הויכשטאָט ביי רעגנסבורג — אַ תלמיד פון ר׳ ישראל איסרליין, מחבר פון ספר תרומת הדשן״) — די מערקווירדיקע און ביז גאָר פּיקאַנטע שאלות.

גדולי ישראל אין אַלע צייטן האָבן געהאַט געגוג אויסצושטיין און געזוכט איינצוהיטן ייִדיש לעבן, צו קאָנטראָלירן דעם ייִדישן מענטש מיט זיינע יצרים, ווייל שטאַרק איז געווען די השפּעה פון דער אויסערלעכער וועלט. שווערער, פאַרשטייט זיך, איז עס געוואָרן אין אונדזער תקופה — די תקופה פון אָפענער געזעלשאַפט, דעמאָקראַטישן ליבעראַליזם, ווען ייִדן קאָנען געפינען אַן אָרט און קענען זיך אויסלעבן אין דער נישט-ייִדישער געזעלשאַפט.

עס איז שווער אין אונדזער צייט איינצוהאַלטן די שטודירנדיקע יוגנט, זייענדיק אַרומגערינגלט פון אַ מערהייט נישט ייִדן און פון ייִדן וועלכע האָבן שוין פון לאַנג צעבראָכן די מחיצה. ווי די סטאַטיסטיק גיט אָן, האָבן מיר שוין באַלד אַ דריטל פון סטודענטן אין אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן, וועלכע מישן זיך אויס דורך חתונות. ווען די „געמישטקייט״ נעמט אָן אַ מאַסן-כאַראַקטער, דאַן ווערט עס אַ געפאַר פאַרן המשך פון אַ ריין ייִדיש לעבן; אַפילו גיור, לויט דער הלכה, שוין אָפּגערעדט פון רעפאָרמירטן גיור, קען נישט פאַרהיטן פון אָט דער געפאַר, דערצו נאָך, ווען דער צווייטער צד — דער נישט-ייִדישער — איז מקבל דעם ייִדישן מיט אָפענע אָרעמס.

און וואָס איז מיט ד״ר מאַקס נאָרדוי (שמחה מאיר זידפעלד, געבוירן תר״ט-1849 אין קראָטאָשין, פּוילן; געשטאָרבן תרפ״ג-1923, אין פּאַריז) דער טריבון פונעם ציוניזם, וועמען הערצל האָט גערופן: „דאָס קול פון קאָנגרעס״, מחבר פון באַרימטע ווערק „קאָנווענציאָנעלע ליגנס״, „פּאַראַדאָקסן״ און אַנדערע — דער פיקח, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן געפירט אַ קאַמף מיט די אַסימילאַטאָרן און געלייגט דעם יסוד פונעם ציוניזם נוסח „באַזעלער פּראָגראַם״ — אויך ער, האָט זיך גאַנץ אַנדערש געפירט אין פּריוואַטן לעבן: ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ נישט-ייִדישער פרוי, מסתמא נאָך זיין אַרויסקומען מיטן ווערק „די רעכט אויף ליבע״ — זיין אַקט איז געוויס נישט געווען דער בעסטער מוסטער פאַר

ציוניסטישע יוגנטלעכע [20]. ער האָט אָבער זוכה געווען, אַז זיין ווייב און נאָך מער, זיין טאָכטער — אַ בת יחידה — האָבן נאָכגעפאָלגט זיין וועג, זיינע קאַמפן און פּראָפּאַגירט זיינע אידעען, נישט בלויז בחייו, ווי לעבנס־באַגלייטערינס, נאָר אַפילו נאָך זיין טויט. זיי זענען אַרומגעפאָרן און פּראָפּאַגירט ציוניזם אַלס די איינציקע לייזונג פאַר ייִדן.

מיר האָבן שוין וועגן דעם אַ סך געשריבן און מיר ווילן זיך נאָך אומקערן צו דער דאָזיקער טעמע — דאָ ווילן מיר בלויז קאָנסטאַטירן אַ פאַקט, אַז אַלע פריִער דערמאָנטע האָבן אָנגעוויזן אויף דער סכנה פאַר קיום האומה, דורך פאַמיליע־געמישטקייט, געוואָרנט קעגן בלוטפאַרלוסט פון לעבעדיקן ייִדישן קערפּער.

אַלע די דענקענדיקע מענטשן האָבן אַגיטירט פאַר אַ שורשדיק־פעסטע דער־ציִונג, בכדי צו פאַרהיטן די יוגנט פון פרעמדע קולטורן, פרעמדע מנהגים אָבער אין פריוואַטן לעבן נישט געקענט זיך קאָנטראָלירן און אַוודאי נישט זייערע קינדער. די געמישטקייט דרינגט אַריין אין די סאַמע הויכע פענצטער, שוין נישט רעדנדיק פון אַ הענרי קיסינדזשער, דער אַמעריקאַנער אויסערן־מיניסטער וואָס האָט פשוט אונדז ייִדן פאַרשעמט מיט זיין געוואַגטן שריט, חתונה צו האָבן ציוויל, שבת, מיט אַ נישט־ייִדישער פרוי, נישט רעכענענדיק זיך מיטן צער פון זיינע פרומע טאַטע־מאַמע און פון דער בושה פון גאַנצן ייִדישן פאָלק.

מיר ווילן זיך נאָך אומקערן צו אָט דעם טאַט פון ייִדישן מיניסטער. דער פאַקט איז, אַז בלויז די וואָס ווילן זען דעם אונטערגאַנג, חלילה, פון אָפּגעהיטענע ייִדישע ישובים, פון דורכויס ייִדישן פאַמיליע־לעבן, פּראָפּאַגירן די אידעע פון געמישטע חתונות [21].

אַ ייִדישער שרייבער, א. גוראַלניק, איז שטאַרק צופרידן צו דערציילן „אַ ביסל וועגן ‚געמישטע חתונות'" (געענדערט די אָרטאָגראַפיע — נ. ש.):

„...אַגב, וועגן מיין פרוי. אין תוך וואָלטן מיינע אויטאָביאָגראַפישע נאָטיצן געדאַרפט געווידמעט זיין איר. מיר האָבן זיך באַקענט עטלעכע חדשים נאָך דער מלחמה. עמיליאַ איז דעמאָלט אַלט געווען זיבעצן יאָר. מיר איז אויסגעקומען צו וואַרטן אַ יאָר, ביז דער ישוב האָט אונדז אָנערקענט אַלס מאַן און ווייב.

„...די קינדהייט און די יוגנט פון מיין פרוי זענען אַדורך אין די אומרויִקע פאַר־מלחמהדיקע און אין די שווערע מלחמה־יאָרן...

„אייניקע שטרענגע קרובים פונעם טאַטנס צד און אויך פון דער מאַמעס צד האָבן זיך געוווּנדערט: ווי גוט און פיין באַקומט זיך אַלץ ביי מיין יונגער און שיינער פרוי, סאַראַ בריה זי איז...

— — —

„...איין מאָל... האָב איך צווישן אַנדערן אַ פרעג געטאָן מיין באָבען, ווי וואָלט זי אַ שטייגער געקוקט אויף דעם, ווען איר באַליבט אייניקל נעמט און האָט חתונה דאָרט, אין מאָסקווע, פאַר אַ רוסיש מיידל... איר ענטפער איז געווען אַ ביסל אַ צווייַדייַטיקער, אָבער אַ גאַנץ קלוגער: „אַבי זי זאָל זיין אַ מענטש...״

און דאָ קומט לויב און באַגייסטערונג פאַר געמישטע חתונות קעגן די „היטער״ — ווי ער רופט די וואָס ווילן נישט קיין געמישטקייט — פון ראַסן־ריינקייט, וואָס איז לויט דעם שרייבער געווען ביי די אַלטע לייט אַ ווידערווילן צו געמישטע חתונות... ער איז שטאַרק צופרידן פונעם אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון זיין משפחה...

ער פירט אויס:

„...איך בין אַ ייִד, און אַזאַ פאַרבלייב איך. צוזאַמען דערמיט אָבער בין איך אַן איבערצייגטער אינטערנאַציאָנאַליסט...״ ער איז בלויז צופרידן וואָס זיין נישט־ייִדישע שנור טראָגט זיין פאַמיליע־נאָמען און „אין אירע אָדערן פליסט ליטוויש בלוט״...

אריה טאַרטאַקאָווער, אין זיין סעריע „על קללת הטמיעה ועל ברכתה״, אַנאַליזירט דעם דאָזיקן פּראָצעס פון געמישטקייט, זעענדיק דערביי די קללה, די געפאַרן וואָס זי טראָגט מיט זיך און די ברכה פון אַ פרייער געזעלשאַפט[22]. ער האָט נישט קיין לייזונג אין אונדזער אָפענער און ליבעראַלער געזעלשאַפט צו קענען אָפּהאַלטן פון אָט דער משפחה־געמישטקייט.

די וואָס ווילן המשך און קיום פון אַ ריין־משפחהדיק־ייִדיש לעבן ציטערן פאַר אָט דער געפאַר פון געמישטע חתונות און ווייניקער געבורטן. זיי זוכן אַלערליי עצות, ווי אַזוי צו פאַרשטאַרקן דאָס נאַציאָנאַל־רעליגיעז משפחה־געפיל און ווי אַזוי צו פאַרגרעסערן ייִדישע געבורטן.

ס׳איז נישט קיין וווּנדער, וואָס רעליגיעזע מנהיגים אין ישׂראל און אין די תּפוצות — און אַפילו נישט אָרטאָדאָקסיש־רעליגיעזע — האַלטן, אַז שטרענגערע גיור־מיטלען און מעטאָדן וועלן שטאַרקן די ייִדישע משפחה און במילא דאָס ייִדנטום. זיי ווילן האָבן אין ישׂראל אַ שטרענג געזעץ וועגן „מיהו יהודי״ און גיור כהלכה, כּדי צוריקצוהאַלטן פון לייכטן, גאָרנישט מיינענדיקן גיור; כּדי אָפּצוהאַלטן דעם פּראָצעס פון געמישטקייט, דורך באַשטימען די פּראָצעדור און דעם ריטואַל פון גיור, אויפן יסוד פונעם ייִדישן דין, אויפן יסוד צו פאַרזיכערן די ערנסטקייט, באַוווּסטזיניקייט און איבערצייגנדיקייט פונעם גר, גרטע — און וועגן דעם ווייטער.

**ג. ווי אַזוי די השׂכלה האָט געוואָלט לייזן ייִדי־שע פּראָבלעמען. — דער נאַציאָנאַלער רענעסאַנס. — די פֿאַרווירקלעכונג פֿון טויזנטער יאָרן. — פּראָ־צעס פֿון געמישטע חתונות. — גיור על פי הלכה אויפֿן טאָג־אָרדענונג.**

די השׂכלה־ און עמאַנציפּאַציע־באַוועגונג אי אין מערב־אייראָפּע, איבערהויפּט אין דייטשלאַנד, אי אין מזרח־אייראָפּע, איבערהויפּט אין רוס־לאַנד, האָט געשטעלט דעם יסוד אויפֿן גלויבן אינעם מענטשן און, מיט אַלע כּוחות, זיך באַמיט אָפּצוראַמען פֿון וועג אַלע אויסערלעכע מחיצות און אַלע אינערלעכע שטערונגען, וואָס האָבן נישט דערלאָזט דעם ייִדן צו קענען זיך אַרויס־רייסן פֿון געטאָ־לעבן. אַזוי די משה מענדעל־סאָן־אַנהענגערס און אַזוי די משׂכּילים פֿונעם נוסח י. ל. גאָרדאָן, „זײַ אַ ייִד אין דער היים און אַ מענטש אין גאַס", האָבן זיך באַמיט צו צעלייגן די מחיצות וואָס האָבן דעם ייִדן אָפּגעזונדערט פֿון דער אַרומי־קער סביבה... אַזוי וואָס שייך לשון, הלבשה, מנהגים, קולטור, ליטעראַטור, זיטן און כאַראַקטער־שטריכן.

צו וואָס דאָס האָט געפֿירט און דערפֿירט איז אַלעמען באַקאַנט — שמד, אַסימילאַציע און עם־הארצות.

זענען נאָך דעם געקומען די נייע פֿאָלקס־באַוועגונגען: סאָציאַליסטישע, ציוניסטישע, פֿאָלקיסטישע — אַרויסגעוואַקסענע פֿון די עמאַנציפּאַציע־אידעאָ־לאָגיעס און פֿון די הומאַניסטישע שטרעבונגען, מיטן צוגאָב פֿון נאַציאָנאַלער קאָנסאָלידאַציע.

זיי האָבן איינגעזען און אָנערקענט די קאָמפּליצירטקייטן, די אומפּראַקטיש־קייט, די אוממעגלעכקייט צו בויען אויף נעגאַטיווקייט, אויף זעלבסטפֿאַרלייקענונג און זיי האָבן געזוכט נייע וועגן, נייע מיטלען, נייע אידעאַלן, ווי צו לייזן ענדגילטיק די ייִדישע פֿראַגע, ווי צו פֿאַרבינדן די הומאַניסטישע, ליבעראַלע אידעען מיט די נאַציאָנאַלע. זיי האָבן געזוכט אַ מער פּאָזיטיוון ענטפֿער אויף די ייִדישע פּראָבלע־מען, באַזירט דער עיקר אויף דעם נאַציאָנאַלן רענעסאַנס און נאַציאָנאַלע אַספּי־ראַציעס, אָדער ווי אַ גרויסער טייל האָט עס געזען, אַ יסוד צו לייזן ייִדישע פּראָבלעמען — די סאָציאַליסטישע אידעע, די יושר־פּרינציפּן פֿונעם מאַרקסיס־טישן און אַנדערע סאָציאַליסטישע דענקערס. גאָר אַנדערע האָבן געזוכט די לייזונג אין דער האַרמאָנישקייט פֿון ביידע: די סאָציאַליסטישע מיט די נאַציאָנאַליסטישע און אויף אַזאַ אופֿן אויפֿצובויען דאָס ייִדישע נאַציאָנאַלע לעבן. די גרויסע מער־הייט פֿון רענעסאַנס־אַנהענגערס האָבן פֿאַרבונדן די דאָזיקע יושר־אידעאַלן מיטן שיבת ציון־אידעאַל, אַזוי ווייט ביזן רעאַליזירן אַ ייִדישע אומאָפּהענגיקע מדינה — עיקר־פּרינציפּ פֿונעם פּאָליטישן ציוניזם.

די פּראָפּאַגירערס פון אָט דעם אידעאַל זענען געווען זיכער, אַז דערמיט וועט מען קענען לייזן אַלע גלות- און גאולה-פּראָבלעמען, אָפּשאַפן די יידישע נויט, פאַרזיכערן דעם קיום-האומה. מ'וועט מיט איין מאָל פּטור ווערן פון די ספּעציפיש יידישע פּראָבלעמען, וואָס האָבן נישט געלאָזט רוען יידישע פירערס אין די גלות-לענדער.

אַרויסגעוויזן האָט זיך, ווי מיר זעען עס איצט, אַז אויב מען נעגירט די הייליקע נאַציאָנאַלע פאָן — תורה און רעליגיעז יידיש לעבן — ווערט אָפּגעשוואַכט דער כוח וואָס האַלט צוזאַמען און צעמענטירט דעם יידישן שטאַם. נאָך דעם ווי מיר האָבן שוין אַ מדינה, פעלט אַלץ דער יידיש-נאַציאָנאַל-רעליגיעזער באַוווסט-זיין ווי אַ כוח אָפּצוּווענדן אַסימילאַציע. די געמישטע חתונות, ווי אַ פּראָבלעם, האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין פון די שאַרפסטע פּראָבלעמען. געמישטקייט שטעלט אין געפאַר די גאַנצקייט פון פאָלק, דעם קיום האומה.

הערצלס וויזיע פון אַ יידישער מדינה איז פאַרווירקלעכט געוואָרן. זיין גלויבן, אַז אַן „אידעע איז מסוגל אַריבערצופירן אַ פאָלק פון איין ווינאָרט אויף אַ צווייטן", איז מקוים געוואָרן. מיר האָבן דערגרייכט מלוכהשאַפט, מער אַפילו ווי הערצל האָט געחלומט; אויף אַ גרעסערן שטח, ווי ער האָט געקענט פאָרויס-זען; די יידישע עקאָנאָמיע אין די הרחבה-לענדער איז שטאַרק און סאָליד... מיר זענען אָבער נאָך אַלץ אַרומגערינגלט מיט אומצאָליקע פּראָבלעמען. דאָס גרעסטע פּראָבלעם: ווי איינצוהאַלטן דעם פּראָצעס פון אַסימילאַציע, ווי אויסצו-היטן משפחות פון געמישטקייט, ווי אַזוי אויסצוהיילן די מחלה וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין דער יידישער געזעלשאַפט.

ס'קומט אויפן געדאַנק אחד העמס זאָג: „די הילף פאַרן יידישן פאָלק וועט קומען דורך „נביאים", נישט דורך דיפּלאָמאַטן"[1]. די הילף קאָן נאָר קומען דורך גייסטמענטשן און נישט דורך פּאָליטיקערס! מען מוז ווערן באַהויכט פון רעלי-גיעז-טראַדיציאָנעל יידיש לעבן. מען מוז ווערן באַהערשט פון הייליקע יידישע געפילן און פון הייליקע יידישע מחשבות. נאָר ווען מען דערגרייכט צו אָט דעם דאָזיקן באַוווסטזיין, קאָן מען דערוואַרטן בייצוקומען אַלע נסיונות פון שמד און אַסימילאַציע. נאָר אויף אַזאַ אופן איז דאָ אַ מעגלעכקייט, אַז די אויפלעבונג און אויפבליִונג פון אַ נייַ יידיש לעבן מיט מלוכהשאַפט, זאָל נישט פאַרשלונגען ווערן דורך אַסימילאַציע, אינעם פּראָצעס פון געמישטע חתונות, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די יידישע ישובים און גאָר באַזונדערס דעם גרויסן יידישן ישוב אין אַמעריקע.

די געמישטע חתונות האַלטן אין וואַקסן אין אַמעריקע. ס'ווערט פון צייט צו צייט פאַרעפנטלעכט סטאַטיסטיק, מען גיט ספּעקולאַטיווע אָפּשאַצונגען — אָבער וויפל מ'זאָל נישט איבערגעבן — איז די צאָל אַ סך העכער. ס'איז נישטאָ

קיין מעגלעכקייט צו האָבן אַן אַלזייטיק אויטענטיש בילד פון די געמישטע חתונות, פון די גאַנץ געמישטע, האַלב געמישטע, פולע גירות, האַלבע און לייכטע גירות.

די פאַקטן וואָס ווערן פאַרעפנטלעכט, וואַרפן אַן געגוג מורא אויף די, וועלכע זאָרגן פאַר דעם ייִדישן המשך אין די תפוצות. מען טראַכט אויס כּל מיני פּלענער — אָבער קיין ריכטיקער פּלאַן איז נאָך אַלץ נישטאָ. די געמישטקייט לויט דער פּראָפּאָרציע, ווי עס גייט די לעצטע יאָרן, זאָגט אָן אַ רעדוקציע אין דער ייִדישער באַפעלקערונג; דאָס מיינט — אַ שוואַכערן איינפלוס אויף רעגירונג־אינסטאַנצן, אין דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט. די זיכערקייט פון אַמעריקאַנער ייִדן ווערט צוליב דעם געשטעלט אין ספק.

לויט די לעצטע סטאַטיסטישע דאַטן, האָבן מיר שוין אין געוויסע טיילן פון אַמעריקע כּמעט אַ דריטל פון פאַרהייראַטע פּאָרלעך געמישטע — אויף דריי חתונות איין געמישטע חתונה. אויב אַ מאָל איז עס געווען אַ זעלטנהייט, אַז אַ ייִדיש מיידל זאָל חתונה האָבן מיט אַ קריסטלעכן בחור, צוליב שווערקייטן... בושה... איז עס היינט שוין באַלד אַ דערשיינונג, נישט וויניקער אין פאַרגלייך, צו אַ חתונה פון אַ ייִדישן בחור מיט אַ קריסטלעך מיידל. אַ מאָל האָט מען זיך געשעמט, מען איז געזעסן שבעה, מען האָט פאַרלייקנט אַ קינד וואָס איז אַריבער אויף פרעמדע וועגן, מען האָט עס באַטראַכט פאַר אַ „פּסול" אין משפּחה. היינט איז מען יוצא מיט אַ קרעכץ — און גאָר אָפט, גיט מען אַפילו נישט קיין קרעכץ.

ווי אַ דירעקטאָר פון אַ רעליגיעזן דעפּאַרטמענט, קומענדיק אין באַריר מיט אָט די משפּחה־פּראָבלעמען, האָב איך אַ וועלט מיט פאַקטן וועגן אָט דער ענדערונג אין שייכות מיט געמישטע חתונות. מען טעלעפאָנירט כּסדר, ווי אַזוי דורכצופירן אַ לייכטע גרות און ווער איז דער „בעסטער ראַביי" דורכצופירן די פונקציע. ייִדישע מיידלעך, צווישן זיי געקומענע אויף שטודיר־מיסיעס און אַקאַדעמישע אויסטוישן פון סטודענטן, באַקענען זיך אויף די קעמפּוסן מיט נישט־ייִדישע בחורים און פון דער באַקאַנטשאַפט ווערט אַ ליבע און די מיידלעך ווילן אַ שנעלע חתונה, נישט פאַרלאַנגענדיק פון דעם געליבטן דורכצומאַכן דעם „כּריתת ברית", אַ מילה־אָפּעראַציע און וואָס שייך באַקענען דעם באַשערטן מיט יהדות, איז פאַר זיי געגוג, ער זאָל דורכלייענען אַ ביכל אין ענגליש וועגן ייִדן. זיי דאַרפן אַפילו נישט הלל׳ס עצה פון „תּורה על רגל אחת". אַ ראָמאַן וועגן ייִדן איז געגוג, דער בחור זאָל קענען ייִדישקייט.

אַזוי האַלט אָן דער וווּקס פון געמישטע חתונות און ברענגט מיט זיך גאָר שווערע פּראָבלעמען פאַר די קינדער פון אַזאַ געמישטקייט. די קאָמפּראָמיסן וואָס מען מאַכט וועגן די קינדערס דערציִונג שטעלט אין סכּנה די משפּחה־גאַנצקייט. אויב נישט־ייִדישע פרויען וואָס האָבן חתונה מיט ייִדישע מענער, גייען ס׳רוב איבער צום ייִדנטום און לאָזן דערציִען זייערע קינדער אַלס ייִדן, איז עס אַנדערש

מיט נישט-ייִדישע מענער וואָס נעמען ייִדישע מיידלעך. אויב ס׳קומט פאָר אַ צעשיידונג, אַ גט, דאַן ווערן די קינדער ממש פאַרלוירן — דער לייכטערער וועג איז באַהערשט צו ווערן פון דער נישט-ייִדישער מאַיאָריטעט.

אַ פאַקט איז אויך, אַז דאָס רעפאָרמירטע ייִדנטום אין אַמעריקע מאַכט דורך אַ קריזיס, צוליב זייער לייכט ייִדישקייט. וואָס לייכטער ייִדישקייט, אַלץ גרינגער אַריבערצוגיין צו אַנדערע אמונות. וואָס שווערער און אָפּגעהיטענער, מיט מער התחייבות צו ייִדישקייט, אַלץ שווערער איז דאָס אַריבערגיין, אַריבערשפּרייזן צו גויישקייט, צו אַסימילאַציע. די 119 רעפאָרם-ראַבינערס וועלכע האָבן ביי דער קאָנפערענץ פון זייער אָרגאַניזאַציע עפנטלעך דערקלערט, אַז זיי פירן דורך גע־מישטע חתונות — וואָס דאָס מיינט אַ טריט ווייטער פון דער קלאַסישער רעפאָרם — ווילן נישט וויסן, אַז זיי אַליין פירן צו דער ירידה פון זייער ליבעראַלן ייִדנטום. צו וואָס זיין ייִדן, ליידן פון דער אַרומיקער סביבה, ווען מען קאָן זיך אויסמישן און פטור ווערן פונעם שטאַם. צו וואָס קומען אין זייער רעפאָרמירטן טעמפּל, וואָס איז אויסגעליידיקט פון דורותדיקער טראַדיציע, שוין אָפּגערעדט פון הלכה, ווען מען קאָן שוין באַזוכן דעם טעמפּל פון אַנדערע און אָפּווישן יעדן שפּור פון יהדות.

ייִדישקייט איז געוואַקסן צוזאַמען, איז פאַרבונדן מיט די שטאַרקסטע קשרים, מיטן ייִדישן פאָלק. אויב מען צעטיילט עס, אויב מען טיילט אָפּ יהדות פון ייִדן, אָדער פאַרקערט, דאַן ווערט די גאַנצקייט צעשטערט און ס׳איז מער נישטאָ די גייסטיקע ספערע וואָס האַלט צוזאַמען ייִדן. נאָר דיסציפּלינירטע ייִדישקייט פאַר־זיכערט דעם קיום פונעם פאָלק.

די רעפאָרמערס טענהן: מ׳דאַרף צופּאַסן ייִדישע רעליגיע, מצוות פון דער תורה צו דער צייט, צו די באַדינגונגען און דעריבער דאַרף מען אַריינברענגען תיקונים בדת[2]; דער אמת איז אָבער, אַז די תיקונים וועלן אַריבערפירן אונדזער צוקונפט איבערן פלויט.

ס׳דערמאָנט זיך די מעשׂה, וואָס מען דערציילט פון דעם רבין און רב ר׳ שמעלקע ניקלסבורגער. ווען מען האָט אים אויפגענומען, אים געגעבן דעם כתב רבנות פון ניקלסבורג, האָבן די קהלשע פירערס פאָרגעשלאָגן, ער זאָל אַריינ־שרייבן אין קהלס פּנקס תקנות וואָס ער האָט בדעה איינצופירן אין זייער שטאָט. האָט ר׳ שמעלקע גענומען זיין פעדער און אַריינגעשריבן די עשׂרת הדברות. ווען די קהילה-פירערס האָבן דאָס דערזען, האָבן זיי נישט פאַרשטאַנען. דאָס איז אַ תקנה? אַ נייע תקנה? דאָס איז דאָך געשריבן אין דער תורה!

ר׳ שמעלקע האָט זיי דערקלערט: איך האָב דאָס אַריינגעשריבן ווי אַ תקנה, ווייל איך בין זיך משער, אַז איר זייט מער מקפּיד אויף אַ תקנה אין אייער פּנקס. אַז די עשׂרת הדברות וועלן זיך געפינען אין אייער בוך, וועט איר זיי מקיים זיין און נישט האָבן קיין טענות פון אַלטקייט, פון צוגעפּאַסטקייט.

די געמישטקייט גייט לעצטנס אָן נישט בלויז מיט קריסטן, נאָר אויך מיט מענטשן פון אַנדערע אמונות, אַריינגערעכנט די פאַרשיידענע, כמעט היידנישע אמונות פון די מזרח־פעלקער. זיי קומען אין דער מערב־וועלט און ייִדישע קינדער ווערן פאַרכאַפּט פון זייער רעליגיאָזיטעט. נישט בלויז האָבן מיר די לעצטע יאָרן געמישטקייט אין די מערב־הרחבה־לענדער, נאָר אויך אין אַנזעעוודיקע צאָלן אין ישׂראל, געמישטקייט מיט מוזולמענער, אַראַבישע בחורים און אויך דרוזן דרינגען אַריין אין ייִדישע היימען.

אחד העם האָט געזען די לייזונג פון דעם ייִדן־פּראָבלעם אין דער שאַפונג פון אַ ייִדישן גייסטיקן צענטער אין ארץ־ישׂראל, וואָס זאָל האָבן דעם איינפלוס איבער די תפוצות. אין אונדזער תקופה זעט מען, אַז דער גייסט מוז זיין באַהויכט פון גאָר אַ הויכן אידעאַל, וואָס זאָל צו נישט מאַכן דעם אינעווייניקסטן שפלות־געפיל, וואָס זאָל היילן פון מאָראַלישער מחלה. מען מוז באַזיצן אמונה און ליבע צום לאַנד און צום פאָלק.

די צאָל געמישטע חתונות האַלט זיך אין איין פאַרגרעסערן; דאָס מגייר זיין נישט־ייִדן ביי געמישטע פּאָרלעך, איז מיינסטנס אָן וועלכע נישט איז ערנסטע איבערצייגונגען. ראָמאַנטיש־ציווילע חתונות ווערן באַזירט אויף קאָמפּראָמיסן וואָס פירן צו שמד — יעדן פאַלס — שמד פון קינדער. איז דאָס אַ פאַרשאַרפט פּראָבלעם נישט בלויז פאַר די תפוצות, נאָר אויך פאַר ישׂראל. אין ישׂראל איז דאָ די מעגלעכקייט צו באַגרענעצן און איינהאַלטן דעם דאָזיקן שטראָם, דורך אַ באַשטימט געזעץ „מיהו יהודי" און גרות על־פּי הלכה.

די הלכה מוז נישט דווקא זיין די שטרענג־חומרותדיקע, אָבער זי מוז זיין באַזירט אויף פּסקים פון גאוני רוח פונעם פאָלק. דער פונדאַמענט פון דער ישׂראל־קאָנסטיטוציע איז די תורה; די תורה מוז בלייבן די קאָנסטיטוציע פון מדינת ישׂראל — און תורה שליסט איין: דעם תלמוד, די תורה שבעל־פה און זיינע נושׂא־כלים, דעם שלחן־ערוך און זיינע נושׂא־כלים. די הלכה האָט אין משך פון דורות געווירקט און געפלעגט און אויסגעאַרבעט — געפאַנצערט אַ ייִדיש פאָלק. די הלכה האָט אַרומגענומען דאָס ייִדישע לעבן, אין אַלע זיינע קאָמפּליצירטע דערשיינונגען און אַנטוויקלונגען; די הלכה איז דער שטיצפּונקט פאַר דעם קיום פון פאָלק.

ווען מען וואָלט געלעבט לויט הלכה, וואָלט דער שטראָם פון אַסימילאַציע נישט געהאַט אַזעלכע ברייטע מעגלעכקייטן, וואָלט דער זון פונעם פּרעמיער און אַרכיטעקט פון דער מדינה נישט חתונה געהאַט מיט אַ נישט־ייִדישער פרוי און ערשט ביים חתונה מאַכן זיין טאָכטער זאָל זיין ווייב און זיין טאָכטער זיך מגייר זיין. ווען מען לעבט ייִדיש־רעליגיעז, וואָלט אַ ליזע מינעלי נישט אויפגעגעבן אירע נישט־ייִדישע מענער און זיך פאַרליבט אינעם זון פונעם שוץ־מיניסטער...

די דאָזיקע נישט־ייִדישע פרויען וואָס ווילן האָבן ייִדישע מענער אין ישׂראל, האָבן געוויס שטאַרקע סענטימענטן פאַר מדינת ישׂראל. די אַקטריסע מינעלי האָט אָפּטע באַזוכן אין הייליקן לאַנד און ספּעציעל אין דער הייליקער ירושלים, זי טוט אַ סך פאַר ישׂראל, זי איז נאָך דער יום־כּפּור־מלחמה געפלויגן קיין ישׂראל צו פאַרווײַלן ייִדישע סאָלדאַטן — זי איז אָבער דאָך נישט־ייִדיש און אַזעלכע דאַרף זי בלײַבן כּל־זמן זי גייט נישט דורך דעם ריטואַל, די פּראָצעדור פון גרות.

מ. צאַנין [3] באַשרײַבט דאָס פּראָבלעם פון „מאָהאַר" ביי די אַראַבער. דער פּרײַז איז געשטיגן פון 6 טויזנט צו צוואַנציק טויזנט פאַר אַן אַראַביש מיידל. וואָס טוט דער אַראַבער, דער אַראַבער פון די פאַרשיידענע שבטים, וואָס לעבט אין ישׂראל — ער קריגט דורך ל י ב ע אַ ייִדיש מיידל און שפּאָרט זיך אײַן די דאָזיקע קאָסטן. באַזונדערס די דרוזן, די אָפּשטאַמיקע פון יתרו. זיי האַלטן צוזאַמען זייער עדה, געמישטע חתונות זענען ביי זיי שטאַרק פאַרווערט. פון דעסטוועגן, זוכט זייער יוגנט באַקאַנטשאַפט מיט ישׂראלים, וויסנדיק אַז זייער מערכה אין דער ייִדישער געזעלשאַפט וועט זײַן אַ סך אַ בעסערע, ווי אונטער דער העגעמאָניע פון די דרוזישע עלטסטע.

דער יונגער דרוזישער דור רעוואָלטירט קעגן זײַנע עלטערן. ער וויל זיך באַפרייען פון זײַנע „פאַרגאַנגענהייט־קייטן" און אין געמישטע חתונות זעט ער דעם בעסטן און לײַכטסטן וועג צו דער דאָזיקער באַפרײַונג.

שאול מייזלש האָט אין זײַנס אַן אַרטיקל „נשים יהודיות באהלי ערב" [4], באַהאַנדלט אין דער פּולער שאַרפקייט דאָס פּראָבלעם פון געמישטע חתונות צווישן ייִדן און אַראַבער.

ער האָט אַרויסגעבראַכט שאָקירנדיקע פאַקטן וועגן אָט דער געמישט־קייט: אַרום 5000 ייִדישע פרויען האָבן חתונה געהאַט מיט אַראַבער און דרוזן — זינט דער אַנטשטייונג פון דער מדינה — און 12 אַראַבישע פרויען מיט ייִדישע מענער. גאָר אַ סך ווינען צוזאַמען אָן אַ חתונה־אַקט, אָדער דורך ציווילע חתונות אין ציפּערן (קפריסין).

די ישׂראל־רעגירונג באַמיט זיך מיט אַלע כּוחות צו העלפן די דרוזן, און די באַציִונגען מיט אָט דעם שבט זענען גאָר גוטע: זיי באַקומען די געהעריקע רעגירונגס־סובווענצן; מען פאַרהאַנדלט מיט זיי וואָס שייך באָדן־פּראָבלעמען; מען האָט אויפגעשטעלט ספּעציעלע שולן, אַפילו אַ גימנאַזיע פאַר אַ צאָל דרוזישע דערפער. דאָס אַלץ מיינט נישט, אַז מען דאַרף זיך מיט זיי משדך זײַן. מען זוכט פאַר זיי באַשעפטיקונג, ווי בירגערס פון דער מדינה; מען וויל זיי באַזאָרגן מיט אַרבעט און מיט פּרנסה בשפע. אויסגעצייכנטע באַציִונגען, אָבער אַלץ נישט הייראַט־געמישטקייט.

די אינפאָרמאַציע פון ש. מ. איז נישט דעטאַלירט; ער גיט נישט קיין איינצל־הייטן און זאָגט נישט גענוי די צייט פון דער געמישטקייט, צי די געמישטקייט איז בלויז צווישן ייִדן וועלכע שטאַמען פון אַראַבישע לענדער, צי די געמישטקייט גייט אויך אָן מיט ייִדן פון אייראָפּעיִשן אָפּשטאַם... ער ברענגט אָבער אַרויס די פאַמיליע־טראַגעדיעס ווי אַ רעזולטאַט פון דער געמישטקייט און די סיבות וואָס זענען זיי גורם: פרייע געזעלשאַפט; מען באַקענט זיך אין גאַס, אין קינאָ, אין טעאַטער, אין די פאַרמעסט־שפּילן, ביי כל־מיני פאַרוויילונגען. די הויפּט־סיבה: אַראַבישע מענער ווילן אויסכאַפּן ייִדישע מיידלעך, זיי זאָלן זיין פּטור פון „מוהר", וואָס גייט נאָך אַלץ אָן ביי די אַראַבער — און אויך ביי די דרוזן. זיי ווילן זיך דעריבער חברן מיט ייִדישע מיידלעך כדי צו קריגן כלות בחינם.

מיר לייענען אין רבנישן זשורנאַל „הפרדס"[5], אַז דער סאָציאָלאָג יוסף גינת, האָט דורכגעפירט אַן אויספאָרשונג וועגן „נשואי תערובת בישראל" זינט דער עטאַבלירונג פון דער מדינה און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די צאָל גרייכט צו 360 ייִדישע פרויען וועלכע האָבן חתונה געהאַט מיט מוזולמענער. 80 פּראָצענט פון די געמישטע חתונות זענען פאָרגעקומען צווישן ייִדישע מיידלעך מיט אַראַבישע בחורים; 20 פּראָצענט — מיט קריסטלעכע און דרוזישע מינדערהייטן.

הרב שׂמחה עלבערג, רעדאַקטאָר פונעם רבנישן אָרגאַן, אַלאַרמירט אויף דער געפאַר און זעט די שולדיקע אין די וועלכע האָבן נישט געקעמפט גענוג צו לייזן דאָס פּראָבלעם „מיהו יהודי", וואָס וואָלט צוריקגעהאַלטן די געמישטקייט אין ייִדישע משפחות.

ווי מיר זעען עס אין יהדות, איז אוניווערסאַליזם אַן אינטעגראַלער טייל פון ייִדישן פאָלקס־באַנעם. גאָטס רחמים איז איבער אַלע פעלקער, איבער אַלע נפשות. דער ספר יונה ווייזט ווי גאָטס רחמנות איז געווען אַפילו אויף דער זינדיקער נינוה: ער שיקט דעם נביא צו וועקן זיי צו תשובה, זיי זאָלן נישט אונטערגיין; זיי זאָלן נישט ווערן פאַרזונקען אין זינד. דער נביא וויל אַנטלויפן, ער קען עס נישט פאַרשטיין — גאָט צווינגט אים, ער זאָל גיין און רופן צו תשובה — און ער איז געגאַנגען מיט זיין שליחות, געראַטעוועט די שטאָט פון אונטערגאַנג.

אין גאָר אַ שווערער צייט האָט דער נביא מלאכי זיך געווענדט צו אַלע פעלקער מיט די ווערטער: „איז נישט איין פאָטער ביי אונדז אַלעמען? האָט אונדז נישט איין גאָט באַשאַפן? פאַר וואָס זאָלן מיר פעלשן איינער אָן אַנדערן?"[6]

ייִדן זענען קעגן ראַסן־אונטערשיידן: ווער נאָר ס'וויל זיך באַהעפטן מיטן ייִדישן פאָלק, נעמט אָן תורה מסיני, גייט דורך דעם פּראָצעס פון גיור, ווי אָנגענומען נאָך פון קבלת התורה — דעם איז מען מקרב; סתם אַרייַנגעמען אין כלל ישׂראל, אָן וועלכער עס איז פאַרפליכטונג צו היטן מסורת היהדות, ווי דאָס האָבן

געטאָן אַ צאָל ראַבינער און גייסטלעכע, אַזעלכעס קען נישט גוטגעהייסן ווערן און איז אַ געפאַר פאַרן יידנטום.

געמישטקייטן זענען תמיד פאָרגעקומען, אין אַלע צייטן און ביי פאַרשיידענע פאַמיליעס, אַריינגערעכנט גאָר יחוסדיקע, אָבער אַ פסיכאָז, ווי מיר האָבן עס אין אונדזער צייט, אַ שטראָם וואָס האָט אַרומגעכאַפּט מאַסן שטעלט אין סכנה דעם יידישן קיום.

מיט אַ צייט צוריק האָב איך געלייענט אַ באַשרייבונג פון מ. צאַנין [7] וועגן אַ מאָדנער געמישטקייט, וואָס האָט זיך געענדיקט טראַגיש.

אויף איינער פון זיינע נסיעות, לויפנדיק פונעם נאַצי־גיהנום, איבער לענדער און קאָנטינענטן, האָט ער אָנגעטראָפן, אַ דייטש־יידיש מיידל, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַ רייכן מאַהאַראַדזשאַ. אינטערעסאַנט איז, צוליב וואָס עס איז פאָר־געקומען אַ שיידונג: ער שלאָפט אויפן דיל (מיט קישנס) און זי — אין אַ ווינער בעט; ער עסט מיט די פינגער אינדישע שפייזן און זי מיט לעפל־גאָפל אייראָ־פּעישע מאכלים; ער עסט אויפן דיוואַן און זי אויפן טיש... געענדיקט האָט זיך מיט אַ גט! ביי די היינטיקע מיידלעך וועלכע זוכן ליבע ביי אינדיע־בחורים, ביי „קרישנאַ״־גלויביקע, ביי בודאַ־מאמינים, איז אפשר נישטאָ קיין בעטפּראָבלעם. זיי שאַפן אָבער טיפערע פּראָבלעמען, ווי קישנס אויפן דיל. זיי שטעלן אין געפאַר דעם קיום היהדות. ווי האָט גאָלדע מאיר געזאָגט: „וואָס די שׂנאה טוט ווייסן מיר, אָבער געפערלעכער זענען פאַר אונדז איצט די קאָנסעקווענצן פון דער ליבע וואָס קומט צום אויסדרוק אין די געמישטע חתונות...״

גרי צדק — רעכטפאַרטיקע גרים — האָבן אונדזערע גייסט־מענטשן, מאָראַ־ליסטן און מענטשן־ליבהאָבערס מקבל געווען מיט אָפענע אָרעמס, אויב די דאָזיקע האָבן אַרויסגעוויזן אַן ערנסטקייט און פאַרזיכערט אָפּצוהיטן די עטישע און מאָראַלישע געבאָטן אין יהדות. אָבער לייכטע גרות, צוליב באַקוועמלעכקייט, צוליב ליבע, אַזעלכע האָט מען נישט געקענט אַריינגעמען אין קהל ישׂראל.

מיר לייענען ווי אַ שו״ת אין „המאור״ [8] פון הרב ר׳ יצחק אָהלבוים, וועגן אַ גר וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַ יידישער טאָכטער, זיך מגייר געווען „לשם אישות״, כדי חתונה האָבן מיט דער יידישער מיידל. ס׳האָט לאַנג נישט גענומען און זיי האָבן זיך „סעפּאַרירט״ און ער איז צוריק אַריבער צום קריסטנטום. די פראַגע איז: דאַרף זי פון אים האָבן אַ גט... ווי ביי אַ משומד, אָדער זי איז פריי, ווייל די חתונה איז געווען בטעות און ער איז לכתחילה נישט געווען קיין ייִד...

הרב אָהלבוים, האָבנדיק די הסכמה פון הרב הגאון ר׳ משה פיינשטיין, האָט זיך באַנוצט מיט אַ צאָל מאָטיוון, זי צו באַפרייען פון דער דאָזיקער הייראָט:

1. זיין גרות איז בלויז געווען צוליב אירע עלטערן.
2. ער האָט לכתחילה נישט אין זינען געהאַט מקיים צו זיין די מצוות.

3. די גרות האָט דורכגעפירט אַ קאָנסערוואַטיווער ראַבינער, נישט האָבנדיק
קיין כשרע עדות און אָן דעם געהעריקן ריטואַל.

ער פירט אויס, „בוודאי שאין קדושיו — קדושין" און גיט צו:

„...וכן הסכים עמי הגאון ר' משה פיינשטיין שליט"א רק ליתר שאת, השתדלתי שיתן כח הרשאה ע"י טעלעפאָן, לאחד שיסדרו גט לאשתו וכן עשינו למעשה"...

מיר זאָגן „אלקי אברהם" ווייל ער איז געווען „תחלה לגרים" [9] אברהם אָבינו איז דער פאָטער פון אַלע גרים, ווער נאָר ס'האָט אָנגענומען די אמונה פון אברהם אָבינו „שהכיר את בוראו" אָבער נישט קיין גרות, וואָס ברענגט אַריין אַ צעמישע־ניש אין יידישן משפחה־לעבן.

הלל, אין זיין מילדערער באַציִונג צו גרים, האָט דער עיקר געוויזן דעם גר, ווי די תורה זאָרגט פאַר דעם ווילזיין פונעם מענטשן, דעם „ואהבת לרעך כמוך", ווייל ער איז געווען זיכער, אַז דער גר וועט לערנען תורה און ווערן אַ גוטער ייִד.

דאָס רבנות הראשית אין ירושלים האָט געמאַכט אַ צאָל פאַרלייכטערונגען ביים מגייר זיין נישט־ייִדישע ווייבער און אויך די קינדער, וואָס זיי האָבן געבוירן צו זייערע ייִדישע מענער, זיך רעכענענדיק מיט די אומשטענדן, מיט דער סאָוועטישער אונטערדריקונג צו פירן אַ ייִדיש לעבן לויט דער ייִדישער טראַדיציע. די רבנים זענען אָבער זיכער, אַז די עולים וועלן אין ישראל זיך פירן ייִדיש און דערציִען זייערע קינדער פאַר געטרייע ייִדן.

אַ גרעסערע און מער אויספירלעכע אַרבעט, וועגן גרות אין מיינע פריִערדיקע ווערק [10] און מיר וועלן זיך נאָך אומקערן צו דער טעמע אין די ווייטערע פרקים.

ביי ייִדן האָט מען אָנערקענט די ווירקונג פון עלטערן, ווי אַ דעצידירנדיקן פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פונעם ניי־געבוירענעם דור. ווי רש"י, אויפן סמך פון מדרש, דרשנט דעם פסוק: „כי מראש צורים אראנו ומגבעות אשורנו" — מראש צורים אלו האָבות; ומגבעות — אלו האמהות [11]. די ווירקונג פון עלטערן איז נאָר מעגלעך דורך אמתער, אויפריכטיקער גרות — דורך גרי צדק און אַזעלכע, האָבן אונדזערע גייסטמענטשן, מאָראַליסטן געהאַלטן, דאַרף מען מקבל זיין מיט אָפענע אָרעמס, ווייל מען איז זיכער אַז זיי וועלן זיין געהיט אין די עיקרים פון יהדות, אַוודאי אין די „שבע מצוות". זיי וועלן אָפּהיטן די עטישע און מאָראַלישע געבאָטן פון יהדות. סתם זיי דערקלערן אַלס גרים און זיי זאָלן געניסן פונעם „חוק השבות" — אַזעלכעס איז נישט גוטגעהייסן געוואָרן — און וועגן דעם ווייטער.

**ד. געמישטע חתונות אין די תפוצות און אין ישראל. — ספנה פאַרן קיום היינט מער ווי אין די פריערדיקע דורות. — פראַגע פון „מיהו יהודי". — כתובה-רעפאָרם און חתונה-רעפאָרם.**

מיר האָבן ביז איצט געזען, אַז ריינקייט אין משפחה־לעבן איז יסודותדיק אין יהדות, אַ הויפּט־און־עיקר פּרינציפּ אין יידישן לעבן. געמישטע חתונות — האָבן אונדזערע מאָראַליסטן געוויזן — פירן צו זנות און אויסגעלאַסנקייט אין געשלעכטלעכן לעבן, רויגירן די משפחה און דעגראַדירן די געזעלשאַפט. ממזרות — האָבן אונדזערע מאָראַליסטן געלערנט — ברענגט אומגליק פאַר דורות און דורות.

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אין די פריערדיקע פּרקים אויף דער וויכטיקייט פון ברענגען קינדער אויף דער וועלט. אויב עמרם האָט אין צייט פון סכּנה געוואָלט זיך שיידן פון זיין פרוי יוכבד, האָט זיין טאָכטער מרים, די צוקונפטיקע נביאה, אים געזאָגט מוסר, אַז זיין גזירה איז ערגער פון פרעהס „דו האָסט גוזר געווען סיי אויף זכרים און סיי אויף נקבות..." האָט ער צוריקגענומען זיין ווייב און פון דעם צוריקנעמען איז אַרויסגעקומען משה רבינו, דער גואל פון מצרים [1].

די יידישע מאָראַל דערוויטערט יעדן געדאַנק פון „געבורט־קאָנטראָל", פון אַבאָרט, סיידן אין געוויסע פאַלן. ס'זענען אויך פאַראַן חלוקי דעות אין תלמוד, צי ס'זענען דערלויבט פאַרהיט־מיטלען [2]. צו האָבן קינדער אויף אַן אומלעגאַל־פאַרבאָטענעם אופן, ווי עריות האָבן די חכמי התלמוד זיך שאַרף אויסגעדריקט און די שטראָף איז די האַרבסטע: טויטשטראָף, ווען ס'איז געווען עדות און התראה; די קינדער בלייבן ממזרים, פאַרבאָטן צו קומען בקהל ישראל.

אויף דעם פּסוק: „איש, איש כי תשטה אשתו ומעלה בו מעל" [3], קאָמענטירן חז"ל, אַז דאָס מיינט צו זאָגן, מ'זאָל זען, אַז צווישן די וואָס גייען אַרויס אין מלחמה, זאָל זיך נישט געפינען קיין ממזר. די טאָפּלטקייט ומעלה בו מעל, מיינט צו זאָגן, צוויי פעלשונגען: פאַלשקייט צום מאַן און פאַלשקייט צום באַשעפער און צוליב איר פאַלשקייט און פאַרראַט ליידט דאָס קינד, דער ממזר: „אני מכיר את הממזר ואני טורדו מן העולם" [4].

די פרוי האָט אין באַהעלטעניש פאַרראַטן איר מאַן. ער ווייסט טאָקע נישט, אַז זי האָט אים פאַרראַטן — אָבער אין הימל ווייסט מען, וועט זי באַשטראָפט ווערן און אויך דאָס קינד, די פרוכט פון פאַרבאָטענעם געשלעכט־לעבן וועט דאַרפן ליידן.

רבנים אין אַלע דורות האָבן, אין פאַלן פון באַהאַלטענעם פאַרראַט, געזוכט כּל־מיני מיטלען צו באַפרייען דאָס קינד פון ליידן און צו העלפן דער פרוי,

וועלכע האָט איר אומשולד אויסבאַהאַלטן. אָבער ווייט נישט שטענדיק איז דאָס זיי געלונגען.

ס'איז מיר לעצטנס אויסגעקומען בלעטערן אין ספר „חמדת שלמה" [5] פון וואַרשעווער רב, ר' שלמה זלמן ליפשיץ. דערציילט ער דאָרט, אַז עס איז געקומען פאַר אים אַ מאַן און זיך מתוודה געווען אויף חטאת־נעורים, אויף זיינע יוגנטלעכע זינד און האָט פאַרלאַנגט פונעם רב, ער זאָל אים אַרויסגעבן אַ תשובה.

אין דער ווידוי האָט דער ייִד איבערגעגעבן, אַז מיט אַ צוואַנציק יאָר פריִער האָט ער געלערנט אין אַ שטאָט זייער ווייט פון זיין אָרט. נאָענט פון דער שטאָט, אין אַ קליין שטעטל, האָט ער געהאַט אינטימע באַציִונגען מיט אַן אשת־איש און איבערגעגעבן איר נאָמען און דעם נאָמען פון איר מאַן. ער האָט אויך איבער־געגעבן, אַז ער איז זיכער, אַז ער איז געווען דער צווייטער מאַן („שהוא הי' בעוה"ר הבועל שני") מיט וועמען זי האָט געהאַט געשלעכטלעכע באַציִונגען.

דער דאָזיקער ייִד — שרייבט דער וואַרשעווער רב — איז אַ „בר אוריין", פירט זיך בדרך הישר, איז קובע עתים לתורה... און נעמט אויף זיך סיגופים, פייניקט זיך (ווייל זיין געוויסן פייניקט אים). זיין שאלה איז: אַזוי ווי ער ווייסט, האָט די פרוי מזנה געווען ברצון, ווילנדיק, און מ'האָט זי נישט מאַנס געווען, טאָר דאָך דער מאַן נישט ווינען מיט איר; דאַרף מען אים איבערגעבן וועגן דאָזיקן „אינצידענט" כדי מ'זאָל קענען, ווי ווייט מעגלעך, מתקן זיין פון איצט און ווייטער אָדער שווייגן?

דער אויספירער פונעם פסק, אויפן סמך פון סמ"ג, אַז איין עדות איז באַגלויבט און לויטן פסק פון ר' יחזקאל לאַנדאָ [6] איבערצוגעבן דעם מאַן וועגן דער געשעע־ניש, בכדי אים צוריקהאַלטן פון פאַרבאָטנקייט.

יאָ, אַזוי ווייט איז מען געווען נזהר אין די עניני אישות.

אין געמישטקייט, איז תּמיד געווען אַ געפאַר פון זנות־אויסגעלאַסנקייט, ווייל ס'וועט נישט מעגלעך זיין צו קענען פאַרהיטן פון פרעכקייט און פאַרראַט; ס'וועט נישט מעגלעך זיין קיין פולשטענדיקער קאָנטראָל אין משפּחהדיקייט. בלויז אין זעלטענע אויסנאַמען, קאָנען געמישטקייטן אין פאַרהייראַט לעבן ווערן געהיט אין די ראַמען פון מאָראַליש־סעקסועלע דינים און פּרינציפּן, וויכטיקע פאַר מעדיציניש־ווענערישער רעגולירונג. געמישטקייט אין אונדזער פרייער און אָפענער געזעלשאַפט פירט אויך צו שמד, וואָס קומט נישט צוליב איבערצייגונג, נאָר צוליב תאווה.

ווי אַ פאָרשער און ווי אַ באַשעפטיקטער אין אַ ביוראָ, וואָס פאַרנעמט זיך מיט רעליגיעז־סאָציאַלע אָנגעלעגנהייטן, האָט דער שרייבער פון די שורות פאַר־צייכנט אַ צאָל אַזעלכע דערפאַרונגען אין שייכות מיט גרות, געמישטע חתונות און שמד.

אויף מיין טאָג־לוח איז פאַרצייכנט, אַ טעלעפאָנישער געשפּרעך, פון פריטיק פרי, דעם 17טן נאָוועמבער 1972.

אַ פרוי טעלעפאָנירט... זי מוז רעדן צו מיר... דרינגענדיק!

— „וואָס איז?" — פרעג איך — די פרוי צעווייִנט זיך, כ'זאָל זי ראַטעווען...

וועלן מיר דאָ נישט איבערגעבן מער ווי דעם תמצית פון איר פאַרלאַנג:

איר טאָכטער, 23 יאָר אַלט, אַ שיינהייט, קלוג און געלערנט... איז מיט עטלעכע יאָר צוריק אַוועק שטודירן און וואָס מער זי האָט געלערנט און וואָס מער פּרייזן פאַר איר וויסן זי האָט באַקומען, אַלץ מער האָט זי אויסגענומען ביי בחורים, געוואָרן שטאַרק פּאָפּולער. דער סוף — זי האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין מיט אַ סטודענט פון טעאָלאָגיע, אַ גלח, די ראַנדעוווס זענען געגאַנגען אַזוי ווייט, ביז זי האָט מער נישט געקענט זיין אָן אים, געגאַנגען וווינען מיט אים... ס'האָבן נישט געהאָלפן די געבעטן פון דער פאַרצערטער מאַמע. זי איז פאַרליבט אינעם גלח און וויל אים האָבן...

וואָס האָט געטאָן דער גלח?

ער האָט געזאָגט, אַז ער קען נישט וווינען מיט איר, ביז זי וועט זיך נישט שמדן און ער וועט קאָנען אָפיציעל חתונה האָבן מיט איר.

מ'קען זיך פאָרשטעלן, וואָס עס האָט זיך געטאָן אין הויז פון די וועלכע האָבן זי געבראַכט אויף דער וועלט. די ליבע איז אָבער שטאַרקער פון אַלץ. זי האָט זיך געשמדט, כדי חתונה צו האָבן מיטן גלח.

איז דאָס נאָך נישט געווען גענוג: ער האָט איר איינגערעדט, זי זאָל אַרומפאָרן מיט אים און פאַרשפּרייטן קריסטנטום. דאָס פאָרל פאָרט אַרום; פּרעדיקט און וויל אַריינכאַפּן יידישע נשמות.

„וואָס ווילט איר פון מיר? וואָס קען איך טאָן פאַר אייַך? ווי קען מען צווינגען אייַער טאָכטער אויפצוגעבן איר מיסיאָנערישע טעטיקייט, ווען זי איז אַזוי פאַרליבט און מיינט, אַז מיטן העלפן דעם גלח, וועט זי אים האָבן פאַר זיך?"

„איך האָב געהערט — דערקלערט מיר די ליידנדיקע מאַמע — אַז זיי געפינען זיך איצט אין מאָנטרעאָל; זיי רעדן ביי אָרגאַניזאַציעס און אין קירכעס; אפשר וואָלט איר טעלעפאָנירט קיין מאָנטרעאָל, צום הויפּט־אָפיס פון קאָנגרעס, אַז דער קאָנגרעס זאָל זען זיי אַרויסצוזאָגן און פאַרמיידן חרפּות און בזיונות!"

די נאַיִווע מוטער ווייסט נעבעך נישט, אַז די קאַנאַדער קאָנסטיטוציע פאַרזיכערט פרייהייט פון וואָרט.

אין מיין פריִערדיקן ווערק, האָב איך אָנגעוויזן, אַז די מכּה פון שמד און פון געמישטע חתונות איז נישט קיין ניַי פּראָבלעם און אַז אַזאַ געמישטקייט האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַפילו אין די גוטע, נאַציאָנאַלע און אַפילו רעליגיעזע היימען — אין די גאָר הויכע פענצטער. מיר האָבן דערמאָנט אַ צאָל טעכטער, וואָס זענען

„אריבער דעם פּלויט", ווי מיר האָבן פריִער דערמאָנט: די טאָכטער פון אחד העם (אשר גינצבערג); די טאָכטער פון שמעון דובנאָוו; די טאָכטער פון מרדכי בן הלל הכהן, דער זון פון מענדעלע מוכר ספרים (שלום יעקב אַבראַמאָוויטש, 1836־1917) און נאָך און נאָך, ווער קאָן זיך אונטערנעמען מאַכן אַ רשימה. איך האָב דערמאָנט די טעכטער, ווייל זיי שטעלן מיט זיך פאָר עפּעס ספּעציפישס און ס'ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס הויז האָט נישט געהאַט געווּג השפעה אין פאַרגלייך מיט דער דרויסנדיקער השפעה.

אשר גינצבערג איז געווען דער גרויסער בעל מחשבה, פילאָזאָף־טעאָרעטיקער פון גייסטיקן ציוניזם, פון מרכז רוחני אין ארץ־ישראל — זיינס אַ טאָכטער איז אַוועק זוכן גליק אין פרעמדע ווייגערטנער.

שמעון דובנאָוו, דער גרויסער היסטאָריקער, אפשר דער גרעסטער ביז היינט, זיין הויז איז געווען דורכגעזאַפּט מיט ייִדישן וויסן, מיט פאָלקס־ייִדישקייט — איין טאָכטער האָט זיך אַרויסגעריסן פון אָט דעם פאָלקישן ייִדישן לעבן.

מרדכי בן הלל הכהן, ציוניסטישער עסקן, מחותן פון אחד העם, האָט דערצויגן די קינדער אין ציוניסטישן גייסט; ער איז געווען פון די התלהבותדיקע חובבי־ציון און האָט נישט בלויז געפּרעדיקט, נאָר מיט מעשׂים געטאָן, וואָס נאָר מעגלעך ס'איז געווען פאַר דעם ייִד צו טאָן, פאַרן ציוניזם און האָט מקיים געווען די מצווה פון ישוב ארץ־ישראל. דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן: די פרייע לערע וואָס ער האָט געגעבן זיינע קינדער — זיי געלאָזט שטודירן אין דער פרעמד — האָט געבראַכט געמישטקייט אין זיין הויז, צו זיין פאַמיליע.

אָט דער מרדכי בן הלל, ווי עס ווערט איבערגעגעבן, האָט געהאַט גרויס נחת פון די אַנדערע צוויי טעכטער: די עלטסטע, אַ באַרימטע אַדוואָקאַטין, האָט חתונה געהאַט מיט פּראָפ' שלמה גינוסר, זון פון אחד העם און די צווייטע האָט חתונה געהאַט מיט פּראָפ' ארטור רופּין, באַרימטער סאָציאָלאָג, עקאָנאָמיסט, ציון־פירער און בויער פון לאַנד — און לויט זיינע ביאָגראַפן, האָט אויך די טאָכטער וואָס איז געבליבן אין רוסלאַנד, חתונה געהאַט מיט אַ נישט־ייִדישן דאָקטאָר, נישט אין גאַנצן אַוועק. אירע אייניקלעך זענען צוריקגעקומען צו ייִדישקייט.

אַפילו מענדעלע, דער קלאַסיקער פון דער מאָדערנער העברעיִשער און ייִדישער ליטעראַטור, אויך זיין זון, האָט פאַרלאָזט יהדות, זיך געשמדט, איז אַוועק פון טאַטנס חדר, פון פאָטערס דרך און אַזוי אויך אַנדערע. ווי מיר האָבן שוין פריִער אָנגעוויזן, זענען געווען העברעיִשע שריפטשטעלער־פּאָעטן, וואָס האָבן געזוכט געגעזונג אין פרעמדע ווייגערטנער; גענוג צו דערמאָנען, פרוג, קאָווגער — אמת, בלויז געציילטע, ממש אויף די פינגער צו ציילן.

נישט זעלטן איז געווען אַ שמד־געשעעניש אין אַ ייִדישער משפּחה. זי האָט זיך אַפילו אַריינגעכאַפּט אין די שיינע הייזער, אין די „הויכע פענצטער" — דאָס זענען אָבער אַלץ געווען אויסנאַמען, באַטראַכט געוואָרן ווי טראַגישע געשעענישן. אין אונדזער צייט, איז די געמישטקייט געוואָרן אַ נאָרמאַלע דערשיינונג און האָט שוין אָנגענומען אַ מאַסן־פּסיכאָז.

לויט פּראָפ׳ מאַרשאַל סקלאַר, איז דער פּראָצענט פון געמישטע חתונות אין אַזאַ שטאָט ווי באָסטאָן — אַ ייִדישע שטאָט — אַרום 20 פּראָצענט און אין אַנדערע שטאָטן, באַזונדערס צווישן יוגנטלעכע אין אוניווערסיטעטן, דערגרייכט די צאָל אַ סך העכער: אויב אין באָסטאָן — די שטאָט מיט באַרימטע רבנים־מנהיגים — איז איינע פון פינף חתונות אַ געמישטע, קען מען זיך שוין פאָרשטעלן, ווי גרויס די צאָל איז אין די קלענערע שטעטלעך אין מערב־ און דרום־אַמעריקאַנישע שטאָטן.

אין „די אילוסטרירטע בלעטער" [7] לייענען מיר אַ דערציילונג פון אברהם ברענער, א"ב „געמישטע חתונות", וואָס גיט אונדז אַ בילד וועגן דער געמישטקייט־מגפה וואָס גייט אָן אין בראַזיל.

אַ ייִדישער בחור מיט גאונישע פעיִקייטן, אַן ערשט־ראַנגיקער וויסנשאַפט־לער, קלייבט זיך אויס אַלס לעבנס־באַגלייטערין אַ טונקל־הויטיקע מולאַטין מיידל. זיי ווערן פאַראייניקט אונטער אַ האַלב ייִדישער און האַלב גוייִשער חופה. אינדיאַ־נישע טאַטע־מאַמע, אויסגעסטראָיעט אין זייערע נאַציאָנאַלע קאָסטיומען, מישן זיך אויס מיט ייִדישע טאַטע־מאַמע — מחותּנים פון גרויסן ייִדישן יחוס. די ייִדישע מחותּנים, געקליידט עלעגאַנט־אייראָפּעיִש, אָנגעזעענע טראַדיציאָנעלע ייִדן ווערן פאַרבונדן מיט אינדיאַנער, מישן זיך אויס מיט זייער קולטור און מיט זייערע טראַדיציעס.

דער יורש פון עלטערן, וועלכע האָבן געשטיצט אַלץ וואָס איז ייִדיש, האָט זיך אויסגעקליבן אַ מיידל פון אַ פרעמדן שבט, פון אַ פּרימיטיוון שטאַם און זיך מיט אַ מאָל אָפּגעהאַקט פון דער גרויסער גייסטיקער ירושה, נישט איבערלאָזנדיק די מאַטעריעלע ירושה, וואָס וועט בלייבן פאַר קינדער, וועלכע וועלן זיין נישט ייִדן און נישט אינדיאַנער — קינדער פון „אַ פאַרלוירענעם און פאַרגעסענעם נעכטן"...

אין אורוגוואַי, ווו ס׳איז דאָ אַ גוט אָרגאַניזירטע ייִדישע קהילה, לייענען מיר [8] אַז אויך דאָרט, האָט די זאָרג וועגן געמישטע חתונות אָנגעהויבן מאַטערן די אָרטיקע קהילה־פירערס און אַז אין אָנבליק פון דער דאָזיקער דאגה, האָט מען אָנגעהויבן אַ ברייט־פאַרצווייגטע אויפקלערונגס־טעטיקייט, אפשר וועט עס העלפן אָפּהאַלטן דעם שטראָם פון אַסימילאַציע דורך געמישטע חתונות.

אין אַ צאָל אייראָפּעיִשע לענדער איז דער מצב אַ מער מסופּנדיקער. שוין נישט באַרירנדיק דעם מצב אין סאָוועט־רוסלאַנד, ווו די רעגירונג, און די געזעלשאַפט אין אַלגעמיין, ווילן אָפּווישן יעדע שפּור פון רעליגיעזע אונטערשיידן. אויך אין די מערב־לענדער איז דער מצב פון געמישטקייט אויפן ערשטן אָרט פון די אָרטיקע קהילות. אין האָלאַנד זענען שוין פופציק פּראָצענט חתונות געמישטע. דאָרטן קומט עס, צוליב דער פרייהייט פון וועלכער ייִדן געניסן.

אין אַמעריקע און אין אייראָפּע זענען אַ סך שולדיק אין דעם פּראָצעס פון געמישטע חתונות, די רעפאָרם־באַוועגונג, באַזונדערס די ראַבינער, זאָל זיין אַ מיעוט, פון דער דאָזיקער באַוועגונג, וועלכע האָבן כּמעט ווי דערמוטיקט אַזעלכע חתונות.

דאָס ערשטע מאָל, וואָס אַ רעפאָרם־ראַבינער האָט דורכגעפירט אַ געמישטע חתונה, איז געווען אין לייפּציג, אין יאָר 1894. דער ראַבינער שמואל האָלדהיים האָט חתונה געמאַכט אַ ייִדישן בחור מיט אַ קריסטלעכן מיידל. ער האָט דערין געזען אַן „אידעאַלע הייראַט". ווי אַן אויפגעקלערטער אוניווערסאַליסט, אין דער ליבעראַלער טראַדיציע פון 19טן י"ה, האָט ער געהאַלטן, אַז די געמישטקייט דורך חתונות, וועט זיין דער בעסטער — און לייכטסטער — וועג, צו דערגרייכן דעם ווונטש פון „אב אחד לכולנו". ער האָט זיך סומך געווען אויף דער ליבע, לאָמיר עס אָנרופן, אויף סעקסועלער תּאווה, אַז דאָס וועט פאַרזיכערן די גליקלעכע הייראַט.

אין געמישטע חתונות האָט האָלדהיים געזען די גאָלדענע צוקונפט, די בשורה פון ברענגען דעם „עולם שכּולו טוב"...[9] און אַז דאָס קען לייכט דורכגעפירט ווערן אַפילו צווישן ייִדישע פרויען און קריסטלעכע מענער, ווייל לויט דעם דייטשישן קלאַסישן רעפאָרמיזם, וואָס שאַפט אויך אָפּ מילה, איז נישטאָ קיין חילוק, אָבער צוליב סענטימענטן און געוווינהייטן, איז מער צו דערוואַרטן די געמישטקייט צווישן ייִדישע זכרים מיט נישט־ייִדישע נקבות.

ראַבינער האָלדהיים, און אַזעלכע ווי ער, האָבן געבראַכט צום פּירוד ביים דייטשישן ייִדנטום און נישט ווייניקער אין די שכנותדיקע לענדער, גאָר באַזונדערס אין אונגאַרן, ווו שמד און אַסימילאַציע האָבן אַרומגעכאַפּט גרויסע טיילן פון אָרטיקן ייִדישן ישוב, נישט געקוקט וואָס די גדולי הרבנים און רעליגיעזע פּירערס האָבן אָנגעווענדט אַלע כּוחות צוריקצוהאַלטן די רעפאָרם[10].

אין אַמעריקע האָבן די רעפאָרמער נישט אָנגענומען וואָלדהיימס שטעלונג. דער מנהיג פון די רעפאָרמערס, דוד אייכהאָרן, האָט זיך אויסגעדריקט, אַז יעדער זיווג־תּערובת זעצט אַריין אַ נאָגל אינעם אָרון פון יהדות. אין 1909, האָבן די רעפאָרמערס, אויף זייער קאָנפערענץ באַשלאָסן, אַז דורכפירן געמישטע חתונות איז קעגן דער ייִדישער טראַדיציע. ביי שפּעטערדיקע פאַרזאַמלונגען איז צוליב

שאַרפע חילוקי דעות, געענדערט געוואָרן דער פּריִערדיקער באַשלוס און מ׳האָט דאָס איבערגעלאָזט צו יחידישער באַהאַנדלונג: יעדער ראַבינער זאָל האַנדלען אין אַזעלכע סיטואַציעס, ווי ער פאַרשטייט און פילט; ער זאָל נישט זיין געבונדן און נישט זיין געצווימט פון וועלכער נישט איז החלטה. דאָס האָט צו טאָן מיט זיין געוויסן, מיט זיין קהילה, מיט זיין פּרינציפּיעלער איינשטעלונג. אַזוי גייט עס אָן ביזן היינטיקן טאָג.

דער ראַבינער דוד איכהאָרן, אין זיינער אַ פאָרשאַרבעט, באַזירט אויף אַן אַנקעטע צווישן מיטגלידער פונעם רעפאָרם־ראַבינאַט און טעאָלאָגן פון סינסי־נעטי־סעמינאַר, ווייזט אָן [11] אַז 100 פון די 1,000 מיטגלידער פון „סענטראַל קאָנפערענץ אָוו אַמעריקן ראַביים״ (רעפאָרם), פירן דורך געמישטע חתונות. דער געוועזענער הויפּט פון דער רעפאָרם־באַוועגונג, ראַבינער מאָריס אייזנדראַט, אויסגעהאַלטן לויט זיין שיטה, ווי ער האָט דאָס געלערנט און געדרשנט פון זיין „פּאָלפּיט״ (בימה) [12], האָט אין דער דאָזיקער געמישטקייט נישט געזען קיין אָפּנויג פון יהדות, ווי ער האָט אויפגעפאַסט יהדות.

די חשיבות פון מילה, ווי דער אות־ברית צווישן גאָט און זיין פאָלק ישׂראל, האָט ער נעגירט; געוויס נישט געוועזן איבערצייגט אין דעם וואָס די חכמי התלמוד האָבן געזען, אַז די מצווה פון מילה איז מציל פון דער פלאַמיקער גיהנום־שווערד און אַז דורך דער מצווה פון מילה, דערגרייכט דער ייִד צו שלימות, ווערט גערופן תמים [13]. איז פאַר אים במילא די מחיצה צווישן ייִד און נישט־ייִד געוועזן כמעט ווי אַן אומבאַדייטנדיקע.

די חשיבות פון שבת, ווי דער „אות־ברית ביני וביניכם״, איז אַוודאי ביי אים געוועזן אָפּגעשוואַכט. איז עס דאָך במילא ווי אַ שפּרייז צו דער לערע פון ישו, אַז דער מענטש איז דער האַר איבערן שבת און נישט דער שבת איבערן מענטש [14]. נישט וויכטיק איז דאָ אַריינצוגיין אין אַ פּאָלעמיק, ווער און וואָס עס פירט צו חתונה־געמישטקייט. מיר ווייסן פון צענדליקע רעפאָרם־ראַבינערס וועלכע זענען נישט מסכים מיט דער אידעאָלאָגיע און טעאָלאָגיע פון די אייזנדראַטס בנוגע געמישטקייט אין פאַמיליע־לעבן. זיי זענען באַזאָרגט און זוכן עצות, ווי איינצו־האַלטן דעם דאָזיקן שטראָם. זיי באַמיִען זיך צו שאַפן אַ צוגעפּאַסטע רעפאָרם־באַוועגונג, צוגעפּאַסט פאַר דער היינטיקער צייט, פאַר דעם היינטיקן ייִדישן לעבן, פאַר דעם היינטיקן אַמעריקאַנישן ייִדישן ישוב. זיי ווילן שאַפן אַ סינטעז פון פאָלקסטימלעכקייט און רעפאָרם, ווייט אַוועק פון דער קלאַסישער רעפאָרם.

אברהם גייגער (1810־1874), דער פאָטער פון דער רעפאָרם־באַוועגונג אין דייטשלאַנד, פון וואַנען די רעפאָרם איז אַריבער צום מערב־ און מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום און נאָך דעם קיין צפון־אַמעריקע, האָט מיטן גרעסטן פלייס זיך פאַרנומען איינצופירן תיקונים, כדי צוצופאַסן דאָס דייטשישע ייִדנטום צו דער דייטשישער

געזעלשאַפט, צום קריסטנטום. אַנשטאָט תּפילה אין לשון הקודש, זאָל מען דאַווענען בלשון המדינה, איבערלאָזן לזכר בלויז אייניקע תּפילות אין לשון הקודש, אַנשטאָט בטחון אין קיבוץ־גלויות, אין שיבת־ציון, ביאת המשיח און תּחית המתים, זאָל מען באַזינגען דעם עטישן אוניווערסאַליזם אין יהדות. ער האָט אויך פאָרגעשלאָגן, מ׳זאָל ענדערן די דיני נשואין, שאַפן אַן אַנדערן ריטואַל פאַר חופּה־קדושין, צוגעפּאַסט צום מאָדערנעם קולטור־אַסימילירטן דייטשישן ייִדן.

ער האָט אָבער נישט געוואָגט צו דערלויבן אַזעלכע תּיקונים, וואָס ראַבינער ד״ר דוד מאַקס אייכהאָרן פון לאָנג־איילאַנד, ניו־יאָרק, האָט איבערגעגעבן. מיט־גלידער פון רעפאָרם־ראַבינאַט האָבן אים געענטפערט, אַז זיי פירן דורך חתונות צווישן פאָרלעך, נישט פאַרלאַנגענדיק קיין גרות בכלל.

ביים רעפאָרם־סינאָד אין לייפּציג, אין יאָר 1869, האָט גייגער נישט געוואָגט מבטל צו מאַכן דעם ייִדישן גט, נאָר בלויז צו ענדערן זיין פאָרם. וואָס ער האָט יאָ געוואָלט מבטל מאַכן, איז געווען די דינים חליצה און יבום און דאָס געוואָלט באַווייזן אויף תּלמודישע ראיות, אַז רבנים, גייסטיקע פירערס, האָבן אַ רעכט צו מאַכן אַזעלכע תּיקונים. דאַן האָבן אים באַקעמפט אַפילו די משׂכּילים און נישט געלאָזט אים גיין אַזוי ווייט מיט זיין רעפאָרם, ווייל אויך די פּראָפּאַגירערס פונעם מאָדערניזם אין ייִדישן לעבן האָבן דערין געזען אַ סכּנה פאַרן יהדות.

היינט האָבן מיר צוויי ריכטונגען אין דער רעפאָרם־באַוועגונג: איין ריכטונג וואָס וויל דערנענטערן די רעפאָרם צום פאָלקסטימלעכן ייִדן מיט נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס, אַפילו צוריקברענגען ייִדישע שול־טראַדיציעס; צוריקברענגען עברית, ווי לשון הקודש; צוריק איינפירן תּפילות פאַר שיבת־ציון און שלום המדינה. די אַנדערע ריכטונג איז נוטה צו אַסימילאַציע און אויסמישונג וואָס וועט חלילה רעדוצירן דעם גרויס פון ייִדנטום און אָפּשוואַכן זיין איינפלוס.

דער ייִדישער מאָנאָטעיִזם איז אַנדערש ווי די אַנדערע רעליגיעס, וועלכע זענען באַזירט אויף דער מאָנאָטעיִסטישער אמונה. עס איז אַן אמונה, וואָס פאַר־לאַנגט און פאָדערט מעשׂים, מצוות. דער בית ישׂראל אין זיין גאַנצקייט, ווי די ייִדישע היסטאָריאָזאָפיע קומט צום אויספיר, האָט זיך געהאַלטן אַ דאַנק דעם קשר פון פאָלק און תּורה, אַזוי ווי עס האָט געוויזן די רעוועלאַציע ביים באַרג סיני און וואָס האָט עד היום נישט פאַרלוירן דעם יסוד פון אָט דער רעוועלאַציע אַלס „גוי אחד״...

מיר וועלן זיך דאָ נישט פאַרנעמען מיט אַ היסטאָרישער פּאָלעמיק, ווי אַזוי צו זיכערן דעם קיום פון ייִדישן פאָלק. מיר פאַרשטייען היינט, אַז עמאַנציפּאַציע מיינט נישט אַסימילאַציע, נאָר פאַרקערט: רעכט אויף נאָרמאַליזאַציע פון פאָלקס־לעבן, רעכט אויף מלוכהשאַפט, רעכט אויף אַ געזונט נאַציאָנאַל לעבן אויפן שויס

פון דער נאַטור, אויף אייגענעם באָדן; אויך מאָראַלישע שלימות, איז לייכטער צו דערגרייכן אין אייגענע ספערן.

מיר וואָלטן אפשר געדאַרפט מאריך זיין, אָבער דאָס וואָלט אונדז פאַרפירט גאָר ווייט, וואָלט אַריבער די ראַמען פון אונדזער טעמע, אַ טעמע, וואָס איז לעצטנס באַרייכערט געוואָרן מיט אַ צאָל וויכטיקע ווערק. די פראַגע „נישׂואי תּערובת" איז היינט פון די אַקטועלסטע. מיר האָבן אַ רייכע ביבליאָגראַפיע און נישט ווייניק אַ פּאָלעמישע ליטעראַטור. ס'זענען דאָ פירנדיקע פערזענלעכקייטן, ווי די קאָנסערוואַטיווע ראַביים ראָבערט גאָרדיס, ראַלף סיימאָן און אַנדערע, וואָס האַלטן, אַז מיר דאַרפן שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז מיר באַצאָלן מיט פרייד פאַר דער פרייהייט און דער אָפענער געזעלשאַפט פון וועלכער מיר געניסן [15]. דאַקעגן ראַביי ד"ר לעאָ יאָנג און אַנדערע פון דער אַמעריקאַנער אָרטאָדאָקסיע, זעען אין געמישטע חתונות די גרעסטע סכּנה פאַרן יידנטום. לויט עריק ראָזנטאַל דערגרייכט די צאָל געמישטע חתונות אין אַמעריקע איבער 42 פּראָצענט. קיין גענויע סטאַטיסטיק איז נישטאָ, ווייל אין די מערסטע פאַלן זענען ס'רוב אַזעלכע חתונות, ציווילע און בלויז 10 פּראָצענט ווערן דורכגעפירט לויטן רעליגיעזן טעקסט און צערעמאָניאַל [16].

לייכטע גרות, אָן וועלכן נישט איז באַקענען זיך מיט די עיקרים פון יהדות, אָן אַ מינימאַלן אונטעררי‎כט פון הלכה און מינהג ביי יידן, אָן דער מצווה פון מילה וטבילה — וואָס אַ באַוואָרעניש איז עס קעגן געמישטקייט? אַדרבה, ס'מאַכט נאָך ערגער. עס ווערט דערמיט פאַרטונקלט דער יידישער גייסט און די קינדער פון אַזעלכע לייכטע גרותן ווייסן נישט, צי זיי זענען יידן צי נישט. זיי ווערן אָפּגעריסן פון די וואָרצלען און הענגען אין דער לופטן.

ווי געזאָגט, איז לויט דער סטאַדיע פון היסטאָרישער אַנטוויקלונג, פעסטגע־שטעלט געוואָרן די צוגעבונדנקייט פון יידישן פאָלק צו זיינע רעליגיעזע ווערטן. לייכטע גרות, אָדער געמישטקייט אָן גרות, איז עלול צו ענדערן דעם גאַנצן לעבנס־שטייגער פון יידן און וועגן דעם וועלן מיר זיך נאָך אומקערן.

עס איז אויך נישט אונדזער עסק זיך אַריינצולאָזן אין אַן „עקספּערטיזע"־שטודיע. ס'איז גענוג אָנצוווייזן אויף דעם הויכן פּראָצענט געמישטקייט, און אויף דער סכּנה וואָס דאָס שטעלט מיט זיך פאָר.

ביי אונדז אין קאַנאַדע, אַ ישוב וואָס איז דורכגעדרונגען מיט נאַציאָנאַל־יידישע געפילן (עס איז דער דור, וואָס האָט נאָך אַ קשר מיט די עלטערן און אורעלטערן פונעם שטעטל), איז וועגן די היגע יידן לעצטנס איבערגעגעבן געוואָרן פון „סטאַטיסטיק קאַנאַדאַ", אַז די צאָל געמישטע חתונות ביי יידן גרייכט שוין קרוב צו 30 פּראָצענט. דאָס איז אַן אָנזאָג אויף אַ געפאַר פון משפחה־הפקרדי־

קייט, פון משפחה־פרעכקייט. אָבער די עקספּערטן אין סטאַטיסטיק זאָגן, אַז די ציפערן זענען נישט באַזירט אויף די זיכערסטע קוועלן.

איצט גייט נישט אַראָפּ פון סדר־היום די פראַגע: ווער איז אַ ייִד? מיט דורות פריִער איז דאָס בכלל קיין פראַגע נישט געווען. דעמאָלט האָט מען געהאַט אַ פּשוטע דעפיניציע: אַ ייִד איז דער, וואָס איז געבוירן ביי אַ ייִדישער מוטער, שטאַמט פון ייִדישן יחוס וואָס ציט זיך פון אברהם אָבינו, וועלכער האָט דער ערשטער געבראַכט די אידעע פון גאָט־איינציקייט און וואָס זיינע קינדער, האָבן אויסגעהאַלטן און אויפגעהאַלטן טויזנטער יאָרן, די דאָזיקע אמונה.

אין אונדזער צייט, גראָד מיט דער עטאַבלירונג פון מדינת ישׂראל, האָט זיך געשאַפן אַ בלבול־המוחות. ס׳זענען אַרויפגעשווומען נייע פּראָבלעמען וועגן אַ געזעץ וואָס זאָל קלאָר אַנטשיידן, ווער ס׳איז אַ ייִד און ווי אַזוי צו פאַרהיטן און פּרעזערווירן די ריינקייט פון דער ייִדישער פאַמיליע.

מיר האָבן וועגן דעם געשריבן און ס׳ווילט זיך נישט אַריינלאָזן אין אַנאַליזירן אַ פּסק־הלכה וואָס ווערט באַהאַנדלט פון די גדולי ההוראה. מיר וועלן דרך־אַגב, ווי דורכגייענדיק, נאָך אַ מאָל באַרירן די דאָזיקע טעמע, אין שייכות מיט דעם פּסק־הלכה בנוגע די „לאַנגער־קינדער״.

דער פאַקט איז דאָך, אַז אין ישׂראל ווערט דאָס פּראָבלעם ממזרות, גרות און „מיהו יהודי״ געלייזט אָן שווערקייטן, ווייל דער חוק־נשואין איז איבערגעגעבן געוואָרן צו דער פולער אויטאָריטעט פון דעם רבנות הראשית.

דוד בן־גוריון, דער אַרכיטעקט פון מדינת ישׂראל און איר ערשטער פּרעמיער, האָט דאָך לכתּחילה צוזאַמען מיט הרב יהודה לייב מימון (פישמאַן) אויסגעאַרבעט דעם נוסח פון די דריַי יסודות, אויף וועלכע ס׳זאָל געבויט ווערן דאָס ייִדישע לעבן אין דער באַנייטער און אומאָפּהענגיקער ייִדישער מדינה:

1. חתונה־ און גט־אַנגעלעגנהייטן זאָל פולשטענדיק ווערן איבערגעגעבן צו די רבנישע בתי דינין.

2. דער טאָג פון שבת און די ייִדישע יום־טובים, מועדים זאָלן זיין די רוטעג.

3. ס׳זאָל אָפּגעהיט ווערן כשרות אין דער אַרמיי און אין אַלע קיכן אין רשות פון דער מדינה.

מיט בן־גוריונען האָבן געהאַט אַ חשבון אי די לינק געשטימטע, די ראַדי־קאַלע סאָציאַליסטן־ציוניסטן און אי די רעליגיעזע. די ערשטע האָבן אים באַשולדיקט, אַז ער איז נוטה צום קלער, אַז ער גיט נאָך דער אָרטאָדאָקסיע, איז מסכּים צו די רבנישע פאַרלאַנגען און די רעליגיעזע האָבן געטענהט, אַז ער איז אַ שׂונא־דת, אַז ער העלפט די הפקרות, וואָס שייך אַ רעליגיעז לעבן אין דער ייִדישער מדינה[17]. אָבער וואָס האָט געזאָגט ש. י. עגנון, דער נאָבעל־געווינער פאַר דער העברעיִשער ליטעראַטור?

ער האָט געזאָגט:

„לדוד בן־גוריון, שנבחר על־ידי ההשגחה האלקית להקים את מדינת ישׂראל".

איין פירער פון מזרחי־מפד"ל האָט זיך אויסגעדריקט, אַז ער איז ווי ירבעם בן נבט...

און וואָס האָט געזאָגט אַ צווייטער פירער, הויפּט פון מפד"ל?

„ווו בן־גוריון זאָל נישט זיין, אויף וועלכער שטול ער זאָל נישט זיצן, איז ער בן־גוריון! קיינער איז נישט אין שטאַנד צו פאַרטונקלען די קרוינען וואָס דער שׂר האומה האָט געפלאָכטן אַרום זיין קאָפּ..."

דער הרב הראשי ר' שלמה גורן האָט אין אים געזען דעם מנהיג „פון תנ"כי־שער באַדייטונג און גרויסקייט אין דער ייִדישער געשיכטע"...

פון די גרויסע זאַכן, וואָס ער האָט געטאָן אין אָנהייב פון דער מדינה־אַנט־וויקלונג — בעת ער איז געווען דער ראש־הממשלה, צו וועמעס וואָרט דער ישוב און די כנסת האָבן זיך צוגעהערט, איז געווען די פאַרזיכערונג פון משפחה־ריינקייט און אויסהיטונג פון ממזרות. פאַר אָט דעם אויפטו, זענען אים געווען דאַנקבאַר נישט בלויז רעליגיעזע ייִדן, נאָר יעדער ייִד, ביי וועמען ס'איז טייער די שיינקייט און ריינקייט פון אַ ייִדיש משפחה־לעבן [18].

דער גרינדער און הויפּט־אַרכיטעקט פון דער מדינה האָט פאַרשטאַנען און געוווּסט, אַז „עם סגולה", ווי אין דער תנ"ך־תקופה, קאָן מען נאָר זיין, ווען מען איז געהייליקט און גערייניקט משפחהדיק און אויף דעם אופן האָט ער געוואָלט דערציִען די סאַבּרעס, איבער וועלכע ער האָט געהאַט דעם צויבער און מאָראַלישן פּרעסטיזש. ער האָט געהאַט די סמכות, די אויטאָריטעט דורכצופירן דעם חוק הנשׂואין, ווי ער האָט דורכגעפירט דעם „חוק השבות", וואָס איז נישט אָנגענומען געוואָרן מיט דער נויטיקער קלאָרקייט.

די דאָזיקע געזעצן ווערן עד היום אָפּגעהיט, נישט געקוקט אויפן פאַרמעסט פון סעקולאַריסטן צו ענדערן אָדער צו אַמענדירן די דאָזיקע חוקים. די רעליגיעזע פאַרלאַמענטאַריער (חברי כנסת) פון אַלע ריכטונגען דערלאָזן נישט וועלכן נישט איז אָפּנויג פון די דאָזיקע יסודות. ס'געדענקט זיך גוט די פּרשה חיים כהן. דער ריכטער, מיטגליד פון העכסטן געריכט, האָט דווקא געוואָלט חתונה האָבן אין ישׂראל לעגאַל און געזעצלעך מיט אַ גרושה. ער האָט דאָס נישט געקענט באַווייזן. האָט ער חתונה געהאַט ביי אַ רעפאָרם־ראַבינער אין אַמעריקע. האָט דאָס אַרויס־גערופן פּראָטעסטן נישט בלויז מצד רעליגיעזע ייִדן, נאָר פון אַלע ריכטונגען, ביי וועלכע די ייִדישע הייראַט־מאָראַל איז אָנערקענט און געשעצט. זיי האָבן פאַרדאַמט דעם ריכטערס אויסדרוקן, אַז די חוקי־נישׂואין — די הייראַט־געזעצן — טראָגן אַ ראַסן־כאַראַקטער. מ'האָט אים אָנגעוויזן דאָס פאַרקערטע, אַז דער יסוד פון דער ייִדישער מאָראַל איז דער קאָסמאָלאָגישער, אוניווערסאַלער, דער

מענטש איז באַשאַפן געוואָרן יחידי כּדי איינער זאָל נישט קענען זאָגן צום אַנדערן: „אבא גדול מאביך".

ס'זענען דאָ אַפילו אין ישׂראל, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, געמישטע חתונות. ייִדישע מיידלעך ווױנען מיט אַראַבער[19]. טייל פון זיי זענען מיט כּוח פֿאַרשלעפּט געוואָרן אין די אַראַבישע לענדער און לעבן דאָרט, ווי אַראַבערינס. אַ סך אַראַבישע קינדער האָבן געהאַט ייִדישע מאַמעס, אָדער טאַטעס. לויט אַ באַריכט אין דער פּרעסע, האָבן מיר שוין געהאַט אַן אַראַבישן טעראָריסט, וואָס האָט געהאַט אַ ייִדישע מאַמע.

די געפֿאַר איז אָבער גאָרנישט אין פֿאַרגלייך מיט דער געפֿאַר אין די מערב־ און מזרח־אייראָפּעיִשע לענדער און אין די אַמעריקעס. נישט קיין וווּנדער דערי־ בער, וואָס דאָס פּראָבלעם איז איצט אַזוי פֿאַרשאַרפֿט געוואָרן אין די תּפוצות ישׂראל; נישט קיין וווּנדער, וואָס אַפילו אין דער רעפֿאָרם־באַוועגונג הערן זיך תּשובה־קלאַנגען — די ערנסטע ראַבינערס רופֿן זיך אומצוקערן צו דער רעזאָ־ לוציע פֿון 1909 וואָס זאָגט, אַז געמישטע חתונות זענען קעגן דער „טראַדיציע פֿון דער ייִדישער רעליגיע"; אַז מען דאַרף זיך צוריקהאַלטן פֿון געבן זיי חופּה־ קדושין, סאַנקציאָנירן אַזעלכע חתונות.

דער דאָזיקער צוריקקער קאָן אויך מיינען, זיך אָפּקערן פֿון „לייכטע" גרות און זיך פֿאַרנעמען אויפֿן וועג פֿון גרות לויט דער הלכה, ווייל אויב נישט אַ קאָנטראָל, אַ פֿאַרלאַנג פֿון איבערצייגונג און ידיעות אין יהדות, האָט אַזאַ גרות ביי געמישטע פּאָרלעך קיין האָפֿט נישט און איז גאָר לייכט אַריבערצושפּרייזן צו פּולשטענדיקן שמד, באַזונדערס וואָס שייך די קינדער פֿון אַזעלכע „מישלינגען", וועלכע ברענגען מיט זיך אַ ביטערע נעגאַטיווע דערשיינונג, נישט בלויז פֿון רעליגיעזן שטאַנדפּונקט, נאָר בכלל, פֿאַרן ייִדישן קיום, ספּעציעל אין די לענדער פֿון עקאָנאָמישן ווױלזיין און סאָציאַלער פֿרייהייט. וועגן דער דאָזיקער געפֿאַר האָט שוין אַפילו אָנגעוויזן ראַבאַי ד"ר וו. ג. פּלאַוט, פֿון „האָלי בלאָסאָם"־טעמפּל אין טאָראָנטאָ[20].

נישטאָ קיין זאַך וואָס זאָל אַזוי צעטרייסלען די צעמענטירטקייט פֿון אַ גרופּע, ווי די געמישטקייט דורך חתונות, פֿאַר וועלכער די חכמי התּלמוד האָבן זיך אַזוי געשראָקן. ייִדישע פֿירערס האָבן זיך תּמיד געשראָקן פֿאַר אויסגעמישטקייט און געטאָן דאָס מעגלעכסטע אײַנצוהאַלטן און צו צוימען דעם ייִדישן קיבוץ אין אַלע לענדער פֿון זייער צעשפּרייטקייט, וויסנדיק אַז נאָר דורך האַלטן ייִדן אַלס „עם נבדל ומיוחד", וועט מען קענען זיכערן דעם קיום פֿון ייִדן און די קדושה אין ייִדישן משפּחה־לעבן.

די ראָמאַנטישע ליבע, וואָס די פֿרייע אַמעריקאַנער ייִדן זוכן פֿאַר זייערע קינדער, קאָן אָן ספֿק געזיכערט ווערן אין די אייגענע רייען, אויב מ'זאָל שאַפֿן

די געהעריקע סביבה און געבן די יוגנטלעכע אַ פּאַסיקע דערציִונג. אַדרבה, דער ליבעראַליזם אין פאַרהייראַטן לעבן איז עלול צו צעשטערן די ליבע צווישן פּאָרלעך, אויב דער צובונד איז בלויז אַ מאָמענטאַלער, ווי פאָרשערס האָבן דאָס שוין באַגרינדעט[21]. די געמישטקייט, אַפילו דורך גרות, שטייט תמיד אונטער דער געפאַר פון אויפלייזן זיך, אויב די גרות פון דעם ער אָדער פון דער זי קומט נישט פון איבערצייגונג. אָבער וועגן דעם ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט.

**ה. וואָרענונג פון רבנים. — שרייבערס און סטאַטיס-טיקערס. —טעמפּאָ פון גע-מישטע חתונות. — שטע-לונג פון עזרא הסופר. — וואָס זאָגט די הלכה?**

דער טעמפּאָ פון געמישטע חתונות, ווי געזאָגט, האַלט אין איין פאַרגרעסערן זיך. ווען מיר גיבן אַ בליק אין די סטאַטיסטישע אַרבעטן און אין דעמאָגראַפישע אַנאַליזן פון פאַרלאָזלעכע פאָר־שערס, מוזן מיר ווערן אַלאַרמירט וועגן דעם מצב. נישט קיין וווּנדער, וואָס רבנים און גייס־טיקע פירערס בכלל, זעען די סכנה פאַר דער צוקונפט פון אַ טייל יידישע ישובים אין די תפוצות.

ס׳שרייבן וועגן געמישטע חתונות פאָרשערס און סאָציאָלאָגן פון גרויסן און ברייטן פאַרנעם ווי אָסקאַר יאַנאָווסקי, מאַרשאַל סקלאַר, עריק ראָזנטאַל און אַנדערע. אַלע ווייזן אָן אויף דעם פאַקט, אַז די צאָל געמישטע חתונות האַלט אין איין וואַקסן.

נישטאָ, וואָס אַן אמת, קיין גענויע ציפערן וועגן דעם וווּקס. ס׳איז אָבער דאָך אַ פאַקט, אַז די אויסמישונג דרינגט אַריין אין יעדער משפחה און מ׳קען שוין זאָגן: „אֵין בית אשר אֵין שם געמישטקייט". אַפילו ישׂראלים, וועלכע קומען אין די פרייע לענדער פון אַמעריקע און אייראָפּע, מישן זיך שוין אויס — און זוכן נאָך דעם די הסכמה פון די עלטערן, וועלכע גייען איַין אויף וועלכער נישט איז גרות — און אָפט אַפילו אויף אָן גרות...

אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז דער פּראָצענט געמישטע חתונות אַזוי אַנדערש פון איין שטאַט צו אַן אַנדערן, אַז ס׳איז ממש שווער צו מאַכן סך־הכלען. אין שטאַט איַאָוואַ — ווייזן אָן פאָרשערס — דערגרייכט די צאָל געמישטע חתונות ביז אַרום 50 פּראָצענט. דאָס שטעלט געוויס אין געפאַר די צוקונפט פונעם אָרטיקן יידישן ישוב און רופט אַרויס גרויס זאָרג ביי די אָרטיקע פירערס. נישט בלויז אָרטאָדאָקסישע רבנים, נאָר אַפילו רעפאָרם־ראַבינערס זענען באַזאָרגט וועגן דער סיטואַציע.

לויט פאַרשערס איז דאָס איינס פון די סיבות, וואָס דער ייִדישער ישוב איז די לעצטע יאָרן נישט געוואַקסן, לויטן פאַרגלייך מיטן וווקס פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. נישט געקוקט אויף דער מערונג, פאַרשטאַרקונג פון די בתי־ספר, הויכשולן און ישיבות, וואַקסט די אַסימילאַציע ביים איי־נגעבוירענעם, וועלכער לעבט זיך אויס אין דער אַלגעמיינער נישט־ייִדישער געזעלשאַפט.

ס'ווערט, וואָס אַן אמת, אויסגעשולט און אויסגעשמידט אַ תורה־טרייע יוגנט, וועלכע וועט געוויס נאָכפאָלגן דעם דעוויז: „שאל אָביך ויגדך...״ דער סך־הכּל פון אונדזער יוגנט איז אָבער נישט קיין דערפרייענדיקער — יוגנטלעכע זוכן גליק אין פרעמדע ווייגגערטנער און פאַרגעסן זייער אייגענעם ווייגגאָרטן. דער פּראָצענט געמישטע חתונות צווישן די אַקאַדעמיקערס און שטודירנדיקע איז אומ־געהויער גרויס און מ'קען זיך פאַרלאָזן אויף די סאָציאָלאָגן, סטאַטיסטיקערס און קענערס פון ייִדישן לעבן, אַז ס'איז דאָ אַ געפאַר, אַז אַ צאָל ייִדישע קהילות זאָלן חלילה אין גאַנצן אָפּגעווישט ווערן.

דער באַרימטער היסטאָריקער פּראָפ' סאַלאָ וו. באַראָן, האָט געגונג סיבות צו זיין פעסימיסטיש וואָס שייך דער צוקונפט פון ייִדן אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין די מערב־דעמאָקראַטישע לענדער, אין וועלכע דער פּראָצעס געמישטע חתונות האַלט זיך אין איין מערן, באַזונדערס אין די קלענערע ישובים.

ווי געזאָגט, האָבן מיר נישט קיין גענויע סטאַטיסטיק און ס'קען נאָך אַלץ מעגלעך זיין, אַז אַ גענויע דעמאָגראַפישע פאָרשונג וואָלט געוויזן, אַז דער פאַר־לוסט צוליב געמישטע חתונות איז נישט אַזוי גרויס. ס'איז אויך גאַנץ מעגלעך, אַז די קינדער פון די געמישטע חתונות וועלן נישט אַוועק פון ייִדנטום; מיר האָבן שוין געזען, ווי עלטערן אַגנאָסטיקערס, נישט גלויביקע, פאַרלייקענערס סיי פון קריסטנטום, סיי פון יהדות, האָבן קינדער און זיי, די קינדער, ציט צו רעליגיע און זיי מאַכן דעם אויסוואַל.

די געמישטקייט גייט אויך אָן, זאָל זיין אין אַ קליינעם פּראָצענט, צווישן ייִדן און נעגערס. די מערסטע אַזעלכע חתונות קומען פאָר ביי פאַמיליעס, ווו די עלטערן זענען זייער ליבעראַל, געמישט לינקס אָדער בכלל גלייכגילטיק צו די ענינים פון ייִד און גוי, שוואַרץ אָדער ווייס, קאַטויליש אָדער פּראָטעסטאַנטיש. אין אַ סך פאַלן פירן די ליבעראַלע עלטערן מיט זייער איי־נפלאַנצן די דאָזיקע ליבעראַלע אידעען און פּרינציפּן, צו באַרעכטיקן אַ געמישטן זיווג; ייִדיש בלוט מישט זיך אויס מיט בלוט פון פאַרשיידענע קאָלירן.

די געמישטקייט צווישן ווייס און שוואַרץ ביי ייִדן איז אָבער מער פּראָבלע־מאַטיש. אַ סך מאָל פירט זיך דאָס אויס מיט אַ נישט „העפּי ענדינג״.

ווען מען איז יונג, קעמפעריש, דינאַמיש, ווייל מען דאָס פּראַקטיצירן לשם מצווה; מ'וויל ווייזן ווי ליבעראַל מען איז. אָבער שפּעטער, ווען מען ווערט

עלטער, ווען ס׳קומען קינדער, דאַן פאַנגען זיך אָן די קאָנפליקטן ביים געמישטן זיווג. גאָר אָפט קומט פאָר אַ מיאוסער פונאַנדערפאַל און די קינדער האָבן אין ערגעץ נישט קיין אחיזה. קינדער ווערן אַן „אבר המדולדל״ און פאַלן צו לאַסט דער געזעלשאַפט.

אין ענגלאַנד, אין דער שטילער קאָנסערוואַטיווער ענגלאַנד, איז דער מצב נישט בעסער. אויך דאָרט האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל געמישטע חתונות. ווי אָרטיקע סטאַטיסטיקערס גיבן אָן, זאָל די צאָל געמישטקייט אין אייניקע געגנטן גרייכן צו 50%. מעגלעך, אַז די דאָזיקע באַריכטן זענען גוזמאדיקע. זיכער איז, אַז דער פּראָצענט האַלט זיך אין איין העכערן. די געמישטע חתונות קומען דאָרט פאָר סיי אין די העכערע און סיי אין די נידעריקע שיכטן. גאָר אָפט ביים שטודירנ־דיקן מיטלקלאַס־עלעמענט.

אַ געמישטע חתונה אין דענעמאַרק, נאָרוועגיע אָדער שוועדן איז געוואָרן אַ נאַטירלעכע דערשיינונג. ישׂראלדיקע, וועלכע קומען דאָרט שטודירן, פאָלגן נאָך דעם דאָזיקן גאַנג. נישט איין מאָל בעטן זיך יִדישע עלטערן, ישׂראל־בירגערס פון ירושלים אָדער תּל־אביב, אַז זייער זון זאָל לכל־הפּחות זען, אַז זיין געליבטע זאָל ווערן ייִדיש, זאָל עס אַפילו זיין דורכן אָרטיקן ראַבינאַט, און נאָך דעם — טראַכטן זיי — וועט מען שוין פועלן ביים רבנות הראשית אין ישׂראל צו באַ־שטעטיקן די גרות, אָדער איינגיין אויף געוויסע פאַרלייכטערונגען.

ביים ישׂראל־ראַבינאַט קומען אָן יערלעך אַרום 500 אַפּליקאַציעס פאַר גרות און קרוב 300 ווערן אַריינגענומען און איינגעגלידערט אין ייִדנטום, נאָכקומענדיק כּל־מיני קולות, אויב די רבנים האָבן נאָר וועלכן נישט איז סמך צו אָנערקענען אַ גרות־ריטואַל.

אין דער אַלט געזעסענער שווייץ, ווו ייִדן האָבן דורכגעמאַכט כּל־מיני רדיפות און דיסקרימינאַציעס, ביז זיי האָבן געקראָגן בירגעררעכט, איז נישטאָ קיין געפאַר פון אַסימילאַציע, פונקט ווי דאָס איז נישטאָ אין בעלגיע. דאָס ייִדישע לעבן איז גוט אָרגאַניזירט, געטיילט אין דריי ריכטונגען און ייִדן לעבן זיך אויס אין אַ פּריוויליקער געטאָ. ס׳ווייזן זיך אָבער שוין סימנים און נטיות צו געמישטע חתונות.

די קאַנטשאַפטן צווישן ייִדן און נישט־ייִדן קומען פאָר אין די קאַפע־הייזער, אין די רעסטאָראַנען: נישט־ייִדישע מיידלעך געפינען דאָרט זייערע ייִדישע באַשערטע, גאָר אַ סך צווישן די „וויטערקעס״ (די סערווירעריגס), וועלכע זענען אַפילו גרייט ממשיך צו זיין זייער אַרבעט נאָך זייער חתונה.

ס׳איז נישט אונדזער עובדאָ זיך צו פאַרנעמען מיט סטאַטיסטיק אָדער באַ־ריכטן פון יעדן לאַנד ווו ייִדן וווינען. מיר וועלן בלויז צוגעבן וועגן דעם מצב אין נאָך צוויי מדינות: אויסטראַליע און מעקסיקע.

אין אויסטראַליע, שרייבט וואָלטער ליפּמאַן, קענער אין דעמאָגראַפיע, אַז דער פּראָצעס פון געמישטע חתונות איז געוואָרן אַ פּראָבלעם פאַר דער אָרטיקער ייִדישער קהילה. ער האָט אויפן סמך פון ציפערן, צוזאַמענגעשטעלט אַ צאָל טאַבעלעס וועגן געמישטע חתונות אויפן פינפטן קאָנטינענט.

די טאַבעלעס גיבן נישט אָן, צי די פאַרלעך האָבן פאַר דער חתונה געטוישט זייער אמונה, אויך נישט צי זיי זענען נאָך דער חתונה אַריבער צום אַנדערנס גלויבן. וויכטיק זענען זיינע אויספירן, אויפן סמך פון די טאַבעלעס און דער סטאַטיסטיק: דאָרט, ווו ייִדן ווינען קאָמפּאַקט, קומען פאָר ווייניקער געמישטע חתונות; דאָרט ווו זיי ווינען אין צעשפּרייטקייט, מערן זיך אַזעלכע חתונות;ביים אימיגראַנטישן דור קומען פאָר זעלטענער אַזעלכע חתונות, זיי פאַנגען זיך אָן ביים איַינגעבוירענעם, וועלכער פילט זיך באַקוועם אין דער נישט-ייִדישער געזעלשאַפט.

מיר וועלן זיך דערלויבן ברענגען עטלעכע אויסצוגן פון זיין סטאַטיסטיק אין אונדזער יאָרצענדליק, לויטן „קאָמענוועלט-צענזוס״:

| יידישע פרויען פאַרהייראַט צו | | | יידישע מענער פאַרהייראַט צו | | |
|---|---|---|---|---|---|
| יידישע מענער | 13,270 | (93.7%) | יידישע פרויען | 13,270 | (87.7%) |
| מענער — ענגלישע קירכע | 345 | (2.4%) | פרויען — ענגלישע קירכע | 755 | (4.8%) |
| קאַטוילישע מענער | 190 | (1.3%) | קאַטוילישע ווייבער | 420 | (2.7%) |
| פּראָטעסטאַנטישע | 235 | (1.6%) | פּראָטעסטאַנטישע | 520 | (3.3%) |
| אַנדערע נישט-יידישע | 145 | (1.0%) | אַנדערע | 235 | (1.5%) |

פאַרשטייט זיך, אַז ליפּמאַן גייט אַריין אין זיין פאַרשאַרבעט אין אַ סך פּרטים, מאַכט די געהעריקע אַנאַליטישע חשבונות און שטעלט פעסט, לויט זיינע אויספאָרשונגען, די סיבה וועגן דעם שטייגן פון געמישטע חתונות. ס׳איז אָבער נישט זיין עסק מוכיח צו זיין, אָדער אַפילו אָנצוווייזן אויף מעגלעכקייטן אָפּצושטעלן דעם וווקס פון דעם דאָזיקן סאָרט אַסימילאַציע אין אויסטראַליע אָדער ערגעץ אַנדערשוווּ.

אין מעקסיקע, למשל, צוליב דעם וואָס די ייִדישע געזעלשאַפט איז אַ סך בעסער אָרגאַניזירט, איז דער פּראָצענט געמישטע חתונות אַ סך קלענער.

מיט אַ צייט צוריק האָט דער אָרטיקער זשורנאַליסט און עסקן חיים לאַזדייסקי, רעדאַקטאָר פון „וועג״, פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל [1] וועגן דאָרטיקן מצב. מען שעמט זיך — זאָגט ער — צו רעדן אין דער עפנטלעכקייט וועגן אַזעלכע פאַלן און בלויז ביי דער נאָענטסטער משפּחה דערוויסט מען זיך וועגן אַזעלכע געשעענישן״... „ליידער — שרייבט ער — זענען מיר אויך אין מעקסיקע אַ פאַר־

העלטנישמעסיקע פאַרגרעסערונג פון דעם פּראָצענט געמישטע חתונות צווישן ייִדן און נישט־ייִדן אין דער לעצטער צייט...״

לאַזדייסקי גיט אָן פאַרשיידענע מאָטיוון פאַר אָט דער פאַרגרעסערונג — דער עיקר עקאָנאָמישע: קריסטלעכע מעקסיקאַנער מיידלעך האָבן נישט אַזעלכע לוקסוס־השׂגות ווי די ייִדישע. עס טרעפט זעלטן, אַז אַ ייִדיש מיידל זאָל חתונה האָבן מיט אַ קריסטלעכן יונגנמאַן.

די דאָזיקע סיבה און מאָטיוו אַלס גורם צו געמישטקייט איז נישט בלויז חל אויף מעקסיקאַנער קריסטלעכע מיידלעך. די זעלביקע מאָטיוון זענען גילטיק אויך אין קאַנאַדע און אין די פאַראייניקטע שטאַטן און מסתּמא אויך אין די מערב־אייראָפּעיִשע לענדער.

ס׳זענען אָבער דאָ ביי אונדז אין קאַנאַדע נאָך אַנדערע מאָטיוון. ביי אונדז איז נישט קיין זעלטנהייט צו טרעפן ייִדישע מיידלעך, אינטעליגענטע און פאַר־מעגלעכע, וואָס זאָלן זיך גאָר אויסקלייבן אַלס זייערע באַשערטע און לעבנס־באַגלייטערס נישט־ייִדישע בחורים, אַפילו ווייניקער אינטעליגענט אָדער בכלל, אָן העכערער בילדונג. ס׳טרעפט אויך — און דאָס איז אַ זעלטנהייט — אַ ייִדיש מיידל זאָל שליסן איר גורל מיט אַ הינדו, אָדער מיט בחורים פון גאָר אַנדערע אמונות. אונדז זענען אַזעלכע פאַלן גוט באַקאַנט.

און צוריק וועגן מעקסיקע.

חיים לאַזדייסקי ווייזט אָבער אָן אויף דעם פאַקט, אַז אין מעקסיקע איז דער פּראָצענט פון געמישטע חתונות צווישן 5 און 7. דער אָרטיקער ספּאָרט־צענטער, די עלעגאַנטע ייִדישע אינסטיטוציע פאַר יונג און אַלט, איז דער בעסטער גורם אָפּצוהאַלטן און צוריקצוהאַלטן פון געמישטע חתונות. אַ צענטער פון דעם פאַרנעם — האַלט ער — דינט ווי אַן אומאָפיציעלע „שידוכים־ביוראָ״.

אַז ס׳איז דאָ אין דעם אַ גרויסער אמת, איז קיין ספק נישטאָ. מעקסיקע קאָן זיין אַ מוסטער פאַר אַנדערע ייִדישע קהילות, ווי אַזוי צוריקצוהאַלטן די יוגנט־לעכע פון חתונות מיט נישט־ייִדישע, וואָס, אין בעסטן פאַל, שטעלן זיי אין געפאַר די צוקונפט פון ייִדישע ישובים. אַפילו ווען די מאַמע איז זיך מגייר, איז תּמיד דאָ די געפאַר, אַז זי וועט וועלן איבערגעבן אירע קינדער איר אייגענער קולטור, אַזוי ווי די אַמאָליקע בת פּרעה, האָט אַריינגעבראַכט דעם מצרישן קולט אין מלכות שלמה.

אַפילו ווען דער פאָטער איז מל די קינדער, פירט דורך דעם גרות־ריטואַל פון דער פרוי כּדת וכדין — דערציט אָבער די „עקרת בית״, די הויזלעכע באַלע־באָסטע די קינדער; זי ברענגט זיי אונטער איר אײַנפלוס און זי קען זיי לייכט פירן צום שמד, צו אַ לייכטערן און באַקוועמלעכן לעבן.

די סאָציאַלע פאַרשערס, די סאָציאָלאָגן, וואָס פּלייסן זיך צו פאַרשטיין די סאָציאַלע פּראָצעסן ביי די עטנישע גרופּעס, אַנאַליזירן זייער אַנטוויקלונג, ווי איינהייטן אינעם אַמעריקאַנישן שמעלצטאָפּ און כּמעט אַלע קומען צום זעלביקן אויספיר, אַז ס׳לויערט די סכּנה פון געמישטקייט אויף דעם גרויסן ייִדישן קיבוץ, אַז ער וועט פאַרשלונגען ווערן און זיך צוזאַמענשמעלצן אין דער אַמעריקאַנישער מערהייט, אויב מ׳וועט נישט פאַרשטאַרקן דעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין ביים אונטערוואַקסנדיקן דור [2].

אין איינעם פון זיינע פּובליציסטישע ווערק, באַרירט חיים ליבערמאַן די געפאַר פון אַסימילאַציע צוליב עם־הארצות וואָס באַהערשט אונדזער יוגנט. ער באַקלאָגט זיך אויפן וווקס פון דער אַסימילאַציע ווי אַ רעזולטאַט וואָס מ׳האָט הפקר געמאַכט דאָס ייִדישע קינד, וואָס מ׳האָט דערלאָזט אַז הונדערטער טויזנ־טער ייִדישע קינדער זאָלן קיין צורה פון אַ ייִדיש אות פאַר די אויגן נישט זען; די ייִדישע היים אין אַמעריקע איז צוליב דער גלייכגילטיקייט פון ייִדישע עלטערן געבליבן אַ גייסטיקע ליידיקייט, פּוסט און טעמפּ.

חיים ליבערמאַן, באַטראַכטנדיק דאָס פּראָבלעם פון געמישטע חתונות, האַלט, אַז אין בעסטן פאַל ברענגט עס אַריין אַ ווירוואַר אין ייִדישן לעבן און אַלס אילוסטראַציע ברענגט ער אַ צאָל אויסצוגן פון הרב דוד קירשענבוימס ווערק אין ענגליש, ווי אַזוי ס׳זעט אויס די ייִדישע היים מיט די נישט־ייִדישע איידעמס און שנירן, אַפילו ווען די לעצטע האָבן זיך מגייר געווען נוסח אַמעריקע, אָבער זענען פאַרבליבן אַזוי ווייט פון ייִדישקייט, אַזוי רוי אין ייִדישן שטייגער לעבן.

חיים ליבערמאַן באַנוצט זיך מיטן זייער טרעפלעכן אויסדרוק פון הרב קירשענבוים אים צו לאַנגע יאָר, וועגן דער מאָדערנער ייִדישקייט אין אַמעריקע, וואָס שטיצט זיך בעיקר אויף גרויסע בנינים, שיינע טעמפּלען, אָבער ליידיק פון ייִדישן אינהאַלט — דאָס איז לויטן הרב קירשענבוים „ריעל עסטייט״־ייִדישקייט!

יאָ, אַזוי ליבערמאַן, ווי הרב קירשענבוים, ווייזן אָן ווי אַזוי מ׳קען עפּעס אויפטאָן צו ענדערן דעם מצב — און דאָס איז, דורך אַן אינטענסיוון פּראָגראַם פון ייִדישער דערציִונג; דורך דעם קול תּורה קאָן מען פאַריאָגן און פאַרטרייבן די שלעכטע רוחות, אָפּשוואַכן די בייזע ווינטן.

דערווייל איז דאָס בלויז אַ גוטער ווונטש. אין דערווירקלעכקייט שטאַרקט זיך די אַסימילאַציע לויט דעם נייעם נוסח — געמישטע חתונות. דאָס איז געוואָרן אַ טעגלעכע דערשיינונג, שוין אָפּגערעדט פון גרות, דורכגעפירט ביי די דריי דענאָמינאַציעס אינעם אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן, צוגעפּאַסט צום היגן שטייגער און סטיל פון צופרידנשטעלן די יוגנטלעכע, זיי זאָלן נישט אַריבער די מחיצה פון אָנשטענדיקייט.

געמישטע חתונות דרינגען אַריַין סיי אין די נידעריקע און סיי אין די העכערע פענצטער: ס׳קען טרעפן אין אונדזער צייט, אַז די שוועסטער פון אַן אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַט, אַן אויסערן־מיניסטער ווי דזשאָן פאָסטער דאַלעס, וועלכער האָט אַזוי פיל צרות געבראַכט אויף מדינת ישׂראל, זאָל גאָר חתונה האָבן מיט אַ ייִד — און דערצו אַ ייִד, וואָס האָט געשריבן אין פראַנצויזיש אַ פּירוש אויף רש״י.

ווי ס׳איז געוואָרן איבערגעגעבן אין דער פּרעסע, איז די שוועסטער פונעם מיניסטער אין דער אייזענהויער־רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן, געווען די צווייטע פרוי פון ד״ר בלאָנהיים, אַ באַקאַנטן מחבר פון ספרים אין פראַנצויזיש. נאָך זיין טויט האָט זי זיך אַפילו אָפּגעגעבן מיט אַרויסגעבן זיינע ווערק.

דייוויד סיימאָן (דוד שמעון) בלאָנדהיים (1884־1934) איז גוט באַקאַנט אין דער וועלט פון פילאָלאָגישע פאָרשונגען, איבערהויפּט פון אַלטע פראַנצויזיש־ייִדישע דיאַלעקטן. ער האָט פאַרפאַסט וויכטיקע גלאָסאַרן צו רש״י און אַ צאָל קאָמענטאַרן איבערן תּלמוד און זיינע מפרשים; ער האָט דערגרייכט אַן אָנגע־זעענע קאַריערע אין דזשאָן האָפּקינס־אוניווערסיטעט אין באַלטימאָר, וווּ דער באַרימטער פּראָפ׳ אַלברייט האָט זיך באַוויזן ווי אַ ליכטיקער שטערן אויפן האָריזאָנט פון סעמיטישע און אַלטערטימלעכער פאָרשונג, באַגלייט מיט זיינע אַרכעאָלאָגישע אַנטדעקונגען.

די שוועסטער פון ייִדן־פיינטלעכן דאַלעס האָט אָבער נישט געפונען פאַר זיך דעם ריכטיקן וועג; מעגלעך אַז זי האָט געזוכט דעם וועג אויף צוריק און אים נישט געקענט געפינען און דאָס האָט געפירט צו איר פאַטאַלן טויט. זי איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

מיר האָבן פריִער דערמאָנט אַ צאָל ווערק וועגן חתונות צווישן ייִדן און קריסטן — און אויך צווישן ייִדן און מענטשן פון אַנדערע אמונות. ס׳זענען צוגעקומען נאָך ווערק אויפן דאָזיקן געביט, ווי דאָס ווערק פונעם פאָרשער ד״ר משה דייוויס („געמישטע חתונות ביי ייִדן פון מערב,״ ענגליש, 1969) — אָבער נישט געקוקט אויף די אַלע ווערק זינט דרעקסלערס אויספאָרשונג וועגן געמישטע זיווגים אין ניו־יאָרק אין די יאָרן 1908—1912, האָבן מיר אַלץ נישט קיין פאָרשונג פון גרעסערן פאַרנעם. מיר ווייסן נאָך אַלץ נישט גענוי די מאָטיוון פאַר יעדער געמישטע חתונה. מיר האָבן, אפשר מער ווי השערה, אַ גענעראַלי־זאַציע פון מאָטיוון, אָבער ווייט נישט קיין גענויע סאָציאָלאָגיש־פּסיכאָלאָגישע פאָרשונג פון יעדן פּרט און פון יעדן קיבוץ, וווּ געמישטע זיווגים קומען פאָר. דערצו אין אונדזער צייט, ווען חתונה האָבן מיט אַ נישט־ייִדן מיינט נישט, אַז ער אָדער זי, וועט דורך דעם פאַרבעסערן זיין אָדער איר מצב אין דער געזעל־

שאַפט, אָדער הייבן דעם סטאַטוס פון די קינדער, וועלכע וועלן קומען פון אַזאַ געמישטן זיווג.

בישטאָ עד היום קיין פּרעציז דעפיניטיווער פאַרשמעטאַד אין שייכות מיט געמישטע חתונות. דער פאַקט איז דאָך, אַז אין אונדזער תקופה שעמען זיך נישט יונגע ייִדן מיט זייער ייִדישקייט. זיי באַוועגן זיך אויף דער אַמעריקאַנער גאַס מיט פעסטע טריט און אויסגעגלייכטע רוקנס. און דאָך מערן זיך געמישטע חתונות און די געפאַר פון אַסימילאַציע ווערט שטאַרקער פון טאָג צו טאָג.

מיט וואָס דערקלערט זיך דאָס?

נישטאָ קיין אַנדער תירוץ אויף דעם דאָזיקן מצב, ווי דער, וואָס מיר האָבן אין אָנהייב באַטאָנט: די עמאַנציפּירטקייט ביים יונגן מענטשן; ייִד מיט נישט־ייִד, באַזונדערס צווישן סטודענטן, זענען געוואָרן נאָענט, ממש מחותנים. די מחיצה פון טראַדיציאָנעלער ייִדישקייט איז צעבראָכן און במילא איז זי לייכט אַריבערצושפּרינגען און, ביי אייניקע, אַריבערצושפּרייזן צום אַנדערן צד.

שווער איז געווען, און ס'איז פאַרבליבן שווער, אָפּצושאַפן שׂנאה, פאָראורטייל פון אַנדערע צום ייִד; נאָך שווערער איז צו באַקעמפן ליבע, צייטווייליקע אָדער פּערמאַנענטע, נישט קיין חילוק. ס'איז שווער צוריקצוהאַלטן אַ ייִדישן בחור אָדער אַ ייִדיש מיידל פון זיין אָדער איר אהבה, אַפילו ווען מען באַווייזט אים אָדער איר, אַז די „אהבה איז מקלקלת”, אַז די אהבה ברענגט קללה. זיי גלויבן אין פרייען אויסוואַל און קיין זאַך וועט זיי נישט צוריקהאַלטן.

מיר איז אויסגעקומען צו האָבן אַ גאַר אינטימען שמועס מיט צוויי אינטע־ליגענטע ייִדישע מיידלעך, וועלכע האָבן חתונה געהאַט מיט נישט־ייִדישע בחורים: איינע פון אַ רבנישן יחוס, אָבער געלעבט אַסימילאַטאָריש און די אַנדערע, אַ הויך געבילדעטע, אַ פאַרשערין — אוןביידע האָבן מיר גאַנץ אָפן געזאָגט, אַז זיי פילן נישט, אַז זיי זענען באַגאַנגען אַ פעלער, אַז זיי האָבן נישט געדאַרפט חתונה האָבן מיט נישט־ייִדן. ביידע האָבן מיר דערקלערט, אַז זיי זענען צופרידן מיט זייער אויסוואַל, אַז זיי לעבן אַ גאַר צופרידן לעבן און האָפן זיך אויסצולעבן מיט זייערע נישט־ייִדישע מענער אין נחת און הרחבה.

מיר קענען אָבער דאָך אָננעמען אַלס מאָטיוו פון געמישטע זיווגים דעם מצב, אין וועלכן די יוגנט געפינט זיך: די ייִדישע שטוב איז געוואָרן פוסט, אויסגע־ליידיקט פון יענעם טראַדיציאָנעלן הייליק־תמימותדיקן רוח־יהדות. דאָס גיבן צו סיי די קאָנסערוואַטיווע און סיי די טראַדיציאָנעלע גייסטיקע פירערס ביים אַמערי־קאַנישן ייִדנטום. זיי שרייבן און רעדן וועגן דעם.

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט ראַביי ד״ר סטואַרט ראָזנבערג (דאַן גייסטיקער פירער פון טאָראָנטאָס בית צדק קאָנסערוואַטיווער סינאַגאָגע) דערקלערט, אַז די פאַרגרעסערונג פון „אינטערהייראַט” (געמישטע חתונות) איז אַ געפאַר פאַרן

ייִדנטום. ער האָט קאַטעגאָריש זיך אַרויסגעזאָגט קעגן ראַנדעוווס צווישן ייִדן און נישט־ייִדן.

ראַביי ראָזנבערג האָט זיך נישט געשראָקן פאַר די נישט־ייִדישע ליבעראַלן, וועלכע האָבן געזען אין זיין וואָרענונג אַ סאָרט סעגרעגירונג פון ייִדן, אַ דערמו־טיקונג פאַר אָפזונדערונג און געהאַלטן, אַז די דאָזיקע באַהויפּטונגען זענען קעגן די אינטערעסן פון ייִדן וואָס שייך ציווילע רעכט און פרייהייט.

איינער אַ ליבעראַלער זשורנאַליסט האָט אין ראַביי ראָזנבערגס ווענדונג געזען אַ צוריקקער צום מיטלעלטערלעכן ראַסן־ און רעליגיעזן פאַראורטייל. ער האָט זיך אָבער גאָרנישט אָפּגעשראָקן, נאָר ממשיך געווען דורך וואָרט און שריפט צו וואָרענען וועגן דער געפאַר פון געמישטקייט. ער האָט אויך אויסגעדריקט זיין מיינונג, אַז די לייזונג צו אָט די פּראָבלעמען קען נאָר קומען דורך אַ געזונטער און פולער ייִדישער דערציִונג. אַ באַוווּסטזיניקע יוגנט וועט וויסן ווי אַזוי זיך צוריקצוהאַלטן אינעם שטראָם פון אַסימילאַציע און אָפּנויג.

ווען די ייִדישע שטוב האָט געאָטעמט מיט רוח היהדות, האָבן די יוגנטלעכע געוווּסט, אַז נישט לייכט וועט זיין פאַר זיי אַריבערצוטרעטן די גרענעצן, וועלכע זענען באַפעסטיקט געוואָרן דורך דור־דורות.

מען קאָן אויך צוגעבן, אַז די ייִדישע קיך האָט אויך צוגעגעבן שטאַרקייט דער מחיצה צווישן ייִד און נישט־ייִד. איינער פון די הויפּט־יסודות פון ייִדישקייט איז דאָס אָפּהיטן די כשרות־געזעצן: מ'ווערט אַ הייליק פאָלק, הייליקע מענטשן, ווען מען איז נזהר נישט צו עסן טרפות — „ואנשי קודש תהיון לי... טרפה לא תאכלו" ![4]

דאָס אָפּהיטן די כשרות־געזעצן האָט געהאָלפן גאָר אַ סך אין פאַרהיטן דעם ייִד פון אויסגעמישטקייט. מ'האָט פאַרווערט אַ סך זאַכן „משום חתנות". די כשרע קיך האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אינעם ייִדישן לעבן. דאָס קינד זייגט איין מיט דער מוטערס מילך די אייגנשאַפטן — פיזישע און גייסטיקע — פון דער מוטער.

דער נביא ירמיהו זאָגט: „בטרם אצרך בבטן ידעתיך ובטרם תצא מרחם הקדשתיך" — איידער איך האָב דיך באַשאַפן, נאָך אין בויך, האָב איך דיך דער־קענט; איידער דו ביזט אַרויס פון דיין מאַמעס טראַכט — האָב איך דיך גע־הייליקט[5]. מוטערלעכע נאַרונג ווירקט אויפן נפשל אין איר טראַכט — און אפשר נאָך מער, ווען עס דערזעט די ליכט.

אויב די מוטער איז אָפּגעפרעמדט פון ייִדישקייט, וועט זי ווירקן אויף די קינדער, אַפילו ווען זיי וועלן איר נישט נאָכפאָלגן, מיט אַלצדינג. דאָס נעגאַטיווע, וואָס זיי וועלן זען ביי די עלטערן, ווירקט מער און איז עפעקטיווער ווי דאָס פּאָזיטיווע.

די קינדער, דערצויגן אין היימען, ווו מען האָט אַ נעגאַטיווע באַציִונג צו אַלץ וואָס איז ייִדיש, אַזעלכע קינדער וועלן זיך טאַקע נישט שמדן, אָבער וועלן זיך גאָרנישט פילן אומבאַקוועם חתונה צו האָבן געמישט און זיך אַסימילירן אין דער מאַיאָריטעט־געזעלשאַפט. זיי דאַרפן נישט פאַרלייקענען זייער ייִדישקייט. זיי וועלן בלויז זיך באַציִען צו איר נעגאַטיוו, אין בעסטן פאַל, פּאַסיוו. און צוליב אָט דער פּאַסיוויקייט מערט זיך די צאָל געמישטע חתונות, אַזוי ביי אונדז אין קאַנאַדע און נאָך מער אין די אַנדערע אַמעריקאַנישע לענדער פון צפון, צענטראַל און דרום. אַלאַרמירנדיק איז, ווי געזאָגט אין אָנהייב, דער מצב אין די אייראָפּעיִשע לענדער, באַזונדערס אין האָלאַנד, דענעמאַרק און שוועדן, ווו דער פּראָצענט פון געמישטקייט דערגרייכט איבער 50 פּראָצענט.

**ו. נשׂואי תערובת בישׂר־אל. — די שטרענגקייט פון עזרא הסופר. — וואָס זאָגט די הלכה?**

אין ישׂראל איז דער ענין „נשׂואי תערובת", געמישטע חתונות, פאַרבונדן געוואָרן מיט עט־לעכע יאָר צוריק מיט דער פראַגע „מיהו יהודי", וואָס האָט בשעתו אויפגעשטורעמט די ייִדישע וועלט און וואָס האָט שיִער נישט גע־שאַפן דעם שווערסטן קריזיס אין דער מדינה.

דאָס רעליגיעזע ייִדנטום האָט דעמאָלט אָנגעוויזן, אַז די פראַגע איז שוין לאַנג באַשטימט געוואָרן, די חכמי המשנה האָבן פעסטגעשטעלט, אַז אויב די מאַמע איז אַ נישט־ייִדישע, בלייבט דאָס קינד נישט ייִדיש, סיידן ס'גייט דורך דעם געהעריקן פּראָצעס פון גרות. די משנה לערנט אונדז: „וכל מי שאין לה לא עליו ולא על אחרים קדושין — הולד כמותה. ואיזה? זה ולד שפחה ונוכרית"[1] — און יעדער מאַן וואָס זי (די פרוי) האָט נישט אויף אים און נישט אויף אַנדערע מענער קידושין, אַז אַ מאַן איז זי מקדש איז זי נישט מקודשת, איז דאָס קינד וואָס ווערט געבוירן פון דעם מאַן און די פרוי, אַזוי ווי זי (די מוטער...) אַ שקלאַף אָדער אַ גוי.

לויט דער הלכה, הייסט עס, איז נישטאָ קיין געמישטע חתונות, ווייל די קדושין זענען נישט תופס. אויב אַ ייִד האָט חתונה מיט אַ גויע, זענען זיינע קדושין קיין קדושין נישט, איז זי במילא נישט געהייראַט און די קינדער זענען אירע, גוייִשע[2]. דאָס אייגענע, אויב אַ נישט־ייִד איז מקדש אַ ייִדישע טאָכטער, זענען זיינע קדושין קיין קדושין נישט און די קינדער געהערן צו דער ייִדישער פרוי[3].

אין תּלמודישן לשון: „אַ גוי וואָס איז געקומען אויף (האָט געלעבט) אַ יידישע טאָכטער איז דאָס קינד אַ ייִד; אַ ייִד וואָס קומט אויף אַ גויע — איז דאָס קינד ווי זי — אַ גויִיש קינד. די קינדער פון אַזעלכע געבורטן ווערן אָבער נישט באַטראַכט פאַר ממזרים און אויב די מאַמע איז אַ גויע און דאָס קינד, אַן ער אָדער אַ זי, איז זיך מגייר, מעגן זיי חתונה האָבן מיט ייִדן.

ס'איז אויך וויכטיק דאָ צו דערמאָנען אַגב־אורחא, אַז אויב ס'טרעפט זיך, אַ יידישע פרוי, אַן אשת־איש זאָל האָבן פאַרקער מיט אַ מאַן און פון דעם פאַר־באַטענעם געשלעכטלעכן לעבן זאָל אַרויסקומען פרוכט, זאָל אַ קינד געבוירן ווערן, איז דאָס קינד אַ ממזר און טאָר נישט חתונה האָבן מיט ייִדן, נאָר מיט איר אָדער זיין גלייכן — ד"ה מיט אַן אַנדערן ממזר אָדער ממזרת. דער דאָזיקער ממזר איז אַ ייִד, און אויב ער איז אַ תּלמיד חכם, איז ער פריִער פאַר דעם כהן עם האָרץ, אַפילו פאַר דעם כהן גדול [4], אָבער ווען עס קומט צו חתונה האָבן, איז ער ממזר... „לא יבא בקהל ד'".

ס'איז אויך כּדאַי אָנצוווייזן, אַז אויבנאויף דאַכט זיך, אַז דאָס איבערגעבן די קינדער צום מאַטריאַרכאַט, איז אין קעגנזאַץ צום געזעץ פון „יחוס אָבות", קעגן דעם כלל: „משפחת אב קרוי' משפחה; משפחת אם אינה קרוי' משפחה" [5], ווען מען גייט אָבער אַריין טיפער אין אָט דעם הלכהדיקן שטאַנדפּונקט, ווי איך האָב דאָס שוין אָנגעוויזן אין מיין ווערק וועגן דער „באַציִונג צו דער פרוי", איז דאָ נישטאָ קיין סתירה. ס'איז בלויז אַ פראַגע פון יורידיש־פאַמיליאַרע אָנגעלעגנ־הייטן; ס'איז אַפילו נישט נויטיק זיך אַריינצולאָזן אין דער פּאָלעמיק, וואָס גייט אַן צווישן די געשיכטע־עקספּערטן, אין שייכות מיט די דאָזיקע הלכה־אַספּעקטן, אין שייכות מיט זייער אינטערפּרעטאַציע פונעם קאָדעקס און מיט דער טראַדיציע אין ייִדישן לעבן.

דאָס פּראָבלעם געמישטקייט ציט זיך נאָך פון עזרא הסופר — און אויב מ'וויל, האָט זיך דאָס פּראָבלעם אָנגעהויבן ביי די אָבות פון ייִדישן פאָלק. אָבער פריִער לאָמיר זען וואָס עזרא האָט געטאָן: ער האָט מיט דער פולער שטרענגקייט באַפוילן אַרויסצושיקן און זיך אָפּשיידן אויף אייביק פון די פרעמדע ווייבער און פון די קינדער, געבוירענע פון די פרעמדע ווייבער: „ועתה נכרת ברית לאלוקינו להוציא כל הנשים והנולד מהם" [6] — און איצט, לאָמיר שליסן אַ בונד מיט אונדזער גאָט, אַוועקצושיקן די אַלע ווייבער, און די וואָס זענען געבוירן פון זיי...

די נישט־ייִדישע פרויען און קינדער וועלכע עזרא הסופר האָט געהייסן אַרויסשיקן, האַלטן די מערסטע פאָרשערס, אַז זיי זענען געווען „נשים נוכריות", פרעמדע ווייבער וואָס האָבן זיך נישט מגייר געווען. דער איינציקער היסטאָ־ריקער וועלכער איז אַרויסגעקומען מיט דער באַהויפּטונג, אַז זיי זענען געווען

גרטעס און דאָך האָט ער זיי געהייסן אַרויסשיקן, איז געווען ה. גרעץ (1817־1891) און אַז דאָס איז געווען אַ „הוראת שעה" און נישט לדורות. לויט גרעצן קומט אויס, אַז צוליב די דעמאָלטיקע אומשטאַנדן, האָט עזרא נישט געוואָלט אָנערקענען קיין געמישטע חתונות, אַפילו ווען די ווייבער האָבן דורכגעמאַכט דעם גרות־ריטואַל, ווייל עס האָט געשטעקט די סכּנה אַריינצוברענגען די פרעמדע קולטורן און אמונות אין דער באַנייטער ייִדישער מדינה.

עזרא, דער זון פון שריה, אַן אָפּשטאַמיקער פון כּהן גדול חלקיה, וועלכער האָט געפונען די משנה תּורה אין גאָטס הויז, אין דער צייט פון יאשיהו דעם קעניג פון יהודה [7], האָט פאַרשטאַנען, אַז בכדי צו באַנייען דעם ישוב, מוז מען זען אים צוריקצושטעלן אויף די יסודות פון תּורת ישׂראל, אָפּוואַרפן פון זיך די פּערסישע קולטור און דעם פּערסישן לעבנסשטייגער.

די עליה פון בבל קיין יהודה האָט אים גענומען אַרום פיר חדשים — און ווען ער האָט שוין דערגרייכט דעם ציל, איז ער אַנטוישט געוואָרן פונעם אַרטיקן ישוב, כּמעט ווי פאַרצווייפלט געוואָרן וואָס שייך זיין צוקונפט — און ער האָט איַינגעזען, אַז ער מוז זיך באַנוצן מיט די שטרענגסטע מיטלען אים אָפּצורייסן פון די געצנדינערישע געווינהייטן, צו רייניקן דעם ישוב פון פרעמדע איַינפלוסן.

עס זעט זיך נישט אויס, אַז ער האָט גענוצט געריכט־כּוח, אָדער אַז ער האָט אַרעסטירט די וואָס האָבן נישט אויסגעפאָלגט זיינע באַפעלן. ער האָט דערגרייכט זיין פאַרלאַנג אַ דאַנק זיין פּערזענלעכער אויטאָריטאַטיווער מאַכט און איַינפלוס. נישט אומזיסט פאַרגלייכט מען אים צו משה רבינו: „ראוי הי' עזרא שתינתן תורה על ידו לישׂראל אילו לא קדמו משה" [8] און נאָך אַזעלכע אויסדרוקן וועגן אים, וועגן זיינע אָרגאַניזאַטאָרישע פעיִקייטן אַלס פאָלקס־דערציִער און פאָלקס־פירער. ער האָט דערגרייכט זיין ציל צו באַנייען און צו שטאַרקן דעם ישוב לויט די תּורה־פּרינציפּן און ער האָט פעסטגעשטעלט דעם אָנהייב פון דער תּורה שבעל פּה, דורכן אָרגאַניזירן די אנשי כּנסת הגדולה און באַפעסטיקן זייערע תּקנות.

ווי פריִער געזאָגט, ציט זיך דאָס פּראָבלעם געמישטע חתונות פון די אָבות, וועלכע האָבן געזוכט שידוכים צווישן אייגענע — אָפּשטאַמיקע פון די בני שם.

דאָס האָט אָבער חלילה נישט געהאַט צו טאָן מיט וועלכן נישט איז ציל פון ראַסנריינקייט. דער מענטש בכלל ווערט באַטראַכט אַלס דער בחיר היצירה: „חביב אָדם שנברא בצלם" [9], און אַלע מענטשן שטאַמען אָפּ פון אָדם הראשון, וועמעס קערפּער איז געקומען אַלס רעזולטאַט פון דער איַינגעזאַמלטער ערד פון דער גאַנצער וועלט. „אָדם הראשון מכל העולם כולו הוצבר עפרו" [10]. נישטאָ קיין אונטערשייד צווישן ראַסן אָדער קאָלירן: „וכשבראו הקדוש ברוך הוא צבר עפר שחור, לבן וירוק וגבלו מהם" [11].

די גרויסקייט פון אברהם אָבינו איז באַשטאַנען אין דעם וואָס ער האָט גע־לערנט אחדות־אלקות און אחדות פון מענטשהייט — „שאיחה את העולם" [12]. ווער ס'ברענגט אום וועלכן נישט איז מענטשן, איז גלייך ווי ער וואָלט אומגע־בראַכט די גאַנצע וועלט [13].

די יהדות־גרונטלייגערס האָבן אָבער געוואָלט אָפּהיטן און פאַרזיכערן די יידישע מאָראַל און די יידישע עטיק און דעריבער האָבן זיי זיך באַצויגן אַזוי שטרענג צו געמישטע חתונות. פון די אַכצן גזירות צו וועלכע ס'האָבן איינגע־שטימט סיי די בית שמאי און סיי די בית הלל, האָבן צוויי אַ שייכות מיט גע־מישטע חתונות. זיי האָבן אויך ס'ניי געשטאַרקט די תקנות פון עזרא, וועלכער האָט קאַטעגאָריש פאַרלאַנגט שליסן דעם בונד מיטן גאָט פון ישׂראל און אַרויס־שיקן די פרעמדע ווייבער און זייערע קינדער. אויפן דאָזיקן סמך, האָבנדיק אויך דעם מקור אין דער תּורה, קאָמענטירנדיק דעם פסוק „כּי יסיר את בנך מאחרי" האָבן די חכמי התּלמוד אָנגענומען אַז דער זון וואָס קומט אַרויס פון אַ יידישער טאָכטער ווערט באַטראַכט פאַר אַ ייד און דער וואָס קומט אַרויס פון אַ נישט־יידישער פרוי, איז נישט קיין ייד... [14]

וועגן ינאי המלך, וואָס די חכמים האָבן אים געזאָגט: „רב לך כתר מלכות, הנח כתר כהונה לזרעו של אהרן", ווערט געזאָגט אַז דאָס איז אים געקומען צוליב דעם, וואָס זיין מוטער איז געפאַנגען געוואָרן אין מודיעין און עס איז געווען אַ חשד, אַז זי איז דאָרט פאַרגוואַלדיקט געוואָרן. דעריבער איז ער פּסול געווען צו דער כּהונה (צוליבן גויישן פאָטער), ער ווערט אָבער נישט פּסול אַלס ייד, אַלס ישׂראל.

ווען אגריפּס המלך האָט געלייענט אין דער תּורה און איז געקומען צום אָנזאָג: „ולא תוכל לתת עליך איש נכרי", האָבן טרערן גערונען פון זיינע אויגן. האָבן די חכמים אים געזאָגט: האָב נישט קיין מורא, „אחינו אתה", ביסט אונדזער ברודער. קאָמענטירט רש"י, ווייל זיין מוטער איז געווען אַ יידישע, איז ער באַטראַכט געוואָרן אַלס ייד [15]. וועגן דעם האָבן מיר אויספירלעכער געשריבן ביי אַן אַנדער געלעגנהייט.

דער פאַקט איז, אַז לויט הלכה, ווערט דער ייד, וואָס האָט צו טאָן געשלעכט־לעך מיט אַ נישט־יידישע טאָכטער, געמשפּט לויט די געזעצן פון פאַלק, פון וועלכן זי שטאַמט... און פּונקט אַזוי ווערט דער גוי וועלכער פאַרגוואַלדיקט אַ יידישע טאָכטער געאורטיילט לויטן יידישן געזעץ [16]. פון דעסטוועגן, האָבן די הלכה־אויטאָריטעטן געפּסקנט: „הבועל ארמית קנאים פוגעים בו" [17].

אין שייכות דערמיט איז כּדאי זיך צו באַקענען מיט דעם וואָס עס ווערט דערציילט אין ירושלמי [18], אַז יעקב איש כּפר גבוריא (אַ דאָרף ביי טבריה), איז געקומען קיין צור, האָט ער דאָרט מתּיר געווען מל צו זיין אום שבת אַ קינד,

געבוירן פון אַ ייִד ביי אַ נישט־ייִדישער מאַמע. ווען ר׳ חגי האָט זיך דערפון דערוווּסט, האָט ער באַפוילן אים צו רופן און שלאָגן מלקות, ווייל ער האָט גע־האַלטן, אַז אַ קינד פון אַ נישט־ייִדישער מוטער ווערט נישט באַטראַכט פאַר קיין ייִד און מ׳האָט נישט געטאָרט ביי אים מחלל שבת זיין[19].

אין תלמוד איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז ביי געהעריקע קדושין צווישן אַ ייִדישן מאַן און אַ ייִדישער פרוי, איז דער מאַן דער הויפּט פון דער פאַמיליע און די קינדער גייען אויף זיין חשבון: „משפחת אב קרוי׳ משפחה״... אין פאַל אַז ס׳האָבן נישט געקענט זיין קיין קדושין, דהיינו אין פאַל פון אַ געמישטער חתונה, געהערט דאָס קינד צו דער נאַטירלעכער באַהערשערין — צו דער מוטער, ווייל דער שׂכל איז מחייב זיך צו האַלטן ביים כלל: „עובר ירך אמו הוא״[20].

סומירנדיק די פאַרשיידענע מיינונגען ביי די חז״ל וועגן די ענינים, קען מען קומען צו אַן אויספיר, אַז דער אַקסיאָם: „משפחת אב קרוי׳ משפחה״ איז געמיינט וועגן ירושות קנינים און ענלעכע פינאַנציעלע, יורידישע אַנגעלעגנהייטן, בכדי צו באַפרייען די פרוי פון אַזעלכע פליכטן און איר געבן די מעגלעכקייט זיך צו ווידמען אירע פאַמיליאַרע ענינים, צו דערציִען אירע קינדער ווי געהעריק, צו האַלטן דאָס הויז ווי עס באַדאַרף זיין און זיך פאַראינטערעסירן אין געזעלשאַפט־לעכע פּראָבלעמען וועלכע זענען אין איר באַרוף.

אויב די מאַמע איז אַ ייִדישע און דער פאָטער איז אַ נישט־ייִד, געהערן די קינדער צו איר, אויך צוליבן זעלביקן שטאַנדפּונקט, ווי רבינאַ דריקט זיך אויס: „שמע מינה, בן־בתך הבא מן העובד כוכבים קרוי בנך״[21] און דער דין איז דאָך, ווי מיר האָבן פריִער אָנגעוויזן, אַז דאָס קינד איז — לויט דער אָנגענומענער מיינונג — כשר: „עובד כוכבים ועבד הבא על בת ישׂראל הולד כשר״[22]. אין אַזעלכע פאַלן ווערט דעם פאָטערס רשות, זיין זרע נישט אָנערקענט.

הרב ג. פעלדער אין זיין ספר „יסודי ישרון״[23] באַהאַנדלט די דאָזיקע ענינים פון הלכהשן שטאַנדפּונקט. הרב פעלדער פאַנגט אָן זיין אָפּהאַנדלונג „קדושת ישׂראל לאור ההלכה״ מיטן פעסטשטעלן דעם פאַקט, אַז ביים מעמד הר סיני זענען ייִדן געהייליקט געוואָרן דורך אַ ספּעציעלער קדושה. זיי זענען געוואָרן אַ „גוי קדוש״ דורך „מילה, טבילה, הרצאת דמים״[24] און די דאָזיקע קדושה אויף ייִדן איז געבליבן אייביק, פאַר אַלע דורות... אויב עמעצער פון אַן אַנדער פאָלק, פון אַן אַנדער אמונה וויל זיך מגייר זיין, מוז ער דורכגיין די דאָזיקע פּראָצעדור און נאָך דעם, ווערט ער באַטראַכט פאַר אַ „בריה חדשה״ — פאַר אַ ניי באַ־שעפעניש.

הרב פעלדער איז מחדש אין שייכות מיטן מאָטיוו און סיבה, פאַר וואָס דער דין איז, אַז אויב מען וווינט מיט אַ נישט־ייִדישער פרוי, מיט אַ נוכרית, דאָס קינד בלייבט נישט־ייִדיש, פאַר וואָס עס געהערט צו דער מוטערס אמונה. פאַר־

באַטענע חתונות — ווייזט ער אָן — שוואַכן אָפּ דעם כּוח און במילא דעם קשר פונעם מאַן און די קדושה קען נישט איבערגיין. דאָס קינד פאַרלירט די קדושת און דעם יחוס אָבות און דעריבער איז „הולד כמותה״[25]. אויב אַ ישׂראלית, אַ ייִדישע פרוי האָט אַ קינד פון אַ נישט־ייִד, האָט זי נאָך אַלץ דעם כּוח מיטצו־שלעפּן דאָס קינד צו איר קדושה. די פאָטערלעכע זאָמען (זרע) ווערן בטל און ס׳ווערט קאָנסטיטוירט אַ נייע בריה — די מוטערלעכע בריה לויטן כּלל, וואָס מיר האָבן פריִער געבראַכט: „עובר ירך אמו״!

די קדושה, מיט וועלכער ייִדן זענען געהייליקט געוואָרן בעת מתן תורה, גייט איבער פון דור צו דור, בלויז און נאָר ווען דער חיתּון איז לויט דעם קדושהדיקן המשך; דאָרט, ווו דער חיתּון, דאָס ווײַנען פונעם פּאָר איז פאַרווערט, ווי עריות און ענלעכע, וועט דאָס קינד זײַן אַ ממזר מיט אַלע ממזר־באַגרענע־צונגען; דער ייִד־המשך איז אָבער נישט איבערגעריסן געוואָרן, ווײַל באַזונדער טראָגט מיט זיך, סיי דער מענלעכער צד און סיי דער מוטערלעכער צד — די קדושה פון ייִדן. אַלס באַווײַז ברענגט הרב פעלדער דעם פאַקט, אַז אַ ממזר מעג מען מל זײַן אום שבת. דער געשלעכטלעכער צוזאַמענבונד איז געווען פאַרבאָטן, עס בלײַבט אַ פּגם אויף דעם געבוירענעם אַלס פּועל־יוצא פון דעם פאַרווערטן צוזאַ־מענלעב; אָבער די קדושה פון שטיין ביים באַרג סיני איז נישט איבערגעריסן געוואָרן און איז נישט געוואָרן אויסגעוועפּט.

אויב אַ מאַן אָדער אַ פרוי פון אַ פרעמד פאָלק און אמונה וויל איבערגיין צו דער ייִדישער אמונה, קען ער אָדער זי נישט קריגן די דאָזיקע קדושה, אַנדערש ווי נאָר דורך דעם ריטואַל וואָס ייִדן האָבן דורכגעמאַכט, בעת זיי זענען געשטאַנען ביים באַרג סיני און מקבל געווען אויף זיך די תּורה.

מיר ווילן זיך דאָ נישט אַרײַנלאָזן אין די הלכהשע קאָדעקסן. איינס איז קלאָר, אַז ייִדן זענען נישט להוט אַרײַנצוכאַפּן גרים אָדער גרטעס. ווען אַ גר קומט זיך מגייר זײַן — לערנט אונדז די משנה — איז מען אים בודק: „שמא נתן עיניו בבת ישׂראל... שמא נתנה עיניה באחד מבחורי ישׂראל...״[26]

דער רמב״ם[27] און די נאָכפאָלגנדיקע פּוסקים זאָגן אָן, אַז איידער מען פירט דורך אַ גרות, מוז מען פריִער מאַכן זיכער אַז זײַן, אָדער איר כּוונה, איז געווען לשם שמים, אַלס רעזולטאַט פון איבערצייגונג; דעמאָלט ווערט ער באַטראַכט אַלס גר צדק, מען נעמט אים אַרײַן אין מחנה־ישׂראל מיט ליבשאַפט; ער אָדער זי ווערט געשיצט אונטער די כּנפי השכינה.

דער דין איז אויך, אויב ס׳טרעפט זיך, אַז איינער איז זיך מגייר לשם אשה און לעבט זיך אויס ווי אַ ייִד, פאַרשטויסט מען אים נישט, אָנערקענט מען אים „דע פאַקטאָ״ און מען פאַרלאָזט זיך אויף דער חזקה פון „גמרו וקבלו״, אַז ער איז שוין אַ ייִד לויט איבערצייגונג.

אויב עמעצן וועט אײַנפאַלן צו זאָגן, אַז אָט די דינים זענען שפּעטערע, תקנות פון שפּעטערע תקופות, אַז אין דער צײַט ווען ייִדן האָבן געוווינט אין ארץ־ישׂראל, האָט מען נישט געוווּסט פון אָט די שוועריקייטן, האָבן מיר שוין געוויזן פאַקטן, אַז די באַציִונג צו גרות און געמישטע חתונות ציט זיך זינט די תקנות פון עזרא הסופר. דער פאַקט איז אויך, אַז דעם סדר פון מקבל זיין גרים האָבן מיר שוין אין דער משנה [28]: „ככם — כאבותיכם, מה אבותיכם לא נכנסו לברית אלא במילה וטבילה והרצאת דמים, אף הם לא יכנסו לברית אלא באלה... מתבוססת בדמיך — דם מילה ודם פסח” [29]. אין אַנדערע ווערטער מיינט עס, דער גר דאַרף נישט זיין מער פּריווילעגירט פונעם ייִד! מילה איז געווען ביים אַרויסגיין פון מצרים און טבילה ביי מתן תורה.

ביים דורכפירן אַ גרות־ריטואַל דאַרף זיין אַנוועזנד אַ בית־דין מומחים פון דריי [30] רבנים וועלכע האָבן גענוג וויסן און זענען פון באַרוף אויטאָריזירט צו אורטיילן אין אַזעלכע קאָמפּליצירטע הלכהשע ענינים [31].

מיר וואָלטן געקענט זיך אַריינלאָזן אין די פּרטים און פּרטי־פּרטים פון די הלכהשע אַספּעקטן, אָבער דאָס וואָלט פאַרפירט צו ווייט און אייגנטלעך געהערט עס צו רבנישע פּוסקים.

מיר ווילן זיך בלויז אָפּשטעלן און ברענגען צו דער אויפמערקזאַמקייט פונעם לייענער דעם ענין: „קדושת אהרן” — די קדושה פון כּהונה, וועלכע איז אויך אַן אייביקע און ווערט דאָך פאַרשוועכט דורך אַ פאַרבאָטענעם צוזאַמענלעב מיט אַ פרוי: אויב אַ קינד ווערט געבוירן דורך אַ פאַרבאָטענער הייראַט, קען די קדושה פונעם כּהן נישט איבערגיין צום קינד.

אויף נאָך אַ זאַך ווייזט אָן הרב פעלדער: אַז די קדושה פון אַ כּהן גדול איז נישט אַ קדושה פון געבורט, נאָר פון משיחה. ער ווערט געהייליקט צו דער ספּעציעלער קדושה דורך ווערן געזאַלבט מיט שמן המשחה. אין זיינע ספרים [32] באַהאַנדלט הרב פעלדער אויספירלעך די נאַטירלעכע קדושה פון שבט לוי, די קדושה פון אַ כּהן־הדיוט און די ספּעציעלע קדושה פונעם כּהן גדול.

אויב אַ כּהן איז עובר און פּראַקטיצירט פאַרבאָטענע חתונה, ווערן זיינע קינדער פאַרשוועכטע כּהנים; ער קאָן זיי דאַן נישט איבערגעבן זיין קדושה. ער אַליין, ווען ער גיט אויף די דאָזיקע חתונה, ווערט ער צוריק כּשר אַלס כּהן.

די פראַגע איז, צי אַ ממזר כּהן האָט אויף זיך די הייליקייט פונעם כּהן, צי נעמט ער איבער פונעם פאָטער די דאָזיקע קדושה. וועגן דעם, זענען דאָ חלוקי דעות צווישן די פּוסקים, די באַפּעסטיקערס פון דעם ייִדיש־רעליגיעזן קאָדעקס.

אויב אַ כּהן נעמט אַ ישׂראלית, איז דאָס קינד אַ כּהן, אַפילו — ווערט אָנגעוויזן — ער האָט געלעבט מיט דער ישׂראלית אָן חופּה וקדושין [33], ווייל דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן קנינים, וועגן איבערגיין אָדער איבערנעמען פון און צו אַן אַנדערן

רשות, ס׳האַנדלט זיך דאָ וועגן דער זרע, וועגן די זאָמען פון כהונה, וועלכע בלייבן מיט זייער שטאַרקייט, אויסער אין פאַלן פון ספּעציפישן כאַראַקטער, ווען זיין פאַרברעך האָט גורם געווען צו אַן איבעררייס פון דער דאָזיקער קדושה.

מיר ווילן דאָ ווידמען נאָך עטלעכע שורות ר׳ שמעון בן יוחאיס לימוד, אַז אַ זון פון אַ נישט־ייִדישער מוטער געהערט צו איר, איז אַ גוי. ער לערנט דאָס אַרויס פונעם פּסוק „כי יסור את בנך..."[34]

איינער פון די אָנגעזעענע רבנים־וויסנשאַפטלערס־מקובלים ר׳ מנחם עזריה די פאנו (הרמ"ע מפאַנו, הש"ח־ש"פ; 1548־1620) דער, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אויף זיין חשבון דעם „כסף משנה" פון ר׳ יוסף קאַרו און איז אַליין געווען אַ באַרימטער מחבר, שטעלט זיך אָפּ אין זיין ספר שאלות ותשובות (סימן קט"ז) אויף דעם, פאַר וואָס מ׳האָט אין אַזאַ פאַל מבטל געמאַכט די פאָטערלעכע זאָמען און ער באַווייזט אויף זיין שאַרפן און געוואַגטן שטייגער, אַז מ׳נעמט אָן די שוואַנגער־שאַפט וועלכע קומט אַלס רעזולטאַט פון געמישטקייט „כהדא תרנגולתא דספנא מארעא", ווי די זרע וואָלט געקומען פון זיך זעלבסט, אומנאַטירלעך; אין אונדזער צייט — קינסטלעכע באַפרוכפּערונג.

די פראַגע שטעלט זיך, פאַר וואָס האָבן סיי ר׳ שמעון בן יוחאי און סיי ר׳ חגי וועלכער האָט געטאַדלט דעם ר׳ יעקב פון דאָרף גבוריא, און אים אָנגעוויזן אויף זיין טעות בעתן פּסק אין דער שטאָט צור, אַז מען מעג מל זיין אַ קינד פון אַ נכרית אום שבת — און ער האָט אים געוויזן, אַז דאָס איז חילול שבת — פאַר וואָס האָבן זיי זיך נישט באַנוצט מיט דער שטרענגקייט און דעם באַפעל פון עזרא אַרויסצושיקן די פרעמדע ווייבער מיט די קינדער, געבוירענע פון זיי?

די דאָזיקע פראַגע ווערט געשטעלט סיי פון רבנים, פּוסקים און סיי פון פאָרשערס, היסטאָריקערס, יעדער איינער זוכט אַ תירוץ, וואָס זאָל זיין אָננעמבאַר און פאַרשטענדלעך: זיי האָבן בעסער געוואָלט האָבן אַ תורה־באַווייז אויף זייער דאָזיקן וויכטיקן אורטייל לדורות. דער באַפעל פון עזרא הסופר, קען זיין, ווי פריִער דערמאָנט, אַ „הוראת שעה", אַ מאָמענט־נויטווענדיקייט, לויט די דעמאָלטיקע אומשטאַנדן אין דער ערשטער תקופה פון שיבת ציון, נאָך גלות בבל און אין אָנבליק פון דער אַסימילאַציע־געפאַר פאַר דעם נייעם יהודה.

די באַפּעסטיקערס פון דער ייִדישער הלכה, אין זייער פעסטשטעלן דעם פאַמיליאַרן קאָדעקס, האָבן זיך געמאַטערט ביים באַשטימען, אַז אַ זון פון אַ ישׂראלית, וועמעס פאָטער איז אַ נכרי, זאָל באַטראַכט ווערן פאַר פולשטענדיקן ייִד. דאָס איז אַ קאָמפּליצירטער ענין און אייניקע פּוסקים האָבן צוליב דעם געפּסקנט, אַז אַזעלכער זאָל יאָ דאַרפן האָבן טבילה, ווי אַ לייכטע גרות־פּראָצעדור, ווייל זיי האָבן נישט געקענט אין גאַנצן מבטל מאַכן דעם „צד פסול" — דאָס גויִשקייט אינעם דאָזיקן קינד.

נישט וועלנדיק זיך אַריינלאָזן אין הלכהשע פּראָבלעמען, וועלן מיר אָבער אָנווייזן אויף חלוקי־דעות ביי די גדולי הפּוסקים, צי דער זון פון אַ יידישער מאַמע און אַ נישט־יידישן פּאָטער דאַרף יאָ אָדער נישט האָבן טבילה:

לויטן ר״ן (רבנו נסים גירונדי, נפטר באַרצלונה, 1380) אין מסכת קדושין (י״ח), און נאָך אים: ר׳ יוסף קאַרו, ר׳ עקיבא איגר, ר׳ יעקב ליסער (חוות דעת) און אַנדערע גדולי הפּוסקים האַלטן, אַז אַפילו אויב די מאַמע איז אַ יידישע, אָבער דער פּאָטער איז אַ נכרי, דאַרף דאָס קינד האָבן טבילה; לויטן רמב״ן (רבנו משה בן נחמן, ד׳ תתקנ״ד־1194; ה״א, ל׳־1270) און לויטן פּסק פון רמ״א (ר׳ משה איסרלס, קראָקע, געבוירן בערך רפּ״ה אָדער ר״צ — 1525־1530; נפטר ל״ג בעומר, של״ב אָדער של״ג — 1572־1573) דאַרף אַזעלכער נישט האָבן קיין טבילה; ער איז אויטאָמאַטיש, באַלד פון געבורט אָן, אַ פולער ייד נאָך מילה, ווען דאָס קינד איז אַ בן־זכר [35].

די פראַגע ווי אַזוי אַזעלכן אויפצורופן צו דער תורה, צו שרייבן זיין נאָמען אין אַ כתובה אָדער אין פאַל פון אַ גט איז ברייט באַהאַנדלט געוואָרן אין הלכה־ספרים און ס׳איז אָנגענומען געוואָרן, מ׳זאָל אַזעלכן רופן אויפן נאָמען פון יידישן זיידן, ווייל „בני־בנים הרי הם כבנים״.

ס׳גלוסט זיך מיר דאָ צו דערמאָנען אַ קוריאָזע פּראַגע (צווישן די צענדליקער, וואָס דערגייען צו מיר אין מיין ביוראָ אין קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס), ווי פאַר־צייכנט ביי מיר (מאַי 5, 1970):

עס טעלעפאָנירט אַ גאָר יונגע פרוי. זי האָט אַ שאלה; מ׳האָט איר געזאָגט, אַז נאָר איך וועל איך קענען ענטפערן. איך דערקלער איר, אַז איך פּראַקטיציר נישט קיין רבנות; איך האַלט זיך צוריק פון ענטפערן אויף שאלות. זי איז אָבער צו־דרינגלעך און לאָזט נישט אָפּ: „פּליז, ביטע״, בעט זיך אַ יונגעטשקע פרוי: „טאָר מען נישט, לויט דער יידישער רעליגיע אַ נאָמען געבן אַ קינד אין ערע פון דער שוויגער־מוטער דעם נאָמען פון דעם מאַנס מוטער וועלכע לעבט!״

נאָך אַ לענגערן שמועס, האָב איך געפרעגט: ביסטו די מאַמע פונעם קינד? ביסטו אַ יידישע?

יאָ, ענטפערט זי, איך בין די מוטער. איך בין ביז דער חתונה געווען נישט־יידיש, איך האָב זיך מגייר געווען.

איך שטעל איין נאָך אַ פראַגע: פון וואַנען איז דיין מאַן?

דער שמועס האָט זיך פאַרצויגן. זי גיט מיר פרטים: איר מאַן איז אַ מאַראָ־קאַנער ייד, הייסט עס, אַ ספרדי, וויל ער, זיי זאָלן געבן דעם ניי־געבוירן מיידעלע דעם נאָמען פון זיין מוטער. האָט איר שכנה, וועלכע איז אַ פּוילישע, געוואָרנט, אַז דאָס טאָר מען נישט טאָן לויטן יידישן דין. הכלל, זיי זענען אין אַ פאַרלעגנהייט.

כ׳האָב איר מסביר געווען דעם גאַנצן ענין און איר געזאָגט, זי זאָל צופרידנ־שטעלן איר מאַן און איר שוויגער — און אַזוי בין איך געוואָרן אַ פּוסק ביי אַ גיורת צו אַ ספרדישן ייִד, וועלכע האָט זיך געלאָזט באַאײַנפלוסן דורך איר ייִדיש־פּוילישער שכנה וועלכע האָט אין דעם געזען אַ גרויסע עבירה, לויטן ייִדישן דין. איצט, האָב איך פאַרשטאַנען די שטאַרקייט פונעם מינהג, און פון מיזוג גליות.

ס׳איז אויך נויטיק נאָך עטלעכע ווערטער וועגן דער תּלמודישער אַקסיאָם: „עובר ירך אמו״, אַרום וועלכער ס׳האָט זיך געשאַפן אַ פאַרצווייגטע ליטעראַטור. דער דאָזיקער כּלל, ווי פעסטגעשטעלט פון רבא׳ן [36] — און דער דין איז דאָך ווי רבא, „הלכה כרבא דבתרא הוא״ — איז אָנערקענט אין הלכה ביי גרות און ענלעכע ענינים. דער עמבריאָן, אָדער אַפילו דאָס קינד וואָס האָט שוין אַ צאָל חדשים אין דער מוטערס טראַכט, אַזוי לאַנג ווי עס איז אַ טייל פון דער מוטערס לײַב, אין דער סטאַדיע פון פאַרן געבורט, ווערט עס באַטראַכט ווי אַ טייל פון דער מוטער: אויב די מוטער איז זיך מגייר, איז זיך טובל, איז די טבילה שוין גילטיק אויך אויפן קינד — „נכרית מעוברת שנתגיירה בנה אין צריך טבילה״. די מוטער־לעכע פאַרדעקונג ווערט נישט באַטראַכט פאַר קיין מחיצה, ווייל דאָס קינד איז דאָך אינעם נאַטירלעכן געבורט־פּראָצעס, אין תּלמודישן אויסדרוק: „היינו רביתי׳״!

וואָס שייך זיין סטאַטוס אין שייכות מיט אַנדערע אָנגעלעגנהייטן, ווי לעגאַ־ליסטיש־יורידישע, קרימינעלע, הייראַט־באַציִונגען, זענען וועגן דעם שוין דאָ אַנדערע מיינונגען; דאָס גייט שוין אַריין אין דער קלאַסיפיקאַציע וועגן סטאַטוס פונעם „עובר״, דאָס קינד וואָס ליגט נאָך אין דער מוטערס אינגעווייד.

דאָס דאָזיקע פּראָבלעם, ווי ווייט מ׳גייט מיטן כּלל „עובר ירך אמו״, ווערט באַטראַכט אין אומצייליקע ערטער אין תּלמוד [37]. די תּלמוד־מפרשים באַמיִען זיך צו באַווייזן, אַז רבא איז נישט מחולק מיט ר׳ יוחנן, וועלכער האַלט, אַז „עובר לאו ירך אמו״ [38], ווייל רבא רעדט נישט וועגן אַלגעמיינעם סטאַטוס פונעם קינד אין דער מוטערס טראַכט. ער שטעלט בלויז פעסט דעם פאַקט, אַז בעת דער טבילה ביי גרות אָדער ביי באַפרייען אַ „שפחה״, אַ נישט־ייִדישע דינסט, נעמט דאָס וואַסער וואָס קומט אויף דער מוטערס לײַב אויך אַרום דעם קינדס קערפּערל ווייל עס איז נאָך אַ טייל פון דער מוטער, איידער עס קומט אַרויס אויף דער ליכט און ווערט פון איר אָפּגעטיילט.

היוצא מדברינו, אַז נאָך אַלע פאָרשונגען, אַנאַליטישע אָפּהאַנדלונגען [39], אָנערקענט מען די טבילה פון אַ נישט־ייִדישער פרוי, וועלכע איז פאַרגאַנגען אין שוואַנגערשאַפט און באַשליסט אין די חדשי־לידה זיך מגייר צו זיין על־פּי הלכה. דאָס קינד וואָס ווערט געבוירן האָט שוין די קדושה מבטן ומלידה און ווערט באַטראַכט אַלס פולשטענדיק ייִדיש קינד.

און דאָ קומען מיר צו נאָך אַן אויספיר, דהיינו, אַז גרי צדק, ערלעכע און ערנסטע גרים, האָט מען אויפגענומען מיט גרויס התקרבות. אַזאַ גרטע ווי רות המואביה האָט אַ דאַנק איר ערנסטקייט געקענט ווערן די פרוי פונעם שופט און זוכה זיין צו מלכות בית דוד.

רות איז געוואָרן, ווי שוין געזאָגט, דער מוסטער פון איבערצייגנדיקע גרים. ס׳ווערט אָבער דאָך אָנגעוויזן, אַז אַפילו ווען זי האָט זיך שוין געהאַט געפונען אויף די פעלדער פון בית לחם, איז איר נאָך אַלץ פרעמד געווען די שטרענגקייט פון יידישער מאָראַל און צניעות. אויף דעם פסוק: „גם כי אמר אלי עם הנערים אשר לי תדבקין" [40], אַז זי האָט דערציילט איר שוויגער נעמי, אַז דער מאַן האָט איר געזאָגט: „לעבן די יונגען וואָס ביי מיר זאָלסטו זיך האַלטן"; קאָמענטירט דערויף רבי חנן בר לוי: „בודאי מואביה היא זו"! מיט די ווערטער, האָט זי געוויזן, אַז זי איז אַ מואבערין; ער האָט איר געזאָגט, זי זאָל זיך האַלטן מיט די מיידלעך און זי זאָגט: מיט די יונגען. זי זעט נישט קיין חילוק, באַגרייפט נישט די צניעות [41].

ר׳ אליעזר אַטלאַס ברענגט פאַר זיין פּאָטער, אַז נישט צוליב אויסגעלאַסנקייט האָט זי געזאָגט נערים, נאָר צוליב איר אומבאַהאָוונטקייט אין עברית, ווייל זי איז געקומען פון מואב, האָט זי נישט געוווּסט דעם חילוק צווישן נערים און נערות און נעמי האָט זי קאָרעגירט: „כי תצאי עם נערותיו".

איז נישט וויכטיק די פּאָלעמיק אין אויסטייטשן רבי חננס ווערטער. וויכטיק איז, אַז אַפילו זי זאָל נישט געווען זיין אַזוי צניעותדיק, אָבער נאָך דעם, ווי זי האָט מיט דער פולער ערנסטקייט איבערגענומען דעם יידישן לעבנסוועג, איז זי אָנערקענט געוואָרן אַלס מוסטער פון אַ גרטע. זי איז געוואָרן די מאַמע פון גרעסטן יידישן יחוס.

ווען אָבער ס׳איז דאָ אַ חשד, אַז דער וואָס קומט זיך מגייר זיין, האָט זייטיקע פניות, אַז ער האָט אין זינען זיינע אינטערעסן — איז מען אים נישט מקבל; אַזוי איז עס געווען אין די צייטן פון דוד המלך און שלמה המלך. אין דער תקופה פון מלך דוד, האָט מען נישט מקבל געווען קיין גרים, ווייל ס׳איז געווען דער חשד, אַז זיי טוען עס צוליב פּחד. און אין דער צייט פון מלך שלמה — אַז זיי ווילן אַריין אין דער יידישער מחנה, צוליבן ווילזיין וואָס זיי האָבן דעמאָלט געזען ביי יידן [42].

דער רמב"ם פסקנט, אַז אויב ס׳איז בלויז דאָ אַ חשד, אַז דער וואָס איז געקומען זיך מגייר זיין, האָט אין זינען אייגננוץ, איז מען אים נישט מקבל אַלס גר צדק.

אין דער צייט פון שמשון און שלמה, ברענגט ער, זענען געווען גרטעס, וואָס זייער גרות־ריטואַל איז דורכגעפירט געוואָרן דורך נישט באַרופענע אין דעם;

האָט מען זיי נישט אָפּגעשטויסן און נישט מקרב געווען. שמשון און שלמה המלך האָבן אַזעלכע געהאַט פאַר זייערע פרויען. דער סוף איז געווען נישט קיין גוטער — אַ ביטערע אַנטוישונג אין די פאַררעטעריגס.

מיר וואָלטן זיך דאָ געקענט אַריינלאָזן אין אַ תלמודישן ים־שווים, אָבער מיר וועלן דאָס איבערלאָזן פאַר די וועלכע ווייסן ווי צו שווימען אינעם ים־התלמוד און האָבן די נויטיקע קוואַליפיקאַציעס און דעם וויסן אַרויסצוברענגען אַ קלאָרע הלכה.

היינטיקע צייטן — ווערט געפסקנט — נעמט מען נישט אויף קיין גרים, סיידן זיי נעמען אויף זיך מקיים צו זיין אַלע מצוות. דער יסוד פאַר אָט דער הלכה האָבן מיר אין תלמוד [43] אין תורת כהנים (פ׳ קדושים) און אין רמב״ם [44]. דער רבינו גרשם, אין זיין פירוש אויף בכורות, דערקלערט דעם דאָזיקן מאָטיוו, ווייל אויב ער דריקט זיך שוין אין אָנהייב אויס, אַז די אָדער אַנדערע מצווה וועט ער נישט מקיים זיין, ווייזט עס אויף זיין כאַראַקטער, אַז ער וועט נישט אויסהאַלטן קיין נסיון, אויב ער וועט דאַרפן עובר זיין.

ס׳ווערט אויך דערקלערט די התקרבות וואָס הלל הנשׂיא האָט אַרויסגעוויזן צום גר, וועלכער האָט געוואָלט אויסלערנען די תורה אויף איין פוס און הלל האָט אים געלערנט די מצווה „ואהבת לרעך כמוך״. דער דאָזיקער מענטש איז געוואָרן אַ גר תושב און ערשט נאָך דעם ווי ער האָט געפאָלגט די עצה פון הללן „זיל גמור״ און האָט געלערנט, איז ער געוואָרן אַ גר צדק און לויט אייניקע, איז ער דאָס געוואָרן דער שפּעטער באַרימטער אונקלוס הגר.

הלל האָט דער עיקר געוויזן דעם גר ווי די תורה זאָרגט פאַרן ווילזיין פונעם מענטשן. ער איז געווען זיכער, אַז דער גר וועט שוין במילא לערנען תורה און זיין אַ גוטער ייִד.

און צום סוף:

נאָך דעם ווי ייִדן זענען צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן איבער דער גאַנצער וועלט, האָט מען אָנגענומען און באַפעסטיקט שטרענגע מיטלען, כּדי צו זיכערן אַז דער וואָס קומט זיך מגייר זיין, זאָל עס מיינען ערנסט, זאָל טאַקע בלייבן אַ ייִד.

דעריבער נעמט מען נישט אויף קיין גר־תושב בזמן הזה. אַזאַ גרות וואָס פאַרפליכטעט נישט דעם גר אָפּצוהיטן די יסודות פון דער ייִדישער אמונה, האָט נישט קיין זינען, האָט נישט קיין האַפט. דאָס ברענגט נאָך אַריין צעמישעניש און צעטומלעניש און צעשטערט דעם בית ישׂראל.

מיר קענען דעריבער פאַרשטיין די מאָטיוון פונעם קאַמף מצד רבנים און אָרטאָדאָקסישע פירערס אין ישׂראל און אין די תפוצות ישׂראל צו ענדערן דאָס אומקער־געזעץ („חוק השבות״), אַזוי אַז בלויז גרים על־פי הלכה זאָלן אָנערקענט און רעגיסטרירט ווערן אַלס ייִדן־ישׂראלים.

דעם דאָזיקן קאַמף פירן אָן אָרטאָדאָקסישע רבנים און אדמו״רים בראש מיטן ליובאַוויטשער רבין שליט״א אין אַמעריקע און בכל תפוצות ישׂראל, כּדי קלאָר צו מאַכן דעם „מיהו יהודי״ און גרות על־פּי הלכה. אין ישׂראל האָבן מיט פינף יאָר צוריק אָנגעפירט דעם דאָזיקן קאַמף די דעמאָלטיקע רבנים ראשיים, הרב איסר יהודה אונטערמאַן און הרב יצחק נסים און איצט זענען ממשיך די רבנים ראשיים הרב שלמה גורן און הרב עובדיה יוסף צוזאַמען מיטן גאַנצן ראַט ביים רבנות הראשית.

אין יאָר תש״ל, איז דער חבר הרבנים פון מזרחי־הפּועל המזרחי (מפד״ל) אַרויסגעקומען מיט אַ „גלוי דעת״ [45] אין וועלכן ס'איז צוו־אַ געזאָגט געוואָרן:

„...אנו מזהירים בזה שכל סטיה מגירות עפ״י ההלכה, המכניסה נכרים לכלל ישׂראל, עלולה להוליך להתפתחות מסוכנת שתביא בעקבות פילוג חמור ובלתי ניתן להתאחות בעם ישׂראל... תעמוד הדוגמה ההיסטורית האומללה של הפילוג הקראי לפניכם למנוע סכנת קרע באומה דווקא בשעת מבחן חמור זה...״

די רבנים ראשיים האָבן דאַן געשטורעמט קעגן דעם פּסק־דין פון בית משפט עליון צו אָנערקענען חתונה־„געמישטקייט״, ווי דער פאַל מיטן קאַפּיטאַן שאַליט און אויפגעפאָדערט דעם שׂר הפּנים ר' משה חיים שפּיראָ ז״ל און יבלח״א ד״ר זרח וואַרהאַפטיג, דעם שׂר הדתות, זיי זאָלן אַרויס פון דער רעגירונג, פאַרלאָזן די קאָאַליציע, ביז דער ענין וועט דערליידיקט ווערן און „מיהו יהודי״ וועט פעסט־געשטעלט ווערן.

**ז. גרים וועלכע מען איז מקבל באהבה. — גרים וואָס זענען אָנגענומען. — גרים וואָס מען נעמט נישט. — עמלק־גרים. — כּותים שומרונים. — חלוקי דעות.**

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן (אין אַ פריִערדיקן ווערק און אין די פריִערדיקע פּרקים), אַז אויפ־ריכטיקע, ערנסטע גרים האָט מען מקבל געווען מיט ליבשאַפט; די באַציִונג צו זיי איז געווען אַ גאָר וואַרעמע, פריינדלעכע, ווי דאָס ווערט אָנגעזאָגט זעקס־און־דרײַסיק מאָל אין דער תּורה און באַפעסטיקט אין תּלמוד. ס'זענען אויך געווען גרים קעגן וועלכע מ'האָט געדאַרפט אָננעמען דראַסטישע מיטלען זיי אויסצושליסן פון כּלל ישׂראל און וועגן זיי וועלן מיר ווייטער זיך אָפּשטעלן. די „כּותים״־סעקטע האָט מען באַזייטיקט, ווייל מ'האָט ביי זיי געפונען אַ „דמות יונה״, אַ טויב־סקולפּטור, צו וועלכער זיי האָבן זיך געבוקט. האָט מען זיי שוין נישט געקענט באַטראַכטן פאַר „גרי־אמת״.

נישט וועלנדיק אַריינגיין אין אַ ברייטערן און טיפערן אַנאַליז אין די הלכות-גרים, ווייל דאָס וואָלט אונדז געפירט צו הלכה-קאָמפּליקאַציעס, וואָס מיר ווילן אויסמיידן, ווילט זיך אָבער דאָך באַהאַנדלען בתכלית הקיצור דעם ענין פון דער קאַטעגאָרישקייט נישט צו נעמען קיין גרים פונעם עמלק-פאָלק, ווייל „מלחמה לד׳ בעמלק מדור דור״ [1] און ווי ס׳קומט דער דרש פון רבי אליעזר הגדול (בן הורקנוס), תלמיד פון רבן יוחנן בן זכאי און שוואָגער פון רבי גמליאל דיבנה: „נשבע המקום בכסא הכבוד שלו, שאם יבא אחד מכל אומות העולם להתגייר שיקבלו אותו ישׂראל ומביתו של עמלק לא יקבלו״ [2]. דער רבונו-של-עולם האָט געשוווירן ביי זיין טראָן, אַז פון אַלע פעלקער זאָל מען נעמען גרים אָבער נישט פונעם עמלק-פאָלק, ווייל די מלחמה מיט עמלקן בלייבט אויף אייביק, אויף דור-דורות, צוליב זיין רשעות און פאַרדאָרבנקייט [3].

דער דאָזיקער מאמר, ווערט אָנגעוויזן, איז אין סתירה צו אַן אַנדערן מאמר [4] וואָס זאָגט, אַז פון המנס אייניקלעך האָבן געלערנט תורה אין בני ברק. המן איז דאָך געווען אַן אָפּשטאַמיקער פון עמלקן?

די מפרשים שטעלן זיך אָפּ אויף דער דאָזיקער סתירה און ס׳ווערן געגעבן פאַרשיידענע תירוצים. טייל זאָגן, אַז מען דאַרף אָננעמען די סתירה צווישן מכילתא און תלמוד בבלי, ווי חלוקי-דעות צווישן חז״ל, וואָס שייך גרים פון עמלק, אַזוי ווי עס זענען געווען חלוקי-דעות אין שייכות מיט גרים אויף וועלכע ס׳איז דאָ אַ חשד אַז זיי שטאַמען פון עמון ומואָב, פעלקער וועגן וועלכע די תורה זאָגט אַן, מ׳זאָל פון זיי נישט נעמען קיין גרים: „לא יבא עמוני ומואבי בקהל ד׳ — אַן עמוני און אַ מואָבי זאָל נישט קומען אין דער עדה פון גאָט ביז אייביק, דערפאַר וואָס זיי זענען אייך נישט אַקעגנגעקומען מיט ברויט און וואַסער״ [5], וואָס ווערט געטייטשט: מ׳זאָל נישט מקבל זיין קיין גרים פון עמון ומואב [6].

אין תלמוד בבלי [7], ווו דער ענין ווערט באַהאַנדלט פּרטימדיק, ווייזט זיך אויס, אַז ס׳רעדט זיך בלויז וועגן חתונה-פאַרבאָט, אָבער נישט מ׳זאָל פון זיי בכלל נישט נעמען קיין גרים. ס׳האָט זיך דעריבער געשאַפן אַ שאַרפן מיינונג-פאַרשיידנקייט צווישן הלכה-אויטאָריטעטן, אויף ווי ווייט ס׳גייט דער פאַרבאָט [8]. לויט די מאָטיוון: „זיי האָבן געדונגען בלעמען צו שילטן... זאָלסט נישט זוכן זייער פרייד און זייער וווילזיין...״ איז עס כולל אַלצדינג [9].

אויב מ׳זאָל זיך האַלטן שטרענג ביים דאָזיקן דין, נישט מקבל צו זיין גרים פון פעלקער, וועלכע האָבן געוואָלט אומברענגען דאָס יידישע פאָלק, וואָלט מען אַוודאי נישט געטאָרט מקבל זיין גרים פון די היינטיקע עמלקים, וואָס האָבן פלאַנירט טאָטאַלן אומקום פון יידן, וואָס נאָר אַ דאַנק די חסדי השם, איז זיי דאָס נישט געלונגען. אַ דאַנק חסדי השם, איז געבליבן אַ שארית-הפליטה; אַ דאַנק חסדי השם, האָבן יידן געקראָגן רעכט אויפן לאַנד פון אונדזערע אָבות און

ס׳איז מקויים געוואָרן דער צוזאָג: „ציון במשפט תפדה...״ אַ דאַנק די חסדי השם האָט ישׂראל באַזיגט אירע שׂונאים — צה״ל האָט באַוויזן, אַז ישׂראל־סאָלדאַטן זאָלן איינשטילן די מיילער פונעם שונאס האַרמאַטן און ירושלים איז באַפרייט געוואָרן.

די טויערן זענען אָפן פאַר ערלעכע, ערנסטע, איבערצייגטע גרים: „אין הקב״ה פוסל לשום בריה... השערים נפתחים בכל שעה״ [10] נאָר פאַר גרים וועמעס הענט און מחשבות זענען ריין און וואָס באַשליסן איבערצוגיין צו דער יידישער אמונה, גערעכנט צו ווערן צום יחוס־אברהם, „תחילה לגרים״ [11]. זיי קומען אַריין אונטערן שוץ פון „כנפי השכינה״ און קענען זאָגן „אלקינו ואלקי אבותינו״ [12].

יידן האָבן געהיט משפחה־ריינקייט, אָבער ווייט פונעם ראַסן־פאָראורטייל, ווייט פון וועלכער נישט איז ראַסן־אונטערשיידן. דער נביא הייסט האָבן אַ צוריק־בליק פון יידישן אָפּשטאַם: „הביטו אל אברהם אביכם ואל שׂרה תחוללכם — קוקט צו אברהם אייער פאָטער און צו שׂרה וואָס האָט אייך געבוירן״, איינער האָב איך אים גערופן און איך האָב אים געבענטשט און אים געמערט. „זרע אברהם אוהבי — דער זאָמען פון אברהם מיין געליבטן״ [13].

דאָס האָט אָבער בשום אופן נישט צו טאָן מיט ראַסן־טעאָריעס, מיט דער־נידעריקן אַנדערע פעלקער צוליב ראַסע אָדער קאָליר. דאָס האָט צו טאָן מיטן פאַרלאַנג צו נעמען אַ מוסר השׂכּל פון אברהם אָבינו, דעם געלייטערטן פאַטריאַרך מיט זיינע חסד־מידות, מיט זיין ריינער אמונה, מיט זיין מאָראַלישער דערהויבנ־קייט אאַז״וו [14].

בעת שכם האָט פאַרכאַפּט דינהן, די טאָכטער פון יעקב אָבינו און אירע ברידער האָבן גענומען אַ צו שטאַרקע שטעלונג — די שווערסטע שטראָף — נישט בלויז אויף שכם און אויף חמור, נאָר אויף אַלע שכם־איינוווינערס, איז עס געווען „אשר טמאו אחותם״ — זיי האָבן פאַראומרייניקט זייער שוועסטער, נישט אשר טמא — ער האָט פאַראומרייניקט — נאָר אשר טמאו, די שולד איז געפאַלן אויף אַלעמען, ווייל זיי האָבן געשוויגן אויף דער נבלה פון פאַרגוואַלדיקן זייער שוועסטער. אַ פּסק, פאַר וועלכן אַנדערע זאָלן זיך שרעקן צו באַפאַלן און פאַר־גוואַלדיקן זייערע טעכטער.

די יידישע מאָראַל לערנט, אַז יעדער נפש וואָס עשׂו הרגעט, פאַרגיסט זיין בלוט, וועט כּביכול, דער רבונו־של־עולם, איינשמירן זיין לבוש פון אָט דעם געהייליקט־פאַרגאָסענעם בלוט און בעתן יום הדין, משפטן די רוצחים, „ידין בגויים מלא גויות...״ [15].

די הוראת שעה פון שמעון ולוי, נישט מיט יעקבס הסכמה, איז געטאָן געוואָרן, בכדי אָנצושרעקן באַנדיטן, נואפים און ענלעכע הפקרדיקע פאַרשוינען — אָבער נישט צוליב ראַסן־פאָראורטייל.

דער גר וואָס אָנערקענט די מאָראַל־אַטריבוטן פון אברהם אָבינו, ווערט ער אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. בכדי צו דעמאָנסטרירן זיין אָדער איר ערנסט־קייט, מוז ער אָדער זי באַווייזן מיט אַ געוויסער פּראָצעדור פון אַ גירות־ריטואַל: 1) פאַרזיכערן אַז ער וועט היטן תורה און מצוות; 2) אַז ער נעמט אָן די עיקרים פון יהדות; 3) ער מוז דורכמאַכן מילה, דער אידענטיפיציר־צייכן פאַר זרע אברהם און טבילה, געריניקט צו ווערן פון דער זוהמא, וואָס ציט זיך פון געצנדינערײַ. ביי ייִדן האָט די „זוהמא" זיך אָפּגעשטעלט ביי קבלת התורה, אין תּלמודישער טערמינאָלאָגיע: „פּסקה זוהמתן"...

גרי־צדק, האָבן מיר שוין אַזוי פיל מאָל אָנגעוויזן, האָבן מיר געהאַט אין אַלטערטום, אין מיטלעלטער און אין דער נײַער צײַט — און מיר האָבן אַזעלכע גרים טאָג־טעגלעך. מיר ווילן זיך ווייטער אומקערן צו אָט דעם קעגנשטאַנד.

דאָ, ווילן מיר אַרויסהייבן אַ צאָל גרים און גרטעס: די ערשטע אויפריכטיקע גרטע איז געווען פּרעהס טאָכטער. זי האָט צוגעזען איר פאָטערס גרויזאַמע גזירות און באַשלאָסן ראַטעווען אַ ייִדיש קינד, אָפּשוואָנקען פון זיך דעם פאָטערס געצנדינערײַ, זיך אָנשליסן אינעם אונטערדריקטן מינאָריטעט־פאָלק, וואָס איז געווען פאַריאָכט מיט „עבודת פרך". זי האָט זוכה געווען צו ווערן די ייִדישע בתיה, צו זיין די פאַראַנטוואָרטלעכע, אָפּצוראַטעווען דאָס קינד וואָס איז געוואָרן גאָטס שליח פאַר גאולה און רבי־מחוקק פאַר אַלע דורות.

אויף דעם פּסוק „ותרד בת פרעה לרחוץ על היאור" קאָמענטירט ר' יוחנן אין נאָמען פון רבי שמעון בן יוחאי, „מלמד שירדה לרחוץ מגלולי בית אָביה" — זי איז געגאַנגען זיך וואַשן און רייניקן פון איר פאָטערס געטער, און רש"י גיט צו: „לרחוץ — לטבול שם לשם גירות" [16].

מילא, וועגן רותן האָבן מיר שוין אָנגעוויזן, אַז זי איז די קלאַסישע גרטע.

צו די באַרימטע גרי־תּושב אין אַלטערטום געהערט נעמן, דער שׂר צבא מלך ארם [17], ווען דער נביא אלישע האָט געהייסן זיך וואַשן און באָדן אין ירדן. דאָס ירדן־וואַסער וועט אים היילן פון צרעת.

מיר האָבן פריִער אַנאַליזירט די קלאַסיפיקאַציע פון אַ גר־תּושב, די דינים פון אַזאַ גר און די באַציִונג צום גר, וואָס נעמט אויף זיך צו היטן בלויז די זיבן מצוות, אויף וועלכע אויך אַ בן נח איז מחוייב. רש"י האַלט — און די דאָזיקע מיינונג ווערט נאָכגעפאָלגט פון אַ צאָל גדולי הפּוסקים — אַז אַ גר־תּושב איז דער, וואָס היט דעם פאַרבאָט נישט צו דינען צו די היידנישע געטער. דערמיט פאָלגט ער נאָך דעם וועג פון אברהם, וואָס האָט צעבראָכן און אויסגעראָטן די בילדער און סקולפּטורן וועלכע זענען באַטראַכט געוואָרן ווי געטער און מ'האָט צו זיי געדינט, אויך מיט זייער אוממאָראַלישקייט און אַנימאַליסטישע גרויזאַמקייטן. ווייל דער דאָזיקער גר פאַרנעמט זיך מיט פאַרניכטן און ליקווידירן אָפּגעטער;

ווייל ער איז געוואָרן באַהויכט פון עטישע געפילן און מאָראַלישע מעשׂים, ווערט ער אויפגענומען און אַריינגענומען אין דער ייִדישער עדה — אָבער וועגן דעם ווייטער.

ס׳איז נישט קיין נײַס, אַ קעניג זאָל זיך מגייר זיין און אַפילו ווערן אַ גר־צדק. וועגן אַזעלכע גרים איז שוין אַ סך געשריבן געוואָרן און מיר וועלן זיך נאָך אומקערן. מיר ווילן דערמאָנען, אַז דער רוימישער קעניג אַנטונינוס, דער אָפּשטאַ־מיקער פון אַ פאָלק, באַזונדערס פון צעזאַרן, וועלכע האָבן חרוב געמאַכט דעם בית־המקדש — ער איז געוואָרן דער נאָענטער ידיד פון רבי יהודה הנשׂיא און ווי ס׳ווערט איבערגעגעבן, האָט ער זיך מל געווען אַ דאַנק דער השפעה פון רבי [18]. אין דער צוקונפט־וועלט, לעתיד לבא — ווערט געזאָגט, וועט אנטונינוס קומען בראש פון אַלע גרי־צדק. די קעגנזייטיקע ליבע צווישן אים און דעם נשׂיא ישׂראל, רבינו הקדוש, איז גוט באַקאַנט. ווען ער איז געשטאָרבן, האָט רבי זיך אויסגע־דריקט אין גרויסן צער: „נתפרדה החבילה״ [19], אַז ס׳איז פאַרענדיקט געוואָרן אַ גרויסע פריינדשאַפט.

ס׳איז אַן אומאויסשעפּלעכע טעמע און אין ווייטערן פּרק, וועלן מיר נאָך דאַרפן אָנווייזן אויף דער באַציִונג צו גרים, ווען מ׳האָט יאָ און ווען מ׳האָט נישט מקבל געווען קיין גרים.

מיר ווילן דאָ, לשם דערגאַנצונג, דערמאָנען אַ צאָל גרים וועלכע האָבן פאַר־נומען דאָס ערשטע אָרט ביי ייִדן אין פירערשאַפט און אין געלערזאַמקייט.

דער נביא עובדיה איז געווען אַ גר. מיר האָבן אַ מאמר פון ר׳ אבאָ, אַז ביי עובדיהן ווערט געזאָגט גרעסערס ווי ביי אברהם אָבינו: „גדול מה שנאמר בעובדיה ממה שנאמר באברהם, דאלו באברהם כתיב, כי ירא אלקים אתה ובעובדיה כתיב „ועובדיה הי׳ ירא את ד׳ מאד״ [20].

אין דער תלמודישער תקופה ביים בית שני, האָבן מיר אַזאַ גר, ווי אונקלוס, וועלכער איז געוואָרן דער תלמיד פון רבן גמליאל הזקן, שפּעטער תלמיד פון ר׳ אליעזר און ר׳ יהושע. ער איז געווען שטאַרק אָפּגעהיט אין מצוות און אין טהרות [21]. זיין אַראַמישער תרגום־אונקלוס איז פאַרהייליקט געוואָרן ביים ייִדישן פאָלק און גייט צוזאַמען מיטן חומש: „אחד מקרא ושנים תרגום״...

אַ צווייטער גר, מיטן זעלביקן נאָמען געופן אין תלמוד, וועמעס נאָמען איז געווען עקילס, האָט אין יענער תקופה (צווייט י״ה, לויט ק״ע) איבערגעזעצט די תורה אין גריכיש און זיין איבערזעצונג איז געווען אַ מקור פאַר די אַלע, אַריינ־געקומען די ייִדן, אין דער גריכישער העמיספערע, צו לערנען תורה.

ווי פאָרשערס גיבן איבער, איז ער געווען אַ קרוב פון דעם רשע אַדריאַנוס. דער לעצטער האָט אים באַשטימט פאַר דעם אויפפאַסער אויף דעם אויפבוי פון דער באַנייטער רוימישער ירושלים. ער איז אין ירושלים געוואָרן באַגייסטערט פון

ייִדישקייט, פון ייִדישער אמונה און זיך מגייר געווען. ער האָט איבערגעזעצט די תּורה לויטן רוח היהדות, ווי געלערנט ביים תּנא רבי עקיבא.

נאָך אַן אונקלוס וואָס האָט זיך מגייר געווען, איז געווען אַ שוועסטערקינד פון טיטוס הרשע. ער האָט געליטן יסורים, מ׳האָט געשיקט נאָך אים צו פאַר־שפאַרן אים אין תּפיסה — אָבער די שליחים זענען געוואָרן באַגייסטערט פון אים און צוזאַמען מיט אים זיך מגייר געווען [22].

דער גרויסער תּנא רבי עקיבא בן יוסף, דער וווּנדערמענטש אינעם דור פון די ראשי התּנאים, דער, אויף וועמען ס׳איז געזאָגט געוואָרן „שמך הולך מסוף העולם ועד סופו" [23] — ער איז געווען אַ בן גרים. שמעיה און אבטליון — די הויפּט פון די סנהדרין, די באַגרינדערס פון תּורה שבעל־פּה האָבן געשטאַמט פון גרים. רבי מאיר האָט געשטאַמט פון נירון קיסר, וועלכער האָט זיך פאַרמאַסטן חרוב צו מאַכן יהודה און נאָך דעם זיך אָפּגעקערט פונעם שלעכטן וועג: „ערק ואיגייר ונפיק מיני׳ ר׳ מאיר" [24].

אין אַ שפּעטערדיקער תּקופה, האָבן מיר רב שמואל בר שילת — אַן אָפּשטאַ־מיקער פון גרים [25] און אַזוי כּסדר — ווער קען זיך אונטערנעמען צוזאַמענצו־שטעלן אַ רשימה?

טויזנטער און טויזנטער גרים זענען צוגעקומען די לעצטע יאָרן. גענוג אַ בלעטער צו טאָן אין די ווערק פון ד״ר ישׂראל בן זאב, דער אָנפירער פון אַ באַוועגונג פאַר גרי־צדק.

באַרימט אין דער ייִדישער געשיכטע איז דער גר־צדק פון ווילנע, וואַלענטין איז געווען זיין נאָמען, און ער איז געווען דער זון פון גראַף פּאָטאָצקי. ער האָט זיך איַינגעשטעלט פאַר ייִדן און צוליב דעם גערודפט געוואָרן פון די ליטווישע און פּוילישע קריסטן אַרום ווילנע. ער האָט זיך גענומען פלייסיק לערנען דעם תּנ״ך, חומש מיט תּרגום אונקלוס און באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דעם פּאָטערס פּאַלאַץ, אַוועק קיין פראַנקרייך, קיין האָלאַנד און זיך מגייר געווען, געקראָגן דעם נאָמען אברהם בן אברהם.

ווען ער איז צוריקגעקומען קיין ווילנע, געוואָלט זיך זען מיטן ווילנער גאון, האָט זיך די קירך גענומען צו אים, געוואָלט ער זאָל חרטה האָבן און צוריק איבער־גיין צום קאַטוליציזם. ער האָט קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן זייער פאַרלאַנג. זיין שטראָף איז געווען פאַרברענט צו ווערן און ער איז אויפגעגאַנגען אין פלאַמען על קידוש־השם.

אין אונדזער צייט האָבן מיר געהאַט דעם אידעאַלן יאַפּאַנישן גר־צדק אברהם קאָצושי. אַן אָפּשטאַמיקער פון דער יאַפּאַנישער קעניגלעכער משפּחה, האָט ער זיך אַנטוויקלט אין זיין גלויבן און געפונען נשמה־באַפרידיקונג אין דער ייִדישער אמונה. ער איז געשטאָרבן אַן עלנטער, פאַרלאָזט פון משפּחה און פריינד, אָבער אַ

צופרידענער און האָט פאַרלאַנגט מען זאָל אים מקבר זיין אין ירושלים און זיין צוואה איז דערפילט געוואָרן דורכן ישׂראלדיקן רעליגיע־מיניסטעריום.

ייִדן האָבן מקבל געווען גרים מיט אהבה און ברכה. אין ברכת כהנים, ווערט געזאָגט: „כה תברכו את בני ישׂראל" — קאָמענטירט דערויף דער ספרי [26]: „אין לי אלא ברכה לישׂראל, ברכה לגרים מנין... תּלמוד לומר „ואני אברכם". ברכת כהנים שליסט איַין די גרים. אויף דעם פּסוק „ונברכו בך כל משפחות האדמה" [27], ווערט געטייטשט, אַז דער רבונו־של־עולם האָט געזאָגט צו אברהם אָבינו: „שתי ברכות טובות יש לי להבריך בך..." צוויי טייערע נשמות דאַרף איך באַהעפטן צו דיר: רות, די מואבטע און נעמה פון עמון [28]. דאָס וואָרט „ונברכו" זאָל האָבן געוואָרצלט אין „מבריך את הגפן" [29]. פון רותן האָבן מיר דוד המלך און פון נעמה העמונית, דער מוטער פון רחבעם, דריַי קעניגן: אָסאָ, יהושפט, חזקיה און ישעיהו הנביא. די ערשטע האָט זוכה געווען צו פיר דורות אין ישׂראל, צוליבן צואיַילן זיך, צו דער מצווה [30] און די צווייטע, די ייִנגערע — ביז רחבעם, זון פון שלמה.

דער רמב"ם שריבט צו עובדיה הגר: „...אַ מענטש וואָס האָט פאַרלאָזט זיין פאָטער און זיין אָפּשטאַם... און זיך באַהאַפטן אינעם דאָזיקן פאָלק (די ייִדן), דערקענט די ייִדישע אמונה, ווי „דת אמת וצדק", איז אַ תּלמיד פון אברהם אָבינו און דער וואָס האָט געבענטשט דיין רבין אברהם, וועט דיך בענטשן..."

ס'איז געווען אָנגענומען, נישט צו לערנען געצנדינער קיין תּורה [31], אָבער ווען אַ געצנדינער איז זיך מגייר און לערנט תּורה, איז ער ווי אַ כהן גדול [32]. באַקאַנט איז ר' חלבוס מאמר: „קשים גרים לישׂראל כספחת" [33], אַז גרים זענען גאָר אַ פּלאָג... האָבן מיר דערויף אַ ריי אויסטייטשן אין תּוספות [34] און צוו"אָ, ווערט געטייטשט, אַז דערפאַר, ווייל ייִדן זענען אָנגעזאָגט געוואָרן צו באַהאַנדלען גרים מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט און איידלקייט און דאָס איז נישט פון די לייכטע זאַכן, דעריבער האָט מען זיך אַזוי געשראָקן אַריינצונעמען גרים. פון אברהם הגר ברענגט תּוספות אַ טייטש, אַז ווייל גרים זענען מער מקפיד אין מצוות ווי ייִדן, איז דאָס אַן אַרויסרוף פאַר ייִדן, פאַר וואָס זיי זענען נישט מקיים, ווי געהעריק מצוות: „דמתוך כן הקב"ה מזכיר עוונותיהם של ישׂראל כשאין עושׂין רצונו..." [35]

בדרך כלל, האָט מען מקבל געווען גרים און געגעבן די געהעריקע פּריווי־לעגיעס, די ירא ד', די גרי־צדק, וועלכע ווערן באַטראַכט פאַר פולשטענדיקע ייִדן, בלויז קיין נחלה האָבן זיי נישט געהאַט ביים איַינטיילן דאָס לאַנד [36]. מ'האָט אויך געגעבן בירגערלעכע רעכט דעם גר־תּושב, וועלכער ווערט אויך גערופן „גר השער", אויב ער קומט זיך באַזעצן צייטווייליק. ער מעג עסן נבלה וטרפה [37], אָבער גיט אויף דאָס דינען צו אָפּגעטער. דער גר־צדק מאַכט דורך דעם גאַנצן

ריטואַל און צערעמאָניאַל און נעמט אויף זיך צו היטן מצוות, ווי אַ געבוירענער ישׂראל. דער קלאַסישער מוסטער פון אַ גר־צדק איז רות און די מגילת־רות איז די מגילה פון גרים.

יידישע מאָראַליסטן באַווייזן, אַז דער „גוי אחד באָרץ" [38], ווי דער טיטל „עם סגולה" וואָס באַקרוינט די בני ישׂראל, איז נישט געבויט אויף וועלכע נישט־איז ראַסן־אונטערשיידן, נאָר אויף די הויך־עטישע ווערטן, אויף דער קדושה, וואָס ציט זיך פון די אָבות און וואָס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן ביי מתן תּורה, ביים באַרג סיני. אַ נישט־ייד קאָן ווערן אַ ייִד, ווען ער נעמט אויף זיך די קדושה פון די סיני־אַטריבוטן, ווען ער גייט דורך דעם הלכהדיקן גרות־פּראָצעס און נאָך דעם ווערט ער „כּקטן שנולד".

ס׳זענען געווען צייטן, ווען מ׳האָט מקבל געווען אַפילו „גרי־אריות", ווען מען איז געווען איבערצייגט, אַז זיי וועלן ווערן „גרי־אמת", איבערצייגטע גרים, אַפילו ווען ס׳איז געווען אַ חשד, אַז ער האָט זיך מגייר געווען צוליב אַ פרוי. ער האָט אָבער געדאַרפט האָבן געהעריקע גרות, ווי דער רמב״ם דערקלערט עס, „בשלשה דברים נכנסו ישׂראל לברית..." און די דריַי, ווי אַן איינהייטלעכע פּראָצעדור איז גילטיק לדורות [39]. קבלת המצוות איז אַן עיקר און אַ יסוד אין גרות און אויב אַ געצנדינער וועט קומען זיך מגייר זיין און שטעלן אַ באַדינג, אַפילו וועגן איין מצווה, אַז די דאָזיקע מצווה וויל ער נישט נעמען אויף זיך, איז מען אים נישט מקבל [40]. אויב מען ווייסט גענוי, אַז ער איז נישט ערנסט און אַז ער טוט עס בלויז צוליב אהבה און תּאווה, דאַרף מען אים אָפּרעדן, ווייל ער וועט מסתּמא זיך נישט האַלטן ביים ייִדנטום. אהבה און תּאווה זענען נישט די אייביקע גאַראַנטיע.

דעם ערלעכן גר, דעם איבערגעצייגטן — אים איז מען מקרב מיט אַלע מעגלעכסטע התקרבותן. וואָס שייך ברענגען קרבנות, האָט ער דערצו די פול־שטענדיקע רעכט, ווייל ער ווערט גערעכנט פאַר אַ קינד פון אברהם און שׂרה [41]. אַז איינער קומט און זאָגט אַז ער איז אַ גר, פאַרלאַנגט מען פון אים, ער זאָל ברענגען עדות צו באַשטעטיקן זיין גרות [42], ווייל ס׳זענען תּמיד געווען פאַלשע גרים און פון אַזעלכע דאַרף מען זיך אויסהיטן. איבערגעצייגטע גרים האָבן מיר תּמיד מקבל געווען און אַזעלכע האָבן מיר געהאַט אין יעדער עפּאָכע, אַריינגע־רעכנט אונדזער צייט, ווען ס׳קומען גרים אַפילו פון קאָמוניסטישע לענדער און קאָמוניסטיש־אַטעיִסטיש דערצויגענע, ווי דער אונגאַרישער מרדכי גר־צדק, וואָס האָט זיך מגייר געווען כּדת וכדין אין בודאַפּעסט, אין יאָר 1973 [43].

די געשיכטע האָט געוויזן אַז ס׳זענען געווען איבערגעצייגטע גרים, קעניגן, פירשטן, פּויפּסטן, ווי דער דערמאָנטער גר־צדק, וואָס איז געגאַנגען אויף קידוש־השם צוליב זיין אמונה; די יאַפּאַנישע גרים, וועלכע לאָזן איבער זייערע היימען און קומען קיין ישׂראל לעבן ווי ייִדן.

די געשיכטע דערציילט אונדז וועגן גאַנצע פעלקער וועלכע האָבן זיך מגייר געווען. די כּוזרים (כאַזאַרן־כוואַרעזם) — אַ גרויס פאָלק איז איבערגעגאַנגען צום ייִדנטום און האָט צוזאַמען מיט די ייִדן געקעמפט פאַר ייִדישער פרייהייט [44].

די כּותים־סעקטע איז פון די שבטים וועלכע זענען איבערגעגאַנגען צום ייִדנטום, נאָך אין דער צייט פון בית־המקדש.

יצחק בן צבי, דער צווייטער נשׂיא פון מדינת ישׂראל, ווידמעט אַ פּרק אין זיין ווערק „נדחי ישׂראל" די כּותים־סעקטע [45]. די שומרונים, ווייזט ער אָן, זענען אָן אָפּשטאַם פון די כּותים־כּותא (בבל) און אַז דער קעניג שלמנאסר פון אַשור האָט זיי געבראַכט אין יאָר 722 פק"ע קיין שומרון. זייער צענטער איז געבליבן עד היום — שכם. זיי ציילן אין גאַנצן, אין ישׂראל, אַרום 350 נפשות, אַ שארית פון די זעכציק טויזנט בימי הבית. אַפילו בזמן התלמוד איז זייער צאָל געווען גרויס און געגנוג אָנזעעוודיק.

ווי בן צבי גיט איבער איז דער אונטערשייד צווישן זייער אמונה און דער ייִדישער אין צוויי עיקרים: 1) זיי גלייבן אַז דער בית־המקדש דאַרף אויפגעשטעלט ווערן אויפן הר גריזים, וואָס איז ביי זיי דער הייליקסטער באַרג; 2) זיי גלייבן נישט אין די נביאים, וואָס האָבן געווירקט נאָך משה רבינו.

וואָס עס איז אינטערעסאַנט, איז זייער אָפּהיטן מיט דער גרעסטער שטרענגקייט די דינים פון טומאה־טהרה, כּמעט ווי ביי ייִדן. זיי זענען שטאַרק מחמיר אין טומאת נידה; בכדי אויסצוהיטן זיך פון וועלכן נישט איז באַריר מיט אַ פּרוי בעת איר נידה־פּעריאָד, האָבן זיי איינגעפירט אַ מנהג צו באַזעצן זייערע ווייבער אין אַ באַזונדער שטוב, אָפּגעטיילט מיט אַ מחיצה און זיי זאָלן עסן פון באַזונדערע כּלים.

אין תּלמוד געפינט מען שוין אָנמערקונגען וועגן אָט דער אָפּגעהיטנקייט. מיר לערנען אין דער משנה [46]:

„כּל הכּתמים הבאין מרקם טהורים; ר' יהודה מטמא, מפּני שהם גרים וטועין. הבאין מבין העכו"ם טהורין; מבין ישׂראל ומבין הכּותים, ר' מאיר מטמא וחכמים מטהרין, שלא נחשדו על כּתמיהן".

אין ייִדיש:

„אַלע בלוט־פלעקן וואָס קומען פון רקם, זענען טהור (די איינוווינערס זענען נישט קיין ייִדן, זענען זיי נישט מטמא...) אויף זייערע פלעקן האָט מען נישט גוזר געווען. ר' יהודה זאָגט: אַז זיי זענען טמא, ווייל זיי (די רקם־איינוווינערס) זענען גרים, פאַרבלאָנדזשעטע, וואָס ווייסן נישט ווי זיך אויסצוהיטן פון די אומריינקייטן. די כּותים־שומרונים, איז ר' מאיר מטמא און די חכמים זענען מטהר, ווייל די כּותים זענען נישט אין חשד אויף זייערע נידה־בלוטפלעקן. די בלוטפלעקן זענען מסתמא פון אַ בהמה: „שלא נחשדו על כּתמיהן".

די גמרא איז מסביר, אַז בײדע, אי ר׳ מאיר און אי די חכמים, האַלטן, אַז כּותים זענען גרי־אמת, די חלוקי־דעות גייען אָן, צי זיי זענען אין חשד אויף בלוטפלעקן.

אויך אין דער פראַגע וועגן דעם כּותי־סטאַטוס זענען דאָ חלוקי־דעות.

מיר האָבן אַ משנה [47] אין שייכות מיט ברכּת המזון, צי מען קאָן צורעכענען אַ כּותי צום מזומן: „...והכּותי מזמנין עליהן... והנכרי אין מזמנין עליהן...״ אויב איינער פון די דריַי איז אַ כּותי, מעג מען מיט זיי (די משנה רעכנט אויס אויך אַנדערע) בענטשן מיט מזומן. דער כּותי, הייסט עס, האָט דעם דין פון אַ ייִד; אָבער אַ נכרי, אַ געצנדינער — אים קען מען נישט מצרף זיין צום מזומן.

אויף אַן אַנדער אָרט, אויך אין אַ משנה [48], וועגן ענטפערן אָמן אויף אַ ברכה, גיט אונדז די משנה אַ פּסק־הלכה: „עונין אָמן אחר ישׂראל המברך ואין עונין אָמן אחר הכּותי המברך, עד שישמע את כל הברכה״ — מען טאָר נישט ענטפערן „אָמן״, ווען מען הערט אַ כּותי מאַכן אַ ברכה, סיידן מען האָט געהערט פון אים די גאַנצע ברכה. דער מאָטיוו: ווען מען הערט נישט פונעם כּותי די גאַנצע ברכה, איז מעגלעך אַז ער האָט אין מיטן דער ברכה געבענטשט די הייליקייט אויפן באַרג גריזים, דעריבער מוז מען פריִער אויסהערן די גאַנצע ברכה.

לויט דער דאָזיקער משנה, האָט מען דעם כּותי באַטראַכט פאַר אַ ייִד, אָבער מיט חשד, טאָמער איז ער געבליבן ביים געצנדינסט, זינט מען האָט אויסגעפונען, אַז זיי האָבן עפּעס אַ סקולפּטור אויפן הר גריזים ביי שכם.

ס׳איז אויך צוליב דעם געווען אַ פראַגע וועגן זייער שחיטה [49]: צי די שחיטה פון אַ כּותי איז דערלויבט, צי מ׳קען אים אָנטרויען אָט די פּאַרזיכטיקייט. ווי ר׳ שמעון בן גמליאל האָט דערקלערט, היטן זיי שטאַרק און מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט די מצוות, וועלכע זיי האָבן אָנגענומען — „מצוה שהחזיקו בה כּותים... מדקדקים בה יותר מישׂראל״.

ר׳ מאיר האָט פאַרבאָטן זייער שחיטה, ווייל מ׳האָט אויסגעפונען, אַז זיי זענען געבליבן געצנדינערס, זיי האָבן געהאַט אַ סקולפּטור צו וועלכער זיי האָבן געדינט.

אין שלחן ערוך [50], ווערט געפּסקנט, אַז זיי זענען ווי ישׂראל מומרים, ווי גע־שמדטע ייִדן, זיי ווערן קלאַסיפיצירט אין אַ נייַער קאַטעגאָריע: נישט ייִדן און נישט געצנדינערס, נאָר ווי געשמדטע ייִדן... און דאָ האָבן מיר שוין אַ גאָר נייע קאַטעגאָריע: אַ משומד, וואָס האָט דעם דין ווי אַ ייִד און קלאַסיפיצירט ווי אַ גוי.

דאָס פּראָבלעם משומד איז פון די אָנגעווייטיקסטע און ווערט באַהאַנדלט ביי די גדולי הפּוסקים פון אַלע צייטן. מיט אַ צייט צוריק, אין יאָר 1963, איז די פּראַגע אַרויפגעשוווּמען צוליבן רופאייזן־פּראָצעס, ווען דאָס העכסטע געריכט האָט געאורטיילט (קעגן איינעם ווי אַ דעת יחיד), אַז דער גלח־משומד ווערט

נישט באַטראַכט פאַר אַ ייִד, צו געניסן די פּריווילעגיעס פונעם „חוק השבות"[51], אָבער אויב ער זאָל האָבן אַ ייִדיש ווייב, וואָלט זי געדאַרפט האָבן פון אים אַ ייִדישן גט, און זיין יבמה, ווערט נישט באַפרייט, ביז זי קריגט פון אים חליצה. אין דעם פּרט איז ער אַ ייִד.

„ישראל מומר שקידש... הרי אלה קדושין גמורין וצריכה גט ממנו"[52], ווייל ס'בלייבט אינעם משומד אַן איבערבלייב פון דער הייליקער ירושה. דעם פאַרשטאָרבענעם ברודערס ווייב, וואָס איז געבליבן אָן קינדער, זקוקה ליבם, דאַרף האָבן חליצה פונעם געשמדטן שוואָגער. אַזוי האָט געפּסקנט רב שרירא גאון, אין מיטל־עלטער, בזמן הגאונים און אַזוי ר' יצחק אלחנן ספּעקטאָר, קאָוונער רב, אין דער נייער צייט און אַזוי אויך די מערהייט גדולי הפּוסקים[53].

ס'איז גוט באַקאַנט דער תּלמודישער דעוויז: „ישראל אף־על־פּי שחטא ישראל הוא" — אַ ייִד קאָן נישט ווערן אויס ייִד. ס'איז בלויז געווען אַ פראַגע, ווען מען זעט, אַז ער דינט צו אַן עבודה זרה. ר' יעקב עמדין (תנ"ח־תקל"ו; 1691־1776) האָלט, אַז אַ מומר לע"ז פאַרלירט דעם נאָמען ישראל. דעם יסוד פאַר אָט דעם אונטערשייד געפינען מיר שוין אין תּלמוד[54]: דער וואָס מאַניפעסטירט זיין כּפירה כּדי צו דערצערנען, נעמט מען אים אַרויס פון כּלל ישראל — אָבער דאָס געהערט שוין צו אַ באַזונדער שטודיע[55]. די פראַגע איז געשטעלט געוואָרן, צי אַ ייִדישער זון זאָל זאָגן קדיש נאָך זיין געשמדטן פאָטער. דער חתם סופר (ר' משה סופר, תקכ"ג־ת"ר; 1762־1839) פּסקנט, ער זאָל זאָגן 12 חדשים, ווייל דער פאָטער־משומד איז געשטאָרבן בעת רשעות, דאַרף ער האָבן אַ תּיקון און פאַרגעבונג מער ווי אַ ייִד[56]. מיר באַהאַנדלען דעם ענין משומדים ערגעץ אַנדערש אויספירלעכער און ער גייט נישט אַריין אין די ראַמען פונעם איצטיקן ווערק.

**ח. פּראָבלעם פון קאַראַיִמער און פאַלאַשן. פאַרלוירענע אין אשור און פאַרשטויסענע אין מצרים. — „נדחי ישראל" זענען עולה קיין ישראל.**

די קראים — אַ באַוועגונג געגרינדעט דורך ענן בן דוד מיט איבער 11 הונדערט יאָר צוריק — זענען געווען אַ פּראָבלעם אַ מאָל, אין אָנהייב פון זייער אָפּזונדערן זיך, און זענען עד־היום אַ פּראָבלעם פאַר דעם רבנישן ייִדנטום, ווי כּנסת ישראל ווערט אָנגערופן.

ר' סעדיה גאון (דתרנ"ב־דתש"ב; 892־942) ווי באַקאַנט, האָט זיי באַקעמפט; אויסגעשלאָסן פון מחנה ישראל, ווייל זיי האָבן פאַרלייקנט די תּורה שבעל־פּה; די תּורה־אינטערפּרעטאַציע פון די חכמי־התּלמוד. אַ סך איז געשריבן געוואָרן וועגן די קאַראַיִמער. אין די לעצטע יאָרן זענען דער־

שינען אַ ווערק אין ייִדיש פון ד״ר רפאל מאַהלער און אַ ווערק אין ענגליש פון ד״ר צבי כּהן ע״ה. זיי באַהאַנדלען און אַנאַליזירן, סיי די געשיכטע פון די קראים און סיי די קעגנערשאַפט צו דער דאָזיקער באַוועגונג, וועגן וועלכער מ׳האָט אָנגענומען אַ שטעלונג: „הקראים אינם מתאחים״ און לויט אייניקע פּוסקים נעמט מען נישט פון זיי קיין גרים.

אין מיין אַרבעט, „באַציִונג צו דעם פרעמדן״, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אויפן קאַראַימישן פּראָבלעם פאַר ייִדן און די חלוקי־דעות ביי הלכה־אויטאָריטעטן, צי די שאַרפקייט דאַרף נאָך פאַרגעזעצט ווערן, אָדער מ׳קען שוין אָננעמען אַ מילדערע שטעלונג.

ר׳ סעדיה גאון איז אָנגענומען געוואָרן אַלס גרויסע רבנישע אויטאָריטעט, סיי אין הלכה און סיי אין מחשבה. ער האָט געזען די געפאַר פאַר דער גאַנצקייט פון ייִדנטום, אויב מ׳זאָל די קאַראַימער נישט אויסשליסן פון כּלל ישׂראל. ער האָט אָנגעשריבן אַ ווערק אין אַראַביש קעגן די דעות פון דערמאָנטן ענן, דעם באַגרינדער פון דער באַוועגונג צו פאַרלייקענען די תּורה שבעל־פּה. ער איז אין בבל (געווען ראש־ישיבה אין סורא) אַרויסגעקומען מיט דער לאָזונג „כּלה ענן וילך״ — עננס אידעען זענען אָבער נישט אַוועק ווי אַ וואָלקן. די קראים־באַוועגונג האָט זיך אויסגעשפּרייט אין מזרח־אייראָפּע און אין אַ צאָל אַראַבישע מדינות. זיי האָבן געהאַט ישובים אין רוסלאַנד, באַזונדערס אין קרים; אין פּוילן (האַליטש, טראָק, לוצק) און אין דער ליטע (פּאָניעוועזש) און אויך אין די פאַרוואָרפענע ווינקלען פון דער איסלאַמישער הערשאַפט.

אין רוסלאַנד האָבן די קאַראַימער געהאַט אַ צאָל געלערנטע און באַאייַנפלוסט סיי ייִדישע משׂכּילים און סיי נישט־ייִדישע געלערנטע, אַריינגערעכנט מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט אַ השפּעה אין די „הויכע צאַרישע פענצטער״, ווו מ׳האָט געוואָלט מיט זיי דערנידעריקן דאָס רבנות־ייִדנטום.

ווי עס ווערט איבערגעגעבן [1] איז אַזאַ פאָרשער ווי אברהם אליהו הרכּבי (תקצ״ו־תרע״ז; 1835־1917) אין אָנהייב פאַרכאַפּט געוואָרן פון די פאָרשונגען פונעם קאַראַימער אברהם בן שמואל פירקאָוויטש — אב״ן רש״ף (לוצק, 1785; טשופוט־קאַלע, אין קרים 1874), וועלכער איז אַ דאַנק דעם חכם הראשי פון די קאַראַימער שׂמחה פּאָפּאָוויטש, געוואָרן אַ מיטגליד פון דער היסטאָרישער געזעל־שאַפט אין אָדעס. די רוסישע רעגירונג האָט אים פאַר דעם צוועק געשיקט דורכ־פירן אַרכעאָלאָגישע און היסטאָרישע פאָרשונגען. ער האָט זיך פאַרנומען מיט זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן די קאַראַימער, שומרונים און אַנדערע און די רעגירונג האָט די מאַטעריאַלן אָפּגעקויפט פון אים. זיין זאַמלונג געפינט זיך אין לענינגראַ־דער ביבליאָטעק א״נ קאָלעקציע פירקאָוויטש.

הרכּבי, ווי אַ תּמימותדיקער פאָרשער, האָט זיך אין אָנהייב פאַרלאָזט אויף פיר־קאָוויטשעס „אַנטדעקונגען" און „געפונענע" מאַנוסקריפּטן. אַנדערע פאָרשערס, ווי שי"ר (שלמה יהודה ראַפּאָפּאָרט, 1790־1868), גייגער (אברהם גייגער, 1810־1874) און אַנדערע האָבן לכתּחילה געהאַלטן, אַז ער האָט פאַלסיפיצירט, אַז דאָס זענען נישט קיין אָריגינעלע געפינסן. יאָסט (1793־1860) און גרעץ (היינריך, צבי הירש, 1817־1891) האָבן זיך יאָ סומך געווען אויף זיי און די מאַנוסקריפּטן געהאַלטן פאַר אויטענטיש [2].

פון אבן רשפס ספרים, זענען באַקאַנט: אבני זכרון (ווילנאַ, 1872); חותם תכנית (נסיעות אין דאַגעסטאַן); מסה ומריבה (וויכּוחים מיט רבנים; תפלות הקראים (ווילנאַ, 1872; אַ זאַמלונג פּאָעמעס און אַרטיקלען האָט פאַרעפנטלעכט פּרץ סמאָלענסקין א"נ „בני רשף" (ווין, 1871). אַפילו די, וועלכע האָבן יאָ געהאַלטן פון זיינע פאָרש־דערגרייכונגען, זענען אָבער מודה, אַז ער איז געווען אַ שׂונא ישׂראל. די צאַרישע רעגירונג האָט מסתּמא געהאַט אַ כּוונה, מיטן געבן אים אַזוי פיל געלט און פרייהייט, ווייל ער האָט אַוודאי געדינט אירע אינטערעסן: שׂנאת ישׂראל!

ווי די ביאָגראַפן גיבן איבער, באַזונדערס ד"ר צבי הרכּבי [2*], האָט אברהם אליהו הרכּבי זיך גאָר שטאַרק פאַרנומען מיט דער געשיכטע פון די קראים, זייערע ווערק און זייערע פירערס און ער איז עס געווען דער ערשטער צו אַנטדעקן די פעלשונגען, די פאַלסיפיצירטע מאַטעריאַלן פון דעם דערמאָנטן פירקאָוויטש.

ס'זענען געווען אַנדערע געלערנטע, פון די ערשטע קראים, וועמעס ווערק מ'האָט יאָ אָנערקענט און אַפילו זיך באַנוצט מיט זיי, אויב ס'איז נישט געווען אין זיי קיין פאַרלייקענונג פון דער תּורה שבעל־פּה. צו זיי געהערט דער קראי יפת בן עלי; דער אבן עזרא האָט זיך באַנוצט מיט זיינע טייטשן אויף דער תּורה. יפת בן עלי האָט זיך באַצויגן גאָר ערנסט צו די איבערזעצונגען און פירושים פון רב סעדיה גאון, נישט געקוקט דערויף וואָס ער, ווי אַ קראי איז געווען מחולק אויף זיינע דעות... [2**]. דער קראי אליהו בשייצי און אַנדערע האָבן זיך באַטראַכט ווי אמתע ייִדן און זיך פאַרנומען מיט תּורה־פאָרשונג.

דאָס קראים־פּראָבלעם שווימט אַלע מאָל אַרויף אויפן סדר־היום — אַ פּרשה וואָס לאָזט נישט רוען.

אין זיין ווערק „נדחי ישׂראל" ווידמעט דער צווייטער נשׂיא פון מדינת ישׂראל, יצחק בן צבי ז"ל, אַ קאַפּיטל דעם אָנגעווייטיקטן ריס [3]. ער ווייזט אָן, אַז „די באַנייִונג פון ישׂראל אין זיין לאַנד האָט געהאַט אַ ווירקונג אויך אויף דעם צוויג פון אונדזער פאָלק, וועלכער האָט זיך אָפּגעטיילט און דערווייטערט מיט מער ווי טויזנט יאָר צוריק..." ער גיט אָן סטאַטיסטיק פון משפחות און ערטער פון זייער באַזעצן זיך אין ישׂראל — אין אַ טוץ ישובים און אַז זיי ציילן אַרום 5000 נפשות.

בן צבי דערמאָנט אויך דעם פאַקט, וואָס איינער פון די באַקאַנטע גייסטיקע קאַראַימער פירערס שריה שאַפּשאַל, האָט אָפּגעלייקנט זיין ייִדישע אָפּשטאַמונג. ער איז נישט, ווי ס'איז באַקאַנט, געווען דער איינציקער וואָס האָט זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז זיי שטאַמען פון פאַרשיידענע פעלקער און ראַסן, אָבער נישט פון ייִדן. ס'האָט זיך — ווייזט אויס — געלוינט צום געשעפט פון פאַרלייקענען דעם אָפּשטאַם. די צאַרישע רעגירונג איז דערפון געווען צופרידן, די אַנטיסעמיטן מכל המינים האָבן געוואָלט זיי האָבן פאַר אַ סעקטע, נישט קיין ייִדישע, און אַפילו די נאַציס האָבן נישט געזוכט ביי זיי קיין ייִדיש בלוט. דער פאַקט איז אָבער, אַז זיי זענען ייִדן. בן צבי נעגירט און פרעגט אָפּ די דערקלערונגען פון די פירקאָוויטשעס און שאַפּשאַלס. ער האַלט זיך ביי דער מיינונג, אַז זיי געהערן צום ייִדישן פאָלק. דער נשׂיא האָט זיך אַפילו אונטערגענומען מפלפל צו זיין מיט רבנים, און דווקא געוואָלט באַווייזן, אַז זיי קענען אַריינקומען פריַי אין קהל ישׂראל. ער באַנוצט זיך מיטן פאַקט, וואָס ר׳ יהושע הנגיד, אַן אייניקל פונעם רמב״ם, האָט געגעבן אַ היתר אויף אַריינצונעמען אַ גאַנצע קאַראַימישע קהילה אין קהל ישׂראל [4].

די קראים־„פּרשיות" זענען אויפן סדר־היום, זינט דער באַניַיונג פון מדינת ישׂראל. עס הייבט זיך אָן מיט אינדיווידועלע געמישטע חתונות פון קראים מיט ייִדן און פונעם יחיד גייט עס איבער צום ציבור, ווי די חתונות פון יוסף מוראַד, יוסף מרזוק, יערי כּהן א״אַ. דאָס פּראָבלעם גיט נישט קיין רו, נישט די רבנים און נישט די מנהיגים פון דער מדינה. אויב הרב טאָלעדאַנאָ האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די מקילים, מתירים; האָבן די רבנים צבי פּסח פראַנק זצ״ל און יבלחט״א הרב וואַלדענבערג זיך אַרויסגעזאָגט קעגן געבן אַ בלאַנק היתר און געפּסקנט, אַז דעם „קרע" פון קראים קאָן מען נישט פאַרנייען, אַפילו ווען זיי זענען עולים און געניסן פונעם „חוק השבות" [5].

נישט איין מאָל איז דאָס פּראָבלעם אַרויפגעשווומען אויפן אויבערפלאַך. אין 1956 איז עס שיִער נישט געקומען צו אַ רעגירונגס־קריזיס, ווען יוסף מוראַד האָט געוואָלט חתונה האָבן מיט אַ ייִדיש מיידל און נאָכן אָפּשלעפּן די זאַך, איז ער אַריין אין בית־דין פון תּל־אביבער רבנות הראשית און במעמד הרבנים אָנגעטאָן דאָס רינגל און אויסגערופן בקול רם: „הרי את מקודשת לי..."

י. בן־צבי און ד. בן־גוריון ז״ל האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר דעם יונגן פּאָר, געפאָדערט פון די רבנים אַ לייזונג.

יצחק בן־צבי, אין זיין אַריינפיר צום „נדחי ישׂראל", ברענגט די נבואה פון „והיה ביום ההוא..." און עס וועט זיין אין יענעם טאָג... און עס וועלן קומען די פאַרלוירענע אין לאַנד אשור און די פאַרשטויסענע אין לאַנד מצרים און זיי וועלן זיך בוקן צו גאָט אויפן הייליקן באַרג אין ירושלים [6]. ער זעט אינעם באַניַי פון מלוכהשאַפט אויפן באָדן פון די אָבות, דאָס מקוים ווערן פון דער דאָזיקער וויזיע.

ער קוקט אַוועק פון די פּראָבלעמען וואָס שייך דעם אויפהיטן און אָפּהיטן די פולשטענדיקע ריינקייט פון דער יִדישער משפחה, לויט דער דורותדיקער איַינ־שטעלונג. ער האַלט אַז מ׳דאַרף אָננעמען אַ ליבעראַלע שטעלונג אין „ליכט פון אונדזער נייער געשיכטע" און דאָס נישט בלויז וועגן די קאַראַימער, נאָר וועגן אַלע פאַרוואָגלטע יִדישע שבטים אינעם חושכדיקן גלות, וועגן וועלכע ס׳האָט געשריבן ד״ר ישׂראל בן־זאב [7] און ער באַמיט זיך, באַזונדערס וועגן די קאַראַימער, אַז ס׳זאָל אויפהערן אונדזער דערווייטערן זיך פון זיי און ס׳זאָל פאַרבייט ווערן דער טויזנט־יאָריקער ריס צווישן די יִדן און זיי.

די חלוקי־דעות וועגן די קראים האָבן מיר שוין אין הלכה־ספרים: אייניקע רבנים־פּוסקים האָבן זיך באַצויגן זייער שטרענג און זיך געהאַלטן ביים חרם פון ר׳ סעדיה גאון און אייניקע האָבן געזוכט כּל־מיני היתרים, זיי אַריינצונעמען אין קהל ישׂראל, דערלויבן חתונה האָבן מיט יִדן, אויב זיי נעמען אויף זיך מיט דער פולער ערנסטקייט און איבערצייגונג, מקיים צו זיין די מצוות פון דער תּורה, לויט די אויסטייטשונגען פון דער תּורה שבעל־פּה.

ר׳ יעקב עמדין, דער שטרענגער פּוסק און אומקאָמפּראָמיסלעכער איש־הלכה, האָט גראָד ביי די קראים אָנגענומען אַ מילדע, רעאַליסטישע שטעלונג — זיי מתּיר צו מאַכן דורך טבילה און אויפריכטיקער גרות.

הרב ר׳ גדלי׳ פעלדער, ברענגענדיק די אַלע דעות, קומט צום אויספיר, מ׳זאָל זיך האַלטן ביי דער נעגאַטיווער באַציִונג: „קשה להכניס ראשינו בין הארִיות... לכן שב ואל תּעשׂה עדיף" [8].

ס׳איז כּדאי צו דערמאָנען, אַז דער גרינדער פון דער קאַראַימישער באַוועגונג, ענן בן דוד, איז געווען אַ תּלמיד חכם און אַ זון פון עם ראש הגולה אין בבל. צוליב דעם וואָס די גאוני בבל האָבן באַשטימט זיין ברודער חנניה, אַלס נאָכפאָלגער פון זיין פאָטער, איז ער אין כּעס געוואָרן, ווי מ׳וואָלט היינט געזאָגט, אויף דעם „עסטאַבלישמענט", אויף דער קאָנפאָרמירטער געזעלשאַפט, און האָט רעוואָלטירט קעגן קהל און במילא קעגן כּלל ישׂראל. דאָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 765 ק״ע. דער ראש־ישיבה און ראש־הגולה, ר׳ סעדיה גאון, מיט יאָרן שפּעטער, ווען ער האָט זיך דערוווּסט וועגן ענגען און די קראים אַז זיי פאַרלייקענען תּורה שבעל־פּה, איז ער אַרויסגעקומען מיט דער שאַרפסטער אַטאַקע קעגן זיי און זיי אויסגע־שלאָסן פון כּלל ישׂראל.

אין מיין ווערק וועגן דער באַציִונג צו גרים האָב איך אָנגעוויזן, אַז נישט געקוקט דערויף וואָס דאָס קראים־פּראָבלעם ווערט באַהאַנדלט אין צענדליקער שו״ת־ווערק פון רבנים גדולי הפּוסקים און פאָרשערס, היסטאָריקערס, איז עס נישט געלייזט געוואָרן.

ווען די פראַגע איז געוואָרן אַקטועל אין ישׂראל, האָבן די רבנים צוריקגעוויזן וועלכן נישט־איז היתר. דער ירושלימער באַוווּסטער פּוסק ר׳ אליעזר יהודה וואַלדנבערג האָט, אין איינער פון זיינע תשובות, אָנגעוויזן אַז ס׳איז דאָ ביי זיי אַ חשש ממזרות, זינט זיי האַלטן זיך נישט ביי גטין, ווי איינגעשטעלט פון רבנים מדור־דורות.

אין יאָר תשכ״ז (1967) האָט דער „קרע״ (ריס) שיִער נישט געבראַכט צו אַ ריס אין ישׂראל. די פראַגע איז אַרויפגעשווומען צוליבן פסק פון קאַראַימישן בית־דין אין רמלה (זייער ישוב איז אין מצליח, ביי רמלה, אויפן נאָמען פון זייער דיכטער און פירער מצליח סהל בן ענן), וואָס האָט מחייב געווען אַ מאַן צו געבן אַ גט זיין פרוי. דער מאַן האָט מורד געווען. די פרוי איז געבליבן אַן עגונה. נאָך אַ יאָר אָפּוואַרטן אין עגונהשאַפט, האָט דער זעלביקער בית־דין אַרויסגעגעבן אַ גט דער פרוי און איר דערלויבט נאָך אַ מאָל חתונה צו האָבן. דער משׂרד הדתות האָט דאַן אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז דער קאַראַימישער בית־דין האָט נישט געהאַט קיין סמכות (איז נישט באַפולמעכטיקט) אַרויסצוגעבן אַ גט.

דער מיניסטער ד״ר זרח וואַרהאַפטיג, האָט דאַן באַשטימט אַ קאָמיסיע, אונטערן פאָרזיץ פון באַוווּסטן יוריסט און תלמיד חכם פּראָפ׳ משה זילבערג, דעם ממלא־מקום פון נשׂיא בית המשפט העליון, אויסצופאָרשן דעם גאַנצן ענין פון די היסטאָרישע, הלכהשע און רעאַליסטישע אַספּעקטן, וועגן דער באַציִונג צו די קנאַפּע אַכט טויזנט קאַראַימער אין ישׂראל און צו די קראים בכל תפוצות ישׂראל.

נאָך אַ גרינטלעכער אויספאָרשונג איז די קאָמיסיע געקומען צום באַשלוס, אַז אין ישׂראל קומט זיי סמכות — ווי זיי האַלטן זיך געבונדן אין אייגענע משפחות. די פראַגע איז אָבער נישט געלייזט געוואָרן, וואָס שייך געמישטקייט, וואָס איז פון ביידע זייטן אוממעגלעך אָפּצוהאַלטן.

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, האָט דער צווייטער נשׂיא פון מדינת ישׂראל, יצחק בן צבי, אַ פאָרשער און זוכער פון נדחים, זיך איינגעשטעלט פאַר די קראים און פאַרלאַנגט אַז די קדושין פונעם דערמאָנטן יוסף מרזוק זאָלן גוטגעהייסן ווערן און דער משׂרד הפנים זאָל רעגיסטרירן זייער חתונה־אַקט. דער נשׂיא איז אַרויס־געקומען מיט גאָר שאַרפע ווערטער, באַהויפּטנדיק, אַז לויט זיין מיינונג, זענען די קראים „יהודים גמורים, חלק בלתי נפרד...״ זיין מיינונג איז געווען, מ׳זאָל פאַר־ענדיקן דעם קאָנפליקט פון 12 הונדערט יאָר צוריק; מ׳זאָל פאַרבייגן ר׳ סעדיה גאונס רוף: „הקראים אינם מתאחים לעולם״; מ׳זאָל זיך נישט רעכענען דערמיט וואָס די קראים אין די פּויליש־ליטווישע און רוסישע שטעט האָבן אָנגעטאָן צרות ייִדן און פאַרלייקנט זייער אָפּשטאַם. אין דער מדינה זאָל מען זיי דערקלערן פאַר פולשטענדיקע ייִדן.

צי די קראים זענען גרייט זיך צו דערקלערן אַלס ייִדן פון „רבנישן" שטאַנד, איז נאָך אַ פראַגע. לויט אבן רש"ף מיט זיינע פֿאַלסיפיקאַציע־כּתבים און לויט יצחק בן אברהם טרוקי ווי ער שרייבט אין זיין ספר „חיזוק אמונה", איז נאָך גאַנץ ווייט פון אַן אמתער פֿאַראייניקונג מצד די קראים. אין זייער דאָרף „מצליח" (געגרינדעט אין תש"י־1950) זענען זיי ממשיך די קאַראַימישע טראַדיציע און במילא איז עס פֿאַר די רבנישן ייִדן נישט לייכט צו פֿאַרנייען דעם ריס.

די מדינה האָט נישט בלויז אַ פּראָבלעם מיט די קראים. דער מדינה שטייט פֿאַר נאָך אַ סך פּראָבלעמען מיט עולים, וועלכע זענען נישט געווען — אין משך פון דורות — צוגעבונדן צום אַלגעמיינעם שטראָם פון ייִדישן לעבן.

ס'איז דאָ אַ פּראָבלעם מיט די פֿאַלאַשן (פֿאַלאַשים), וועלכע ציילן אַרום 20 טויזנט נפשות און קומען קיין ישׂראל ; גרויסע צאָלן פון זיי מאַכן דורך דעם גיור. דאָס וואָרט „פלש" מיינט אַ וואַנדערער, אַ פרעמדער. אַזוי זענען זיי גערופן געוואָרן ביי די אָרטיקע שוואַרצע שבטים. זיי אַליין רופן זיך „בית ישׂראל" — באַטראַכטן זיך אַלס אָפּשטאַמיקע פון ייִדן.

דער ערשטער וואָס איז געקומען אין קאָנטאַקט מיט די פֿאַלאַשן, איז געווען ד"ר יעקב פייטלאָוויטש (אין 1913). אין זיינע ווערק באַמיט ער זיך צו דערגיין זייער אָפּשטאַם, וואָס איז נאָך אַלץ אומבאַקאַנט. לויט אייניקע פֿאָרשערס שטאַמען זיי פון יהודה־שבטים, פֿאַרטריבענע נאָכן ערשטן חורבן. זיי זענען געקומען קיין חבש־עטיאָפּיע פון גלות־מצרים דורכן ים־סוף און טייל זאָגן, אַז זיי זענען געקומען נאָך אין דער צייט פון שלמה המלך, נאָך דעם ראָמאַן, אָדער באַגעגעניש מיט מלכּת שבא [9]. ווי עס זאָל נישט זיין, זענען זיי דאָרט טויזנטער יאָרן, שטאַמען פון ייִדן, אָבער צוליב געמישטקייט מיט דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג און פֿאַרגרייזטקייט פון דער ייִדישער טראַדיציע, דאַרפן זיי דורכגיין גרות — און גרים, איז מען מקבל באהבה.

ווי באַזונדערס, רייזנדע און פֿאָרשערס גיבן איבער, היטן זיי די דינים פון טהרה, מיט דער מעגלעכסטער שטרענגקייט. זיי האָבן אַפילו אַ „בית הנידה" פֿאַר דער פּרוי אין צייט פון איר מענסטרואַציע און פֿאַר אַ „יולדת", אין אירע אומריינע וואָכן. זיי היטן אָפּ די דינים טומאת מת, ווי עס ווערט געזאָגט אין דער תּורה, מיטן צוגאָב פון הלכות, וואָס ווייזט, אַז זיי האָבן יאָ איבערגענומען דינים, ווי געלערנט דורך תּורה שבעל־פּה. זיי האָבן אָבער אַריינגענומען געוויסע עטיאָפּישע מנהגים אינעם פֿאַמיליע־לעבן, אין די אויפֿפירונגען פון קדושין, נשׂואין און גטן און לויט געוויסע רבנים, איז ביי זיי אויך דאָ אַ חשש ממזרות...

ס'איז כּדאי אָנצווייזן, אַז ביי די עטיאָפּיער זענען זיי ייִדן. לאַנגע יאָרן האָט מען זיי באַטראַכט ווי פרעמדע, ווי דאָס וואָרט „פלש" באַטייט אין זייער לשון, און מ'האָט זיי נישט דערלויבט צו קויפן באָדן, פעלדער און טאָלן. זיי זענען

געבליבן ביי מלאָכה, בעת זייערע שכנים האָבן זיך פאַרנומען מיט מסחר און לאַנד־קניות.

„די אַביסינישע ייִדן — שרייבט יצחק בן־צבי — וועלכע מ׳רופט „פאַלאַשאַ" און זיי רופן זיך בית ישׂראל, זענען געווען אָפּגעריסן פון די צענטערס פון ייִדנטום ביזן סוף פון דעם 19טן י"ה. דער פאַרשטאָרבענער פּראָפעסאָר י. נ. פּייטלאָוויטש האָט אַוועקגעלייגט זיינע כּוחות אויף אויסצופאָרשן זייער לעבן און זייערע שריפטן און אויף צו באַנייען די פאַרבינדונג צווישן זיי און דעם ייִדנטום אין די מערב־לענדער... לויט זייער טראַדיציע, שטאַמען זיי פון די ייִדן, וועלכע שלמה המלך האָט געשיקט צו באַגלייטן מלכּת שבא אויף איר נסיעה צוריק פון ירושלים... דער תּנ"ך איז ביי זיי געבליבן בלויז אין דער אַלטער אַביסינישער שפּראַך..." [10].

י. בן־צבי ברענגט פאַרשיידענע השערות וועגן זייער אָפּשטאַם און פירט אויס:

„...איך בין נוטה צו דער מיינונג, אַז דעם אָנהויב פון אַ ייִדישן ישוב אין אַביסיניע, האָבן געמאַכט די ייִדישע סאָלדאַטן פון מצרים... דער תּנ"ך איז ביי זיי געבליבן בלויז אין דער אַלטער אַביסינישער שפּראַך (געז) און ער שטימט דווקא מיט דער גריכישער איבערזעצונג (סעפּטואַגינטאַ)".

מיט די פאַלאַשן פאַרנעמט זיך היינט אַ ספּעציעלער קאָמיטעט, בראש מיט פּראָפ׳ אריה טאַרטאַקאָווער. ווי דער קאָמיטעט שאַצט, געפינען זיך אין עטיאָפּיע אַרום 25 טויזנט נפשות, פון וועלכע דער רוב וועט קומען קיין ישׂראל.

דער קאָמיטעט איז געווען זיכער, אַז די מועצת הרבנות הראשית וועט געפינען אַ לייזונג און די הלכהשע חלוקי־דעות וועלן איינגעשטילט ווערן צו אַלעמענס צופרידנקייט.

דער קאָמיטעט איז אויך געווען זיכער, אַז די פאַלאַשן וועלן זיך אינטעגרירן און זיך אַריינפּאַסן אין דער ישׂראלדיקער געזעלשאַפט, אַז זיי וועלן אויסטוישן זייער אַמהאַריש לשון אויף לשון הקודש — דאָס לשון פון שלמה המלך, וואָס לויט זייערע אגדות שטאַמען זיי פונעם קליגסטן קעניג, וואָס איז דאָך דעגראַדירט געוואָרן צוליב געמישטקייט, צוליבן שידוך מיט דער „בת פרעה" [11].

זיי זענען אָבער נישט די איינציקע, וואָס האַלטן זיך פאַר אָפּשטאַמיקע פון שלמה המלך.

אין אַפריקע און אין אַזיע, באַזונדערס אין אַפגאַניסטאַן, געפינען זיך שבטים וואָס האַלטן, אַז זייער יחוס ציט זיך פון שלמה המלך [12].

יצחק בן־צבי האָט געמאַכט פאַר זיין לעבנסציל און מיסיע צוריקצוברענגען די אַלע פאַרשטויסענע שבטים „אונטער די פליגלען פון דער שכינה" און זיי אינטעגרירן אין ייִדנטום.

גאָר באַזונדערס האָט ער זיך איינגעשטעלט פאַר די „בני ישׂראל" פון אינדיע. זיי האָבן אָנגעהויבן קומען מאַסנווייז מיטן עליה־שטראָם פון אַנדערע קאַנטן;

זיי האָבן דערהערט וועגן קיבוץ גלויות פון די „סערת תימן" און פון ווייטערע שטרעקעס, האָבן זיי זיך אויך אַרויסגעלאָזט געפינען מקום מנוחה אין ישׂראל.

אַלע צוזאַמען, ייִדישע שבטים פון אַזיע, אַפריקע און פון די מערב־לענדער שטעלן מיט זיך פאַר אַ קאָלאָריט פון פאַרשיידענע צווייגן פונעם ייִדישן פאָלק. יעדער מיט זיין קאָליר, לויטן קלימאַט און סביבה און צוזאַמען — ייִדן וואָס האָבן דערזען דעם גאולה־אָנקום אינעם לאַנד פון די אָבות און אַלס אַזעלכע דאַרף מען זיי אויפנעמען. אָבער נישט לייכט קומט אָן די אינטעגראַציע און נישט לייכט איז דאָס אַריינגעמען יעדן וואָס קומט אַריין אין די ישׂראל־גרענעצן. יעדע הסכמה זיי זאָלן קומען בקהל ישׂראל אָן ווּעלכער נישט איז גרות־פּראָצעדור רופט אַרויס חלוקי־דעות.

די טראַגעדיע וואָס שייך די „בני ישׂראל" האָט זיך אָנגעהויבן אויף צו מאָרגנס נאָך תשעה־באָב, תשי"ג, ווען אַ יונגע פרוי איז געקומען צום בית־דין אין פתח־תקוה, מ'זאָל צואַיילן איר חתונה מיט אַ געוויסן בחור, ווייל זי איז מעוברת פון אים און זי וויל דאָס קינד זאָל געבוירן ווערן לעגאַל מיט אָנערקענטער פאָטערשאַפט.

ביים אויספרעגן די פרטים איז קלאָר געוואָרן, אַז דער בחור געהערט צו די „בני ישׂראל". די רבנים אונטערן פאָרזיץ פון הרב ר' ראובן כ"ץ ז"ל, האָבן נאָך אַ לענגערער חקירה ודרישה באַשלאָסן זיך צו ווענדן צום רבנות הראשית מיט דער דאָזיקער שאלה. זיי האָבן נישט געוואָלט נעמען אויף זיך אַליין, כדי אַרויסצוגעבן דעם היתר.

הרב כ"ץ האָט אויך, אַלס צוגאָב, אָנגעשריבן אַ שו"ת, זיך באַנוצט מיט די געהעריקע מקורים און געוואָלט האָבן דעם חוות־דעת און הסכמה פון הרב הערצאָג. דער לעצטער האָט געענטפערט פּאָזיטיוו — דערלויבט חתונות צווישן ייִדן און בני ישׂראל פון אינדיע, מיט דער באַוואָרעניש, אַז דער רב זאָל ביי יעדער רעגיסטער־פאָרם און חקירה, באַטראַכטן געוויס די משפחה־אָנגעלעגנהייט, כדי אויסצוגעפינען צי ס'איז נישטאָ קיין געמישטקייט, צי ביידע זענען לויטן ייִדישן דין באַרעכטיקט צו חתונה אַאַז"וו. דער ענין האָט זיך געענדיקט טראַגיש צוליב דער פּלוצלעמדיקער פטירה פונעם חתן.

ווען די שאלה איז מיט יאָרן שפּעטער ווידער געשטעלט געוואָרן פאַר דעם רב־ראשי ר' יצחק נסים, האָט ער אינסטרויִרט, גוטצוהייסן חתונות, לויטן היתר פון הרב עוזיאל און הרב הערצאָג, מיטן צוגאָב צו באַטראַכטן יעדער ענין אינדיווידועל.

די דאָזיקע שאלה איז דאַן, אין יאָר תשכ"א (1961), געוואָרן אַ ברענענדיקע פראַגע, צוליב אַ צאָל סיבות. די הויפּט־סיבה: דער פּראָטעסט פון די „בני ישׂראל", פאַר וואָס מען מאַכט זיי שוועריקייטן, פאַר וואָס מ'האַלט זיי פאַר צווייט־קלאַסיקע

בירגער. זיי האָבן אויסגעדריקט פאַרביטערטקייט צו די הויפּט-פירערס פון דער סוכנות און צום ראש-הממשלה דוד בן-גוריון.

בן-גוריון האָט זיך גענומען מיט זיין ענערגיע צו דערליידיקן דעם ענין, צו דער צופרידנקייט פון די „בני ישראל". נאָך לאַנגע באַמיִונגען, איז אַראַנזשירט געוואָרן אַ זיצונג צווישן זייער פאַרשטייער און דעם רב-ראשי. ביים רב-ראשי איז פאַר דעם צוועק פאַררופן געוואָרן אַ זיצונג אויף אסרו-חג סוכות, תשכ"ב. ביי דער זיצונג אין הויז פון הרב נסים איז באַשטימט געוואָרן אַ קאָמיטעט פון פיר רבנים: הרב יהושע מנחם אהרנברג; די רבנים, אליעזר גאָלדשמידט, שלמה טנא און בושלעווסקי.

דער היתר פון די „בני ישראל" איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן, דערקלערנדיק:

„...היות ווי ס'איז נישט קיין ספק אַז די בני ישראל זענען יידן, מיוחס לזרע ישראל און היות ווי צוליב דער לאַנגער צייט פון זייַן אָפּגעריסן פון יידן, האָט זיך געשאַפן אַ חשש פון געמישטקייט, פון נישט דורכפירן די געהעריקע סדרי נשואין"... „זאָל מען זיי דערלויבן קומען בקהל ישראל, נאָכן דורכפירן אַ געהעריקע און גרינטלעכע אויספאָרשונג, איידער מען רעגיסטרירט אַ חתונה-אַקט.

דער פסק האָט געקראָגן פרסום און ס'איז נאָך דעם אַרויס אַ ספר שו"ת מיט מקורים פאַר דעם דאָזיקן פסק און וועגן דער וויכטיקייט צו היטן די הייליקייט און ריינקייט פון יידישן משפחה-לעבן.

די פראַגע פון „נדחי ישראל" איז אָבער נאָך אַלץ אויפן סדר-היום און רופט אַלע מאָל אַרויס סענסאַציאָנעלע נייַס אין דער פּרעסע [13], ווייל די פּראָבלעמען וענען פון די סענסיטיווסטע, דעליקאַטע ביי אַלע צדדים: די רבנים, שומרי החומות פון היטן די הייליקייט אינעם פאַמיליע-לעבן און די עולים פון די פאַר-שיידענע פאַרוואָרפענע ווינקלען, וועלכע ווילן מאָמענטאַל אָנערקענט ווערן ווי פולשטענדיקע יידן.

די קאָמיסיעס וועלכע פאַרנעמען זיך מיט אָט די פּראָבלעמען באַמיִען זיך צו לייזן אָט די בחפזונדיקייט און זענען זיכער, אַז די אַלע עולים וועלן זיך איינ-גלידערן אינעם ישוב, אַריינטרעטן אין קהל ישראל, ווי אייגענע שוועסטער און ברידער, נישט געקוקט אויף דער טונקלקייט פון זייער הויט; זיי האָבן די דאָזיקע הויט געקראָגן צוליבן קלימאַט און דער סביבה פון דריטהאַלבן טויזנט יאָר צווישן עטיאָפּיער. נישט געקוקט אויף זייער פאַרשטויסנקייט אין דער טיפעניש פון אַפריקע, זענען זיי אָבער געבליבן רעליגיעז-נאַציאָנאַל, ווי אַן איינהייט צווישן די אָרטיקע מוזולמענער און קריסטן.

מיטן אויפשטייג פון מדינת ישראל זענען, ווי דערוואַרט, אויפגעקומען אַ ריי פּראָבלעמען אין שייכות מיט עולים-נדחים און מיט גרות. פאָרשערס און פובלי-ציסטן האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט און אָן שווערער מי, אויסגעפונען אַז די

אַלע פּראָבלעמען זענען נישט ניי און אַז מ׳קען געפינען ענטפערס אין תּלמוד, אין די ספרי הגאונים און אין די ווערק פון די נאָכפאָלגנדיקע רבנים־פּוסקים.

מיר געפינען אין תּלמוד, אַז מ׳האָט אָנגענומען גרים פון די קורדן און פון תּדמור (פּאַלמיר): „מקבלין גרים מן הקרדויים...״ [14]. דאָ און דאָרט געפינט מען נאָך היינט אָפּשטאַמיקע פון יענע גרים. דער גרעסטער טייל האָט זיך אויסגעמישט און איז פאַרלוירן געגאַנגען צווישן דער אַרטיקער באַפעלקערונג.

וועגן דער יידיש־כאַזאַרישער מלוכה האָבן מיר שוין פריער אָנגעוויזן. די דאָזיקע מלוכה האָט זיך באַוויזן אויף דער היסטאָרישער אַרענע אין 7טן י״ה, זיך פאַרשפּרייט אין צפון פון קאַספּישן ים און פון קאַווקאַז ביז קיִעוו. די קעניג־לעכע פאַמיליע האָט זיך מגייר געווען און מיט איר אַ גרויסע צאָל מלוכה־מענער, מיליטערלייט און אַ גרויסער טייל פון דער באַפעלקערונג. די דאָזיקע מלוכה האָט עקזיסטירט ביזן יאָר 1240, אַרום פינף הונדערט יאָר. ביי די כּוזרים האָבן זיך געפונען דענקענדיקע מענטשן און זיי האָבן פאַרמאָגט אַ הויך אַנטוויקלטע ציוויליזאַציע, ווי עס ווייזט דער ספר הכּוזרי, איבערגעגעבן אין אַ פילאָסאָפיש־פּאָעטיש־טעאָלאָגישן סטיל דורך ר׳ יהודה הלוי. דער כּוזרי, ווי אַ מאָנומענטאַל ווערק, גיט דאָך איבער אין פאַלעמישן טאָן, די שמועסן פונעם חבר מיטן מלך הכּוזרים.

ס׳איז דאָ אַ סברה, אַז די סובאָטניקעס אין רוסלאַנד, זאָלן אָפּשטאַמען פון די כּוזרים.

די צווייטע מדינה אין דער דאָזיקער קאַטעגאָריע, איז די חדייב (אַדיאַבענע)־מלוכה אין מעסאָפּאָטאַמיע. די קעניגין העלענאַ (הילני, גערופן אין תּלמוד) האָט זיך מגייר געווען (אין 1טן י״ה, ק״ע); איר מאַן האָט געערט איר שריט. ווי עס ווערט איבערגעגעבן, האָט דער מלך מיט זיין מלכּה אָפּגעגעבן אין צייט פון הונגער זייער פאַרמעגן פאַר צדקה. זייערע זין זוטוס (איזאַטאָס) און מאָנבאַז האָט מען דערלויבט אַ מאַוזאָליי אין דער הייליקער שטאָט ירושלים א״נ „קברי המלכים״ [15].

די קעניגין זינאָביאַ פון תּדמור, איז נאָך איינע וואָס האָט זיך מגייר געווען, זי האָט געקעמפט פאַר יידן, זיך איינגעשטעלט פאַר יידן און דערפאַר זיך אָנגע־ליטן פון די רוימער, וועלכע האָבן זי גענומען אין געפאַנגענשאַפט, וווּ זי איז געשטאָרבן אין יאָר 272 ק״ע.

אַפראַ הורמיז, די מוטער פון שבור מלכּא דער צווייטער, אָדער ווי ער איז באַקאַנט מיטן נאָמען שאַפּור דער גרויסער (309־379 נק״ע) איז געווען אַ גיורת. זי האָט אָפּגעהיט יידישע מנהגים און די חכמי התּלמוד האָבן זי מקרב געווען [16].

אין חייבאר און אין תימן האָבן זיך צענדליקער שבטים, פרינצן און מלוכה־מענער מגייר געווען — אָבער זיי זענען מיט דער צייט פאַרלוירן געגאַנגען צווישן דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג [17].

עס איז נישט אונדזער אויפגאַבע, אין דער דאָזיקער אַרבעט, צו געבן אַ וועלכע נישט איז רשימה פון גרים אַ מאָל און פון פאַרלוירענע יידישע שבטים. דאָס האָבן געטאָן רייזנדע, ווי ר׳ בנימין מטודלה, ר׳ פתחי׳ פון רעגנסבורג [18] וועלכער האָט באַרייזט נאָענטע און ווייטע לענדער דורך קיעוו, קרים, אַרמעניע ביז ער איז געקומען קיין בבל און פאַרצייכנט די נסיעה. ד״ר ישראל בן־זאב, אין אונדזער צייט, האָט זיך פאַרנומען מיט פאָרשאַרבעט וועגן די יידן אין אַראַבישע לענדער. ער באַשרייבט צענדליקער יידישע סעקטעס אין זייער פאַר־וואָגלעניש און ליידן, וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט, און בלויז על־פּי נס זענען געבליבן געציילטע פון אַ משפחה, פון אַ דאָרף. אַ גרויסע און רייכע ליטעראַטור איז געשאַפן געוואָרן וועגן די כּוזרים (כאַזאַרן). אויסער די אָפיציעלע אַרבעטן פון די היסטאָריקערס ווי גרעץ, דובנאָוו, הלוי, יעבץ און אַנדערע, האָבן מיר באַזונדערס־ספעציפישע ווערק וועגן די כּוזרים [19].

צו די אחרונים געהערט דאָס ווערק פונעם צווייטן נשיא פון מדינת ישראל, יצחק בן־צבי. ער קומט צום אויספיר, אַז דער „בינדונגס־עלעמענט פון גיור אין יענע קאַנטן... איז געווען נישט ראַסע און נישט שפּראַך. דער גיור האָט געלאָזט אַלע ראַסן און פעלקער פאַראייניקן זיך מיטן יידנטום... די יידן זענען געבליבן אַ מיעוט און געפאַלן אונטער דער סאָציאַלער און גייסטיקער השפּעה פון די אָרטיקע״.

מ׳האָט תּמיד מקבל געווען גרים; מ׳האָט זיי געבענטשט אין דער שמונה עשׂרה דריי מאָל אין מעת לעת. מ׳האָט אָבער געוואָלט מאַכן זיכער, אַז ווען זיי קומען אַריין אין יידנטום, זאָלן זיין געהיט און געהייליקט מיט דער קדושה פון זרע אברהם, וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן ביים באַרג סיני.

## הערות

### א

1 אין מיין ווערק „באַציונג צום פרעמדן״ — אויספירלעך.
2 קהלת רבה, א׳, כ״ה.
3 משלי, ב׳, י״ט.
4 ש. דונסקי, מדרש קהלת-איבערזעצונג.
5 מצודת דוד, אויפן אָרט. זע, יהואש-איבערזעצונג.
6 מלבי״ם, אויפן אָרט.
7 דברים, י׳, י״ז.

8 במדבר, ו׳, כ״א.
9 ראש השנה, י״ז, ע״ב.
10 ויקרא, א׳, ב׳.
11 ירושלמי, שקלים, א׳, ד׳.
12 יבמות, כ״ב, ע״א; מ״ח, ע״ב אא״מ.
13 דאָרט, ס״א, ע״א-ע״ב.
14 תנחומא, ויקהל, ח׳; במדבר רבה, יג, ט״ו.
15 סנהדרין, נ״ט, ע״א; בבא קמא, ל״ח, ע״א; ע״ז, ג׳, ע״א. תוס׳ יבמות, ס״א, ע״א, אָנהייב-וואָרט „ואין״ ברענגט די גירסא ר׳ ירמיה און נישט רבי מאיר. ר׳ יוחנן, דער מסדר פון תלמוד ירושלמי, איז געווען זייער שטרענג, סיי וואָס שייך געמישטקייט און סיי וואָס שייך געבן רעכט דעם עכו״ם צו לערנען תורה. לויט אים: „עכו״ם שעוסק בתורה חייב מיתה״... זע, יבמות, מ״ו, ע״א; סנהדרין, נ״ט, ע״א און תוס׳ דאָרט.
16 אין רמב״ם׳ס סדר און לשון: „לפי שאסור לישראל להביא לגוי שיעבור על אחת משבע מצוות בני נח משום ,לפני עור לא תתן מכשול׳, בשביל זה, ראוי שכל ישראל ידעו מה הן:
א) מוזהרים שלא לעבור עבודה זרה
ב) מוזהרים שלא לברך (מ׳טאָר נישט אַרויסזאָגן דאָס פאַרקערטע) את השם
ג) מוזהר בן נח שלא לבוא על העריות
ד) מוזהר בן נח על הרציחה
ה) מוזהר על הגזל
ו) מוזהר על אבר מן החי
ז) בני נח מצווין להושיב דיינים ושופטים (הלכות מלכים, ט׳, י׳).
17 רות רבה, ב׳, ז׳; סנהדרין, נ״ו, ע״א; יבמות, מ״ו, ע״א-ע״ב.
18 הלכות מלכים, ח׳, י״א.
19 ראש ישיבת טעלז. זע, הדרום, תשל״ד.
20 ברכות, ז׳, ע״ב.
21 רות רבה, ב׳.
22 חבקוק, ב׳, ד׳.
23 ספרי, שלח, ט״ו, כ״ב; ראה, י״א, כ״ח; מגילה, י״ג, ע״א.
24 מיכה, ו׳, ח׳.
25 וועגן מצוות קלות און מצוות חמורות — אין מיינע שריפטן בכתב-יד.
26 עירובין, כ״ט, ע״א; רמב״ם, עבודה זרה, י׳, י׳; איסורי ביאה, ז׳ א״אַ פוסקים און מפרשים. זע, דוד שלמה שפּיראָ, הצעה לתיקון חוק השבות, הדואר, גליון כ״א, ניו-יורק, כ״ח אדר, תשל״ד (22.3.74).
27 משפטי עוזיאל, ירושלים, 1964, סימן י״ח. זע אויך,
Marc D. Angel, Another Halachic Approach to Conversion, Tradition vol. 12, No. 3-4, Winter-Spring, 1972, pp. 107-113.
Steven Riskin, Tradition, Ed. Rabbi S. Walter Wurzerberg, vol. 14, No. 2, Fall 1973, pp. 29-42.
28 מלאכי, ב׳, י״א-י״ב, יהואָש-איבערזעצונג.
29 ווי אַ טייל קאָמוניסטן וואָלטן וועלן און זענען צופרידן וואָס דאָס איז געוואָרן אַ נאָרמאַלע דערשיינונג ביי גרויסע צאָלן יידישע משפחות אין סאָוועט-רוסלאַנד — זע, כאַים מאַלטינסקי, דערציילונג, „סאָוויעטיש היימלאַנד״, נומ׳ 9, 1968. די דאָזיקע טענדענץ געפינען מיר אויך ביי אַנדערע סאָוועטיש-יידישע שרייבערס.
30 רות, א׳, ט״ז.
31 מלכים א׳, ב׳, י״ב; יבמות, מ״ח; זע אויך, ז. ברושי, רות-מגילת חסד, תשכ״ג, ז׳ 5.
32 שמות רבה, כ״ז, ד׳; ילקוט שמעוני, שופטים א׳, רמז ל״ח.
33 במדבר, כ״ד, כ״א.
34 סנהדרין, ק״ו, רש״י אין חומש און אין דער גמרא.

35 ידים, ד׳, ד׳.
36 דברים, כ״ג, ד׳.
37 כ״ח, ע״א.
38 דברים, כי תצא.
39 יבמות, ע״ז, ע״א.
40 תהלים, קי״ט, קכ״ו.
41 קדושין, מ׳.
42 תורת כהנים, ויקרא, ב׳; צפנת פענח, לר׳ יוסף רוזן, הוצ׳ מכון צפנת פענח, עמוד ד׳; רמב״ם, איסורי ביאה, י״ג, ט״ו.
43 יבמות, כ״ד, ע״ב; זע, אדמו״ר ר׳ צדוק הכהן, פרי צדיק, ויקהל, אות ב.
44 זע, יבמות, דאָרט; שו״ע אהע״ז, סימן ט״ו.
45 אלף ר״ה.
46 זע, מהר״ם אמסל, המאור, כסלו-טבת, תשל״ה — אויספירלעך.
47 ווי די פראַגע צו לערנען אַ גוי תורה און אים באַאיינפלוסן אויף גירות. וועגן דעם האָבן מיר אַ שאַרפע פּאָלעמיק צווישן די גדולי הפוסקים. זע: שו״ת ר׳ עקיבא איגר, לאיסור — ער פאַרבאָט אַזאַ סאָרט איבערצייגונג; דער מהרש״א, שבת, ל״ב האָט מתיר געווען. ר׳ מאיר אראק האָט דערלויבט — שו״ת אמרי יושר, ב׳, ק״ל.
48 ידים, ד׳, ד׳.
49 דברים, כ״ג, ד׳.
50 כ״ח, ע״א.
51 זע, מדרש קהלת רבה, י׳, י׳.
52 זע, סדר הדורות, ג׳ אלפים, רנ״ד: „והשונמית היתה אשת עובדי׳ הנביא — זע אויך, אמרי אמת למוהרי״ל איגר, פ׳ תצוה, עמוד ס״ו, הערות מבנו ר׳ אברהם, אות ט״ו, ובהשמטות, ז׳, 38.

## ב

1 בראשית, כ״ו, ל״ה.
2 דאָרט, כ״ה, כ״ט.
3 דאָרט, כ״ח, ח׳-ט׳.
4 ס׳געדענקט זיך מיר אַזאַ דערקלערונג ביי איינעם פון די מפרשי התורה.
5 בראשית, ל״ו, י״ב.
6 סנהדרין, צ״ט, ע״א.
7 מדרש רות רבה, ב׳, ד׳; בבא בתרא, צ״א, ע״ב.
8 לויט דברי הימים, א׳, ד׳, כ״א-כ״ב, „ויוקים זה אלימלך״.
9 זכרי׳ ג׳, א׳-ד׳.
10 יהואַש, איבערזעצונג.
11 דאָרט, ה׳.
12 עזרא, י׳, י״ח.
13 אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי״ — אויספירלעכער.
14 זע, אייזיק רמבה, הדואר, כ״ז אלול, תשכ״ח.
15 אין זיינע „אגרות״ געפינט מען אַ גרעסערע צאָל בריוו וועגן זיין ווייטיק.
16 זע, אייזיק רמבהס (1907-1969) סעריע אַרטיקלען אין „מעריב״ (ישראל) און אין „הדואר״ (ניו-יאָרק). די אַרטיקלען זענען דערשינען אין בוכפאָרם, א״נ „בנים אכלו בוסר״ (רעדאַקטירט פון יוסף נדבה, תשל״ג). ער באַשרייבט די משומדים-משפחה ביי מענדעלען, משפחה-ריס ביי מרדכי בן הלל הכהן, טעכטער וואָס האָבן געלעבט מיט גויים, אחד העם, דובנאָוו א״אַ און וועגן פרצן שרייבט ער, אַז ער איז געווען דער

קליגסטער ייד און געבראַכט אויף דער וועלט אַ משוגענעם זון, לוציאַן, און דעם זונס זון — שוין אַ געשמדטער, האָט אים געבראַכט גוישע אייניקלעך. איך האָב שוין אַ מאָל געשריבן וועגן אַ גלחים-משפחה אין קאַנאַדע, וואָס זאָגן, אַז זיי שטאַמען פון פרצן... וועגן שמעון פרוג און זיין לעבן מיט אַ נישט-יידישער פרוי, וועלן מיר נאָך שרייבן. דאָס גלייכן ביי אַנדערע יידישע שריפטשטעלערס, ווי למשל,ביים פּאָעט י. י. שוואַרץ, דעם דיכטער פון „קענטאָקי״ און איבערזעצער פון דער קלאַסישער און מאָדערנער העברעישער פּאָעזיע, וואָס זיין טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט אַ מאַן דזשאַרדזש באַרטלעט (זי איז אומגעקומען אין אַן אויטאָ-אומגליק אין 1967). דער זון פון באַרימטן שריפטשטעלער ד״ר שלמה ביקל, איינער פון די אָנגעזעענסטע אַדוואָקאַטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט חתונה געהאַט מיט אַ נישט-יידישער פרוי. ער איז געווען אַ גועניאַלער יוריסט, לעגאַלער ראַט-געבער פון אַמעריקאַנער פרעזידענטן — און געפונען ליבע און רו ביי אַ נישט-יידישער פרוי. נאָך זיין פּלוצלינגן טויט (מיט אַ יאָר צוריק), איז ער באַוויינט געוואָרן סיי פון יידן און סיי פון נישט-יידן.

17 פאַרעפנטלעכט אין וואַרשעווער „היינט״, נאָך דעם אַרויס אין בוכפאָרם אין צוויי חלקים (וואַרשע, 1923-1924).

18 שער ד׳.

19 זע, ד״ר מנחם מ. ברייאַר, יהודה פליישר, אישים ודמויות בחכמת ישראל באירופה המזרחית לפני שקיעתה, ערך ד״ר שמואל ק. מירסקי, הוצ׳ „עוגן״, תשי״ט-1959, ז״ז 409-410.

20 זע, משה חיים אפרים בלאָך, „מי נתן למשיסה יעקב וישראל לבוזזים״, אַנווייזנדיק אויף די ניט-יידישע טענדענצן ביי די שעפער פונעם פּאָליטישן ציוניזם.
ביים סוף, ז׳ 189, ברענגט ער דעם פאַקט וועגן הערצלס איינציקן זון, האַנס, אַז ער האָט זיך געשמדט, איז איבערגעגאַנגען צום קאַטוילישן גלויבן אין עסטרייך, כ׳ תמוז, 1924, צו דעם צוואַנציקסטן יאָרצייט פון זיין פאָטער, דעם באַגרינדער פונעם פאָליטישן ציוניזם.

21 סאָוועטיש היימלאַנד, נומ׳ 5, מאַי, 1914, אונטער דער רובריק: „זכרונות, נעכטן, היינט, מאָרגן״, ז״ז 151-154.

22 זע, בצרון, שנה י׳, חוב׳ ב׳, חשון, תש״ט. ס׳ווילט זיך מאריך זיין, אַריינגיין אין פרטים — אָבער צוליב פאַרשטענדלעכע מאָטיוון, מוזן מיר זיך באַנוגענען מיט אַנווייזן בלויז אויף אַלגעמיינע שטריכן, פאַקטן און געשעענישן.

## ג

1 זע, „דער יידישער געדאַנק אין דער נייער צייט״, געזאַמלט און רעדאַקטירט פון אברהם מענעס, ניו-יאָרק, 1957, ז׳ 102.

2 וועגן דעם — אין אַ באַזונדערער אַרבעט.

3 „פרייז פון אַראַביש ווייב אין ישראל זייער הויך״, פאָרווערטס, יולי 4, 1973.

4 הצופה, תל-אביב, אין איינעם פון די זומער-נומערן, 1973.

5 סיון, תשל״ה, חוב׳ ט׳, שנה מ״ט, העורך: הרב שמחה עלבערג. א. אלברט (שערים, כ״ג ניסן, תשל״ה) קאָמענטירט וועגן דער אויספאָרשונג אונטערן פאַרזיץ פון פראָפ׳ א. הלברכט ...„לא כולן המירו את דתן אולם כל ילדיהן גדלים כערבים...״

6 מלאכי, ב׳, י׳.

7 גרענעצן, ז״ז 230-231.

8 המאור, כסלו-טבת, תשל״ג, בעריכת הרב מאיר אמסל.

9 סוכה ,מ״ט ,ע״ב. רש״י טייטשט: „בנדבת לבו להתגייר״ — ער האָט אַליין באַוויליקט זיך מגייר צו זיין...

10 אין אַ סעריע פון 12 אַרטיקלען, פאַרעפנטלעכט אין פאַרשיידענע צייטונגען און צייט-שריפטן — פּרטים און אַנטוויקלונגען.
11 במדבר, כ״ג, ט׳, רש״י און מפרשים.

# ד

1 זע, סוטה, י״ב, ע״א.
2 זע, יבמות, י״ב, ע״א-ע״ב; ס״ב, ע״ב; ס״ה, ע״ב; צ׳, ע״ב א״אּ.
3 במדבר, ה׳, י״ב.
4 במדבר רבה, ט׳, ד׳.
5 שו״ת, סימן ט״ז.
6 נודע ביהודה, או״ח, ל״ה.
7 רעד. מ. קנאַפּהייס, אַרגענטינע, אויגוסט-דעצעמבער, 1969.
8 אַן אַרטיקל פון חיים פּיעקאַרזש אין פּאַריזער „ווענ״.
9 זע, לואי בערמאַן,
Jews and Intermarriage, A Study in Personality and Culture, 1968
Bernard Lazerwitz, Intermarriage and Conversion
Jewish Journal of Sociology, June 1971
Marshall Sklare and Joseph Greenblum, Jewish Identity, New York, 1967.
„תפוצות ישראל״, ניסן תש״ל / מערץ-אַפּריל; יוני-אויגוסט, 1970.
10 זע, יקותיאל יהודה גרינוואַלד, לתולדות הריפורמציון הדתית בגרמניא ובאונגאריא, ניו-יורק, תש״ח.
11 אין „תפוצות ישראל״ — 1970, אויסצוגן פון „מידסטרים״.
12 געוועזענער ראַבינער פון טאָראָנטער „האלי בלאסאם״ טעמפּל. געשטאָרבן אין ניו-יאָרק, געבראַכט צו קבורה אין טאָראָנטאָ.
13 זע, נדרים, ג׳, ע״א; ל״ב, ע״א א״אַ מקומות.
14 זע, מתיא, י״ב, א׳-ח׳; מאַרקוס, ב׳, כ״ג-כ״ח געענדערט דעם נוסח וועגן דעם חילול און שמירת שבת.
15 תפוצות ישראל, שנה ט׳, חוב׳ ד׳, תמוז-אב, תשל״א — יולי-אויגוסט, 1971.
16 דאָרט, ז׳ 42. אויספירלעכער וועגן דעם רעפאָרם-קאָנצעפּט בנוגע געמישטע חתונות און ווער איז אַ ייד, זע: ראַביי ד״ר מאַקס אייכהאָרנס מאמרים אין
Reconstructionist, January 20, 1967.
Jewish Digest, July 1969.
Steven Riskin, Tradition, Vol. 14, No. 2, Fall 1973, pp. 20-42.
Moshe Davis, Mixed Marriages, Historical Backround, Beth Israel B'America, Magnes Press, 1970.
תפוצות ישראל, 1971.
17 אין אַ בריוו פון הרב י. ל. זלאָטניק (עלזעט-אבידע) זומער, תשי״ח, צו ר׳ יצחק ריבקינד: „...מה אומרים אצלכם על ינאי (או הורדוס הקטן) שלנו. בן גוריון... שונא דת ישראל.. הוא יהרוס כל מה שיש... אל תשחק לדברי״...
18 מער וועגן בן גוריון אין די ווערק פון ח. וויטאַל (חיים א. הורוויץ) „דוד בן גוריון ערשטער פּרעמיער פון ישראל״, ניו-יאָרק, 1952; אברהם אביחי, „דוד בן גוריון, מעצב המדינה״, כתר-ירושלים, 1974 און פיל-פיל אַנדערע.
19 זע, הצופה, תמוז תשל״ג, „נשים יהודיות באהלי ערב״ — לויטן שרייבער דערגרייכט די צאָל איבער 5,000 יידישע פרויען וועלכע וווינען מיט אַראַבער.
20 זע, זאב משה (וו. גאָנטער) פלאוט, „האומנם, עם נבחר?״ ז״ז 107-109.
21 זע, קיצור מחקרי לייקוויל, תפוצות ישראל, סעפּטעמבער-אָקטאָבער, 1969.

## ה

1 „קענעדער אַדלער״, מאַי 30, 1969.
2 ד״ר נחום גאָלדמאַן אַנאַליזירט אין איינער פון זיינע רעדעס דעם מצב און די וויכטיקייט פון יידישער דערציונג (אין דעם דור פון חורבן און גאולה, ניו-יאָרק, 1964, ז״ז 281-302). כדאי צו ברענגען עטלעכע ציטאַטן:
„...אין אונדזער היינטיקן דור איז נישטאָ קיין גרעסערער, מער צענטראַלער און אַנטשיידנדיקער פּראָבלעם, ווי דער ענין פון דערציונג״ (ז׳ 281).
און ווייטער:
„...יידישע דערציונג איז פיל וויכטיקער פאַר אונדזער צוקונפט, ווי די צוויי הויפּטפאַקטאָרן אינעם יידישן לעבן אין דער פאַרגאַנגענהייט: קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם און יידישע מאַטעריעלע הילף...״ (ז׳ 284).
„...דאָס גרויסע און קאָלאָסאַלע פּראָבלעם פון יידישער דערציונג היינט צו טאָג איז — צו באַשטראַלן דעם יונגן דור מיט דער דאָזיקער אינספּיראַציע און באַוואָפענען אים מיט די נויטיקע סטימולן און אַנרעגונגען, צוליב וועלכע ער זאָל בלייבן אַ ייד״.
3 Mixed Marriages and the Jewish Future, by Rabbi David Kirshenbaum, New York, 1958.
אין מיין ווערק, „באַציונג צו דער פרוי״, באַנד 2, אויספירלעכער.
4 שמות, כ״ב, ל׳. און הייליקע מענטשן זאָלט איר מיר זיין און פליייש פון אַ פאַרצוקטער (טרפה) אויפן פעלד, זאָלט איר ניט עסן. ווי דער מדרש זאָגט: „... ישראל אין אוכלים מפתם ואין שותים מיינם, גלותם גלות...״ (איכה רבה, א׳, כ״ט).
5 ירמיה, א׳, ד׳ „איידער איך האָב דיך אין מוטערלייב געפורעמט, האָב איך דיך דערקענט און איידער דו ביסט פון טראַכט אַרויס, האָב איך דיך געהייליקט..
ביי שמשון, ווערט זיין מוטער, די ווייב פון מנוח, ממשפחת הדני, אָנגעזאָגט זיך אויסהיטן אין צייט פון שוואַנגערשאַפט, נישט צו טרינקען קיין שאַרפע משקאות און נישט צו עסן קיין אומריינקייט... ווייל דער זון וועט זיין אַ נזיר, אַ געהייליקטער פונעם בויך, פונעם געבורט: „השמרי נא, ואל תשתי יין ושכר; ואל תאכלי כל טמא... כי נזיר אלהים יהי׳ הנער מן הבטן...״ (שופטים, י״ג, ד׳-ה׳).

## ו

1 קדושין, ג׳, ע״ב; גמרא, ס״ו-ס״ח — אַלע פרטים אין שייכות מיט הלכה.
2 אויספירלעך וועגן דאָזיקן דין: קדושין, ס״ח, ע״ב; רמב״ם, אישות, ד׳, ט״ו: שלחן ערוך א״אַ.
3 זע, יבמות, מ״ה, ע״א.
4 הוריות, י״ג, ע״א.
5 בבא בתרא, ק״ט, ע״ב.
6 עזרא, י׳, ג׳.
7 מלכים ב׳, כ״ב, ח׳.
8 סנהדרין, כ״א, ע״ב.
9 אבות, ג׳, י״ח.
10 תענית, י״ח, ע״א; סנהדרין, ל״ח, ע״א און אַנדערע מקומות.
11 אָנהייב פרקי דרבי אליעזר.
12 בראשית רבה, לך לך, ל״ט, ג׳.
13 אבות דרבי נתן, ל׳; סנהדרין, ל״ז.

14 קדושין, ס״ח — אויספירלעך.
15 סוטה, מ״א, ע״א.
16 זע, מסכת גרים און אין הלכה-ספרים.
17 מגילה, בבלי, ד׳, ט׳; ירושלמי, ד׳, י׳; סנהדרין, ט׳, י׳ אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי״ — באריכות.
18 יבמות, ב׳, ו׳. זע אויך, בראשית רבה, ז׳, ב׳; במדבר רבה, י״ט, ג׳; קהלת רבה, ז׳, כ״ג.
19 זע אויך, בראשית רבה, ז׳, ג׳; במדבר רבה, י״ט, כ״ז א״אַ.
20 זע, גיטין, כ״ג, ע״ב.
21 קדושין, ס״ח, ע״ב.
22 יבמות, מ״ה, ע״ב.
23 חלק ב, אין „שאילת ישרון״, סימן ל״ג, און אין „נחלת צבי״, ב׳, ז״ז מ״ח, קל״ט-קמ״ד און אויף אַנדערע ערטער אין זיינע ספרים.
24 כריתות, ט׳, ע״א.
25 יבמות, כ״ג.
26 דאָרט, כ״ד, ע״ב.
27 איסורי ביאה, י״ג, י״ד.
28 כריתות, ט׳, ע״א.
29 רמב״ם, איסורי ביאה, י״ג, ב׳-ג׳.
30 יבמות, מ״ו, ע״ב.
31 אין „שאילת ישרון״, אינטערעסאַנטע טעקסטן וואָס צו זאָגן ביים מקבל זיין גרים.
32 „יסודי ישרון״ חלק ב׳ און „נחלת צבי״, ז׳ ס״ח.
33 כתובות, י״ג, ע״ב; רמב״ם, איסורי ביאה, כ׳, כ׳.
34 דברים, ז׳, ד׳.
35 זע, אבן העזר, ד׳, י״ט; יו״ד, קנ״ט, רס״ו א״אַ.
36 יבמות, ע״ח, ע״ב.
37 דאָרט, דאָרט, ע״א-ע״ב; קדושין, ג׳, ה׳; גמרא, ס״ב, ע״ב; גיטין, כ״ד, ע״ב; נזיר, נ״א, ע״א; ב״ק, ע״ח, ע״ב; תמורה, י׳, ע״א און אַנדערע מקומות.
38 תמורה, כ״ה, ע״א.
39 זע, אליקים גציל אלינסון, העובר בהלכה, סיני, ירושלים, תשרי-חשון, תש״ל.
40 רות, ב׳, כ״א.
41 זע, רות רבה, ח׳.
42 רמב״ם, איסורי ביאה, י״ג, ט״ו.
43 בכורות, ל׳, ע״ב.
44 איסורי ביאה, י״ד, ח׳.
45 פאַרעפנטלעכט אין „פנים אל פנים״, ירושלים, ל׳ שבט, תש״ל — 6.2.70.

ז

1 שמות, י״ז, ט״ז.
2 מכילתא, בשלח. ס׳איז כדאי מעיין צו זיין אין ספר „כפתור ופרח״, פרק מ״ח; שולחן-ערוך, אבן העזר, סימן מ״ד; יו״ד, קנ״ט.
3 זע, נחלת צבי, ב׳, ז״ז קל״ט-ק״ם.
4 גיטין, נ״ז, ע״ב.
5 דברים, כ״ג, ד׳.
6 ירושלמי, דמאי, ב׳, ב׳, א״אַ מקומות.
7 ברכות, כ״ח, ע״ב.

8 זע, נחלת צבי — אויספירלער.
9 אין אַ פריערדיקן פרק האָבן מיר געבראַכט די משנה: ידים, ד׳, און די גמרא: ברכות, כ״ח, ע״א. די מערהייט האָט איןביידע פאַלן געשטיצט די מיינונג פון ר׳ יהושע — דערלויבט די גירות פון אַן עמונית, אַ פרוי אָפּשטאַמענדיק פון עמון ומואָב; בזמן הזה, זינט סנחריב האָט צעמישט די וועלט „בא סנחריב ובלבל את כל האומות״ גייט נישט אָן דער פאַרבאָט פון „לא יבא עמוני..״
10 אָנהייב שמות רבה.
11 חגיגה, ג׳, ע״א.
12 „והגר מביא ואינו קורא לפי שאינו יכול לומר לאבותינו״ — מכות, י״ט; זע, דעת זקנים אָנהייב פ׳ תבא, ברענגט די הלכה פון ירושלמי.
13 ישעיה מ״א, ח׳; נ״א, ב׳.
14 ביצה, ל״ב, ע״א; יבמות, ע״ט, ע״ב.
15 זע, „פנת יקרת״, ספר זכרונות של ק״ק טומשוב, לוב. מאת שלום לבי״א, ז׳ 247.
16 סוטה, י״ט און מהרש״א אויפן אָרט.
17 עבודה זרה, ס״ד, ע״ב. תנא, נעמן גר תושב הי׳; נבוזראדן גר צדק... מבני בניו של סנחריב למדו תורה ברבים ומאן נינהו? שמעיה ואבטליון!..״ סנהדרין, צ״ו.
18 ירושלמי, מגילה א׳, י״א; סנהדרין, י׳, ה׳.
19 עבודה זרה, י׳, ע״ב.
20 מלכים, א׳, י״ח, ג׳; מלכים ב׳, ד׳, א-ח; סנהדרין, ל״ט, ע״ב; שמות רבה, ל״א, ד׳; תנחומא, תשא; תורה תמימה, בראשית, כ״ב, י״ב, אות כ״ד. זע אויך, משנת אברהם לרא״א פרייס, סמ״ג, חלק א׳, ל״ת, ל״ד; אמרי אברהם, חלק ב׳, ניו יורק, תשל״ה, ז׳ קכ״ט.
21 שבת, קמ״ז, ע״א; תוספתא, חגיגה, ג׳, ב׳; כלים, ט״ו, ע״א; ב״ב, ב׳, ד׳ א״אַ מקומות.
22 גיטין, נ״ו, ע״ב; ע״ז, י״א, ע״ב; ירושלמי, מגילה, ג׳, ט׳. דער אָריגינעלער תרגום פון עקילס איז פאַרלוירן געגאַנגען.
23 יבמות, ט״ז, ע״א; גיטין, נ״ז, ע״ב; סנהדרין, ל״ב, ע״ב. זע אויך, רב נסים גאון, ברכות, כ״ז, ע״ב; ספר יוחסין; אהרן היימן, תולדות תנאים ואמוראים, ג׳, ז׳ 988 א״אַ.
24 גיטין, נ״ו, ע״א. זע אויך, הרב נתן-נסים סולומון, ברכות, כרך ראשון, ניו-יורק, תשי״ב, ז׳ שי״ח אַז רבי מאיר איז געווען אַ בן גרים און נישט גערופן געוואָרן אויפן נאָמען פון זיין פאָטער און אַז נישט נירו קיסר האָט זיך מגייר געווען, נאָר אַ שליח, אַ גענעראַל געשיקט פון נעראָ, איז אַנטלאָפן און זיך מגייר געווען..״ רבי עקיבא ווערט יאָ גערופן אויפן נאָמען פון זיין פאָטער — אַ באַזונדערע זכיה און אַז נישט מבני בניו של המן למדו תורה בבני ברק, נאָר מבני בניו של נעמן... ווייל פון עמלק-פאָלק נעמט מען נישט קיין גרים, „נשבע הקב״ה... מכל אומות... קבלוהו, חוץ מעמלק...״ דאָרט, ז״ז שס״ה-שס״ו — באריכות.
25 סנהדרין, צ״ו, ע״ב; היימן, דאָרט, ז׳ 1147.
26 ספרי, פ׳ נשא.
27 בראשית, י״ב, ג׳.
28 יבמות, ס״ג, ע״א.
29 כלאים, ז׳, א׳. זע, ר״ב עפשטיין, תורה תמימה, בראשית, י״ב, ג׳, אות ח׳. **המבריך** — אז איינער בייגט אַריין דעם צווייג — ברכים-קני, איינבייגן ווי אַ קני...
30 זע, בראשית, י״ט, ל״ג — אויסטייטש פון ר׳ חייא אין נאָמען פון ר׳ יהושע בן קרחה, נזיר כ״ג, ע״ב.
31 „אסור לי׳ לישראל למילף אורייתא לעכו״ם״ — זוהר, משפטים, קי״א, ע״א.
32 במדבר רבה, י״ג, מ״ו; תנחומא, ויקהל, ח׳; ב״ק, ל״ח, ע״א.
33 יבמות, מ״ז, ע״ב; קדושין, ע׳, ע״ב; נדה, י״ג, ע״ב א״אַ.
34 דאָרט, דאָרט.
35 קדושין, דאָרט, הגהות הב״ח, אויפן אָרט, ווייזט אָן אויף סוף מסכת פסחים „דאין עושין חבורה שכולה גרים שמא ידקדקו בו ויביאוהו לידי פסול״.
36 ספרי, פ׳ פינחס.

37 דברים, ה׳, כ״א. זע, משפטי עוזיאל, ירושלים, 1964, סימן י״ח;
Marc D. Angel, Another Halachic Approach to Conversion, Tradion Vol. 12, No. 3-4, Winter-Spring 1972, pp. 107-113.
38 דברי הימים, א׳, י״ז, כ״א — אויספירלעכער אין מיין גרים-ווערק.
39 זע: יבמות, כ״ד, ע״ב; מ״ז, ע״א; תוס׳ חולין, ד׳, ע״ב; רמב״ם, איסורי ביאה, י״ג מפרשים און פוסקים אין הלכות גרות.
40 בכורות, ל״א.
41 זע, אנציקלופדיה תלמודית, ערך גר.
42 יבמות, מ״ו.
43 מעריב, ל׳ ניסן (תשל״ה-11.4.75) בריוו צו שמחה רז, כ״ד, תשרי, תשל״ה.
44 אויספירלעכער וועגן די כוזרים, אינעם ווערק פון יצחק בן צבי „נדחי ישראל״, ניו-יאָרק, תשכ״ג-1962, הוצ׳ האחים שולזינגער, פון העברעיש — א. ראובני, ז״ז 250-262.
45 דאָרט, ז״ז 161-169.
46 נדה, ז׳, ג׳; נ״ו, ע״ב; רמב״ם, משכב ומושב, ד׳, י׳.
47 ברכות, ז׳, א׳.
48 דאָרט, ח׳, ח׳.
49 זע, חולין, ג׳, ו׳.
50 יו״ד הלכות רבית, קנ״ט, ב׳; ש״ך, אויפן אָרט.
51 אויף אַן אַנדער אָרט, האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אריכותדיק.
52 רמב״ם, אישות, ד׳, ט״ו.
53 זע, הרב כתריאל דוד קאפלון, הדרום, ניסן, תשל״ה, ז״ז 56-63.
54 עבודה זרה, כ״ו, ע״ב.
55 מיר האָבן אַ באַזונדער אַרבעט וועגן משומדים.
56 חתם סופר, יו״ד, שכ״ו; זע אויך: י. י. גרינוואַלד, כל בו, אבלות, א׳, ה׳, סימן ב׳; ש. ז. ברוין, שערים מצויינים בהלכה, ד׳, ר״א, אות ג׳; יסודי ישרון, א׳, י׳.

## ח

1 זע, אישים ודמויות בחכמת ישראל באירופה המזרחית לפני שקיעתה, ערך ד״ר שמואל ק. מירסקי, תשי״ט-1959, ז״ז 119-132.
2 זע, חכמת ישראל באירופה, ערך ד״ר שמעון פעדערבוש, כרך ג׳, תשכ״ה-1965, ז׳ 408.
2* זע, אישים ודמויות, דאָרט, ז״ז 119; 121-125. יהודה דוד אייזנשטיין, אין „אוצר ישראל״, ד׳, ז״ז 181-182, גיט אויך צו: „ובדרך אגב, גלה את הזיופים של הקראי פירקוביץ...״ ער גיט אָן, זיין געבוירן-יאָר ת״ר-1839. אומעטום ווערט אָנגעגעבן דאָס יאָר תקצ״ו אַלס געבוירן-יאָר פונעם משכיל און אומגעוויינלעכן פאָרשער אברהם אליהו הרכבי.
2** זע, פלטיאל בירנבוים, הדואר, ניו יורק, י״ח בתמוז, תשל״ה, ז׳ 511. אין מיין מאמר וועגן אברהם אבן עזרא — וועגן דעם.
3 ז״ז 149-160.
4 דאָרט, ז׳ 152. אַ חידוש וואָס ער גיט נישט אָן, אין זיין ביבליאָגראַפּיע די ווערק פון ד״ר רפאל מאַהלער (אין יידיש) און פון ד״ר צבי כהן (אין ענגליש).
5 זע אויך, פנים אל פנים, העורכים פינחס פלאי און שמואל הכהן אבידור, י״א בניסן, תשכ״א.
6 ישעי׳ כ״ז, י״ב-י״ג.
7 זע, נדחי ישראל, ז׳ 9. איינס פון די ווערק פון ד״ר י. בן זאב, „היהודים בערב״, איז דערשינען אין ירושלים, 1957.
8 זע, נחלת צבי, ז״ז קל״ט-קמ״ד.

9 זע: נדחי ישראל, ז״ז 222-233; פנים אל פנים, כ״ד טבת, תשל״ג (29.12.72); ב׳ שבט, תשל״ג (5.1.73).
10 נדחי ישראל, דאָרט.
11 קודם שנשא שלמה את בת פרעה משל בעליונים, לאחר שנשא, משל בתחתונים — שבת, נ״ו, ע״ב; סנהדרין, כ׳, ע״ב; בעל הטורים, בראשית ב׳, כ״ב.
בן צבי דערמאָנט אין זיין ווערק נדחי ישראל (311), אַז אין 14טן י״ה, האָבן די יידן אין עטיאָפּיע געהאַט אַן אייגענע מלוכה פון פאַלאַשאַס.
12 זע, נדחי ישראל, דאָרט — אויספירלעך.
13 זע, פנים אל פנים, כ״ו אדר א׳, תשכ״ב (2.3.62). אַ געשיכטלעך-היסטאָריש ווערק וועג די בני ישראל, איז געשריבן געוואָרן אין ענגליש פון זייערס אַ „חכם" א״נ „לתולדות בני ישראל" וואָס איז איבערגעזעצט געוואָרן פון עמנואל אולסוונגר אין עברית און דערשינען אין תל-אביב, 1937.
14 יבמות, ט״ז, ע״א-ע״ב. ס׳זענען דאָ חלוקי דעות, צי מ׳זאָל מקבל זיין גרים פון תדמור. זיי האָבן געכאַפּט יידישע טעכטער און אַזוי אַרום געקראָגן אַ חלק אין נחלת ישראל.
15 זע, נדחי ישראל, ז״ז 311, 314-316.
16 נדה, כ׳, ע״ב; זע אויך, ב״מ, ע׳, ע״ב; עבודה זרה, ע״ו, ע״ב; חולין, ס״ב, ע״ב; „עמוני ולא עמונית", נדחי ישראל, ז׳ 318.
דער „פנים אל פנים" האָט אַ לענגערע צייט געהאַלטן געשפּאַנט זיינע לייענערס מיט די שאלות וועגן די פאַרשטויסענע און פאַרבלאָנדזשעטע און פאַרעפנטלעכט גאַר אינטערעסאַנטע, היסטאָריש-באַגרינדעטע און צייטיק-אַקטועלע אַרטיקלען — זע נומ׳ 281-282, י״ד תשרי תשכ״ה (20.7.64).
17 זע, נדחי ישראל, ז״ז 320-325.
18 זיינע נאָטיצן זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן דריי הונדערט יאָר שפּעטער מיטן נאָמען „סיבוב העולם" (1595).
19 זע, א. נ. פּאָלאַק, כוזריה תולדות מלוכה יהודית באירופה, תל-אביב, 1943. זע אויך, נדחי ישראל, ז״ז 327-329; 334-336.

## קאַפּיטל אַכצן

# אייביקער פאַרבאָט פון ממזרות

**א. פאַרבאָט פון ממזרים צו קומען אין קהל ד׳. — יידישער קהל. — ווער איז אַ ממזר? — דער טערמין „ממזר״. — פאַרשטענדעניש און איינזעעניש פאַר אומשולדיקע קינדער.**

אַ ממזר אָדער אַ ממזרת איז אַ קינד, געבוירן פון אַ נישט־דערלויבטער חתונה: פון אַ צוזאַמענלעבן פון געשלעכטער, וואָס איז לויט דער תּורה פאַרבאָטן און ווערט באַטראַכט אַלס ניאוף, זנות. אויף אַזאַ אויסגעלאַסנקייט קומט שווערע שטראָף. ווערן דעריבער די קינדער אויך באַשטראָפט און אויף אַזעלכע איז געזאָגט געוואָרן: „לא יבוא ממזר בקהל ד׳״[1]. קינדער געבוירענע פון אַנדערע סאָרטן אויסגעלאַסנקייטן, ווי פאַרבאָטן זיי זאָלן נישט זיין, ווערן נישט קלאַסיפיצירט ווי ממזרים.

דער אויסדרוק „לא יבוא״ אין פשוטן טייטש, מיינט התחתנות, חתונה האָבן מיט אַ יידישער טאָכטער אָדער מיט אַ יידישן מאַן. דער פאַרבאָט איז אַן אייביקער. מען נעמט אָן, אַז דער „עד עולם״ וואָס ווערט געזאָגט ביי עמון ומואב, גייט אויך אַרויף אויפן ממזר־פאַרבאָט. דער פאַרבאָט איז אויף אייביק, ווי לאַנג מ׳קען ציִען די קייט פונעם ערשטן ממזר אָדער ממזרת. אַזוי האָבן איינגעשטעלט די חז״ל, די גרונטלייגערס פון די פאַמיליע־געזעצן ביי יידן[2]. די דאָזיקע געזעצן ווערן שטרענג אָפּגעהיט ביזן היינטיקן טאָג.

אין אַ פריערדיק ווערק האָבן מיר אָנגעוויזן אויף ר׳ יוסי׳ס בשורה[3], אַז אין דער צוקונפט, ווען משיח וועט קומען, וועלן ממזרים געריייניקט ווערן: „עתידין ממזרים לטהר לעתיד לבוא״. מיר האָבן אויך אָנגעוויזן אַז דער דאָזיקער זאָג, איז נישט אַזוי פשוט. אָבער פריִער — ווער איז אַ ממזר?

אין תּלמוד האָבן מיר אַ פּאָלעמיק צווישן גדולי התנאים, אין קלאַסיפיצירן ממזרים, פאַרבאָטן חתונה האָבן מיט יידישע קינדער, אין רש״יס ווערטער: „לא ישׂא ישׂראלית״[4]. רבי עקיבא איז דער גרעסטער מחמיר און וועגן דער דאָזיקער שטרענגקייט זיינער ווערט געזאָגט: „בואו ונצווח על עקיבא בן יוסף״, קומט, לאָמיר שטורעמען אויף ר׳ עקיבא, ווייל ער האַלט, „כל שאין לו ביאה בישראל הולד

ממזר״ [5] — אויב דאָס קומען פון ייִדישן זכר אויף דער ייִדישער נקבה איז נישט דערלויבט, אויב זייער געשלעכטלעכער פאַרקער איז פאַרווערט, איז זייער פּרוכט פאַרווערט.

די חכמים האָבן זיך אַרויסגעשטעלט קעגן דער דאָזיקער איינשטעלונג. זיי האָבן געוואָגט זיך אויסצודריקן שאַרף קעגן דעם באַליבטן, שטאַרק פאַרערטן תּנא, וועמעס נאָמען איז געווען באַרימט „מסוף העולם ועד סופו״ [6] און זיין חבר ר׳ טרפון האָט אים געזאָגט: „כל הפורש ממך כפורש מן החיים״ [7]; עס איז געווען רבי עקיבא וועגן וועלכן מ׳האָט געזאָגט: „לבן של ראשונים כפתחו של אולם״ [8], כּמעט אומעטום איז „הלכה כמותו״ און ער איז אַפילו באַוואונדערט געוואָרן פון משה רבינו [9], אָבער אין דער ממזרות־פּערספּעקטיוו און איינשטעלונג, האָט מען געוואָגט חולק צו זיין אויף זיינע חומרות.

אַ שטאַרקע דיסקוסיע איז אָנגעגאַנגען צווישן די תּנאים, ביים סוף פון דער בית־שני־תּקופה, וועגן פעסטשטעלן דעם דין ממזר, ד״ה ווער ס׳איז אַ ממזר. אין דער דיקוסיע האָבן זיך באַטייליקט: ר׳ שמעון התימני, ר׳ יהושע, ר׳ שמעון בן יהודה, ר׳ ישבב, ר׳ עקיבא, שמעון בן עזאי און אַנדערע. דער אויספיר איז געווען — און אַזוי איז אויך פעסטגעשטעלט געוואָרן אין דער הלכה — אַז אַ ממזר איז אַ קינד, וואָס איז געקומען אויף דער וועלט אַלס רעזולטאַט פון אַ שטרענג־פאַרבאָטענער באַהעפטונג, „שנולד מאחת העריות שבתורה״. די פראַגע איז: פון וועלכע עריות? צי איז דער פאַרבאָט בלויז אַ „לאו״ — מ׳טאָר נישט? אָדער צי געהערט דער פאַרבאָט צו דער גרופּע פאַרבאָטן „חייבי כריתות״, ד״ה טויטשטראָף פון הימלישן געריכט, געמשפּט ביים בית־דין של מעלה, אָדער צו די פאַרבאָטן אויף וועלכע ס׳קומט טויטשטראָף ביים בית־דין של מטה, „חייבי מיתות בית דין״?

די משנה [10] לערנט אונדז: „איזהו ממזר, כל שאר בשר שהוא בלא יבא, דברי ר׳ עקיבא; שמעון התימני אומר: כל שחייב עליו כרת בידי שמים והלכה כדבריו, ור׳ יהושע אומר, כל שחייבין עליו מיתת בית דין. אמר ר׳ שמעון בן עזאי: מצאתי מגילת יוחסין בירושלים וכתוב בה, איש פלוני ממזר מאשת איש, לקיים דברי ר׳ יהושע״.

אין ייִדיש [11]: וואָס הייסט אַ ממזר? יעדער שאר־קרובה (דאָס נאָענטע לייַב) וואָס איז פאַרבאָטן צו לעבן מיט איר, דורך דעם איסור פון „לא יבוא״ (נישט קומען געשלעכטלעך — נ.ש.) אַזוי זאָגט רבי עקיבא. דאָס קינד וואָס ווערט גע־בוירן פון צוזאַמענלעבן מיט אַזאַ קרובה, נישט רעכענענדיק זיך דערמיט, וואָס דער פאַרבאָט איז בלויז אַ „לאו״ און ס׳קומט נישט קיין כרת, הייסט דאָס קינד אַ ממזר. שמעון התימני זאָגט, אַז יעדע, וואָס מען איז מחוייב דערויף כרת, פאַר־שניטן דורך דעם הימל, לעבן מיט אַזאַ פרוי, הייסט דאָס קינד אַ ממזר און די הלכה

איז, ווי שמעון התימני. ר׳ יהושע זאָגט, אַז יעדע, אויף וועלכער מען איז מחוייב טויטשטראָף דורך דעם בית־דין, איז דאָס קינד אַ ממזר. לויט זיין אויפפאַסונג, וועט אַ קינד געבוירן פון חייבי כריתות, ווי לעבן מיט דער ווייבס שוועסטער, נישט זיין קיין ממזר. אַ ממזר הייסט נאָר, אויב עס ווערט געבוירן דורך לעבן מיט אַ פרוי, וועלכע איז פאַרהייראַט צו אַן אַנדערן („אשת־איש״), לעבן מיט דער אייגענער מוטער אָדער טאָכטער — די אַלע, אויף וועלכע ס׳קומט טויטשטראָף.

ר׳ שמעון בן עזאי האָט געזאָגט; איך האָב געפונען אַ יוחסין מגילה[12] אין ירושלים, און עס איז דאָרט געווען פאַרשריבן, אַז יענער מענטש איז אַ ממזר פון אַן אשת־איש, צו באַשטעטיקן די ווערטער פון ר׳ יהושע.

דער „ספר יוחסין״, ווי עס ווערט דערציילט איז „נגנז״ געוואָרן, באַהאַלטן אָדער פאַרלוירן געגאַנגען און דעריבער האָט בן עזאי איבערגעגעבן, אַז ער האָט יאָ געפונען אַזאַ יחוס־מגילה.

עס איז נישט אונדזער אויפגאַבע זיך אַריינצולאָזן אין אָט דער שקלא וטריא, ווי דאָס ווערט הלכהדיק באַגרינדעט אין די ספרי הפוסקים, אין דער ספּעציפישער טערמינאָלאָגיע: „שאיסורו איסור ערוה וענוש כרת״, וואָס שליסט איין אַלע וועלכע זענען אונטערן שטרענגן עריות־פאַרבאָט און ס׳קומט דערפאַר די שטרענג־סטע טויטשטראָף. אויב דער פאַרבאָט איז אַ לייכטערער, און ס׳קומט נישט דערפאַר די האַרבע שטראָף, וועט דאָס קינד, ווי אַ רעזולטאַט פון דאָס פאַרבאָטענע, נישט האָבן אויף זיך די זעלביקע עונש־קאָנסעקווענץ, וועט נישט טראָגן אויף זיך דעם ממזר־פלעק.

ס׳זענען אויך פאַראַן אויסנאַמען. האָבן באַציִונגען מיט אַ נידה איז פאַרבאָטן מיטן עונש פון כרת. דאָס קינד, געבוירן פון אַזאַ פאַרקער, איז נישט קיין ממזר: עס איז אַ בן הנדה, עס קאָן זיין „פגום״, אָבער ווערט נישט געאורטיילט מיטן האַרבן עונש פון „לא יבוא בקהל ד׳״. אַזאַ צוזאַמענלעבן שאַפט אפשר אַ גייסטיקן דעפעקט, אָבער גייט נישט אַזוי ווייט — ביז צו ממזרות. ווען אַ כהן נעמט אַ גרושה, טראָגט ער אויף זיך דעם עונש פון חלל, ער האָט פאַרשוועכט די כהונה, אָבער דאָס קינד פון אַזעלכע, ווערט נישט באַטראַכט פאַר אַ ממזר און ס׳איז אים דערלויבט חתונה האָבן מיט יידן.

ווער זענען די עריות און פאַר וואָס אַזאַ שטרענגקייט מיט צוגעבן צו די תורהדיקע?

אין די פריִערדיקע ווערק[13] האָבן מיר געגעבן אַ גענויע רשימה. אין דער תורה איז זייער צאָל ניינצן (19). די חכמים האָבן פאַרגרעסערט און צוגעגעבן זעקס־און־צוואַנציק (26) און זיי ווערן גערופן „שניות״ — פון דער צווייטער קאַטעגאָריע אין פאַרגלייך צו דער ערשטער, דער אָריגינעלער קאַטעגאָריע פון „עריות״־פאַרבאָטענע. בכדי צו פאַרהיטן דעם יִדישן ווייִנגאָרטן, ער זאָל זיין

גערייניקט און געהיט פון וועלכן נישט איז אַריינמיש פון פאַרבאָטנקייט אינעם משפחה־לעבן, האָט מען צוגעגעבן די „שניות לעריות", ווייל „אי לאו שניות פגע בערוה"[14]. אויב מ'וואָלט נישט צוגעגעבן די דאָזיקע, וואָלט מען געקומען צו די עצם־פאַרבאָטענע. האָט מען דעריבער אָנגענומען די דאָזיקע שטרענגע מיטלען, צוליב תאווה, צוליב יצר הרע, ווי די חז"ל דריקן זיך אויס: „שנפשו של אדם מחמדתן ומתאוה להן"[15].

ביים עריות־פאַרבאָט האָט מען אויך, צוליב די זעלביקע מאָטיוון, געענדערט דעם כלל, אַז ביי געמישטקייט גייט מען לויט דער מוטער און ביי ריינע יידישע חתונות — לויטן פאָטערלעכן צד. דאָ גייט מען לויטן צד־פגום: צי דער פאָטער איז אַ ממזר (און די מוטער איז אַ ריין יידיש קינד) צי פאַרקערט — די מוטער איז אַ ממזרת (און דער פאָטער איז אַ ריין יידיש קינד) גייט מען לויטן „פגום". איןביידע פאַלן איז דאָס קינד אַ ממזר אָדער ממזרת. דער פאַרבאָט איז אַן אייביקער[16].

דאָס אַלץ איז געזאָגט געוואָרן וועגן אַ זיכערן ממזר, „ממזר וודאי"; אויב מען איז נישט זיכער, צי דאָס קינד איז אַ ממזר, צי עס איז געקומען אויף דער וועלט פון פאַרבאָטענע געשלעכט־באַציונגען, דאַן מעג ער אָדער זי קומען אין קהל ד'. אויף אַ „ממזר ספק" ליגט נישט דער אייביקער פאַרבאָט[17]. נאָך אַ פאַרלייכטערונג: דער „ממזר וודאי" מעג חתונה האָבן מיט אַ „ממזר ספק", אויב אויף דעם אַנדערן צד איז נישטאָ קיין פולשטענדיקע זיכערקייט פון משפחה־ריינקייט, צי ס'האָבן זיך נישט אַריינגעכאַפּט „עריות"־עלעמענטן[18].

און וואָס איז מיטן טערמין ממזר? וואָס באַטייט דאָס וואָרט ממזר?

ווי מיר האָבן געזאָגט, איז אַ קינד, געבוירן דורך אַ צוזאַמענלעבן פון אַ מאַן מיט אַ פרוי, וועלכע איז אַן אשת־איש און איז נישט געגט פון איר ערשטן מאַן לויטן יידישן דין — אַ ממזר גמור, אַ פולשטענדיקער ממזר. אויב די פרוי פאַר־לאָזט דעם צווייטן מאַן, מיט וועמען זי לעבט אין פאַרבאָטנקייט און זי האָט געהאַט פון אים אַ קינד, איז דאָס קינד אַ ממזר מדרבנן, לויט די תקנות פון די חכמים. זיין מצב איז גאָר אַ שווערער, אַ טראַגישער: ער טאָר נישט חתונה האָבן, נישט מיט קיין ריין יידיש קינד און נישט מיט קיין ממזרת. ער מעג בלויז חתונה האָבן מיט אַזעלכער אָדער אַזעלכן ווי ער — „ממזר או ממזרת כמותו"...[19] דער דין איז אויך, אַז אַ ממזר ספק טאָר נישט נעמען קיין ממזרת וודאי און אַזוי כסדר — געוואַלטיקע שוועריקייטן, פאַר אַט דער משפחה־פאַרפלאָנטערטקייט, נישט געקוקט אויף דער פאַרשטענדעניש און איינזעעניש, וואָס מ'האָט תמיד אַרויס־געוויזן צו אַזעלכע אומשולדיקע קינדער. דאָס יידישע פאַמיליע־לעבן איז גע־שטאַנען אין קאָן. דעריבער האָט מען געמוזט אָננעמען שטרענגע מיטלען.

וועגן דעם טערמין ממזר האָבן מיר שוין געשריבן [20]. מיר האָבן דאָ אַ גרעסערע צאָל טייטשן. דער אבן עזרא [21] ברענגט די חז״ל, נאָך דעם וועגן די „מם׳ן: „והשני ממי״ן נוספין כממי״ן נהרסו ממגורות״. ער ברענגט אויך אַ טייטש פון „אחרים״, פון אַנדערע. ווער די אַנדערע זענען, זאָגט ער נישט: „ואחרים אמרו כי הוא שם גוי וישב ממזר באשדוד כי רחוק הוא שיקרא שם ישראל ואף כי בעת הישועה בשם גנאי והמתרגם תפש דרך קצרה ודרש״. ס׳לאָזט זיך נישט טייטשן, אַז דער פאַרבאָט אויף ממזר זאָל גאָר מיינען אַ פרעמד פאָלק. די דאָזיקע מיינונג איז בכלל נישט באַגרינדעט און איז קעגן חז״ל.

מיט דעם אבן עזראס באַמערקונג וועגן דעם דרש אין תרגום איז מסתמא געמיינט דער תרגום יונתן בן עוזיאל. אין תרגום אונקלוס איז עס פשוט, בקיצור „ממזרא״. אין תרגום יונתן: „לא ידכי דמתיליד מן זנו דביה מומא בישא...״ דאָס וואָרט „ממגורות״ געפינט זיך אין דער משנה [22] אָבער נישט מיט די צוויי מם׳ען, נאָר „מגורות״...

דער רמב״ן [23] קאָמענטירט: „שם לאיש מוזר מאחיו ויודעיו, שלא יודע מאין בא, כל׳ וישב ממזר באשדוד... והנה הנולד לאיש מאשת אביו הוא ירחיק אותו ולא יודה בו לבשתו ולכלמתו מן המעשה הרע שעשה וגם אמו תשליכנו בלילה כענין האסופי הנזכר בתלמוד והנה הוא ממזר בעיר מולדתו וכן כל העריות, כדברי רבותינו בקדושין ירושלמי, אמר רבי אבהו, מהו ממזר — מום זר״.

אין ירושלמי ווערט געזאָגט אין נאָמען פון רבי אבהו, אַז ממזר שליסט אײַן צוויי ווערטער „מום זר״, אַ פעלער צוליב פרעמדקייט און אַזוי ווערט עס פאַר־שטאַנען ביי פילאָלאָגן־פאַרשערס און אַזוי אויך ביי תורה־פאַרשערס. אַ „זרות״, פרעמד־געוויקס ביים געבורט, טראָגט עס מיט זיך דאָס גאַנצע לעבן: „כל דבר מום זרות שיש בו בין שהוא בהזכר, בין שהוא בהנקבה״ [24].

ס׳איז כּדאי צו ווידמען עטלעכע ווערטער דעם פסוק [25] „וישב ממזר באשדוד״, וואָס ווערט ביי די חז״ל דיסקוטירט און דערפון זאָל זיין געדרונגען, אַז ממזרים וועלן בלייבן מחוץ דעם קהל ישראל און רבי יוסי, וועלכער האַלט „עתידין לטהר״, באַמיט זיך דאָ אַריינצולערנען אַ גאָר נייעם פשט אינעם פסוק [26]: אַז מען וועט די ממזרים וואַשן אויף זייער אָרט, אין אשדוד און נאָך דעם זיי אַריינעמען. אינטערעסאַנט איז, אַז דער תרגום לערנט אַזוי: „ויתובון בית ישראל באשדוד דהוו בה כנוכראין...״ [27]. די וועלכע טייטשן דאָס וואָרט ממזר, אַ געמיש, אָדער צונויפזאַמל פון פעלקער, לערנען, אַז דאָס האָט דער נביא געמיינט צו זאָגן, אַז די דאָזיקע פעלקער, אָפּלויף און אַנטרונענע, פליטים, וועלן זיך באַזעצן ביי דעם דאָזיקן וויכטיקן האַפן, וואָס איז געווען אַ שטאָט ביים מיטללענדישן ים. לויט דעם פירוש, קאָן מען אויך טייטשן, אַז דאָס מיינט מען אַ תאווהדיקן, אויסגעלאַסענעם

צוזאַמענמיש, וואָס האָט געבראַכט דעם צונויפמיש פון קינדער אָפּגעפרעמדטע [28] — אָבער דאָס גייט שוין אַריין אין אַ נייער עטימאָלאָגישער פאָרשונג.

די משנה [29] לערנט אונדז: „ממזרין ונתינין אסורין ואיסורן איסור עולם", די ממזרים און די נתינים (די אָפּשטאַמיקע פון די גבעונים וועלכע זענען דורך אַן ערמה געוואָרן ייִדן אין דער צייט פון יהושע) איז פאַרווערט חתונה צו האָבן מיט ייִדן און אָט דער פאַרבאָט איז אַן אייביקער, אויף אַלע דורות, אחד זכרים ואחד נקבות, און איז חל הן אויף מאַנספאַרשוינען, הן אויף פרויען.

די גמרא [30] ברענגט, אַז ריש לקיש האָט געזאָגט, אַז אַ ממזרת, איז דערלויבט נאָך צען דורות חתונה צו האָבן מיט אַ ייִדן. פרעגט מען אויף ריש לקיש פון דער משנה, ענטפערט ער, אַז עס איז אַ מחלוקת צווישן תּנאים [31] און ער האַלט „דון מינה ואוקי באתרא" — מען לערנט אַרויס פון עמוני ומואבי, אַז די נקבות, די פרויען, זענען יאָ דערלויבט צו קומען בקהל ד׳, אָבער באַלד איז זיי נישט דער־לויבט, ווייל מיר האָבן נאָך אַ גזירה שוה: „עשירי־עשירי" [32].

מ׳האָט געפרעגט רבי אליעזר: ממזרת נאָך צען דורות, וואָס איז דער דין? האָט ער געענטפערט: גיט מיר אַ ממזרת נאָך דריַי דורות און איך וועל זי מטהר זיין, ווייל ער האַלט, אַז ס׳איז גאָר נישט מעגלעך קיין נאָכקומענדיקע דורות ביי ממזרים — „ממזרא לא חיי". ווערט דאָרט געשטעלט די האַרבע קשיא: די משנה זאָגט דאָך „ואיסורן איסור עולם", איז דאָך אַ באַוויַיז, אַז זיי ברענגען דורות. דער תּירוץ איז: „דידיע — חיי; דלא ידיע — לא חיי". באַוווּסטע ממזרים לעבן, די אומבאַקאַנטע ווערן געשטראָפט נישט צו לעבן. רש״י דערקלערט עס, אַז דאָס האָט צו טאָן מיט שטראָף און מורא פון אויסגעמישטקייט. מיר וועלן ציטירן דאָס לשון פון רש״י: „דידיע לכל בברור חיי הוא ודורותיו, דלא מטמעי; דלא ידיע כלל, לא חיי אפילו הוא שלא ישא כשרה; דידיע ולא ידיע, עד תלת דרי, דזהירי אנשי, חיי; טפי לא חיי, דכיון דלאו דבר ברור הוא משתכחא מילתא" — די שטראָף פון נישט לעבן, איז כדי דער אומבאַקאַנטער ממזר זאָל זיך נישט אויסמישן אין דער הייליקייט און ריינקייט פונעם ייִדישן קהל.

וועגן דעם חידוש, אַז „ממזר לא חיי", אַז דער ממזר לעבט נישט, האָבן מיר פאַרשיידענע מיינונגען [33] אין ירושלמי [34] ברענגענדיק די מיינונג פון רבי אליעזר (אַ ביסל געענדערט דעם לשון) ווערט אויך געבראַכט אין נאָמען פון רב הונא, אַז אַ ממזר לעבט נישט לענגער ווי דרייסיק טעג און דער אויספיר איז: „אימתי בזמן שאינו מפורסם, הא אם הי׳ מפורסם — חי" [35]. אין מדרש [36]: „אמר רב, לעולם אין ממזר חי יותר על שלשים יום" און נאָך דעם, די ענלעכע מאמרים, ווי אין ירושלמי, מיט אַ צאָל פּאַקטישע דערציילונגען, ווי וויכטיק עס איז פאַר דעם ממזר, מ׳זאָל וויסן פון אים; דאָס גיט אים רעכט צו לעבן. פאַר וואָס עפּעס דרייסיק טעג? איז אויף דעם דאָ אַ צאָל תּירוצים. פון די לאָגישסטע: ווייל ביז

דרייסיק טעג קען די מוטער געפינען אַ וועג פּטור צו ווערן פונעם נישט געגאָרטן געבורט. נאָך דרייסיק טעג, איז אַ סך שווערער. און נאָך אַ תירוץ: צוליב שלום־בית. אויב דאָס קינד גייט אַרויס פונעם „נפל״־פּעריאָד, דרייסיק טעג, איז עס געוויס אַ כשר קינד [37]. לויטן בעל הטורים קומט אויס, אַז קיין שום ממזר, נישט קיין חילוק באַוווסט אָדער נישט באַוווסט, קען נישט האָבן קיין קינדער [38] און מפרשים זוכן אַ הסבר אויפן דאָזיקן זאָג פון בעל הטורים.

ר׳ יעקב ק. רייניץ, אין דער בעל הטורים־אויסגאַבע, גיט אָן אין זיינע מילו־אים [39] אין נאָמען פון ספר „עיטור בכורים״, אַז אַ ממזר מיט אַ ישראלית, איז דער עונש, ער זאָל נישט האָבן קיין קינדער, כדי נישט צו מערן קיין ממזרים. אָבער ממזר מיט ממזרת קאָנען און דאַרפן האָבן קינדער.

אין ספר חסידים [40] ווערט געזאָגט: „המוליד ממזר לא קיים פּריה ורביה״, ווייל דער ממזר וועט נישט בלייבן לעבן — אַ שווערע שטעלע אין ספר חסידים און מפרשים מאַטערן זיך צו פאַרענטפערן. דערצו נאָך איז שווער, צוליב וואָס בלויז דער עונש, אַז ער האָט נישט מקיים געווען די מצווה פון פּרו ורבו; לויטן ירושלמי איז ער מעכּב די גאולה, ער האַלט אויף דאָס קומען פון משיחן. ס׳איז אויך שווער פונעם דערמאָנטן ירושלמי, וואָס זאָגט, אַז מוליד ד״ה, אַז דער ממזר האָט יאָ מקיים געווען די ערשטע מצווה... [41]

יאָ, אויב מיר זאָלן זיך אַריינלאָזן אין אָט דעם ענין, וועט זיך שאַפן אַ ממזרות־טראַקטאַט און דאָס איז נישט אונדזער עסק. לויט דער הלכה בלייבט נישט ווי ריש לקיש, נאָר ווי די סתם־משנה, „אסורין ואיסורן איסור עולם, אחד זכרים ואחד נקבות״ [42].

נישט מיט אַ לייכט האַרץ האָט מען פאַרבאָטן דעם ממזר צו נעמען אַ יידישע פרוי, אָדער פאַרקערט. ווען און ווו נאָר מ׳האָט געקענט צוריקווייזן דעם אורטייל, האָט מען עס געטאָן. מ׳האָט למשל צוריקגעוויזן דאָס עדות זאָגן פון עלטערן, אַז זייער קינד איז אַ ממזר: „האומר בני זה ממזר... ואפילו שניהם אומרים על העובר שבמעיה ממזר הוא — אינם נאמנים״. אויב איינער קומט און זאָגט, זיין זון איז אַ ממזר, גלייבט מען אים נישט [43], ווייל ער איז אַ קרוב און איז נישט כשר צו זאָגן עדות. אפילו די מוטער, וואָס ווייסט גענוי, אַז איר קינד איז אַ ממזר, גלייבט מען איר נישט. ס׳דאַרף זיין אַן „עדות גמורה״ אויף צו פּסלן אַ מענטשן.

אַ פאַרהייראַטע פרוי, אויף וועלכער ס׳גייט אַרום אַ קלאַנג, אַז זי איז מזנה, ווערן נישט צוליבן קלאַנג אירע קינדער ממזרים. מען נעמט אָן, אַז די קינדער האָט זי פון איר לעגאַלן מאַן, „שרוב בעילות תולין בבעל, והולד כשר״ [44].

אין די שאלות ותשובות פון רבנים־אויטאָריטעטן געפינט מען אומציילִיקע פאַרלייכטערונגען (קולות) און מען איַילט זיך נישט מיט פּסלן יידישע קינדער, סיידן מען איז זיכער און מ׳האָט פעסטגעשטעלט די ממזרות.

אויב דער ממזר האָט חתונה מיט אַ נכרית (אַ גויע), איז דאָס קינד אַ גוי. אויב ער איז זיך מגייר, איז ער אַ גר צדק, מעג ער שוין קומען בקהל ד׳, לויטן פרינציפ: „גר שנתגייר כקטן שנולד דמי״. אויב דער ממזר האָט חתונה מיט אַ שפחה, איז דאָס קינד אַן עבד, ווען דער דאָזיקער עבד ווערט באַפרייט פון שקלאַפעריי, ווערט ער אַ בן חורין, אַ פולשטענדיקער ייִד. מען עצהט דעם ממזר חתונה צו האָבן מיט אַ שפחה, וואָס וועט אים פאַרלייכטערן, אַז זיינע קינדער זאָלן האָבן אַ מעגלעכקייט חתונה צו האָבן מיט ייִדישע טעכטער [45]. ממזרים, ווי באַקאַנט, מעגן חתונה האָבן מיט גרים. קהל־גרים, גייט נישט אַריין אין דער הינזיכט אין „קהל ד׳״. דאָס איז נישט צוליב דעגראַדירונג פונעם גרים־קהל, נאָר דער עיקר, מעגלעך צו מאַכן פאַר דעם גר, צו לעבן נאָרמאַל און פרוכפעריק.

די פראַגע איז געשטעלט געוואָרן ביי די ראשוני הפוסקים, צי איז דער פאַרבאָט פון „לא יבוא״ בלויז דורך אָפיציעל־לעגאַלער חתונה־אַקט, אָדער אַפילו אָן דעם חתונה־טעקסט און ריטואַל.

דער רמב״ם פסקנט, אַז דער פאַרבאָט און די מלקות־שטראָף איז חל, בלויז אויף דעם אינטימען פאַרקער נאָך חופה־קדושין, „כשבעל אחר הקדושין״: אַנדערש איז נישטאָ דער פאַרבאָט מיט דער פולער שטרענגקייט. דער ראב״ד איז מחולק. ער האַלט, אַז ס׳איז נישט קיין חילוק. דער מאָטיוו פונעם פאַרבאָט איז „שלא ירבה ממזרות בישראל״, מ׳זאָל נישט דערלאָזן דאָס מערן זיך פון ממזרים און פאַרבאָטענע תאווה.

אין די הלכה־שו״ת ספרים, ווערט דער פסק פונעם רמב״ם גרינטלעך באַהאַנדלט און אַנאַליזירט. ר׳ יעקב מעקלענבורג, אין זיין ספר „הכתב והקבלה״, באַמיט זיך מסביר צו זיין די מאָטיוון פון רמב״מס נעגירן דעם „לא ירבה ממזרות״, ווייל — זאָגט ער — אויב דער טעם זאָל זיין צוליב אָפּהאַלט פון ברענגען קינדער־ממזרים, וואָלט דאָך דער ממזר געמעגט נעמען אַ זקנה, אָדער אַ פרוי וואָס קען נישט האָבן קיין קינדער. ער פאַרענטפערט אויך די קשיא, אויב דער פאַרבאָט פון ממזר איז אַן אייביקער, עד עולם, ווי זאָגט ר׳ יוסי, אַז לעתיד לבא וועלן ממזרים גערייניקט ווערן. ער גיט אָן די מיינונג פונעם ריטב״א, אַז דער געבאָט פון „לא יבוא״ וועט קיין מאָל נישט בטל ווערן, ס׳וועט בלויז זיין אַ הוראת שעה, אַ סאָרט מאַמענטאַלע אַמנעסטיע פאַר די וועלכע זענען געווען ממזרים, איידער משיח איז געקומען; די נאָכקומענדיקע ממזרים בלייבן אין דער דאָזיקער קאַטעגאָריע. די „הלכה כר׳ יוסי״ — לערנט ער — איז אַ הלכתא למשיחא, אַ סימבאָלישער אויסדרוק אין הלכהשן טערמין.

אין שלחן ערוך [46] ווערט געפסקנט: „ממזרים ונתינים אסורים איסור עולם, עד סוף כל הדורות, בין זכרים, בין נקבות״ און אַזוי איז געבליבן אין דער הלכה. מען טאָר אָבער נישט דריקן דעם ממזר. ער איז באַרעכטיקט צו אַלע פּריווילע־

גיעס אַלס ייִד: מען האַנדלט מיט אים; מען גיט אים באַשעפּטיקונג, מען ווייזט אים אַרויס התקרבות און, ווי די משנה [47] לערנט אונדז, קומט אַ ממזר וואָס קאָן לערנען, פריִער אין צוטיילן כבוד, פונעם כהן, אויב דער לעצטער איז אַן עם־הארץ: „אם הי׳ ממזר תלמיד חכם וכהן גדול עם הארץ — ממזר תלמיד חכם קודם לכהן גדול עם האָרץ״.

יצחק יאַנאַסאָוויטש, פּאָעט, עסייאיסט און זשורנאַליסט, אין זיינעם אַן עסיי: וועגן תורה און חכמה ביי ייִדן [48], באַנוצט זיך מיטן דאָזיקן מאמר, אין זיין באַהויפּטונג, אַז:

„...ביי ייִדן איז געווען אַ הויכע באַציִונג צו לומדות, מ׳קען זאָגן אַז ס׳איז געווען אַ לומדות־קולט, אַ ממזר אַ תלמיד־חכם איז אָפט מאָל געשטעלט געוואָרן העכער ווי אַ כהן אַן עם הארץ...״ ער זאָגט אָבער ווייטער: „דאָס איז געווען בלויז טעאָרעטיש־היפּאָטעטיש. אין דער ווירקלעכקייט האָט דער גרעסטער תלמיד־חכם באַלד פאַרלוירן אַלע זיינע זכיותן, קוים האָט ער זיך אויפגעפירט שלא כהוגן״.

ווי מיר איז באַקאַנט, איז דאָס אַזוי געווען ביז די לעצטע יאָרן אין די מזרח־אייראָפּעיִשע שטעטלעך און מיר האָפן, אַז אויך אין אונדזער עפּאָכע וועט דער כבוד התורה, וואָס מיינט אויך, די פאַרערונג פאַר לומדי תורה ווערן אַ פאַקטאָר אין ייִדישן לעבן, ווייל — ווי ער זאָגט — „תורה מוז פליסן פון ריינע עטישע קוואַלן און איינגעשטיין אין קרישטאָל־קלאָרע כלים״... עס וועט זיין „נהרא נהרא ופשטי׳ ״.

דער ממזר — לויט חז״ל — וועט געניסן פון עולם הבא [49]. ער איז אַ ייִד און איז באַרעכטיקט צו יעדן שׂכר וואָס איז אָנגעגרייט פאַר יעדן ייִדן. ער פאַרלירט עולם הזה, צוליב זיינע עלטערנס פאַרבאָטענער עולם־הזהדיקייט. ס׳איז אָבער נישט זיין שולד און ער דאַרף דעריבער נישט פאַרלירן זיין שׂכר עולם הבא. ער איז אינעם כלל פון „כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא״ [50]. נאָך מער: ער דאַרף באַהאַנדלט ווערן ווי אַ ייִד: מען איז אים מלה אום שבת, אויב דער אַכטער טאָג קומט אויס שבת. אויב ער האָט זיך אויסגעמישט אין אַ ייִדישער משפחה, באַזונדערס דער ספק ממזר, איז „משפחה שנטמעה, נטמעה״ — אַ משפחה וואָס האָט זיך אויסגעמישט, ווערט שוין באַטראַכט פאַר אַ ריינער ייִדישער משפחה [51].

דער מדרש [52] טייטשט דעם פּסוק [53] „ושבתי אני ואראה... והנה דמעת העשוקים״ — און איך האָב ווידער געזען אַלע רויבערייען. און אָט זענען די טרערן פון די געדריקטע, און נישטאָ ווער זאָל זיי טרייסטן. זייערע פאָטערס האָבן אָפּגעטאָן עבירות און וואָס זענען די פאַרשעמטע (אומשולדיקע — „עלוביא״) שולדיק... זיי האָבן נישט קיין טרייסטער, זאָגט הקב״ה: עלי לנחמן, איך וועל זיי טרייסטן.

מיר ווילן זיך נישט פאַרנעמען מיט פּרטימדיקייט אין די דיני ממזרות. דער ציל איז געווען פאַרהיטן פון זנות[54], איינהיטן משפחה־ריינקייט, אָבער חלילה נישט צו דעגראַדירן, פאַרשעמען דעם אַזוי אויך פאַרשעמטן, דעם געשלאָגענעם.

**ב. עצות ווי אויסצומיידן ממזרות און עצות, ווי נישט צו דערווייטערן דעם ממזר. — טרערן וואָס האָבן גערירט. — די „יפת תואר" ברענגט דעם „בן סורר ומורה". — וואָרע־נונג צו שטאַרקן דאָס קדו־שהדיקייט אינעם פאַמי־ליע־לעבן.**

מיר האָבן ביז איצט געזען, אַז דאָס ממזרות־פּראָבלעם איז תמיד געווען אויפן שלחן־מלכים, ביי די רבנים — גרונטלייגערס פון דער הלכה, פון דער יידישער מאָראַל און איז נאָך אַלץ אויפן רבנישן טיש. דערביי האָט מען תמיד געזוכט צו העלפן די אומשולדיקע קינדער, וועמעסליידן און טרערן, די „דמעות העשוקים" האָבן גערירט רבנישע הערצער.

די משנה [1] האָט אונדז געלערנט, אַז פאַרבאָט פון ממזרים איז אַן אייביקער, סיי מאַנספאַר־שוינען, סיי פרויען. אָבער אין תלמוד איז שוין דאָ אַ דעה, אַז פרויען־ממזרות זאָל דערלויבט ווערן ביים צענטן דור צו קומען אין „קהל ד׳". אין ירושלמי [2] איז דאָ אַ דעה, אַז אַפילו ביי אַ מאַן־ממזר, זאָל דער פאַרבאָט זיין בלויז ביזן צענטן דור, ווייל ס׳איז אַ פראַגע, ווי אַזוי מען דרשנט דעם „עשירי־עשירי לגזרה שוה". לויט רבי יוסי, ווי שוין דערמאָנט, וועלן לעתיד לבא, אין צייט פון משיח, ממזרים גערייניקט ווערן, אַזוי ווי דאָס האָט פאָרויסגעזאָגט דער נביא יחזקאל [3]: „וזרקתי עליכם מים טהורים וטהרתם" — און איך וועל שפּריצן אויף אייךריינע וואַסער און איר וועט ריין ווערן.

ס׳איז אויך פאַראַן אַ מיינונגס־פאַרשיידנקייט, צי די הלכה בלייבט ווי רבי יוסי. אין תלמוד בבלי, פּסקנט רב יהודה אין נאָמען פון שמואל (ירחינאה), אַז דער דין איז ווי ר׳ יוסי; אין ירושלמי [4] ווערט געבראַכט רב הונאס זאָג: „אין הלכה כר׳ יוסי", אַז די הלכה איז נישט ווי ר׳ יוסי און מערקווירדיק איז דער דאָזיקער קאַטעגאָרישער זאָג, בעת מיר האָבן אַזוי פיל אגדות וועגן הילף און דערהייבונג פאַר די דאָזיקע אומשולדיקע געבוירטן.

די ממזרות־הלכה איז אַזוי קאָמפּליצירט און פּראָבלעמאַטיש, אַז אַפילו וועגן דער מצווה פון פּריה ורביה, איז ביי די חז״ל אָנגעגאַנגען אַ העפטיקער וויכוח. לויט איין דעה, איז דער ממזר פּטור פון דער ערשטער מצווה, צוליבן טעם פון „לא ירבה ממזרים" און לויט אַ צווייטער דעה, קען מען פון אים נישט אַוועק־נעמען די דאָזיקע מצווה. פאַר וואָס זאָל מען דאָ נישט זאָגן: „בהדי כבשי דרחמנא

לך" „ואין לך עסק בנסתרות"? ס'איז דאָך גוט באַקאַנט, אַז חזקיהו המלך האָט נאָך דער דאָזיקער וואָרענונג חתונה געהאַט און געבראַכט דעם רשע מנשה[6], וואָס האָט עובר געווען אויף אַלע עבירות און אַריינגעשטעלט אַ „צלם בהיכל", גע־הרגעט דעם נביא ישעיהו, דערלויבט זנות, „געקומען אויף זיין שוועסטער" און צוליב זיינע זינד, האָט ער נישט קיין חלק עולם הבא[7]. דאָס איז אַן אומאויס־שעפּלעכע „סוגיא" אין דער אגדה און אין דער הלכה און מיר מוזן אויסמיידן דעם דאָזיקן סכנהדיקן שווים אינעם ים התלמוד והמדרש.

אין אונדזער צייט האָט נישט איינער פּרובירט אין דער הלכהשער וועלט, אויסצואַרבעטן אַ פּלאַן, דורך וועלכן דער קדושין־אַקט זאָל געמאַכט ווערן אויף אַן אופן, אַז אויב ס'וועט זיך טרעפן נישט אָרנטלעכקייט אין דער ספערע פון פאַמיליע־לעבן, זאָלן די קדושין קענען ווערן אויפגעלייזט, אַנולירט; אַזוי אַרום וועט במילא נישט זיין קיין ממזרות.

מ'האָט אָנגעוויזן, אַז לויטן פּרינציפּ פון „אפקעינהו רבנן לקידושין מיני'"[8], וועט מען האָבן אַ מעגלעכקייט צו רעדוצירן די צאָל ממזרים; און ס'וועט זיין אַ תיקון העולם פאַר דעם אָנגעווייטיקטן פּראָבלעם.

אַזאַ פאָרשלאָג איז אָפיציעל געקומען פון אַן אָנגעזעענער פּערזענלעכקייט אין ירושלים, און האָט בשעתו, אַרויסגערופן דעם שאַרפסטן וויכוח[9], אין דער רבנישער און לומדישער וועלט. די, וועלכע האָבן געשטיצט זיין מיינונג, זיין רעקאָמענדאַציע, האָבן אָנגעוויזן, אַז צוליב דער פּרעכקייט, פרייהייט און ליבעראַ־ליזאַציע, צוליב דער אַנטי־רעליגיעזיטעט און צוליב די „פרייע ליבע"־באַוועגונגען, וואָס דרינגען אַריין אין דער יידישער מחנה, דאַרפן רבנים טראַכטן ווי צו צוימען, ווי איינצוהיטן די קדושה אין פאַמיליע־לעבן און דאָס ערשטע, ממעט צו זיין מיט ממזרות אין יידנטום.

פּראָפ' משה זילבערג, באַוווסטער למדן און יוריסט, געוועזענער מיטגליד פון בית הדין הגבוה לצדק (ישׂראלס הויפּטגעריכט), האָט זיך שטאַרק פאַרנומען מיטן אישות־פּראָבלעם, ווי צוצופּאַסן צו די לאַנד־געזעצן די הלכה, אין שייכות מיט „מיהו יהודי" און דער אויסהיטונג פאַר ממזרים. ער שטעלט פריִער פאַר אַלץ פעסט דעם אַקסיאָם, אַז די מדינה־געזעצן טאָרן נישט זיין באַזירט אויף סעקולאַ־ריזם; זיי מוזן זיך האַלטן אויף דעם יסוד פון הלכה. דאָס איז לויט אים אומאָפּ־פרעגבאַר, היסטאָריש און טראַדיציאָנעל[10].

האָבנדיק דאָס געזאָגט, ווי אַ הקדמה, צו זיין באַהאַנדלען די אישות־פּראָבלע־מען, נעמט ער זיך אַנאַליזירן די הלכה, די מאָטיוון פון תקנות, ווו און ווי, מען קען געפינען פאַרלייכטערונגען און צופּאַסונג אין די הלכהשע ראַמען.

די הלכה איז, ביי פּראָפ' זילבערג, די הלכה תלמודית, ווי ער דריקט זיך אויס, „שעליה הורגנו כל היום, ועל פיה חיינו כל היום..." מיר זענען געגאַנגען

אויף מסירת נפש פאַר דער תּלמודישער הלכה, ווייל זי האָט אונדז געגעבן לעבן און אַ דאַנק איר עקזיסטירן מיר. אויף דעם קאָן קיינער נישט זיין מחולק. היסטאָרישע פאַקטן באַשטעטיקן עס.

אַז מ׳האָט געוואָלט נעמען נקמה אין ייִדן, האָט מען געברענט דעם תּלמוד, ווי דער קדוש ר׳ מאיר ב״ר ברוך (מהר״ם) מרוטנבערג (ד׳ תתקע״ה־1215; ה׳ נ״ג־1293) דריקט זיך אויס, אין זיין קינה „שאלי שרופה באש לשלום אבליך... איך יערב לחכי אכול, אחרי ראותי, אשר אספו שלליך״...

די מדינה האַלט זיך — לויט פּראָפ׳ זילבערג — אויף דער הלכה און קען בשום אופן נישט אַנטלויפן פון דער הלכה. אָבער נאָך דער דאָזיקער אַקסיאָמע, און נאָכן אַנאַליזירן די תּלמודישע הלכה, אַרויסווייזנדיק געוואַלטיקע בקיאות און חריפות, איז ער איבערגעצייגט, אַז די בעלי הלכה האָבן געזוכט צוצופּאַסן די הלכה צום לעבן־שטייגער, צו דער אומבאַדינגטער נויטווענדיקייט, ספּעציעל אין די דיני אישות, ביי פאַמיליע־פּראָבלעמען, ביי וועלכע זיי האָבן געהאַט די רעכט, לויטן סיסטעם פון „כל דמקדש אדעתא דרבנן מקדש ואפקעינהו רבנן לקידושין מיני׳ ״ [11].

די חכמים האָבן געהאַט אַ רעכט צו אַנולירן חתונה־קדושין, ווייל דער וואָס איז מקדש אַ פרוי, טוט ער עס לויטן דת משה וישראל, ד״ה, ער נעמט אָן דעם באַדינג, אַז די פרוי געהערט צו אים, זי ווערט אַן אשת־איש לויט דער הסכמה פון די חכמים, די אויטאָריטעטן, וואָס פאָלגן נאָך די הלכה און זענען אירע היטערס. אויב זיי זענען ביי זיך זיכער, אַז צוליב תּיקון־משפּחה, דאַרף מען אויפלייזן דעם קנין אישות, האָבן זיי די דאָזיקע רעכט.

אַלס באַווייז ברענגט ער צוויי פאַקטן:

ערשטנס, די פּאַסירונג אינעם שטעטל נרש, אַ בבליש שטעטל ביי סורא. אַ שטעטל וואָס איז געווען באַרימט מיט זיינע נישט־אָרנטלעכע מענטשן, ווי עס ווערט געזאָגט: „נרשאה נשקיך, מני ככיך״ [12], אויב אַ מענטש פון נרש האָט דיך געקושט, זאָלסטו איבערציילן דיינע ציינער, צו זען צי ער האָט נישט אַרויסגעגנבעט אַ צאָן. מיט איין וואָרט — אַ שטאָט מיט גנבים!

ווערט דערציילט אַ מעשׂה, וואָס איז זיך פאַרלאָפן אין אָט דעם שטעטל:

„ההיא עובדא דהוה בנרש ואקדישה כשהיא קטנה, וגדלה, ואותביה אבי כורסייא, ואתא אחרינא וחטפה מיניה״.

ס׳איז געווען אַ מעשׂה אין נרש, ווו ברידער און אַ מוטער האָבן מקודש געמאַכט ווי דער דין איז, זייער מינדעריאָריקע טאָכטער און שוועסטער (זי איז געווען אַ יתומה פאַר 12 יאָר מיט אַ טאָג; ווען זי ווערט אַ נערה, גייט זי שוין אַרויס פון זייער רשות). ווען דער פאָטער לעבט, האָט דער פאָטער דאָס רעכט, לויט דער תּורה, איבערצוגעבן זיין מינדעריאָריקע טאָכטער און זי פאַרקנסן צו

אַ מאַן. אויב דער פאָטער לעבט נישט, האָבן די חכמים איבערגעגעבן דאָס דאָזיקע רעכט צו איר מוטער און ברידער, כּדי זי זאָל נישט ווערן הפקר פאַר גאַסן־מענטשן [13].

אַזוי ווי דאָס דאָזיקע רעכט איז בלויז אַ תּקנה פון רבנן, האָט דאָס מיידל, ווען זי ווערט גרויס, דערוואַקסן, די פריווילעגיע ממאָן צו זיין, צו פּראָטעסטירן און אָפּווישן זייער צוזאָג [14]. אויב זי ווערט גרויס, דערגרייכט דעם עלטער און פּראָטעסטירט נישט, זענען די קדושין חל: זי ווערט יענעמס ווייב, זי ווערט אַן אשת־איש.

אַז דאָס דאָזיקע נרש־מיידל האָט דערגרייכט דעם געהעריקן עלטער, האָבן אירע ברידער און מוטער זי באַזעצט אויף דער כּלה־שטול („והושיבו אותה באפּיריון") און זי געגרייט צו איר מאַן, דורכצופירן דעם חתונה־ריטואַל. אין יענעם מאָמענט, איז געקומען אַ מאַן און זי געכאַפּט, מקדש געווען. עס איז געווען דער נרשאה, וואָס אַנשטאָט גנבענען ציין, גנבעט ער ווייבער [15].

בעת דעם כאַפּן זענען דאָרט אַנוועזנד געווען רב ברונא און רב חננאל, תּלמידים פון רב. האָבן זיי געפּסקנט, אַז זי געהערט צום ערשטן מאַן און זי דאַרף נישט האָבן קיין גט פונעם צווייטן.

פאַרשטייט זיך, אַז דער פּסק האָט אַרויסגערופן אַ רעאַגירונג מצד די אמוראים. ווייל דאָס איז דאָך געווען אַ געוואַגטקייט. רב אשי האָט עס פאַרענטפערט: „הוא עשׂה שלא כּהוגן, לפיכך עשׂו בו שלא כּהוגן..." דער מאַן האָט זיך באַנומען נישט אָרנטלעך, ער האָט געכאַפּט אַ פרוי קעגן איר און אירע נאָענטסטעס ווילן. האָבן די חכמים געהאַט אַ רעכט אים אַזוי צו באַהאַנדלען. מיר האָבן דערביי אַ פּאָלעמיק וועגן די ווערטער „עשׂו בו שלא כּהוגן". זיי האָבן דאָך אים באַהאַנדלט אַזוי ווי עס איז אים געקומען, לויטן דין און לויט דער תּקנה פון חכמים — אָבער די דאָזיקע פראַגע וועלן מיר איבערלאָזן פאַר די מפרשים.

רבינא האָט געשטעלט די פראַגע: „תּינח דקדיש בכספּא, קדיש בביאה מאי?" — גוט, ריכטיק ווען דער „כאַפּער" איז זי מקדש מיט געלט, לויט די דריי קנינים: בכסף ובשטר ובביאה [16] קען מען מקדש זיין בלויז מיט געלט; ווי איז אָבער דער דין, אַז ער האָט זי מקדש געווען מיט ביאה? איז דער ענטפער: „שויונהו רבנן לבעילתו בעילת זנות" — די רבנן האָבן אַ רעכט צו פאַרוואַנדלען זיינע קידושין, זיין אינטים לעבן צוזאַמען מיט דער פרוי, ווי אַן אויסגעלאַסנקייט, ווי לעבן בדרך זנות [17]. רב, זייער רבי האָט, ווי באַקאַנט, געשלאָגן מלקות דעם מאַן, וואָס האָט מקדש געווען בביאה, ווייל ער האָט אַזאַ סאָרט קדושין באַטראַכט ווי אַן אויס־געלאַסנקייט [18].

די מאָראַל דערביי איז קלאָר. דאָרט ווו די חכמים האָבן איינגעזען, אַז עס איז נויטיק אַ תּקנה, בכדי צו שטאַרקן די מאָראַל, צו באַפעסטיקן דאָס פאַמיליע־

לעבן, צו זיכערן דעם שלום־בית, האָבן זיי געוואָגט צו מאַכן תקנות מיטן כוח צו אַנולירן אַ קדושין, וואָס לויט דער תורה, זענען זיי געווען יורידיש אויסגעהאַלטן. די מאַראַל איז דאָ געווען וויכטיקער, ווי די לעגאַליטעט. די חכמים האָבן געקענט זיך באַנוצן מיטן דעוויז פון „עת לעשות לד׳ הפרו תורתך״. און אין פאַל פון קדושין האָבן זיי רעכט, ווייל די קדושין זענען על תנאי, ס׳זאָל זיין כדת משה וישראל — רבנישע אויטאָריטעטן זענען די „משהס פון יעדן דור״ — משה שפיר קאָ אמרת [19].

פּראָפ׳ זילבערג דרינגט דערפון, אַז די חכמים האָבן אַ כוח, אַ רעכט — און אַ חוב — צו טאָן זאַכן פאַר דעם תיקון העולם, אַפילו ווען לויט דער תקנה, נעמט מען אַוועק, נעגירט מען דאָס תורה־געזעץ.

אין זיינע ווערטער:

„...ראינו כי בשני המקרים עקרו חז״ל דבר מן התורה ומן החמורים שבדיני התורה... החזירו לבעלה הראשון אשה שהיתה נשואה על־פי־דין התורה לאיש אחר (החוטף)... התירו לשוק אשה שהיתה (למרות הכפייה) נשואה נישואין כשרים...״

דער צווייטער פאַל איז געווען אין שייכות מיטן דין פון תלויהו וזבין, זביניה זביני... תליוה וקידש קידושין — קידושין... [20]. אַזוי איז דער דין אין דער גמרא: „והלכתא בכולהו... דהא אשה כשדה דמיא ואמר אמימר תליוה וקדיש קדושיו קדושין״ [21]. דאָס הייסט, אַז לויט דער תורה, איז דאָס אַ לעגאַלער קנין, ביי פעלדער, פאַרמעגן און ביי אַ פרוי [22]. מר, דער זון פון רב אשי, פירט אָבער אויס, אַז מ׳האָט געמאַכט אַ תקנה, אַז אין אַזאַ פאַל, זאָלן די קדושין נישט חל זיין: „מר בר רב אשי אמר, באשה ודאי קדושין לא הוו, הוא עשה שלא כהוגן, עשו עמו שלא כהוגן...״ רש״י [23] באַטאָנט די ווערטער „שלא כהוגן״, ווייל מן התורה, זענען די קדושין — אַפילו אַרויפגעצוווּנגענע — גילטיקע קדושין און די פרוי איז אַן אשת־איש, אָבער די חכמים האָבן דעם כוח זיי אויסצורייסן, „עקרינהו והפקירו אותן ועשו מעות מתנה...״ און אויב ס׳איז געווען קדושין דורך ביאה, ד״ה אויב ער האָט שוין געוווינט מיט איר, האָבן די חכמים געמאַכט זיין באַהעפטונג פאַר אַ זנות־סעקסועלן אַקט... [24]

דאָרט אין נרש האָט דער מאַן זי געכאַפּט, געצוווּנגען און זי באַצוווּנגען — איז עס געווען אַ גזילה־אַקט, דעריבער האָבן די חכמים אַנולירט די קדושין, אַפילו אויב זי האָט שוין געלעבט מיטן „כאַפּער״ און דאָ, איז עס אויך געווען אַ סאָרט גזילה, צווינגען אַ פרוי זי זאָל ווערן זיין ווייב און אַפילו זי איז באַגאַנגען דעם אַקט פון נאָכגיביקייט, איז עס דאָך געווען אַן אוממאָראַלישער אַקט מצד דעם מאַן, האָבן די חכמים זי באַפרייט פון דעם באַצווינגער.

אויב די קדושין זענען געווען באַזירט בלויז אויף אַ געלט־טראַנזאַקציע, איז נישט געווען דער מינדעסטער ספק, אַז די חכמים האָבן אַ כוח אויפצולייזן דעם

קנין, ווייל „הפקר בית־דין", איז הפקר [25]. דאָס פּראָבלעמאַטישקייט האָט זיך געשאַפן, ווען ס'איז שוין געווען אַ לעבן צווישן זיי. אין אַזאַ פאַל, האָבן די חכמים אויך געפונען אַ וועג, ווי אויפצובינדן דעם קשר, אויב די אויפבינדונג וועט פאַר־בעסערן און באַפעסטיקן די מאָראַל ביי ייִדן.

פּראָפ' זילבערג ציט אַרויס מסקנות פון אָט די פּאַסירונגען, הלכה למעשׂה, אַז די חכמים האָבן אַ כּוח צו מאַכן תּקנות, ווען אַפילו דאָס זעט אויס, ווי אַ קעגן־דין, אַ אַקט קעגן דעם תּורהדיקן דין. זיי האָבן אַ רעכט צו מאַכן אַ „דין הנוגד את הדין משום תּיקון העולם" [26]. ער גייט דאָ אַריין, כדרכו, אין אַ טיף־אַנאַליטישער אָפּשאַצונג וועגן דעם כּוח פון די חכמים. ער שלאָגט פאָר דעם דאָזיקן כּוח די היינטיקע רבנים, באַזונדערס דער רבנות הראשית.

די חכמים אין אונדזער דור, די רבנישע אויטאָריטעטן, וואָלטן אָן ספק געדאַרפט איינפירן געוויסע תּקנות, דורך וועלכע מ'זאָל קענען אויסמיידן ממזרות.

ס'איז גוט באַקאַנט די תּקנה פון הלל, וואָס האָט איינגעפירט דעם נוסח פון שטר אירוסין (תּנאים) „לכשתכנסי לחופה הוי לאינתי" — אַ פאָרמולע מיטן צוועק אויסצוהיטן פון ממזרות. אויב זי האָט חרטה געהאַט, נאָכן פאַרקנסט ווערן, און האָט געלעבט מיט אַן אַנדערן.

מ'האָט אויך, ווי שוין פריִער אָנגעוויזן, תּמיד געזוכט מיטלען, ווי אַזוי צו העלפן קינדער אויף וועלכע ס'איז געווען אַ חשד אַז זיי זענען ממזרים. אויף דעם פּסוק [27] „והנה דמעת העשוקים ואין להם מנחם" — און אָט זענען די טרערן פון די געדריקטע, און נישטאָ ווער זאָל זיי טרייסטן..." דעם דאָזיקן פּסוק — האָט געטייטשט ר' חנינא [28] — גייט אַרויף אויף ממזרים, אַז אַפילו די סנהדרין, וואָס זיי אורטיילן דאָך, לויט דער תּורה, ווערן גערופן „עושקים" און בלויז דער רבונו־של־עולם וועט זיי טרייסטן אין דער צוקונפט, ווייל ער, דער בורא עולם, ער וועט יאָ נעמען אין אַכט: „אימותיהם של אלו עברו עבירה, והללו (הבנים) המסכנים מרחקים אותם... אביו של זה בא על הערווה, זה (הבן) מה עשה?..." דאָס הימ־לישע געריכט וועט האָבן רחמנות אויף די באַרויבטע, צוליב די זינד פון זייערע עלטערן און וועט זוכן זיי מקרב צו זיין און נישט דערווייטערן.

און צוריק, צו אונדזער באַהאַנדלונג וועגן דעם כּוח פון די חכמים, ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט אין שטאַרקן די מאָראַל. זיי האָבן געהאַט די רעכט און די אויטאָ־ריטעט צו באַשטעטיקן און מבטל צו מאַכן אַ גט, בכדי צו פאַרמיידן שטרויכלונ־גען [29]; זיי האָבן אויך געהאַט רעכט צו פאַרלאָזן זיך אויף איין עדות, נישט געקוקט, וואָס אומעטום, איז דער דין, אַז ס'מוזן זיין צוויי אויף צו באַשטעטיקן אַן עדות־זאָגן. אַלס פאַקט איז געווען דער פאַרלאָנג פון נחמיה איש בית דלי, רבי עקיבא זאָל באַשטעטיקן, די קבלה פון רבן גמליאל הזקן „שמשיאין את האשה על פי עד אחד" [30].

דאָס איז אויך געווען אַ געוואַלטיקער חידוש, ווייל, לויט דער תורה, ווערט געאורטיילט לויט צוויי עדות, „על פי שני עדים או על פי שלשה עדים יקום דבר״ [31] און דאָ איז מען מתיר אַ פּרוי, וועלכע טראָגט אויף זיך די חזקה פון אַן אשת־איש, מען נעמט אַוועק פון איר די דאָזיקע חזקה, צוליב תיקון העולם. די חכמים האָבן זיך גענומען די רעכט איינצופירן אַזעלכע תקנות, אויף דעם יסוד, ווי מיר האָבן געזאָגט: „אפקעינהו רבנן לקידושין מיני׳״.

אין שפּעטערע תקופות, ווען אָט דער היתר האָט גורם געווען דאָס פאַר־קערטע, האָט געבראַכט פּרעכקייט און איז געוואָרן אַ געפאַר פאַר דער חתונה־אינסטיטוציע, האָט מען זיך גענומען אים — דעם היתר — באַגרענעצן און צוימען. מען האָט אויך געשטאַרקט די כתובה־תקנה, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן דורך ר׳ שמעון בן שטח, און וואָס איז אָנגענומען געוואָרן בכל תפוצות ישׂראל.

אין דער גאונים־עפּאָכע זענען אָנגענומען געוואָרן תקנות קעגן געהיימע קידושין ווי אויך שטרענגע מיטלען קעגן אַזעלכע וואָס כאַפּן זיך אַ ווייב, אָדער וואָס צווינגען אַ פרוי חתונה צו האָבן.

ר׳ יהודאי גאון, דער זיידע פון רב שרירא און עלטער־זיידע פון רב האי גאון (939—1038), האָט איינגעפירט די תקנה, אַז קדושין דאַרפן פאָרקומען בפומבי, אין דער עפנטלעכקייט. כדי מ׳זאָל וויסן דעם יחוס־משפחה און פאַרמיידן אומ־לאָיאַלקייט אינעם פאַמיליע־לעבן.

אין אונדזער צייט, ווען ס׳זענען דאָ אַזוי פיל, וואָס ווילן דווקא אָפּשאַפן די חתונה־אינסטיטוציע, וואָס האַלטן, אַז דאָס איז אַן אַנאַכראָניזם, אַן איבערבלייב פון די אַלטע צייטן און פּאַסט זיך נישט אַריין אינעם ראַם פונעם הייַנטיקן מאָדער־נעם סאָציאַלן לעבן, איז כדאי צו קענען און זיין באַקאַנט מיט די יסודות פון חתונה־און־חופה צו פאַרהייליקן יידיש משפחה־לעבן.

הרב ר׳ משה שטיינבערג (געוועזענער בראָדער רב, היינט ראש בית דין, הסתדרות הרבנים), האָט ביי דער 39סטער נאַציאָנאַלער אסיפה פון דער רבנישער אָרגאַניזאַציע (סיון, תשל״ה — יוני, 1975) באַריכטעט [32], אַז אין אַמעריקע גע־פינען זיך 200 טויזנט יידישע ממזרים, אַ רעזולטאַט פון הפקרות און לייכטזיני־קייט אין משפחה־לעבן, ביים אָננעמען גרים און פון דער פלאָג פון געמישטע חתונות.

ביים שיבת ציון פון די עולי בבל האָט עזרא אָנגענומען די שטרענגסטע מיטלען וואָס שייך יחוס־משפחה. זיך אַליין האָט ער געזוכט מ׳זאָל אים מייחס זיין: „לא עלה עזרא מבבל עד שיחס עצמו ועלה — ומאן אסקי׳? נחמיה בן חכליה״ [33]. גרות אין אונדזער צייט מוז דורכגעפירט ווערן דורך קבלת המצוות, מילה און טבילה — מילה מאַכט אים אויס „גוי״ און טבילה מאַכט אים פאַר אַ ייד [34].

אין ישׂראל איז מיט אַ קורצער צייט צוריק פאַרגעקומען אַ קאָנפליקט צווישן דער רבנות הראשית און דעם העכסטן געריכט (בג״ץ).

אַ פרוי אין באר־שבע, נישט זייענדיק צופרידן מיט איר מאַן, האָט זיך פאַר־ליבט אין אַ צווייטן, אָבער איידער זי האָט געקראָגן דעם גט צו ווערן אויס אשת־איש, איז זי פאַרגאַנגען אין שוואַנגערשאַפט פונעם געליבטן. די מעוברתדיקע פרוי האָט געקראָגן אַ גט, אָבער אינעם „פטור״, וואָס זי האָט געקראָגן פון די רבנים, וועלכע האָבן געזען דעם מצב, האָבן זיי צוגעשריבן, לויטן דין: „כשם שאסורה לבעל — אסורה לבועל״; ד״ה, אַז ס׳איז דער פרוי פאַרבאָטן צוריקצוגיין ווינען מיט איר מאַן און ס׳איז איר פאַרבאָטן צו לעבן מיטן נואף. לויטן דאָזיקן פסק, איז דאָס קינד אַ ממזר!

ווען די מעשׂה איז געקומען פאַר דעם העכסטן געריכט, האָבן די ריכטערס פאַראָרדנט, אַז דער ראַבינאַט פון באר־שבע זאָל איר געבן אַ גט אָן דער צושריפט, אַז די פרוי טאָר נישט חתונה האָבן מיט איר געליבטן [35]. די רבנים האָבן געטענהט, אַז דאָס געריכט האָט נישט קיין רעכט זיך צו מישן אין הלכהשע ענינים.

אין יאָר תשכ״ג, איז פאַרגעקומען אַן ענלעכער קאָנפליקט וועגן רעגיסטרירן אַלס פאַרהייראַטן, איינעם אַ ייִד מיטן נאָמען שלעזינגער, וואָס האָט חתונה געהאַט ציוויל מיט דער קאַטויליקערין קאַטערינאַ פונק, וואָס דער שׂר הפנים (אינערן־מיניסטער), ר׳ משה חיים שפּיראָ ז״ל, האָט צוריקגעוויזן דעם פאָרלאַנג און דאָס געריכט האָט, מיט אַ מערהייט, געאורטיילט, אַז זיי זאָלן יאָ רעגיסטרירט ווערן. בלויז ד״ר זילבערג האָט געשטימט קעגן און זיך געשטעלט אויף דער זייט פונעם אינערן־מיניסטער. אָבער כּדי צו פאַרמיידן קאָנפליקטן צווישן סעקולאַרע ריכטערס און די רבנישע אויטאָריטעטן, האָט ער פאָרגעשלאָגן אַ צאָל תקנות און איינע פון אָט די תקנות איז געווען דאָס איינפירן קדושין, לויטן דין פון „אפקעינהו״ — רבנים זאָלן האָבן אַ רעכט צו אַנולירן חתונות.

זיין רעקאָמענדאַציע האָט אַרויסגערופן אַ רעאַקציע און אַ שאַרפע פּאָלעמיק מצד די רבנים. הרב חיים פּרדס האָט אים באַשולדיקט אין רעפאָרם און אַז ער איז „מגלה פנים בתורה שלא כהלכה״ [36]. די צוויי לומדים האָבן געוואָרפן מיט בקיאות און חידוש, פּאָלעמיזירט דעם וווּנדערלעכן מהרש״א [37], ווי ווייט מען דאַרף פאַרלייכטערן און מציל זיין ייִדישע פרויען פון בלייבן עגונות: „שאין זה עקירת דבר מן התורה, כי הקב״ה נתן כח ועוז לעמו שהם ת״ח בדבר הזה להיות מקילין״, כּדי צו האָבן שלום און ווילזיין אין ייִדישע היימען. הרב פּרדס האָט זיך געהאַלטן ביי זיין מיינונג, אַז דער מהרש״א איז אומזיסט אַריינגעבראַכט געוואָרן אין דער פּאָלעמיק.

ווי באַקאַנט איז נאָך איידער ד״ר משה זילבערג איז אַרויסגעקומען מיט זיין „אפקעינהו״־היתר, איז הרב ד״ר אליעזר בערקאָוויץ (אַ מוסמך פון ר׳ יחיאל יעקב

ווייַנבערג און ר׳ אליעזר יהודה פינקל (מירער ראש ישיבה), אַרויסגעקומען מיט אַ ספר „תנאי בנשׂואין ובגט״ [38]. אין דער הקדמה, דריקט זיך אויס הרב ווייַנבערג זצ״ל: „והם מצטיינים בבקיאות עצומה ובחריפות עמוקה מאד... ספר גדול, המפליא הן בבקיאותו והן בניתוח הענינים לעומקם ולרוחבם ולא ראיתי דוגמתו בין ספרי האחרונים...״

ס׳האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. אין ייִדישן לעבן האָלט מען זיך ביים כּלל: „אין תנאי בנשׂואין״; מען מוז ממשיך זיין מיט דער פולער שטרענגקייט אין די ענינים פון גיטין וקידושין. ווען די קאָנסערוואַטיווע רבנים האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן דרוק, מ׳זאָל אָנערקענען קאָנסערוואַטיווע גיטין און פּראָפ׳ לואיס (אליעזר הלוי) פינקלשטיין האָט פּערזענלעך זיך באַמיט און פאַרהאַנדלט מיט די ראשי הממשלה און מיט די הויפּט־רבנים, האָט ער גאָרנישט געקענט אויפטאָן [39]. מ׳האָט אים געלאָזט וויסן, אַז אַפילו וואָס שייך אָרטאָדאָקסישע רבנים, ווערן אָנערקענט בלויז די מומחים, די רבנים „שיודעים בטיב גיטין וקדושין״. מ׳האָט געזוכט אַלע מיטלען צו העלפן פרויען, זיי זאָלן נישט בלייבן „לעבעדיקע אלמנות״, זיי זאָלן נישט ווערן אָפּגעמיאוסט ביי זייערע מענער [40] — אָבער אַלץ, אין די ראַמען פון טראַדיציאָנעלן לעבנס־שטייגער, באַזירט אויף הלכה.

דאָס איז איינע פון די סיבות, פאַר וואָס מ׳האָט נישט אָנערקענט „אישות״, צווישן ייִד־און־נישט־ייִד. מ׳האָט געהאַלטן, אַז ביי דער שפחה איז נישטאָ קיין יחוס, אַז זי ווערט באַטראַכט פאַר דעם „עם הדומה לחמור״... [41] און „מרבה שפחות — מרבה זימה״ [42]. זיי זענען געווען שקלאַפן, לייַבאייגנטום און זיך איבערגעגעבן צו אויסגעלאַסנקייט.

דאָס איז איינע פון די סיבות, פאַר וואָס מ׳האָט פאַרבאָטן נעמען זיך אַ „פלגש״, אַזוי ווי דאָס איז דערלויבט געווען צו מלכים און איז בכלל געווען אַ נאָרמאַלע דערשיינונג ביי אַ סך פעלקער [43]. אויב מ׳האָט דערלויבט אַ „יפת תואר״ — וואָס מ׳האָט גענומען געפאַנגען אין אַ מלחמה, צוליב מלחמהדיקן יצר הרע, „וחשקת בה ולקחת לך לאשה״ [44], האָט מען אָבער דעם בעל תאווהניק געוואָרנט, אַז דער סוף וועט זיין, ער וועט זי פיינט האָבן, ווי רש״י דערקלערט עס, לויטן ספרי: „אבל אם נשאה סופו להיות שונאה... וסופו להוליד בן סורר ומורה״.

ווען ער איז געגאַנגען מיט איר חתונה האָבן, איז זי שוין געווען גיורת, זי האָט זיך שוין געהאַט מגייר געווען, אָבער איר קומען צו אים איז געווען אַן אַקט פון תאווה, פון גרענעצלאָזער לוסט. אַזוי אַרום שאַפט זיך שפּעטער מיט יאָרן אַ קריגערישע שטוב, אַ רוגז צווישן דעם פאָרפאָלק און דאָס איז גורם, ס׳זאָל ביי זיי דערצויגן ווערן אַן אָפּטריניקער, אַ ווידערשפּעניקער, אַ בעל תאווהניק, ס׳זאָל אויסוואַקסן אַ הפקרדיק זונדל. „איננו שומע בקול אביו ובקול אמו״ — און דער עונש איז זייער אַ שווערער: „ימות זכאי ואל ימות חייב״!

נישט וויכטיק איז דאָ אַריינצוגיין אין די טעמים פון בן סורר ומורה. מיר האָבן דערויף אַ גאַנצן פּרק [45] און נישט וויכטיק איז, צי „לא הי׳ ולא עתיד להיות״ און די דינים זענען בלויז לשם „דרוש וקבל שׂכר״, צי ווי ר׳ יונתן זאָגט עדות: „אני ראיתיו וישבתי על קברו״ [46]. וויכטיק איז, די וואָרענונג, אַז דער יונגער מענטש זאָל זיך נישט פאַרלירן אין תּאווה, ווייל די קאָנסעקווענצן דערפון זענען ביטערע און ברענגען אומגליק אויף זיך, אויף די עלטערן און אויף דער גאַנצער געזעלשאַפט.

הרב א. א. פרייס, אין זיין טיפערן באַטראַכטן אַ גאַנצן קאָמפּלעקס פון פּאַראַ־לעלישקייט אין פּ׳ „כי תצא״ [47] ווייזט אָן, אַז דער ענין בן סורר און יפת־תואר, איז אַ רעזולטאַט פון דערציִערישער פאַרנאַכלעסיקייט. דער אויסדרוק „מלסטם את הבריות״, מיינט — ער באַרויבט די מענטשלעכע באַנעמונג, „הנימוס האנושי״; מיט הרב פרייס ווערטער: „כי אין שום תרופה לקבוע נימוסיות באדם הישראלי אם אינו מחונך בדרך התורה והמצוות״ [48].

דאָס פאַמיליע־לעבן אין יידנטום איז יסודותדיק: עס איז באַפעסטיקט גע־וואָרן אידעיִש־טעאָרעטיש ביים באַרג סיני און קאָנקרעטיזירט געוואָרן לויט די לערעס פון די חכמי התלמוד.

ווי ווייט מען איז געגאַנגען אין באַפעסטיקן משפחה־ריינקייט, איז כּדאי צו דערמאָנען די מיינונג פון רב, דעם תּנא־אמורא: „הבא על אריסתו בבית חמיו — הולד ממזר״. אַ חתן וואָס לעבט מיט דער כּלה, איידער ער גייט מיט איר צו דער חופּה, איז דאָס קינד פון אַזאַ אינטימקייט — אַ ממזר. דער טעם: „מדאפקרא נפשה לגבי ארוס, אפקרא נפשה לעלמא״ און רש״י גיט צו: „אע״פ ששניהם מודים שבא עליה, חיישינן, הואיל ופרוצה היא, אחר נמי בא עליה ואיעברה מיני׳״ [49] — אַפילו מיטן אייגענעם חתן, פאַר דער חתונה, דאַרף מען זיין געהיט אין צניעות (היינט איז דער מנהג, צוליבן דאָזיקן טעם, דורכצופירן דעם סדר אירוסין און סדר נשׂואין באַנאַנד). צוליב דער צניעות זענען יידן אויסגעלייזט געוואָרן פון מצרים.

בלעם, דער „נופל וגלוי עינים״, האָט געהאַט דעם וויטערן בליק, אַז מיט זנות וועט ער אַראָפּפירן דעם דור המדבר פון וועג און זיין פּרווו האָט געבראַכט טויטשטראָף אויף איבער פיר צענדליק טויזנט יידן ביים בעל פּעור [50]. און בלעם איז נישט געווען דער ערשטער, דער איינציקער. פאַר אים האָט עס געטאָן פּרעה, ווי דער בעל הגדה שטעלט זיך אָפּ אויף דעם „מתבוססת בדמיך״ — איך האָב דיך געזען וואַלגערן אין דיין בלוט [51], אַז דאָ רעדט זיך — לויט דעם אויסטייטש פון אַ חסידישן אדמו״ר — נישט בלויז וועגן פּרעהס אכזריות, רציחות, נאָר אינעם באַרויבן יידישע פרויען פון אַ נאָרמאַלן לעבן, כּדי זיי זאָלן מזנה זיין מיט מצרישע מענער.

זיי האָבן נישט געפאָלגט. אונטער די שווערסטע אומשטאַנדן האָבן זיי געהאַט קינדער, און דעמאָלט האָט זיך פּרעה גענומען צו דער גזירה „היאורה תשליכוהו" — וואַרפן יידישע קינדער אין נילוס אַריין [52].

די תורה זאָגט עדות, אַז די יידישע פרויען האָבן זיך נישט געלאָזט פאַרפירן, האָבן געהיטן צניעות. איין־איינציקע פרוי איז פאַרגוואַלדיקט געוואָרן פון אַ מצרי, ווערט דערמאָנט איר נאָמען: שלומית בת דברי פונעם שבט דן. איר זון איז עס געווען דער מקלל השם, „ויקוב בן האשה הישראלית את השם ויקלל" [53]. יידישע פרויען האָבן אויסגעהאַלטן דעם נסיון און אין זייער זכות זענען יידן אויסגעלייזט געוואָרן פון מצרים, „בזכות נשים צדקניות נגאלו" [54] — אַ זכות וואָס איז ביי־געשטאַנען יידן אומעטום אין ארץ־ישראל און אין אַלע גלות־לענדער.

מיט גרויס עקשנות און מסירת נפש, אין די היסטאָרישע ראַמען און לויט די מאָראַליש־עטישע פּרינציפּן, איז געלונגען אויפצוהאַלטן די איינהייט פון יידן דורך די אַלע שווערע טויזנטער גורלדיקע יאָרן.

דער פאַרלאַנג ביי די עולי מצרים איז געווען „והייתם לי סגולה מכל העמים" (ווערט איבערגעזעצט) צו ווערן אַן אוצרדיק פאָלק. אַזוי האָט מען זיי אָנגעזאָגט ביים באַרג סיני, אַזוי ביים גרייטן זיך אַריבערצוגיין דעם ירדן און ווערן אַ פאָלק מיט אַלע וויטאַליטעטן און אַזוי פאַר אַלע דורות. די „סגולהדיקייט" באַשטייט אין דערהייבן זיך צו אַ מוסטערהאַפטיקן לעבן, צו דערציִען קינדער צו אַזאַ סאָרט אויסדערוויילטקייט: „אם התינוקות מצפצפים בקולם — אין אתם יכולים להם..." [56], אויב קינדער לאָזן זיך הערן און זענען ממשיך די תורה וואָס לערנט ווי צו לעבן, מוסטערהאַפטיק און שעפעריש, ווערט עס אַן „אוצר חביב" אַ געליבט פאָלק ביים באַשעפער און ביי דער וועלט, אַ פאָלק וואָס רופט אַרויס באַוווּנדערונג און פאַרוווּנדערונג, און וואָס קיינער וועט זיי נישט בייקומען. לאָמיר האָפן אויף אָט דעם משפחהדיקן המשך.

## הערות

### א

1 דברים, כ"ג, ג׳-ד׳; ירושלמי, קדושין פרק ג׳; ספר המצוות להרמב"ם — ר׳ חיים העליר איבערזעצונג און הערות, לא תעשה, שנ"ד: „שהזהיר ממזר שלא לבא על בת ישראל... והעובר על זה ילקה, וכבר התבארו משפטי מצוה זה בשמיני מיבמות וסוף קדושין".

אַ ממזר — ווי מיר וועלן ווייטער זען — איז אַן „עריות"-געבורט, פון חייבי מיתות בית-דין אָדער כריתות און שליסט אויס, געבורט פון אַ נדה, וואָס איז בלויז אַ „פגום" צו כהונה. לויטן מהרש"א, אַפילו נישט קיין ממזר מדרבנן. די גרונטלייגערס פון דער הלכה, האָבן דעם „בן הנדה" נישט געמאַכט פאַר קיין ממזר.

ביי אַ ספק ממזר, איז מען געגאַנגען „לקולא״, האָט מען מתיר געווען לבא בקהל, חתונה צו האָבן מיט יידן.

2 זע, ספרי — אויפן אָרט; רש״י, בכורות, י״ז, ע״א א״אַ מקומות.

3 קדושין, ע״ב, ע״ב.

4 דאָרט, אויפן אָרט.

5 כתובות, כ״ט, ע״ב; קדושין, ג, י״ב-י״ג; דאָרט, ס״ו-ס״ט — וועגן ממזרות, גרות און אַלץ וואָס האָט אַ רעלאַטיווע פאַמיליאַרישקייט.

6 יבמות, ט״ז, ע״א א״אַ.

7 קדושין, ס״ו, ע״ב; זבחים, י״ג, ע״א.

8 עירובין, נ״ג, ע״א.

9 מנחות, כ״ט, ע״ב.

10 יבמות, ד׳, י״ג; מ״ט, ע״א-ע״ב.

11 לויט פעטרושקאַס איבערזעצונג.

12 זע, פסחים, ס״ב, ע״ב.

13 אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי״ אויספירלעכער.

14 יבמות, כ״א, ע״א.

15 חגיגה, י״א, ע״ב; תוס׳ מגילה, ל״א.

16 יבמות, ע״ח, ע״ב; ירושלמי, קדושין, ג׳, י״ב.

17 קדושין, ע״ג, ע״ב.

18 דאָרט, באריכות.

19 יבמות, קי״ט, ע״א.

20 אין אַ פריערדיקן פרק און אין מיין ווערק, „באַציונג צו דער פרוי״.

21 דברים, כ״ג, ג׳.

22 כלים, י״ט, ז׳.

23 אויפן אָרט.

24 זע, ר״ב עפשטיין, תורה תמימה, אויפן אָרט.

25 זכריה ט׳, ו׳.

26 זע, ירושלמי, ג׳, י״ד; בבלי, יבמות, מ״ט, ע״א; ע״ו, ע״ב; קדושין, ע״ב, ע״ב — באריכות. רש״י: „כל שיש בו מום זרות״.

27 מצודת דוד טייטשט לויט רבי מאיר, אַז דער ממזר וועט בלייבן אָפּגעזונדערט אין אשדוד. זע אויך מלבי״ם.

28 זע, ש. ל. גורדון, ביאור און הערות.

29 יבמות, ח׳, ג׳.

30 דאָרט, ע״ח, ע״ב.

31 חולין, ק״ב, ע״ב.

32 זע, רש״י און מפרשים. מיר מיידן אויס פלפולים.

33 זע, ירושלמי, יבמות, ח׳, ג׳, און נושאי כלים אַרום דעם ירושלמי.

34 יבמות, דאָרט; קדושין, ג׳, י״ב; ד׳, א׳ און מפרשים.

35 דאָרט — באריכות.

36 ויקרא רבה, ל״ב, ו׳-ז׳.

37 מ. א. מירקין אין זיין פירוש אויפן אָרט. זע אויך, במדבר רבה, ט׳, ז׳ א״אַ מקומות.

38 אויפן פסוק לא יבא ממזר — „סמך ממזר לפצוע דכה, שממזר אינו מוליד״.

39 בעל הטורים, בני ברק, תשל״ד, ז׳ תנ״ה. זע, שדי חמד (חיים חזקיה מדיני) מערכת מ׳, כלל ל״ד — באריכות.

40 הוצ׳ הרב א״א פרייס, לויט דפוס פּאַרמאַ — סימן תתשמ״ה.

41 זע, רי״ט אלגזי, בכורות פרק ח׳; מנחת חינוך, מצוה א׳, משנת אברהם על ספר חסידים, חלק ב׳, ז״ז רנ״א-רנ״ב.

42 רמב״ם, איסורי ביאה, כ״א; רא״ש — אויפן אָרט; תוס׳ חד מקמאי; טוש״ע אהע״ז, ד׳, א׳.

43 קדושין, ד׳, ח׳; ע״ח, ע״ב; רש״י אויפן אָרט; יבמות, מ״ז; שו״ע אהע״ז, כ״ט.

44 סוטה, כ״ז, ע״א.

45 קדושין, מ״ט, ע״א.
46 אבן העזר, סימן ד׳, ס״ק א׳-י״ג.
47 הוריות, ג׳, ח׳; י״ג, ע״א.
48 אין זיין בוך: „אַן אויסרוף-צייכנס״, תל-אביב, תשל״ה, ז״ז 14-18.
49 קהלת רבה, ד׳, ג׳; זהר, ב׳, קי״ג, ע״ב.
50 אבות, פתיחה, פון סנהדרין, י״א, א׳ — יעדער ייד האָט אַ חלק עולם הבא.
51 זע, הרב פינחס טולידאנו, הדרום, קובץ תורני, העורך: הרב חיים דוב שעוועל, חוב׳ מ׳ תשרי, תשל״ה, ז״ז 33-35.
52 ויקרא רבה, ל״ב, ח׳.
53 קהלת, ד׳, א׳ (יהואָש-איבערזעצונג).
54 ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אין די פריערדיקע ווערק און אין די ביז איצטיקע פּרקים.

## ב

1 יבמות, ח׳, ג׳; ע״ח, ע״ב.
2 יבמות, ח׳, ל״ג; בבלי, דאָרט; קדושין, ע״ב, ע״ב; תוספתא, קדושין, ה׳; זע, הרב שמעון ווינאָגראַד, פּסול ממזרות, הפרדס, טבת און שבט, תשל״ג, ציטירט פון צענדליקער שטעלן אין ביידע תלמודים און פון אומצייליקע הלכה-ספרים.
3 ל״ו, כ״ה.
4 זע, ירושלמי, סוף קדושין פרק ג׳.
5 ברכות, י׳, ע״א; חגיגה, י״ג, ע״א אַ״אַ.
6 אין מלכים און אין ירמיה, ט״ו, ד׳, ווערט ער געשילדערט בלויז צום שלעכטן. אין דברי הימים, ב׳, ל״ג, י״א-י״ג, ווערט געזאָגט, אַז ער האָט געטאָן תשובה און מ׳האָט אים מוחל געווען די זינד.
7 זע: סנהדרין, י״א, א׳; צ״ט, ע״ב; ק״ב-ק״ג; יבמות, מ״ט, ע״ב; שבת, קי״ג; ויקרא רבה, י״ז; במדבר רבה, י״ד, א׳, ב׳ — צוליב זיין תשובה, וועט ער יאָ האָבן עולם הבא.
8 גיטין, ד׳, א׳; ל״ב-ל״ג אַ״אַ.
9 זע, „פנים אל פנים״, ירושלים, פ׳ בא, תשל״ג.
10 זע, „פנים אל פנים״, גל׳ 642-643, תשל״ב-3.10.71; מיט אייניקע ענדערונגען — „פתחים״, ירושלים, אלול, תשל״ב, סעפּטעמבער 1972, ז״ז 20-31. אַ טייל פונעם מאמר, איז אויך דערשינען אין „הארץ״.
11 גיטין, ל״ג, ע״א.
12 חולין, קכ״ז, ע״א.
13 יבמות, קי״ב, ע״ב.
14 אין מיינע ספרים: „לובלין״ און „באַציונג צו דער פרוי״ — באריכות.
15 מ. זילבערגס אויסדרוק.
16 קדושין, א׳, א׳.
17 אין „באַציונג צו דער פרוי״ — אויספירלעכער.
18 זע, יבמות, ק״י, ע״א.
19 שבת, ק״א, ע״ב; סוכה, ל״ט, ע״א; ביצה, ל״ח, ע״ב; חולין, צ״ג, ע״א — רש״י: „גדול הדור, תלמיד חכם״.
20 בבא בתרא, מ״ח, ע״ב.
21 רש״י: „כלומר, קיימא לן הכי... קבלה קדושין, קדושיה — קדושין. זע אויך תוס׳.
22 פּראָפ׳ זילבערג ווייזט אָן אויף ענלעכעס אין מאָדערנעם יורידיש-ציווילן געזעץ.

23 דאָרט, באריכות, די צוויי אויסטייטשן וועגן „בעילתו בעילת זנות" און די רעכט פון אַנולירן אַ חתונה-אַקט, „אפקעינהו רבנן לקדושין מיני'".

24 כדי צו האָבן אַ קלאָרן באַגריף, נאָכקוקן: כתובות, ג', ע"א; גיטין, ל"ג, ע"א; ע"ז, ע"ב; יבמות, פ"ט, ע"א; בבא בתרא, מ"ח, ע"ב; מפרשי התלמוד און ספרי הפוסקים.

25 מ'לערנט דאָס אַרויס פונעם פסוק „יחרם כל רכושו" — עזרא, י', ח'; זע, גיטין, ל"ו, ע"ב.

26 אין זיין מאמר — באריכות.

27 קהלת, ד', י"א.

28 ויקרא רבה, ל"ב, ז'.

29 ירושלמי, גיטין, ד', ב'.

30 יבמות, ט"ז, ז'; קכ"ב, ע"א. ס'איז כדאי מעיין צו זיין אין דער גמרא און מפרשים, וועגן פאַרלאַנג פון נחמי' איש בית דלי, רבי עקיבא זאָל דאָס באַשטעטיקן אין נהרדעא; ווי ווייט די חכמים האָבן געזוכט עצות צו פאַרגרינגערן דאָס לעבן פון דער פרוי, זי זאָל האָבן אַ משפחה.

31 דברים, י"ט, ט"ו.

32 „אַלגעמיינער זשורנאַל", יוני, 13, 1975.

33 בבא בתרא, ט"ז.

34 לויט פסקי הלכות.

35 נפתלי קראָוס, מעריב, ד' תמוז, תשל"ה-13.6.75; מ. צאַנין, פאָרווערטס, יוני, 24, 1975.

36 זע, פראָפ' מ. זילברג, הסדר עם ההלכה, און דעם בריוו צום חשובן רב אין „פנים אל פנים", גליונות, 643-642; 644 און אַנדערע.

37 סוף יבמות. פראָפ' זילבערגס אויסדרוק: „דברי המרש"א הם נפלאים, קשה למצוא דוגמתו ליופי בכל הספרות התלמודית".

38 הוצאת מוסד הרב קוק, ירושלים, תשכ"ז, ז"ז קע"ב — 172.

39 אין „פנים אל פנים", גליון 260, י"ב אייר, תשכ"ד - 24.4.64 — וועגן וויכוח צווישן אָרטאָדאָקסישע רבנים און קאָנסערוואַטיווע אין שייכות מיט דער כשרות פון קאָנ-סערוואַטיווע גטין.

40 זע, למשל, אַ שו"ת אין „אבני מילואים", סימן כ"ג, „אשה שאינה יכולה לטהר עצמה" ווי דער גאונישער פוסק, באַמיט זיך צו געפינען אַ היתר פאַר דער פרוי, ס'זאָל נישט קומען צו קיין גט.

41 יבמות, כ"ג, ע"א; ס"ט און תוס' ט"ז; קדושין, ס"ח, ע"א.
זע, ד"ר יהודה ראָזנטאַל, פרשנות המקרא בהיסטוריה העולמית, (778-765) „חסד לאברהם", גאָלאָמב-יובל-בוך (ספר היובל לאברהם גולומב — צו זיין אַכציקסטן געבוירן-יאָר), רעד. משה חזקוני-שטאַרקמאַן, תש"ל-1970; זעט ז"ז 776-770 וועגן פלגש און באַציונג צו דער משפחה... „הרי הן כבהמות"... ציטירט פון רמב"ם, איסורי ביאה, י"ד, י"ט.

42 אבות, ב', ז'.

43 וועגן ענין פלגש — זע, ברכות, ס"א, ע"א; מהרש"א, אויפן אָרט; סנהדרין, כ', ע"א; נ"ח, ע"ב; רמב"ם, הלכות מלכים, ד'; הרב יעקב פעסטער, הפרדס, אייר, תשל"ד; כסלו, תשל"ה; אין מיין ווערק „באַציונג צו דער פרוי" און אין פריערדיקע פרקים.

44 דברים, כ"א, י'-י"ד. אויספירלעכער: רא"ם, גור ארי' (מהר"ל מפראג); לבוש האורה (ר' מרדכי יפה); שפתי חכמים און אַנדערע מפרשים. די לאָזונג איז: „הנושא יפת תואר הוי לי' בן סורר ומורה".

45 סנהדרין, פרק ח'.

46 בבלי, ק"ז, ע"א-ע"ב; דאָרט, ע"א-ע"ב; ירושלמי, ח', ז'; תוספתא, סנהדרין, י"א, ו' א"א.

47 אמרי אברהם, חלק ב', ניו-יאָרק, תשל"ה, אות י"ד.

48 אין זיין הערה: „שמעתי בנעורי ממורי ורבי הגאון אב"ד דחמעלניק".

49 יבמות, ס"ט, ע"ב; ע', ע"א; קדושין, ס"ח, ע"א און פריער: כ"ב-כ"ג; ט"ז, ע"ב און תוספות, דאָרט.

50 במדבר, כ"ב-כ"ה.

51 יחזקאל, ט"ז, ו'.
52 זע, הגדה של פסח, חסד לאברהם, פון אדמו"ר מרן הרב ר' אברהם לאנדא מטשעכא-נאָוו, נלקט ונסדר ע"י נכדו יעקב ורדיגר, תל-אביב - ניו יורק, תש"י.
53 ויקרא, כ"ד, י"א.
54 סוטה, י"א, ע"ב.
55 שמות, י"ט, ה'.
56 פתיחתא, איכה רבה, ב'.

# סיפום־נאָכוואָרט

די קדושה, וואָס איז אַריינגעדרונגען אין יעדן יידנס נשמה זינט אַברהם אָבינו האָט געקראָגן די געטלעכע דערקענטעניש, זינט אַברהם אָבינו איז געווען גרייט אויף דער גרעסטער מסירת־נפש און זינט קבלת־התורה ביים באַרג סיני — די דאָזיקע קדושה בלײַבט אויף אייביק, ווירקט אייביק אָפילו אויף די „ריקנין", זיי זאָלן ווערן „מלאים מצוות כרימון". דאָס שלעכטס בײַ ייִדן איז באַטראַכט געוואָרן פאַר חיצוניות, אויסערלעכקייט.

דער מקור פון רע, פון שלעכטס, ווערט אין קבלה־ספרים, אין נגלה און נסתּר, אין ספרי־מוסר ווי אין ספרי־חסידות, געהאַלטן ווי אַ רעזולטאַט פון נחש־זוהמא אין חוהן. דער נחש האָט געבראַכט די טומאהדיקע געפילן פון זנות, אויסגעלאַסנקייט, פאַרראַט בין איש לאשתו — תאוות, שווער אויסצוואָרצלען (ר' צדוק הכּהן אין „פרי צדיק" און אין אַנדערע ספרים פאַרנעמט זיך מיט דערקלערן די נחש־תאוה).

כּל־מיני אומגליקן — האָבן די חכמי התלמוד געהאַלטן — קומען צוליב אָט דער תאווה, וואָס איז „ראשו מתוק וסופו מר". תאווה ברענגט נישט בלויז צו גײַסטיקער, נאָר אויך צו פיזישער ירידה — „כל השטוף בזימה זקנה קופצת עליו" (ירושלמי, שבת י"ד, ג'; בבלי, שבת קנ"ב, ע"א).

די תאווה קומט דורך הסתּכלות, דורך זען: „אֵין יצר הרע שולט אלא במה שעיניו רואות" — די פרוכט פונעם עץ־הדעת איז געווען „וכי תאווה הוא לעינים" (בראשית, ג', ו'; סוטה, ח', ע"א). די תאווה קאָן זיך אָבער אָנהייבן בײַ אכילה. דער נחש האָט באַוויזגן חוהן צו פאַרזוכן דעם טעם פון עץ־הדעת און דורך דער אכילה איז געקומען, ווי עס ווערט געזאָגט אין ספרים, די עראָטישע, סעקסועלע תאווה, די „אהבה דדכורא" און „אהבה דנקובא", לויט דער קבלה־טערמינאָלאָגיע.

תאוות־נשים איז שטאַרק געגנוג אַראָפּצופירן אַ מענטש פון גלייכן וועג. בלויז אַ צדיק ווי יוסף האָט זיך געקענט קאָנטראָלירן און באַהויפּטן: „ואיך אעשה הרעה הגדולה הזאת וחטאתי לאלהים" (בראשית, ל"ט, ט').

דאָס אויג — אין די ווערטער פון ר' לוי — געהערט צו די זעקס זאַכן, וועלכע באַדינען דעם מענטשן און צו די דרײַ, וועלכע זענען נישט אין זײַן רשות צו קאָנטראָלירן. שווער צו זעטיקן דאָס אויג פון תאווה (בראשית רבה, ס"ז). און נישט בלויז דאָס אויג, אויך דאָס קול קאָן אַרויסרופן תאווה — „קול באשה ערוה" (ברכות, כ"ד, ע"א). לויט דער אַקסיאָם פון ר' אַברהם אבן עזרא (במדבר, ו' ז') זענען אַלע מענטשן פאַרשקלאַפט צו תאווה. די תאווה איז אָבער נויטיק פאַר דעם קיום־העולם: תאווה ברענגט ליבע; תאווה האָט געוואַלטיקע פּאָזיטיווע עלעמענטן.

דער יצר־הרע — האָבן אונדזערע מאָראַליסטן געזאָגט — גייט נישט תמיד זײַטנווײַז, אין באַהעלטעניש, צו נישט־געלערנטע. ער גייט „באמצע פלטיא". ער באַהערשט גאָר אָפּט די בעסטע עלעמענטן: „עין רואה ולב חומד". אָפילו

אַ גרויסן חסיד, האָט אַ שדכע שיִער פּאַרנאַרט אום יום־כּפּור (תנחומא, בראשית, כ״ו; ירושלמי, שבת, א׳, ג׳).

אויב מ׳האָט אַנדערע תאוות געקענט אויסוואָרצלען, האָט מען תאוות־נשים נישט געקענט און נישט געוואָלט אויסוואָרצלען, עלימינירן. מ׳האָט אָבער יאָ געשאַפן תקנות, ווי אַזוי צו צוימען און צו קאָנטראָלירן די דאָזיקע תאווה, כּדי צו פאַרזיכערן קדושת־ישׂראל.

דער כוח פון מענטש ליגט אין זײַן באַקעמפן די שעדלעכע כוחות. די גבורה פונעם מענטש — „הכובש את יצרו״ (אבות, ד׳, א׳). אין לשון פון זוהר: „כל מאן דאתגבר על יצרו איקרו איש״ (זוהר, תרומה). אַ מענטש איז דער, וואָס קאָן באַהערשן די תאווה.

כּדי צו קענען זיך קאָנטראָלירן אַקטועל, קאָנקרעט אין תאווה, איז נויטיק אַ קאָנטראָל איבער דער מחשבה. אין שלעכטע מחשבות ליגט אַ גרעסערע געפאַר ווי אין דעם עצם אַקט. מחשבות זרות זענען ערגער ווי מאָמענטאַלע, עמאָציאָנעלע מעשׂים (נדרים, כ׳, ע״א־ע״ב; תנחומא, נשא; במדבר רבה, מ׳). דאָס טראַכטן וועגן באַגיין אַן עבירה איז ערגער ווי דער דירעקטער פּאַקטישער אַקט פון דער עבירה — „הרהורי עבירה קשים מעבירה״ (יומא, כ״ט, ע״א).

די דאָזיקע געדאַנקען, די דאָזיקע טעזן האָבן מיר — אַזוי האָף איך — קלאָר אַרויסגעבראַכט אין אונדזער ווערק, מיר האָבן אויך אַרויסגעבראַכט, אַז די ייִדישע מאָראַל נעגירט און באַקעמפט ראַסיזם, ווי דאָס ווערט פאַרשטאַנען אין ביאָלאָגישן זין. ייִדן ווײַזן אַרויס די גרעסטע התקרבות צו גרים, וועלכע זענען ערנסט איבערצײַגט אין זייער גרות, האָבן אמונה אין בורא אחד מנהיג את כל העולם, זענען באַהויכט פון ייִדישער מאָראַל, ייִדישער עטיק, ייִדישער מחשבה.

אין יהדות לערנט מען, אַז דער רבונו־של־עולם פּסלט נישט קיין באַשעפעניש. די טויערן זענען אָפן, „השערים נפתחים... וכל מי שהוא מבקש לכנס — יכנס״. גרים קענען דערהויבן ווערן, ווען זיי מאַכן דורך די געהעריקע גרות־פּראָצעדור צו ווערן כּהנים משרתים בבית המקדש, צו דער הייליקסטער גאָט־באַדינונג.

דעם ייִד האָט מען געלערנט, אַז „חביבים גרים״, אַז גרים זענען באַליבט, אַז ס׳איז פאַראַן איין תורה פאַר דעם אזרח, דעם ייִד און דעם גר, וואָס איז אַריבערגעקומען צו יהדות (שמות, י״ב, מ״ג־מ״ט; שמות רבה, י״ח, ח׳).

איוב האָט קלאָר אַרויסגעבראַכט די באַציִונג צום גר, מיט זײַן באַהויפּטונג: „בחוץ לא ילין גר, דלתי לארח אפתח״ — אויף דער גאַס פלעגט נישט נעכטיקן אַ פרעמדער, מײַנע טירן צום וועג פלעג איך עפענען (איוב, ל״א, ל״ב).

דער גר ווערט באַטראַכט ווי אַ נײַ־געבוירענער, „כּקטן שנולד״. זײַן פאַר־גאַנגענהייט ווערט אָפּגעווישט: נעכטן געווען אַ גוי און היינט אַ פולשטענדיקער ייִד — מי יתן טהור מטמא לא אחד?! (דאָרט, י״ד, ד׳) ווי אַזוי? — אברהם מתרח אאַז״וו.

דער גר מוז דורכגיין, ווי געזאָגט, די געהעריקע גרות, פעסטגעשטעלט ביי די גרונטלייגערס פון יהדות און דער דאָזיקער ריטואַל באַהויכט אים מיט קדושת ישׂראל, ברענגט אים צו אַ חיים קדושים, אַ לעבן פון „ממלכת כּהנים וגוי קדוש״ אין פילאָזאָפיש־היסטאָרישער פערספּעקטיוו. לויטן רמב״ם קאָן אַ גר זאָגן „אלקינו ואלקי אבותינו״, ווײַל אַברהם, יצחק און יעקב זענען זײַנע גײַסטיקע עלטערן.

דער גר, ווי דער געבוירענער ייִד, האָט אַ רעכט זיך צו וואַרעמען אין די ליכטיקע שטראַלן פון די הערלעכע הייליקע געשטאַלטן פון ייִדנטום און פון זיי צו שעפּן גייַסטיקע אַספּיראַציעס.

ביי דער עיקבתא דמשיחא, דריקט זיך אויס הרב ראי״ה קוק זצ״ל, וועט זיך אַרויסווייַזן די „סגולה״ פון עם ישׂראל און ס׳וועט אויפשייַנען דאָס געטלעכע ליכט — יידן וועלן באַהערשט ווערן פון אַ ווונדערלעכער אהבה און פון נסימ־דיקער אחדות. הלואי בקרוב אחדות ישראל, אמונת ישראל לגאולה שלימה במהרה.

# נעמען־רעגיסטער

## צום באַנד איינס

## ב



## ג



## ד

# נעמען־רעגיסטער

## צום באַנד צוויי

## ב

### ג

## ד

## כּ



## כ



## ל

## מ

## נ

**ת**

# באַמערקטע דרוק־פֿעלערן

## אינעם ערשטן באַנד:

ז׳ 12 — שורה 9 פון אויבן דאַרף זיין אפשר אַנשטאָט אשר.

ז׳ 12 — נאָך דער 13טער שורה זענען אַרויסגעפאַלן פאָלגנדיקע שורות:

מיין רבי, ר׳ יהודה לייב גרויבאַרט זצ״ל האָט אין זיין „סר זכרון״ (ז׳ 172) אָנגעוויזן מיט באַדויער און פאַרדרוס אויף דעם פאַקט, אַז רבנים אין ווילן האָבן זיך אָגעהאַלטן פון פאַרעפנטלעכן זייערע חידושי תורה, מחבר זיין ספרים. זיי האָבן דאָס באַטראַכט ווי אַ סאָרט גאוות.

ז׳ 72 — הערה 10, אַרויסגעלאָזט:

זע א. היימן, תולדות תנאים ואמוראים, ג׳, ז״ז 988־989.

ז׳ 195 — שורה 2 פון אויבן דאַרף זיך לייענען: צו לאָזן זיך איבעררעדן, אָבער מיט אייגענע...

ז׳ 195 — נאָך דער שורה 7 פון אויבן אַרויסגעלאָזן פאָלגנדיקע שורות:

מיר האָבן 19 עריות, תורה־פאַרבאָטענע און 26 רבנן־פאַרבאָטענע, צוזאַמען 45 עריות, קרובים־פאַרבאָטענע.

ז׳ 216 — נאָכן 3טן פאַראַגראַף אַרויסגעלאָזט די שורה:

דאָס איז געזאָגט געוואָרן ביי נישט־יידן און ביי יידן.

ז׳ 247 — שורה 3 פון אויבן דאַרף זיין:

אַ מאַן מיט אַ יונגפרוי.

ז׳ 294 — שורה 8 פון אויבן דאַרף זיין: מנוח אַנשטאָט אלקנה.

ז׳ 294 — שורה 9 פון אויבן דאַרף זיין: „וילך אחרי אשתו״ אַנשטאָט „וילך אחריה״.

ז׳ 301 — הערה 23 דאַרף זיין:

ביי מנוחן איז געשריבן „וילך מנוח אחרי אשתו״ (שופטים, י״ג, י״א). ביי אלקנהן, זאָגט די גמרא, איז אויך געשריבן „וילך אלקנה אחרי אשתו״. תוספות קאָמענטירט: „שבוש הוא״ — ס׳איז אַ גרייז. מען געפינט נישט אין שמואל אַזאַ פסוק, „שאין פסוק זה בכל המקרא, ולא גרסינן לי׳״.

דער מהרש״ל באַמיט זיך מתקן זיין די דאָזיקע גירסא, פאַרבינדנדיק אלקנהן דעם נביא מיט דער מעשה לגש בגבעה... ווו מיר געפינען די ווערטער „ויקם אשה וילך אחריה״ (שופטים, י״ט, ג׳). ביי אלישע הנביא ווערט אויך געזאָגט: „ויקם וילך אחריה״ (מלכים ב׳, ד׳, ל׳). מפרשים באַמיען זיך אויפצוקלערן דעם מיין פונעם וואָרט אחריה.

ז׳ 330 — לעצטע שורה פון אויבן דאַרף זיין ערוך אַנשטאָט ירוך.

# באַמערקטע דרוק־פֿעלערן

**אינעם צווייטן באַנד:**

ז׳ 49 — שורה 7 פון אויבן דאַרף זיין: שפירי אַנשטאָט שיפּירי.
ז׳ 53 — שורה 6 פון אויבן דאַרף זיין: 32 (הערה־נומער) אַנשטאָט 23.
ז׳ 56 — שורה 5 פון אונטן דאַרף זיין: קהילות אַנשטאָט קהלילות.
ז׳ 77 — הערה 30: קדושין ע״ב, ע״ב.
ז׳ 110 — שורה 17 פון אויבן דאַרף זיין: אויף אַנשטאָט אוף.
ז׳ 158 — לעצטע שורה דאַרף זיין באַנדאַראַנייקע אַנשטאָט באַנדאַראַנייקאַ.
ז׳ 167 — שורה 13 פון אויבן דאַרף זיין: ר׳ שלמה בר משה חעלמא אַנשטאָט ר׳ משה חעלמא.
ז׳ 177 — שורה 3 פון אויבן דאַרף זיין: פיל ווייבער אַנשטאָט וויל ווייבער.
ז׳ 177 — שורה 8 פון אונטן דאַרף זיין אור אַנשטאָט אורי.
ז׳ 213 — שורה 9 פון אונטן דאַרף זיין: באַנדאַראַנייקע אַנשטאָט באַנדאַראַנייקאַ.
ז׳ 298 — שורה 16 פון אונטן דאַרף זיין: 8 (הערה) אַנשטאָט 9.
ז׳ 308 — נאָך דער שורה 7 פון אויבן זענען אַרויסגעפאַלן פאָלגנדיקע שורות:
אין קאַנאַדע איז לעצטנס דערשינען אַ בוך זכרונות פון מאַניע מאַרגאָליע־קאָנטאָראָוויטש־ליפשיץ, א״ט „בלעטלעך פון אַ שטורעם". דאָס בוך איז שטאַרק געלויבט געוואָרן נישט בלויז צוליב די אינטערעסאַנטע מעמואַרן פון אַ שילערין־לערערין אין אַ קאָמוניסטישער קאָמונע נאָך דער באָלשע־וויסטישער רעוואָלוציע, נאָר אויך, נישט ווייניקער, ווי אַ ווערק פון אַ טאַלאַנטפולער דיכטערין, דערציילערין.
ז׳ 399 — נאָך דער הערה 25 זענען אַרויסגעפאַלן פאָלגנדיקע שורות:
ביים סוף פון ספר „אמרי אמת" (מהרי״ל איגר זצ״ל), ירושלימער אויס־גאַבע, תשל״ג, געפינט זיך אַ מאמר פון מרן אדמו״ר ר׳ שלמה איגר זצ״ל מלובלין וועגן טבעת. ער גיט אָן אַ קבליסטישן מאָטיוו.